THE STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH LIBRARY PROVIDES
ON-DEMAND REPRINTS OF MODERN YIDDISH LITERATURE

©2003 THE NEW YORK PUBLIC LIBRARY AND
THE NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER



MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:

*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Yizker-bukh Khelm / tsugegreyt tsum druk un tsuzamengeshtelt Melekh Bakaltshuk-Felin. |
| IMPRINT | 880-02 Yohanesburg, Dorem-Afrike : Khelmer landsmanshaft, 714 [1954] |
| DESCRIPT | 732 columns, 25, vi p. : ill., ports. ; 29 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Poland -- Chełm. |
| | Chełm -- (Chełm, Poland) -- Ethnic relations. |
| | Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Poland -- Chełm. |
| ADD'L NAME | Bakalczuk-Felin, Meilech, 1896-1960. |
| ADD'L TITLE | Commemoration book Chelm |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.

# יזכור-בוך
# כעלם

ארויסגעגעבן פון דער

**כעלעמער לאַנדסמאַנשאַפט**

אין יאָהאַנעסבורג, דרום־אפריקע

---

צוגעגרייט צום דרוק און צוזאַמענגעשטעלט:

**מלך באַקאַלטשוק־פעלין.**

---

בוך־ און רעדאַקציע־קאָמיטעט:

**יוסף מילנער, הערש שישלער, הערש־יוסף מאַנטי, (מאַנטשאַרזש), עקיבא ווייניק,**
**נחום ווייניק, הערש האַנדעלסמאַן, יעקב פאַלמאַן, ישראל זיגלבוים.**

---

תשי״ד. 1954.

# אינהאַלט





## צו דער געשיכטע פון די יידן אין כעלם

קאָלום־זייטן



## אנשי שם און פערזענלעכקייטן, טיפּן און געשטאַלטן

## זכרונות און נאָטיצן



## חורבן כעלם

## כעלעמער לאַנדסמאַנשאַפטן



## י ז כ ו ר

# פאָרוואָרט

די־דאָזיקע יזכור־מצבה „כעלם" ווערט ארויסגעגעבן אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון גאָר אַ קליינער כעלעמער קאָלאָניע אין דער ווייטער דרום־אַפריקע, מיט דער הילף פון לאַנדס־לייט אין די תפוצות און ישראל. כעלעמער יידן, וואָס דער מזל און השגחה האָט זיי געשוינט ניצול צו ווערן פון די גאַז־קאַמערן אין סאָביבאָר און מאַידאַנעק און פון דער נאַצישער עקסטערמינאַציע, און די וווּנדערלעכע אינטואיציע האָט זיי אָנגערעגט צו אַוועקוואַנדערן איבער ימים אין ווייטע קאָנטינענטן פאַר דער היטלער־תקופה און ווען היטלער איז שוין געשטאַנען אויפן שוועל פון זיין שליטה אין אייראָפּע, האָבן אויף זיך גענומען די מצוות־חובה צו פאַראייביקן זייער היימשטאָט אין אַ ספר־מצבה.

געוויס איז דער דאָזיקער ספר־פּנקס ווייט ניט קיין שלימותדיקער און ער באַהאַנדלט ניט א סך צייטאָפּשניטן און דורות פון דער כעלעמער יידישער קהילה, וועלכע האָט עקסיסטירט אַ קימאַ־לן פון 700 יאָר. דאָס דאָזיקע בוך איז געשריבן געוואָרן אין ניט קיין נאָרמאַלע באַדינ־גונגען פאַר געשיכטע־שרייבונג און דער פאַרעפנטלעכטער מאַטעריאַל וועגן חורבן איז מיינסטן פון נישט געשולטע און נישט געניטע פען־מענטשן אין פאַרצייכענטע היסטאָרישע און גרויזאַמע דראַמאַ־טישע געשעענישן. די פאַרשיידענע מעמואַרן, באַשרייבונגען און פאַרצייכענונגען פון זכרון, גביות־עדות און דאָקומענטן זיינען דאָך ארייַנגעשיקט געוואָרן פון מחברים, וועלכע זיינען צעזייט איבערן יידישן כדור־הארץ און ס'איז שווער געווען סינכראָניזירן דאַטעס און נעמען, פעסטשטעלן און דורכזיפן פאַקטן און פאַסירונגען מיט גרינדלעכער גענויקייט.

עס איז דאָך אויך ניט געווען קיין קשר, אַ דירעקטע פאַרבינדונג מיט כעלם גופא, פון וואַנען מ'האָט, אפשר, געקאָנט נאָך באַקומען וויכטיקע מקורים, הגם כעלם איז חרוב ומוחרב, די הייזער אויסגעליידיקט פון אַ יידישן נפש און די גאַסן און געסלעך זיינען ברוקירט מיט מצבות. יעדער שפּאַן ערד אין כעלם איז אָנגעטרונקען מיט יידיש בלוט און די ערד איז געבערגלט מיט קברים פון די קדושים, וואָס מאָנען געבן אַ תיקון זייער שטומע צוואה: „ווען מיר וועלן געפירט ווערן צו דער עקדה, זאָלן לעבן בלייבן אונדזערע נשמות".

צוליב דעם אַלעם איז שווער געווען צו איינזאַמלען די נייטיקע מאַטעריאַלן. פון דעסט־וועגן, מיט גאָר גרויסע אָנשטרענגונגען, האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרעפנטלעכן אַ ווערטפולע זאַמלונג פון מקורים און דאָקומענטן, פון מאַטעריאַלן און באַשרייבונגען, וואָס באַקענען אונדז מיט אָנטפּלעקונגען פון יידישן לעבן און שאַפן אין כעלם, מיט פאַרשיידענע אינסטיטוציעס און חברות, מיטן חנוך און שולוועזן, מיט אָרגאַניזאַציעס און פּאָליטישע פּאַרטייען, און עס זיינען אויך פאַר־עפנטלעכט געוואָרן וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונגען וועגן די זשאַנרען פון כעלעמער פאָלקשאַפונג. ביז גאָר אַ וויכטיקער בייטראָג אין בוך איז דער מאַטעריאַל וועגן חורבן כעלם, וואָס דאָס איז געווען דער הויפּט־סטימול צו ארויסגעבן די דאָזיקע היסטאָרישע מאָנאָגראַפיע.

עס זיינען פאַרעפנטלעכט ווערטפולע גביות־עדות און דאָקומענטן וועגן די שחיטות אין כעלם, ווי דער נאַצי־מאָנסטער האָט ארויסגעוויזן זיין חיהשע אכזרישקייט שוין אין די ערשטע פאָר חדשים פון זיין בליץ־קריג, דעם 1־טן דעצעמבער, 1939.

נאָך דער בלוטיקער אַקציע — דער טויטנמאַרש כעלם־הרוביעשאָוו־סאָקאָל — איז שוין דער פּרצוף פון היטלעריזם געווען א בולט־רציחהדיקער און ס'איז דעמאַסקירט געוואָרן די ליניע פון היטלער און שטרייכער, פון ריינהאַרדט היידריך, האַנס פראַנק און פון דעם ס.ס.־גענעראַל, אָדילאָ גלאָבאָצניק, וואָס איז געווען דער ממונה איבער דעם לובלינער רעזערוואַט, פון וועלכן ער האָט אויסגעבילדעט די טויט־לאַגערן מאַידאַנעק, סאָביבאָר, בעלזשעץ, טרעבלינקי, טראַווניק, פּאָ־

ניאַטאַוואַ — צו אויסראָטן די יידן עד חרמה. עס האָט שוין ניט געקאָנט זיין קיין פּלאַץ פאַר אָפּנאַרריי און דעמאַגאָגישער רעטאָריק, און ס'איז שוין ניט געווען קיין שמץ אילוזיע, אַז די יידן אונטערן נאַצי־רעזשים זאָלן קאָנען פאַרבלייבן ביים לעבן. די כעלעמער ערשטע שחיטה האָט געקאָנט דינען פאַר אַ גענוגנדיקע התראה ניט בלויז צו כעלעמער יידן, נאָר אויך פאַר די יידן איבער דער גאַנצער וועלט, אַז מען טאָר נישט די דייטשישע פייניקונגען, טאַרטורן און מאָרדן אויף יידן דיסקאָנטירן פאַר ספּאָראַדישע און צופעליקע דערשיינונגען אין אַ קריג־צייט.

דער טויטנמאַרש אין כעלם איז פאַקטיש געווען דער אָנהייב, דער ערשטער פראַגמענט פון דער גרויסער יידישער פאָלק־קאַטאַסטראָפע.

* * *

כעלם האָט געהאַט אַ שם און געווען מפורסם אין אַלטע צייטן, און אין אַ סך היסטאָרישע מקורים, כתבים און דאָקומענטן ווערט דערמאָנט לשבח די יידישע קהילה אין כעלם, וועלכע האָט פאַרנומען אַ צענטראַלע פּאָזיציע צווישן די יידישע קהילות אין פּוילן, צוגלייך מיט די באַרימטע יידישע עדות פון קראָקע, פּויזן און לעמבערג. מיט אייזערנע רינגעלעך איז די כעלעמער קהילה געווען איינגעקייטלט אין בוים־שטאַם פון פיל־הונדערטיאָריקן שטאָלצן און שעפערישן יידישן ישוב פון פּוילן, וווּ ס'איז געווען תורה, לומדות און חכמה, חסידות און משיחישע ראָמאַנטיק, איינגעפונדעוועטע יידישקייט און יידישע טראַדיציע, אַקטיווע גייסטיקע כוחות אויף אַלע געביטן, אויך אויפן געביט פון יידישער אינדוסטריע, מסחר און מלאכה; און אויפן קולטור־געזעלשאַפטלעכן פעלד האָט כעלם געהאַט קולטור־שטאַרקע פעסטונגען פון אונדזער אויפגעוואַכטן נאַציאָנאַלן געדאַנק און סאָציאַל־עטישע אידעאַלן.

עס איז דאָ אַ לעגענדאַרע גירסא, אַז פאַר די יידן, ווען זיי זיינען געגאַנגען אויף די וואַנדער־שליאַכן פון מערב, מיטן וואַנדערשטעקן אין האַנט, איז פאַר זיי אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן אַ געשריפט, אַ קוויטל פון הימל: „גייט קיין פּוילן און דאָרט וועט איר געפינען מנוחה". אָבער אין דעם צוגעזאָגטן לאַנד פון מנוחה זיינען די יידן גענוג אויסגעשטאַנען פּורענויות און ענויים, פּאָגראָמען און כוליגאַנישע איבערפאַלן, עלילות־דם פּראָצעסן, גזירות און רדיפות. דער קאַמפּערישער אַנטיסעמיטיזם פון די הערשנדיקע קאַטוילישע גלחים און יידנפיינדלעכע קרייזן אין פּוילן האָט קאָפּירט מיט אַלע תגים די זאָאָלאָגישע יידנשנאה פון דייטשלאַנד, גייענדיק אין די זעלביקע טריט. די יידן זיינען תמיד געווען אָפּהענגיק פון פאַרשיידענע נוגשים און מושלים, פון די פּאָליטישע קאָניוקטורן און פון סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָצעסן.

אין פאַרשיידענע דאָקומענטן געפינען מיר אַ היבשן רייסטער פון נגישות און פּאָגראָמען אויף יידן אין כעלם און אויך פון די באַרבאַרישע שחיטות פון כמעלניצקיס קאָזאַקן, אין די יאָרן ת"ח ות"ט. ס'איז דאָך אויך דעמאָלט רעדוצירט געוואָרן אַ דריטל פון אונדזער נאַציאָנאַלער סובסטאַנץ. אין די ווענט פון דער כעלעמער היסטאָרישער שוהל איז געווען איינגעמויערט אַ קבר פון א חתן־כלה, וואָס זיינען אומגעקומען בעת די שחיטות פון ת"ח ות"ט, אונטער די שטאַנגען פון דער חופה, אויפן שוהל־הויף.

אין אַלטע צייטן, ווי אויך אין די לעצטע דורות האָט געשוועבט די סכנה איבער די יידן אין פּוילן. י. ל. פּרץ האָט די דאָזיקע סכנה פאַראייביקט אין זיין כעלעמער שאַפונג „דער שבת־גוי", וועלכער האָט געגעבן אַ זעץ אין די ציין אַ"ריין יאָנקעלען, אַ מטופל מיט א גרויסן געזינד, אַרויסרייסנדיק ביי אים דאָס ברויט וואָס ער האָט געטראָגן פאַרן ווייב און קינדערלעך און אים געוואָלט „דערהרגענען מיט אַ סאַמע־ראָדנעם טויט אונטערן באָד". דעמאָלט האָט דער כעלעמער רב פאַררופן אין שוהל אַן אסיפה, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט „די קאָרפּן־קעפּ מיט די טיזליקעס", ווייל ס'איז געווען „אַ סכנה פאַר גאַנץ כעלם".

אין די פאַרשיידענע פּעריאָדן — פון איין סכנה ביז דער צווייטער — האָבן יידן אין פּוילן און אויך כעלעמער יידן געפונען אין זיך גרויסע גייסטיקע כוחות צו איבערוווינדן זייערע ענויים און צרות און מען האָט אויפסניי געשלאָגן טיפע וואָרצלען אויף דער פּוילישער ערד. די כעלעמער קהילה, אלס פּועל־יוצא פון שעפערישן אַנטוויקלונג־גאַנג אין משך פון דורות, האָט דאָך אויס־

געפורעמט איר אייגענע אינדיווידואַליטעט, אָפּשפּיגלענדיק אין מיניאַטור די וויכטיקסטע ליניעס און אייגנשאַפטן פון פויליש־יידישן קיבוץ.

אויף די ברייטע שליאַכן פון דער יידישער געשיכטע אין פוילן פאַרנעמט כעלם אַ וויכטיקע ראָל אין יידישן פאָלקס־לעבן. הגם עס זיינען פון דער פאַרצייטיקער גלאָריע אין כעלם פאַרבליבן בלויז שפּורן און סליאַדן, פון דעסטוועגן זעען מיר פון זיי ווי עס האָבן תמיד פולסירט אַקטיווע און שעפערישע כוחות און עס האָבן אין משך פון דורות געלעבט און געשאַפן באַרימטע רבנים און אנשי שם, לומדים און דענקער, אצילותדיקע יידן, וואָס האָבן געבענקט נאָך שיינקייט און עטישער שלימות. עס זיינען אויפגעבויט געוואָרן אינסטיטוציעס און וווילטעטיקע חברות, מוסדות און פאַרצווייגטע חנוך־אנשטאַלטן. עס האָבן אין די לעצטע יאָרן, מיט באַשרענקטע מיטלען, זיך געשאפן ברייטפאַרנעמיקע אָרגאַניזאַציעס און עס זיינען אַנטשטאַנען פּאָליטישע פּאַרטייען, א גרויסע יידישע ארבעטער־באוועגונג, א פאַרצווייגטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָבן געקעמפט פאַר פּאָליטישע פרייהייט, נאַציאָנאַלע און סאָציאלע רעכט און זיינען געשטאַנען אויף דער וואַך ביזן לעצטן טאָג, אפילו ווען דער אָנלויפנדיקער חורבן־שטורעם האָט שוין געברומט, געוויטערט און זיך צעווירבלט מיט גרויסער קראַפט אויף די כעלעמער גאַסן.

די אַקטיווע געזעלשאַפטלעכע ארבעט אין כעלם האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אפילו אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע, אויך ניט אין דער צווישנצייט פון איין אקציע ביז דער צווייטער, והראיה, די פאָרגעקומענע קאָנפערענץ פון געזעלשאַפטלעכער זעלבסטהילף, דעם 25־26 יאַנואַר, 1942. אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט פאָרשטייער פון כעלעמער דיסטריקט און ס'איז בייגעווען אַ דעלעגאַט פון צענטראַלן הילפס־קאָמיטעט אין קראָקע.

דער פּראָטאָקאָל פון דער קאָנפערענץ, וואָס איז פאַרעפנטלעכט אין בוך, איז דער בעסטער עדות־זאָגער פון דער קוואַליקער און אומאויסשעפּנדיקער געזעלשאַפטלעכער ענערגיע פון כעלם. עס האָבן זיך באַהאַנדלט אויף דער קאָנפערענץ ביז גאָר באַדייטנדיקע פראגן, ווי די פּראָבלעם פון באַקעמפן די עפּידעמיע פון פלעק־טיפוס, די מיטלען צו אַפּראָוויזירן די קראַנקע אויסגעהונגערטע יידן, און ווי דארף מען באַזאָרגן מיט דערנערונג די קינדער. די כעלעמער פרוי, חיה־ראָזע אָקס, דעלעגאַטין אויף דער קאָנפערענץ, האָט מיט גרויסער אחריות און מיט שטאַרקער אומרואיקייט, רעפערירט וועגן גורל פון די יידישע קינדער, מורא האָבנדיק, טאָמער וועלן זיי ניט אויסהאַלטן די גרויל־באַדינגונגען פון דער מאוימדיקער צייט. זי האָט באַטאָנט: „וועט דער יונגער דור זיך ניט איינברעכן און וועט אויסהאַלטן, וועלן מיר אויך עקסיסטירן".

עס זיינען צו אונדז ניט דערגאַנגען קיינע גרינדלעכע ידיעות וועגן א ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין כעלם. מיר ווייסן נאָר פון העראָישע רעוואָלטן פון יחידים: בעת דעם טויטנמאַרש האָבן די דייטשן געוואָלט עלימינירן דעם כעלעמער ד"ר אָ ק ס. ער זאָל גיין צו זיך אַהיים, האָט ער מיט ווירדיקייט אָפּגעוואָרפן זייער אָנבאָט, זאָגנדיק: „דאָרט וווּ די כעלעמער יידן, מיינע ברידער, וועלן גיין, דאָרט בין איך אויך" ער איז בעת דעם טויטנמאַרש דערשאָסן געוואָרן.

אין שכנות פון דער היסטאָרישער שוהל האָט געוווינט די משפחה ל אַ ק ס. ווען פרוי לאַקס האָט דערזען ווי די דייטשן האָבן אין 1940 אונטערגעצונדן די שוהל, האָט זי זיך הויך פונאַנדערגעשריען, אויסדריקנדיק איר פּראָטעסט. אַלס עונש האָבן איר די ס.ס. געממיתט און אַ האַלב־לעבעדיקע אריינגעוואָרפן אין די פלאַמען פון דער ברענענדיקער שוהל.

עס איז אויך פאַרעפנטלעכט די מאַרטיראָלאָגיע פון ז אַ ל מ ע ל ע ד ע ר ב ע ק ע ר, וועלכער איז דורך די היטלער־רוצחים אריינגעוואָרפן געוואָרן אין קאָכעדיקע סמאָלע און איז שפּעטער געקרייציקט געוואָרן, אים זייענדיק חושד אז ער האָט אויסבאַהאַלטן יידן אין דער בעקעריי.

עס איז שווער צו דעשיפרירן און ריכטיק אויסטייטשן די גבית־עדות (אַן אויסצוג פון אַ טאָג־בוך), פון י ו א ל פּ אָ נ ט ש אַ ק. וועגן דער אַקציע פון די דייטשן צו דעפּאָרטירן כעלעמער יידן קיין וולאָדאַווע, דעם 26־טן אָקטאָבער, 1942, באשרייבט ער בזה הלשון: „ס'איז געווען פאַרנאַכט, קיין שיסערייַ האָט מען ניט געהערט, פּאַטרולקעס האָט מען געהערט דורכגיין די גאַס. די קרייוווּקע איז געווען קליין און געפונען האָבן זיך אין איר איבער 20 מענטשן און עס איז געווען

זייער דושנע. ענדלעך איז געוואָרן טאָג, די מערדער האָבן געבושעוועט אין די יידישע געסלעך, די גאַנצע צייט האָט מען געהערט שאָסן און אויפרייסן פון גראַנאַטן, אַ גאַנצן טאָג האָט געדויערט די אַקציע. פאַרנאַכט האָט מען ביי אונדז אָנגעקלאַפּט. מען האָט געמיינט, אַז דאָס זיינען די פּאַטרולן, נאָר עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז דאָס איז ה׳מאַנדעל פון „יודנראַט״. ער האָט אונדז איבערגעגעבן גרויזאַמע ידיעות וועגן די צוויי טעג פון דער אַקציע. 800 מענטשן זיינען געפאַלן קרבנות דאָ אויפן אָרט און 3000 מענטשן האָט מען אוועקגעפירט צו פוס נאָך וולאָדאַווע״.

**ווען דער לעצטער אַקציע אין כעלם, דעם 6־טן נאָוועמבער, 1942, שרייבט דער זעלבער יואל פּאַנטשאַק:** „פאַרנאַכט בין איך מיט מיין פאַמיליע, אויך שוועסטער און שוואָגערס מיט קינדער, אויך זיינען צווישן אונדז געווען צוויי סלאָוואַקישע יידן, אַ געוויסער שמואל שוואַרץ און זיין פרוי. מיר אַלע זיינען אוועק אין שולע. דאָרט האָט מען אונדז אַלעמען אָפּגעגעבן אַ צימער אין אַנדערע צימערן זיינען אויך געווען יידן. אַלע יידן זיינען געווען מיינע גוטע באַקאַנטע מיר זיינען אַ גאַנצע נאַכט געגאַנגען צו גאַסט פון איין צימער אין צווייטן. ס׳איז געוואָרן טאָג און די רוצחים האָבן אָנגעהייבן ווילדעווען. אין די גאַסן און געסלעך איז ממש געוואָרן אַ שלאַכט. דאָס שיסן פון מאַשין־געווער און וואַרפן גראַנאַטן האָט ניט אויפגעהערט, אַ גאַנצן טאָג האָט דאָס נישט אויפגעהערט. ערשט פאַרנאַכט האָט זיך באַרויקט״.

**די אלע אויבן־דערמאָנטע מאָמענטן פון יואל פּאַנטשאַק קאָנען עדות זאָגן, אַז ס׳איז ביי די כעלעמער יידן געווען אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג און ס׳איז געפירט געוואָרן א קאַמף מיט די דייטשן, ניט וועלנדיק גיין צו דער שחיטה ווי שטומע שאָף. בעת דער דעפּאָרטאַציע קיין וולאָדאַווע זיינען דערשאָסן געוואָרן 800 יידן, און ווען ס׳איז געווען די לעצטע שחיטה שרייבט ער: „אין די גאַסן און געסלעך איז ממש געוואָרן אַ שלאַכט״.**

**עס זיינען געוויס געווען א סך אינדיווידועלע פאַלן פון העראָישקייט, ווי ס׳איז געווען דער** ווידערשטאַנד פון מיטעטעק׳ן, הערש וועלטשערס זון, וואָס האָט זיך געראַנגלט מיט אַ נאַצי בעתן „טויטנמאַרש״ און איז אַנטלאָפן אין וואַלד, **אָבער זיי זיינען אין ים פון בלוט פאַרטושט געוואָרן. אָבער דאָס איז א פאַקט, אַז די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין כעלם האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט און דער פּאַסיווער ווידערשטאַנד איז געווען שטאַרק צווישן די כעלעמער יידן, ווי עס זאָגט אויך עדות דער פּראָטאָקאָל פון דער אויבן דערמאָנטער קאָנפערענץ.**

**בטחון און אָפּטימיזם זיינען תמיד געווען די קענצייכנס פון דער כעלעמער יידישער באַפעלקערונג. דאָס קאָן עדות זאָגן דער אוצר פון פאָלקשאַפונג, וואָס האָט באַרימט געמאַכט דעם נאָמען פון כ ע ל ם אין דער וועלט. הגם עס ווערט פעסטגעשטעלט, אַז דער נאָמען כעלם איז בלויז אַן עפּיטעט צו דער אַנאָנימער פאָלקשאַפונג, וואָס איז אויפגעקומען אין פארשיידענע שטעט, אָבער ס׳איז דאָך בלי ספק, אַז אויך כעלם האָט געגעבן א צושטייער צו דעם רייכן אינ־ווענטאַר פון אונדזער פאָלקלאָר, וואָס שפּיגלט אָפּ א סך אומשטאַנדן פון אונדזער לעבן, און איז אויך תמיד ביים פאָלק אַ מיטל צו פאַרטרייבן יאוש־און רעזיגנאַציע־מאָמענטן, וועלכע באַוועלטיקן דעם יידן מחמת זיין שלעכטער סאָציאַלער לאַגע און די יידישע ענויים און פּורעניות. אפילו די כעלעמער גראָטעסקע פאַנטאַסטיק האָט דאָך בלוט און פלייש פון רעאַלקייט, אָנגעהאַפט אָן דער אייגענער מיליע.**

* * *

**אין „אַ באַרג פון שאַרבנס״ האָט זיך דאָס יידישע כעלם פאַרוואַנדלט, אויסטרינקענדיק דעם כוס התרעלה פון היטלעריזם ביזן דנאָ. דער גזר־דין איבער דער שטאָט איז נאָך ארויס־געטראָגן געוואָרן, ווי ס׳איז שוין דערמאָנט געוואָרן, אין 1־טן דעצעמבער, 1939.**

**אויפן כעלעמער רינעק האָט מען, ראַפּטום, פאַרטאָג ארויסגעטריבן יידן פון די הייזער. די שוצלאָזע יידן זיינען געוואָרן ארומגערינגלט אין אַן עגול דורך די ס.ס.־פאָרמאַציעס, פאָלק־דייטשן, פּוילישער מיליץ און אוקראַינישע סיטשעוויקעס, כראָנישע פּאָגראָמשטשיקעס, אַנטי־סאָ־ציאַלע פאַרברעכערישע און דעק־עלעמענטן און אויך** פּיינע **פּאָליאַקן זיינען אין געזעמלען ארויסגעקומען צו זען דעם דאָזיקן גרויזאַמען ספּעקטאַקל איבער דעם** אייביקן ייד, **ווי אין די צייטן פון די העטמאַנס אין פּוילן, ליטע און אוקראַינע.**

די עדה כעלעמער יידן איז געשטאַנען פאַרוויקלט אין צער אין שטומען כלפי דעם ערב־רב פון רוצחים און תלינים, וואָס האָבן אין זיי אַריינגעשרויפּט בליקן פון יידנפיינדשאַפט און גיריקע רציחה־לוסט. די יידישע זקנים האָבן פאַרקאַשערט די ברעמען צום הימל, דערוואַרטנדיק אַ נס, אַ בת־קול. אפשר האָט אין זיי אויפגעבליצט דער געדאַנק, אַז אָט וועט זיך אַנטפּלעקן פאַר זיי דער בעל־שם, ר׳ אליהו בר׳ יהודה אהרן מחלם, און וועט מיטן שם המפורש פאַרשעלטן די אַלע רוצחים, זיי זאָלן איינגעזונקען ווערן, ווי אַמאָל די כוליגאַנישע גוים נעבן קלויסטער, ווען מען האָט אים מלווה געווען צו זיין אייביקער רו, וואָס האָבן לויט דער לעגענדע פאַרוואָרפן זיין ארון מיט שטיינער, און ווען ער האָט זיך אויפגעזעצט, זיינען זיי באַלד כלה געוואָרן, איינ־געזונקען צוזאַמען מיט דער תיפלה.

קיין נסים זיינען ניט געשען. דער הימל איז געווען אַ טריבער, פול מיט וואָלקנס באַשמירט, און אלע זיינען געווען פאַרזיגלט הערמעטיש אין אַ קרייז פון די נאַציש־פאַשיסטישע באַגנעטן און קוילנווארפערס.

אויך שפּעטער, ווען כעלעמער יידן זיינען אויסגעגאַנגען פון הונגער און קעלט, פון עפּידעמיעס און קראַנקהייטן, איז קיין ווונדער ניט געשען. ס׳איז ניט געקומען די מינדסטע ישועה, ווען עס זיינען פאָרגעקומען דעפּאָרטאַציעס קיין סאָביבאָר און וולאָדאַווע, די קינדער־אַקציע און, לסוף, די טאָטאַלע השמדה, אין נאָוועמבער, 1942.

די דייטשן האָבן לגבי די יידן אין כעלם ארויסגעוויזן זייער גאַנצן אַרכיטעקטאָנישן פּלאַן פון „ליקווידאַציע״ פון דער יידישער באפעלקערונג. פון די פאַרעפנטלעכטע חורבן־מאַטעריאלן אין דאָזיקן בוך וועט מען קאָנען פאָרשן אַלע טויט־שטאַפּלען פון דער נאַצישער מאָרד־מאַשין.

* * *

דאָס יידישע מאַסן־לעבן אין פּוילן, וואָס האָט געוואָרצלט אין משך פון יאָרהונדערטער, האָט, אפשר, פארשריבן די לעצטע שורה פון לעצטן קאַפּיטל. איבער די יידישע חורבות און הויפן, פון אַלע ריצן און שפּאַלטן, שפּאַצירן אין די נעכט סילועטן און געשטאַלטן פון אויס־געשאָסענע, פאַרפּייניקטע הונדערטער טויזנטער יידן, ווי אין י. ל. פּרצעס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״, מאָנענדיק ביי אונדז זיי געדענקען און איינקריצן אויף דור־דורות זייער טראַגישן אומקום און זייער גלאָררייכע פארגאנגענהייט.

ביז די אפיציעלע געשיכטע־שרייבונג וועט אלץ צונויפנעמען און קלאַסירן, ווערן ארויסגעגעבן יזכור־ביכער, מיט היסטאָריש־צאַפּלדיקע גביות עדות, באַשרייבונגען און דאָ־קומענטן. עס ווערט וואָס ווייטער גרעסער די רשימה פון די דאָזיקע חורבן־ביכער, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ גרויסע מגילה פון טראַגעדיע און העראָישקייט, פון יידישער קדושה און גבורה אין די יאָרן פון דער נאַצישער מלחמה קעגן יידישן פאָלק. יעדער טאָג און שעה פון יידישן לעבן אין קלעם פון די נאַצי־חיות איז דאָך געווען די גרעסטע מענטשלעכע גבורה, סבלנות און אויס־דויער און דער שטאַרקסטער רעוואָלט קעגן די נאַצישע רציחות.

באַלד נאָך די באַרבאַרישע שחיטות אין ת״ח ות״ט איז געווען דער באַשלוס פון וועד ארבע הארצות:

„גאָט זאָל זיך נוקם זיין פאר דער אומשולדיקער בלוט, וואָס האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער, פאַר די קערפּערס, וואָס זיינען געלעגן אויף די פעלדער און קיין קבורה האָבן זיי ניט געהאַט. יעדער וואָס האָט נאָר א פונק פון ערלעכקייט אין זיך דאַרף טרויערן אויף די פארגאנגענע דורות״.

די דאָזיקע החלטה פון וועד ארבע הארצות דאַרף איצט, אַ פשיטא, חל זיין. זאָל דאָס יזכור־בוך כ ע ל ם , צוזאַמען מיט אַנדערע יזכור־ביכער וואָס זיינען דערשינען און וועלן נאָך דערשיינען, זיין אויך אַן אומשטערבלעכער ספר־החיים און אן אייביקע מצבה לזכרון די זעקס מיליאָן יידן וואָס זיינען פאַרטיליקט געוואָרן אין אונדזער גרעסטן נאַציאָנאַלן חורבן.

מ ל ך ב אַ ק אַ ל ט ש ו ק ־ פ ע ל י ן

# צו דער געשיכטע
# פון
# די יידן אין כעלם

- געשיכטלעכע מקורים וועגן די יידן אין כעלם
- וועגן כעלעמער פאָלקלאָר
- פּאָליטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס
- וווילטעטיקע חברות און אינסטיטוציעס
- קולטור-געזעלשאַפטלעכע מוסדות און שולוועזן

דר. פיליפ פרידמאַן, אמעריקע

# צו דער געשיכטע פון די יידן אין כעלם

## דער אָנהייב און די געשיכטע פון אַ יידישן ישוב


דר׳ פיליפ פרידמאַן

אַן ערך 40 מייל פון לובלין, אין דער ריכטונג צו מזרח־דרום, ליגט די שטאָט כעלם, אין רוסיש—כאָלם, אין העברעאישע מקורים דערמאָנט על פי רוב ווי: חעלם, חלם, חעל־מא.

ווען איז כעלם געגרינדעט געוואָרן — ווייסט מען נישט באַשטימט. יעדנפאַלס האָט דאָ עקסיסטירט שוין אַ ישוב אין די צייטן פון דעם רוטענישן (קליין־רוסישן) פירשט ראָמאַן מסטיסלאַוויטש, וועלכער איז געשטאָרבן אין 1205, און האָט, בשעת ער האָט רעגירט איבער זיין לאַנד, אָפט רעזידירט אין כעלם. מיט א צוויי צענדלינג יאָר שפּעטער ווערט די שטאָט א פירשטלעכער רעזידענץ־פּלאַץ דורך זיין זון, דעם פירשט דאַנילאָ ראָמאַנאָוויטש, (ארום 1235). ער האָט אויך אויסגעבויט דאָרט א פעסטונג. ארום 1240, ווען די טאָטאַרן באַפאַלן פוילן, האָבן זיי אויך באַלאַגערט די שטאָט און פעסטונג כעלם. די באַפעסטיקונגען האָבן זיך ארויסגעוויזן פאַר אזוי שטאַרק, אז צוליב די נאַטירלעכע באַשיצנדיקע אייגנשאַפטן פון דעם אָרט, האָט דאַנילאָ באַשלאָסן צו האָבן דאָ זיין הויפּטשטאָט. אין אַ צווייטן אָנפאַל פון די טאָטאַרן, אין יאָר 1261, איז די שטאָט און די פעסטונג צום טייל חרוב געוואָרן.

אין יאָר 1377 איז כעלם און דאָס גאַנצע פירשטנטום איינגעגלידערט געוואָרן אין דער פוילישער מדינה. דאָס איז א וויכטיקע געשעעניש אין דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. פוילן איז יעמאָלט געווען א פירנדיקער פאַקטאָר אין ווירטשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן פון מזרח־אייראָפּע, און דאָס אריבערגיין פון דער שטאָט פון דעם אָפּגעשטאַנענעם קליין־רוסישן רעזשים צו דער אָוואַנסירטער און גרויסער פוילישער מלוכה האָט באַטייט פאַר כעלם נייע מיגלעכקייטן פון ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג.

די שטאָט כעלם איז געלעגן אויף די שליאַכן פון די גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע האַנדל־פאַרבינדונגען פון דעם שוואַרצן ים ביז צום באַלטישן ים און קיין מיטל־אייראָפּע. וואַרשיינלעך האָט דער דאָזיקער אינטערנאַציאָנאַלער האַנדל־פאַרקער געבראַכט קיין כעלם די ערשטע יידן. יעדנפאַלס איז אין יענער צייט אָנגעגאַנגען אין כעלעמער לאַנד אַן אינטענסיווע קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט; פון מזרח זיינען געקומען רוטענישע און פון מערב — פוילישע קאָלאָניסטן.

נישט האָבנדיק קיין דירעקטע ידיעות, ווען די ערשטע יידן האָבן זיך באַזעצט אין כעלם, לאָמיר זען, וואָסערע מאַטעריאַלן באַזיצן מיר פון די ארומיקע יידישע שכנישע ישובים. וועגן דעם נישט־וויטן ל ו ב אָ מ ל (ליבוונע ביים בוג) פאַרמעגן מיר דאָקומענטאַרישע ידיעות וועגן א יידישן ישוב אין די יאָרן 1370—1382. פאַרשטייט זיך, אז דאָס מיינט נישט, אז יידן זיינען



ערשט יעמאָלט געקומען קיין לובאָמל. נאָר יעמאָלט זיינען זיי שוין דאָרט זיכער געווען. עס קאָן געמאָלט זיין, אז זיי האָבן שוין געוווינט אין לובאָמל א היבשע צייט פריער, איידער עס זיינען — דורך א ריינעם צופאַל — פאַרנאָטירט געוואָרן אין אמטלעכע דאָקומענטן צום ערשטן מאָל עטלעכע יידן פון לובאָמל. אין אַן אנדער שטאָט, א ביסל ווייטער צו מזרח, אין ל ו ד מ י ר (וולאַדימיר וואָלינסק) ווערן יידן דערמאָנט שוין ארום 1171—1180. (די דאָזיקע ידיעה איז ניט קיין זיכערע. אייניקע היסטאָריקער האַלטן, אז אין דעם דאָקומענט פון 1171—1180 רעדט זיך ניט וועגן וולאַדימיר וואָלינסק נאָר וועגן דער שטאָט וואַלדעמאַר אין מעקלענבורג אין צפון־דייטשלאַנד). הייסט עס, אז ניט ווייט פון כעלם האָבן אין 13־טן און 14־טן יאָרהונדערט עקסיסטירט שוין עטלעכע יידישע ישובים. וועגן כעלם גופא זיינען אָבער קיין דירעקטע דאָקומענטאַרישע באַווייזן עד־היום ניט געפונען געוואָרן. און היות ווי די אַרכיוואַלישע מקורים שווייגן, דאַרף מען זיך ווענדן צו דער תורה שבעל פה.

צווישן די כעלעמער יידן איז געווען אַ מסורה, און די זקנים האָבן דאָס דערציילט ארום יאָר 1900, אז די עלטסטע יידישע מצבה אויפן אלטן בית־עלמין האָט געשטאַמט פון צייטן מיט זיבן הונדערט יאָר צוריק. הייסט עס, אז די אַרטיקע יידישע טראַדיציע האָט געהאַלטן, אז דער יידישער ישוב אין כעלם האָט שוין ארום יאָר 1300 געהאַט אַן אייגענעם בית־עולם, ד.ה. אַן אָרגאַניזירטע יידישע קהלה. אַן אנדערע, אויך נישט גאַנץ פאַרלאָזלעכע השערה פאַררופט זיך אויף אַן אלטע אויסגאַבע פון „אור זרוע״ (געשריבן ארום 1200), וואָס זאָל האָבן געהאַט אזא באַמערקונג: „היו יהודים בק׳ חעלם ובק׳ וולאַדימיר״. אָבער עס איז אונדז נישט געלונגען צו זען די דאָזיקע זעלטענע, אלטע אויסגאַבע פון „אור זרוע״ און מיר גיבן בלויז איבער בשם אומרו די דאָזיקע אומוואַרשיינלעכע ידיעה[1].

יעדנפאַלס אָבער האָבן מיר באַוויזן, אז א יידישע קהלה האָט עקסיסטירט אין כעלם אין 15־טן יאָרהונדערט. ארום יאָר 1900 האָט מען נאָך געקאָנט לייענען און דעשיפרירן א ריי אלטע אויפשריפטן אויף די מצבות פון כעלעמער בית־עולם, וועלכער דער פאַרדינסטפולער פאָרשער און ערשטער היסטאָריקער פון די כעלעמער יידן גיט איבער אין זיין אויבן דערמאָנטער ארבעט[2]. לויט זיינע אינפאָרמאַציעס שטאַמען די עלטסטע מצבות, וואָס מ׳האָט נאָך געקאָנט ארויסגעפינען אין יאָר 1900, פון די פאָלגענדיקע יאָרן:

| | |
|---|---|
| 1 מצבה פון יאָר 1442 | 2 מצבות „ „ 1484 |
| 1 „ „ „ 1483 | 1 מצבה „ „ 1496 |

[1]ביידע פאַקטן, די ידיעה חעגן דער עלטסטער מצבה און חעגן דעם מאמר אין „אור זרוע״ ציטירן מיר פון דער געשיכטלעכער ארבעט פון שמעון מילנער: „לקורות היהודים בחעלם״ אין „המאסף״, סט. פּעטערסבורג, תרס״ב (1902), ז׳ 154—160.

[2] שמעון מילנער: דצ״ח, ז׳ 156, א״ח. דער טעקסט פון דער עלטסטער מצבה אויפן כעלמער בית־עולם גייט אזוי:

„איש ישר הולך בתום
עסק באמת מהור״ר
שמואל צבי בהמנוח
מהור״ר... נפטר י״ח
שבט, שנת ר״ב״.

עס ווייזט אויס, אז דער יידישער ישוב אין כעלם איז שוין יעמאָלט געווען א גוט־איינגעפונדעוועטער און עס האָבן אין שטאָט נישט געפעלט קיין רייכע יידישע סוחרים. אין יאָר 1492 דערמאָנען פוילישע אַקטן אַ כעלעמער ייד, מיטן נאָמען יעקב, ווי א צאָל־פאַכטער פון פוילישן קעניג, און צאָל־פּעכטעריי איז אין יענער צייט געווען א געשעפט, וואָס האָט פארלאַנגט א גרויסן קאַפּיטאַל און אריינגעבראַכט א שיינעם ריווח.

זינט 16־טן יאָרהונדערט הייבן אָן צו באַווייזן זיך אַלץ מער ידיעות און פאַקטן וועגן ווירטשאַפטלעכן לעבן פון די כעלעמער יידן און זייער קהילה־לעבן.

לויט די פוילישע צאָל־רעגיסטערס פון יענער צייט (ארום 1518), קאָן מען זען, אז דעם ערשטן אָרט אין מסחר האָבן פאַרנומען — אין די דרום־מזרח־טיילן פון פוילן — די לעמבערגער, כעלעמער, פּשעמישלער און בעלזער יידן. בפרט האָבן זיי געשפּילט די ערשטע ראָל אין גאַנצן האַנדל פון רויט־רוסלאַנד („רוס טשערוואָנאַ“).

לויט אַן אַנדערער ידיעה, פון יאָר 1530, קומט אויס אז דער רוב סחורות, וואָס זיינען אַדורך דער לובלינער צאָלקאַמער צו די באַרימטע לובלינער ירידים, האָבן געהערט צו בעלזער, כעלעמער און לעמבערגער סוחרים. די גרויסע בעלזער און כעלעמער סוחרים האָבן געהאַנדלט (ארום 1569) דער עיקר מיט לעדער, מעל, רינדפּעטס, אָקסן, טעקסטיל סחורות (וואָלענע סחורה), קאָלאָניאַלע סחורות (געבראַכט על פּי רוב פון די שטעט ביים שווארצן ים)[3].

אין דער צייט הערן מיר וועגן א קעניגלעכער נאָמינאַציע פאַר אַ כעלעמער יידן, וואָס באַווייזט, אז עס זיינען אין כעלם, אין יענער צייט, געווען גרויסע יידישע קאַפּיטאַליסטן. ר׳ יהודה אהרון פון כעלם איז דורך דעם פוילישן קעניג נאָמינירט געוואָרן פאַר דעם שטייער־איינמנעמער פון גאַנצן כעלעמער דיסטריקט (אין 1520). באַלד דערויף, אין יאָר 1522, איז ער באַשטימט געוואָרן פאַר דעם רב הכולל פון די יידישע קהלות פון לובלינער, כעלעמער און בעלזער דיסטריקטן. דאָס איז געווען זייער א הויכע אויסצייכענונג. ווי עס איז באַקאַנט, איז דאָס געווען איינע פון די נאָמינאַציעס, וואָס האָבן געפירט צו דער אַנטוויקלונג פון דער גרויסער יידישער אויטאָנאָמיע אין פוילן (וועד ארבע ארצות)[4]. שוין פון דעם פאַקט גופא איז צו זען וואָס פאַרא וויכטיקע ראָל עס האָבן אין יענער צייט געשפּילט אין יידישן לעבן די כעלעמער יידן. ליידער פעלן אונדז ווייטערדיקע גענויערע ידיעות וועגן ר׳ יהודה אהרון. אין דעם ערשטן דאָקומענט (פון יאָר 1520) ווערט ער טיטולירט: „דאָקטאָר פון יידישן (מאָזאַישן) דין“ Doctor legis mosaicae און מען קאָן זיך משער זיין, אז אפשר איז ער געווען אין יענער צייט כעלעמער רב.

מיר האָבן ידיעות, אז אין יענער צייט האָבן זיך כעלעמער יידן באַשעפטיקט אויך מיט לאַנדווירטשאַפט. פאַראַן דאָקומענטן פון 16־טן יאָרהונדערט, וואָס באַווייזן, אז כעלעמער יידן האָבן געצאָלט דעם אָרטיקן גלח דעם מעשר פון זייערע פעלדער[5]. וואַרשיינלעך איז דאָס געווען דער מעשר, וואָס די קריסטלעכע לאַנדבאַזיצער זיינען געווען מחויב צו צאָלן דער קירך. די גלחים פלעגן תמיד טענה׳ן, ווען א ייד האָט געקויפט א שטיק פעלד ביי א קריסט, אז די קירך טאָר נישט האָבן קיין היזק פון אזא טראַנזאַקציע, און האָבן ווייטער איינגעמאָנט דעם מעשר פון דעם נייעם יידישן באַזיצער.

[3] רפאל מאהלער: תולדות היהודים בפולין. מרחביה, 1946. ז׳ 98—101.
I. Schipper: Dzieje Handlu Zydowskiego na Ziemiach po!skich. Warszawa 1937. p. 37, 47, 54-5, 153.

[4] פג״ל באזונדערס: Salo W. Baron: "The Jewish Community. Its History and Structure." Philadelphia, 1948. Vol. I, p. 301.

[5] ר. מאהלער: דצ״ח. ז׳ 135.

די כעלעמער קהילה האָט יעמאָלט געהערט צו די גרעסערע יידישע קהילות אין פוילן. די ערשטע אָפיציעלע ציילונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן, דורכגעפירט אין יאָר 1550, ברענגט אונדז די פאָלגענדיקע ציפערן: 371 יידישע נפשות, וואָס וווינען אין 40 הייזער. א פאַרגלייך מיט אַנדערע גרעסערע יידישע קהילות אין לאַנד לויט דער זעלבער ציילונג וועט אונדז געבן די ריכטיקע פּראָפּאָרציע: קראָקע (די הויפּטשטאָט) האָט געציילט ארום 1800 יידישע נפשות; פּויזן האָט געהאַט 83 יידישע הייזער, לעמבערג 71; לובלין 42, לובאָמל 39, לודמיר 30, בעלז 22. אין דורכשניט קאָן מען רעכענען אויף איין יידיש הויז 9—10 נפשות,



דער „הערב“ פון דער שטאָט כעלם.

אין די גרויסע שטעט, ווו עס זיינען געווען 2־ און 3 גאָרנדיקע הייזער, למשל אין פּויזן, — אפילו צוויי מאָל אזויפיל[6].

אין יענער צייט איז שוין די יידישע קהילה אין כעלם א בעל־חוב לגבי דעם פוילישן קעניג. זי איז אים שולדיק די סומע פון 171 פלאָרינס. וואַרשיינלעך איז דאָס געווען א נאָך נישט באַצאָלטער מלוכה־שטייער. אַן אַנדער דאָקומענט פון יענער צייט איז זייער כאַראַקטעריסטיש, ווייל ער ברענגט אונדז נאָך א באַווייז, וואָס פאַר א וויכטיקע ראָל עס האָט יעמאָלט געשפּילט אין יידישן לעבן די כעלעמער קהילה. אין יאָר 1557 גיט ארויס דער קעניג זיגמונט אויגוסט א באַפעל, אז קיין שום ייד פון קראָקע, פּויזן, לובלין, לוואָוו (לעמבערג) און כעלם זאָל זיך נישט אריינמישן אין די ענינים פון אַנדערע יידישע קהילות, נאָר זאָל זיך באַשעפטיקן

[6] Zydzi w Polsce odrodzonej: Warszawa, 1935. Vol. I. p. 28-29. פג״ל אויך די אַרטיקלען וועגן כעלם פון דר. ר. מאהלער אין Universal Jewish Encyclopaedia און פון דר. מאַרק ווישניצער אין „יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיא“.

בלויז מיט די ענינים פון זיין אייגענער קהילה[7]. ווייזט אויס, אז עטלעכע איינפלוסרייכע יחידים פון די דערמאָנטע פינף קהילות, אָדער אפשר די אָפיציעלע קהילה־פארטרעטונגען פון די „פינף גרויסע" האָבן געוואָלט נעמען די מאַכט איבער אלע יידישע ענינים אין זייערע הענט און דער קעניג האָט געוואָלט מיט זיין דעקרעט שיצן די קלענערע קהילות פאר דער דאָזיקער אוזורפאציע.

פון דער צווייטער העלפט פונעם 16־טן יאָרהונדערט זיינען אויך פאראן א ריי ארכיוואלישע מאטעריאלן, פון וועלכע מיר קאָנען האָבן א באגריף וועגן פארשיידענע געלט־געשעפטן, וואָס כעלעמער יידן האָבן יעמאָלט געפירט. די דאָזיקע ידיעות זיינען אָבער אויך בלויז באגרענעצטע. מיר דערוויסן זיך וועגן לאָקאלע קרעדיט־אָפעראציעס, וואָס זיינען אפנים נישט געווען פון די גאָר גרויסע געלט־געשעפטן וואָס יידן האָבן געפירט. וועגן דער הילף און פארנעם פון די גרויסע באַנק־אָפעראציעס, צאָל־פאַכט און ענלעכע געשעפטן פעלן אונדז ידיעות. אין די פאראנענע מאטעריאלן ווערן דער עיקר דערמאָנט געלט־אָפעראציעס פון פאַרשיידענע יידישע מלוים מיט די כעלעמער גלחים. אַ גאַנצע ריי לייַ־טראַנזאַקציעס ווערט באריכט אין די יאָרן 1577—1594 מיט דעם רוסיש־אָרטאָדאָקסישן בישאָף פון כעלם (מיט דעם „וולאדיקע" אין רוסיש). דער „וולאדיקע" לייט ביי יידן פאַרשיידענע סומעס, איינמאָל 40 פוילישע זלאָטי׳ס (איין פוילישער זלאָט האָט באטראָפן 30 גראָשן), אן אנדער מאָל — 100 זלאָטי׳ס, 118 זל., אָדער גאָר 170 זל. די הלוואות זיינען קורצטערמיניקע, על פי רוב אויף א האלב יאָר אָדער א יאָר צייט. די סומעס זיינען פאר יענער צייט באַדייטנדיקע. פאר דער הלוואה פון 170 זל. (אין יאָר 1580) האָט דער גלח געמוזט געבן א „גוואראנציע" אויף זיין גאַנץ פארמעגן, און דאָס דאָזיקע פארמעגן איז נישט געווען קיין קלייניקייט, עס האָט ארומגענומען עטלעכע גיטער און דערפער און ווארשיינלעך אויך הייזער. בכלל פירט דער „וולאַדיקע" גערן געשעפטן מיט יידן. אין יאָר 1581 באנייט ער די ארענדע וואָס צוויי הרוביעשאָווער יידן פאכטן פון זיינע צוויי גיטער („אי־מיעניעס") און הייסט זיך באצאָלן 500 זלאָטי׳ס פאכט־רענט. אין יאָר 1582 ווערט דער קאָנטראקט פארלענגערט אויף ווייטערדיקע פיר יאָר. דער בישאָף איז נישט נאָר א לווה נאָר אויך א מלווה. אין יאָר 1594 לייט ער אויס אַ כעלעמער יידן (אויף פראָצענט, פארשטייט זיך) די סומע פון 78 זלאָטי׳ס[8].

די ענגע ווירטשאפטלעכע פארבינדונגען זיינען שוין אַן און פאר זיך אַ באַווייז, אז די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן יידן און נישט־יידן זיינען נישט געווען קיין שלעכטע. גאָר א טשיקאַווע ליכט אויף די דאָזיקע באציאונגען וואַרפן אָבער נאָך אַנדערע ארכיוואלישע מקורים, וואָס האָבן זיך אויפגעהיט פון יענער צייט.

גאָר אַ מיסטעריעזן פאַל באַריכטעט אַ געריכטלעכע אָנקלאַגע אין יאָר 1550. די קריסטין מארושיאַ קלאָגט אָן דעם „יידישן דאָקטאָר" (דאָס הייסט, דעם רב) ר׳ יודא, ביי וועמען זי האָט געדינט אלס דינסט, אז ער האָט זי פארגוואלדיקט, און זי האָט פון אים א קינד. ער האָט איר צוגעזאָגט אויסצוהאלטן דאָס קינד און ער האַלט נישט קיין וואָרט. די כעלעמער גלחים האָבן זיך שטאַרק אָנגעהויבן צו דרייען ארום דעם דאָזיקן פיקאַנטן ענין. דער כעלעמער „וולאַדיקע" (בישאָף) וואַסילי באַקאַ שרייבט צו זיין העכערן גייסטלעכן אַ באַריכט, אז דער „סטאַרשי יעווריעסקי ראַבין"

[7] M. Bersohn: Dyplomatarjusz, dotyczacy Zydow w dawnej Polsce. 1910. p. 52.

[8] Regest. Nadpisy. Swod materialow do istorii Jewreyew w Rossyi. St. Petersburg, 1899. Vol. I, p. 599, 619, 607-609, 628, 712.



(דער רב) האָט געהאַט א קינד (א זון) מיט מארושיא און דאָס קינד איז שוין געשמדט געוואָרן דורך דעם גלח סילוועסטער[9].

דערמיט ענדיקט זיך די גאנצע קאָרעספּאָנדענץ וועגן דעם אויסטערלישן פאל. קיין שום יידישע מקורים וועגן דעם גאנצן ענין זיינען נישט פאַראַן, אזוי אז עס איז נישטאָ קיין מיגלעכקייט אויסצופאָרשן, צי איז די דאָזיקע באשולדיקונג באזירט אויף קאָנקרעטע פאקטן, צי איז דאָס בלויז א בלבול אָדער א פרווו פון שאַנטאַזש. יידישע מקורים ווייסן בכלל גאָרנישט וועגן דעם רב יודא און עס איז כמעט אויסגעשלאָסן, אז דער דאָזיקער פאַל זאָל האָבן אַ שייכות צו דעם אויבן דערמאָנטן ר׳ יהודה אהרון, דעם רב הכולל, וועלכער איז שוין אין 1522 ווארשיינלעך געווען א מענטש אין די יאָרן. בכלל קלינגט די באשולדיקונג אומגלייבלעך. דער יידישער דין איז געווען זייער שטרענג אין ענינים פון מעשי־זנות, און בפרט נאָך ביי א חשובן רעפּרעזענטאַנט פון דעם יידישן כלל און א רב דערצו! עס זיינען גוט באקאָנט די שווערע שטראָפן, תשובה, תעניתים, אָפריכטן גלות, סגופים אא״וו. וואָס מען פלעגט ארויפלייגן אויף פושעים פון דעם מין. עס איז מיגלעך, אז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פראָצעס, וואָס איז רעזשיסירט געוואָרן דורך די גלחים צוליב א געוויסן פאָליטישן צוועק. אין יענער צייט האָט די קירך געפירט א שטאַרקע אגיטאַציע, מען זאָל אסרן די יידן צו האלטן אין זייערע הייזער קריסטלעכע באדינערס און בפרט שפחות. שוין זינט דעם 13־טן יאָרהונדערט האָבן די קירכלעכע סינאָדן אין פוילן פארלאנגט פון דער פוילישער רעגירונג און פון דעם פוילישן פארלאמענט (סיים) אריינצופירן א פארבאָט פון קריסטלעכער באדינערשאפט אין יידישע הייזער און אונטערנעמונגען. ווייזט אויס, אז ארום יאָר 1550 האָט די דאָזיקע אגיטאַציע געמוזט דערגרייכן איר קולמינאַציע־פונקט, ווייל אין יאָר 1565 איז טאַקע דעם קלער געלונגען דורכצוזעצן זיינע פאָדערונגען. דער סיים, אין יאָר 1565, האָט באַשלאָסן צו פאַרבאָטן די יידן צו האַלטן אין זייערע הייזער קריסטלעכע באַדינונג. דער סקאַנדאַל מיטן כעלעמער רב, און מיר ווייסן נישט אויף וויפיל דער ענין איז געווען א פיקטיווער אָדער נישט, האָט אפשר אויך געדארפט דינען די צוועקן אין דער יעמאָלט־אקטועלער אגיטאַציע.

אינטערעסאנט און כאראקטעריסטיש פאר די קעגנזייטיקע באַציאונגען זיינען די געריכטלעכע אָנקלאַגעס וועגן כסדרדיקע שלעגערייען, וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישן יידן און קריסטן. די שלעגערייען טראָגן בשום אופן נישט קיין כאראקטער פון אנטי־יידישע פּאָגראָמען. די שלעגערס זיינען נישט תמיד קריסטן; אין אייניקע פאלן זיינען געווען די יידן דער אָנגרייפנדיקער צד. מיט איין וואָרט, פשוטע קליינשטעטלדיקע שלעגערייען צווישן שכנים און נישט צווישן א פּאָגראָמירנדיקן און א גערודפטן צד. לאָמיר נעמען צ.ב. די צווייטע העלפט פון 16-טן י״ה ווו דאָס לעבן פון כעלעמער יידן איז אונדז שוין אַ ביסל באַקאָנט אין אַ ריי אנדערע הינזיכטן: אין יאָר 1559 פאַרקלאָגט אַ ייד דעם דינער פון דעם בישאָף, אז ער האָט אים צעשלאָגן. אין יאָר 1514 באקלאָגט זיך ווידער אַן אָנגעשטעלטער פון דעם כעלעמער וולאדיקע, אז אייניקע יידן האָבן אים שטאַרק צעקאליעטשעט. אין דעם זעלביקן יאָר באקלאָגט זיך א ייד, אז דער צערקווע־דינער איז אים באפאלן און געשלאָגן; א דריטע אָנקלאגע פון דעמזעלבן יאָר שטאַמט פון א קריסט, וואָס א גרופּע יידן האָט אים גוט צעבלוטיקט און א תל געמאַכט פון זיינע קליידער[10].

[9] Regest. Nadpisy. Vol. I. Nos. 468 & 469.

[10] Regest. Nadpisy. Vol. I. 513, 515, 519, 571.

אַן ערנסטער צווישנפאַל ווערט באַריכטעט פון דעם יאָר 1580. דער שמש שמעון איז מודיע דעם געריכט, אז דער „מעשטשאַניק" (בירגער) טימאָש מיט זיינער א גרופּע חברים, באַוואָפנט מיט „באָמבאַרדעס, פּאַלקעס און שטיינער", זיינען אריין אין טאָג פון זייער הייליקער פסחא אין דער כעלעמער סינאַגאָגע אין דער צייט פון דאַווענען. זיי האָבן געוואָרפן שטיינער, געשאָסן, אראָפּגעריסן דעם דאַך, אויסגעהאַקט עלף טירן, צעשמעטערט שטענדערס און פאַרוווּנדעט אייניקע יידן (וואַרשיינלעך 4). זיי האָבן אויך צוגערויבט פאַרשיידענע כלים פון דער שול, זילבער, גאָלד און אנדערע חפצים; דער דאָזיקער שאָדן האָט באטראָפן — לויט דער אָפּשאַצונג פון די ראשי הקהל — אן ערך צוויי טויזנט (2.000) זלאָטי׳ס. די פאַרוווּנדעטע יידן: אברהם זאכנאָוויטש (אברהם בן שכנא ?), מאָשקאָ יאָוולאָוויטש (משה בן יואל), יעקב זיוו און דער „שולדינער" („שקאָלניק" אין דעם אָריגינאַל־טעקסט) ביסקאָ האָבן אויך אריינגעבראכט אן אָנקלאַגע אין געריכט. בײדע אָנקלאַגעס זיינען געוואָרן באשטעטיקט און אונטערשטיצט פון די ראשי הקהל. צום ערשטן מאָל ווערן מיר געוואָר די נעמען פון כעלעמער ראשי הקהל, דאָס זיינען געווען: פּנחס, שאול, אברהם פּעסטיטש און קלמן. אויך דער שמש שמעון און דער „שקאָלניק" ביסקאָ זיינען נישט קיין שולדינער, ווי מיר פאַרשטייען דאָס היינט־צו־טאָגס, דער שמש שמעון טרעט אויף מיט זיין אָנקלאגע, ווי אן אפיציעלער פאַרטרעטער פון דער סינאַגאָגע. אויך ביסקאָ דער „שקאָלניק" איז וואַרשיינלעך א וויכטיקער באאמטער פון דער קהילה. דער אַמט פון „שקאָלניק" אָדער „סינדיק" האָט אין יענער צייט געמיינט דעם יורידישן קאָנסולטאַנט און שתדלן פון דער קהילה ביי די ניט־יידישע רעגירונגס־אמטן און אנדערע קירכלעכע אָדער פּריצישע אינסטאַנצן. אזוי ארום ווערן מיר אביסל באַקאַנט מיט דעם פּערסאָנאַל פון דער יידישער קהילה אין כעלם[11].

א צווייטער, וויניקער ערנסטער צווישנפאל ווערט געמאָלדן צוויי יאָר שפּעטער. אין אפּריל, יאָר 1582, טראָגן אריין פינף כעלעמער יידן: שאול נאָוואַקאָוויטש, שלמה יאקובאָוויטש, מאַרעק, „יאקוב דאָקטאָר" (וואַרשיינלעך דער רב) און דער שקאָלניק ביסקאָ אַן אָנקלאגע קעגן דעם דירעקטאָר פון דער אָרטיקער קריסטלעכער שול, אז ער איז אריין א שיכורער מיט זיינס א ייִנגל אין שול, אין דער צייט פון דאַווענען, און האָט אָנגעהויבן זיך נאָכצוקרומען די מתפּללים. דעם חזן האָט ער דערלאנגט עטלעכע קלעפּ אין פּנים און צעריסן זיין קלייד. ער האָט נאָך צוגענומען עטלעכע לייכטער פון דער שול און איז אוועק. ביינאַכט, ארום 3 אזייגער, איז ער צוריקגעקומען מיט עטלעכע זיינע תלמידים, באוואָפנטע מיט פּאַלקעס און מיט ברענענדיקע פּאַקלען אין די הענט. די שול איז, פאַרשטייט זיך, געווען פארמאכט אין דער צייט, און דער שיכורער אוואַנטורניק איז צוגעלאָפן צו דער וווינונג פונעם שולדינער און געמאַכט א גוואלד: „שטיי אויף דו גנב, דו שקאָלניק! אייער שול ברענט!"[12] צי האָט ער טאַקע געהאַט בדעה אונטערצוצינדן די שול, צי דאָס איז געווען בלויז א סטראַשונעק, איז נישט קלאָר פון די אַקטן.

די נעמען פון די יידישע אָנקלעגערס נעמען ארום, וואַרשיינלעך, די פּני העיר אָדער ווידער אמאָל טאַקע די ראשי הקהל. דאָס דרינגט ארויס פון דעם פאַקט, אז צווי׳שן די פינף אָנקלאָגערס געפינען זיך צוויי הויכע באאמטע פון דער קהילה (דער רב און דער שקאָלניק), מן הסתם זיינען אויך די אנדערע דריי קלעגערס נישט געווען קיין פּריוואטע פּערזאָנען.

[11] Regest. Nadpisy. Vol. I. p. 615.
[12] Regest. Nadpisy. Vol. I. p. 630.

באַמערקונגסווערטיק איז, אז כמעט אלע אויבן דערמאָנטע געשלעגן און אַוואַנטורעס האָבן געהאַט זייער מקור איז די קרייזן, וואָס זיינען דירעקט געווען פארבונדן מיט דער קירך. דאָס איז נישט קיין צופאַל, און ענלעכע אינצידענטן, דאָס באפאלן יידן דורך סטודענטן פון קריסטלעכע שולן („שילער געלויף"), דאָס באַפאַלן יידישע פּאַסאַנטן פארבייגייענדיק ביי א קירך, א קלויסטער אָדער א שול, פלעגן פּאָרקומען גאַנץ אָפט אין א סך פּוילישע שטעט. נישט תמיד איז דער צוועק געווען ארויסצורופן אן אנטיסעמיטישע העצע אָדער א פּאָגראָם. זייער אָפט איז דער ציל געווען א באשיידענער און מער פּראַקטישער: צו צווינגען די יידן צו צאָלן אַן אָפּצאָל צו די סטודענטן (דער א. ג. „קאָזובאלעף") און צו די קירכעס. מן הסתם זיינען די דאָזיקע אָנפאלן געוואָרן מער אָפט און שאַרף אין דער כעלעמער געגנט. דאָס איז צו זען דערפון, וואָס דער בודזשעט פון וועד ארבע ארצות האָט אין 18־טן יאָרהונדערט באשטעטיקט א ספּעציעלע הוצאה פאר די קירכדינער אין דער לובלינער און כעלעמער געגנט, אַ זאַך, וואָס ער פלעגט פריער קיינמאָל נישט טאָן[13].

אָבער די אלע קליינע יסורים ווערן פארטונקלט פון דער קאַטאַסטראָפּע, וועלכע האָט געטראָפן די כעלעמער יידן צוגלייך מיט אלע אנדערע יידן אין מזרח־דרומדיקן טייל פון פוילן, די גזרות ת״ח ות״״ט.

די חיילות פון די קאָזאקן און טאַטאַרן האָבן זיך אונטערגערוקט פון אוקראינע און רויט־רייסן אין דער ריכטונג קיין כעלם און לובלין. אין כעלם, ווו עס האָבן יעמאָלט געלעבט אן ערך 400 יידן, האָבן זיך די קאָזאַקן גענומען צו באלאגערן דעם שלאָס (נאָוועמבער, 1648). דאן האָבן זיי פארברענט די שטאָט און דעם שלאָס און דערביי זיינען אויך אומגעקומען א סך יידן. ר׳ נתן נטע האַנאָווער, דער קלאַסיקער צווישן די כראָניקערס פון גזרות ת״ח ות״ט, דערמאָנט נישט די קאָזאַקישע שחיטה אין כעלם[14], אָבער אַנדערע מקורים ריידן וועגן דעם בפירוש. דער מחבר פון „צוק העתים" (דערשינען אין קראָקע, 1650 און אין ווענעדיג, 1656), וועלכער האָט געשטאַמט פון א שכנותדיק שטעטל (פון זאמאָשטש אָדער פון שעברעשין) דערמאָנט די שחיטה פון די כעלעמער יידן אין זיין בוך. אויך אין אַן „אל מלא רחמים" פון יענער צייט ווערן דערמאָנט די קדושים פון כעלם. מיגלעך, אז די פּאָגראָמען האָבן זיך איבערגעחזרט נאָכאַמאָל אין יאָר 1655—1656, ווען די קאָזאַקן צוזאמען מיט די מאָסקאָוויטער האָבן נאָכאַמאָל אָנגעגריפן פוילן און פארפלייצט אויך די געגנטן פון לובלין און כעלם. די כראָניק פון שמואל פייביש פון ווין „טיט היון", וואָס באשרייבט די גזרות אין די יאָרן 1655—1656, דערמאָנט, אז כמעט אלע כעלעמער יידן זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן. עס איז שווער צו דערגיין אויף וויפיל זיינען די דאָזיקע ידיעות ריכטיק און וויפיל איבערטרייבונג שטעקט אין זיי. יעדנפאַלס איז דער יידישער ישוב אין כעלם זייער שנעל ווידער געוואָרן אויפגעשטעלט.

די קריסטלעכע בירגער זיינען אַפּנים געווען אנטוישט פון דער שנעלער רעגענעראציע פון דער יידישער קהילה, אָדער זיי

[13] דר. ר. מ א ה ל ע ר: א בודזשעט פון ועד ארבע ארצות אין 18־טן יאָרהונדערט, אין די ייוואָ־בלעטער, באַנד XV (1940) ז׳ 78.

[14] נ. נ. ה אַ נ אָ ח ע ר דערמאָנט אין זיין „יון מצולה" די שחיטה אין שטעטל גוריי (גאָרי). דר. י. ש אַ צ ק י מיינט (אין דער ייווא־אויסגאַבע „גזרות ת״ח", ווילנע 1938, ז׳ 133), אז גאָרו איז אידענטיש מיט כעלם, ווייל די ביידע ווערטער באדייטן דאָס זעלבע אין די סלאַווישע שפּראכן („כאָלם" און „גאָרא" מיינט: באַרג). אָבער דאָס איז די השערה, וואָס לייגט זיך נישט אויפן שכל, בפרט אז אין לובלינער וואָיעוואָדשאַפט האָט פאקטיש עקסיסטירט א שטעטל גוריי, וואָס האָט געציילט עטלעכע הונדערט יידישע נפשות (אין יאָר 1764—332 יידן. זע: ר פ א ל מ א ה ל ע ר: „סטאַטיסטיק פון יידן אין דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט אין די יאָרן 1764—1765" אין „יונגער היסטאָריקער", ווארשע, באנד 2, ז׳ 109 און טאַבעלע 1).

ווילן פשוט אויסנוצן די פאר זיי גינסטיקע פאָליטישע סיטואַציע. די קריסטלעכע מעשטשאַנעס פאַרפירן אין יאָר 1659 אַן עקאָנאָמישע קאַמפּאַניע קעגן די יידן און פארלאנגען מען זאָל די יידן באַזייטיקן פון די פראָפּינאציעס. פּראָפּינאציע[15] ד. ה. שענקעריי, פאבריקאציע און פארקויף פון משקאות איז דעמאָלט געווען איינע פון די יידישע הויפּט־פּרנסות אין שטעטל. אויך די דאָמיניקאַנער ווילן אויסנוצן די פּאָליטישע סיטואציע. זיי פארפירן א פּראָצעס מיט די יידן בנוגע פארשיידענע גרונט־נחלות אין כעלם. ווארשיינלעך זיינען די דאָזיקע פלעצער פארנומען געוואָרן דורך די דאָמיניקאנער אין דער צייט פון די קאָזאַקישע פּאָגראָמען און ווען די יידן זיינען שפּעטער צוריקגעקומען קיין כעלם און געוואָלט ווידער פארנעמען זייערע פלעצער, האָבן די גלחים געטענהט, אז דאָס איז זייערס. ענלעכע סיטואציעס זיינען באקאנט אויך אין אנדערע פוילישע שטעט, בשעת און נאָך פּאָגראָמען אָדער גירושים פון יידן. דער פּראָווינציעלער סיים פון דער בראצלאווער פּראָווינץ, צו וועלכער כעלם האָט געהערט, האָט אונטערשטיצט די פאָדערונגען פון די דאָמיניקאנער און פארלאנגט פון זיינע דעפּוטאטן צום צענטראלן פארלאמענט אין ווארשע (סיים) אז זיי זאָלן שטיצן די דאָמיניקאַנער (1666)[16].

בכלל האָט זיך די לאגע פון דער יידישער קהילה געביטן צום ערגערן. אזוי ווי אלע יידישע קהילות האָט אפנים כעלם אויך געהאַט גרויסע הוצאות נאָך דעם גרויסן קאָזאַקישן חורבן. אלנפאַלס איז עס אין יאָר 1684 צום ערשטן מאָל, ווען מיר הערן, אז די קהילה איז געצוואונגען צו נעמען א גרויסע הלוואה ביי די גלחים. אין דעם יאָר טראָגן איין די כעלעמער יידישע ראשי־הקהל: איצקאָ אראָנאָוויטש, חיים שמעונאָוויטש, איצקאָ לעווקאָוויטש און זוסמאן לעווקאָוויטש, אז זיי האָבן געליען ביי דעם גלח פון דובנע 1.000 פוילישע זלאָטי׳ס. פון דער סומע דארפן זיי צאָלן אלע יאָר, אויף דעם טאָג פון הייליקן בארטאָלאָמיי, דעם גלח פראָצענטער אין דער הויך פון 10%. נאָך דעם טויט פונעם גלח וועלן זיי צאָלן בלויז 8% אויף אייביק. די העלפט פון די פּראָצענטן וועט ווערן איינגעצאָלט פאר דער כעלעמער קאַטוילישער קירך, און די צווייטע — פאַרן כעלעמער אוניאַטישן מאָנאַסטיר[17]. אינטערעסאנט, אז אין דער התחייבות רעדט זיך בכלל גאָרנישט וועגן צוריקצאָלן דעם קרן. דערפאַר אָבער דאַרפן די פראָצענטער געצאָלט ווערן לעולם ועד! — דאָס אלץ מאכט די גאנצע טראַנזאַקציע שטאַרק פארדעכטיקט. צו יענער צייט פלעגן פאָרקומען פאַלן פון אויספּרעסונג. עס איז געווען א פינצטערע צייט פאַר די יידן, ווען די קאַטוילישע רעאַקציע איז געווען זייער שטאַרק און האָט כסדר אינסצעניזירט ריטואַל־מאָרד־פּראָצעסן און כלערליי אנדערע בילבולים קעגן יידן. אָפט האָבן קלויסטערט אָדער גלחים געוואָלט דורך דער דראָאונג (סטראַשונעק) פון א פּראָצעס אויספּרעסן ביי יידן גרויסע סומעס. עס האָט אָבער נישט געפּאסט צו נעמען ביי יידן שווייג־געלט. מען האָט עס פארפּוצט און פארשטעלט דורך פארשיידענע אופנים; אָפט האָבן די קהילות אויסגעצאָלט דעם שוחד אין דער פאָרעם פון א שטר־חוב פאר א געוויסן גרעסערן סכום, וועלכן זיי האָבן קיינמאָל נישט באקומען. אָפט האָבן זיי זיך פארפליכטעט צו געבן פּראָצענטער פון הלוואות, וואָס זיינען בלויז געווען אַ פיקטיווער יסוד פאר דעם פאַרשטעלטן כאַבאַר. מיגלעך אז די כעלעמער קהילהשע הלוואה איז געווען אויך א מין פארשטעלטער כאַבאַר און א מיטל אָפּצוווענדן א גזרה. ווי עס זאָל ניט זיין, צי איז דאָס געווען אַן

[15] I. Schipper: Dzieje Hanlu Zydowskiego. p. 153.

[16] Regest. Nadpisy. Vol. I. p. 1040.

[17] Regest. Nadpisy. Vol. u 1223.



אמתע הלוואה צי א פיקטיווע, דער פאַקט גופא איז א באַווייז, אז די לאגע פון דער קהילה איז נישט געווען אזא גוטע ווי אין אמאָליקע צייטן, פאר די גזרות ת״ח ות״ט.

לאנגזאַם הייבט זיך אויף דער יידישער ישוב אין כעלם פון דעם שווערן קריזיס אין 17־טן יאָרהונדערט. עס וואקסט ווידער דער יידישער האנדל, בפרט דער עקספּאָרט פון לעדער קיין פרייסן און שלעזיע. אין דעם דאָזיקן עקספּאָרט שפּילן די ווארשעווער און כעלעמער יידן אַ גאָר וויכטיקע ראָל. דער האַנדל מיט ברעסלוי און שלעזיע איז באַזונדערס אינטענסיוו. אין יאָר 1722 האָבן זיך אפילו עטלעכע יידישע משפחות געהאַט באַזעצט אין ברעסלוי, אין א רשימה פון 159 פוילישע יידן, וואָס זיינען געווען יעמאָלט תושבים פון ברעסלוי, ווערן דערמאָנט אזש 9 יידן פון כעלם. אין די יאָרן 1763—1764 ווערן אין די רשימות פון סוחרים, וואָס קומען אָן קיין ברעסלוי צו די דאָרטיקע בארימטע ירידים דערמאָנט יידן פון כעלם[18]. אויך דער האנדל מיט פערד, פאר עקספּאָרט און פאר האַנדל־טראַנזאַקציעס אין פוילן און ליטע האָט זיך געפונען אין יידישע הענט. א פוילישער שרייבער, וואָס שרייבט זיך אונטער מיט דעם פּסעוודאָנים „אַ כעלעמער״ („כעלמיאַנין״) באקלאָגט זיך ביטער צוליב דעם אין א פויליש־ווארשעווער צייטונג (סוף 18־טער יאָרהונדערט) און דערמאָנט, אז נאָך אין יאָר 1554 האָט מען די יידן פארבאָטן צו האנדלען מיט פערד[19]. צום גליק האָט די דאָזיקע „דערמאָנונג״ נישט געהאַט דערווייל קיין שום פּראַקטישן דערפאָלג. דאקעגן האָט אָבער אַן אנדערע ווירטשאפטלעכע גזרה ארויסגערופן גרויס צעמישונג און צערודערונג אין דעם יידישן לעדער־האנדל און ביי די יידישע גארבערס. אין יאָר 1789 האָט דער סיים באשלאָסן א נייעם לעדער־שטייער. די קצבים האָבן געדארפט צאָלן דעם שטייער אין דער פאָרעם פון רויע פעלן פון בהמה גסה (פון די רינדער), און אין דער פאָרעם פון געלט־שטעמפּלען פון בהמה דקה (פון קעלבער, שעפּסן, ציגן אא״וו). גלייכצייטיק האָט דער סיים באשלאָסן צו פארבאָטן דעם עקספּאָרט פון רויע לעדער (פעלן) קיין אויסלאנד און אינגאנצן געאסרט דעם יידישן לעדער־האנדל. דאָס נייע געזעץ איז געווען א גרויסער קלאַפּ פאר יידישע סוחרים און פארן יידישן גאַרבער־האַנטווערק. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בהלה. מען האָט זיך געריכט דערויף, אז די פרייזן אויף לעדער וועלן שטאַרק שטייגן און די ספּעקולאַציע האָט זיך געוואָרפן אויף צו באהאלטן די רויע לעדער און פעלן. די רעגירונג איז ארויס מיט שטאַרקע רעפּרעסיעס קעגן די יידישע גארבערס און הענדלערס, דער עיקר אין כעלעמער און קראַסנאָסטאַווער געגנטן. מען האָט ביי די יידישע גארבערס צוגענומען זייערע לעדער־זאַפּאַסן און צעטיילט צווישן די קריסטלעכע גארבערס און שוסטערס[20].

בינו לבינו האָט זיך די יידישע קהילה אין כעלם ווידער קאָנסאָלידירט נאָך די אומגליקן און גזרות פון דער צווייטער העלפט 17־טן יאָרהונדערט. די כעלעמער קהילה האָט ווידער פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין יידישן לעבן אין פוילן, הגם צו דער פריערדיקער גרויסקייט האָט זי מערנישט דערגרייכט.

אין דער ציילונג פון יאָר 1765 האָט מען פארנאָטירט אין דער שטאָט כעלם 1418 יידישע נפשות, אין גאַנצן כעלעמער קרייז

[18] ב. װ יי נ ר י ב: מחקרים בתולדות הכלכלה והחברה של יהודי פוילן. ירושלים. 1939, ז׳ 42 און 51.

[19] ציטירט דורך דר. ע. ר י נ ג ע ל ב ל ו ם אין זיין ארטיקל: „די יידן אין ליכט פון דער װאַרשעװער פּרעסע אין 18־טן יאָרהונדערט״, אין Miesiencznik Zydowski. Vol. I. (1932). p. 516.

[20] E. Ringelblum: Projekty i próby przewarstwowienia Zydow w epoce Stanislawowskiej. Warszawa. 1934. p. 44.

9.787 יידן. אין דער ציילונג האָט מען נישט אריינגענומען קליינע קינדער ביזן פארענדיקן 1־טן לעבנסיאָר (ווייל זיי האָבן נישט געדאַרפט צאָלן קיין קאָפּשטייער און האָבן דערפאר ניט אינטערע־סירט די מלוכה־צענזוס־באַאַמטע), רעכענענדיק, אז די קליינע קינדער האָבן אויסגעמאַכט אן ערך 5,6% פון דער יידישער באַ־פעלקערונג, דארף מען די פאַקטישע צאָל יידן אין כעלם פאַר־גרעסערן מיט 82, ד.ה. אז די שטאָט האָט געציילט אן ערך 1.500 יידן. אָבער אויך דער ציפער איז וואַרשיינלעך צו־נידעריק. כדי אויסצומיידן גרויסע שטייערן, האָבן די יידן זיך באַמיט אויסצובאַ־האַלטן פאַר די באַאמטע א גרויסע צאָל יידישע קינדער, יתומים, אַרעמעלייט אא״וו. און אזא שטעטל ווי באַלעכאָוו למשל (מזרח־גאַליציע) האָט די צאָל יידן באַטראָפן מער ווי 1.300, אָבער די רעגירונג־באַאַמטע האָבן בלויז פאַרנאָטירט 883 נפשות[21]. מען קאָן אלזא, אָן גוזמא, צורעכענען צו דעם אפיציעלן ציפער פון 1.500 יידן נאָך וויניקסטנס א 20—30%, כדי צו האָבן די פאַק־טישע צאָל יידן אין כעלם. פון דעסטוועגן האָט שוין יעמאָלט כעלם נישט געהערט צו די גרעסטע יידישע קהילות אין לאַנד. עס זיינען געווען, לויט דער ציילונג פון 1765, צוועלף גרויסע יידי־שע קהילות, וואָס יעדע פון זיי האָט געציילט איבער 2.000 יידישע נפשות. די גרעסטע זיינען געווען: בראָד, מיט 7.200 יידישע נפשות, לעמבערג — 6.160, ליסאַ (לעשנאָ) — 5.000, קראָקע — 3.500. צום פארגלייך ברענגען מיר נאָך אנדערע קהילות אין שכנות פון כעלם: לובלין האָט געציילט 1460 יידישע נפשות, לודמיר — 1.400. (אין די דאָזיקע צאָלן זיינען שוין אריינגערעכנט די קינדער ביזן ערשטן לעבנסיאָר, אָבער נישט די קאָרעקטור פון 20—30%, וואָס זיינען אויסבאַהאַלטן געוואָרן בשעת דער ציילונג).

די כעלעמער קהילה האָט ווייטער פאַרנומען אַ חשובן אָרט אין די טעטיקייטן פון דער יידישער אויטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע אין פוילן. דער וועד ארבע ארצות איז זיך אינצווישן צעפאַלן אויף א ריי קלענערע אויטאָנאָמע גלילים. איינער פון די 12 אויטאָנאָ־מע וועדי המדינות איז געווען דער וועד פון כעלעמער־בעלזער לאַנד, וואָס האָט זיינע זיצונגען געהאַלטן על פי רוב אין לובאָמל. דעפּוטאַטן פון כעלם זיינען געווען אקטיוו סיי אין דעם וועד המדינה און סיי אין דעם צענטראַלן וועד ארבע ארצות. אין יאָר 1739 איז אפילו דער כעלעמער דעפּוטאַט ר׳ הערשל געווען יושב ראש פון וועד ארבע ארצות. (גענויער וועגן כעלעמער דע־פּוטאַטן אין וועד ד׳ ארצות, זע אין ווייטערדיקן קאַפּיטל).

אין די יאָרן פון דער גרויסער רעפאָרם־באַוועגונג אין פוילן, און אין די צייטן פון דעם גרויסן פיר־יעריקן סיים (1788—1792), ווען עס איז הייס דיסקוטירט געוואָרן אין דער פוילישער עפנט־לעכקייט די פראגע פון דער יידן־רעפאָרם, האָט צו דער פראגע גענומען אַ וואָרט דער כעלעמער רב ר׳ הירש בר׳ יוסף. בכלל האָבן וויניק יידישע שרייבערס גענומען דעמאָלט דאָס וואָרט אין דער דיסקוסיע, על פי רוב זיינען דאָס געווען משכילים און הייסע אָנהענגער פון דער רעפאָרם. דער איינציקער רב צווישן זיי איז געווען הערשקאָ יאָזעפאָוויטש און ער איז אויך געווען דער איינציקער, וואָס האָט געהאַט דעם מוט צו פאַרטרעטן דעם נאַ־ציאָנאַל־קאָנסערוואַטיוון יידישן שטאַנדפּונקט. זיין בראָשור, וואָס איז ארויס אין פויליש אין יאָר 1789, א.ד.ט. „פּאַסנדיקע געדאַנקען וועגן דעם אופן ווי אזוי צו מאכן פון די פוילישע יידן נוצלעכע

[21] אזוי דערציילט אין זיינע זכרונות (ארויסגעגעבן פון דר. מ. חישני־צער, בערלין, 1922) דער חשובער באלעכאָווער סוחר און כלל־טוער בער (בירקענטאַל) באלעכאָווער, ז׳ 116.

בירגער פאַר דעם לאַנד"[22], איז געווען אַן ענטפער אויף דער בראָ־שור פון דעם פוילישן דעפּוטאַט מאַטעאוש בוטרימאָוויטש, א גרויסן יידן־פריינד און הייסן אָנהענגער פון א ראַדיקאַלער רע־פאָרם פון יידישן לעבן אין גייסט פון השכלה און אַסימילאַציע. הערש יאָזעפאָוויטש ווייזט אָן, אז אזעלכע רעפאָרמען ווי באַגרע־נעצן די פונקציעס פון יידישער אויטאָנאָמיע און יידישע קהילות און געריכטן, דאָס אפשאַפן די באַזונדערע יידישע קליידונג, דאָס איינפירן אלגעמיינע שול־בילדונג פאַר יידן, אז דאָס אַלץ קאָן מיט זיך ברענגען די צעשטערונג פון יידישע טראַדיציעס און פון דער יידישער רעליגיע. עס איז דאָ אויך א סברא, אז הירש יאָזעפאָ־וויטש איז געווען א מיטגליד פון דער קאָמיסיע, וואָס דער פיר־יעריקער סיים האָט געשאַפן, כדי צוצוגרייטן א פּראָיעקט פון א נייעם יידן־געזעץ[23]. עס פעלן אָבער גענויערע פּרטים.

די יידנרעפאָרם איז נישט דורכגעפירט געוואָרן, ווייל אין דער צייט איז פוילן געוואָרן אויסגעמעקט פון דער מאַפּע פון די זעלבשטענדיקע מדינות אין אייראָפּע און צעטיילט צווישן אירע דריי מעכטיקע שכנים. כעלם האָט געהערט צו עסטרייך אין די יאָרן 1795—1807, און אין די יאָרן 1807—1812 צו דעם וואַרשע־ווער גרויס־פירשטנטום. זינט 1812 ביז 1915 איז עס אריבער אונטער רוסישער הערשאַפט און געבילדעט א טייל פון קאָנגרעס־פוילן.

דורך די טיילונגען פון פוילן זיינען צעשטערט געוואָרן די אַמאָליקע האַנדל־שליאַכן און ווירטשאַפטלעכע פאַרבינדונגען, וואָס האָבן געהאַט א גרויסע השפעה פאַר דער אַנטוויקלונג פון יידישן מסחר אין כעלם. די נייע ווירטשאַפטלעכע סיטואַציע און די נייע האַנדל־וועגן זיינען נישט געווען אזוי גינסטיק פאַר כעלם, וועלכע איז געלעגן אין פאַרשטופּטן מזרח־דרומדיקן ווינקל פון קאָנגרעס־פוילן. דאַקעגן אין פּאָליטישער הינזיכט איז כעלם גע־וואָרן זייער אַ נעווראַלגישער פונקט. די רוסישע רעגירונג האָט דאָ אָנגעהויבן אַ שטאַרקע רוסיפיקאַציע־פּאָליטיק, בפרט נאָך דעם נישט־געלונגענעם פוילישן אויפשטאַנד פון יאָר 1863. אין כעלע־מער געגנט האָבן געוווינט אַ סך אוניאַטישע פּויערים (גריכיש־קאַטוילישע) און די רוסן האָבן אויף זיי אויסגעאיבט א שטאַרקן דרוק כדי זיי זאָלן פאַרלאָזן די אוניאַטישע קירך און ווערן גריכיש־אָרטאָדאָקסיש. אין יאָר 1875 איז אָפיציעל די אוניאַטישע קירך פאַרבאָטן געוואָרן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרביטער־טער דרייסיק־יאָריקער קאַמף מצד די קאַטאָליקן און גריכיש־קאַ־טוילישע רוטענער קעגן דער רעגירונג, מיט בלוטיקע דעמאָנ־סטראַציעס, שטרייקן, אַרעסטן, א פאַרביטערטע פּרעסע־קאַמפּאַ־ניע אא״וו. כדי צו פאַרפעסטיקן די רוסיפיקאַציע האָט מען אין רוסלאַנדס רעגירונג־קרייזן שוין אין סוף פון 80 יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט געטראַכט וועגן א פּלאַן צו שאַפן א באַזונדערע כעלעמער גובערניע און פאַראייניקן זי מיט רוסלאַנד. אָבער ערשט קנאַפּ פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, דעם 1־טן יאַנואַר,

[22] דער אָריגינאַל־טיטול אין פויליש איז: Herszko Józefowicz Mysli stosowne do sposobu normowania Zydow polskich w pozytecznych krajowi obywateli.

פגל״ אויך: מאהלער: תולדות היהודים, ז׳ 451. דר. ג. מ. געלבער: „די יידן און דאָס פּראָבלעם פון יידן־רעפאָרם אין דעם פיר־יאָריקן סיימס“, אין Miesiecznik Zydowski. Rok I. Tom II. (1931) p. 327. Zydzi w Po!sce Odrodznoej. Voy. I. p. 72-74. S. Dubnow: Weltgeschichte des jüdisches Volkes. Berlin, 1920-23. Vol. VIII. p. 319.

[23] אזוי אינפאָרמירט הילאַרי נוסבוים אין זיין: „Historya Zydów", Warszawa, 1890. Vol. V. p. 357. ער גיט אָבער נישט אָן די מקורים, פון וועלכע ער האָט געשעפּט די דאָזיקע ידיעה.

1913, האָט די רוסישע דומע (פּאַרלאַמענט) אָנגענומען דעם באַשלוס צו שאַפן אַ באַזונדערע גובערניע. (פון טיילן פון דער לובלינער און שעדלעצער גובערניע). דער דאָזיקער באַשלוס האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם פון פּראָטעסטן אין דער פּוילישער עפנטלעכקייט איבער דער גאַנצער וועלט [24]. פאַרשטייט זיך, אַז אָט די אַלע פּאָליטישע שפּאַנונגען האָבן נישט בייגעטראָגן צו דערווירטשאַפטלעכער סטאַביליזאַציע און אַנטוויקלונג פון כעלם. צו די אַלטע אַנטיסעמיטישע פאַקטאָרן קומט צו אַ נייער פאַקטאָר: די רוסישע רעאַקציאָנערע באַאַמטע און גלחים. זייערע געפילן לגבי ייִדן האָבן געפונען אַן אויסדרוק אין אַ רייזע־טאָגבוך פון אַ הויכגעשטעלטן רוסישן גלח בשעת אַ באַזוך אין כעלם, אין יאָר 1889, געדרוקט אין אַן אײַנפלוסרייכער רוסישער צײַטשריפט[25]. דער גלח י. מ. גאָראָדעצקי שרײַבט וואָס פאַרא שווערן אײַנדרוק עס האָבן אויף אים געמאַכט די כעלעמער ייִדן, „די דאָזיקע פּאַראַזיטן אין מענטשלעכער געשטאַלט“, און אונטערשטרײַכט ווײַטער: „דער הויפּט־טייל פון שטאָט, דאָס זײַנען קליינע ייִדישע הײַזקעס מיט דריבנענדיקע געוועלבלעך, ווו אין אַלע טירן און טויערן שטופּן זיך גאָר היימיש שמוציקע ייִדישקעס און ייִדעלעך“. דער גלח האָט אַפּנים געהאַט גרויסע אויגן, ווען ער האָט געזען בלויז ייִדישע הײַזער אין שטאָט. אין דער אמתן איז דער % ייִדן אין כעלם במשך פונעם 19־טן יאָרהונדערט שטאַרק געפאַלן. דאָס זעט מען בפירוש פון דער פאַראַנענער סטאַטיסטיק[26].

ווי מיר זעען, האָט זיך אין 20־טן יאָרהונדערט אָנגעהויבן אַ געוויסע אויפלעבונג. די צאָל אײַנוווינער איז געשטיגן כמעט דרײַפאַכיק במשך פון 40 יאָר, די צאָל ייִדן אָבער בלויז צווייפאַכיק. דער האַנדל איז ווײַטער געווען אין ייִדישע הענט. לויט דר. שיפּער׳ס אינפאָרמאַציעס, אַז אין יאָר 1921 — 88,3% פונעם האַנדל אין כעלם איז געווען אין ייִדישע הענט, אין יאָר 1926 — 82%[27].

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין יאָר 1827 האָבן געלעבט אין כעלם | 2.793 איינוווינער, דערפון | 1.902 ייִדן — | 68 % |
| " " 1856 " " " " | 3.662 " " | 2.493 " — | 68 % |
| " " 1893 " " " " | 11.887 " " | 6.356 " — | 53,5% |
| " " 1910 " " " " | 17.555 " " | 7.814 " — | 44,5% |
| " " 1921 " " " " | 23.221 " " | 12.064 " — | 51,1% |
| " " 1931 " " " " | 29.074 " " | 13.537 " — | 46,5% |

אין דער צײַט, ווען עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, האָט כעלם געהאַט וואַרשײַנלעך 15.000 ביז 18.000 ייִדישע אײַנוווינער. עס איז מיגלעך, אַז די דאָזיקע צאָל איז פאַרגרעסערט געוואָרן באַדײַטנדיק דורך אַ טייל פון די טויזנטער פּליטים,

[24] פון דער פּוילישער זייט איז דער קאַמף באַשריבן אין דעם בוך פון ל ע אָ ן פּ ל אָ כ אָ צ ק י (פּסעוודאָנים פון לעאָן וואַסילעווסקי): Plochocki L.: Chelmszczyzna i sprawa Jej oderwania. Kraków, 1913. דעם רוסישן שטאַנדפּונקט באַהאַנדלען: P. M. Batiuszkow: Cholmskaja Rus. St. Peterburg, 1887. און י. פּ י ל ע וו י ט ש: „אַ פאַרגעסענער ווינקל“ Istoritcheskiy Vestnik. St. Petersburg. Vol. V. (1881), p. 78-99.

[25] י. מ. ג אָ ר אָ ד ע צ ק י: „אַ רייזע קיין כעלם, פּאָדאָליע און בעסאַראַביע“, אין Istoritcheskiy Vestnik. St. Petersburg. Vol. 41. (1890). p. 763-793. די פון אונדז ציטירטע באַשרײַבונג געפינט זיך אויף ז׳ 765־66.

[26] ר. מ אַ ה ל ע ר אין Universal Jewish Encyclopaedia. און Bohdan Wasiutynski: Ludnosc Zydowska w Kro'estwie polskim. Warszawa 1911. p. 53: און פון דעם זעלבן מחבר Ludnosc Zydowska w Polsce w Wiekach 19, i 20 tym, Warszawa, 1930.

[27] J. Schipper: Dzieje Handlu Zyd. p. 315, 610.

וואָס זײַנען אין דער סעפּטעמבער־פּאַניק געלאָפן קיין מזרח און דרום און זײַנען געבליבן שטעקן אין מיטן וועג. „די שטאָט איז באַלאַגערט פון וואַנדערער — שרײַבט איינער פון די דאָזיקע פּליטים אין זײַנע זכרונות — ביי די בעקערייען און געוועלבער... שטייען טויזנטער וואַנדערער מיט פאַרחלשטע פּנימער און פאַרטריקנטע ליפּן“[28].

דער אמתער גיהנום האָט זיך אָנגעהויבן, ווען די דײַטשן זײַנען אַרײַן אין שטאָט. רויבערייען, פּײַניקונגען, מאָרד, לויט דעם באַקאַנטן נאַצי־מוסטער, האָבן געבושעוועט אין שטאָט. דעם אויבנאָן אין פּײַניקן די ייִדן האָבן געהאַט די ס.ס. סוף 1939, אין נאָוועמבער אָדער דעצעמבער, איז פאָרגעקומען די ערשטע גרויסע „אַקציע“"[29]. די דײַטשן האָבן צוזאַמענגעטריבן אויפן מאַרק אַן ערך 1700 ביז 2000 ייִדן און אָנגעהויבן זיי טרײַבן אין דער ריכטונג פון דער רוסישער גרענעץ ביי סאָקאַל און בעלזשעץ (מזרח־גאַליציע איז דעמאָלט געווען אָקופּירט פון די רוסן). בשעת דעם מאַרש האָט מען די ייִדן אַכזריותדיק געפּײַניקט און געשאָסן; דאָס רוב פון די אומגליקלעכע זײַנען אומגעקומען אויפן וועג.

די באַרבאַרישע „ליקווידאַציע־אַקציע“ איז פאָרגעקומען אין כעלם אין דעצעמבער 1942. אַ פּוילישע פרוי, פאַרבונדן מיט דער אונטערגרונט-באַוועגונג האָט באַלד נאָך דער אַקציע אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון די געשעענישן, וועלכע זי האָט אַליין איבערגעלעבט, וווינענדיק אין דער ייִדישער גאַס[30]. אָט דאָס זײַנען בקיצור די וויכטיקסטע פּרטים פון איר באַריכט:

אין כעלם האָבן די דײַטשן נישט אײַנגעפירט קיין געטאָ. ייִדן האָבן ביז צום סוף געוווינט צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן אין די זעלבע גאַסן און הײַזער. אין כעלם איז במשך פון די יאָרן 1940—1942 (ביז אָקטאָבער 1942) געווען פאַרהעלטנישמעסיק רואיק. מיגלעך אַז אין די רואיקערע מאָמענטן פון כעלעמער לעבן אונטער די נאַציס איז אַנטשטאַנען דאָס אייגנאַרטיקע ליד: „הבט משמים וראה“. ווי עס גיט איבער ש. קאַטשערגינסקי אין זײַן זאַמלונג: „לידער פון די געטאָס און לאַגערן“, ניו־יאָרק 1948, ז׳ 120—121, איז דאָס ליד געוואָרן איבערגעגעבן פון אַ כעלעמער תושב, יואל פּאָנטשאַק. דאָס ליד פאַרמאָגט אַ סך אָריגינאַליטעט און געפיל. די אַקציע האָט זיך אָנגעהייבן אין דער נאַכט פון 5־טן אויפן 6־טן דעצעמבער, 1942. דער ענד־טערמין פון דער אַקציע איז געוואָרן באַשטימט אויף דעם 15־טן דעצעמבער און שפּעטער געוואָרן איבערגערוקט אויפן 25־טן דעצ. עס האָבן זיך יעמאָלט געפונען אין כעלם נאָך אַן ערך 11.000 ייִדן. די רעשט איז וואַרשײַנלעך פריער אומגעקומען צוליב די כסדרדיקע רדיפות,

[28] ב נ י מ י ן אָ ר ע נ ש ט יי ן: „ראש השנה ביי אַ ייִדישן פּריץ“, אין „קענעדער אַדלער“, 11 סעפּטעמבער, 1950.

[29] בנוגע דער דאַטע זײַנען פאַראַן סתירות צווישן די אײַנצלנע גביות עדות. פאַר גענויערע פּרטים וועגן דעם טרויעריקן מאַרש זע אין אַרטיקל פון י. קערשט אין „פאָרווערטס“, 20־טן פעברואַר, 1947 און 11־טן מאַי, 1947, (באַריכט פון י ע ק ב ג אַ ל ל); י. ש ט יי ן אין „דאָס נייע לעבן“, לאָדזש, נר. 19 (1946). A. Silberschein, edit. „Die Judenausrottung in Polen." Geneva, 1944. Serie I. p. 5-6.

[30] דער דאָזיקער באַריכט (אַנאָנים) געפינט זיך אין אַרכיון פונעם פּוילישן מלוכה׳שן „אינסטיטוט פאַר נײַעסטער געשיכטע“ אין וואַרשע, אָפּט. באַריכטן פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג; ייִדן־פאַרפאָלגונגען. אין דער צײַט, ווען מיר האָבן דעם באַריכט באַנוצט, האָט ער נאָך נישט געהאַט קיין קאַטאַלאָג־נומער.

ארויסשיקונגען אין ארבעט־לאגערן, הונגער און קראנקהייטן. די געגנט פון כעלם, וולאָדאווע און הרוביעשאָוו, ווי אויך די רעשט פון דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט איז געווען אין די יאָרן 1940—1941 פארזייט מיט צענדליגער יידישע ארבעט־לאגערן, ווו יידן האָבן געאַרבעט ביי זייער שווערע ארבעטן אין ניט־מענטשלעכע באַדינגונגען. א נישט פולע רשימה פון די לאַגערן אין דער געגנט פון כעלם, הרוביעשאָוו און וולאדאווע נעמט ארום אַן ערך 20 לאגערן:

| | צאָל ארבעטער |
|---|---|
| וויטקאָוו | מער ווי 350 יידישע ארבעטער |
| ווערראשין | 1.060 |
| אָשטשאָוו | 1.500 |
| דאָלהאָביטשאָוו | צאָל אומבאקאנט |
| מירטש | 750 |
| ווארענזש | ? |
| מארישין | ? |
| אָבראָוויעץ | 200 |
| טורקאָוויץ | 250 |
| בושנע | 100 |
| אוכרינאָוו | ? |
| סאַווין | 140 |
| לוטע | 200 |
| אָסאָוו | 200 |
| רודע ביי אָפּאלין | 650 |
| קריכאָוו | ? |
| דאָראָהוסק | 150 |
| שעלישטשע ביים וויעפּש | 146 |
| קאַמיען | 115 |
| זשמודזש | 200 |

פון די איבער 5.700 יידישע ארבעטער, וואָס זיינען פאַר־צייכנט אין דער רשימה, האָבן אַן ערך 1.700 געשטאַמט פון וואַרשע, די רעשט פון כעלם און די אנדערע ארומיקע שטעט־לעך[31]. אַן אויספאָרשונג, דורכגעפירט שוין נאָך דער מלחמה, דורך דער פוילישער „מלוכהשער קאָמיסיע אויסצופאָרשן די דייטשע פאַרברעכנס" דערמיגלעכט צו קאָמפּלעטירן די רשימה פון די ארבעט־לאגערן מיט די פאָלגענדיקע אינפאָרמאַציעס:

| | | | |
|---|---|---|---|
| טשערניעיאָוו | 200 | יידישע | ארבעטער |
| קאַנין | 150 | " | " |

און די פריער דערמאָנטע:

| | | | |
|---|---|---|---|
| מירטשע | 3000 | " | " |
| אָסאָוו | 400 | " | " |
| דאראהוסק | 300 | " | " |
| קריכאָוו | 2500 | " | " |

דעם גרעסטן „אריכת־ימים" האָט ווארשיינלעך געהאַט דער לאגער אין קריכאָוו, וועלכער איז געוואָרן ליקווידירט אין מערץ 1944[32].

פון די 11.000 יידן, וואָס זיינען, נישט געקוקט אויף אלע נגישות און רדיפות נאָך געבליבן אין כעלם צום סוף 1942, זיינען בשעת דער דעצעמבער־אקציע אויסגעהרגעט אָדער ארויסגע־

[31] מאַטעריאלן וועגן די ארבעט־לאגערן אין לובלינער וואָיעוואָדשאַפט בעת דער דייטשער אָקופּאַציע (1940—1941), אין „בלעטער פאר געשיכטע", באַנד II, וואַרשע, 1949, ז' 243—245.

[32] Zofia Czynska i Bogumil Kupsc: Obozy Zaglady. Obozy Koncentracyine i Obozy pracy in „Biuletyn glównei Komisji Badania Zbrodni Niemieckich w Polsce. Warszawa. 1946. Vol. I. p. 42-44.

שיקט געוואָרן אין פארניכטונג־לאגער סאָביבאָר פון 7.000 ביז 8.000 מענטשן.

„ארום דריי טויזנט יידן האָבן באוויזן זיך אויסצובאהאלטן און אנטלויפן, און שפּעטער זיך אָנשליסן צו די פארשיידענע פּאַר־טיזאַנישע אָפּטיילונגען" — באמערקט ווייטער די פוילישע באַ־ריכט־שרייבערין. „די ליקווידאַציע האָבן דורכגעפירט ס.ס.־פאָר־מאַציעס. די דייטשן זיינען געווען זייער שטאַרק באוואָפנט, גע־האַט רעוואָלווערן, האַנט־גראַנאַטן און מאַשין־געווער. כדי צו ליקווידירן די טויזנטער יידן, וואָס זיי האָבן פארזאמלט אויפן פּלאַץ פאר דער קירך, האָט מען זיך באנוצט מיט מאַשין־געווער; צו הרגענען איינצעלנע יידן, מענער און פרויען, וואָס האָבן גע־פּרוווט אנטלויפן האָט מען באנוצט רעוואָלווערן און האַנט־גראַנאַטן. אין די מאָרדן האָבן זיך באַטייליקט אויך ציווילע דייטשן, אזוי צום ביישפּיל האָט דער דייטשער בירגערמייסטער אייגנהאנטיק דערשאָסן אַן אנטלויפנדיקע יידישע פרוי".

אין א היסטאָרישער שטודיע פון ט. ברוסטין־בערנשטיין: גירושים ווי אַן עטאַפּ פון דער דייטשער פארניכטונגס־פּאָליטיק לגבי דער יידישער באפעלקערונג, בלעטער פאַר געשיכטע, וואר־שע, באַנד 3 (1950) העפט 1—2, ז' 51—78, ווערן איבערגעגעבן פאָלגענדיקע פרטים וועגן די כעלעמער יידן אין דער נאַצי־צייט:

| | | | |
|---|---|---|---|
| צאָל יידן אין כעלם אין | | 1939 | 15.000 |
| " " " " " | | 1940 | 10.000 |
| " " " " | יוני | 1941 | 11.500 |
| " " " " | אפּריל | 1942 | 10.815 |
| " " " " | יוני | 1942 | 7.000 |
| " " " " | 7 יולי | 1942 | קרוב צו 400 |

די צאָל יידן אין כעלם אין 1940—1941 איז פארגרעסערט געוואָרן דורך פליטים פון קראָקע (יוני 1940), און שפּעטער (מאי 1942) דורך אַן ערך 2.000 סלאָוואַקישע יידן. אין יאָר 1942 זיינען פאַר־געקומען פיר גרויסע אַקציעס אין וועלכע דאָס רוב כעלעמער יידן זיינען דעפּאָרטירט געוואָרן אין דעם טויטנלאַגער סאָביבאָר. די קליינע צאָל פאַך־ארבעטער, וואָס זיינען פארבליבן אין כעלם, האָבן די דייטשן דערשאָסן דעם 31־טן מערץ, 1943.

אזוי ווי אומעטום האָבן אויך אין כעלם א סך יידן געאַרבעט אין פארשיידענע דייטשע וואַרשטאַטן און פאַבריקן, און די דייט־שע ווירטשאַפט־קרייזן און ציווילער אַדמיניסטראַציע איז געווען א שאָד צו פארלירן די דאָזיקע ארבעט־שקלאַפן, וואָס האָבן גע־מוזט ארבעטן בחצי־חנם אָדער אינגאַנצן בחנם און וועלכע מען האָט געקאָנט אויסנוצן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט. זיי האָבן צוליב דעם עטלעכע מאָל אינטערוועניִרט ביי די ס.ס.־אָנפירער, אָבער נישט צוליב הומאַניטאַרע טעמים, נאָר צוליב ריין געשעפטלעכע מאָטיוון. שוין דעם 12־טן מאַי, 1942, בעט זיך דער כעלעמער קרייז־הויפּטמאַן ביי דעם ס.ס.־פירער פון לובלינער דיסטריקט, מען זאָל אים איבערלאָזן „ארבעטספּעציקע יודען", ווייל ער דאַרף נייטיק האָבן אַרבעטער. ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אַקציעס, האָט די כעלעמער דעלעגאַטור פון דייטשן אַרבעטס־אַמט געמאָלדן, אז זי דאַרף אויף דעם אָרט פון די „ארויסגעשיקטע" יידן האָבן עטלעכע טויזנט ארבעטער, כדי זיי צו פארטרעטן. אין אַן אנדער באריכט פון דעם דייטשן ארבעטס־אַמט הייסט עס ווערטלעך: „די ארויסשיקונגען פון יידן האָבן גורם געווען צו א שטאַרקער נאָכ־פראַגע אויף קוואַליפיצירטע מעטאַל־ארבעטער פאר די מיליטע־רישע אונטערנעמונגען און פארן באַן־וועזן. די באַן־וואַרשטאַטן אין כעלם, וואָס באשעפטיקן איצט 158 יידישע ספּעציאַליסטן,

דראָט אין פאַל פון זייער ארויסשיקונג, אַז זיי זאָלן אינגאַנצן אָפּגעשטעלט ווערן, אויב עס וועלן נישט צוגעשטעלט ווערן די נייטיקע כחות, וואָס זאָלן זיי פּאַרטרעטן״[33]. די ס.ס. האָט אָבער פאַרטרעטן דעם שטאַנדפּונקט — אין הסכם מיט זייערע אינסטרוקציעס פון בערלין — אַז דער פּאָליטישער צוועק (ד.ה. די אויסראָטונג פון די יידן) איז אויף דעם ערשטן אָרט און טאָר נישט ווערן געשטערט פון ווירטשאַפטלעכע אַרגומענטן. דערמיט איז, פאַרשטייט זיך, דער גורל פון די נאָך איבערגעבליבענע יידישע פאַכאַרבעטער און ספּעציאַליסטן געוואָרן געחתמעט.

אין דער לובלינער געגנט, אויך נישט ווייט פון כעלם האָבן אָפּערירט פאַרשיידענע פּאַרטיזאַנער־גרופּן. די יידן וואָס זיינען אַריינגעפאַלן אין נאַציאָנאַליסטיש געשטימטע פּוילישע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען זיינען, שפּעטער, על פּי רוב אויף אַ פאַררעטערישן אופן געטויט געוואָרן פון זייערע פּוילישע קאָלעגן: דער עיקר איז דאָס געשען אין די גרופּעס פון א. ק. (אַרמיאַ קראַיאָווואַ (Armia Krajowa) און נ. ס. ז. (Narodowe Sily Zbrojne) גינסטיקער און מער זיכער איז געווען די סיטואַציע פון די יידישע קעמפער אין די גרופּעס פון דער א. ל. (Armia ludowa) אַ לינקע באַוואָפנטע אָרגאַניזאַציע. פאַרשטייט זיך, אַז צום בעסטן און צום זיכערסטן האָבן זיך יידן געפילט אין די אייגענע, יידישע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס[34]. וויפיל כעלעמער יידן זיינען אַריין אין די איינצעלנע גרופּן איז ניט פעסטגעשטעלט.

אַ פּרוי פון כעלם, אסתר באַס־מעלצער, וואָס האָט זיך געראַטעוועט אין וואַרשע, באַשרייבט אין אירע מעמואַרן: „אין די נעגל פון טויט״, מאָנטרעאַל, 1950, אין קורצע ווערטער אירע איינדרוקן ווען זי איז צוריקגעקומען קיין כעלם נאָך דער באַפרייאונג אין יאָר 1945. אין שטאָט זיינען געווען בלויז עטלעכע צוריקגעקומענע יידן, וואָס „זיינען באַגעגנט געוואָרן מיט אָפּגענעם האַס״ פון זייערע פּוילישע שכנים. דאָס גאַנצע שטעטל, מיט די אויסגעליידיקטע יידישע גאַסן, איז אין אירע אויגן ניט מער ווי „נאָר אַן אמתער בית עולם״. (ז׳ 47—48).

## תורה און לומדות אין כעלם

כעלם איז געווען אַ וויכטיקער יידישער קולטור־צענטער וואַרשיינלעך שוין אין 16־טן יאָרהונדערט. געשמט האָט די אַלטע כעלעמער שוהל. זקנים האָבן דערציילט וועגן איר, אַז זי איז אַלט 800 יאָר, ד.ה. אַז מען האָט זי געבויט אַרום יאָר 1.100. אין דער לעגענדע שטעקט אַ סך איבערטרייבונג, אָבער די שוהל איז באמת געווען אַ זעלטענע און נישט טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. דאָס איז געווען אַ בנין מיט צוויי זייטן פליגלען, געבויט לויטן מוסטער פון דער אַלטער קראָקאָווער שוהל. וואַרשיינלעך שטאַמט די כעלעמער שוהל פונעם 17־טן יאָרהונדערט. די כעלעמער שוהל ווערט אויספירלעך באַשריבן אין דעם אַרטיקל פון רחל ווישניצער: „מזרח־מערבדיקע בינדונגען אין דער שוהלן־אַרכיטעקטור פון צוועלפטן ביזן אַכצענטן יאָרהונדערט״, ייוואָ־בלעטער, באַנד 2[illegible] (194[illegible]), ז׳ 40—41. די כעלעמער ישיבה איז געווען באַרימט שוין אין 16־טן יאָרהונדערט. פון דעם 16־טן ביזן 19־טן יאָרהונדערט האָבן מיר אַ לאַנגע שורה פון רבנים און גדולי תורה, וואָס האָבן פאַרנומען דעם כסא הרבנות און גלייכצייטיק געווען

[33] אהרן איינבאַך: „די אויסראָטונג־פּאָליטיק פון די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען לגבי דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן אין פּעריאָד 1939—1945״, אין „בלעטער פאַר געשיכטע״ באַנד II (1949) ז׳ 46,41.

[34] יאָנאַס טורקאָוו: אין קאַמף פאַרן לעבן. בוענאָס איירעס. 1949. ז׳ 314—321.

ראשי־ישיבה אין כעלם. די שלשלת היחוסין פון די כעלעמער רבנים און לומדים איז אַן אימפּאָזאַנטע, הגם זי איז זיכער נאָך נישט קיין פולשטענדיקע. עס פעלן אין דער לאַנגער קייט פון רבנים, וואָס ציט זיך פון 16־טן יאָרהונדערט, עטלעכע רינגעלעך: וואַרשיינלעך זיינען עטלעכע ווייניקער באַרימטע רבנים ניט פאַרצייכנט געוואָרן אין די היסטאָרישע מקורים, אין די שו״ת, אין די הסכמות, און אַנדערע ווערק אָדער דאָקומענטן פון וועלכע מיר שעפּן אונדזערע ידיעות[35].

די ערשטע ידיעות וועגן כעלעמער רבנים שטאַמען פון די אַמטלעכע פּוילישע דאָקומענטן: ר׳ יהודה אהרן (1520—1522), ר׳ יודא (1550), ר׳ יעקב (1582), און זאָגן אונדז זייער ווייניק. קיין שום כאַראַקטעריסטיק פון די דאָזיקע רבנים אין די יידישע מקורים איז נישט בנמצא. דער ערשטער באַדייטנדיקער רב און ראש־ישיבה, וואָס ווערט דערמאָנט אין די יידישע מקורים, איז ר׳ שמעון אויערבאַך (געלעבט אין כעלם אין די יאָרן: אַרום 1510—1513). ר׳ שמעון האָט געשטאַמט פון אַ באַרימטער רבנישער פאַמיליע. זיין ברודער, ר׳ דוד טעבעלע איז געווען דער פאָטער פון ר׳ שמעון וואָלף אויערבאַך, וואָס איז געווען רב אין פּויזן און פּראָג. נאָך אים איז געוואָרן כעלעמער רב ר׳ שמעון זלמן, אַ תלמיד חכם. אַ בן־דור פון מהרש״ל, וועלכער דערמאָנט אים לשבח אין זיינע שו״ת (סי׳ ק״א).

אין דער צווייטער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט האָט געלעבט אין כעלם דער באַרימטער ר׳ אליה בעל־שם. ר׳ אליהו בר׳ יהודה אהרן איז געווען אַ תלמיד פון מהרש״ל. צוזאַמען מיט מהרש״ל האָט ער געחתמעט אויף פאַרשיידענע פּסקי־דינים בנוגע די ענינים פון די עגונות. ער איז געווען אַ גרויסער תלמיד חכם און ווערט דערמאָנט אין די שו״ת פון מהרש״ל (סי׳ מ״ב) און אין די „תשובות חדשות״, פון ר׳ יואל סירקעס (סי׳ ע״ז). ער האָט אָבער געשמט אויך ווי אַ גרויסער מקובל און בעל־נסים. אייניקע פון זיינע ניסים דערציילט זיין אייניקל ר׳ יהודה ליב הכהן אין דער הקדמה צום ספר „שער אפרים״ (דאָס בוך „שער אפרים״ האָט געשריבן ר׳ ליב כהנס פאָטער, ר׳ אפרים פון ווילנע). אָבער דער באַרימטסטער נס פון ר׳ אליה בעל־שם איז געווען דאָס שאַפן דעם גולם. דער באַרימטער ר׳ חכם צבי אשכנזי איז געווען אַן אוראייניקל פון ר׳ אליה בעל־שם; חכם צבי׳ס זון, דער באַרימטער ר׳ יעקב עמדין דערציילט אין זיין ביאָגראַפישן ווערק „מגילת ספר״ (אַרויסגעגעבן פון א. כהנא, וואַרשע 1896) וועגן דער מעשה פונעם גולם בזה הלשון: „פון ר׳ אליהו בעל־שם אונדזער עלטער־זיידע האָט מיר דערציילט מיין פאָטער, אַז ער האָט געמאַכט אַ גולם וואָס האָט אים געדינט, וואָס האָט אָבער נישט געקאָנט רעדן״. שפּעטער האָט מען אין דער פּערזענלעכקייט פון דעם באַרימטן בעל־שם אָנגעהאָפטן נאָך אַנדערע לעגענדעס.

דער בעל־שם פון כעלם איז געשטאָרבן אין יאָר 1583 אין זיין היימשטאָט. לויט אַ לעגענדע, וואָס ווערט איבערדערציילט פון ר׳ יוסף לעווענשטיין פון סעראָצק, האָט ער פאַרבאָטן צו שטעלן אויף זיין קבר אַ מצבה, בלויז געהייסן אָנוואַרפן דאָרט אַ הויפן שטיינער. דאקעגן דערציילט אַן אונגאַרישער יידישער אָפיציר, דר. דעזשע סאָנטאָ, וועלכער האָט אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געדינט אין כעלם, אַז ער האָט געזען דעם קבר פון ר׳ אליה בעל־שם מיט אַ מצבה, אָבער די אויפ־

[35] דר. שמעון מילנער האָט אין „געשיכטע פון די יידן אין כעלם״ צוזאַמענגעשטעלט אַ רשימה פון כעלמער רבנים. זיין רשימה איז אונדז זייער צונוצגעקומען, הגם זי פאַרמעגט געוויסע קליינע אומפּינקטלעכקייטן און בלויזן.

שריפט האָט מען שוין נישט געקאָנט לייענען. יעדנפאלס האָט זיך ר׳ אליה בעל־שם אויפגעשטעלט אן אייביקע מצבה אין דעם זכרון פון זיין פאָלק[36].

א צווייטער בארימטער רב אין כעלם איז געווען דער מהרש״א. ר׳ שמואל אליעזר בר׳ יודא הלוי, אָדער שמואל אידעלש, איז געווען איינער פון די בארימטסטע תלמוד־געלערנטע אין פוילן. צוערשט איז ער געווען ראש־ישיבה אין פּויזן, ווו זיין שוויגער, מרת אידעלש, האָט פאר אים געגרינדעט און געשטיצט די דאָזיקע ישיבה. נאָכן טויט פון זיין שוויגער איז זיך די ישיבה צעפאלן און מהרש״א, איז געוואָרן רב אין כעלם, ווארשיינלעך אין די יאָרן 1605—1615. דאן איז ער געווען אבד״ק אין לובלין און אָסטראָג (אוסטראהא) ווו ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1632 (כסלו שצ״ג). זיין נאָכפאָלגער אויפן כסא הרבנות איז געווען ווארשיינלעך ר׳ אליעזר פּערלעס.

אין אָנהייב 17־טן יאָרהונדערט איז געווען כעלעמער רב ר׳ יצחק בר׳ שמואל הלוי. ער איז געווען דער ברודער פון דעם בארימטן לעמבערגער רב, ר׳ דוד הלוי, וועלכן מען האָט גערופן דער „ט״ז״ (ראשי תיבות פון זיין בארימטן ספר „טורי־זהב״). ר׳ יצחק איז געווען צוערשט רב אין לודמיר, דאן אין כעלם, און איז פון כעלם אוועק אין יאָר 1627 (שפּ״ז), ווען ער איז באשטימט געוואָרן ראש־ישיבה אין פּויזן[37]. אין די דרייסיקער און פערציקער יאָרן פון 17־טן יאָרהונדערט איז געווען כעלעמער רב ר׳ משה בן מאיר קאצענעלבויגן. ער איז געווען צוערשט רב אין לובאָמל, דאן אין כעלם און שפּעטער אין מאָהילעוו און רייסן[38]. דעם כסא־הרבנות אין כעלם האָט איבערגענומען זיין זון ר׳ שאול קאַצענעלבויגן. אויך ר׳ שאול איז נישט לאנג געבליבן אין כעלם. ער האָט איבערגענומען דעם כסא־הרבנות אין בראָד, דאַן אין פּינטשעוו, און דאַן אין קראָקע[39]. ווייזט אויס, אז א געוויסע צייט האָט אויך געווירקט אין כעלם ר׳ מרדכי בר׳ בנימין וואָלף גינצבורג, וועלכער איז שפּעטער אריבער קיין בריסק דליטא[40].

עס ווייזט אויס, אז אין דער צווייטער העלפט פון 17־טן יאָרהונדערט בייטן זיך זייער אָפט די רבנים און ראשי־ישיבה אין כעלם. אפשר איז דאָס געווען א פּועל־יוצא פון די שווערע צייטן, וואָס זיינען געקומען אויף די חרובע פּוילישע שטעט נאָך די מלחמות פון די יאָרן 1648—1656. יעדנפאלס נאָך אין די 70-קער יאָרן הערן מיר נייע נעמען אויפן אַמט פון מרא דמתא, דאָס איז צוערשט ר׳ יקותיאל בר׳ הושע הכהן פון לובלין, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן רב אין לודמיר[41], נאָך אים ווערט

---

[36] ש. מילנער: דצ״ח, ז׳ 156. אן אויספירלעכע ביאָגראפיע מיט א סך לעגענדעס, וואָס זענען צוגעשריבן דעם ר׳ אליה בעל־שם, האָט פאַרעפנטלעכט: CHAIM BLOCH: Israel der Gotteskaemphfer. Der Baalsschem von Chelm und sein Golem. Ein Ostjüdisches Legendesbuch. Berlin, 1920.

[37] ש. מילנער: דצ״ח. ז׳ 156.

[38] ש. מילנער: ז׳ 156. ישראל טוביה אייזענשטאַט ; דעת קדושים, פּעטערסבורג, 1898. ז׳ 89 חיים דובעריש פריעדבערג : לוחות זכרון. דראָהאָביטש, 1897. ז׳ 59—60, פּוסנאַטע 38 ; Leopold Löwenstein: Index Approbationum (ספר ההסכמות) Frankfurt a. M. 1923. p. 110.

[39] מילנער: ז׳ 156; אייזנשטאַט: ז׳ 94; פרידבערג: ז׳ 59—60. לעווענשטיין: ז׳ 112.

[40] אייזנשטאַט: ז׳ 200; פרידבערג: ז׳ 38; חיים נתן דעמביצער: כלילת יופי. קראָקע, 1888, באנד II, ז׳ 72. דוב מגיד: ספר תולדות משפחת גינצבורג, ז׳ 214. ל. לעווענשטיין: ספר ההסכמות, ז׳ 67.

[41] מילנער, ז׳ 157; פרידבערג, ז׳ 59—60, נאָטע 38. מ. מ. ביבר: מזכרת לגדולי אוסטראה. בערדיטשעוו. 1907. ז׳ 142. „אוצר הספרות״ (רעדאק. פון גרעבער) באנד IV. (1892) ז׳ 237; לעווענשטיין: ז׳ 93.

כעלמער רב ר׳ הלל בר׳ יונה הלוי. שפּעטער איז ער געוואָרן רב אין ווילנע און איז דאָרט געשטאָרבן אין יאָר 1706. ער איז געווען דער אייניקל פון ר׳ אליעזר אשכנזי, דעם בעמ״ח הספר „מעלה ה״[42].

צוליב גענויקייט ווילן מיר דאָ פאַרנאָטירן א סברא, וואָס קלינגט אומווארשיינלעך און ווערט נישט באשטעטיקט פון אנדערע מקורים: נעמלעך, אז דער באקאנטער ר׳ יואל בעל שם, וועלכער האָט געלעבט אין זאַמאָשטש ארום סוף 17־טן און אָנהייב 18־טן יאָרהונדערט, האָט געשטאַמט פון כעלם[43]. אָבער וועגן יואל בעל שם זיינען א חוץ לעגענדעס און דערציילונגען פון זיינע ניסים פאראן אזוי ווייניק אמתע היסטאָרישע מאטעריאלן, אז מען מוז זיך באציען מיט פאָרזיכטיקייט צו אלע פרטים פון זיין ביאָגראפיע.

אין אָנהייב 18־טן יאָרהונדערט ווערט רב אין כעלם ר׳ מאיר בר׳ בנימין וואָלף פון לובלין, שפּעטער רב אין אַפּט און לובלין[44]. וואַרשיינלעך נאָך זיין אַוועקגיין קיין אַפּט איז געוואָרן כעלעמער רב ר׳ שמואל שמעלקע בהג״ג מרדכי מרגליות. ר׳ שמואל שמעלקע איז געווען „מנהיג ודיין בק״ק קראקא״ איידער ער איז געוואָרן רב אין כעלם. ער איז אויך געווען דער פארטרעטער פון גליל כעלם אין דעם וועד ד׳ ארצות און אין די זיצונג־פּראָטאָקאָלן פון וועד ארבע ארצות אין יאָר 1718 (מרחשון תע״חית, ביערסלב—יאראָסלאוו) איז פאַראן צווישן די אנדערע חתימות פון די עקזעקוטיוו־מיטגלידער אויך זיין אונטערשריפט[45]. מיט צוויי־דריי יאָר שפּעטער (1721—1722) ווערן דערמאָנט 2 אנדערע גדולי תורה און רבנים אין כעלם: ר׳ שלמה בר׳ שמחה הכהן ראפּאָפּאָרט[46] און ר׳ יהושע הערשל בר׳ מאיר[47]. אין דער זעלבער צייט ווערט אויך דערמאָנט דער רב צבי הירש בר׳ פּנחס זעליג. ער האָט אויך פאַרטרעטן דעם כעלעמער גליל ביי די זיצונגען אין וועד ד׳ ארצות אין ריטשעוואָל[48].

גענויערע פרטים וועגן דעם אָנטייל פון די כעלעמער חשובי־העיר אין דעם וועד ארבע ארצות און אין דעם וועד הגליל קאָן מען געפינען אין דעם בוך פון ישראל היילפּערין: „פּנקס ועד ארבע ארצות״, ירושלים, תש״ה. היילפּרין ברענגט אין זיין בוך (פג״ל דעם אינדעקס אויף ז׳ 617) מער ווי זעכציק פארשיידענע שטעלעס ווו עס ווערט דערמאָנט די כעלעמער קהילה אָדער די כעלעמער רבנים און פרנסים אין דעם ועד ד׳ ארצות אָדער אין ועד הגליל.

א בארימטער געלערנטער האָט פארנומען דעם כסא־הרבנות אין כעלם ארום דער העלפט פונעם 18־טן י״ה. דאָס איז געווען ר׳ שלמה בן משה, באַקאַנט אין דער געשיכטע פון העב־

---

[42] פרידבערג: ז׳ 38; מילנער: ז׳ 157; לעווענשטיין: ז׳ 72; שמואל יוסף פין: קריה נאמנה, ווילנע 1860. ז׳ 97. נח מגיד: עיר ווילנה. ז׳ 11.

[43] Zydzi w Polsce odrodzonej. Vol. I. p. 365.

[44] שלמה בובער: אנשי שם. קראקא. 1895. ז׳ 234, מילנער: דצ״ח. ז׳ 151. נ. ניסענבוים: לקורות היהודים בלובלין, לובלין, 1899, ז׳ 68; פרידבערג: לוחות זכרון, ז׳ 15, 91; לעווענשטיין: ספר ההסכמות, ז׳ 128; B. Wachstein: Die Grabinschriften des alten Judenfriedhofes in Eisenstadt. Wien, 1922. p. 89.

[45] ד. ווינריב: מחקרים בתולדות הכלכלה, ז׳ 15; פ. ה. ווטשטיין: לתולדות ישראל וחכמיו בפולין. תרס״ג, חלק ב׳, ז׳ 52.

[46] מילנער: דצ״ח, ז׳ 157. לעווענשטיין: דצ״ח, ז׳ 165. פרידבערג: דצ״ח, ז׳ 89. אייזענשטאַדט: דצ״ח, ז׳ 155.

[47] לעווענשטיין: דצ״ח, ז׳ 101.

[48] מילנער: ז׳ 158. פרידבערג: לוחות זכרון, ז׳ 89. לעווענשטיין: ז׳ 207.

רעאישער ליטעראַטור ווי ר' שלמה כעלמא, אָדער ווי דער בעל המחבר פון דעם ספר „מרכבת המשנה". געבאָרן אין זאַמאָשטש, איז ר' שלמה לאַנגע יאָרן געווען רב אין כעלם. דאַן איז ער געוואָרן דער רב הכולל פון זאַמאָשטש און אומגעגנט. און האָט גענומען אַן אַקטיוון אנטייל אין די זיצונגען פון דעם וועד המדינה אין בראָד. נאָך דעם טויט פון דעם לעמבערגער רב ר' חיים הכהן ראַפּאָפּאָרט, איז ר' שלמה געוואָרן לעמבערגער רב (אין יאָר 1771) און אָפּגעווען דאָרט 6 יאָר; דאַן האָט ער זיך געלאָזט פאָרן קיין ארץ ישראל. ער האָט האָט זיך אָפּגעשטעלט אין סאַלאָניקי, וווּ ער האָט פאַרענדיקט און געדרוקט דעם צווייטן און דריטן טייל פון „מרכבת המשנה", ווי אויך אַנדערע ווערק. ער איז געשטאָרבן אין סאַלאָניקי אין 1778. דאָס וויכטיקסטע ווערק זיינס הייסט: „מרכבת המשנה", פּלפולים וחדושים על הרמב"ם. דער ערשטער טייל איז אַרויס אין פראַנקפורט דאָודער אין יאָר 1751, דער צווייטער און דריטער טייל זיינען אַרויס אין סאַלאָניקי אין 1782. אין סאַלאָניקי איז אויך אַרויס אין יאָר 1777 א צווייט גרויס ווערק: „ג' חלקים גדולים בפלפול על הרמב"ם". ר' שלמה כעלמא איז אויך דער מחבר פון א בוך „שערי נעימה" וועגן דקדוק און ניגונים[49].

ר' שלמה כעלמא איז געווען איינער פון די ערשטע אָנזאָגער פון ראַציאָנאַליזם און השכלה צווישן די פּוילישע יידן. זיין מורה און מדריך איז שוין אין זיינע יונגע יאָרן געווען דער „מורה נבוכים" פון רמב"ם. א דאַנק דעם שטודיום פון רמב"ם, האָט ר' שלמה כעלמא געקראָגן אינטערעס און אָנגעהייבן שטודירן לאָגיק, אַסטראָנאָמיע און אַנדערע וויסנשאַפטן, באַזונדערס מאַטעמאַטיק, וואָס איז ביי אים ביי געוואָרן די באַליבטסטע וויסן־בראַנזשע. ר' שלמה כעלמא קעמפט מוטיק פאַר אַלגעמיינער בילדונג און פאַרפיינצטערטע", וואָס מיינען, אַז „אין בילדונג און אין די חכמות חיצוניות שטעקט אפיקורסות". ער ווייזט אויך אָן אויף דער באַדייטונג פון גראַמאַטיק: „ודקדוק הלשון ראש וראשון" זאָגט ער — „אָן דעם קאָן זיך א מענטש נישט רירן און קאָן נישט מצליח זיין אין זיינע לימודים"[50].

קיין ווונדער נישט, אַז שוין די ערשטע משכילים האָבן שטאַרק געהאַלטן פון ר' שלמה כעלמא און געזען אין אים דעם פּיאָנער פון השכלה אין יידישן לעבן. איינער פון די באַקאַנטסטע גאַליציַשע משכילים, יהודה לייב מיזעס (מיזיש), האָט אין זיין באַרימטן „קנאת האמת" (ווין, 1828) געמאַכט ר' שלמה כעלמא צו איינעם פון די הויפּט־פיגורן. דאָס ווערק איז געשריבן אין דער פאָרם פון דריי געשפּרעכן (דיאַלאָגן) „בעולם הנשמות" צווישן דעם רמב"ם און זיין הייסן חסיד, דער בעל „מרכבת המשנה", ר' שלמה כעלמא"[51].

אַרום 1760 איז געווען רב אין כעלם ר' חיים בר' יעקב. לויט ש. מילנער איז ער געווען דער מחבר פון א בוך „כוכבי יצחק"[52]. עס איז אונדז נישט געלונגען צו געפינען אין אונדזער וויסנשאַפטלעכער און ביבליאָגראַפישער ליטעראַטור קיין שום ווייטערדיקע פּרטים ניט וועגן ר' חיים און ניט וועגן זיין ווערק.

[49] ש. בובער: אנשי שם, ז' 207—209, 525. מילנער: ז' 158. ח. נ. דמביצר: כלילת יופי. קראָקא 1888—1893, חלק א', ז' 140. לעווענשטיין: ז' 174. ב. פרידבערג: בית עקד ספרים. אַנטווערפּען, 1928—1932, ז' 415. יצחק בן־יעקב: אוצר הספרים, ווילנה, 1877—1880, ז' 373.

[50] ישראל צינבערג: די געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן. ווילנע 1935. באַנד V. ז' 284—286.

[51] י. צינבערג: דצ"ח, באַנד VIII, טייל I, ז' 45.

[52] ש. מילנער: דצ"ח, ז' 158.

אין די 70־קער יאָרן איז געווען כעלעמער רב דער שפּראַצלינג פון א באַרימטער פאַמיליע פון קדושים און גדולי תורה, ר' יצחק בר' מרדכי הלוי פון לעמבערג. ער איז געווען דער אייניקל פונעם קדוש ר' יהושע רייצעס פון לעמבערג. ווי באַקאַנט, זיינען די ברידער חיים און יהושע רייצעס פאַרפּייניקט געוואָרן על קידוש השם אין לעמבערג אין יאָר 1728. ר' יצחק איז צוערשט געווען רב אין לעשנאָ, דאַן אין כעלם[53]. שפּעטער איז ער געוואָרן רב הכולל אין קראָקע און אומגעגנט.

וועגן דעם רב ר' הירש בר' יוסף (הירש יאָזעפאָוויטש) האָבן מיר שוין דערמאָנט ביי אַן אַנדער געלעגנהייט. (זע I קאַפּיטל).

איינער פון די לעצטע גרויסע רבנים אין כעלם, אין 18־טן יאָרהונדערט, איז געווען ר' שאול בר' מאיר מרגליות. ער איז געווען צוערשט רב אין קאַמאַרנאָ, דאַן אין לובלין און, וואַרשיינלעך, ערשט צום סוף פון 18־טן י"ה געקומען קיין כעלם[54].

ר' יצחק בר' יוסף איז געווען רב אין כעלם א קורצע צייט אין זיינע יונגע יאָרן. ער האָט געשטאַמט פון זאַמאָשטש, וווּ זיין פאָטער האָט פאַרנומען דעם כסא הרבנות דורך 35 יאָר. זיין פאָטער, ר' יוסף בר' יעקב יצחק, איז געווען א גרויסער תלמיד־חכם; זיין הויפּט־ווערק איז געווען „משנת חכמים" (לעמבערג, 1792), מיט דעם אונטערטיטל: „באורים בפסוקים הראשונים, על ענין איזה מצוות הן מן התורה ואיזה מדברי הסופרים עם פלפולים על לשונות הפוסקים". שפּעטער האָט ער אַרויסגעגעבן נאָך צוויי ביכער: „באור דברי הקדמונים הבה"ג והרמב"ם והרמב"ן" און א „באור על ספר המדע להרמב"ם"[55]. ווייזט אויס, אַז אויך ר' יוסף בר' יעקב האָט, ענלעך ווי ר' שלמה כעלמא, אָנגעהייבן זוכן נייע ראַציאָנאַליסטישע געדאַנקען און האָט געפונען א וועגווייזער אין רמב"ם. נאָך זיין טויט, האָט זיין זון יצחק פאַרלאָזן כעלם און איבערגענומען דעם כסא־הרבנות אין זאַמאָשטש.

אין 19־טן יאָרהונדערט דערמאָנט שמעון מילנער די כעלעמער רבנים, ר' יוסף קעזיס (שפּעטער געווען רב אין יאַנאָוו) און ר' אריה לייב נייהויז.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די שטאָט כעלם האָט געמוזט זיין א מקום־תורה און א וויכטיקער קולטור־צענטער אין דעם 16, 17 און 18־טן יאָרהונדערט. די אימפּאָנירנדיקע רשימה פון די רבנים און גדולי־תורה רעדט שוין פאַר זיך. די כעלעמער רבנים און ראשי־ישיבות זיינען געקומען קיין כעלם פון די וויכטיקסטע און גרעסערע קהילות אין פּוילן אָדער האָבן פון כעלם זיך אַריבערגעטראָגן אויף אַנדערע וויכטיקע אמטן. דאָס באַווייזט, אַז דער כסא הרבנות און די כעלעמער ישיבה האָבן געהאַט אַ חשובן נאָמען אין דער יידישער וועלט. אויך די מאָדערנע בילדונג און השכלה

[53] ל. לאַנדסהוט: תולדות אנשי שם. בערלין, 1884, ז' 118. דמביצר: דצ"ח באַנד I. ז' 135. בובער: אנשי שם, ז' 305. לעווענשטיין: דצ"ח, ז' 8, 81.
מילנער: דצ"ח, ז' 158 מיינט אַז ר' יצחק איז געווען רב אין כעלם אין די יאָרן 1749—1758, דאָס איז אָבער אוממעגלעך. וואַרשיינלעך איז ער געווען אין כעלם מיט 20 יאָר שפּעטער. אויך לעווענשטיין האָט א טעות בנוגע ר' יצחק: ער ציטירט צוויי באַזונדערע ר' יצחק'ס (אויף ז' 78 און 81) און זייערע הסכמות, וואָס דאָס איז, אין דער אמתן, איינער און דערזעלבער ר' יצחק הלוי.

[54] ש. ב. ניסנבוים: דצ"ח, ז' 91. בובער: אנשי שם, ז' 503. ביבר: מזכרת לגדולי אוסטראה ז' 200. מילנער: דצ"ח, ז' 158. לעווענשטיין: דצ"ח, ז' 126.

[55] מילנער: דצ"ח, ז' 158; לעווענשטיין, ז' 56; יצחק בן יעקב: דצ"ח, ז' 385.

איז גענוג פרי אריינגעדרונגען קיין כעלם און אייניקע פון די גייסטיקע פירער פון כעלם געהערן צו די וויכטיקע פארטרעטער פון פּאָרטשריט און השכלה אין יידישן לעבן אין פוילן ביים סוף פון 18-טן יאָרהונדערט.

ליידער זיינען מיר זייער ווייניק אינפאָרמירט וועגן דער געשיכטע און קולטור פון די כעלעמער יידן אין 19־טן יאָרהונדערט. אויך די געשיכטע פון דער כעלעמער קהילה אין אומאָפּהענגיקן פוילן איז נאָך א קרקע בתולה. דאָס קולטורעלע לעבן אין כעלם צווישן די ביידע וועלט מלחמות איז, פארשטייט זיך, געגאַנגען שוין אויף אנדערע רעלסן, ווי אין די צייטן פון דער אלטער פּוילישער מלוכה. עס זיינען אנטשטאַנען מאָדערנע שולן און א פּויליש־העברעאישע גימנאַזיע. עס זיינען דערשינען וואָכן־ צייטונגען. אַ יונגער כעלעמער פילאָלאָג, משה לערער (שפּעטער לייטער פון ייוואָ־אַרכיוו אין ווילנע, אומגעקומען אין אַ דייטשן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין נאַרווע, עסטאָניע) האָט אָנגעהויבן שטודירן דעם כעלעמער יידישן לשון און פאָלקלאָר און פּאַרעפנטלעכט וועגן דעם עטלעכע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן[56].

## כעלעמער יידן אין יידישן פאָלקלאָר

כעלם האָט אין יידישן פאָלקלאָר באקומען א שם פון א שטאָט פון נאַראָנים. „כעלעמער מעשיות" זיינען געוואָרן א באליבטער שטאָף פון יידישן פאָלק־הומאָר און עס זיינען פאראן צענדלינגער ביכער, אייניקע פון זיי אין מערערע אויסגאַבעס, וואָס באהאַנדלען דעם דאָזיקן שטאָף אין די פארשיידנסטע וואַריאַנטן. פון וואַנען נעמט זיך עס, אז א שטאָט, וואָס האָט דווקא געשמט פון לומדות און תורה, איז געוואָרן צום ציל פון שפּאָט און פאָלק־הומאָר? עד היום איז נאָך נישט אויסגעפאָרשט געוואָרן וויסנשאַפטלעך, ווי אזוי עס איז געקומען דערצו. איינס איז אָבער זיכער: די א.ג. „כעלעמער מעשיות" האָבן נישט קיין שום רעאַלע אונטערלאַגע אין היסטאָרישע פאַקטן. די דאָזיקע מעשיות וועגן נאַראָנים זיינען א וואַנדערדיקע סחורה, אן אינטערנאַציאָנאַלער אוצר פון פאָלקלאָר, וואָס וואַנדערט פון פאָלק צו פאָלק, פון גאָר אלטע צייטן, ווייניקסטנס פון עטלעכע יאָרהונדערטער. עס ווערן בלויז געביטן די געאָגראַפישע נעמען און די פערזאָנען, צום טייל אויך די נעמען פון אינסטיטוציעס, אזוי צ״ב ווערט די באַרימטע מעשה וועגן דער כעלעמער שוהל, און וויאזוי מען האָט זי געבויט, דערציילט שוין א סך פריער וועגן „נאַראָנים־שטעט" אין ענגלאַנד (גאָדהעם, בעלמאָנט, אָדער דייטשלאַנד (שילדא), נאָר דאָרט האַנדלט זיך וועגן א קירך אָדער א ראַט־הויז.

„נאַראָנים־שטעט" ווי א באליבטער אָביעקט פון פאָלק־הומאָר, געפינען מיר ביי פארשיידענע פעלקער און אין פארשיידענע צייטן. לאָמיר בלויז ארויסנעמען אייניקע פון די מער־באַקאַנטע ביישפּילן. אין אלטן גריכנלאַנד האָט געשמט פאר א נאַראָנים־שטאָט די שטאָט אבדערא (Abdera). ווי א נאַראָנים־לאַנד האָט געשמט בעאָטיע (Beothie). איבעריק צו זאָגן, אז קיין פאַקטישע גרונד־לאַגע איז פאר אזא אָפּשאַצונג וואַרשיינלעך נישט געווען. גראָד

[56] משה לערער: „וואָקאַבלען פון כעלעם". אין „יידישע פילאָלאָגיע", באנד I (1924) ז' 241; „מאַטעריאַלן פאר א כעלעמער אידיאָטיקאָן", אין „פילאָלאָגישע שריפטן", ייוואָ, ווילנע, באנד I (1926) ז' 201—206, באנד II (1928) ז' 490—491. „אַן אמאָליקע יידישע חתונה אין כעלעם", אין „יידישע פילאָלאָגיע", באנד I ז' 392—394.

וועגן משה לערער אין געטאָ און זיין אומקום זע אין: ש. קאַטשערגינסקי: חורבן ווילנע, ניו־יאָרק, 1947, ז' 200.



פון אַבדעראַ שטאַמט א באַרימטער גריכישער פילאָזאָף, דעמאָקריטאָס.

אין ענגלאַנד האָט שוין אין 15־טן יאָרהונדערט געשמט אלס די שטאָט פון נאַראָנים (The City of Fools) דאָס דאָרף גאָדהעם (Gotham) אין דער גראַפשאַפט נאָטהינגהעם (Nottingham) א בוך גאָדהעמער מעשיות איז דערשינען אין דרוק שוין אין 16־טן יאָרהונדערט. אנדערע נאַראָנים־שטעט אין ענגלאַנד זיינען געווען: בעלמאָנט, קאַגעסהאָל (אין עסעקס), אוסטוויק (אין יאָרקשער) און אויך די נאַראָנים פון די גראַפשאַפטן סופאָק און נאָרפאָק (Suffolk, Norfolk) אין האָלאַנד האָט געשמט קאַמפּען ווי א נאַרן־שטאָט.

די גרעסטע צאָל נאַראָנים־שטעט און נאַראָנים־מעשיות האָט געהאַט דייטשלאַנד. מיר וועלן אויפציילן דאָ בלויז די סאַמע וויכטיקסטע: שילדאַ (אָדער שילדבורג) ביי טאָרגאַו; טעטעראָוו אין מעלקעמבורג; שעפּענשטעדט אין ברוינשווייג; בוקסטעהודע ביי האַמבורג; פּירנאַ אין זאַקסן; איגלאַו אין מעהרען (יעמאָלט האָט מעהרען געהערט צו עסטרייך) אא״וו. פאר אונדז זיינען די דייטשע מעשיות וועגן נאַראָנים־שטעט באַזונדערס וויכטיק, ווייל אַמוואַרשיינלעכסטן זיינען זיי פון דאָרט אריבער אין יידישן פאָלקלאָר. שוין אין יאָר 1558 האָט דער באַרימטער דייטשער „שוסטער און פּאָעט דערצו" האַנס זאַקס אָנגעשריבן א וויציקע פּיעסע („שוואַנק") וועגן די „לאַפּענהויזער פויערים"; ער ברענגט דאָרט פארשיידענע מעשיות, וואָס זיינען שפּעטער דערציילט געוואָרן ביי יידן וועגן כעלעמער נאַראָנים. אין דעם זעלבן יאָרהונדערט איז אויך דערשינען אין דייטשלאַנד דאָס באַרימטע פאָלקס־בוך וועגן די „לאַלענבורגער" (ד.ה. די „שילדבורגער"), וואָס איז באַלד געוואָרן אויסערגעוויינטלעך פּאָפּולער אין מיטל־ און מזרח־אייראָפּע. שוין אין יאָר 1597 איז דערשינען די ערשטע יידישע איבערזעצונג פון די דאָזיקע מעשיות אונטער דעם טיטול: „שילדבורגער זעלצאַמי און' קורצווייליגע גישיכט"[57].

אלזאָ אריין זיינען די נאַראָנים־מעשיות אין יידישן פאָלקלאָר מיט דעם נאָמען „שילדבורגער־מעשיות". ווען זיינען פון דעם געוואָרן „כעלעמער מעשיות"? אויף דעם איז נאָך אין אונדזער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור קיין ריכטיקער ענטפער נישטאָ. עס איז באַקאַנט, אז אין 19־טן יאָרהונדערט האָבן אויך אנדערע יידישע קהילות געשמט פאר נאַראָנים־שטעט, אזוי צ.ב. האָט געשמט פאר א נאַראָנים־שטאָט די יידישע קהילה אין פּויזן[58]. מיט דער צייט האָט זיך אָבער דער גאַנצער שטאָף פון די נאַראָנים־מעשיות קאָנצענטרירט ארום כעלם. צום ערשטן מאָל זיינען עטלעכע כעלעמער מעשיות געדרוקט געוואָרן וואַרשיינלעך אין יאָר 1867. אין א קליין ביכעלע פון 32 זייטלעך, וואָס איז ארויס, אַנאָנים, אין ווילנע, ביי אברהם יצחק דוואָרזשעצקי, א.ד.ט. „בלי־צענדע וויצן אָדער לאַכפּילען", איז פאראַן א קאַפּיטל: „די חכמות פון איינער געוויסן שטאָט ח." נח פּרילוצקי מיינט, אז דער מחבר פונעם אַנאָנימען ביכל איז, לויט אלע סימנים, אייזיק מאיר דיק[59].

אין 20־טן יאָרהונדערט איז זיך די ליטעראַטור פון „כעלעמער מעשיות" שטאַרק צעוואַקסן. כדי צו געבן א באַגריף וועגן איר, ברענגען מיר דאָ א ביבליאָגראַפישע רשימה פון די וויכטיקסטע

[57] י. צינבערג: דצ״ח, באנד VI, ז' 395. N. Ausübel: l.c.p. 320.

[58] H. Löwe: l.c.p. 52.

[59] „זאמלביכער פאר יידישן פאָלקלאָר". וואַרשע, 1917, באַנד II, ז' 202—203.

פובליקאציעס, הגם דאָס איז נאָך נישט קיין פולשטענדיקע ביב־ליאָגראַפיע.

## א) ביכער און ארטיקלען אין יידיש און העברעיש


1. באסטאמסקי, ש.: מעשהלעך וועגן כעלמער נאראָנים, געזאמלט פון ש. באסטאמסקי.
העפט 1 ווילנע, 1938. 16 ז׳, פארלאג „גרינינקע ביימעלעך"
" 2 " 1940. 16 " " " "
" 3 " 1940. 16 " " " "

2. בליצענדע וויצן אָדער לאַכפּילען. דפוס אברהם יצחק אוארזעצקי: ווילנא תרכ״ז, 32 ז׳.

3. בן־מרדכי (מישקין): כעלעמער חכמים, געקליבענע מעשה'לעך. צוזאמענגעשטעלט און איבערזעצט פון בן־מרדכי. אילוסטריראַציעס פון עוועלין בלומגאַרדען.
Hebrew Publishing Company, New York, 1933. 124 p.
*) אן אנדער אויסגאבע א.ד.ט. „כעלעמער נאראָנים", דערשינען, 1929, אין דעמזעלבן פארלאג.

4. דרויאנוב, א.: ספר הבדיחה והחידוד. תל־אביב. תרצ״ו. באַנד II. ז׳ 1—66.

5. גלאַטשטיין, יעקב: יאָסל לאָקש פון כעלם. מחמדים-פארלאג, ניו־יאָרק. 1944. 48 ז׳ און מוזיק־נאָטן. מוזיק: הענעך קאָן, צייכענונגען: ישראל ליכטענשטיין.

6. הילפרין פ.: חכמי חלם. בדיחות והלצות עממיות. מעובד לבני הנעורים ע״י פ. הילפרין. ווארשע. תרפ״ז. מצויר ע״י ש. פיגנבוים.

7. סיימאָן, שלמה: די העלדן פון כעלם. פארלאג „מתנות. ניו־יאָרק. 1942. 151 ז׳. צייכענונגען: יצחק ליכטענשטיין.
*) פג״ל ווייטער נר. 22.

8. פרילוצקי, נח, רעדאקטאָר: זאמלביכער פאר יידישן פולקלור, פילאָלאָגיע און קולטור־געשיכטע. ווארשע, 1917.
*) וועגן כעלמער חכמים און כעלמער מעשיות: באנד I נר. 491—499, באנד II ז׳ 187—210.

9. קיפניס מנחם: כעלעמער מעשיות. ש. צוקער, ווארשע 1930. 157 ז׳.
*) פריער א סעריע ארטיקלען אין „היינט" 1923—1924.

10. ראבניצקי, י. ח.: יידישע וויצן. געזאמעלט און באַאַרבעט פון י. ח. ראווניצקי. „מוריה", בערלין תרפ״ג (2־טע אויפלאגע).
*) ז׳ 199—207 „חעלמער נארען".

11. י. י. טרונק: כעלעמער חכמים אָדער יידן פון דער קלוגסטער שטאָט אין דער וועלט. פאַרלאַג יידבוך. בוענאָס איירעס, 1951, 342 ז׳. צייכענונגען פון יחזקאל שלאס.

12. וואָלף מערקור: די וועלט אין כעלם. א סעריע געגראַמטע כעלעמער מעשיות, געדרוקט אין טאָג, ניו־יאָרק, פון דעצעמבער, 1950 ביז פעברואר 1951 (אין די זונטאָג־נומערן).


## ב) אין אנדערע שפראכן.

(די רשימה נעמט אויך אריין איניקע יסודותדיקע ביכער וועגן ניט־יידישע נאראָנים־שטעט).


11. Ausuebel, Nathan: *A Treasury of Jewish Folklore.* Crown Publishers, New York, 1948. 741 p.
* The Wisdom of Chelm: p. 3, 320-321, 326-342.

12. Bloch, Chajim: Die Schwaenke des XVI Jahrhunderts. Leipzig, 1879.

13. Gedecke, Karl: *Die Schwaben in der Geschichte hunderts.* Leipzig, 1879.

14. Keller, Albert: *Die Schwaben in der Geschichte des Volkshumors.* Friedberg, 1907.

15. Loewe, Heinrich: *Schelme und Narren mit juedichen Kappen.* Weltverlag. Berlin, 1920. 66 p.

16. Mendelsohn, Felix S.: *Let Laughter Ring.* Compiled and retold by F. Mendelsohn. Philadelphia, 1941. Jewish Publication Society. p. x and 240.

17. Olsvanger, Immanuel: *Royte Pomerantzen.* Schocken Books, New York, 1947. 201 p.

18. Olsvanger, Immanuel: *L'Chayim.* Schocken Books, New York. 1949. 192 p.

19. Panier, Karl, editor: *Das Volksbuch von den Lalenbuergern.* Leipzig. Reclams Universalbibliothek No. 6642-6643.

20. Pauli, Johannes (Bolte, editor): *Schimp und Ernst.* Berlin, 1924.

21. Schiffer, Benjamin Wolf: *Jued. Witze aus Galizien und Chelmer Anekdoten,* in "Am Urquell", Vol. III. (1892). p. 29 ff.

22. Simon, Salomon: *The Wise Men of Helm and Their Merry Tales.* Behrman House, New York, 1949.

23. Spitz, Leon, rabbi: *Chelm — The City of Fools.* A Humorous Chapter of Jewish Folklore, in "The American Hebrew", New York, May 3, 1940. p. 8 and 13. אין דעם ארטיקל זיינען פאראן עטלעכע געאָגראַפישע און היסטאָרישע אומפּינקטלעכקייטן.


באמערקונג:

איך וויל זאָגן א האַרציקן דאנק פריינד יצחק ריבקינד (RIVKIND), ביבליאָטעקאַר אין יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו־יאָרק, פאר זיין איבערגעגעבענער און פריינדשאפטלעכער הילף ביים אויפזוכן די מאַטעריאַלן פאר דער דאָזיקער ארבעט. איך פיל מיך אויך פארפליכטעט צו די פריינד דר. מ. ווײַנרייך און דר. מ. קאַסאָווער, פאר זייערע ווערטפולע ביבליאָגראַפישע אָנווייזונגען.

# לקורות היהודים בחעלם

(פ׳ לובלין)

## דר. שמעון מילנער

ער איז געבאָרן אין יאָר 1882 און איז נפטר געוואָרן אין ניו־יאָרק, אין יאָר 1952. מען קאָן זאָגן — און דאָס וועט ניט זיין איבערגעטריבן — דאָס ער האָט, אין אינטעלעקטועלן זין, די גרעסטע פאַרדינסטן פאַר כעלם. דען ער איז געווען דער ערשטער און דער איינציקער, וואָס האָט אָנגעשריבן (אין העברעאיש) די געשיכטע פון אונדזער שטאָט און ער איז דאַן בסך־הכל אלט געווען נישט גאנצע 20 יאַר. דאָס איז געווען זיין זייער אינטערעסאנטע ארבעט (וואָס איז שפּעטער ציטירט געוואָרן דורך פארשידענע ענציקלאָפּעדיעס): לקורות היהודים בחעלם" (דערשינען אין יאָר 1902 אין „המאסף" פון פּעטערבורגער „המליץ", אונטער דער רעדאקציע פון לעאָן ראַבינאָוויטש).

ס׳איז לייכט צו זאָגן אָנשרייבן די געשיכטע פון די יידן אין כעלם. אויף דעם געביט האָבן דאַן עקסיסטירט אזעלכע מאָנאָגראַפּיעס ווי דעמביצער׳ס וועגן קראָקע, שלמה דובער׳ס וועגן לעמבערג און אין דער זעלבער צייט, ווי דר. שמעון מילנער׳ס ארבעט וועגן כעלם, איז דערשינען שלמה ברוך ניסענבוימס בוך „לקורות היהודים בלובלין". אָבער אין די אלע שטעט זיינען געווען מיגלעכקייטן צו שאַפן אזעלכע אַרבעטן, וועגן זיי איז שוין פריער געשריבן און שטודירט געוואָרן, ס׳איז געווען מאטעריאל. בנוגע כעלם האָט מען אלץ געדארפט זוכן און גריבלען אליין. ס׳איז אפילו אין כעלם נישט געווען א פּינקס. דר. שמעון מילנער, אלס א יונגער יינגל נאָך, פלעגט פאַרברענגען גאַנצע טעג אויף דעם כעלעמער בית־עולם, אויסגראָבן אלטע מצבות, טאַפּן מיט די פינגער זיינע די כמעט אָפּגעריבענע אותיות, און אויף אזא אופן האָט ער צונויפגעשטעלט א גאנצע רייע מצבות, וואָס האָבן געדינט צו דער היסטאָרישער אָריענטאַציע וועגן דער שטאָט כעלם. ער האָט דאַן אפשר אליין נישט געוווסט וואָס פאר א ביישטראָג ווערט דורך אים געמאַכט פאַר דער וויסנשאַפט פון „עפּיטאַפּיעס" (פון מצבות), וואָס פאַרנעמט אזא גרויסן פּלאַץ אין די פאָרשונגען פון די געשיכטע און אז זיינע כעלעמער מצבות־פאָרשונגען וועלן שפּעטער ציטירט ווערן אפילו דורך דער ענגליש־יידישער ענציקלאָפּעדיע.

דר. שמעון מילנער איז געווען דער ערשטער כעלעמער, וואָס איז אוועק לערנען אין אויסלאנד, און ער איז געווען סטודענט אין דעם באַרימטן בערנער־אוניווערס׳טעט, פון וואַנעט ס׳איז ארויס אזא גרויסע פּלעיאַדע פון יידישע שריפטשטעלער, דיכטער, געלערנטע, געזעלשאפטלעכע טוער, צווישן זיי די באַקאַנטסטע בויער פון ישראל און פון דער אויפגעלעבטער העברעאישער שפּראַך. דר. שמעון מילנער האָט פאַרעפּנטלעכט אָן א צאָל ארטיקלען אין „המליץ", שפּעטער — אין אנדערע העברעאישע צייטונגען. ער איז געווען אין די יאָרן 1910 און 1911 דער הויפּט־רעדאַקטער פון דער טעגלעכער צייטונג „אונזער לעבן" אין וואַרשע. אין 1913 איז דערשינען זיין בראָשור געווידמעט דעם עלפטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ווין. און דאָ ווילן מיר צוגעבן, אז ער איז געווען נאָך א דעלעגאַט אויף דעם זעקסטן באזעלער־קאָנגרעס אויף דעם אוגאַנדאַ־קאָנגרעס, און ער האָט געהערט צו די 177 „ניין־זאָגערס" וועגן וועלכע אחד־העם האָט אָנגעשריבן זיין באַרימטן: „הבוכים".

דר. שמעון מילנער האָט זיך שפּעטער געווידמעט דעם גרויסן אַמסטערדאַמער פילאָסאָף, אונדזער ברוך שפּינאָזא. מען קאָן זאָגן אז שפּינאָזא איז געוואָרן א הויפּט־ציל אין זיין לעבן און אז ער האָט פארנומען דעם פּלאַץ פון דר. שלמה רובין, וואָס האָט אזוי פּאָפּולאריזירט שפּינאָזאַ׳ן. דר. שמעון מילנער האָט ארויסגעגעבן און אליין געשריבן גרויסע און אינטערעסאנטע ווערק וועגן ברוך שפּינאָזא (אין ענגליש) און ער האָט זיך גערעכנט אין אַמעריקע פאר איינעם פון די בעסטע קענער פון דער פּראָבלעם. ער איז געווען דער גרינדער פון „שפּינאָזא־פאנדיישין", וואָס איז געוואָרן אַן אינטערנאַציאָנאלע אינסטיטוציע און האָט אירע אָפּטיילונגען אין דער גאָרער וועלט; ער איז געווען דער פּרעזידענט פון דעם „שפּינאָזאַ־מוזייאום" אין האַאַג און ריינסבורג (ביידע אין האָלאַנד) און איז גערופן געוואָרן צו דעם פּאָסטן דורך דער רעגירונג, און ער איז געווען רעדאַקטער פון פילאָסאָפישן זשורנאַל.

ס׳איז באמת אַ מערקווערדיקע דערשיינונג. אונדזער שמעון מילנער פון כעלם — און ברוך שפּינאָזא פון אמסטערדאַם — האָבן זיך געטראָפן אויף דעם גרויסן און לאַנגן וועג פון דעם יידישן געדאַנק.

• • •

היות דער ספר „לקורות היהודים בחעלם" פון ד״ר שמעון מילנער איז א היסטאָריש ווערק פון א גרויסן באַטייט, דערייבער פאַרעפּנטלעכן מיר און מיר דרוקן עס אין זיין אָריגינאַל, אין דער העברעאישער שפּראַך, אזוי ווי עס איז געשריבן געוואָרן דורכן מחבר.

זמן התחלת ישוב אחב״י בעיר חעלם קדום הוא מאד, כי זה לפני שבע מאות שנים היו יהודים בחעלם, כנראה מן המצבה משנת ח׳ הנמצאה בבית העלמין שבעיר ההיא[1], וידידי הרה״ג ר׳ יוסף לעוונשטיין האב״ד דק״ק סעראצק נ״י הודיעני באחד ממכתביו אלי כי ר׳ חיים בשו״ת „אור זרוע" יזכיר כי „היו יהודים בק׳ חעלם ובק׳ וולאדימיר", והגאון ר׳ חיים אור זרוע חי בסוף האלף החמישי, ומזה נוכח לדעת כי היו יהודים בחעלם עוד בסוף האלף החמישי.

והיהודים המה לפ״ד מאלה שנגרשו מקיוב בערך שנת 1120 ע״י הנסיך וולאדימיר מאנאָמאך, אשר כפי הנודע התישבו כלם בארץ פולין וליטא, ועוד יוכל היות כי היהודים הפלטים מרודפיהם בימי מסעי הצלב בבעהמן ואונגאריא התישבו בארץ פולין הקרובה והשקטה, ומשם התפשטו ובאו גם אל העיר חעלם.

כבר ידוע לכל קוראי הימים לעמים בפרט ולישראל בכלל, כי מצב היהודים בערים אשר היו תחת ממשלת פולין היה יותר

[1] את המצבה הזאת לא ראיתי, אך זקני העיר וביניהם גם ראש חברה הקדישא הגידו לי על אדותיה.



טוב לפעמים ממצבם בארצות אחרות. גם מדברי גאונינו בשו״ת שלהם נקל לדעת כי טוב היה מצב היהודים בפולין. למשל: בשו״ת „משא בנימין" (סימן פ״ו) דברים נכבדים מאד ליחס עם הארץ אל היהודים וז״ל: „נכרים שואלים מישראל מלבושים ותכשיטים ביום חגיהם לובשים אותם בשעה שהולכים לבית תפלתם ואחרי כן מחזירים אותם". הדברים האלה כתובים בסוף המאה השש עשרה ודבריו מוסבים על פולין וגאליציא[2].

וגם המ״א בשו״ת שלו ועוד גאונים רבים מרבים לספר ע״ד המצב הטוב של היהודים בפולין.

גם בעיר חעלם היה מצב היהודים טוב, כי משנת 1569 מזמן ה„אוניא הלובלינית", החלו הפולנים והאוניאטים להרע את הרוסים וישרפו את בתי תפלתם ואין קץ להצרות אשר סבלו הרוסים יושבי ארץ פולין בעת ההיא.

בימים ההם נתנו הפולנים ליהודים, יושבי עיר חעלם, את מפתחי בתי התפלות לרוסים, והיהודים היו אז מושלים עליהם, ועל

[2] עיין בס׳ „לקורות היהודים בליטא, פולין ורוסיא" להח׳ כ״ץ.


ד״ר שמעון מילנער

הרוסים והכהן הרוסי היה לקנות כל צרכם אצל היהודי ולשלם בעדם כפי שידרוש היהודי; והכמרים וכל הרו־סים המקומיים לא יכלו ל־טחון קמח בבית הריחים שלהם, כי אם בבית הריחים של היהודים. ואם כמר רוסי הרהיב עז בנפשו ויקנה לו מאכלים או בגדים אצל אחר ולא אצל יהודי, צריך היה הכמר הרוסי לשלם ליהודים כסף־ענושים[3]).

בשנת 1648 בא צורר ה־יהודים באָגדאַן כמלניצקי ויצל על העיר חעלם, ואנשי העיר לא חפצו להכנע לפני באָגדאן וחילו הרב והחזק; אך הוא בגבורתו ובחילו הרב שבר את חומות העיר, ויבוא העירה ויהרוג את כל יושביה לפי חרב וביניהם את כל היהודים. ואלה המה דברי בעל „טיט היון" על אדות ההרגה הזאת: „ומשם (מוולאדאווה) הלך לק"ק חעלם ושם אדבע מאות בני ישראל ונהרגו כלם" עיי"ש; ובקינת ר' שלמה בלאנג ז"ל בספרו „ספר חיים" (דפוס הנובר תרל"ה 1875 צד 329) על הרוגי ת"ח יזכיר גם את הרוגי עיר חעלם וז"ל: „אל מלא רחמים הוא יפקיד ברחמים העצומים הנפ־שות הקדושות והתמימים... קהלות קדושות שמסרו נפשם על קדושת השם, כעולה וכחחטאת וכאשם, בעלי תריסין חכמי חרשים, בחורים ובתולות טף ונשים: בקהלה המפוארה ק"ק לובלין, ונהר־גו שמה תלי תלין, שבת משוש חדוה וגילין, נפשם בטוב תלין: הנמלטים מחרבות השיגום בק"ק קורבא[4] האכזרים, והרגו זקנים נשים ואנשים בתולות ובחורים, שפכו דמם כמים המוגרים: הבט משמים וראה שוכן מעונים, הנהרגים בליטא ובוואָלין דשנים ורע־נים, בקאוולי ובגליל חעלם הרגו המונים המונים, חסידים ותמי־מים, אבות ובנים:" וכו' עיי"ש[5], ומעיר חעלם הלך באָגדאן עם חילו אל העיר זאמושץ הסמוכה לה, ויהרוג את יושביה, ומשם הלך אל הערים הסמוכות לה „ויהרוג וישמד ויאבד יהודים רבים בעיר טאַמאַשוב, שברשין והרבשוב"[6].

בית הכנסת שבעיר חעלם ישן הוא מאד, ולפי המסורה יעמוד על תלו זה שמונה מאות שנה; ואמנם לפני שש מאות שנה כבר ישבו יהודים בעיר חעלם כפי שהזכרתי, ויש לשער כי ביהכ"נ נבנה בראשית התישבות היהודים.

גם אור התורה נגה על היהדות בעיר חעלם עוד בימי המהרש"ל, ורבנים וגאונים מפורסמים ישבו שמה על כסא ההוראה. ובימי המהרש"ל היו ישיבות גדולות בעיר חעלם, אשר בהן הרביצו תורה והעמידו תלמידים גדולי עולם, והיו רבנים רבים ראשי הישיבות שמה כמו ר' שמעון האב"ד הראשון בחעלם[7], ר' זלמן שלמה, אשר ישב על כסא הרבנות בעיר חעלם אחרי ר' שמעון הנ"ל, וגם הוא היה ראש הישיבה שמה כפי דברי בעל הצ"ד. וגם הרש"ל בתשובותיו יזכירו בשם "ר"י" וז"ל: „שלח אלי ראש ישיבה אשר שמי בקרבה מזה בן מזה מהר"ש מחעלם[8] ועוד רבנים רבים כאלה היו ראשי הישיבה בעיר חעלם.

[3] עיין בס' „חאַלמסקאַיאַ רוס" להח' באטושקאַח.
[4] עיר קטנה הסמוכה ללובלין.
[5] עיין בס' „חזון נחום" הוצאת חיו"ג.
[6] עיין בס' „באָגדאַן חמעלניצקי" להח' הרוסי קאסטמארוב ח"ג 1884.
[7] עיין בצמח דוד, שנת של"ג.
[8] עיין בתשובות המהרש"ל סי' ק"א.

בימי ועדי הארצות נחשבה עיר חעלם וסביבותיה לאחת המדינות הגדולות, וגם נבחרו רבנים מחעלם לדייני המדינות.

ואלה הנה המצאות העתיקות הנמצאות בבית העלמין של העיר העלם:

א) פ. נ.
איש ישר הולך בתום
עסק באמת מהיר"ר
שמואל צבי בהמנוח
מהור"ר .... נפטר י"ח
שבט שנת ר"ב

ב) פ"נ
איש תם וישר
.......... המנוח
אברהם ז"ל נפטר
י"ב סיון שנת רמ"ג
תנצב"ה

ג) פ"נ
איש תם וישר ירא ד'
חסיד וענו מסתופף
בצל צדיקים המנוח
מהור"ר משה אריה
בהמנוח מו"ה אהרן ז"ל
נפטר ה' כסליו שנת רמ"ד.

ד) פ"נ
האברך אשר לקול יתומים
קשב ידו מאספם גבר
עשות צדקה יופיע לנצח
הלא הוא מהור"ר
אליקום געציל
במהור"ר שמואל נפתלי הערץ
נפטר בעיר .... שנת רמ"ד
.......... תנצב"ה

ה) פ"נ
איש תם וישר וירא אלהים
מסתופף בצל צדיק אמת
..................
נפטר בשנת רנ"ו לפ"ק
(מכאן והלאה נמחקו האותיות)

ו) יום ג' י"ז תמוז שפ"ח לפ"ק
פה נטמן, איש נאמן
צנצנת המן, כאסף והימן
החסיד וישר במעשיו
כשר הי' לד' שמו מהור"ר
פסח במוהר"ר אפרים
תנצב"ה ויגוע ויאסף זקן
ושבע ימים, היה מהנה
מנכסיו תלמידי חכמים
תנות נפשו ..........
..................
(נמחקו האותיות)

ז) פ"נ
איש תם וישר
הלא הוא מהור"ר
מנחם מאיר מהמנוח
מהור"ר יוסף ז"ל
נפטר בחדש תמוז
שנת תמ"כ ........
..................

## רבני העיר חעלם:

א) האב"ד הראשון בעיר חעלם היה הנ"מ שמעון הנזכר ב„צמח דוד", לפי דברי הרה"ג ר' יוסף לעוונשטיין האבד"ק סעראצק נ"י באחד ממכתביו אלי, הוא ר' שמעון אויערבוך אחי הג"מ דוד טעביל אויערבוך, אבי הגאון שמעון וואָלף אבד"ק פוזנן ופראג, חתן המהרש"ל, המובא בשו"ת רש"ל סי' ק"ה.

ב) אחריו מלא מקומו ר' שלמה זלמן הנזכר ג"כ ב„צמח דוד" והרש"ל יזכירו בתשובותיו סי' ק"א וז"ל: „שלח אלי ראש ישיבה אשר שמי בקרבו מזה בן מזה מהר"ש מחעלם" עיי"ש.

ג) ואחריו נתמנה לרב הגאון ר' אליהו בר' יהודה אהרן הנודע בשם ר' אליהו בעל שם. הוא היה מתלמידי המהרש"ל[9] ומובא בשו"ת המהרש"ל סי' מ"ב ובס' „שאלת יעבץ" ח"ב סי' פ"ב; והרב סדר הדורות ושם הגדולים כתבו כי הוא בעל המחבר ס' „מכלל יופי", אך הח' דעמביצער בספרו „כלילת יופי" כותב כי לא ר' אליהו הנ"ל מחבר הספר „מכלל יופי", וכן דעת הרה"ג יוסף לעוונשטיין נ"י ובאחד ממכתביו אלי הודיעני לאמר: „הרב סדר הדורות ושם הגדולים כתבו שהוא (ר' אליהו הנ"ל) הרב

[9] עיין בס' „כרם שלמה" להח' הוראדעצקי.

מכלל יופי, ובמח״כ טעו כי הרב מכלל יופי היה הר׳ משה לואנץ, האבד״ק וירמייזא, והובא בשו״ת „חוט השני״ סי׳ כ״א וכ״ג ויש לו הסכמה בס׳ „שפע טל״ (דפוס האנאואי) ובס׳ „נשמת אדם״ (שם) והיה תלמיד הגאון ר׳ יעקב גינצבורג״). עכ״ל.

הגאון ר׳ אליהו בעל שם נפטר בעיר חעלם ושם חלקת מחוקק ספון ועל קברו אין שום מצבה כי אם גל של אבנים, וזקני העיר הגידו לי כי ר׳ אליהו צוה לפני מותו לבל יעמידו על קברו מצבה.

ד) אחרי מות הנ״מ אליהו בר׳ יהודה אהרן ישב על כסא הרבנות בעיר חעלם הגאון ר׳ שמואל אליעזר בר׳ יודא, וכן חתם על ספריו, ואחרים קראו שמו ר׳ שמואל אידלש, ע״ש חמותו אידלש מפיזנא, שהיתה אשה גדולה ורבת פעלים, כי בשנת שמ״ה קמה ותעש את ביתה בית ועד לחכמים ויהי שם רבנו המהרש״א ואחרי מות חמותו הלך מפוזנא חעלמה, והופיע שם באור תורתו משנת שס״ה עד שע״ה. ומשם נתקבל לר״מ ואב״ד בעיר לובלין, ובסוף ימיו היה ראב״ד בק״ק אוסטרא, ונפטר שמה ביום א׳ ימים לחדש כסלו בשנת שצ״ב לפ״ק.

ה) אחרי המהרש״א ישב על כסאו בחעלם הגאון ר׳ אליעזר פערלעס, ולפי דברי הרב מסעראצק נ״י במכתבו אלי טעה בעל „המזכיר״ בחשבו כי ר׳ אליעזר פערלעס היה האב״ד בעיר חעלם אחרי ר׳ שלמה זלמן.

ו) אחריו ישב על כסא הרבנות שם הג״מ יצחק בר׳ שמואל הלוי. הוא היה אחיו ורבו של הט״ז, והוא הופיע באור תורתו בק״ק לודמיר ואח״כ נתקבל לאב״ד בעיר חעלם כפי שחותם עצמו בשו״ת שלו סי׳ מ״ה וז״ל: „נאם יצחק לוי יושב אהל פה ק״ק חעלם״, ובשנת שפ״ז נתמנה לריש מתיבתא בק״ק פוזנא כאשר יעידו הסכמות הגאונים על ספרו „שיח יצחק״ בשנה ההיא.

מתי הלך לעולמו ואיה מנוחתו כבוד, לא נודע לנו, ובשנת ת״ו שאז מסר בעל הט״ז את ספרו על ש״ע יו״ד לבית הדפוס, אז כבר לא היה ר׳ יצחק בין החיים, כי בט״ז ש״ע יו״ד בריש סי׳ כ״ז העתיק תשובת אחיו הגאון וכתב עליו „ז״ל״[10].

ז) אחריו נתקבל לאב״ד הג״מ משה קאצינלבויגען. הוא היה האבד״ק לובמלא ומשם נתמנה לאב״ד בחעלם ומשם הלך אל מאהליב דרייסין.

ח) על כסאו ישב בנו הג״מ שאול, אשר היה האבד״ק פינטשוב ובראד, ויש לו הסכמה בס׳ „מים חיים״, „צנצנת המן״, „שבתא דריגלא״ ו„תולדת יצחק״.

ט) אחריו מלא מקומו הג״מ ר׳ יקותיאל בר׳ הושע אהרן מלובלין, ובא שם בהסכמה בשנת תל״א ע״ס „לב אריה״ עה״ת ומובא בקונטרס „אוצרת חיים״ שבסוף שו״ת „מים חיים״ לר״ח ראפאפורט, והרב יוסף לעווענשטיין האבד״ק סעראצק נ״י הודיעני כי אחי ר׳ יקותיאל ב״ר הושע אהרן היה ר׳ יעקב מחעלם, המובא בהגהות בנו לס׳ „מנחת כהן״ (פיורדא תק״א) להרב שבתי בר׳ משה.

י) אחריו נבחר לאב״ד הגאון ר׳ הלל בר׳ יונה הלוי, נין ונכד להגאון ר׳ אליעזר אשכנזי מחבר ס׳ „מעלה ה׳״ והסכים שם בשנת תמ״ח ע״ס „עולת יצחק״ (דפוס פפד״מ תנ״ב), ובעל שם הגדולים

10 עיין בס׳ „אנשי שם״ להח׳ בובר נ״י.

טעה בכתבו כי הגאון הזה הוא המחבר ספר „בית הלל״, כי זה היה האבד״ק קאדאן וזאלקאוו, בה״ר נפתלי הירץ בן הג״מ שמואל מבריסק.

מחעלם נתקבל ר׳ הלל יונה לרב בעיר ווילנא.

י״א) על מקומו ישב הג״מ מאיר בר׳ בנימין וואלף בר׳ אברהם בר׳ ליפמאן, והסכים שם ע״ס „נתיב ישר״ (דיהרנפורט תע״ב) בשנת תס״ט ומשם נתקבל לאב״ד בעיר אפטא.

י״ב) לאחריו ישב על כסא הרבנות בחעלם הג״מ שלמה בהג״מ שמחה הכהן ראפאפארט והסכים שמה ע״ס „זרע ישראל״ בשנת תפ״ב כ״ה תמוז, והובא בהגהות נכדו ר׳ יעקב מגארליץ ובשו״ת „ברכת יעקב״.

י״ג) ואחריו נתמנה לרב הג״מ צבי הירש בר׳ זעליג וחתם שם על הדפסת ספר „דמשק אליעזר״ על התורה, בועד ריצייוואהל שנת תפ״א.

י״ד) אחרי מות הגאון ר׳ צבי הירש נבחר לרב הגאון ר׳ שאול מרגליות בהרב „מאיר נתיבים״, והיה מקודם אבד״ק קאמרנא ולובלין, והובא בשו״ת „מאיר נתיבים״ לאביו, ובא בהסכמה על ספר שו״ת „הר הכרמל״, „עמודי כסף״, „שער המלך״ על דרוש ועל הספר „כלילת יופי״.

כל זאת הודיעני הרב מסעראצק נ״י וגם כתב לי כי בנו האבד״ק לובלין היה חתן הגאון ר׳ אריה ליב האבד״ק לבוב, טארנופל ואמשטרדם.

ט״ו) אחריו נתמנה לרב הג״מ שמואל שהסכים שמה על הספר „בית לחם יהודה״ על יו״ד שנת תס״ד.

י״ז) אחרי מות ר׳ שמואל ישב על כסאו הגאון ר׳ שלמה בעל „מרכבת המשנה״.

הגאון הזה היה יליד עיר זאמושץ, הסמוכה לחעלם, וישקוד שמה בהוית דאביי ורבא וגם בספרי חכמה עד כי שמו יצא לתהלה ולברכה, וה״ר משה פרנס שהיה אז ראש ומנהיג בעיר ליסא נתן לו את בתו לאשה ואחרי חתונתו נתקבל לאב״ד בעיר חעלם והגאון ר׳ חיים הכהן ראפאפארט כתב בתשובותיו על „בעל מרכבת המשנה״ בזה״ל: „מחותני הרב המאוה״ג המפורסם האב״ד מחעלם״.

כפי הנראה היה ר׳ שלמה בעל „מרכבת המשנה״ שנים רבות בעיר חעלם עד כי כנוהו בשם „ר׳ שלמה חעלמא״, וכן כתב בעל „כלילת יופי״ כי היה אב״ד בחעלם ימים רבים. ר׳ שלמה בא בהסכמה בעיר חעלם על ספר „הליכות עולם״ (דפוס זולצבאך תקט״ז) בשנת תקי״ד. ומעיר חעלם נתקבל להיות לרב הכולל בעיר זאמושץ והגליל ובועד הגליל אשר היה בעיר בראדי ביומא דשוקא ביום ה׳ עשרה בטבת שנת תקכ״ח חתום שם: „נאם הק׳ שלמה בעל ס׳ מרכבת המשנה הרב הכולל דק״ה זאמושץ והגליל״.

ויהי כאשר מת הגאון ר׳ חיים הכהן ראפאפארט, נבחר ר׳ שלמה לרב בעיר לבוב, והוא ישב שמה על כסא הרבנות שש שנים ואח״כ עזב את העיר הזאת, כי היה בדעתו לנסוע לארץ הקדושה, ויסע לעיר שאלוניקו ויוציא לאור שמה את ספרו „מרכבת המשנה״ מהדורא תנינא; ולדאבון נפשו לא בא אל מחוז חפצו כי נפטר בשאלוניקי[11]. והגאון הזה היה גם מדקדק גדול ויחבר ספר „שערי

11 עיין על אדותיו בס׳ „אנשי שם״ להח׳ בובר נ״י.

נעימה" על דקדוקי נגינות וטעמים ונדפס עם הגהות הר' שלמה מדובנא. פ"פ דאדר, תקכ"ו[12].

י"ח) על כסא הגאון בעל „מרכבת המשנה" ישב הגאון ר' יצחק הלוי בהגאון מרדכי בן הגאון הקדוש מוה"ר יהושע רייצעס. הוא הסכים שמה על הספר „ברכת יעקב" (לבוב תקנ"ו) ושם חתם: „הק' יצחק הלוי מלבוב חונה בק"ק חעלמא והגליל".

הרב יצחק הלוי היה גם האב"ד בעיר לבוב ולעשנוב והובא בס' „מאיר נתיבים" סי' ל"ז „כתר כהונה" סי' ק"ט, „פרי תבואה" סי' כ"ב; והרב מסעראצק נ"י הודיעני באחד ממכתביו אלי כי הוא בא בהסכמה גם על הספרים: בנין שלמה, ארץ צבי, גבעת שלום, הר הכרמל, כלילת יופי, ערכי הכנויים, עטרת שלמה, שירי תהלה, תפארת ישראל זוטא ותכונת השמים. ועוד הודיעני הגאון הנ"ל כי אבי ר' יצחחק הגאון ר' מרדכי הוא נכד הגאון מגיני פאל ואמסטרדם, נכד הר' העשיל מקראקא, הג"מ יצחק הלוי נפטר שלמה, וה"ר יצחק הוא חתן הג"מ אריה ליב האבד"ק לבוב, טערני־בקראקא יום ו' עש"ק י"א סיון שנת תקנ"ט.

י"ט) כאשר נתקבל ר' יצחק הלוי לרב בקראקא ישב על כסאו הר' הירש נ"ר יוסף והוציא לאור בשנת תקמ"ט „מחברת רעיונות ע"ד תקון מצב היהודים בפולין ואופנים נאותים איך לעשותם לתושבים מועילים לארץ מולדתם".

כ) אחריו היה הגאון ר' חיים אחי הג"מ אריה ליבוש האבד"ק שעבערשין, והג"מ יוסף האבד"ק ביאלי דליטא, והג"מ משה האבד"ק שטרים; והוא בן הג"מ יעקב האבד"ק לויצקא, לענטשנא בע"ס „כוכבי יצחק" על אה"ע וה"ר חיים היה בק' חעלם בשנת תק"כ.

כ"א) אחריו נתמנה לרב ר' יצחק בן הג"מ יוסף מחבר ס' „משנת חכמים". הוא היה רב בעיר חעלם בימי עלומיו ואחרי מות אביו נתקבל לאב"ד בעיר זאמושץ כנראה מדבריו אשר כתב בהקדמתו לס' „זכרון יצחק" וז"ל: „מעת לדעה באתי, עיני ולבי לד' נשאתי, לחנני דעה ובינה, בתורת ד' נאמנה, וברחמיו שמע בקולי, והיה בעוזר לי, וחדשתי כמה חדושים, וגם הגביה את קרני, ולרב ולמורה שמני, בעיר חעלמא המפוארה, ומעט לא עמדתי, כי נפל תפארתי, אדוני אבי מורי, והלך למנוחה ולנחלה, למקום אהלו בתחלה. וכחמשה ושלשים שנה נהג נשיאותו באמונה, בעיר זאמושץ המעוטרה, ובמקומו הטהור השיבני, ובכתר הגדול עטרוני, וטרם הוליכוהו לקבורה, שמני לרב ולמורה, ולאבי לחשו המבשרים שלא ינחלו אחרים את כסא כבודו, בלתי בנו לבדו, וכה עשו אבותיהם כשקבלו את אבי לרב עליהם, ישלם ה' פעלם, ויהי שלום בחילם, שלוה בארמונותיהם". עכ"ל.

כ"ב) כאשר עזב ר' יצחק בן הג"מ יוסף מחבר ס' „משנת חכמים" את העיר חעלם נתעטר בעטרתו הג"מ יוסף קעזיס, ומשם נתמנה לאבד"ק יאנוב.

כ"ג) אחריו מלא מקומו בנו הג"ב אריה ליבוש נייאהויז שבא בהסכמה על הספר „אור לשמים" עה"ת מאת חותנו הג"מ האבד"ק סטאבניץ ואפטא.

ש מ ע ו ן מ י ל נ ע ר.

[12] עיין בס' „תולדות הדקדוק" להחכם חיים צבי לערנער ז"ל.

---

יצחק יאנאסאוויטש, ארגענטינע

# די „כעלעמער מעשה" און די יידישע ליטעראַטור

די „כעלעמער מעשה" איז אָן שום ספק אַ פּראָדוקט פון אַ דורות־לאַנגער, אַנאָנימער בעל־פה־שאַפונג אין די טיפע געדיכטענישן פון פאָלק.

די „כעלעמער מעשה" אין איר איצטיקער געשטאַלט איז אַ פועל־יוצא פון לאַנגע גלגולים פון פאָלקס־מויל צום פאָלקס־אויער. אויף דעם דאָזיקן וועג קייקלט זי זיך דורות און יאָרן און ווי די קינדערשע שניי־קויל ווערט זי דורך דער קייקלעניש וואָס אַמאָל גרעסער און פאַרעם־פאַרענדערטער. צענדלינגער מאָטיוון, יידישע און נישט־יידישע, ווערן אַדאַפּטירט און פאַרהיי־הימישט, מיט דער הילף פון וואַריאַציע, כדי זיי זאָלן זיך אַריינפּאַסן אין דעם הומאָר־שטח פון דער סכעמע. וואָנדערנדיקע טעמעס ווערן לאָקאַליזירט, סטאַביליזירט און פאַריידישט דורך אַ מער טיפּישן קאָלאָריט און אפילו דורך אַ צוגענגלעכער פּוענטע. אין משך פון יאָרן גייט אָן אַ סיסטעמאַטישע קאָלעקטיווע שאַפונג־טעטיקייט, וואָס איר סך הכל וועט קומען צום אויסדרוק אין אַ זעלטענעם „הומאָר־עפּאָס" אונטערן נאָמען „די קלוגשאַפט פון כעלם". באַטראַכטן מיר די „כעלעמער מעשה", ווי אַ קאָלעקטיווע אַנאָנימע פאָלק־שאַפונג שטעלט זיך ראשית כל די פראַגע: מיט וואָס און פאַרוואָס האָט גראַד כעלם זוכה געווען צו ווערן דער אַדרעס פון דער הומאָריסטישער פאָלק־פאַנטאַזיע?

און כאָטש די פראַגע איז געשטעלט, דאַרף מען זי פון דעסטוועגן איבערלאָזן פאַר וויסנשאַפטלער און פאָלקלאָר־ספּעציאַליסטן. אפשר וועלן זיי, ווען עס איז, אויסגעפינען די פאַרהוילענע געזעצן פון דער קאַפּריזער פאָלק־מוזע?

מיר, פון אונדזער צייט, ווילן נאָר ציען די לייענערישע אויפמערקזאַמקייט אויף איין מאָמענט אין דעם דאָזיקן נישט־אויפגעקלערטן פאַקט, און נעמלעך, אַז די קהילה־קדושה כעלם איז נישט — ווי אייניקע מיינען — פאָפּולער געוואָרן ערשט אַ דאַנק דער כעלעמער מעשה, נאָר להיפוך, אַז זי האָט שוין פון פריער געמוזט זיין גענוג פאָפּולער, כדי זי זאָל קאָנען ווערן אַ שטענדיקער אַדרעס פון דעם יידישן פאָלקס־הומאָר.

ווען מיר זאָלן אפילו אָננעמען, אַז די ערשטע פאָלק־מעשה אַרום כעלם איז געשאַפן געוואָרן צופעליק, (ד.ה. צופעליק אין איר שייכות מיט כעלם), מוזן מיר דאָך איינזען, אַז די צופעליקייט וואָלט נישט באַוויזן זיך צו סטאַביליזירן אין פאָלק־שאַפן, אויב דער נאָמען כעלם וואָלט נישט גענוג באַקאַנט געווען דעם יידישן פאָלק־מענטש, לכל הפחות אין די גרענעצן פון גלות־פוילן.

און זאָלן אפילו נישט זיין קיין אַנדערע געשיכטלעכע באַוויזן, ד.ה. זאָל די שטאָט כעלם אפילו נישט האָבן קיין אַנדערע דאָקומענטאַרע ראיות וועגן איר פאַרגאַנגענהייט, וועט דער בלוי־

זער פאַקט, וואָס אין יידישן פאָלקלאָר עקסיסטירן די כעלעמער מעשיות, עדות־זאָגן, אז די דאָזיקע שטאָט האָט אמאָל געהאַט א באשטימטע השפּעה אין יידישן לעבן — א השפּעה, וואָס האָט איר נאָמען ווייט און ברייט באקאנט געמאַכט, א השפּעה, וואָס האָט מסתם אויפגעהערט אין רעזולטאט פון דער קאָנקורענץ פון א צווייטער, גרעסערער שטאָט אין די גרענעצן פון מלכות פּוילן. און דרך אגב: אין דער ריוואַליזאַציע פון אַ צווייטער שטאָט מיט דער שטאָט כעלם דאַרף מען וואַרשיינלעך זוכן דעם אורשפּרונג פון דער כעלעמער מעשה.

נאַטירלעך פאַלט אונדז נישט איין צו זאָגן, אז אין דער כעלעמער מעשה איז פאראן כאָטש איין קערנדל אויטענטישקייט, און ווען אפילו יאָ, איז דאָס אויך פון א קנאַפּער וויכטיקייט. דאָס כעלם, וואָס מיר האָבן געקענט אין משך פון די לעצטע צענדלינגער יאָרן האָט אוודאי מיט דער מעשה־וועלט קיין שום שייכות נישט.

אויב אָבער מיר זוכן די „היסטאָרישע" סיבה פאר דער פארבינדונג פון דער כעלעמער מעשה מיט דער שטאָט כעלם איז קלאָר, אז דערמיט מיינען מיר צו דערגיין א גאַנץ טשעקאַווע און שטאַרק־פארהוילענע אייגנשאַפט פון דער פאָלק־שעפערישקייט, אזוי צו זאָגן — א סוד פון איר לאַבאָראַטאָריע, וואָרעם מיר גלייבן, אז אין דער למראית־עינדיקער צופעליקייט איז דאָך פאַראַן א באשטימטע ווירקנדיקע געזעצמעסיקייט.

דערווייל אָבער, ביז די דאָזיקע אייגנשאַפט וועט אנטפּלעקט ווערן, ביז זי וועט גענוי דעפינירט ווערן, איז פאר אונדז מחוץ יעדן ספק, אז כעלם איז נישט באשאפן געוואָרן דורך דער פאָלק־מעשה. זי איז שוין פון פריער געווען אריינגעוואַקסן אין יידישן לעבן און איר נאָמען האָט געמוזט האָבן א גוט־באַקאַנטן אויסקלאַנג אויב ער האָט געקענט אויסגענוצט ווערן אין דער בהדרגהדיקער שאַפונג פון אַ סינאָנים פאַר א יידיש־פאָלקסטימלעכן קוק אויף געוויסע האַנדלונגען אין מענטשלעכן לעבן.

* * *

די אָנזאמלונג פון די „כעלעמער מעשיות" אין יידישן פאָלקלאָר דערציילט אונדז נישט בלויז וועגן כעלם, וועגן איר באַקאַנטקייט אין יידישן לעבן, נאָר זי דערציילט אונדז גלייכצייטיק וועגן דער איינגעפונדעוועטקייט פון דעם דאָזיקן לעבן אויף דער פּוילישער ערד. אָן דעם געפיל פון איינגעוואָרצלטקייט, אָן דער שפּירונג פון פעסטבאַזעסנקייט וואָלט דער פאָלק־שאַפונג נישט מיגלעך געווען אויסצוּוועבן איר גראָטעסקן געוועב ארום קאָנקרעטן געאָגראַפישן באַגריף, ארום אַ שטאָט.

ס'איז דערביי אמת, אז די „כעלעמער מעשה" האָט אין שפּעטערדיקע צייטן אָנגעשפּאַרט אין אזעלכע מקומות, ווו דער נאָמען כעלם האָט געקלונגען, ווי א נאָמען פון דער הפטורה. נאָך עד היום קאָן מען הערן ווי עמעצער זאָגט: „ס'איז פּונקט ווי אין כעלם" און דערביי גיט זיך דער זאָגער לחלוטין נישט אָפּ קיין חשבון וועגן כעלעמער געאָגראַפישער רעאַליטעט. דאָס איז דערפאַר, וואָס כעלם איז צוליב דער פאָלק־מעשה געוואָרן א סינאָנים, פּונקט ווי, להבדיל, סדום. דער כח פון געשאַפענעם פאָלק־סינאָנים גרייכט ווייטער, ווי די אורשפּרינגלעכע רעאַליטעט, וועלכע האָט זי געשאַפן און נאָר א דאנק דעם דאָזיקן כח בלייבט די שאַפונג אין פאָלק־זכרון. דאָס איז איר גרויסע ווערט, וואָס נעמט זי ארויס פון דעם ענגן גבול פון פאָלקלאָר־ספּעציאַליסט און מאַכט זי פאר דעם לעבעדיקן קנין פון קולטור־מענטש, פון קינסטלער און שרייבער. עס איז אָבער מער ווי זיכער, אז ריידנדיק וועגן כעלעמער הומאָר אין יידישן פאָלק־שאַפן האָבן מיר, חוץ איר לעבעדיקן אקטועלן באַטייט, אויך אין זין איר קולטור־היסטאָרישע ווערט. האָט אונדזער אינטערעס צו דער פּרי, ווי צו אַן אָביעקט, וואָס קאָן שטילן אונדזער הנאה איז פאראן אויך אַן אינטערעס צום בוים אויף וועלכן די פּרי איז געוואַקסן. ווען עס גייט אין דער כעלעמער הומאָר־פּרי איז פאַר אונדז אוודאי וויכטיק דער פאָלקלאָריסטישער בוים און באַזונדערס דער לעבנסקלימאַט אין וועלכן זי האָט אויסגערייפט און אין משך פון יאָרן אויסגעצייטיקט. בכן איז פאר אונדז וויכטיק פעסטצושטעלן, אז נאָר אין דער סטאַבילער פאָרשטעלונג און שפּירונג פון איינגעזעסנקייט, פון איינגעוואָרצלטקייט אין לאנד האָט געקאָנט אויפקומען דאָס הומאָריסטישע ווערק, ווו אלס הויפּטהעלד פיגורירט א קאָנקרעטע שטאָט.

פון דער כעלעמער מעשה דאַרף מען לערנען א קל־וחומר: מה־דאָך יעדע פאָלקלאָר־שאַפונג איז פארבונדן מיט א באַשטימטער שטייגערישער פעסטגעשטעלטקייט, מכל שכן די שאַפונג ארום א קאָנקרעטן געאָגראַפישן באַגריף? על אחת כמה וכמה דאַרף מען דערצו האָבן די שפּירונג פון סטאַבילער איינגעזעסנקייט!

מאַכן אַ שטאָט אַ הויפּטהעלד אין אַ ווערק, וואָס האָט זיך „געשריבן" אין משך פון דורות האָט מען נאָר געקאָנט דעמאָלט, ווען אין דער לעבנס־עמפּינדונג פון פאָלקס־מענטש איז די דאָזיקע שטאָט געווען פּונקט אזוי סטאַביל ווי דאָס בייטן זיך פון די פיר יאָרצייטן. און נישט נאָר די דאָזיקע שטאָט, נאָר אויך דאָס לאנד אין וועלכן די שטאָט געפינט זיך האָט געדאַרפט אין דער פאָלק־פאַנטאַזיע זיין סטאַביל יידיש, ווייל אויב נישט וואָלט זי זיך קיינמאָל נישט דערלויבט דעם לוקסוס אָנצוטרויען איר הומאָריסטישע שאַפונג־ענערגיע אזש א גאנצע שטאָט.

אזא לוקסוס האָט זיך געקאָנט דערלויבן דאָס פראַנצויזישע פאָלק בנוגע „טאַראַסקאָן" אין פראַנקרייך. אזא לוקסוס האָבן יידן זיך דערלויבט בנוגע כעלם אין פּוילן.

אין מדינת פּוילן איז, לויט די רייד פון ר' פּנחס קאָריצער, געווען דער גרינגסטער יידישער גלות. יידן האָבן אין פּוילן געלעבט נישט נאָר מיט אייגענע מנהגים און פירעכצן, נאָר אויך מיט דער שפּירונג פון היים. נאָר אין דער דאָזיקער שפּירונג האָט געקאָנט געבאָרן ווערן די כעלעמער מעשה.

פאראן צוויי אנעקדאָטן, וואָס כאַראַקטעריזירן צום בולטסטן די דאָזיקע היים־שפּירונג פון יידן אין פּוילן. איינער פון זיי דערציילט זיך אזוי:

יידן פאָרן אין באַן. צעשמועסט מען זיך. „ווי הייסט אייער שטאָט?" — פרעגט איין ייד ביים צווייטן.

— מיין שטאָט? — ענטפערט דער געפרעגטער — די גוֹיים רופן זי מיענדזיבוזש, נאָר די וועלט רופט זי מזלבאָדזשיץ.

(מאַלע וואָס די גוֹיים פאַלט איין. אבי „די וועלט", די יידן, הייסט עס, ווייסן דעם ריכטיקן נאָמען).

און דער צווייטער אנעקדאָט:

א ייד פון א קליין שטעטל איז געקומען אין א גרויסער שטאָט אריין אין אַן אַמט. דער באַאַמטער נישטערט אין זיינע פּאַפּירן און פרעגט:

— צו וועמען געהערט אייער שטאָט?

— פריער האָט זי געהערט צו די אלעקסאנדערער — ענטפערט דער ייד — נאָר איצט האָבן מיר זיי פארטריבן אין זייער שטיבל אריין און די שטאָט געהערט דער עיקר צו גער.

(אז די שטאָט געהערט אויך צו א פּריץ, אָדער וואָיעוואָדשאַפט פאַלט דעם ייד גאָרנישט איין. פאר אים איז קלאָר, אז א שטאָט קאָן געהערן צו איין רבין, אָדער צו א צווייטן).

די כעלעמער מעשיות, פונקט ווי די דערמאָנטע אנעקדאָטן זיינען אויפגעגאַנגען אין א וועלט פון יידישער סטאַביליטעט, אין א וועלט, ווו די פאָרשטעלונג וועגן היים איז קאָנקרעט און רעאַל.

אן אנדערע מעשה, אז די דאָזיקע היים־רעאלקייט איז אין אונדזער לעצטער דערפאַרונג פארוואנדלט געוואָרן אין „א כעלעמער מעשה", מיט דעם טיפישן מוסר־השכל פון דער „כעלעמער חכמה".

* * *

ביי די „כעלעמער מעשיות" האָט די פאָלק־שעפערישקייט ארויסגעוויזן א בולטע טענדענץ צו קאָנצענטרירן א באשטימטן טעמאַטישן שטאָף אויף איין געאָגראפישן שטח, אויף איין קאָנקרעטן פונקט פון יידישער איינגעזעסנקייט. אזא טענדענץ איז דער פאָלק־מעשה אין אלגעמיין באקאַנט.

אין דער יידישער פאָלק־פאַנטאַזיע זיינען אלערליי מעשיות פארבונדן מיט דעם „ערגעץ הינטער די הרי־חושך". דאָס זיינען די וואונדער־מעשיות, וואָס זייער ראַם איז די געאָגראפישע אומ־געוויינטלעכקייט פון וואונדער־לאנד. וואָרעם עס איז קלאָר, אז פאַנטאַסטישע האַנדלונג קאָן פאָרקומען נאָר אויף פאנטאַסטישער ערד, וואָס איר רעאַליטעט לאָזט זיך נישט קאָנטראָלירן יעדע רגע. דערצו איז אָנגעמאָסטן דאָס לאנד אויף יענער זייט סמבטיון, דאָס אָרט „הינטער די זיבן בערג", אָדער „הינטער די זיבן טייכן", ווו יעדער שפּאַן איז אָנגעזאפּט מיט ניסימדיקייט. און האָט אמאָל געטראָפן, אז דער אנאָנימער פאָלק־דערציילער האָט געוואָלט גענענען צו די גרענעצן פון אונדזער געאָגראפישער רעאַליטעט האָט ער כאָטש מיטגענומען פון „הינטער די הרי־חושך" א שטיק פון איר נסימדיק־אָנגעזאפּטער אטמאָספער, א שטיק פון איר מיסטישן קלימאַט, די „פלאָרע און פאַונע" איז אזא מעשה טאַקע געווען קענטלעכער, היימישער, אייגענער אָבער די אומבאַשטימט־קייט פון האַנדלונג־שטח איז פאָרט געבליבן. אזא דערציילער האָט קיינמאָל ניט ריזיקירט אָנצורופן אַ באַשטימטן געאָגראַפישן נאָמען, סיידן אזעלכן, וואָס האָט אים אויסגעזען צו זיין זייער, זייער ווייט.

פאר אויסטערלישקייטן פון א קלענערן וואונדער־אינהאַלט האָט דאָס פאָלק געהאַט אנדערע באצייכענונגען: „ערגעץ אין גושן", אָדער „ערגעץ אין בויבעריק". ערשט אין דער חסידישער מעשה הייבן מיר אָן טרעפן באקאנטע שטעט און שטעטלעך, קאָנ־קרעטע ערטער און נעמען, וואָס מען קאָן זיי, דאכט זיך, מיט דער האנט דערלאַנגען. די נייקייט פון חסידות איז באשטאַנען דערין, וואָס דער מענטש האָט אויפגעהערט אוועקשפּאַנען אין הימל אריין און האָט אָנגעהייבן דעם הימל אראָפּברענגען אויף דער ערד. חסידות האָט רעוואָלטירט קעגן דער מיסטיק, וואָס ליגט מחוץ דעם ערדישן לעבן און האָט דערוויזן, אז דווקא דאָס ערדי־שע לעבן איז פול מיט מיסטיק. במילא איז קלאָר, אז פאר דעם חסידישן מעשה־דערציילער איז ניט נייטיק געווען אוועקצוטראָגן זיין פאַנטאַזיע ערגעץ אין א וואונדער־לאַנד. ווינדער האָבן לויט זיין וועלט־באַנעם געקאָנט געשען און זיינען טאַקע געשען דאָ אויף אן אָרט, אין די אייגענע דלד אמות. זי האָט נישט גערארפט האָבן קיין ספּעציפישן קלימאַט, קיין באזונדערע אטמאָספער, קיין איררעאלן שטח, קיין ווארשיינלעכקייט־באדינגונגען, וואָס זאָלן זי מאַכן גלויבלעך. זי האָט די דאָזיקע אלע אטריבוטן געשאַפן בלויז מיט איין מאגישן כח, מיט דעם כח פון התפעלותדיקן גלויבן.

די כעלעמער מעשה איז אין איין פרט ענלעך צו דער חסידי־שער מעשה. זי איז אויך אין איר האנדלונג נישט אוועק פון אונדזער רעאַליטעט. די בינע אויף וועלכער זי קומט פאָר איז אין סאַמע מיטן פון אונדזער לעבן. להיפוך צו דער הרי־חושך־מעשה וויל זי ארויסרופן גלויבן דערמיט, וואָס זי גיט אָן דאָס קאָנקרעטע אָרט פון איר געשען. זי קויפט אונדזער צוטרוי דווקא מיט דער אילוזיע פון נאָענטקייט און במילא— ווארשיינלעכקייט, ווייל אָן דעם וואָלט איר עיקר, דער הומאָר, פיל פארלאָרן.

די כעלעמער מעשה איז א קרומער שפּיגל. כדי דער קאָמיזם פון די אויסגעקרומטע ליניעס זאָל ווי געהעריק ווירקן מוז די אָפּשפּיגלונג זיך תמיד געפינען נעבן די אָביעקטן, וואָס ווערן אין איר דעפאָרמירט. נאָר אין דער קאָנפראנטאציע מיט דער ווירק־לעכקייט קאָן ארויסגערופן ווערן דער געהעריקער קאָמישער עפעקט.

* * *

די כעלעמער מעשה קאָן מען דערקענען א מייל פון דער־ווייטנס. זי האָט אין זיך א באשטימטן פעסטגעשטעלטן קערן, ארום וועלכן עס באוועגט זיך דער קאָמיזם פון סיטואציע.

דער קאָמיזם פון דער כעלעמער מעשה איז אויפגעבויט אויף א מין הומאָר־פּרינציפּ. ער איז ממש א גאָלדענער באוויז־אוצר פאר א געוויסער טעאָריע פון געלעכטער.

דער כעלעמער קאָמיזם דערגרייכט זיין ווירקונג מיט דעם אויטאָמאַטיזם פון דער מענטשלעכער האנדלונג.

דער דאָזיקער אויטאָמאַטיזם איז א פועל יוצא פון נישט דער־זען און נישט באנעמען די שייכותן פון דערשיינונגען.

דאָס קאָמישע פון די האנדלונגען פון די כעלעמער מעשה־העלדן באשטייט דערין, וואָס זיי דערטראכטן זיך צו א געוויסער טאַט און פירן זי אויס, נישט פאָרויסזעענדיק אירע רעזולטאטן אין שייכות מיט די באגלייטנדיקע פאָלגן.

דער קאָמישער עפעקט ווערט בולט צוליב דעם, וואָס אין דער כעלעמער האנדלונג פעלט די נאטירלעכע פארבינדונג־לאָגיק צווישן סיבה און פועל יוצא.

גראַדליניעדיקייט איז אויטאָמאטישקייט, מעכאנישקייט. דאָס איז דער שטרויכל־פּונקט פון כעלעמס גוטן ווילן.

ווען כעלם קויפט א לעש־מאַשין כדי קעגנווירקן די שריפות אין שטאָט איז דאָס אייגנטלעך אַ לאָגישער ווילן רעאַלי־זירט אין טאַט. קאָמיש ווערט די דאָזיקע טאַט ערשט דעמאָלט ווען א צווייטע סיבה און א צווייטע טאַט (דאָס ארוממויערן די לעש־מאַשין מיט א דיקער ציגלנער מויער, כדי די גנבים זאָלן זי נישט קאָנען צוגנבענען) מאכן בטל די ערשטע אָנשטרענגונג. דער מעכאַניזם, די אויטאָמאַטישקייט ביים אויספירן די טאַט, נישט רעכענענדיק זיך מיט אירע פארבינדנדיקע שייכותן, רופט ארויס געלעכטער ביים נאָרמאלן מענטשלעכן פארשטאַנד.

די כעלעמער מעשה איז א משל אויף גוטע כוונות, וואָס ווערן אין דער לעבנס־ווירקלעכקייט פאַרוואַנדלט אין זייער היפוך

מיטן געלעכטער שיצט זיך דער מענטש קעגן דער מעכאנישקייט אין לעבן און מיטן געלעכטער איבער די כעלעמער האנדלונגען שיצן מיר זיך קעגן דער אויטאָמאַטישקייט, וואָס פארוואנדלט אונדזער טאַט אין דעם פארקערטן פון דעם, וואָס מיר האָבן גע־וואָלט. דערמיט האָט די פאָלק־דערפארונג געוואָלט אונטער־שטרייכן, אז ס'איז ווייניק א גוטער ווילן, מען דארף דעם דאָזיקן גוטן ווילן קאָנען ווי געהעריק רעאליזירן, ד.ה. נעמען ביי דער רעאליזירונג אין באטראַכט די באגלייט־דערשיינונגען פון יעדער טאַט און זיי פארבינדן מיט דער רעאליזאציע פון דער כוונה.

ווען כעלם וויל, אז דער געפאַלענער שניי זאָל בלייבן פריש און נישט צעטראָטן איז דאָס זיכער א גוטער ווילן. (מען קאָן דעם שניי אפילו באטראַכטן, ווי אַן אלעגאָרישע אָנדייטונג אויף

א באַשטימטער עטישער קוואַליטעט אין אונדזער לעבן). אומנאַטירלעך און דעריבער קאָמיש זיינען אָבער די טאַטן, וואָס ווערן אונטערגענומען צו רעאַליזירן דעם דאָזיקן ווילן. זיי זיינען אומנאַטירלעך ווייל עס פעלט צווישן זיי די לאָגישע קייט פון פאַרבינדונג. ווער צעטרעט דעם שניי? פרעגט דער כעלעמער בעל־מעשה. דער ענטפער איז: דער שמש, וואָס גייט דער ערשטער אַרויס אין גאַס, כדי צו וועקן די איינוווינער צו עבודת הבורא. דער ענטפער איז אויך לאָגיש און ריכטיק. אָבער די דאָזיקע לאָגישע ריכטיקייט פאַרפירט די כעלעמער אויף די אומוועגן פון אומלאָגישקייט. וואָרום אויב דער שמש צעטרעט דעם שניי דאַרף מען אויסגעפינען א מיטל, ווי אַזוי ער זאָל דאָס נישט טאָן. (אַליין און פאַר זיך אויך א ריכטיקער אויספיר). די פועטע, אַז פיר מענטשן זאָלן טראָגן דעם שמש איז פאַר זיך גופא ווידער אַמאָל לאָגיש, אָבער זי ווערט דווקא אומלאָגיש אין שייכות מיט דעם ערשטן שטויס צו דער גאַנצער האַנדלונג — מיט דעם ווילן, אַז דער שניי זאָל בלייבן גאַנץ און נישט צעטראָטן.

מיר זעען דעריבער, אַז דער קאָמיזם פון די כעלעמער העלדן באַשטייט דערין, וואָס זיי, די העלדן, האָבן א גוטן ווילן. קאָמיש איז אָבער די רעאַליזירונג פון זייער ווילן אין טאַט, מחמת די כעלעמער האַנדלען אויטאָמאַטיש, זיי זוכן צו באַזייטיקן א געוויסן צושטאַנד ד.רך אַ האַ:דלונג, וואָס פאַרשטאַרקט דעם פריערדיקן צושטאַנד אין צענפאַך.

ווען דער שמש ווערט אַלט און קאָן נישט אַרומגיין איבערן שטעטל קלאַפּן אין די לאָדנס זוכן די כעלעמער אַן עצה, ווי אַזוי דער שמש זאָל קאָנען אויספירן זיין פונקציע און דערביי נישט דאַרפן אָנשטרענגען זיינע כוחות. דאָס אַלץ איז א האָר נישט קאָמיש און אפילו זייער לאָגיש. אָבער אויפן וועג פון ווילן צו רעאַליזירונג האָבן די כעלעמער דערווייל פאַרלאָרן די פאַרבינדונג פון דערשיינונגען און לעבנס־רעאַליטעט. מען ברענגט אַלע לאָדנס צום שמש אין שטוב כדי ער זאָל קאָנען אין זיי קלאַפּן און דערביי נישט דאַרפן אַרומגיין איבערן שטעטל. עס איז אָבער פאַרלאָרן געגאַנגען דאָס וויכטיקסטע פון דער אייגנטלעכער ערשטיקער טאַט. דאָס שטעטל וועט סיי ווי דאָס קלאַפּן נישט הערן און פונקט ווי ביי דער לעש־מאַשין וועט די גאַנצע אַנשטרענגונג און ענערגיע זיין אַרויסגעוואָרפן, מחמת מען האָט נישט גענומען אין באַטראַכט איין רינג אין דער צונויפקייטלונג פון טאַט און פועל יוצא.

די זעלביקע אויטאָמאַטישקייט אין דער האַנדלונג, דאָס זעלביקע דורכלאָזן אַן עיקרדיקן פאַרבינדונג־רינג צווישן סיבה און פועל־יוצא זעען מיר אויך אין דער מעשה וועגן דער וואַסער־מיל, וואָס ווערט געבויט, נישט ביים וואַסער, נאָר אויפן באַרג און אין פיל אַנדערע כעלעמער מעשיות.

* * *

די כעלעמער מעשה איז אַן אומדערשעפּלעכער שטאָף פאַר ליטעראַריש־קינסטלערישער געשטאַלטיקונג.

אין תוך גענומען וואָרט נאָך דער דאָזיקער גרויסער „הומאָר־עפּאָס“ אויף דעם קינסטלערישן באַנייער, וואָס זאָל פון פאָלקס־טימלעכן אָנאָנים באַשאַפן דאָס ווערק פון קינסטלערישער באַוווסטזיניקייט און קינסטלערישער אַלצייטיקייט.

די כעלעמער מעשה האָט אין זיך יענע אַלעגאָרישע מאָמענטן, וואָס קאָנען אָנגעווענדט ווערן אין באַצוג צו אַלגעמיין מענטשלעכע האַנדלונגען און טואונגען מיט וועלכע ס'איז פול אונדזער לעבן.

ביז איצט האָבן מיר דערווייל גאַנץ ווייניק אויסגענוצט דעם כעלעמער מעשה־שטאָף אין אונדזער ליטעראַטור.

אונדז איז באַקאַנט די קאָמעדיע „כעלעמער חכמים“ פון אהרן צייטלין, וואָס איז מיט דערפאָלג געשפּילט געוואָרן אויף דער יידישער בינע. אין בוך־פאָרעם איז דאָס ווערק אָבער נישט בנימצא.

אַן ענלעכע קאָמעדיע האָט אויך אָנגעשריבן דער יונגער טראַגיש־אומגעקומענער יידישער שרייבער פון סאָוועט־רוסלאַנד, גערשענזאָן. די קאָמעדיע דאַרף זיך געפינען ביי די פּאָפּולערע אַרטיסטן ש. דזשיגאַן און י. שומאַכער.

די מעשיות פון כעלם האָט בשעתו פאַרשריבן מ. קיפּניס. ער האָט אָפּגעטאָן א פאָלקלאָריסטישע אַרבעט. צי די פאַרשריבענע טעקסטן זיינען ווען ער איז דערשינען אין בוך־פאָרעם ווייסן מיר נישט.

א. ב. „די העלדן פון כעלעם“ איז אין ניו־יאָרק דערשינען א בוך פון שלמה סיימאָן. אַן אַרנטלעכע באַאַרבעטונג פון די כעלעמער מעשיות פאַר קינדער.

אויף קינסטלערישער געשטאַלטיקונג פון כעלעמער מעשה־שטאָף, פּרעטענדירט דאָס בוך „כעלעמער חכמים“ פון י. י. טרונק. וועגן דעם דאָזיקן בוך איז כדאי צו שרייבן א באַזונדערע אָפּהאַנדלונג.

יידישע שרייבער האָבן אויסגענוצט דעם כעלעמער מעשה־שטאָף אַריבערטראָגנדיק אים אויף זייערע שטעט און ערטער. (למשל: לייב קוויטקאָ אין זיין קינדערליד „לעמלס מתנה“) אַנדערע ווידער האָבן באַטיטלט זייערע זאַכן מיט כעלם, די מעשה גופא האָט אָבער צו דעם כעלעמער שטאָף קיין שום שייכות נישט. (למשל: י. ל. פּרצעס „דער כעלעמער מלמד“). עס איז זיכער, אַז אונדזער כעלעמער מעשה וואַרט נאָך אויף איר גרויסן דעקאַסטער. און ביז דאָס וועט געשען איז אונדזער חוב ווידער און ווידער אַמאָל צו פאַרצייכענען אַלע ניואַנסן, אַלע וואַריאַציעס פון דער כעלעמער מעשה, אַזוי ווי זי גייט נאָך איצט אַרום צווישן יידן אין דער גאָרער וועלט.

עס וואָלט געווען א גרויסער אויפטו ווען די כעלעמער לאַנדמאַנשאַפטן, וואָס זיינען צעוואָרפן איבער דעם כדור הארץ, זאָלן סטימולירן און טאַקע אָרגאַניזירן, סיי די באַנייטע זאַמלונג פון די כעלעמער מעשיות, סיי זייער קינסטלערישע באַאַרבעטונג. דאָס לעצטע גייט אפילו נישט אַריין אין גדר פון אָרגאַניזאַציע. דאָך וואָלט אַ געהעריקע פּרעמיע פאַר אַ ווערק פון כעלעמער מעשה־שטאָף מסתם סטימולירט יידישע שרייבער און קינסטלער, ווייל אפילו אָן דעם איז דער אינטערעס צו דער טעמע גענוג גרויס. עס פעלט נאָר דאָס ביסעלע איניציאַטיוו עס צו רעאַליזירן.

יוסף גאָטפאַרשטיין, פּאַריז

# די כעלעמער מעשיות זיינען גאָרנישט אַזוי נאַריש

(אַ מין היסטאָריאָזאָפישער פּירוש צו די כעלעמער מעשיות)

יוסף גאָטפאַרשטיין איז אַ ייד פון ליטע און אַ באַקאַנטער אין פראַנקרייך עסייאיסט און פּעדאַגאָג. זיין לעצט בוך: „L'Ecole du Meurtre" („די שול פון רציחות") האָט געמאַכט א גרויסן רושם אין דער פראַנצייזישער ליטעראַרישער וועלט, ס'איז א גרויסע אָפּשאַצונג פון דער דייטשער בילדונג־פּאָליטיק, וואָס האָט אויפגעהאָדעוועט א דור מיט מערדער.

י. גאָטפאַרשטיין האָט געשריבן פאר דעם אוניווערסיטעט א טעזע וועגן „הומאָר", אזוי אז ער איז א בקי אין דער פּראָבלעם. ער איז דער געוועזענער דירעקטאָר פון יידישן לערער־סעמינאַר ביי דער „פעדעראַציע פון יידישע געזעלשאפטן אין פראַנקרייך", און דער פארוואלטער פון יידישן פאָלק־אוניווערסיטעט אין פּאַריז.

א הארבע קשיא: וואָס פאר א וווּנדערלעכער כוח שטעקט פאָרט אין דעם יידישן פאָלק, אז עס איז געווען ביכולת אין א משך פון צוויי יאָר טויזנטער זיך אויפצוהאלטן און זיך אויסצוהיטן פון פיזישן און פון גייסטיקן שמד, נישט פארמאָגנדיק קיין איין שום סימן מובהק פון א נאַציאָנאלן ארגאַניזם, בעת א סך פעלקער אויף זייערע אייגענע טעריטאָריעס זיינען ממש צעריבן געוואָרן אויף שטויב אונטער די רעדער פון דער געשיכטע, ווי מען דריקט זיך אויס אויף א מאָדערנעם מליצה־לשון, אָדער האָבן מיט דער צייט אָנגענומען אַ לחלוטין אַן אַנדער גוף און אַ לגמרי אַן אנדערע נשמה? ווי אזוי פאָרט האָט דאָס יידישע גערודפטע פאָלק, דאָס „שה פזורה בין שבעים אומות", זיך געקאָנט פארגינען חוזק צו מאַכן פון די עלעמענטאַרסטע כללים פון דער סאָציאָלאָגיע און פון דער פעלקער־פּסיכאָלאָגיע?

אויף צו דערקלערן דעם דאָזיקן אויסטערלישן פענאָמען האָט מען וויפיל מאָל געמוזט אָנקומען צום פסוק פון דער פּרשה „ואתחנן" אין דברים: „...ואמרו רק עם חכם ונבון הגוי הגדול הזה".

איז אָבער געקומען א צייט (אויך אין דער כלומרשטער „נאַרישעוואַטער" שטאָט כעלם), ווען מען האָט אויפגעהערט זיך צו פארלאָזן אויף פסוקים פון תנ"ך און פון דעם מדרש, ווייל אין מאָדע זיינען אריין „מאָדערנע" ציטאַטן — און די אויבן דערמאָנטע קשיא האָט זיך ווידער געשטעלט מיט איר גאַנצן ברען און מיט איר גאַנצן שטאָך, אזוי צו זאָגן. סטייטש? און ווי אזוי? די „אייזערנע" — סיי די שוין אויסגעפּאָרשטע און סיי די עד היום נאָך פארבאָרגענע — געזעצן פון דער געשיכטע מאָנען א תשובה א גיכע, ווייל אונדזערע היסטאָריקער און געשיכטע־פילאָסאָפן, שטעלט זיך ארויס, קאָנען די אויגן פאר זיי ניט ווייזן. אין נסים גלייבן זיי ניט. משה רבינו איז פאר זיי א לעגענדארישע פיגור, משיח — אן אוטאָפּיע און זייער אייגענע עקסיסטענץ — אן אנאכראָניזם. און דאָ, דאַכט זיך, זיי עפּעס, אז דער קיום פון דער יידישער אומה הענגט אויף א האָר, נישט געקוקט אויף דער בפירושער הבטחה, וואָס איז געגעבן געוואָרן די יידן אין אוראַלטע צייטן נאָך, אז „נצח ישראל לא ישקר", א הבטחה פון וועלכער אויך זיי זיינען זיך ניט מיאש. האָבן זיי גענומען אויפשטעלן נייע געשיכטע־רושטאָוואַניעס, דאָס מאָל שוין אָן „אייזערנע" געזעצן; אָבער אויך די דאָזיקע בנינים האָבן זיך לאַנג ניט געהאַלטן. דער איינציקארטיקער יידישער גורל לאַכט זיך פּשוט אויס פון אלע טעאָריעס.



למען האמת מוז איך מודה זיין, אז אויך מיך, הגם איך גלייב יאָ אין נסים מן השמים, (ווייל אין עצם טראָג איך, געבראָטענער ליטוואַק וואָס איך בין, זיך אויך ארום מיט א כעלעמער נשמה), אויך מיך האָט די רעטעניש פון דער יידישער עקסיסטענץ לאַנגע יאָרן געפּלאָגט און געמאַטערט. אמת, אונטער דער צייט האָב איך זיך נאָך אָפּגעגעבן מיט אנדערע פּראָבלעמען אויך, ניט דווקא ריין־יידישע פּראָבלעמען, ווי א שטייגער מיט דער דערקענטניש־טעאָרעטישער זייט פון הומאָר; איך האָב זיך באַמיט צו דערגיין דעם מעכאַניזם פון דער קאָמיק, וואָס שטעקט אין דעם וויץ. איך דערמאָן דאָס נישט סתם אזוי, נאָר ווייל די דאָזיקע באמערקונג איז א תנאי מוקדם צו דער פארשטענדעניש פון די אויספירן, וואָס איך וועל מאַכן צום סוף אַרטיקל.

2.

איין טאָג דערוויס איך זיך, אז מיין גוטער פריינד, דער באַקאַנטער יידישער היסטאָריקער, יוסף מילנער, פאַרנעמט זיך מיט קלייבן מאַטעריאַל פאַרן יזכור־בוך כעלם. איך בין ניט פויל און פאָר צו צו מילנערן. איך פאַרפיר מיט אים אַ שמועס, וואָס האָט מן הסתם (ווייל פון יענעם טאָג אָן זיינען שוין פאַרביי עטלעכע חדשים און איך קאָן זיך מער נישט דערמאָנען וואָרט אין וואָרט אָן דעם דאָזיקן דיאַלאָג) געקלונגען כהאי לישנא:

— אז איר זייט א כעלעמער א געבאָרענער, האָב איך שוין פון לאַנג געוווּסט, אז איר זייט אָבער א כעלעמער א געשוואָרענער, דערוויס איך זיך היינט; א כעלעמער פּאַטריאָט וואָס איר זייט, ניט געקוקט אויף דעם גראָד נישט צו קלוגן רוף פון די כעלעמער מעשיות.

— אויב איר זייט שוין יאָ אזא חכם א גרויסער — רופט זיך אָפּ מילנער צו מיר אויך אין א וויץ — טאָ שרייבט זשע מיר אָן א מאמר פארן יזכור־בוך און באווייזט די טיפּשות פון די כעלעמער געשיכטעס.

— ניין, ליבער פריינד, — פּראָטעסטיר איך — נישט די טיפּשות וועל איך אין מיין ארטיקל באווייזן, נאָר, אומגעקערט, די טיפע חכמה, וואָס שטעקט אין די דאָזיקע פאַרקלערטע תמימותדיקע משלים וועל איך זיך באַמיען ארויסצורוקן אויף דער ליכטיקער שיין. וואָרעם די כעלעמער מעשיות זיינען משלים אָן נמשלים; זיי זיינען דערציילונגען פון אן אבסורדער וועלט, וואָס איז דורך עפּעס אן אויסגעקליגלטער דיאלעקטיק אריינגעטריבן געוואָרן אין טעמפּן ווינקל אריין, און געפינט פון דאָרטן נישט מער קיין אויסוועג; זיי זיינען קאָמענטאַרן צום אלטן יידישן לעבנשטייגער, וואָס אים איז אויסגעגאַנגען דאָס חיות; זיי זיינען אן אילוסטראַציע אן אויסגעצייכנטע צו דעם גלותדיקן אונטער־גרונד־לעבן, וואָס די יידישע אומה האָט געפירט אזוי לאַנג, זיך ארויסהעלפנדיק דאָ מיט שטרענגער אָבער מיט וועלטפרעמדער לאָגיק און דאָ — מיט גייסטיקן מן. די לאָגיק האָט די שטאָט כעלם — און מיט איר די גאנצע גולה אונדזערע — דערפירט צום אַבסורד און צום לעצטן שרעקלעכן חורבן אונדזערן. דער גייסטיקער מן אָבער האָט אירע שרידי הפליטה סוף כל סוף פארטראָגן אהין, ווו די פּאָמעראַנצן בליען, ווי עס זינגט זיך אין א באקאנט יידיש פאָלקליד. די כעלעמער מעשיות זיינען אין א געוויסן זין טאַקע א מין פּירוש צו דער יידישער היסטאָריאָזאָפיע. איך מיין, אז זיי זיינען ביכולת אונדז איבערצוגעבן דעם

שליסל, וואָס וועט אויפשליסן איינעם פון די פאַרשפּאַרטע און פאַרבאַרגענע קעמערלעך, ווו עס ליגט אויפגעשטאַפּלט א גרויסער טייל פון יידישער גייסטיקייט און פון יידישער געשיכטע־ענערגיע.

.3

יידישע גייסטיקייט? יידישע געשיכטע־ענערגיע? מה ענין שמיטה אצל הר סיני? וואָס פאַר א סמיכות־הפּרשה קאָן דען געמאָלט זיין צווישן אָט די ביידע פענאָמענען: יידישער הומאָר —כעלעמער מעשיות, למשל — און יידישע געשיכטע?

ס׳איז, דאַכט זיך מיר, יאָ פאַראַן א געוויסע סמיכות־הפּרשה צווישן אָט די ביידע ווונדער, וואָס האָבן אזויפיל לאָגיקער, ראַציאָנאַליסטן, געשיכטע־פילאָסאָפן און אפילו אויך טעאָלאָגן, מיסטיקער און מעטאַפיזיקער ממש ארויסגעבראַכט פון די כלים.

און אָט ווי אזוי.

נאָר איידער וואָס ווען לאָמיר קודם כאַפּן א שטיקל שמועס מכוח הומאָר בכלל. לאָמיר אָנצייכענען אין קורצע שטריכן דעם מאַרשרוט, וואָס דער וויץ מאַכט דורך אין די פאַרפּלאָנטערטע לאַבירינטן פון דעם מענטשלעכן געדאַנק.

ס׳איז מסתמא נישט פאַראַן קיין איין באַדייטנדיקער פילאָסאָף, וואָס זאָל נישט, אין די ראַמען פון זיין אייגענער שיטה, זיך האָבן אָפּגעשטעלט אויף דער ראָל, וואָס הומאָר שפּילט אין דעם גייסטיקן לעבן פון דעם אָדער יענעם ציוויליזירטן קיבוץ מענטשן. עטלעכע נעמען: אריסטאָטעלעס, קאַנט, שאָפּענהויער, משה מענדעלסאָן, די דאָזיקע פיר גרויסע פילאָסאָפן האָבן אָפּגעגעבן פאַרן הומאָר א וויכטיקן אָרט אין זייערע סיסטעמען, אָבער זיי האָבן קיין ספּעציעלע שטודיעס נישט געשריבן אויף אָט דער טעמע. דערפאַר אָבער האָבן אזעלכע דענקערס ווי טהעאָדאָר פישער, קונאָ פישער, האַראָלד העדפינגס, ספּענסער, העקער, טהעאָדאָר ליפּס ועל כולם — זיגמונד פרויד און האנרי בערגסאָן, זיך יאָ שטאַרק פאַרטיפט אין די פּראָבלעמען פון הומאָר, פון קאָמיק, פון וויץ. וואָס שייך דעם ספּעציעל יידישן וויץ, האָט פעליקס וועלטש אים אויסגעפאָרשט נישט בלויז אין דער לענג און אין דער ברייט, אזוי צו זאָגן, נאָר אויך אין דער טיף.

מחמת דוחק אין אָרט וועט מיר אין דעם דאָזיקן מאמר אפילו נישט מיגלעך זיין אויסצורעכענען ביים נאָמען אלע צורות, אין וועלכע דער הומאָר קליידט זיך, אלע אספּעקטן און זשאַנערן זיינע; איך קאָן זיך אויך נישט אָפּשטעלן אויף די חילוקי־דעות, וואָס זיינען אָנטשטאַנען צווישן איין וויץ־פאָרשער און דעם צווייטן, הן בנוגע די סיבות, וואָס רופן ארויס א געלעכטער און הן בנוגע דעם מיין, דעם „כלומר״, דעם מוסר־השכל פון דער אָדער יענער קאַטעגאָריע וויצן. איך טאָר אָבער דאָ בשום אופן ואופן ניט פאַרשווייגן דעם צד השוה שבהם.

לויט זיי אלעמען קומט אויס, אז הומאָר איז א זייער וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון איטלעכער אמת־גייסטיקער שעפערישער טעטיקייט. אין א געוויסן זין איז דער חוש פאַר הומאָר אפילו א קאָנטראָל־מיטל קעגן איינזייטיקייט אין דענקען; ער גייט טיילמאָל האַנט אין האַנט מיט דער שעפערישער פאַנטאַזיע; ער איז א מין הויוון פאַר דעם דיאלעקטישן מעטאָד אין דענקען. לויט בערגסאָנען איז דער וויץ גאָר א תרופה קעגן דער מעכאַניזירונג און דער אויטאָמאַטיזירונג פון מענטשלעכע האנדלונגען און מענטשלעכע געדאַנק, א גוטע סגולה קעגן אלץ, וואָס ווייזט ארויס א נטיה פאַרשטייפט און אָפּגעטעמפּט צו ווערן.

אין אונדזער היינטיקער צייט, ווען דאָס רוב מענטשן האָבן אויפגעהערט צו דענקען מיטן אייגענעם מוח און זיי גלוסט זיך רק צו ווערן אָדער „פירערס״, מנהיגים, אָדער פּיטשינקע שרייפעלעך פון דער מאַשין „מאַסע״, איז טאַקע הומאָר געוואָרן — צום באַדויערן אויך אין געוויסע יידישע קרייזן — א גאָר זעלטענער אַרטיקל. דערפאַר אָבער האָט זיך אומעטום פאַרשטאַרקט דער טעראָר פון די פאַרשיידענע לאָזונגען, פון די דעמאַגאָגישע שלאַגווערטער, וואָס „כשמם כן הם״, — זיי „שלאָגן״ זיך אריין אין דעם פוסטן חלל פון די מוחות און „שלאָגן״ פון דאָרטן ארויס יעדן ברעקל קריטישן געדאַנק, איטלעך געפיל פאַר אחריות און ממילא אויך שוין דעם דראַנג צו פרייהייט. ווארום אָן אחריות איז אויך קיין פרייהייט ניט בנמצא.

און טאַקע אזוי: א גוטער וויץ קריטיקירט; א גוטער וויץ באַפרייט דעם געדאַנק; א גוטער וויץ לערנט דענקען. דערפאַר זיינען דיקטאַטאָר און הומאָר נישט קיין גלייכע פּאָר. דערפאַר האָט הומאָר ניט קיין זכות הקיום אין די לענדער, ווו די מאַכטהאָבער האָבן מורא פאַר קריטיק, אחוץ, פאַרשטייט זיך, פאַר דער „קאַזיאָנער״ קריטיק, המכונה „זעלבסטקריטיק״, פאַר אָט דער פסידאָ־קריטיק, וואָס קיצלט דעם אַפּעטיט, אָבער זעטיקן זעטיקט זי ניט און איז א חוזק אויף זיך גופא.

געלעכטער איז — ווידער אמאָל לויט בערגסאָנען — ניט בלויז א סאָציאַלער פענאָמען, נייערט אויך א מין סאָציאַלער קאָרעקטיוו. אויסגעלאַכט ווערט אלץ, וואָס קאָן זיך ניט צופּאַסן צום לעבן, די פוילקייט, די אויטאָמאַטישקייט, די שטייפקייט, די פּעדאַנטישקייט.

פעליקס וועלטש האַלט, אז די דאָזיקע דעפיניציע איז ניט חל אויף יעדן מין הומאָר, ווייל עס איז אויך פאַראַן א גוטמוטיקער געלעכטער, א שפּילעוודיקער, וואָס איז ניט אויסן קיינעם צו שטראָפן און צו מוסרן. גראָד אין דעם יידישן הומאָר איז דער שפּיל־עלעמענט שטאַרק פאַרטראָטן. ס׳איז גענוג זיך צו דערמאָנען אָן אונדזער ליכטיקן שלום־עליכמען, וואָס שפּייזט זיך מיטן יידישן פאָלקלאָר און אנטלייט זיינע מעשיות ביי די יידישע וויצן און אַנעקדאָטן, כדי איינצוזען די ריכטיקייט פון וועלטשס באַמערקונג. פון די כעלעמער מעשיות שוין אָפּגערעדט. זיי זיינען טאַקע גאָרנישט ניט אויסן צו אילוסטרירן, אחוץ דעם אבסורד. אָבער מיר האַלטן נאָך ניט ביי זיי.

ס׳איז אויך כדאי זיך צוצוהערן צו זיגמונד פרוידס מיינונג איבער הומאָר. פרויד באַטאָנט שטאַרק אין זיין בוך „דער וויץ און זיין שייכות צום אומבאַוווסטן״ דעם באַפרייענדיקן כאַראַקטער פון דעם וויץ. א דאַנק דעם וויץ, לערנט אונדז דער באַגרינדער פון דער פּסיכאָאַנאַליטישער שיטה, קאָנען מענטשן זיך באַפרייען פון א מאַסע אינערלעכע שטערונגען. דער אגרעסיווער וויץ, למשל, דערלויבט, איין מענטשן אָנצוגרייפן דעם צווייטן און יענער זאָל אים דאָס כלל ניט פאַראיבל נעמען. נאָך מער: מען קאָן אפילו זיך וויצלען אויפן אייגענעם חשבון און זיך בעת מעשה ניט דאַרפן שעמען ניט פאַר זיך גופא און ניט פאַר לייטן.

.4

א סך יידישע וויצן ווייזן ארויס די דאָזיקע טענדענץ. דער ייד לאַכט פון זיך אליין, ער לאַכט פון זיינע צרות, ער לאַכט טאַקע טיילמאָל, ווי שלום־עליכם זאָגט, מיט יאַשטשערקעס, אָבער אזוי ארום רעכנט ער זיך אָפּ אין גוטן מוט, אָן רוגזה, מיט זיין פינצטערן גורל און אויך, אומדירעקט, מיט זיינע שונאים.

„דער וויץ, פירט אויס פעליקס וועלטש אין זיין זייער אינטערעסאַנטער שטודיע, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דעם „יידישן אלמאַנאַך״ (פון דעם יאָר תש״ו, ארויסגעגעבן אין פּראַג, אין דייטש), איז דאָס וויכטיקסטע ליטעראַרישע מיטל פון אַן אונטערדריקטן פאָלק. דער וויץ איז דאָס געווער פון דעם פיזיש שוואַכן און גייסטיק שטאַרקן מענטשן. אין דער לעצטער

תקופה פון דעם יידישן אומגליק — בעת די מאוימדיקע רדיפות אויף יידן אין דייטשלאנד אונטער היטלערס ממשלה — האָט דער וויץ געשפּילט אַן אומגעהייערע ראָל, וואָס וועט ערשט שפּעטער ווערן ריכטיק אנטדעקט דורך די קינפטיקע היסטאָריקער. די שטים פון דעם פּארפּייניקטן, געפּלאָגטן און באשפּיגענעם פאָלק האָט זיך געלאָזט הערן נאָר דורך דעם געשושקעטן, צוגעשושקעטן וויץ. אָבער דער דאָזיקער וויץ האָט דורכגעדרונגען דורך אלע שפּאַרונעס און דורך אַלע שפּעלטלעך פון דער געזעלשאַפט. קיינער האָט ניט געקאָנט אים אָפּשטעלן. מען האָט ניט געקאָנט אים בייקומען מיט קיין איין קאָנצענטראציע־לאַגער".

א וויכטיקן צושטייער צו דעם טייערן וויצן־קנין (פאר טייכן בלוט און א ים טרערן איינגעהאנדלטן קנין קעגן אונדזער ווילן), וואָס יידן־קאַצעטלער האָבן זיך דערוואָרבן אין די כלערליי אומקום־לאַגערן ברענגט די — דורך י. קאַפּלאַן אין מינכען 1949 — ארויסגעגעבענע בראָשור „דאָס פאָלקמויל אין נאַצי־קלעם". די דאָזיקע זאַמלונג פון ריידענישן אין געטאָ און אין קאַצעט באווייזט, אז דער הומאָר האָט זיך אפילו אויפן שוועל פון טויט ניט אָפּגעטאָן פון דעם יידישן פאָלק־געניוס. ווער ווייס וויפל יידן ער האָט אָפּגעראטעוועט פון יאוש און פון זעלבסטמאָרד! וואָרעם „איינער פון די לעבנס־עקסטראַקטן, באמערקט י. קאַפּלאַן אין זיין פאָרוואָרט, וואָס מיט דעם האָט זיך כמעט יעדער געלאָבט, איז געווען — דער אייביקער „קול יעקב". ווערטלעך, וויצן, אַנעקדאָטן, ווינטשערייען, פארשיידענע באטראכטונגען און צוטראכטענישן — דאָס איז געווען דער גוטער באַלזאַם פון די פארטייעטע הערצער און דערשלאָגענע געמיטער".

.5

קול יעקב? קאָן מען דען דעם יידישן וויץ האַלטן פאר א „קול יעקב" אויך אין דעם תנ"כישן זין, אין דער תנ"כישער רעטראָספּעקטיוו, אזוי צו זאָגן? געוויינטלעך נעמט מען אָן, אז דער ענין הומאָר איז די עברים און די ישראלים געווען פרעמד און אז די „מילתא דבדיחותא", דאָס געלעכטערל, די המצאה׳לע, דאָס גלייכווערטל זיינען א שפּעטערדיקער אויפטו פון די בעלי־התלמוד און פון די בעלי־אַגדה.

ווייס איך טאַקע ניט ווי אָפּצודאַנקען דעם פראנצייזיש־יידישן שרייבער, עמנואל בערל, וואָס ער האָט מיר געעפנט די אויגן דורך זיין ביז גאָר אינטערעסאנטן און באלערנדיקן ארטיקל אין „רעווי דע לאַ פּאַנסע זשוויוו", פון יאנואר, 1951.

א חוץ א סך אנדערע אמתן און ווערטן האָט עמנואל בערל „אנטדעקט" — ניין, „געלייגט דעם טראָפּ" האָט ער אויף דעם שמייכעלע, וואָס „שוועבט ארום אויף די פּנימער פון די אבות" אונדזערע, דעם „שמייכעלע פון דער ניינציקיאָריקער שרה", בעת זי דערוויסט זיך, אז זי וועט האָבן א קינד, „רבקהס שמייכעלע, ווען זי נעמט צו לבב תרפים", „יעקבס נצחונדיק שמייכעלע נאָכדעם ווי ער האָט בייגעקומען דעם מלאך, וואָס האָט זיך געראנגלט מיט אים", „יוספס שמייכעלע, ווען ער הייסט אריינלייגן שטילערהייט זיין גאָלדענעם בעכער אין בנימינס זאַק".

געוויס איז דאָס הלכה נאָך ניט קיין אמתער הומאָר, און מיט וויצן האָט דאָס אוודאי גאָרנישט ניט צו טאָן. אָבער דער קלימאַט, אין וועלכן דער הומאָר קען אנטשטיין און געדייען, איז דורך דעם דאָזיקן שמייכעלע יאָ באשאפן געוואָרן. שפּעטער דערציילט דער חומש פון „קולות וברקים", ווען גאָט באַווייזט זיך פאר אליהו הנביא, לייענען מיר, האָט זיך דאָס צוגעטראָפן ניט אין שטורעם, נאָר דווקא „בקול דממה דקה", באזאַכט, געלאסן, פארקלערט. און מיר געפינען זיך ווידער אין א געגנט פון שטילן, גוטהארציקן הומאָר.

.6

„געגנט" האָב איך אָקערשט געזאָגט און געמיינט האָב איך צו זאָגן; „ספערע". ווייל הומאָר איז פון דער געגנט אין דעם געאָגראַפישן זין לחלוטין נישט אָפּהענגיק, נאָר פון די גייסטיקע דיספּאָזיציעס איז ער אָפּהענגיק, פון וועלכע ער ציט זיין יניקה. אין דער ספערע פון דער יידישער גייסטיקייט איז לכתחילה געווען פאַרוואָרצלט דער געדאַנק, אז יעדער מענטש, אפילו א צדיק גמור, זינדיקט אויך; ער זינדיקט כלפי גאָט, כלפי די מענטשן און כלפי זיך גופא. האָט זיך טאַקע אנטוויקלט א מין רחמנות־געפיל צום פעלערהאַלטן מענטשן און צו גלייכער צייט אויך א חוש פאַר מאָס און פאַר ניואַנסן.

דיביידע הנחות האָבן דיקטירט שלמה המלכן אָנצושרייבן דעם ספר „משלי" און האָבן — יאָרטויזנטער שפּעטער — געטריבן אחינו בני ישראל זיך צו דערציילן וויצן און אַנעקדאָטן.

אין די יידישע וויצן ווערן גענומען אויפן צימבל בעלי־גאווה׳ס פּוסטע, עמי־הארצים, פּוילאקעס, בטלנים, ליידיקגייערס, שוטים, קמצנים, אויפגעקומענע גבירים, פאַרכעס, רשעים, נאַרישע אפּיקורסים, צבועקעס, „וצדקתך־יידן", פארשטעלטע, קונצנמאַכערס מכל המינים און נאָך און נאָך אזעלכע לעכערלעכע פאַרשוינען, וואָס ס׳איז כדאי פון זיי אָפּצולאַכן. אָבער, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, עס טרעפט, אז עס פאַרווילט זיך אַ וויץ גלאַט אזוי זיך א שפּיל צו טאָן, אָן א באשטימטער כוונה און אָן א מוסר־השכל. נאָר אפילו אזא מין וויץ „שטעכט" אויך און טרעפט טיילמאָל אין סאַמע פּינטל אריין. דאָס איז א טראַגי־קאָמישער וויץ. דאָס איז דער טראַגי־קאָמישער וויץ פון א טשארלי טשאַפּלין און דער טראַגישער אַנעקדאָט פון אַ פראַנץ קאפקאָ.

פארדריסט מיר וואָס איך קאָן דאָ ניט זיך אָפּשטעלן אויף דער טראַגישער קאָמיק פון טשאַפּלינס שפּיל, פון אָט דעם געניאלן יידישן מימיקער און אקראָבאַט, וואָס איז — אויפן פילמישן פלאַך — א ברודער פון אונדזער מנחם־מענדלען, דעם טראַגישן אָפּטימיסט, א ברודער אויך פון מענדעלעס בנימין השלישי.

וואָס שייך פראַנץ קאַפקאָ, אים מוז איך בקיצור יאָ פאָרשטעלן דעם לייענער. ווייל זיין גורל איז ענג פארבונדן מיטן גורל פון די כעלעמער בטלנים, כאָטש אויבן אויף געזען ווייזט אויס, אז זיי געהערן צו צוויי פארשיידענע וועלטן.

וועגן דעם יונג פארשטאָרבענעם יידישן שריפטשטעלער (אין דער דייטשישער שפּראַך) פראַנץ קאַפקאָ איז שוין זייער פיל געשריבן געוואָרן. ער איז געוואָרן פאַררעכנט פארן קלאסיקער און פארן באגרינדער פון דער עקסיסטענציאַליסטישער היינטיקער וועלט־ליטעראטור. איז אָנגענומען אין דער וועלט, אז פראַנץ קאפקאָ האָט זיך פאַרמאָסטן צו זיין — און דאָס האָט זיך אים אין א גרויסער מאָס אויך איינגעגעבן — דער קינסטלערישער שליח־ציבור פון דער מענטשהייט, וואָס געפינט זיך אויפן שיידוועג פון אבסורד און פון טראַגיק, אויפן שיידוועג פון שגעון און פון אונטערגאנג. קיין אַנדער אלטערנאטיווע, קיין אנדערע וועגן, צווישן וועלכע זי זאָל קאָנען אויסקלייבן, זעט זי נישט, זוכט זי אפשר אויך ניט.

ווי דער כלל אזוי אויך דער יחיד! דערפון נעמט זיך ביי קאפקאָס אלע העלדן דער דראַנג „ארויסצוגיין פון דער אייגענער הויט", ווערן א חיה, א הונט, א טשערעפּאַכע. די מענטשלעכע עקסיסטענץ האָט פאר זיי פארלאָרן יעדן זין, נאָכדעם ווי די מאַשין, אָט דער ליימענער גולם אָן א שם המפורש אויפן שטערן, האָט גענומען קריגן די שליטה אויפן מענטשן, נאָכדעם ווי די מענטשלעכע באַציאונגען האָבן זיך אזוי פאַרפּלאָנטערט, אז קיינער ווייס ניט מער וואָס ס׳איז גוט און וואָס ס׳איז שלעכט, נאָכ־

דעם ווי עמעץ אן אומבאקאנטער האָט פאַרפירט א פראָצעס קעגן יעדן איינציקן פאר גאָרנישט און ווידער גאָרנישט, נאָכדעם ווי דער „גרויסער אַנאָנים" האָט פאַרמישט די יוצרות און קיינער ווייס נישט מער ווו איין און ווו אויס.

קאפקאָ, ווייס מען, איז אַ פעסימיסט, וואָס זעט ניט קיין שום זין ניט אין זיינע אייגענע ליידן, ניט אין די ליידן פון אַלע אנדערע מענטשן, וואָס זיינען, פונקט ווי ער, צוגעשמידט צו דער שווערער „טאַטשקע", וואָס מען רופט לעבן. פרעגט זיך: ווי קומט ער צו די אייביק אָפּטימיסטישע כעלעמער „חכמים", וואָס געפינען דאָך איטלעך מאָל נאָך א זיבן טאָגיקער אסיפה יאָ אן אויסוועג פון אַלע שלעק? אָבער פראַנץ קאפקאָ איז אין תוך גענומען א פאַרשטעלטער פעסימיסט. פונקט ווי די כעלעמער תמימים, מיינט ער אויך, אז דאָס מענטשלעכע זיין קאָן געראַטעוועט ווערן דורכן גלויבן אין גאָטס איינהייט (און ממילא אויך אין דער איינהייט פון דער וועלט) ניט געקוקט אויף אלע מכשולים אויפן וועג, וואָס פירט צו גאָט, ניט געקוקט אויף דער דואַליסטישער, דאָס הייסט, געצנדינערישער ציוויליזאַציע אונדזערער. אין איר אַרטיקל איבערן „הומאָר ביי פראַנץ קאפקאָ" (פאַרעפנטלעכט אין דער אויבן דערמאָנטער פראַנצייזיש־יידישער „רעווי דע לאַ פּאַנסע זשוויוו") ציטירט מאַרטאַ ראָבערט איינעם פון זיינע טיפע אַפּאָריזמען, וואָס איז אן עדות פון דעם דאָזיקן עכט־יידישן געדאַנקענגאַנג. „גלויבן, שרייבט קאַפקאָ, איז דער טייטש: באַפרייען דאָס וואָס איז ניט צעשטערבאר אין זיך, אָדער בעסער געזאָגט: זיך באַפרייען, אָדער נאָך גענויער: ווערן ניט־צעשטערבאר, אָדער נאָך־דייטלעכער: זיין, עקסיסטירן".

איז שוין פעליקס וועלטש גערעכט געווען, ווען ער האָט אין זיין עטיוד „רעליגיעזער הומאָר ביי פראַנץ קאַפקאָ" (דערשינען אין דייטש אינאיינעם מיט מאַקס באָדס שטודיע „פראַנץ קאַפקאָס גלויבן"), ארויסגעהייבן די יידישע נאָטע פון דעם דיכטערס געשריי. ווייל, שרייבט פעליקס וועלטש, דער הומאָר, קאַפקאָס הומאָר, נעמט זיך פון זיין „פּעאיקייט, וואָס אנטדעקט דעם דואַליזם אין דער פאַלשער איינהייט, לאָזט אָבער נישט ארויס פון די אויגן די אמתע איינהייט, וואָס בלייבט דער ציל".

### 7.

אויף פאַרשיידענע וועגן אָבער מיט דער גלייכער כוונה — און מסתמא אויך אין דער זעלביקער ריכטונג — גייען סיי די העלדן קאַפקאָס, סיי די „העלדן" פון כעלם — צו דער ניט־צעשטערבאַרער איינהייט פון גאָטס וועלט. זיי מאַכן דורך א סך מעטאמאָרפאזעס, א סך גלגולים, אָבער דעם אבסורד וועלן זיי, דאַרף מען האָפן, סוף כל סוף דאָך באזיגן.

ניין, משיח איז ניט קיין אוטאָפּיע און די וועלט פירט זיך פאָרט לויט א געוויסן געטלעכן פּלאַן, כאָטש מיר זעען אים ניט, ווייל דאָס לעבן האָט אונדז צעשפּאָלטן און מיר צאַפּלען זיך — ספּעציעל מיר, יידן צאַפּלען זיך — צווישן זיין און ניט־זיין, צווישן דעם געבאָט צו בלייבן דאָס וואָס מיר זיינען אַמאָל געווען און דעם פאַרלאָקנדיקן רוף פון דרויסן, וואָס ציט אונדז צו אַן אנדער וועלט.

די גמרא זאָגט, אז מיטן בייטן דעם וווין־אָרט און מיטן געבן זיך אן אנדער נאָמען קאָן מען אויך אָפּטמאָל איבערבייטן א שלעכטן מזל אויף א גוטן מזל. דאָס האָט געטאָן כעלם! די דאָזיקע „עיר ואם בישראל" האָט זיך פאַרשטעלט, זי האָט זיך אָנגעטאָן אַ מאַסקע אויפן פנים, זי האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ נאַר, פונקט ווי קאַפקאָ האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ פעסימיסט. דער „עם חכם ונבון" אין כעלם — שווער צו דערגיין וועמענס עצה דאָס איז געווען און פאַרוואָס אויף דער אין פלוג גענומען גאַנץ נאָרמאַלער שטאָט איז אויסגעפאלן אזא מין גורל — האָט אָנגעהויבן צו ריידן אָפּטימיסטישע נאַרישקייטן און צו זוכן דעם סוד פון זיין אויסטערלישער עקסיסטענץ דורך אן „איפכא מסתברא"־לאָגיק, וואָס דער רעזולטאַט איז געווען, אז דער רב האָט פאַרלאָרן זיין קאָפּ, די קאַץ האָט געזיגט איבער א גאַנצע עדה יידן, גאַנץ כעלם איז אוועק מיטן פייער, און דערנאָך איז אין דער ווידער אויפגעבויטער שטאָט אזוי ווייט געקומען, אז עס האָט אויסגעפעלט א צענטער ייד צו א מנין. השכלה. באַנען און... כעלם.

די דאָזיקע „פאַרשטעלטע" לאָגיק דרינגט דורך דורך אלע כעלעמער מעשיות. אפילו די פראַגע, וואָס מיר האָבן אָקערשט ערשט געשטעלט ווי אזוי גאָר די נאַרישקייט פון דער וועלט האָט זיך אויסגעשאָטן אויף כעלם, געפינט אַן ענטפער אין אָט דער מעשה:

נאָך די ששת ימי בראשית האָט דער אויבערשטער ארויסגעשיקט אין דער וועלט איינעם פון זיינע מלאכי השרת און האָט אים מיטגעגעבן צוויי זעק. איין זאַק איז געווען פול מיט קלוגע, מיט פּיקחותדיקע און דער צווייטער זאַק—מיט נאַרישע, מיט תמימותדיקע נשמות. דער מלאך איז זיך געפלויגן איבער דער בריסקער גובערניע און האָט פליענדיק אזוי פאַמעלעך ארויסגעלאָזט פון זייער ביידע זעק, דאָ אַ קלוגע נשמה און דאָ אַ נאַרישע נשמה.

ווי ער איז אָבער פאַרבייגעפלויגן דעם הויכן כעלעמער באַרג, האָט דער זאַק, ווו עס זיינען געלעגן די נאַרישע נשמות, זיך פאַרטשעפּעט אָן דעם שפּיץ באַרג, און אזוי ארום זיינען דורך דעם צעלעכערטן זאַק די נאַרישע נשמות אלע מיט איין מאָל ארויסגעפאלן און זיינען אלע אריינגעפאלן אין כעלם.

פון דעמאָלט אָן זיינען טאַקע אויפגעוואקסן אין כעלם לויטער נאַראָנים, וואָס האָבן זיך קונה שם געווען אין גאָר דער וועלט.

דער דאָזיקער הומאָר־זשאַנר איז פאַראַן אויך ביי די אומות העולם. די דייטשן, א שטייגער, פאַרמאָגן אויך זייערע שילדבערגער געשיכטעס. אָבער וואָס פאַר אַ מרחק רב טיילט פונאַנדער זייערע שילדבערגער געשיכטעס פון די כעלעמער מעשיות. די שילדבערגער געשיכטעס זיינען פשוטע לצנישע שטיק, וואָס זייער עובדה איז צו אמוזירן די „פּראָסטע לייט", בעת די כעלעמער מעשיות זיינען, הן לויט זייער טעמאַטיק, הן לויט זייער טאָן, קרומע משלים, וואָס דערציילן פון א קרומען און אבסורדן לעבן.

כעלם, קאָן מען זאָגן, איז אויסגעקליבן געוואָרן ווי אַן עיר מקלט פאר דעם יידישן געדאַנק, וואָס די איבערגעשפּיצטע חכמה זיינע הייבט אים אָן ווייי צו טאָן. וואָרעם דער קורצער, יידישער וויץ, ווי שאַרף און ברענענדיק ער זאָל ניט זיין, איז ער דאָך טיילמאָל נישט ביכולת צו „פאַרברענען" גאָר די ביטערקייט, וואָס זאַמלט זיך אָן אין די פאַלדן פון דעם יידישן לעבן.

די כעלעמער מעשה איז א פּראָטעסט קעגן דעם טראַגישן גורל פון א פאָלק, וואָס פאַרזינקט אין בלאָטע, אין אָרעמקייט, אין נויט, כאָטש עס האָט גאָר געדאַרפט אויספירן א זייער וויכטיקע שליחות אין דער וועלט: זי ראַטעווען פון אונטערגאַנג און זי באַפרייען פון די סתירות, וואָס צעגריזשען זי און מאַכן זי חרוב.

די כעלעמער מעשיות קומען אונדז צו לערנען, אז ניט די פאָרמעלע לאָגיק וועט אונדז אלעמען ראַטעווען פון אונטערגאַנג, ניט די סטאַגנאַציע און דאָס האלטן זיך ביים אלטן און אויך ניט דער אזויגערופענער פּראָגרעס, וואָס ווייס ניט וווהין און נאָכוואָס אייגנטלעך ער פּראָגרעסירט, אזוי צו זאָגן, נאָר יענער מענטשלעכער פּראָגרעס, וואָס זיין ציל איז „לתקן עולם במלכות שדי".

דאָס איז, אין דער אונטערשטער שורה, דער טייטש, דער מיין פון די כעלעמער מעשיות, וואָס גילטן ווי מעשיות פון נאַראָנים, זיינען אָבער אָנגעזאַפּט מיט חכמה.

אדרבה, לייענט זיי איבער נאָך אמאָל — וועט איר אליין זען.

שניאור וואַסערמאַן, אַרגענטינע

# כעלם


שניאור וואַסערמאַן

זייער פיל שטעט און שטעטלעך פון דער חרובער אייראָפּע האָבן געהאַט די טרויעריקע זכיה זייערע חורבנות זאָלן, מיט מער אָדער ווייניקער פּינקטלעכקייט, באַשריבן ווערן. די חורבן־ליטעראַטור פאַרנעמט דעם אויבנאָן אינעם יידישן נאָך־מלחמה־שאַפן. ס'איז אַ נאַטירלעכער דראַנג זיך אויסצורײדן, הן ביי די, וואָס זיינען די פּערזענלעכע עדות פונעם גרעסטן חורבן אין דער יידישער געשיכטע (און אין דעם פאַל זיינען די חורבן־באַשרייבער נישט שטענדיק קיין שרייבער) און הן פון די שרייבער, וועלכע האָבן דעם חורבן נישט געזען מיט זייערע אייגענע אויגן, נאָר מיט זייערע הערצער. די לעצטע באַמיען זיך צו געבן אַ קינסטלערישן תקון דעם דאָזיקן גרויסן חורבן און דאָס איז פון די שווערסטע אויפגאַבן פאַר די קינסטלער פון אונדזער דור, וועמענס אויפגעשווידערטע געמיטער קאָנען אפשר אויסשרייען די פּיין, אָבער גאָר ווייניק גיט זיך איין אים קינסטלעריש צו געשטאַלטיקן.

אַ טייל פון דעם מין ליטעראַטור דריקט זיך אויס אין איבערגעבן די כראָניק פון די חרובע היימען. אין דעם פאַל זיינען אָנגעשריבן געוואָרן זייער וויכטיקע חורבן־מגילות פון די גרעסערע שטעט: וואַרשע, לאָדזש, ווילנע א.א. היסטאָריש זייער וויכטיקע, בלוטיקע דאָקומענטן, וועמענס מחברים זיינען לעבנגעבליבענע שרייבער — עדות פון דער גרויסער טראַגעדיע.

דאַקעגן באַצי איך זיך זייער רעזערווירט צו די־יעניקע באַשרייבונגען פון מענטשן, וועלכע האָבן אויפגעכאַפּט אַ פּאָר עפּיזאָדן פון אַ צוריקגעקומענעם פון אַ לאַגער, אָדער געטאָ און פון די עטלעכע (אויף גיך דערציילטע עפּיזאָדן) געזוכט צו מאַכן ליטעראַטור אויף הונדערטער בוך־זייטן. אין אייניקע פאַלן האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער מין ביכער האָט גאָר אַ קנאַפּע שייכות מיטן דערציילטן גופא.

כדי זיך נישט אויסצוגליטשן אויף דעם אופן פון מאַכן ליטעראַטור פון חורבן האָב איך ביז איצט נישט דערפילט דעם פאַרלאַנג פון אַ סך לאַנדסלייט פון מיין שטאָט כעלם, ווי אויך פון טייל ארויסגעבער פון ביכער, איך זאָל אָנשרייבן מעמואַרן וועגן דער דאָזיקער, אַזוי באַרימטער אין דער יידישער פאָלקלאָר־שטאָט, כעלם.

איך בין שוין אַריבער אַ פערטל יאָרהונדערט ווייט פון כעלם. פאַר דער צייט זיינען פאַרגעקומען וויכטיקע געשעענישן אין שטאָט פון וועלכע בלויז אַ טייל זיינען צו מיר דערגאַנגען. אויך איז נישט מיגלעך צו שרייבן נאָר פון דעם פאַרמלחמהדיקן און דורכלאָזן דאָס וויכטיקסטע, וואָס אַלעמען אינטערעסירט: די גרויל־טעג פון דער היטלער־אָקופּאַציע. האָב איך געוואַרט: אפשר וועט פאַרט עמעץ פון די לעבנגעבליבענע אויפוויקלען די בלוטיקע מגילה פון כעלם, אָדער עס וועלן זיך, ווייניקסטנס, אָפּזוכן אויטענטישע עדות פון די גרויליקע געשעענישן, וואָס זאָלן געבן



אַ באַגריף וועגן דעם פאַרגעקומענעם. אזעלכע עדות האָב איך מיט דער צייט באַגעגנט.

דער ערשטער לעבנגעבליבענער, וואָס איז אריבערגעקומען קיין אַרגענטינע, איז מיינער אַ יוגנט־באַקאַנטער, נח שוכמאַכער.

ער האָט איבערגעלעבט די ערשטע חדשים פון דער נאַצי־אָקופּאַציע און איז געווען אין דער פּאַרטיע יידן, וואָס מען האָט ארויסגעפירט פון כעלם צום בוג. זיין עדות זאָגן וועגן דער ערשטער בלוטיקער מאַסן־דראַמע איז דעריבער באַגלייבט.

דער צווייטער עדות, אויף וועמען דער גרעסטער טייל פון מיין כראָניק שטיצט זיך, איז תנחום ניסענבוים. דער דאָזיקער מענטש געהערט צו די „גליקלעכע" פופצן יידן, וואָס זיינען לעבן געבליבן אין כעלם גופא. איך האָב אים באַגעגנט אין סאַן־פּאַולא — בראַזיל, ביי זיין שוואָגער, משה קלערער — אַ באַקאַנטער אין כעלם, און וווינט שוין לענגערע יאָרן אין בראַזיל.

אויך די ידיעות, וואָס תנחום ניסענבוים באַזיצט זיינען נישט קיין פולע צוליב דער איזאָלאַציע, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען, ווי מיר וועלן דאָס שפּעטער דערציילן.

מוז די חורבן־כראָניק זיך דערווייל באַגרענעצן אויף די דאָזיקע קנאַפּע ידיעות, וואָס איך האָב ביז איצט געזאַמלט.

אויב אַנדערע לעבנגעבליבענע וועלן קאָנען פאַרפולן מיט מער ידיעות די דאָזיקע בלוטיקע כראָניק, וועט עס זיין זייער וויכטיק פאַר דער געשיכטע פון כעלעמער חורבן און פאַר דער יידישער חורבן־געשיכטע בכלל.

אויב קיינער זאָל דאָס נישט טאָן, וויל איך מיט מיין פאַרצייכענען די פאַראַנענע ידיעות אָפּראַטעווען כאָטש אַ טייל פון אונדזער טראַגעדיע פון דער פאַרגעסנקייט.

און פאַר דעם — אַ ביסל וועגן דעם אַמאָליקן לעבעדיקן כעלם.

* * *

אין דעם מאָמענט, ווען איך נעם שרייבן די דעראינערונגען פון לעבעדיקן כעלם, דאָס מיינט פון יענע צייטן, ווען אין כעלם איז געווען אַ לעבעדיקער יידישער ישוב — פון דעמאָלט טיילן מיך אָפּ איבער 25 יאָר.

אָבער מער פון 20 יאָר האָב איך געלעבט אין כעלם: פרייער אונטערן צאַרישן יאָך און שפּעטער אונטער די פּויליש־פּריצישע פאַרשקלאַפער... אין יענע „גליקלעכע צייטן", ווען דער יידישער ישוב אין מיין שטאָט האָט זיך צוזאַמען מיט אַלע פּויליש־יידישע ישובים געראַנגלט פאַרן קיום: פאַר דער אייגענער קולטור און שפּראַך — פאַר די רעכט אויף אַן אייגן לעבן, ווי אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט.

די 20 יאָר, וואָס איך האָב געלעבט אין כעלם, אָנהייבנדיק פון מיינע פריסטע קינדער־יאָרן, גיבן מיר די מיגלעכקייטן צו פאַרצייכענען די מער וויכטיקערע עפּיזאָדן, וואָס זיינען מיר פאַרבליבן אין זכרון. זאָל דאָס זיין אַן אָרעמע מצבה אויף מיין שטאָט, וואָס האָט פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט אין יידישן פאָלקלאָר, אין דער יידישער ליטעראַטור און הויפּטזאַכלעך — אינעם געזעלשאַפטלעך־קולטורעלן לעבן.

ס'האָט באַדאַרפט זיין אין די יאָרן, 1904—1905 — אין די שטורעם־יאָרן אין צאַרישן רוסלאַנד — ווען מיר האָבן, נאָך אַ שרפה פון אונדזער הילצערנעם שותפות־באַראַק, אין דאָרף

אדאלצא, 9 קילאָמעטער פון כעלם, זיך אריבערגעקליבן אין שטאָט אריין.

איין פויערישער וואָגן איז גענוג געווען כּאַר אַונדזערע אַלע „בעבעכעס“ מיטן גאַנצן הויזגעזינד. דער וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער ערשטער שטוב פון דער הרוביעשאָווער גאַס — דאָרט איז געוואָרן אונדזער שטאָטישע היים.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר 4—5.

פון דעמאָלט אָן הייבט זיך אָן מיין באַקאַנטשאַפט מיט כעלם.

כעלם, ווי די גאַנצע גרויסע צאַרישע אימפּעריע, איז דעמאָלט פול געווען מיט רעוואָלוציאָנערן אויפברויז, מיט רעוואָלוציאָנערע געשעענישן און די ערשטע איינדרוקן, וואָס איך האָב איינגעזאַפּט, אַלס קינד זיינען פאַרבונדן מיט זיי. איינדרוקן, וועלכע האָבן געריצט מיין נייגעריקייט צו דער אייגענער צייט — אָנגעוואָרפן אַ מורא.

אויף דער וואַנט פון אונדזער ענגען, הילצערנעם צימער איז געהאַנגען אַ נישט־איינגעראַמטער פּאַפּירענער פּאָרטרעט פון לעצטן רוסישן צאַר מיט דער צאַרינע. מיין טאַטע — אַ פּאַרגלייבטער אינעם צאַרס חסד און אין דער צאַריניעס גוטהאַרציקייט — האָט פון אַ יאַריד אַהיימגעבראַכט דעם פּאָרטרעט, נאָך דעמאָלט, ווען מיר האָבן געוווינט אין דאָרף. און צוזאַמען מיט די מעשענע ירושה־לייכטער, מיט דער צעבראָכענער ניי־מאַשין — איז אויך דער פּאָרטרעט פון דער צאַרסקער פּאָר געראַטעוועט געוואָרן פון דער שרפה.

קומט פּלוצלינג אריין אין אַ פרייטאָג פאַרנאַכט, ווען די מאַמע האָט שוין געהאַלטן אין פאַררוקן דאָס טשאָלנט, טאַקע מיין מאַמעס אַ ברודער־זון, סאָלאָמאָן שטיינוואָרצל, אָדער, ווי מען האָט אים גערופן: דער „ניקאָלאַיעווער“, ווייל ער האָט אַ לענגערע צייט געוווינט אין ניקאָלאַיעוו. איז ער מיט זיינס אַ חבר אריינגעקומען. ביידע — הונגעריק, אָפּגעריסן און מיט קינזשאַלן אין די בוזעם־קעשענעס — לויטן דעמאָלטדיקן רעוואָלוציאָנערן סטיל. דער חבר גיט אַ וויז סאָלאָמאָנען מיטן פינגער אויף דעם נעבעכדיקן צאַרישן פּאָרטרעט און דער לעצטער, ווי אַ מער היימישער, גיט אַ רייס ארונטער דעם פּאָרטרעט פון דער וואַנט, צעפּיצלט אים מיט די פינגער און ביידע רעוואָלוציאָנערן צעטרעטן אים מיט די פיס.

מיין טאַטע צאָרנט זיך פאַרן חילול־הצאַר און איז זיך גרייט צו קריגן מיט די מורדים, אָבער די מאַמע, וואָס האָט אין זינען געהאַט די אייגענע צרות און נישט עפּעס אַ צאַר מיט אַ צאַריניע, האָט אויף גיך צונויפגעקליבן די צעריסענע שטיקלעך פּאַפּיר פון פּאָרטרעט, זיי אריינגעוואָרפן אין ברענענדיקן אויוון, כדי אָפּצווישן די שפּורן פון „פאַרברעכן“. אויף צו שטילן די קריגעריי צווישן די צדדים האָט זי אַראָפּגענומען פון דער „קאַפּע“ צוויי פרישע פּלעצלעך, וואָס זי פלעגט באַקן יעדן פרייטאָג און געגעבן ביידע מורדים — נאַ און זאָל זיין שלום.

כאָטש די „סטרייקערס“ אָדער „ציציליסטן“ — ווי מען האָט די דאָזיקע מענטשן דעמאָלט גערופן, האָבן אפשר אויף אזא הויכן לוין פאַר זייער טרחה נישט געוואַרט, איז עס זיי אָבער זייער גוט צוניץ געקומען. דאָס האָט מען דערקענט לויטן אַפּעטיט מיט וועלכן זיי האָבן די פּלעצלעך ממש פאַרשלונגען.

די מאַמע האָט זיך געשעמט מיט איר פּלימעניק און אים פיינט געהאַט, נישט ווייניקער, ווי דער טאַטע. מיט אַ גנב אין דער משפחה וואָלטן זיי זיך ווייניקער געשעמט. דאָס איז אין דורכשניט געווען דער קוק פון עלטערן דור יידן אויף די רעוואָלוציאָנערן פון יענער צייט, וועלכע זיינען געווען די שייטער־אָנצינדער פאַרן שפּעטערדיקן גרויסן אָקטאָבער־פּלאַקער...



קרץ נאָך דעם האָבן די כעלעמער גאַסן צוגעזען אַ בלוטיקן ספּעקטאַקל, וועגן וועלכן כ׳האָב געלייענט ערשט מיט אַ סך יאָרן שפּעטער און אויסגעפונען דעם זין, אָדער — דעם אומזין דערפון:

איך בין געזעסן ביים פענצטער, ארויסגעקוקט צו די געשעענישן אין דרויסן און געוויינט. אין שטוב זיינען מיר געווען בלויז קינדער. די עלטערן זיינען געווען אויפן שטאָטישן יאַריד און דערפון דרינג איך, אז דאָס איז געווען אין אַ דינסטאָג־טאָג, ווייל די יאַרידים אין כעלם זיינען אַלע מאָל געווען אום דינסטאָג.

נאָר אָט זיינען די עלטערן אויף אַ פויעריש פורל אָנגעקומען פון יאַריד. גיך אַראָפּגעכאַפּט דאָס ביסל טאַנדעט אין שטוב אריין. די גאַס איז געווען לעבעדיק, פויערים האָבן זיך אויף גיך אָפּגעצויגן פון יאַריד, געשמיסן די אויסגעמאָגערטע פערדלעך. יונגעלייט מיט גרויסע „טשופּרינעס“ מיט שוואַרצע בלוזעס — די טראַדיציאָנעלע טראַכט פון די דעמאָלטדיקע רעוואָלוציאָנערן — האָבן זיך ארומגעדרייט איבער די גאַסן און געזוכט אונטערוועלט־מענטשן. ווו עפּעס אַ גנב, אַ „פאַרפאַסער“ — אזוי האָט מען גערופן די אָפּנעמער פון די גנבות — אָדער אַן אַנדערער מין אונטערוועלטניק, איז ער ארויסגעשלעפּט געוואָרן פון זיין באַהעלטעניש, באַקומען אָנגעבראָכן די ביינער אויף טרוקן און אויף „נאַס“ און אַ צעהרגעטן האָט מען אים ארויפגעוואָרפן אויף א פויערישן וואָגן און אָפּגעפירט אין שפּיטאָל.

באַלד איז דאָס הויז, ווו מיר האָבן געוווינט, פול געוואָרן מיט די „סטרייקערס“. אונדזער קריסטלעכער באַלעבאָס, שונדעצקי, איז ביי זיי געווען אין חשד, נישט אזוי ער אליין, ווי זיין ווייב. זי איז געווען אַ מאָדנע פאַרשוין: אַ געמיש פון שווינדלערין, גנבטע, גבירנטע און „מאַמע“ פאַר אלע בעטלער און פאַרוואָרלאָזטע. ביי איר אויפן בוידעם האָבן זיך געפונען אַלערליי קליידער, פעלצן, דיוואַנען, וואָס זי פלעגט ביי גנבים אָפּקויפן, אָדער אויסנאַרן, אָן דעם זי זאָל די זאַכן ווען נוצן, אָדער פאַרקויפן. אליין איז זי געגאַנגען קרועה־בלועה. די חברה איז דערפון געוואָר געוואָרן, ארויף אויפן בוידעם און פון דאָרט אוועקגעפירט פולע 2 וועגענער אין דער פּאָליציי, צוזאַמען מיטן מאַן, וועלכן מען האָט פריער גוט מקים פסק געווען. דער אומשולדיקער, האָרעפּאַשנער שונדעצקי — אַ ריז אַ גוי — האָט אפשר פון זיין ווייבס טריפהנע מסחרים אינגאַנצן נישט געוווסט, אָבער די קלעפּ האָט ער געכאַפּט.

און בשעת מהומה, ווען אַלע זיינען פאַרנומען מיט דעם אוצר אויפן בוידעם, שטעלט זיך אין אונדזער צימער אריין אין איילעניש איינער אַ „סטרייקער“, פון בוזעם־קעשענע גלאַנצט ארויס אַ קינזשאַל און ער פרעגט אויף גיך, גלייך עס וואָלט זיך געהאַנדלט אין אַ חולה־מסוכן: ווו איז די מזרח־וואַנט?

ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט דאַווענען מנחה...

פון שכנס הויז האָט מען דערווייל ארויסגעפירט אַ געלבערדיקן יידן, אַ פרומען און איינגעטונקען אין יחוס פון די פּאות ביז דער שפּיץ ־קאַפּאָטע דער לאַנגער. נאָר פרומקייט קומט נישט צו קיין פרנסה. האָט ער צוליב דער ביטערער פרנסה אונטערגעהאַנדלט צו ביסלעך מיט גנבות. פירט מען אים, דעם פרומען יידן אונטער די הענט און איינער פון די „אונטערפירער“ איז אונדזער סאָלאָמאָן. ער פילט זיך באמת, ווי אַ מחותן אויף אַ חתונה און ער רופט אויס האָפעדיק צו מיין מאַמען, וועלכע שטייט אויפן גאַנעק און קוקט זיך צו: „מומע, איר זעט? דאָס זיינען אייערע גאָטס קאַזאַקן!“ מיין מאַמע פאַרשעמט זיך און גייט צוריק אין שטוב אריין. איך הער נאָך, ווי דער געפירטער ייד בעט זיך ביי יעדער „בוכטשע“, וואָס ער קריגט פון זיינע

„אונטערפירער״: „איך בין אַ טאַטע פון קליינע קינדער. האָט רחמנות. איר זייט דאָך יידן...״

די דאָזיקע געשעעניש, ווי איך האָב מיך אין די שפּעטערדיקע יאָרן פאַראינטערעסירט, איז פאָרגעקומען, נישט נאָר אין כעלם.

די סיבה פאַר אַזעלכע מאָדנע געשעענישן איז געווען, וואָס די אונטערוועלט האָט לאַנגע יאָרן געליפערט מינים גענגסטערס, וואָס פלעגן זיך אריינמישן אין די קאָנפליקטן צווישן אַרבעטער און באַלעבאַטים און שטענדיק לטובת די לעצטע. יעדער מין פאַרלאַנג פון אַן אַרבעטער פאַר זיין אויסבעסערונג פלעגט צוריקגעוויזן ווערן מיט קולאַקעס פון יענע פאַרשוינען, ערגעץ אין אַ שענקל. די דאָזיקע פאַרשוינען מיט די גלאַנציקע דאַשקעס, די היטלען וויליונגעריש אויף אַ זייט און מיט מעסערס אין די כאָלעוועס, זיינען לאַנגע יאָרן געווען די אויסטיילער פון „גערעכטיקייט״ צווישן אַרבעטער און באַלעבאַטים.

מיטן אויפגעוואַכטן באַוווסטזיין פון די אַרבעטער, אינעם גרויסן פאַרמעסט זיך צו באַפרייען פונעם צאַר, איז נייטיק געוואָרן, קודם־כל, זיך באפרייען פון די קליינע „צאַרלעך״ — די זעלבסטהערשערישקייט פון די פאַבריקאַנטן און באַלעבאַטים, וועמען די אַלפאָנסן זיינען געשטאַנען צו דינסט. דאָס נקמה־געפיל פון די אַרבעטער צו די אַלע מינים אונטערוועלט־פאַרשוינען איז דעריבער געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך. און נישט נאָר אין נקמה איז דעמאָלט געגאַנגען, נאָר פשוט — מאַכן זיי אומשעדלעך.

ווי איך בין מיט אַ סך יאָרן שפּעטער אינפאָרמירט געוואָרן, האָט די צאַרישע פּאָליציי געגעבן אַ דערלויבעניש אויף איין טאָג איבערן גאַנצן לאַנד די אַרבעטער זיך אָפּצורעכענען מיט דער אונטערוועלט און די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס האָבן, זעט אויס, דערויף מסכים געווען.

דאָס איז געווען אַ פּראָוואָקאַציע פון דער פּאָליציי ארויסצוברענגען פון די באַהעלטענישן די רעוואָלוציאָנער־טעטיקע עלעמענטן, וואָס עס איז איר געלונגען. די פּאָליציי, וואָס איז אין דעם דאָזיקן טאָג געווען פּאַסיוו, האָט באַלד אויף מאָרגן אויסגעשפּרייט אירע נעצן נישט אויף דער אונטערוועלט, נאָר אויף די מורדים במלכות.

ווען מען קאָן נאָך אָבער פאַרט פאַרשטיין די דאָזיקע מאָדנע אַקטן אין די גרעסערע שטעט, ווי וואַרשע און לאָדזש, וווּ די אונטערוועלט איז געווען אַ געדיכטע און שעדלעך פאַר דער אַנטוויקלונג פון די ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס, ווי מיר האָבן פריער געזען,



מאַי־דעמאָנסטראַציע פון דער פּראָגרעסיווער אַרבעטער־באַוועגונג אין כעלם אין יאַר 1936.

לאָזט זיך עס נישט באַרעכטיקן אין כעלם. דאָ איז דאָס גיכער געווען אַ פרומע נאָכמאַכונג נאָך די גרויסע שטעט.

דער באַקענטסטער פון די גנבים איז געווען קושל גנב. דאָס איז געווען אַ קלייך־געוויקסיק און פלינק יידל, וועלכער האָט געמאַכט שותפות מיט אַ גרויסן גוי און צווישן זיך אַזוי פאַרטיילט די ראָלן:

דער גרויסער גוי, אָנגעטאָן אין אַ ברייטער בורקע, פלעגט צוקומען צו אַ שטעלע, אריינשטופּן זיך, ווו ס׳איז ענג כדי נאָך ענגער צו מאַכן און דער קליינער קושל פלעגט זיך דורכשאַרן אומבאַמערקט, אריינרוקן די פינגער אין די קעשענעס פון די נאַאיווע, פאַרהאָרעוועטע פויערים און נעלם ווערן. זיין שותף איז געבליבן שטיין, ווי גאָרנישט וואָלט דאָ פאָרגעקומען און דינגען עפּעס ביים טאַנדעטניק. דער באַגנבעטער פויער פלעגט זיך רייסן די האָר פון קאָפּ און זיך חדושן: אָבער קיינער איז דאָך דאָ נישט געווען!

קושל פלעגט דערווייל אַ טייל פון דער גנבה ערגעץ אָפּשטעקן און פון דעם איבעריקן זיך טיילן מיטן שותף...

נאָכן יאַריד, פאַרן אַהיים פאָרן, פלעגט זיך קושל אריינכאַפּן אין דער יידישער רעסטאָראַציע, אָפּעסן ביי איין טיש מיט אלע יאַריד־סוחרים און נישט זעלטן אויסקויפן דאָס מזומן־בענטשן פאַר זיך, ווי אַ דאַנק צום אויבערשטן פאַרן גוטן „משא־ומתן״, וואָס ער האָט געמאַכט...

## „מענטשן״ און אַרבעטער

די יידישע באַפעלקערונג אין כעלם איז באַשטאַנען דאָס רוב פון בעלי־מלאכות און ארבעטער, אָבער פּאַסיקער וועט זיין אָנצורופן די דאָזיקע אַרבעטער מיט שלום־עליכמס נאָמען: „מענטשן״. דאָס זיינען געווען געדונגענע מענטשן אויפן יאָר אָדער אויפן זמן, פון חול המועד ביז חול המועד, מיט עסן, טרינקען און שלאָפן. די באַלעבאַטים זיינען, מיינסטן, געווען אַזעלכע געדיכטע קבצנים ווי זייערע „מענטשן״, וועלכע האָבן געהאַט די געלעגערס אין וואַרשטאַט גופא, ווו מען האָט זיך אויך געטיילט מיטן מאָגערן מאָלצייט. קיין גרעסערע יידישע אינדוסטריעס, ווי אין אנדערע פּויליש־יידישע שטעט, זיינען אין כעלם נישט געווען. אין דער איינציקער גיסעריי, וואָס איז דאָרט געווען, האָבן קיין יידישע אַרבעטער נישט געאַרבעט. בלויז אין די צוויי מילן, האָבן, צוזאַמען מיט נישט־יידן, אויך געאַרבעט יידן. די שניידער, שוסטער, סטאָליער און הויז־מאַלער זיינען געווען קליינע אונטערנעמער מיט געציילטע אַרבעטער. אויך די „יחוס״־פאַכן: זייגערמאַכער, היטלמאַכער און קאַמאַשנמאַכער האָבן געאַרבעט אין ענלעכע באַדינגונגען. די זעלביקע אומהיגיענישע, ענגע וואַרשטאַטן מיט די וווינונגען צוזאַמען ביי די „יחסנים״, ווי ביי די „פּראָסטע״ בעלי־מלאכות.

דער איבעריקער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון קליינע הענדלער, מעקלער און די מיט אומבאַשטימטע באַשעפטיקונגען.

אַ גרויסע אָרעמקייט האָט געהאַלטן אין צוואַנגען די כעלעמער יידן און באַזונדער האָט זיך די אָרעמקייט אָנגעזען אין דער געגנט, וואָס מען האָט (כ׳ווייס נישט צוליב וואָס) גערופן די „נייע צאַל״. די דאָזיקע גאַס האָט זיך געצויגן פּאַראַלעל מיט דער הויפּט־גאַס, דער לובעלסקער (לובלינער) נאָר אַביסל נידעריקער. כעלם איז אַ באַרגיקע שטאָט און איין טייל שטאָט ליגט נידעריקער, די צווייטע — העכער.

די „נייע צאַל״ איז גראָד געווען די עלטסטע געגנט פון שטאָט און אירע הייזער זיינען געווען מער חורבות ווי הייזער.

ערשט צום סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך פון דער דאָזיקער געדיכטער אָרעמקייט געגומען אויסטיילן אַן אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט, אין מאָדערנעם זין פון וואָרט, מיט אירע פּראָפעסיאָנעלע און קולטור־אָרגאַניזאַציעס.

## כעלעמער פּאַנאָראַמע

זיכער זיינען די שטעט און שטעטלעך אין גאַנץ פּוילן זייער ענלעך געווען איינס אויפן אַנדערן און יעדער געשילדערטע שטאָט פאַרמעגט שוין אין זיך די הויפּט־שטריכן פון אַ צווייטער, דאָך וועל איך מיך דאָ באַמיען ווייזן דאָס פּנים פון כעלם, ווי עס האָט זיך פאַרפיקסירט אין מיין זכרון.

דאָס איינציקע, אפשר, וואָס טיילט כעלם אויס פון טייל אַנדערע שטעט, איז די בערגיקייט אירע. נישט פון אזעלכע בערג רעדט זיך דאָ, וואָס לאָקן דעם נייגער פון טוריסטן, אָבער גענוג בערג זיינען דאָס אויך צו מאכן אינטערעסאַנטער די פּאַנאָראַמע פון שטאָט. אין טייל ערטער זיינען פאַראַן טרעפּ, וואָס פירן אַראָפּ, אָדער ארויף פון איין גאַס אין דער אַנדערער. אזעלכע זיינען פאַראַן פון דער לובלינער גאַס צו דער „נייער צאַל". אָבער אין מיינסטע ערטער איז מען געגאַנגען אראָפּ און ארויף אָן טרעפּ. ווינטער זיינען די דאָזיקע טיפע ערטער געווען אידעאַלע גליטשפלעצער פאר ווייסע חברהניקעס, חדר־יינגלעך, אין איין חברותא מיט די שקצים.

דאָס סאַמע העכסטע אָרט אין שטאָט האָט פאַרנומען די צערקווע (גריכיש־קאַטוילישער קלויסטער). גוואַהדיק־פאַרריסן האָט די צערקווע אַראָפּגעגלאנצט פון העכסטן אָרט מיט אירע מעשענע קופּאָלן און בראָנדזענע צלמים, אָט, ווי די באַגילדעטע עפּאָלעטן ביי די צאַרישע גענעראַלן. ביי דער זייט פון דער צערקווע איז געווען דער אריסטאָקראַטישער פּראַוואָסלאַווער בית־עולם. דאָרט האָבן גערוט די מיוחסים: די רעליגיעזע היעראַרכן מיט זייערע פאַרבינדעטע — די מיליטערישע. דאָס אָרט האָט זיך אויך גערעכנט פאַרן שענסטן שפּאַציר־פּלאַץ אין שטאָט. קיין יידישע שפּאַצירער זיינען אָבער אַהין ניט ארויפגעלאָזט געוואָרן. צו־הייליק איז געווען דאָס דאָזיקע אָרט פאַר די יידישע טריט. ערשט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ביים ווידערגעבורט פון דער פּוילישער זעלבשטענדיקייט, האָבן יידישע יוגנטלעכע געמאַכט אין דעם דאָזיקן שיינעם אָרט זייערע שפּאַציר־אויספלוגן*).

די צערקווע איז איבערגעשמדט געוואָרן אויף אַ פּוילישן קאָשטשאָל. לויט די מאָטיוון פון די פּאָליאַקן, האָבן אַמאָל די רוסן עקספּראָפּריאירט דעם דאָזיקן קלויסטער פאַר זייער גאָט ווענן, האָבן אים די פּאָליאַקן נאָך דער באַפרייאונג צוריקגענומען. און היות פּוילנס ווידער־געבורט איז געווען אַ „דעמאָקראַטישער" איז פאַר יידן אומעטום געווען פריי דער צוטריט. אָבער אויך אַלע מינים כוליגאַנעס האָבן געהאַט די פרייהייט צו טאָן מיט די יידן, וואָס עס לאָזט זיך. איז דאָס דאָזיקע שיינע שפּאַציר־אָרט געוואָרן דאָס פּלאַץ פון טעגלעכע כוליגאַנישע איבערפאַלן אויף יידן. דאָך האָט די יידישע יוגנט נישט אויפגעהערט צו שפּאַצירן דאָרט און כוליגאַנעס האָבן נישט אויפגעהערט זיך „פאַרוויילן" איבער יידן.

אַ ביסל ווייטער, אָבער אויך אויף דער לובלינער גאַס, איז אַלט און פאַרשוואַרצט געווען דער קלויסטער, ווי פאַרשוואַרצט

*) אויך האָבן די פּויליש־אַנטיסעמיטישע אינסטאַנצן פאַרבאָטן יידן אויף יענעם אָרט צו קומען. אַן אויפשריפט ביים אריינגאַנג, צו די רחבותדיקע טרעפּ, האָט געזאָגט: „פאַר יידן פאַרבאָטן דאָ". די פּוילישע כוליגאַנעס האָבן דאָס אויסגענוצט און געשלאָגן יידן, ווען זיי האָבן זיי דאָרט געטראָפן.

ס׳איז געווען פּוילנס מערכה אונטער דער צאַרישער הערשאַפט. לויט דעם ווי מען פלעגט דערציילן האָט די רוסיש־צאַרישע מאַכט נישט דערלויבט צו רעמאָנטירן דעם קאָשטשאָל, כדי צו פאַרמיאוסן אים אין די אויגן פון זיינע גלייביקע.

לויט אַ לעגענדע, איז דער בנין פון דער שוהל מיט הונדערטער יאָרן צוריק געשאָנקען געוואָרן דער יידישער קהילה פון אַ פּוילישן פּריץ, אַן אוהב ישראל.

די שוהל און בית־המדרש האָבן זיך געפונען אין צענטער פון שטאָט און די גאַס האָט זיך דעריבער גערופן „שקאָלנע" (שול־גאַס).

אויפן בוידעם פון דער דאָזיקער אַלטער שוהל, האָבן יידן געגלייבט, ליגן די רעשטן פון פּראַגער גולם און דערפאַר טאָר מען אַהין נישט ארויפגיין. אלא, ווי קומט דער גולם פון פּראַג, אזש קיין כעלם? — איז אויף קיין מעשה פרעגט מען נישט קיין קשיה.

אַן אויפריכטונג איז געקומען אויף דער יידישער קהילה, ווען אין שטאָט איז געשטאָרבן אַ רייכע אלמנה, גיטעלע חנהס (אָרנשטיין). פון די געלטער, וואָס זי האָט געלאָזט, לויט אַ צוואה, אָדער, וואָס מען האָט גענומען ביי אירע יורשים, האָט מען געמאַכט אַ נייעם פאַרקאַן צום בית עולם, אַ נייעם דאַך אויפן אַלטן בית המדרש, מען האָט רעמאָנטירט די שוהל און מען האָט אויפגעבויט אַ תלמוד־תורה.

אויף די ווענט פון דער שוהל, וועמענס קאָליר ס׳איז פון אַלטקייט נישט געווען צו דערקענען, האָבן זיך באַוויזן אויסגעמאָלענע יידיש־היסטאָרישע ערטער: דער כותל המערבי, דער קבר רחל און אַנדערע הייליקע ערטער.

צו דער דאָזיקער איידעלער אַרבעט זיינען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן מאַליאַרעס, אזש פון לובלין. די גאַנצע באַנייאונג איז אויסגעפאַלן, ווען ראש הקהל איז געווען אַנשל בידערמאַן.

צו דער שטאָטישער פּאַנאָראַמע האָט אויך געהערט דער וואַלד, וואָס ביי דער הרוביעשאָווער גאַס, אָדער, ווי מען האָט זי גערופן אויף יידיש: רובעשויווער גאַס. דאָס איז געווען אַ וואַלד פון אריבער אַ וויאָרסט די לענג, אין עק שטאָט, אויפן וועג צו רובעשויוו. אַ גאַנצע וואָך האָט דער וואַלד, וואָס האָט זיך געצויגן אין צוויי גלייכע ליניעס פון ביידע זייטן שאָסיי, געדינט פאַר יידישע, ווי נישט־יידישע קבצנים, ווי אַ האָלץ־רעזערוואַר. נישט געקוקט אויפן פאַרבאָט און אויפן גאַיאָווע מיט זיין אָנהענטיקן געהילף, וואָס האָבן דעם וואַלד געהיטן, האָט מען דאָרט געקליבן די דאַרע צווייגלעך, וואָס זיינען פון ווינט אָפּגעבראָכן געוואָרן, אָבער מען האָט אליין, מיט דער הילף פון לאַנגע קולעס, געבראָכן די דאַרע צווייגן און זיי צונויפגעלייגט אין בינטן. מען פלעגט דאָרט אויך, אין די רייפע זומער־חדשים, קלייבן יאַגעדעס און שוועמלעך, ווער פאַרן אייגענעם געברויך און ווער צום פאַרקויפן. דאָס איז געווען אַ גאַנצע וואָך. אָבער פון שבת פאַרטאָג ביז אין דער שפּעטער נאַכט אריין איז דער דאָזיקער וואַלד אויך פאַרשבת׳ט געוואָרן. מען האָט מער נישט געקליבן און נישט געבראָכן זיינע צווייגן, נאָר מען איז געקומען רוען אין זיין שאָטן. פון אַלע עקן שטאָט איז מען צו אים געקומען אויף „מאַיעווקע". מיטן אָנהייב פון פרילינג האָט זיך אָנגעהייבן דעם וואַלדס שבת און ער האָט זיך געענדיקט מיטן אָנקום פון האַרבסט. די שבת־פאַרטאָגן האָבן זיך אָנגעהויבן מיטן געזאַנג פון דער יידישער יוגנט, וואָס האָט גרופּעסווייז שפּאַצירט אין וואַלד אריין. אין וועג האָט מען אָנגעקלאַפּט אין די פענצטער פון פריינד, זיי אויפגעוועקט און מיטגענומען. אזוי פלעגן זיך די גרופּעס פאַרגרעסערן מיטן גאַנג. הונגער איז געווען, פערספּעקטיוולאָזיקייט פאַר

אַ גרויסן טייל פון דער יוגנט, אָבער לעבן איז געווען און ספּעציעל ייִדיש לעבן.

אין די יאָרן 1905—1904 זיינען אין שאָטן פון יענע ביימער אָפּגעהאַלטן געוואָרן געהיימע „סכאָדקעס" און נישט איין רעוואָלוציאָנערער אַקט איז דאָרט אויסגעפּלאַנט געוואָרן, נישט איין טויט־אורטייל איבער אַ לאָקאַלן צאַרישן סאַטראַפּ, אָדער אַ פאַררעטער, איז דאָרט ארויסגעטראָגן געוואָרן.

מיט דער צייט האָט זיך די שטאָט גענומען מענטשלען, ווערן מער גרויס־שטאָט און ס׳איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ קולטיווירט שפּאַציר־פּלאַץ אויפן צווייטן עקסטרעם פון שטאָט. ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ זאַקסישער גאָרטן, מיט אַ קינסטלעך טייכל אין מיטן און אַ מוזיק־האַלע איבער דעם. די שבתים און זונטאָג׳ס בייטאָג פלעגט דער דאָזיקער גאָרטן זיין פול מיט שפּאַצירנדיקע.

קאַזאַרמעס זיינען געווען נאָך פון די צאַרישע צייטן. אויך פאַר דער פּוילישער זעלבשטענדיקייט זיינען אין די קאַזאַרמעס געווען צוויי פּאָלקן סאָלדאַטן: אַן אַרטילעריע־פּאָלק און אַן אינפאַנטעריע־פּאָלק. אַ באַזונדערע שטאָלץ איז געווען פאַר די כעלעמער שטאָט־באַלעבאַטים דער מיליטערישער שפּיטאָל, וועלכער האָט זיך געציילט צווישן די גרעסטע אין לאַנד.

## יידישער שטייגער

דאָס ייִדישע שטייגער־לעבן איז אָבער גרויסשטאָטישער נישט געוואָרן. די דערציאונג פון ייִדישן קינד איז ביז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געלעגן אין די אַלט־פרענקישע חדרים און תלמוד־תורה׳ס. קיין געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעק איז אויך אין יענער צייט נישט געווען. איין פּריוואַטע ביבליאָטעק איז געווען, וואָס האָט אויסגעבאָרגט ביכער אויף „פּראָקאַט", פאַר דעם טייל לייענער, וואָס האָט זיך שוין נישט באַגנוגנט מיט די קאָפּיקאָווע ביכלעך פון די פּאַקנטרעגערס. פון ווען אָן די דאָזיקע ביבליאָטעק האָט עקסיסטירט ווייס איך נישט. פון זינט איך בין געוואָרן אַ לייענער האָב איך דערקענט די דערמאָנטע ביבליאָטעק, דאָס איז געווען אין יאָר 1915—1914. דער באַלעבאָס אירער האָט געהייסן, דובקאָווסקי. דאָס איז געווען אַ „רוסישער" ייִד, וואָס האָט געמאַכט זיין „סלוזשבע" אין כעלם און דאָ שוין חתונה געהאַט. ביי אים אין דער פּריוואַטער וווינונג איז געווען די ביבליאָטעק. ער האָט אויך געהאַט דעם איינציקן ייִדישן צייטונג־קיאָסק אויף דער הויפּט־גאַס, אויף לובעלסקי, וואָס איז צו יענער צייט געווען דאָס איינציק מאָדערנע קולטור־ווינקל אין שטאָט.

דאָס רעליגיעזע ייִדישע לעבן צו יענער צייט אין כעלם, ווי אין אַלע ייִדישע ישובים אין פּוילן, איז געווען שטאַרק פאַרוואָרצלט. ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז קיין שום מאָדערנע ווינטן וועלן קיינמאָל קיין שליטה נישט האָבן איבער אָט־דעם מיטלאַלטערלעכן לעבנשטייגער.

חוץ דער שוין דערמאָנטער שוהל און בית־מדרש, זיינען געווען אַ גרעסערע צאָל חסידים־שטיבלעך, ווו עלטערע און ייִנגערע חסידים פון פאַרשיידענע כתות האָבן געלערנט און געדאַוונט. דאָס זיינען געווען חסידים — מיינסטן אָנהענגער פון פרעמדע גוטע ייִדן. קיין אייגענעם אָנגעזעענעם חסידישן רבין האָט כעלם, אויף וויפל איך געדענק, צו יענער צייט נישט געהאַט. דער איינציקער רבי, וואָס האָט געצויגן זיין יחוס־קייט פון עטלעכע דורות כעלעמער רביים, איז געווען ר׳ נטע׳לע.

אַ שטילער באַשיידענער ייִד איז דאָס געווען. ער האָט נישט געפירט קיין גרויסע הויפן און נישט געפּראַוועט קיין גרויסע טישן. אויך מיט קיין מופתים איז ער נישט מרעיש עולם געווען.



אַ גרופּע פון דער כעלעמער ייִדישער אינטעליגענץ און קולטור־טוער. אין צענטער געפינט זיך דער פאַרשטאָרבענער דיכטער ל. מלאך.

זומער פלעגט מען אים טרעפן זיצן אין זיין גערטנדל פאַר זיין ירושה־הויז אויף דער לובלינער גאַס, ווו ער האָט נהנה געווען פון עולם הזה ביי אַ גלעזל טיי. ער איז געזעסן אויף אַ ווייכן שטול, מיט אַ שטענדיק אויפגעהאַנגענער האַנט אויף אַ ווייס טיכל, וואָס איז געווען פאַרבונדן ארום האַלדז. זיין גאַנץ לעבן איז זיין האַנט געווען אין דעם דערמאָנטן שטאַנד. צי דאָס איז ביי אים געווען אַ געבורט־פעלער, אָדער אַ רעזולטאַט פון אַן עקסידענט ווייס איך נישט. ר׳ נטע׳לע איז געווען דער לעצטער פון די כעלעמער רביים. ער האָט קיין קינדער נישט געהאַט און נאָך זיין פּטירה האָט זיין שטול געירשנט זיינס אַ ווייטער קרוב פון אַ פרעמדער שטאָט, ר׳ פּנחסל.

אין זעלבן הויף, ווו ס׳האָט געוווינט דער רבי, ר׳ נטע׳לע, האָט אויך געוווינט זיינס א ברודער, אַ תבואה־סוחר. די קינדער פון לעצטן זיינען אַוועק אויף וועלטלעכע וועגן און זיין עלטערער זון, משה לערער, איז געווען דער לעצטער פּאָרזיצער פון ווילנער „ייוואָ" אונטער דער סאָוועטישער מאַכט.

משה לערער איז געווען אַ מענטש פון טיפערן ייִדישן און וועלטלעכן וויסן. ער האָט געלערנט אין די פריערדיקע יאָרן אין דעם „ווייטן אָדעס", ווי אַן עקסטערן. זיין ליבלינג־געביט איז געווען ייִדישער פאָלקלאָר.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אין כעלם איז געגרינדעט געוואָרן די ייִדישע פאָלקשול, איז משה געווען איר לערער לאַנגע יאָרן.

אין 1939, ווען די סאָוועטן האָבן פאַרנומען די ראַנד־לענדער, איז משה לערער, ווי געזאָגט, געוואָרן דער פּאָרזיצער פון ווילנער „ייוואָ". אויך דעם דאָזיקן וויסנשאַפטלעכן אַמט איז ער פאַרבליבן ביז דער נאַצישער אינוואַזיע און דאָרט האָט ער געטיילט דעם טראַגישן גורל מיט אַלע ווילנער ייִדן.

## כעלעמער מעשיות און אַנעקדאָטן

הונדערטער מענטשן פרעגן, ווען זיי דערוויסן זיך מיין כעלעמער יחוס:

„פון וואַנען נעמען זיך די אַלע מעשיות און אַנעקדאָטן וועגן כעלם?"

אנדערע פרעגן עס פּשוטער:

„עפּעס דאַרף דאָך זיין אין דעם, וואָס מען רופט כעלעמער נאַראָנים?"

פאַראַן אויך ווייכהאַרציקע מענטשן, וואָס ווילן קיינעם נישט פאַרשעמען, אָדער גאָר מיך טרייסטן און זאָגן:

„ס'קאָנען דאָך אין כעלם אויך זיין אויסנאַמען...“

באמת פעלן נישט קיין כעלעמער, וואָס לייקענען זייער אָפּ־שטאַם. זיי שעמען זיך אָנצוגעבן זייער כעלעמער יחוס. זיי גיבן זיך אָן פאַר לובלינער. דערמיט „ראַטעווען“ זיי זייער פּרעסטיזש און קיין גרויסן ליגן זאָגן זיי אויך נישט, ווייל כעלם האָט גע־הערט און געהערט אויך היינט צו לובלינער גובערניע.

איז דאָך ווייטער די קשיה: פאַרוואָס האָט מען אויף כעלם אַרויפגעוואָרפן אזא „שווערן“ בלבול פון נאַראָנים, אָדער גאָר פאַרקערט: פאַרוואָס שרייבט מען גראָד כעלם צו די קלוגסטע מעשיות, די שענסטע אַנעקדאָטן?

איז דער ענטפער, אז קיין וויסנשאַפטלעך־היסטאָרישע סיבה איז נישטאָ, אָדער קיינער האָט זיך צו דער דאָזיקער סיבה נישט דערקליבן. היפּאָטעזן פעלן נישט און טייל פון זיי קלינגען אויך זייער וויציק.

אין דער אלטער היים האָט יעדע שטאָט און שטעטל, פּונקט ווי יעדער מענטש, געהאַט, חוץ זיין אייגענעם נאָמען, אויך אַ צו־נאָמען. למשל:

פּינסקער חזירים, וואַרשעווער פּרעסער, לעמבערגער פּיפּ־קעס, פּיאַסקער גנבים א.א.וו. צווישן אנדערע האָט דאָך אויף איין שטאָט געמוזט פאַלן דער צונאָמען „נאַראָנים“. איז דער דאָזי־קער נאָמען געפאַלן אויף כעלם צוליב די זעלבע אומבאַקאַנטע סיבות, ווי די צונעמען אויף די אנדערע שטעט. איז אויב שוין יאָ אזוי, אויב שוין יאָ נאַראָנים, לאָזט זיך דאָ אריינוועבן אין אָט־דעם שטאָף, ווו ערגעץ א חכמה, א מעשה, אַן אַנעקדאָט, ווי עס געשעט, למשל, מיט הערשעלע אָסטראָפּאָלער, אויף וועמענס חשבון עס ווערן צוגעשריבן אַזעלכע חכמות פון וועלכע ער האָט קיין אַנונג נישט געהאַט. כעלם איז אַ מין קאָלעקטיווער הערשע־לע אָסטראָפּאָלער.

כ'גלויב קוים ס'זאָלן זיך געפינען אַזעלכע לייענער, וואָס זאָלן אויסטייטשן די דאָזיקע שורות, ווי אַ פּרווו צו פאַרענטפערן כעלם. נישטאָ פאַרוואָס די שטאָט צו פאַרענטפערן. פאַרקערט, כעלם איז אריין אין דער יידישער ליטעראַטור און אין יידישן פאָלקלאָר, ווי קיין שום אנדערע שטאָט נישט.

זעלטענע מעשיות און אַנעקדאָטן זיינען ארום כעלם געשאַפן געוואָרן און דערמיט באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור. ס'איז גענוג צו דערמאָנען די צוויי דערציילונגען ביי י. ל. פּרץ: „דער כעלעמער מלמד“ און „דער שבת־גוי“. און נישט נאָר ביי פּרצן. א גרויסער טייל פון די יידישע שרייבער האָט געשעפּט פולע עמערס פון דעם דאָזיקן קוואַל. באַזונדער זיינען די דאָזיקע אַנעקדאָטן אַ ברכה פאר דער קינדער־ליטעראַטור. ש. באַסטאָמקי, דער רעדאַקטער פון ערשטן יידישן קינדער־זשורנאַל אין ווילנע, „גרינינקע ביימעלעך“, האָט געוואונען דעם קליינעם לייענער מיט זיינע „כעלעמער יעקעלעך“. דער דאָזיקער מאַטעריאל ווערט ביז היינט איבערגעדרוקט אין אַלע קינדער־אויסגאַבן פון דער גאַנצער יידישער וועלט. דער דיכטער, אהרן צייטלין, האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק פאַרעפנטלעכט אַ קאָמעדיע: „כעלעמער חכמים“. און גאָר אַ טשיקאַווער פאַל איז געווען מיטן זייער באַליבטן פאָלק־זינגער, קיפּניס, וועלכער האָט אין דריי, אָדער פיר און צוואַנציקסטן יאָר פאַרעפנטלעכט אַ זאַמלונג מיט כע־לעמער מעשיות.

געקומען איז קיפּניס קיין כעלם מיט אַ געזאַנג־קאָנצערט און, לויט עס ווערט דערציילט, האָט ער מיט זיין זינגער־פּאַרטנערין, זעליגפעלד, געמאַכט אַ שפּאַציר, ערב דעם קאָנצערט, איבער די כעלעמער גאַסן. פאַרבייגייענדיק די שוואַרצע בערזע, וואָס האָט דעמאָלט געבליט, האָבן די סוחרים, דערזעענדיק די צוויי פרעמ־דע געסט, געמיינט, אז דאָס זיינען אַמעריקאנער מיט דאָלאַרן, זיי האָבן קיין צייט נישט פאַרלאָרן און געגעבן אַ פרעג: „וויפיל?“

די געסט האָבן פאַרשטאַנען וואָס די בערזעניקעס מיינען און געענטפערט מיט אַ שפּאַס:

די זעליגפעלד האָט אַ זאָג געטאָן: „אַכציק ער“.

און קיפּניס האָט אָפּגעענטפערט: „זיבעציק זי“.

אָט דעם רעפריין פון באַרימטן פאָלקס־ליד האָבן זיי געגעבן אַ וואָרף צו אויף דער בערזע, אַנשטאָט דאָלאַרן. די כעלעמער סוחרים האָבן זיך געכאַפּט אויפן שפּאַס און זיך דערפון באַליי־דיקט, וואָס מען נעמט זיי „אויף זיכער“ און באַשלאָסן באָיקאָטירן דעם קאָנצערט.

נישט נאָר האָבן זיי זיך ניט באַגנוגנט מיט נישט גיין אויפן קאָנצערט, נאָר האָבן פּשוט אָוועקגעשטעלט אַ וואַך ביים קאָנ־צערט־זאַל און נישט אריינגעלאָזט דעם עולם. איך האָב געטראָפן נישט לאַנג צוריק אַ לאַנדסמאַן, וואָס איז געווען איינער פון דער וואַך ביים טעאַטער, — און שענער פון אַלץ, וואָס היינט, צו די 30 יאָר נאָך דער פּאַסירונג איז ער נאָך אַלץ אויפגעבראַכט פאַר דער דאָזיקער „באַליידיקונג...“

איז דאָס אליין נישט אַ פיינער כעלעמער אַנעקדאָט?...

פאַרן דאָזיקן דורכפאַל האָט זיך קיפּניס „נוקם“ געווען אין כעלם מיט אַ פיינער זאַמלונג כעלעמער מעשיות.

צי טאַקע דער דורכגעפאַלענער קאָנצערט האָט גורם געווען דערצו, אָדער גיכער זיין נייגונג צו פאָלקלאָר, אָבער כעלם האָט זיך געשאַפן אזא סברא, ווייל די מעשיות האָט קיפּניס גענומען פאַרעפנטלעכן באַלד נאָכן דורכגעפאַלענעם קאָנצערט. עס קאָן אויך זיין, אז כעלם האָט מיט דער ווערסיע פון זיין דורכגעפאַ־לענעם קאָנצערט זיך געוואָלט נוקם זיין אין קיפּניסן.

אַ נקמה פאַר אַ נקמה...

און קיפּניס פּרוווט יאָ געבן אַ „באַגרינדונג“ פון וואַנען עס שטאַמט דער נאָמען, „כעלעמער נאַראָנים“.

דערציילט ער אין איינע פון זיינע מעשיות:

דער מלאך, וואָס פאַרטיילט נשמות צו די, וואָס דאַרפן גע־באָרן ווערן, איז געפלויגן מיט צוויי זעק נשמות איבער כעלם. פון איין זייט האָט ער געטראָגן אַ זאַק מיט קלוגע נשמות, פון דער צווייטער זייט — אַ זאַק מיט נאַרישע נשמות. דאַרף ער פּונקט פאַרבייפליען דעם כעלעמער באַרג און דער זאַק מיט די נאַרישע נשמות פאַרטשעפּעט זיך אין באַרג און אלע נשמות האָבן זיך אויסגעשיט אין כעלם...

ווי געזאָגט, איז דער קוואַל פון כעלעמער חכמות נאָך נישט קיין אויסגעשעפּטער. שרייבער און מאָלער קאָנען נאָך לאַנג האָבן אַן אוצר פאַר אינספּיראַציע אין זיי, כאָטש כעלם, ווי אַ יידי־שער ישוב איז מער נישטאָ.

## אַ גרויסע שרפה

אין אַ שבת פאַרטאָג האָבן זיך פּלוצלינג די קלויסטער־גלאָקן צעגוואַלדעוועט מיט אלע זייערע בראָנדזענע כוחות. דער שלאָף אין שטאָט איז איבערגעריסן געוואָרן. קינד און קייט איז אַראָפּ פון די בעטן און גענומען לויפן צום אָרט פון דער שרפה.

עס האָט געברענט די „נייע צאַל“.

די אַלטע, הילצערנע, אויסגעטריקנטע הייזקעס האָבן זיך אונטערגעגעבן די פלאַמען אָן שום ווידערשטאַנד. איינס נאָך איינס האָבן די שינדל־דעכער און די הילצערנע ווענט אויפגע־פלאַמט. מענער זיינען געשטאַנען אומבאַהאָלפן און ווייבער האָבן געבראָכן די הענט. די „פּאַזשאַרנע־קאָמאַנדע“ (פייער־לעשער) מיט זייערע פעסלעך וואַסער און קישקעס האָבן געטאָן, וואָס זייער

פליכט איז געווען, אָבער זייער אַרבעט האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ קינדער־שפיל אָדער חוזק. נאָך יעדער שפריץ וואַסער פון די קישקעס האָבן די פלאַמען אָפגעענטפערט מיט אַ פאַרשייט „סיטשען" און קנאַקן און נאָך האָפערדיקער זיך צעשפרייט. די געציילטע בלעכענע דעכער אויף ווען די נאַאיווע צוקוקער פון דעם טראַגישן ספעקטאַקל האָבן געלייגט האָפענונג, אַז זיי וועלן פאַרהאַלטן די אויסשפרייטונג פון די פלאַמען, אָט־די דעכער האָבן גענומען אויפשפרינגען, זיך וויקלען, ווי פייער־מגילות און זיך אונטערגעגעבן מיט קנאַקעריי.

אַ האַלבע יידישע באַפעלקערונג איז נאָך דער דאָזיקער שרפה געבליבן דאַכלאָז. מיט דער שרפה זיינען אויך אַוועק מיינע צוויי חומש־חדרים. דאָס ערשטע — ביי איטשע שעפעלס און דאָס צווייטע — ביי פסח מלמד. ביידע — ענגע, הילצערנע קעלערשטיבער, ווו ס'האָבן געהויזט צוזאַמען די בעטן, די קיך, דער טיש מיט די הילצערנע בענק צום קנעלן און די הינער, מיט וועלכע די רביצינס האָבן געהאַנדלט אויפן מאַרק.

אַ האַלבער חדר ביי איטשע שעפעלס איז נאָך געווען אָפגעצוימט מיט אַ „שפאַניש־ווענטל" און פאַרדונגען צו אַ יונג פאָרפאָלק, צום „געלן שלייפער", וואָס איז דעמאָלט, ווען איך האָב געלערנט, געווען ערשט נאָך דער חתונה.

וועגן דער שרפה זיינען אומגעגאַנגען פאַרשיידענע קלאַנגען אין שטאָט. איינער פון זיי האָט עקשנותדיק באַשולדיקט, אַז דאָס האָט די מאַכט, די צאַרישע אַדמיניסטראַציע, בראש מיטן פריסטאַוו — א פעסלדיק, חזיריש־פעט, בייז דיקטאַטאָרל — אַ מין קליין צאַרל — אז דאָס האָט ער אונטערגעצונדן דעם אָרעמען טייל שטאָט, כדי אויף דעם אופן אָפצוראַמען די יידישע אָרעמקייט. מיגלעך, אַז די קלאַנגען זיינען נישט געווען גרונטלאָז, ווייל די צאַרישע מאַכט האָט זיך דעמאָלט געקליבן איבערצושמדן די פוילישע שטאָט כעלם אויף אַ רוסישער גובערניע.

## כעלם — אַ רוסישע גובערניע

כעלם האָט אַלע יאָרן געהערט צו דער לובלינער גובערניע. אָבער אַ לאַנגער שטרייט איז אָנגעגאַנגען וועגן איר אויטענטישער פוילישקייט.

די באַפעלקערונג אין כעלם און הויפטזאַכלעך — ארום כעלם, איז אַ געמיש פון פאָליאַקן און אוקראַינער. די דערפער ארום זיינען, מיינסטן, מיט אוקראַיניש־ריידנדיקע פויערים וואָס ריידן אוקראַיניש, אָדער ווי זיי רופן דאָס — כאַכלאַצקע. יעדער פויליש־ריידנדיקער פויער איז באַטראַכט געוואָרן פון די איבעריקע פויערים פאַר אַ פריצישן מאַניאַק, אַן אָנשטעל־מאַכער, אַ גרויסהאַלטער. אָבער אין שטאָט און אין די ארומיקע שטעטלעך, האָט די באפעלקערונג, מיינסטן, גערעדט פויליש און די אָפיציעלע שפּראַך, איז אין די צאַרישע צייטן, געווען רוסיש.

דעם צאַרישן רוסלאַנד איז דאָך נאָך געווען ווייניק, וואָס זי איז געווען די הערשערין איבער די 10 פוילישע גובערניעס, נאָר זי איז געקראָכן פון איר בערישער פעל אינגאַנצן צו רוסיפיצירן כעלם, טאַקע מיטן אויסרייד, אַז די מערהייט פון דער דאָרטיקער באפעלקערונג איז ניט קיין פוילישע. פרעגן ביי דער באַפעלקערונג האָט מען, נאַטירלעך, נישט געפרעגט. געזיגט אין דעם שטרייט האָבן די יעניקע ביי וועמען די מאַכט איז געווען אין דער האַנט.

לויט אַ צאַרישן „אוקאַז" (דעקרעט) איז כעלם, אָדער ווי די שטאָט האָט געהייסן אויף רוסיש — כאָלם — באַשטימט געוואָרן, אויף וויפל איך געדענק, אין יאָר 1913, פאַר אַ זעלבשטענדיקער רוסישער גובערניע.

די געוועזענע שעדלעצער גובערניע מיטן גובערנאַטאָר, בכבודו ובעצמו, מיט זיין גאַנצער סוויטע, איז אריבערגעטראָגן געוואָרן קיין כעלם.

די רוסן האָבן געפייערט זייער „נצחון", די פאָליאַקן זיינען ארומגעגאַנגען מיט אראָפגעלאָזטע וואָנצעס און די יידן זיינען ארומגעגאַנגען, ממש, אָן קעפ.

קלאַנגען וועגן פאַרשיידענע גרויל־טאַטן זיינען זיך איינס דאָס אַנדערע פאַרלאָפן די וועגן:

מען האָט געוווסט צו דערציילן וועגן שעדלעצער פאָגראָם אויף יידן אין דער צייט פון דעם דאָזיקן גובערנאַטאָר, וואָס איז איצט דער אומבאַגרענעצטער מושל איבער כעלם. און נאָך קלאַנגען פון וועלכע די האָר פון קאָפ האָבן זיך געשטעלט קאַפויער. אזוי, אז אין דעם נאַציאָנאַל־פאָליטישן קאַמף וועגן דער אָנגעהעריקייט פון כעלם צווישן רוסלאַנד און די פאָליאקן (איך זאָג נישט — פוילן, ווייל קיין זעלבשטענדיק פוילן איז נאָך דעמאָלט נישט געווען) איז אויך געווען אַ דריטער צד: דער יידישער.

דעם דורכשניטלעכן ייד איז, וואָס אַן אמת, דער גאַנצער קאַמף ארום כעלם אָנגעגאַנגען אויף אזוי פיל, אויף וויפל עס טויג יאָ, אָדער נישט פאַר יידן. יעדע ענדערונג אין פאָליטישן לעבן אין צאַרישן רוסלאַנד האָבן יידן באַטראַכט, ווי אַ ניי בייז, וואָס וועט זיך אויסלאָזן צו זייערע קעפ. די יידן האָבן נאָך גוט געדענקט די שמיץ פון די פוילישע פאַנעס, פונקט ווי זיי האָבן געדענקט די קאַזאַקישע נאַהייקעס. דער אויסוואַל צווישן אָט־די צוויי, האָט זיך דעריבער באַצויגן צו דער פראַגע: וועלכער פון זיי איז ערגער...

די גובערניע איז געשאַפן געוואָרן און די רוסיפיקאַציע־מאַשין איבער דער כעלעמער באַפעלקערונג, האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט איר גאַנצן שווער־געוויכט פון די צאַרישע טשינאָווניקעס. פאָליאַקן זיינען באַשטראָפט געוואָרן מיט תפיסה פאַר ריידן פויליש אין עפנטלעכע ערטער.

פאַר יידן זיינען די עקסצעסן נישט געווען קיין שום נייעס. אויף קיין פאָגראָמען האָט מען, באמת, נישט באַדאַרפט וואַרטן ביז כעלם וועט ווערן אַ רוסישע גובערניע. יידן האָבן זיך אויך ביז דעמאָלט נישט איין מאָל באַדאַרפט אויסבאַהאַלטן אין די קעלערס, אויף די בוידעמער און אין די שכנישע שטעטלעך און דערפלעך.

קיין לאַנגע יאָרן האָט שוין אָבער די דאָזיקע רוסיפיקאַציע נישט געהאַט. אין 1915 האָבן די דייטש־עסטרייכישע חילות אָקופּירט כעלם, ווי גאַנץ פוילן. די נאַציאָנאַלע אָנגעהעריקייט פון כעלם האָט נאָך דורכגעמאַכט איר לעצטע קאָנוווּלסיע ביים סעפּעראַטן שלום, וואָס דאָס יונקערישע דייטשלאַנד האָט געשלאָסן מיטן ווייסגוואַרדייאישן אוקראַינישן העטמאַן סקאָראָ־



אַ גרופּע חברים און חברות פון „פּועלי־ציון" אין כעלם.

פּאַדסקי, אין 1917, ווען דייטשלאַנד האָט ברייטהאַרציק צוגעטיילט כעלם צו אוקראַינע.

ערשט ביים צעפאַלן זיך פון דער דייטש־עסטרייכישער אַרמיי (1918), ווען פּוילן האָט ווידער באַקומען איר נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט, איז כעלם צוריק צוגעטיילט געוואָרן צו פּוילן.

אויך איצט, נאָך דער היטלער־אָקופּאַציע, ווען די וועלט־מאַפּע האָט אינגאַנצן געביטן איר פּנים, איז כעלם אַ טייל פון דער נייער פּוילישער מלוכה. נאָך מער:

כעלם האָט אפילו געהאַט די היסטאָרישע זכיה, אז דאָרט זאָל פּראָקלאַמירט ווערן די נייע פּויליש־דעמאָקראַטישע רעגירונג, וועלכע האָט זיך שפּעטער, נאָך דער באַפרייאונג פון לובלין, אַריבערגעטראָגן קיין לובלין. אין וואַרשע האָט זיך די פּוילישע רעגירונג באַזעצט אַ לענגערע צייט נאָך דעם.

## נאָך דער דייטש־עסטרייכישער אָקופּאַציע

דריי יאָר (פון 1915 ביז 1918) איז כעלם צוזאַמען מיט גאַנץ פּוילן און מיט אַ גרויסן טייל אייראָפּע, געווען אונטערן מיליטערישן שטיוול פון דייטשלאַנד און איר שותף — עסטרייך.

אַ שווער לעבן האָט די באַפעלקערונג דורכגעמאַכט אונטער דער דאָזיקער אָקופּאַציע. די האַניק־טעג — די האָפענונג, וואָס יידן האָבן דעמאָלט פאַרבונדן מיט דייטשלאַנדס זיג איבער דער צאַרישער אַרמיי — איז גיך צערונען געוואָרן. מען האָט בלויז פאַרביטן די צאַרישע נאַהייקע אויפן דייטשן שפּיצרוט. אויסגעביטן איין בייז אויפן צווייטן. גאָר גיך האָט זיך געלאָזט פילן די אונטערדריקונג פון די אָקופּאַציע־אַרמייען. צוואַנג־אַרבעט, הונגער און עפּידעמיעס זיינען געוואָרן די שוואַרצע געשפּענסטער אין יעדער שטוב.

שוין אין 1915 האָט זיך באַוויזן די כאָליערע, וואָס האָט שיטערער געמאַכט די כעלעמער באַפעלקערונג און געדיכטער די קברים אויפן אַלטן בית־עולם. מיטן אָנקום פון ווינטער האָט די כאָליערע אָפּגעטראָטן איר פּלאַץ פאַרן טיפוס, וועלכער האָט געבושעוועט אַ גאַנצן ווינטער און פאַרענדיקט דאָס, וואָס די כאָליערע האָט אָנגעהייבן...

אַ ביטער לעבן האָט די באַפעלקערונג דורכגעמאַכט.

דאָך, אונטער די אַלע גרוילן, איז אונטערגעוואַקסן אַ יוגנט, וואָס האָט זיך געריסן צום לעבן. דאָס מיליטער־דינסט האָט נישט באַרירט די פּוילישע יוגנט, ווייל פּוילן איז געווען אָקופּירט פון פרעמדע אַרמייען. איז די יוגנט געבליבן גאַנץ פיזיש און גייסטיק, דורשטיק נאָך אַ שענער און בעסער לעבן. נאָך אַ באַנייט לעבן.

און פּלוצלינג — אַזאַ ביישפּיללאָזער ווילן פאַר אַ ניי לעבן!

די אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

די אָפּשיין פון רעוואָלוציאָנערן פייער אין רוסלאַנד האָט באַלויכטן פיל ווינקלען פון דער וועלט. די רעוואָלוציע־כוואַליעס האָבן זיך דורכגעטראָגן איבער פּוילן, ווי איבער אנדערע אייראָפּעאישע לענדער. די יידישע יוגנט אין פּוילן האָט איבערגעריסן מיטן מיטלאַלטערלעכן שטייגער. צווישן עלטערן און קינדער האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ מהלך, נישט ווי עס וואָלט צווישן זיי געווען דער אונטערשייד אין איין דור, נאָר אין צענדלינגער דורות.

אויך די ענגע כעלעמער פאַרשטיקטע הייזקעס האָבן געעפנט זייערע לאָדנס פאַר די נייע געשעענישן. די יוגנט האָט אָנגעשפּיצט די אויערן פאַר די טריט פון דער נייער צייט. מען האָט גענומען שאַפן אָרגאַניזאַציעס, פּראָפעסיאָנעלע, קולטורעלע און פּאָליטישע. קודם־כל האָט מען זיך אַ נעם געטאָן דאָרשטיק צו זעלבסטבילדונג. מען האָט געוואָלט אָניאָגן די פאַרלאָרענע יאָרן, ווען די טירן צו דער וועלט זיינען געווען פאַרמאַכט.

האָט מען זיך גענומען לייענען מאָדערנע יידישע ביכער. און נאָך אונטער דער דייטש־עסטרייכישער אָקופּאַציע איז אין שטאָט געגרינדעט געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעכע יידישע ביבליאָטעק.

דער איניציאַטאָר פון דער געזעלשאַפטלעכער יידישער ביבליאָטעק אין כעלם איז געווען פייוול פריד.

נאָך לאַנגע יאָרן אָפּוועזנהייט האָט ער זיך פּלוצלינג ווידער באַוויזן אין שטאָט. ווו איז פייוול פריד געווען פריער? פון וואַנעט קומט ער? — קיינער האָט דערויף נישט געקאָנט ענטפערן אויף זיכער. טייל האָבן געזאָגט, אז ער איז אַנטלאָפן פון סיביר, פון דער צאַרישער פאַרשיקונג. אַנדערע האָבן געזאָגט, אז ער קומט פון אויסלאַנד. און ער אַליין? — ער האָט וועגן דעם געשוויגן.

אַזוי איז ער גראָד קיין שווייגער נישט געווען.

אויף דער איניציאַטיוו פון אָט דעם ענערגישן, אינטעליגענטן פייוול פריד, איז אין כעלם, אין סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, געגרינדעט געוואָרן די ערשטע יידישע פאָלק־ביבליאָטעק.

און נישט נאָר דער גרינדער פון דער ביבליאָטעק איז פייוול פריד געווען. ער דאַרף פאַררעכנט ווערן פאַרן פאָטער פון מאָדערנעם געזעלשאַפטלעכן און גייסטיקן לעבן אין כעלם בכלל.

ער איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט געשפּרודלט מיט איניציאַטיוו און ער האָט געהאַט דעם כוח צו באַווירקן מענטשן זיי זאָלן די איניציאַטיוו פאַרווירקלעכן. זיינע נוצן אין די ערשטע יאָרן פון יידישן רענעסאַנס אין כעלם איז גאָרנישט אָפּצושאַצן.

פריער האָט ער זיך באַשעפטיקט מיט געבן פּריוואַטע לעקציעס. שפּעטער, ביי דער גרינדונג פון דער פאָלקשול, איז ער געוואָרן איינער פון אירע לערער. אויך דער ערשטער לעקטאָר פון קולטור־געשיכטע פאַר דערוואַקסענע איז ער געווען.

אין די טעג פון דער נאַצישער אינוואַזיע האָט ער זיך, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע הונדערט כעלעמער יידן, עוואַקואירט קיין ראַטנפאַרבאַנד. נאָך דער מלחמה איז ער צוריק געקומען קיין כעלם, אָבער ער איז לאַנג דאָרט נישט פאַרבליבן. זיין ווייב (פריערדיקע, פישער) אַ ד״ר מעדיצין, זאָל האָבן אומגעקומען צוזאַמען מיט זייער טאָכטער.

אַ ביסל שפּעטער האָט אָנגעהויבן באַווירקן דאָס כעלעמער געזעלשאַפטלעכע לעבן, כאָטש אין אַן אַנדערער פּאָליטישער ריכטונג, אַ מענטש, וואָס איז אין אונדזער טראַגישער צייט, טראַגיש באַרימט געוואָרן, דאָס איז דער בונדישער טוער, שמואל (אַרטור) זיגלבוים.

אין שטאָט איז צו יענער צייט צום ערשטן מאָל געגרינדעט געוואָרן אַן אַרבעטער־קלוב. עס פלעגן געגעבן ווערן רעפעראַטן, פאָרלעזונגען א.א.וו. אין קלוב זיינען געקומען אַרבעטער און סתם קולטור־ליבנדיקע מענטשן. פון קיין פּאָליטישער באַפאַרבונג האָט מען נאָך דעמאָלט כמעט נישט געוווסט. קומען פלעגט מען, מייניסטן, שבת. אָבער אויך אין די וואָכעדיקע אָוונטן איז דער לאָקאַל נישט געווען ליידיק. ס׳איז געווען דער ערשטער געזעלשאַפטלעכער טרעף־פּונקט און במילא אַ גענוס פאַר דער קולטור־דאָרשטיקער יוגנט. ס׳איז גיך געשאַפן געוואָרן אין קלוב אַ שיינע ביבליאָטעק און די יוגנט האָט די ביכער ממש געשלונגען. ווער עס האָט געלייענט מיטן בפירושן אינטערעס צו וויסן און ווער עס האָט אויך גענומען ביכער צוליב מאָדע, אָבער

אלע האָבן זיך ארומגעטראָגן מיט ביכער. הלוואי הײנט אין די אמעריקאַנער לענדער געזאָגט געוואָרן אזא מאָדע אויף יידישע ביכער... זאָל די מאָדע פון לייענען זיין אזוי גרויס, אז נישט לײ־ענער זאָלן זיך דארפן שעמען און ווייניקסטנס זיך אויסלערנען א פּאָר נעמען פון ביכער און שרייבער, כדי נישט פאַרשעמט בלייבן אין א געזעלשאַפט...

די ביבליאָטעק און דער קלוב, זיינען פון אָנהייב געווען אומ־פּאַרטייאישע און האָבן זיך נישט אָנגערופן מיט קיין שום נעמען פון פערזענלעכקייטן, וואָס זאָל דער אינסטיטוציע צוגעבן וועלכע ס'איז פּאָליטישע באַפאַרבונג.

אָבער אין א געוויסן שבת איז דער קלוב אויפגערודערט גע־וואָרן פון דער ערשטער פּאָליטישער קריגעריי:

איבער דער ביבליאָטעק האָט „עמעצער" אויפגעקלעפּט א פּאָ־ליטישן עטיקעט. מען האָט איר אַ נאָמען געגעבן נאָכן פאַר־שטאָרבענעם בונדישן פירער, גראָסער.

פון דעמאָלט אָן איז דאָס שוין געווען נישט סתם א ביבליאָ־טעק, נאָר די „גראָסער־ביבליאָטעק".

דאָס איז געווען די ערשטע עפנטלעכע פּאַרטייאישע ארבעט פון דעם יונגן שמואל זיגלבוים.

די האַרמאָניע פון אומפּאַרטייאישן קלוב איז צוליב דעם פאַר־שווונדן און שאַרפע מחלוקות האָבן פארנומען אַ פּלאַץ.

עס האָבן זיך אָנגעהייבן גרופּן־פאַרזאַמלונגען אין פּריוואַ־טע ערטער. פּאָליטישע דיפערענצירונגען האָבן זיך גענומען אויס־שיילן, אויספּיקן פון דער הארטער שאָלעכץ פון דער ביז דעמאָלט אינדיפערענטער, סתם ארבעטער, אָדער גאָר „יאַר־מענטשן".

די ערשטע פּאָליטישע גרופּירונג אויף דער יידישער ארבע־טער־גאַס אין כעלם איז געווען די בונדישע, אונטער זיגלבוימס אָנפירונג.

א ביסל שפּעטער האָט זיך געגרינדעט די פּועלי ציון פּאַרטיי און דערביי האָט ווידער געשפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָל פּיוול פריד. די דאָזיקע צוויי גרופּירונגען זיינען עטלעכע יאָר געווען די איינציקע פּאָליטישע ארבעטער־גרופּירונגען אין כעלעם. די פּועלי ציון זיינען מיט דער צייט געוואָרן דער הויפּט־כוח אויף דער כעלעמער יידישער אַרבעטער־גאַס, ירשענדיק וואָס אַמאָל מער דעם בונד. ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז די קאָמוניסטי־שע פּאַרטיי אויף דער יידישער גאַס געוואָרן א באַדייטנדיקער כוח.

דערווייל האָבן נאָך סיי דער בונד און סיי די פּועלי־ציון גע־הויזט אונטער איין דאַך, אין דעם געגרינדעטן קלוב, וואָס האָט נאָך אַלץ געגילט פאַר אַן אומפּאַרטייאישן. די קולטור־ארבעט


קולטור־עסקנים ביים אויפברעכן די ערד פאַר אַ נייעם בנין, פאַר דער יידישער פאָלק־שול אין כעלם.

איז נאָך געווען א געמיינזאַמע. עס זיינען געגעבן געוואָרן אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע פון וועלכע נישט איין שפּעטערדיקער פירנדיקער חבר, אָדער חברטע האָט באַקומען די ערשטע עלע־מענטאַרע בילדונג.

מיט דער צייט האָבן זיך די פּועלי־ציון אָפּגעטיילט און גע־דונגען אן אייגענעם לאָקאַל אויף דער לובלינער גאַס, ביי קופּערן אין „קאָמעניצע", וואָס איז, דאַכט זיך, צו יענער צייט געווען דאָס שענסטע הויז אין שטאָט.

## ירושה פון דער עסטרייכישער אָקופּאַציע

באַלד, ווי די דייטש־עסטרייכישע ארמייען זיינען באַזיגט גע־וואָרן און די עסטרייכישע אימפּעריע איז זיך צעפאַלן, זיינען אין כעלם פארבליבן אייניקע עסטרייכיש־יידישע אָפיצירן, וועל־כע האָבן בייגעטראָגן צו דער געשטאַלטונג פון וועלטלעך־יידישן לעבן אין שטאָט.

א מענטש פון א ברייטער קולטור איז געווען דער עסטרייכי־שער אָבער־לייטענאַנט, ד"ר קאַנפּער. ווי נאָר ער האָט אראָפּגע־וואָרפן פון זיך דעם מיליטערישן מונדיר מיטן באַשטערנטן קאָל־נער, האָט ער גענומען ריידן א גאַנץ חנעווידיקן מערב־גאַליציאַ־נישן ידיש און געוואָרן טעטיק אין דער כעלעמער יידישער גע־זעלשאַפט. ער פלעגט אויפטרעטן מיט באַלערנדיקע יידישע רעפעראַטן און איז אינגיכן געוואָרן דער פאַרוואַלטער פון דער פאָלקשול, וועלכע האָט שוין צו יענער צייט עקסיסטירט.

א געלאַסענער אין זיינע רייד און נישט איבערגעאיילט אין די האַנדלונגען, באַלאַדן צו דער אייגענער צייט מיט וויסן, האָט מען זיך גערן צוגעהערט צו זיינע רייד און מיינונגען און זיי רעס־פּעקטירט אין פארשיידענע קרייזן, כאָטש אידעאָלאָגיש האָט ד"ר קאַנפּער זיך פאַררעכנט פאַר א רעכטן פּועלי־ציוניסט. פאַרנע־מענדיק זיך מיט געזעלשאַפטלעכער און פּעדאַגאָגישער טעטי־קייט, איז אָבער זיין ליבלינג־געביט געווען ליטעראַטור. ער האָט דעריבער אין דער אייגענער צייט אויך מיטגעארבעט אין פּוי־ליש־יידישע אויסגאַבן.

איך בין אַמאָל אריינגעקומען אין זיין דירעקציע־צימער פון דער פאָלקשול און געטראָפן אויפן טיש א ניי יידיש בוך. ד"ר קאַנ־פּער איז געזעסן א באַגייסטערטער, זיינע בליקן האָבן וואַרעם גע־גלעט דאָס דאָזיקע בוך, וואָס האָט געהאַט א פּערזענלעכע אויפ־שריפט פון מחבר און ער האָט גערעדט מיט באַגייסטערונג:

וואָסער מהלך דער מחבר איז דאָס אָפּגעגאַנגען פון זיין: „א ראָמאַן פון א פערד־גנב ביז דעם!"

דאָס בוך איז געווען י. אָפּאַטאָשוס נאָר וואָס דערשינענע: „אין די פוילישע וועלדער".

עטלעכע יאָר איז ד"ר קאַנפּער מיט זיין פאַמיליע געווען אין כעלם. ער האָט אָן איבעררייס פארנומען דעם דירעקטאָר־פּאָסטן אין דער פאָלקשול. זיין פרוי איז געווען לערערין פון פויליש אין דער זעלביקער שול. שפּעטער איז ער אוועק קיין קראָקע און דאָרט, לויט דערגאַנגענע ידיעות רעדאַקטירט א פּוילי־שע צייטונג. עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה זיינען געווען קלאַנ־גען, אז ד"ר קאַנפּער איז אין קראָקע געשטאָרבן.

א צווייטע פאַרביקע פיגור, וואָס איז געווען די ירושה פון דער עסטרייכישער אָקופּאַציע, איז געווען דער בונדישער טוער, ד"ר פענסטערבלוי.

ער האָט, דאַכט זיך, אויך געשטאַמט פון מערב־גאַליציע. פון קראָקע, אָדער נעבן קראָקע. זיין יידיש איז געווען גאָר א היי־מישער, גלייך ער וואָלט קיינמאָל נישט געטראָגן אויף זיך דעם

עסטרייכיש אָפיצערישן מונדיר... דערצו איז ער געווען א טעמ־פּעראַמענטפולער רעדנער און טוער.

צו יענער צייט זיינען אויף דער יידישער גאַס אַמשטאַרקסטן געווען טעטיק די צוויי פּאַרטייען: בונד און פּועלי־ציון — שפּע־טער, נאָך דער שפּאַלטונג פון דער פּ.צ. — איז די לינקע פּועלי־ציון געבליבן די אָנגעזעענסטע.

## אַרבעטער־קאַמפן

די „מענטשן", אָדער „יאָר־מענטשן", וואָס האָבן זיך געפּיי־ניקט אין די ענגע וואַרשטאַט־צימערן פון די כעלעמער בעלי־מלאכות, ווו מען האָט געאַרבעט, „געגעסן" און „געשלאָפן" צו־זאַמען, די דאָזיקע „מענטשן" האָבן זיך מיט אַן אמת גענומען מענטשלען. די „אידיליע" צווישן אַרבעטער און באַלעבאָס איז פאַרשוואונדן. מיטן אויפקום פון מאָדערן־אָרגאַניזירטן יידיש־געזעלשאַפטלעך־לעבן, האָבן אויך די אַרבעטער פון די פאַר־שיידענע פאַכן זיך גענומען אָרגאַניזירן אין זייערע פאַך־פאַר־איינען.

פון צווישן די אַרבעטער גופא זיינען אויסגעוואַקסן פּראָפע־סיאָנעלע טוער און פירער. עס האָבן אָנגעהויבן אַרויסגעשטעלט ווערן קאָלעקטיווע פאָדערונגען און שטרייקן זיינען געוואָרן אָן אָפּ־טע דערשיינונג. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס קיין גרויסע אינדוסטריעס זיינען אין שטאָט נישט געווען, האָבן דאָך טייל שטרייקן אַרומגענומען הונדערטער אַרבעטער. זיי פלעגן זיך פאַרציען וואָכנלאַנג און אַ דאַנק דעם געדולד און עקשנות פון די אַרבעטער, זיינען די רעזולטאַטן, כמעט, שטענדיק געווען לטובת זיי.

מיר איז אויסגעקומען זיך באַטייליקן אין אייניקע אַזעלכע פאַך־שטרייקן און צוליב זייער וויכטיקייט, ווי איך גלויב, וועל איך זיך אַביסל אָפּשטעלן וועגן זיי:

ס'איז געווען אין די ערשטע נאָך־מלחמה־יאָרן, ווען די פּוי־לישע וואַליוטע איז געפאַלן אַזוי נידעריק, אַז דרוקן קלענערע באַנקנאָטן פלעגט דער מלוכה נישט לוינען. פּאַפּיר, פאַרב און דרוק וואָלט מער באַטראָפן, ווי די ווערט פון באַנקנאָט. פלעגט מען רייסן איין באַנקנאָט אויף פיר גלייכע טיילן און יעדער טייל האָט געהאַט די ווערט פון אַ פערטל פון צעריסענעם באַנקנאָט.

עס זיינען געווען פאַלן, אַז עמעץ האָט פאַרקויפט זיין הויז פאַר אַ באַשטימטע סומע און ביז ער האָט דאָס הויז פאָרמעל אָפּ־געשריבן און באַקומען די באַדונגענע סומע, פלעגט ער פאַר איר קענען קויפן אַ פּאָר שיך, אָדער גאָר אַ הערינג.

די שכירות אויף וועלכע מען האָט זיך זונטאָג געשטעלט אַרבעטן האָבן פרייטאָג, ווען מען האָט זיי באַקומען אויסגעצאָלט, פאַרלאָרן אַ העלפט, אָדער נאָך מער פון זייער ווערט.

איך דערצייל עס בכיון, כדי דער היינטצייטיקער לייענער זאָל זיך שאַפן אַ באַגריף וועגן כאַראַקטער פון די עקאָנאָמישע קאַמפן אין יענער צייט.

אַלע אָפּמאַכן אויף דער פּוילישער מטבע צווישן באַלעבאַטים און אַרבעטער זיינען, דעריבער, געווען גרונטלאָז. האָט מען באַ־דאַרפט זוכן אַן אויסוועג.

דעם ביישפּיל האָט געגעבן די רעגירונג אַליין: זי האָט באַ־שטימט אַ באַוועגלעכן לוין־טאַריף פאַר די מלוכה און שטאָטישע אָנגעשטעלטע.

די שכירות זיינען באַשטימט געוואָרן לויט אַ פעסטער אויס־לענדישער וואַליוטע — לויטן אַמעריקאַנער דאָלאַר. ביים אויס־צאָלן דעם לוין פלעגט מען נעמען אין אַכט די פּרייז פון דאָלאַר און אויסצאָלן דעם עקוויוואַלענט אין מאַרקן, אָדער שפּעטער — אין פּוילישע זלאָטעס.

אַזאַ איינפירונג, וואָס איז שוין אין די גרעסערע שטעט, אויך אין פּריוואַטע אונטערנעמונגען, געווען אַ געוויינטלעכע דערשיי־נונג, איז נאָך פאַר כעלם געווען אַ נייעס.

די באַלעבאַטים האָבן זיך, נאַטירלעך, אַקעגנגעשטעלט אַזאַ פאָדערונג. דאָס משונהדיקע דערביי איז אָבער, וואָס אויך אַ טייל אַרבעטער האָבן באַקעמפט די דאָזיקע פאָדערונגען, מיטן אויסרייד, אַז זיי זיינען נישט דערגרייכבאַר. אין דער אמתן האָבן די דאָ־זיקע פאָדערונג באַקעמפט דער טייל אַרבעטער, וואָס זיינען גע־ווען אַנדערש־גלויביקע פּאָליטיש, ווי די, ביי וועמען אין די הענט עס איז געלעגן די אָנפירערשאַפט פון שטרייק. אין דעם דע־מאָלטיקן צווישן־פּאַרטיי־קאַמף איז דאָס געווען „נאַטירלעך".

דער שטרייק איז באמת געווען אַ האַרטער און פאַרצויגענער. ער האָט געדויערט 5 וואָכן. אָבער ער איז איינגאַנצן געוווּנען גע־וואָרן פון די אַרבעטער. דאָס איז געווען אַ שטרייק פון מענער־קאָנפעקציע־שניידער.

דאָס כאַראַקטעריסטישע דערביי איז, כאָטש די פאַך־פאַר־איינען אין אונדזער שטאָט, ווי אין גאַנצן לאַנד, זיינען שוין גע־ווען גוט אָרגאַניזירט, די אַרבעטער האָבן שוין געהאַט דורכגע־מאַכט אַ שול פון קאַמפן, איז נאָך דאָך די „משפּחהדיקייט" צווישן באַלעבאַטים און אַרבעטער נישט געהאַט אינגאַנצן פאַרשוואונדן.

אויפן אָפּמאַך, וואָס איז נאָכן שטרייק געשלאָסן געוואָרן אין לאָקאַל פון האַנטוועקער פאַראיין, אויפן ערשטן שטאָק פון קו־פּערס „קאַמיעניצע", לויטן דאָזיקן אָפּמאַך איז מיין ברודער, וואָס געפינט זיך איצט אויך אין בוענאָס איירעס, געווען אונטערגע־שריבן אין נאָמען פון האַנטוועקער־פאַראיין און איך — אין נאָ־מען פון אַרבעטער־פאַראיין.

אין יענער צייט האָבן מיר ביידע, די פאַרטרעטער פון די צוויי קעמפנדיקע צדדים, געאַרבעט און געוווינט נאָך אין הויז פון די עלטערן...

דאָס איז נישט געווען קיין אויסנאַם־פאַל אין יענער צייט.

דער זיג פון די אַרבעטער אין יענעם קאָמפּליצירטן שטרייק האָט, נאַטירלעך, גלייך געפונען אַן אָפּקלאַנג אויך אין אַנדערע פאַכן. אַ קורצע צייט נאָכדעם האָבן פאַרשטרייקט די דאַמען־שניידער. קיין שטרייק־ברעכער זיינען נישט געווען, ווייל דאָס אָרט איז געווען גענוג קליין, איינער האָט געקאָנט דעם אַנדערן און זיך געשעמט פאַר אים, אָבער שטערונגען פון די אַרבעטער גופא, צוליב פּאָליטיש־פּאַרטייאישער קעגנערשאַפט צו דער אָנ־פירונג, אַזעלכע שטערונגען זיינען ווידער געווען.

אויך דער דאָזיקער שטרייק איז געוווּנען געוואָרן. כאָטש דאָס געווינס דאַרף צוגעשריבן ווערן דער גוטער אָרגאַניזאַציע פון שטרייק, האָט דאָ דאָך עפּעס בייגעטראָגן אַ מענטש, דווקא פון קעגנערישן צד.

דער פירער פון פרויען־שניידער־באַלעבאַטים איז דעמאָלט געווען בערל קעלבערמאַן. ער איז איינער פון די שפּעטערדיקע 15 יידן, וואָס זיינען לעבן געבליבן אין כעלם גופא, אַרבעטנ־דיק אין אַ געסטאַפּאָ־וואַרשטאַט.

אַ מענטש אַ מאָגערער, זויבער געקליידט און פּונקט אַזוי זוי־בער אין כאַראַקטער. האָט ער געפילט אויף זיין געוויסן, וואָס דער שטרייק פאַרציט זיך און ער האָט אונטערגעאיילט זיינע קאָ־לעגן, באַלעבאַטים, זיי זאָלן מאַכן אַ סוף צום שטרייק, לטובת די אַרבעטער.

ווי שוין דערמאָנט, געהערט בערל קעלבערמאַן צו די 15 בעלי־מלאכות, וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם נאַצי־גיהנום אין כעלם. איצט געפינט ער זיך אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

די אויסגערעכנטע שטרייקן זיינען ווייט נישט געווען די איינציקע אין כעלם. אויב איך שטעל זיך אָפּ אויף זיי איז דאָס, ווייל די דאָזיקע זיינען מיר מער באַוווסט. איך גלויב אויך, אז דערמאָנען אלע שטרייקן, וואָלט געווען א נישט נייטיקע איבערחזרונג פון קאמפן ענלעכע צווישן זיך.

## קולטור־אויפבלי

די ארבעטער און די יוגנט בכלל האָבן זיך שוין דעמאָלט ווייט נישט געהאַט באפרידיקט מיט בלויז עקאָנאָמישע געווינסן. דער דאָרשט נאָך דער „גייסטיקער שפּייז", ווי נאַאיווע פלעגן דעמאָלט אָנרופן די פארשיידענע ארבעטן אויפן קולטור־פעלד, האָט זיך קיינמאָל נישט געשטילט. א טייל פון דער דעמאָלטיקער יוגנט אין פוילן, אין ליטע און אין אנדערע מזרח־אייראָפּעישע לענדער זיינען עס די היינטיקע שעפער און געברויכער פון דער יידישער קולטור אין די פאַרשיידנסטע אַמעריקאַנער לענדער, אזוי אין די קאָמפּאַקטע, ווי אין די קליינע, פארוואָרפענע אמעריקאנער ישובים. דאָס זיינען די איצטיקע קויפער און אויך לייענער פון א יידיש בוך. די צוהערער פון א יידיש־ליטעראַרישן רעפעראַט. איר דערקענט זיי לויטן פלעמל פון באגייסטערונג אין זייערע אויגן, בעת איר רעדט וועגן יידישער ליטעראטור, בשעת איר ציטירט א יידישן דיכטער, ווען מענס דיכטונגען זיי פלעגן הערן זינגען, אָדער רעציטירן אויף די פארשיידענע ליטעראַריש־וואָקאַלישע אָוונטן, ווי מען פלעגט דעמאָלט אָנרופן די פרייטאָג־ביינאַכטיקע אָוונטן. ווער שמועסט, אז איר ציטירט א שרייבער, וועמען זיי האָבן אליין געהערט און געזען — און דאָס איז געווען אן אָפּטע דערשיינונג — איז צו זייער פרייד קיין גלייכן נישטאָ.

איך דערמאָן מיך נישט קיין איין לײדיקן שבת אין כעלם, קיין איין שבת אָן א פאָרלעזונג, אָן א פאָרטראג אין משך פון יאָרן. עס פלעגן אראָפּקומען רעפערענטן מיט די פאַרשיידנסטע רעפעראַטן פון ווארשע. פאַרטיי־פירער און שרייבער. איך געדענק דעם קדוש, ישראל שטערן, מיט א קאָמפּליצירטן אויסגעזונגענעם רעפעראַט; דעם געלן, אורי צבי גרינבערג, וואָס איז דעמאָלט געווען באַליבט ביי דער יוגנט מיט זיין נאָר וואָס דערשינענעם „מעפיסטא"; דעם הויכן, שלאַנקן, שוויגנדיקן ז. סעגאלאָוויטש, ישראל מאַסטבוים, פרץ מארקיש א.א. פון פאַרטיי־רעפערענטן איז דאָך אָפּגערעדט. יעדע פאַרטיי האָט אראָפּגעבראַכט איר רעדנער און קיין עולם האָט קיינמאָל נישט געפעלט. נישט נאָר די כעלעמער יוגנט האָט געשטראָמט אין די לאָקאַלן פון די אָפּגעהאלטענע רעפעראַטן, נאָר עס פלעגט זיך אויך צונויפקומען יוגנט פון די ארומיקע שטעטלעך: פון רייוויץ, וואָיסלאָוויצע, גראַבאָוויץ א.א. ווער ס'איז געקומען צופוס, ווער אויף וועגענער, אָבער מען האָט זיך באַמיט נישט צו פעלן אויף א רעפעראט, און אין איין וועג פארברענגען אביסל אין דער גרעסערער שטאָט.

די שטאָט האָט זיך אָבער נישט בלויז מיט „אימפּאָרטירטער" קולטור געשפּייזט. דאָס אייגענע קולטור־לעבן איז נישט געבליבן הינטערשטעליק קעגן אנדערע גרעסערע שטעט אין פוילן.

איך האָב שוין עטלעכע מאָל דערמאָנט די כעלעמער פאָלקשול, וועלכע האָט דורכגעזעצט איר עקסיסטענץ און אפילו פּראָגרעסירט אונטער אלע מאַטעריעלע און פּאָליטישע שוועריקייטן מצד דער פוילישער רעגירונג, ביז צום חורבן. לאנגע יאָרן, אויך ביזן חורבן, האָט עקסיסטירט אַ העבראישע גימנאַזיע, צווישן אנדערע, האָבן פארנומען לערער און דירעקטאָר־פּאָסטנס אין דער דאָזיקער גימנאַזיע, די משפחה באקאלאר. אן אינטעליגענטע



ליטעראַרישער קרייז ביי דער יידישער גימנאַזיע.

משפחה איז דאָס געווען און איינער פון זיי איז געווען א גאָר פיינער רעדנער. די דאָזיקע משפחה איז, דאַכט זיך, נישט געווען קיין כעלעמער, אָבער יאָרנלאַנג געווען אין כעלם און באַווירקט צום קולטור־וווקס פון דער געזעלשאפט.

א העכערער קורס זיינען געווען די, כמעט, סיסטעמאטישע לעקציעס פון קולטור־געשיכטע, וואָס האָט באַדייטנדיק ביי־געטראָגן צום וועלטלעכן דענקען פון דער כעלעמער יוגנט. דער ערשטער, וואָס האָט איינגעפירט די דאָזיקע לעקציעס איז געווען, ער שוין דערמאָנטער פּיוול פריד. דאָס איז געווען באלד נאָך דער דייטש־עסטרייכישער אָקופּאַציע אָדער, נאָך אין אירע לעצטע חדשים. א צייט נאָכדעם האָט אָנגעפירט מיט דעם זעלביקן קורס אין בונדישן לאָקאל, שמואל זיגלבוים. אין משך פון ווינטער, 1921, האָב איך דיקטירט דעם דאָזיקן קורס אין פּ.צ לאָקאל, אויף לובעלסקי, דריי מאָל אין וואָך. דעם קורס פלעגן באזוכן יוגנטלעכע פון אלע ריכטונגען אפילו פאר א געוויסן אָפּצאָל און אויך געסט פון ארומיקע שטעטלעך.

אָבער דאָס צענטראלע אָרט פאר דער זעלבסט־אנטוויקלונג האָט, גלויב איך, פאַרנומען די ביבליאָטעק. די שטאָט האָט שוין דעמאָלט געהאט עטלעכע געזעלשאפטלעכע ביבליאָטעקן, וועלכע האָבן באדינט די לייענער אלע אָוונט. דאָך פלעגט אויסקומען צו וואַרטן אין ריי ארויסצונעמען א בוך צום לייענען. אזויפיל לייענער זיינען געווען.

שרייבנדיק וועגן מיין שטאָט, וואָס איז, ווי אלע יידישע שטעט אין פוילן, טראַגיש אומגעבראכט געוואָרן דורכן היטלעריזם, זוך איך נישט צו געבן קיין פרעפערענץ קיין שום געזעלשאפטלעכע באוועגונג. דאָך קומט מיר אויס זיך אָפּצושטעלן אויף אייניקע אָרגאַניזאַציעס, מער־ווייניקער אויספירלעך און אויף אנדערע ווייניקער, אָדער גאָרנישט. דאָס איז דערפאר, וואָס אין די געשילדערטע אָרגאַניזאציעס בין איך געווען נאָענט: ווו איך בין געווען אַן אינעווייניקסטער און ווו דערנעבן. ס'איז מיר אָבער שווער צו ריידן פון יענע באוועגונגען, פון וועלכע איך בין, לויט מיין איבערצייגונג, אינגאַנצן געשטאַנען פון דערווייטנס. ריידן און באשרייבן פון אויסנווייניק, בפרט נאָכדעם, ווי אלע די אייגענע, ווי די נישט אייגענע, זיינען אומגעקומען מיט דעם זעלביקן שרעקלעכן טויט, וואָלט געהייסן א גרינגשעצונג צו זייער ארבעט, לעבן און טויט.

איך ווייס בלויז וועגן דער עקסיסטענץ פון דער ציוניסטישער באוועגונג מיט אלע אירע אָפּצווייגונגען. וועגן דער עקסיסטענץ פון א גרופּע פאָלקיסטן, מיט א געוויסער השפעה אין האנט־

ווערקער־פּאַראיין. איך גערענק די סקויטן־אָרגאַניזאַציע. אָבער דאָס אַלץ, ווי אַ זייטיקער צוקוקער און איך באַנוגן זיך דאָ מיטן בלויזן פאַרצייכענען זייער עקסיסטענץ, אָן דעם, ליידער, איך זאָל קאָנען איבערגעבן מער פאַקטן.

## דער שוואַרצער אָנהייב

דאָס, וואָס איך גיי דאָ דערציילן, אָדער פאַרצייכענען, האָב איך געהערט פון מויל, ווי כ'האָב שוין אין מיין אריינפיר דערציילט, פון תנחום ניסענבוים. איך האָב זיך מיט אים געטראָפן אין סאַן־פּאַולא, בראזיל, באלד נאָך זיין אָנקומען אַהין, צו זיין שוועסטער און שוואָגער, משה קלערער.

דער דערציילער געהערט צו די 15 יידישע בעלי־מלאכות, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר דער געסטאַפּאָ, איזאָלירט אין דער כעלעמער תפיסה און אזוי ארום נצול געוואָרן פון טויט.

דאָ וויל איך בלויז פאָרשטעלן דעם דערציילער, תנחום ניסענבוים, וועלכער האָט מיר איבערגעגעבן דאָס אַלץ, וואָס ער האָט אליין געזען און דאָס, וואָס ער האָט געהערט פון אנדערע. זיינע רייד זיינען פשוט, אָן באַפּוצונגען און אויפריכטיק, ווי ס'איז ער אליין, דער יונגער, קרעפטיקער סטאָליאַר־ארבעטער, תנחום ניסענבוים.

אקעגן מיר, אויף א בענקל, אין שטוב ביי מיין סאַן־פּאַולער לאַנדספרוי, שרה רבקה, וועלכע איז געווען מיין שכנה אין דער הרוביעשאָווער גאַס אין כעלם, איז געזעסן תנחום ניסענבוים און דערציילט.

זיין דערציילן איז געווען — ווי ס'איז אויך געווען צו דערווארטן — א לאַווע־אויסברוך פון פערזענלעכע דעראינערונגען און איך האָב אָפּט, קעגן מיין ווילן, געמוזט צוימען זיין גאַס רייד, כדי ארויסצובאַקומען פאַקטן און דאַטן פון אלגעמיינעם כאַראקטער:

דעם 9־טן אָקטאָבער, 1939, האָט די נאַצישע ארמיי אָקופּירט כעלם.

מיט זייערע גרויל־מעשים, וועלכע האָבן שוין דעמאָלט אויפגעציטערט די וועלט, האָבן זיי אויך אין כעלם נעשט געלאָזט וואַרטן אויף זיך לאַנג.

א גרופּע נאַציס איז גלייך צוגעפאָרן צו דער באַקאַנטער משפחה, משה פּאָמעראַנץ, רעפאָרמאצקע ראָג, אָגראָדאָווא, ארויסגעיאָגט די גאַנצע משפחה פון הויז, אָן דעם מען זאָל איר דערלויבן מיטנעמען די מינדסטע זאַך פון דאָרט, און זיך באַזעצט אין הויז. דאָס וואָלט אָבער געווען דאָס מילדסטע, דאָס אידעאלסטע, וואָס מען וואָלט געקאָנט פון די דאָזיקע בעסטיעס דערווארטן.

די נאַציס האָבן זיך דערמיט אליין נישט באפרידיקט:

די משפחה פּאָמעראַנץ, וואָס איז ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון הויז, איז געצוווּנגען געוואָרן וואַשן די קלאָזעטן פון אייגענעם הויז מיט די הוילע הענט, אויסווישן זיי, די קלאָזעטן, מיט די אייגענע העמדער און צוריק אָנטאָן די זעלבע אויפן לייב, ביים ווילדן חוזק פון די נאַציס און זייערע לאָקאלע מיטהעלפער — די ענדעקישע כוליגאַנעס.

דער אָפּרוף פון אָט־דער ווילדער טאַט פון די נאַציס אויף דער צעשראָקענער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט איז זיך לייכט פאָרצושטעלן. דער טאָן איז געשטעלט געוואָרן און די יידן האָבן מיט אַנגסט אָפּגעווארט די ווייטערדיקע פּינצטערע מעשים פון די נאַציס און זייערע פּוילישע ארויסהעלפער. און אויך דאָס „ווייטערדיקע" האָט נישט לאַנג געלאָזט ווארטן אויף זיך. אקטן פון אינדיווידועלע פּייניקונגען און מאָרדן זיינען געווען א טאָג־טעגלעכע דערשיינונג.

די צוגערויבטע וווינונג ביי דער פּאָמיליע פּאָמעראַנץ דאַרף געהאלטן ווערן ריין. די דייטשן זיינען „ציוויליזירטע" מענטשן און האלטן פון היגיענע. האָט מען געכאַפּט 15 יידן אין גאַס צו ראַמען די וווינונג. נאָך דער ארבעט זיינען די דאָזיקע 15 יידן געצוווּנגען געוואָרן זיך צו באָקסן, אונטער דער קאָמאַנדע פון א געסטאַפּאָ־אָפיציר. בשעת דעם דאָזיקן „ספּעקטאַקל" האָט מען מען אויסגעהאַקט אן אויג ביי יוסף סטאָליאר.

די מיינסטע פון די פופצן יידן זיינען נאָכן דאָזיקן „באָקסן" געשטאָרבן.

איין וואַנדאַליזם יאָגט נאָך דעם צווייטן:

צו יענער צייט האָט זיך אין כעלם געהאַט באַזעצט דעם קוזמירער רבינס זון — אליין אויך א רבי. זיינען די בעסטיעס אריין צו אים אין וווינונג, ארויסגעיאָגט דעם רבין, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער איז געווען א פּאַראַליטיקער, מיטגענומען דעם שמש און די חסידים, וואָס האָבן זיך גראָד דאָרט געפונען, זיי אלעמען געצוווּנגען צו וואַשן די נאַצישע אויטאָמאָבילן. דאָס איז נישט גענוג געווען. זיי האָבן צוגעטראַכט פארשיידענע שפּיצלעך צו באליידיקן און דערנידעריקן די קרבנות פאַר דעם פארגעניגן פון די פּייניקער און דעם היימישן פּוילישן המון.

ס'איז קלאָר געוואָרן פאַר די יידן אין כעלם, אז זייער לעבן און פאַרמעגן איז אינגאַנצן הפקר, הפקר, ווי נאָך קיינמאָל נישט, אפילו אין די פינצטערע מאָמענטן פון דער יידישער געשיכטע. די ווערטער: געזעץ און מאָראל זיינען א בלוטיקער חוזק פאר זיי. די היטלער־האָרדעס צוזאמען מיט זייערע פּוילישע און אוקראַינישע שותפים זיינען איצט די אויסשליסלעכע באַלעבאַטים איבערן לעבן פון די יידן אין כעלם. האָבן די דאָזיקע האָרדעס אין כעלם, ווי אין גאַנץ פּוילן, אפילו נישט געפּרוווט מאַסקירן זייערע פינצטערע מעשים, ווי זיי האָבן דאָס געטאָן אין אַנדערע לענדער. צוזאמען מיט, סתם איזדיעקעווען זיך איבער יידן, צוליב אייגענער הנאה וועגן, האָבן זיי אויך פּראַקטישע רויב־צילן.

שוין אין די ערשטע טעג פון דער אָקופּאציע האָט מען אויפגעריסן די יידישע געשעפטן און דער אָקופּאַנט מיט זיינע אָקופּירטע אונטערוועלטניקעס האָבן זיך געלאָזט ווויל גיין. ווער עס האָט געוואָלט האָט גענומען.

אן „אויסנאַם" האָט מען געמאַכט פאר די יידישע מעבלגעשעפטן, וועלכע זיינען, אנשטאָט סתם אויסרויבן, געוואָרן דאָס „געזעצלעכע" אייגנטום פון די כעלעמער אוקראַינער.

באלד האָבן זיך גענומען שיטן גזרות אויף די יידישע קעפּ, איינע שרעקלעכער פון דער צווייטער:

די ערשטע גזירה איז געווען, אז די יידן אין כעלם טאָרן נישט גיין אין גאַס שפּעטער, ווי ביז זעקס אין אָוונט. אנדערש איז באַוווסט: טויט!

נאָכדעם איז געקומען א געלט־קאָנטריבוציע פון 100 טויזנט זלאָטעס, וואָס בלויז די יידן אין כעלם האָבן באַדאַרפט באַלד איינצאָלן. דאָס געלט האָט די קהילה צונויפגעזאַמלט צווישן די יידן אין שטאָט און צו דער געפאָדערטער צייט דאָס צוגעשטעלט דעם אָקופּאַנט. באַלד, ווי די געפאָדערטע סומע איז איינגעצאָלט געוואָרן איז ארויפגעלייגט געוואָרן א נייע פון 40 טויזנט זלאָטעס. די כעלעמער יידן האָבן געטאָן דאָס אוממיגלעכסטע און די סומע אויך צוגעשטעלט. ביי טייל יידן האָט נאָך אלץ ערגעץ ווו געשיינט א שטיקל האָפענונג, אז אפשר וועט מען אָפּקומען מיט געלט — און דערצו זיינען יידן געוווינט... אָבער, ווי נאָר די צווייטע קאָנטריבוציע איז איינגעצאָלט געוואָרן, האָבן גלייך

די אָקופּאַנטן געפּאָדערט א דריטע — דאָס מאָל „בלויז“ פון 10 טויזנט זלאָטעס.

ווי שרעקלעך שווער עס זיינען נישט געווען די דאָזיקע מאַטעריעלע קרבנות פאר דער אָרעמער כעלעמער קהילה, וואָס איז איצט אינגאַנצן אויסגערויבט געוואָרן, איז דאָס נאָך אלץ געווען א „קלייניקייט“ אין פאַרגלייך מיט די בלוט־קרבנות, מיט די יידישע לעבנס, וואָס מען האָט באלד געמוזט מקריב זיין, שוין אין מאסן־פאַרנעם אויפן נאַצי־מזבח.

## דער בלוטיקער מאַרש צום טייך בוג

דער ווילקיר האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן די ערשטע מינוט פון זינט די פארוויסטנדיקע נאַצי־טריט האָבן באטרעטן דעם באָדן. ס'איז נישט אַריבער קיין איין שעה, אָן רויב, אָן נגישות, אָן קיין יידיש בלוט. אָבער די ערשטע פארטראַכטע מאַסן־אויסראָטונג איז פאָרגעקומען דעם 1־טן דעצעמבער, 1939. 7 וואָכן נאָכן אָקופּירן די שטאָט.

וועגן דעם דאָזיקן מאַסן־מאָרד האָט דערציילט נח שוכמאַכער, וועלכער האָט זיך אויך באטייליקט אין דעם בלוטיקן מאַרש צום בוג און איז געווען פון די ווייניקע גליקלעכע, וואָס זיינען לעבן געבליבן. ער איז אויך געווען, ווי שוין געזאָגט, דער ערשטער כעלעמער, וואָס איז, נאָך דער מלחמה, אָנגעקומען קיין אַרגענטינע.

לויט ווי ער דערציילט, איז דאָס פאָרגעקומען אויפן פאָלגענדיקן אופן:

דער נאַצי־שעף, פישער, האָט באפוילן דעם ראש־הקהל, אַנשל בידערמאַן, עס זאָלן קומען אין טאָג פון ערשטן דעצעמבער אלע יידן, אין עלטער פון 16 ביז 60 יאָר. דאָס האָט זיך באַצויגן צו בלויז געזונטע מענער. געקומען זיינען אַן ערך 2000 יידן.

דער ראש־הקהל איז ארומגעלאָפן א גאַנצע נאַכט איבער די יידישע הייזער און זיי איבערגעגעבן דעם דאָזיקן פינצטערן באַפעל. ער האָט אָבער נישט דערמאָנט, אז דאָס איז חל אויף בלויז געזונטע, מורא האָבנדיק, אז אלע וועלן זיך אָנגעבן פאר קראַנקע און ער וועט נישט קאָנען צושטעלן די געפאָדערטע צאָל יידן. זיינען געקומען צום מארק־פּלאַץ, לויט ווי מען האָט זיי באַפוילן, קראַנקע און געזונטע. ווי נאָר די צאָל יידן זיינען געווען אויפן אָרט, זיינען זיי ארומגערינגלט געוואָרן פון דער געסטאַפּאָ און מען האָט זיי גענומען טרייבן דורכן הרוביעשויווער שאָסיי, אויפן וועג צום טייך בוג, מיטן אויסרייד, אז מען פירט זיי אריבער אויף דער סאָוועטישער זייט.

דער ערשטער קרבן אין דעם דאָזיקן בלוטיקן מאַרש איז געווען איטשע שעפּעלעס. דעם מענטש האָב איך גראָד געקאָנט פון מיינע חדר־יאָרן. ער איז געווען א מלמד און ביי אים האָב איך געלערנט חומש מיט רש״י. ער האָט צו יענער צייט געוווינט אין דער „נייער צאַל“. זיין פאָטער איז געווען אַ ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט. זיין ברודערס א זון האָב איך געקאָנט פאר א יוגנטלעכן קאָמוניסט און ער פאַרנעמט, דאַכט זיך, היינט אַ וויכטיקן אַמט אין דער פוילישער רעגירונג.

ווען איטשע שעפּעלעס האָט זיך שוין געפונען צווישן אלע אויפן אויפן מארק־פּלאַץ, האָט ער זיך געכאַפּט, אז ער האָט געמאַכט א טעות: פארלאנגט האָט מען מענער פון 16 ביז 60 יאָר און ער איז שוין עלטער, ער האָט שוין 63 יאָר. איז ער צוגעגאַנגען מיטן דאָקומענט אין האַנט צום געסטאַפּאָ־עלטסטן אים אויפווייזן דעם טעות. דער ענטפער פון דעם ברוינעם מערדער איז געווען — א שאָס פון רעוואָלווער.





איז איטשע שעפּעלעס געווען דער ערשטער קרבן פון דעם בלוטיקן מאַרש צום בוג. דער צווייטער אומגעבראַכטער איז געווען א זון פון דער גוט באקאנטער משפחה, מנשה דער מצבה־קריצער. שוין די פּראָפעסיע גופא האָט די דאָזיקע משפחה אויסגעטיילט פון אנדערע. נאָך מער איז זי באקענט געווען צוליב די זין, וועלכע האָבן זיך פאררעכנט צו דער כעלעמער אינטעליגענץ. זייער פאַמיליע־נאָמען איז געווען מאַנדעלבוים. טייל ברידער האָבן ביז דער לעצטער מלחמה געוווינט אין פּאַריז. דער איינציקער זון, וואָס איז פאַרבליבן אין כעלם מיטן פאָטער, איז געווען א קריפּל און דאָס זאָל זיין די סיבה, וואָס מען האָט אים דערשאָסן אויפן מארק־פּלאַץ, נאָך איידער דער „מאַרש“ האָט זיך אָנגעהייבן. דאָרט האָט מען אויך דערשאָסן דעם בעקער, יאַנקל ברילאַנט.

לויט אָט־דעם בלוטיקן ערב־מארש איז שוין געווען קלאָר, וואָס עס דערוואַרט אין מאַרש גופא.

און די מאַסן־שחיטה האָט זיך אָנגעהייבן איין קילאָמעטער פון מארק־פּלאַץ.

זיינען איצט געטריבן געוואָרן 2000 יידן אויף זייער לעצטן „שפּאַציר“ דורכן הרוביעשאָווער וואַלד, אין וועמענס שאָטן זיי האָבן אמאָל פארבראַכט מיט לייענען, דיסקוטירן און מיט „טייַנע סכאָדקעס“.

זיינעןביים אריינקומען אין וואלד אריין גלייך דערשאָסן געוואָרן 20 מענטשן. צווישן די דערשאָסענע זיינען געווען:

ד״ר אָקס, דער אלטער באקאנטער צייַן־ד״ר סעקולער, בעניע סאַלאָן, שמעון זיידפּאָדעם און געצל מייער, אהרן גרינמאַן, יצחק גאָלדמאַן מיטן זון, אברהם. צווישן זיי איז אויך פאראַן די פרוי, ד״ר פעלדמאַן, הגם עס ווערט איבערגעגעבן, אז אין דער פּאַרטיע זיינען געווען בלויז מענער. מיגלעך, אז די פרוי פעלדמאַן איז אליין מיטגעגאַנגען, אָדער זי האָט באגלייט עמעצן פון דער פּאַרטיע. די איבעריקע נעמען פון די דערשאָסענע געדענקט נישט דער דערציילער.

הרוביעשאָוו געפינט זיך 7 מייל פון כעלם און צווישן די צוויי שטעט איז געווען אַ שאָסיי, אויף וועלכן עס פלעגט זיך ציען אַן אומענדלעכער קאַראַוואַן פון באַלעגאָלעס. שווער באלאָדענע וועגענער, געשפּאַנט מיט 3 און 4 פערד אין דער ברייט, פלעגן זיי טאָג און נאַכט, זיך שלעפּן איבערן שאָסיי און דאָס „וויאָקען“ צו די פערד פון די אָנטרייבער, האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט. דאָס איז געווען דער האַנדלס־טראַנספּאָרט צווישן כעלם און הרוביעשאָוו.

אָט דער פרידלעכער שאָסיי איז דאָס ערשטע מאָל באגלייט געוואָרן מיט יידישע הרוגים, אין טאָג פון ערשטן דעצעמבער, 1939.

איבער א העלפט פון די 12 הונדערט יידן זיינען געבליבן ליגן דערשאָסענע אויף דעם פרידלעכן 7 מייליקן שאָסיי, צווישן כעלם און הרוביעשאָוו.

די פויערים פון די ארומיקע דערפער, וועלכע זיינען דעם אַנדערן טאָג געקומען קיין כעלם, האָבן דערשראָקענע דערציילט, וואָס זיי האָבן געזען: אז עס וואַלגערן זיך הונדערטער דערשאָסענע יידן אויפן וועג.

זיינען די פארבליבענע משפחות פון דער ארויסגעשיקטער פּאַרטיע געלאָפן, אין זייער פארצווייפלונג, צו די נאַצי־באהערדן, זוכן יושר, בעטן רחמים. שטאָט־אינטענדאַנט איז דעמאָלט געווען אַ כעלעמער „פאָלקס־דויטש“. זאָל ער, ווי שוכמאַכער דערציילט, האָבן אוועק צום מיליטערישן דייטשן קאָמענדאַנט, „איינ־

פאַרמירן" אים אויף דעם אומרעכט, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן דער ארויסגעשיקטער פּאַרטיע יידן.

דער קאָמענדאַנט האָט אים אויסגעהערט און „בארויקט" זיין „פאָלקס־גענאָסע" מיט די ווערטער:

„היינט נעמען מיר די יידן אויף פרישטיק, מאָרגן, אז מיר וועלן דאַרפן, וועלן מיר נעמען די פּאָליאַקן אויף מיטאָג". „און דו — האָט דער קאָמענדאַנט פארענדיקט — גיי אהיים און מיש זיך נישט אין אונדזערע זאכן".

די אינטערווענץ פון דעם „פאָלקס־דויטש" ביים קאָמענדאַנט קלינגט אַ ביסל נאַאיוו פאַרן לייענער, ווי נאַאיוו עס האָט געקלונגען פאַר מיר, ווען איך האָב עס געהערט דערציילן, אָבער איך גיב עס איבער, ווי איך האָב עס געהערט.

אין הרוביעשאָוו האָבן די דייטשן צונויפגענומען נאָך 800 יידן, זיי פאַראייניקט מיט די רעשטלעך פון די כעלעמער יידן און צוזאמען זיי געטריבן צום בוג. ביזן בוג איז פון ביידע פּאַרטיעס, פון דער כעלעמער און פון דער הרוביעשאָווער, ניט פארבליבן מער פון 400 יידן.

פארן אריבערגיין דעם טייך בוג, האָט דער נאַצי־קאָמענדאַנט געהאַלטן א רעדע פאר די פארבליבענע, האלב־טויטע יידן און זיי צוגעזאָגט, אז מער וועט קיינער פון די געבליבענע נישט געטויט ווערן. ער האָט זיי אָבער געוואָרנט, אז נאָכדעם, ווי זיי וועלן אריבער דעם בוג, אויף דער סאָוועטישער זייט, טאָר זיך קיינער פון זיי נישט אומקערן צוריק. יעדער, וואָס וועט זיך אומקערן, וועט גלייך דערשאָסן ווערן.

ער האָט דאָסמאָל געהאַלטן וואָרט, דער געסטאַפּאָ־קאָמענדאַנט: מער איז קיינער פון דעם אומגליקלעכן רעשטל נישט דערשאָסן געוואָרן.

מען האָט אויסגעקליבן א פלאַכן אָרט אין טייך, דורך וואַנען מען האָט די עטלעכע הונדערט אומגליקלעכע אריבערגעטריבן דעם טייך. די געטריבענע, מיט אָנגעשטעלטע ביקסן הינטער זיי, זיינען אין א מיטן ווינטער־נאַכט, געגאַנגען ביזן האלדז אין וואַסער, טראָגנדיק אויף זיך די אָפּגעשוואַכטע, וואָס האָבן שוין אליין נישט געקאָנט גיין.

ביים אריבערגיין אויף דער סאָוועטישער זייט זיינען 8 יידן געשטאָרבן פון אויסגעמאַטערטקייט און פאַרקילונג.

נאָכן אָפּזיין א שטיקל צייט אויף דער סאָוועטישער זייט, האָט מען די אריבערגעקומענע צוריקגעשיקט. מען האָט זיי אויפגעזעצט אויף שיפלעך, צוריקגעשיקט זיי אויף דער דייטשער זייט.

די צוריקגעשיקטע יידן זיינען אויך נישט אלע דערגאַנגען אהיים. פון די אלע, וואָס האָבן זיך דורך פארשיידענע אומוועגן אומגעקערט קיין כעלם, זיינען סך הכל געבליבן 150. די איבעריקע זיינען אומגעקומען אין וועג פון אויסמאַטערונג. דעם איינציקן נאָמען, וואָס דער דערציילער געדענקט פון די אומגעקומענע אויפן וועג אהיים, איז, חיים איטשע שפארער, א קצב מיטן צונאָמען "טשעלא". ער איז געשטאָרבן פון די ווונדן אויף די פיס.

שוכמאַכער איז צוריקגעקומען קיין כעלם. די מורא נישט דערקענט צו ווערן פון די נאַציס, אלס צוריקגעקומענער און די קאָנסעקווענצן דערפון, האָבן אים באוויגן צו אַ געוואַגטן שריט:

איבערלאָזנדיק אין כעלם זיין פרוי און קינדער און די איבעריקע משפחה, וועלכע ער האָט געגלייבט, אז זיי זיינען נישט אין אזא געפאר, ווי ער, איז ער ווידער אריבער די סאָוועטישע גרענעץ.

ער האָט שפּעטער מיטגעמאַכט מיליטער־דינסט אין אנדערסעס אַרמיי. נאָך דער מלחמה איז ער, ווי שוין דערמאָנט, געווען דער ערשטער כעלעמער ייד, וואָס איז אָנגעקומען קיין ארגענטינע. א ביסל שפּעטער האָט ער זיך באַזעצט אין אויסטראַליע. זיין גאַנצע משפחה אין כעלם איז אומגעקומען.

תנחום ניסענבוים, פון וועמען איך האָב די מיינסטע ידיעות פון חורבן כעלם געגומען, האָט שפּעטער, אַרבעטנדיק אין געסטאַפּאָ־ווארשטאַט, אפילו געזען די פאָטאָגראַפיעס, וואָס די נאַציס האָבן געמאַכט פון דער שרעקלעכער שחיטה אין הרוביעשאָווער וואַלד.

## דער שפּיטאָל פאַר גייסטיק קראַנקע

קיין גאָר גרויסע שטאָט איז כעלם נישט, אָבער שפּיטעלער האָט זי שטענדיק געהאַט פון די גרעסטע. אזא איז געווען דער מיליטערישע שפּיטאָל ביי דעם הרוביעשאָווער וואַלד, וואָס איז אָפּגעירשנט געוואָרן פון די צאַרישע צייטן. אהין פלעגט מען ברענגען קראַנקע פון די וויטסטע געגנטן. דאָרט איז אויך, אין משך פון יאָרן, ספּעציעל אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אויפגעוואַקסן א היפשער מיליטערישער צמענטאַזש, טאַקע נישט ווייט פון שפּיטאָל. גלייכע הילצערנע צלמים איבער די קברים האָבן דערציילט וועגן זעלבן גורל און יחוס פון די, וואָס אונטער זיי...

נאָך א שפּיטאָל איז, אויפן „וויגון", צוגעקומען פאַר גייסטיק־קראַנקע. דאָס פּלאַץ און די גוטע וואַלד־לופט זיינען געווען צוגעפּאַסט פאַר הייל־אַנשטאַלטן. איז דאָרט אויסגעוואַקסן א קראַנקען־שטאָט מיט אַ סך מער קאָמפּאָרט, ווי די געזונטע. האָט מען געשיקט אין דעם דאָזיקן שפּיטאָל קראַנקע פון גאַנץ פוילן.

ווען די דייטשע האָרדעס האָבן אָקופּירט כעלם זיינען אין יענעם שפּיטאָל געווען 300 קראַנקע. די „העכערע" דייטשע ראַסע האָט גלייך באוויזן איר „העכערקייט". שוין אויפן צווייטן טאָג נאָכן אָקופּירן כעלם, האָבן זיך אַהין אריינגעריסן געסטאַפּאָוצעס און אויסגעשאָסן אלע קראַנקע אין שפּיטאָל. די קראַנקע, וואָס זיינען זיך דאָרט געקומען היילן האָבן געפונען זייער קבורה אויפן „וויגון", ווו דער שפּיטאָל איז געשטאַנען.

## קינדער־מערדער

תנחום ניסענבוים דערציילט א פאַל פון פייניקן א קינד, אז די האָר נעמען שטעכן. וויפל מיר זיינען נישט געוווינט צו הערן



חנעחדיקע יידישע קינדערלעך, סילקע און לייבל ניסענבוים, חאָס די היטלער־מערדער האָבן אומגעבראַכט.

די מעשים פון די נאַצי־אויסוואורפן, שוידערן מיר אָבער שטענדיק ווען מיר הערן פון אַ קינדער־פייניקונג, דערצו — נישט אויף קיינעמס באַפעל, נאָר פאר אייגענעם סאַדיסטישן פאַרגעניגן וועגן. אויך דער דערציילער, ניסענבוים, וואָס האָט אליין איבערגעלעבט די שוידערלעכסטע גרוילן און דעם דאָזיקן פאַל שוין נישט איינמאָל דערציילט, אויך ער איז גערירט פון דעם, וואָס ער דערציילט און ער באַהערשט די טרערן, וואָס שטיקן אים.

אָט וואָס ער גיט איבער:

צווישן די נעמען פון די ס.ס.־מערדער האָט, אַמיינסטן, געשמט איינער א שאַר־פירער מיטן צונאָמען, „דער געלער". דאָס איז געווען אַן אויסוואורף, אַ סאַדיסט, וואָס איז, אין זיינע גרויזאַמקייטן, איבערגעשטיגן אַלע זיינע קאָלעגן.

אין א שרעקלעך־קאלטן ווינטער־אינדערפרי איז דער דאָזיקער „געלער" ארויסגעפאָרן אויף אַ ביציקלעט. אַקעגן איז אים אָנגעקומען א 12 יאָריק יידיש יינגל. דער אויסוואורוף איז אראָפּגעשפרונגען פון ביציקלעט און אים איבערגעגעבן דעם קינד צו פירן מיט די הוילע הענט. יעדעס מאָל, ווען דאָס קינד האָט געוואָלט אָנווארעמען איין האנט און מיט דער צווייטער פירן דעם ביציקלעט, האָט דער „געלער" געשמיסן מיט זיין שפּיצרוט איבער די אָנגעפראָרענע הענט. דאָס קינד האָט אזוי לאַנג געפירט דעם ביציקלעט, מיט די הוילע הענט, פאר די אויגן פון אַ גאַנצער אומבאהאָלפענער שטאָט, וואָס מער, ווי וויינען און קריצן מיט די ציין האָט זי גאָרנישט געקאָנט טאָן, ביז די הענט פון קינד זיינען צוגעפרוירן געוואָרן צום אייזן און דאָס לייב האָט זיך גענומען אָפּשיילן פון ביין.



יידן אויף צחאַנג־ארבעט אונטער דער היטלער־טיראַניע.

מען האָט דעם קינד שפּעטער אין שפּיטאָל אָפּגעשניטןביידע הענט.

## די געסטאַפּאָ אין כעלם

דער דערציילער, תנחום ניסענבוים, איז שוין צו יענער צייט געווען געכאפּט אויף ארבעט צוזאמען מיט נאָך א צאָל יידן. די אַרבעט, אין הויף פון דער געסטאַפּאָ, האָט זיך אָנגעהויבן מיט א מאָראלישער און פיזישער פייניקונג פון דער געסטאַפּאָ־באַנדע איבער די ארבעטער. די אַרבעט איז באשטאַנען פון ראַמען די צימערן און פוצן די שטיוול פון די מערדער. די יידן האָבן באַדארפט די אויסגעפוצטע שטיוול אויסמאָרטירן צו דער פּאָר און וויסן צו וועלכע פיס יעדער פּאָר שטיוול געהערט און זיי אוועקשטעלן פאָר דער טיר פון זייערע באַלעבאַטים. אין פאַל פון א טעות — און אזעלכע פאַלן זיינען געווען פיל, ווייל מען האָט זיי פון פריער נישט אָנגעוויזן צו וועמען די שטיוול געהערן — האָט מען געקראָגן שמיץ. די שטיוול זיינען אראָפּגעוואָרפן געוואָרן פון אייבערשטן שטאָק, ווו די באַנדע האָט זיך געפונען, גלייך די יידן אין די קעפּ אריין, מיט זלזולים און געלעכטער. דאָס איז געווען אזא פרימאָרגן־פארוויילונג פאר די נאַצי־מערדער.

די געסטאַפּאָ איז דעמאָלט באשטאַנען פון די:

ערשטער שעף — ראלפינק; וויצע־שעף — פישער; מיטהעלפער:: שלעזינג, אורבאן, מאורער, שטיינער, פעלדמאן, שייפער, קראוש, ברואנמילער, אשענדאָרף און טיימען. די לעצטע צוויי זיינען געווען ספּעציעל פאר יידן־פּראָבלעמען.

אין אָנפאַנג האָבן געאַרבעט אויף צו באדינען די געסטאַפּאָ, א גרעסערע צאָל יידן, געכאַפּטע, ווי דער שטייגער, אין גאַס. אָפּגעקליבן האָט מען מיט דער צייט פון אָט־די צוזאמענגעטריבענע יידן, די יינגערע, שטאַרקערע און מער פעיקע.

געמיינט האָבן די לעצטע, אז מיט דעם, וואָס זיי ארבעטן ביי די רוצחים גופא, זיינען זיי, ווייניקסטנס, צייטווייליק געזיכערט מיטן לעבן. געשען איז אָבער אנדערש:

אין א געוויסן טאָג איז דער וויצע־שעף פון דער געסטאַפּאָ אוועקגעפאָרן אויף אורלויב אין זיין בלוטיקן פאָטערלאנד, אין זיין רויבערישער היים. דער ייד, וואָס האָט פריער באדינט זיין וווינונג, איז ווייטער דאָרט פאַרבליבן, ווי פריער. ערב דעם צוריקקומען פון וויצע־שעף קיין כעלם האָט זיך דער מענטש, וואָס האָט געראַמט זיין צימער זיך געפלייסט, אז דעם רוצח זאָל זיין ארבעט געפעלן ווערן און ער האָט געבעטן א צווייטן יידישן ארבעטער אין דער געסטאַפּאָ ער זאָל אים ארויסהעלפן אין דער ארבעט. ווי אַ לוין פאר דער הילף האָט אים דער ערשטער מכבד געווען מיט א קליין גלעזעלע געטראַנק פון א פלאַש, וואָס איז געשטאַנען אין צימער פון וויצע־שעף.

ווי דער מערדער איז נאָר צוריקגעקומען האָט ער גלייך באַמערקט, אז אין פלעשל איז נישטאָ אזויפיל וויפיל ער האָט איבערגעלאָזט ביי זיין אוועקפאָרן.

דער בחור, וואָס האָט באדינט זיין צימער, האָט זיך מודה געווען אין „פארברעכן" און דערציילט, ווען, ביי וואָסערע באַדינגונגען דאָס איז פאָרגעקומען.

דער אורטייל פון געסטאַפּאָ־מערדער איז ארויסגעטראָגן געוואָרן אויפן אָרט:

נאָך גאָר יונגע מענטשן, סיי דער, וואָס האָט געטרונקען און סיי דער, וואָס האָט מכבד געווען, זיינען איינגעשפּאַנט געוואָרן צו די פערד אין אַ וואָגן, וועלכן זיי זיינען, אונטער אַ בייטש, געצוווּנגען געוואָרן צו שלעפּן אין גאַלאָפּ איבער דער גאנצער שטאָט, ביז דעם וואקזאל. אויף די פּלייצעס איז זיי אויפגעקלעפּט געוואָרן די עטיקעט:

„אזוי ווערן באשטראָפט יידן, גנבים".

ווען זיי האָבן, פאַרמאַטערטע, האַלב־טויטע, דערשלעפּט דעם וואָגן אויפן אָרט, זיינען זיי פון וויצע־שעף גופא דערשאָסן געוואָרן.

## יידישע פּאָליציי

די מערדער איז אָבער נישט גענוג געווען, וואָס זיי אליין האָבן געמאָרדעט. פאר זייער סאַדיסטישער הנאה וועגן האָבן זיי איינגעפירט, אז די יידן אויסראָטונג זאָל אויך געמאַכט ווערן דורך יידישע הענט — דאָס איז, אגב, געווען די טייוולאָנישע טאַקטיק אין גאַנץ פוילן און אומעטום ווו זייערע בלוטיקע לאַפּעס האָבן דערגרייכט. האָבן זיי אין כעלם, ווי אומעטום, געשאַפן א יידישע

פּאָליציי. דאָס איז געשען שוין ערב דער טייוויליש־פּאַרטראַכטער טאָטאַלער אויסראָטונג פון די כעלעמער יידן. צוזאמען מיט דער פוילישער, אוקראַינישער, לעטישער און ליטווישער פּאָליציי, וואָס די געסטאַפּאָ האָט געהאַט צו איר דינסט, האָט זי אויך געשאַפן די יידישע. פונקט, ווי פון די אויסגערעכנטע נאַציאָנאַליטעטן איז אויך די יידישע פּאָליציי ווערבירט געוואָרן פון געזעלשאפטלעכן אָפּפאַל.

דאָס איז געווען אין אָנהייב פון יאָר 1942.

פאַרן שעף פון דער יידישער פּאָליציי איז באַשטימט געוואָרן איינער, שוואַרצבלאַט, פון ליבעוונע, 3 מייל פון כעלם. וויצע־שעף — א געוויסער געניק. דער לעצטער איז פריער געווען וועכטער אין וואַרשעווער יידישן שפּיטאָל, אויף טשיסטע גאַס. צי ער איז בכלל געווען א וואַרשעווער, אָדער בלויז דאָרט געאַרבעט, איז מיר נישט באַקאַנט.

די יידישע פּאָליציי האָט באַלד באַקומען א זייער „פאַראַנטוואָרטלעכע“ אַרבעט דורכצופירן.

## געשאַפן די געטאָ

נאָכדעם, ווי ס׳איז געשאַפן געוואָרן די יידישע פּאָליציי אין כעלם איז מיט דער הילף פון דער זעלבער דורכגעפירט געוואָרן דאָס פאַרטרייבן די יידן אין געטאָ — די לעצטע איזאָלאַציע פאַר דער פולשטענדיקער אויסראָטונג זייערער.

פאַר דער געטאָ זיינען באַשטימט געוואָרן די פאָלגענדיקע גאַסן:

שעדלעצקא, פּאָטשטאָווא, קאַטאָווסקא און א שטיקל לוואָוואָסקא ביז קעגנאיבער דעם צמענטאַזש. ער איז דורכגעפירט געוואָרן דער „בייט“ מיט די נישט־יידן, וועלכע האָבן געוווינט אין די גאַסן, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן פאַרן געטאָ, מיט די יידן, וואָס האָבן געוווינט מחוץ דער געטאָ.

די יידן האָבן געמוזט איבערלאָזן אין די פריערדיקע וווינונגען אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט, דאקעגן די קריסטן האָבן מיטגענומען פון זייערע פאַרלאָזטע וווינונגען ביז א פאָדעם.

זיינען די יידן געקומען אין געטאָ מיט ליידיקע הענט. די קורצע צייט, וואָס איז זיי נאָך פון די דייטשן צוגעטיילט געוואָרן צום לעבן, האָבן זיי געמוזט אָנהייבן זיך איינאָרדענען פונדאָסניי.

נאָך ווייטאָגדיקער איז דער פאַקט, וואָס צום דייטשן רויב און מאָרד איבער יידן זיינען אויך געווען יידישע שותפים.

אויך אונטערן חלף פון שעכטער האָבן די קלאַסן־דיפערענצן נישט אויפגעהערט. די קהלישע פאַרזאָרגער, די „בעלי טאַקסעס“ האָבן גענומען די צוגעטיילטע געטאָ אין זייער אַרענדע און געמסחרט מיט איר, אויף וויפל די אַפּוטרופּסות איבער די יידן איז נאָך געווען אין זייער רשות.

ביים פאַרטרייבן די יידן אין געטאָ האָבן די קהילה־פירער אויסגעטיילט די וווינונגען. אָבער דאָ איז נישט גענומען געוואָרן אין אַכט די גרויס פון דער משפּחה ביים צוטיילן א גרעסערע, אָדער קלענערע דירה. אין באַטראַכט איז גענומען געוואָרן די גרויס פון דער סומע, וואָס איז געגעבן געוואָרן פאַר באַקומען א בעסערע, א באַקוועמערע דירה. האָבן די רייכערע יידן פאַר געלט זיך אויך אין געטאָ איינגעהאַנדלט באַקוועמערע וווינונגען און די ערגסטע זיינען צוגעטיילט געוואָרן פאַר די נישט פאַרמעגלעכע משפּחות.

אויך אין די נעגל פון מלאך־המות איז אָנגעגאַנגען דער שענדלעכער האנדל.

די דאַטע ווען די יידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן אין געטאָ און דער אופן פון זייער פאַרטרייבונג, איז מיר, ליידער, נישט באַקאַנט. צולאָזן דאָ די אייגענע פאַנטאַזיע וואָלט אפילו געווען לייכט, אָבער איך שרייב נישט קיין נאָוועלע, נאָר בלוטיקע כראָניק.

די איינציקע „איינריכטונג“ אין געטאָ, פון וועלכער ניסענבוים ווייסט צו דערציילן, איז די ספּעציעל־יידישע תפיסה אויף דער שעדלעצקא גאַס.

## די ערשטע אויסראָטונג־אַקציע

אין דעם אייגענעם יאָר, וואָס די געטאָ איז געשאַפן געוואָרן, 1942, ערב שבועות, איז פאָרגעקומען די ערשטע מאסן־אויסראָטונג פון די כעלעמער יידן.

די ערשטע צום גאַז־אויוון זיינען, דערוויל, געווען די ווייניק־אַרבעט־פעיקע:

עלטערע, שוואכע, קינדער און די וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אויסלייז־געלט. אויך דאָס מאָל האָט די יידישע גמינע אָנגעפירט א בלוטיקן האנדל און צוגעשטעלט דער געסטאַפּאָ 3000 יידן פון ביידע געשלעכטער, פון דער סאַמע געדיכטער אָרעמקייט. די רייכערע האָבן זיך דערוויל אויסגעקויפט.

דער דערציילער, תנחום ניסענבוים, האָט שוין דעמאָלט געאַרבעט אין וואַרשטאַט ביי דער געסטאַפּאָ און די אַקציע האָט אים נישט אָנגערירט. אָבער אין דערהיים האָט ער געהאַט געלאָזן זיין פרוי, זיין מוטער און א ברודער. ער האָט נישט געקאָנט איינרוען וויסנדיק די געפאַר, וואָס באַדראָט זיינע נאָענטע. כאָטש ער האָט קיין דערלויבעניש ארויסצוגיין פון וואַרשטאַט נישט געהאַט, האָט ער דאָך ריזיקירט מיטן לעבן און זיך געלאָזט צום מאַרק־פּלאַץ, ווו די אומגליקלעכע 3000 יידן זיינען געשטאַנען. ער זאָט געזוכט צווישן זיי די, צוליב וועמען ער איז געקומען און דערוויל זיי נישט באַמערקט. ער האָט גערעכנט, אין ערגסטן פאַל זיי צו קאָנען אָפּבעטן ביים נאַצי־קאָמענדאַנט, וועלכער איז געווען דער זעלביקער ביי וועמען ער האָט געאַרבעט. באַלד האָט אים טאַקע זיין שעף, וועלכער האָט איצט אָנגעפירט מיט דער אַקציע, באַמערקט און זיך צעבייזערט אויף אים. ער האָט אים געוואָרנט, אז ער קאָן אריינפאַלן, ווייל דער הויפּט־אָנפירער פון דער בלוטיקער אַקציע איז נישט ער, נאָר א געקומענער, ספּעציעל צוליב דעם, פון לובלין. ניסענבוים האָט אים אָפנהארציק דערקלערט די מאָטיוון פאַר וואָס ער איז געקומען און פאַרוואָס ער איז גרייט זיין לעבן איינצושטעלן.

דערוויל האָט מען צוגעבראַכט אַלץ נייע און נייע גרופּעס צו די וואָס זיינען שוין געשטאַנען אויפן מאַרק־פּלאַץ און געוואַרט אויף זייער פינצטערן סוף. ניסענבוים האָט באַמערקט צווישן אַ נייער גרופּע זיין ברודער און עס איז אים געלונגען אויסצובעטן זיין לעבן אויף נאָך א שטיקל צייט...

די „אַקציע“ האָט געהאַט איר טערמין: זי האָט זיך אָנגעהייבן אין א באַשטימטער שעה און זיך געדאַרפט ענדיקן אין אַ באַשטימטער שעה. אָבער א מינוט נאָכן טערמין האָט א כעלעמער „פאָלקס־דויטש“ געבראַכט צופירן דעם אויסבאהאַלטענעם פיניע שוחט. דעם גאַנצן וועג, פון דעם יידנס באהעלטעניש, ביז דעם זאַמלונג־פּונקט, האָט דער דאָזיקער „פאָלקס־דויטש“ געשלאָגן דעם ייד מיט אַ דראַנג און געשריען:

„יודע, האָסט געוואָלט קריג, נאַדיר קריג!“

ווען ער האָט געבראַכט דעם האַלב־דערשלאָגענעם קרבן צום קאָמענדאַנט, האָט דער לעצטער א קוק געטאָן אויפן זייגער:

ס׳איז געווען א מינוט נאָך דער באַשטימטער שעה און דער קאָמענדאַנט האָט געהייסן דעם יידן צוריק אהיים גיין.

אָט, וואָס דייטשע פּינקטלעכקייט הייסט!...

די 300 יידן זיינען אַלע אַרויפגעפּאַקט געוואָרן אויף לאַסט־

וועגענער און האָט זיי אוועקגעפירט קיין סאָביבאָר. די קלע־נערע קינדער האָט מען אריינגעלייגט אין זעק, ווי שמאַטעס, און ארויפגעוואָרפן אויף די זעלביקע לאַסט־וועגענער.

די טייוולאָניש־צוגעטראַכטע גאַז־אויוונס האָט מען שוין זי־כער צו די דאָזיקע קינדער נישט באַדאַרפט באַנוצן.

וועגן דעם גורל פון די איבעריקע כעלעמער יידן שפעטער, נאָך דער „אַקציע" פון ערב־שבועות, 1942, האָט שוין ניסענבוים גאָרנישט געקענט דערציילן.

פריער, ווען ער האָט געארבעט פאר דער געסטאַפּאָ אין זייער וווינונג גופא, האָט ער נאָך, ווי נישט איז, געהאַט א קאָנטאַקט מיט דער דרויסנדיקער וועלט. שפעטער האָט מען דעם געסטאַ־פּאָ־וואַרשטאַט איזאָלירט אין דער כעלעמער תפיסה. זייט דע־מאָלט האָבן די 15 יידן אין וואַרשטאַט פארלאָרן יעדע מיגלעכקייט פאַר וועלכע נישט איז באַציאונג מיט די איבעריקע כעלעמער יידן.

דאָך, ווי די עטלעכע לעבנגעבליבענע אין כעלעם גופא און די עטלעכע הונדערט כעלעמער יידן, וואָס האָבן זיך עוואַקואירט קיין סאָוועטנלאַנד, האָבן נאָך דער באַפרייאונג פעסטגעשטעלט אויפן קאָנגרעס אין שלעזיע, איז די לעצטע אויסראָטונג פון כע־לעמער יידן פאָרגעקומען אין די טעג פון שבועות, 1943.

פונקט צום יאָר נאָך דער ערשטער „אַקציע".

אין אָט־די טעג פון פרילינג און מתן־תורה, ווען דער וועלט איז געגעבן געוואָרן דאָס געבאָט: „לא תרצח", אין די דאָזיקע טעג זיינען די איבעריקע כעלעמער יידן אוועקגעפירט געוואָרן אין די אויוונס פון סאָביבאָר.

שבועות, 1943, איז פאר אלע כעלעמער יידן אין דער וועלט די טרויער־דאַטע נאָך זייער חורבן.

זאָלן די כעלעמער יידן, ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען, אין וועלכן ווינקל פון דער פארבלוטיקטער ערד, היילִיקן די דאָזיקע יאָרצייט, נאָך זייערע אייגענע, נאָך אלע כעלעמער יידן־קדושים!

## 15 יידן אין די געסטאַפּאָ־וואַרשטאַטן

ס'איז איינער פון די טויזנטער ווונדער, וואָס איז געשען מיט יעדן נצול געוואָרענעם ייד. איך גיב די דאָזיקע ווונדער איבער, ווי תנחום ניסענבוים, איינער פון די 15 לעבנגעבליבענע יידן אין כעלם, האָט עס מיר דערציילט.

פון די פריערדיקע שורות איז שוין באַקאַנט, אז 15 יידן זיי־נען געכאַפּט געוואָרן אויף ארבעט אין געסטאַפּאָ. לכתחלה האָבן זיי געטאָן שטוב־ארבעט, באַדינט די מערדער אין זייערע ווווי־נונגען גופא, שפעטער זיינען זיי צוגעטיילט געוואָרן צו א וואַר־שטאַט. דער וואַרשטאַט האָט באַדינט אויסשליסלעך די געסטאַ־פּאָ־באַנדע מיט זייערע פאַמיליעס. ווי א פלאַץ פאר דעם דאָזיקן וואַרשטאַט איז צוגעטיילט געוואָרן די תפיסה און דאָרט האָבן גע־ארבעט פארשיידענע בעלי־מלאכות: שניידער, קירזשנער, שוס־טער און סטאָליארעס. תנחום ניסענבוים אליין איז אַ סטאָליאַר. בערל קעלבערמאַן איז א פרויען־שניידער. דאָרט איז אויך געווען מיינס אַ שכן פון איין גאַס, א יאָרנלאנגער פריינד פון אונדזער הויזגעזינד, חיים סאָבאָל, א קאָמאַשנמאַכער, פון דעם זעלביקן פאַך איז אויך געווען דאָרט מיין יוגנט־פריינד, מאָנעס ציטרין. דאָס זיינען א טייל פון די 15 געראַטעוועטע יידן, וואָס זיינען מיר באַ־קאַנט.

22 חדשים האָבן די דאָזיקע 15 יידן געארבעט אין וואַרשטאַט פון דער געסטאַפּאָ אין די סאַמע מוראַדיקסטע באַדינגונגען. פול־שטענדיק איזאָלירט פון זייערע משפחות און פון דער וועלט בכלל. און אויך דעמאָלט, ביים אָנהייב פון דייטשלאַנדס סוף, ביים זיג־רייכן מאַרש פון דער רויטער ארמיי און פון די אליאירטע ארמייען, ווען אויך די יידישע וואַרשטאַטן, וואָס האָבן געארבעט פאר דייטשלאַנד, צוליב וואָס מען האָט די שעה פון אומברענגען זיי אָפּגעלייגט אויף א ביסל שפעטער, אויך דעמאָלט, ווען ס'איז שוין געווען דער באַפעל אוועקצופירן די יידן פון די וואַרשטאַטן זייער לעצטן וועג, האָט די כעלעמער געסטאַפּאָ איבערגעלאָזט דעם וואַרשטאַט גאַנץ. זי האָט אים אויסבאַהאַלטן פון דער העכערער מאַכט.

צוליב וואָס האָט זי דאָס געטאָן?

קיין שום הומאַניטארישער פונק איז אין זייער טאַט נישט געווען. פאַרקערט, דאָס איז געווען א בלינדע, אייגננוציקע טאַט. טאַט.

דער כעלעמער וואַרשטאַט האָט נישט געארבעט פאר דער רעגירונג, נאָר פריוואַט פאר זיי, די געסטאַפּאָ מערדער און פאר זייערע ווייבער און קעפּס־ווייבער. זיי האָבן באַדאַרפט דאָס אָנ־געראויבטע גוטס ברענגען אין אָרדענונג און מיטנעמען מיט זיך אויך דעמאָלט, ווען דער שאַרפער חלף פון דער גערעכטער און קיינמאָל נישט געשטילטער נקמה פון די געפּייניקטע פעלקער און נאָך מער פון יידישן פאָלק, איז שוין געווען אויף זייער האַלדז. ווען די דראָענדיקע אומפאַרמיידלעכע נקמה האָט שוין ביי טייל נאַציס ארויסגערופן א „חרטה"־געפּיל.

אין ניי־יאָר־נאַכט, ערב דער פולשטענדיקער צעשטויבונג פון די דייטשע „אומבאַזיגבאַרע" ארמייען, האָט זיך איינער פון די כעלעמער געסטאַפּאָ־שעפן, זייער אָנגעשכורט און אויסגעשפּילט אַ חרטה־סצענע אין דער תפיסה ווו דער וואַרשטאַט איז געווען.

שכור־לוט, האָט ער אויך געצוואונגען די פאַרפּייניקטע יידן מיטצוטרינקען מיט אים און טרינקענדיק האָט ער זיך גענומען קלאַפּן אין הארצן, וויינען און זיך שווערן, אז ער איז גאָרנישט שולדיק אין דעם, וואָס די נאַציס טוען. פאַרקערט, ער איז גאָר אַן אָנהענגער פון גלייכקייט פאר אלע מענטשן...

צו וואָס אַ שכורער נאַצי איז פּעאיק!...

ווען די רויטע ארמיי האָט זיך דערנענטערט צו כעלם און די ברוינע מייז זיינען זיך בהלהדיק צעלאָפן, נישט האָבנדיק קיין צייט צו ליקווידירן דעם וואַרשטאַט מיט אמתער דייטשער פּינקט־לעכקייט, האָבן זיי פון דעסטוועגן נאָך אַלץ אין זינען געהאַט אריינצושיסן אהין, אין דער תפיסה, כדי נישט איבערצולאָזן קיין איין לעבעדיקן ייד.

צום גליק זיינען שוין אָבער די יידן געלעגן באַהאַלטן און די אריינגעשאָסענע קוילן האָבן קיינעם פון די יידן נישט געטראָפן.



וואָלף און חוה רחל וואַסערמאַן, עלטערן פון מנשה, שלמה און שניאור וואַסערמאַן.

דעם „נס" וואָס קיינער איז פון די קוילן נישט געטראָפן געוואָרן דערקלערט תנחום ניסענבוים מיט אָט־דער אינטערעסאַנטער פאַסירונג:

מיט דריי נעכט איידער די סאָוועטישע ארמיי איז אריין אין כעלם, האָט א סאָוועטישער שראַפּנעל אויפגעריסן א טיפע גרוב אין הויף פון דער תפיסה, ווו די 15 יידן האָבן זיך געפונען. די יידן האָבן שוין דערפילט, וואָס אין דרויסן טוט זיך און האָבן אויסגענוצט דעם דאָזיקן צופאַל: זיי זיינען אלע אריין אין גרוב און איר פאַרדעקט מיט א קליידער־שאַפע, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען.

ווען אין דרויסן האָט זיך איינגעשטעלט א פארדעכטיקטע שטילקייט, האָט עמעצער פון זיי געפרוווט ארויסשטעקן דעם קאָפּ, א קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך.

צו זייער פריידיקער איבערראַשונג איז אויף דער וואַך ביי דער תפיסה געשטאַנען אַן אוקראַינישער רויטארמייער.

דער רויטארמייער האָט זיך געכאַפּט פאַר דער ביקס און א פרעג געטאָן:

„ווער זייט איר?"

„מיר זיינען יידן" — איז געווען דער ענטפער פון די האלבטויטע, דערפרייטע 15 יידן.

דאָס איז געווען א גענוג לעגאַלע לעגיטימאַציע פארן רויטארמייער.

ער האָט א פייף געטאָן און באלד איז אָנגעקומען צו רייטן אַ סאָוועטישע „ראַזוועדקע". דער אָפיציר איז אראָפּגעשפרונגען פון פערד, דערזעענדיק פאַר זיך דעם נס — לעבעדיקע יידן — און זיך גענומען קושן מיט אלעמען.

דער אָפיציר איז אויך געווען א ייד.

מיט טרערן אין די אויגן האָט זיי דער יידישער אָפיציר דערציילט ,אז פון סטאַלינגראַד אַן זוכט ער יידן און ביז זיי, נאָך קיין איין לעבעדיקן ייד נישט געטראָפן. זיי זיינען די ערשטע לעבעדיקע יידן, וואָס ער געפינט.

עס זיינען זיך צונויפגעקומען נאָך רויטארמייאישע יידן. מען האָט זיך געפרוווט טרייסטן און העלפן די קרבנות מיט וואָס ס'איז מיגלעך געווען אין אזא צייט און אויף אזא אָרט, הינטער די פראָנט־ליניעס.

עס איז געווען ערב ימים־נוראים. די לעבנגעבליבענע כעלעמער יידן האָבן זיך דאָס ערשטע מאָל, זייט יאָרן, ווידער פארזאַמלט פריי אין ערגעץ אַן אימפּראָוויזירט שוהלעכל, אינאיינעם מיט טייל יידישע רויטארמייער און אויסגעגאָסן זייערע הערצער אויפן גרויסן בראָך, וואָס איז געשען מיט זייערע נאָענטע און מיט א גרויסן טייל פון יידישן פאָלק און זיך גלייכצייטיק געפרייט מיטן זיג, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען א זיכערער איבערן נאַציזם.

## נאָך דער באַפרייאונג

דאָס דערציילן פון געראַטעוועטן תנחום ניסענבוים האָט זיך דאָ פאַרענדיקט.

דאָס ווייטערדיקע איז גענומען פון טעלעגראַפישע ידיעות און פון בריוו.

כעלם איז געווען די ערשטע גרעסערע פוילישע שטאָט, וואָס די רויטע ארמיי האָט אין איר אַוואַנס אויף דייטשלאַנד איינגענומען. דערפאַר איז דאָרט צוערשט פראָקלאַמירט געוואָרן די פויליש־דעמאָקראַטישע פאָלק־רעפּובליק מיט ביערוט אלס איר פּרעזידענט. די רעגירונג האָט זיך שפּעטער איבערגעצויגן קיין לובלין און מיטן ווייטערדיקן אַוואַנס פון דער רויטער ארמיי צוזאַמען מיט דער פוילישער „אַרמיִאַ־ליודאָוואַ" (פאָלקס־ארמיי) האָט זיך שפּעטער די רעגירונג באַזעצט דעפיניטיוו אין איר שטענדיקער הויפּטשטאָט — וואַרשע.

לויט דערגאַנגענע ידיעות זיינען אין כעלם גופא, חוץ די דערמאָנטע 15 לעבנגעבליבענע יידן, נאָך צוויי פּרויען געווען אויסבאַהאַלטן ביי קריסטן. א טייל האָט זיך שפּעטער אומגעקערט פון דער פוילישער און סאָוועטישער ארמיי. עטלעכע הונדערט, וואָס האָבן זיך געהאַט עוואַקואירט קיין סאָוועטנלאַנד זיינען אויך צוריקגעקומען. די אלע צוזאַמען וואָלטן אפשר געווען אויפסניי געגרינדעט א יידישן ישוב אין כעלם. אָבער דאָס לעבן פון די געראַטעוועטע איז ווידער אמאָל באַדראָט געוואָרן. דאָס מאָל שוין נישט פון די דייטשן, וועלכע זיינען אין דער ערשטער צייט פון זייער גרויסער מפּלה, געלעגן אויסבאַהאַלטן אין די נאָרעס, נאָר די געפאַר איז דאָס מאָל געקומען פון די „אייגענע" באַפרייטע פאָליאַקן.

צוזאַמען מיט די ערשטע אָפּטיילונגען פון דער רויטער ארמיי איז אויך געקומען דער כעלעמער מעדיקער, דר. עברי. ער איז געווען א זון פון דעם גוט באַקאַנטן רייכן בעקער, שלמה עברי, וועלכער האָט שוין אין זיין צייט געפירט א וועלטלעכן „שטאָט" און געלאָזט לערנען די קינדער.

דר. עברי איז געווען דער עלטסטער זון און זיין דאָקטער־דיפּלאָם האָט ער נאָך באַקומען אין די רוסיש־צאַרישע אוניווערסיטעטן. זיינס א יינגערער ברודער, מאַטקע עברי, איז געווען ראַטמאַן אין כעלעמער שטאָט־ראַט, אויסגעוויילט אויף דער ליסטע פון די לינקע פּוילע ציון און איז, אין יענער צייט, דערמאָרדעט געוואָרן אין א רויב־איבערפאַל אויף זיין הויז.

דר. עברי איז, זעט אויס, מיטגעגאַנגען מיט דער רויטער אַרמיי בשעת דער דייטשער אינוואַזיע און דאָרט געאַרבעט אויף זיין פּאָסטן ווי אַ מעדיצינער. ביי דער באַפרייאונג פון פוילן, האָט ער געהאַט די זכיה צו זיין צווישן די באַפרייער פון זיין שטאָט כעלם. ווי פאַר יעדן יידן, האָט זיך אויך פאַר אים די פרייד פון באַפרייאונג געקרייצט מיטן טרויער פון יידישן חורבן און מיטן אומקום פון זיין אייגענער משפּחה. און אויך אים איז באַשערט געווען זיך טיילן מיטן גורל פון זיין משפּחה און פון אלע אומגעבראַכטע יידן.

אין א בריוו פון דוד גאָלדרייך, וועלכער האָט זיך אומגעקערט פון ראַטנפאַרבאַנד קיין כעלם, שרייבט ער:

„אויף דעם דר. עברי מיט נאָך א יידישן קאָלעגע זיינעם איז באַשערט געווען צו געפינען זיין קבר אויפן בערגל, הינטער דער שטאָט".

אין אַן אָוונט, ווען דר. עברי איז געזעסן מיט זיין פריינד אין הויז, זיינען זיי דורך די פוילישע פּאָגראָמשטשיקעס דערשאָסן געוואָרן.

זיי זיינען נישט געווען די איינציקע צוריקגעקומענע כעלעמער יידן, וואָס זיינען דורך פוילישע כוליגאַנעס דערמאָרדעט געוואָרן.

וועגן א כעלעמער קצב ווערט דערציילט, ווען ער האָט זיך אומגעקערט אין שטאָט און זיך דערנענטערט צו זיין אייגן הויז, איז אים אַקעגן ארויס א פאָליאַק, וואָס האָט געהאַט פאַרכאַפּט דאָס דאָזיקע הויז מיטן גאַנצן האָב און גוטס, און אים געדראָט:

„זאָלסט שוין פאַרשווינדן, אויב דו ווילסט נישט קריגן א מעסער אין רוקן!"

דער באַדראָטער איז אוועק קיין איטאַליע.

פון די עטלעכע הונדערט יידן, וואָס האָבן זיך נאָך דער באַפרייאונג אומגעקערט קיין כעלם איז צוליב די פּאָגראָמען, אין

די ערשטע חדשים פון פוילנס זעלבשטענדיקייט, מיטן בלוטיקן פינאַל אין קעלץ, דאַכט זיך, קיין איינער נישט פאַרבליבן. איי־ניקע זיינען אומגעקומען דורך די כוליגאַנישע הענט און די איבעריקע זיינען זיך צעלאָפן.

אין א צווייטן בריוו שרייבט מיר דער דערמאָנטער דוד גאָלדרייך:

„מיר זיינען אין כעלם, שוין מיט די קינדער צוזאַמען, די לעצטע 50 יידן, מיינסטן פון זיי, נישט קיין כעלעמער. און אויך מיר זיינען אויפן וואָגן. מיר פאַרלאָזן אלע אינגיכן די שטאָט".

אין א קורצער צייט ארום האָב איך שוין דערהאַלטן א בריוו פון אים פון שלעזיע.

דוד גאָלדרייכס פרוי איז, זעט אויס, געווען אויסבאהאלטן אין כעלם גופא, ווי אַן „אריערין", ווייל אין זיינס א בריוו איז פאַראַן די פאָלגענדיקע טראַגישע צוויי־שורהדיקע צושריפט:

„איך האָב געמוזט שפּילן די טראַגישע ראָל און לאַכן, ווען דאָס האַרץ האָט געבלוטיקט".

ארבעט־קאַרטע פון אירענע שרעדער (גאָלדרייך).

אויך יאנקל בעקער מיט דער משפחה, וועלכער האָט זיך נאָך דער באַפרייאונג אומגעקערט פון ראַטנפאַרבאַנד קיין כעלם, איז אינגיכן אוועק קיין לאָדזש און איצט געפינט ער זיך אין ישראל.

## משפחה־כראַניק

אויך א זון פון מיינעם א ברודער פון איין מאמען, חיים ברוך וואַרזאַגער, וואָס האָט זיך געראַטעוועט קיין ראטנפארבאנד מיט זיין משפחה, האָט זיך פון דאָרט אומגעקערט קיין שלעזיע. זיינס א יינגערע שוועסטער, פריידע, איז צייטווייליק פאַרבליבן אין לוצק, ביי אירס א פעטער, איז זי דאָרט אומגעקומען פון די נאַציס.

צענדלינגער יאָרן האָט אין כעלם געוווינט מיין ברודער, אברהם שלום וואַרזאַגער, אָדער, ווי ער איז באקאנט געווען: דער כעלעמער בעקער. טייל זין זיינען נאָך א סך פריער פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען טעטיק אין דער פוילישער רעוואָ־לוציאָנערער באוועגונג און א דאנק זיי האָט זיך די גאַנצע משפחה געראַטעוועט אין ראַטנפאַרבאַנד. דאָרט זיינען די זין אריין אין דער רויטער ארמיי און טייל פון זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט אין קאַמף קעגן די מערדער.

צוויי טעכטער זיינע זיינען אויף דער עוואַקואַציע געשטאָרבן.

שפּעטער האָבן זיך אלע אומגעקערט קיין פוילן און געוווינט א צייט אין שלעזיע. איצט האָט זיך די משפחה באזעצט אין ישראל. איין זון, שלמה וואַרזאַגער, איז אין לאגער באקענט גע־וואָרן, ווי א דיכטער, וואָס שטייערט מיט צו אונדזער חורבן־פּאָעזיע.

א צווייטער ברודער מיינער, יהודה וואַרזאַגער, האָט לאַנגע יאָרן געוווינט אין אַ דאָרף נעבן כעלם. א גוטמוטיקער בלאָנ־דער ריז מיט גרויע קינדערשע אויגן איז דאָס געווען. ער האָט דורכגעמאַכט די רוסיש־יאפּאַנישע מלחמה און די ערשטע וועלט־מלחמה מיט דער רעוואָלוציע אין רוסלאנד און צוריקגעקומען געזונט. צענדלינגער יאָרן האָט ער געוווינט אין דאָרף, אין די בעסטע באַציאונגען מיט די נישט יידישע שכנים. די זעלבע שכנים האָבן אים, אין די ערשטע גרויל־טעג פון דער נאַצי־אָקופּאַציע, דערהרגעט צוזאַמען מיט זיין פרוי. די זין זיינע האָבן זיך געראַ־טעוועט אין ראַטנפאַרבאַנד, מיטגעמאַכט די קאַמפן אין דער רוי־טער ארמיי און טייל זיינען שוין דאָרט פאַרבליבן.

דריי שוועסטער מיינע מיט פאַרצווייגטע משפחות, מיט קינ־דער און אייניקלעך, זיינען אלע אומגעקומען. איך ווייס אפילו נישט דאָס אָרט, די צייט און דעם אופן אויף וועלכן זיי זיינען דערמאָרדעט פון די דייטשע רוצחים.

איינע, אסתר, א לייבלעכע שוועסטער, מיט איר מאַן, יצחק גאָרן, מיט 3 קינדער, זיינען אלע אומגעקומען.

הינדע, א שוועסטער פון איין טאַטן, מיט איר מאַן, אהרן טוכשניידער, מיט די קינדער, זיינען אומגעקומען.

אידל, אַן אלמנה, לויטן מאַנס נאָמען, שטאָם, מיט אירע קינדער און אייניקלעך, זיינען אומגעקומען. בלויז איין טאָכטער אירע, טשאַרנע, מיט א קינד איז געבליבן לעבן אין א לאגער.

אויך אנדערע, ווייטערע קרובים, וועמענס צאָל און נעמען ס׳איז מיר נישט מיגלעך צו געדענקען, זיינען אלע אוועק מיטן דאָזיקן מאַרטירער־וועג — דעם גרעסטן און בלוטיקסטן אין אונדזער געשיכטע.

דאָס איז דער סך הכל פון מיינע אייגענע שוועסטער און ברי־דער, געבליבענע אין כעלם, וועלכע זיינען געווען א טייל פון די 18 טויזנט אומגעבראַכטע כעלעמער יידן.

אויב אויף מיר איז אויסגעפאַלן די טרויעריקע פליכט, אָט־די בלוטיקע כראָניק צו פאַרצייכענען, שטעלן א שטיין צו־קאָפּנס אויף דעם אומבאַקאַנטן ברידער־קבר פון מיינע 18 טויזנט לאַנדסלייט, האָב איך גענומען די דערלויבעניש ביי זיי, ביי די קדו־שים, צו דערמאָנען די נעמען פון מיינע אייגענע, דאָס בלוט פון מיין בלוט און דאָס פלייש פון מיין פלייש, וועמענס אונטערגע־האַקטע לעבנס עס וועלן מיר נאָכגיין ביז אין מיין קבר אריין.

* * *

נישט אָפּווייכנדיק פון מיין געשטעלטן ציל, צו פאַרצייכענען בלויז די חורבן־כראָניק, לאָז איך דורך די נעמען אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל: „משפחה־כראַניק" פון אנדערע משפחה־מיטגלידער און אפילו פון אייגענע ברידער, וואָס האָבן נאָך לאַנג פאַר דער מלחמה פאַרלאָזט פוילן און געפינען זיך אין פאַרשיידענע לענדער. איך דערמאָן אפילו נישט די פון זיי, וואָס האָבן דערוואָרבן אָנגעזעענע ערטער אין דער יידישער געזעלשאַפט.

די פּאָר שורות ווידמע איך, כדי אויסצומיידן א מיגלעך־טעותדיקע אומצופרידנקייט, פון די יעניקע, וואָס זיינען דאָ נישט דערמאָנט.

הלוואי וואָלטן געווען וואָס מער לעבעדיקע און נישט דער־מאָנטע...

הערש שישלער

# מיין היימשטאָט

הגם מיט א סך יאָרן צוריק בין איך אוועק פון מיין היימשטאָט, מיט וועלכער כ׳בין געווען געקניפּט און פאַרבונדן, דאָך וועל איך איר קיינמאָל ניט פאַרגעסן — און ווי איצט שטייט זי פאַר מיינע אויגן מיט איר אייגנאַרטיקן יידישן לעבנשטייגער און מיט איר שיינער לאַנדשאַפט.



הערש שישלער

כעלם איז געווען אַן אַלטע יידישע שטאָט, אַן עיר ואם בישראל, זייענדיק מפורסם איבער דער גאָרער יידישער וועלט מיט אירע רבנים און גאונים, מיט אירע פערזענלעכקייטן און מיט די פאָלקלאָר־פאַנטאַסטישע מעשיות, חכמהדיקע וויצן און הלצות.

די יידישע באַפעלקערונג האָט באַטראָפן אַן ערך 60 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. עס זיינען געווען א סך יידישע בעלי־מלאכות, סוחרים און קליינהענדלער. עס זיינען געווען טאַרטאַקן, ספּירט־זאַוואָדן, מילן און פאַרשיידענע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געהערט צו יידן.

די כעלעמער יידן זיינען געווען א גרויסער דאָמינירנדיקער כוח אין דעם שטאָטישן און אַרומיקן האַנדל, אין דער אינדוסטריע פון שטאָט. עס האָבן עקסיסטירט יידישע בענק, ווי די סוחרים־ און האַנטווערקער־באַנק, פאַרשיידענע וווילטעטיקע חברות און אינסטיטוציעס, תלמוד־תורהס, אַ שולוועזן אין יידיש, אין העברעאיש און אין פּויליש.

אַן אינטענסיוו־געזעלשאַפטלעך־יידיש לעבן איז געווען: פאַרשיידענע פאַראיינען, קלובן, דראַמאַטישע קרייזן, ביבליאָטעקן און עס פלעגן דערשיינען יידישע צייטונגען.

די שטאָט האָט געהאַט א יידישע פיזיאָנאָמיע, מיט אירע גאַסן און קוואַרטאַלן, אין וועלכע עס האָבן געלעבט תמימותדיק־פרומע יידן, ערלעכע בעלי־מלאכות, סוחרים און קליינהענדלער, יידן אביונים און גבירים, יידן פאַרשמייעטע — אין נוסח פון שלום־עליכמס מנחם־מענדל — און לייידיקגייער — אַזויגערופענע שטעקל־דרייער; יידן לומדים, וואָס זיינען געזעסן אין די בתי־מדרשים און אין די חסידישע שטיבלעך, לערנענדיק תורה לשמה.

אָט פאַרגעדענקט זיך אַזוי בולט דער גרויסער בית־המדרש, וואָס איז אָנגעפּראָפּט מיט יידן אין לאַנגע קאַפּאָטעס און מיט יידן אין מאָדערנע בגדים, יידן מיט בערד און פאות און יידן אָן בערד און פאות, און די שכנישע גרויסע שוהל, וואָס האָט דערציילט געשיכטעס פון הונדערטער יאָרן צוריק.

ווער געדענקט ניט די שבתים און יום־טובים, ווען הארציקע נגונים און זמירות האָבן אָפּגעהילכט פון יידישע פענצטערס; די שבת־צונאַכטן מיט די הבדלות און מלווה מלכה׳ס, וואָס האָבן געהאַט אַזויפיל טעם, קדושה, הארציקייט, ווייזע און טראַדיציע?



און צי קאָן מען דען פאַרגעסן די חדרים, תלמוד־תורהס, ווו יינגלעך האָבן פאַרקלונגען מיט זייערע קולכלעך די ענגע כעלעמער יידישע געסלעך; די אויסגעבלייכטע משהלעך און שלמהלעך פון דער פרעמדע, וואָס האָבן געלערנט אין כעלם, עסנדיק טעג אין יידישע הייזער; די שילער פון דער יידישער פאָלקשול, פון די העברעאישע שולן און פון דער יידיש־פּוילישער גימנאַזיע; די בעלי־תפלות און מנגנים, מיט זייערע מתיקותדיקן דאַוונען, און די משוררים מיט זייער זיסן געזאַנג; די מלמדים, וואָס האָבן פון זייער מלמדות ניט געקאָנט ציען זייער חיונה און געמוזט זוכן א מקור פון פרנסה פון דעם, וואָס זיי האָבן פּראָדוצירט פאַרשיידענע כלי־זיין פאַר די תלמידים: ביקסן אויף ל״ג בעומר, שווערדן — אויף תשעה באב, פענער — אויף שמחת תורה, דריידלעך — אויף חנוכה און גראַגערס און המן־קנאַקערס — אויף פורים?

און ווער געדענקט ניט די פרומע ווייבער מיט די שייטלעך, אין זייערע לאַנגע קרינאָלינע־קליידער, גייענדיק אין שוהל מיט זייערע קרבן־מנחה־סדורים און מחזורים; די כעלעמער יידישע יוגנט און כעלעמער „עמך" — די פורמאַנעס, די טרעגער, די דראָזשקאַרזשעס, וואָס האָבן אויסגעקוקט אויף זייער שווערער פרנסה?

און ווער געדענקט ניט די דינסטאָג־טעג, ווען אין כעלם זיינען פאָרגעקומען די יאַרידן און עס פלעגן אָנפאָרן קיין כעלם גרויסע מענגער פויערים?

צי קאָן מען פאַרגעסן די ערשטע מאַי־דעמאָנסטראַציעס פון די כעלעמער יידישע פאַראיינען און פאַרטייען, פון „בונד", פּועלי־ציון, קאָמוניסטן און פון גרופּירונגען פון אַנדערע אידעאָלאָגיעס, וואָס האָבן מיט גלויבן, ערנסטקייט און מסירת־נפש מאַרשירט אין די רייען, טראָגנדיק הויך און שטאָלץ זייערע פענער און געהאָפט אין דער צוקונפט?

און צי קאָן מען פאַרגעסן די יידישע מאַסן אין כעלם, וואָס האָבן אָנגעפילט די זאַלן פון די קלובן און פאַראיינען, טעאַטערן און קינאָ׳ס?

זייער שווער צו שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז די יידישע שטאָט כעלם איז אַזוי אַכזריש פאַרשניטן געוואָרן.

## די כעלעמער היסטאָרישע שוהל

די כעלעמער שוהל איז געווען איינע פון די עלטסטע שוהלן אין פּוילן. מען האָט גערעדט, אַז זי איז געבויט געוואָרן אין יאָר 1100. לויט די שטאָטישע אַרכיוון ביים כעלעמער מאַגיסטראַט איז די כעלעמער שוהל — א.נ. „כאַרעאַלנא סינאַגאָגאַ" — אויסגעבויט געוואָרן אין יאָר 1124.

אויף איינער פון די שוהל־ווענט, וואָס גייט אַרויס צו דער שקאָלנע־גאַס, זיינען געווען אויסגעקריצט אותיות: דאָס יאָר תרנ״ז. מען האָט גערעדט, אַז דאָס איז די דאַטע ווען מען האָט די שוהל רעמאָנטירט[1].

דער בנין איז א זעלטענער אוניקום און מיט איר קינסטלערישער אַרכיטעקטור איז זי אַן אויסטערלישע סינאַגאָגע. זי איז גע־

[1] אין דער „כעלעמער שטימע" האָט פייוול פריד געשריבן אַ היסטאָרישע אָפּשאַצונג וועגן דער כעלעמער שוהל, אויספירנדיק, אַז זי איז אַלט קרוב 800 יאָר, און אויף איר אָרט איז געשטאַנען א תפלה פון די דאָמיניקאַנער און די יידן האָבן עס אָפּגעקויפט, אויפבויענדיק א שוהל.



די מזרח־וואַנט און באַלעמער פון דער פּרעכט־קער כעלעמער שוהל.

ווען באַרימט צווישן אַלע סינאַגאָגעס אין פּוילן מיט אירע זעלטע־נע געמעלן און קונסט־אַרבעטן, מיטן פיינעם באַלעמער און ארון־קודש, מיט די ריזיקע קופּערנע הענג־לאָמפּן אויף די מאַסיווע קייטן פון געוועלבטן סופיט, וואָס האָבן, אין די שבתים און יום־טובים, געבלאַנקט מיט שיינקייט.

אַרום דער דאָזיקער כעלעמער שוהל איז דאָ אַ שלל פון אַל־טע לעגענדעס און פאָלק־מעשיות, פון הונדערטער יאָרן צוריק, וואָס אין די בין־השמשות׳ן, אין די ווינקעלעך פון שוהל, פלעגן



אויפן בילד זעען מיר פון רעכטס צו לינקס: פייוול פריד, דוד גאָלדרייך, יעקב בעקער און אדוואָקאַט גדליה באַקאַלטשוק אויפן ליידיקן פּלאַץ וווּ עס האָט זיך געפונען די באַרימטע כעלעמער שוהל, וואָס די היטלער־וואַנדאַלן האָבן איר חרובֿ געמאַכט.

זיי ווערן איינאַנדער איבערדערציילט מיט אַ זיפץ און בטחון אין גאָט.

במשך פון דורות איז די שוהל פאַרהייליקט געוואָרן. דאָרט האָט מען געפונען די טייערסטע חפצים פון יידיש־רעליגיעזן באַ־טייט, ווי קינסטלעריש־באַצירטע פּרוכתן, ספרי תורה׳ס וכדומה.

אויף דעם באַלעמער איז געשטאַנען דער פיינער כסא אליהו, מיט דער קופּערנער מנורה. פון אַ זילבערנעם קריגל און פון אַ זילבערנעם כוס פלעגט שבת און יו״ט ווערן אונטערגעטראָגן וויין פאַר קינדער.

אין דער הויף איז געווען אַ גאַלעריע, ווו עס זיינען געזעסן עמך־יידן. עס האָבן זיך געוועבט לעגענדעס וועגן דער דאָזיקער גאַלעריע און וועגן דער ווייבערישער שוהל.

די שוהל האָט געהאַט ריזיקע דיקע ווענט, וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט ווי אַ פעסטונג. עס זיינען באמת געווען צייטן, ווען יידן האָבן אין שוהל געפונען אַ שוץ פון די צוררי ישראל בעת גזירות, רעפּרעסיעס און פּאָגראָמען האָבן באַדראָט דער יידי־שער באַפעלקערונג[2]).

די היטלעריסטישע וואַנדאַלן האָבן דעם דאָזיקן היסטאָרישן מקום קדוש, וואָס האָט פאַרנומען די ווינקל־גאַסן, שטייענדיק אַזוי היסטאָריש־מאַיעסטעטיש אין משך פון יאָרהונדערטער, מיט דינאַ־מיט אויפגעריסן און האָבן דעמאָלירט די היסטאָרישע כעלעמער שוהל עד חרמה, איבערלאָזנדיק אַ ליידיקן פּלאַץ, וואָס איז אַ שטו־מער עדות פון חורבן כעלם.

## די קהילה

די קהילה אין כעלם איז אָרגאַניזירט געוואָרן סוף XVIII י״ה און איז איינע פון די עלטסטע יידישע קהילות אין פּוילן. אין די פריערדיקע יאָרן זיינען אין כעלעמער יידישע קהילה געווען נאָ־מינירטע דאָזאָרעס, ערשט נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלו־ציע, אין 1905, זיינען די קהילה־דאָזאָרעס געוויילט געוואָרן.

די אויפגאַבן פון דער יידישער קהילה זיינען געווען, הויפּט־זאַכלעך, צו באַפרידיקן די רעליגיעזע הצטרכותן און געבן הילף די אָרעמסטע יידן אין שטאָט.

אין 1910 איז, דורך דער קהילה, געעפנט געוואָרן אַ ליי־קאַסע, וואָס איר דירעקטאָר איז געווען יהודה ליב מילנער ע״ה. אַן אַקטיווער טוער אין דער אַ ליי־קאַסע איז געווען אברהם אָרנ־שטיין. דעם פאָנד פאַר דער כעלעמער ליי־קאַסע האָט געגעבן די גוטבאַוווסטע ייקאַ (יידישע קאָלאָניזאַציע־אָרגאַניזאַציע) פון די 10 מיליאָן פונט[3]), וואָס דער גרויסער נדבן, באַראָן הירש, האָט געשפּענדט לטובת די הצטרכותן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דער וועלט. אַ דאַנק דער דאָזיקער היבשער סומע זיינען אָר־גאַניזירט געוואָרן, אין פיל יידישע שטעט און שטעטלעך, בתוכם כעלם, ליי־קאַסעס.

די כעלעמער ליי־קאַסע האָט עקסיסטירט ביז אויגוסט, 1914. דערנאָך, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהייבן די ערשטע וועלט־מלחמה, איז זי ליקווידירט געוואָרן.

די נויט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין כעלם, ווי אין אַנדערע פּוילישע שטעט, איז געווען גרויס, הויפּטזאַכלעך, בשעת

---

2) ד״ר מאיר באלאבאן דערמאָנט די כעלעמער שוהל אין זיין ווערק „פעסטונג־שוהלן פון דער פּוילישער מלוכה" און אין ייוואָ־בלעטער פון 1942 איז דאָ אַן אינטערעסאַנטע אַרבעט וועגן די שוהלן אין פּוילן פון רחל וויש־ניצער, וועלכע באַשרייבט די אַרכיטעקטור־קונסט פון דער כעלעמער שוהל.

3) מען גיט איבער, אַז די צאַרישע מאַכט האָט גענומען 1 מיליאָן שווחד פאַר דער געגעבענער דערלויבעניש צו ייק״א צו פאַרטיילן שטיצע צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד.

דעם ערשטן וועלט־קריג. די דייטש־עסטרייכישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט איינגעפירט קאַרטן אויף ברויט, קאַרטאָפל און אויף אנדערע שפּייז־ארטיקלען, און דער קהילה איז איבערגעגעבן די פּיינפולע אַרבעט צו פאַרטיילן די פּראָדוקטן. דער ראש־הקהילה איז געווען דאַן אַנשל בידערמאַן.

אין יאָר 1919 זיינען פאָרגעקומען דעמאָקראַטישע וואַלן צו דער קהילה. וואַל־רעכט צו דער קהילה האָט געהאַט יעדער מאַן פון 25 יאָר און העכער. קיין פרויען האָבן ניט געהאַט קיין וואל־רעכט. דער ערשטער ראש הקהל פון דער ניי־געוויילטער דעמאָקראַטישער קהילה איז געווען מאָטל גאָלדשטיין און אויף דער צווייטער קאַדענץ איז אויסגעוויילט געוואָרן דער אויבן דערמאָנטער אַנשל בידערמאַן. אַלע חברות, פּאַרטייען, אינסטיטוציעס און חסידישע קרייזן זיינען געווען רעפּרעזענטירט אין דער קהילה.

חוצדעם, וואָס די קהילה האָט ארויסגעגעבן חתונה־דאָקומענטן, געבורט־מעטריקעס, טויט־צעטלען, האָט פאַרטיילט הילף דער כעלעמער יידישער אָרעמשאַפט און געגעבן סובסידיעס די יידישע אינסטיטוציעס און אויך די דערציאונג־ און שול־אַנשטאַלטן, האָט זי אויך אָרגאַניזירט מעות־חטים אַקציעס און געגעבן מעדיצינישע הילף אָרעמע חולאים, באַזאָרגנדיק זיי אויך ערטער אין שפּיטאָלן.

די קהילה האָט אויך געהאָלפן, מיט דער אקטיוויטעט פון אנשל בידערמאן, אויפצובויען דעם גרויסן בית המדרש, רעמאָנטירן די גרויסע שוהל, און אונטער איר רשות און השגחה איז געווען דער מרחץ, שעכט־הויז, דער בית־דין, דער בית־עולם. די רבנים, שוחטים און אלערליי כלי קודש זיינען געווען קהילה־אָנגעשטעלטע.

די קהילה האָט ארויפגעלייגט שטייערן (עטאט) אויף דער באפעלקערונג און פון דער דאָזיקער הכנסה און פון אנדערע איינקונפטן האָט זי געדעקט איר בודזשעט.

* * *

די כעלעמער יידישע קהילה האָט רעפּרעזענטירט א גרויסע יידישע באפעלקערונג. לויט דער פאָלקציילונג אין 1921, האָט כעלם געציילט 12064 יידן (צוועלף טויזנט און פיר און זעכציק), אַן ערך 25% פון דער אלגעמיינער באַפעלקערונג אין שטאָט. אין יענער צייט איז די צאָל יידן אין פוילן געווען 2.845.364 יידן.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, לויט דער פאָלקציילונג אין פוילן אין 1931, איז געשטיגן די כעלעמער יידישע באַפעלקערונג ביז 18 טויזנט. עס איז אויך געשטיגן די קריסטלעכע באפעלקערונג צוליב דעם, וואָס קיין כעלם איז אריבערגעפירט געוואָרן די ראַדאָמער באַן־דירעקציע. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם זיינען אויסגעבויט געוואָרן נייע קוואַרטאַלן, מיט אַן אויסשליסלעכער אַרישער באפעלקערונג.


אַנשל בידערמאַן, לאַנג־יאָריקער פּרעזעס פון דער קהילה אין כעלם

צוליב דער פאַרגרעסערונג פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט די אַרבעט פון דער כעלעמער יידישער קהילה זיך שטאַרק אויסגעברייטערט.

אין משך די לעצטע יאָרן ביז 1939 זיינען געווען פרנסים און דאזוארעס פון דער קהילה **די פאָלגענדיקע פערזאָנען** : אברהם בוימגאַלד, ע. קראַטקע, משה יערמוס, חיים הויזמאַן, בערל אַקסלראַד, אהרן דוד היפּשמאַן, משה בעקער, ישראל בורשטין, פ. דרעקסלער, מ. בארג, נ. גאָלדבערג, ישראל ברוך קאָרנבלום. יעקב קאָרנבליט, עזריאל בוכבלעטער, אברהם פרידמאַן, בעריש פינקלשטיין, בעריש לאַנדא, בעריש דרימלער, שלמה יצחק ראָזנבערג, חיים מענדל כץ, בצלאל האנדלסמאַן, יצחק שלמה דוניעץ, פנחס מאַנדל, אברהם בוים, יצחק שוואַרצמאַן, בנציון לאַנג, הערשל פרוכטגארטן א.א.

דער פאָרזיצער פון קהילה־ראַט איז געווען ב. פינקלשטיין. דער הויפּט־סעקרעטאַר פון דער קהילה איז יאָרנלאַנג געווען י. זילבערשטיין (איידעם פון א. ליפשיץ — דער אייגנטימער פון לאָמפּן־געשעפט).

די נאַציש־היטלעריסטישע מאכט אין כעלם, שוין אין די ערשטע טעג פון איר ברוטאַלער הערשאפט, האָט געמאכט די קהילה־עסקנים פאראנטוואָרטלעך פאר דער אויפפירונג פון די יידן אין שטאָט און זיי זיינען געווען געצוווּנגען איינקאסירן די ארויפגעלייגטע קאָנטריבוציעס אויף דער יידישער באפעלקערונג.

בעת עס איז געשאַפן געוואָרן — דורך די דייטשן — דער יודנראַט, זיינען די קהילה־טוער נאָמינירט געוואָרן אלס יודנראַטלער.

דער יודנראַט איז ליקווידירט געוואָרן נאָך דעם, ווען די נגישות, געלט־אויספּרעסונגען און אויסזידלונגען זיינען שוין פאָרגעקומען. די מיטגלידער פון יודנראַט זיינען אלע דערנאָך הינטערן שטאָט לעבעדיקע אין גריבער פארשאָטן געוואָרן. נאָר מאיר פרענקל, איינער פון יודנראַט, ר' דוד לעדערמאַנס איידעם, האָט איבערגעלעבט די היטלער־יאָרן, נאָר ער איז דערמאָרדעט געוואָרן — דורך פוילישע נאַציסטן — אין זיין אייגענער מיל אויף לוואָווסקע גאַס (פּאַקראַווער) שוין נאָך דער באַפרייאונג.

דער לאָקאַל פון דער קהילה איז יאָרנלאנג געווען אין דער געביידע פון פישל לעוונשטיין, אויף פּיארסקע 1, אקעגן פוילישן קלויסטער און סטאַראָסטווע.

## דער כעלעמער בית המדרש

ערב דעם צווייטן וועלט־קריג האָט דאָס רעליגיעזע יידנטום אין כעלם געפייערט דעם 25 יאָריקן יובל פונעם כעלעמער בית־המדרש, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער בנין איז אויסגעפּאַרטיקט געוואָרן שבועות, 1914, און האָט זיך געפונען אין נאָענטער שכנות מיט דער גרויסער כעלעמער שוהל.


אַ חינקל פון כעלעמער בית־המדרש. ה' אַנשל בידערמאַן געפינט זיך נאָענט צום ארון קודש.

פאַרשיידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, סוחרים, קליינהענדלער, בעלי מלאכות האָבן געדאַווענט אין בית־המדרש און עס איז געווען אַ צענטראַלער פונקט, ווו יידן האָבן זיך באַגעגנט און זיך דערוווּסט פאַרשיידענע נייעס.

דער בית־המדרש איז אויפגעבויט געוואָרן אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון באַוווּסטן כלל־טוער, אַנשל בידערמאַן, וואָס פלעגט פון באַלעמער דרשענען פאַרן עולם מעניני דיומא.

בעת דער 25־יאָריקער יובל־פייערונג האָט ר׳ אַנשל בידערמאַן, פאַר קריאת התורה, דערציילט אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן אין שייכות מיטן בית־המדרש.

די יובל־פייערונג פון בית־המדרש איז אויסגעפאַלן זייער אימפאַזאַנט, און קיינער האָט זיך, דעמאָלט, ניט פאָרגעשטעלט, אַז די גרויסע עדה מתפללים פון בית־המדרש זאָל אַזוי אַכזריש אומקומען.


מאָלצייטן פאַר יידישע זעלנער אין בית־המדרש אין די פסח־טעג.

## תלמוד תורה

אין כעלם האָט עקסיסטירט אַ תלמוד תורה, וואָס איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען: „תלמוד תורה וישיבה הק׳״, אין וועלכער עס האָבן זיך געלערנט און דערצויגן, אין רעליגיעזן גייסט, פיל הונדערטער יתומים און אָרעמע קינדער.

אין 1938 האָט די דערמאָנטע רעליגיעזע אינסטיטוציע דורכגעמאַכט אַ שווערן קריזיס, שיער געהאַלטן זיך ביים שליסן. האָט זיך געשאַפן אַ חברה בעל־הבתישע יידן, אַ צאָל פון הונדערטער פּערזאָן, אונטערן נאָמען „חברה תלמוד תורה וישיבה הק׳״, וואָס האָבן גענומען שטאַרק זאָרגן וועגן אויסהאַלטן יענע הייליקע אינסטיטוציע.

אין דער „כעלמער שטימע״ נומ. 39 (764) פון פרייטאָג, דעם 30־טן סעפּטעמבער, 1938, לייענען מיר אַן אויפרוף פון וועד החברה דתלמוד תורה וישיבה דק׳׳ דפה חעלמא, אין וועלכן עס ווערט אַפּילט פאַר שטיצע, זאָגנדיק צווישן אַנדערעס: „פיל וויכטיקע תקנות האָבן מיר איינגעפירט, אויך „אַ גאָלדענעם בוך״ ווו יעדער איינער קאָן זיך דעקלאַרירן. דער דעקלאַראַנט באַקומט אַ בלאַט אין אונדזער „גאָלדענעם בוך״ אויף זיין נאָמען אלס אייביקן אָנדענקונג פאַר זיין מיטהילף פאַר אונדזער תלמוד תורה וישיבה הק׳, די הכנסה זאָל זיין אַן עקסיסטענץ פאַרזיכערונג״.

## ליובאַוויטשער ישיבה „אחי־התמימים״

ס׳האָט אין כעלם עקסיסטירט די ליובאַוויטשער ישיבה „אחי־התמימים״, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון ליובאַוויטשער רבין שליט״א. די דערמאָנטע ישיבה האָט ערב דער לעצטער מלחמה געלערנט אין די בית־המדרש־שוהלן.

פאַר אַ לענגערע צייט איז ר׳ אפרים אונגער, איידעם פון רייַשער רבין ר. יהודה זונדל רוקח זצ״ל, געווען דער מנהל הרוחני פון דער ישיבה.

בעת אַ גרויסער פייערונג פון דער ליובאַוויטשער ישיבה, האָט הרב אונגער שליט״א אַפּעלירט צו פאַרשטאַרקן און זיכערן די עקסיסטענץ פון דער ישיבה אין כעלם, וועלכע איז דער איינציקער חסידישער תורה־מוסד אין דער גאַנצער געגנט, און באַזונדערס דאַרף זי הייליק זיין, וואָס זי איז געגרינדעט געוואָרן דורכן ליובאַוויטשער רבין.

## וווילטעטיקע חברות און אינסטיטוציעס

אויפן סמך פון געשיכטלעכע מקורים איז פעסטגעשטעלט, אַז געוויסע וווילטעטיקע חברות און אינסטיטוציעס האָבן עקסיסטירט אין כעלם אין XVIII י״ה, און נאָך פריער. די „חברה קדישא״, „בית יתומים״, „אחיעזר״ וכדומה זיינען געגרינדעט געוואָרן מיט אַ סך, אַ סך יאָרן צוריק.

זייער צאָל האָט זיך, מיינסטן, פאַרגרעסערט נאָכן ערשטן וועלט־קריג. מיטן אויפקום פון דער פוילישער מלוכה האָט זיך אינטענסיפיצירט און אויסגעברייטערט דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן און ס׳איז אויך געוואַקסן די צאָל פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל.


לינקס: — הערשל העלפמאַן, פאַרזיצער פון „חברה קדישא״;
רעכטס: — ר׳ זלמן העלפמאַן, גבאי פון „הכנסת־אורחים״.

**די פאָלגענדיקע חברות און איסטיטוציעס האָבן אין דער לעצטער צייט געפירט אַן אקטיווע טעטיקייט:**

## מ ו ש ב ז ק נ י ם

דער „מושב זקנים" איז געווען אין א בעסערער פינאנציע־לער לאגע ווי די אויבן געבראכטע חברות און אינסטיטוציעס.

עס איז אויפגעבויט געוואָרן א גרויסער בנין מיט אלע מאָ־דערנע איינריכטונגען.

די פארוואלטונג האָט זייער געזאָרגט פאר דער היגיענע און ריינקייט פון „מושב זקנים" און פאַרן געזונט פון די זקנים און זקנות.

די יידישע געזעלשאפט האָט ווארעם געשטיצט די דאָזיקע אינסטיטוציע, די קהילה האָט איר סובסידירט און כעלעמער לאנדסלייט מעבר לים האָבן פון צייט צו צייט געשיקט פינאנ־ציעלע הילף.

די לעצטע פאַרוואַלטונג פון מושב זקנים איז באַשטאַנען פון די פאָלגענדע פערזאָנען: נחום גאָלדבערג, א. האָכגראף, א. לעוו, מ. יערמוס, ח. פעלדמאן, י. הוז, ד. קאָרענפעלד, פ. ניידל, מ. מיצפליקער, י. בערגמאַן, י. הערשהאָרן און ש. לויוואַסער.



דאָס מושב־זקנים־הויז, די איינציקע יידישע אינסטיטוציע אין כעלם, וואָס די היטלער־מערדער האָבן ניט צעשטערט.



אַ פייערונג בעת'ן לייגן די ציגל ביים ארויפציען אַ גאָרן פון „מושב זקנים" אין כעלם, אין יאָר 1918.

אין די לעצטע יאָרן, ערב דעם חורבן 1939, איז איר פאָרזי־צער געווען בנימין בלומענשטרויך. ער איז געווען אן איבערגע־געבענער געזעלשאפטלעכער טוער, א הדרת־פנימדיקער ייד און א בעל מזג טוב. ער איז געשטאָרבן ערב דער היטלער־טיראניע.

דער בנין פון „מושב זקנים" איז געבליבן ניט־באשעדיקט, דאָס איז דער איינציקער יידיש־געזעלשאַפטלעכער בנין, וואָס די נאַצי־וואַנדאַלן האָבן ניט צעשטערט.

## ב י ת ל ח ם

דער „בית לחם" האָט געזאָרגט, אז אָרעמע יידן זאָלן ניט הונגערן. די הויפט־אויפגאבע איז געווען, אז יידן זאָלן קאָנען פראווען שבתים און יום־טובים, מיט ניט קיין פארשטערטן געמיט.

די בית־לחם טוערס האָבן געקליבן איבערן שטאָט חלות, ברויט און אנדערע מאכלים, אריינטראָגנדיק אין די חושכדיקע אָרעמע יידישע היימען.




זקנים און זקנות פון כעלעמער מושב־זקנים.

## גמילות חסד

דאָס איז געווען אַן אַנזעענדיקע אינסטיטוציע, וואָס א דאנק איר קאָנסטרוקטיווער הילף איז זי אנערקענט געוואָרן פאר זייער א נוצלעכע דורך אלע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג.

די גמילת־חסד־קאסע איז געשטיצט געוואָרן דורכן דזשאָינט אין ווארשע. זי פלעגט פארטיילן אַנפּראָצענטיקע הלוואות צווישן די קליינהענדלער און בעלי מלאכות. ווען קליינהענדלער האָבן געדארפט, ערב ניי־יאָר, אויסקויפן זייערע פּאַטענטן, זיינען זיי געקומען צום גמילות־חסד נאָך א הלוואה, און ווען ביי א פורמאַן אָדער דראָזשקארזש איז געפאלן א פערד, איז ער געהאָלפן געוואָרן דורך דער אָ ליי־אינסטיטוציע.

א סך יידן זיינען אָנגעקומען צו דער גמילות־חסד־קאסע. ערב פסח — א דאנק דער באקומענער הלוואה — האָבן יידן איינגעאָרדענט זייערע מצה־בעקערייען (לאַדן), און, זומער־צייט, האָבן „סאדאָווניקעס“ געבאָרגט געלט אויף צו דינגען סעדער. עס זיינען אויך פארטיילט געוואָרן א סך הלוואות צו יורדים.

די פארוואלטונג האָט זיך שווער אָנגעשטרענגט צו אויפהאלטן די דאָזיקע אינסטיטוציע. על פּי רוב פלעגן די הלוואהנעמער ניט פּינקטלעך צאָלן זייערע ראַטעס, פּשוט מחמת דער גרויסער אָרעמקייט אין שטאָט און צוליב דעם גרויסן שטייערשרויף, וואָס די פּוילישע מלוכה האָט ארויפגעצוואונגען אויף יידן.

די איינקונפטן פון „גמילות חסד“ זיינען געוואָרן איינגעשרומפּן, און נאָר מיט דער הילף פון אויסלאַנד און פון „דזשאָינט“ האָט דער „גמילות חסד“ עקסיסטירט ביזן צווייטן וועלט־קריג.

די ביוראָ פון „גמילות חסד“ איז געווען אין גרויסן בית המדרש. א סך יאָרן איז געווען דער פאָרזיצער — פון דער דאָזיקער וויכטיקער אינסטיטוציע — ד״ר י. אקס, און דער סעקרעטאר נ. דערמאַן, וועלכער איז געווען א טיכטיקער טוער און א שטאַרק־באגאבטער מענטש, ארויסווייזנדיק גרויסע בקיאות אין דער ארבעט. אלע אָנגעשטעלטע האָבן יאָרנלאנג געארבעט אויף זייערע אמטן.

## הכנסת אורחים

א בכבודיקן אָרט צווישן די פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס האָט פארנומען די „הכנסת־אורחים“. די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט אויפגעבויט אן אייגענעם לאָקאל.

אָרעמע יידן פון שכנישע שטעט און פון ווייטערע מקומות זיינען אין „הכנסת־אורחים“־הויז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויסער פריינדשאפטלעכקייט און האָבן באקומען אן אומזיסטע מאָלצייט און א ריינעם נאַכטלעגער.

די עסקנים פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע האָבן געדעקט זייער בודזשעט פון מיטגליד־אָפּצאָל און פון פארשיידענע אונטערנעמונגען.

## ביקור חולים

אין כעלם האָט אויך עקסיסטירט א ביקור־חולים, וואָס האָט אָנגעפירט א הילף־ארבעט. אין „אונזער שטימע“ נר. (45) 5 פון פרייטאָג דעם 29־טן יאנואר, 1926, געפינט זיך א מעלדונג, אז די געזעלשאפט ביקור חולים בעט אלע מתפללים צו נעמען אין אַכט די שווערע לאגע אין וועלכער די געזעלשאפט געפינט זיך,מנדב צו זיין בעתן עולה־תורה זיין אין די שבתים פרשת בשלח אוז משפטים לטובת ביקור חולים, לויטן מנהג פון אלע יאַר.

## לינת הצדק

„לינת הצדק“ איז געווען די פּאָפּולערסטע און באליבטסטע אינסטיטוציעס אין שטאָט. זי איז אַנטשטאַנען אין די יאָרן פון דער



פאַרוואַלטונג, טוער, דאָקטוירים, קראנקן־שוועסטער פון דער געזעלשאַפט „לינת הצדק“. אין צענטער מ. לעווין.

ערשטער וועלט־מלחמה, בעת עס האָבן אין כעלם געהערשט פאַר־שיידענע קראַנקהייטן, ווי טיפוס, חלי־רע וכדומה. די נויט, און אָרעמקייט, אונטער דער דייטש־עסטרייכישער אָקופּאַציע, איז געווען גרויס.

אָן אומגעהייערע נוצלעכע אַרבעט האָט „לינת הצדק" גע־פירט. זי האָט פאַרטיילט מעדיצינישע הילף, אָנגעזשירט דאָק־טוירים, זיי זאָלן היילן די אָרעמע חולאים, און אָרגאַניזירט דיזשורן צו באַזוכן די קראַנקע אין די נעכט. איר לאָקאַל איז געווען אין צענטער שטאָט, אויף לובלינער גאַס, אין דער געבײַדע פון ר' פישל רויטמאַן. ביים „לינת הצדק" האָט עקסיסטירט דער



פאַרוואַלטונג פון „לינת הצדק" אין יאָר 1917.




די געזעלשאַפט „לינת־הצדק" שיקט די בעסטע מזל־טוב־וואונשען דעם

און בעט איינציייטיג נים צו פערגעסען אין די פיעל נויטליידענדע ארמע קראנקע וועלכע די געזעלשאפט שטיצט.

מיט האָכאַכטונג

פרעזעס

סעקרעטאר

כעלם ........ 191

פאַקסימילע פון אַ טראַדיציאָנעלער באַגריסונג, וואָס די געזעלשאַפט „לינת־הצדק" האָט זיך נוהג געווען שיקן צו חתונות און ביי אנדערע שמחות.



מוזיקאַלישע קאַפּעליע ביים „לינת הצדק" אין כעלם

„ביקור חולים", אין וועלכן עס איז געווען טעטיק די כעלעמער אינטעליגענץ.

מיט דער אַרבעט פון „לינת הצדק" האָט אָנגעפירט אַ טיכטי־קע פאַרוואַלטונג.

דער ערשטער פּאָרזיצער פון „לינת הצדק" איז געווען דער רופא מאַטיע לעווין. נאָך זיין טויט, איז בראש פון „לינת הצדק" געשטאַנען יהושע בינשטאָק.

אין יאָר 1939, ערב דעם היטלער־איבערפאַל אויף פוילן, האָט זיך די געז. „לינת הצדק" געפונען אין אַ שלעכטן מצב. צוליב איר גרויסן דעפיציט, איז זי געצוואונגען געווען, צייטווייליק, אָפּצושטעלן איר טעטיקייט. דאָס האָט אַרויסגערופן גרויסע זאָרג אין די אָרעמע קרייזן. עס איז דעמאָלט אונטערגענומען געוואָרן אַ גרויסע הילף־אַקציע אויף צו קאָנען באַנייען די טעטיקייט פון „לינת הצדק". פאַר דעם צוועק זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן געלט־זאַמלונגען, אימפּרעזעס און פאַרשיידענע פאַראַנשטאַלטו־נגען.

אין 1939־טן יאָר איז די פאַרוואַלטונג פון „לינת הצדק" גע־ווען אין פאָלגענדיקן צוזאַמענשטעל: פּרעזעס — ב. פעלהענד־לער; וויצע־פּרעזעסן — מ. לעדערמאַן און ג. נעלקנבוים; סעק־רעטאַר — י. ראָזנבלאַט; וויצע־סעקרעטאַר — ש. גאָלדבוים; קאַסירער — א. מינצער; בעל הבית — י. הוז.

צווישן די פאַרדינסטפולע „לינת הצדק"־טוערס זיינען אויך געווען: אברהם וויניק, יהושע בעקער, יוסף גרינמאַן, אָרטשע קאַרפּ און אַנדערע.



געזעלשאַפט „מלביש ערומים" אין כעלם.

### מ ל ב י ש ע ר ו מ י ם

די דאָזיקע ווױלטעטיקע חברה האָט געזאָרגט צו באַקלײדן די אָרעמע ײדישע קינדער און יתומים און האָט זיך געפונען אין דער געבײדע פון דער תלמוד תורה, אויף סעמינאַרסקי גאַס.

די הכנסות פון דער דאָזיקער חברה זײנען געװען פון בלימל־טעג, פון זאַמלען באַשטײערונגען, און מ'האָט אויסגענוצט פאַר־שײדענע געלעגנהײטן אויף צו דעקן דעם בודזשעט.

מען האָט אײנגעקויפט סחורות און לעדער, און היות דער רוב עסקנים זײנען געװען בעלי־מלאכות — שוסטער און שנײ־



„מלבוש ערומים" טוער, בעת א דורכגעפירטע באַקלײדונג־אַקציע.

דער — האָבן זײ אלײן בחנם אויפגענײט די מלבושימלעך און שוכװאַרג פאַר די נײטבאַדערפטיקע קינדערלעך.

צװײ מאָל אין יאָר האָט מען, אין קצבישן שוהלכל און אין די צימערן פון דער תלמוד־תורה, פאַרטײלט צװישן די קינדער בגדים און שיך: ערב פסח און ערב סכות. אַן ערך 200—300 קינדער זײנען באַקלײדט און באַשוכט געװאָרן פון „מלביש ערומים".




די עסקנים פון „מלביש ערומים", אין פאָדערגרונט זעט זיך קלײדונג, װאָס איז פאַרטײלט געװאָרן צװישן אָרעמע קינדער אין כעלם.

### ד ע ר ב י ת ־ ה י ת ו מ י ם

דער בית־היתומים איז געגרינדעט געװאָרן נאָך פאַר דער ערשטער װעלט־מלחמה.

עס האָבן זיך אין בית־היתומים אויפגעהאַלטן ײדישע יתומים פון כעלם און פון אומגעגענט.

די ײדישע באַפעלקערונג האָט װאַרעם געשטיצט די היים פון ײדישן יתום.

### ה כ נ ס ת כ ל ה

די אויפגאַבע פון דער געזעלשאַפט „הכנסת כלה" איז געװען צו העלפן חתונה מאַכן אָרעמע ײדישע מײדלעך, געבנדיק זײ אויס־שטײערן און הוצאות החתונה.

די דאָזיקע װױלטעטיקע קערפּערשאַפט איז זײער װאַרעם געשטיצט געװאָרן דורך די ײדן אין כעלם.

## דאָס ײדישע באַנק־װעזן

דרײ ײדישע בענק האָבן פונקציאָנירט אין כעלם. אײנע פון זײ האָט ניט געהאַט קײן אריכת־ימים. די אַנדערע צװײ בענק זײנען געװען מער מזלדיקע.

אויף אַן אָנגעזעענער פּאָזיציע איז געװען די סוחרים־באַנק, צו װעלכער עס האָבן געהאַט צוטרױ די ײדישע סוחרים און קלײנ־הענדלער.



אהרון שטאָל, דירעקטאָר פון דער סוחרים־באַנק.

די פאַרװאַלטונג איז באַ־שטאַנען פון די פאָלגענדיקע פּערזאָנען: י. מ. לעדערמאַן (הײנט אין ענגלאַנד), לײבל ראָזן, ש. העלפּבײן, י. שילד־קרויט, ש. דאַװידזאָן, ק. מאַנ־דעלבוים, בערל אַקסלראָד, מאיר קאַלמאַנאָװיטש, ג. װאַר־מאַן (אַלע אומגעקומען בימי שלטון היטלער) און יוסף ראָל־ניק (איצט אין ישראל). די־רעקטאָר פון דער באַנק איז געװען: אהרון שטאָל (אומ־געקומען).

די דריטע איז געװען די קאָאָפּעראַטיװע באַנק. איר דירעקטאָר איז געװען ס. ראַ־בינזאָן. מען האָט אין שטאָט די באַנק גערופן „ראַבינזאָנס באַנק". אַ גרױסע אָרדענונג איז געװען אין באַנק. דאָס איז פּאַקטיש גע־װען די באַנק פון ײדישן בעל־מלאכה, פון ײדישן האַנטװערקער־פאַראײן, װאָס זײנע פאָרשטײער זײנען געװען געהעריק — אין ראַט און אין דער פאַרװאַלטונג — פאַרטראַטן.

די פאָלגענדיקע האַנטװערקער־טוערס זײנען געװען די פאָר־שטײערס אין דער פאַרװאַלטונג פון דער קאָאָפּעראַטיװער באַנק: װעװטשע האַנדלסמאַן, ע. קראַטקע און חיים הויזמאַן. אין ראַט זײנען געװען פאַרטראַטן: ש. בורנשטײן און משה יערמוס.

### ד ע ר ק ל ײ נ ה ע נ ד ל ע ר ־ ק אָ אָ פּ ע ר אַ ט י װ

דער קלײנהענדלער־קאָאָפּעראַטיװ איז געגרינדעט געװאָרן אין כעלם, אין 1929. בעת דער גרינדונג האָט ער געצײלט 41 מיטגלידער.

צום באַדױערן האָט דער דאָזיקער קאָאָפּעראַטיװ פונקציאָ־נירט גאָר א קורצע צײט.

די געצײלטע עטלעכע בענק אין שטאָט זײנען געװען געזעל־שאַפטלעכע, און האָבן געהאַט דעם ציל צו לינדערן די עקאָנאָ־מישע לאַגע פון די ײדישע הענדלער און בעלי־מלאכות.

# געזעלשאַפט „אָרט“

צווישן די פארשיידענע יידישע אינסטיטוציעס אין כעלם האָט פאַרנומען א חשובן אָרט די געזעלשאַפט „אָרט“, וועמענס אויפגאַבע איז געווען פאַרשפרייטן מלאכה צווישן דער יידישער יוגנט. דער לאָקאַל פון דער געזעלשאפט האָט זיך געפונען אויף פּאָטשטאָווע גאַס, נר. 54.

ביים „אָרט“ האָבן פונקציאָנירט אייניקע סעקציעס פון שלאָסער־ארבעטער, מעכאַניקער, שניידער און אנדערע. צענדליגער יידישע כעלעמער יוגנטלעכע האָבן באקומען טעאָרעטישע ידיעות און א פּראַקטישע אויסשולונג אין פארשיידענע פאַכן. אין דער פאַרוואַלטונג פון „אָרט“ זיינען געווען באַדייטנדיקע פּערזענלעכקייטן, טיכטיקע טוערס, וואָס האָבן אָפּגעגעבן א סך צייט און מי לטובת דער געזעלשאַפט „אָרט“.





געזעלשאַפט „אָרט“ אין כעלם.



פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט „אָרט“ אין יאָר 1938. פון רעכטס צו לינקס זיצן: ד״ר י. פעלדמאַן, ד״ר פרוי זייפן, ד״ר א. זייפן, לערערין פון „אָרט“ און אברהם בערלאַנד. אויבערשטע ריי, שטייען: י. טענענבוים, מאיר קאלמאַנאָוויטש, א. שיין, ד״ר א. שעכטל, גרשון לוסטיגער, ז. קראטקע.

# דער „טאָז“

דער „טאָז“ (געזעלשאַפט צו פאַרהיטן דאָס געזונט פון די יידן) איז געגרינדעט געוואָרן אין 1929. צווישן די ערשטע איניציאַטאָרן צו גרינדן די דאָזיקע געזעלשאַפט איז געווען ד״ר ווילענקאָ.

די דאָזיקע געזעלשאַפט האָט געשפּילט א באַדייטנדיקע ראָל, הויפּטזאַכלעך, מיט איר זאָרג וועגן יונגן דור. זי האָט איינגעאָרדענט פאר די קינדער און יוגנטלעכע זומער־קאָלאָניעס, געהיילט קראַנקע דורך קווארצלאָמפּן און דיאַטער־מעס. זי האָט באַשפּייזט די אָרעמע קינדער, וואָס האָבן געוווינט אין די אָרעמע קוואַרטאַלן — פּאָטשטאָווע, קאטאָווסקי און אנד.

דער „טאָז“ האָט אויך איינגעפירט היגיענישע קאָנקורסן אין די שולן און היימען.




זומער־קאָלאָניע, איינגעאָרדענט פון דער געזעלשאַפט „ט אָ ז“, אין יאָר 1938.

אין דער טעטיקייט פון „טאָז“ זיינען געווען אַקטיוו אַ סך יידישע דאָקטוירים. פאָלגענדיקע מעדיצינער האָבן געהאָלפן דער טעטיקייט פון „טאָז“: ד״ר לאה פריד, ד״ר דוד וואלבערגער, ד״ר אברהם ליפשיץ, ד״ר ציגעלמאַן, מ. סאקולער, פרוי טאַניע עברי, ד״ר מ. ליפקאָוויטש, ד״ר מ. לעווין.

די אָ און אנדערע דאָקטוירים האָבן געגעבן מעדיצינישע הילף אומזיסט סיי אין „טאָז“ און סיי אין „לינת הצדק“, אויך האָבן זיי געהאלטן רעפעראטן וועגן היגיענע, מעדיצין, איבער געשלעכט־פראַגן, ווענערישע און אנדערע פאַרשיידענע קראַנקהייטן.

די פארוואלטונג פון „טאָז“ איז באַשטאַנען פון די פאָלגענדיקע פּערזאָנען: ד״ר ד. וואלבערגער, מאָטיע לעווין, ס. שיין, נחום גאָלדבערג, נ. דערמאן, ד״ר ווילענקא. טעכנישער לייטער איז געווען: מאָטל גאָלדמאַן.

## דער שאַך־קלוב אין כעלם

דער שאַך־קלוב, אָדער ווי מען האָט אים גערופן, שאַכמאַטן־קלוב, איז געווען אַ גוט־באַקאַנטע געזעלשאַפט אין כעלם. דאָס איז געווען א גרויסער צענטער פון דער כעלעמער יידישער אינטעליגענץ און אויך אסימילאַטאָרישע שיכטן און סנאָבן.

דער שאַך־קלוב האָט זיך געפונען אין הויז פון ה׳ פישל לעווענשטיין, א גוט באַקאַנטער כעלעמער הויז־ווירט. עס איז אינטערעסאנט, אז נישט געקוקט דערויף, וואָס אין שאַך־קלוב זיינען געווען איינגעשלאָסן שיכטן פון אסימילירטע יידן, האָט מען דאָרטן פיל אָפּגעגעבן זיך מיט יידישער קולטור־ארבעט.

אינעם זאַל פון קלוב, אַגב, אַ פיינער רחבותדיקער זאַל, זיינען אָפט אויפגעפירט געוואָרן יידישע פיעסעס, און די הכנסה איז אָפּגעגעבן געוואָרן פאר ווילטעטיקע צוועקן, די יידישע געזעלשאפטן ווי דער „לינת־הצדק“, „מושב־זקנים“, „הכנסת־כלה“ און אנדערע.

עס איז אַמאָל אין שאַך־קלוב געשטעלט געוואָרן „מאָטקע גנב“ פון שלום אַש, וואָס איז געווען א גרויסער דערפאָלג. אויך פאָרטראַגן איבער ריין־יידיש־ליטעראַרישע טעמעס זיינען געהאַלטן געוואָרן דאָרטן.

אין שאַך־קלוב זיינען א חוץ די פארשיידענע קולטור־פאַראַנשטאַלטונגען איינגעאָרדענט געוואָרן טאַנץ־אָוונטן און די באַרימטע אין כעלם מאַסקאַראַדן־אָוונטן. באַזונדערס אינטערעסאַנט



דער שוהל־כאָר אין יאָר 1927, פאָטאָגראפירט מיטן חזן יעקב ברייטמאַן (דער ערשטער לינקס) בעת א באַזוך פון אמעריקע אין זיין היים־שטאָט כעלם.

און אימפּאָזאַנט זיינען דאָרטן געווען די חנוכה־ און פורים־בעלער, דאָס זיינען אַלעמאָל געווען געלונגענע אַטראַקציעס, וואָס האָבן צוגעצויגן גרויסע מאַסן פון דער יידישער אינטעליגענץ.

די אלע וואָס האָבן פארוואלטעט מיטן שאַך־קלוב, זיינען געווען, ווי שוין געזאָגט, פון דער „שמיעטאַנקע“, פיל פון זיי פון די רייכע ספערן.

דאָס באַקן אומזיסט מצות פאר אָרעמע איז געווען די איניציאַטיוו פונעם שאַך־קלוב.

דער שאַך־קלוב אין כעלם, איז אַנטשטאַנען פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה און האָט זיך דאַן געפונען אין הויז פון דער יידישער קהילה, וואָס האָט אויך געהערט צו ה׳ לעווענשטיין. ארום 1918 איז דער קלוב אריבער אין דעם גרויסן בנין פון ה׳ לעווענשטיין אויף לובלינער 6, ווו דער קלוב האָט זיך געפונען ביז די לעצטע טעג פון זיין אונטערגאנג.

## די יידישע פּרעסע אין כעלם

דער טיטל „יידישע פּרעסע“ קאָן אמאָל פארפירן, ווייל מ׳קאָן באמת קלערן, אז אין כעלם זיינען געווען א סך יידישע צייטונגען און זשורנאלן.

מיר איז באוווסט, אז עס זיינען געווען נאָר 3 יידישע וואָכנצייטונגען: די „כעלעמער שטימע“, „כעלעמער פאָלקסבלאַט“, און „כעלעמער וואָכנבלאַט“. יעדע פון די דריי יידישע צייטונגען האָט געהאַט אירע אָנהענגער און מיטארבעטער.

איך, דער שרייבער פון די שורות, בין געווען פארבונדן מיט דער „כעלעמער שטימע“ זינט איר געבאָרן, זייענדיק איר אַקטיווער מיטארבעטער ביז ערב דעם צווייטן וועלט־קריג. זי האָט אָנגעהייבן דערשיינען אין 1924 א.ג. „אונדזער שטימע“ מיטן אונטערקעפּל: „אומפּאַרטייאיש־דעמאָקראטישע וואָכנבלאַט פאר ליטעראטור, געזעלשאפטלעכע און עקאָנאָמישע פראגן“. איר ערשטער רעדאקטער איז געווען נחום גאָלדבערג און איר ארויסגעבער און פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער איז געווען יהושע ווינשטיין. אין א יאָר ארום האָט די צייטונג געענדערט איר נאָמען אויף „כעלעמער שטימע“.

א געוויסע צייט, ביז 1928, האָט פייוול פריד רעדאקטירט די „כעלעמער שטימע“, און שפּעטער האָט די צייטונג רעדאַקטירט דער טיכטיקער פישל לאַזאַר. צו דער רעדאַקציע־אַרבעט איז, אין יאָר 1934, צוגעצויגן געוואָרן גרשון לוסטיגער, וואָס איז דערנאָך געווען איר רעדאַקטער ביזן לעצטן טאָג.

די „כעלעמער שטימע“ איז געווען שטאַרק פּאָפּולער אין כעלם און אין דער סביבה. זי האָט איינגעפירט אן אָפּטייל „כעלם און אומגעגנט“, ווו עס זיינען געוואָרן פארעפנטלעכט פארשיידענע פארלויפן, נאָטיצן, פעליעטאָנען, מודעות און באשרייבונגען פון יידישן לעבן אין דער כעלעמער פּראָווינץ. עס זיינען שפּעטער איינגעפירט געוואָרן באזונדערע אָפּטיילן פאר די שטעט וולאדאָווע, זאמאָשטש, הרוביעשאָוו און אנדערע, ווו עס איז באלויכטן געוואָרן זייערע ספּעציפישע באדינגונגען.

ניט געקוקט, וואָס טאָג־טעגלעך זיינען קיין כעלם אָנגעקומען די גרויסע יידישע טאָג־צייטונגען פון ווארשע — דער „היינט“, „מאָמענט“, „אונדזער עקספּרעס“ „פאָלקס־צייטונג“ און די ווארשעווער נאָכמיטאָג־בלעטער און אָוונט־צייטונגען, איז דאָך, מיט

„CHELMER SZTYME“ № 27 (225)

כעלעמער שטימע

אומפּארטייאישער וואָכנבלאט.

Chelm 28 czerwca 1929

Red. „Chelmer Sztyme“

Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem.

№ 30-31 פּרייז 10 גר. Chelemer Wochenblat

כעלעמער וואָכנבלאַט

Piątek 31 lipca 1931 פרייטיק דעם 31 יולי

פאַקסימילעס פון די קעפּלעך פון די צייטונגען „כעלעמער שטימע“ און „כעלעמער וואָכנבלאַט“.


Legitimation № 5
Available till the 31/XII 1932
To whom it may concern
We hereby state that:
Mr. Hersz Szysler
is a member of the staff of the
„CHELMER WOCHNBLAT"
and we ask to help him obtain news and material for the above mentioned newspaper.
Respectfully:
Editor:
Sec:
Chelm,

רעדאַקציע
כעלעמער וואָכנבלאַט
כעלם לובלינער 19
לעגיטימאַציע № 5
רעדאַקטאָר
סעקרעטאַר
כעלם דעם

רעפּ. פון דער רעדאַקציע מיטגלידער־קאַרטע, פון „כעלעמער וואָכנבלאַט", ארויסגעגעבן אין 1931, אויפן נאָמען הערש שישלער.

אַ באַזונדערער דערוואַרטונג, אויסגעקוקט געוואָרן אויף דער „כעלעמער שטימע", וואָס איז געלייענט געוואָרן אין יעדער יידישן הויז.

די „כעלעמער שטימע" איז געווען אַן אומפּאַרטייאישע צייטונג און האָט זיך אינטערעסירט מיט אַלע ענינים און באהאנדלט פאַרשיידענע פּראָבלעמען אין יידישן לעבן. זי איז געווען אַ טריבונע פאַר אַלע שיכטן און שאַטירונגען, פאַר ציוניסטן, לינקע אידעאָלאָגיעס און פאַר פאַרשיידענע ריכטונגען. זי האָט ברייט באַלויכטן יעדע קולטור־אונטערנעמונג אין כעלם און אומגעגנט, און דאָס האָט סטימולירט די אַקטיוויטעט פון די יידישע אינסטיטוציעס אין שטאָט. אויף די שפּאַלטן פון „כעלעמער שטימע" זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן גענויע רעפּאָרטאַזשן פון די זיצונגען אין שטאָט־ראַט, גמינע, פון די פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען און פון דער טעטיקייט פון די פאַרשיידענע וווילטעטיקע חברות און אינסטיטוציעס.

ווען ס'האָבן פּאַסירט אין לאַנד וויכטיקע געשעענישן, ווי אין יאָר 1920, ווען פּילסודסקי האָט פאַרכאַפּט די מאַכט, איז די „כעלעמער שטימע" דערשינען מיט ספּעציעלע אויסגאַבעס, מיט די לעצטע טעלעגראַמען און נייעס.

אין כעלם פלעגן דערשיינען צוויי פּוילישע צייטונגען. די צייטונג „זוויערציאַדלא" איז ארויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם אַנטיסעמיט יאַן טשאַרנעצקי. די „כעלעמער שטימע" פלעגט שאַרף רעאַגירן אויף זיינע אַרטיקלען.

עס האָט פּאַסירט, אַז דער דאָזיקער אַנטיסעמיט, יאַן טשאַרנעצקי, האָט מיט זיינע זלזולים אויף דער יידישער באַפעלקערונג אַריבערגעכאַפּט די מאָס און איז דורך דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט באַשטראָפט געוואָרן אויף 7 טעג אַרעסט, צו אָפּזיצן אין דער אַזויגערופענער כעלעמער באַלעבאַטישער תפיסה. דאָרט זיינען אָפּט אָפּגעקומען מיט זיץ־שטראָפן יידישע סוחרים און בעלי־בתים פאַר אַדמיניסטראַטיווע חטאים.

אַרויסגייענדיק פון תפיסה, האָט ער דערנאָך געשריבן אין זיין אַנטיסעמיטישער צייטונג וועגן דער אַרעסט־הויז, ווו מען זעצט אַוועק יידישע סוחרים מיט קרימינעלע פאַרברעכער... זיין אַרויסטריט לטובת די יידן האָט אַלעמען איבעראַשט און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז געוואָרן אַ חוזר בתשובה.

די „כעלעמער שטימע" האָט די דאָזיקע נאָטיץ איבערגעדרוקט מיט די געהעריקע קאָמענטאַרן.

די מיטאַרבעטער און רעדאַקטאָרן פון „כעלעמער שטימע" זיינען געווען: נחום גאָלדבערג, פייוול פריד, יוסף גאָלדהאַבער, דוד גאָלדרייך, פישל לאַזאַר, גרשון לוסטיגער, הערש שישלער, בן־ציון ברוקער, א. קאַרנבליט און אַנדערע. קיין שכר־סופרים איז ניט געצאָלט געוואָרן. די רעדאַקטאָרן גופא האָבן באַקומען אַ מינימאַלע שכירות.

עס האָבן זיך אין דער דאָזיקער צייטונג אויך באַטייליקט פאַרשיידענע שריפטשטעלער, קולטור־טוערס און אַרטיסטן. אויך כעלעמער בני־עיר פון אַמעריקע, קאַנאַדע, אויסטראַליע, דרום־אַפריקע און ארץ־ישראל האָבן ווען ניט ווען צוגעשיקט אַרטיקלען.

די „כעלעמער שטימע" האָט אָפּגעגעבן אַרט פאַר יונגע לאָקאַלע שרייבער, וואָס אַ סך פון זיי זיינען היינט באַקאַנטע און גוטבאַוווסטע יידישע שרייבער.

אין די שווערסטע צייטן פון אַנטיסעמיטישע אויפברויזן און שיקאַנעס, איז די „כעלעמער שטימע" געווען די טריבונע פאַרן כעלעמער יידן, לאָזנדיק הערן איר וואָרט און פּראָטעסט קעגן יעדער גזירה און אָנגריף פון דער פּוילישער מאַכט, פון שטאָט־ראַט און שטייער־קאַמער אויף די רעכט פון די יידן אַלס גלייכבאַרעכטיקטע בירגער פון דער פּוילישער רעפּובליק.


אהרון וואָלפּסאָן, זעצער פון דער „כעלעמער שטימע", וואָס האָט די צייטונג אויסגעזעצט פון ערשטן נומער ביזן אונטערגאַנג אירן. אומגעקומען דורך די היטלער־מערדער.

מיט גרויסער עקשנות און אויסדויער־קראַפט און אין גרויסע פינאַנציעלע שוועריקייטן האָט די „כעלעמער שטימע" עקסיסטירט ביז דעם 8־טן סעפּטעמבער, 1939, ווען פּוילן איז שוין געווען אין חורבות און האַלב אָקופּירט דורך די ברוינע נאַצי־רוצחים.

* * *

די צווייטע וואָכן־צייטונג „דאָס כעלעמער פאָלקסבלאַט" איז געווען די אויסגאַבע פון די פּועלי־ציון (לינקע). זי איז דערשינען פון 1928 ביז 1930, אונטער דער רעדאַקציע פון פייוול פריד, און זי האָט זיך געדרוקט אין בראַנפעלדס דרוקעריי.


LEGITYMACJA №6
לעגיטימאַציע № 7

פאַקסימילע פון אַ לעגיטימאַציע פון „כעלעמער שטימע" (דעמאָלט גערופן זיך „אונזער שטימע") אַרויסגעגעבן אויפן נאָמען פון בן־ציון ברוקער.

* * *

„דאָס כעלעמער פאָלקסבלאַט“ האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין 1930, איר רעדאַקטער און אַרויסגעבער איז געווען הערש גאָלדמאַן, אַן אייגנטימער פון אַ דרוקעריי. (ער געפינט זיך היינט אין בראַזיל).

די דאָזיקע צייטונג איז געווען אַן אומפּאַרטייאיִשע און איז דערשינען רעגולער יעדער פרייטאָג פון 1930 ביז 1933, אין אַ קלענערן פאָרמאַט ווי די „כעלעמער שטימע“. זי איז געווען גוט פאַרשפּרייט און געהאַט אַן אָפּטייל פון יידישן האַנטווערקער־לעבן, רעדאַקטירט פון גרשון לוסטיגער — סעקרעטאַר פונעם האַנטווערקער־פאַראיין אין כעלם.

עס איז אויך געווען אַ ספּאָרט־אָפּטייל, צוזאַמענגעשטעלט פון ש. איציקאָוויטש און אַ הומאָריסטישער אָפּטייל, צוזאַמענגעשטעלט פון ה. שישלער.

## יידישע גאַסן

כעלם האָט געהאַט פיל גאַסן און געסלעך, יעדע פון זיי האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ וועלט פאַר זיך. די הויפּט־גאַס איז געווען די לובלינער גאַס, וועלכע איז געווען שטאַרק פּאָפּולער אין שטאָט, אַזוי אויך אין די שכנותדיקע שטעט און שטעטלעך.

### די לובלינער גאַס

די לובלינער גאַס איז געווען די גרעסטע און באַליבסטע גאַס אין שטאָט, זי האָט זיך געצויגן פון איין עק ביזן צווייטן עק שטאָט, האָט פאַרמאָגט שיינע מויערן און געשעפטן. די מערהייט פון די איינוווינער און בעלי־הבתים פון די געשעפטן זיינען געווען יידישע.

די לובלינער גאַס איז געווען באַוווּסט אַלס האַנדלס־גאַס, דער גרעסטער טייל פון די געשעפטן אין שטאָט, האָבן זיך דאָ געפונען; די בענק, די בירזשע, אַמאָליקע יאָרן אפילו זיינען דאָ די מאַרקטעג פאָרגעקומען. זי איז געווען דער צענטער צו טרעפן זיך מיט וועמען. דאָ האָבן זיך געפונען די קאַפעס, קינאָס, טאַעטערס א.א. די גאַס איז געווען די שפּאַציר־גאַס. דער שפּאַציר האָט זיך אָנגעהויבן פון דער „גורקע“ (קאַטעדראַל) און זיך געצויגן אַזש ביז אַריבער די באַן־ליניעס, וואָס האָבן אַריבערגעשניטן די לובלינער גאַס, אַ שטח פון עטלעכע מייל.

אויף דער לובלינער גאַס האָט זיך געפונען די פּאָסט, דער זאַקסישער גאָרטן, דאָרטן ווו די יידישע יוגנט איז נישט איינמאָל באַפאַלן געוואָרן דורך פּוילישע כוליגאַנעס, ווען זיי האָט זיך פאַרגלוסט צו שטערן יידן צו קומען שעפּן אַ ביסל פרישע לופט דאָרטן.

אויף לובלינער גאַס, אקעגן דעם שטאָטישן גאָרטן, האָט זיך געפונען דער טעאַטער־בנין די „פּאָלאָניאַ“, וואָס די דייטשן האָבן אויסגעבויט בעת דער אָקופּאַציע־צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. „פּאָלאָניאַ“ האָט זיך געפונען אויפן פּלאַץ פון מ. נייהויז, דער קאַזיאָנער ראַבינער.

אויפן זעלבן אָרט אין שכנות פון „פּאָלאָניאַ“ האָט זיך געפונען דאָס שטיבל פון הרב נייהויז.

אויף דער לובלינער גאַס האָט זיך אויך געפונען דער באַרימטער רינג געשעפטן, וואָס באַלאַנגט צו דער שטאָטישער אַדמיניסטראַציע, און איז געווען באַזעצט פון דורכאויס יידן, וועלכע האָבן דאָרטן געפירט זייערע מסחרים פאַר יאָרן, יאָרנלאַנג. ווען




אַ פראַגמענט פון דער לובלינער גאַס אין כעלם



א גרופע „שטעקעלעך״־יידן אויף דער בירזשע, אויף לובלינער גאַס, ריידן פּאָליטיק.

די פּוילישע מאַכט האָט אָנגעווענדט איר איינגעפּירטע „פּאַרשע־נערונג־פּאָליטיק״, האָט זי דאַן זיך גענומען ארונטעררייסן דעם רינג געשעפטן, פון וועלכע הונדערטער יידישע משפּחות זיינען געבליבן אָן ברויט.

אויף דער לובלינער גאַס האָבן זיך געפונען די קהילה־ביוראָען, די יידישע צייטונג־געשעפטן, די יידישע דרוקערייען און יידישע רעדאַקציעס. עס האָט פּולסירט דאָס גאַנצע יידישע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע לעבן. אויף דער לובלינער גאַס האָבן געהאַט אירע לאָקאַלן דער „בונד״, דאָס יידישע קולטור־הויז, די פּועלי־ציון, דער יידישער האַנטווערקער פאַראיין און פיל אנדערע.

אָבער אויך פיל אַנדערע גאַסן אין כעלם זיינען געווען אָנגעזאַפּט מיט יידיש לעבן. צווישן זיי די נייע צאַל, די שעדלעצקי גאַס, די וועסאָלע גאַס, די שקאָלנע, רעפאָרמאַצקע און פיל אנדערע גאַסן, ווי אויך אַ טייל פון הרוביעשאָווער גאַס איז געווען באַזעצט דורך יידן.

## די קזשיווע גאַס

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זי געהייסן „אוליצאַ אַדריאַנאָווסקאַ״. אָבער נאָכדעם ווי פּוילן האָט באַקומען איר אומאָפּהענגיקייט, האָט זי געביטן דעם נאָמען אויף קזשיווע גאַס. ס׳איז טאַקע די גאַס געווען אַ קרומע, געגאַנגען זיג־זאַגיש, אויף אנדערע ערטער ברייטער און אנדערע שמאָל. זי האָט זיך אָנגעהויבן נאָענט פון אונטער דער „גורקע״ — די רוסישע קאַטעדרע, וואָס די פּאָליאַקן האָבן איר פאַרפּוילישט און קאַטויליש פאַרהייליקט, און ווען יידישע יוגנט האָט זיך פאַרוואָלט ארום יענע אלייען און לאָנקעס שפּאַצירן, זיינען זיי בלוטיק באַפאַלן געוואָרן פון פּוילישע כוליגאַנעס. זי האָט זיך דורכגעשניטן דורך די פונקטן און געסלעך, ווו עס האָט זיך געפונען דער יידישער האַנדל־וואַנדל. אין שכנות האָט זיך געפונען דאָס שוחטים־געסל, דאָס קצבים־געסל, דער האַנדל פון פלייש און פיש, פון פרוכטן און גרינוואַרגן, פון הייסע באָב און קוואַס, פון היימישע אויסגעאַרבעטע פּאַפּיראָסן און פון אנדערע יידישע פרנסות.

זי איז געווען אַ טיפּיש־יידישע גאַס אין כעלם, זי האָט זיך פּאַראַלעל זיג־זאַגיש געצויגן פון לובלינער גאַס. עס האָט זיך אויף דער דאָזיקער גאַס געפונען דאָס רעליגיעזע יידישע לעבן פון כעלם, די אַלטע היסטאָרישע שוהל, דער פיינער בית־המדרש, די חסידישע שטיבלעך און די יידישע מוכרי־ספרים.

אויף דער קזשיווע גאַס, אינעם בית־המדרש בנין, האָט זיך געפונען די גמילות־חסדים קאַסע. אויך דאָ, אין דער צייט פון די מלחמה־יאָרן, האָבן זיך געפונען די קאָמיטעטן, וואָס האָבן ארויסגעגעבן אויף קאַרטן שפּייז צו יידן. דאָ האָבן זיך געפונען יידישע פאַבריקלעך וואָס פלעגן פאַבריצירן ראָזשינקע־וויין, אויך אויף דער גאַס האָט זיך געפונען גרשון לאַזערס אויל־פאַבריקל, וואָס דער אויל־ריח און דאָס קלאַפּן פון עלעקטרישן מאָטאָר האָט פאַרהילכט דעם ארום. אַ ביסל אַוועק פון דעם טומל, פון גרשון לאַזערס אויל־פאַבריקל, האָט זיך געפונען דאָס קוזמיר־שטיבל פון רבי׳ן ר׳ משה לייבעלע טווערסקי. אימפּאָזאַנט איז געווען דאָס אָפּריכטן תשליך פון קוזמירער רבי׳ן און זיינע הקפות. דעמאָלט איז די דאָזיקע גאַס און די ארומיקע גאסן געווען אָנגעפילט מיט יידן, יונג און אַלט.

אויף דער זעלבער גאַס א ביסל העכער ארויף, אריבערשפרייזנדיק די פיארסקע גאַס ווו די יידישע קהילה האָט זיך געפונען, אויף דער רעכטער זייט שטיבל האָט אויך געוווינט דער שטאָט־רב ר׳ גמליאל האָכמאַן, וואָס איז מפורסם געווען מיט זיינע קלוגע עצות און אָנווייזונגען. אויף דער גאַס האָט זיך אויך געפונען דאָס קצבים־שוהלכל. דאָס קצבים־שוהלכל איז געווען אַ וועלט פאַר זיך. דאָ האָט מען דעבאַטירט וועגן קהלשע ענינים, דאָ האָט זיך געלאָזט הערן דער פּראָטעסט קעגן וועלכע אומרעכטן, וואָס זיינען אָפּגעטאָן געוואָרן אין שטאָט, דאָ האָט מען צוויי מאָל אין יאָר, פּסח און סוכות, געטיילט בגדים פאַר אָרעמע יידישע קינדער און יתומים.

דאָ האָט זיך געפונען דאָס סאָדע־וואַסער געשעפט פון לייביש רייפער. שבת נאָכן טשאָלנט זיינען דאָ יידן געקומען טרינקען סאָדע־וואַסער מיט סאָק. דאָס געשעפט איז געווען אָפן שבת, און לייבוש רייפער האָט אַלעמען געגעבן זיינע זיסע און קאַלטע געטראַנקען, קיין געלט האָט ער פון קיינעם ניט גענומען, ער האָט אַלעמען געקענט און געהאַט אַ גוטן זכרון, שפּעטער אין די וואָכןטעג, איינצומאָנען די חובות.

## די נייע צאַל

די „נייע צאַל״ איז געווען א ריין יידישע גאַס, ווו מ׳האָט ניט געזען קיין קריסטלעכע איינוווינער, קיין גויאישער שכן איז דאָ ניט געווען בנמצא. די איינציקע גויים, וואָס מען האָט באַמערקט דאָ, זיינען געווען פּויערים, וואָס פלעגן אין די מאַרקטעג אריינפאָרן אין יידישע הויפן, אַוועקשטעלן זייערע פערד און וואָגן, און דערנאָך זיינען זיי אַוועק צו יידישע בעלי־מלאכות באַשטעלן א בגד.




די „גליטש־טרעפּ״, וואָס האָבן געפירט צו די „נייע צאַל״, פּאָטשטאָווע גאַס. דאָס בילד גענומען נאָך דער באפרייאונג פון כעלם דורך דער רויטער ארמיי.

כעלם האָט פאַרמעגט אַן ערך הונדערט גאַסן און געסלעך, און די „נייע צאַל״ איז אַלעמאָל געווען, זינט איר אַנטשטייאונג ביז איר אונטערגאַנג, די יידישסטע גאַס אין שטאָט. דאָ האָט זיך קאָנצענטרירט דער גרעסטער טייל פון דער כעלעמער יידישער באפעלקערונג, מיטל־קלאס־מענטשן, בעלי־מלאכות, קליינהענדלער, האָרעפּאַשניקעס און אויך אָרעמעלייט.

די „נייע צאַל״ האָט זיך אָנגעהייבן פונעם ווינקל לוואָווסקע גאס און זיך געצויגן ביז דער שעדלעצקע, און אין זיך איינגעשלאָסן א ריי דערבייאיקע געסלעך, ווי די „נייע־וועלט״, „שעדלעצקא״, „אישטשילוטצקא״ און אנדערע גאסן, וואָס זיינען געווען אויך גוט באַוווינט פון יידן. די „נייע צאַל״ איז אָבער אַלץ פארבליבן אלס די יידישסטע גאַס פונעם יידישן כעלם.

הונדערטער און טויזנטער יידן האָבן דאָ ענג באווינט די דערמאָנטע גאַס. יעדער הויף, יעדע הייזל און שטיבל איז געווען געפּאַקט, ענג מיט יונג און אַלט, וואָס האָבן שווער געקעמפט פאר זייער חיונה, פאר זייער פרנסה און עקסיסטענץ. דאָך יעדער באזונדער איז געווען פול מיט בטחון, מיט גלויבן, געחלומט און געהאָפט פון גוטע צייטן, פון א שענערער וועלט.

כמעט אין יעדן צווייטן אָדער דריטן הויז האָבן זיך אויף דער „נייע צאַל״ געפונען יידישע קראָמען, געוועלבלעך פון שפּייז און פון ביליגע זיסיקייטן. דאָס רוב פון זיי זיינען געווען איינגעשרומפּענע, מאָגערע מיט ליידיקע פּאָליצעס און האָבן געהאַט אַ נעבעכדיקן אויסזען. דער אויסזען פון זייערע בעלי־הבתים איז געווען אַ פאַרדאגהטער. זיי האָבן תמיד געהאַט די שטענדיקע זאָרג, ווו מען נעמט מזומנים איינצוקויפן אַ ביסל פרישע סחורה, אַ ביסל שפּייז, מעל און צוקער, אויף פולער צו מאַכן די אָפּגעליידיקטע פּאָליצעס פון זייערע קרעמלעך.

די „נייע צאַל״ איז אלעמאָל געווען באוועגלעך, יידישלעך. עס האָט געאָטעמט און געלעבט מיט אלע יידישע פריידן און ליידן. די שניידער־געזעלן האָבן דאָ, בעת זייער ארבעט, פארקלונגען די גאס מיט זייערע געזאַנגען דורך די אָפענע פענצטער. שוסטערשע האַמערס האָבן דאָ געלאָזט הערן זייער עכאָ — פון די פריימאָרגנס ביז שפּעט אין די נעכט אריין. סטאָליארעס, בויערס, שלאָסערס, מאַליארעס, טרעגערס, פורמאנעס און אנדערע האָבן אויף דער אָ גאס געהאַט זייערע היימען ; דאָ געבאָרן קינדער, זיי חתונה געמאַכט.

עס האָט יעדער יידישער יום־טוב אויף דער „נייע צאַל״ באַקומען איר קאָלאָסאלן און באדייטנדן אָפּקלאנג. נאָך מיט וואָכן פריער האָט מען דאָ גענומען מערקן דעם אָנקום פון יעדן יום־


„פאַטשטאָחע גאַס״, נאָכן חורבן. דאָ האָט זיך געפונען די געטא, ווו כעלעמער יידן זיינען פארשפּאַרט און געפייניקט געוואָרן.


א גרופּע כעלעמער יידישע דראָזשקאַזשעס.

טוב. די יידישע בעלי־מלאכות, די קרעמלעך, די חדרים מיט די חדר־יינגלעך מיט דער גאנצער סביבה, האָבן דאָס אָנגעזאָגט.

פון אלע יידישע יום־טובים האָט זיך צום בולטסטן אָנגעזען דער יום־טוב פסח. פיל פון די יידישע בעקערייען, וואָס האָבן דאָ זיך געפונען, זיינען ערב פסח פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מצה־בעקערייען (לאַדנס), וואָס זיינען געווען אַ באַזונדערע אַטראַקציע פאר אַ סך פון דער יידישער יוגנט אין כעלם. אָפט זיינען געקומען אייניקע פון דער כעלעמער יידישער אינטעליגענץ ארויסצוהעלפן די אָרעמע מיידלעך ביי די מצות. אויך שיבערס, רעדלערס, קנעטערס האָבן זיך אָפּגעזוכט און דערמיגלעכט יענע אָפּצואָטעמען, וואָס זיינען געשטאַנען אויף זייערע פיס ביים מצה־פּאָדריאַד״ פון 6 פרי ביז שפּעט אין אָוונט.

דאָס באקן מצות איז געווען א גרויסע אונטערנעמונג, עס האָט געפאָדערט פיל געלט. דער רוב אייגנטימער פון אזעלכע אונטערנעמונגען זיינען אָבער געווען אָרעמע יידן, וואָס האָבן א גאנצן יאָר געוואַרט אויף אָט דעם סעזאָן פון באקן מצות. אנדערע פון זיי האָבן אין די זומער־חדשים אָנגעהאלטן געדונגענע סעדער, און גאנץ אָפט צו זיי צוגעלייגט, ווען עס איז געווען א שלעכטע גערעטעניש. פאר פורים זיינען זיך יענע יידן צוזאמענגעקומען ארומצוריידן און איינצושטעלן זייערע „פּאָדריאַדן״. אָפט איז מען ארומגעלאָפן זוכן גמילות־חסדים.. אויך די עקסיסטירדנדיקע גמילת־חסד קאַסע אין שטאָט האָט אָפט יענע יידן ארויסגעהאָלפן מיט הלוואות.

אז עס איז געקומען פסח האָט מען באמערקט פון דער „נייע צאַל״ ארויסלאָזן זיך אויסגעפּוצטע יידן, ווער מיט א ניי רעקל, מיט א נייעם גאַרניטור, ווער מיט אן איבערניצטן בגד. די יוגנט פון דער „נייע״ צאַל״ איז געווען פאַרפּוצט און מיט שטאָלץ זיך ארויסגעלאָזט אויף דער לובלינער גאַס שפּאַצירן אָדער צום שטאָטישן גאָרטן. דאָרט האָט מען זיך געטראָפן מיט חברים און באַקענטע.

דער שבת אויף דער „נייע צאַל״ האָט זיך שטאַרק געלאָזט מערקן : פרייטאָג פאַרנאַכט, דאָס פאַרהאַקן די קראָמען, דאָס רופן אין שוהל אריין פון ר׳ חיים „האָפּטאַזש״ — „שבת, שבת יידן״ — האָט שוין פארזיגלט די וואָך און דער שבת איז אויסגעוואַקסן, ווי פון אונטער די פיס . . . יידישע בעלי־מלאכות, ארומגעוואַשענע, האָבן געאיילט אין שוהל אָדער אין בית־המדרש אריין, די שבתדיקע בגדים זייערע האָבן געבלאַנקט. שבת אין דער פרי, נאָכן דאַוונען, האָט מען געזען פרומע ווייבער און קינדער טראָגן די געשטעלטע טשאָלנטן פאר די שבתדיקע סעודות.

שבת בייטאָג האָבן זיך אויף דער „נייע צאַל“ ארויפגעכאפּט יידישע רעדנער פון פארשיידענע פּאַרטייען, און פון באלקאָנען האָבן זיי געהאלטן זייערע רעדעס. דאָס האָט פּאסירט ערב וואלן צום פּאַרלאַמענט, שטאָט־ראַט אָדער יידישע קהילה.

באזונדערס אימפּאָזאנט זיינען דאָ געפּראוועט געוואָרן יידישע חתונות. אין די אמאָליקע גוטע יאָרן איז דאָ די חתונה־פּראָצעדור דורכגעפירט געוואָרן מיט אלע פּיטשעווקעס און פּאַרזען מיט כלי־זמר, א בדחן — וואָס האָט דורכגעפירט דאָס באַזעצן די כלה מיט אלע פליטערלעך. שכנים זיינען פארבעטן געוואָרן, און די יעניקע וואָס מען האָט נישט פארבעטן, האָבן זיך געפילט באַליידיקט. אנדערע זיינען געקראָכן צו די פענצטערס, געשטופּט זיך צו כאַפּן א בליק אויף דער כלה, צו זען צי זי האָט כלה־חן, זען דעם חתן, וואָס פאר א פּאַרשוין ער איז און זען די מחותנים. דער בדחן האָט זיך צעיאכמערט, ר׳ מאָטעלע כלי־זמר האָט געשפּילט א טרויעריק, אן אומעטיקן ניגון, די ווייבער האָבן געכליפּעט און ביי אלעמען האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן.

און אז עס האָבן זיך פּאָגראָמשטשיקעס, כוליגאַנעס פּארוואָלט לאָזן וויל גיין איבער יידן, זיינען זיי אַוועק אויף דער „נייע צאַל“, דאָ האָבן זיי געמאַכט זייער אויסוואל פון אלע אנדערע יידישע גאסן און גענומען ברעכן יידישע שויבן און שלאָגן יידן. עס האָט אויך פּאַסירט, אז יידן פון דער „נייע צאַל“ האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן, און יידישע בעלי־עגלות האָבן אמאָל, מיט „קלאָניטצעס“ פון די וועגענער, גוט מכבד געווען די צעיושעטע כוליגאַנעס.

דאָס זיינע קורצע שטריכן פון דער יידישסטער גאַס אין כעלם — די „נייע צאַל“, וואָס האָט געשפּילט א צענטראלע ראָל אינעם יידישן לעבן, הויפּטזאַכלעך, צווישן די יידישע ארבעטער־מאַסן און האנטווערקער.

אויף דער בודאווסקי און פּאָדוואלנע האָבן זיך געפונען די יידישע גימנאַזיע, די ווידזאָלאָווסקי־שול, די קלאַראַ־מאָרגענשטערן־שול, די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, פּאַר אַ צייט האָט דאָ אַ סאָציאַליסטישע יידישע גרופּע געהאַט איר לאָקאַל.

געווען נאָך פיל־פיל גאַסן אין כעלם, וואָס זיינען געווען ריין יידישע, און עס זיינען געווען צענדלינגער אַנדערע גאַסן אין כעלם, וואָס זייערע איינוווינער זיינען געווען געמישט, יידן און קריסטן — און אויך זיינען געווען גאַסן אין כעלם, ווו יידן האָבן זעלטן דאָרטן געוווינט.

היינט שטייען די אלע גאַסן פּוסט און לער אין כעלם. דאָס פּולסירנדיקע יידישע לעבן איז אכזריותדיק פּאַרשניטן געוואָרן. טרויעריק טראָגט זיך אַ פינצטערער ווינט איבער די גאַסן פון „נייע צאַל“, קזשיווע, שקאָלנע, אישצילוצקע און פיל אנדערע, וואָס זיינען געווען ענג באַזעצט פון יידן, פון גוטע כעלעמער יידן, וואָס זיינען גוט באַקאַנט געווען דער גרויסער יידישער וועלט.

די כעלעמער יידישע בעלי־מלאכות און וויל־לערנער, די בעלי־עגלות און רבנים, די קצבים און מלמדים, די טרעגער און אינטעליגענטן, זיי אלע האָט די היטלער־חיה שרעקלעך אומגעבראַכט. זייערע קערפּערס זיינען פאַרברענט געוואָרן אין די גאַזאויוונס פון מאַידאַנעק און סאָביבאָר. איצט טראָגט זיך א פינצטערער ווינט, וואָס טראָגט דעם הייליקן שטויב פון יענע קדושים איבער די פּוסטע און ליידיקע יידישע גאַסן פון כעלם.



## נחום ווייניק

# דער „בונד" אין כעלם און זיין סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערע אַרבעט

(1939—1904)

די סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט פון „בונד" אין כעלם איז געווען אַ פאַרצווייגטע און האָט אַ גרויסע און רייכע געשיכטע. אָבער, צום באַדויערן, פעלן היסטאָרישע מקורים אויף אַ ברייטע און דעטאַליזירטע באַלויכטונג. עס האָבן זיך ניט אָפּגערופן ווי געהעריק די לאַנדסלייט־בונדיסטן אויף די ווענדונגען פון כעלעמער לאַנדסמאַנשאַפט אין יאָהאַנעסבורג צו שיקן מאַטעריאַלן וועגן דער ארבעטער־באַוועגונג אין כעלם. דער בונדישער אַרכיוו אין ניו־יאָרק האָט סך־הכל איבערגעשיקט אַ ביסל קאָרעספאָנדענץ פון די יאָרן 1905—1906, פון 1916, פון 1923—1939. דעריבער האָב איך, אין מיין ארבעט, זיך, מיינסטן, געשטיצט אויף פאַרעפנטלעכטע אַרטיקלען פון פייוול פריד — איינער פון די ערשטע סאָציאַליסטישע פיאָנערן אויף דער יידישער גאַס אין כעלם זינט דעם אָנהייב פון איצטיקן י"ה, — אויף די בריוו פון די כעלעמער לאַנדסלייט אין פאַריז — יוסף מילנער, פייגע ריינפאַראָביק, פייגע שפערלינג — און אויף אייגענע זכרונות.



נחום חיניק

געוויס וועט מיין דאָזיקע ארבעט ניט זיין אויסשעפנדיק און איבער די לעצטע פעריאָדן ביזן קריג־אויסברוך איז געגעבן געוואָרן בלויז אַן איבערבליק, און עס וועלן, אפשר, זיין געוויסע אומפינקטלעכקייטן, אָבער ס'וועט דאָך זיין כאָטש אַ טיילווייזע אָפשפיגלונג פון „בונד", וואָס איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערע מאַסן־פאַרטיי אויף דער יידישער גאַס אין כעלם, רופנדיק יידישע און ניט־יידישע אַרבעטער זיך אָרגאַניזירן אין פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און צו קעמפן פאר פרייהייט און סאָציאַליזם.

* * *

פייוול פריד, אין 1934, אין דער אויסגאַבע פון כעלעמער בראַנטש פונעם נאַציאָנאַלן ארבעטער־פארבאַנד — „דער כעלעמער" — דערשינען אין ניו־יאָרק, האָט פאַרעפנטלעכט אַן אָפהאַנדלונג א.ד.ט. „פאָליטישע פאַרטייען אויף דער כעלעמער יידישער גאַס", וואָס באַציט זיך צו די פריסטע יאָרן פון נאַציאָנאַלער אויפקלערונג און סאָציאַליסטישער טעטיקייט אין כעלם. ער האָט צווישן אַנדערע דאָס פאָלגענדע געשריבן:

„ביזן יאָר 1904 האָט אויף דער אידישער גאַס אין כעלם ניט עקסיסטירט קיין שום פאָליטיש־געזעלשאפטלעכע באוועגונג אין אייגנטלעכן זין פון וואָרט. ערשט אין אָנקום פון 1904 האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין כעלם, אונטער דער השפעה פון דעם ניט־לאַנג פארשטאָרבענעם רעדאַקטער פון ווארשעווער „היינט", א. גאָלדבערג, וועלכער איז געווען דאמאָלסט א העברע־



אישער לערער אין כעלם — צוזאַמען מיט אליהו דובקאָווסקי, גענומען פירן אויפקלערונגס־ארבעט צווישן די אידישע מאַסן און איינצייטיק כסדר געקעמפט קעגן די אָרטאָדאָקסן.

די־דאָזיקע ארבעט איז אָבער שנעל אראָפגעשווענקט געוואָרן פון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, וואָס האָט שוין דעמאָלט געשטורמט אין גאַנץ רוסלאַנד און האָט אויך פארגאָסן דאָס פארשלאָפענע כעלם.

פרץ שיפער, א געוועזענער כעלעמער עלוי, האָט אין יענער צייט אָרגאַניזירט אין כעלם רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך צווישן די אידישער און ניט־אידישער ארבעטערשאַפט, וואָס האָט אָבער ניט געהאַט קיין באשטימטע פאַרטיי־ריכטונג. אין סוף 1904, ווען דער שרייבער פון די שורות (פייוול פריד) האָט זיך אומגעקערט פון לאָנדאָן קיין כעלם, צוזאַמען מיט ניסקע מאַנדלבוים, צימערמאַן, כינקע יאַנטשע פויאס און יוסף מילנער — געגרינדעט א ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן קרייזל, ס"ס, וואָס איז אין משך פון א קורצער צייט אויסגעוואַקסן צו א מאַסן־באַוועגונג. אָט די ס"ס־פאַרטיי איז עס געווען די ערשטע וואָס האָט אין כעלם אָרגאַניזירט עקאָנאָמישע שטרייקן, אָנגעפירט מיט דער פאָליטישער ארבעט אויף דער יידישער גאַס און פון צייט צו צייט אָרגאַניזירט עפנטלעכע דעמאָנסטראַציעס אויפן שטח פון דער בירזשע ביים אָפיצערן־קלוב.

אָבער ווי נאָר עס זיינען אראָפגעקומען קיין כעלם „פראָפעסיאָנאַלן" פון „בונד", איז די „ס.ס."־ישע באַוועגונג אָפגערוקט געוואָרן כמעט אין שאָטן, און דער „בונד" האָט באַקומען די העגעמאָניע איבער דער אידישער ארבעטער־גאַס.

אין אָנהייב פון 1905 האָט דער „בונד" אָרגאַניזירט מאַסאָווקעס אין די ארומיקע וועלדער, פירט אָן מיט אַלע עקאָנאָמישע און פאָליטישע שטרייקן, קניפט א קאָנטאַקט מיט די נישט־אידישע רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען, און איז געוואָרן דער דאָמינירנדיקער פאָליטישער כוח אויף דער אידישער גאַס.

אויף ווי ווייט ס'איז דעמאָלט געווען שטאַרק דער „בונד" קאָן דינען דער פאַקט, וואָס די פאָליציי האָט פשוט מורא געהאַט אריינצושטעלן א פוס אין דער „טשיינע" פון חיים יקותיאל טוכמאַן, ווו ס'איז געווען דער זאַמלפונקט פון די בונדיסטן.

דעם 12־טן אָקטאָבער ביינאַכט ווערט אין כעלם בליצשנעל דערטראָגן די ידיעה, אז דער צאַר האָט אונטערגעשריבן די קאָנסטיטוציע. דער „בונד" אָרגאַניזירט אַ מאַסן־מיטינג און עס האַלט אַ רעדע ראובלע שאָכערס זון — מאיר צעלניק[1], וואָס איז געווען אַ בעקער־אַרבעטער. דער היסטאָרישער 17־טער אָקטאָבער פון 1905 רוקט זיך אָן. אין גאַנצן לאַנד איז שוין זינט עטלעכע טעג דערקלערט אַן אַלגעמיינער שטרייק, אויך כעלם שטייט ניט אָפ.

אויפן צווייטן טאָג ווערט דורך אַלע פאַרטייען אָרגאַניזירט א געמיינזאַמע דעמאָנסטראַציע פון אידישע און ניט־אידישע אַר־

[1] מאיר צעלניק איז שפעטער געוואָרן פאַרשיקט קיין סיביר. ער אנטלויפט פון דאָרט און באַזעצט זיך אין ניו־יאָרק, ווו ער נעמט אַן אַקטיוון אנטייל אין דער בעקער־יוניאָן.

בעטער אין א צאָל פון עטלעכע טויזנט מאַן. דער פאָן־טרעגער איז אַ בעל־תשובה פון די „כעלמער שטאַרקע", א געוויסער אַביש „גאָרב". פּלוצלינג ווערט א טומל, די מאַסע טוט זיך א וויג און אַביש „גאָרב" ווארפט אוועק די פאָן און איז דער ערשטער צו מאַכן פּליטה. אין א ווילדן געלאַף צעשפּרייט זיך די מאַסע אין פארשיידענע זייטן. דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, וואָס איז געווען אין די פאָדערשטע רייען, הויבט אויף די פאָן און צוזאַמען מיט עטלעכע צענדלינג באוווסטזיניקע, אומדערשראָקענע חברים זעצט ער פאָר די דעמאָנסטראַציע.

ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן איז דער טומל געקומען פון דעם, וואָס עטלעכע זשאַנדארמען, דערזעענדיק פון ווייטנס די ריזיקע דעמאָנסטראַציע, האָבן זיי זיך דערשראָקן און גענומען לויפן, דער גרויסער טייל פון די דעמאָנסטראַנטן האָבן געמיינט, אז דאָס יאָגט מען זיי נאָך און דערפאַר צעטומלט געוואָרן.

עס זיינען אוועק עטלעכע טעג, מ'האָט זיך נאָך נישט רעכט אָנגעפרייט מיט דער צאַרישער קאָנסטיטוציע, און שוין זיינען אָנגעקומען שווארצע בשורות וועגן שחיטות אויף רעוואָלוציאָנערן און אידן. אויך כעלם האָט זיך געריכט אויף א פּאָגראָם און די ארבעטער־פּאַרטייען האָבן שנעל געשאַפן א גוט־באוואָפנטן זעלבסטשוץ. צום גליק איז כעלם בלויז אָפּגעקומען מיט שרעק און מיט א נעבעכדיקער קאָנטער־דעמאָנסטראַציע פון די היגע שווארץ־מאהניקעס.

סוף חודש אָקטאָבער איז דערקלערט געוואָרן קריגס־צושטאַנד און אויף די אַרבעטער־פּאַרטייען האָט זיך גענומען שיטן א האָגל פון דעפּרעסיעס. די „פּ.פּ.ס." האָבן געענטפערט מיט אינדיווידועלע טעראָר־אַקטן. דער „בונד" ווי די „ס־ס" האָבן שוין נישט געקאָנט פירן קיין לעגאַלע ארבעט און געמוזט אָנהייבן פירן אַן אונטער־ערדישע טעטיקייט. די פרעמדע פּראָפעסיאָנאַלן זיינען אוועק פון שטאָט און דער מחבר פון דעם ארטיקל און אנדערע אָנפירנדיקע חברים זיינען געזוכט געוואָרן פון דער פּאָליציי. דאָס אלץ האָט זיך שלעכט אָפּגערופן אויף דער ארבעט. ס'איז דעריבער באשלאָסן געוואָרן ביים „בונד" פאר יעדן פּרייז ארויפצוברענגען א פּראָפעסיאָנעלן פּאָליטישן טוער. איך האָב זיך געמוזט אליין מטריח זיין קיין לובלין צום ח' סאמועל (ח' כאַנין) און פארלאנגט ביי אים א „פּאָרשטייער", וועלכער זאָל אָנפירן מיט דער ארבעט פון „בונד" אין כעלם.

אין לובלין איז אָבער דער „בונד" שוין דעמאָלט געווען ניט לעגאַל. די ח"ח דאַוויד, סאַמועל און סאַראַ ח־טע שוועבער) זיינען שוין געווען פאַרשפּאַרט אין לובלינער שלאָס, נאָך גרויסע זוכענישן האָב איך זיך דערשלאָגן צו ח' פישל געלענטער, מיט וועמען איך האָב זיך דערנאָך אריינגעשמוגלט קיין כעלם.

ס'איז אָבער דעם חבר געלענטער באשערט געווען בלויז איבערצונעכטיקן אין כעלם איין נאַכט. באַלד אויפן אנדערן טאָג, ווען כ'האָב זיך מיט אים צוזאמען אריינגעגנבעט צו מיר אין שטוב, האָט פּאָליציי אונדז מאָמענטאַל ארעסטירט.

פון טורמע איז מיר געלונגען ארויסבאפעלן,מען זאָל אויסאיבן א דרוק אויף מיין רייכן פעטער, פישל לעווענשטיין, אז ער זאָל קומען אין פּאָליציי און באפרייען דעם ח' געלענטער אונטערן אויסרייד, אז דער לעצטער איז זיינס אן אגענט פון אייזן־סחורות, וועלכער האָט זיך מיט מיר צופעליק באקענט ביי אים אין געשעפט.

דער איינפאַל איז געווען א געלונגענער. מען האָט דעם חבר געלענטער גלייך באפרייט. מיך האָט מען אוועקגעפירט אין דער לובלינער תפיסה, ווו כ'בין אָפּגעזעסן א פּאָר יאָר און דערנאָך מיר ארויסגעשיקט פון פּוילן. מיט א צייט שפּעטער האָט מען זיך דערוווסט ווער ס'איז געווען דער פּראָוואָקאַטאָר".

דאָס זיינען אויסצוגן פון פּ. פרידס אַרטיקל, וואָס גיט אונדז אינפאָרמאַציעס וועגן דער בראשית־טעטיקייט פון „בונד".

* * *

אין זיינע זכרונות שרייבט פייוול פריד, ווי ער האָט פון טורמע געגעבן צו וויסן, אז א שכן, וואָס האָט געוווינט אין פישל בערעלעס הויף, איז געווען דער פּראָוואָקאַטאָר וואָס האָט אים פארשאָטן און פארשיט אלעמען, און ווי זיין ברודער, שמואל, וואָס איז אויך געווען אין דער באוועגונג, נעמט אויף זיך די אויפגאַבע אָפּצוראמען דעם פּראָוואָקאַטאָר. אין א שטיקל צייט ארום ווערט דער דאָזיקער פּראָוואָקאַטאָר דערשאָסן און זיין קערפּער איז אריינגעוואָרפן געוואָרן אין טייך בוג, נעבן וולאָדאַווע, 30 ק"מ פון כעלם. די פּאָליציי פאַלט אויף די שפּורן פון שמואל פריד, ער ווערט ארעסטירט אין וואַרשע און געשטעלט פאר א מיליטער־געריכט, ווערנדיק פארמשפּט צו טויט־שטראָף, נאָר צוליב מינדעריעריקייט ווערט אים די טויט־שטראָף פארביטן אויף לעבנלענגלעכע תפיסה. זיין פארטיידיקער איז געווען דער בארימטער אדוואָקאַט לאנדאָ[2].

וועגן דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט פון „בונד" אין כעלם געפינען מיר אייניקע נאָטיצן אין דער „פאָלקס־צייטונג" פון 24־טן אָקטאָבער און 6־טן נאָוועמבער 1906, וואָס איז דערשינען אין ווילנע.

אין דער רובריק פון פאַרטיי־לעבן איז פארעפנטלעכט די פאָלגענדיקע קאָרעספּאָנדענץ פון כעלם:

„די לעצטע צייט האָט אונדזער פאַרטיי־ארבעט אין כעלם (לובלינער גוב.) אָנגעהויבן גיין נאָרמאלער. עס ווערט דורכגעפירט רעגלמעסיק קרייזלעך, סכאָדקעס, אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרזאמלונגען א.א.וו. אין קולטורעלן הינזיכט שטייען די היגע ארבעטער גאָר נידעריק, עס פעלן אויס אינטעליגענטע קרעפטן, פון אונדזער לובלינער ראַיאָן־קאָמיטעט האָבן מיר ניט קיין שטיצע, גלייך, ווי ער וואָלט ניט עקסיסטירט"

— אונטערגעשריבן: ש ל ו ם[3].

אין אַ נומער „פאָלקס־צייטונג", אין דער רובריק פון פּראָפעסיאָנעלן לעבן, לייענען מיר נאָך א קאָרעספּאָנדענץ:

„א דאַנק די אָרגאַניזאַציע פון „בונד" וואָס עקסיסטירט שוין א לענגערע צייט אין כעלם, האָט זיך די לאַגע פון די היגע ארבעטער אויפן עקאָנאָמישן געביט א סך פארבעסערט, אנשטאָט דעם, וואָס די יידישע ארבעטער האָבן פריער געאַרבעט פון 16 ביז 18 שעה א טאָג, ארבעטן זיי היינט נאָר 14 שעה א טאָג. כמעט ביי אלע פאַכן האָבן זיי גרעסערע שכירות און בעסערע באהאנדלונגען.

„נאָר צוליב די לעצטע רעפּרעסיעס און ארעסטן, וואָס עס איז דאָ די לעצטע צייט פאָרגעקומען, האָבן די מייסטערס דערקלערט די אַרבעטער אַ לאָקאַוט מיט פאָלגענדע פאָדערונגען: 1) אַ 15 שעהדיקן ארבעטס־טאָג; 2) פארקלענערן די שכירות; 3) ארבעטן שבת־צו־נאַכטס; 4) שטיק ארבעט און 5) אָפּזאָגן איינצלנע ארבעטער, וועלכע זיינען באוווסט פאַר קראמאָלניקעס א.א.וו.

„די מייסטערס האָבן געסטראשעט, אז זיי וועלן מיט דער הילף פון דער פּאָליציי אַרעסטירן די באוווסטזיניקע אַרבעטער, אויך דאָס אלעס האָט ניט אָפּגעשראָקן די ארבעטער. די מייסטערס האָבן זיך געוואָנדן דורך זייערע דעלעגאַטן צו דער אָרגאַניזאַציע,

[2] די רעוואָלוציע פון 1917 האָט באַפרייט שמואל סרידן פון סיבירער קאַטאָרגע און ער קריגט די גרעסטע אויסצייכענונגען פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג אין רוסלאַנד. אָבער צוליב אומפאַרשטענדלעכע טעמים פרווט ער באַגיין זעלבסטמאָרד, אָבער ער ווערט אָפּגעראטעוועט בלייבנדיק אַ קאַליקע אָן פיס. די היטלער־בעסטיעס האָבן אים דערמאָרדעט אין כעלם.

[3] איך גלייב, אז דאָס איז געווען שלום זילבערמאַן, אַ מאַליער־ארבעטער, כייטשע דער בעקערינס זון, וואָס איז אַנטלאָפן קיין אַמעריקע צוליב פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען.

אַז זיי זאָלן א סוף מאַכן צום לאַנגן שטרייק, די אַרבעטער האָבן אָבער זייערס אויסגעפירט.

— אונטערגעשריבן: ש ל ו ם.

פייוול פריד, אין א בריוו שרייבט, לויט ווי עס פאָלגט:

„אין יאָר 1904 איז דורך מיר און שמואלקע ווינער (איצט אין אמעריקע) אָרגאַניזירט געוואָרן די ערשטע אומלעגאַלע פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען ביי צאַלע בערעלעס אויפן הויף, עס איז דאַן געשאַפן געוואָרן אַן אומלעגאַלע ביבליאָטעק. אויף דער אומלעגאַלער פארזאמלונג האָט גערעדט פּרץ, אפרים שיעס, דער זעלביקער איז אויפגעטראָטן אויף פארשיידענע פארזאמלונגען פון יידישע און אפילו ניט־יידישע ארבעטער.

ווען כ׳בין צוריקגעקומען פון לאָנדאָן, אין יאָר 1905, בין איך ארעסטירט געוואָרן צוזאמען מיט יוסף מילנער (איצט אין פּאַריז), אין א ווינונג פון אן קושערקע, וועלכע איז אויך געוועזן א צאָנדענטיסטין. דאָרט, אין יענער דירה, איז געפירט געוואָרן רעוואָלוציאָנערע ארבעט. די אקושערקע האָט אָנגעפירט מיט פּאָליטישע קרייזלעך פון די „ס.ס.“ און עס פלעגן אויך קומען צו איר אין ווינונג רוסישע רעוואָלוציאָנערן. איינער א געוויסער ביעלאַקאָוו האָט אָנגעפירט מיט דער פּאָליטישער ארבעט צווישן די רוסישע קרייזן.

אין יענער צייט האָט זיך באוויזן אויפן האָריזאָנט דער בעקער־יונג, מאיר צעלניק, א בונדיסט, און ביז גאָר אן אריגינעלער טיפּ, ער האָט אָרגאַניזירט אלע דינסט־מיידלעך פון שטאָט. ער ווערט אויך דער אויסגלייכער צווישן די באַלעבאָסטעס און די דינסט־מיידלעך. ער, מאיר צעלניק, נעמט אַן אַקטיוון אנטייל אין די פּאָליטישע קרייזלעך פון שטאַט.

די יידישע אַרבעטער־בירזשע איז צו יענער צייט געווען אין דער טשיינע פון שבע און חיים־יקותיאל, ביי די טרעפּ פון דער נייער צאַל. יאנקעלע דאַנציקער איז געווען דער פירער פון דער „ס.־ס.“־גרופּע. ער טרעט ארויס אויף פארשיידענע פארזאמלונגען און העלפט אָרגאַניזירן ארבעטער־דעמאָנסטראַציעס פון יידן און ניט־יידן. אין יענע יאָרן פון 1904—1906 איז געווען זייער טעטיק אין דער בונדישער באוועגונג אין כעלם די שניידערין, כינקע יאַנטשע פויאס, אָדער ווי מ׳האָט איר פאָטער גערופן יאַנטשע פון סאָדע־וואַסער. מען דערציילט, אַז זי איז געווען איינע פון די טיכטיקסטע טוערינס צווישן די כעלעמער בונדיסטן. אין 1906 איז זי פאַרשיקט געוואָרן און זי איז שוין קיינמאָל ניט צוריקגעקומען“.

* * *

איך, דער שרייבער פון דער דאָזיקער ארבעט, געדענק וועגן אַן אומלעגאלער פאַרזאַמלונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אַ פרייטאָג־צו־נאַכט אין קוזמירער שטיבל נר. „פּערווי“ (עס האָבן עקסיסטירט צוויי שטיבלעך, איינע האָט מען גערופן פּערווי און דאָס צווייטע שטיבל האָט מען גערופן ווטאָראָי. איך בין געווען אַלט 9 יאָר און כ׳געדענק ווי אַן אָרגאַניזירטע ארבעטער־חברה איז אָנגעקומען אין קוזמירער שטיבל פּערווי, כלומרשט דאוונען. דאָס שטיבל איז געווען פול מיט מתפללים, און ווען דער חזן האָט זיך געשטעלט ביים עמוד דאַוונען האָבן די ארבעטער דערקלערט, אַז ס׳הייבט זיך אָן אַ מיטינג, און מ׳האָט קיינעם נישט ארויסגעלאָזט. ס׳האָבן דאַן גערעדט פייוול פריד, מאיר צעלניק א.א. גלייך נאָך דעם מיטינג זיינען פאָרגעקומען אַרעסטן.

בעת כ׳בין געווען אין פאַריז, אין יאָר 1952, האָב איך זיך געטראָפן מיט יוסף מילנער, וואָס האָט מיר אינפאָרמירט, אַז לויט זיינע זכרונות פון די יאָרן 1904—1906, איז אויף א צוזאמענטרעף אין הויז פון צאַלע בערעלע (פייוול פרידס פאָטער), וואָס איז פאָרגעקומען אין 1904 און איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דעם קרייז „פרייהייט“ אין כעלם, איז אויך אויפגעטראָטן נחום בראפמאן א.נ. פון „בונד“. ער האָט גערעדט זייער גוט און די טעמע איז געווען וועגן דער פּאָליטישער לאַגע אין רוסלאַנד—פוילן. ער איז געוואָרן זייער פּאָפּולער און ס׳איז ניט געווען קיין איין בונדישע פאַרזאַמלונג אָדער ליאַמע, ווו נחום בראפמאן איז ניט בייגעווען און זיך ניט באַטייליקט. זיין מוטער האָט געוווינט אקעגן די קאַזאַרמעס, ווו זי האָט אלע יאָרן געטראָגן מילך צו פארקויפן. דער זעלביקער נחום בראפמאן האָט זיך באוויזן אין כעלם אין די יאָרן 1919—1920, בייגעווען ביי אלע בונדישע צוזאמענטרעפן, אָבער ער האָט שוין ניט גענומען קיין אקטיוון אנטייל אין דער בונדישער באַוועגונג, ווי אויך ניט אין קיין אַנדער באַוועגונג.

צוליב די אַרעסטן און פאַרשיידענע רעפּרעסיעס איז נאָך די רעוואָלוציע־יאָרן פון 1904—1906 געוואָרן אַ שטילשטאַנד צווישן די ארבעטער אין כעלם, גלייך ווי אין א סך אנדערע שטעט. צוליב די מוסרים, וועלכע האָבן זיך באוויזן אויף דער יידישער גאַס אין כעלם, איז אין 1906—1907 געוואָרן ארעסטירט די מערהייט פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע.

ערשט, אין 1911, באַווייזט זיך אויף דער אַרבעטער בירזשע, וואָס איז געווען דאַן אויף לובלינער גאַס, נעבן פוילישן קלויסטער שיע (נאָז) טענענבוים, אַ מאַליאַר, וואָס איז געווען אַן איבערצייגטער בונדיסט. ער נעמט אָרגאַניזירן די יידישע מאַליאַרעס און די קרובישע פאַכן. דערנאָך, מיטן אויסברוך פון דער מלחמה, ווערט ער גענומען אין מיליטער און מער האָט מען ניט געהערט פון אים.

* * *

עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. די דייטשן האָבן אָקופּירט כעלם, וואָס האָבן געהאַלטן די באַפעלקערונג אין מורא און פחד, ניט געבנדיק קיין שום פרייהייט פון וואָרט. די לאַגע איז געוואָרן א ביסל לייכטער, ווען די עסטרייכער האָבן איבערגענומען די אָקופּאַציע פון כעלם. די יוגנט האָט זיך שוין דערלויבט צו פאַרזאַמלען אין פאַרשיידענע פּריוואַטע הייזער און מ׳איז געגאַנגען שפּאַצירן ביז שפּעט אין דער נאַכט. די לובלינער גאַס איז שוין געווען פול מיט שפּאַצירנדיקע יונגע פּאָרלעך, וואָס האָבן הין־און־הער געשפּאצירט פון סאַבאָר ביזן זאַקסישן גאָרטן און ווייטער. דעמאָלט איז שוין געווען די געלעגנהייט זיך טרעפן און איבערגעבן איינער דעם צווייטן וועגן אַ צוזאַמענטרעף אָדער מכוח אַן אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג. מחמת פאָרזיכטיקייט, האָט כמעט קיינער ניט געוווסט — ביז א שעה פאַר דער פארזאמלונג — ווו די פאַרזאַמלונג וועט פאָרקומען, וואָס וועט זיין דער סדר־היום, ווער זיינען די רעדנער, א.ד.גל.

א טאָג פאַר פורים, 1916, איז באַקאַנט געוואָרן, אַז עס גרייט זיך א ספּעציעלער פורים־אָוונט. אינעם טאָג פון פורים האָט איינער דעם צווייטן אָנגעזאָגט וועגן א צוזאמענקום. די אָנזאָגער, פאַראַנטוואָרטלעכע פּאַרטיי־טוער, זיינען דאַן געוועזן די אָ חברים: משה שימעל[4] (אָנגעטאָן אין זיין שוואַרצער פּעלערינע, וואָס איז אים נאָך געבליבן פון די יאָרן 1905—1906 און זעלטן ווען האָט ער שפּאַצירט אָן זיין שוואַרצער פּעלערינע און אָן ברילן); יעקב שטעקן; שמואל מרדכי זיגלבוים; מיכאל לינדענבוים; שרה לינדענבוים; נאָטע טארן; קאַפּלאַן (דער איינציקער ליטוואַק,

[4] פון באַרוף איז ער געווען אַן איינבינדער, אָבער מען האָט אים קיינמאָל ניט געזען ביי זיין דאָזיקער אַרבעט. שטענדיק האָט ער געהאַט צייט, ליב געהאַט זיך חברן מיט יינגערע פון אים, און געווען פריינדלעך צו אלעמען.

וואָס איז געווען אַ שטאַרק־אָריגינעלער טיפּ; מאָטל שעכטערזאָן (היינט אין אויסטראַליע).

דער ערשטער פּורים־אָוונט, וואָס איז דאַן פאָרגעקומען אין דער שותּפישער דירה פון משה שימעל און מיכאל און שרה לינדענבוים, האָט איבערגעלאָזן א גרויסן רושם צווישן דער כעלעמער יידישער אַרבעטערשאַפט. אַ נייער פונק פון לעבן איז אריינגעגאָסן געוואָרן אין די הערצער פון די אַלע, וועלכע זיינען זיך צונויפגעקומען. עס זיינען געהאַלטן געוואָרן רעפעראַטן און מ׳האָט געזונגען און רעציטירט אַרבעטער־לידער. שרה שאַליט האָט זייער שיין רעציטירט י. ל. פּרצעס „מיין ניט די וועלט איז אַ קרעטשמע“.



משה שימעל

אויף וויפיל איך געדענק, זיינען פון די עלטערע בונדיסטן געווען אויף דעם פּורים־אָוונט די פאָלגענדע חברים: משה שימעל, שרה און מיכאל לינדענבוים, קאַפּלאַן, שרה שאַליט, ראובן שעכטערזאָן, אהרן דוד היפשמאַן, דוד און מאיר בוים, הענעך פליישער, פרוי פליישער (איצט אין ישראל), מאָטל שעכטערזאָן, נאָטע טאָרן און אנדערע חברים, וועלכע האָבן שוין געהאַט אַ געוויסן סטאַזש פון טעטיקייט אין פּאָליטישע אָרגאַניזאציעס. צווישן די יינגערע חברים, וועלכע האָבן נאָך ניט געהאַט באַוויזן אנטייל צו נעמען אין קיין שום באַוועגונג אָדער אָרגאַניזאציע, זיינען געווען: שמואל (אַרטור) זיגלבוים, יעקל דרעקסלער, ישראל דרעקסלער, וואָוקע גאָטליב, אברהם יעקב שנאבל (איצט אין ישראל), שבע שנאָבל (געשטאָרבן אין ישראל), יעקב פּאַלמאַן (איצט אין אפריקע), יוכבד פּאַלמאַן (געשטאָרבן אין ישראל אין 1947), גאָלדע און קיילע שפּערלינג, פייגע ריין (איצט אין פראַנקרייך), שמואל פּאַראָביק (אומגעקומען אין פּאַריז), איציל רייף, מיין וויניקייט און ריקעל רייכבינד (אין דרום אפריקע).

אויף דעם זעלבן אָוונט איז אויסגעקליבן געוואָרן די ערשטע פאַרוואַלטונג, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען צו שאַפן אַן ארבעטער־היים. אין קאָמיטעט זיינען אריין: משה שימעל, מ. לינדענבוים, קאַפּלאַן, י. שטעקן, ש. זיגלבוים, אהרן דוד היפשמאַן און יודל גראַבער.

עס איז אויסגעקליבן געוואָרן א יוגנט־קאָמיסיע, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט דער ארבעט צווישן דער יוגנט. אין דער קאָמיסיע זיינען אריין: ש. פּאַראביק, א. י. שנאָבעל, פייגע ריין און ב. וויניק. עס איז ניט לייכט געווען צו קריגן אַ פּאַסיקן לאָקאַל, ווו מען זאָל זיך קאָנען צוזאַמענטרעפן. דעם ערשטן צימער וואָס מען האָט געדונגען איז געווען ביים גראָבן קאָפּ אויפן טאָרג. נאָך לאַנגע זוכענישן האָט מען, ענדלעך, געדונגען אַ הויז אויף דער אַבלאַנסקי גאַס (אַקעגן דער באָד). אין אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט מען געפּראַוועט די שמחה פון ערשטן צוזאַמענקום אין הויז, וואָס מען האָט אַ נאָמען געגעבן „אַרבעטער־היים“. עס האָט לאַנג ניט געדויערט, ווי ארום דער „אַרבעטער־היים“ האָבן זיך אָנגעהויבן צו קאָנצענטרירן כמעט אלע יידישע אַרבעטער, וועלכע זיינען געווען אין כעלם. אַן אַקטיווע קולטור־אַרבעט האָט זיך געפירט.

די וויכטיקסטע אויפגאַבן פארן קאָמיטעט זיינען דאַן געווען: א) צו שאַפן אַ ביבליאָטעק ביי דער „אַרבעטער־היים“, ב) איינאָרדענען צוזאמענקומס אין די אָוונטן בכלל און ספּעציעל אין די שבתים און יום־טובים מיט אַ קינסטלערישער פּראָגראַם, און ג) אויפקלערן דעם עולם די פּאָליטישע סיטואַציע פון דער וועלט.

אין זייער א קורצער צייט איז צונויפגעזאמלט געוואָרן א פּאָר הונדערט ביכער פאַר דער ביבליאָטעק און מיט גרויסער פלייסיקייט האָבן די יידישע ארבעטער גענומען לייענען. גאַנץ לעבעדיק זיינען געווען די שבת נאָכמיטאָגס, ווו עס זיינען זיך צונויפגעקומען כמעט אלע יידישע ארבעטער אויסצוהערן פארשיידענע לעקציעס וועגן געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע פראגן.

עס איז שוין דאַן אנטשטאַנען די פראגע: צו וועלכער פּאַרטיי־ריכטונג די „ארבעטער־היים“ זאָל געהערן, אויף דעם באָדן האָבן זיך אָנגעהויבן די פּאַרטיי־רייבונגען און מיינונג־פאַרשיידנהייטן. די דיסקוסיעס זיינען געווען העפטיקע און מען האָט זיך געאַמפּערט ביז שפּעט אין די נעכט.

ס׳איז געשאַפן געוואָרן א דראַמאַטישער קרייז, ווו די אנטיילנעמען זיינען געווען: מ. שעכטערזאָן, ראובן שעכטערזאָן, מאיר בוים, שרה שאַליט, שבע בינשטאָק, פייוול דרעקסלער א.א.

די ערשטע פאָרשטעלונג איז פאָרגעקומען אין טעאטער־זאַל „סירענאַ“ אויפן טארג. אויפגעפירט האָט מען דאַן „זשאַן און מאדלענא“, וואָס האָט געמאכט זייער א גרויסן רושם אין שטאָט אויף אַלעמען, וועלכע האָבן געזען די פאָרשטעלונג. ספּעציעל האָט געווירקט די מאסן־סצענע, ווי מען איז ארויף אויף דער בינע מיט רויטע פענער און מען האָט געזונגען רעוואָלוציאָנערע און ארבעטער־לידער. די פאָרשטעלונג האָט צוגעגעבן מוט א סך ארבעטער, ספּעציעל די יוגנטלעכע, זיי זאָלן אריינטרעטן אין די נאָר־וואָס געשאַפענע פּאָליטישע פּאַרטייען. די צווייטע פאָרשטעלונג אינעם זעלבן קינאָ־זאַל איז געווען די „ביידע קונע לעמלס“, די הויפּט־ראָלן האָבן געשפּילט מאָטל און ראובן שעכטערזאָן.

אינעם הויף פון קינאָ־זאַל „סירענא“ איז געווען א טאַרטאַק, דאָרטן האָבן צו יענער צייט געאַרבעט א גרופּע רוסישע געפאַנגענע סאָלדאטן. צווישן דער גרופּע זיינען געווען איניקע יידישע ארבעטער — געוועזענע בונדיסטן פון ליטע און רוסלאַנד. זיי האָבן געזען די פאָרשטעלונג און האָבן געשאַפן אַ פאַרבינדונג מיט די מיטגלידער פון בונדישן קאָמיטעט. עס האָט זיך דאַן שוין געשאפן א בונדיש קרייזל צווישן די געפאַנגענע זעלנער, זיי האָבן פון צייט צו צייט אויך באזוכט און אנטייל גענומען אין די אַלגעמיינע דעבאַטן. א דאנק דעם קרייזל און אויך צוליב דער שטעלונג פון איניקע מיטגלידער פון קאָמיטעט, האָט זיך די מערהייט פון קאָמיטעט פון דער „אַרבעטער־היים“ געשטעלט אויפן בונדישן שטאַנדפּונקט. נאָך צענדלינגער קאָמיטעט־זיצונגען און פאַרזאַמלונגען, נאָך לאַנגע און הייסע דיסקוסיעס איז דער שטעמפּל פון „בונד“ ארויפגעלייגט געוואָרן אויף דער „אַרבעטער־היים“.

אָפט פלעגן פאָרקומען פארזאמלונגען. אויף איין פארזאמלונג איז באהאנדלט געוואָרן די ברויט־פראגע, וואָס איז געווען זייער אקטועל אין יענער הונגער־צייט. אויף די פארזאמלונגען פלעגן קומען א סך מענטשן, אז דער לאָקאל איז פּשוט קליין געוואָרן. דיסקוסיעס פלעגן אויך פאָרקומען אין דרויסן. אויף א שטורמישער פארזאמלונג, אין א שבת נאָכמיטאָג, האָט זיך באוויזן עסטרייכישע פּאָליציי אין דער „ארבעטער־היים“, וועלכע האָט גלייך געהייסן אלע מיטגלידער זיך פונאנדערגיין, און די מיטגלידער פון פּרעזידיום זיינען ארעסטירט געוואָרן. עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, אַז די פּאָליציי איז געקומען אויף דער ביטע און פאָדערונג פון די מענטשן — שכנים פון די נאָענטסטע הייזער, וועלכע האָבן ניט געקאָנט שלאָפן צוליב די גוואלדן, געשרייען און טומלענישן, וואָס זיינען פאָרגעקומען יעדן אָוונט אויף די פארזאמלונגען אין לאָקאַל.

נאָך די שטורמישע פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע די „ארבעטער־היים“ האָט אָנגענומען די בונדישע אידעאָלאָגיע, זיינען געוויסע מיטגלידער פון „ארבעטער־היים“, ווי אויך די גרופע פועלי־ציון ארויסגעטראָטן פון „אַרבעטער־היים“. בראש פון דער ארויסגעטראָטענער גרופע איז געשטאַנען אהרן דוד היפשמאַן.

נאָך דעם ווי די חברים פון פרעזידיום זיינען באַפרייט געוואָרן מיטן באַדינג ניט צו גרופירן זיך אויף דער גאַס און טומלען, איז באַשלאָסן געוואָרן צו אויפזוכן א נייעם, א גרעסערן לאָקאַל. אין 1917 איז געלונגען דעם קאָמיטעט פון דער „ארבעטער־היים“ צו אינטערוועני רן ביים קאָמענדאַנט פון שטאָט, אַן עסטרייכער, א סימפאַטישער און דעמאָקראַטישער מענטש, וועגן א גרעסערן לאָקאַל פאַר דער „ארבעטער־היים“, און צום שטוינען פון א סך מענטשן אין שטאָט, האָט דער קאָמענדאַנט אָפגעגעבן פאַר דער „אַרבעטער־היים“ אַ 3 שטאָקיק הויז אויף לובלינער גאַס, נר. 13, אין צענטער־שטאָט, ניט ווייט פון סאָבאָר. אין דעצעמבער, 1917, איז אין לובלין פאָרגעקומען א בונדישער צוזאַמענפאָר און די כעלעמער בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט דעלעגירט די ח״ח שמואל (אַרטור) זיגלבוים און ש. פאָראַביק.

דער קאָמיטעט פון „בונד“ איז געוואָרן דערנאָך שטאַרק אַקטיוו און האָט גלייך אויסגעטיילט א ספעציעלע קאָמיסיע, וואָס זאָל רעמאָנטירן דעם לאָקאַל אזוי, אז עס זאָל זיין צוגעפאַסט צו די נויטווענדיקייטן פון דער ארבעט און עס זאָל באַפרידיקן די „ארבעטער־היים“ אין אלע הינזיכטן. אין איין עטאַזש פון הויז האָט מען איינגעאָרדענט א סצענע, ווו מען זאָל קאָנען שפילן טעאַטער און איינאָרדענען קאָנצערטן פאַר די מיטגלידער. מען האָט פאַרגרעסערט די ביבליאָטעק און איר א נאָמען געגעבן „גראָסער־ביבליאָטעק“. דער ערשטער ביבליאָטעקאר איז געווען משה שימעל און זיין געהילף איז געווען מיכאל באנקירער.



מיטגלידער פון קאָמיטעט ביים „בונד“ אין כעלם, אין יאָר 1930.
עס שטייען (פון רעכטס): — ?; אברהמל שטיינבערג; נאָטע טאָרן; עס זיצן (פון רעכטס): — ?; ?; ?; משה לוסטיגער; לייבעלע רייזמאַן.

מען האָט אויך באַשלאָסן צו עפענען א קינדער־היים, צו עפענען אָוונט־קורסן פאר ארבעטער, אָרגאַניזירן די ארבעטער לויט באַזונדערע פאַכן, עפענען אַ ביליגע קיך פאַר אַרבעטער, גרינדן אַ קאָאָפעראַטיוו, וואָס זאָל פאַרקויפן ביליגער די פראָדוקטן, און צו עפענען אן אייגענע בעקעריי פאר די מיטגלידער.

עס איז דאַן געשאַפן געוואָרן א פרעסע־קאָמיסיע, וואָס האָט געהאַט די אויפגאבע צו פאַרשפרייטן די ארבעטער־פרעסע, דער עיקר די בונדישע „פאָלקס־צייטונג“ און „יוגנט־וועקער“.

מען האָט געמאַכט אלע צוגרייטונגען צו עפענען די קינדער־היים. לויטן באַשלוס האָט מען געדאַרפט פריער אָננעמען קינדער, גאַנצע אָדער האַלבע יתומים, דערנאָך קינדער פון ארבעטער און פון מיטגלידער.

דעם ערשטן שטאָק האָט מען צוגעגרייט פאר דער קינדער־היים, איינקויפנדיק ספעציעלע מעבל און בילדער. אלס די ערשטע לערערין איז דערווייל איינגעלאַדן געוואָרן ראָזשע שאַפראַן פון וואַרשע, דערנאָך זיינען איינגעלאדן געוואָרן די פרעבליסטינס: טאָשע און זאָשע. צו דער פייערלעכער דערעפענונג פון דער קינדער־היים איז ספעציעל געקומען אלס גאסט ב. מיכאַלעוויטש[5]) פון ווארשע. דער אָנזען פון „בונד“ איז מיט דעם געוואקסן אין שטאָט. א ספעציעלער קאָמיטעט, וואָס זאָל פאַרוואַלטן מיט אלע פראַגן פון דער קינדער־היים, איז אויסגעקליבן געוואָרן אין באַשטאַנד פון די ח״ח: ש. מ. זיגלבוים, פאָליע פרוכטגארטן, אסתר טוכמאַן, נאָטע טאָרן, נ. וויניק, יעקב שטעקן און גאָלדע שפערלינג־זיגלבוים. פאַרשטייט זיך, אז ניט לייכט איז געווען צו שאַפן דעם נייטיקן בודזשעט, וואָס די קינדער־היים האָט געקאָסט, ווייל די באַפעלקערונג איז געווען פאַראָרעמט פון די מלחמה־יאָרן, עס איז אויך געווען א גרויסע ארבעטלאָזיקייט.

מען האָט געמאַכט פאַרשיידענע אונטערנעמונגען, אויך בלימל־טעג, כדי צו שאַפן די נייטיקע געלטער אויף אויפצוהאלטן די קינדער־היים. דאַן, ווען עס האָבן אָנגעהויבן אריינקומען די אַמעריקאַנער פראָדוקטן, און די קינדער־היים האָט באַקומען צוגעטיילט א געוויסן חלק, איז עס געווען פאר די קינדער שוין א שטיקל גן־עדן, ווייל זיי האָבן געקראָגן עסן און טרינקען אין קינדער־היים. סוף 1919 זיינען די צוויי לערערינס אוועקגעפאָרן און אויף זייער אָרט איז איינגעלאדן געוואָרן חנה העפטמאַן, א שוועסטער פון בארימטן שרייבער און זשורנאליסט יוסף העפטמאַן (ישראל). ווען די פינאַנציעלע באַדינגונגען זיינען געוואָרן שווערער — שוין ביי דער פוילישער רעגירונג, — האָט מען די קינדער־היים אריבערגעטראָגן אין א קלענערן לאָקאל ביי בוקלערן אין הויף, אויפן 2־טן עטאַזש, ווינקל פאָדוואלנע און לובלינער גאַס. הגם די צ.י.ש.א. האָט געשיקט א חודש־שטיצע פאר דער קינדער־היים, דאָך איז עס ניט געווען גענוגנדיק. דורך לאַנגע באַמיאונגען האָט די קהילה סובסידירט די קינדער־היים. אָבער סוף־סוף האָט זיך די קינדער־היים פאַרמאַכט צוליב געלט־מאַנגל אין יאָר 1924.

אויף די ארבעטער־קורסן האָט זיך דאן פארשריבן א גרויסע צאָל יוגנטלעכע. מען האָט געלערנט: יידיש, יידישע ליטעראַטור, חשבון און געשיכטע. די לערער זיינען געווען: פייוול פריד, משה לערער, ד״ר מירלאס, ד״ר קאנפער א.א. עס האָט זיך געשאַפן אַ פאָלק־אוניווערסיטעט, ווו מען האָט געלערנט פאָליטישע עקאָנאָמיע, און מען האָט רעפערירט איבער פאָליטישע און קולטור־פראָבלעמען. די לעקטאָרן זיינען געווען: ד״ר פענצטערבלאו[6]), אויך ד״ר מירלאַסעס אַ ברודער, קאַמינסקי, דירעקטאָר י. ליפמאַן, שלמה סאַמעט און אנדערע. דער פאָלק־אוניווערסיטעט האָט צוגעצויגן א סך מענטשן פון שטאָט, ניט בלויז אַרבעטער אָדער מיטגלידער פון דער אַרבעטער־היים, נאָר יעדער איינער, וואָס האָט געלעכצט נאָך וויסן איז געקומען הערן די אינטערעסאַנטע לעקציעס. דער זאַל איז טיילמאָל געווען צו־קליין אריינצונעמען די אַלע צוהערער.

דער קאָמיטעט פון „בונד“ האָט אויך געזאָרגט פאר דער אָרגאַניזירונג פון די ארבעטער אויפן פראָפעסיאָנעלן געביט. זי האָט

[5]) שפעטער איז ער פיל יאָרן געווען דער פאָרזיצער פון דער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע.

[6]) ד״ר פענצטערבלאו איז געווען אין ראַנג פון קאַפיטאַן אין דער עסטרייכישער אַרמיי, חיצע־קאָמענדאַנט און גובערנאַטאָר פון כעלם. אַ דאַנק אים האָט מען געקראָגן דעם גרויסן לאָקאַל אויף לובלינער 13, פאַר דער אַרבעטער־היים.

אויסגעטיילט א ספּעציעלע קאָמיסיע אין באשטאַנד פון יעקב שטעקן, ש. פאַראַבעק, איצלער, פייגע רייַן, גאָלדע שפּערלינג, קיילע שפּערלינג, א.א. אין אַ קורצער צייט האָבן זיי באַוויזן צו אָרגאַניזירן כמעט אלע יידישע נאָדל־ארבעטער פון כעלם. עס זיינען אויך אויסגעטיילט געוואָרן באזונדערע קאָמיסיעס צו אָרגאַניזירן די אנדערע פאַכן, ווי די בוי־ארבעטער, די מעבל־ארבעטער, די לעדער־ארבעטער און די, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער דערנערונג בראַנזשע. אין די פאַך־קאָמיסיעס זיינען געווען טעטיק: אשר גרינבוים, נאָטע טארן, נ. וויניק, מאָטל שעכטערזאָן.

פון די אַלע פאַך־קאָמיסיעס האָט זיך געשאפן א פּראָפעסיאָנעלער־ראַט, וועלכער האָט קאָנטראָלירט די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג און געזאָרגט פאַר בעסערע לוינען פון די אַרבעטער, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי זיינען געווען אונטער דער השפּעה פון „בונד“.

* * *

אין דעם זעלבן לאָקאַל איז געעפנט געוואָרן אן ארבעטער־קיך, לערך סוף 1917 — אָנהייב 1918, א גרויסע צאָל ארבעטער זיינען געקומען מיט זייערע משפּחות צו עסן און פאַרברענגען די פרייע צייט אין אן אייגענער ארבעטער סביבה. בראש פון דער ארבעטער־קיך איז געשטאַנען יעקב שטעקן.

א באזונדערן אָרט אין דער טעטיקייט פון דער בונדישער באַוועגונג האָט פארנומען דער געשאפענער קאָאָפּעראטיוו. דער קאָאָפּעראַטיוו איז געווען נעבן קוזמיר־שטיבל, אויף אנדריאַנאָווסקע גאַס, דער פאראנטוואָרטלעכער פירער איז געווען הענאַך פליישער.

אזוי ווי ברויט האָט מען דעמאָלט צוגעטיילט אויף קאַרטן, און די ברויט איז געווען זייער שלעכטע, האָט מען באשלאָסן צו עפענען אן אייגענע בעקעריי פאר די מיטגלידער. די בעקעריי איז געשאַפן געוואָרן ביי ה' עברי אין הויף, אין קעלער. שפּעטער, סוף 1919—1920, בעת דער פּויליש־רוסישער מלחמה, ווען די פּוילישע רעגירונג האָט דעמאָלט געזוכט צו ארעסטירן די אלע פּאָליטישע פירער, ווען זיי האָבן געהאַלטן פאַר ניט כשר אין זייערע אויגן, און טאַקע ספּעציעל די יידישע אקטיווע פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע טוער, דאַן איז די בעקעריי געווען א גוטע באהעלטעניש פאר א סך חברים. נעבן דעם גרויסן בעקעריי־אויוון, דאָרטן וו עס איז שטענדיק געלעגן אָנגעגרייט א סך האָלץ צום הייצן, האָט מען אויסגעגראָבן דעם קעלער א ביסל טיפער, און דאָרט, וו עס איז געשטאַנען שטענדיק א גרויסער הייסער קעסל מיט קאָכעדיקן וואסער אין וועלכן מען האָט געבאַקן די בייגל, האָט מען אונטערן קעסל געמאַכט א ספּעציעלע עפענונג, אזוי, אז א מענטש זאָל קאָנען אריינקריכן. מען האָט דעם שטח פון צווישן דעם אויוון און דער וואַנט פון דער געביידע פאַרמויערט מיט א ספּעציעלער דיקער וואַנט, מען זאָל גאָר ניט דערקענען; די עפענונג פון אונטערן קעסל האָט געפירט צו דער באַהעלטעניש, וואָס איז געווען קליין, דאָך האָבן זיך געקאָנט דאָרטן באַהאַלטן איניקע מענטשן בעת אַ נייטווענדיקייט. פאַרשטייט זיך, אז שטענדיק האָט באדארפט זיין א מענטש, וועלכער זאָל קאָנען דעם קעסל צוריק אריינשטעלן אויפן אָרט, אז מען זאָל גאָרניט דערקענען. אפט, בעת רעוויזיעס, ווי אויך בעת די ווילדע הוליאַנקעס פון די האַלערטשיקעס אויף יידן, האָט מען זיך דאָרטן באהאלטן. איניקע זיינען דאָרטן אָפּגעלעגן גאַנצע נעכט אין דער שטיקעניש, אַבי ניט אריינצופאַלן אין די הענט פון דער פּוילישער דעפענסיווע.

דער פאַרוואַלטער פון דער בעקעריי איז געווען יוסף באַנקירער, וואָס איז היינט אין ישראל.

אין 1919 איז געשאפן געוואָרן א דראַמאַטישער קרייז פון די יוגנטלעכע, וואָס איז געווען אונטער דער אָנפירונג פון מאיר טארן (מאיר פענטאק). אין דעם דראַמאַטישן קרייז האָבן זיך טיכ־



אַרבעטער־קינדער־היים ביים „בונד“ אין כעלם, אין יאָר 1922. עס זיצן אין דער אייבערשטער ריי פון רעכטס צו לינקס: — מאגער, אסתר טוכמאַן (אן אַמעריקאַנער דעלעגאט), נ. חיניק, נטע טאָרן, אברהמל שטיינבערג, פּאָלע פּרוכטגאַרטן און איצלער. אין מיטן פון דער צווייטער ריי זיצט די לערערין חנה העפּטמאַן.

טיק באַטייליקט: ה. האַנדעלסמאַן, פרענקעל, אַקערמאַן, שרה בייגעל, פייגע שפּערלינג, פּייוול זיגלבוים, פּיניע זיגלבוים (אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ). די ערשטע פאָרשטעלונג איז פאָרגעקומען אין מאַגיסטראַט. ס׳איז אויך געווען א דראַמאַטישער קרייז פון דערוואקסענע. דער דאָזיקער קרייז איז באַשטאַנען פון: פּייוועלע דרעקסלער; דער שוואַרצער חיים, שבע בינשטאָקסמאַן; ישראל זיגלבוים; פייגע ריין (פּאַראַביק); קיילע שפּערלינג א.א.

* * *

א סך צייט און ענערגיע איז דעמאָלט אָפּגעגעבן געוואָרן צו אָרגאַניזירן די יוגנט. א גרויסע יוגנט־פארזאמלונג איז דאַן גערופן געוואָרן און א קאָמיטעט פון די יוגנטלעכע איז אויסגעקליבן געוואָרן פון די פאָלגענדע חברים: פייגע שפּערלינג, משה זיגלבוים (אַרטורס א ברודער, וואָס איז דערנאָך אוועק מיט דער רויטער אַרמיי אין רוסלאַנד), גוטערמאַן, ש. נאַכטמאַן, בייראַך שער, הערש האַנדעלסמאַן, יוסף עליע (איצט אין אמעריקע), לייבעלע רייזמאַן, פייגע ראָזנקנאָפּ א.א. דער יוגנט־קאָמיטעט האָט געאַרבעט זייער ענערגיש.

אַ זייער געלונגענע און אימפּאָזאַנטע מאַי־דעמאָנסטראַציע איז פאָרגעקומען אין יאָר 1918, ווען עס האָבן אָנטייל גענומען אינעם הערלעכן צוג אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען, ווי דער „בונד“, „פּ.צ.“, די „פּ.פּ.ס.“ און אויך אַ טייל פון די אוקראַינישע אַרבעטער. צווישן די רעדנער איז דאַן אַרויסגעטראָטן אין נאָמען פון „בונד“ ש. מ. זיגלבוים (אַרטור), וועלכער האָט גערעדט אין יידיש און אַלע קריסטלעכע אַרבעטער האָבן מיט רעספּעקט אויסגעהערט אים רואיק.

בכלל זיינען די יאָרן 1917 און 1918 געווען אַן אויפשוואונג פאַר דער בונדישער באַוועגונג אויף אַלע געביטן — אויפן פּאָליטישן ווי אויפן פּראָפעסיאָנעלן, אויפן קולטורעלן ווי אויפן עקאָנאָמישן געביט, — אין אַלע צווייגן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין כעלם.

ווען די פּאָליאַקן האָבן איבערגענומען די מאַכט אין שטאָט, האָט זיך פאַרשפּרייט א קלאַנג, אַז די פּויערים גרייטן צו א פּאָגראָם. דאַן איז לויט דער איניציאַטיוו פון „בונד“ צוזאַמענגערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע יידישע פּאַרטייען אין שטאָט, כדי צו שאַפן אַ זעלבסטשוץ. עס זיינען אַרויסגעהאַנגען געוואָרן מעלדונגען אין יידיש און אין פּויליש וועגן אַ מאַסן־מיטינג, וואָס וועט פאָרקומען אין דער גרויסער שוהל. עס איז אויך פאַרשפּרייט געוואָרן א ווענדונג צו דער פּוילישער באַפעלקערונג, אַז זי זאָל פאַרדאַמען די העץ־כוואַליע, אויב ניט, וועט זי טראָגן די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אויף דער פאַרזאַמלונג פון די פּאַרטייען איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצונעמען ענערגישע מיטלען זיך צו פאַרטיידיקן פון אָנפאַלן. עס איז באַשטימט געוואָרן אוועקצושטעלן אַ וואַך פון יונגע אַרבעטער אויף די וועגן, פון וואַנען די פּויערים קומען געוויינטלעך אין שטאָט אריין. אויף דעם רוף פון „בונד“ האָט זיך בייטאָג אין שוהל פאַרזאַמלט כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון שטאָט.

אויפן באַלעמער פון דער שוהל האָט זיך דער ערשטער אוועקגעשטעלט ריידן ד״ר מירלאָס. מיט אַמאָל האָט זיך באַוויזן אויף דער גאַס נעבן דער שוהל אַן אָפּטיילונג פון פּוילישע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן אויפגעפאָדערט דעם עולם זיך פונאַנדערגיין. דער בונדישער פאַראַנטוואָרטלעכער קאָמענדאַנט פון מיטינג איז דאַן געווען ש. גוטערמאַן, און דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר אונדזער געווער־אַרסענאַל — חיים לאַנג, וועלכער איז געווען נאָרוואָס — דאַן — צוריקגעקומען פון רוסלאַנד. ווען דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט האָט זיך געווענדט צו ש. גוטערמאַן וועגן פונאַנדערלאָזן דעם מיטינג און די פּאָליציאַנטן זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין צוויי רייען מיט די ביקסן אין די הענט, איז שטילערהייט צוגעגאַנגען פון דער זייט חיים לאַנג צום פּאָליציי־קאָמענדאַנט, און שטיל, אין א שנעלער באַוועגונג, מיט א שאַרפן מעסער אָפּגעשניטן דעם רעוואָלווער מיטן לעדערנעם טאַש.

ווען דער קאָמענדאַנט האָט באַמערקט, אַז מען האָט ביי אים צוגענומען דעם רעוואָלווער, האָט ער זיך געבעטן, אַז מען זאָל אים אָפּגעבן דעם רעוואָלווער און מען זאָל זיך רואיק פונאַנדערגיין. ער האָט דערביי גאַראַנטירט, אַז קיין שום עקסצעסן, קיינע אָנפאַלן וועלן אויף יידן ניט פאָרקומען. עס איז ניט געווען קיין שום ברירה, ווי נאָר זיך פונאַנדערגיין, ווייל די פּאָליציי איז געשטאַנען אַרום דער שוהל מיט די באַגנעטן גלייך צו אַטאַקירן. ניט וועלנדיק דערלאָזן צו א בלוט־פאַרגיסונג האָט דער געמיינזאַמער קאָמיטעט באַשלאָסן דעם מיטינג פונאַנדערצולאָזן און געבעטן דעם עולם רואיק גיין אַהיים. די ספּעציעלע זעלבסט־שוץ־וואַך איז פון דעסטוועגן אַרומגעגאַנגען אין די נעכט אָפּהיטן די יידישע קוואַרטאַלן, די שוהלן און אכטונג געגעבן, אַז מען זאָל ניט מאַכן קיינע אָנפאַלן אויף די יידן. ס׳איז כדאי צו באַטאָנען אַז די זעלבסט־שוץ־גרופּע איז געווען מיליטעריש געשולט און זי איז נאָך געווען צוגעגרייט דורך חיים לאַנג, מיט א צייט פריער. דער סקלאַד פון געווער האָט זיך געפונען ביי באַשע שניידערמאַן (א שניידערקע).

מיט אייניקע טעג שפּעטער האָט מען אַרעסטירט ש. מ. זיגלבוימען (אַרטורן) און מען האָט אים אַריינגעזעצט אין דער כעלמער תפיסה (אויף לובלינער גאַס). דער אַרעסט פון ש. זיגלבוימען האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט אין שטאָט. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן פון בונדישן קאָמיטעט, אַז מען מוז אים זען צו באַפרייען ביי אַלע באַדינגונגען און מיט אַלע מיטלען. אויפן 2־טן טאָג (שבת) איז גערופן געוואָרן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג נעבן דער וווינונג פון פּאָליציי־קאָמענדאַנט. ד״ר פענסטערבלאַו האָט דאַן גערעדט צום פאַרזאַמלטן עולם אויף פּויליש, און געזאָגט, אַז אויב מען וועט זיגלבוימען גלייך ניט באַפרייען, וועט דער עולם גיין צו דער תפיסה און ברעכן דעם טויער.



ד״ר ש. פענסטערבלאַו, פירער פון „בונד“, אומגעקומען אין טרעבלינקע

ווען דער עולם איז אָנגעקומען צו די טויערן פון דער תפיסה, נאָכדעם ווי דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט האָט אויפגענומען א דעלעגאַציע, ווי אויך דער קאָמענדאַנט פון דער תפיסה האָט אויסגעהערט די בקשה פון אַ דעלעגאַציע, האָבן זיך, וואַרשיינלעך, די קאָמענדאַנטן פאַרשטענדיקט טעלעפאָניש וועגן די רעזולטאַטן וואָס עס קאָן ברענגען אַזא צוזאַמענשטויס און זיי האָבן באַשלאָסן צו באַפרייען אים. דער עולם האָט מיט באַגייסטערונג אויפגענומען זיגלבוימען און אים פּשוט אַרויסגעטראָגן פון תפיסה־הויף אויף די הענט.

דער עולם איז זיך שנעל פונאַנדערגעגאַנגען. די באַפרייאונג פון אַרטור זיגלבוים האָט געמאַכט א קאָלאָסאַלן רושם.

* * *

סוף נאָוועמבער, 1918, האָט די בונדישע פּאַרטיי געפּראַוועט ש. מ. זיגלבוימס חתונה מיט גאָלדע שפּערלינג, וועלכע איז די גאַנצע צייט געווען א מיטגליד אין דער בונדישער פּאַרטיי. די

פאַמיליע שפּערלינג האָט געשפּילט א באַדייטנדע ראָלע אין דער בונדישער באַוועגונג אין כעלם צו יענער צייט. דער פאָטער איז געווען א שוסטער און א מטופל מיט קינדער: 4 מיידלעך און 3 יינגלעך — די הויפּט־פאַרדינערין איז געווען גאָלדע. זי איז געווען א שניידערין, וואָס האָט זייער א סך געאַרבעט. דאָך האָט זי געפונען צייט זיך אָפּצוגעבן מיט דער בונדישער פּאַרטיי־אַרבעט. נאָך איר חתונה מיט זיגלבוימען האָבן זיי געוווינט אין א קעלער־שטיבל ביי לייבל ראָזען אין הויף, אויף דער בויקעס־גאַס.

זי האָט אויך נאָך דער חתונה געמוזט אַרבעטן שווערער און מערער ווי פריער, ווייל זי האָט נאָך געמוזט העלפן איר מוטער דער אלמנה מיט די קינדער, און אין די פרייע שעהן העלפט גאָלדע ש. מ. זיגלבוימען אין דער באַוועגונג. די בונדישע יוגנט האָט אין גאָלדען געזען אן איבערגעבענע פרוי און אקטיווע פּאַרטיי־טוערין. א דאנק איר אומדערמידלעכקייט, איז געלונגען איר מאַן, אַרטורן, צו דערווערבן ידיעות. אין 1920 ווערט זיגלבוים ארויסגערופן פון צענטראַל־קאָמיטעט קיין וואַרשע, ווו מען האָט אים געגעבן א פּאַרטיי־פּאָסטן אין דער בונדישער באַוועגונג.

אין 1922 פאָרט גאָלדע מיט אירע 2 קינדער אריבער קיין וואַרשע. אין וואַרשעווער געטאָ איז זי אומגעקומען צוזאַמען מיט איר טאָכטער רבקה. איר זון יאָסקע געפינט זיך איצט אין אמעריקע.

קיילע, גאָלדעס שוועסטער, איז געווען א מיטגליד אין קאָמיטעט פון נאָדל־פּאַראיין און אויך געאַרבעט זייער אינטענסיוו אין דער בונדישער באַוועגונג. זי האָט זייער א סך געלייענט, זיך אינטערעסירט מיט אַלע פראַגן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. קיילע איז אויך געווען א מיטגליד אינעם כאָר ביי דער „אַרבעטער־היים“, שפּעטער האָט זי חתונה געהאַט מיט יעקב שטעקן. אין די 30־ער יאָרן איז איר מאַן יעקב געשטאָרבן נאָך אַ לאַנגער קראַנקהייט. היינט געפינט זי זיך אין אַרגענטינע.

זייער יינגערע שוועסטער, פייגע, איז אין 1917 אריינגעטראָטן אין יוגנט־בונד „צוקונפט“ אין כעלם. פאַר א לאַנגע צייט איז זי געשטאַנען בראש פון „יוגנט־בונד“. זי האָט אַלעמאָל אנטייל גענומען אין אַלע פראַגן פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, אפילו אין די פּאָליטישע פראַגן פון דער פּאַרטיי. אין 1921 איז פייגע אריינגעטראָטן אין „קאָמ.־בונד“, ווו זי איז געווען טעטיק דאָרט אויף אַלע געביטן. איצט געפינט זי זיך אין פראַנקרייך.

זייער יינגסטע שוועסטער, טעמע, האָט חתונה געהאַט מיט אברהמטשע זיגלבוים, זיי געפינען זיך איצט אין לאָס־אַנדזשעלעס (פאַראייניקטע שטאַטן).

זייערע ביידע ברידער, יוסף און פּרץ שפּערלינג, געפינען זיך איצט אין אַרגענטינע (בוענאָס־איירעס), פּרץ איז דער פּאָרזיצער פון דער כעלעמער לאַנדסמאַנשאַפט.

* * *

בעת די ערשטע דעמאָקראַטישע וואַלן אין כעלם צום שטאָט־ראַט, 1919, האָט די בונדישע פּאַרטיי פונאַנדערגעוויקלט אַ קאָלאָסאַלע פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט, אויפקלערנדיק אויף מיטינגען, דורך פלוגבלעטלעך און פּלאַקאַטן די פּאָסטולאַטן פון דער בונדישער פּאַרטיי. די רעאַקציע—די פּוילישע און די אייגענע יידישע רעאַקציע האָבן זיך דערשראָקן פאַר דער גרויסער בונדישער וואַל־אַרבעט. אויף דער ליסטע פון די קאַנדידאַטן צום שטאָט־ראַט זיינען געווען פאָרשטייער פון אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַכן: דער ערשטער אויף דער ליסטע האָט פיגורירט ש. מ. זיגלבוים, די ליסטע האָט געהאַט דעם נר. 4. פון די אַלע 24 ראַטמענער, וואָס עס האָבן באַדאַרפט דאַן אויסגעקליבן ווערן אין שטאָט־ראַט, איז צו דער גרעסטער באַוואונדערונג פון דער גאַנצער כעלעמער באַפעלקערונג, געווען גאַנצע 19 פון דער בונדישער ליסטע. די וואַלן זיינען דאַן פון לובלינער וואָיעוואָדע געפּסלט געוואָרן. ערשט אין 1921 זיינען פאָרגעקומען נייע וואַלן צום שטאָט־ראַט, ווו דער „בונד“ האָט שוין געקראָגן בלויז איין מאַנדאַט — פאַר הערשעלע פּרוכטגאַרטן.

אין 1920 איז אָנגעקומען א מעלדונג פון דער כעלעמער „סטאַראָסטווע“, אז דאָס הויז, ווו די „אַרבעטער־היים“ האָט זיך געפונען און איז פון 1917 געווען אין די הענט פון „בונד“, מוז צוריקגעגעבן ווערן צו די יורשים פון די באַלעבאַטים. קיינע אינטערווענצן אין דער פראַגע האָבן דאַן ניט געהאָלפן, מען האָט נאָר געגעבן א טערמין פון 3 חדשים אויף אָפּצורייניקן דאָס הויז און זוכן אן אנדער לאָקאַל.

עס איז דאַן געדונגען געוואָרן א הויז אויף בודאָווסקע גאַס (בויקעס געסל) פאַר דער בונדישער און פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט. די אַרבעט האָט אָבער דאַן אָנגעהייבן צו ליידן, ווייל א גאַנצע ריי אָנפירנדיקע חברים זיינען אָפּגעפאָרן פון כעלם: אַרטור זיגלבוים איז שוין דאַן געווען אין וואַרשע, ד״ר פּענצטערבלאו איז אויך אָפּגעפאָרן פון כעלם, פליישער האָט זיך באַזעצט אין פּאַלעניצע. עס זיינען אוועקגעפאָרן נאָך אייניקע חברים און די טעטיקייט פון „בונד“ אין כעלם האָט זיך באַדייטנדיק מינימיזירט.

די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, ספּעציעל דער „נאָדל־פּאַראיין“, האָט ווייטער אָנגעפירט די אַרבעט דורך די אָנפירנדיקע דעמאָלטיקע חברים, ווי: ש. פּאַראַביק־מאַגער, פייגע ריין־פּאַראַביק (איצט אין פראַנקרייך), קיילע שפּערלינג, יוכבד פּאַלמאַן, חנה באַקאַלאַש א.א. צום ערשטן צוזאַמענפאָר פון די יידישע נאָדל־פּאַראיינען, וואָס איז דאַן פאָרגעקומען אין וואַרשע, זיינען דעלעגירט געוואָרן פון כעלם יעקב שטעקן און שמואל פּאַראַביק. אין 1921, אויפן לאַנד צוזאַמענפאָר פון דער לעדער־אינדוסטריע, איז געווען דער בונדישער דעלעגאַט ה. האַנדעלסמאַן, וואָס איז געווען דער יינגסטער דעלעגאַט אויפן דאָזיקן צוזאַמענפאָר.

אויך די גראָסער־ביבליאָטעק ביי דער „אַרבעטער־היים“ איז איבערגעטראָגן געוואָרן אינעם נייעם הויז אויף בודאָווסקע גאַס. די „גראָסער־ביבליאָטעק“ האָבן דאַן אָנגעפירט לייבעלע רייזמאַן און מיכאל באַנקירער. דער קאָמיטעט פון „בונד“, אין 1920, איז באַשטאַנען פון די פאָלגענדיקע חברים: נאָטע טאַרן, מאַגער, פּאָליע פּרוכטגאַרטן, לייבעלע רייזמאַן, נ. וויניק, קאַפּלאַן, פייגע ריין־פּאָראַביק און אברהמל שטיינבערג.

אין 1920, בעתן קריג צווישן די פּאָליאַקן מיט סאָוועטן, זיינען אין פּוילן אין איין געוויסע נאַכט פאָרגעקומען אַרעסטן, וואָס האָט ניט אויסגעמידן אויך כעלם. צוליב אַ צופאַל האָב איך דאַן ניט גענעכטיקט אין דער היים; ווען די געהיים־פּאָליציי איז געקומען אַרעסטירן מיך אַלס פאָרשטייער פון „בונד“, האָבן זיי דערווייל אַרעסטירט מיין יינגערן ברודער עקיבא׳ן, אַ פּועלי־ציוניסט, וועלכער איז אָפּגעזעסן אין דער כעלעמער און אין דער קיעלצער תפיסה לערך 14 וואָכן (צוזאַמען מיט אַנדערע כעלעמער פּאָליטישע אַרעסטירטע).



ד״ר דוד מירלאַס, פּאָרזיצער פון אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוו „אייניקייט“ אין כעלם. געשטאָרבן אין יאָר 1920.

עס איז דאַן אויך אַרעסטירט געוואָרן — אַלס פאַר־

שטייער פון „בונד“ — ד״ר מירלאַס, וועלכער איז אויך אָפּגעזעסן פון 3—4 וואָכן אין דער כעלעמער תפיסה און לערך 10 וואָכן אין דער קיעלצער טורמע.

ד״ר מירלאַס, וואָס איז געווען אַן אָפּשטאַמיקער פון וואַרשע, איז געווען אַ לערער פון פיזיק און כעמיע אין דער יידיש־פּוילישער גימנאַזיע, — האָט זיך פאַרקילט אין דער תפיסה, באַקומען אַ לונגען־אָנצינדונג, און ווען ער איז ארויס פון טורמע איז ער געלעגן עטלעכע וואָכן קראַנק און איז געשטאָרבן.

גרויסע מאַסן פון דער כעלעמער יידישער באפעלקערונג האָבן אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו.

* * *

צו די אויבן דערמאָנטע סיבות, פארוואָס דער „בונד“ איז דאן אָפּגעשוואַכט געוואָרן אין כעלם, דארף אויך דערמאָנט ווערן די אנטשטייאונג פון „קאָמ.־בונד“. אין 1921, ווען עס זיינען פאָרגעקומען די בארימטע אונטערהאנדלונגען צווישן „בונד“ מיטן 3־טן אינטערנאַציאָנאל וועגן די 21 איינטריט־באדינגונגען און דער „בונד“ האָט בלויז אָנגענומען 19 מיט א האלב פונקטן, איז דאן פאָרגעקומען א שפּאַלטונג אין דער בונדישער פּאַרטיי און עס איז אַנטשטאַנען אין פוילן דער „קאָמ־בונד“.

פון דער כעלעמער בונדישער פּאַרטיי זיינען דאן ארויסגעטראָטן די פאָלגענדע אָנגעזעענע מיטגלידער: ש. גוטערמאן, יוסף עליע, משה שימעל, פייגע שפּערלינג, ה. שעכטערזאָן א.א.

די אָפּגעשפּאָלטענע האָבן א לאַנגע צייט ניט געפירט קיין שום באַזונדערע אַרבעט אָדער טעטיקייט אין כעלם, אָבער זיי האָבן געשאפן דאָס ערשטע קעמערל פאר דער שפּעטערדיקער שטאַרקער קאָמוניסטישער באוועגונג אין כעלם.

נאָכן אָפּפאָר פון מאָטל שעכטערזאָן קיין ארץ־ישראל און היינט אין אויסטראַליע; ר. שעכטערזאָן — קיין אמעריקע; יעקב שטעקן — וואַרשע; ד״ר פענסטערבלאו — גאַליציע; שמואל און חנה פּאָראַביק — וואַרשע; איצלער און יעקב פּאַלמאַן—ארץ־ישראל; אברהם יעקב שנאָבל — ארץ־ישראל האָט זיך געשאַפן אַ לאַגע, אז ס״ה זיינען אין כעלם געבליבן בלויז איינצעלנע פריערדיקע טוער און עלטערע בונדיסטן, ווי: הערשעלע און פּאָליע פרוכטגאַרטן, ג. וויניק, נאָטע טאָרן, אסתר טוכמאַן, מאגער און זיין פרוי פייגע, אברהמל שטיינבערג און זיין פרוי מאָליע.

אין יענער צייט איז צוגעקומען א נייער מיטגליד ש. בערגער, אויך דער לערער אברהם וויינשטיין פלעגט פון צייט צו צייט קומען, בעת די שול־פעריען, קיין כעלם און צוהעלפן אביסל דער קולטורעלער אַרבעט. אין דער יוגנט זיינען דאַן געווען טעטיק: הערש האַנדעלסמאַן, לייבעלע רייזמאַן, מיכאל באַנקירער, יששכר פּאַלמאַן, פייוול זיגלבוים, נתן בוים א.א. אָבער עס האָבן געפעלט כוחות, וואָס זאָלן פאַרטרעטן די חברים וואָס זיינען אַוועקגעפאָרן פון כעלם.

אין נאָוועמבער, 1923, איז אין וואַרשעווער ציטאַדעל פאָרגעקומען א באָמבע־אויפרייס און אין דער זעלבער נאַכט זיינען אין גאַנץ פוילן פאָרגעקומען אַרעסטן. עס זיינען אויך דאַן ארעסטירט געוואָרן אייניקע כעלעמער, ווי: אָרענשטיין פון די צעירי־ציון, ג. וויניק פון „בונד“. דער פירער פון דער כעלעמער דעפּענסיווע, א שיכור, מ. נ. וויקוש, האָט ביי דער אויספאָרשונג געוואָלט וויסן, צי מיר — די אייניקע יידישע פאָרשטייער — האָבן געהאַט אן איינגענעם עראָפּלאַן און זיינען געפלויגן אַ נאַכט פריער קיין וואַרשע... אויפרייסן די ציטאַדעל. נאָכן אָפּזיצן עטלעכע טעג און אויפווייזנדיק אז מיר זיינען יענעם אָוונט געווען אין כעלם און ניט אין וואַרשע, זיינען מיר באַפרייט געוואָרן.

* * *

פון די יאָרן 1924 און ווייטער קלייבט זיך דער „בונד“ ארייבער אויף לובלינער גאַס נר. 15—17. עס ווערט דאָרט געעפנט צוריק די „גראָסער־ביבליאָטעק“ און עס ווערט אָנגעפירט ווייטער די בונדישע ארבעט, טאַקע אויף א קלענערן אופן, אָבער גאנץ אַקטיוו. פון צייט צו צייט קומען ארויס פון צענטער געוויסע אינסטרוקטאָרן מיט רעפעראַטן און פאָרלעזונגען.

עס ווערט דעמאָלט ביים „בונד“ געשאפן א סאָציאַליסטישער פאראיין פון האנטווערקער און כאלופּניקעס, אָנגעפירט דורך מ. מאַגערן, ה. האנדעלסמאן, א. שטיינבערג, נאָטע טאָרן. אויך די טראנספּאָרט־ארבעטער זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן דורכן „בונד“.

דער קאָמיטעט פון יוגנט־בונד „צוקונפט“ האָט אויך אָנגעפירט א געוויסע ארבעט צווישן דער יוגנט. די „פאָלקסצייטונג“ ווי אויך אנדערע בונדישע אויסגאבעס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן. דער „בונד“ פלעגט אויך ארויסטרעטן אויף אלע מאי־פארזאמלונגען, געפייערט די בונדישע יום־טובים. אויף א באַשיידענעם אופן איז באַנייט געוואָרן די בונדישע פּאָליטישע אויפקלערונגאַרבעט.

פון 1936 ביזן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, זעען מיר שוין אויפסניי אן אקטיווע בונדישע אַרבעט אין כעלם. אזוי, למשל, לייענען מיר אין דער „נייער פאָלקסצייטונג“ נר. 90, פון 29־טן מערץ, 1937, אז כעלם האָט באשטעלט — אין די ערשטע דריי פּרעסע־טעג, דעם 1־טן, 2־טן און 3־טן אַפּריל — עקסטרא 1000 עקזעמפּליארן פון דער „פאָלקסצייטונג“.

אין א זאמלבוך, „דער יידישער ארבעטער קלאַס“, ארויסגעגעבן אין לאָדז, אין יאָר 1937, לייענען מיר אויף זייט 128 א קאָרעספּאָנדענץ פון כעלם, ווו עס ווערט באשריבן א שטרייק פון יידישע ארבעטער און צום שטרייק זיינען צוגעשטאַנען אויך קריסטלעכע ארבעטער, ווי פּוילישע און אוקראַינישע פון די מילן און טאַרטאַקן. עס איז פאָרגעקומען אין שטאָט א דעמאָנסטראַציע פון די שטרייקנדע ארבעטער (אפשר א טויזנט מענטשן — יידן און קריסטן האָבן אנטייל גענומען אין דער דעמאָנסטראציע), וואָס האָט געמאכט א ריזיקן איינדרוק אין שטאָט. (די שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס זיינען פאָרגעקומען שוין נאָכן פּשיטיקער פּאָגראָם).

אין דער „נייער פאָלקס־צייטונג“ פון פרייטאָג, דעם 4־טן פעברואַר, 1938, לייענען מיר אַ קאָרעספּאָנדענץ פון כעלם וועגן אַ יובילײ־פייערונג אין כעלם: „כעלם, ווי אלע אנדערע שטעט, ליידט שטאַרק פון קריזיס, די ארבעטס־באדינגונגען זיינען שלעכטע, די לוינען קליינע, די ארבעט־צייט פארגרעסערטע. די פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען זיינען צוליב פארשיידענע סיבות ניט אַקטיוו און אַ טייל גאָר ניט טעטיק“. די קאָרעספּאָנדענץ דערציילט ווייטער: „אז צום לאנדראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען האָבן זיך געווענדט פאָרשטייער פון די כעלעמער אַרבעטער, ווי פון די בעקער, לעדער־ארבעטער און שניידערס וועגן אָרגאַניזירן פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען. א טייל ארבעטער אָרגאַניזירן זיך שוין אליין, אנדערע וואַרטן נאָך אויף מיטהילף פון די פּאָליטישע פּאַרטייען אָדער פון לאנדראַט“.

מיט דער מיטהילף פון בונדישן צ.ק. האָט דער כעלעמער קאָמיטעט אָנגעהויבן אויפסניי צו פירן אַ געוויסע סיסטעמאַטישע ארבעט. עס האָבן אָנגעהויבן צו קומען פון ווארשע אָפטע רעפערענטן, וועלכע האָבן געהאלטן עפנטלעכע רעפעראטן, מיינסטן, א.ד.ט. „די וויכטיקע געשעענישן אין פוילן פון 1937“.

צום 40 יאָריקן יובילײ פון „בונד“ איז פאָרגעקומען א פייערלעכע אַקאַדעמיע אונטערן פאָרזיץ פון ח׳ א. שטיינבערג, מיטן אנטייל פון ח׳ פרידמאן, וועלכער האָט רעפערירט וועגן די פארשיידענע עטאַפּן אין דער 40 יאָריקער געשיכטע פון „בונד“. די יוגנט־אָרגאַניזאציע האָט געגעבן שיינע רעציטאציע־ און געזאנג־

נומערן, וואָס האָבן איבערגעלאָזן אַ גרויסן איינדרוק אויף די אַנוועזנדע.

אין דער וואַרשעווער „נייער פאָלקס־צייטונג" פון 5־טן מאַי, 1938, לייענען מיר אַ קאָרעספּאָנדענץ פון כעלם, אַז: „דער קאָמיטעט פון „בונד" אין כעלם האָט זיך געווענדט צו דער פּ.פּ.ס. — פאַרן 1־טן מאַי — וועגן אָרגאַניזירן אַ געמיינזאַמע דעמאָנסטראַציע. די פּ.פּ.ס. האָבן שוין מסכים געווען, אָבער דער סטאַראָסטע האָט פאַרווערט די דעמאָנסטראַציע. דער קאָרעספּאָנדענט, אברהם שטיינבערג, דערציילט ווייטער, אַז נאָך אַ פּאָר וואָכן פאַרן 1־טן מאַי — אין 1938 — זיינען געקומען אין לאָקאַל אַגענטן פון דער פּוילישער דעפענסיווע און צוגענומען אַלע שטעמפּלען (פון „בונד", פון דער יוגנט „צוקונפט", פון דער „קולטור־ליגע" א.א.) און ביזן לעצטן טאָג האָט מען ניט געזאָגט, צי די מאַי־מיטינגען אין לאָקאַל זיינען יאָ דערלויבט. ווי מען האָט נאָר באַקומען דאָן די דערלויבעניש, זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן צוויי באַזונדערע פאַרזאַמלונגען — פאַר די מיטגלידער פון דער "בונד"־פּאַרטיי באַזונדער און פאַר דער יוגנט באַזונדער. די רעדנער זיינען געווען: א. שטיינבערג, אייזענשטיין און פרידמאַן. מען האָט אַנטהילט צוויי נייע פענער אויפן מאַי־מיטינג.



אנטיילנעמער פון א בלימל־טאָג לטובת דער „גראָסער־ביבליאָטעק" אין כעלם.

אין דער „נייער פאָלקס־צייטונג" פון 8־טן אָקטאָבער, 1938, געפינען מיר אַ נאָטיץ, אַז די בונדישע פּאַרטיי אין כעלם האָט באַשטעלט 700 קאָפּיעס פון דער „נייער פאָלקס־צייטונג". אין דער „נייער פאָלקס־צייטונג" פון 28־טן אָקטאָבער, 38־טן יאָר, געפינען מיר אין דער רשימה פון די שלאָגלער 2 נעמען פון כעלם: שיע אייזענשטיין און יששכר פּאַלמאַן, וועלכע האָבן פאַרקויפט צו 50 עקזעמפּליאַרן.

אין דעם אַרבעטער־לוח פון 1920 געפינען מיר פון „בונד" אינטערעסאַנטע אינפאָרמאַציעס וועגן דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין כעלם, לויט ווי עס פאָלגט: אין דער בונדישער פּאַרטיי אין כעלם זיינען פאַרשריבן — 100 מיטגלידער.

די צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפ.־פאַראיינען ציילט ביי 620 מיטגלידער, זיי זיינען פאַרטיילט לויט די פאָלגענדע פאַכן:

| | |
|---|---|
| אין דער נאָדל־בראַנזשע — — — | 200 מיטגלידער |
| אין דער דערנערונג־בראַנזשע — — | 50 " |
| אין דער לעדער־בראַנזשע — — | 120 " |
| אין דער האָלץ און בוי־בראַנזשע — | 200 " |
| אין אַנדערע קלענערע פאַכן — — | 50 " |
| 620 פּראָפ. אָרגאַניזירטע אַרבעטער | |

וועגן די קולטור־אַנשטאַלטן געפינען מיר אינעם זעלבן לוח פאָלגענדע ידיעות: די „גראָסער־ביבליאָטעק" האָט 800 ביכער און 200 לעזער. די יידישע פאָלקשול האָט אַ געמישטן קאָמיטעט פון די „פּ.צ." און „בונד". עס עקסיסטירן אַרבעטער־אוונט־קורסן, אַן אַרבעטער קינדער־היים א.נ. בר. גראָסער. עס פונקציאָנירן 2 אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון, איינע פון „בונד" א.נ. „איינינקייט" מיט 260 מיטגלידער און אַ צווייטע ביי די „לינקע פּועלי־ציון", אויך קאָאָפּעראַטיווע בעקערייען אַרבעטן ביי די קאָאָפּעראַטיוון.

* * *

צום סוף וויל איך באַמערקן, אַז די צענטראַלע אינסטאַנצן פון „בונד" זיינען געווען שטענדיק אין קאָנטאַקט מיט כעלעמער „בונד". אָנהייבנדיק פון יאָר 1916 האָבן כעלם באַזוכט די פּאָלגענדיקע בונדישע פירער: בייניש מיכאַלעוויטש, הערשל ערליך (דער לעצטער איז געווען דער ערשטער קאַנדידאַט צום פּוילישן סיים פון לובלינער ראַיאָן), וויקטאָר אַלטער, יעקב פּאַט (ווילנער), גרשון זיבערט (ראַטמאַן אין וואַרשעווער שטאָט־ראַט, געשטאָרבן אין דרום־אַפריקע, 1937. (ער איז געקומען קיין דרום־אַפריקע אַלס שליח פון דער „ציש"א" צו זאַמלען פאַר די יידישע וועלטלעכע שולן אין פּוילן. די מלחמה איז אויסגעבראָכן און ער האָט שוין ניט געקאָנט צוריקפאָרן קיין פּוילן); ב. שעפנער, הערשעלע הימלפאַרב, בערל קאַמאַשנמאַכער, חברטע דינה, ד"ר ב. אייסוראָוויטש, אריה, מרדכי פייגענבוים, ש. גילינסקי, זוסמאַן א.א.

כעלם האָט געהערט צום לובלינער ראַיאָן און זייער אָפט פלעגן חברים קומען פון לובלין אויף לעקציעס, רעפעראַטן און באַזוכן, ווי ד"ר הערשהאָרן, בעלאַ שאַפּיראָ, פישעל וויס, פּיין, אַרבוז, העצמאַן, יחיאל ניימאַן, ד. צעלעמינסקי. די לובלינער חברים פלעגן קומען אָפט זיך באַראַטן וועגן פאַרשיידענע פראַגן פון פּאָליטישע אַרבעטן אינעם ראַיאָן און גלאַט אויף חברישע באַזוכן.

בכלל איז אין כעלם אָנגעגאַנגען אַ לעבעדיקע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, וווּ דער „בונד" האָט — אויף זיין אופן און שטייגער — אַ סך בייגעשטייערט פאַר דער פּאָליטישער רייפקייט פון די יידישע אַרבעטער, פאַר דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג און עקאָנאָמישער אויסבעסערונג פון די יידישע כעלעמער מאַסן און פאַר דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די יידן אין כעלם.

שמואל ווינער, ניו־יאָרק

# ווי אַזוי כעלם איז אין 1905 געראַטעוועט געוואָרן פון אַ פּאָגראָם

(אַ ב ל ע ט ל ג ע ש י כ ט ע)

באַלד אויף מאָרגן נאָך דער 1905 רעוואָלוציע, ווי נאָר דער דעספּאָטישער צאַרישער רעזשים דערפילט זיך ווידער פעסט אין זאָטל, פאַרלירט ער קיין מינוט צייט נישט און נעמט זיך גלייך צו זיינע אַלטע בלוטיקע מעשים — נאָר מיט נאָך מער אימפּעט, מיט נאָך מער רציחה ווי פריער. דאָס דאַרף ער זיך אָפּרעכענען מיטן פאָלק, פאַר די קליינע קאָנצעסיעס, וואָס מ׳האָט ביי אים מיט גוואַלד ארויסגעריסן. איז דאָ ערשטע כפּרה־הינדל, ווי אלעמאָל, דער ייד. כדי אָפּצוווענדן דעם צאָרן פונעם פאָלק קעגן צאַרישן רעזשים, נעמען זיך די פאַרדאָרבענע צאַרישע סאַטראָפּן צו זייער אַלטער אויסגעפּרוווטער טעכניק — אויפצורייצן די פינצטערע מאַסן קעגן די יידן, אז די יידן זיינען דער קוואל פון אלע צרות.

פון איין עק לאנד ביזן אנדערן טראָגט זיך דאָס רציחה׳דיקע רעוועץ זייערס: „בעי זשידאָוו ספּאַסאַי ראָסיאו״ — שלאָג די יידן און ראַטעווע רוסלאנד. אַ כוואַליע פון שרעקלעכע פּאָגראָמען אין וועלכע דער צאַריזם זוכט צו דערטרינקען די רעוואָלוציע אין יידיש בלוט, צעגיסט זיך איבער יידישע שטעט און שטעטלעך אין דער לענג און ברייט פון לאַנד. יידיש בלוט גיסט זיך ווי וואַסער, אונדזערע שוועסטער געשענדעט, פארשעמט, יידיש האָב און גוטס צעראַבעוועט, חרוב ונחרב. ווערן די אַלע מערדערייען דורכגעפירט לויט א באשטימטן צוגעשניטענעם פּלאַן — לויטן מוסטער פון דער שרעקלעכער קישיניעווער שחיטה, אָנהייב היינטיקן יאָרהונדערט — פּסח, 1903 — אַ פּאָגראָם, וואָס האָט אין צייט אויפגעשוידערט דאָס געוויסן פון דער וועלט. גוט באַקאַנט איז אויך דער ציניש ער ענטפער זייערער אויף די שאַרפע פּראָטעסטן פון אלע וועלט־טיילן קעגן די אוממענטשלעכע רציחות — אז דאָס האָבן די יידן גאָר אליין אויף זיך געמאַכט דעם פּאָגראָם. דער „קלאַסישער״ ענטפער פון אלע פּאָגראָם־מאַכער זינט די עלטסטע צייטן, ביז היינט.

אויך אויף כעלם פאַלט אויס דער טרויעריקער גורל דורכצומאַכן דעם דאָזיקן טראַגישן וועג. אלץ עקשנותדיקער נעמט זיך ארומטראָגן קלאַנגען, אז די מאַכט גרייט אויף דער שטאָט א פּאָגראָם מיט אלע קליפּערלעך. ס׳איז שוין מער קיין ספק נישט. אלע גייען ארום שטאַרק פארזאָרגט און דערשראָקן — וואָס טוט מען?! ענדלעך דערטראַכטן זיך אונדזערע שטאָט־טאַטעס צום אלט־אלטן מיטל — ש ת ד ל נ ו ת! א דעלעגאציע פון שיינע יידן ווערט אויסגעריכט צום הויפּט פון דער הערשנדיקער פּראַוואָסלאַוונער קירך אין כעלם — צום דעמאָלט איבער גאַנץ רוסלאַנד בארימטן בישאָף, יעוולאָגי. די דעלעגאַציע לאָזט זיך ארויף צום סאָבאָר, זיך שטעלן פארן בישאָף יעוולאָגי, פּועלן ביי אים, ער זאָל זיך פאר אונדז אָננעמען, אונדז העלפן אין דער שווערער שעה פון נויט. צוריק קומט די דעלעגאציע ארויס ווי אן אויסגעפּאַטשטע. זייערע טרערן און געבעט האָבן זיך אָנגעשלאָגן אויף טויבע אויערן. איצט זייט איר געקומען! — פייערט ער אויף זיי מיט גרימצאָרן. ווו זייט איר פריער געווען? פארוואָס האָט איר בעסער פריער נישט אכטונג געגעבן אויף די כעלעמער חוצפּהדיקע יונגע יידן זיי זאָלן זיך נישט בונטעווען קעגן דעם צאַר באַטיושקאַ! איר האָט אויף זיך אליין גענומען דאָס אומגליק — איז זיין



האַרבער פּסק־דין. איך קאָן אייך נישט העלפן. און דערמיט האָט זיך עס געענדיקט.

הכלל, ס׳איז ביטער.

די יידישע יוגנט און די כעלעמער ארבעטער־אָרגאַניזאציעס זיצן אָבער אויך נישט מיט פאַרלייגטע הענט. די זעלבסטשוץ פון „בונד״ און פון ס.ס. (סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן) נעמען זיך, יעדער באזונדער, פיבערדיק גרייטן צו באַגעגענען די פּאָגראָם־„העלדן״ מיט אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. אויך עטלעכע קריסטלעכע סטודענטן און ארבעטער שטייען צו צו דער זעלבסטשוץ, גרייט צו פארטיידיקן יידישע לעבנס.

דורך אונדזער פארבינדונג מיט נישט־יידישע סטודענטן־רעוואָלוציאָנערן, זין פון צאַרישע טשינאָווניקעס און אָפיצירן, דערוויסן מיר זיך אַקוראַט דעם טאָג ווען דער פּאָגראָם דאַרף אויסברעכן. מיר האָבן געהאַט אונדזערע אויסשפּירערס אינעם לאַגער פונעם שונא. געדארפט האָט דאָס פאָרקומען ארום אינמיטן נאָוועמבער, 1905. די דאָזיקע פריינד אונדזערע האָבן אונדז איבערגעגעבן, אז די פּאָליציי האָט פאר דעם צוועק מאָביליזירט דעם אָפּפאַל, בויאַנעס, מעסער־העלדן פון שטאָט און דערפער ארום. איצט וואַרטן זיי בלויז אויפן סיגנאַל זיך נעמען צו דער „ארבעט״ אונטער דער דירעקטער אָנפירערשאַפט פון איבערגעטוענע פּאָליציאַנטן. די דאָזיקע פּראַקטיק פון די צאַרישע פּאָגראָמשטשיקעס איז געווען איינע און די זעלבע אין אלע פּאָגראָמירטע שטעט און שטעטלעך. די לאַגע פון די זעלבסטשוצן איז דעריבער אומעטום געווען טאָפּלט געפערלעך. וואָרום וואָלט מען דעם קאַמף געדאַרפט פירן מיט די כוליגאַנעס בלויז, וואָלט געווען אַ האַלבע צרה — מיט זיי אליין וואָלט מען זיך שוין ווי ס׳איז געקאָנט מסתמא ספּראַווען. דאָס ערגסטע איז באשטאַנען אין דעם, וואָס נישט נאָר האָט די פּאָליציי זיי באַשיצט נאָר נאָך אליין דירעקט מיט זיי אָנגעפירט.

ס׳קומט אָן די לעצטע נאַכט. מאָרגן איז דער פאַטאַלער טאָג. די זעלבסטשוץ פון די ס.ס. איז פארזאמלט אינעם טיפן קעלער פון בעריש קופּערס קאַמעניצע, אויף דער לובלינער גאַס. בעריש קופּערס עלטסטער זון, יאַנקעלע קופּער, אין געהיים אַ מיטגליד פון די ס.ס., האָט אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט אונדז אלע שטילערהייט אַהין אריינגעפירט, אין איינעם מיטן אָרעמען ביסל געווער אונדזערס. אין אַ פעסט־אַנטשלאָסענער שטימונג גרייטן זיך אלע צום פרימאָרגן, זיך צו באַגעגענען פּנים־אל־פּנים מיטן בלוטיקן שונא. די נאַכט ווערט דערווייל אויסגענוצט צו אָרגאַנירן זיך. מ׳טיילט זיך איין אין קליינע גרופּעס. דער אומדערשראָקענער יאיר מאנדלבוים איז דער ערשטער אָנצופירן מיט א גרופּע. אויך מיר ווערט איבערגעגעבן א גרופּע און נאָך עטלעכע פון וועלכע כ׳קאָן מיך איצט דערמאָנען נחמן שאַפּראַן. צווישן דער אויף גיך אויפגעשטעלטער זעלבסטשוץ אין קעלער האָט זיך גאַנץ באַזונדער צווישן אונדז ארויסגעהויבן אַ יונגער אַרבעטער, אַ קצב, הויך, ברייט, מעכטיק, אן אמתער גבור, גערופן האָט מען אים שלמה קאלב. געהאַט האָט ער מיט זיך נאָך עטלעכע יונגע,

שטאַרקע קצבים, אַלע מיט בלאַנקע, שאַרפע קצבים־מעסערס אין די כאַליעוועס פון די שטיוול. ווי וועט זיין יענע בויאַנעס, וואָס וועלן זיך מיט זיי באַגעגענען. ס׳געדענקט זיך אויך בן־ציון זעמעלמאַן, אַ סטאָליער, מיט עטלעכע חברים־סטאָליאַרעס — זיי ווידער באַוואָפנט מיט סטאָליאַרסקע העקלעך. צו דעם האָבן מיר נאָך פאַרמאָגט העכער אַ צענדלינג רעוואָלווערן מיט וועלכע דער עולם האָט די גאַנצע נאַכט זיך געלערנט שיסן אין ציל.

ס׳נעמט שאַריען אויף טאָג. דער אַנטשיידנדיקער מאָמענט דערנענטערט זיך. אַלע, אין אַן ערנסטער שטימונג און אַנטשלאָסן, גרייטן זיך מיט די לעבנס צו באַשיצן די טאַטעס, מאַמעס, שוועסטער, ברידער.

אַ קליינער פּאַטרול ווערט אַרויסגעשיקט פון קעלער, זיך שטילערהייט אַרומקוקן, אויסשפּירן צי די פינצטערע באַנדע נעמט זיך שוין ערגעץ־ווו צונויפקלייבן.

פאַרגייט אַזוי אַ שטיקל צייט — פאַר אונדז זעט עס אויס אפשר אַן אייביקייט — ביז אונדזערע אויסשפּירערס יאַווען זיך צוריק. אַריינגעפאַלן אין קעלער זיינען זיי שטאַרק צעהיצטע און אויפגערודערטע. הערצער קלאַפּן האַסטיק — ווער ווייסט וואָס פאַר אַ בשורות זיי טראָגן?! אַלע שטעלן אויף מויל און אויערן ווען זיי נעמען דערציילן:

די גאַנצע צייט האָבן זיי שטילערהייט ~~אַרומגעשפּאַנט~~, גענישטערט, צי קלייבן זיי זיך שוין ערגעץ, די כוליגאַנעס. קיין שום אומגעוויינלעכס באַמערקן זיי דערווייל נישט. ס׳איז שטיל, רואיק, אַלץ ווי געוויינלעך. אַ ביסל שפּעטער נעמט זיך צו זייערע אויערן דערטראָגן אַ ווייטער עכאָ פון עפּעס אַ טומל, וואָס ווערט כסדר אַלץ בולטער. וואָס ווייטער נעמט אַלץ העכער אָפּהילכן דאָס דומפּע טופּען פון פערדישע קאָפּיטעס און דאָס לוסטיקע קאָלערן זיך פון די רעדער פון אַ שווערן וואָגן איבער די שפּיציקע שטיינער, מיט וועלכע די לובלינער גאַס איז ברוקירט. כאַפּט מען תחילת דעם ריכטיקן ציטער — ווער ווייסט וואָס פאַר אַן אומגליק ס׳רוקט זיך דאָ אָן?

ס׳נעמט נישט לאַנג, באַמערקט מען פון דערווייטנס אַ בריקע (אַ גרויסער וואָגן), געשלעפּט פון צוויי שטאַרקע פערד, זיך יאָגן האַסטיק פון הינטן אַרויף, אַלץ נענטער צום צענטער פון דער שטאָט. אינעם העל־זוניקן פרעסטלדיקן פרימאָרגן נעמען זיך פאַר זייערע אויגן אויסשיילן די היימישע פּנימער פון יונגע יידישע בחורים אויף דער בריקע. אַרום צוויי צענדלינג יונגעלייט זיינען אויסגעזעצט אויף דער בריקע, אַלע גוט־באַוואָפנט, מיט באָמבעס אפילו. אָפן פאַר אַלעמען אין די אויגן, אומדערשראָקן, אָן שום פּחד פאַר דער צאַרישער פּאָליציי. דאָס האָט געמיינט שטעלן פּשוט דאָס לעבן אין קאָן! אונדזערע אויסשפּירערס ווערן געפּלעפט פון דעם דאָזיקן אומגעוויינטלעך פאַנטאַסטישן בילד. דאָס מיינט דאָך, אַז אונדזערע ברידער זיינען אונדז געקומען צו הילף אין דער שווערער שעה.

ס׳נעמט נישט לאַנג דערוויסט מען זיך, אַז דאָס האָט דער לובלינער „בונד“ אַרויסגעשיקט אַן אָפּטיילונג פון זיין זעלבסטשוץ קיין כעלם, צו העלפן אונדז זיך אָפּווערן פון די פּאָגראָמשטשיקעס. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געיאָגט די פערד, אָנצוקומען צו אונדז אין צייט.

צו מאַכן עס איצט בקיצור — קיין פּאָגראָם איז שוין יענעם טאָג אין כעלם נישט פאָרגעקומען! פון אַ טאָג פון טרויער איז געוואָרן אַ טאָג פון פרייד.

* * *

ווי אַזוי זשע קאָן מען טאַקע דערקלערן דאָס, וואָס כעלם האָט דעמאָלט אויסגעמידן דעם פּאָגראָם?

זיכער איז קודם, אַז ווען ס׳וואָלט געווען געקומען צו אַ פאַרמעסט צווישן די צוויי כוחות — פון איין זייט די ביז צו די ציין באַוואָפנטע פּאָליציי און פון דער צווייטער זייט די צוויי צענדלינג לובלינער בחורים, — וואָלט זיך עס פאַר אונדזערע ברידער, וואָס זיינען אונדז געקומען העלפן, אויסגעלאָזט מיט אַ מוראדיקער טראַגעדיע. האָט אָבער דאָס פּלוצלינגדיק־אומגעריכטע און אומדערשראָקענע אַריינרייסן זיך אין שטאָט אַריין פון דער לובלינער זעלבסטשוץ, דעמאָנסטראַטיוו מיטן געווער אין די הענט, געהאַט אַזאַ גוואַלדיק פּסיכאָלאָגישן עפעקט אויף דער פּאָליציי, אַז ס׳האָט זיי פּשוט פּאַראַליזירט. די דאָזיקע מאַניפעסטאַציע פון יידישער גבורה און מסירת נפש פון די פאָרלויפערס פון די געטאָ־קעמפערס קעגן די בעסטיאַלישע היטלעריסטן, מיט פערציק יאָר שפּעטער, האָט אַזוי פריטשמעליעט די פּאָליציישע מאַכט, אַז זיי זיינען פּשוט אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ פּאַניק.

און דאָס וואָס די כוואַליעס פון דער 1905־רעוואָלוציע האָבן נאָך דעמאָלט געשלאָגן הויך — האָט אויך געהאַט אַ סך צו זאָגן. דער עיקר אָבער איז געווען דער פאַקט, וואָס מיר האָבן זיך נישט פאַרלאָזט אויף קיין נסים, וואָס מיר זיינען געווען פעסט אַנטשלאָסן צו געבן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, ווי טייער מיר זאָלן נישט דאַרפן באַצאָלן. זיי האָבן דערשמעקט אַז אויב בלוט וועט זיך מוזן גיסן, וועט עס דאָס מאָל נישט זיין בלויז אונדזער בלוט, אַז אויך זיי וועלן נישט גלאַט אָפּשניידן. האָבן זיי אַראָפּגעלאָזט די הענט און אין איילעניש זיך צוריקגעצויגן פון זייערע פּאָזיציעס.

קורץ, אַ דאַנק די אַלע דאָ אויסגערעכנטע סבות, איז כעלם דעמאָלט, מיט אַ קנאַפּן האַלבן יאָרהונדערט צוריק, ניצול געוואָרן פון אַ בלוטיקן פּאָגראָם מיט מי יודע וויפיל קרבנות, און די יידן זיינען אָפּגעקומען מיט שרעק בלויז.



אַ גרופּע יידישע יונגעלייט פון ספּאָרט־קלוב „מכבי“ אין כעלם אין יאָר 1933.

שמואל שאַרגעל, ישראל

# צו דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־פאַרטיי פועלי־ציון (לינקע) אין כעלם

אין יאָר 1916, אונטער דער אָקופּאַציע פון דער דייטש־עסטרייכישער מאַכט, זיינען אין שטרענגער געהיימניש זיך צוזאַמענגעקומען די איינצעלנע חברים, וואָס זיינען געווען אָנהענגער פון דער פאַרמלחמהדיקער פועלי־ציון־פאַרטיי, און אויסגעקליבן פון זיך א פאַרטיי־לייטונג, זיך פאַרבונדן מיט די צענטראַלע אינסטאַנצן אין פוילן, און אָנגעהויבן פירן זייער טעטיקייט ווי אַ פאַרטיי. די דערמאָנטע צענטראלע אינסטאַנץ האָבן מיט אינטערעס אויפגענומען די ניי־אויפגעקומענע אָרגאַניזאַציע און האָבן אַראָפּגעשיקט קיין כעלעם דעם דיכטער ל ייב מ ל א ך און — א ביסל שפּעטער, דעם פּאָליטישן טוער ק אָ פּ ל ד ו אַ. דאָס האָט צוגעגעבן מוט און די פאַרטיי־אָרגאַניזאציע איז צוגעטראָטן צו אַ גאַנצער ריי טעטיקייטן, פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע. צוערשט איז די אָנפירונג פון דער פאַרטיי געווען אין די הענט פון וועווקע גאָטליב, שלמה דימענט, יאַנקל שרויט, לייבל ראָזנבליט, רחל דובקאָווסקא, אהרן דוד היפּשמאַן, מאיר בוים, יאַנקל דרעקסלער, נחום לאַקס, בינשטאָק, לייזער פעלדמאַן, ברוך בעקער, משה לארבער און אנדערע.

פון דער פאַרבליבענער אינטעליגענץ פון דער עסטרייכישער אָקופּאַציע־ארמיי, פון וועלכער עס האָבן גענאָסן אויך אַנדערע פּאַרטייען, האָבן פועלי־ציון אין כעלם געקראָגן א גרויסן געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן כוח אינעם קאַפּיטאַן ד״ר מ ש ה ק אַ נ פּ ע ר און זיין פרוי ג ע ז ע ל אַ.

אין דער ערשטער צייט האָט זיך די פּאַרטיי־ארבעט באַגרענעצט אויף בלויזער ריין־ווירטשאפטלעכער הילף פאַר דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג. עס ווערט אָפּגעדונגען דער גרויסער פיינער לאָקאַל אויף לובלינער 27, ביי בעריש קופּער, און עס ווערט דאָרט איינגעאָרדענט א טיי־האַלע, וואָס דינט ווי אַן ארבעטער־היים. דאָרטן, פּונקט ווי אין די לאָקאַלן פון אַנדערע פּאַרטייען, געפינען זייער שטיצע די פּרנסהלאָזע און אַרבעטלאָזע יידן פון כעלם, אין דער פאָרעם פון ארויסגעבן אומזיסטע מיטאָגן, טיילן פּראָדוקטן א.א. כדי צו קאָנען בעסער דינען דער נויטליידנדיקער יידישער באַפעלקערונג, גרינדעט די פּאַרטיי א קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי, אין קעלער פון לאָקאַל און א קאָנסום־קאָאָפּעראַטיוו אויף דער פּשעכאָדניע גאַס.

אין די אָוונטן און אין די שבתים ווערט דער לאָקאַל אויסגענוצט פאַר א ברייט־פאַרצווייגטער קולטור־ארבעט, וואָס ברענגט אריין לעבעדיקייט צווישן די יידישע ארבעטער. אין יענער צייט איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע יידישע פאָלקשול און די באָראָכאָוו־ביבליאָטעק.

מיטן אויפקום פון דער פוילישער רעפּובליק, ווען עס ווערן לעגאַליזירט יידישע פּאַרטייען, האָבן זיך געעפנט ברייטע האָריזאָנטן אויך פאַר דער טעטיקייט פון דער פועלי־ציון פּאַרטיי, וועלכע איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער גרעסטער און אָנגעזעענסטער ארבעטער־פּאַרטיי אין שטאָט. די ארבעט האָט זיך אזוי צעוואַקסן און צעצווייגט, אז כדי איבערצוגעבן א געטריי בילד פון די אַלע טעטיקייטן מוז מען זיך אָפּשטעלן אויף א סך צווייגן. די פּאַרטיי איז געווען טעטיק אין פּאָליטישן לעבן און אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, אין שטאָט־ראַט און אין דער יידישער קהילה, אויפן פעלד פון יידיש־וועלטלעכן שולוועזן און יידישער קולטור. עס וואַקסט אויף אַ יוגנט־באַוועגונג אונטער דער אָנפירונג פון: שניאור וואַסערמאַן, עקיבא וויניק, די ברידער שאַרגעל, ראובן פּרוכט, דודל גאָלדרייך, מאָנעס ציטרין, יענקל זיסבערג, יצחק קאָרנזייער און אַנדערע.

די ערשטע גרויסע פּאָליטישע אַקציע פון די פועלי־ציון אין כעלם איז געווען די וואַל־קאָמפּאַניע צום 1־טן פוילישן סיים, אין יאָר 1919.

צו יענער צייט איז פועלי־ציון אין כעלם געווען די איינציקע פּאַרטיי אויף דער יידישער גאַס, וועלכע האָט זיך באַטייליקט אין די וואַלן. די יידישע בירגערלעכע פּאַרטייען האָבן אין כעלם און אין ראַיאָן נישט ארויסגעשטעלט קיין אייגענע ליסטעס, ניט ווילנדיק זיך אריינמישן אינעם טעריטאָריעלן סכסוך צווישן פוילן און דער סאָוועטישער אוקראַינע, וועלכע האָט פּרעטענדירט אויף כעלמשטשיזנע.

דער פועלי־ציון פּאַרטיי איז געלונגען צו באַווירקן גרויסע טיילן פון דער יידישער ארבעטערשאַפט און אָרעמקייט לטובת זייער וואַל־נצחון.

דער רעזולטאַט פון די וואַלן איז געווען: דאָס אויסוויילן דעם ד״ר מ אַ ק ס ר אָ ז נ פ ע ל ד אלס סיים־רעפּוטאַט צום 1־טן פוילישן סיים.

ד״ר מאַקס ראָזנפעלד איז, פאָרנדיק איבערנעמען זיין מאַנדאט, אויפן וועג געשטאָרבן און אויף זיין אָרט איז אריין ד״ר יצחק שיפּער, וועלכער איז דערנאָך אוועק מיט די רעכטע פועלי־ציון, און שפּעטער אינגאַנצן אריבער צו די אלגעמיינע ציוניסטן.

פון די שפּעטערדיקע סיים־וואַל־קאמפּאניעס, ווו די כעלעמער פועלי־ציון האָבן געשפּילט א וויכטיקע ראָל, איז כדאי צו דערמאָנען דעם בלאָק מיטן „סעלראַב״.

צו די סיים־וואַלן פון יאָר 1928, האָבן די פועלי־ציון־(לינקע) אין פוילן געשלאָסן א בלאָק מיט דער לינקער אוקראַינישער פּויערים פּאַרטיי — „סעלראָב״, אז אין 2 וואַל קרייזן פון געדיכטבאַוווינטע יידישע און אוקראַינישע מאַסן זאָלן ארויסגעשטעלט ווערן געמיינזאַמע ליסטעס. דאָ איז אויף די כעלעמער פועלי־ציון אויסגעפאלן א וויכטיקע און פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע: פון איין זייט — די פּאָליטישע אויפקלערונג וועגן דער באַדייטונג פון אזא בלאָק, פון דער צווייטער זייט — די טעכנישע דורכפירונג פון אזא גרויסער וואַל־קאָמפּאניע. עס האָבן זיך אויך געפאָדערט גרויסע געלט־מיטלען.

דער אויפגעוועקטער אינטערעס צו פועלי־ציון אין שטאָט און אין ראַיאָן און דער נצחונדיקער רעזולטאַט פון דער 1־טער סיים־וואַל־קאָמפּאניע איז ווי געהעריק דיסקאָנטירט געוואָרן. ס׳איז פאַרפעסטיקט און איינגעשטעלט געוואָרן א נאָרמאלע פּאַרטיי־אַרבעט אין שטאָט און ס׳זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן פּאַרטיי־אָרגאניזאציעס אין די נאָענטע שטעטלעך, אזוי אז אויף דער ערשטער פועלי־ציון ראַיאָן־קאָנפערענץ פון כעלעמער און לובלינער קרייז, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 10־טן אָקטאָבער, 1919, אין לובלין, האָבן זיך באַטייליקט דעלעגאַטן פון כעלעמער ראַ־

יאָן: הרוביעשאָוו, וואָיסלאָוויץ) טישאָוויץ, לובאָמל, דוביענקאָ, וולאָדאָווע און רייוויץ.

דער 1־טער מאַי, 1920, איז געפייערט געוואָרן דורך די פועלי־ציון מיט אויסערגעוויינטלעכן פארנעם. ביי א פול געפּאַקטן זאַל איז געעפנט געוואָרן דער מאי־מיטינג. אין מיטן איז אָנגעקומען די „יוגנט"־אָרגאַניזאציע מיט איר אייגענער פאָן, וואָס האָט ארויסגערופן ביים עולם א גרויסע באגייסטערונג. דער זאַל איז געוואָרן קליין און מ'האָט געמוזט דעם מיטינג איבערטראָגן אויפן הויף. אויסגעשטעלטע אין רייען, מיט פענער און לאָזונגען, האָבן די פועלי־ציון מאַרשירט צום מאַרק־פלאץ, ווו זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער אלגעמיינער דעמאָנסטראַציע פון פּ.פּ.ס. און „בונד".

צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון יידישן כעלם האָבן יידישע ארבעטער און יוגנטלעכע דעמאָנסטרירט איבער די גאַסן פון שטאָט מיט רויטע פענער אונטערן געזאַנג פון יידישע רעוואָלוציאָנערע לידער.

אויפן מארק־פלאַץ איז פאָרגעקומען א בשותפותדיקער מיטינג. (אלע רעדעס זיינען געהאלטן געוואָרן אין דער פוילישער שפּראַך, דאָס איז געווען דער באדינג וואָס די פּ.פּ.ס. האָבן געשטעלט ביי די אונטערהאַנדלונגען וועגן אַ געמיינזאַמער מאי־דעמאָנסטראַציע) און נאָך דעם האָט דער אלגעמיינער צוג דורכמאַרשירט די הויפּט־גאַסן פון שטאָט.



א בילד פון ערב די װאַלן צום ערשטן סיים אין פוילן. פאָרשטייער פון צ.ק. פון „פועלי־ציון", אין צענטער ש. יוריס, פאָרן פון כעלם קיין רייוויץ צו אַ װאַל־מיטינג.

דער איינדרוק פון דער אינטערנאַציאָנאלער ארבעטער מאי־דעמאָנסטראַציע, נאָך דעם ווי עס זיינען נאָך געווען אזוי פריש אין זכרון די פּאָגראָמען, און דאָס יאָגן זיך נאָך יידישע בערד דורך די האלערטשיקעס, איז געווען אַ קאָלאָסאַלער.

אָבער די מלחמה, וואָס פוילן האָט געפירט מיטן ראטנפאַרבאַנד האָט אָנגעהויבן אָננעמען אַנדערע פאָרמען: די רויטע אַרמיי האָט איבערגענומען די איניציאַטיוו און מיט יעדן טאָג זיך גערוקט טיפער אין לאַנד. די פוילישע הערשנדיקע קרייזן האָבן געענטפערט מיט... א פארשטארקן אנטיסעמיטיזם און גרויזאַמע רדיפות אויף דער יידישער ארבעטער־באוועגונג.

אין יולי, 1920, זיינען דורכגעפירט געוואָרן רעוויזיעס אין אלע יידישע ארבעטער־אינסטיטוציעס, און גלייכצייטיק אין די היימען פון אלע יידישע געזעלשאפטלעכע טוער, — בירגערלעכע ווי פּראָלעטאַרישע. די רעוויזיעס זיינען געפירט געוואָרן אויף א ברוטאַלן אופן. אלע אָנפירנדיקע טוער זיינען ארעסטירט געוואָרן. די לאָקאַלן זיינען געוואָרן רעקווירירט אָדער פארחתמעט. דעם אינוווענטאַר האָט מען דעמאָלירט.

אין צוויי וואָכן, נאָך די ארעסטן, האָבן אלע מלוכה־אמטן זיך עוואַקואירט פון כעלם, מיטנעמענדיק מיט זיך אויך די ארעסטירטע אַרבעטער־טוער פון פועלי־ציון — אהרן דוד היפשמאַן און זיין ברודער הערש, משה לאָרבער, נחום לאקס, פעדער, משה דיסטלער און בלומע לעווענשטיין.

די פועלי־ציון פּאַרטיי האָט איבערגעפירט די ארבעט אויף אומלעגאַלע רעלסן. אויף א שטרענג־געהיימען אופן איז זיך צוזאמענגעקומען א זיצונג פון די איבערגעבליבענע — נישט ארעסטירטע מיטגלידער פון פּאַרטיי־קאָמיטעט אויף א בוידעם, ווו ס'איז געלעגן באהאלטן לייבל ראָזנבליט. פון דעם דאָזיקן בוידעם אראָפּ האָט דער אויבן דערמאָנטער אָנגעפירט מיט דער גאנצער פּאַרטיי־ארבעט במשך פון דער דאָזיקער אומלעגאַלער עפּאָכע. (לייבל ראָזנבליט איז אין עטלעכע יאָר ארום ארויסגעפאָרן קיין וואַרשע און שפּעטער — קיין פראנקרייך, ווו ר'איז אויך דאָרט געווען זייער אַקטיוו אלס מיטגליד פון די צענטראַלע קאָמיטעטן פון לינקע פועלי־ציון).

לויט א באשלוס פון דער דעמאָלטדיקער בעראטונג, זיינען ארויסגעפאָרן די חברטעס רעגינע דיסטלער און ראָזע לעווענשטיין — וועמען עס איז נאָך לאנגע זוכענישן געלונגען זיך צו דערוויסן, אז די כעלעמער ארעסטירטע געפינען זיך אין דער קיעלצער תפיסה. דער „יוגנט"־פירער עקיבא וויניק איז דעלעגירט געוואָרן צום סיים־דעפּוטאַט, ד"ר שיפּער, צו אינפאָרמירן אים וועגן די ארעסטן און פארלאנגען זיין אינטערווענץ ביי דער צענטראלער מאַכט. נאָך זיין צוריקקומען איז ער אויך ארעסטירט געוואָרן.

אינצווישן האָבן זיך אין די רייען פון „פועלי־ציון אָנגעהויבן די דיסקוסיעס ארום די פּראָבלעמען, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן סדר היום פון וועלט־צוזאַמענפאָר און פוילישן לאנד־צוזאמענפאָר.

אינעם 1־טן לאַנד־צוזאַמענפאָר פון די „פועלי־ציון"־ראַטמענער אין די שטאָט־ראַטן און קהלות אין פוילן, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע אין די טעג פון שבועות, דעם 25־טן און 26־טן מיי, 1928 — האָבן זיך באטייליקט: דער לאווניק, מרדכי עברי, און די 3 ראַטמענער; אהרן דוד היפשמאן, משה בעקער און שמואל בארג.

פון יאָר 1930, ווען נאָך אַן איבעררייס פון 10 יאָר, איז ווידער געלונגען די „פועלי־ציון" ארויסצובאקומען א דערלויבעניש אויף איינצואָרדענען א מאי־דעמאָנסטראַציע, זיינען שוין אזעלכע דעמאָנסטראַציעס פאָרגעקומען יאָר־יערלעך. און מיט יעדן יאָר זיינען די מאַרשירנדע אונטער די פענער פון „פועלי־ציון" געוואָרן צאָלרייכער און גרעסער.

אין די טעג פון 7־טן ביזן 9־טן אָקטאָבער, 1930, איז אין כעלם פאָרגעקומען א ראַיאָן־קאָנפערענץ פון די „פועלי־ציון"־פּאַרטייען פון כעלעמער ראַיאָן. עס האָבן אנטייל גענומען דעלעגאַטן פון וואָיסלאָוויץ, טישאָוויץ, נאכאן, רודא־אַפּאָלין, דוביענקאָ, וולאָדאַווע און קאָוועל. די טאָג־אָרדענונג פון דער קאָנפערענץ איז געווען: 1) די פּאָליטישע לאַגע אין לאַנד און די ריכטליניעס צו דער סיים־וואַל־קאָמפּאַניע; 2) אָרגאַניזאַציע פון דער וואַל־קאָמפּאַניע; 3) וואַל־פאָנד; 4) באריכט פון וועלט־קאָנגרעס פון ארבעטנדיקן ארץ־ישראל, וואָס איז פאָרגעקומען אין בערלין.

צום 25־יאָריקן יובל פון דער „פועלי־ציון"־פּאַרטיי און 15־יאָריקן יובל פון דער כעלעמער אָרגאַניזאַציע איז, אין מאַי, 1931, איינגעאָרדענט געוואָרן א יובל־אקאדעמיע. אין זיין דערעפענונגרעדע האָט יעקב בעקער געגעבן אַן איבערבליק איבער די 15 יאָר

טעטיקייט פון „פּועלי־ציון" אין כעלם. עס האָט גערעדט משה בעקער — אין נאָמען פון „געז. אָוונט־קורסן" און צישאָ; משה בוים — אין נאָמען פון דער „יוגנט"; אפרים ווארזאגער — אין נאָמען פון „יונגבאר"; חבר זרובבל האָט רעפּערירט א.ד.ט.: „פון פּיאָנערן צו מאַסן", דער כאָר האָט געזונגען ארבעטער־לידער, דער דראַמאַטישער קרייז אונטער דער אָנפירונג פון הלל שארגעל האָט אויסגעפירט, זייער געלונגען, עטלעכע נומערן, צום סוף: — אַ 50 יונגבאָריסטן, מיט רויטע פענדעלעך אין די הענט, האָבן דורכגעפירט א ריטמישן מאַרש.

אין יוני, 1931, האָט די פּאַרטיי דורכגעפירט אן אקציע „קעגן ארבעטלאָזיקייט, רעדוקציעס און פאַשיזם". ס'זיינען פאָרגעקומען א ריי פאַרזאַמלונגען און מאַסווּוקעס. זונטאָג, דעם 26־טן יוני, האָט געזאָלט פאָרקומען א מיטינג, וועלכער איז אין דער לעצטער מינוט דורכן סטאַראָסטע פאַרבאָטן געוואָרן. ס'איז פאַראָרדענט געוואָרן דעם אָוונט צו שליסן דעם לאָקאַל. ס'איז, דעריבער, דעם צווייטן אָוונט פאָרגעקומען אויף אן אומלעגאלן אופן א קורצער מיטינג אויף דער פּאָסט־גאַס.

אין מערץ, 1932, האָבן די „פּועלי־ציון" גענומען אן אקטיוון אנטייל אין דער קאָמפּאַניע אויף צו העלפן דעם העלדישן קאַמף פון די שטרייקנדיקע קוילן־גרעבער. אויף די זיצונגען פון שטאָט־ראַט און קהילה זיינען דורך די „פּועלי־ציון"־פראַקציעס אריינגעטראָגן געוואָרן געהעריקע רעזאָלוציעס מיט א פאָדערונג צו שטיצן די שטרייקנדיקע קוילן־גרעבער. אן עפנטלעכער מיטינג איז דורכן סטאַראָסטע פארבאָטן געוואָרן. דעם 16־טן מערץ, אינעם טאָג פון סאָלידארן גענעראַל־שטרייק איבער גאנץ פוילן, האָבן די כעלעמער „פּועלי־ציון" גערופן די יידישע ארבעטערשאַפט מיטשטרייקן. די שטרייק־קאָמיסיעס פון „פּועלי־ציון" זיינען געווען אומעטום ווו ס'האָט זיך נאָר געפונען אן ארבעטווארשטאַט. אויך די פּאָליציי האָט יענעם טאָג געאַרבעט זייער ענערגיש, ארעסטירנדיק א סך חברים.

אין דעצעמבער, 1932, האָט געזאָלט פאָרקומען אן עפנטלעכע געזעגענונג־פאַרזאַמלונג צום אָפּפאָר פון פאַרוואַלטונג־מיטגליד פון דער קהילה — יוליעק ווייסמאַן און זיין פרוי, די לערערין פון דער יידישער פאָלקשול, סערקע — קיין בראַזיל. דער סטאַראָסטע האָט אָבער די פאַרזאַמלונג נישט דערלויבט. די „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי האָט די געזעגענונג מיט איינעם פון אירע עלטסטע חברים איינגעאָרדענט געהיים.

אין יאַנואר, 1934, איז די גאנצע באוועגונג געשטאַנען אקטיוו ביי דער אַרבעט צו אָרגאַניזירן אַ ברייט־געזעלשאַפטלעכע קאָמפּאניע קעגן די נייע סאָציאלע שוץ־געזעצן. אין אלע פראָפ. פאַראיינען, ביי דער „יוגנט" און ביים ספּאָרט־קלוב, זיינען פאָרגעקומען אויפקלער־פארזאמלונגען, און ס'איז אָנגענומען געוואָרן געהעריקע פראָטעסט־רעזאָלוציעס.



„יוגנט"־אָרגאַניזאַציע פון פּועלי־ציון אינעם מאַי־צוג אין 1936.

איינע פון די גרעסטע פּאָליטישע קאָמפּאַניעס, וואָס די „פּועלי־ציון" האָבן דורכגעפירט, איז געווען אין מאַי—יוני, 1936, צום ארבעטער־קאָנגרעס אין קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם. עס זיינען דורכגעפירט געוואָרן צענדלינגער פאַרזאַמלונגען און מאַסווּוקעס פון די מיטגלידער פון די פראָפ. פאַראיינען און אנדערע אינסטיטוציעס. עס זיינען פאָרגעקומען מיטינגען און שטוב־פארזאמלונגען פון גאַסן און ראַיאָנען. דעם 6־טן יוני האָבן געזאָלט פאָרקומען די בשותפותדיקע וואַל־פאַרזאַמלונגען אין א ריי גרויסע לאָקאלן פון שטאָט, אָבער אין דער לעצטער מינוט איז אָנגעקומען אַ מעלדונג פון סטאַראָסטע אז אזוי ווי דער אינערן־מיניסטער האָט פארבאָטן דעם קאָנגרעס, דערלויבט ער ניט איינצואָרדענען די וואַל־פאַרזאַמלונגען.

דער שטאָטישער צווישן־פּאַרטייאישער וואַל־קאָמיטעט פון קאָנגרעס האָט אויף זיין זיצונג באשלאָסן, אז די כעלעמער „פּועלי־ציון" זיינען באַרעכטיקט צו שיקן צום קאָנגרעס 16 דעלעגאַטן, לויט פאָלגענדן אופן:

| | | |
|---|---|---|
| פאר די פארשפּרייטע 1200 וואַל־קאַרטן — — — — — | 5 | דעלעגאטן |
| דער נאָדל־פאראיין (דער גרעסטער אין שטאָט) — — | 1 | " |
| אלע איבעריקע פראָפ. פאראיינען ביי „פּועלי־ציון" — | 1 | " |
| די „צישאָ"־אָרגאַניזאציע — — — — — — — — — — | 2 | " |
| די באָראָכאָוו־ביבליאָטעק — — — — — — — — — — | 1 | " |
| די ראַטמענער פון שטאָט־ראַט און קהילה — — — — — | 6 | " |
| | 16 | " |

נאָך די פּאָגראָמען פון פּשיטיק און בריסק האָט אויך אין כעלם אָנגעהייבן בושעווען כוליגאַנישער אנטיסעמיטיזם. דער עקאָנאָמישער באָיקאָט און די אנטיסעמיטישע שטייער־מאַשין האָבן רואינירט גרויסע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג. די שיכטן פון די אַרבעטלאָזע און נויטבאדערפטיקע זיינען געוואָרן אלע מאָל אלץ גרעסער און געדיכטער. די „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי האָט געענטפערט מיט אַ פארשטאַרקטן קאַמף אין שטאָט־ראַט און אין קהילה, פאר די רעכט און גלייכבארעכטיקונג פון די יידישע מאסן, פאר פארטיילן הילף די ארבעטלאָזע און נויטבאדעפטיקע, און האָבן אויך פארגרעסערט און אויסגעברייטערט די פראָפעסיאָנעלע באוועגונג.

17־טער דעצעמבער, 1938. פונקט ווי אלע יאָר איז אויך דאָס יאָר איינגעאָרדענט געוואָרן א גרויסע באָראָכאָוו־אַקאַדעמיע, צו דעם 21־טן יאָרצייט פון אומפארגעסלעכן פירער און לערער, ב. באָראָכאָוו. קיינעם פון די אָנוועזנדע אויף דער גרויסער פייערונג איז נישט איינגעפאלן, אז דאָס איז די לעצטע פייערונג אין יידישן כעלם.

## ארץ־ישראל־ארבעט

אין דער פּאָליטישער דערציאונג־אַרבעט פון די כעלעמער „פּועלי־ציון" האָבן פארנומען א בכבודיק אָרט די ארץ־ישראל־פּראָבלעמען: די אידעאָלאָגישע, ווי די טאָג־טעגלעך פראַקטישע. די פּאַרטיי אין כעלם האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די זאַמלונגען פארן „פּאַלעסטינע ארבעטער־פאָנד", און געגרייט קאדרען צו עולה זיין קיין ארץ־ישראל. אין 1925 יאָר איז דורכגעפירט געוואָרן א דערפאָלגרייכע ביכער־זאמלונג פאר דער ברודער־פּאַרטיי אין ארץ־ישראל: עס זיינען צונויפגעזאַמלט און אָפּגעשיקט געוואָרן עטלעכע הונדערט יידישע ביכער.

מיטן אנטייל פון ד"ר ברוך אייזנשטאַט איז פאָרגעקומען א פראָטעסט־מיטינג קעגן די פּאַלעסטינע־אַמטן, וועלכע רעכע־

נען זיך נישט מיט דער נויט און עמיגראציע־באַדערפעניש פון דער יידישער ארבעטערשאפט ביים פארטיילן די סערטיפיקאַטן. (די סערטיפיקאַטן פלעגן פארטיילט ווערן צווישן אלע ציוניסטישע גרופּירונגען, אויסער לינקע „פּועלי־ציון״).

אין צוזאמענהאַנג מיט די רדיפות אויף יידיש אין ארץ־ישראל און דעם אָנפאַל אויפן „פּועלי־ציון״ קלוב אין תל־אביב, איז דעם 10־טן סעפּטעמבער, 1928, פאָרגעקומען א פּראָטעסט־מיטינג, ווו עס זיינען ארויסגעטראָטן מיט רעדעס: מרדכי עברי, יעקב בעקער, דוד גאָלדרייך, חיים גוטמאַן און פייוול פריד.

די בלוטיקע געשעענישן אין ארץ־ישראל פון יאָר 1929 האָבן פּונקט ווי אומעטום אויך אין כעלם ארויסגערופן א גרויסע אויפרעגונג, פארביטערונג און פּראָטעסט. די „פּועלי־ציון״־פּאַרטיי האָט, אין צוזאמענהאנג מיט די געשעענישן, דורכגעפירט א גרויסע אויפקלער־קאָמפּאַניע, מיט פאַרזאַמלונגען און מאַסווּקעס פון אלע פאראיינען און קולטור־אינסטיטוציעס.

דעם 31־טן אויגוסט, 1929, איז פאָרגעקומען א מיטינג וועגן „די בלוטיקע געשעענישן אין ארץ־ישראל״, מיט דער באטייליקונג פון משה בעקער, שרה טענענבוים, יעקב בעקער און יוליעק ווייסמאַן.

אין עטלעכע וואָכן ארום איז אין שטאָטישן קינאָ־זאַל „ווערסאַל״, פאָרגעקומען א רעפעראַט פון חבר זרובבל, א.ד.ט.: „די לערע פון די פּאַלעסטינער געשעענישן״. אין אָוונט האָט חבר זרובבל רעפערירט אין לאָקאל וועגן דער אנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראטור און קולטור אין פּאַלעסטינע און דער ראָל פון „פּועלי־ציון״ אינעם פארשפּרייטן דאָס יידישע געדרוקטע וואָרט אין ארץ־ישראל. אויפן אָרט איז געזאמלט געוואָרן א גרעסערע סומע געלט לטובת דעם הילף־פאָנד פאר דער ארץ־ישראלדיקער „פּועלי־ציון״־פּאַרטיי.

זומער, 1930, נישט געקוקט אויף די גרויסע היצן, איז דורכגעפירט געוואָרן אַן אויפקלער־קאמפּאניע וועגן אנטייל פון „פּועלי־ציון״ אינעם וועלט־קאָנגרעס פונעם ארבעטנדיקן ארץ־ישראל, וואָס איז פאָרגעקומען אין בערלין, אין סעפּטעמבער, 1930. אין דער פּאַרטיי גופא האָבן זיך דאַן געפירט ליידנשאפטלעכע דיסקוסיעס ארום דער טאָג־אָרדענונג פון קאָנגרעס און דער דעקלאַראציע, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט — בלויז אין עברית. די אָרגאַניזאַטאָרן פון קאָנגרעס האָבן קוים מסכים געווען, אז צו דער אָפיציעלער העברעאישער דעקלאַראַציע זאָל מען ביילייגן א יידישע איבערזעצונג. אויף איינער אַ פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג, ווו מען האָט דיסקוטירט וועגן די פראַגן, האָט דער טרעגער, מאָטל קארפּ, אין זיין ארויסטרעטונג אויסגערופן: „איך בין א טרעגער, 2 זעקלעך מעל קאָן איך טראָגן אפילו אויף איין מאָל, אָבער קיין 2 דעקלאראציעס ווייס איך נישט צי כ׳וועל קאָנען טראָגן...״

בעת די אומרועז אין ארץ־ישראל, אין יאָר 1936, האָט די פּארטיי געפירט א ברייט־פארצווייגטע אויפקלערונג־ארבעט, אויף מיטינגען, מאַסווּקעס און פאַרזאַמלונגען.

אין מאַי, 1938, איז איינגעאָרדענט געוואָרן אַ פייערלעכער ארויסטריט פונעם פארשטייער פון דער ארץ־ישראלדיקער „פּועלי־ציון״־פּאַרטיי, דעם חבר לייבל בן־שמעוני.

אין די וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס פון יאָר 1939, הארט ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן זיך די כעלעמער „פּועלי־ציון״ זייער אקטיוו באטייליקט. ס׳איז דער פּאַרטיי געלונגען צו באוועגן א גרויסע צאָל יידישע ארבעטער, זיי זאָלן, אונטער דער פאָן פון „פּועלי־ציון״, אנטייל נעמען אין די דאָזיקע וואַלן.

אין יוני, 1939, איז פאָרגעקומען די לעצטע גרויסע עפנטלעכע מאניפעסטאַציע פאר ארץ־ישראל, מיט דער פאָרלעזונג פון חבר זרובבל. די אויסרופן פון חבר זרובבל קלינגען מיר נאָך יעצט אָפּ ווי אן עכאָ און א לעצטע וואָרנונג צו ראטעווען זיך פון אָנקומענדיקן שטורעם!...

## די פּראָפעסיאָנעלע ארבעט

אין דער צייט, ווען די „פּועלי־ציון״ האָבן שוין געהאַט א שיינע ארבעטער־פּאַרטיי און יוגנט, און אנדערע וויכטיקע פּלאַצוווקעס, ווי: שול, ביבליאָטעק און פאָלק־אוניווערסיטעט און אַנדערע אינסטיטוציעס, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון ארייַנדרינגען אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. מען האָט געמוזט ווירקן אויף חברים, אז זיי זאָלן ווערן מיטגלידער אין די דעמאָלט עקסיסטירנדיקע פּראָפּ. פאראיינען, וועלכע זיינען געווען אונטער דער השפעה פון „בונד״ און „רויטע״. אין רעזולטאַט, איז אין אָקטאָבער, 1925, אויף דער אַלגעמיינער וואַל־פאַרזאַמלונג פון נאָדל־פאראיין (וועלכער איז אינגאנצן געווען אונטער דער השפעה פון די יידישע „רויטע״) אויסגעקליבן געוואָרן צוויי חברים פון „פּועלי־ציון״ אין דער פארוואלטונג.



עקזעקוטיוו פון פּועלי־ציון אין 1930. ערשטע ריי פון רעכטס: חנה שאַרגעל, יעקב פעטערזייל, אסתר שרויט—וואַרזאגער און מאָטעק עברי. אונטערשטע ריי: ש. שארגעל, י. בעקער און ח. וואַרזאגער.

א סך מי און ענערגיע איז ארייַנגעלייגט געוואָרן אין דער אָרגאַניזירונג פון יענע פאראיינען און סעקציעס, וואָס זיינען נאָך ביז דעמאָלט נישט געווען אָרגאַניזירט: ווי האנדלס־אָנגעשטעלטע, דרוקער, פאבריק־ארבעטער, טראַנספּאָרט־פאראיין, און די לעדער־ארבעטער (קאַמאַשן־מאַכער און רימער). די דערגרייכונגען אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט זיינען סומירט געוואָרן מיט דער אָרגאַניזירונג און גרינדונג פון „קולטור־אמט״, אן אָפּטיילונג פון צענטראַל־ראַט פון די היימישע פּראָפּ. פאראיינען אין פּוילן, וועלכער איז געווען אונטער דער השפעה פון „פּועלי־ציון״.

ס׳איז אוועק א שיינע רירעוודיקע ארבעט אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט, מיט שטרייקן און קאמפן פאר בעסערע לוינען, אורלויבן א.א.וו. דערווייל האָט זיך דער עקאָנאָמישער קריזיס אין לאנד פארשארפט און מיטן אָנקומען פון ווינטער 1927/28 איז ביי דער יידישער ארבעטערשאפט אין כעלם געווען א גרויסע ארבעטלאָזיקייט. צו דעם איז נאָך צוגעקומען דער פּלוצלינגדיקער באַנקראָט פון דער מיל פון שמואל רובין און שותּפים, און ס׳האָט זיך פארגרעסערט די ארבעטלאָזע משפּחה מיט נאָך עטלעכע צענדליג מענטשן.

די אָנפירונג פון טראַנספּאָרט־פאַראיין, צו וועמען די לעצטע האָבן זיך געווענדט, ניט זייענדיק נאָך ביז דעמאָלט אָרגאַניזירט, האָט געמאַכט באַמיאונגען צו באַקומען אַנטשעדיקונג פאַר די אָן־ארבעט פארבליבענע מיל־ארבעטער, אָבער ס׳איז דערפון גאָרנישט ארויסגעקומען. מיטן דערנענטערן זיך פון פרילינג האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרבעטן אויף דער באַן־דירעקציע (אין צוזאַמענהאַנג מיטן באשלוס פון דער פוילישער רעגירונג אריבערצופירן די ראַדאָמער באַן־דירעקציע קיין כעלם, כדי אזוי ארום צו שאפן א געזיכערטע פוילישע מערהייט אין דער כעלעמער געגנט, ווו עס וווינען א מערהייט יידן און אוקראאינער) און דאָס האָט אריינגעבראכט א שטיקל אויפלעבונג. דער קולטור־אַמט האָט געעפנט א ביוראָ פאר רעכט אויף ארבעט, ווו ס׳האָבן זיך רעגיסטרירט אריבער 150 יידישע און 30 פוילישע ארבעטלאָזע. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש ווי ווייט די השפעה פון „פועלי־ציון“ אין דער פראָפ.־באוועגונג איז אריינגעדרונגען אויך צווישן די פוילישע ארבעטער, אז די פוילישע ארבעטער, וואָס האָבן זיך רעגיסטרירט אין „ביוראָ“, האָבן דערקלערט, אז זיי האָבן ניט קיין צוטרוי צו זייער פוילישער ביוראָ, און פוילישע שוואַרץ־אַרבעטער זיינען געקומען אין קולטור־אַמט און געבעטן, אז מען זאָל זיי אָרגאַניזירן אין אַ פראָפ.־פאַראיין.

אין סעפּטעמבער, 1928, האָבן זיך געווענדט די מיל־ארבעטער, אז מען זאָל זיי אָרגאַניזירן אין א באַזונדערן מיל־ארבעטער־פאַראיין. ווי נאָר דער פאראיין איז לעגאַליזירט געוואָרן איז מען תיכף צוגעטראָטן צו א לוין־אַקציע. נאָך א דריי־טאָגיקן שטרייק איז געוואונען געוואָרן: 1) א לוין־הוספה פון 25% ביז 35%; 2) דאָס אנערקענען דעם פאראיין; 3) דאָס צונעמען ארבעטער און אָפּזאָגן נאָר דורך דעם פאַראיין. די אַקציע וועלכע האָט ארומגענומען אלע מילן פון שטאָט איז אָנגעפירט געוואָרן דורכן סעקרעטאר פון פאראיין, ראטמאן משה בעקער. דעם 8־טן אָקטאָבער איז לכבוד דעם נצחון פאָרגעקומען א פייערלעכע פארזאמלונג פון אלע מיל־ארבעטער, יידישע און פוילישע צוזאמען. מיט באגריסונג־רעדעס זיינען ארויסגעטראָטן דער לאווניק מרדכי עברי — אין נאָמען פון דער פ.צ.־פראַקציע אין שטאָט־ראַט — און יצחק קאָרנזייער — אין נאָמען פון די כעלעמער פראָפ. קלאסן־פאראיינען.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט דער פראָפ.־פאראיין פון די מיל־ארבעטער דורכגעפירט א גאנצע ריי לוין־אקציעס. בעת איינער אזא אַקציע, האָט דער מיל־אייגנטימער, מאיר פרענקל, ארויסגעכאַפּט א רעוואָלווער און געדראָט צו דערשיסן דעם פאראיין־פאָרשטייער, דעם ראטמאן משה בעקער. אָבער די פעסטע האלטונג פונעם דערמאָנטן חבר און פון די ארבעטער נעבן אים האָט געצווונגען די בעל־הבתים נאָכצוגעבן די ארויסגעשטעלטע פאָדערונגען. דאָס האָט געהאַט א קאָלאָסאלע ווירקונג נישט נאָר אויף די יידישע, נאָר אויך אויף די פוילישע אַרבעטער, וועלכע האָבן ביי די שטאָט־ראַט־וואַלן אגיטירט און, טיילווייז, געשטימט פאר דער ליסטע פון „פועלי־ציון“. אין מערץ־אפּריל, 1937, האָט געדויערט עטלעכע וואָכן דער אָקופּאציע־שטרייק פון א גרופּע מיל־ארבעטער אין א מיל. די פאָדערונג פון די ארבעטער איז געווען: א באשיידענע לוין־הוספה, וועלכע די אייגנטימער האָבן נישט געוואָלט נאָכגעבן, די שטרייקנדיקע ארבעטער האָבן די גאַנצע צייט פון שטרייק נישט פארלאָזט די מיל. דער פראָפ.־ראַט האָט פּראָקלאמירט א זאמל־אקציע צווישן די מיטגלידער פון אלע פראָפ־פאראיינען לטובת די שטרייקנדיקע.

אין יאָר 1929 איז אָרגאַניזירט און לעגאַליזירט געוואָרן דער פאראיין פון די בוי־ארבעטער. גאָר א שווערן קאמף איז געווען אויסצושטיין ביים פארטיידיקן די מאַלערס. אויף זייערע רעכט צו זיין אָרגאַניזירט אין א פראָפ. פאראיין, האָבן די מייסטערס געענטפערט מיט טעראָר און שיקאַנעס און אפילו געלאָזט ארעסטירן עטלעכע ארבעטער, פארמסרנדיק, אז זיי זיינען קאָמוניסטן.

צוליב פּאָליטיש־פּאַרטייאישע סכסוכים, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין באקליידונג־פאראיין, וועלכער האָט זיך געפונען אונטער דער השפעה פון די „רויטע“, איז אוועק פון זיי די דאַמען־סעקציע און זיך אָנגעשלאָסן אין דעם נאָדל־פאַראיין פון די לינקע „פועלי־ציון“, אויף לובלינער 10.

צום פרילינג־סעזאָן פון 1929 איז, אין דעם דערמאָנטן דאַמען־פאַך, דורכגעפירט געוואָרן מיט דערפאָלג א לוין־אַקציע, וועלכע האָט געהאַט א גרויסע השפעה אויף דער ווייטערדיקער אָרגאַניזירונג פון אלע נאָדל־ארבעטער. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט דער נאָדל־פאראיין, אונטער דער אָנפירונג פון „פועלי־ציון“, וואָס האָט שוין ארומגענומען כמעט אלע יידישע נאָדל־ארבעטער פון שטאָט, זיך אויסגעטיילט מיט זיינע אקטיווע און באַוווסטזיניקע טוערס און זיך ארויסגערוקט ווי דער אַוואַנגאַרד פון דער יידישער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאפט. אין זיינע פּילמאָליקע אקציעס פאר לוין־העכערונגען און קעגן לוין־רעדוקציעס, וואָס דער נאָדל־פאראיין האָט געפירט, האָט ער שטענדיק געפונען די וואַרעמסטע סימפּאַטיע און אונטערשטיצונג פון דער אָרגאַניזירטער יידישער ארבעטער־באוועגונג.

צווישן די אקטיווע טוער פון נאָדל־פאראיין זיינען געווען: גרונע בריק—זילבערמאַן, שאָשע ראָזנבליט—ראָזנבלום, פייגע בוים—בעקער, אסתר שרויט—ווארזאגער, מנחם קאפּעלמאַן, חיים ברוך וואָרזאגער, רחל עפּלצווייג, ליבע עלצטער, משה סטאל, בענטשע מיצפּליג און יצחק עפּלצווייג.

א קורצע צייט האָט אויך עקסיסטירט אַ סעקציע פון היטפּוצערקעס ביים נאָדל־פאראיין.

דער האנדל און ביוראָ אָנגעשטעלטער פאראיין, וועלכער איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1925 מיט א קליינער צאָל מאנופאקטור־אָנגעשטעלטע, איז אין 1929 שוין געווען דער 2־טער לויט זיין גרויס און פאַרנעם פון די פראָפ.־פאַראיינען און האָט ארומגענומען כמעט אלע אָנגעשטעלטע פון שטאָט. סיי די פארוואלטונג אלס גאנצע און סיי די סעקציעס־פארוואלטונגען פון טאַנדעט־ארבעט זיינען געווען זייער רירעוודיק און אקטיוו. די אקציעס און שטרייקן, וואָס זיינען דורכן פאַראיין געפירט געוואָרן, טיילמאָל געגנוג פארביטערטע און שארפע, האָבן געהאָלפן די אָנגעשטעלטע צו דערגרייכן לוין־העכערונגען און אקעגנשטעלן זיך די לוין רעדוקציעס. ס׳איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די אַרבעט אויף פּראָצענטער און ס׳זיינען דערגרייכט געוואָרן געצאָלטע אורלויבן און ס׳איז ליקווידירט געוואָרן די ארבעט אין די שבת־צונאַכטן.

צווישן די אַקטיווע טוער פון פאַראיין פון האַנדל און ביוראָ־אָנגעשטעלטע זיינען געווען: מענדל ווינער, הערש עדעלשטיין, דניאל פעלדמאַן, שמואל שאַרגעל, חיים ווארזאגער, חיים ביבעל, אליקים עלצטער, משה באקאלאזש, שעכטערזאָן, יאנקל און שמואל־יאָסל בעקער.

דער דרוקער־פאַראיין האָט אין 29־טן יאָר זיך פארשטענדיקט מיט די פוילישע דרוקער־ארבעטער פון שטאָט און זיי אריינגענומען אין זיינע רייען, ר׳איז אזוי ארום פארוואנדלט געוואָרן אין אן אינטערנאציאָנאלן פאראיין. די פארוואלטונג וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן דעם 26־טן יוני ד.י. איז באשטאַנען פון: א. ד. היפשמאן, פעלדמאן, וואָלפסאָן, הערש בערמאן און שלמה שאַפּירא.

אין פעברואר, 1935, איז פּראָקלאמירט געוואָרן די אַקציע, אז יעדער אַנשטאַלט מוז באשעפטיקן מינדסטנס איין ארבעטלאָזן עלטערן ארבעטער. די אַקציע איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. ביי דער אָנפירונג האָבן זיך געפונען, צווישן אנדערע: יאנקל פענסטערמאַכער, משה וואַסערמאַן, מאיר זאָנענשיין א"אנד.

אויך די ארבעטאָרינס פון די צוקערקעס־פאבריקן האָבן זיך אָרגאַניזירט. זייערע פארדינסטן זיינען געווען זייער קליינע, ממש הונגער־לוינען. דעם 28־טן יוני, 1929, זיינען פאנאנדערגעשיקט געוואָרן די ערשטע אויפפאָדערונגען צו די בעלי־הבתים אויף א 20 פּראָצענטיקער לוין־הוספה. א טייל האָבן באלד נאָכגעגעבן די פאָדערונג און די איבעריקע האָבן נאָכגעגעבן ערשט נאָך דעם, ווי מ'האָט פאשטרייקט.

דעם 10־טן אויגוסט, 1929, איז פאָרגעקומען די ערשטע אָרגאַניזיר־פארזאמלונג פון די בעקער־ארבעטער. אין אָנהייב האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט ווי אַ סעקציע ביים דערנערונג־פאַראיין און שפּעטער זיינען זיי אויך געוואָרן א באזונדערער בעקער־פאַראיין. די ארבעט־באַדינגונגען פון די בעקער־ארבעטער זיינען געווען זייער שווערע. די נישט־היגיענישע פרימיטיווע איינריכטונג פון די בעקערייען; דאָס ארבעטן 12 און מער שעהן טעגלעך, און דער עיקר, וואָס די ארבעט איז געווען נאַכט־ארבעט. פאר יעדן מינדסטן פּרווו צו פארבעסערן די לאגע פון די בעקער־ארבעטער האָט מען געמוזט ביטער און שווער קעמפן. שפּעטער איז אויך אונטערגעקומען די פּלאָג פון ארבעטלאָזיקייט אין פאַך, און ס'איז איינגעשטעלט געוואָרן, אז יעדער באשעפטיקטער חבר גיט אָפּ איין אָוונט אין דער וואָך פאר אן ארבעטלאָזן חבר. אין יאָר 1931 האָבן די מייסטער אָנגעהייבן רייסן די לוינען און באשעפטיקן ביליגע נישט־אָרגאניזירטע ארבעטער. די פאראיין־אָנפירונג האָט איינגעשטעלט ספּעציעלע קאָנטראָלערן, וועלכע זיינען יעדן אָוונט ארומגעגאנגען קאָנטראָלירן די בעקערייען. אין איינעם אזא אָוונט בעת א קאָנטראָל אין א בעקעריי איז געקומען צו א שארפן סכסוך מיטן אייגנטימער פון דער בעקעריי. דער לעצטער האָט ארויסגערופן פּאָליציי און 6 בעקער־ארבעטער זיינען ארעסטירט געוואָרן אויף עטלעכע טעג. אין דער פּאָליציי זיינען עטלעכע ארבעטער שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן. פון דעסטוועגן האָט דאָס אלץ ניט אָפּגעשראָקן און דער פאראיין האָט פאָרגעזעצט זיין טעטיקייט. אין דער פאַך־קאָמיסיע זיינען געוויילט געוואָרן: טוכשניידער, עלצטער, מאַנדעלבוים, גלאָבען און ליכט.

ביי די טרעגער־ארבעטער איז די אָרגאַניזירונג צוגעגאַנגען זייער לאנגזאַם און שווער. דאָס זיינען געווען עלטערע, אויסגעהאָרעוועטע מענטשן, מיט נייגונגען און רגילותן, וואָס זיינען דער קעגנזאץ צו א קלאַסן־באוווסטזיניקער אָרגאַניזירונג און חברישער צוזאמענארבעט. פון דעסטוועגן איז דאָך געלונגען צו אָרגאניזירן דעם פאראיין און דאָס א דאנק דער אָנגעשטרענגטער מי און ארבעט, וואָס עס האָט ארייגעלייגט דער טרעגער, מאָטל קארפּ. דעם 12־טן אויגוסט, 1929, האָט ער אָפּגעהאלטן די ערשטע אָרגאניזיר־פארזאמלונג מיט די טרעגער־ארבעטער. פון דעמאָלט איז אוועק אן ארבעט פון פארזאמלונגען און זיצונגען, פארטיילונג פון די אַרבעט־פּלעצער און אויך עקאָנאָמישע אַקציעס. אויף איינער אזא פארזאמלונג איז איינשטימיק באשלאָסן געוואָרן, אז ס'ווערן שאַרף געטאַדלט און פאראורטיילט די מיאוסע און שלעכטע געוווינהייטן פון די טרעגער־ארבעטער, וואָס זידלען זיך קעגנזייטיק און באַנוצן דערביי מיאוסע און גראָבע אויסדריקן. יעדער איינער וואָס וועט זיך נישט אונטעראָרדענען דעם באַשלוס זאָל באצאָלן א שטראָף פארן פאראיין, אין דער הויך פון איין זלאָטע.

פלעגן טאַקע די פאַראיין־טוער דערציילן, אז ס'זיינען געווען פאַלן ווען טרעגער־אַרבעטער, נישט קאָנענדיק זיך באַהערשן, און וויסנדיק, אז זיי וועלן באשטראָפט ווערן, פלעגן אויסרופן: „און איך גיב נאָך אַ זלאָטע פאַרן פאראיין און זאָג דיר נאָך אַמאָל אין דיין טאַטנס טאַטן אריין . . .“

נאָך העכער א יאָר פּראָפ.־ארבעט, אָן א קאָאָרדינירטער אָנפירונג, האָט דער פּראָפ.־ראַט ביים שטאָט־קאָמיטעט פון „פּועלי־ציון“ דעם 7־טן אָקטאָבער, 1929, גערופן א קאָנפערענץ פון די עקסיסטירנדיקע פּראָפ.־פאראיינען, כדי אליין אויפצושטעלן א שטאָטישע, צענטראלע אָנפירונג פון די פּראָפ.־פאראיינען.

אין דער קאָנפערענץ האָבן אנטייל גענומען די פאַרוואַלטונג־מיטגלידער פון די פּראָפ.־פאראיינען: נאָדל, האנדל־אָנגעשטעלטע, דרוקער, דערנערונג, בוי, טראַנספּאָרט, פריזירער און טעקסטיל. צוזאמען 54 דעלעגאטן. מיט רעפעראטן זיינען ארויסגעטראָטן: יאנקל בעקער, יצחק קאָרנזייער, משה בעקער און משה בוים. א חוץ די לויפנדע פראַגן איז אויך באַהאַנדלט געוואָרן די פּאָליטישע לאגע אין לאנד. אינעם אויפגעשטעלטן אָרגאניזיר־קאָמיטעט פון אָרטיקן צענטראל־ראַט פון די פּראָפ.־פאראיינען פון שטאָט זיינען אריין צו איינציקע פאָרשטייער פון יעדן פאראיין.

דראָזשקאַזשעס, אן אלטער איינגעפונדעוועטער פרנסה־צווייג פון האָרעפּאַשנע יידן אין כעלם — מענטשן מיט געזונטע פויסטן אויף אָפּצוזעטפערן אַ כוליגאַן, ווען ס'איז נייטיק — אויך זיי האָבן איינגעפונען, אז מען דאַרף זיך אָרגאַניזירן.

דעם 21־טן פעברואר, 1930, איז פאָרגעקומען די ערשטע אָרגאַניזיר־פארזאמלונג פון די דראָזשקאזשעס. זיי האָבן, ליידער, קיין גרויסע פּראָפ־טעטיקייט נישט געפירט ביז... ביז ס'איז אָנגעקומען דער שטורעם פון בלוטיקן אנטיסעמיטיזם. אונטער דער ווירקונג פון שטייגנדיקן היטלעריזם אין דייטשלאנד, האָבן די כעלעמער אנטיסעמיטן צווישן אנדערע קאָנקורענץ־פאַכן, וואָס זיי האָבן אראָפּגעברענגט פון פויזן קיין כעלם, אויך געברענגט קריסטלעכע דראָזשקאזשעס, וועלכע האָבן פארכאפּט דעם אויבןאָן ביי דער באַן־סטאַנציע, און געצוווּנגען די יידישע דראָזשקאזשעס צו שטיין אין א זייטיקן הינטערגעסל. שפּעטער, אין 1938, האָט די פּאָליציי באפוילן די יידישע דראָזשקאזשעס, זיי זאָלן טראָגן קענטיקע אויפשריפטן אויף די היטלען „יידישע דראָזשקאַזשעס“ און די גויאישע דראָזשקאזשעס זאָלן טראָגן אויפשריפטן „קריסטלעכע דראָזשקאזשעס“.

סוף 1930 איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער טעקסטיל־פאַך. 20 אַרבעטאָרינס, וועלכע זיינען יאָרן־לאַנג שטאַרק עקספּלואַטירט געוואָרן, זיינען ארויס אין שטרייק. דער שטרייק האָט זיך ספּעציעל פארשטאַרקט ביים פאַבריקאַנט מערנשטיין. האָט זיך די גאנצע „פּועלי־ציון“ באוועגונג געשטעלט צו הילף די שטרייקנדיקע, געהאָלפן זיי סיי אין די שטרייק־קאָמיסיעס, און סיי אינעם שטרייק־פאָנד.

נאָך 6 וואָכן שטרייקן איז, דעם 23־טן יאנואר, 1931, דער שטרייק פולשטענדיק געוווּנען געוואָרן. פון צווישן די אקטיווסטע אין דער סעקציע זיינען געווען: בלומע נאטליך און רחל גרינבערג.

אין סאַמע מיטן ברען פון טעקסטיל־שטרייק האָבן זיך געווענדט די מוזיקער נאָך אָרגאַניזאַציאָנעלער הילף. און ווען ס'איז געענדיקט געוואָרן דער טעקסטיל־שטרייק איז דערקלערט געוואָרן א שטרייק אין קינאָ „קאָרסאָ“. די בעלי־הבתים האָבן

זיך באַנוצט מיט שטרייק־ברעכער, די פּראָפ.־באַוועגונג האָט געענטפערט מיט אַ רוף צו דער ייִדישער באַפעלקערונג צו באָיקאָטירן דעם קינאָ. דאָס האָט געהאַט זיין ווירקונג. ס׳איז כמעט נישט געווען קיין ייִדישע באַזוכער אויף די קינאָ־סעאַנסן. אויף דער זייט פון דער דירעקציע האָט זיך געשטעלט די פּאָליציי, וועלכע האָט אַרעסטירט די וואַך־אַגיטאַטאָרן און די פאַרשפּרייטער פון אויפרוף און פאַרפירט קעגן זיי אַ פּראָצעס. עס זיינען אויך אַרויסגערופן געוואָרן אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט די פּרעזידיום׳ס פון אַלע פּראָפ.־פאַראיינען און ס׳איז קעגן זיי צונויפגעשטעלט געוואָרן פּראָטאָקאָלן פאַר באַטייליקן זיך אין דער באָיקאָט־אַקציע. אויך דער אַרבעט־אינספּעקטאָר האָט געדראָט מיטן פאַרמאַכן דעם פאַראיין. די אַלע טעראָר־מיטלען האָבן נישט אָפּגעשראָקן, דער שטרייק און באָיקאָט זיינען פאַרגעזעצט געוואָרן, ביז די דירעקציע האָט זיך געזען געצוווּנגען נאָכצוגעבן אַן ערך 60% פון די אַרויסגעשטעלטע פאָדערונגען.

אין אַ קורצער צייט אַרום, מיטן אַראָפּברענגען פון קלאַנג־פילם, איז דער מוזיקער־פאַראיין אונטערגעגאַנגען...

אין פעברואַר, 1931, האָבן זיך געווענדט די אַרבעטער פון די אייער־עקספּאָרט־מאַגאַזינען, אַז מען זאָל זיי אָרגאַניזירן אין אַ פאַראיין.

דעם 10־טן יוני ד.י. האָט דער פּראָפ.־פאַראיין פון די אייער־אַרבעטער באַקומען אַ מעלדונג, וועגן אַ 25% לוין־רעדוקציע. אויף דער ספּעציעל־גערופענער פאַרזאַמלונג איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּצוּוואַרפן די לוין־רעדוקציע און אַרויסרוקן די פאָדערונג פון געצאָלטע אורלויבן. די אייער־סוחרים האָבן געענטפערט מיט אַן אַלגעמיינעם אָפּזאָג פון אַלע אַרבעטער. ווען די פאַרשטייער פון פאַראיין האָבן זיי אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז די לוין־רעדוקציע איז ניט קיין געזעצלעכע, ווייל לויטן אָפּמאַך מיט די אַרבעטער האָבן זיי זיך פאַרפליכטעט צו צאָלן די ביז־איצטיקע געהאַלטן ביז ניי־יאָר, איז געקומען דערויף אַ ציניש ער ענטפער: „מיר האַלטן פון פאַרפליכטונגען ווען עס לוינט זיך אונדז". ס׳איז דערקלערט געוואָרן אַ זיץ־שטרייק. די בעלי־הבתים האָבן מיט פּאָליציי באַזייטיקט די אַרבעטער פון די מאַגאַזינען און אויף זייער אָרט אוועקגעשטעלט 4 אַרעסטאַנטן פון דער תפיסה. די אַרעסטאַנטן האָבן, אונטער דער אויפזיכט פון דער תפיסה־פּאָליציי, אָפּגעאַרבעט אַ האַלבן טאָג, און נאָך אַן ענערגישער אינטערווענץ פונעם אָנפירער פון די פּראָפ.־פאַראיינען — ראַטמאַן משה בעקער — ביים אַרבעט־אינספּעקטאָר, וועלכער האָט אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ס׳איז אומדערלאָזבאַר צו באַנוצן זיך מיט אַרעסטאַנטן אַלס שטרייק־ברעכער, איז נאָך מיטאָג די אַרבעט פון די אַרעסטאַנטן איבערגעריסן געוואָרן. נאָך 4 טעג איז דער שטרייק געוווּנען געוואָרן. די בעלי־הבתים האָבן אויך באַצאָלט פאַר די טעג פון שטרייק. דער סעקרעטאַר פון דעם אייער־פאַראיין איז געווען: ה. י. מאַנטזשאַרש.

אין אָקטאָבער, 1933, האָבן זיך אָרגאַניזירט די קירזשנער־אַרבעטער ווי אַ סעקציע ביים נאָדל־פאַראיין. די ערשטע אַקציע פאַר אַן 8־שעהדיקן אַרבעט־טאָג און אַ לוין הוספה פון 25% ביז 40% איז פולשטענדיק געוווּנען געוואָרן.

אין מערץ, 1937, איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער מעטאַל־אַרבעטער־פאַראיין.

אין אַפּריל, 1937, האָבן זיך אָרגאַניזירט די פאָטאָגראַפן־אַרבעטער און געשאַפן אַ פאָטאָגראַפישן אַרבעטער־פאַראיין.

אין דער זעלבער צייט זיינען געמאַכט געוואָרן פּרוּוון צו אָרגאַניזירן די פליישער־אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך ניט איינגעגעבן.

אין יולי—אויגוסט, 1939 האָבן זיך געווענדט די לעדער־אַרבעטער נאָך אָרגאַניזאַציאָנעלער הילף. אויף דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג פונעם ניי־אַנטשטאַנענעם פאַראיין זיינען אַרויסגעטראָטן מיט רעדעס: גערשמאַן, האָכמאַן און יאַנקל בעקער.

## יוגנט־סעקציעס

אינעם גאַנג באַרג־אַרויף ביים אָרגאַניזירן און פאַרפעסטיקן די פּראָפ.־באַוועגונג, האָט מען אויך נישט פאַרגעסן אין די יוגנטלעכע און גאָר יונגטשקע פּראָלעטאַריער, וועלכע זיינען אָנגעקומען אין די וואַרשטאַטן זיך אויסלערנען אַ פאַך, און זיינען אויף אַ שענדלעכן אופן אויסגענוצט געוואָרן סיי דורך די בעלי־הבתים און סיי דורך די עלטערע אַרבעטער. כדי צו לייזן די ספּעציעלע יוגנט־פּראָבלעמען, זיינען ביי די גרעסערע פאַראיינען, ווי נאָדל־אַרבעטער און פריזירערס, אויסגעבילדעט געוואָרן יוגנט־סעקציעס.

דעם 14־טן אויגוסט, 1929, איז פאָרגעקומען די ערשטע גרויסע פאַרזאַמלונג פון דער נאָדל־יוגנט־סעקציע. ס׳זיינען אַרויסגעטראָטן מיט רעדעס: אסתר שרויט, משה סטאַל און אַנד. עס זיינען ברייט אַרומגערעדט געוואָרן די פראַגן וועגן מינימאַלע לוינען, בעסערער באַהאַנדלונג און אַזוו. ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג און אַ קולטור־קאָמיסיע. די פאַרזאַמלונג איז וואַרעם באַגריסט געוואָרן דורך די פאַרשטייער פון דער פּ.צ.־פּאַרטיי און „יוגנט".

ביי די פריזירערס איז די יוגנט־סעקציע געגרינדעט געוואָרן באַלד ביי דער גרינדונג פון פאַראיין. די ערשטע זאַך, וואָס איז אויסגעקעמפט געוואָרן דורך דער יוגנט־סעקציע, איז געווען: דאָס ניט דערלויבן מער אָנצורופן די יוגנטלעכע ביי די באַליידיקנדיקע צונעמען ווי „יאַנעק" און אַנדערע. זיי זיינען אויך געווען צווישן די ערשטע, וועלכע האָבן אויפגענומען דעם רוף פון דער „יוגנט" ניט צו נעמען קיין „טרינק־געלט", נאָר צו קעמפן פאַר אַ מינימאַלן לוין.

די פאַראיין־פאַרוואַלטונג איז דערפאַר געווען געצוווּנגען צו פירן אַ קאַמף פאַר דערלייגן די יוגנטלעכע 50 גראָשן אויף דער וואָך. און אין 1935 זיינען אפילו אויסגעקעמפט געוואָרן ספּעציעלע יום־טוב־פענסיעס פאַר די יוגנטלעכע פריזירער־אַרבעטער.

די „פועלי־ציון"־טוער אין דער פּראָפ.־באַוועגונג האָבן ניט נאָר געזאָרגט פאַרן כמותדיקן וווּקס פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, פאַרן אַריינציען וואָס ברייטערע שיכטן פון די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן אין די רייען פון די פּראָפ. קלאַסן־פאַראיינען, נאָר אויך פאַרן פאַרטיפן דעם קלאַסן־באַוווּסטזיין פון יעדן אַרבעטנדיקן און פאַר דער פּאָליטישער אויסבילדונג פון די אָנפירנדיקע פאַראיין־קאַדרן.

דערפאַר טאַקע זיינען די פּראָפ־פאַראיינען אונטער דער אָנפירונג פון „פועלי־ציון" געוואַקסן, און ס׳איז אויך געוואַקסן די השפעה פון „פועלי־ציון" אינערהאַלב דער פּראָפ.־באַוועגונג.

ווייל עס איז געזאָרגט געוואָרן, אַז די פּראָפ.־פאַראיינען זאָלן נישט אויסגעהוילט ווערן פון זייער פּאָליטישן אינהאַלט און זיך נישט פאַרוואַנדלען אין אַ מעכאַנישן מכשיר פון בלויז עקאָנאָמישע שטרייטן, זיינען זיי דורך דעם אַליין פאַרוואַנדלט געוואָרן מעכטיקע קאַמף־פּלאַצוווּקעס פאַר די ברייטע אַרבעטנדיקע שיכטן.

פון דעם איז אויך צו פאַרשטיין פאַרוואָס אַלע פּאָליטישע, פינאַנציעלע און וואַל־אַקציעס פון דער „פועלי־ציון" פּאַרטיי זיי־

נען אזוי ווארעם אונטערשטיצט געוואָרן פון די פראָפ־פאראיינען און אירע ברייטע מיטגלידער־מאַסן, און פארוואָס פלעגט אזוי קאָלאָסאַל שטייגן, פון איינמאָל צום צווייטן, די צאָל אָפּגעגעבענע שטימען פאר דער ליסטע פון „פּועלי־ציון, ביי פארשיידענע וואלן.

דערביי איז נייטיק צו באמערקן, אז סיי די מאָראלישע, סיי די מאַטעריעלע אונטערשטיצונג פון די מיטגלידער פון די פראָפּ.־פאראיינען איז געקומען פון זייער גוטן ווילן, אָן קיין שום אויסערלעכן אָדער אינערלעכן דרוק.

צו די אנדערש־דענקענדע מיטגלידער אין די פאראיינען פלעגט זיין זייער אַ לאָיאַלע באַציאונג! ס'איז נישט געווען קיין איין פאַל, אז עמעצער זאָל מיט עפּעס שיקאַנירט ווערן אָדער דיסקרימינירט, צוליב דעם וואָס די מיטגלידער פון פאַראיין האָבן געהאַט זייער אייגענע פּאָליטיש־פּאַרטייאישע אידעאָלאָגיע.

## קהילה־ראַט און פאַרוואַלטונג

ביי די קהילה־וואַלן, אין יאָר 1924, האָבן „פּועלי־ציון" באַקומען 126 שטימען און 1 מאנדאַט (אהרן דוד היפשמאַן). די קאַדענץ פון דער קהילה, ווו פּרעזעס איז געווען אַנשל בידערמאן, האָט געדויערט 7 יאָר. דער „פּועלי־ציון"־ראַטמאַן, היפשמאַן, פלעגט אויף די זיצונגען פון ראַט שאַרף ארויסטרעטן קעגן דער שטיפמוטערישער באציונג צו די אינטערעסן פון די יידישע ארבעטער און פאָלק־מאסן. די אומצופרידנקייט מיטן קהילה־ראַט און פארוואלטונג איז גרויס געווען צווישן אלע טיילן פון דער יידישער באפעלקערונג. די ידיעה וועגן די נייע וואלן איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויסער צופרידנקייט. די וואַלן זיינען באַשטימט געווען אויף דעם 20־טן מאי, 1931. אלץ האָט זיך געגרייט צו דעם דאָזיקן וואַל־פארמעסט. אויף דער סטאַראָסטע האָט זיך געגרייט. שוין ביים אָנהייב, דעם 26־טן מערץ, 1931, האָט ער פאראָרדענט צו פארחתמענען די לאָקאַלן פון „פּועלי־ציון"; דעם לאָקאל פון דער געז. אָוונט־קורסן, וואָס איז גלייכצייטיק געווען דער לאָקאל פון די פראָפ־פאראיינען, און אויך דעם לאָקאל פון דער באָראָכאָוו־ביבליאָטעק. די „פּועלי־ציון" האָבן טראָץ אלע רדיפות דורכגעפירט א ברייט פארמאָסטענע וואַל־ארבעט, מיט מיטינגען, פאַרזאַמלונגען און הויז־אגיטאַציעס. דער רעזולטאט פון די וואלן איז געווען פאָלגענדיקער:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1) „פּועלי ציון" | — — — — — — — | 363 שטימען | — 3 ראטמענער |
| 2) אגודת ישראל | — — — — — — — | 292 " | 3 " |
| 3) ליסטע פון געוועזענעם פרעזעס בידערמאן | — — — — — — — — | 243 " | 2 " |
| 4) האנטווערקער | — — — — — — — — | 229 " | 2 " |
| 5) פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס | — | 154 " | 2 " |
| 6) אלגעמיינע ציוניסטן | — — — — — | 165 " | 2 " |
| 7) קוזמירער חסידים | — — — — — | 101 " | 1 " |
| 8) מזרחי | — — — — — — — — — | 86 " | 1 " |
| 9) קליינהענדלער | — — — — — — — — | 49 " | — " |
| צוזאמען | | 1682 " | 16 " |

דער רעזולטאט פון די וואַלן איז געווען אַן איבערראשנדער, בפרט נאָך, אז שטים־רעכט האָבן געהאַט בלויז מענער אין עלטער פון 25 יאָר אָן.

די „פּועלי־ציון" האָבן אריינגעפירט 3 ראטמענער: אהרן דוד היפשמאן, יוליעק ווייסמאַן און בערל אַקסלראָד. און אז ווייסמאַן און אַקסלראָד זיינען אויסגעווײלט געוואָרן אין דער קהילה־פארוואלונטג, זיינען אריין אויף זייערע ערטער: פישל קאָפּעלמאן און יאנקל שרויט, און נאָך שרויטס אוועקפאָרן איז אריין פישל איליוויצקי.

די ערשטע זיצונג פון ניי־אויסגעווײלטן קהילה־ראַט האָט צוגעצויגן א גרויסע צאָל יידישע ארבעטער און פאָלק־מענטשן, וועלכע האָבן אויסגעפילט דעם קליינעם קהילה־זאַל מיטן קאָרידאָר, און אפילו געשטאַנען אויף די טרעפּ, ווענדיק אויפכאַפּן כאָטש א וואָרט, א קלאַנג פון דעם וואָס ווערט באַהאנדלט אויף דער זיצונג. זיי זיינען אָבער אוועק אנטוישטע, ווייל נאָך דעם ערשטן פונקט, פון אויסווײלן א פארוואלטונג, איז די זיצונג געשלאָסן געוואָרן.

די בירגערלעכע מערהייט אין דער קהילה האָבן זיך דערשראָקן פארן גרויסן כוח וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די „פּועלי־ציון"־פראַקציע אין ראַט און אין דער פאַרוואַלטונג, און האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט ווייטער צו פירן די קהילה־ווירטשאַפט אליין, און אויפן אלטן שטייגער. (דאָס האָט געהייסן, באַזאָרגן און באדינען בלויז די רעליגיעזע אינטערעסן פון א געוויסן טייל פון דער יידישער באפעלקערונג).

ס'זיינען אוועק לאַנגע חדשים און קיין זיצונגען זיינען נישט גערופן געוואָרן. די ארבעטלאָזיקייט, אָרעמקייט און נויט פון דער יידישער באַפעלקערונג האָבן אָבער געהאַלטן אין איין וואַקסן, און ס'האָט זיך געפאָדערט דרינגענדיקע, טאָג־טעגלעכע הילף. די „פּועלי־ציון"־פראַקציע האָט דאן באשלאָסן, צו באוואכן די קהילה, און יעדן טאָג אין די פאַר־מיטאָג־שעהן זיינען מינימום 2 חברים פון דער פראַקציע געווען אין די ביוראָען פון דער קהילה און פארלאנגט, באווירקט און געפאָדערט פון די באַאַמטע און פון פרעזעס, אז מען זאָל תיכף דערליידיקן אלע דרינגענדיקע פאלן פון נויט־אונטערשטיצונג, קוויטלעך צו דאָקטוירים און אין די שפּיטעלער, באַפרייאונג פון דאָקומענטן־אָפּצאָל און אנד.

דער ניי־געווײלטער קהילה־פרעזעס, ד"ר ווילענקאָ, האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו קומען אַמטירן אין די ביוראָען פון דער קהילה. דערפאר האָט מען אין די ביוראָען פון דער קהילה געטראָפן זיצן, אויף דעם שטול פון פרעזעס — דעם „פּועלי־ציון"־ראַטמאַן, יוליעק ווייסמאַן. דער צושטאַנד האָט געדויערט עטלעכע חדשים, ביז דער קהילה־פרעזעס האָט, אין פאַרשטענדיקונג מיטן סטאַראָסטע, גערופן אַ זיצונג פון ראַט דעם 24־טן נאָוועמבער, 1931. ביים אריינגאַנג צו דער זיצונג איז געשטאַנען אַ גרופּע פּאָליציי, וועלכע האָבן אריינגעלאָזט אויף דער גאַלעריי בלויז יידן מיט בערד און לאַנגע קאַפּאָטעס. ביים פרעזידיום איז געזעסן דער סטאַראָסטע. ווען דער פאָרזיצער עפנט די זיצונג אין דער פוילישער שפּראַך, הערן זיך געשרייען פון די „פּועלי־ציון"־ראַטמענער — „יידיש, יידיש!" די געשרייען הערן אויף ווען דער פאָרזיצער הייבט אָן ריידן אין יידיש. די אַטמאָספער אויף דער זיצונג ווערט אָן אָנגעגליטע, ווען די „פּועלי־ציון"־ראַטמענער פּראָטעסטירן קעגן ברענגען צו דער זיצונג פּאָליציי, און פאָדערן זי צו באַזייטיקן. דער סטאַראָסטע פאַרענטפערט די קהילה־בעלי־הבתים, אז דאָס האָט ער אליין געבראַכט מיט זיך א שמירה, און ער פארווערט צו געבן ווערטער צו די ראַטמענער פון „פּועלי־ציון". די לעצטע באשטייען אָבער אויף זייער רעכט, און פאָדערן דורכאויס צו געבן זיי ווערטער. דער סטאַראָסטע פארשטענדיקט זיך מיטן פאָרזיצער, און עס בלייבט, אז די פארוואלטונג־מיטגלידער דארפן יאָ באקומען ווערטער. עס

באקומט דאָס וואָרט יוליעק ווייסמאַן, וועלכער שלאָגט פאָר, אַז מען זאָל דרינגענד באהאנדלען די פראגן: 1) די אנטיסעמיטישע עקסצעסן; 2) פאָלק־ציילונג; 3) אויסשליסן אַ מיטגליד פון ראַט פאַר באַגיין מיסברויכן. עס ווערט ווידער אַ טומל. דער סטאַראָסטע רופט אַז ס'זאָל זיין שטיל, ווען נישט וועט ער לאָזן אַרעסטירן. ווייסמאַן ענטפערט אים שאַרף, און עס פאַראָרדענט דער סטאַראָסטע אים צו ארעסטירן. פּראָטעסטירנדיק קעגן אזא ווילקיר, ווערט ווייסמאַן ארויסגעפירט דורך דער פּאָליציי. עס נעמט אַ וואָרט אַקסעלראָד, און דערקלערט — אין פוליש — אַז די גאַנצע „פּועלי־ציון״־פראַקציע סאָלידאַריזירט זיך מיט יוליעק ווייסמאַן, און אויב מען וויל ווייטער פירן די זיצונג מוז מען אָדער אלעמען ארעסטירן, אָדער באַפרייען ווייסמאַנען. אַ קנאַפּע שעה האָבן געדויערט די רעדעס און פּראָטעסטן פון די „פּועלי־ציון״־ראַטמענער ביז דער סטאַראָסטע האָט פאַראָרדענט אים צו באַפרייען. ווען מ'איז צוגעטראָטן באהאנדלען די טאָג־אָרדענונג, איז באלד נאָכן ערשטן פונקט, ווי נאָר ס'זיינען אדורך די וואַלן פון אַ פאָרזיצער און וויצע־פאָרזיצער, שנעל די זיצונג געשלאָסן געוואָרן, בכדי נישט צו באַהאַנדלען די ווייטערדיקע פונקטן פון טאָג־אָרדענונג. אַן ענלעכן אויסזען האָבן געהאַט אַ סך ווייטערדיקע זיצונגען.

גאָר שטורמיש זיינען געווען די זיצונגען, ווו עס איז באַהאנדלט געוואָרן דער בודזשעט פאַרן יאָר 1932/33, ווו אויף 160 טויזנט זלאָטעס זיינען אריינגעשטעלט געוואָרן קליינע נישטיקע סומען אויף סאָציאַלער הילף, און פאַר דער יידישער פאָלקשול צוזאמען מיט דער קינדער־היים בלויז 1000 זל.

עס זיינען אַוועק אַ סך חדשים און קיין זיצונגען, נישט פון ראַט און נישט פון דער פאַרוואַלטונג, זיינען פאָרגעקומען. אין אָנהייב פון 1933 איז זיך צוזאמענגעקומען אַ זיצונג פון ראַט. אויפן טאָג־אָרדענונג זיינען געווען צוויי פראַגן: 1) אַ דרינגענדער פאָרשלאָג פון דער „פּועלי־ציון״־פראַקציע וועגן אַ קוילן־אַקציע; 2) טעטיקייט־באריכט פון דער פארוואלטונג. איידער מען איז צוגעטראָטן צום טאָג־אָרדענונג, טראָגט דער פאָרזיצער פון ראַט אריין אַ פאָרשלאָג, אַז מען זאָל שיקן אַ באַגריסונג־טעלעגראַמע לכבוד דער נייער קאָנסטיטוציע, און ער גיט דערביי צו: „מיר ווייסן נאָך נישט וואָס די נייע קאָנסטיטוציע וועט אונדז געבן, נאָר באַגריסן דאַרף מען זי״. ראַטמאַן היפשמאַן טרעט זייער שאַרף ארויס קעגן דעם פאָרשלאַג פון באַגריסן די נייע קאָנסטיטוציע, ער ווייזט אָן אויף די סכנות, וואָס לויערן פון איר פאַר דער גאַנצער ארבעטערשאַפט און בפרט פאַר דער יידישער. ער שלאָגט פאָר: ניט באַגריסן, נאָר פּראָטעסטירן קעגן די נייע סאָציאַלע שווך־געזעצן. אויף דער קוילן־אַקציע איז דאַן באַשטימט געוואָרן 1000 זל.; נאָכן אויסהערן דעם באריכט האָט דער ראַטמאַן אַקסעלראָד אין זיין ארויסטרעטונג געגעבן אַ זייער בייסנדיקע קריטיק איבער דער טעטיקייט פון דער פארוואלטונג. ער האָט אויסגערעכנט אַ גאַנצע ריי פראַגן פון נויט און דחקות צווישן יידישע ארבעטער און פאָלק־מענטשן, וועלכע זיינען נישט באַהאַנדלט געוואָרן און ער פאַרענדיקט מיט אַ פאָרשלאַג פון אומצוטרוי צו דער פאַרוואַלטונג, וועלכער ווערט מיט אַ מערהייט שטימען אָנגענומען.

די לעצטע וואַלן צו דער יידישער קהלה זיינען פאָרגעקומען דעם 5־טן סעפּטעמבער, 1936. די „פּועלי־ציון״ האָבן באַקומען 389 שטימען, און אריינגעפירט 3 ראַטמענער: יעקב בעקער, בערל אַקסלראָד און אהרן דוד היפשמאַן. נאָכדעם ווי בעקער און אַקסלראָד זיינען אויסגעוויילט געוואָרן אין דער פאַרוואַלטונג, זיינען אויף זייער אָרט אריין אין ראַט פישל איליוויצקי און ישראל הערצמאַן.



אהרן דוד היפשמאַן

ס'איז געווען די צייט פון פשיטיק און בריסק, מ'האָט שוין געפילט דעם אָנקומענדיקן שטורעם. אָבער צום באַדויערן דאַרף מען פעסטשטעלן, אַז די גרעסטע מערהייט פאַרשטייער פון יידישן כעלם האָבן ניט געזען און ניט פארשטאַנען אין וואָס פאַר אַ צייט זיי לעבן. און ווען אויף דער ערשטער זיצונג פון ניי־אויסגעוויילטן קהילה־ראַט האָט דער ראַטמאַן, י. בעקער, פאָרגעשלאָגן אַ פונקט צו באַהאַנדלען: „די לאַגע פון די יידישע מאַסן״, האָט זיך אנטוויקלט אַ ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיע, און דער ראַט־פאָרזיצער האָט באלד נאָכן אויסוויילן אַ וואַל־קאָמיסיע (אויף אויסצוויילן די פארוואלטונג) געשלאָסן די זיצונג. די „פּועלי־ציון״־ראַטמענער, און צוזאמען מיט זיי די פארזאמלטע אויף דער גאַלעריי, האָבן דעם זיצונג־זאַל נישט פאַרלאָזט, נאָר אויסגעהערט אַ רעפעראַט פון ראַטמאַן, יעקב בעקער: „וועגן דער לאגע פון די יידישע מאַסן און די געשעענישן אין ארץ־ישראל״.

## „יוגנט״ און „יונגבאָר״

סוף 1917, אָנהייב 1918, איז, דורך אַ גרופּע יוגנטלעכע — אַ טייל פון זיי אפילו ישיבה־בחורים — געגרינדעט געוואָרן אַ חברה „מתן בסתר״, וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו טראָגן הילף צווישן די פאַראָרעמטע און דערשלאָגענע יידישע מאַסן. אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון די אָנפירנדע „פּועלי־ציון״ חברים פון יענער צייט, האָט זיך די יוגנט־גרופּע דערנענטערט צו „פּועלי־ציון״, און מיט דער צייט זיך פאַרוואנדלט אין אַן אָרגאַניזיר־גרופּע פאַר שאַפן די „פּועלי־ציון״ — „יוגנט״ אין כעלם. די ניי־אַנטשטאַנענע „יוגנט״־אָרגאַניזאַציע האָט זיך זייער שנעל אנטוויקלט, און אין אַ קורצער צייט זיך פארוואנדלט אין דער גרעסטער יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון שטאָט. אינעם ערשטן יוגנט־קאָמיטעט זיינען געווען פאָרטראָטן: עקיבא וויניק, שלמה און יצחק פישער, צירל דובקאָווסקא, משה קלערער, מאָטל בראַנד, יוסף הענדעל, שניאור וואַסערמאַן, דאָבעלע וואַסערמאַן און יצחק קאָרנזייער.

איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן, וואָס די יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט אויף זיך אין יענע טעג גענומען — איז געווען אויסצוראָטן דעם אַנאַלפאַבעטיזם צווישן דער יידישער ארבעטער־יוגנט. אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון יוגנט־קאָמיטעט, איז אין די צימערן פון דער פאָלקשול, געגרינדעט געוואָרן אַן אָוונט־שול, ווו די יוגנטלעכע ארבעטער זיינען נאָך אַ שווערן ארבעט־טאָג געקומען זיך אויסלערנען שרייבן און לייענען.

אין דער וואַל־קאַמפּאַניע, וואָס האָט געפירט די „פּועלי־ציון״־פּאַרטיי, צום ערשטן פוילישן סיים, האָט די יוגנט זייער

אקטיוו מיטגעארבעט און געהאַט א גרויסן חלק אין דעם וואַל־נצחון.

די „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע איז געווען א שעפערישער, שפּרו־דלדיקער קוואַל פאַר דער „פּועלי־ציון" פּאַרטיי. צענדליגגער יוגנט־חברים פלעגן יאָר־יערלעך איבערגעשיקט ווערן אין די רייען פון דער פּאַרטיי. אַלע בעסטע און אקטיווסטע טוער פון דער פּאַרטיי זיינען געקומען פון דער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע.

אין די יאָרן 1919/1920 האָט די „יוגנט" געהאַט אַן אייגע־נעם לאָקאַל אויף רעפאָרמאַצקע, 6. ס'איז אויך דאָרט געגרינ־דעט געוואָרן א יוגנטלעכע דראַמאַטישע סעקציע, וועלכע האָט זיך שפּעטער צוזאַמענגעוואַקסן מיט דער עלטערער דראַמאַ־טישער סעקציע און פאַרנומען יאָרן־לאַנג אַ חשובן פּלאַץ אין דער קולטור־ארבעט פון דער פּאַרטיי און יוגנט.

אין אָנהייב 1924, ווען א טייל אָנפירנדיקע „יוגנט"־חברים האָבן פאַרלאָזן כעלם, איז אונטער דער אָנפירונג פון יאַנקעלע פּינכעסאָוויטש צונויפגערופן געוואָרן א יוגנט־פאַרזאַמלונג, ווו ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן א נייער „יוגנט"־קאָמיטעט, אין וועלכן עס זיינען אריין: הלל שאַרגעל, מענדל שולמאַן, בייניש גאָטליב, יצחק צוקער, ישראלקע פישביין און יאַנקל בינשטאָק. דער קאָמיטעט האָט זיך ענערגיש גענומען צו דער ארבעט. ס'זיינען איינגעשטעלט געוואָרן נאָרמאַלע יוגנט־קרייזן פאַר קולטור און פּראָפּאַגאַנדע; אויספלוגן שבת פאַרטאָג אין הרו־ביעשאָווער וועלדל; די פאַרשפּרייטונג פון דער יוגנט־פּרעסע און די באַנייאונג פון דער אָוונט־שול. דער יוגנט־קאָמיטעט האָט געמוזט א סך ארבעט אריינלייגן בכדי צו שאַפן די פי־נאַנציעלע מיטלען אויף אויסצוהאַלטן די אָוונט־שול.

ערב דעם 1־טן מאַי, 1924, איז ארעסטירט געוואָרן ליפּע גאָטליב פאַר פאַרשפּרייטן דעם מאַי־אויפרוף פון צ. ק. „יוגנט", און דעם זשורנאַל „די יוגנט פאָן". ביזן פּראָצעס איז ער גע־זעסן 7 חדשים אין תפיסה. צום פּראָצעס, וואָס איז פאָרגעקו־מען דעם 22־טן נאָוועמבער, האָט מען אים געבערענגט א גע־שלאָסענעם אין קייטן. מ'האָט אים פאַראורטיילט אויף א יאָר שווערע תפיסה.

דעם 7־טן פעברואַר, 1926, איז אין עלטער פון 23 יאָר געשטאָרבן יאַנקעלע פּינכעסאָוויטש, דער אָנפירער פון דער „יוגנט" און איינער פון די אקטיווסטע חברים פון דער „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי. אין דער לוויה האָבן זיך באַטייליקט אריבער 1000 מענטשן. עס זיינען געטראָגן געוואָרן לענטעס און קרענץ פון „פּועלי־ציון"־קאָמיטעט, „יוגנט"־קאָמיטעט, צ.י.ש. א., קו־ראַטאָריום און פּעדאַגאָגישער ראָט, פאַרוואַלטונג פון „געזעל־שאַפט אָוונט־קורסן" און אנד. אין צענטער שטאָט, האָט זיך אין מאַרשירנדן לוויה־צוג אריינגעריסן דער אָנפירער פון דער געהיים־פּאָליציי, וויקוש, און ארויסגעריסן די לענטעס, און אַרעסטירט חיים בילען, פאַרן געשריי „ניע דאַטש" (גיט נישט). דער פריצייטיקער טויט פון י. פּינכעסאָוויטש, איז געווען אַ שווע־רער קלאַפּ פאַר דער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע און א גרויסע אבידה פאַר די כעלעמער „פּועלי־ציון".

ס'איז געווען די צייט פון שטורמישן אויפבלי פון דער יוגנט־באַוועגונג, און דורך איר — פון דער גאַנצער „פּו־עלי־ציון"־באַוועגונג. די יוגנט־טוער האָבן אָנגעהייבן אריינ־דרינגען אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. אסתר שרויט, רחל עפּלצווייג, יוכבד בריק און חנה טעפּער־שאַרגעל האָבן געזאַמלט ארום זיך די יוגנטלעכע נאָדל־ארבעטער און אזוי ארום זיך פאַרוואַנדלט אין א גרויסער אָפּאָזיציע אינעם נאָדל־פאַראיין, וואָס איז געווען אונטער דער השפּעה פון די יידישע „לינקע". שמואל שאַרגעל, חיים וואַרזאַגער און חיים ביבל האָבן אקטיוו געהאָלפן ביים אָרגאַניזירן דעם פאַראיין פון די האַנדל־אָנגעשטעלטע. מענדל שולמאַן העלפט אָרגאַניזירן דעם פריזי־רער־פאַראיין, און אנדערע יוגנט־טוער העלפן מיט ביי דער גרינ־דונג פון די איבעריקע פּראָפ.־פאַראיינען.

דער ערשטער פרעלעגענטן־קרייז פון דער „יוגנט", וואָס איז דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן, איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דוד'ל גאָלדריך. דער קרייז פלעגט זיך צוזאַמענקומען איין מאָל אין דער וואָך, אין דער שטוב פון דער פאַמיליע קרייד־מאַן נח און מרים. צום קרייז האָבן געהערט די אויבן דער־מאָנטע יוגנטלעכע.

די אקטיווע יוגנט־ארבעט האָט אויך באַלעבט דעם ראַיאָן. עס זיינען ארויסגעפאָרן יוגנט־טוער אין די שכנותדיקע שטעט־לעך און אויך דאָרט געהאָלפן צו אויסבילדן יוגנט־אָרגאַניזאַ־ציעס. אין 1928 איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער כעלעמער ראַ־יאָן־קאָמיטעט פון דער „יוגנט", וואָס האָט ארומגענומען די שטעט־לעך: דוביענקאַ, וואָיסלאָוויץ, טישאָוויעץ, אוכאַן, לובאָמל, וואָלאַ־דאַווע און רודאַ־אָפּאַלין.

דעם 24־טן יולי, 1928, איז פאָרגעקומען א ראַיאָן־צוזאַ־מענפלי פון דער יוגנט אין רודאַ־אָפּאַלין. דער צוזאַמענפלי האָט געדויערט צוויי טעג. עס האָבן אנטייל גענומען 150 יוגנטלעכע פון כעלם, וואָיסלאָוויץ, טישאָוויעץ, וואָלאַדאַווע און רודאַ־אָפּאַלין.

צום 10־יאָריקן יובל פון דער כעלעמער יוגנט־אָרגאַניזאַ־ציע איז ארויסגעלאָזט געוואָרן אַן איינמאָליקע יובל־אויסגאַבע: „10 יאָר", געדרוקט אויף 2 זייטן, אין 1000 עקזעמפּליאַרן, גרוי־סער פאָרמאַט.

מיטן באַזעצן זיך אין כעלם פון לערער, חיים גוטמאַן, האָט א סך געוואָסן די יוגנט־ארבעט. ער איז געוואָרן דער גייסטי־קער פּאַטראָן פון דער „יוגנט". ער האָט איבערגענומען די ווייטערדיקע אָנפירונג מיטן פרעלעגענטן־קרייז, און געגעבן די איניציאַטיוו און א סך ביגעשטייערט צו דער גרינדונג פון „יונגבאָר". די טעכנישע אָרגאַניזיר־ארבעט ביים אויפשטעלן די פּרעקטיקע קינדער־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געציילט ביי א 120 קינדער, האָט אויסגעפירט דער זייער ענערגישער און איניציאַטיוו־פולער, שלום גאָלדהאַר. ער איז אָבער נאָך אַ שטיקל צייט אוועק צו די „לינקע", און די אָנפירונג האָט אי־בערגענומען חיים וואַרזאַגער, און שפּעטער — שיינדעלע וואַר־זאַגער און שלמה רייך. עס האָט זיך מיט דער צייט אויסגע־בילדעט אַן אייגענער אינסטרוקטאָרן־קרייז פון „יונגבאָר", ווי אפרים וואַרזאַגער, פייגע ניצליך, נעשע גרינבוים, רייזעלע שקלאַזש, שלמה וואַרזאַגער, מירל טענענבוים, אסתר מאגיער, שיינדעלע עלצטער, שרה צימערמאַן, וועלוול בארג און א סך א סך אנדערע.

די אַן א שיעור זעלבשטענדיקע קולטור־פּאָליטישע אונ־טערנעמונגען, די פּרעכטיקע „יוגנט"־ און „יונגבאָר"־אונטער־נעמונגען; די מאַי־ און באָראָכאָוו־אָקאַדעמיעס; די אַנטי־מל־חמה טעג; אינטערנאַציאָנאַלע יוגנט־טעג און פרויען־טעג און נאָך, און נאָך א סך פּרעכטיקע „יוגנט"־צוזאַמענקונפטן; די

אויספלוגן אין די שבת־פּאַרטאָגן אין די הינטערשטאָטישע וועלדער; די האַרציקע באַנקעטן, וואָס פלעגן אָפט איינגעאָרדענט ווערן, ביים געזעגענען אוועקפאָרנדע חברים, אָדער בעת די איבערשיקונגען פון „יונגבאָר" אין דער „יוגנט", און פון דער „יוגנט" אין דער פּאַרטיי א.א.וו. — דאָס אַלץ איז געווען א גרויסער און באַדייטנדיקער צושטייער צום קולטור־לעבן פון יידישן קיבוץ אין דער שטאָט כעלם.

## „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר ארבעטער"

מיט דער גרינדונג פון דער פּועלי־ציוניסטישער „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר ארבעטער" אין פּוילן, איז אויך אין כעלם געשאַפן געוואָרן אַזאַ אָפּטיילונג. דער פּאַרטיי־לאָקאַל אויף לובלינער 27, איז אויך געוואָרן דער לאָקאַל פון דער „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן".

ס'איז געווען די צייט פון אויפבלי פון דער יידישער ליטעראַטור און קולטור אין פּוילן און מ'קאָן דרייסט זאָגן, אַז „פּועלי־ציון" האָבן אַריינגעשריבן א שיינע בלאַט אין דער געשיכטע פון קולטור־שעפערישער און דערציערישער אַרבעט אין דער דאָזיקער תקופה פון יידישן כעלם.

נישט געווען קיין איין יידישער ליטעראַט, קינסטלער אָדער קולטור־טוער, וואָס פלעגט אַרומפאָרן איבער פּוילן, אַז ער זאָל נישט האָבן פאַרבעטן געוואָרן דורך דער כעלעמער אָפּטיילונג פון דער „געז. אָוונט־קורסן". זרובבל און ד"ר יוסף קרוק, פּרץ מאַרקיש און ד"ר רפאל מאַהלער, ברוך גלאַזמאַן און אלתר קאַציזנע, ד"ר ברוך אייזנשטאַט און נתן בוקסבוים און א סך, א סך אַנדערע האָבן באַזוכט אונדזער שטאָט דורך דער פאַרמיטלונג פון דער געזעלשאַפט.

גאָר אימפּאָזאַנט און צוציענדיק פלעגן אויספאַלן די ליטעראַרישע משפטים, וואָס מ'פלעגט איינאָרדענען.

ביי דער דערמאָנטער געזעלשאַפט איז איינגעאָרדענט געוואָרן א פאָלק־אוניווערסיטעט און ס'זיינען פאָרגעקומען סיסטעמאַטישע לעקציעס איבער פאַרשיידענע קולטור־וויסנשאַפטלעכע פראַגן דורך שניאור וואַסערמאַן, ראובן פּרוכט, יצחק קאָרנזייער, עקיבא ווינִיק און אנד. פון דער שטאָטישער אינטעליגענץ האָבן אין פאָלק־אוניווערסיטעט רעפערירט פייוול פריד און זיין פרוי, ד"ר לאה פריד, ד"ר אָקס, ד"ר סקולער, ד"ר יוסף פעלדמאַן און משה לערער, און פון דער שטודירנדיקער יוגנט — מענדלזאָן, קראַטקע, גלינצמאַן, באָרנשטיין און קאָרנבליט. קאָרנבליטס לעקציעס האָבן צוגעצויגן זייער א גרויסע צאָל באַזוכער און האָבן אָנגעהאַלטן סיסטעמאַטיש אַ זייער לאַנגע צייט.

ס'איז כדאי צו דערמאָנען ספּעציעל די איבערגעגעבנקייט און די פילזייטיקע טעטיקייט פון באַקאַנטן און באַגאַבטן לערער מאָשעק (משה) מאָרגנשטערן, וועלכער האָט ניט נאָר געגעבן לעקציעס אין פאָלק־אוניווערסיטעט, נאָר איז בשעתו געווען דער פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר און אָנפירער פון דער „געז. אָוונט־קורסן". ער האָט אָנגעפירט מיט דער אָוונט־שול און איז אליין געווען דער אַקטיווסטער לערער, וואָס האָט געלערנט די יוגנטלעכע ארבעטער שרייבן און לייענען אָן אַ גראָשן געלט. ער האָט אַקטיוו געהאָלפן דער „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי אויך אויף פאַרשיידענע אַנדערע געביטן.

אינעם קולטור־קאָנגרעס, וואָס די צענטראַלע פאַרוואַלטונג פון דער „געז. אָוונט־קורסן" האָט איינגעאָרדענט אין וואַרשע, האָבן די כעלעמער דעלעגאַטן גענומען אַן אַקטיוון אנטייל.

די פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט פלעגט זיך זייער אָפט ראַנגלען מיט די גרויסע עקאָנאָמישע און פינאַנציעלע שוועריקייטן, און דאָך די קולטור־ארבעט נישט איבערגעריסן. די שיקאַנעס און רדיפות מצד דער מאַכט און דאָס אָפט פאַרחתמענען דעם לאָקאַל פלעגט העמען און שטערן דער פולבלוטיקער קולטור־צירקולאַציע, און אויך טיילמאָל אָפּשטעלן אויף א געוויסער צייט די קולטור־ארבעט, אָבער ווי נאָר די שטערונגען פלעגן באַזייטיקט ווערן, און דער לאָקאַל פלעגט צוריק געעפנט ווערן, אַזוי איז באַלד צוריק באַלעבט און באַנייט געוואָרן די נאָרמאַלע קולטור־טעטיקייט.

דעם 14־טן סעפּטעמבער, 1933, איז לויטן באַפעל פון אינערן־מיניסטעריום, אָפּצושטעלן די טעטיקייט פון דער „געז. אָוונט־קורסן" איבערן גאַנצן לאַנד, דורכגעפירט געוואָרן אין דער געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר ארבעטער א שטרענגע רעוויזיע און ס'איז פאַרשלאָסן און פאַרחתמעט געוואָרן דער קולטור־צענטער פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין כעלם.

## באָראָכאָוו־ביבליאָטעק

די יידישע ארבעטער־ביבליאָטעק א.נ. פון בער באָראָכאָוו איז געגרינדעט געוואָרן דורך די „פּועלי־ציון", אין די ערשטע יאָרן פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט, אין צענטער פון שטאָט, אויף לובלינער גאַס נר. 51. אין די ערשטע יאָרן פון איר גרינדונג זיינען צווישן אירע 400 לייענער געווען אַן אָנגעזעענע צאָל פון דער פּוילישער ארבעטער־אינטעליגענץ. די צאָל ביכער האָט דערגרייכט אין קנאַפּע אכט טויזנט (8000) יידישע און פּוילישע. אַלע אַקציעס און אונטערנעמונגען לטובת דער ביבליאָטעק פלעגן דורכגיין מיט גרויס דערפאָלג. אין משך פון איר עקזיסטענץ האָבן זיך צווישן אירע אָנפירער געפונען: ד"ר משה קאַנפער, פייוול פריד, משה לערער, עקיבא ווינִיק, משה בעקער, יעקב צבי שארגעל, דוד גאָלדרייך, דאָבע וואַסערמאַן, יצחק קאָרנזייער, יעקב בעקער, יהושע קראַטקע און שמואל־יאָסל בעקער. דער לעצטער האָט זיך געווידמעט דער ביבליאָטעק כמעט א גאַנצן יאָר־צענדלינג, ביזן אויסברוך פון דער שוידערלעכער וועלט־מלחמה.

די ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונגען, וועלכע פלעגן געוויילט ווערן אויף פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען, האָבן געזאָרגט פאַרן צוקויף פון נייע ביכער, פאַרריכטן און איינבינדן די אַלטע ביכער, און פאַרן קולטור־עסטעטישן אויסזען פון די צימערן.

דער לייען־זאַל, וואָס איז מיט קליינע איבעררייסן, געווען טעטיק ביי דער ביבליאָטעק, האָט פאַרמאָגט צייטונגען און זשורנאַלן פון כמעט דער גאַנצער יידישער וועלט.

די זאַלן פון דער ביבליאָטעק פלעגן אויך אויסגענוצט ווערן דורך דער פּאַרטיי און „יוגנט" צו קולטור און פּראָפ. ארבעט. דערפאַר האָט די ביבליאָטעק אויך „געגאָסן" פון די רדיפות, וואָס די „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי איז אויסגעשטאַנען. זי איז פיל מאָל דורכן סטאַראָסטע פאַרחתמעט געוואָרן, און געמוזט וואַנדערן פון אָרט צו אָרט, און דאָס האָט געשטערט איר פולער אַנטוויקלונג און אויסברייטערונג.

## דראַמ.־קרייזן און כאָר

אין יענער צייט פון אומלעגאַליטעט, ווען די פּאָליטישע אַרבעט איז געווען זייער געהעמט, האָבן די חברים פון „פּועלי־ציון" געגרינדעט דעם ערשטן דראַמאַטישן קרייז אין שטאָט, וועלכער האָט גלייכצייטיק געדינט ווי א הכנסות־באַזע פאַר די פּאַרטיי־אינסטיטוציעס.

אין די יאָרן 1918—1919 געפינען מיר צווישן די אנטיילנעמען אין דעם דראַמאַטישן־קרייז פאָלגענדיקע חברים: איטשע אכטמאַן, מאיר בוים, יוסף דרעקסלער, רחל דובקאָווסקא, רבקה הערץ, נח גאָלדהאבער, דער רעזשיסער פון קרייז — דער דענטיסט מינקוס, שלום גאָלדבוים, שמואל שימעל. שפּעטער נעמט איבער די רעזשי־אַרבעט מאיר בוים, נאָך אים — פייוול דרעקסלער, וועלכער בלייבט יאָרנלאַנג אָנפירער און רעזשיסער פון קרייז און פאַרוואַנדלט אים, מיט דער צייט, אין אַ שטאָטיש־טעאטער, וואָס באַדינט אויך די שכנישע שטעטלעך.

די ארבעטן פון דעם 1־טן דראַמאַטישן קרייז זיינען געווען ערנסטע און מיט א גרויסן פארמעסט. די דראַמעס און לעבנסבילדער, וואָס פלעגן אויפגעפירט ווערן אין די גרעסטע טעאטערזאַלן פון שטאָט, פלעגן צוציען גרויסע מאַסן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

דער דראַמאַטישער קרייז האָט זיך ניט פארוואנדלט אין קיין פראָפעסיאָנעלער טעאטער־גרופּע, הגם א סך פון די באטייליקטע האָבן שפּעטער אליין אָנגעפירט מיט דראַמאַטישע קרייזן, און אַ טייל פון זיי, ווי די ברידער זיגלבוים, פיניעלע און פייוול, האָבן דערגאַנצט זייער טעאַטראַלע אויסבילדונג אין ד״ר מ. וויכערטס טעאַטער־שול אין וואַרשע, און ווי אָנגעזעענע קינסטלער זיך באַטייליקט אין באַרימטן עקספּערימענטאַלן וואַרשעווער „יונג־טעאַטער".



מוזיקאַליטע און דראַמאַטישע סעקציע ביי דער „פּועלי־ציון"־אָרגאַניזאַציע, אויף לובלינער 27. דאָס בילד גענומען אין 1928.

אַ לאַנגע צייט נעמען מיט דערפאָלג אנטייל אינעם דראַמקרייז די ח״ח רייזעלע קעלבערמאַן, בער פעלדמאַן, פּערעלע לאקס, סערקע זיסבערג, משה קלערער, ראובן פרוכט, רחטשע סאָבאָל, איתמר ווייץ, אברהם בערענפעלד, פייוול זיגלבוים, רחטשע לאַזאַר, גרשון ניסן, אברהם ציקל, שרה שאַליט, יאנקל זיסבערג, דוד טשעכאָוויטש, יעקב שאַרגעל, שמעון מאַנדלבוים, מאַטעס דיקער, יחזקאל מילשטיין, משה׳לע דרעקסלער און אנד.

אז פייוול דרעקסלער פארלאָזט כעלם, פארטרעטן אנדערע זיין אָרט, און נעמען אויף זיך אין פארשיידענע צייטן די שווערע און פאראנטוואָרטלעכע ראָל פון צוזאמענשטעלן, אָרגאניזירן און אָנפירן מיטן דראַמאַטישן קרייז. עס רוקן זיך ארויס די פעאיקסטע, ווי: אברהם בערנפעלד, אברהם ציקל, מאַטעס דיקער, הלל שאַרגעל (ער האָט אליין באארבעט דעם דראַמאַטישן שטאָף, אליין געמאָלן די דעקאָראציעס, רעזשיסירט און אויך אליין געשפּילט), מיכאל ריבאייזן און זאַנוול זאַלצטרעגער.

עס דארפן אויך פאַרצייכנט ווערן די וואָקאַלישע אָוונטן, וואָס פלעגן אויסגעפירט ווערן מיטן אנטייל פון: סערקע זיסבערג, משה קלערער, אברהם בערנפעלד, איתמר ווייץ, שמעון מאנדלבוים, נאָטע קופּער און בענטשע טאָרן.

אז יעקב צבי שארגעל איז געקומען צוגאַסט קיין כעלם, אין יאָר 1934, האָט ער אין דער קורצער צייט פון זיין ווײַלן אין שטאָט באוויזן צוזאמענצושטעלן אַן אָריגינעלן אָוונט פון אינסצעניזאציע און געזאנג.

גאָר באזונדער דארפן פאַרצייכנט ווערן די אויפטריטן פון כאָר, אונטער דער לייטונג פון לערער פון דער יידישער פאָלקשול — חיים גוטמאַן, וועלכע זיינען געווען א נייעס אינעם יידישן קולטורעלן כעלם, און פלעגן צוציען א סך הונדערטער צוהערער. דער אויפטו פון אויסבילדן א כאָר פון ארבעטער־קינדער, וועלכער איז שפּעטער, נאָך גוטמאַנס אוועקפאָרן, אָנגעפירט געוואָרן דורך בענטשע טאָרן, איז געווען פון גרויסער וויכטיקייט און איז געבליבן ביזן סוף פון די טעג.

## ספּאָרט און פיזישער קולטור

עס זיינען שטענדיק געווען ביי „פּועלי־ציון" גרופּן, וואָס האָבן זיך פארנומען מיט ספּאָרט און פיזישער קולטור, אָבער אַן אָפיציעלער ספּאָרט־קלוב, וואָס איז אָנגעשלאָסן געוואָרן אין דער ארבעטער־ספּאָרט־צענטראַלע „גוויאזדא" (שטערן), איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1930. אין משך פון א קורצער צייט זיינען איינגעשטעלט געוואָרן 4 סעקציעס: 1) פינג־פּאָנג; 2) לייכט־אטלעטיק; 3) גימנאַסטיק; 4) פוטבאָל. די לעצטע צוויי האָבן זיך באזונדערס גוט אנטוויקלט. ס׳איז איינגעאָרדענט געוואָרן א ספּעציעלער ספּאָרט־ווינקל מיט די געהעריקע מכשירים, ווו אין באַשטימטע פארנאכט־שעהן פלעגן דאָרט פאָרקומען גימנאַסטישע איבונגען, מיטן אנטייל פון אַ סך צענדלינגער יוגנטלעכע און עלטערע אַרבעטער. די שיינע גימנאסטישע שפּילן און פּיראַמידן זיינען שפּעטער אויסגענוצט געוואָרן צו אָוונטן און אונטערנעמונגען. די פוטבאָל־סעקציע האָט זיך ראַשיק־שנעל אנטוויקלט, און גאָר גיך ארויסגעטרעטן עפנטלעך אין פוטבאָל־פארמעסטונגען מיט די שטאַרקסטע און עלטסטע ספּאָרט־קלובן פון שטאָט. אין איינעם אזא פארמעסט מיט דער פוטבאָל־מאנשאפט פון 7־טן פּאָלק, אויף זייער פּלאַץ, האָט דער יונגער ספּאָרט־קלוב „שטערן" געשפּילט אזוי שיין און געהאַט די פולע איבערוואָג, אז ס׳האָט אזוי פארדראָסן די פוילישע שפּילער, אז זיי האָבן אָנגעהויבן שפּילן ברוטאַל און איינער האָט מיט א ספּעציעלער כוונה געגעבן אַ שטאַרקן קלאַפּ דעם טויערמאַן, מנשה אטלאס, און אים צעבראָכן דעם פוס. דער שפּיל איז איבערגעריסן געוואָרן, און דעם חבר אַטלאַס האָט מען אוועקגעפירט אין שפּיטאָל אריין. ס׳זיינען דערנאָך פאָרגעקומען א סך פוטבאָל־פארמעסטונגען מיט שיינע דערפאָלגן.

אין 1932 זיינען פאָרגעקומען ספּאָרט־פארמעסטונגען צווישן די „שטערן"־קלובן פון כעלם און לובלין, פארן בעכער פון דער „שטערן"־צענטראלע.

צום זומער־סעזאָן פון 1933, איז אויפגעשטעלט געוואָרן די 5־טע סעקציע, די שווים־סעקציע. און ס׳איז איינגעאָרדענט געוואָרן א שווים־סטאַדיאָן — דער איינציקער אין שטאָט.

א גרעסערע צאָל ספּאָרטלער, אין ספּעציעלע אוניפאָרמען, און אייגענע פענער האָבן אנטיילגענומען אין אַלפּוילישן „שטערן"־צוזאמענפלי, וואָס איז פאָרגעקומען אין ווארשע, אין 1933.

צו סומירן די שיינע דערגרייכונגען פון ספאָרט־קלוב און זיינע סעקציעס, איז דעם 9־טן דעצעמבער, 1933, איינגעאָרדנט געוואָרן אין זאַל „רעסורסא" א גרויסע ספּאָרט־אקאַדעמיע, מיטן אנטייל פון אַ פאַרשטייער פון דער „שטערן"־צענטראַלע.

אין שפּיץ ביי דער אָנפירונג פון קלוב זיינען געשטאַנען: יהושע קראַטקע, שמואל יאָסל בעקער, מנשה אַטלאַס, אלטער גאַליק, שמואל זיידפאַדים, מרדכי עלצטער און זישע קאַרנפעלד.

## „כעלעמער פאַלקס־בלאַט"

די סימפּאַטיעס און גוטע מיינונגען, וואָס די פאַרטיי „פּועלי־ציון" האָט ארויסגערופן צו זיך ביי די ברייטע יידישע פאַלקמאַסן, האָבן געזוכט א מיגלעכקייט פאַר א שטענדיקן אוממיטלבאַרן קאָנטאַקט מיט די דאָזיקע מאַסן, און דאָס האָט געקאָנט דערגרייכט ווערן נאָר דורך אַן עפנטלעכער טריבונע, און אין דער צווייטער העלפט פון יאָר 1928 איז די פאַרטיי צוגעטראָטן ארויסגעבן אַן אייגענע צייטונג.

דער פּראָספּעקט פון דעם דאָזיקן אָרגאַן, וואָס האָט אָנגעזאָגט רייפקייט פון דער פאַרטיי און געטריישאַפט פאַר די מאַסן, איז דערשינען דעם 7־טן סעפּטעמבער, 1928, דער נאָמען — „כעלמער פאַלקס־בלאַט" — און די רעדאַקציע־קאָלעגיע, וואָס איז דאַן באַשטאַנען פון די חברים: יצחק קאַרנזייער (שעף־רעדאַקטער), חיים גוטמאַן (קאָרעקטאָר), מרדכי עברי, שלום גאָלדבוים און משה בעקער (קאָלעגיע) זיינען געווען דער אויסדרוק פון דעם, וואָס די צייטונג וויל זיין.

דאָס „כעלעמער פאַלקס־בלאַט", וואָס האָט געדינט ווי אַ ניט־שטרענגע פאַרטייאישע וואָכנטלעכע צייטונג פאַר קולטור, פּאָליטיק און געזעלשאַפטלעכע פראַגן האָט ארויסגערופן פרייד און באַגייסטערונג ביי פריינד, און כבוד און אָנערקענונג ביי קעגנער. דאָס אַרטיקל און די דערציילונג, דאָס ליד און דער פעליעטאָן זיינען תמיד געשטאַנען אויף דער געהעריקער ליטעראַרישער הייך. אויך פון אויסלאַנד האָבן מיטגעאַרבעט פריינד און חברים: שניאור וואַסערמאַן פון ארגענטינע און אברהם בריק פון ירושלים, יעקב צבי שאַרגעל פון תל־אביב און הערש שישלער פון דרום־אפריקע. די רעדאַקציע, וואָס איז שפּעטער איבערגעגאַנגען אין די הענט פון פייוול פריד, יעקב בעקער און הערשל לערער, האָט זיך באַמיט, ביי דער מיטבאַטייליקונג פון די פריערדיקע חברים, אויסצובעסערן די צייטונג פון וואָך צו וואָך.

ליידער, צוליב די גוט־באַקאַנטע עקאָנאָמישע שוועריקייטן אין וועלכע דאָס יידישע כעלם האָט זיך דאַן געפונען, האָט די צייטונג זיך געמוזט אָפּשטעלן, נישט אויסהאַלטנדיק קיין פולע צוויי יאָר.



א מאַי־דעמאָנסטראַציע אין כעלם, אין 1930.

**עקיבא ווינִיק**

# דאָס יידישע לעבן און שאַפן אין כעלם



עקיבא ווִיניק

כעלם, מיין היימשטאָט, האָט געציילט ערב דעם צווייטן וועלט־קריג לערך 18 טויזנט יידן. געבליבן איז בלויז אַ שארית־הפליטה פון עטלעכע הונדערט כע־לעמער יידן, וואָס זיינען אַנטרונען פון דער נאַצי־שווערד אין די לעצטע טעג אײדער היטלער האָט אָקו־פּירט כעלם. גאָר ווייניק יידן האָבן זיך געראַטעוועט פון כעלעמער געטאָ.

700 יאָר האָט עקסיס־טירט אין כעלם אַ יידישע קהילה, וועלכע איז דורכגעגאַנגען פאַרשיידענע שווערע ציטן אין לויף פון איר געשיכטע.

דער היסטאָריקער, ד״ר רפאל מאהלער, אין זיין בוך „די יידן אין אַמאָליקן פּוילן״, שרייבט וועגן די עלילות־דם וואָס די כעלע־מער קהילה און איר אומגעגנט האָבן געהאַט. ער אונטער־שטרייכט, אַז אין יאָר 1761 זיינען עטלעכע יידן אין שטעטל וואָיסלאַוויץ (כעלעמער געגנט) אומגעקומען פון דער האַנט פון תלין — צווישן זיי צוויי רבנים און צוויי פּרנסים צוליב אַן עלילת־דם, און אין 17־טן י״ה האָבן די בישאָפן פון די מזרח־דעצעזיעס — כעלם, לוצק און קיעוו — פאַרביטערט די יידן דאָס לעבן דורך שווערע גזירות און רדיפות.

**י. ש. הערץ** אין זיין בוך „די יידן אין אוקראַינע פון די עלט־סטע ציטן ביז נאָך ת״ח ות״ט״ שרייבט, **אַז** „בעת דער קריסטלע־כער פּאַסכאַ־פּראָצעסיע אין יאָר 1580 האָט אַ טייל פון המון זיך אַריינגעריסן אין דער כעלעמער שוהל און אָנגעמאַכט דאָרטן אַ חורבן. ווען די יידן זיינען גראָד דעמאָלט געשטאַנען און מתפלל געווען, האָבן זיי פאַרוואונדעט עטלעכע מתפללים״. **ער ברענגט אַ פאַקט, אַז** „בעת דער מאַרש אויף זאַמאָשטש־וואָלין, האָבן די קאָזאַקיש־טאָטערישע מחנות צעשטערט אַ ריי ישובים און דורכ־געפירט הריגות אין די געגנטן פון כעלם און הרוביעשאָוו. עס זיי־נען דערהרגעט געוואָרן די יידן פון דוביענקא און קאַריטניצע, הרו־ביעשאָוו איז צעשטערט געוואָרן. עס זיינען דאָרט אומגעקומען איינִיקע הונדערט יידן און אַ גרויסע צאָל אוניאַטישע אוקראַינער״.

**אין זעלבן בוך שרייבט י. ש. הערץ:** „כעלם איז געווען אַ שטאָט וואָס האָט זיך גוט אַנטוויקלט און איז פונאַנדערגעוואַקסן. אין נאָוועמבער, 1648, האָבן די קאָזאַקן די שטאָט פאַרברענט. די כעלעמער באַפעלקערונג, די יידן בתוכם, האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, אָבער זיי האָבן נישט געקענט אויסהאַלטן דעם דרוק פון שונא. די שטאָט און דער שלאָס זיינען געפאַלן אַ קרבן פון די פלאַמען. דערביי זיינען בערך 400 יידן אומגעקומען אין כעלם. אין אוכאַן נעבן כעלם איז געשטעלט געוואָרן אַ דער־פאַלגרייכער ווידערשטאַנד און דער שונא האָט די פאַרפעסטי־קונגען נישט געקאַנט איינגעמען. פיל זיינען אָבער אין שטאָט געשטאָרבן פון הונגער און מגפה. אַ גרויסע שחיטה איז דאַן פאָר־געקומען אין וואָלאָדאַווע ביים בוג. די צאָל יידישע הרוגים ווערן געשאַצט לערך 10 טויזנט״.



פון 17־טן י״ה איז דאָ אַ דאָקומענט פון וועד ארבע הארצות וועגן גרויסע אינערלעכע מחלוקות אין כעלם און אין גליל. שריט קעגן די דאָזיקע מחלוקות זיינען אָנגענומען געוואָרן אין סעפּטעמ־בער, 1671, אויף אַ סעסיע פון וועד ארבע הארצות, אין יאַראָסלאַוו.

דעם דאָזיקן דאָקומענט האָט פראָפ. שמעון דובנאָוו ז״ל גע־פונען אין דובנע:

[illegible]

(Переводъ: «Главари Ваада доводятъ до свѣдѣнія: въ виду того, что въ Холмскомъ округѣ возникли ссоры и распри, которыя едва не явились гибельными для всего округа, и не подорвали благосостоянія всего Израиля, причемъ истрачено изъ-за нихъ много тысячъ—представители Ваада четырехъ областей наказали зачинщиковъ и участниковъ, имена которыхъ не разглашаются изъ уваженія къ ихъ положенію. Если въ общинахъ творятся подобныя дѣла, люди устраиваютъ неслыханные подвохи и интриги, нарушаютъ старинные запреты и приводятъ общины къ разрушенію, и подобныя неурядицы препятствуютъ исполнять обязанности правильной уплатой королевскихъ налоговъ, вслѣдствіе чего цѣлыя общины и округа впадаютъ въ долги дворянству и духовенству, что грозитъ большой опасностью... главари и представители Ваада четырехъ странъ предоставляютъ полное право старшинамъ округовъ и общинъ преслѣдовать подоб..ихъ людей и наказывать ихъ херемомъ, штрафами, заточеніями и даже предавать ихъ коронному суду, а расходы возложить на зачинщиковъ. Эти люди должны навсегда быть лишены права занимать какія-либо должности въ общинѣ или округѣ, не могутъ также пользоваться правомъ хазаки...., потому что они не имѣютъ жалости ни къ самимъ себѣ, ни къ общинѣ или округу, ни ко всему еврейству..... и они забываютъ, насколько мы ничтожны и презрѣнны въ глазахъ другихъ народовъ. Подобные люди особенно насъ унижаютъ; извѣстно вѣдь, какъ много толковъ вызываютъ въ высшихъ сферахъ подобныя дѣла. Поэтому пусть каждый старается идти по правильному пути и не совершаетъ ничего предосудительнаго. Воззваніе это внесено въ пинкосъ Ваада четырехъ областей»).

פאַקסימילע פון דאָקומענט.

**חוץ אינערלעכע מחלוקות צווישן פּרנסים און רבנים און צווישן יידן בכלל, פלעגן אויך פאָרקומען רייבונגען צווישן דער פאַרשיידנמיניקער באַפעלקערונג, וועלכע איז געווען צוזאַמענגע־שטעלט פון באַזונדערע נאַציאָנאַלע גרופּעס און סעקטעס, ווי רו־**

טענער, אוניאַטישע פּויערים, גריכישע קאַטאָליקן, אוקראַינער, רוסן, פּאָליאַקן און יידן.

אין די יאָרן פון 1795 ביז 1807 האָט כעלם געהערט צו עסטרייך. זינט דאַן האָבן אין שטאָט און אין דערפער געוווינט, אפילו ביז די סאַמע לעצטע יאָרן, קאָלאָניסטן און מעכאַניקער פון עסטרייכיש־דייטשישער אָפּשטאַמונג, וואָס האָבן בעת דער לעצטער דייטשישער אָקופּאַציע געהאָלפן די היטלעריסטן צו פארטיליקן די יידן.

פון 1807—1812 האָט כעלם געהערט צום וואַרשעווער גרויס־פירשטנטום ; פון 1812 ביז 1915 איז כעלם געווען אונטער דער רוסישער מאַכט. צו די אַלע פּאָליטישע קאָניוקטורן האָט די כעלעמער יידישע באפעלקערונג געדאַרפט זיך צופּאַסן און ניט ווייניק נגישות איז זי דורכגעגאַנגען אונטער יעדער מאַכט.

אַ שווערע צייט איז געווען, ווען ס'איז אויסגעבראָכן דער ערשטער וועלט־קריג. די שטאָט איז שטאַרק באַשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן און דעם רוסישן מיליטער.

ביטער און שווער איז געווען דאָס לעבן אונטער דער ערשטער דייטשישער אָקופּאַציע. ברויט איז געווען פון אַ געמישטער קאַשע און מעל און מען האָט עס געטיילט אויף קאַרטן. די באַפעלקערונג האָט געהונגערט און די שטערבלעכקייט איז געוואַקסן פון טאָג־צו־טאָג. עס זיינען אויסגעבראָכן עפּידעמיעס. קהל האָט באַשלאָסן צו פּראַווען אַ חתונה אויפן בית החיים, גלויבנדיק, אַז מיט דעם וועט מען אָפּשטעלן די עפּידעמיע. מען האָט עס טאַקע בפועל ממש געטאָן : אָפּגעזוכט אַן אַלטע מויד און אַן אַלמן און די חתונה איז פאָרגעקומען אויפן בית־עולם. עס איז דערנאָך טאַקע די מגפה געוואָרן קלענער און יידן האָבן אויסגעטייטשט, אַז דער אָבערגלויבערישער ריטואַל האָט עס געהאָלפן.

די דייטשן האָבן איינגעפירט צוואַנג־אַרבעט. די אַרבעטבאַדינגונגען זיינען געווען שרעקלעכע און מען האָט שווער באַשטראָפט פאַר יעדע קלייניקייט.

אין 1916 האָבן די עסטרייכער איבערגענומען די שטאָט און די לאַגע איז געוואָרן אין אַ סך הינזיכטן לייכטער. אין עסטרייכישן גאַרניזאָן זיינען געווען יידן אַלס אָפיצירן, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג מיט דער יידישער באַפעלקערונג. באַזונדערס האָבן אַ סך געטאָן פאַר די כעלעמער יידן : מאַיאָר קאַלמיס (געווען בירגערמייסטער פון שטאָט) ; ד״ר פענסטערבלאו (וויצע־בירגערמייסטער) ; ד״ר קאַנפער. אין די יאָרן 1916—1918 איז אָנגעקומען הילף פון די יידן אין אַמעריקע. מען דאַרף אָבער אָפּמערקן, אַז אין די שווערע אָקופּאַציע־יאָרן איז געפירט געוואָרן אַן אַקטיווע סאָציאַלע הילף און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, באַזונדערס אונטער דער עסטרייכישער מאַכט. עס זיינען געעפנט געוואָרן אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון, וויכטיקע אינסטיטוציעס, קולטור־אַנשטאַלטן און קינדער־היימען.

די יידישע אַרבעטערשאַפט אין כעלם איז געווען דער רירעוודיקסטער און דאָמינירנדיקער געזעלשאַפטלעכער כוח אין דעמאָלטיקן יידישן לעבן.

מיטן אויפקום פון דער זעלבשטענדיקער פּוילישער רעפּובליק האָט זיך סיי דאָס ווירטשאַפטלעכע און סיי דאָס קולטור־געזעלשאַפטלעכע לעבן אַ סך געענדערט.

די שטאָט כעלם האָט זיך אין אַ קורצער צייט פונאַנדערגעוואַקסן און עס האָט זיך געשאַפן אַ נייער קוואַרטאַל אויף צפון־מזרח און עס זיינען אויפגעקומען נייע גאַסן, ווי וועסאָלע, פּיאַרסקע, פּאָדוואַלנע, קאָפּערניקאַ, בודאָווסקע א.א. נעבן מאַרק האָבן זיך אויסגעטיילט נייע גאַסן. יידן האָבן פאַרצעלירט פּלעצער אויף „נייע וועלט“ און קאַטאָווסקע גאַס. עס זיינען אַנטשטאַנען די גאַסן : טשאַרנאַיאַ, פּיעראַצקי־גאַס, אָבלאָנסקע־גאַס, נאַרוטאַוויטש. לינקס פון דער לובלינער גאַס האָט זיך געצויגן אַ נייע גאַס : די „פּאַלעסטינער־גאַס“. אַ סך יידישע וווינונגען זיינען געבויט געוואָרן נידעריקער פון באַרג, אויף דרום־זייט. די „נייע צאַל“ איז געוואָרן זייער געדיכט באַפעלקערט.

דער האַנדל האָט זיך מיט אַ גרויסן פאַרנעם אַנטוויקלט. אויף לובלינער גאַס איז אויסגעבויט געוואָרן אַ רינעק פון 80 קראָמען, וואָס האָבן זיך געפונען אויסשליסלעך אין יידישע הענט. אַקעגן פּוילישן קלויסטער און סטאַראָסטע זיינען אויסגעבויט געוואָרן גרויסע הייזער מיט פיינע געשעפטן און האָטעלן. עס איז אויפגעבויט געוואָרן אַ נייער שיינער קינאָ און דאָס טעאַטער „פּאָלאָניאַ“, ווו עס פלעגן פאָרקומען אָפטע פאָרשטעלונגען, מיטינגען און פאָרלעזונגען. דאָס „פּאָלאָניאַ“־טעאַטער איז געווען דאָס אייגנטום פון דער רבנישער פאַמיליע נייהויז.

עס האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט דער תבואה־מסחר און עס זיינען אויפגעבויט געוואָרן נייע מילן. פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה זיינען געווען די פאָלגענדיקע מאָטאָר־ און וואַלץ־מילן : די מיכאַלענקאַ־מיל (די אייגנטימער זיינען געווען : דער קריסט גזשעגאָרז מיכאַלענקאַ, יעקב שטול, י. מ. לעדערמאַן, אליעזר לעדערמאַן און יוסף ראָלניק) ; די באָגושעווסקי מיל (איז געווען דאָס אייגנטום פון קריסט באָגושעווסקי, אָבער זי איז פאַרוואַלטעט געוואָרן דורך יידן) ; די לעמבערגערס מיל (אייגנטום פון זלמן לעמבערגער, בעריש האַנדעלסמאַן, מאַטעס קליינער און יעקב יצחק גאָלדרייך) ; די גראָזשינסקי־מיל (אייגנטום פון קריסט גראָזשינסקי) ; פּאָקריוועקער מיל (אייגנטימער : אברהם דוד לעדערמאַן, י. מ. לעדערמאַן, מ. פרענקעל, א. בוימגאָלד) ; ש. רובינס מיל ; וועזשביצקיס מיל. עס איז אויך געווען אַ צענדלינג יידישע בעקערייען. ס'רוב אָנפירער פון די אַלע מילן ווי אויך די „מאָנטשאַזשעס“, סוחרים און קרעמער זיינען געווען אויסשליסלעך יידן ; אויך די אַרבעטער זיינען געווען יידן.

אויפן געביט פון דער שווערער אינדוסטריע, ווו יידן זיינען געווען די פּיאָנערן, האָט אָבער אין די לעצטע יאָרן דאָס דאָזיקע געביט זיך געפונען כמעט אויסשליסלעך אין קריסטלעכע הענט פון דייטשישן אָפּשטאַם.

עס זיינען ביי יידן צוגעקומען נייע צווייגן פון פּרנסות, אויך נייע פאַכן. עס האָט זיך אפילו געשאַפן אַ יידישער מעטאַל־אַרבעטער־פאַראיין.

ביז ס'האָט זיך אָנגעהייבן די באָיקאָט־באַוועגונג אונטער דער לאָזונג : „סוואָי דאָ סוואָגאָ“, האָבן יידן עקאָנאָמיש ניט שלעכט געלעבט. אָבער ווען דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך אין פּוילן געשטאַרקט און די אָווסעם־פּאָליטיק איז אַריינגעדרונגען אין אַלע שיכטן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, איז די עקאָנאָמישע לאַגע אין פּוילן געוואָרן אַלץ ערגער, און עס האָט זיך שלעכט אָפּגערופן אויף דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין לאַנד און אויך אויף די יידן אין כעלם.

## פון רעליגיעזן לעבן

דער רעליגיעזער לעבנשטייגער אין פּוילן איז געווען דאָמינירנדיק אפילו אין די לעצטע יאָרן. אויך כעלם איז געווען אַ רעליגיעזע יידישע שטאָט, וועלכע האָט געהאַט באַרימטע רבנים, ווי ר' שלמה בן משה כעלמאַ, אַ גרויסער גאון און אַ קענער פון דער מיטלאַלטערלעכער פילאָסאָפיע ; דער מהרש״א, וואָס איז געווען רב אין כעלם, אָנהייב פון 17־טן י״ה, און האָט מחבר געווען אַ טיפזיניקן פירוש אויפן תלמוד. עס זיינען געווען, אויך אין דער לעצטער צייט, אַ סך בתי תפילה, חסידישע שטיבלעך, ווי דאָס קאָצקער־שטיבל, דאָס קוזמער־שטיבל, דאָס ראַדזינער־שטיבל, דאָס בעלזער־שטיבל און די אַלטע פיל־הונדערטיאָריקע שוהל,

וועלכע האָט געהאַט אַ שוהל־הויף, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גע־שלאָסענער „ם״. אַ סך מעשיות און לעגענדעס באַצירן דעם נאָמען פון דער גרויסער שוהל. זי איז געווען אַ מאַסיווער שיינער בנין, מיט אויל־באַשמירטע ווענט, מיט אַ באַלעמער, וואָס איז גע־ווען אונטער אַ באַלדאַכין, די פענצטער זיינען געווען הויך, כמעט נעבן סופיט, פון וועלכן עס זיינען אראָפּגעהאַנגען שווערע מעשע־נע הענג־לייכטער. די שוהל האָט אויך געהאַט אַ באַלקאָן, וואָס מען פלעגט אין די יום־טובים איינאָרדענען אַ באַזונדערן מנין. דער ארויפגאַנג איז געווען מיט טרעפּ, פון דער רעכטער זייט פון פאָליש.

עס האָט זיך געפילט אַ גרויסע חרדת קודש, ווען מען איז אריינגעקומען אין שוהל. דורכפאָרנדיקע יידן פלעגן ספּעציעל קומען זען די שיינע מאַיעסטעטישע שוהל.

אין הויף אַקעגן דער טיר פון דער כעלעמער שוהל האָט פון דער לינקער זייט געפירט אַן אריינגאַנג אין בית־המדרש אריין. רעכטס איז געווען אַ שוהלכל פון דער חברה „הכנסת כלה״ און נאָך שוהלעכלעך פון אנדערע וווילטעטיקע חברות.

דער בית־המדרש איז אין די 20־קער יאָרן פון איצטיקן י״ה געוואָרן איבערגעבויט. מען האָט מיט אויל־פאַרב אים אויסגע־מאָלט און באַצירט מיט קינסטלערישע ארץ־ישראלדיקע געמעלן.

אַ באַדייטנדיקער צענטער פון חסידות איז געווען כעלם. עס האָט אין כעלם רעזידירט דער טריסקער מגיד, וואָס איז געווען אַ תלמיד פון המגיד הקדוש, ר׳ בער מעזעריטשער.

אין די 20־ער יאָרן האָט זיך אין כעלם באַזעצט דער קוזמי־רער רבי, ר׳ מאָטעלע, וואָס איז געווען אַ גרויסער בעל־מנגן. ער האָט געציקלט מיט זיין קול־נגינה יעדע תפילה מיט גרויסער מתי־קות, און דערפאַר פלעגט מען שבת אפּדאַווענען ערשט ארום 2 אזיי־גער נאָכמיטאָג.

זייער אַ סך אָנהענגער האָט געהאַט דער קוזמער רבי. הונ־דערטער חסידים פלעגן אָנפאָרן פון אלע עקן פוילן צום רבין, וועלכער פלעגט פּראַווען אַ טיש פאַר אַ גרויסן עולם ביז עס איז געוואָרן ערוב השמש און אין גאַנצן טונקל.

אויף די ימים־נוראים פלעגן זיך צונויפפאָרן גרויסע מענגעס חסידים, צווישן וועלכע עס זיינען געווען בעלי־תפילות. זייערע נגינות זיינען זיך צעגאַנגען אין אלע אברים. הונדערטער כעלע־מער יידן פלעגן קומען צום שטיבל הערן די ניגונים, באַלאַגערנ־דיק אלע פענצטערס און אויפכאַפּנדיק יעדע העוויה און מינע, יעדן טאָן און זמרל. שפּעטער האָבן חסידישע בעלי־מלאכות די אלע נייע ניגונים איבערגעזונגען ביי דער ארבעט אין זייערע וואַרשטאַטן.

שמחת־תורה איז געווען הילולא וחינגא ביים קוזמירער רבין. דער רבי, וואָס איז געווען אַ הינקעדיקער, פלעגט טאַנצן ביי די הקפות, מיט זיין אייגענער קליינער תורהלע, וואָס האָט געהאַט גאָלדענע עץ־החיימלעך: די חסידים פלעגן ארום אים מאַכן אַ קרייז, און ער, איבערגעדעקט מיטן טלית דעם קאָפּ, האָט גע־טאַנצט, האַלטנדיק דאָס תורהלע אין דער הויך.

דער קוזמירער־הויף האָט אריינגעבראַכט אויסטערלישע התלהבות און אצילותדיקע פרייד אין יידישן לעבן פון כעלם.

* * *

פאַרן ערשטן וועלט־קריג איז דער חדר געווען כמעט דער איינציקער דערציאונג־ און לערן־אנשטאַלט פון יידישע קינדער אין כעלם. מען האָט געלערנט שפּעט אין אָוונט און מחמת מורא פאַר שדים פלעגט מען, בעת מען איז געגאַנגען אהיים פון חדר, האַלטן די ציצית אָדער די גמרא אין די הענט. דאָס האָט געדינט ווי אַ שומר קעגן אַלע בייזע רוחות און שדים.

אויף דער רעכטער זייט פון דער סעמינאַרסקע גאַס איז גע־ווען אַ תלמוד־תורה, אין וועלכער ס׳האָבן זיך געלערנט קינדער פון דער געדיכטער יידישער אָרעמקייט. זיי פלעגן דאָרט באַ־קומען אַ פּאָר מאָל אין טאָג עסן.

ארויפצו הענכער, לינקס, אויף דער זעלבער סעמינאַרסקי גאַס האָט זיך געפונען אַ ישיבה, אין וועלכער ס׳האָבן זיך געלערנט תלמידים אויך פון דער אומגעגנט.

אַ סך לעגענדעס זיינען געווען פאַרשפּרייט צווישן די תלמי־דים פון חדר און פון דער ישיבה.

שטאַרק פאַרשפּרייט איז געווען די גולם־לעגענדע און די מעשיות וועגן דעם רב ר׳ אליהו בעל שם, וואָס האָט, ווי מ׳האָט גערעדט, אויסגעקנאָטן דעם גולם אין כעלם.

כ׳האָב עס געהערט אין דער פאָלגענדער ווערסיע:

„אויפן בוידעם אין כעלעמער אלטער שוהל האָט קיינער נישט געקאָנט ארויפגיין. מ׳האָט אפילו נישט געוווּסט ווו דער שליסל איז פון בוידעם. איינער דער צווייטן פלעגט איינרוימען אַ סוד, אַז אויפן בוידעם ליגט דער גולם פון באַרימטן כעלעמער רב, ר׳ אליהו בעל שם.

ר׳ אליהו בעל שם, האָט מען גערעדט, האָט געשאַפן פון ליים אַ גולם, וועלכער האָט זיך אוועקגעשטעלט אין אַ מאַרק־טאָג מיט אַ האַק אין האַנט, און ווי נאָר ער האָט געזען, אַז אַ פּויער וויל שלאָגן אַ יידן, האָט ער אוועקגעהרגעט דעם פּויער.

אַ גאַנצע וואָך האָט דער גולם באַדינט דעם רב, די רביצין און געטאָן די שווארצע ארבעט אין בית־המדרש.

ווען דער פריץ האָט זיך דערוווּסט פון דעם גולמ׳ס גבורה, האָט דער בעל שם ארויפגעפירט דעם גולם אויפן בוידעם, ארויס־געצויגן פון אים דעם שם־המפורש און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בערגל ליים אויפן בוידעם. דער בעל שם האָט פאַרשלאָסן די טיר, מיטגענומען מיט זיך דעם שליסל, און זינט דעמאָלט איז דער בוידעם פאַרריגלט געווען״.

אַ סך וווּנדער־מעשיות זיינען דאָ וועגן ר׳ אליהו בעל שם. מען דערציילט, אַז פאַר זיין פּטירה האָט ער איבערגעלאָזט אַ צוואה, אַז נאָך זיין טויט, ווען מען וועט דורכפירן זיין ארון פאַרביי דעם רוסישן קלויסטער (קיין אנדער וועג צום בית־עולם איז ווייזט אויס ניט געווען) און קריסטלעכע כוליגאַנעס וועלן אָנ־הייבן וואַרפן שטיינער, ווי זייער שטייגער איז פון מכמה יאָרן, טאָ זאָל מען ניט אַנטלויפן, נאָר מען זאָל אַפּשטעלן דעם ארון און בלייבן שטיין אויפן אָרט.

ווי אַ המשך פון דעם דערציילט מען, אַז ווען ר׳אליהו בעל שם ז״ל איז נפטר געוואָרן, האָט מען אָפּגעהיט זיין צוואה. בעת מען האָט זיך דערנענטערט מיט זיין לוויה אויפן וועג צום בית־העולם ביי דער תיפלה, זיינען פון דאָרט ארויס גוייאישע כוליגאַ־נעס און גענומען וואַרפן שטיינער אויפן ארון און אויף אלע יידן, וואָס האָבן מלווה געווען דעם הייליקן צדיק. קיינער איז ניט אַנטלאָפן. ר׳ אליהו האָט זיך אויפגעזעצט און ארייגעקוקט אין זיין ספר־תורה, וואָס איז געווען אין ארון, און אין אַ פּאָר מינוט ארום איז די תיפלה איינגעזונקען געוואָרן צוזאַמען מיט די כולי־גאַנעס. באַלד נאָכדעם האָט דער בעל שם טוב זיך אויסגעצויגן אין ארון ווי אַ מת. די יידן האָבן דערשראָקענע זיך איבערגעקוקט פון השתוממות און די לוויה איז גלייך ווייטער פאָרגעזעצט קעוואָרן.

מען האָט גערעדט, אַז זינט יענעם וווּנדער, האָבן שוין כולי־גאַנעס מער קיין שטיינער ניט געוואָרפן בעת יידישע לוויות.

וועגן דעם איינגעזונקענעם קלויסטער פלעגן די חדר־יינגלעך, וואָס האָבן געלערנט ביים מלמד אין לייב פּאַקס הויז, ריידן, אַז ווען מען גייט אראָפּ אין קעלער און מען נעמט שפּרינגען אויפן הילצערנעם דיל, הערט מען אזא מין עכאָ פון אַ גלאָקן־קלאַנג, וואָס דאָס איז דער אָפּקלאַנג פון איינגעזונקענעם קלויסטער.



תשעה באב אויפן כעלעמער בית־עולם

די דאָזיקע ווערסיע איז אומגעגאַנגען צווישן די קינדער. מען האָט נאָך אויך גערעדט, אז אויפן אָרט פון דער איינגעזונקענער תיפלה איז אויפגעבויט געוואָרן לייב פאַקס הויז.

אויפן בית־עולם פון כעלם זיינען געלעגן אָנגעוואָרפן ציגל, אויף א געוויסן אָרט אין דער פאָרעם פון אַ „ב". בעיני ראיתי, זיינען אויף אייניקע ציגל געווען אויסגעקריצט אותיות. מען האָט געזאָגט, אז אין יאָרצייט פון ר' אליהו בעל־שם קומט אַ מלאך און קריצט אויס אן אות אויף א ציגל. מען האָט דעריבער מורא גע־האַט אָנרירן די ציגל.

דאָס איז געווען דער קבר פון ר' אליהו בעל־שם, קיין מצבה איז אויף דעם קבר נישט געווען.

וועגן ר' אליהו בעל־שם איז דאָ אין „אוצר ישראל" דף 137, חלק שלישי, ניו־יאָרק, תרס"ט, די פאָלגענדיקע ידיעות:

„ב ע ל ־ ש ם

אליהו בר' יהודה אהרן מחעלם: רב במדינת פולין ואבי זקנו של הרב ר' צבי אשכנזי בעל „חכב צבי". נולד סביב לשנת 1550 ומת בעיר חעלם (שנת מותו לא נתבררה עדיין). בהיותו כבן חמש עשרה שנה שלחהו אביו ללובלין ללמוד תורה מפי רבי שלמה לוריא (מרש"ל) ולצקת מים על ידו. שם למד תלמוד ופוס־קים על פי השטה הנהוגה בימים ההם ויצטיין בשכלו הזך ובקיאו־תו בכל חדרי התורה שבעל פה ונושאי כליה ויהיה למופת לבני גילו. אחרי אשר השיג „הסמיכה" מהרש"ל נתקבל לרב בעיר חעלם אשר בפולין וישב שם עד יום מותו. בהיותו תמיד נוח ומתון, חסיד וענו ורחוק מצל גאוה בגלל גדולתו בתורה — המגרעת שדבקה, אז ברוב הרבנים בפולין — קנה לו עד מהרה פרסום גדול ואנשים למאות נמשכו אחריו להתאבק בעפרו ולהת־חמם באור צדקתו וחכמתו. ההגדה שתה לראשו עטרת תהלה בפרישות וקדושה ומספרים ממנו נפלאות גדולות, כי ברא לו גברא בכח הקבלה המעשית, „גולם" שהיה בעל תנועה ופעולה, כל עוד שהחזיק בפיו פתקא ושם המפורש כתוב עליה, ובהוציא הרב את הפתקא מפי הגולם שב להיות עפר וטיט. בתשובות נכדו (שאילת יעב"ץ סי' פ"ב) יסופר כי ר' אליהו בעל שם בפחדו פחד „שלא יחריב העולם נתק השם ממצחו ונתבטל ושב לעפריה".

כנראה היה מתעסק הרבה בתורת הקבלה המעשית וישתמש בה לצורך תרופות וסגולות: לרפא חולים, לגרש דבוקים וכדומה.

ר' אליהו מחעלם לא השאיר אחריו איזה ספר בקבלה או בתלמוד, אך פסקיו והוראותיו נזכרים בתשובותיהם של חכמי דורו והבאים אחריו (תשובות רש"ל סי' מ"ב ותשובות ב"ח החד־שות סי' ע"ז)".

## פון שול־וועזן

די יידישע פאָלקשול איז געווען דער ערשטער מאָדערנער דערציאונג־אַנשטאַלט אין כעלם. זי האָט זיך געשאַפן אין 1918, אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון דער „פועלי־ציון"־פאַרטיי, מיט דער הילף פון „בונד" און אייניקע אומפּאַרטייאישע פערזאָנען. די אונטעררריכט־שפּראַך איז געווען יידיש. די העברעאישע שפּראַך און ארץ־ישראל־קענטעניש זיינען געווען אָבליגאַטאָרישע לימו־דים.

די שילער פון דער אָ שול האָבן געשטאַמט פון די אָרעמסטע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג אין כעלם. א סך עלטערן האָבן אפילו ניט געקאָנט באַצאָלן דעם מינימאַלן שכר־לימוד. דער שול־בודזשעט האָט זיך מייסטן געדעקט פון אונטערנעמונגען און בלימל־טעג און פון צופעליקע אונטערשטיצונגען פון די רעליעף־קאָמיטעטן און פון כעלעמער מעבר לים. אין די ערשטע פּאָר יאָר פלעגן ארייגשיקן סובסידיעס פאַר דער שול דער מעדעם־דינעזאָן־רייכמאַן קאָמיטעט, און שפּעטער די צי"שא (צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע) אין פּוילן.

דער לערער־פּערסאָנאַל האָט על פי רוב געהערט צו דער „פועלי־ציון"־פּאַרטיי. ד"ר מ. קאנפער איז געווען דער שול־פארוואלטער. דערנאָך איז געוואָרן פארוואלטערין זיין פרוי, גאַזעלא קאנפער, וועלכע האָט אויך געפירט דעם לימוד פּויליש אין שול. דער לערער־פּערסאָנאל איז געווען: מירקין, פייוול פריד, משה לערער, בלומע בוים, דער אלטער באקאליאר (לערער פון העברעאיש).

די שול האָט זיך פיין אַנטוויקלט. די צאָל קינדער איז גע־וואַקסן. אין 1920 זיינען געווען 200 שילער אין דער יידישער פאָלקשול.

אַ דאַנק דער שטאַרקער פאָדערונג פון דער „פועלי־ציון"־פראַקציע אין דער קהילה, באזונדערס דורך איר ראַטמאַן, אהרן דוד היפּשמאַן, האָט די קהילה־פּארוואלטונג, אין 1923, באשלאָסן געבן א קליינע סובסידיע פאר דער פאָלקשול.

אין 1923—1924 איז ארויסגעפאָדערט געוואָרן אלס שול־פארוואלטער יעקב אלסטער פון קראָקע. ער האָט געשאַפן אַ קרייז פון שטודירנדיקער יוגנט, וואָס האָט געהאָלפן דער שול־ארבעט, אויך אלס לערער. צום דאָזיקן סטודענטן־קרייז האָבן גע־הערט: זלמן און אברהם קראטקי; מענדלסאָן; שוועסטער און ברודער באש; מרים קויפמאַן (שפּעטער די פרוי פון יעקב אַלס־טער): מירקע אַטלאַס; רויזע שוואַרצמאַן־גוטמאַן; גלינצמאַן; יענקל באָרנשטיין; קאָרנבליט און אנדערע.



לערער־ראַט פון דער פאָלקשול אין כעלם

נאָך דעם ווי מיכאל ריבאַייזן, שול־סעקרעטאַר, איז אוועקגעפאָרן קיין וואַרשע, האָב איך, דער שרייבער פון די שורות, איבערגענומען דעם סעקרעטאַריאַט פון פאָלקשול. אין מיין צייט איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גרופּע אַביטוריענטינס פון דער יידישער מיטל־שול אין כעלם, וועלכע זיינען געפאָרן אויף פּעדאַגאָגישע קורסן, וואָס זיינען דורך דער ציש״א אָרגאַניזירט געוואָרן אין וואַרשע. שפּעטער זיינען זיי געוואָרן לערערינס און האָבן געאַרבעט אין די ציש״אָ־שולן. אַ פּאָר פון זיי האָבן אונטערריכטעט אין דער כעלעמער פאָלקשול.

נאָך דעם ווען אלסטער האָט רעזיגנירט, איז געוואָרן שול־פאַרוואַלטער עקיבא באַקשט, פון זשעטל. אין 1924, ווען כ׳בין אוועקגעפאָרן קיין וואַרשע אין לערער־סעמינאַר ביים ציש״א, איז שול־סעקרעטאַר געוואָרן שלום גאָלדבוים, און מיט דער שול־אַדמיניסטראַציע האָט אָנגעפירט חיים ביבעל (איצט אין ישראל).

עס האָט זיך אָפּט געביטן דער לערער־פּערסאָנאַל פון דער שול. אין 1926—1927 האָב איך, נאָכן פאַרענדיקן דעם סעמינאַר, געאַרבעט אין דער כעלעמער פאָלקשול אלס לערער. די לערערס זיינען דאַן געווען: געניע לעווי, חנהטשי העלפּענביין, אברהם קראַטקע, מיכאל באַליאַר, פּעסל גאָלדפּעלד, שבע קרוק, יאָסעלע ראָזענבלאַט און דער שרייבער פון די שורות.

צום שוליאָר 1928—1929 איז איינגעלאַדן געוואָרן אלס שול־פאַרוואַלטער חיים גוטמאַן, וואָס איז אויך געווען אַ גוטער מוזיקער. ער האָט אריינגעפירט אַ סך לעבנספרייד אין שול. אין שול־פּראָגראַם האָט ער אריינגעפירט דעם לימוד מוזיק און געזאַנג. ס׳איז אויך געשאַפן געוואָרן א קינדער־קלוב, אַ דראַמאַטישער קרייז, אַ שול־כאָר און אַ ספּאָרט־סעקציע. זייער דערפאָלגרייך — אי מאָראַליש און אי פינאַנציעל — זיינען געווען די אראַנזשירטע קינדער־אָוונטן, וואָס זיינען געווען א שם־דבר אין כעלם.

די שול איז אין יענער צייט געווען טיילווייז סובסידירט פון מאַגיסטראַט, א דאַנק דעם נצחון פון דער „פּועלי־ציון״־פראַקציע צו די שטאָט־ראַט־וואַלן. אויך פלעגט מען באַקומען אַ סובסידיע פון דער קהילה. אָבער צום אָנהייב פון שול־יאָר 1929—1930 איז די לאַגע פון דער שול געווען זייער אַ שווערע. די נייע פּאָליטישע ווינטן אין לאַנד האָבן געהאַט שטאַרקע איינפלוסן אויפן כעלעמער מאַגיסטראַט און אפילו אויף דער יידישער קהילה, וואָס האָבן וואָס ווייטער פאַרקלענערט די סובסידיע פאַר דער יידישער פאָלקשול. די שול האָט זיך געפונען אין א קריטישן מצב.

אָנהייב 1930 האָט די ציש״א דעלעגירט קיין כעלם איר פאָרשטייער, יעקב פּעטערזייל, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער רעטונג־אַקציע פאַר דער שול. עס זיינען פאָרגעקומען א ריי פאַרזאַמלונגען, א קאָנפערענץ פון די פּראָפ. פאַראיינען מיט דער באַטייליקונג פון „פּועלי־ציון״ און „בונד״ און ס׳איז דורכגעפירט געוואָרן אַ געלט־זאַמלונג פון שטוב צו שטוב. די דאָזיקע שול־אַקציע איז געשלאָסן געוואָרן מיט אַן אימפּאָזאַנטער שול־פייערונג.

דער לערער־פּערסאָנאַל אין יענער צייט איז געווען: חיים גוטמאַן, שבע קרוק, מאַטעלע שענער, ראָזע שוואַרצמאַן און סערקע ווייסמאַן.

צום שול־יאָר 1930—1931 איז איינגעלאַדן געוואָרן אלס פאַרוואַלטער פון דער פאָלקשול בערל אַקסעלראָד און זיין פרוי נעכע אלס פּרעבעליסטין אין דער קינדער־היים.

אין יאָר 1932 האָט דער בעל־הבית פון הויז אין וועלכן עס האָט זיך געפונען די פאָלקשול, דער באַקאַנטער אסימילירטער ייד, ד״ר ליפּקאָוויטש, ארויסבאַקומען אַן עקסמיסיע אויף דער שול. אין דער שווערסטער ווינטער־צייט, אין חודש פעברואַר, איז די עקסימיסיע אויסגעפירט געוואָרן. ס׳האָבן נישט געהאָלפן די ווענדונגען און באַמיאונגען פון פאַרשיידענע מענטשן, די הארציסענדע געוויינען פון די קינדערלעך, אז מען זאָל אָפּוואַרטן מיט דער עקסימיסיע כאָטש 2 חדשים, ביזן אָנקומענדיקן פרילינג. דער קאָמאָרניק איז געווען גערירט, און איז גרייט געווען אָפּצוּוואַרטן, אָבער די האַרצלאָזיקייט פון די בעל־הבתים האָט גובר געווען. די ידיעה וועגן דער עקסימיסיע האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער שטאָט. די שול־טוער האָבן געמאַכט פאַרצווייפלטע באַמיאונגען צו דינגען א נייע דירה פאַר דער שול, אָבער ס׳איז זיי נישט געלונגען. ערשטנס, ווייל ס׳איז בכלל נישט געווען קיין ליידיקע צוגעפּאַסטע לאָקאַלן פאַר אַ שול, און צווייטנס, עס איז רייף געוואָרן דער געדאַנק וועגן אויפשטעלן אַן אייגענעם בנין פאַר דער שול.

ס׳זיינען געמאַכט געוואָרן באַמיאונגען אָן דערפאָלג צו באַקומען אַן אומזיסטן פּאַסיקן פּלאַץ פון מאַגיסטראַט. עס איז נישט געבליבן קיין אנדערע ברירה ווי צו קויפן אַ פּלאַץ פאַר אייגן געלט. אין מערץ 1932 איז געקויפט געוואָרן אַ פּלאַץ אויף קאַטאָווסקי גאַס (אקעגן דער שיעדלעצקי) אין סאַמע צענטער פון דער יידישער האָרעפּאַשניקייט. דער איינקויף פון פּלאַץ איז ביים נאָטאַר פאַרשריבן געוואָרן אויף די נעמען פון אהרון דוד היפּשמאַן, משה בעקער און יוליעק ווייסמאַן. (די ערשטע צוויי זיינען אומגעקומען ביים דייטש, דער לעצטער געפינט זיך מיט זיין פרוי און זון אין סאַן־פּאַולא, בראַזיל).

דער אויסגעוויילטער בוי־קאָמיטעט איז תיכף צוגעטראָטן צו דער ארבעט פון שול־בנין, וואָס האָט ארויסגערופן אַ גרויסע באַגייסטערונג ביי חברים און פריינד און אויך ביי אַ סך פאָלקמענטשן, וועלכע האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן צו אַרבעטן אָן געצאָלט, און אזוי ארום איינגעשפּאָרט דעם בוי־קאָמיטעט אַ היבשע סומע געלט.

די פייערונג פון לייגן דעם גרונד־שטיין פאַרן שול־בנין איז פאָרגעקומען דעם 3־טן יולי, 1934.

ס׳האָבן זיך פאַרזאַמלט אריבער טויזנט מענטשן. די פייערונג האָט אין נאָמען פון בוי־קאָמיטעט געעפנט דער ראַטמאַן, משה בעקער. מיט רעדעס און באַגריסונגען זיינען ארויסגעטראָטן: אין נאָמען פון פּאַרטיי־קאָמיטעט פּ.צ. — יענקל בעקער, אין נאָמען פון מאַגיסטראַט — דער שטאָט־פּרעזידענט סטאַניסלאוו גוט, אין נאָמען פון שטאָט־ראַט — דער וויצע־פּאָרזיצער פון שטאָט־ראַט י. מ. לעדערמאַן, אין נאָמען פון די פּראָפ־פאַראיינען — חיים ביבעל, אין נאָמען פון דער „יוגנט״־אָרגאַניזאַציע — פייגע ניצלאַך, אין נאָמען פון די קולטור־אינסטיטוציעס און אין

יידישע שול־אָרגאַניזאַציע אָפּטיילונג אין כעלם.

---

# איינלאַדונג

מיר האָבן דעם כבוד אייך איינצולאַדן אנטייל צו נעמען אין

## דער פייערונג ביים לייגן דעם גרונדשטיין פון אונזער אייגענעם שול בנין.

די פייערונג קומט פאָר זונטיק דעם 3־טן יולי 30 11 פ.מ. מיטן אנטייל פון דעלעגאַט פון צ.י.ש.א. ח׳ **נתן בוקסבוים** אויף אונדזער אייגענעם פּלאַץ אונטערן פרייען הימעל קאַטאָווסקא 40 (סוף שעדלעצקע)

איז פּראָגראַם: 1) באַגריסונגען 2) רעדעס 3) לייגן דעם גרונדשטיין

מיט כבוד

די פאַרוואַלטונג

כעלם, דעם 28 יוני 1982

פאַקסימילע.



פייערונג פון לייגן דעם גרונט־שטיין פון אן אייגענעם שול־בנין אין כעלם אין 1934. עס רעדט פאַרן עולם נ. בוקסבוים, דעלעגאַט פון צי״שא אין פוילן.

נאָמען פון די לערער, וואָס וואַרטן אויף דער שול — בערל אקסעלראָד, אין נאָמען פון ציש״א — נתן בוקסבוים פון ווארשע.

עס קומט פאָר די צערעמאָניע פון לייגן דעם גרונט־שטיין. דעם 1־טן שטיין לייגט — נתן בוקסבוים, דאַן דער שטאָט־פּרע־זידענט, שפּעטער אנדערע פאָרשטייער פון דער שטאָט און איינ־געלאַדענע געסט. אין אָוונט איז דאַן פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די פאַרוואַלטונגען פון די פּראָפ.־פאַראיינען און קולטור־אינסטיטוציעס, אויף וועלכער דער בוי־קאָמיטעט האָט פאָרגע־שטעלט זיינע פּלענער פון דער זאַמל־אַקציע פארן שול־בנין. די זאַמל־אַקציע איז געפירט געוואָרן גענוג ענערגיש, און דאָך איז נישט געלונגען צו שאַפן אזא גרויסע סומע געלט, וואָס האָט זיך געפאָדערט כדי אויפצושטעלן דעם בנין.

אין יוני, 1935, האָט מען געדונגען אַ לאָקאל אויף לובלינער 78, פאר אַ קינדער־היים אויפן נאָמען פון מרדכי עברי. ס'איז געווען אין סאַמע מיטן זומער, מיט גרויסע היצן, די צייט ווען די קינדער פאַרלאָזן די שול־בענק, פון דעסט־וועגן זיינען געווען אריבער 20 קינדער. בכדי צו שאַפן די פינאַנציעלע מיטלען פאַר דער קינדער־היים, האָט זיך דער גאַנצער פאַרטיי־אַקטיוו אנגאַזשירט אין איינ־אָרדענען אונטערנעמונגען, אָפּגעדונגען קינאָ־סעאַנסן און אליין ארומגעגאַנגען פאַרקויפן די בילעטן. אינעם 1־טן חודש האָט מען פון 3 קינאָ־סעאַנסן (אזעף, טשע־לוסקין־עקספּעדיציע און זכרונות פון „טויטן הויז״) גע־האַט אן איינקונפט פון אַריבער 200 זל. ס'איז אוועק אַ שטיקל צייט און די פינאַנציעלע שוועריקייטן זיינען געוואָרן אזוי גרויס, אז די קינדער־היים האָט זיך גע־מוזט שליסן.

אין יאַנואר, 1938, האָט זיך צום „פּועלי־ציון״־קאָ־מיטעט געמאָלדן ד״ר לאה פריד, אז זי איז גרייט צו העלפן עפענען די קינדער־היים אויפן נאָמען פון מרדכי עברי, און זי וועט אליין דורכפירן אַ געלט־זאַמלונג אי־בער דער שטאָט.

אין געציילטע טעג האָט די אויבן דערמאָנטע, מיט דער הילף פון ד״ר פרוי ווילענקא, צונויפגעזאמלט העכער 400 זל.

ס'איז אויסגעבילדעט געוואָרן אַ ברייטער קאָמיטעט פאַר דער קינדער־היים אין וועלכן עס זיינען אריין: ד״ר לאה פריד, פייוול פריד, דאָרא דובקאָווסקא, באַשקע צימערמאַן, זאנוול זאלצטרע־גער, בלומע גאָמולקא, חנה שאַרגעל, שמואל שאַרגעל, יאנקל בע־קער, דוד גאָלדרייך און בערל אקסעלראָד. מ'האָט געדונגען אַ שיינע דירה פון 3 צימערן אויף לובלינער 80, געמאַכט אלע נייטיקע איינריכטונגען, ס'איז אויך איינגעריכטעט געוואָרן א קיך אויף צו געבן די קינדערלעך 2 מאָל אין טאָג וואַרעמע באַשפּייזונג. אלס פאַרוואַלטערין איז באַשטימט געוואָרן נעכע אקסעלראָד. אזוי ווי עס האָבן זיך פאַרשריבן אריבער 40 קינדערלעך, האָט מען געמוזט צונעמען אַ געהילף — אסתר סאָלמאַן, און שפּעטער — ר׳זשקע גערטנער.



„קינדער־היים״ ביי דער יידישער פאָלק־שול אין כעלם, פון לינקס שטייט די לערערין נעכע אָקסלראַד־באָקאַלטשוק.

צו דער פייערלעכער דערעפענונג פון דער קינדער־היים זיינען געקומען אריבער 60 מענטשן, ווי פאָרשטייער פון פארשיידענע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס. ס׳זיינען געהאַלטן געוואָרן יום־טובדיקע רעדעס.

די קינדער־היים איז שוין געווען פאַרפעסטיקט, האָט מען אויך אָנגעהויבן פּלאַנירן אויפצושטעלן אַ נאָך־מיטאָג־שול און אַן אָוונט־שול, און מען האָט אָנגעהויבן רעאַליזירן דעם פּלאַן פון באַנייען דאָס בויען דעם אייגענעם שול־בנין, וואָס האָט געזאָלט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קולטור־הויז, ארייננעמענדיק אין זיך די קינדער־היים, די ביבליאָטעק, דעם פאָלק־אוניווערסיטעט און אַנדערע קולטור־אַנשטאַלטן. עס איז דאַן דעלעגירט געוואָרן קיין וואַרשע ש. שאַרגעל, וועלכער האָט קאָנפערירט מיט די פאָרשטייער פון דער ציש״א. די ציש״א האָט גלייך אויסגעצאָלט אַ געוויסע סובסידיע פאַר דער קינדער־היים און צוגעזאָגט א גרעסערע סומע צו דינגען אַ צייטווייליקע דירה — פאר דער שול — ביז דער בנין וועט פאַרטיק ווערן.

דאָס בויען פון בנין האָט זיך אָנגעהויבן. מאַטעריאַל איז געקויפט געוואָרן. מ׳האָט אוועקגעשטעלט בוי־מייסטערס—טשעסליאַרעס אויסצואַרבעטן דאָס געהילץ. אַלץ איז געגאַנגען מיט אַן אומגעריכטן באַרג־ארויף. דאָס הויז איז פּראָוויזאָריש שוין געווען אויפגעשטעלט (אויפן פּלאַץ ביי די גאָלדרייכס, אויף סעמינאַרסקי 19). ס׳איז געשטאַנען גרייט און געוואַרט מען זאָל קומען עס נעמען און איינבויען און צופעסטיקן, צו די שוין פון פריער מיט אַזויפיל ליבע און מי צוגעגרייטע פונדאַמענטן, ווו עס האָט געדאַרפט פאַרוואַנדלט ווערן אינעם אויסגעטרוימטן קולטור־הויז פון דער יידישער אַרבעטער־משפחה און האָרעפּאַשנעם יידישן כעלם. אָבער ס׳האָט זיך ראַש דערנענטערט דער 1־טער סעפּטעמבער, 1939, און עס זיינען צעשטערט געוואָרן אַלע אָנגעמערקטע צילן און טרוימען, אין אָנבליק פון דער אָנקומענדיקער גרויזאַמער צייט.

## יידיש־פּוילישע שולן

דער דראַנג ביי יידן צו שיקן די קינדער אין די גימנאַזיעס איז אונדז אַלעמען גוט באַוווסט. עלטערן האָבן אויסגערעכנט אויף אַ תכלית, אַ קאַריערע פאר די קינדער. אונדזער באַליבטער יידישער קלאַסיקער, שלום־עליכם, האָט אין זיין שאַפונג „די גימנאַזיע״ געניאַל באַשריבן אויף אַ הומאָרפולן אופן דאָס דאָזיקע געיעג אין די גימנאַזיעס.



אַ קלאַס פון דער יידישער גימנאַזיע. אין צענטער ד״ר א. שיפּמאַן, דירעקטאָר, און א. באקאלאַר.



א גרופּע שילער פון דער יידישער גימנאַזיע. פון רעכטס צו לינקס: איציק פישער, הירש הערץ, ב. מייער, א. שרייבמאַן און יחיאל וואסערמאַן. (א טייל פון דער גרופּע לעבן אין אַמעריקע און ישראל).

אויך כעלם איז אין דעם פּרט ניט אָפּגעשטאַנען. נאָך אין אָנהייב XX־טן י״ה, אין צענטער שטאָט, נעבן פּוילישן קלויסטער, האָט זיך געעפנט אַ רוסישע גימנאַזיע. יידן האָבן זיך שוין דעמאָלט באַמיט פאַרשרייבן די קינדער אין דער דאָזיקער גימנאַזיע, אָבער ס׳איז געווען אַ פּראָצענט־נאָרמע און דערצו איז געווען אַ באַדינג, אז דאָס יידישע קינד האָט געדאַרפט צאָלן שכר־לימוד פאַר 2 קינדער. אויף דעם דאָזיקן לוקסוס האָבן זיך געקאָנט דערלויבן נאָר די פאַרמעגלעכע עלטערן.

אין 1918 איז אויך געעפנט געוואָרן די יידישע גימנאַזיע מיט דער פּוילישער אונטעררריכט־שפּראַך, וואָס איז געווען גוט אַוועקגעשטעלט און די אַביטוריענטן פון דער דאָזיקער גימנאַזיע זיינען געווען אַ שטאָלץ פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט.

## די וואדזילאווסקיס שול

איניקע יאָרן האָט אין כעלם עקסיסטירט א פּריוואַטע שול, וואָס ה׳ וואדזילאווסקי האָט געשאַפן א.נ.: „די העברעאיש־פּוילישע שול״, ד.ה. די הויפּט־לימודים האָט מען געלערנט אין פּויליש און איניקע געגנשטאַנדן אין העברעאיש. די שול האָט געהאַט ווייניק שילער, ווייל דער שכר־לימוד איז געווען צו־גרויס פאַר ניט־פאַרמעגלעכע קינדער.

עס האָט עקסיסטירט אַ שול פון לערער א. סאָבאָל. די שול איז געווען א רעליגיעז־וועלטלעכע. שפּעטער איז געגרינדעט געוואָרן:

## קלאַראַ מאָרגענשטערן־שול

געווען איז אין כעלם אַן אינטעליגענטע פאַמיליע — מאָרגענשטערנס, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט פּעדאַגאָגישע פּע־

איקייטן. די עלטסטע טאָכטער, קלאַראַ, האָט געשאַפן אַ שול מיט דער פוילישער אונטערריכט־שפּראַך, לויטן פּראָגראַם פון אלע פּוילישע רעגי־רונג־שולן, נאָר מיטן אונטערשייד, וואָס מען האָט שבת ניט געלערנט. די שילער זיינען ס׳רוב געווען יידישע קינדער. די שול האָט זיך געפונען אויף בודאווסקע גאַס, אויסגעהאַלטן האָט עס די רעגירונג.

אין אָנהייב האָט מען אויך געלערנט—א ביסל יידישע רעליגיע. גערופן האָט זיך די שול, טאַקע אויפן נאָמען: „קלאַראַ מאָרגענשטערן שולע". ערשט שפּעטער, אין 1928, האָט דער שול־קוראַטאָריום געענדערט דעם נאָמען פון דער שול א. נ. פון „קאַזשימיערזש דעם גרויסן".



„קלאַראַ־מאָרגנשטערן"־שול. — אין צענטער די לערערין קלאַראַ מאָרגנשטערן.

## בית הספר העברי „תרבות" בחלם

פון די אַלע טיפּן שולן, וואָס זיינען געווען אין כעלם, איז די „תרבות"־שול געווען די יינגסטע: זי איז אַנטשטאַנען אין 1932.

אין דער „כעלמער שטימע" פון פרייטאָג, דעם 8־טן יולי, 19.. (פ׳ חקת, ט׳ תמוז), נר. (761) 27, לייענען מיר אַן אַרטיקל פון מנהל נ. בלאָך (מנהל פון דער „תרבות"־שול) א.נ. „מיט געמיינזאַמע כוחות צו א געמיינזאמען ציל!" ער שרייבט דאָס פאָלגענ־דיקע:

„מיט 6 יאָר צוריק איז די „תרבות"־שול אין כעלם געווען אַ טרוים, אַ פאַנטאַזיע פון עטלעכע יחידים — היינט איז זי אַ פאַקט. מיט 6 יאָר צוריק איז זי געווען קוים אַן אָנהייב — היינט איז זי אַ צענטער, ווו עס קאָנצענטרירן זיך כמעט 200 שי־לער... מיט 6 יאָר צוריק האָט מען געברויכט זוכן די שילער ווי מיט ליכט, מען האָט געדאַרפט איינריידן יעדן פאָטער באזונ־דער, משפיע זיין מיט אַלערליי אופנים, כדי ער זאָל שיקן זיין קינד, היינט קאָנען מיר, ליידער, נישט נאָכקומען די ביטעס פון די



די „קלאַראַ־מאָרגענשטערן־שולע", וואָס איז אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך דער פּוילישער מלוכה.

עלטערן, וועלכע ווילן אָפּגעבן צו אונדז זייערע קינדער. צוזאמען מיט דער אומגעהויער אַנטוויקלונג איז רייף געוואָרן דער געדאנק פון בויען אָדער קויפן אַן אייגענעם בנין פאַר דער שול... וואָס



אַ פּורים־פאָרשטעלונג, אויסגעפירט דורך די קינדער פון „גן־ילדים" אין כעלם, אין יאָר 1925. די לערערין (אין צענטער) און צוויי קינדער געפינען זיך אין ישראל. אלע איבעריקע זיינען אומגעקומען.



פּורים־פאָרשטעלונג, אויסגעפירט דורך די קינדער פון דער „תרבות"־שול, אין יאָר 1939.

דיווירקלעכקייט איז ערגער — אלץ מער נייטיקן מיר זיך אין גייסטיקייט, וועלכע גיט אונדז כוח און מוט אלעס איבערצוטראָגן... מיר גלויבן אין גוטן ווילן און אָפּפערווילִיקייט פון די יידישע פאָלקסמאַסן (אין כעלם), דער דאָזיקער גלויבן גיט אונדז מוט און ויכערקייט אָנצוהויבן און אדורכפירן די דאָזיקע געוואגטע אקציע פון אויפשטעלן אַ היים פארן „תרבות“. מיט געמיינזאמע כוחות צום געמיינזאַמען ציל!

**די היטלער־באַנדעס האָבן שוין געקלאַפּט אין די טויערן פון פוילן, האָבן אונדזערע לערער און שולטוער געפּלאַנט אויפצובויען אייגענע בנינים פאר די יידישע קינדערלעך.**

## פון געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן

מיטן אַנטשטיין פון דער פוילישער רעפּובליק האָט זיך אָנגעהויבן א גרויסער אויפלעב צווישן די יידן אין פוילן. עס זיינען אַנטשטאַנען אָרגאַניזאַציעס און נייע געזעלשאַפטן, אויך אין כעלם האָט זיך פארצווייגט א וויכטיקע געזעלשאפטלעכע ארבעט. עס האָבן געפירט אַן אַקטיווע אַרבעט די לינקע „פּועלי־ציון“, דער „בונד“, אָנזעענדיק זיינען געווען די אויפטועו פון די רעוויזיאָניסטן צום געמיינזאַמען ציל!״

כ'וויל בלויז באשרייבן כאָטש בקיצור די פאָלגענדיקע אָרגאַניזאַציעס, וואָס ווערן אין בוך ניט דערמאָנט דורך אַנדערע מחברים:

### די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס

די אלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאציע האָט זיך, מיינסטן, פארנומען מיט זאַמלען געלט פאר ציוניסטישע פאָנדן, מיט פאַרקויפן שקלים. זי האָט פאַרטיילט סערטיפיקאַטן אויף צו עולה זיין קיין ארץ־ישראל און זיך אָפּגעגעבן דער העברעאישער אויפלעבאַוועגונג. נאָר בעת עס פלעגן פאָרקומען וואַלן צום סיים, צום שטאָט־ראַט אָדער צו דער קהילה פלעגט זי ווערן פאָליטיש אַקטיוו. אזוי אין זעלבן מצב איז געווען די אָרגאַניזאציע „מזרחי“, וועלכע איז געווען אַפיליאירט צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דער פירער פון „מזרחי“ איז געווען ר' בעריש פינקעלשטיין. שפּעטער איז ער געוואָרן דער פאָרזיצער פון דער קהילה.

דער גייסטיקער פירער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאציע איז געווען שלמה סאַמעט.

### „החלוץ“

אין יאָר 1930 האָט זיך געגרינדעט דער „החלוץ“ אין כעלם, וואָס האָט זיך גאַנץ פיין אַנטוויקלט און שוין געציילט אַ פּאָר הונדערט חברים, וואָס זיינען געווען יוגנטלעכע. א סך פון די מיטגלידער זיינען דורכגעגאַנגען די הכשרה און זיך מכין געווען צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. ביים סניף האָט עקסיסטירט אַ הילף־קאַסע פאר ניט־פארמעגלעכע מיטגלידער.

די אָנפירער זיינען געווען: היפש, בוים, יאַנקל עדעלשטיין, טשעסנער און אנדערע.



**אַ חלוצישע גרופּע אויף אַן אויספלוג אין יאָר 1933.**



החלוץ־אָרגאַניזאַציע אין כעלם. אַ טייל פון דער גרופּע געפינט זיך אין ישראל, אַנדערע אין אמעריקע. אין צענטער — משה לאַנג.



### השומר הצעיר

האָט געהאַט דעם לאָקאַל אויף שעדלעצקי גאַס, אין הויז פון לערער סאָבאָל. די מיטגלידער זיינען אויך געווען יוגנטלעכע, זיי האָבן געלעבט אַ קיבוץ־לעבן און האָבן געטאָן פיזישע ארבעט, ווי האָלץ האַקן, היטן מילן. די מיידלעך זיינען געווען גווערנאַנטקעס, נייטאָרינס. איניקע מיטגלידער האָבן געגעבן עברית־לעקציעס.

דער „השומר הצעיר" איז געווען געשעצט און געאַכט און האָט געהאַט אַ סך אָנהענגער און סימפּאַטיקער. ער האָט אויך



עסקנים ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאציע אין כעלם. (אין צענטער שלמה סאַמעט).

געהאַט א דראַמאַטישע סעקציע, וועלכע האָט אָפט אויפגעפירט פאָרשטעלונגען, ווי: „בר־כוכבא", „על נהרות בבל", „אשה רעה" א.א. דער אַמאַטאָרן־אנסאמבל איז באשטאנען פון די פּאָלגענדיקע: י. באָרענשטיין, וו. גלינצמאַן, מ. טאָן, בלומע אָרגון, ציפּע באיאַרסקי, י. וואסערמאן, א. ליפשיץ, ה. הערץ, ב. צייכן, דוד קאָרענבלום, ז. שוואַרצבער, ש. סאָבאָל, ש. מעכעס א.א. די פּיעסעס זיינען געשפּילט געוואָרן אונטער דער רעזשי פון פ. דרעקסלער, מ. טאָרן א.א.

## די לינקע (קאָמוניסטישע) פּאַרטיי

די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאציע, וועלכע איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1920, האָט אין אָנהייב געהאַט א גרויסע השפּעה אויף דער יידישער ארבעטער־גאַס, האָבנדיק די אָנהענגערשאפט פון א גרויסע צאָל פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען, וועלכע האָבן אויך געפירט



יידישע פּראָגרעסיווע ארבעטער דעמאָנסטרירן דעם 1־טן מאי, 1936, קעגן מלחמה און פאַשיזם. פיל פון זיי זיינען דאן דורך דער פוילישער מאַכט געוואָרן ארעסטירט און אָפּגעשיקט אין תפיסה.

א געוויסע קולטור־טעטיקייט. זיי האָבן געהאַט אן אייגענע ביבליאָטעק, א לייען־זאַל און אָפט איינגעאָרדענט פאָרלעזונגען מיט דער הילף פון פּרעלעגענטן פון צענטער.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט געפירט אן אינטענסיווע פּאָליטישע טעטיקייט און האָט אָרגאַניזירט קעמערלעך אין מיליטער און אין די דערפער. איר צענטער איז געווען אין לעמבערג. אָבער די פּוילישע רעאַקציאָנערע מאַכט האָט לאנג ניט געלאָזט טאָלערירן די קאָמוניסטישע טעטיקייט און עס האָבן זיך אָנגעהייבן רעפּרעסיעס אויף קאָמוניסטן אין לאַנד־מאַסשטאַב ווי אויך אין כעלם.

די קאָמוניסטישע טעטיקייט איז אָבער ניט איבערגעריסן געוואָרן, זי איז געפירט געוואָרן שטאַרק קאָנספּיראַטיוו. איינער פון די קאָמוניסטישע טוערס אין כעלם איז געווען שימעל, וואָס פלעגט ארומגיין איבערן גאַס מיט אַ שוואַרצער פּעלערינע.

איניקע כעלעמער סטודענטן פון ווילנער אוניווערסיטעט — מענדעלסאָן, זלמן קראַטקאָ — זיינען געווען אַקטיווע טוערס אין דער ווילנער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. מען האָט זיי ארעסטירט און זיי זיינען פארמשפּט געוואָרן צו איניקע יאָר תפיסה. זלמן קראטקא, ווי מען האָט מיר אינפאָרמירט, לעבט איצט אין פּוילן



פּועלי־ציון גרופּע אין רייחיץ, כעלעמער אומגעגנט. אין צענטער געפינט זיך דער דעמאָלטדיקער קאָמוניסטישער פירער ה' דוואַ, וואָס איז געפאַלן אין פּוילן נאָך דער היטלער־באַפרייאונג, דורך פּוילישע כוליגאַנישע הענט.

און פאַרנעמט א פאַראַנטוואָרטלעכע שטעלע אין דער רעגירונג. אויך די קאָמוניסטישע טוערין, חנהטשע העלפּאנביין, איז איצט אין פּוילן, זי איז אויך געווען פארמשפּט אויף 8 יאָר תפיסה, פארן 2־טן וועלט־קריג.

אין דער אָנפירונג פון די לינקע פּראָפ. פאראיינען אין כעלם זיינען געווען: יוסף גרינבערג, ראובן פּורער, הערש שעכטערזאָן א.א.

* * *

די אָ און אנדערע אָרגאַניזאציעס אין כעלם האָבן אויפגעבויט אינסטיטוציעס, געשאַפן אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע, פאָלק־אוניווערסיטעטן, דראַמאַטישע קרייזן און ביבליאָטעקן. זייער אָפט זיינען ארויסגעפאָדערט געוואָרן פון וואַרשע אַרטיסטן, שרייבער, דיכטער, רעפערענטן, פּאַרטיי־טוער, וואָס האָבן אריינגעבראַכט אויפהייטערונג צווישן די יידישע מאַסן, וואָס האָבן געלעכצט נאָך אַ ניי־וואָרט, אַ נייעם געדאַנקענגאַנג און נאָך א ניי־בוך און אַ ליטעראַרישע שאַפונג.

די פּוילישע דעפענסיווע פלעגט נאָכשפּירן יעדן ניי־געקומענעם לעקטאָר. כ׳געדענק ווי אויף דער לעקציע פון מאיר הער

(גער), איז געקומען געהיים־פּאָליציי, אים איבערגעריסן אין מיטן רעפּעראַט, און האָבן אים פאַרנומען אין פּאָליציי־אַמט, מאָטיווירנ־דיק, אז זיין פּאַספּאָרט איז ניט קיין ריכטיקער. פון 7 ביז 8 חדשים איז ער אָפּגעזעסן אין תפיסה ביזן פּראָצעס און מען האָט אים פאַרמשפּט אויף נייע 6 חדשים טורמע און דעפּאָרטירן קיין רוסלאַנד.

ס'האָט זיך אָרגאַניזירט אַן אומפּאַרטייאישע קאָמיסיע פון אייניקע פּערזאָן, וואָס האָבן אים באַזאָרגט מיט ריינע וועש און 2 מאָל א וואָך מיט שפּייז. דאָס האָט אויפגעהאַלטן זיין געזונט.

אין די 30־קער יאָרן בין איך געוואָר־געוואָרן, אז דער זעל־בער מאיר הער איז געוואָרן דער רעדאַקטער פון מאָסקווער „עמעס", אויף משה ליטוואַקאָווס אָרט.

מאיר הער איז געווען אַ טיפּזיניקער לעקטאָר און האָט גוט געקאָנט די יידישע און העברעאישע ליטעראַטור.

צאָלרייכע לעקציעס און סימפּאָזיומס פלעגן פאַרקומען אין כעלם סיי מיט אייגענע לאָקאַלע כוחות און מיט דער הילף פון שרייבער און לעקטאָרן פון ווארשע.

## דער דראַמאַטישער קרייז

אַנטשטאַנען איז דער דראַמאַטישער קרייז אין כעלם, אין 1916, בעת די עסטרייכער האָבן אָקופּירט די שטאָט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. די גרינדער פונעם ערשטן דראַמ.־קרייז זיינען געווען: איטשע אַכטמאַן, בערל נאַטורמאַן, בערל לוקסענ־בורג (אין דערבן, ד.א.), איטשע לוקסענבורג, יעקל ראַזענבלאַט, שלמה גרעבער, נח גאָלדהאַבער, ישראל זיגלבוים (אין יאָהאַנעס־בורג). די רעזשיסערן זיינען געווען פישל אילעוויצקי און מאיר בוים. די פרויען אין דראַמ־קרייז זיינען געווען: טאָבע הערץ, שורע העלפער (איצט פרוי לערמאַן אין ישראל), טשאַרנע בוקלער, רבקה הערץ (אין ישראל), די שוועסטער חנהטשע און נעשע באַ־יאַרסקי (אין אמעריקע). דער צוזאמענקום איז געווען אין אַ שטיבל אויף בודאָוווסקע גאַס. געשפּילט האָט מען אין זאַל פון „סירענאַ" (אויף לוואָווסקע גאַס), שפּעטער, נאָך דער שרפה פון „סירענאַ" — אין „פּאַלאַניאַ"־זאַל כמעט יעדן חודש — אַ פאָרשטעלונג.

די פּיעסעס זיינען געווען פון פּרץ הירשביין, יעקב גאָרדין, שלום־עליכם און אנדערע גוטע דראַמאַטורגן. דער כעלעמער דראַמ.־קרייז האָט אויפגעפירט די פּיעסע „יואל" נאָך פריער, איי־דער די „ווילנער טרופּע" האָט עס אויפגעפירט.

אינטערעסאַנט, אז די אַמאַטאָרן האָבן גענומען זייער אַרבעט צו שפּילן טעאַטער גאַנץ ערנסט און פאַראַנטוואָרטלעך. איינמאָל, ווען אין לובלין האָט מען אויפגעפירט די פּיעסע „די פּוסטע קרעטשמע" פון פּ. הירשביין, איז דאַן ספּעציעל דעלעגירט געוואָרן ב. לוקסענבורג צו זען די פאָרשטעלונג. שפּעטער האָט מען עס אויפגעפירט אין כעלם.

ווען דער דראַמ.־קרייז האָט געשפּילט „חסיה די יתומה" אין „סירענאַ"־זאַל, אין יאָר 1916, ווו עס האָבן זיך באַטייליקט פישל אילעוויצקי, מאיר בוים, א. אַכטמאַן, טאָבע הערץ, שרה'קע העל־פּער א.א. איז פּונקט דאַן, אין יענעם טאָג געווען אין כעלם די מאַמע פון יידישן טעאַטער, אסתר רחל קאַמינסקי, וועלכע איז גע־קומען זען די פאָרשטעלונג; זי איז געווען אזוי צופרידן פונעם שפּילן פון די אַמאַטאָרן און אזוי באַגייסטערט, אז זי איז צוגעגאַנ־גען צו טאָבע הערץ און שרה'קע העלפּער און זיי געקושט פאַרן פיינעם שפּילן.

נאָך אייניקע פאָרשטעלונגען האָבן זיך אינעם דראַמ־קרייז אַנגעשלאָסן די א.ג. אריסטאָקראַטיע און אינטעליגענץ פון שטאָט: עטלעכע רייכע מיידלעך, אייניקע יידישע דאַמען — פרויען פון דאָקטוירים, — מיטן דראַנג צו שפּילן טאָקע יידיש טעאַטער און אויך מיט עפּעס צו העלפן דעם אָרעמען קלאַס יידן. די נייע מיטגלידער זיינען געווען: ד"ר ציגעלמאַנס פרוי, טאַניע שניי־דער, די שוועסטער שרה און שורע לעווין (3 טעכטער פונעם פעלדשער־רופא מאטיע לעווין), רוזשע מאַרגנשטערן, פרל. בלו־מענשטראַוך, דער דענטיסט מינקוס, דער דענטיסט לישטשען, וועלכער האָט אליין געשריבן פּיעסן, די עברי'ס און די ברידער ראָזענבלאַט, אברהם זיידע—זיגעל, רעגינא לעוויצקאַ א.א.

דאָס געלט פון די פאָרשטעלונגען — לויט אַ באַשלוס פון די אַלע מיטגלידער — האָט מען געגעבן אַ טייל פאַרן „לינת־הצדק", און דער עיקר איז דאָס געלט פאַרווענדט געוואָרן פאַר אַ „לאַדן" אַ מצה־בעקעריי, וואָס איז דאַן דורכן דראַמ.־קרייז געשאַפן גע־וואָרן. במשך פון 4 וואָכן צייט (פון פורים ביז פסח) האָבן די אלע מיטגלידער פון דראַמ.־קרייז געאַרבעט צו 14 שעה אַ טאָג (פאַר־שטייט זיך, אז אומזיסט) אין דער מצה־בעקעריי; זיי האָבן אליין איינגעקויפט די מעל, אליין געטראָגן די וואַסער פון פּלומפּ (אַ שטיקל מהלך געווען, באַרג ארויף), געקנאָטן די טייגלעך און געבאַקן מצות, וואָס זיי האָבן פאַרטיילט צו הונדערטער אָרעמע יידישע פאַמיליעס אויף פסח. פאַר אַ סך פאַמיליעס איז עס געווען א גרויסע הילף די אומזיסטע מצות. די „בעקערס" אין „לאַדן" זיינען געווען: ב. לוקסענבורג, איטשע לוקסענבורג (ז"ל און יעקל ראָזענבלאַט (ז"ל).

עטלעכע יאָר האָט עקסיסטירט דער אומזיסטער „לאַדן" און די אַלע הוצאות האָט מען גענומען פון די פאַרשיידענע טעאַטער־פאָרשטעלונגען.

מען האָט אויך איינגעאָרדענט „בלימלעך"־פאַרקויף אין די גאַסן, ווו די מיטגלידער פון דראַמ.־קרייז האָבן זיך אַקטיוו באַטיי־ליקט און געשאַפן פאָנדן פאַרן אומזיסטן „לאַדן". בכלל האָבן אלע אַנטיילנעמער אין די פאָרשטעלונגען און אין די אַנדערע פינאַנ־ציעלע אונטערנעמונגען געשפּירט, אז עס איז ניט קיין פראַגע פון פאַרטיילן סתם צדקה, נאָר א מאָראַלישער חוב פון קעגנזייטיקע הילף.

## די מוזיקאַלישע סעקציע

כמעט אין דער זעלבער צייט, ווען ס'האָט זיך געשאַפן דער דראַמ.־קרייז, איז אויך אַנטשטאַנען די מוזיקאַלישע סעקציע דורך די פאָלגענדע פּערזאָנען: 3 ברידער לוקסענבורג (איטשע ע"ה, בערל, — איצט אין דערבן, און חיים — איצט אין יאָהאַנעסבורג), דער געלער בענטשע פעלדמאַן, בענטשע מאיר, דוד וואָלבערגער.

שפּעטער זיינען צוגעשטאַנען א סך נייע כוחות, מענטשן, וואָס האָבן געקאָנט שפּילן אויף פאַרשיידענע אינסטרומענטן. די סעקציע האָט זיך מיט דער צייט פאַרגרעסערט ביז א 25 מיטגלי־דער אין באַשטאַנד פון: די ברידער מאַרגענשטערן, די ברידער ראָזענבלאַט, נחום גאָלדבערג, ברידער אָרענשטיין, יוסף דרעקס־לער, שליוועק, יאָסקע גאָלדהאַבער, שלמה גרעבער (ער האָט חתונה געהאַט מיט פרל. ב. אָרגון, זיי געפינען זיך אין אמעריקע), אברהם העלפּער, שלום מאיר געצעל, שמואל שימעל־קיטיי ע"ה, גדליה הערץ, און די פרויען: זלאַטע בלומענשטראַוך, חנהטשע באַיאַרסקי, די שוועסטער דובקאָווסקי, טאָבע הערץ, ה. בוקלער און אנדערע.

די מוזיקאַלישע סעקציע האָט איינגעאָרדענט אָפּטע קאָנ־צערטן, טיילמאָל מיט דער הילף פון די דראַמאַטישע כוחות. די הכנסה איז געווען פאַרן זעלבן צוועק פונעם אומזיסטן „לאַדן", צו פאַרטיילן מצה פריי צו אלע אָרעמע פאַמיליעס אין שטאָט.

טעאטער „פּאַלאַניאַ"

סענסאַציע! | א גאַסט! | סענסאַציע!

מאָנטיק דעם 14-טן יוני ה. י. פּונקט 9 אָוונט

דער באַרימטער אַרטיסט - רעציטאַטאָר

אַברהם מאַרעווסקי

דער מייסטער פון וואָרט, דער קינסטלער אינטערפּרעטאַטאָר, דער רעזשיסער פון קינאָ-בילד „2 וועלטן", דער גלענצנדער רעדנער און קינסטלער-רעציטאַטאָר

וועט נאָר איין מאָל אויפטרעטן מיט אַן אויסערגעוויינלעך רייכן פּראָגראַם:

1) טעאַטער און יידן (רעפעראַט)

טעזיס

1. הקדמה.
2. דריי יסודות פון טעאַטר.
3. מיטלאַלטערלעכע ווײלונגען.
4. שעקספּיר.
5. לעבן און טויט (די סתירות)
6. ואהבת און אל תלכו.
7. מענטש און סביבה.
8. בייערישע פויערים און ייד. אַרבעטער.
9. פאַרמען פון דור הפלגה.
10. די צוקונפט.

2) רעציטאַציעס:

שעקספּיר: פון „האַמלעט" } אייגענע איבערזעצונגען
" " „שײַלאָק" }

פאָלקסטימלעכע געשיכטן . . . . י. ל. פּרץ.
דיבוק 3-טער אַקט . . . . ש. אַנסקי.
דער דוכוס צווייטער אַקט . . . . א. קאַציזנע.

בילעטן צו באַקומען ביים ה' דובקאָווסקי, און אין טאָג פון אויפטריט פון 5 נ. מ. אין טעאַטער קאַסע.

אימפּרעסאַריאָ: ד. שערמאַן

אַן אַפיש וועגן אַ קינסטלעריש-אַרטיסטישן אָוונט.

יעדן אָוונט, ווען מען איז דאַן פאַרביי געגאַנגען דאָס הויז אויף בודאָווסקע גאַס, האָט מען געהערט פאַרשיידענע פּראָבן, פון פענצטער — מוזיק; פון אַ צווייטן פענצטער — טעאַטער-דיאַלאָגן, א.ד.גל. עס איז געווען זייער היימלעך און אינטערעסאַנט פאַר דער יידישער יוגנט אין כעלם, זיי האָבן זיך געקאָנט אויסלעבן אין זייער סביבה און אויך אויסנוצן זייער טאַלענט און געווויסע פעאיקייטן.

מיט יאָרן שפּעטער האָט כמעט יעדע אָרגאַניזאַציע באַמיט זיך צו שאַפן אַן אייגענע דראַמאַטישע סעקציע פון אירע אייגענע מיטגלידער, בכדי צו האָבן פון די טעאַטער-פאָרשטעלונגען אַ געווויסע הכנסה.

דער רעזשיסער פון דעם דראַמאַטישן קרייז ביי דער אַרבעטער-היים, וואָס האָט אָפט געשפּילט לטובת דער יידישער פאָלקשול, איז געווען פייוועלע דרעקסלער. אין דעם דראַמ.-קרייז זיינען די הויפּט-כוחות געווען רייזל קעלבערמאַן, משהלע קלערער, שוועסטער און ברודער בערנפעלד א.א.

דער רעפּערטואַר איז שוין געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקער: מעלאָדראַמען מיט געזאַנג און טענץ, אָפּערעטקעס א.ד.גל.

די פאָרשטעלונגען האָבן אין גרעסטן טייל געהאַט אַ מאַטעריעלן דערפאָלג. אין די פאַלן האָט שוין דער רעזשיסער גענומען באַצאָלט פאַר זיין אַרבעט צו רעזשיסירן און צו שפּילן אַליין, ווען עס איז געווען נייטיק.

פון צייט צו צייט פלעגן אויך קומען אַרטיסטן פון וואַרשע און אַנדערע שטעט — שפּילן טעאַטער אין כעלם. עס פלעגן קומען איינצעלנע אַרטיסטן און אויפן אָרט זוכן און נעמען גוטע אַמאַטאָרן צו העלפן זיי אין די אויפפירונגען, טיילמאָל פלעגן קומען גאַנצע אַנסאַמבלען מיט פאַרטיקע פּיעסעס צום שפּילן.

עס געדענקט זיך פון אַ סך גוטע פאָרשטעלונגען פון דער טרופּע אונטער דער אָנפירונג פון זיגמונד טורקאָוו און אידאַ קאַמינסקי, פון אַרטיסט ליפּמאַנס טרופּע, אויך דוד שערמאַנס טרופּע א.א.

אויך דער גרויסער רעזשיסער אברהם מאַרעווסקי האָט מזכה געווען כעלם מיט אַ קינסטלערישן אָוונט.

## ביבליאָטעקן

אין יאָר 1918—1919, מיט דער אויפלעבונג פון די פּאָליטישע פּאַרטייען, זיינען אויך געשאַפן געוואָרן יידישע ביבליאָטעקן ביי די אָרגאַניזאַציעס ווי ביים „בונד" די „גראָסער-ביבליאָטעק"; ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען פון די יידישע קאָמוניסטן, ביי די ציוניסטן האָט עקסיסטירט די „פּרץ-ביבליאָטעק" און ביי די לינקע פ.צ. די „באָראָכאָוו-ביבליאָטעק.

די „פּרץ-ביבליאָטעק" האָט געהאַט אַן ענערגישע ביבליאָטעקאַרין, כיישעלע ראָזנפעלד, וועלכע האָט איר גאַנץ לעבן, פּשוט, געווידמעט דער ביבליאָטעק. די „פּרץ-ביבליאָטעק" האָט זיך אַנטוויקלט נאָרמאַל, די צאָל לייענער האָט דערגרייכט קרוב צו 500, און די צאָל ביכער — יידישע, פּוילישע און אויך העברעאישע — ביז אַן ערך 5.000. די ביבליאָטעקאַרין האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע כעלעמער יידן און איז אומגעקומען צוזאַמען מיט דער פאַרניכטונג פון די לייענער מיט די ביכער דורך די „ברוינע פאַשיסטישע טרעגער פון דער נייער היטלעריסטישער קולטור".

## כעלם אין דער יידישער ליטעראַטור

די יידישע קהילה אין כעלם איז פאַראייביקט אין דער יידישער ליטעראַטור, אין דער קלאַסישער פאָלקשאַפונג און אויך אין דער פּאָעזיע.

הגם ד"ר פ. פרידמאַן האָט שוין אין זיין אַרטיקל: „צו דער געשיכטע פון די יידן אין כעלם" אָנגעגעבן אַ ביבליאָגראַפיע פון ביכער איבער כעלם, איז אָבער כדאי מוסיף זיין אויך די פּאָלגענדיקע רשימה פון שרייבער וועגן כעלם: אַליצקי, ל; באַטאַשאַנסקי, י.; גראָס, נפתלי; האַלפּערין פ.; וואַסערמאַן, שניאור; וואַסערמאַן, שלמה; וואַרזאַגער, חיים; וואַרזאַגער, ש.; טרונק י.; ד"ר מילנער, שמעון; מילנער, יוסף; לערער, משה, ד"ר מאַהלער, ר.; מלאך, ל. (רעפּאַרטאַזשן); י. ל. פּרץ („דער כעלעמער מלמד" און „דער. שבת-גוי"); פרישמאַן, דוד; פרידמאַן פריד, פייוול; צייטלין, אהרון (קאָמעדיע: כעלעמער חכמים); קיפּניס, י. („כעלעמער מעשיות"); ריבאַייזן, מיכעלע; שנאַפּערבער; שאַרגעל, יעקב צבי; שאַרגעל, הלל; שישלער, הערש; און אַנדערע.

מען דאַרף האָפן, אַז איצט, מיטן דערשיינען פון „יזכור-בוך כעלם", וועט אַרויסרופן פאַראינטערעסירונג ביי אונדזערע שרייבער, ווי אויך די יידישע היסטאָריקער זיי זאָלן פאָרזעצן די ליטעראַרישע און פאָרשונג-אַרבעט אַרום דער באַרימטער יידישער קהילה אין כעלם.

חוה בידערמאַן־ביאַלע

# כעלעמער יידישע גימנאַזיע

די כעלעמער יידישע גימנאַזיע, וועלכע האָט זיך גערופן „די הומאַניסטישע גימנאַזיע ביי דער יידישער קהילה", איז געגרינדעט געוואָרן אין סעפּטעמבער, 1918. פּוילן האָט דאַן באַקומען איר אומאָפּהענגיקייט און די לאַגע איז געווען אַ ניט־זיכערע, אַן אומרואיקע. די יידן אין שטעט און שטעטלעך האָבן זיך געפילט נישט זיכער און נערוועז, נישט וויסנדיק ווי וועט די פּוילישע רעגירונג באַהאַנדלען די יידן, אין ליבעראַלן אָדער אין אַנטיסעמיטישן גייסט.



חוה בידערמאַן־ביאַלע

נישט געקוקט אויף דער דאָזיקער אומזיכערקייט האָבן יידישע טאַטע־מאַמעס געזאָרגט וועגן דער צוקונפט פאַר זייערע קינדער, וועגן געבן זיי בילדונג און וויסן און אַ גוטע דערציאונג. עס איז נאָך נישט געווען באַוווּסט ווי וועט די נייע פּוילישע רעגירונג לייזן די בילדונג־פראַגע פאַר דער יידישער יוגנט, וועלכע איז אַלע יאָרן פון צאַרישן רעזשים באַהאַנדלט געוואָרן ווי אַ רעכטלאָזער שבט, איינפירנדיק באַגרענעצונגען און אַ פּראָצענט־נאָרמע.

פּראָמינענטע עלטערן פון שטאָט זיינען צוזאַמענגעקומען און זיך באַראַטן וועגן דעם ווי צו פאַרבעסערן דעם מצב פון בילדונג און מיט דעם געבן אַ בעסערע אַנטוויקלונג און צוקונפט פאַר דער יוגנט.

נאָך אַ גרויסן ישוב־הדעת האָט זיך געשאַפן אַן עלטערן־קאָמיטעט, וועלכער האָט צוזאַמען מיט פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה באַשלאָסן צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלע מיטלשול, וועלכע זאָל אַרייננעמען שילער און שילערינס נישט נאָר פון כעלם נאָר אויך פון אומגעגנט.

עס זיינען געווען אַ סך אָנשטרענגונגען ביז דער באַשלוס איז רעאַליזירט געוואָרן. שוין אין אָנהייב איז די גימנאַזיע געעפנט געוואָרן מיט 3 קלאַסן און 2 צוגרייט־קלאַסן. די צאָל שילער איז געווען העכער פון 400. אַ גרויסער ענטוזיאַזם איז געווען אין שטאָט, ווען די גימנאַזיע האָט זיך געעפנט. יעדערער פון די בויער און גרינדער פון דער גימנאַזיע האָט דורכגעלעבט אַ היסטאָרישן מאָמענט.

עס זיינען אין גימנאַזיע איינגעאָרדנט געוואָרן אַלע נייטיקע איינריכטונגען. מ'האָט גלייך איינגעאָרדנט אַ פיזישע לאַבאָראַטאָריע, מיט אַלע נייטיקע אינסטרומענטן פאַר פיזיק און כעמיע, אַ לייענזאַל מיט פיל ביכער אין פויליש און העברעאיש. די אונטערריכט־שפּראַך איז געווען פויליש, אָבער מ'האָט געלערנט העברעאיש, יידישע געשיכטע, חומש און תנ"ך.

די ערשטע הויפּט־לערער פון דער גימנאַזיע זיינען געווען: ד"ר וו. ליפּמאַן (דירעקטאָר), ד"ר מירלאַס. זיי האָבן איינגעשטעלט די לימודים אויף אַ געזונטן פּעדאַגאָגישן באָדן.

ד"ר מירלאַס איז געווען אַ גלענצנדיקער מאַטעמאַטיקער, אַן אויסערגעוויינטלעכער פּעדאַגאָג און ליבהאָבער פון קינדער. ער האָט אויף אַ וווּנדערבאַרן אופן באַלויכטן אַלע מאַטעמאַטישע פאָרמולעס, און די שילער, וועלכע בכלל דולדן ניט איבעריק דעם מאַטעמאַטישן לימוד, האָבן געוואַרט אויף זיינע לעקציעס מיטן גרעסטן נייגער און אינטערעס. דאָס זעלבע איז געווען מיט זיינע לעקציעס איבער כעמיע און פיזיק. שעהנלאַנג פלעגט ער אין לאַבאָראַטאָריע אילוסטרירן די געגנשטאַנדן מיט עקספּערימענטאַלע איבונגען. אויך די שילער פלעגן מאַכן אַליין טערמאָמעטערס און אַנדערע מכשירים. דער ניוואָ פון ד"ר מירלאַסעס לעקציעס איז געווען זייער אַ הויכער.

צום באַדויערן איז אים לאַנג ניט באַשערט געווען צו פרייען זיך מיט זיינע שילער. נאָך אַ פּאָר יאָר אַרבעט איז ער קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן. דער טרויער נאָך אים איז ביי אונדז שילער געווען גרויס, און עד היום דערמאָנען מיר אים מיט דעם גרעסטן יראת הכבוד.

איינגעקריצט טיף אין מיין זכרון איז דער העברעאישער לערער באַקאַליאַר, וואָס האָט ביי אונדז געפירט דעם לימוד חומש און תנ"ך, ווי אויך זיין זון, אשרקע באַקאַליאַר, וועלכער איז אַ צייט געווען דער מחנך פון קלאַס, און האָט מיט אונדז געלערנט העברעאיש און העברעאישע ליטעראַטור.

אַ סך ליבשאַפט אין דער אַרבעט האָט ער אַרויסגעוויזן. ער האָט ביי אונדז איינגעפלאַנצט די דאָזיקע ליבשאַפט. מיר האָבן אַ סך וויסן דערגרייכט אין דער העברעאישער שפּראַך, וועלכע איז ביי אונדז געווען ווי אַ פרעמד לשון. מיר האָבן אַזויפיל דערגרייכט, אַז מיר האָבן געקאָנט שרייבן קאָמפּאָזיציעס וועגן די נביאים ישעיהו, ירמיהו, און וועגן קאָריפייען און קלאַסיקער פון דער העברעאישער ליטעראַטור און אויך פון יידישער געשיכטע. עס זיינען אָפט איינגעאָרדנט געוואָרן רעפעראַטן פון די שילער אין העברעאיש, און אויך פאָרשטעלונגען אין העברעאיש.

דערנאָך זיינען געווען אונדזערע העברעאישע לערער ד"ר לאַוער און ד"ר ליבער, וואָס זיינען געווען אויך גלענצנדע העבראַיסטן אין יענער צייט.

די דערגרייכן אין העברעאיש זיינען געווען אין לשער. מ'האָט אַליין ניט געגלייבט ווי גרויס זיינען געווען אונדזערע אויפטוען אין העברעאיש, סיי אין וואָרט און סיי אין שריפט.

די פּוילישע שפּראַך איז צווישן אונדז יידישע קינדער אין גימנאַזיע געווען די אומגאַנג־שפּראַך. דער דאָזיקער לימוד איז געווען זייער גוט אָוועקגעשטעלט. דאָס קוראַטאָריום אין לובלין האָט בעת זיינע וויזיטאַציעס פעסטגעשטעלט, אַז די בעסטע פּאָלאָניסטן פון קרוינפּוילן קומען אַרויס פון אונדזער גימנאַזיע. מיר האָבן געקאָנט גרינטלעך די ליטעראַטור און שפּראַך. מיר האָבן גוט געוווּסט די ווערק פון מיצקעוויטש, סלאָוואַצקי, קראַשינסקי, זשעראָמסקי, עליזא אָרזשעשקאָווא, ריימאָנד און פון באָלעסלאַוו־פּרוס.

נאָך עד היום, שוין זייענדיק לאַנג אין אַפריקע, איז פאַר מיר די פּוילישע ליטעראַטור אַן אָפן בוך אין מיין זכרון, לעבעדיק און פריש, ווי איך וואָלט נאָר וואָס פאַרלאָזן די שול־באַנק אין כעלעמער יידישע גימנאַזיע.

זייער גוטע לערערינס פון פויליש האָט אונדזער גימנאַזיע געהאַט אַרויסגעגעבן, ווי ראָזע שוואַרצמאַן, פּרל. הובערמאַן, פּרל. עלבוים און פיל אַנדערע, וואָס זיינען געוואָרן, נאָך ענדיקן די גימ־

נאַזיע, אויסגעצייכנטע לערערינס אין די פוילישע פּאָווּשעכנע שולן, אין פאַרשיידענע שטעטלעך, אויך אין ווילנער אומגעגנט.

נאָכן אַ. ליפּמאַנס אוועקפאָר פון כעלם, איז געווען דירעקטאָר פון גימנאַזיע בערנשטיין, און דער לעצטער דירעקטאָר איז געווען יאַקובאָסקי, וואָס איז אויך געווען לערער פון לאַטיין. ער איז געווען אַ מענטש מיט זייער פיל קולטור און בילדונג און געווען אַ גרויסער קענער פון דער קלאַסישער וועלט־ליטעראַטור. ער האָט באַקעמפט די מיינונג, אז לאַטיין איז אַן ארכאַאישע שפּראַך, וואָס מ׳קאָן ניט באַניצן אין לעבן. ער האָט געלערנט די שפּראַך זייער אינטערעסאַנט און לעבעדיק, לערנענדיק זי אויף אַ קלאַסיש־מאָדערנעם אופן.

דירעקטאָר יאקובאָווסקי האָט געהאַט זייער וויכטיקע פאַרדינסטן פאר דער גימנאַזיע. ער פלעגט אליין האלטן אינטערעסאנטע לעקציעס אויף די שילער־צוזאמענקומס אַ פּאָר מאָל אין וואָך. די רעפעראַטן האָבן אָנגעהאלטן יאָרנלאַנג. דאָס איז געווען א מין פאָלק־אוניווערסיטעט פאר די שילער און שילערינס פון גימנאַזיע. ער האָט אין אונדז אנטוויקלט דעם חוש צו וויסן און צו קונסט, דעם דאָרשט צו לערנען און באַגרייפן די פּראָבלעמען און שאפן אויף א סך געביטן.

נאָך היינט־צו־טאָג געפינען זיך שילער און שילערינס פון דער יידישער גימנאַזיע בכל קצווי תבל, וואָס האַלטן טייער דעם אָנדענק פון דירעקטאָר יאקובאָווסקי און אן אייביקע דאנקבאַרקייט צו אים, וואָס איז געווען ביי אונדז פאררעכנט ווי אן אויבערמענטש, וועלכער האָט מיט הארץ און נשמה אין אונדז אריינגעגעבן דעם געדאַנק און די שטרעבונג צו לעבן עטיש־הומאַניטאַר און הויך אָפּשאַצן די ווערטן פון קולטור און קונסט און זייער באַטייט פאר דער צוקונפט.

אויך דער לערער ד״ר אניספעלד, לערער פון מאַטעמאַטיק אין די העכערע קלאַסן, האָט אויף אַ הויכער מדרגה אוועקגעשטעלט דעם דאָזיקן לימוד. הגם ער איז געווען טיילווייז קאָנסערוואַטיוו, אָבער ער איז געווען זייער איבערגעגעבן צו זיין ארבעט און ער איז געוואָרן זייער באַליבט ביי אונדז אין קלאַס אלס דער אָפּיעקון, מחנך. אפילו ווען ער איז דערנאָך אוועקגעפאָרן קיין לובלין, האָט ער אויך זיך אינטערעסירט מיטן לימודים־גאַנג און פּראָגרעס פון דער גימנאַזיע, קומענדיק אָפט צו אונדז אויף באזוכן.

דער לערער פון אלגעמיינער געשיכטע אין אלע קלאסן איז געווען ה׳ העלער. הגם געשיכטע איז שטענדיק געווען אַן אינטערעסאַנטער געגנשטאַנד פאַר שילער, אָבער זיינע לעקציעס האָבן פארדאָפּלט דעם אינטערעס. ער האָט די שווערסטע קאַפּיטלען פון געשיכטע און די פּראָבלעמען פון יענער תקופה אזוי פשוט־קלאָר פּאָפּולאריזירט און געמאַכט פאר אונדז זייער צוטריטלעך.

זיין פרוי, די לערערין העלער, איז געווען אן אויסגעצייכנטע נאַטור־וויסנשאַפט־לערערין. אויך די פרוי צוקער, פרוי מאירסאָן, פרל. בלומענפעלד און פרל. בונד זיינען געווען גרויסע פאַכמעניש־פּעדאַגאָגישע כוחות אויפן געביט פון פּאָלאָניסטיק און אין די לימודים געאָגראַפיע און נאַטור־וויסנשאַפט.

א גרויסן דערפאָלג האָט די יידישע גימנאַזיע געהאַט אין אלע הינזיכטן, שוין פון ערשטן טאָג פון איר עקסיסטענץ. עס איז געווען א חברישע קאָאָפּעראציע צווישן די עלטערן, שילער און לערער־פּערסאָנאַל. יעדע קערפערשאַפט האָט דערפילט אירע אויפגאַבן אויף א גלענצנדיקן אופן.

אויף א הויכער מדרגה איז געווען אוועקגעשטעלט די אויסער־שולארבעט. עס האָט עקסיסטירט א שילער־געזעלשאפט א.נ. „זעלבסטהילף". צו דער דאָזיקער געזעלשאפט האָבן געהערט אלע שילער פון גימנאַזיע. מען האָט געשאַפן פאָנדן אויף קאָנען שטיצן די אָרעמע שילער מיט שכר־לימוד און מיט איינקויפן לערנביכער. עס זיינען צו דעם אָ צוועק געמאַכט געוואָרן פיל אונטערנעמונגען, ווי אַ חנוכה־באַל, אַ פּורים־פאָרשטעלונג, ווי אויך קאָנצערטן און פארוויילונגען אין שטאָטישן גאָרטן.

זייער אינטענסיוו האָט געאַרבעט אונדזער דאָזיקע שילער־געזעלשאַפט, וועלכע פלעגט איין אונטערנעמונג אויסענדיקן און באַלד גענומען אָרגאַניזירן אַ צווייטע פאַראַנשטאַלטונג. ס׳איז געווען איניציאַטיוו און שאַפערישע ענערגיע סיי אין די תחומים פון אונדזער גימנאַזיע־טעטיקייט און אויך אויפן אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן געביט. אונדזער געזעלשאַפט האָט אַן אַקטיוון אנטייל גענומען בעת די וואלן צום סיים, צום שטאָטראַט און צו דער קהילה.

די געזעלשאַפט „זעלבסטהילף" האָט אויך איינגעאָרדענט אויספלוגן אין אנדערע שטעט, ווי אין לעמבערג, אין קאזימיערזש און אין אנדערע היסטאָרישע ערטער און פלעצער אין פוילן.

ביי דער גימנאַזיע האָט אויך עקסיסטירט אַ ליטעראַרישער קרייז, וועלכער האָט אריינגענומען אויך שילער פון אנדערע לערנאנשטאַלטן און אויך סתם סימפּאַטיקער פון שטאָט.

דער ליטעראַרישער קרייז האָט באהאנדלט ווערק פון דער מאָדערנער ליטעראַטור, עקאָנאָמישע און סאָציאלע פּראָבלעמען, פּעריאָדן פון דער אלגעמיינער און יידישער געשיכטע.

* * *

אַ סך זכרונות און בילדער דערמאָנען מיר זיך פון די שול־יאָרן אין דער יידישער גימנאַזיע. כ׳בין גליקלעך, וואָס כ׳האָב א טייל פון מיינע דערמאָנונגען אויסגעדריקט אין מיין דאָזיקן קורצן ארטיקל. דאָס זיינען געווען די בעסטע יאָרן פון שעפערישער ארבעט פון דער כעלעמער יוגנט.

דער שרעקלעכער גרויזאמער גורל האָט א סך פון מיינע חברים מיטשילער אין גימנאַזיע אכזריש פארשניטן און אויך די לערערס, וואָס האָבן מיט אזויפיל מסירת נפש און ליבשאַפט אונדז געלערנט צו שטרעבן נאָך אַ שענערער וועלט, נאָך אַן עטישער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

ביי די דאָזיקע דערמאָנונגען ווערט דאָס האַרץ פארקלעמט פון צער און ווייטאָג.

זאָלן כאָטש די שורות אין יזכור־בוך זיין דער הייליק־סטער אָנדענק נאָך אלע אומגעקומענע חברים און חברטעס, נאָך אלע לערערס, נאָך אונדזער ליבער און טייערער היים כעלם!



אַ גרופּע שילער און אייניקע לערער פון דער יידישער גימנאַזיע. פון רעכטס (זיצן): — ?; דר. לאוער; אניספעלד; דיר. יאַקובאָווסקי; ?; ?; פרוי העלער און ד״ר העלער.

**יהושע פלוימענבוים**, ישראל

# דער גורל פון בעלעמער „תרבות"־שול

די „תרבות"־שול אין כעלם איז, אין יאָר 1931, געגרינדעט געוואָרן דורך א גרופּע עסקנים מיט יוסף ראָלניק בראש. זי איז געווען איינגעגלידערט אין דער נעץ פון די „תרבות"־שולן אין פּוילן, וועמענס מרכּז איז געווען אין ווארשע. ווי אלע אָנפאנג־שולן פון „תרבות", האָט אויך די כעלעמער שול באקומען מלוכה־רעכט.

דער אינטערעס צו דער „תרבות"־שול איז געווען א גרויסער. די צאָל שול־קינדער האָט זיך באדייטנדיק פארגרעסערט. מען האָט אָנגעהויבן צו אויסגעפינען פינאַנציעלע מיטלען ווי צו פאַרצוויגן די העברעאישע דערציאונג אין כעלם.

עס איז געווען נישט קיין לייכטע עובדה צו רעאַליזירן די אלע שול־פּלענער. די גרעסטע שוועריקייט איז געווען צו געפינען לאָקאַלן, אז זיי זאָלן אנטשפּרעכן די פאָדערונגען פון דער שול־מאַכט.

נאָך א ריי געלט־זאמלונגען איז די שול אריבערגעגאַנגען אין דער 2־שטאָקיקער געביידע פון יוסף יאַנאָווסקי אויף נארוטאָוויטשער גאַס, נר. 14.

די נעמען פון די אַקטיווע שול־עסקנים זיינען פאָלגענדיקע: יוסף ראָלניק (פאָרזיצער), אינזש. יעקב טענענבוים, שמואל פרישמאַן, שמואל פלוס, שמחה פאַיאס, יחיאל גוטפריינד, בנימין בלומענשטראָך, ד"ר א. זייפין, פרוי ד"ר ווילענקאָ און גרשון לוסטיקער.

דער לערער־ראַט איז באשטאַנען פון: נ. ביאלאבלאצקי, נפתלי בלאָך, משה האלפערן, פרוי בלאָך, קולינער נחמה, מרים אָרנשטיין און אנדערע.

די אונטערריכט־שפּראַך איז געווען העברעאיש. אין די העכערע קלאַסן איז געלערנט געוואָרן תנ"ך און משנה. עס זיינען אין שול געווען אָפטע וויזיטאַציעס מצד דער שול־מאכט און פון דער „תרבות"־צענטראַלע אין וואַרשע. דער פּעדאַגאָגישער ניוואָ איז געווען אויף א פיינער מדרגה.

ערב דעם קריג האָט מען פּראָיעקטירט צו אויפבויען אן אייגענעם בנין פאר דער שול, און לשם זה האָט מען אָרגאַניזירט א געלט־אקציע, וועלכע איז דורכגעגאנגען מיט א גרויסן דערפאָלג. מען האָט אפילו אָנגעמערקט צו קויפן די ניט־פארענדיקטע צוויי־שטאָקיקע געביידע פון יאשיה בארענהאָלץ, וואָס האָט זיך געפונען אויף שעדלעצקא־גאַס.

אָבער דער אָנקום פון דער דייטשישער אקופּאציע־מאַכט האָט צעשטערט אלע שול־פּלענער.

* * *

עס איז געווען א פארוואָלקנטער רעגנדיקער הארבסט־טאָג, ווען די דייטשישע חיילות האָבן פארנומען כעלם. דער וועטער איז געווען טריב און מיאוס, ווי די שטימונג ביי די יידן.

פון גאַנץ פרי האָבן זיך פארשפּרייט גרויל־קלאנגען, אז די דייטשן פּייניקן די יידישע באפעלקערונג.

די פּאַניק האָט אָנגעהאלטן עטלעכע טעג. מער־דרייסטערע זיינען ארויסגעקראָכן פון זייערע הייזער. עס זיינען געווען אויך אזוינע יידן, וואָס האָבן געטראכט, אז דער טייוול איז גאָר ניט אזוי שרעקלעך, ווי מען מאָלט אים.

ענדלעך האָט זיך עס אָנגעהויבן. א מחנה מיליטער־לייט האָבן זיך א לאָז געטאָן איבער דער שטאָט און געכאַפּט נאָר יידן אויף ארבעט, וואָס פלעגן זיך צוריקקערן צעממיתטע. בשעת דער דאָזיקער צוואַנג־ארבעט איז שווער צעשלאָגן געוואָרן ר' משה לייבעלעס — דעם קוזמירער רבינס איידעם.

איינמאָל, האָט מען אין צענטער־שטאָט, אויף דער לובלינער גאַס, געכאַפּט יידן און זיי ארויפגעזעצט אויף לאסט־אויטאָס, ווי שאָף און בהמות, באגלייטנדיק די יידן מיט זלזולים און קלעפּ.

די געכאַפּטע יידן האָט מען אוועקגעפירט צו גראָבן „פּראכאָוונע בערג".

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעריע פון קאָנטריבוציעס, וואָס האָבן ארויסגערופן צווישן די יידן א שטאַרקע פארצווייפלונג און א גרויסע אומרואיקייט.

אין יענע „קאָנטריבוציע־טעג" האָבן זיך באוויזן פּלאַקאַטן אין שטאָט, אז די דייטשישע מאַכט דערלויבט צו עפענען די אָנפאנג־שולן. אויך די „תרבות"־שול האָט באקומען א פאראָרדענונג, אז זי זאָל זיך עפענען.

דער שול־פארוואלטער האָט זיך דאַן געווענדט צום שול־סעקרעטאַר, ער זאָל אים העלפן צו אָרגאַניזירן די שול, די טעכנישע איינריכטונגען און מכשירים זיינען געווען דעמאָלירט.

אין פאַרלויף פון איניקע טעג האָט זיך די שול געעפנט און איז געוואָרן באַזעצט דורך קינדער אין א פיל גרעסערער צאָל ווי פאַר דער מלחמה. דער חשק צו לערנען איז געווען שטאַרק, אז אפילו דורכשניטלעכע קינדער האָבן ארויסגעוויזן איבערראַשנדיקע דערגרייכן. אַלע קינדער האָבן זיך פארהאַלטן רואיק, און ניט מיט אַ געפילדער און טומל זיינען זיי געגאַנגען אַהיים.

עס האָט זיך קאָנסטרואירט א גוטער לערער־פּערסאָנאל. דער דירעקטאָר פון דער פּולאָווער „תרבות"־שול, ה' ראבינאָוויץ און זיין פרוי, וועלכע זיינען געווען פּליטים, זיינען אויך געקומען צו דער ארבעט. דער גייסט אין שול איז געווען א געהייבענער סיי ביי די לערערס און סיי ביי די שילער. דאָס איז געווען די איינציקע באפרידיקונג פאר די טאָג־טעגלעכע פּחדים. הגם ס'איז געווען אַן אָפיציעלע דערלויבעניש, וועלכע האָט באַרעכטיקט די לעגאלע עקסיסטענץ פון דער שול, דאָך האָט געשוועבט דער שאָטן פון געפאַר.

20־טער נאָוועמבער, 1939. די לערערס און די קינדער זיינען שוין געווען אין די קלאַסן. די שטימונג הן ביי די לערער און הן ביי די קינדער איז געווען אַ מער־געדריקטע ווי תמיד, אזוי ווי זיי וואָלטן געפילט, אז דאָס איז דער לעצטער טאָג פון דער שול.

ארום 10 אזייגער אין דערפרי האָבן די טירן פון די קלאסן זיך אויפגעפּראַלט. עס זיינען אריינגעקומען 2 געסטאַפּאָווצעס, וואָס האָבן, מיט געשרייען און זידלערייען, צעטריבן די קינדער.

די געסטאַפּאָ־לייט האָבן דעם לערער־פּערסאָנאל צונויפגענומען אין ביוראָ פון דער שול. עס זיינען פריער געווען גראָביונגערישע אויסדרוקן און ברוטאַלע פּראַגעס און דערנאָך זיינען אלע לערער אָפּגעפירט געוואָרן אין געסטאַפּאָ. דאָרטן איז מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן דער שול־פארוואלטער, וועמען די געסטאַפּאָ האָט באשולדיקט, אז ער האָט „דאָס יודנטום געוואָלט אָרגאַניזירן". דערנאָך איז ער אריינגעשליידערט געוואָרן אין ארעסט־קאמער.

שפּעט אין אָוונט זיינען די לערערס באפרייט געוואָרן מיטן תנאי, אז זיי זאָלן פארלאָזן די שטאָט אין משך 24 שעה, אויב ניט דראָט זיי דער טויט.

אויף אזא אופן איז „ליקווידירט" געוואָרן די „תרבות"־שול.

ש. בעקער, ישראל

# פון דער „צעירי-ציון"-פאַרטיי

(פאַרצייכענונגען)

די באַוועגונג פון ציוניזם אין כעלם איז, אין מיין זכרון, שטאַרק פאַרבונדן מיט אריה מילנערס הויז, אין עק שטאָט, ווו עס זיינען פאַרזייט געוואָרן די ערשטע קערנדלעך פון ציוניסטיש־העברעאישער טעטיקייט.

אין 1907—1908, בעת עס האָבן געדאַרפט פאָרקומען די וואַלן צו דער רוסישער דומע (פּארלאמענט), האָט כעלם געדארפט אויסוויילן אַ דעלעגאציע קיין לובלין. ארום דעם אויסוויילן פון דער דאָזיקער דעלעגאַציע איז אַנטשטאַנען א קריגערישע פּאָלעמיק צווישן די רוסן און פּאָליאקן, וואָס יעדער צד האָט געוואָלט אונטערשטרייכן זיין דאָמינירנדיקע השפעה, רופנדיק די באפעלקערונג צו שטימען פאר זיינע קאַנדידאַטן.

אין דעם יידישן צבור זיינען אויך געווען חלוקי־דעות מיט א פארשיידענער אָריענטאַציע. עס איז געווען א גרופּע יונגע לייט, וואָס צווישן זיי איז געווען אברהם ארנשטיין און אריה מילנער, וועלכע האָבן ארויסגעשטעלט אין פאָדערגרונט דעם רעוואָלוציאָנער־נאציאָנאלן געדאַנק, אז מען דארף קיין לובלין דעלעגירן א זעלבשטענדיקע יידישע דעלעגאציע און מען דארף זיך ניט סומך זיין ניט אויף די רוסן און ניט אויף די פּאָליאקן.

די וואַלן זיינען פאָרגעקומען דינסטאָג, אין אַ יאַריד־טאָג. אין דרויסן איז געווען פייכט און רעגנדיק. אריינגעקומען אין שוהל, האָבן מיר, טרעגער פון ציוניסטישן געדאנק, זיך געווענדט צו יעדן ייד, ביי וועמען עס קלאַפּט א יידיש הארץ, ער זאָל שטימען פאר שיקן א זעלבשטענדיקע יידישע דעלעגאַציע.

אונדזער סאטיספאַקציע און שמחה איז געווען גרויס, ווען די וואַלן האָבן אָפּגעשפּיגלט דעם נאַציאָנאלן באוווסטזיין פון כעלמער יידן, וועלכע האָבן אונדז ניט אנטוישט. די אויסגעווויילטע דעלעגאציע איז באשטאַנען פון דריי יידן.

דער אָ נצחון איז דורך אונדז באצייכנט געוואָרן פאר א נאציאָנאלע טאַט און דערקענטניש. הגם דער דאָזיקער שריט האָט אונדז געקאָסט גאנץ טייער און אויך דער שרייבער פון די שורות איז ארעסטירט געוואָרן אונטער דער באשולדיקונג פון פירן רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע, דאָך האָט די אָ געשעעניש סטימולירט צו פארשפּרייטן דעם נאציאָנאל־ציוניסטישן געדאנק אין שטאָט.



ראַיאָן־קאָנפערענץ פון „צעירי־ציון" אין כעלם, אין יאָר 1919.



אין א יאָר ארום, ווען דער טולוזער סטודענט, יוסף מילנער, האָט זיך צוריקגעקערט פון פראנקרייך קיין כעלם, האָבן מיר זיך צו אים געווענדט, ער זאָל אונדז בייהעלפן צו שאפן אין כעלם א סניף פון דער ציוניסטישער באוועגונג. אויף דער ערשטער זיצונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין א הויז אויף דער בריסקער גאס, זיינען אָנגענומען געוואָרן די אָ צוויי באשלוסן: א) אָנהייבן א געלט־זאמלונג לטובת דעם קרן־קימת; ב) צו גרינדן א ביבליאָטעק. דערהויפּט איז געווען שווער צו גרינדן א ביבליאָטעק, ווייל די ציוניסטישע באוועגונג איז געווען ניט־לעגאל און מהאי־טעמא איז געווען שווער צו קריגן א לאָקאל פאר דער ביבליאָטעק. נאָר איין ייד, אלי חיים קליינער (איצט אין ישראל) האָט אונדז אָפּגעגעבן א צימער פאר דער ביבליאָטעק, ניט מורא האָבנדיק פאר קיין שום קאָנסעקווענץ.

אַ דאַנק דער ביבליאָטעק און דער באַקאַנטשאַפט מיטן העברעאישן בוך זיינען מיר געוואָרן פּאָפּולער צווישן די ברייטע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג. אָבער די גאָטפאָרכטיקע פאַנאַטישע יידן, דערוויסנדיק זיך פון אונדזער אפיקורסישער ביבליאָטעק, האָבן אונדז פארמסרט פאר דער מאַכט. צוליב דער מורא פאר א רעוויזיע זיינען מיר געווען געצוווּנגען צו שליסן די ביבליאָטעק און אונדזער טעטיקייט איז נאָר געפירט געוואָרן אויפן געביט צו זאמלען געלט לטובת דעם קרן־קימת.

א וויכטיקער אויפטו איז געווען דער יעמאָלט־דורכגעפירטער מאַסקן־באַל, וואָס די הכנסה איז געווען באשטימט צו העלפן דער העברעאישער ביבליאָטעק אין ארץ ישראל א.ג. פון דר. חזנוביץ. צו דער אָ אונטערנעמונג האָבן מיר צוגעצויגן אלע אסימילאַטאָרישע קרייזן אין שטאָט, וואָס האָבן, דרך אגב, זיך דערנענטערט דורך דעם צו דער ניט־לעגאַלער ציוניסטישער באַוועגונג.

אין יענער צייט האָבן מיר אויך דעם ציוניסטישן געדאַנק אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן צווישן דער שילער־יוגנט, וועלכע פלעגט אויך פון דער סביבה קומען קיין כעלם זיך לערנען. אזוי ארום איז דער ציוניסטישער געדאנק אריינגעדרונגען אויך אין די ארומיקע שטעטלעך פון כעלם.

בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען מיר געווען געצוווּנגען צו איבעררייסן אונדזער טעטיקייט צוליב די שטרענגע פאראָרדענונגען פון דער אָקופּאציע־מאַכט און צוליב פארשיידענע אנדערע געפארן, וואָס זיינען געווען פארבונדן מיטן המשך פון אונדזער ציוניסטישער ארבעט. אין יענעם פּעריאָד האָט זיך, אָבער, אונדזער טעטיקייט ניט איבערגעריסן און זי האָט זיך צומיינסטן קאָנצענטרירט אויפן געביט פון העלפן די מלחמה־פּליטים פון פוילן, וואָס האָבן פארפלייצט די שטאָט. די יוגנט איז דאַן מאָביליזירט געוואָרן אין דער ארמיי, אָדער זי האָט פארלאָזן די שטאָט צוליב פארשיידענע אומשטאַנדן. צוליב דעם אלעם איז ניט געבליבן קיין שום זכר פון דער פארצווייגטער ציוניסטישער טעטיקייט, וועלכע מיר האָבן ביזן קריג, מיט א גרויסן דערפּאָלג, געפירט.

נאָך דער באפרייאונג פון כעלם פון דער דייטשישער אקופּאציע האָבן זיך צוריקגעקערט פון רוסלאנד אסך יוגנטלעכע אין אונדזער היימשטאָט און זיי האָבן פארשפּרייט דעם „צעירי־ציון"־אידעאל.

**עס איז** אָרגאניזירט געוואָרן די ערשטע געגנט־קאָנפערענץ אין פּוילן, מיטן אנטייל פון די „צעירי־ציון" פירער. 10 טעג און נעכט האָט געדויערט די קאָנפערענץ, אויף וועלכער עס איז אויסגעארבעט געוואָרן א טעטיקייט־פּלאַן. צו אָט דער „צעירי־ציון"־קאָנפערענץ זיינען דעלעגירט געוואָרן אברהם גראבאצקי (איצט אין אמעריקע); קלמן לובארטאָווסקי ז"ל; זאב אייזנבערג (ברזלי ז"ל) אומגעקומען אין טייכל ירקון נעבן תל־אביב און אנדערע.

**עס איז** דאָן אין כעלם געשאפן געוואָרן די ערשטע „צעירי־ציון"־אָרגאניזאציע אין פּוילן. כדאי איז צו באצייכענען, אז די באוווסטע טוערין אין דער „צעירי־ציון"־באוועגונג פון כעלם איז געווען דעם כעלעמער טאמאַשאָווער רבינס טאָכטער, צפּורה נויהויז ז"ל, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט שפּרודלדיקער איניציאטיוו און טעאָרעטישן וויסן.

**נאָך דער** „צעירי־ציון"־קאָנפערענץ זיינען מיר צוגעטראָטן מיט דער גאנצער ענערגיע צו טאָן ממשותדיקע ארבעט פאר ארץ ישראל און אויף צו ארבעטן פאר פארבעסערן די יידישע לאגע אין אלע זייערע ווייניגע. מיר האָבן געגרינדעט אַ העברעאיש שולוועזן, ווו עס זיינען גראַדואירט געוואָרן הונדערטער שילער, פאָלקשולן, גני־ילדים, קאָאָפּעראטיוון און אנדערע אינסטיטוציעס. די „צעירי־ציון"־פּאַרטיי האָט געשלאָגן וואָרצלען אין די ברייטע פאָלק־שיכטן פון כעלם.

מיטן אָנהייב פון דער דריטער עליה האָבן פון כעלם עולה געווען פאַכמענער צו בנין־אַרבעט, אין וועלכע דאָס לאַנד האָט זיך שטאַרק גענייטיקט. די עולים פון כעלם זיינען געווען די ערשטע בנין־ארבעטער אין לאנד און האָבן געווידמעט זייערע בעסטע כוחות און פעאיקייטן צו דעם דאָזיקן געביט. דער שרייבער פון די שורות האָט עולה געווען פון כעלם קיין ישראל מיט דער ערשטער כעלעמער חלוצים־גרופּע.

די „צעירי־ציון"־באוועגונג אין כעלם האָט אָפּגעגעבן אירע בעסטע כוחות פאַר דעם אויפבוי פון לאַנד און האָט געגעבן איר צושטייער לטובת דער נאַציאָנאַלער אויפוואַכונג פון פאָלק.



**פארהאלטונג** פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאציע אין כעלם. — דאָס בילד איז גענומען געוואָרן צו דער געלעגנהייט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע־פייערונג. **ערשטע** ריי זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: — י. חאַדזאַלאחסקי (העברעאישער לערער), יוסף בעקער, אריה מילנער, א. אָרנשטיין און יהושע אָרנשטיין. צווייטע ריי, שטייענדיק: — מ. לאַנג, מ. עברי, ש. בעקער, איטשע מאיר לעדערמאַן, פּיי חל אליאַס, א. האַלפּערין, א. שענער און א. חיינשטיין.

יהושע זילבער, תל־אביב

# די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי

אין דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי האָב איך גענומען אַן אנטייל פון יאָר 1932 ביז מיין אָפּפאָרן קיין ישראל, ד.ה. ביז יאָר 1939. די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי איז, אין יאָר 1939, שוין געווען אין איר גרעסטן שווונג.

דער פּאַרזיצער פון דער פּאַרטיי איז דאַן געווען אַדוואָקאַט ראַגאַק, און דער מפקד פון בית״ר (ברית טרומפּלדור), איז געווען סענדער דאַווידזאָן, וועלכער געפינט זיך איצט אין ישראל.

די סיבה פון דעם גרויסן שווונג פון דער פּאַרטיי אין כעלם איז געווען א פאַרשטענדלעכע און נאַטירלעכע, ווייל די יוגנט און די מאַסן האָבן שוין דאַן אָנגעהויבן פאַרשטיין, אז נישט מיט דעם לאָזונג פון „לא בחיל ולא בכוח, כי אם ברוח" וועט די יידישע מדינה געבויט ווערן, נאָר „בדם ובאש יהודה נפלה, ובדם ובאש יהודה תקום". אין דעם אָ גייסט האָט דער בית״ר אויך אָנגעהויבן אויסשולן די יוגנט מיליטעריש, און דער בית״ר האָט אָרגאַניזירט מיליטערישע קורסן פאַר דער באַפרייאונג פון לאַנד.

דער כעלעמער בית״ר האָט אויך געשאַפן אַ הכשרה־קיבוץ אין דעם מאַיאָנטעק פון גוטבאַזיצער, פּודטשאַצקי, אונטער דער אָנפירונג פון מפקד, שלמה הערצבערג, וועלכער איז, אין יאָר 1937, צוזאַמען מיט ברוך דאַווידזאָן אָפּגעפאָרן קיין ישראל מיט דער אומלעגאַלער עליה פון בית״ר. דער זעלבער שלמה האָט אין לויף פון דעם צווייטן וועלט־קריג אנטייל גענומען אין די קאַמפן קעגן דער היטלעריסטישער בעסטיע און איז היינט אַן אָפּיציר אין דער ישראל־אַרמיי. ברוך דאַווידזאָן איז איצט דער אינסטרוקטאָר פון דער ישראלדיקער פּאָליציי.

דער כעלעמער בית״ר, אונטער מיין אָנפירונג, האָט אויך, אין יאָר 1933, אָרגאַניזירט און אָנגעפירט מיט דער באָיקאָט־אַקציע קעגן די קינאָ־אייגנטימער פאַר וויזן דייטשישע פילמען. די באָיקאָט־אַקציע האָט דאַן געגעבן די בעסטע רעזולטאַטן, ווייל די אייגנטימער האָבן אויפגעהערט וויזן דייטשישע פילמען, און אלס צייכן פון חרטה האָבן זיי געגעבן א פּאָר הונדערט זלאָטעס פאַר א פּסח־אַקציע פאַר אָרעמע לייט.

די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי, דער בית״ר און דער ברית־החיל, וועלכן מיר האָבן נאָר וואָס געהאַט געשאַפן, האָט צוויי מאָל, אין די יאָרן 1933 און 1936, אַראָפּגעבראַכט קיין כעלם דעם גרויסן רעוויזיאָניסטישן פירער, זאב זשאַבאָטינסקי ז״ל, אויף צוויי גרויסע פּאָליטישע רעפעראַטן. אין די טעג פון זיין קומען און זיין אין כעלם, איז די שטאָט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסער דעמאָנסטראַציע פאַרן ציוניסטישן געדאַנק. די טעג וועלן אייביק בלייבן אין זכרון פון די לעבנגעבליבענע כעלעמער יידן אויף דער וועלט.

דער כעלעמער בית״ר האָט אויך זיך באַטייליקט אין דער אַרבעט צו שיקן געווער קיין ישראל, און דריי פון דעם כעלעמער בית״ר זיינען געכאַפּט געוואָרן ביי דער אָ טעטיקייט און אַרעסטירט געוואָרן. די דריי אַרעסטירטע זיינען געווען פאָלגענדיקע: משה שופל, פנחס קאַלאַדני און איך, דער שרייבער פון די שורות. צו מיין פּראָצעס איז דאַן, דער אַנטיסעמיטישער אָרגאַן „גאָניעץ וואַרשאַווסקי", ארויס מיט א העץ־אַרטיקל און אָפּדרוקנדיק מיין בילד, מיך פאָרגעשטעלט אלס דעם יידישן מאַרשאַל אין פּוילן און געפאָדערט פאַר מיר די שטרענגסטע שטראָף.

דער כעלעמער בית״ר האָט אויך אונטער מיין אָנפירונג אָרגאַניזירט אַ זעלבסטשוץ, וואָס האָט געדאַרפט זיין גרייט אין פאַל פון א פּאָגראָם, וועלכן די אנטיסעמיטן האָבן געוואָלט מאַכן אין דעם פוילישן רעליגיעזן יום־טוב „באָזשע ציאַלאָ". דריי טעג און נעכט איז דער בית״ר און ברית החיל, אונטער מיין אָנפירונג, געווען באוואָפנט און זיך געפונען אין די יידישע קלובן. דער געזעלשאַפטלעכער און „מכבי"־קלוב, אויף לובלינער גאַס, איז געווען גרייט רעאַגירן אויף יעדער אָנפאַל. דער פוילישער סטאַראָסטאַ, וואָראָנאָוויץ, דערוויסנדיק זיך פון דעם, האָט מיך פאַררופן צו זיך און געזאָגט: „עס פרייט מיך זייער וואָס איר גרייט זיך איינהיטן יעדער איבערפאַל, און איך בעט אייך שטיין אין פאַרבינדונג מיט דער פּאָליציי, וועלכער איך האָב פאַראָרדענט זיין מיט אייך אין קאָנטאַקט און אויסנוצן אייער הילף ווען אזא וועט נייטיק זיין".

נאָך א באַראַטונג צווישן מיר און דעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט, האָבן מיר ארויסגעשיקט פּאַטרולן איבער אלע גאַסן און געסלעך פון שטאָט. מיט יעדן פּאָליציסט איז געגאַנגען א באוואָפנטער בית״ריסט אָדער ברית־החילניק, און אזוי ארום איז אויסגעהיט געוואָרן די שטאָט פון א פּאָגראָם.

די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי האָט אויך אין יאָר 1937 ארויסגעגעבן א וואָכנבלאַט אונטער מיין רעדאַקציע א.נ. „דער נאַציאָנאַלער־וואָכנבלאַט".

ווי גרויס עס איז געווען די טעטיקייט פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי אין כעלם באַווייזן די שטאָט־ראַט־וואַלן אין יאָר 1937. אויף א צאָל פון 8 יידישע ראַטמענער האָבן די רעוויזיאָניסטן געהאַט 4, און דעם איינציקן יידישן לאַווניק — אברהם שיין, די לינקע פּועלי־ציון — און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע —1.





אויבן: — רעוויזיאָניסטישע באַוועגונג אין כעלם. אויפנאַמע פאַר זאב זשאַבאָטינסקי (אין צענטער, לינקס — ד״ר סאקולער).
אונטן: — יידישע ביתרים אין מונדירן מיט געווער בעת אַ פּאַראַד.

אין מערץ, 1939, ווען אין פוילן איז פאַראָרדענט געוואָרן די געהיימע מיליטערישע מאָביליזאַציע, האָב איך צוזאמענגערופן אַ זיצונג פון די כלל־טוערס אין די זאַלן פון די יידישע גמינע, מתרה זייענדיק זיי וועגן דעם ווולקאַנישן אויסברוך, פאַר וועלכן מיר שטייען, און גערופן די כעלעמער יידן באַטייליקן זיך אין דעם גרויסן פלאַן פון דער רעוויזיאָניסטישער פאַרטיי: מיט איין מאָל שיקן קיין ישראל 100 טויזנט יידן קעגן ווילן פון ענגלאַנד.

ליידער איז דער ווולקאַן־אויסברוך געקומען פריער, ווי מען האָט זיך גערעכנט און איך האָב סוף יולי, מיט א שיף פון 857 מענטשן, אָרגאַניזירט דורך דעם אירגון, פאַרלאָזט פוילן, און נאָך 6 וואָכן וואנדערן פון פּאָרט צו פּאָרט, אין אָנהייב קריג אָנגעקו־מען קיין ישראל, ווו איך בין גלייך מיט אנדערע ארעסטירט גע־וואָרן פון די ענגלענדער, און נאָכן אָפּזיצן א קורצע צייט אין קאָנ־צענטראַציע־לאַגער, סאַראָפּענד, באַפרייט געוואָרן.

די נאַציאָנאַלע דערציאונג פון דעם בית״ר, ברית־החיל און דער רעוויזיאָניסטישער פאַרטיי האָט ערשט אין ישראל באַוויזן אירע פרוכטן.

דער געוועזענער קאָמענדאַנט פון בית״ר אין כעלם, סענדער דאַווידזאָן, וועלכער האָט זיך שוין געפונען אין לאַנד פון יאָר 1933, איז ביי די אומרוען אין לאנד אין די יאָרן 1936—1939, געווען דער קאָמענדאַנט פון דער אַלט־שטאָט ירושלים, ווו ער מיט זיינע בית״רים האָבן איינגעהיט די יידן פון אראבישע איבערפאַלן.

אין יאָר 1939 האָט ער אויך געבראַכט א שיף מיט אומלעגא־



י. זילבער אויף אַ מאַסן־מיטינג אין כעלם אין יאָר 1933, קעגן דער היטלע־ריסטישער בעסטיע.

לע יידן קיין ישראל און ארעסטירט געוואָרן. אין יאָר 1944 איז ער אָפּגעזעסן 4 יאָר אין לאַנד און אין צפון אפריקע, פאַר באַטייליקן זיך אין דער אונטערגרונד־ארבעט פון אירגון, אצ״ל.

איך, דער שרייבער פון די שורות, בין אויך ארעסטירט גע־וואָרן דורך די ענגלענדער פאַר אנטייל נעמען אין קאַמף פאַר מלכות ישראל און אָפּגעזעסן אין אלע ישראלדיקע טורמעס, ווי אויך אין אלע צפון־אפריקאנער טורמעס, ווו איך בין פארשיקט געוואָרן אויף קנאַפּע 4 יאָר.

---

ב. עמינדב

# כעלם פאַר די זבאָנשינער פליטים

אָנהייב ווינטער, 1938. דאָס היטלער־דייטשלאַנד האָט אין א ביינאַכט ארויסגעטריבן נאַקעט און באָרוועס 20 טויזנט יידן צום שטעטל זבאָנשין, וואָס איז געווען אויף דער פוילישער גרע־נעץ, מאָטיווירנדיק, אז די יידן שטאַמען פון פוילן.

די יידישע געזעלשאַפט איז אויפגעציטערט געוואָרן פון דער דייטשישער אכזריות און זי האָט אָרגאַניזירט א ברייטע הילף־אקציע לטובת די דאָזיקע פליטים. עס איז געשאַפן געוואָרן א „צענטראַלער הילפס קאָמיטעט פאַר די זבאָנשינער פליטים״.

אויך דאָס יידישע כעלם איז צוגעשטאַנען צו דער דאָזיקער הילף־אקציע. אין לאָקאַל פון דער כעלעמער קהילה איז פאַרגע־קומען א באַראַטונג, אויף וועלכער עס זיינען בייגעווען פאַרשטייער פון אלע יידישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס. עס איז אויסגע־ווילט געוואָרן א קאָמיטעט אין פאָלגענדיקן באַשטאַנד: ד״ר יוסף פעלדמאַן (פּרעזעס), יצחק שווארצמאַן (סעקרעטאַר), ד״ר ישראל אַקס (קאַסיר), פרישמאַן, משה בעקער, בערל ליבערמאַן, בן־ציון ברוקער, שלמהלע בורשטיין, שמעון סייקאָוויטש, אברהמל שטיינ־בערג, מאָטל גאָלדמאַן, גרשון לוסטיקער, אָנשל בידערמאַן, אַד־וואָקאַט הירשדאָרפער, אדוו. ראַבינאָוויטש, פרוי ד״ר ווילענקא, פרוי אַקס, פרוי פעלדמאַן, אינזש. טענענבוים און ראַטמאַן גאָלד־בערג.

עס איז ארויסגעלאָזט געוואָרן צו אלע רעליגיעזע יידן א קול קורא, וואָס איז רעדאַקטירט געוואָרן דורך דעם ראַטמאַן גאָלד־בערג און בן־ציון ברוקער. דער דאָזיקער קול־קורא האָט גע־פונען א וואַרעמען אָפּרוף ביי אלע קרייזן פון דער יידישער באַ־פעלקערונג פון שטאָט.

אין די בתי־מדרשים, אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען זיינען באַלד פאָרגעקומען ספּעציעלע פאַרזאַמלונגען, וועלכע האָבן גע־רופן ווי ווייט מיגלעך בייהילפיק צו זיין די זבאָנשינער פליטים.

די געלט־זאַמלונג אין כעלם האָט אריבערגעשטיגן אלע דער־וואַרטונגען, נאָך קיינמאָל האָבן אקציעס אין כעלם ניט אריינגע־בראַכט אַזעלכע הכנסות ווי די הילף־אקציע פאַר די זבאָנשינער פליטים. אויך פיל קריסטן האָבן בייגעטראָגן באַשטייערונגען פאַר דער אקציע.

באַזונדער דערפאָלגרייך איז געווען די קליידער אקציע, וועל־כע איז אָנגעפירט געוואָרן דורך פרוי ד״ר פעלדמאַן. עלטערע פרויען און יונגע גימנאַזיסטקעס, ארבעטער מיידלעך און בית־יעקב׳ניצעס זיינען צוזאמען געגאַנגען צונויפזאַמלען קליידער, וואָס זיינען פאַרפּאַקט געוואָרן אין די קאַסטנס, וועלכע זיינען געווען צוגעגרייט דורך באַשע לאַרבער׳ס אַן אייניקל. די קאַסטנס מיט קליידער זיינען גלייך אוועקגעשיקט געוואָרן צו די פליטים קיין זבאָנשין.

דעם כעלעמער סטאַראָסטע איז דאָן נישט געפעלן געוואָרן, וואָס די כעלעמער יידן האָבן אזא גרויסע סומע געגעבן פאַר א הילף־אקציע און ער האָט פאַרזוכט שטערן צו איבערשיקן דאָס געלט, אָבער א געהעריקע אינטערווענץ פונעם צענטראַל־קאָמיטעט ביי די מאַכט־אינסטאַנצן האָט געווירקט, אז דאָס זאָל אָן שטער איבערגעשיקט ווערן.

די סכומים געלט און קליידונג וואָס כעלם האָט איבערגע־שיקט פאַר זבאָנשין, זיינען געווען אַ ממשותדיקע הילף לטובת די זבאָנשינער פליטים.

**וו. גאָטליב, אויסטראַליע**

# די סקויטן־אָרגאַניזאַציע

עס איז געווען די צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די עסטרייכער האָבן דאַן אָקופּירט כעלם. דער קאָמיטעט פון דער נאָרוואָס געגרינדעטער סקויטן־אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַנען פון די פאָלגענדיקע פּערזאָנען: י. מאַנדעלבוים, ב. לוקסענבורג, מ. מאָרגנשטערן, י. דרעקסלער, מ. עברי, הערץ, פּישלזאָן, ש. בעקער, דער שרייבער פון די שורות און אויך פון א פּאָר אַנדערע, וועמענס נעמען כ׳געדענק שוין ניט.

איך בין איינגעלאַדן געוואָרן צוליב דעם זכות, וואָס כ׳בין געווען אין ארץ־ישראל א מיטגליד פון „השומר“, אויסרעכענענדיק, אז כ׳האָב אין דער דאָזיקער ארבעט דערפאַרונג און כ׳קאָן אויך מיטהעלפן ביי דער אָרגאַניזירונג פון דער סקויט־אָרגאַניזאַציע אין כעלם.

יינגלעך און מיידלעך אין עלטער פון 9 יאָר אָן און העכער, האָבן, מיט דער דערלויבעניש פון זייערע עלטערן, זיך פאַרשריבן אַלס סקויטן, און ס׳האָבן זיך געשאַפן אייניקע גרופּעס. מ׳האָט מיט זיי דורכגעפירט פיזישע איבונגען, געמאַכט מארשן און אויספלוגן. חוצדעם האָט מען מיט זיי געלערנט יידישע געשיכטע, געלייענט פאַר זיי ביכער און זיי געלערנט יידישע און העברעאישע לידער. עס זיינען מיט זיי געפירט געוואָרן דערציערישע שמועסן און ס׳איז געווען א נאָענטער קאָנטאַקט מיט די עלטערן, וואָס פלעגן אָפט איינגעלאַדן ווערן אויף באַראטונגען מיט דער אָנפירונג פון דער סקויטן־אָרגאַניזאַציע.

גיך האָבן די קינדער אויפגענומען די אלע כללים פון דער סקויטן־דיסציפּלין. זיי האָבן געהאַט ספּעציעלע אוניפאָרמען, וואָס עס האָבן די קינדער פאַרלאָקט. זיי האָבן געהאַט א גרויסע הנאה צו זינגען לידער און מאַרשירן מיט געזאַנג.

דער איינפלוס פון דער סקויטן־אָרגאַניזאַציע אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין כעלם איז געווען גרויס.

דער ערשטער עפנטלעכער פאַראַד איז פאָרגעקומען בעת א „הערצל פייערונג“. דורך דער לובלינער גאס ביז צו דער אלטער היסטאָרישער שוהל האָבן די סקויטן מארשירט אין דער שענסטער אָרדענונג און געזונגען הילכיק יידישע און העברעאישע לידער, צוציענדיק די אויפמערקזאַמקייט פון דעם עסטרייכישן מאגיסטראַט־פּרעזידענט, קאַלמוס, וואָס האָט ארויסגעשיקט א פּאַטרול פון עסטרייכישע זעלנער צו מאכן פריי דעם וועג פאַר די מארשירנדיקע סקויטן.

געדיכט איז געשטאַנען די יידישע באַפעלקערונג אויף די טראָטואַרן, וואָס האָבן באַגריסט הארציק און וואַרעם די מאַרשירנדיקע קינדער, באַגלייטנדיק זיי מיט לאַנג־דויערדיקע אַפּלאָדיסמענטן און באַוואונדערנדיק ווי זיי גייען אזוי מוסטערהאַפט און שטאָלץ.

די גאַסן און געסלעך, וואָס זיינען בשכנות דער אלטער היסטאָרישער שוהל, זיינען געווען איבערפולט מיט מענטשן. אָט האָבן זיך די טירן פון דער שוהל געעפנט און גרויסע שטראָמען יידן האָבן אריינגעפּראַלט אינעווייניק, פאַרנעמענדיק די ווייבערישע שוהל און דאָס אויבערשטע שוהלכל, ווי אויך דעם פּאָליש.

די הזכרה נאָך ד״ר טעאָדאָר הערצל איז רירנד געמאַכט געוואָרן און די רעדעס זיינען אויסגעהערט געוואָרן מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט.. די סקויטן און די אָנפירונג זיינען דורך דעם עולם שטאַרק באַדאַנקט געוואָרן פאַר זייער אנטייל אין דעם דאָזיקן געדענק־אָוונט, אויסדריקנדיק אנערקענונג צו די יונגע סקויטן און דעם קאָמיטעט.

עס געדענקט זיך אויך דער דאָזיקער פאַל.

ווינטער נאָך האלבער נאכט. איך אייל זיך גיין צו א קראנקן, וואָס געפינט זיך אונטער דער מעדיצינישער אויפזיכט פון „לינת הצדק“. עס פאַלט א געדיכטער פייכטער שניי. אויפן וועג פאַרהאַלט מיך אן עסטרייכישער זעלנער און פירט מיך אוועק אין מאַגיסטראַט, ווו כ׳האָב געדארפט ווארטן ביז די פרימאָרגן־שעהן. ווען ס׳איז געקומען דער פּרעזידענט פון שטאָט־ראַט, קאָלמוס,



ייִדישע סקויטן־אָפּטיילונג אין כעלם אין יאָר 1915. פון לינקס אין פראָנט געפינט זיך וו. גאָטליב, קאָמענדאַנט פון דער סקויטן־באַוועגונג.

וועלכער האָט מיך באלד דערקענט, האָט ער געמאַכט א שאַרפן פאַרוואורף דעם זעלנער הלמאי ער האָט מיך, דעם קאָמענדאַנט פון די סקויטן, פאַרהאַלטן.

* * *

די אויספלוגן מיט די סקויטן זיינען געווען א וועזנטלעכער טייל פון אונדזער טעטיקייט־פּראָגראַם.

געוויינטלעך פלעגן דויערן די אויספלוגן פון פרימאָרגן ביזן אָוונט און זיינען פאָרגעקומען אין הרוביעשאָווער אָדער אין רייוויצער וואלד. אמאָל פלעגן די אויספלוגן דויערן פולע צוויי מעת לעת. אונדזער ציל איז געווען צו פאַרהאַרטעווען די יונגע קינדער צו פאַרשיידענע אומשטאַנדן און זיי זאָלן זיין אומאָפּהענגיק פון זייערע עלטערן כאָטש אויף א קורצער צייט.

אין דער ערשטער צייט זיינען, הויפטזאַכלעך, די מאַמעס געווען אומרואיק וואָס מ'נעמט צו די קינדער און מען פירט זיי אַוועק אין וואַלד און פעלד. די אָנפירונג פלעגט פאַר אזוינע באאומרואיקנדיקע מאַמעס האָבן איין ענטפער, אז מען זאָל זיך סומך זיין אויף אונדז, גלויבנדיק אין די גוטע רעזולטאַטן פון די מעטאָדן פון דער סקויטן־אָרגאַניזאַציע.

גאַנץ פרי, 5 אזייגער באַגינען, פלעגן שוין די יונגע סקויטן זיך צוזאַמענקומען. אלע זיינען געווען פריילעך־שטיפעריש און מיט פעסטע און זיכערע טריט האָבן די קינדער מארשירט איבער די גאַסן אין כעלם, וואָס זיינען נאָך געווען איינגעהילט אין פרימאָרגנדיקן נעפּל און ליידיק פון מענטשן. ווו ניט ווו האָט מען אָפּגעמערקט בעלי־מלאכות זיינען, נאָך מיטן שלאָף אויף די וויעס, געגאַנגען צו דער אַרבעט, און פון די פענצטערס האָבן ארויסגעקוקט פרויען און קינדער. עס האָט אָפּגעהילכט, אין די שטילע פאַרטאָגן, דאָס געזאַנג פון די קינדער און די באַפעלן פון דער אָנפירונג: אחת, שתים, שלש, ארבע...

הינטערן שטאָט, אויפן שויס פון לאַנקעס און פעלדער, האָט מען זיך אָפּגעשטעלט כדי עסן פרישטיק. יעדער סקויטלער האָט געהאַט א שטעקן, און בעת אן אָפּרו פלעגן ווערן פונאנדערגעשטעלט די שטעקנס לויט דעם זעלבן סדר ווי זעלנער שטעלן פונאַנדער זייערע ביקסן.

דער גאַנג צווישן די אַראָמאַט־ריחות פון די פעלדער און צווישן די ביימער פון וואַלד איז געווען א באזאכטער, און גאנץ געלאַסן איז מען געגאַנגען ביז מען איז געקומען צום באשטימטן אָרט.

אזוי ווי בינען האָבן די סקויטן געאַרבעט פלייסיק, אויפשטעלנדיק די געצעלטן מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט. עס זיינען אָנגעצונדן געוואָרן פייערן און מען האָט אויף זיי געשטעלט א קעסל וואסער צו אויפזידן. מ'האָט פונאנדערגעעפנט די רוקזעק צו ארויסנעמען די מיטגענומענע שפּייז.

אומפאַרגעסלעך זיינען יענע טעג ווען מיר זיינען געווען מיט די קינדער אויף די אויספלוגן. די פייגל האָבן געצוויטשערט און געפלויגן פון בוים צום בוים. אזוי האָבן אויך געטאָן די קינדער, וואָס האָבן פאַרהילכט דעם וואַלד מיט זייערע לידער. זיי האָבן פריי זיך באַוועגט און געשפּילט אין פוטבאָל.

ווען מען איז געוואָרן מיד פון פאַרשיידענע שפּילן און ספּאָרט־איבונגען האָט מען זיך געלייגט אויפן ווייכן גראָז. אייניקע פון די קינדער זיינען איינגעשלאָפן און אייניקע האָבן פאַרצויגן זיסע ניגונים און האָבן אויסגעהערט די מעשהלעך פון שלום־עליכם, י. ל. פּרץ, וואָס מיר האָבן פאַר זיי פאַרגעלייענט.

ווען ס'איז צוגעפאַלן די דעמערונג פון אָוונט און די נאכט, איז מען געזעסן ביי די פייערן. איינאנדער האָבן די קינדער דערציילט אלערליי עפּיזאָדן און מעשיות, פאַרשיידענע פּאַסירונגען און פאַרלויפן. אין די וואַלד־שאָטנס פון דער נאַכט האָט זיך אין קינד געטוליעט צום צווייטן און ס'האָט זיך פאַרקניפּט צווישן זיי אן אינטימע נאָענטקייט און א שטאַרקע חברישקייט.

עס האָבן ביינאַכט געהאַלטן וואך די יונגע סקויטן, אזויווי אין מיליטערישן לאַגער, און אין דער ארומיקער שווייגנדיקייט האָט דאָ און דאָרט אָפּגעהילכט דאָס ליד:

שכב הרדם בן לי יקיר,
שמע אדבר שיר,
בימי קדם במרחקים
היה היתה עיר...

די נאַכט פאַרשווינדט. עס באווייזט זיך דער מאָרגנשטערן און עס שפּראָצט ארויס די בלאָע ליכטיקייט. עס באווייזט זיך די זון און עס ווערט אלץ ליכטיקער און ליכטיקער.

עס הערט זיך דער סיגנאַל פון דער אָנפירונג: קומו, קומו. א באַוועגונג, ווי דיסציפּלינירטע זעלנער, לויפן ארויס די קינדער פון זייערע געצעלטן און מען גייט צום קרישטאַלענעם קוואַל וואַסער זיך וואַשן.

7 אזייגער איז געווען פרישטיק־צייט, לויטן פּלאַן פון טאָג האָט מען די ארבעט פאַרגעזעצט ביז פאַרנאַכט.

עס האָט אויך פּאַסירט, אז דער הימל האָט זיך איינגעהילט אין וואָלקנס און עס פלעגט אַראָפּגיין א שלאַקסרעגן. דער פּלאַן פון דער אָנפירונג פלעגט, אבער, ניט ווערן איבערגעריסן, ווייל אונדזער דעוויז איז זיך צו פאַרהאַרטעווען ביי די ערגסטע וועטערן און ביי די שווערסטע סיטואַציעס.

* * *

אונדזער סקויטן־אָרגאַניזאַציע האָט זיך ראַש אנטוויקלט און איז געוואָרן גוט אָפּגעשאַצט אין די שכנישע שטעט. זייער אָפט פלעגן פאָרקומען קעגנזייטיקע באזוכן פון די סקויטן־אָרגאַניזאַציעס.

עס איז אויך פאָרגעקומען א קאָנפערענץ פון די יידישע סקויטן־אָרגאַניזאַציעס אין ווארשע. כ'בין געווען דעלעגירט מצד אונדזער סקויטן־אָרגאַניזאַציע אויף דער קאָנפערענץ. היות ס'איז נאָך דער ערשטער וועלט־קריג ניט געווען פאַרענדיקט, האָב איך געדאַרפט זיך אומלעגאַל דערלאַנגען קיין ווארשע, וואָס איז געווען אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע.

עטלעכע הונדערט פאָרשטייער זיינען געקומען אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ, וואָס איז געעפנט געוואָרן מיט אונדזער נאַציאָנאַלן הימן „התקווה". און ווען דער פאָרזיצער האָט געמאָלדן דעם סדר היום פון דער קאָנפערענץ, זיינען אריינגעקומען די ווילהעלמישע דייטשישע אָקופּאַנטן און האָבן די קאָנפערענץ אויפגעלייזט.

דאָך זיינען דאַן אָפּגעהאַלטן געוואָרן באראטונגען און ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן א צענטראַלע אָנפירונג.

צוליב אידעאָלאָגישע מאָטיוון בין איך דערנאָך ארויסגעטראָטן פון דער כעלעמער סקויטן־אָרגאַניזאַציע. צום אָנדענק האָבן די סקויטן מיר דערלאַנגט די פאָלגענדיקע מתנה: א סקויטן־מעסער מיט א ביינערנעם הענטל און דאָס שיידל פון מעסער איז געווען אַ זילבערנע. אויפן שיידל איז געווען אויסגעגנייט דער עמבלעם פון די סקויטן און די אויפשריפט: חזק ואמץ!

שטאַרק טייער איז ביי מיר געווען די דאָזיקע מתנה און זייער רירנד איז געווען מיין געזעגענונג מיט די כעלעמער סקויטן, בעת כ'בין, אין 1920, אוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל.

ב. בינשטאָק, ניו־יאָרק

# כעלם איז אַן אַלט־יידישע שיינע שטאָט

כעלם איז אַן אַלט־יידישע שטאָט.

כעלם איז באַוווּסט אַון באַרימט בכל תפוצות ישראל. דער נאָמען „כעלם“ רופט ארויס אַ שמייכל אָדער אַ האַרציקן געלעכטער ביי יידן אומעטום. אַ סך יידן גלייבן גאָר ניט, אז כעלם איז טאַקע אַ שטאַט.

כעלם איז אַ פּראַכטפולע שיינע שטאָט, אויסגעבויט אויפן שויס פון אַ ווונדערשיינעם, הויכן באַרג. 20 מינוט רייזע מיט דער באַן אויף מזרח־זייט פון דעם באַרג ליגט דער טייך בוג, ווו עס ציט זיך די באַקאַנט געוואָרענע קוירזאָן־ליניע, די גרענעץ צווישן סאָוועטן־פאַרבאַנד און פוילן.



בן בינשטאָק

הונדערטער טויזנטער טיף־רוסישע און אוקראַינישע פּויערים מיט זייערע ווייבער און קינדער פלעגן זיך צוזאַמענפאָרן (דער צאַר האָט געגעבן אומזיסטע באַנען) אויף א 3־טאָגיקן יום־טוב יעדעס יאָר ענדע זומער, כדי צו טרינקען דאָס וואַסער פון „הייליקן ברונעם“ אויפן באַרג. זיי פלעגן אויך טרינקען טיי און פאַרבייסן מיט בולקע ביי די יידישע „טישלעך“, וועלכע זיינען געווען אויסגעשטעלט אין די הונדערטער איבער אלע גאַסן פון דער שטאָט. דער קייסער ניקאָלאַי דער לעצטער איז עטלעכע מאָל געווען אין כעלם ביי דער דאָזיקער צערעמאָניע.

דער אויפזעער אויפן באַרג מיטן „הייליקן ברונעם“ און איבער די אלע הייליקע פּראַוואָסלאַוונע לערן־אַנשטאַלטן איז געווען דער טרויעריק־באַרימטער פּראַוואָסלאַוונער יעפּיסקאָפּ יעווּלאָגי, ראַספּוטינס רעכטע האַנט. ער האָט אויך שטאַרק געזאָרגט פאַר דער רוסיפיקאַציע פון כעלעמער געגנט. כעלם און די גאַנצע געגנט האָבן געזאָלט ווערן אַ רייך־רוסישע גובערניע. אָבער די ערשטע וועלט־מלחמה האָט צו־נישט געמאַכט די פּלענער, פון וועלכע עס זיינען געבליבן אָנגעהויבענע און עטלעכע שוין אויסגעבויטע רעגירונג־געביידעס, וואָס יידן האָבן איבערגעמאַכט אויף ווינ־הייזער.

דער פּראַוואָסלאַוונער יעפּיסקאָפּ יעווּלאָגי, אָדער ווי די יידן אין כעלם פלעגן אים רופן — „זאַוואַלי דראָגי“, האָט זיך זייער שטאַרק אָנגעשטרענגט ארויפצופירן אויפן „ריכטיקן וועג“ אויך די יידישע באַפעלקערונג און איבערהויפּט די יידישע יוגנט אין די שטורעם־יאָרן פון 1905—1906. ער פלעגט פאַררופן שטילע מיטינגען מיט שטאָט־בעלי־בתים, האָט געבעטן און געסטראַשעט, אז יידן זאָלן זען אכטונג צו געבן אויפן יונגוואַרג, וואָס דאַרף גיין אין „גוטע וועגן“, און איבערהויפּט שעצן און ליב האָבן דעם קייסער. די בעלי־בתים פלעגן אים צוזאָגן. און ווען זיי זיינען געגאַנגען מיט די ברייטע טרעפּ אראָפּ פון באַרג, האָבן זיי געהערט די דונערדיקע שטימע פון מאיר ראַוב׳עלע שאַכער׳ס, א בעקער, דאַן א בונדאָוועץ (היינט איז ער אין ניו־יאָרק, זיין נאָמען איז מאיר צעלניק; ער איז נישט מער קיין בונדאָוועץ, נאָר סתם א זייער סימפּאַטישער באַוווּסטזיניקער יידישער בעקער־ארבעטער). די שטימע האָט געוועקט, גערופן און פאַרדאַמט „די בלוטיקע חיה מיט אירע בלוטיקע נעגל“. דאָס איז געווען דער טיטל פון צאַר ניקאָלאַי דעם לעצטן. מאיר כעלעמער האָט שפּעטער צוליב געטאָן די בעלי־הבתים פון שטאָט און עוקר געווען פון כעלם.

דער „באַרג“ האָט געגעבן פּרנסה א סך יידן אין שטאָט. די צען טויזנט בלאָנדע פּראַוואָסלאַוונע גלח׳ישע סטודענטן און סטודענטקעס האָבן געלעבט אין כעלם אויפן חשבון פון דער צאַרישער רעגירונג. די יידן אין כעלם האָבן געזאָרגט דערפאַר און צוגעשטעלט עסן און קליידונג — פון שענסטן און בעסטן.

דער טאַטע פון א חזן אין ניו־יאָרק האָט געהאַט דעם „פּאָדריאַד“ צו פאַרריכטן און מאַכן נייע שטיוול פאַר די סטודענטן. ר׳ מלך הערש האָט ער געהייסן. א ייד — אַ הדרת פּנים, גבאי אין דער חברה קדישא און זייער אָנגעזען אין שטאָט. אז אן אָרימאַן איז, נישט פאַר אייך געדאַכט, געלעגן קראַנק וואָכן און חדשים, האָבן שכנים „אריינגערופן“ ר׳ מלך הערש׳ן. זיי פלעגן אים אָפּוואַרטן ביי דער טיר, „ברעכן די הענט“, און מיט די אויגן געווענדט צום הימל, געווונטשן: „אוי, ער זאָל זיין דער גוטער מלאך!“ ר׳ מלך הערש, דער גרויסער שווייגער, האָט זיך געשטעלט ראַטעווען דעם אָרימאַן מיט זיינע אייגענע רפואות: ראַשית און קודם כל, האָט ער אים „אויסגעפּענדזלט“ דעם האַלדז מיט זיין שטענדיקן פּינדזל: אַ גראָב האַרט ריטל פון אַ בעזים, מיט א שטיק וואַטע פון אן אלטן שפּענצער, צוגעבונדן צום שפּיץ מיט אַ דראַטווע און איינגעטונקען אין וויטריאָל. דערנאָך האָט ער געפּרווט די היץ מיט זיין אייגענעם טערמאָמעטער, און טאַקע באלד נאָכדעם צוגעלייגט א פּעדער צו דער נאָז...

שניידערס האָבן געהאַט דעם פּאָדריאַד צו פאַרריכטן און מאַכן נייע, שיינע, געפּאַסטע מונדירן. קצבים האָבן צוגעשטעלט די גוטע, פעטע נישט געפּריידיקטע פּריידיקעס. און אנדערע יידן אין שטאָט האָבן צוגעשטעלט אַלע אַנדערע נייטיקע פּראָדוקטן און שפּייז.

כעלם האָט, להבדיל, דעם פּראַוואָסלאַוונעם קלויסטער מיטן הייליקן ברונעם, געהאַט בתי־מדרשים, חסידים־שטיבלעך, ווו בחורים האָבן געשמאַק געלערנט.

די וואַנט פון דער כעלעמער שוהל מיט דעם באַהאַלטענעם קבר פון די חתן־כלה, וואָס כמעלניצקי׳ס היידאַמאַקעס האָבן אומגעבראַכט, שטייענדיק אונטער דער חופּה אויפן שוהל־הויף, דערציילן די טרויעריקע יידישע געשיכטע פון הונדערטער יאָרן.

כעלם איז געווען אין קולטורעלן זין אויף אַ הויכער מדרגה. מען האָט ארויסגעגעבן 2 יידישע וואָכן־צייטונגען; אַ ציוניסטישע און אַ פאָלקיסטישע. געווען אַ יידישע און אַ העברעאישע ביבליאָטעק, שפּעטער אויך אַן 8־קלאַסיקע העברעאישע שול, וועלכע משה פישעלזאָן (געשטאָרבן מיט פיר יאָר צוריק אין ניו־יאָרק) האָט שטאַרק געהאָלפן אויפבויען און האָט דערנאָך געקעמפט, אז די כעלעמער לאַנדסלייט אין אמעריקע זאָלן די שול שטיצן.

געווען אין כעלם יידישע קרייזלעך, פּאַרטייען, געהיימע און אָפענע, ווו אלע ציוניסטישע און סאָציאַליסטישע שאַטירונגען זיינען געווען אָנגעשלאָסן און פאַרטראָטן. כעלם האָט געהאַט אַן אָנגעזעענע יידישע אַרבעטערשאַפט, וועלכע האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דעם באַפרייאונג־קאַמף קעגן דעם רוסישן צאַר

און שפעטער קעגן די פאַשיסטישע כחות אין דער פוילישער רעגירונג. די כעלעמער יידישע אינטעלעקטואַלן און באַוווסטזיניקע ארבעטער האָבן זיך אַלעמאָל געפונען אין די ערשטע רייען פון קאַמף. א סך פון זיי פאַרנעמען היינט פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָזיציעס אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און אין ארץ־ישראל. א סך זיינען געפאַלן אויף די שלאַכט־פעלדער אין קאַמף פאר פרייהייט.

שלמה עלבוים, דער 23־יאָריקער זון פון א ברויט־בעקער אין כעלם, וועלכן די פוילישע אנטיסעמיטישע רעגירונג האָט געהאַלטן אין פייניקן, צוזאמען מיט די פיל־פיל טויזנטער אנדערע יידישע ארבעטער אין די פוילישע קאָנצענטראַציע־לאַגערס און טורמעס, איז אנטלאָפן קיין פאַריז, ווו ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער „באָטווין" בריגאַדע, און איז אוועק קיין שפּאַניע צו קעמפן קעגן היטלער־פראַנקאָ און מוסאָליני. ער האָט מיט זיין אומדערשראָקנקייט אָנגעוואָרפן א שרעק אויף די פאַשיסטישע באַנדעס אין שפּאַניע. ער האָט באַקומען דעם ראַנג פון אָפיציר פאר זיין העלדישקייט. אלס הויפט פון א קוילנוואַרפער אָפּטיילונג פלעגט ער מאַנעווּרירן צו האָבן אלעמאָל זיין פּאָזיציע הינטער דעם שונא׳ס ליניעס. ער איז געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד בלויז צוויי טעג פאר דעם, איידער די „באָטווין"־בריגאַדע איז צוריקגערופן געוואָרן פון פראָנט צום אויפלייזן זיך.

בערל זיידענבערג, א זייגער־מאַכער אין כעלם, האָט אין 1920, ווען די רויטע ארמיי איז אריין אין שטאָט, זיך אָנגעשלאָסן צו קעמפן אקעגן די פוילישע פּאַנעס, וועלכע האָבן די ערשטע דערקלערט קריג דער יונגער און שוואַכער באָלשעוויסטישער רוסלאַנד, מיט דעם ליגנערישן אויסרייד פון „ראַטעווען די מערב־ציוויליזאַציע".

בערל זיידענבערג איז געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד ביי קיעוו.

שמואל זיגלבוים (אַרטור), וועלכן דער „בונד" אין ניו־יאָרק האָט געשיקט אלס פאָרשטייער אין דער פוילישער גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן און וועלכער איז אזוי טראַגיש אומגעקומען, באַגייענדיק זעלבסטמאָרד, האָט געשטעלט זיינע ערשטע טריט ביים סאַמע אָנהייב פון זיין בונדישער פאַרטיי־ארבעט אין יאָר 1916 אין כעלם. ער איז געבאָרן און אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין א דאָרף ביי קראַסניסטאַוו, ניט ווייט פון כעלם. אַ דאַנק דעם, האָט ער געקאָנט גוט די פוילישע שפּראַך, וואָס ער האָט נאָך זי בעסער אויסגעשליפן אין וואַרשע, ווו ער האָט פאַרן ערשטן קריג געאַרבעט אַלס שטעקל־מאַכער.

אין יאָר 1916 האָט דער „בונד" געגרינדעט די „ארבעטער־היים" אין כעלם, און ש. זיגלבוים איז באַשטימט געוואָרן אלסווירטשאַפט־פאַרוואַלטער. יידישע ארבעטער פלעגן קומען אַהין אין די אָוונטן — לייענען א צייטונג, א בוך, הערן לעקציעס, באַזוכן קאָנצערטן, פאַרוויילונגען און ענלעכע אונטערנעמונגען.

אין זכרון איז מיר פאַרבליבן דער איינדרוק פון א בונדישן מאַסנמיטינג אין כעלם, וואָס איז פאָרגעקומען ביים סאַמע סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די עסטרייכישע מאָנאַרכיע איז זיך פונאנדערגעפאלן, און די עסטרייכישע אָקופּאַציע־מאַכט איז אנטלאָפן און איבערגעלאָזט כעלם אויף הפקר. די דייטשן האָבן זיך נאָך געהאַלטן אין וואַרשע און אין די ארומיקע שטעט און שטעטלעך ביז דעמבלין — די גרענעץ צווישן עסטרייכישן און דעם דייטשן אָקופּאַציע־געביט.

כעלם ווערט דאן א וועלט פאר זיך אליין: דער טעלעגראַף, דער טעלעפאָן, דער באַן־פאַרקער זיינען איבערגעריסן. קלאַנגען אומרואיקע האָבן זיך פארשפרייט: איינער האָט געהערט און א צווייטער האָט אליין געזען... יידן אין כעלם זיינען אין טויטשרעק... פלוצלינג באַווייזט זיך אויף די כעלעמער גאַסן אן אויפרוף: דער „בונד" רופט א ל ע יידן אין כעלם אויף אַ מאַסן־מיטינג אין דער גרויסער כעלעמער שוהל.

קאָפּ אויף קאָפּ זיינען די דערשראָקענע כעלעמער יידן געשטאַנען אין שוהל, איינגעפרעסט איינער אין צווייטן, ווי הערינג אין אַ פאַס. די שוהל האָט אַ סטעליע ארום 50 פוס הויך — דאָס האָט געהאָלפן א ביסל צום אָטעמען.

אָט הערט זיך א קנאַל פונעם ספּעציעלן „קלאַפּער", וואָס געפינט זיך אויפן באַלעמער. עס ווערט שטיל ווי אין אן אויער...

איינער נאָכן צווייטן האָבן גערעדט די בונדישע אָנפירער וועגן דעם קראַך פון דער עסטרייך־אונגאַרישער מאָנאַרכיע און וועגן די פרייהייט־ווינטן. דער לעצטער האָט גערעדט שמואל זיגלבוים. זיין שטימע איז דאן געווען פיל שענער, ריינער, ווי דאָס לעצטע מאָל, ווען איך האָב אים געהערט ריידן, מיט עטלעכע יאָר צוריק, אויפן פאָרום פון דער „אינטערנעשאָנאַל גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן", אין ניו־יאָרק. דאָ, אין דער כעלעמער גרויסער שוהל, האָט ער, אָנווייזנדיק מיט זיין לינקער האַנט אויף מערב־זייט פון דער שוהל, אויסגערופן: „דאָרט, דאָרט, דאָרטן גייט אויף די זון!"... יידן האָבן געקוקט איינער אויפן צווייטן און געפרעגט: „וואָס מיינט ער?"

צומאָרגנס, נאָכן מאַסנמיטינג, האָבן די כעלעמער יידן אויסגעפונען, וואָס זיגלבוים האָט געמיינט: די ערשטע פוילישע אומאָפּהענגיקע רעגירונג איז געגרינדעט געוואָרן אין לובלין, וואָס געפינט זיך אויף מערב־זייט פון כעלם. מאָראַטשעווסקי, דער פּעפּעסאָוועץ (פוילישער סאָציאַליסט), איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער רעגירונג.

שפּעטער זיינען געקומען אנדערע רעגירונגען: רעאַקציאָנערע, אנטיסעמיטישע. גראַבסקי איז געקומען און רואינירט א גרויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די יידן אין כעלם, ווי אין גאַנץ פוילן, האָבן געמוזט אָננעמען איין פוילישן קאַבינעט און סיים נאָכן צווייטן, און דער צווייטער איז געווען אלעמאָל ערגער פונעם ערשטן. דער באַרימטער יידישער היסטאָריקער ד"ר יצחקח שיפּער, ע"ה, וועלכער איז אומגעקומען על קידוש השם פון די היטלער־בעסטיעס, איז געווען אויסגעקליבן אלס דעפּוטאַט אין סיים פון כעלם.

דאָס יידישע כעלם האָט אין די יאָרן פון דער פויליש־פאַשיסטישער הערשאַפט געקעמפט מיט ציין און נעגל אָפּצושלאָגן די שווערע אַטאַקעס, די ביטערע גזירות און פאַראָרדענונגען פון דער רעגירונג, וואָס האָבן געצילט אָפּצושוואַכן און אויסמאַטערן די יידן אין כעלם מיט זייערע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען אויפגעבויט געוואָרן מיט אזויפיל מסירת נפש און איבערגעגעבנקייט.

די כעלעמער לאַנדסלייט אין אמעריקע און קאַנאַדע, די מערהייט פון וועלכע איז קאָנצענטרירט אין ניו־יאָרק, שיקאַגאָ, מאָנטרעאָל, האָבן געהאָלפן מיט סומעס געלט כדי צו לינדערן די נויט און אָרעמקייט, וואָס האָט זיך פארשטאַרקט באזונדער אין די יאָרן 1936—1939, צוליב דער פּאָליטיק פון דער אַנטיסעמיטישפאַשיסטישער פוילישער רעגירונג.

דאָס שווערע עקאָנאָמישע לעבן פון די יידן אין כעלם האָט זיך אזוי געצויגן ביזן יאָר 1939. דער קריג האָט אריינגעטראָגן נאָך מערער ליידן. היטלער איז באַפאַלן פוילן און די פוילישע רעגירונג מיט יוזעף בעק אין דער שפּיץ איז אַנטלאָפן קיין רומעניע. די רויטע ארמיי איז געקומען קיין כעלם, אָבער זי איז בלויז געווען 11 טעג. דער סאָוועטישער קאָמענדאַנט האָט געקראָגן אַ פאַראָרדענונג צוריקציען זיך ביז אויף מזרח־זייט פונעם טייך בוג, ארום 20 מינוט רייזע מיט דער באַן פון כעלם. איידער די רויטע ארמיי האָט פאַרלאָזן כעלם, האָט זי מיט 3 טעג פריער זיך

געווענדט ספּעציעל צו דער יידישער באַפעלקערונג מיטן רוף: „יידן, נעמט אייערע פרויען און קינדער, נעמט די זקנים, נעמט אייערע בעבעכעס, נעמט אַלץ וואָס איר פאַרמאָגט און קומט מיט אונדז. מיר וועלן אייך געבן באַנען, לאַסט־אויטאָמאָבילן, וועגענער און פערד, מיר וועלן אייך העלפן — קומט מיט אונדז, ווייל די נאַציס הרגענען אויס די יידן אומעטום ווו זיי קומען!"

די יידן אין שטאָט, מיטן ראש הקהל בידערמאַן בראש, האָבן געהאַלטן אַן אסיפה און באַשלאָסן, אַז: „מ'גייט נישט, מ'פאָרט נישט", ווייל „אונדזערע אבות אבותינו און מיר אַלע זיינען דאָ געבאָרן געוואָרן, האָבן דאָ געלעבט אונדזער לעבן — ווו וועלן מיר איצט גיין?"

עס זיינען געווען יידן, וואָס האָבן זיך נישט צוגעהערט צו דעם באַשלוס פון דער אסיפה און זיינען געגאַנגען קיין רוסלאַנד מיט דער רויטער אַרמיי. די גרויסע מערהייט אָבער איז געבליבן אין כעלם און איז דערנאָך אויסגעמאָרדעט געוואָרן פון היטלערס בעסטיעס. נאָר געציילטע זיינען על פּי נס ניצול געוואָרן.

חרוב ומוחרב איז געוואָרן כעלם, די אַלט־שיינע יידישע שטאָט.

נעבן כעלם האָט היטלער איינגעפירט דעם סאָביבאָר מאָרד־לאַגער, ווו די לעצטע געבליבענע יידן אין לאַגער האָבן אויפגעהייבן אַן אויפשטאַנד קעגן די הענקער. עטלעכע הונדערט יידן האָבן זיך געראַטעוועט. דער שטאָט כעלם איז צוגעטיילט געוואָרן דער כבוד, וואָס דעם זעלבן טאָג ווען די רויטע אַרמיי האָט ארויסגעיאָגט די פאַרשאָלטענע נאַציס פון כעלם, האָט דער „פּויליש קאָמיטעט פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג", פון איר, פון כעלם, פּראָקלאַמירט די „דעמאָקראַטישע פרייהייט און גלייכהייט פאַר אַלע בירגער, אָן אונטערשייד פון ראַסע, גלויבן אָדער נאַציאָנאַלן אָפּשטאַם", און אַז „יידן מוזן קריגן לעגאַלע און פאַקטישע גלייכהייט אין דם נייעם פּוילן.

---

**איטשע אַכטמאַן**, מאָנטרעאָל, קאַנאַדע

# ווי אַזוי עס איז געשאַפן געוואָרן די „פּרץ־ביבליאָטעק" אין כעלם



איטשע אַכטמאַן

ווען איך האָב דערזען דאָס בוך „טויזנט יאָר פּינסק" און אַנדערע יזכור־ביכער האָב איך געטראַכט, אויב עס וועט זיך געפינען ווער וואָס זאָל אַ יזכור־בוך אַרויסגעבן געווידמעט אונדזער שטאָט כעלם, צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די קרוב 20 טויזנט יידן וואָס האָבן דאָרטן געלעבט.

עס איז נישטאָ נאָך אַ שטאָט וואָס זאָל זיין אַזוי וועלט־באַרימט, ווי דאָס יידישע כעלם איז געווען. זאָל זיין דאָס לעגענדאַרישע, אָבער אַ וועלט מיט ליטעראַטור איז דאָך אָנגעשריבן געוואָרן וועגן איר, איז פאַרוואָס זאָל איצט יענע שטאָט, נאָך איר גרויסן חורבן, פאַרשוויגן ווערן?

ווען איך האָב אָבער באַמערקט אין דער יידישער פּרעסע דעם אויפרוף פון כעלמער הילפס־פאַראיין אין יאָהאַנעסבורג וועגן אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך געווידמעט כעלם, האָבן ביי מיר גענומען אויפשווימען פאַרשיידענע דעראינערונגען וועגן דער שטאָט. פון אַלע דעראינערונגען איז מיר אַמנאָענטסטן און אַמליבסטן געווען דאָס קולטורעלע לעבן אין כעלם פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, 1914. ווילט זיך דאָ פאַרצייכענען אייניקע פאַקטן און אינפאָרמאַציעס פון איין קולטור־קערפּערשאַפט פון אונדזער שטאָט, פון דער „פּרץ־ביבליאָטעק", מיט וועלכער איך בין געשטאַנען אין נאָענטן קאָנטאַקט.

עס איז געווען אין זומער, 1914, באַלד נאָכן אויסברוך פון קריג. די דייטשישע און עסטרייכישע חיילות האָבן דעמאָלט געיאָגט דעם צאַרס אַרמיי. די רוסן האָבן שוין געהאַט פאַרלאָזט זאַמאָשטש (פּרצעס געבורט־שטאָט), וואָס ליגט ניט ווייט פון כעלם. אַ קליינע גרופּע שטיבל־יינגלעך זיינען מיר געווען און געזעסן אין שטיבל און מיט אומגעדולד אויסגעקוקט אויף די דייטשן. נאַאיווע קליין־שטעטלדיקע פאַנטאַזיעס האָבן זיך ביי אונדז צעשפּילט, אַז יעדער דייטש איז אַ געטהע, נישטע אָדער אַ טאָמאַס מאַן...

אין יענער צייט בעת די האַרמאַטן־קוילן האָבן נאָך געשאַלט, האָט די גרופּע נאַאיווע שטיבל־יינגלעך גאָר געטראַכט פון גרינדן אַ יידישע ביבליאָטעק, פאַנטאַזיעס פון יידישע יונגעלייט אין פּוילישע שטעטלעך, וואָס זיינען געוואָרןווירקלעכקייט.

עס איז געווען זומער, 1915, די דייטשן האָבן געכאַפּט אויף די גאַסן און פון די הייזער ציווילע מענטשן אויף אַרבעט. מיר זיינען געווען אַ גרופּע יוגנטלעכע חברים וואָס מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ נישט פאַרענדיקטן בנין אויף דער שעדלעצקע גאַס. ליגנדיק אויף יענער באַהעלטעניש אין גרויס שרעק, איז ביי אונדז געבאָרן געוואָרן דער געדאַנק צו גרינדן די „פּרץ־ביבליאָטעק".



פּרץ־ביבליאָטעק
כעלם.
אַקציע No 2
פאר ה' ......
כעלם ...... 192 7
סעקר.

ספריה ע"ש י. ל. פּרץ
חלם.
מניה No 2
בעד מר ......
חלם ...... 192 7
מזכיר

קבלה פון אַן אַקציע, וואָס איז געפירט געוואָרן לטובת דער „פּרץ־ביבליאָטעק" אין כעלם, אין יאָר 1927.

עס איז באַשטימט געוואָרן, אז יעדער פון דער גרופּע זאָל געבן 10 רובל. מיר האָבן געשאַפן 250 רובל און זיך באלד פאַרשטענדיקט מיט צוויי פאַרלאַגן אין וואַרשע, וואָס האָבן צוגעשיקט קאַטאַלאָגן און צוגעזאָגט אלע גליקן.

וואַרשע איז דעמאָלט געווען אָפּגעטיילט פון כעלם מיט אַ גרענעץ. כעלם האָט באַלאַנגט צו עסטרייך און וואַרשע — צו די דייטשן, האָט מען געמוזט די ביכער פון וואַרשע שמוגלען קיין כעלם. קיין באַן־פאַרקער פאר ציווילע מענטשן איז דעמאָלט נישט געווען. שמוגלער זיינען געפאָרן מיט פורן און געפירט סחורה פון כעלם קיין וואַרשע און צוריק. האָבן מיר מיטגעגעבן אזא שמוגלער די געזאַמלטע 250 רובל מיט א ליסטע צו קויפן אַ צאָל יידישע ביכער. די „רייזע" קיין וואַרשע האָט דאן געדויערט אַ 10—12 טעג, און מיט גרויסע שוועריקייטן, און מאַטערנישן האָבן מיר באַקומען די ביכער. די פרייד איז געווען אין לשער.

מיר האָבן געדונגען א קליינעם צימער, און יעדער אַקציאָנער האָט געדאַרפט געבן איין אָוונט אַ וואָך צו שטיין אלס ביבליאָטעקאַר. די ביכער האָבן געמוזט זיין נאָר פון ליטעראַרישער ווערט. עס האָבן זיך אָנגעפאַנגען צו פאַרשפּרייטן אַבאָנאָמענטן, מיר האָבן באַקומען מער לייענער ווי ביכער. דאָס צימער האָט גענומען ווערן ענגער, פרישע לייענער זיינען יעדן טאָג צוגעקומען, און מען האָט פשוט באַדאַרפט פּראָטעקציע מיט שתדלנות צו קענען ווערן א לייענער.

צוליב דעם וואָס די צאָל לייענער איז געוואַקסן, האָבן מיר גענומען זוכן א גרעסערן לאָקאַל פאר דער ביבליאָטעק און געלט אויף צו קויפן נייע ביכער. אויף באַדאָווסקע גאַס איז דאַן געשטאַנען ליידיק אַן אַלטע הייזקע. דער בעל־הבית יאָסעלע איז דאַן געווען אוועק אין רוסלאַנד און בשעתו מיט זיין גאַנצער פאַמיליע אומגעקומען פון אוקראַינישע מערדער בעת די פּאָגראָמען. מיר האָבן איבערגעטראָגן די ביבליאָטעק אין יענעם הויז.

צוליב דעם וואָס די הוצאות זיינען געוואָרן גרעסער און געלט איז געווען נייטיק, איז באַשטימט געוואָרן ביי דער „פרץ־ביבליאָטעק" צו שאַפן א מוזיקאַליש־דראַמאַטישע סעקציע, וואָס האָט פון צייט צו צייט איינגעאָרדענט פאָרשטעלונגען, קאָנצערטן און אנדערע אימפּרעזעס, וואָס האָבן געהאָלפן דעם וווקס פון דער ביבליאָטעק.


№ 3

„פרץ ביבליאָטעק"

כעלם.

ה' ........

האט בעצאהלט זיין מיטגליעדס אבצאהל ........

כעלם, דעם ........ 191

פאָרזיצענדער

סעקרעטאָר

קבלה פון מיטגליד־אָפּצאָל פון „פרץ־ביבליאָטעק"

די „פרץ־ביבליאָטעק" האָט צו יענער צייט באַקומען גרויס אָנזען אין שטאָט. פיל פון דער כעלעמער יידישע יוגנט האָבן זיך אַ דאַנק איר קולטורעל דערצויגן.

דער גרויסער חורבן האָט אָבער אלץ צעשטערט און אויך די „פרץ־ביבליאָטעק", וואָס איז מיט פיל האָפענונגען און גלויבן געשאַפן געוואָרן פון יונגע כעלעמער יידישע יונגעלייט, אמביציעזע יונגע יידישע פאַנאַטיקער.

די גרינדער פון דער „פרץ־ביבליאָטעק" אין כעלם. (1915—1917).

איטשע זכטמאַן, קאַנאַדע

# יידיש-טעאַטער

בערך, אין די יאָרן 1910—1914, האָבן אַמאַטאָרן אָנגעהויבן שפּילן יידיש טעאַטער. צוערשט האָבן זיי אויפגעפירט י. גאָרדינס פּיעסעס. היות דער אַמאַטאָרן־אַנסאַמבל איז אין אָנהייב באַשטאַנען, הויפּטזאַכלעך, פון עלעמענטן, וואָס זיינען געווען פאַרכאַפּט מיט אסימילאַציע־טענדענצן און זיי האָבן גערעדט אין די היימען מער רוסיש ווי יידיש, זיינען די ערשטע אויפפירונגען געווען זייער שוואַכע. עס זיינען געווען אמאַטאָרן, וואָס האָבן אפילו ניט גוט פאַרשטאַנען דעם טעקסט פון די פּיעסעס. שפּעטער איז דער דאָזיקער אַמאַטאָרן־קרייז פאַרגרעסערט געוואָרן מיט פּאָלקמענטשן און ארבעטער.

מען דאַרף ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט אויך דערמאָנען, אז אין 1909—1910 האָט א כעלעמער יונגערמאַן מ.ג. אברהם דיקער (פּיטשקעס), וואָס האָט געהאַט מוזיקאַלישע און טעאַטראַלישע פעאיקייטן, האָט צוזאמענגענומען קינדער אין עלטער פון 10—15 יאָר, און מיט זיי אויפגעפירט גאָלדפאַדענס „עקדת יצחק“.

די אויפפירונגען מיט די קינדער און מיט אַמאַטאָרן, אונטער דער רעזשי פון אברהם דיקער, האָבן געהאַט א גרויסן דערפאָלג און זיינען געשפּילט געוואָרן אין כעלעמער גרעסטן טעאַטער „סירענא“ און אויך אין זאַמאָשטש, הרוביעשאָוו און אין אנדערע שטעט.

אין 1915, נאָך דער אקופּאַציע פון דער דייטש־עסטרייכישער מאַכט, האָט זיך געשאַפן א מוזיקאַליש־דראַמאַטישע סעקציע פון יונגע לייט און מיידלעך, וואָס האָבן געהאַט פאַרשטענדעניש און געשמאַק פאַר מוזיק און ליטעראַטור. מוזיק־פעאיק זיינען געווען די פאַמיליעס: לוקסענבורג, איליוויצקי, די פאַמיליע הערץ איז געווען ארטיסטיש־פעאיק.

די אויבן דערמאָנטע סעקציע האָט אויפגעפירט פּיעסעס פון שלום־עליכם, פּרץ הירשביין, דוד פּינסקי, פּישל בימקאָ, א. גאָרדאָן א.א.

אונטער דער דייטש־עסטרייכישער אקופּאַציע זיינען געווען שווערע באַדינגונגען צו שפּילן יידיש טעאַטער. מ'האָט געדאַרפט אָנווענדן א סך ענערגיע און שתדלנות אויף צו באַקומען א דערלויבעניש פון דער אָקופּאַציע־מאַכט צו שפּילן טעאַטער. חוצדעם האָט מען זיך בכלל געשראָקן צוזאמענצוקומען אויף איין אָרט אָדער גיין איבער די גאַסן, מורא האָבנדיק טאָמער וועט מען אָפּגעפירט ווערן אויף צוואַנג־אַרבעט.

דאָך האָט מען ריזיקירט און מ'האָט געשפּילט יידיש טעאַטער. אלע פּלעצער און די גרויסע גאַלעריי אין טעאַטער „סירענא“ זיינען געווען באַזעצט, ווען ס'איז פאָרגעקומען א יידישע טעאַטער־פאָרשטעלונג אָדער א מוזיקאַליש־ארטיסטישער אָוונט.

* * *

נאָכן קריג האָט זיך דאָס יידישע טעאַטער אין כעלם שטאַרק אַנטוויקלט. עס האָט זיך פאַרמערט די צאָל פון אַרטיסטישע כוחות אין כעלם גופא און זייער אָפט פלעגן גאַסטראָלירן אין כעלם באַרימטע יידישע אַרטיסטן פון אויסלאַנד און פון די גרעסערע שטעט אין פּוילן.



דראַמאַטישער קרייז אין כעלם.

פּראָגראַם:

דינסטאג דען 20 ד. מ. קומט פאר דורך היזיגע קונסט־ליעבהאבער איינע פארשטעלונג אונטער דעם נאמען

**שלום־עליכם אבענד**

לויט פאלגענדען פראגראם:

1) **א הזכרה** אויסגעפיהרט פון כאר

2) **צוזייעט און צושפרייט**

לעבענסבילד אין 3 אקטען פון שלום־עליכם.

פערזאנען:

| | |
|---|---|
| מאיר שאלאנט | ה' מ. בוים |
| מלכה זיין פרויא | פ' ר. הערץ |
| פלארא (זייערע קינדער) | פ' מ. פעדער |
| מאטועי (זייערע קינדער) | ה' ב. נאטורמאן |
| חיים (זייערע קינדער) | ה' ש. גרעבער |
| וואלאדיא (זייערע קינדער) | ה' ד. הערץ |
| חנה (זייערע קינדער) | פ' ש. אלערגאנד |
| סאשקא (זייערע קינדער) | ב. הערץ |
| משה זיידענשטאמער—שאלאנטס מחותן | ה' א. ציקעל |
| איטעלע זיין פרויא | פ' ט. הערץ |
| פעסעלע, ארימע קרובה | פ' ש. העלפער |
| דאווידקע, מאטועי'ס חבר | ה' ג. הערץ |
| בעני מיט'ן זאנטיק | ה' י. אכטמאן |
| מאשא, א שטוב מיידעל | פ' ט. הערץ |

3) **אגענטען**

א קאמעדיע אין 1 אקט פון שלום־עליכם.

פערזאנען:

| | |
|---|---|
| מנחם מענדיל יקנה"ז | ה' א. ציקעל |
| מארק לאמטערנשיסער | " ב. נאטורמאן |
| אקים באקפיש | " י. אכטמאן |
| לאזאר טערקעלטויב | " מ. בוים |

**און 4) איינינע ליעדער פון דיכטער.**

סופליאר ח. פעדער. ארדינאטאר י. אכטמאן.

דרוק, מ. וויינשטיין חעלם.

פאַקסימילע פון אַן אַפיש.

## פאַקסימילע פון פאַרשיידענע פראָגראַמען פון יידיש טעאַטער, געשפּילט געוואָרן דורך אַמאַטאָרישע כוחות אין כעלם.

אַ פאַרשטעלונג, געשפּילט דורך די אָרטיקע אַמאַטאָרן אין די יאָרן 1920—1921.



טעאַטער־זאַל „פּאָלאָניאַ", איינע פון די אָרטיקע טעאַטער־זאַלן װוּ יידיש טעאַטער און יידישע פאָרטראַגן זיינען אָפט פאָראַנשטאַלטעט געוואָרן. דער בנין איז דורך דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט אין די יאָרן 1916—1917 אויפגעבויט געוואָרן.

בערל נאַטורמאַן, קאַנאַדע

# וועגן אַפּישן אין יידיש צום ערשטן אזכרה-אָוונט פון שלום-עליכם

אין 1916 האָבן די פּועלי ציון אין כעלם שוין געהאַט אן אייגענעם כאָר, אָרקעסטער, א דראַמאַטישע סעקציע.

ווען ס'איז באַוואוסט געוואָרן, אַז דער גרויסער יידישער קלאַסיקער און געניאַלער הומאָריסט איז געשטאָרבן, האָבן מיר, די דראַמאַטישע סעקציע, באַשלאָסן צו די שלושים פון ש"ע פּטירה אויפצופירן זיין פּיעסע „צוזייט און צושפּרייט". מען האָט דעמאָלט אינטענסיוו זיך רעפּעטירט, אין הויז פון טויבעלע הערץ, פון 10 אזייגער אין דער פרי ביז תחילת אָוונט, ווייל שפּעט ביינאַכט האָט מען ניט געטאָרט גיין אין גאַס.

אייניקע טעג פאַר דעם 16־טן מאַי, ווען ס'האָט געדאַרפט פאָרגעקומען דער אזכרה־אָוונט נאָך ש"ע, האָבן מיר באַשטעלט אַפּישן אין וויינשטיינס דרוקעריי.

לויטן געזעץ פון דער אָקופּאַציע־מאַכט האָט מען געדאַרפט יעדע עפנטלעכע באַקאַנטמאַכונג אָדער מודעה צושטעלן אין דער קרייז־קאָמענדאַנטור כדי צו באַקומען א גוטהייסונג פון קאָמענדאַנט איידער עס ווערט אָפּגעדרוקט.

מיט אמאָל קומט צו אונדז צולויפן ה' וויינשטיין א פאַרסאַפּעטער פון דער קאָמענדאַנטור, אַז מען לאָזט ניט דרוקן דעם אַפיש, סיידן מען וועט אַרויסנעמען דעם יידישן טעקסט.

מיר האָבן אָבער ניט געקאָנט זיך דערלויבן צו פאַרשווייגן ש"ע נאָמען און ניט אָנגעבן קיין יידישן טעקסט. איך, דער שרייבער פון די שורות, איטשע אכטמאַן און אברהם האָניג זיינען אַרויפגעקומען צו אַנשל בידערמאַן, ער זאָל אונדז עפּעס דאָ אַרויסהעלפן. מיר האַלטן א גאַנצע לעקציע פאַר בידערמאַנען וועגן ש"ע, וועגן זיין שאַפן פאַר די מאַסן, כדי אים אָנמוטיקן צו גיין אין שתדלנות צו דער אָקופּאַציע־מאַכט. ער, אָבער, גיט זיך א שטעל אויף און טוט א זאָג: פּאַנאָוויע, רעדט ניט מיט מיר קיין „אינאָסטראַנע ווערטער", איך קאָן גאָר ניט פועלן, ווייל א געזעץ איז א געזעץ.

מיר זיינען געבליבן געפּלעפּטע אַזוי ווי אָפּגעגאָסן מיט א קאַלטן טוש. עס איז פאַר אונדז גאָר ניט געבליבן ווי צו זאָגן א גוטע נאַכט און אַוועקגיין.

געקומען אויף דער גאַס, האָבן מיר ווייטער אָנגעהויבן צו טראַכטן וואָס צו טאָן. איינער פון אונדז האָט געלאָזט פאַלן א וואָרט אפשר זאָלן מיר אליין אַרויפגיין צום קאָמענדאַנט און פּרובירן אים דערקלערן די באַדייטונג פון דעם אָוונט א.א.וו. מיר האָבן זיך אַלע דריי איבערגעקוקט און אויפן ווונק גלייך מסכים געווען, אַז אַזוי טוען מיר, און מיר זיינען טאַקע גלייך אַרויפגעגאַנגען צום קאָמענדאַנט.

די קאָמענדאַנטור האָט זיך געפונען נעבן סאַבאָר, וווּ מען האָט געדאַרפט דורכגיין די באַזונדערע וואַכן, און ביי יעדן סאָלדאַט זיך לעגיטימירן. אין פאָדער־צימער פון קאָמענדאַנטס קאַבינעט זיינען געזעסן 2 פּריוואַטע סעקרעטאַרן, וואָס האָבן ניט צוגעלאָזט, סיידן מיט ספּעציעל וויכטיקע שליחותן, אָדער מיט הויך־רעקאָמענדירטע בריוו וועגן פּאָליטישער כשרות. חוצדעם האָבן זיי געמוזט וויסן גענוי וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, כדי חלילה דעם אדון ניט צו באַלעסטיקן מיט איבעריקע ענינים.

דערהערנדיק צוליב וואָס מיר זיינען געקומען, זיינען יענע אריין אין א גוואַלדיקער רציחה, סטייטש, ווי וואַגן מיר, אַזעלכע שנעקעס, צו באַלעסטיקן דעם ה' קאָמענדאַנט מיט אַזא אומוויכטיקער קלייניקייט. דער ה' קאָמענדאַנט האָט אַזעלכע וויכטיקע ענינים צו דערלעדיקן, ווי אויפפּאַסן אויף קעניגלעכע און קייזערלעכע שטאַט־ענינים, און צי ווייסן מיר ניט, אַז זיין מאַיעסטעט שטייט אין בלוטיקן קריג מיט די רוסן א.א.וו. א.א.וו. צום גליק האָט איינער פון די סעקרעטאַרן אויך געווען אַן אַמאַטאָר־שוישפּילער, וואָס האָט עטלעכע מאָל געשפּילט מיט דער פּוילישער אַמאַטאָרן־געזעלשאַפט, און זיך זייער שטאַרק אויסגעצייכנט אין דער ראָל אָלס פאָטער אין פּזשיבישעווסקי'ס א פּיעסע, זיך איינגעשטעלט פאַר אונדז, און געזאָגט, אַז ער וועט אַריינגיין אליין צום קאָמענדאַנט אין קאַבינעט, און אויב ער וועט אים טרעפן אין א גוטער שטימונג, וועט ער אים בעטן אונדז אויפצונעמען.

מיר זיינען געבליבן וואַרטן, און די פאַר מינוט האָבן זיך אונדז אויסגעדאַכט ווי אַן אייביקייט. מיר האָבן זיך געשראָקן, טאָמער וועט מען אונדז אַוועקשיקן אויף צוואַנג־אַרבעט, אָדער נאָך ערגער, אַז מען וועט אונדז גאָר מכבד זיין מיט א פאַרציע שמיץ, פון וועלכע מיר האָבן שוין געפּילט, ניט נאָר דעם ווייטאָג, נאָר אויך די בושה. שטייענדיק אַזוי פאַרצווייפלט און שוין האַבנדיק חרטה אויף דעם גאַנצן ענין, גיט זיך פּלוצלינג אָן עפן די טיר פון דעם קאַבינעט, און עס באַווייזט זיך, ניט קיין אַנדערער, ווי דער קאָמענדאַנט אליין, א הויכער, א שלאַנקער, א גלאַטראַזירטער, דער גראַף פאָן זאַבאַ, און מיט כמעט אַן אומגלייבלעכער העפלעכקייט, לאַדט ער אונדז איין צו זיך אין קאַבינעט און זיך ווענדנדיק דאָ צו אונדז, און דאָ צום סעקרעטאַר, בעט ער, מען זאָל אים דערקלערן אין וואָס עס האַנדלט זיך.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר לאָזן זיך ניט לאַנג בעטן און מיר דערקלערן אין וואָס דאָס האַנדלט זיך, אַז מיר פירן אויף א פאַרשטעלונג נאָך דעם גרויסן שלום־עליכם, וואָס איז ערשט ניט לאַנג געשטאָרבן, און זייענדיק א גרויסער יידישער פאָלק־דיכטער, וואָס האָט שטענדיק געשריבן פאַר דעם יידישן פאָלק, וועט דאָס זיין א גרויסער אומכבוד פאַר אים, אויב עס וועט ניט געדרוקט ווערן דער אַפּיש אין דער שפּראַך, אין וועלכער ער האָט געשאַפן. און מיר ברענגען אים ראיות און ציטאַטן פון היינע און געטהע און בערנע און אַנדערע, און זיך איבערקוקנדיק מיט דעם סעקרעטאַר, וועלכער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ צו אַלץ, וואָס מיר האָבן געזאָגט, גיט ער פּלוצלינג זיך א דריי אויס צו אונדז און אין א גוטמוטיקן באַפעלערישן טאָן גיט ער א זאָג: „דאָ האָבן זי די ערלויבניש, איך וואָלטע די פאַרשטעלונג זעלבסט בייוואָהנען!"

מיר זיינען געבליבן שטיין געפּלעפּטע, ווי צוגעשמידט צום אָרט, ניט קאָנענדיק זיך אָפּגעבן קיין רעכענונג, וואָס דאָ איז פאַרגעקומען. אָבער דאָ איז אונדז ווייטער געקומען צוהילף דער סעקרעטאַר און אונדז ווי אויפגעוועקט פון שלאָף לאָזנדיק וויסן, אַז די אוידיענץ איז געענדיקט און מיר האָבן די דערלויבעניש צו דרוקן די אַפּישן אויף אויף יידיש. אַזוי האָבן מיר, יונגע בחורים, ניט באַוווסטזיניקערהייט און ניט וויסנדיק, אַז מיר זיינען יידישיסטן אין היינטיקן זין פון וואָרט, אָפּגעהאַלטן א גרויסן זיג פאַר יידיש.

יעקב בעקער, ישראל

# די פּועלי-ציון-פראַקציע אין כעלעמער שטאָט-ראַט

דער שטאָט־ראַט איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכע טריבונע אין אמתן זין פון וואָרט. אין שטאָט־ראַט זיינען געווען פאַרטראַטן פאַרשטייער פון אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען און ווירטשאַפטלעכע גרופּירונגען פון דער יידישער און פּוילישער געזעלשאַפט. אויף דער טריבונע פון שטאָט־ראַט האָט זיך במילא אָפּגעשפּיגלט דער קאַמף פון די קעגנזעצלעכע אינטערעסן פון די דאָזיקע גרופּירונגען.

די פּועלי־ציון זיינען געווען פאַרטראַטן מיט אַ גרעסערער פראַקציע פון יאָר 1927 ביז דעם חורבן כעלם 1939. במשך פון דער צייט זיינען פאָרגעקומען דריי מאָל וואַלן, און ביי יעדעס מאָל פלעגן זיי ארויסגיין פאַרשטאַרקט און פאַרגרעסערט. די ערשטע שטאָט־ראַט־וואַלן זיינען פאָרגעקומען אין יאָר 1919. היות כעלם האָט געהאַט אַ יידישע מערהייט, האָט עס אויך געדראָט אַ „געפאַר", אַז אויך דער שטאָט־ראַט זאָל באַשטיין פון אַ יידישער מערהייט. דאָס האָט פאַרשאַפט נישט ווייניק עגמת־נפש דער אַנטיסעמיטישער אויפזיכט־מאַכט. אין ערשטן שטאָט־ראַט איז מצד די פּועלי־ציון געווען פאַרטראַטן ד״ר משה קאַנפער. די געפאַר פון אַ יידישער מערהייט איז פאַרמידן געוואָרן אויף אַ זייער פּשוטן אופן: מען האָט באַשלאָסן אָנצושליסן צו דער שטאָט אַ ריי אַרומיקע דערפלעך, ווי: באַזילאַני, מיידאַן, וויגון און נאָווינע (אַ דערפל 5 ק״מ פון כעלם). אַזוי אַרום איז כעלם געוואָרן אַן „עכטע פּוילישע שטאָט".

די פּויערים פון די דערפלעך פלעגן זיך אפילו קלאָגן, אַז זיי קומט אויס צו צאָלן מער שטייערן. מען פלעגט זיי אָבער אויפקלערן, אַז זיי דערפילן „אַ וויכטיקע נאַציאָנאַלע מיסיע".

אַן אויסערסט אינטענסיווע וואַל־קאַמפּאַניע איז געפירט געוואָרן בעת די וואַלן צום שטאָט־ראַט, דעם 11־טן נאָוועמבער, 1927.

מצד די פּועלי־ציון פּאַרטיי זיינען גערופן געוואָרן צענדליגער פאַרזאַמלונגען, מאַסאָוויקעס און מיטינגען אין די גרעסטע זאַלן פון שטאָט. אויף די מיטינגען פלעגן ארויסטרעטן פאַרשטייער פון דער פּאַרטיי, פון די פאַראיינען, ווי אויך, פון די אַקטיווסטע טוער פון צ.ק. פון די לינקע פּועלי־ציון.



פּלאַקאַט פון „בונד" און „פּועלי־ציון", געמאָלן אויף אַ וואַנט בעת אַ וואַל־קאַמפּאַניע צום כעלעמער שטאָט־ראַט.

דער טאָג פון די וואַלן איז געווען אַן אמתע מאָביליזאַציע פון דער גאַנצער פּועלי־ציון מחנה, פון דער „יוגנט", „יונגבאָר", ווי אויך פּ.צ.־חברים פון די אַרומיקע שטעטלעך. די וואַלן האָבן געבראַכט אַ נצחון פאַר די פּועלי־ציון, האָבן באַקומען 1054 שטימען און ס'זיינען געוויילט געוואָרן דריי ראַטמענער: מרדכי עברי, משה בעקער און אהרון דוד היפשמאַן. נאָכדעם ווי עברי איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס לאַווניק, איז אויף זיין אָרט אריין שמואל שימעל און שפּעטער איז ער פאַרביטן געוואָרן דורך שמואל באַרג.

דער אַלגעמיינער רעזולטאַט פון די וואַלן איז געווען פאָלגענדער:

| | | | |
|---|---|---|---|
| פּועלי־ציון (לינקע) | 1054 שטימען | 3 מאַנדאַטן | (מ. עברי, א. ד. היפשמאַן און מ. בעקער) |
| צעירי־ציון | 319 " | 1 מאַנדאַט | (לאַזאַר לעדערמאַן) |
| „בונד" | 307 " | 1 " | (הערשל פּרוכטגאַרטן) |
| די יידישע „רויטע" | 287 " | | (די ליסטע איז געפּסלט געוואָרן) |
| האַנטווערקער | 585 " | 1 מאַנדאַט | (ישראל בורשטין) |
| יידישער נאַציאָנאַלער בלאָק | 1349 שטימען | 4 מאַנדאַטן | (יעקב שטול, י. מ. לעדערמאַן, יצחק בוכנע און פינקעלשטיין) |
| צוזאַמען יידישע שטימען: | 3901 | 10 מאַנדאַטן | |
| פּוילישער בירגערלעכער בלאָק | 1777 " | 6 " | |
| פּ.פּ.ס. | 2559 " | 8 " | |
| צוזאַמען | 8237 " | 24 " | |

פון דעם אויבן געבראַכטן רעזולטאַט איז צו זען, אַז אויך די פּוילישע אַרבעטער אין כעלם, די פּ.פּ.ס., האָבן אָפּגעהאַלטן אַ וואַל־נצחון, באַקומענדיק 8 ראַטמענער קעגן 6 בירגערלעכע. עס האָט זיך געשאַפן אַ מיגלעכקייט אויפצושטעלן אַ סאָציאַליסטישן מאַגיסטראַט און צו פירן די שטאָטישע ווירטשאַפט אין די אינטערעסן פון די אַרבעטנדיקע מאַסן פון ביידע פעלקער. אָבער קיין גרויסן נחת פון דעם סאָציאַליזם פון די פּ.פּ.ס. האָבן די יידישע און פּוילישע אַרבעטער נישט געהאַט. די פּ.פּ.ס.־שע פראַקציע פלעגט אָפט גיין צוזאַמען מיטן פּוילישן רעכטן רעאַקציאָנערן בלאָק.

אויף דער ערשטער זיצונג פון ניי־געוויילטן שטאָט־ראַט, איז אויסגעקליבן געוואָרן דער מאַגיסטראַט פון 5 פּערזאָן: פּרעזידענט — סט. גוט; וויצע־פּרעזידענט — טערפּיץ (ביידע פון פּ.פּ.ס.); לאַווניקעס: מרדכי עברי און פייוול ראָזנבלאַט (ביידע פאָרגעשלאָגן דורך די פּועלי־ציון) און איין לאַווניק פון פּויליש־בירגערלעכן קלוב. צוליבן פּראָטעסט פון רעכטן פּוילישן קלוב מיט דער אונטערשטיצונג פון יידישן נאַצ. קלוב, זיינען די וואַלן פון די לאַווניקעס געפּסלט געוואָרן. און אויף דער צווייטער זיצונג פון שטאָט־ראַט האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז במשך פון אַזאַ קורצער צייט האָבן די פּ.פּ.ס. שוין פולשטענדיק געביטן דעם פראַנט, און מיט זייערע שטימען האָבן די פּוילישע רעכטע באַקומען צוויי לאַוו־

ניקס און דאָס יידישע כעלם איז נאָר געבליבן ביי איין לאוניק — פועלי־ציון־פאָרשטייער, מ. עברי.

די פועלי־ציון־ראַטמענער זיינען געשטעלט געוואָרן פאר א זייער ערנסטן נסיון: כדי צו נעמען שטעלונג צו אלע ענינים פון שטאָט־ראט האָט מען דאָך געמוזט האָבן אַן אַנונג אין די פראַגן פון שטאָט־ווירטשאַפט, בודזשעט און אנדערע, גאַנץ קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען.

די דריי פּ.צ.־ראַטמענער זיינען אָבער געווען פשוטע ארבעטער, ניט באַזוכט אפילו קיין מיטל־שול און האָבן נישט באהערשט ווי געהעריק די פוילישע שפּראַך. די ערשטע צייט פלעגן פּראָפעסאָרן, לערער, הויכע באַאַמטע פון רעכטן פוילישן בלאָק קוקן מיט חוזק אויף די דריי מענטשן, וועלכע פאַסן זיך אינגאַנצן נישט אריין אין זייער רומל. די פוילישע אַנטיסעמיטישע אינטעליגענץ פלעגט שפּאַסן בעת אונדזערע ראטמענער האָבן גערעדט פויליש פארגרייזט. מיט דער צייט האָט זיך די באַציאונג געענדערט. זיי האָבן זיך שנעל איבערציי̇גט, אז זיי האָבן פאר זיך מענטשן ערנסטע און קאָמפּראָמיסלאָזע, קעגן זיי העלפט ניט קיין חוזק, קיין חניפה, זיי שרעקן זיך ניט פאר קיין דראָונגען.

מיט דער פולער אחריות קאָן מען פעסטשטעלן, אז עס איז נישט געווען קיין איין געביט וואָס ס׳איז נוגע דאָס לעבן פון יידישן ארבעט־מענטש, אלע אָנגעווייטאָגטע פּראָבלעמען פון יידישן נאַציאָנאלן און סאָציאלן לעבן פלעגן די פּ.צ.־ראַטמענער ארויסברענגען אויפן פארום פון שטאָטראַט. דאָס וואָס די פּ.צ. האָבן זיי געלערנט אין טאָג־טעגלעכן לעבן, ביי די נויטן פון יידישן פאָלק־מענטש, און די דאָזיקע נויט מיט דער גאַנצער קראַפט פלעגן זיי שילדערן פון דער טריבונע פון שטאָט־ראַט.

די נעכטיקע חוזקער האָבן מיט שטוינונג באמערקט ווי די פּ.צ.־ראטמענער הייבן אָן ארויסווייזן באהאוונטקייט און פארשטענדעניש אין די פארוויקלסטע פּראַגן פון דער שטאָט־ווירטשאַפט, פינאַנצן, שול און שפּיטאָל־וועזן א.א.וו.

שוין אויף דער ערשטער פייערלעכער זיצונג (נאָך די וואַלן פון מאגיסטראַט) איז געקומען צום ערשטן צוזאמענשטויס. אויף דער דאָזיקער זיצונג האָבן די פאָרשטייער פון די פארשיידענע פּראַקציעס געלייענט זייערע אידעאישע דעקלאראציעס, וועלכע זיינען אויסגעהערט געוואָרן פון אלע אָנוועזנדע. נאָר אָט הייבט אָן לייענען די דעקלאראַציע דער פאָרשטייער פון דער פּ.צ.־פּראַקציע. ער לייענט צוערשט אין דער פּוילישער שפּראַך און גייט גלייך איבער אויף יידיש. די פוילישע רעכטע ראַטמענער הייבן אויף א וויסטן טומל. זיי ווילן ניט דערלאָזן אזא „פארשוועכונג״. דער פאָרזיצער, דער פּ.פּ., סאוויעץ גוט, רייסט איבער דעם רעדנער און פאָדערט אים אויף צו פארלאָזן די טריבונע. דער לעצטער רירט זיך נישט פון אָרט און אונטער דעם אַקאָמפּאַנימענט פון געשרייען ענדיקט ער דאָס לייענען. אויף דעם אופן האָט ער דעמאָנסטרירט דעם קאַמף וועלכן די פּ.צ. הייבן אָן פירן פאר די רעכט פון די יידישע מאַסן; פאר די רעכט פון דער יידישער שפּראַך. דאָס איז געווען די ערשטע, אָבער נישט די לעצטע שטורמישע זיצונג פון כעלעמער שטאָט־ראַט.

די „הייסע״ זיצונגען פלעגן פאָרקומען, ווען עס פלעגן באַהאַנדלט ווערן די יערלעכע בודזשעטן פון שטאָט. ביי די פּראַגן פון פינאַנצן און שטייערן פלעגן די פּ.צ.־ראַטמענער פאָדערן באַפרייען פון וווינונג־שטייער די אלע וועלכע וווינען בלויז אין איין צימער מיט א קיך; באפרייען פון האנדל־שטייער די קרעמער און האנטווערקער, וועלכע באזיצן פּאַטענטן פון דער 4־טער און 8־טער קאטעגאָריע. זיי פלעגן ארויסטרעטן קעגן באַשטייערן קולטור־אונטערנעמונגען. דאקעגן פלעגן זיי פאָרשלאָגן צו פארגרעסערן די שטייערן פון די פאַרמעגלעכע, פון די באַזיצערס פון גרויסע אונטערנעמונגען און גרויסע הייזער און מערער באַשטייערן לוקסוס־זאַכן א.א.וו.

ביים באַהאַנדלען פּראַגן פון מעדיצין און שפּיטאָל־וועזן האָבן די פּ.צ.־ראַטמענער געפאָדערט פולע אומזיסטע היילונג פאר דער אָרעמער באַפעלקערונג. ביים באהאנדלען די פראגע וועגן דער אנטוויקלונג פון שטאָט פלעגן די פּ.צ.־ראַטמענער שארף פּראָטעסטירן קעגן דער באַזונדערס וואַרעמער באַציאונג צו די יחסנישע גאַסן, וועלכע זיינען באַוווינט פון די רייכע, און קעגן דער שטיפמוטערישער באַציאונג צו די אָרעמע קוואַרטאַלן. ריידנדיק וועגן די יידישע אינסטיטוציעס ווי יידישע פאָלקשול, ביבליאָטעקן, „טאָז״, „לינת הצדק״ א.א.וו., פלעגן די פּ.צ.־ראַטמענער אָנווייזן אז בלויז די עקסיסטענץ פון די אינסטיטוציעס זאָגט עדות פון דער יידישער רעכטלאָזיקייט, ווייל ווי בירגער פון לאנד טראָגן זיי במילא דעם עול פון אלע אויסגאַבן אין לאַנד, און ס׳איז דעריבער דער חוב פון דער מלוכה צו נעמען אויף זיך די פולע אויסהאלטונג פון די אלע אינסטיטוציעס. זיי פלעגן, דעריבער, פאָרשלאָגן, אז דער שטאָט־ראט זאָל זיך ווענדן צו דער רעגירונג וועגן איבערנעמען אויף אירע אויסגאַבן די אַלע אינסטיטוציעס, און ביז דאָס וועט געשען דארף דער שטאָט־ראט ווי געהעריק סובסידירן די אלע אינסטיטוציעס.

די פאָרשלאגן האָבן ניט שטענדיק געהאַט דעם זעלבן גורל. דער גרעסטער טייל פלעגט דורך דער מערהייט אָפּגעוואָרפן ווערן. געוויסע פאָרשלאַגן פלעגן אָנגענומען ווערן. במשך פון דער ערשטער קאדענץ פון שטאָט־ראַט איז דורך דעם מאַגיסטראַט דורכגעפירט געוואָרן א ריי זאכן וועלכע זיינען פּאָזיטיוו אויפגענומען געוואָרן פון דער ארומיקער באַפעלקערונג. די פּ.פּ.ס. האָבן זיך געפונען אונטערן שטענדיקן דרוק פון די פּ.צ.־ראַטמענער און דעם פועלי־ציון לאוניק. פוילישע ארבעטער פלעגן זיין אָפטע באַזוכער אויף דער גאלעריי פון שטאָט־ראַט און זיך אויפמערקזאם צוהערן צו די ארויסטרעטונגען פון די פּ.צ., און נישט איינמאָל האָבן זיך די פּ.פּ.ס. געפונען אין אַ נישט באקוועמער לאגע. במשך פון דער ערשטער קאדענץ איז געלונגען אויסצוקעמפן א ריי סובווענצן פאר די יידישע אינסטיטוציעס.

די פּ.צ.־פּראַקציע האָט זיך געפונען אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט אירע וויילער. ביי דער פּראַקציע איז געווען טעטיק א ביוראָ. 3 מאָל אין דער וואָך פלעגן די ראטמענער און דער לאוניק, עברי, אויפנעמען אינטערעסאנטן. די ביורא פלעגט אין די אויפנאם־שעהן זיין איבערפולט מיט יידישע בעלי־מלאכות, אָרעמע קרעמער, ארבעטער און פרויען. זיי פלעגן אָנגעבן בקשות וועגן שטייערן, וועגן שטיצע; באקלאָגן זיך אויף עוולות קעגן זיי מצד געוויסע באאמטע. אין גרעסטן טייל פלעגן די אלע ארבעטמענטשן, וועלכע האָבן געהאַט געוויסע ענינים צו דערליידיקן און ניט האָבנדיק קיין געדולד צו ווארטן ביז מ׳וועט זיי אָננעמען אין ביוראָ, האָבן זיי אויפגעזוכט די ראַטמענער אויף זייערע ארבעטערטער אָדער פשוט אין מיטן גאס און איבערגעבן זייערע בקשות אָדער אָנקלאגעס...

די פועלי־ציון־פראקציע פלעגט פון דער טריבונע פון שטאָטראַט נעמען שטעלונג נישט בלויז צו די אָרטיקע ענינים, נאָר אויך צו אלע געשעענישן פון אלגעמיינעם פּאָליטישן לעבן אין דער וועלט און אין לאנד.

ווען אין יאָר 1929 זיינען אויסגעבראָכן בלוטיקע אומרועו אין ארץ־ישראל — פּראָוואָצירט דורך די ענגלענדער, — האָבן די פועלי־ציון געפאָדערט, אז דער שטאָט־ראט זאָל פּראָטעסטירן

קעגן ענגלישן אימפעריאליזם און זאָל סובסידירן 500 גילדן פאַר די געליטענע יידן. דעם 10/11/29 איז פאָרגעקומען א פייערלעכע זיצונג פון שטאָט־ראַט געווידמעט דעם 10 יאָריקן יובל פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט. דער פּרעזידיום פון שטאָט־ראַט האָט געוואָלט פאַרוואַנדלען די פייערונג אין א בלויזער צערעמאָניע און זיך באַמיט אז קיין שום באַזונדערע פראַקציע זאָל ניט קומען צום אויסדרוק, אָבער די פּועלי־ציון זיינען ניט אָפּגעטראָטן פון זייערע רעכט. זיי האָבן געלייענט א דעקלאַראַציע אין וועלכער זיי האָבן צווישן אַנדערע דערקלערט: די יידן אין פוילן האָבן ביי אלע געלעגנהייטן געגעבן זייער צושטייער צום קאַמף, וועלכן עס האָט געפירט דאָס פוילישע פאָלק פאַר זיין באַפרייונג.

היינט צו טאָג געפינען זיך ביי דער מאַכט די פוילישע פּריצים און קאַפּיטאַליסטן און נישט די פוילישע אַרבעטער און פּויערים, די יידישע מאַסן זיינען רעכטלאָז. מיר וועלן דעריבער ווייטער פירן דעם קאַמף ביזן ענדגילטיקן זיג פון סאָציאַליזם. ענלעכע דעקלאַראַציעס פלעגן די פּ.צ. לייענען ביי יעדער פּאַסיקער געלעגנהייט. די דאָזיקע „דעמאָנסטראַציעס" פלעגן פאַרשאַפן א סך בייז בלוט ביי די רעאַקציאָנערע ראַטמענער.

די פּ.צ. פלעגן רופן אָפטע מיטינגען, אויף וועלכע עס פלעגן אָפּגעגעבן ווערן באַריכטן פון דער טעטיקייט און אַרומגערעדט ווערן אלע ענינים פון דער שטאָטישער ווירטשאַפט. ס'זיינען געווען גענוג שטורמישע זיצונגען הן פון שטאָט־ראַט און פון מאַגיסטראַט און ס'איז געפירט געוואָרן אַן אָנגעשטרענגטע אַרבעט. צענדלינגער, צענדלינגער פאָרשלאָגן האָבן די פּועלי־ציון ראַטמענער און דער פּועלי־ציון־לאַווניק אריינגעטראָגן און מוטיק געקעמפט פאַר זיי.

## די אַרבעט פון פּוע"צ לאַווניק עברי אין כעלעמער מאַגיסטראַט

מרדכי עברי איז אריינגעטראָטן אין דער פּ.צ.־פּאַרטיי אין יאָר 1927, זייענדיק אין די בליענדיקע יאָרן און פול מיט ענערגיע און איניציאַטיוו. דערצו אינטעליגענט און געבילדעט, איז ער דורך די פּ.צ. געוואָרן אויפגענומען מיט גרויסער צופרידנקייט, ווייל גראָד אין אַזעלכע מענטשן האָבן זיי זיך שטאַרק געניטיקט. ס'איז דעריבער פאַרשטענדלעך אז ווען די פּ.צ. האָבן באַקומען די מיגלעכקייט צו האָבן א פאַרשטייער אין כעלעמער מאַגיסטראַט, האָבן זיי געהאַלטן, אז עברי איז דער פּאַסיקסטער קאַנדידאַט פאַר דעם אַמט. אויף דער ערשטער זיצונג פון ניי־געוויילטן מאַגיסטראַט האָט מען עברין איבערגעגעבן די פינאַנץ אָפּטיילונג. שווער צו וויסן צי דאָס איז געווען צופעליק אָדער מיט א כוונה, א פאַקט איז, אז מען האָט אים איבערגעגעבן די סאַמע שווערסטע און פאַראַנטוואָרטלעכסטע אָפּטיילונג. רעפּרעזענטירנדיק דעם אָרעמסטן טייל פון דער באַפעלקערונג, וועט ער גלייכצייטיק דאַרפן זאָרגן פאַר די פינאַנצן פון שטאָט.

מ. עברי האָט זיך גענומען ענערגיש שטודירן די נייע אויפגאַבן, כדי צו קאָנען אויסנוצן יעדן פּאַראַגראַף לטובת דער אָרעמער באַפעלקערונג. באַזיצנדיק אַן אויסערגעוויינטלעכע האַרציקע באַציאונג צו מענטשן, איז מאַטעק עברי זייער שנעל געוואָרן באַליבט ביי די ברייטסטע שיכטן פון שטאָט. אין דער אָפּטיילונג פון לאַווניק עברי זיינען געווען באַשעפטיקט ביז צען יידישע באַאַמטע און אָנגעשטעלטע. דער דאָזיקער פאַקט האָט שטאַרק אויסגענומען ביי דער יידישער באַפעלקערונג. אויך די באַנעמונג צו די אינטערעסאַנטן איז געווען א גאַנץ אַנדערע ווי אין די רעשט אָפּטיילונגען: א פּשוטע, א ניט־ביוראָקראַטישע. מיט די יידישע אינטערעסאַנטן פלעגט ער ריידן אין דער יידישער שפּראַך.

דער קאַמף, וועלכן עס האָט געפירט די פּ.צ.־פראַקציע אין שטאָט־ראַט פאַר באַפרייען די אָרעמע באַפעלקערונג פון שטייערן, ווערט דורכן לאַווניק עברי געשטיצט אויף א קאָנקרעטן אופן. א דאַנק דער אונטערשטיצונג פון לאַווניק עברי אלס פינאַנץ־לייטער פלעגן איבערגעשיקט ווערן אין די וואָיעוואָדסטווע הונדערטער און הונדערטער בקשות וועגן באַפרייען פון שטייערן. א סך פון זיי פלעגן פּאָזיטיוו דערלידיקט ווערן און די וועלכע פלעגן אומגעקערט ווערן מיט אַן אָפּזאָג, פלעגן ווידער אָפּגעשיקט ווערן מיט נייע מאָטיווירונגען. לאַווניק עברי באַטייליקט זיך אַקטיוו אין די זיצונגען פון מאַגיסטראַט און נעמט א שטעלונג אויך צו דער פירונג פון אַנדערע אָפּטיילונגען, מיט וועלכער ער איז ניט מסכים, אַרויסטראָגנדיק אויף דעם פאָרום פון שטאָט־ראַט. דאָס רופט אַרויס קעגן אים די רעשט מיטגלידער פון מאַגיסטראַט. זיי הייבן אָן צו פירן קעגן אים א שטילן, אָבער פאַרביסענעם קאַמף. דאָס מאַכט אים נאָך מער פּאָפּולער און באַליבט ביי דער יידישער באַפעלקערונג.

אויף איינער פון די ערשטע זיצונגען פון מאַגיסטראַט, ווען דער לאַווניק עברי האָט ביים באַהאַנדלען די בודזשעט־פראַגן פאָרגעשלאָגן, אז דער מאַגיסטראַט זאָל באַשטימען 15,000 זלאָטעס פאַר אַרבעטלאָזע, 15,000 זל. פאַר אָרעמע אויף באַהייצונג, 5000 זלאָטעס פאַר יידישע קינדער אויף באַקליידונג, 1500 זלאָטעס פאַר עפענען א האַנדל־קורס פאַר יידישע יוגנטלעכע האַנדלס־אָנגעשטעלטע, פאַר דער יידישער פאָלקשול און קינדער־היים — 3000 זל., אָוונט־שול — 2000 זל., פאַר די צוויי יידישע ביבליאָטעקן, פאַר „טאַז", „לינת־הצדק" און „מושב־זקנים" — געהעריקע סובווענצן, איז אויסגעבראָכן א שאַרפער קאָנפליקט צווישן אים און די איבעריקע מאַגיסטראַט־מיטגלידער. לאַווניק עברי האָט אין א שאַרפער פאָרעם דערקלערט, אז ער איז געקומען אין מאַגיסטראַט צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די אָרעמע יידישע מאַסן, און דערפאַר וועט ער פאָדערן פון מאַגיסטראַט אויסצוהאַלטן די יידישע אינסטיטוציעס, פונקט ווי ער האַלט אויס די פוילישע.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאָלק־ציילונג, וואָס האָט געדאַרפט פאָרקומען דעם 26־טן פעברואַר, 1928, בכדי אויסצוטיילן די שטאָט כעלם פון פּאָוויאַטאָוון סיימיק, האָט דער מאַגיסטראַט, לויט דער איניציאַטיוו פון לאַווניק עברי, באַשלאָסן אַרויסצושיקן צו דער יידישער באַפעלקערונג אַ ווענדונג אין דער יידישער שפּראַך און האָט באַשעפטיקט דערביי יידישע רעגיסטראַציע־קאָמיסאַרן.

די יידישע באַפעלקערונג האָט זייער וואַרעם אויפגענומען די דאָזיקע ווענדונג אין דער יידישער שפּראַך. דערפאַר האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסן אלע יידישע שונאים. די ענדעקישע און כאָדעקישע צייטונגען האָבן אָפּגעדרוקט די גאַנצע יידישע ווענדונג אויף די ערשטע זייטן פון זייערע צייטונגען, מיט געהעריקע אָנפאַלערישע און חוזקדיקע זידלערייען אויפן אַדרעס פון די פוילישע שטאָט בעלי־בתים, וואָס זיי האָבן צו אַזוינס דערלאָזט.

* * *

אויף דער שטאָט־ראַט־זיצונג, אין אָקטאָבער, 1928, נאָכדעם ווי ס'איז אין רעזולטאַט פון דער פאָלק־ציילונג באַשטעטיקט געוואָרן, אז כעלם ווערט אויסגעטיילט פון סיימיק, איז אויסגעוויילט געוואָרן א פּרעזידיום פון שטאָט־ראַט. די פּ.פּ.ס. האָט, געטריי איר אָנגעצייכנטער ליניע, אויך דעמאָלט זיך פאַראייניקט מיט דעם ענדעקיש־סאַנאַטאָרישן קלוב, — שאַפנדיק א פוילישע מערהייט, און האָט דערמיגלעכט אויסצוווילן אַן ענדעקישן פּאַרזיצער און

א פ.פ.ס־שן וויצע־פּאַרזיצער. די פועלי־ציון־פראַקציע האָט אָפּ־געגעבן א שאַרפע דערקלערונג און פאַרלאָזט די זיצונג, דאָס זעלבע האָבן דערנאָך אויך געטאָן די איבעריקע יידישע ראַט־מענער.

אינעם אָרגאַן פון די לינקע פועלי־ציון אין פוילן, „אַרבעטער צייטונג", נר. 3, פון 1/1929/1 איז געווען אָפּגעדרוקט דער פאַל־גענדער באַריכט, אונטערן טיטל: „איין יאָר פועלי־ציון קאַמף אין כעלעמער שטאָט־ראַט". צוליב דער כאַראַקטעריסטישקייט פון דעם באַריכט ברענגען מיר אים דאָ אָן שום ענדערונגען: —

„פאַרשלאַגן וואָס האָבן באַצוועקט צו באַפרידיקן די נויטן פון די היגע אָרעמע און ניט־פאַרמעגלעכע יידישע מאַסן — זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן דורך דער פועלי־ציון פראַקציע:

1) צו באַפרייען אינגאַנצן פון צאָלן די אַלטע און פאַר־לעגענע שטייערן, די אַלע וואָס וווינען אין איין צימער מיט א קיך. אָנגענומען און איבערגעשיקט געוואָרן צו דער בודזשעט־קאָמי־סיע.

2) א דרינגענדער פאָרשלאַג, אז דער שטאָט־ראַט זאָל זיך ווענדן צו דער רעגירונג צו באַפרייען פון שטייערן די אַלע, וועל־כע וווינען אין איין־צימערדיקע וווינונגען.

3) באַפרייען פון צאָלן די נייע שטאַטישע שטייערן — אויף צו בויען וועגן און פאַר הייל־צוועקן — די אַלע וועלכע וווינען אין איין־צימערדיקע וווינונגען, די באַזיצער פון 4־טע קאַטעגאָריע האַנדל־פּאַטענטן און 8־טע קאַטעגאָריע אַרבעט־פּאַטענטן. (אָנגע־נומען געוואָרן).

4) א דרינגענדער פאָרשלאַג צו פאַרריכטן די טרעפּ אויף דער פּאָסט־גאַס. (אָנגענומען געוואָרן).

5) א דרינגענדער פאָרשלאַג צו באַשטימען 15 טויזנט זל. אויף קוילן פאַר אָרעמע. (איבערגעשיקט אין דער בודזשעט־קאָ־מיסיע און דאָרט אָנגענומען).

6) א דרינגענדער פאָרשלאַג דער שטאָט־ראַט זאָל זיך ווענדן צו דער רעגירונג אָנצונעמען שריט נישט צו לאָזן העכערן דאָס דירה־געלט פון איין־צימערדיקע וווינונגען. (אָנגענומען).

7) א דרינגענדער פאָרשלאַג אָנצונעמען שריט, אז במשך פון ווינטער זאָלן אָפּגעשטעלט ווערן דאָס אויספירן עקסמיסיעס. (אָנגענומען).

8) פאָרשלאַגן צו סובסידירן די יידישע אינסטיטוציעס.

## די טעטיקייט פון דער פראַקציע אין ליכט פון ציפערן:

| | |
|---|---|
| אדורכגעפירטע אינטערווענצן אין דער שטייערן־אָפּטיילונג — — — — — | 902 |
| פון זיי זיינען באַפרייט געוואָרן פון צאָלן דעם מלוכהשן־לאָקאַל־שטייער — — — — — — | 702 |
| פון זיי זיינען באַפרייט געוואָרן פון צאָלן די שטאַטישע שטייערן — — — — — — — | 200 |
| אין דער אָפּטיילונג פאַר געזעלשאַפטלעכער שוץ און הילף — — — — — | 127 |
| ס'האָבן באַקומען א מיגלעכקייט צו פאָרן אין די װאַרשעװער און לובלינער שפּיטאָלן — — | 63 |
| אַרבעטלאָזע־אונטערשטיצונג האָבן באַקומען — — — — — — — — — — — — — | 53 |
| באַפרייטע פון צאָלן ערעסט־שטראָפן — — — — — — — — — — — — — — | 11 |
| אינטערווענצן ביים מאַגיסטראַט־סעקרעטאַריאַט — — — — — — — — — — | 87 |
| אינטערווענצן ביים מאַגיסטראַט־פּרעזידיום — — — — — — — — — — | 37 |
| צוזאַמען | 1153 |



די לויה פון מ. עברי.

אויף איינער פון די זיצונגען פון דער בודזשעט־קאָמיסיע האָט דער לאַווניק עברי אין זיין אַרויסטריט קעגן בודזשעט אויפ־געוויזן, אז כעלם איז א שטאָט מיט א זעכציק פּראָצענטיקער יידי־שער באַפעלקערונג און פון די אונטערשטיצונגען און סובסידיעס געניסט זי אַמווינציקסטן. לויט דער סטאַטיסטיק פון אַרויסגעגע־בענע אונטערשטיצונגען במשך פון פאַרגאַנגענעם יאָר פון 1/4/28 ביז 31/3/29 האָבן געניצט 391 פּערזאָן; פון דעם בלויז 28 יידן. א קינד אין דער פּאָוושעכנע שול האָט געקאָסט דעם מאַגיסטראַט אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָר 26.42 זל.. אין דער זעלבער צייט האָט א קינד אין דער יידישער שול געקאָסט בלויז 7.50 זל. זיין מוטיקער אַרויסטריט, מיט די זאַכלעכע באַווייזן, האָבן נאָך מער פאַרשאַרפט די שנאה צו אים מצד זיינע פּאָליטישע קעגנער פון שטאָט־ראַט און מאַגיסטראַט. דערפאַר אָבער האָט דאָס אים פּאָ־פּולערער און באַליבטער געמאַכט ביי דער יידישער באַפעלקע־רונג. זיין יונג און ברויזנד לעבן ווערט אָבער אין מיטן איבער־געריסן...

אין דער נאַכט פון 28־טן אויפן 29־טן יולי, 1930, איז ער אין זיין אייגענער וווינונג דערמאָרדעט געוואָרן אין עלטער פון 31 יאָר. די ידיעה וועגן מאָרד האָט זיך אין דער שאַרער טונקל־קייט פון פאַרטאָג בליץ שנעל פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער שטאָט. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון שטאָט און אויך א טייל פון דער פּוילישער אַרבעטערשאַפט זיינען כמעט ווי גע־ווען זיכער, אז דאָס איז געווען א פּאָליטישער מאָרד, און אז מען האָט אָפּגעראַמט פון וועג א פּאָ־ליטישן קעגנער, אַ מוטיקן קעמ־פער פאַר די אינטערעסן פון דער אַרבעטערשאַפט און יידישער אָרעמקייט. ווי עס האָט זיך שפּע־טער אַרויסגעוויזן איז עס בלויז געווען א השערה.

אין דער לוויה וואָס ס'האָט איינגעאָרדנט דער פּאַרטיי־קאָ־מיטעט פון פועלי־ציון, האָבן זיך באַטייליקט אַריבער 10 טויזנט מענטשן. כמעט אַלע געשעפטן און וואַרשטאַטן זיינען געווען גע־שלאָסן ביז איבער דער לוויה. די שטאָט איז געווען איינגעהילט אין טרויער. ביים מאַגיסטראַט־



די מצבה פון מרדכי עברי, וואָס איז טראַגיש אומגעקומען. זיין קבר און מצבה האָבן די היטלער־מערדער צעשטערט צוגלייך מיט די הונדערטער טויזנטער קברים און מצבות אויפן יידישן בית עולם אין כעלם.

בנין האָט זיך פארהאלטן דער לוויה־צוג. פון באַלקאָן אראָפּ האָבן געהאלטן טרויער־רעדעס: דער שטאָט פּרעזידענט — גוט, און אין נאָמען פון פּועלי־ציון — יאַנקל בעקער.

אויפן בית־עולם האָבן גערעדט פאָרשטייער פון די פּראָפ. ־ פאראיינען, קהילה און אנדערע יידישע אינסטיטוציעס, און פון דער אוקראַינישער פויערים־פּאַרטיי — „סעלראָב" — דער סענאַטאָר וואסינטשוק.

צו די שלושים איז פאָרגעקומען אַ טרויער־אַקאַדעמיע אין שטאָטישן קינאָ־זאל מיטן אַנטייל פון: פּרעזידענט גוט; זרובבל, יעקב פּעטערזייל — פון צ.ק. פּועלי־ציון אין פּוילן; הערשל פּרוכטגאַרטן — פּאַרטיי־קאָמיטעט פון „בונד" אין כעלם; איזביצער — פון פּועלי־ציון אין בריסק; משה יערמוס — פון די האַנטווערקער און יאנקל בעקער — אין נאָמען פון די כעלעמער פּועלי־ציון.

מיטן טויט פון מ. עברי האָט די פּועלי־ציון פּארטיי פארלאָרן איינעם פון אירע טיכטיקסטע מענטשן.

דער שטאָט־ראַט, דער ערשטער אין וועלכן די פּועלי־ציון האָבן געשפּילט אזא ראָל, איז אויפגעלייזט געוואָרן אין יאָר 1933, נאָך דעם ווי עס זיינען דורכגעפירט געוואָרן רעוויזיעס אין מאגיסטראַט און אין פארשיידענע אָפּטיילונגען פון דער שטאָטישער ווירטשאפט. עס זיינען אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זייערע אַמטן דער פּרעזידענט, וויצע־פּרעזידענט און 2 לאווניקעס. געבליבן איז בלויז אויף א שטיקל צייט אָנצופירן מיט דעם מאגיסטראט, דער לאווניק פּראָקאָפּיאק און שפּעטער איז ער פארביטן געוואָרן דורכן מלוכה־קאָמיסאר, גאָרזשאלקאָווסקי.

די נייע שטאָט־ראַט־וואלן זיינען פאָרגעקומען דעם 20־טן מאי, 1934. ס'איז געווען די צייט, ווען די היטלעריסטישע השפּעות האָבן אָנגעהייבן אריינדרינגען אין די לענדער פון אייראָפּע. די פּוילישע רעאַקציע און פאשיזם האָבן אויפגעהייבן דעם קאָפּ. די רדיפות אויף דער ארבעטערשאַפט זיינען נאָך מער פארשטאַרקט געוואָרן.

די פּועלי־ציון־פּארטיי האָט, ניט געקוקט אויף די ארעסטן און שיקאַנעס, געפירט א ברייטע וואל־קאמפּאניע, מיט מיטינגען, פארזאמלונגען און הויז־אגיטאַציע.

אין טאָג פון די וואַלן זיינען אין די וואַל־ביוראָען פון די אָרעמע יידישע קווארטאלן געמאכט געוואָרן ספּעציעלע שיקאנעס די יידישע וויילער. מען האָט פון יעדן איינעם, וואָס איז געקומען אָפּגעבן זיין שטימע, פאַרלאַנגט אַ דאָקומענט מיט א פאָטאָגראפיע, וואָס איז דעמאָלט צווישן גרויסע טיילן פון דער יידישער באפעלקערונג און ארבעטנדיקע ניט געווען. מען האָט מיט א ספּעציעלער כוונה פארלאנגזאמט די ארבעט אין די וואַל־ביוראָען, און געמוזט אָפּשטיין שעה'נלאנג ביז זיי האָבן זיך געקאָנט דערווארטן אויף דער מיגלעכקייט אריינצוגיין אין וואל־ביוראָ. ווי באָר די נאַכט איז צוגעפאַלן, זיינען אָנגעקומען גרעסערע גרופּעס כוליגאנעס און צעטריבן די ווארטנדיקע אין די רייען און געצוואונגען צו שליסן די וואַל־ביוראָען. אויף אזא אופן האָט מען נישט דערלאָזט א סך הונדערטער יידישע ארבעטער־וויילער אָפּצוגעבן זייערע שטימען. פון דעסטוועגן האָבן די פּועלי־ציון באַקומען 1140 שטימען, מיט 100 שטימען מערער ווי ביי די פריערדיקע וואלן און אריינגעפירט 3 ראטמענער. מען האָט געשמועסט, אז ווען ניט די ספּעציעלע שיקאַנעס וואָלטן די פּועלי־ציון געווען געהאַט 5 ראטמענער. דער אלגעמיינער וואל־רעזולטאט:

| | | |
|---|---|---|
| פּועלי־ציון — — — — — — — — — | 3 | ראטמענער |
| יידישער נאציאָנאלער בלאָק — — — | 9 | " |
| פּ.פּ.ס. — — — — — — — — — — | 2 | " |
| פּויליש בירגערלעכער בלאָק ב.ב.וו.ר. — | 18 | " |
| צוזאמען | 32 | " |

פונקט ווי ביי די פריערדיקע וואַלן האָט זיך אויפן רוף פון די פּועלי־ציון אויך דאָס מאָל געשטעלט די גאנצע מחנה. צענדלינגער מיטינגען, פאַרזאַמלונגען, הויז אַגיטאַציעס זיינען דורכגעפירט געוואָרן מיטן גאַנצן ברען. די רעזולטאטן פון די וואַלן האָבן באוויזן, אז די פּ.צ. זיינען ניט בלויז שוואַכער געוואָרן נאָר, פאַרקערט, באַקומען אַ צוּוואוקס פון קנאַפּע הונדערט שטימען.

עס זיינען געווילט געוואָרן: משה בעקער, יעקב בעקער און אהרון דוד היפּשמאַן. היות ווי די פּ.פּ.ס. זיינען שטאַרק דורכגעפאלן און באקומען בלויז 2 ראטמענער, האָט במילא דער שטאָטראט געהאַט אן אבסאָלוטע רעכטע מערהייט.

די ראָל פון דער פּ.צ. פראקציע האָט שוין, דעריבער, געטראָגן אן אויסשליסלעך אָפּאָזיציאָנעלן כאראקטער. באלד נאָך דער ערשטער זיצונג האָט רעזיגנירט פון זיין אמט דער ראטמאן יעקב בעקער און אויף זיין אָרט איז אריין בערל אַקסלראָד. אקסלראָד האָט זיך באַזעצט אין כעלם אין יאָר 1930, צוזאמען מיט זיין פרוי, נעכע, וועלכע איז אויך געווען אַ לערערין מיט פּעדאַגאָגישער אויסבילדונג. ער איז געווען דער פאַרוואַלטער פון דער יידישער פאָלקשול, און זייענדיק א חבר מיט סטאַזש אין דער פּאַרטיי, א מענטש מיט בילדונג און געקאָנט שפּראַכן, האָט ער שנעל פארנומען אן אָנפירנדיקן אָרט אין דער כעלעמער פּ.צ.־באוועגונג. ער האָט אויסגעצייכנט באַהערשט די פּוילישע שפּראַך און אויף אים איז גע־



פּועלי־ציון קאָמיטעט — ערשטע ריי זיצנדיק (פון רעכטס): יעקב בעקער, ישראל משה בעקער, אהרון דוד היפּשמאַן, בערל אקסלראָד און יעקב שרויט (אמעריקע). צווייטע ריי: פישל איליחיצקי, פישל קאָפּעלמאן, משה בוים, זישע קאָרנפעלד (ישראל), שמואל שאַרגעל (ישראל), חיים ביבל (ישראל) משה סטרויל.

פאַלן דער גורל אנטייל צו נעמען אין דעם שווערן אָפּאָזיציאָנעלן קאמף, וועלכן די פ.צ. האָט געפירט סיי אין שטאָט־ראַט, סיי אין קהילה. ער איז געווען א מוטיקער קעמפער, א געוויסע צייט איז ער געווען א לאווניק.

די ערשטע זיצונג פון ניי־געוויילטן שטאָט־ראַט האָט אויסגעזען ווי אַ מיליטערישער פּאַראַד. עס האָבן אין איר אַנטייל גענומען: דער סטאַראָסטע און וויצע־סטאַראָסטע, דער עלטסטער גלח, דער פּרעזעס פון געריכט און הויכע מיליטערלייט. (דאָס איז געווען אַן אָנצוהערעניש, אַז אויך די קאָמונאלע אנשטאַלטן ווערן געשטעלט צו דינען די מיליטערישע הערשער פון לאַנד).

ביי די וואלן פון מאגיסטראַט איז דורך דעם פוילישן בירגערלעכן בלאָק ארויסגעשטעלט געוואָרן די קאנדידאטור פון אדוואָקאַט טאָמאַשעווסקי אלס פרעזידענט. דער יידישער נאַציאָנאַלער בלאָק האָט געבעטן אַן איבעררייס אויף 10 מינוט, און נאָך דעם דערקלערט: אז כאָטש מען האָט ביי זיי נישט געבעטן זייערע שטימען, וועלן זיי פון דעסטוועגן אָפּגעבן זייערע שטימען פאר דעם אויבן דערמאָנטן קאַנדידאַט. די פועלי־ציון־פראַקציע האָט ארויסגעשטעלט א דעמאָנסטראטיוון קאנדידאט, דעם חבר יעקב פעטערזייל פון וואַרשע. אויך פאר דער קאַנדידאַטור פון פּאווליאקן, אלס וויצע־פרעזידענט, האָבן אָפּגעגעבן זייערע שטימען די ראטמענער פון יידיש־נאציאָנאלן בלאָק, הגם ס'איז פאר יעדן פון זיי געווען גוט באַוווסט, אז פּאווליאק איז אַן אָפענער אַנטיסעמיט, און אז ערשט מיט צוויי וואָכן פריער האָט ער, אלס וויצע־קאָמיסאַר, בעת דער פייערונג פון די שטאָטישע פייערלעשער, באפוילן אז מען זאָל איינעם אָנטאָן ווי א חסידישן ייד און מיטן הינטן ארויף זאָל ער ליגן אויף אַ פעסל מיט וואַסער און ציטערן, און עס זאָל זיין א טייל פון דער אלגעמיינער דעפיליאדע איבער דער גאַנצער שטאָט. פארשטייט זיך, אז די אויפגעהעצטע פוילישע באַפעלקערונג האָט זיך פריילעך געמאַכט און אויסגעלאכט די יידן, וואָס ציטערן פאר פייער...

אויף אויסצוויילן א לאווניק האָט מען געדארפט 6 שטימען. דער יידישער נאציאָנאלער בלאָק האָט, מיט 6 שטימען, אויסגעוויילט אברהם שיין אלס לאווניק. די פועלי־ציון האָבן געהאַט זייערע 3 שטימען און די 2 שטימען פון פ.פ.ס.. אויף זייער ווענדונג צום יידישן נאציאָנאלן בלאָק, אז מען זאָל געבן איין שטימע וועט זיין נאָך א יידישער לאווניק, האָבן זיי באקומען אן אָפּזאָג. און אזוי ארום איז אנשטאָט נאָך א יידישן לאווניק אויסגעקליבן געוואָרן נאָך א פוילישער ענדעק.

אין לאנד האָט די רעאקציע זיך צעהוליעט אלץ דרייסטער און חוצפּהדיקער. עס האָט זיך אָנגעהייבן א כוואליע פון אנטיידישע עקסצעסן, פּאָגראָמען אין בריסק און אין פּשיטיק, שחיטה־גזירה, באזונדערע בענק פאר יידישע סטודענטן, געשלעגן מצד כוליגאנישע סטודענטן אין ווארשעווער גאסן, אפיציעלע אנטיידישער באָיקאָט, געשטיצט דורך דער רעגירונג. („אָווּשעם״־באָיקאָט האָט דערקלערט דער, צו יענער צייט, אינערן־מיניסטער סקלאדקאָווסקי). יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע גזירות און נגישות.

די פ.צ. ראטמענער האָבן פון דער טריבונע פון שטאָט־ראט געברענגט צום אויסדרוק דאָס געשריי פון פּראָטעסט און צאָרן, וואָס האָט זיך אָנגעזאמלט ביי די יידישע מאסן. אָבער אויך די פוילישע בירגערלעכע ראַטמענער זיינען געוואָרן חוצפּהדיקער און אגרעסיווער. זיי פלעגן מאַכן צווישנרופן, איבעררייסן אין מיטן ריידן, געווען אפילו אַ פאַל ווען אַ ראַטמאַן ריכטער אומינסקי, האָט געדראָט מיט איינזעצן אין תפיסה. די פ.צ. ראַטמענער האָבן זיך נישט געלאָזט טעראָריזירן, נאָר ווייטער פאָרגעזעצט זייער קאַמף.

די גזירות, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן איבער די קעפּ פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאַנד האָט אויך נישט אויסגעמידן אונדזער שטאָט. צוליב דער שחיטה־גזירה זיינען רואינירט געוואָרן א סך יידישע משפחות. דער באָיקאָט האָט זיך אויך געלאָזט שטאַרק פילן. און אין די מאַרק־טעג פלעגן אנטיסעמיטישע יוגנטלעכע טיילן צעטלען צווישן די פויערים ניט צו קויפן ביי די יידן. געווען אפילו פאַלן ווען כוליגאַנעס פלעגן זיך אוועקשטעלן אלס פיקעטן ביי די יידישע געשעפטן און ניט אריינלאָזן אין זיי קיין קריסטלעכע קונים. צו דעם אלעמען איז צוגעקומען א נייע גזירה א.נ. „אורבאניסטיק״. אונטער דעם דעק־מאַנטל — ווען כלומרשט פאַרשענערן די שטעט — פלעגט צוגעטראַכט ווערן פארשיידענע שפיצלעך ווי אזוי שאָדן צו ברענגען דער יידישער באפעלקערונג.

די דאָזיקע „אורבאניסטיק״ האָט פולשטענדיק רואינירט עטלעכע הונדערט יידישע משפחות אין אונדזער שטאָט.

אין צענטער פון שטאָט (אויף דער לובלינער גאס) האָט זיך געפונען דער א.ג. „רינעק״, אויף וועלכן עס האָט זיך געפונען ביי אַ פופציק־זעכציק געשעפטן, פון וועלכע ס'האָבן געצויגן זייער חיונה הונדערטער יידישע סוחרים, קליינהענדלער, האטווערקער און ארבעטער. אויף דעם דאָזיקן „רינעק״ האָבן אונדזערע היימישע אנטיסעמיטן געוואָרפן אן אויג און באשלאָסן אראָפּצונעמען צוליב: „אורבאניסטישע און סטראַטעגישע טעמים...״ די פ.צ.־ראַטמענער האָבן באַלד איינגעזען די געפאַר. קאָנענדיק גענוי די פּאָליטישע מאָטיוון, מיט וועלכע עס ריכטן זיך די הערשער פון לאַנד, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אז דאָ וועלן נישט גילטן קיין שום בקשות און אינטערווענצן. זיי האָבן דעריבער פאָרגעשלאָגן די רעשט יידישע ראַטמענער אָנצונעמען גלייך א ריי מאָסמיטלען, ווי דראָען מיטן פאַרלאָזן דעם שטאָט־ראַט, נישט שטימען פאר די בודזשעטן. (כדי צו באַשטימען די אויסערגעוויינטלעכע בודזשעטן, ווי אויך כדי צו באקומען הלוואות, האָט מען געמוזט אָנקומען צו עטלעכע שטימען פון די יידישע ראטמענער). די בירגערלעכע יידישע ראטמענער האָבן ניט אָנגענומען די פאָרשלאגן פון די פועלי־ציון. זיי האָבן געהאָפט אויף אנדערע וועגן און מיט אנדערע מיטלען אָפּצושאַפן די גזירה. די גזירה איז אָבער נישט אָפּגעשריען געוואָרן! אלע אייגנטימער האָבן באקומען צעטלען צו פארלאָזן זייערע געשעפטן. די אייגנטימער פון די געוועלבן און ווארשטאַטן האָבן ניט געוואָלט פרייוויליק פארלאָזן די פלעצער, פון וועלכע זיי האָבן לאנגע יאָרן געצויגן זייער חיונה. ס'זיינען



לערער און שול־עסקנים בעת אַן אויפנאַמע פאר זרובבלן, וואָס זיצט אין צענטער.

דאן געקומען פייערלעשער און מיט העק און האמערס אויפגעריסן דעם „רינעק“. דאָס איז געווען א שרעקלעך און אומפארגעסלעך בילד: טויזנטער יידן זיינען געשטאַנען מיט פארקלעמטע ציין און געביילטע פויסטן און זיך צוגעקוקט ווי מען פּאַגראָמירט דאָס פארמעגן און מען רואינירט דאָס לעבן פון עטלעכע הונדערט יידישע משפחות.

אויף איינער פון די לעצטע זיצונגען פון שטאָט־ראט איז דער פועלי־ציון ראַטמאַן, בערל אקסלראָד, ארויסגעטראָטן מיט א זייער שארפער רעדע קעגן דער צביעותדיקער פּאָליטיק פון די שטאָט בעלי־בתים לגבי דער יידישער באפעלקערונג, מיט זייער בחפזונדיק איילן זיך אראָפּצורייסן דעם „רינעק“. די ארויסטרעטונג פון אַקסלראָדן האָט געמאַכט אזא שטאַרקן איינדרוק, אז דער פאָרשטייער פון ייד. נאַצ. בלאָק, יאַנקל שטול, האָט אָפּגעגעבן א דערקלערונג, אז די שטעלונג פון פועלי־ציון איז אַ גערעכטע און זי וועט דורך זיי געשטיצט ווערן. דערביי האָט ער זיך פארקלאָגט, אז דער פרעזידענט האָט זיי (דעם יידישן נאצ. בלאָק) גענארט און פארפירט.

* * *

די קאדענץ פון צווייטן שטאָט־ראט איז שוין פון לאנג געווען פאַרענדיקט, אָבער קיין נייע וואַלן זיינען נאָך אַלץ נישט באַשטימט געוואָרן. די הערשער אין לאנד האָבן גאנץ גוט געפילט וויפיל צאָרן ס'האָט זיך אָנגעזאמלט קעגן זיי ספּעציעל ביי דער יידישער באפעלקערונג. מען האָט דעריבער געמוזט זיך פארזיכערן די הערשאפט מיט דער הילף פון ענדערן אינגאַנצן דעם וואַל־מאָדוס.

דעם 20־טן מאי, 1939, זיינען דורך דער אויפזיכט־מאַכט באַשטימט געוואָרן נייע וואַלן אויפן גרונט פון דעם נייעם וואל־געזעץ, לויט וועלכן ס'זיינען אָפּגעשאפן געוואָרן די פּראָפּאָרציאָנעלע וואלן. די שטאָט איז צעטיילט געוואָרן אין 6 ראַיאָנען און צוגעשניטן געוואָרן אזוי, אז ראַיאָנען וועלכע זיינען באוווינט פון דער פוילישער באפעלקערונג, זאָלן ארויסגעבן א גרעסערע צאָל ראטמענער. אלץ איז געווען צוגעגרייט אזוי, אז ספּעציעל די לינקע יידישע ראַטמענער זאָלן מער קיין דריסת־הרגל אין שטאָט־ראַט נישט האָבן.

דער חודש מאי איז געווען דער וואַל־חודש. היות ווי עס איז געווען זייער א שיינער און ווארעמער פרילינג, זיינען אלע מיטינגען פאָרגעקומען אונטערן פרייען הימל. די מיטינגען פון די פּ.צ. פלעגן פאָרקומען אויף דער „נייער וועלט“ (קאטאָווסקי גאס, נעבן שווארצמאנס פלאץ). אין די שבתים פלעגן זיך אויף דעם


בלימל־פארקויף איינגעאָרדענט דורך דער „פּועלי־ציון“ אין כעלם, אין 1920.

פלאץ פארזאמלען טויזנטער יידן און מיט שפּאַנונג זיך צוגעהערט צו די רעדנער פון די פּ.צ. ראטמענער און אנדערע פירנדיקע חברים. מצד דעם צ.ק. פון די לינקע פּ.צ. זיינען דאָס מאָל געשיקט געוואָרן זיינע בעסטע רעדנער (זרובבל, מיטעק פון לאָדזש א.א.).

אין דעם טאָג פון די וואלן האָבן זיך די יידישע וויילער אָנגעשטויסן אויף אָן א שיעור שוועריקייטן. עלטערע יידן, מענער און פרויען, פלעגן שטייען שעהנלאנג אין די רייען און דאָך ניט אָפּטרעטן ביז מען האָט זיי דערמיגלעכט אָפּצוגעבן זייער שטים. די רעזולטאטן פון די וואלן האָבן מיט זיך געברענגט א געוואלדיקע איבערראשונג: פון די 3907 אָפּגעגעבענע יידישע שטימען האָט די רשימה פון די לינקע פּ.צ. און פראָפ. פאראיינען באקומען 3031 און אריינגעפירט 8 ראַטמענער (צום נייטן האָבן צוגעפעלט אייניקע שטימען). די יידישע בירגערלעכע — 2; די פּ.פּ.ס. — 8; דער פוילישער בירגערלעכער בלאָק — 14 (דאָס מאָל זיינען געוויילט געוואָרן 32 ראטמענער). די ארבעטער האָבן ווידער באקומען א מערהייט. די יידישע באפעלקערונג האָט אויף דעם אופן אויסגעדריקט זייער אנערקענונג דער פּ.צ.־פּארטיי פאר זייער מוטיקן און ווירדיקן קאמף, וועלכן זיי האָבן געפירט אין כעלעמער שטאָט־ראַט אין משך פון 10 יאָר. מצד די פּ.צ. זיינען געוויילט געוואָרן: משה בעקער, יעקב בעקער, בערל אקסלראָד, אהרון דוד היפשמאן, ישראל הערצמאן, דוד גאָלדרייך, ש. שענער און ישראל בערגמאן (א שוסטער).

* * *

דער אויסגאַנג פון די וואלן האָט ווי א דונער געטראָפן דער הערשנדער קליקע. חדשים־לאנג זיינען די וואלן ניט באשטעטיקט געוואָרן. צום סוף האָט די אויפזיכט־מאַכט געמאָלדן, אז זי פסלט די וואלן אין 2־טן ראיאָן (דאָרט ווו די יידן האָבן באקומען 5 ראטמענער, צווישן זיי — 4 פּ.צ.).

די נייע וואלן פון דעם ראַיאָן זיינען באשטימט געוואָרן אויפן חודש... סעפּטעמבער. ביי דעם שרייבער פון די שורות האָט זיך טיף איינגעקריצט אין זכרון דאָס דאָזיקע בילד: דעם 3־טן סעפּטעמבער, 1939, ערשט 3 טעג דויערט די מלחמה, אָבער די היטלער־באטאליאָנען האָבן שוין באוויזן אריינצודרינגען טיף אין לאנד... די גאסן פון כעלם זיינען פארשפּארט מיט לוקסוס־טעקסיס, דאָס איילן זיך פוילישע פריצים, קאפּיטאַליסטן, הויכע באַאמטע, צו די גרענעצן, כדי וואָס גיכער צו פארלאָזן דאָס לאנד... אויף דעם סימבאָלישן פלאץ, אויף וועלכן עס האָט זיך פריער געפונען דער „רינעק“, טרעף איך דעם ח' אקסלראָד, וואָס דרייט זיך דאָ ארום און זאמלט אונטערשריפטן ביי די יידן, ווייל פון די וועגנט פון די כעלעמער גאסן שרייען אראָפּ מעלדונגען, אז די וואלן פון 2־טן ראַיאָן זיינען געפסלט און, אז אין צוויי וואָכן ארום וועלן פאָרקומען נייע וואַלן... דער ח' אקסלראָד טוט זיין ארבעט, הגם ער האָט געוווסט גלייך ווי איך און א סך אנדערע, אז קיין וואלן וועלן שוין ניט פאָרקומען...

זייענדיק פארנומען מיט „פארשענערן“ די שטעט, ראטעווען די „פוילישקייט“ פון כעלם א.א. שטעט, האָבן זיי, דערוויל, פארלאָרן פוילן!... די הערשנדע קליקע, וועלכע האָט אָנגעפירט מיט פוילן ביזן יאָר 1939, האָט באַקומען איר שטראָף. ווי שוידערלעך איז עס, אָבער, וואָס פאר זייערע פארברעכנס און פאר די פאַרברעכנס פון זייערע געוועזענע שותפים, די היטלער־מערדער, האָבן באצאָלט גאָר די אומשולדיקע קרבנות — כמעט דאָס גאנצע פוילישע יידנטום און צווישן זיי אן ערך 18 טויזנט יידן פון אונדזער היים־שטאָט כעלם...

הערש האַנדעלסמאַן

# פון האנטווערקער-פאראיין

דער יידישער האַנטווער־קער־פאַראיין אין כעלם האָט פאַרשריבן אַ וויכטיק בלאַט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1919, מיט איניקע יאָר שפּעטער ווי אין אנדע־רע שטעט פון געוועזענעם צאַרישן רוסלאנד, וואָס ס'האָט זיך נאָך אין יאָר 1912 אָנגע־הייבן אַ באַוועגונג צו אָרגאַני־זירן די יידישע האַנטווערקער. דער געדאַנק צו אָרגאַניזירן די יידישע בעלי־מלאכות איז אויפגעקומען צוליב דער זיי־ער פאַראָרעמטער לאַגע פון יידישן האַנטווערקער אין תחום המושב. אויך די ניט־אָנזעענדיקע געזעלשאַפטלעכע ראָל פון די יידישע בעלי־מלאכות האָט ארויסגערופן דעם דראַנג באַפרייען זיך פון דער הכנעה פאַר די יידישע רעדלפירער אין קהלשן לעבן, וואָס האָבן געקוקט אויפן בעל־מלאכה ווי ער וואָלט געהערט צו א נידעריקער שיכט פון דער יידישער באַפעלקערונג.



הערש האַנדעלסמאַן

לויט די וויכטיקע אינפאָרמאַציעס פון כעלעמער האַנטווער־קער־טוער, יוסף שפּערלינג, דערוויסן מיר זיך, ווי ס'איז אָרגאַני־זירט געוואָרן דער כעלעמער האַנטווערקער־פאַראיין און די ערש־טע פאַזע פון זיין טעטיקייט.

די ערשטע אָרגאַניזיר־באַראַטונג איז פאררופן געוואָרן אין הויז פון חיים אַטלאַס. עס איז שוין געווען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און עס איז אויפגעקומען די פּוילישע מל.כה, וועל־כע האָט איינגעפירט א דעמאָקראַטישע וואַל־אָרדינאַציע און גע־געבן גלייכבארעכטיקונג די יידן. די יידישע קהילה האָט זיך אָנגעהויבן קאָנסטרואירן אויף מער דעמאָקראַטישע יסודות, אזוי ארום האָבן די אזוי גערופענע שבעה טובי העיר שוין נישט גע־האָט דעם אויסשליסלעכן מאָנאָפּאָל אויף קהלשע ענינים.

באַלד נאָך דער ערשטער באַראַטונג האָבן די איניציאַטאָרן פון גרינדן אַ האַנטווערקער־פאַראיין אָנגעהויבן ווערבירן מיטגלידער, צוערשט אין די ווענט פון בית־המדרש, און דערנאָך האָט מען געפירט די דאָזיקע ווערביר־אַקציע איבער די הייזער, גייענדיק פון איין בעל־מלאכה צום צווייטן. מיט אַ שנעלן טעמפּאָ איז פאָר־געקומען די איינשרייבונג פון די מיטגלידער. פון אַלע עקן שטאָט האָבן זיך די בעלי־מלאכות פאַרשריבן אַלס מיטגלידער פון דער געגרינדעטער האַנטווערקער־קערפּערשאַפט. אויך די האַנטווער־קער פון די שכנישע שטעטלעך, וואָס דער קריג האָט זיי ארויסגע־טריבן פון זייערע איינגעזעסענע ערטער קיין כעלם, האָבן זיך אויך רעגיסטרירט אַלס מיטגלידער.

עס איז דערנאָך פאררופן געוואָרן אַן אלגעמיינע פאַרזאַמ־לונג, וועלכע האָט צווישן אנדערע פונקטן פון סדר היום אוועק־געשטעלט דעם פונקט צו אויסוויילן אַ פאַרוואַלטונג. עס איז טאַ־קע אויף דער דאָזיקער באַראַטונג אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַל־טונג פון די פאָלגענדיקע פערזאָנען: ישראל־יצחק נאַנקין (פאָרזי־



צער); וועלוועלע מילשטיין; בערל קעלבערמאַן; לוי שטעקן; שלמה ברוסטמאַן; יוסף שפּערלינג; יוסף צימערמאַן און נאָך אַנדערע.

אויפן ערשטן צוזאַמענקום פון דער פאַרוואַלטונג איז אָנגע־מערקט געוואָרן אַ טעטיקייט־פּלאַן און ס'איז איינשטימיק אויך אַקצעפּטירט געוואָרן דער פאַרשלאַג פון וו. צימערמאַן צו גרינדן אַ קאָאָפּעראַטיוו פון צודאַטן און ארבעט־מכשירים. דער זעלבי־קער וו. צימערמאַן האָט אָנגעבאָטן זיין קלייט צו עפענען דאָרט דעם קאָאָפּעראַטיוו, אונטערשטרייכנדיק, אז ער וועט ניט נעמען קיין דירה־געלט.

דער דאָזיקער קאָאָפּעראַטיוו איז גאָר גיך געעפנט געוואָרן. עס איז באמת געווען א גרויסע און וויכטיקע הילף פאַר די פאַר־אָרעמטע האַנטווערקער, וועלכע האָבן פאַר דער גרינדונג פון קאָאָפּעראַטיוו געמוזט צאָלן שווערע פרייזן פאַר אלע נויטיקע צודאַטן און מאַטעריאַלן, ווייל אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ניט־סטאַבילקייט פון דער וואַליוטע, זיינען איטלעך טאָג געשטיגן די פרייזן פון אלע סחורות און פון די געצייג און ארטיקלען, אין וועלכע עס האָט זיך גענייטיקט דער בעל־מלאכה. צוליב דער אנטוויקלטער ספעקולאַציע און אויפגעשרויפטע מקחים האָט דער האַנטווערקער ניט געקאָנט איינקויפן קיין סחורה און ממילא ניט געקאָנט פאַרדינען אפילו אויף זיין אָרעם־לעבן.

גלייכצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן פירן אַ קולטורעלע טעטי־קייט צווישן די האַנטווערקער.

שוין אין 1921 האָט דער האַנטווערקער־פאַראיין געשאַפן אַ דראַמאַטישע סעקציע, און הגם אלע זיינען געווען משפּחה־מענטשן, האָבן זיי זיך פאַרמאָסטן צו אויפפירן 2 ספּעקטאַקלען פון י. גאָרדינס פּיעסעס: „חסיה די יתומה" און „די געבראָכענע הער־צער". ביידע ספּעקטאַקלען האָבן געהאַט א גרויסן דערפאָלג. דאָס טעאַטער „סירענאַ" איז געווען איבערפולט פון א גרויסן עולם, וואָס איז געווען נייגעריק צו זען ווי בעלי־מלאכות שפּילן טעאַטער.

שוין אין ערשטן פּעריאָד איז געווען ביים האַנטווערקער־פאַראיין א בוררים־געריכט און פאַרשיידענע אינערלעכע סכסוכים פלעגן דערליידיקט ווערן אויפן בעסטן אופן. אָבער דער האַנט־ווערקער־פאַראיין איז דורכגעגאַנגען אויך קריזיסן אין פאַרשיי־דענע צייטן. עס איז געווען אַ מאַנגל אין געלט, און עס פלעגט טרעפן ווען אין קאַסע פון פאַראיין איז ניט געווען מיט וואָס צו באַצאָלן דירה־געלט דעם אייגנטימער, בע־ריש ק.פער, אין וועמענס הויז האָט זיך געפונען דער לאָקאַל פון די האַנטווערקער.



ישראל־יצחק נאַנקין

* * *

דער לאָקאַל פון די האַנט־ווערקער איז די גאַנצע צייט, זינט דער גרינדונג פונעם פאַראיין ביז סעפּטעמבער, 1939, געווען אין הויז פון בע־ריש קופער. דאָס דאָזיקע הויז, אויף לובלינער 27, איז געווען

באַוווסט אין כעלם. לובלינער גאַס איז געווען די הויפּט־גאַס אין כעלם און די געבײַדע פון בעריש קופּער, וואָס האָט געהאַט דעם ציפער 27, איז אויך געווען באַוווסט. דאָרט איז אויך געווען דער לאָקאַל פון די לינקע פּועלי־ציון און עס פלעגן אויך פאָרקומען פארשיידענע אימפּרעזעס און פאַרווײַלונגען, קעסטל־אָוונטן און לעבעדיקע צײַטונגען.

דער לאָקאַל פון די האַנטווערקער, וואָס איז געווען די היים פון כעלעמער יידישן בעל־מלאכה, האָט זיך געפונען אויפן צווייטן שטאָק און א סך בעלי־מלאכות האָבן דאָרט געהאַט זייערע דירות. טאָג און נאַכט האָט פּולסירט אין דעם דאָזיקן הויז דאָס יידישע לעבן. די לובלינער גאַס האָט זיך געפונען אין שכנות מיט די גאַסן „בייע צאַל" און „נייע וועלט", וואָס זיינען געווען געדיכט באַוווינט פון יידן.

אַ וויכטיקער עקאָנאָמיש־געזעלשאַפטלעכער כוח איז געווען דער האַנטווערקער־פאראיין, וואָס האָט געציילט לערך 1200 מיטגלידער. אַלע פאַכן זיינען געווען אינקאָרפּאָרירט אין פאַראיין, ווי קירזשנער; דאַמען־ און מענער־שניידער; טאַנדעטניקעס פון מענער־ און פרויען־קליידער; בוי־ארבעטער; מוליאַרעס; מאַליאַרעס; מעבל־ און ווייסע סטאָליאַרעס; בלעכער, קופּער און מאסיענזש־ארבעטער; סליאָסערס; שוסטער און שטעפּער, רימערס, גלעזער, פליישער, זייגערמאַכער, גאָלדשמידן, גוואַוווירער און אנדערע.

עס זיינען שפּעטער, האַרט פאַרן צעכן־געזעץ, אויסגעטיילט געוואָרן די פאָלגענדיקע סעקציעס: מענער־שניידער; טאַנדעטניקעס פאר גרייטע מלבושים; שניידער פון פרויען־קליידער; נייטאָרינס; היטלמאַכער, קירזנער; אַ לעדער־סעקציע; קאַמאַשנשטעפּער; שוסטער־טאַנדעטניקעס; רימאַרעס; בלעכער, סליאָסאַרעס; מאַלערס; גלעזער, בויער־סעקציע; טריקאָטאַזשניקעס; טאַפּעצירער; שמידן; פריזירער; בעקער; זייגערמאַכער; מצבה־קריצער; מעטאַל־אַרבעטער און אנדערע.

די האַנטווערקער האָבן אָרגאַניזירט א קעגנזייטיקע הילף און מ'האָט אונטערשטיצט אלמנות און יתומים פון בעלי־מלאכות. עס פלעגן פארטיילט ווערן הלוואות. ווען ס'איז געגרינדעט געוואָרן א קאָאָפּעראטיווע באַנק, איז דער האַנטווערקער־פאראיין געווען פארטראָטן אין באנק מיט 6—7 פאָרשטייער. די דאָזיקע האַנטווערקער־טוער זיינען געווען פארטראָטן אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק: שמשון בורשטין (וויצע־פּאָרזיצער פון באַנק); וועוועטשע האַנדעלסמאַן (וואָס איז געווען פּאָרזיצער פון דער שוסטער־סעקציע); משה יערמוס; שלמה ברוסטמאַן; בערל קעלבערמאַן און מ. רובינזאָן.



א סעודה לכבוד דעם לייגן דעם פונדאמענט פונעם נייעם מושב זקנים אין כעלם. אין צענטער: אַנשל בידערמאַן און פון די זייטן די כעלעמער רבנים, רעד. פישל לאזאר און אנדערע כעלעמער יידן.

דער האַנטווערקער־פאראיין איז געווען פארטראָטן דורך זיינע פאָרשטייער אין אלע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס און אין געזעלשאַפטן, ווי: גמילות־חסד־קאַסע; מלביש־ערומים; מושב־זקנים אין „טאָז" און אין אנדערע אינסטיטוציעס.

אין דער קהילה זיינען אויסגעוויילט געוואָרן די פאָלגענדע האַנטווערקער־טוער: חיים הויזמאן; משה יערמוס; וועוועטשע האַנדעלסמאַן; שלמה ברוסטמאַן. אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג זיינען געווען: עזריאל קראַטקא און חיים הויזמאן. אלס קהילה דאָזאָרעס זיינען אויך געווען: חיים הויזמאַן און קאַרפּ. און ווען נאַנקין, דער פּיליאָריקער פאָרזיצער פון האַנטווערקער פאראיין איז געשטאָרבן, איז אויף זיין אָרט אויסגעוויילט געוואָרן אלס פאָרזיצער ישראל באָרנשטיין. ער איז אויך געווען אויסגעוויילט אַלס ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט.

דער האַנטווערקער פאראיין איז געווען אַקטיוו אין די אַלע אויבן דערמאָנטע אינסטיטוציעס און האָט רעאגירט אויף ניט יושרדיקע האנדלונגען פון פארשיידענע געזעלשאפטלעכע טוער.

בתורת א געשיכטלעכן דאָקומענט קאָן דינען דער פארעפנטלעכטער באריכט־מיטינג פון די האַנטווערקער אין כעלעמער „אונדזער שטימע" (אומפּאַרטייאיש־דעמאָקראַטישע וואָכנבלאַט פאר ליטעראריש־געזעלשאפטלעכע און עקאָנאָמישע פראגן) פון 15־טן יאנואר, 1926, ווי עס פאָלגט:

„זונטיק דעם 10 ד. ח. איז אין לאָקאַל פון האַנטווערקער־פאַראיין אונטערן פאָרזיץ פון ה' נאַנקין פאָרגעקומען א באריכטס־מיטינג פון די האַנטווערקער־דאָזאָרעס. אין קורצע רעדעס האָבן די דאָזערעס: הויזמאַן, קראטקא און קאַרפּ אָנגעוויזן אויף דער האַנדלונג פון די אָרטאָדאָקסישע ראַטמענער מיט דעם פּרעזידיום בראש, וועלכע רעכענען, אז ווען זיי האָבן געטאָן אויפן חשבון פון אָרעמען בעל־מלאכה אלץ וואָס זיי האָבן נאָר געוואָלט. אָבער די צייטן זיינען שוין היינט אנדערע און דער יידישער בעל־מלאכה וועט אָננעמען אַלע מיטלען זיך אנטקעגן צו שטעלן דעם ווילן פון די, וועלכע ווילן בעוולה'ן דעם יידישן בעל־מלאכה.

די ראַטמענער האָבן אויך אָנגעוויזן אויף די פארשיידענע שיקאַנעס וואָס זיי האָבן אויסצושטיין סיי מצד די אָרטאָדאָקסן וואָס האָבן סך־הכל מיט איין שטים מער ווי די אנדערע גרופּירונגען, און אויך מצד די ציוניסטן, וואָס נישט קוקנדיק אויף דעם אָפּמאַך וועגן קעגנזייטיקער אונטערשטיצונג פאראטן זיי כסדר די האַנטווערקער ביי יעדער וויכטיקער פראַגע וואָס ווערט באַהאנדלט אין דער גמינע.

ראַטמאַן קאַרפּ ווייזט אויך אָן די לעכערלעכקייט פון דעם פּלאַן צו בויען אין אזא שווערער צייט אַ יידישן שפּיטאָל, וואָס דאַרף קאָסטן אזא קאָלאָסאלע סומע, וועלכע די שטאָט איז אויף קיין פאַל נישט אומשטאַנד צו געבן און דאָס אלץ איז נאָר צוליב דעם, ווייל ה' בידערמאן וויל אזוי. דאקעגן וויל מען ניט אנטקעגן קומען די פאָדערונג פון די האַנטווערקער וועגן א האַנטווערקער־שול וואָס מ'קאָן מיט קליינע געלט־מיטלען דורכפירן.

דערנאָך רעדט נאָך ה' נאַנקין, ווו ער ווייזט אָן, אז טראָץ דעם וואָס מיר האָבן היינט אַ קהילה אויף געוויילטע יסודות דערלויבט מען זיך נאָך צו טאָן טאַטן, וואָס ווערן געטאָן אָן דעם וויסן פון די ראַטמענער, מען דערלויבט זיך אויף אייגענער פאראנטוואָרטלעכקייט צו שליסן פארשיידענע אָפּמאַכן וואָס ברענגען גרויס שאָדן דער יידישער באפעלקערונג. און ווייזט דער רעדנער אָן, דאָס נעמען אָן אַנטייל ביים אויסאַרבעטן דעם שטאָט־בודזשעט פון מאַגיסטראַט, ווו נישט זייענדיק פון קיינעם בארעכטיקט האָבן די

ה"ה בידערמאַן און יאַנאָווסקי גענומען אַן אַנטייל דאָ, ווו יידן דאַרף אויסגעמידן ווערן צו צוהעלפן דער אומבאַרעכטיקטער עק־סיסטענץ ווייל די קאַדענץ פון מאַגיסטראַט האָט זיך שוין לאַנג געענדיקט, נאָר אַ דאַנק דער אומדירעקטער מיטאַרבעט פון די בידערמאַנס עקסיסטירט דאָס מאַגיסטראַט ווייטער.

מיטן דורכלייענען און איינשטימיק אָננעמען די פאָלגענדע רעזאָלוציע ווערט די זיצונג געשלאָסן.

אויפן באַריכט ״פאַרזאַמלונג צוזאַמענגערופן דורך די האַנט־ווערקער ראַטמענער, זונטיק דעם 10 יאַנואַר אין לאָקאַל פון האַנט־ווערקער־פאַראיין, אונטערן פאָרזיץ פון פאַרזיצער ה׳ נאַנקין איז אָנגענומען געוואָרן די פאָלגענדע רעזאָלוציע:

באַקענענדיק זיך מיט דער טעטיקייט פון דער גמינע דורך אונדזערע חברים־ראַטמענער נאָך דער 16־חדשימדיקער אַרבעט

1) פאַראורטיילן מיר ווי אַמשאַרפסטן קעגן דער שעדלע־כער האַנדלונג פון אַ טייל ראַטמענער מיטן פרעזידיום אין דער שפּיץ, פאַר זייער זעלבסטשטענדיקער האַנדלונג, נישט פרעגנדיק און נישט רעכענענדיק זיך מיט דער מיינונג פון די מיטאַרבעטנ־דיקע ראַטמענער אין פאַרוואַלטונג און אין ראַדע, ברענגענדיק דאַמיט שאָדן דער יידישער באַפעלקערונג אין כעלם;

2) די פאַרזאַמלונג טראָגט אַרויס איר שאַרפסטן פּראָטעסט קעגן יענעם טייל ראַטמענער, וואָס שטערט מיט פאַרשיידענע באַ־וווסטזיניקע מיטלען צו קאָנען געמיינזאַם אַרבעטן און פאַרווירק־לעכן אונדזערע גערעכטע פּאָסטולאַטן, — אַקעגן צו קומען דעם פאַרלאַנג פון דער יידישער באַפעלקערונג צו פאַרענטפערן אַלע אונדזערע נאַציאָנאַלע, קולטורעלע און רעליגיעזע סאָציאַלע פאָ־דערונגען;

3) די פאַרזאַמלונג שטעלט פעסט, אַז די האַנדלונג פון יע־נעם טייל ראַטמענער, צעבראָכט און רואינירט יעדן ווילן פון דע־מאָקראַטישע ראַטמענער צו קאָנען איינפירן אַ ראַציאָנעלע און רעפאָרמירטע דירעקטע באַשטייערונג, און אָנווענדן איר גאַנצע ענערגיע צו קעמפן קעגן די אומדירעקטע שטייערן, וואָס פאַלט הויפּטזאַכלעך אויף דעם אָרעמען און אַרבעטנדיקן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג;

4) די פאַרזאַמלונג אַקצעפּטירט די האַנדלונג פון די האַנט־ווערקער־ראַטמענער פאַרן אָנטקעגנשטעלן זיך יענעם טייל ראַט־מענער, וואָס ווייל זיין הפקרדיק און זעלבסטשטענדיק אין איר גמינע־אַרבעט, — און מיר פאָדערן אייך אויף, פאַרזעצן אייער קאַמף, צו פאַרווירקלעכן אַלע אונדזערע אומבאַדינגט־גערעכטע פאַרלאַנגען און פולשטענדיק זיין זיכער מיט דער אונטערשטיצונג פון דער דעמאָקראַטישער מערהייט פון כעלעמער יידישער באַ־פעלקערונג;

5) די פאַרזאַמלונג פאָדערט אויף די האַנטווערקער־ראַט־מענער צו שטיין אויף דער וואַך אין איר ווייטערער אַרבעט און, פאָדערן אַ סובווענציע, וואָס זאָל געבן די מעגלעכקייט דער עק־סיסטענץ פון אַ האַנטווערקער־שול, וואָס דאָס איז אַ אומבאַדינגט־נויטווענדיקייט צו קאָנען פאַרברייטערן אונדזער פּראָדוקטיווי־טעט און, פאַרפעסטיקן אונדזערע אַלטע מאַטעריעלע פּאָזיציעס, וואָס מען ווייל מיט פאַרשיידענע מיטלען ביי אונדז אוועקנעמען, און אונטערשטיצן די סובווענציעס, וואָס זיינען באַרעכטיקט צו עקסיסטענץ — און עקסיסטירן שוין״.

פון דעם דאָזיקן באַריכט זעען מיר ווי די האַנטווערקער־פאַרשטייער, נאַנקין, הויזמאַן, קראַטקאָ און קאַרפּ האָבן שטאַרק פאַרטיידיקט דעם כבוד און חשיבות פון יידישן בעל־מלאכה און רעאַגירט אויף ניט־יושרדיקע האַנדלונגען פון דער קהילה, אויפ־פאָדערנדיק אַ גערעכטן שטייערן־מאָדוס און אַ סובווענץ פאַר אַ האַנטווערקער־שול.

אַ שטאַרק־קאָמפּליצירטע לאַגע איז געוואָרן ווען אין פּוילן איז איינגעפירט געוואָרן דאָס צעכן־געזעץ פון יאָר 1927. דאָס דאָ־זיקע געזעץ האָט באַנייט אַ ריי אַלטע קאָמפּעטענצן פון אַמאָליקע צייטן מיטן ציל צו באַגרענעצן דעם יידישן צוטריט צו דער מלא־כה. אַ שווערער קאַמף איז געפירט געוואָרן אויף אָפּצושאַפן די דאָזיקע גזירה, אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפן.

נאָך אין משך פון די יאָרן 1925—1927 זיינען פאָרגעקומען הכנות צו אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע צעכן־געזעץ, וואָס האָט אַרויפ־געוואָרפן אַ מורא אויף די יידישע בעלי־מלאכות, רעכענענדיק, אַז זיי וועלן נישט קאָנען לעגאַליזירן זייערע וואַרשטאַטן.

אָבער לויטן צעכן־געזעץ זיינען אַלע פריערדיקע בעלי־מלאכות געווען פריי פון דער גרויסער פּראָצעדור פון עקזאַמענס. זיי האָבן נאָר געדאַרפט דורכגיין אַ קליינעם עקזאַמען פון פּראַקטישער אַרבעט, ניט קיין טעאָרעטישע עקזאַמינירונג. די עקזאַמינירן־קאָ־מיסיע איז באַשטאַנען פון פאַרשטייער פון דער אַדמיניסטראַטי־ווער מאַכט, פון אַ פאַרשטייער פון די קריסטלעכע האַנטווערקער און פון יידישן האַנטווערקער־פאַראיין.

עס האָט זיך אין צוזאַמענהאַנג מיטן צעכן־געזעץ אָרגאַניזירט אַ סאָציאַליסטישער האַנטווערקער־פאַראיין. אין דער דאָזיקער קערפּערשאַפט זיינען געווען מיטגלידער בעלי־מלאכות — כאַלופּ־ניקעס, וואָס האָבן גענומען אַרבעט אַהיים פון בעלי־מלאכות אָדער פון אונטערנעמונגען.

אַ דאַנק דער טעטיקייט פון „בונד" איז געלונגען צו באַפרייען די האַנטווערקער־כאַלופּניקעס פון צעכן־געזעץ. דאָס איז געווען אַ גרויסע פאַרלייכטערונג פאַר די דאָזיקע בעלי־מלאכות.

דער דאָזיקער סאָציאַליסטישער האַנטווערקער־פאַראיין האָט געציילט לערך 50 מיטגלידער. די פאַרוואַלטונג פון פאַראיין איז באַשטאַנען פון פאָלגענדיקע פּערזאָנען: הערש פּרוכטגאַרטן (פאַר־זיצער); אַברהם שטיינבערג; י. מאַגער; הערש האַנדעלסמאַן.

אין יאָר 1929 האָט דער יידישער האַנטווערקער־פאַראיין אָרגאַניזירט אָוונט־קורסן פאַר זיינע מיטגלידער, וועלנדיק זיי געבן אַ ביסל בילדונג און פאַכמענעש וויסן, כדי זיי זאָלן קאָנען באַקו־מען אַ דערלויבעניש צו פירן לעגאַל זייערע וואַרשטאַטן.



יידישער האַנטווערקער־פאַראיין מיט די פאָנען בעת אַ פייערונג.

א סך סעקציעס פון די האַנטווערקער, נאָך זייער לעגאַליזירונג, זיינען געוואָרן צעכן, וואָס יעדער צעך האָט געהאַט זיין אָנפירונג. דער פּאַרזיצער פון מעטאַל־צעך איז געווען יוסף פּישבוים. אַקטיווע טוערס אין דאָזיקן צעך זיינען געווען: אַ. קאָרנפעלד, ח. גאָלדגעוויכט; פּאַרטרויאונג־מענער זיינען געווען: וו. קאָרנפעלד און פּ. גרינבערג.



לוי שטעקן, האַנטווערקער־טוער אין כעלם.

אזוינע צעכן האָבן זיך געגרינדעט פון אַנדערע אַרבעט־צווייגן.

פּאַרדינסטפולע האַנטווערקער־טוערס זיינען געווען: בערל קעלבערמאַן, שלמה ברוסטמאַן, משה יערמוס, גרשון לוסטיגער, דוד ניסנבוים, חיים הויזמאַן, עזריאל קראַטקאָ, שמשון בורשטיין, וועוועשע האַנדעלסמאַן, ישראל בורשטיין, אהרון שישלער, מאָטל גאָלדמאַן, חנא קאַמאַנשטעפּער פון שעלישטשט, י. נאַנקין, איציקאָוויטש, נאַדעלמאַן, נוסענקאָרן, הערצבערג, דומקאָפּ, שטעפּער, פּיגלאַזש, גיוואַסער, מאַגער, וועטשיין, ב. פעלדהענדלער, אברהם בערלאַנד, ב. גרינוואַלד.

אין 1931 איז אין כעלם, אין רעסטאָראַן־זאַל, פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון די האַנטווערקער, וואָס האָט ארומגענומען די דריי פּאָוויאַטן: כעלם, זאַמאָשטש און הרוביעשאָוו. צום צוזאַמענפאָר זיינען געקומען לערך 150 דעלעגאַטן.

אויף גרויסע שווערקייטן האָט זיך אָנגעשטויסן דער יידישער האַרעפּאַשניק, דער יידישער בעל־מלאכה אין פּוילן. דאָס איינגעפירטע צעכן־געזעץ האָט געשטערט דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער מלאכה און חוצדעם דער גרויסער שטייערן־שרויף האָט לחלוטין פּאַראַרעמט דעם יידישן האַנטווערקער.

אָבער ביי די אַלע שווערע צייטן האָט דער האַנטווערקער־פאַראיין אריינגעבראַכט א גרויסע לינדערונג. ער איז געווען אָנגעשלאָסן אין דער פאַלקיסטישער האַנטווערקער־צענטראַלע אין וואַרשע, וואָס איז געווען אונטער דער אָנפירונג פון ראַסנער און נח פּרילוצקי. זייער אָפט פלעגן די האַנטווערקער־פאָרשטייער פון כעלם זיך באַטייליקן אויף די לאַנד־קאָנפערענצן פון יידישע האַנטווערקער אין פּוילן און מען איז אויך געווען אין קאָנטאַקט מיט דער אַלגעמיינער האַנטווערקער־קאַמער אין פּוילן.

אין עפנטלעכן יידישן לעבן פון כעלם האָט דער יידישער האַנטווערקער־פאַראיין פאַרנומען אַן אָנגעזעענע פּאָזיציע און איז געווען א וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָבן געבראַכט א סך נוצן דעם יידישן בעל־מלאכה, פאַרטיידיקט זיינע אינטערעסן און אין אים איינגעפלאַנצט די ליבשאַפט און אחריות פאַר די כלל־אינטערעסן פון יידישן פאָלק.

---

**דוד גאָלדרייך**, ישראל

# פון בעלעמער קולטור-לעבן

מען קאָן זאָגן, אז צוגלייך מיט אַלע יידישע שטעט אין פּוילן, האָט כעלם געשפּילט איר ראָל אין יידישן לעבן.

צום באַדויערן זיינען נישט געבליבן קיין שום סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן וואָס זאָלן קאָנען דערציילן וועגן קולטור, שול און ביבליאָטעק־וועזן, אָבער דאָס וואָס האָט זיך אויפגעהיט אין מיין זכרון, וועט זאָגן עדות און געבן די פאָלגענדיקע פּרטים:

* * *

ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין כעלם קיין ביבליאָטעק נישט געווען. דער פּשוטער לייענער איז געווען אויסגעשטעלט אויף יוסף איטשע הינדעס (א סך פון די לעבן־געבליבענע מוזן אים געדענקען) מעשה־ביכלעך.

דער בעסערער לייענער פלעגט זיך קוויקן מיט פּרצעס „יום־טוב בלעטלעך" און אנדערע אויסגאַבעס פון דער יידישער ביבליאָטעק, וועלכע מ'האָט באַקומען ביי מרדכי דובקאָווסקי, העברעאישע און השכלה־ליטעראַטור ביי יהודה מילנער ע"ה (אגב, דער לעצטער, איינער פון די שענסטע פּערזענלעכקייטן וואָס כעלם האָט פאַרמאָגט).

אָנהייבנדיק פון 1916, אנטשטייט אַ יידיש־העברעאישע ביבליאָטעק פון וועלכע אַ פּאָר יאָר שפּעטער בילדן זיך אויס: די העברעאיש־יידישע ביבליאָטעק א.נ. פון י. ל. פּרץ און די אַרבעטער־ביבליאָטעק א.נ. פון בער באָראָכאָוו.

אַ צייט זיינען אויך געווען ביבליאָטעקן ביים „בונד" און ביי די פּראָפ. פאַראיינען, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער דער קאָמוניסטישער השפּעה. די בונדישע ביבליאָטעק האָט זיך געשלאָסן אין רעזולטאַט פון בונדישער נישט־טעטיקייט אין כעלם. די ביבליאָטעק פון די קאָמוניסטן — אין רעזולטאַט פון רדיפות.

אַ קיום ביז דער לעצטער מינוט האָבן געהאַט די פּרץ־ביבליאָטעק מיט 500 לייענער און ביי 6000 ביכער, און די באָראָכאָוו־ביבליאָטעק מיט 300 לייענער און ביי 3000 ביכער. אין ביידע ביבליאָטעקן איז געווען א גרויסע צאָל פּוילישע ביכער.

זאָל דערמאָנט ווערן אז מיט דער פּרץ־ביבליאָטעק האָט כסדר אָנגעפירט כישעלע ראָזנפעלד, דעם „האַראַדלער לערערס" אַ טאָכטער. אין רעזולטאַט פון איר מי און ענערגיע, איז עס געווען איינע פון די שענסטע יידישע ביבליאָטעקן אין פּוילן.

עס בלייבט אויך אַ פאַקט וועלכער איז נישט אויפגעקלערט: אין 1945 האָט מען אין אַ קאַמער אויף שענקעוויטש־גאַס אויסגעגראָבן ביי טויזנט יידישע און העברעאישע ביכער פון דער פּרץ־ביבליאָטעק, וואָר ס'האָט זיי באַהאַלטן איז נאָך אלע באַמיאונגען נישט געלונגען פעסטצושטעלן.

די אויסגעגראָבענע ביכער זיינען דורכן שרייבער פון די שורות איבערגעשיקט געוואָרן קיין לאָדז, און זיינען אין 1946 געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר אַ יידיש־העברעאישע ביבליאָטעק ביי די פּ.צ. אין לאָדז.

* * *

די קולטור־אַרבעט אין כעלם צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה איז געטאָן געוואָרן אין אַלגעמיין דורך אַלע פּאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן עקסיסטירט אין כעלם. ס׳פלעגן איינגעאָרדענט ווערן רעפעראַטן אויף פאַרשיידענע פּראָבלעמען. אָבער דער עיקר, האָבן זיך אין משך פון דער גאַנצער צייט אויסגעצייכנט די פּ.צ., וועמענס ליטעראַרישע משפּטים און אַנדערע ליטעראַרישע אונטערנעמונגען זיינען געוואָרן אַ שם־דבר און זיינען באמת געווען אַ בכבודיקער צושטייער צו דער קולטור־אַרבעט אין שטאָט.

* * *

כעלם איז געווען פון די געציילטע שטעט אין פּוילן וועלכע האָט פאַרמאָגט אַ וואָכנבלאַט. נאָך פאַרן דערשיינען פון דער „כעלעמער שטימע" זיינען דערשינען דריי נומערן „אייגנס" (געשריבן) וועלכע האָבן פאַרנומען 24 זייטן געדיכט באַשריבן און האָבן באַהאַנדלט אַקטועלע פּראָבלעמען פון יענער צייט.

שפּעטער, אין 1924, איז לויט דער איניציאַטיוו פון נחום גאָלדבערג און מיט דער מיטהילף פון שייקע וויינשטיין (דרוקער־אייגנטימער) אָנגעהויבן צו דערשיינען די „כעלעמער שטימע", וועלכע איז אָן איבעררייס דערשינען ביזן מלחמה־אויסברוך. אַ צייט זיינען די רעדאַקטאָרן געווען פייוול פריד און פישל לאַזאַר. פאַר אַזאַ שטאָט ווי כעלם, איז דאָס דערשיינען פון אַ וואָכנבלאַט, בפירוש געווען אַ גרויסער פאַרנעם, און אויב ביי וועמען פון די כעלעמער אין אויסלאַנד זיינען אויפגעהיט געוואָרן די 16 יאָרגענג פון דער „כעלעמער שטימע", קאָן עס זיין אַ געוואַלדיקער צושטייער צו פאָרשן דאָס לעבן פון די יידן אין כעלם אין משך פון די יאָרן 1924—1939.

אַ יאָר איז אויך דערשינען אין כעלם אַ צייטונג ארויסגעגעבן דורך די פּ.צ. א.נ. „כעלעמער פאָלקסבלאַט". אָבער זי האָט נישט געקאָנט אָנהאַלטן מער ווי אַ יאָר.

אין אַלגעמיין זיינען ביידע צייטונגען געווען אַ וויכטיקער ביישטייער צו דער יידישער פּרעסע אין פּוילן.

אויך האָט הערש גאָלדמאַן ארויסגעגעבן קרוב פון 2 יאָר דעם „כעלעמער וואָכנבלאַט" אין אַ קלענערן פאָרמאַט ווי די „כעלעמער שטימע", מיט אַ סך אַנאָנסן און מיט אַן אָפּטיילונג פונעם האַנטווערקער־לעבן.

* * *

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך ארויסגערוקט אין פאָדערגרונט די פראַגן פון אַ „יידיש וועלטלעך שול־וועזן".

אין כעלם איז מען אויך צוגעטראָטן צו שאַפן אַ קינדערגאָרטן און אַ יידישע שול. אין אָנהייב איז זי געווען אַ צווישן־פּאַרטייאישע. אין די באַדינגונגען האָט זי עקסיסטירט ביזן 1927 יאָר. שפּעטער איז זי געוואָרן אָנגעפירט דורך די פּועלי־ציון. אין דער שול האָבן זיך כסדר געלערנט קינדער פון דער אָרעמער סביבה. אַ וויכטיקן ביישטייער צו דער שול האָבן געגעבן די ח"ח הערשל פּרוכטגאַרטן און אַ. ד. היפּשמאַן.

אין 1939 איז מען צוגעטראָטן בויען אַן אייגענעם שול־בנין, אָבער די היטלעריסטישע רוצחים האָבן אַלץ צונישט געמאַכט.

אין כעלם האָט אויך פון 1918—1931 עקסיסטירט אַ יידישע גימנאַזיע אין דער פּוילישער שפּראַך, וועלכע האָט זיך כסדר געראַנגלט פאַרן קיום.



ליטעראַרישער לייען־קרייז אין כעלם אין יאָר 1926. אין צענטער פ. זיגלבוים.

ס׳האָט אויך אין כעלם עקסיסטירט אַ „תרבות"־שול, וועלכע איז אויך שוין האַרט פאַרן מלחמה־אויסברוך צוגעטראָטן צו בויען אַן אייגענעם בנין.

מיר קאָנען רואיק זאָגן, אַז דער פאַרמעסט אויפן שול־געביט איז כעלם געווען אויפן ערשטן אָרט.

* * *

צווישן ביידע וועלט־מלחמות זיינען אין כעלם געווען טעטיק דראַמאַטישע סעקציעס ביים יידישן אינטעליגענטן־קלוב און ביי אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

ס׳דאַרף דערמאָנט ווערן פייוול דרעקסלער (אומגעקומען), אונטער וועמענס אָנפירונג ס׳זיינען געשטאַנען אַ צייט די דראַמאַטישע סעקציעס. ספּעציעל האָבן די סעקציעס געגעבן און אויפגעפירט פּיעסן פונעם יידישן רעפּערטואַר, חוץ דעם האָבן זיי פון צייט צו צייט אויסגעפירט זאַכן פון פרעמדע רעפּערטואַרן. אַ סך מיטגעהאָלפן אין דער אַנטוויקלונג פון די דראַמאַטישע סעקציעס האָבן אין די ערשטע יאָרן פון זייער אַנטשטייאונג משה קלערער (איצט אין בראַזיל); רייזעלע קעלבערמאַן; סערקע זיסקינד־ציטרין (אומגעקומען; אברהם בערנפעלד (לעבט).

ס׳זיינען אויך געווען מוזיקאַלישע סעקציעס אָנגעפירט דורך ד"ר וואַלבערגער, יוסף גאָלדהאַבער, טוביה קליינער (אַלע אומגעקומען), וואָס האָבן צוגעהאָלפן די דראַמאַטישע קרייזן, און פון צייט צו צייט, ארויסגעטראָטן אויף קאָנצערטן.

זאָל אויך דערמאָנט ווערן אונדזער זינגערין דאָרע דובקאָווסקי, וועלכע איז פאַר דער מלחמה ארויסגעטראָטן מיט קאָנצערטן איבער גאַנץ פּוילן (אומגעקומען);

אידע הענדל, די באַרימטע פידלערין, איז אַן אונדזעריקע.

פון די געבראַכטע נאָטיצן איז צו זען, אַז כעלם האָט געגעבן איר ווירדיקן צושטייער צום יידישן לעבן אין פּוילן. נישטאָ מער קיין יידן אין כעלם. לצמיתות איז דער כעלעמער יידישער ישוב פאַרשוווּנדן, פּונקט ווי ס׳זיינען פאַרשוווּנדן די אַנדערע ישובים אין פּוילן.

די צייט אָבער, ווען דאָס יידישע כעלם האָט געלעבט, האָבן מיר זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן, — עס איז געווען איינע פון די שענסטע יידישע ישובים אין פּוילן.

ישראל אשענדאָרף, בוענאָס־איירעס

# זכות־אָבות און זכות־קאַטאָוועס

ס'איז פאַראַן אַ כעלם מיט זכות אבות. אַ כעלם של מטה. דאָס איז דאָס כעלם, וואָס האָט לאַנגע יאָרן פּולסירט מיט אַ שטאַרק יידיש־געזעלשאַפטלעך לעבן, מיט פּאָליטישע פּאַרטייען, מיט קולטור־אינסטיטוציעס, מיט אַ רייכן רעזערוו פון קולטור־מענטשן, וועלכער האָט נישט בלויז געסטייערט פאַר דעם אייגענעם באַדאַרף, נאָר אויך מיט אים מזכה געווען אַנדערע יידישע ישובים, אפילו ביז צו מיין שטעטל, פאַרוואָרפן אַזש ביי דער רוסיש־רומענישער גרענעץ, וואָס איז אהינצו אַראָפּגעקומען אַ העברעאישער לערער פון כעלם (משה לאזאר). ער האָט מיט מיר געלערנט תנ"ך און די מאָדערנע העברעאישע ליטעראַטור און מיך סטימולירט צו מאַכן די ערשטע ליטעראַרישע פּרוּוון.

איך ווייס אויך וואָס פאַר אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט עס פירן די פאַרשיידענע כעלעמער לאַנדסמאַנשאַפטן איבער דער וועלט, אָבער איך וויל זיך איצט אָפּשטעלן אויף אַן אַנדער כעלם, אָט דעם כעלם, וואָס לעבט בזכות קאַטאָוועס — אויף כעלם של מעלה.

יעדער ייִד האָט אַמאָל ליב געהאַט צו הערן אַ וויץ. אַנדערע האָבן ליב געהאַט אַ וויץ צו דערציילן, אָבער ס'זיינען אויך געווען נישט ווייניק יידן, וואָס האָבן דעם וויץ געשאַפן. כמעט יעדע שטעטל האָט זיך געהאַט זיין אייגענעם לץ, אָדער ווערטל־זאָגער. דער רוב פון זיי איז אָבער נישט אַריבערגעגאַנגען די גרענעץ פון זייער שטעטל. נאָר געציילטע זיינען אַריבער און דערביי מיט זיך מיטגענומען אויך זייערע שטעטלעך, ווי הערשעלע אָסטראָפּאָליער און אפרים גרידינגער. די שטעטלעך האָבן אָבער נישט געשפּילט אין זייערע מעשיות קיין באַזונדערע ראָל. די העלדן זיינען געבליבן הערשעלע און אפרים — די מענטשן, די יחידים. די איינציקע שטאָט, וואָס איז געבליבן אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק־הומאָר, איז כעלם, כעלם אַליין איז דער העלד און נישט ווי אַ יחיד, נאָר ווי אַ כלל.

ס'האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין משך פון לאַנגע יאָרן אַ צאָל מעשיות און אַנעקדאָטן. זיינען זיי באמת פּאַרגעקומען אין כעלם און נישט אין אַנדערע יידישע ישובים? — דאָס איז שוין נישט אַזוי וויכטיק. וויכטיק איז, וואָס זיי זיינען דאָ. צי וואָרצלען נישט אַ טייל פון זיי אין הומאָר פון אַנדערע פעלקער? — וויכטיק איז, וואָס זיי זיינען פאַריידישט געוואָרן דורך כעלם. דאָס וואָס מען דערציילט וועגן כעלם דווקא די און נישט קיין אַנדערע מעשיות, איז שוין אַליין פאַר זיך כאַראַקטעריסטיש און אינטערעסאַנט.

די נאַרישקייט פון די כעלעמער איז נישט קיין נאַרישקייט, וואָס קומט פון שלעכטקייט, ווייל ס'קאָן דאָך זיין אַ שלעכטער נאָר אין אַזאַ נאַרישקייט, וואָס גייט תמיד געפּאָרט מיט גוטסקייט, מיט תמימות. די כעלעמער זיינען נישט קיין מענטשן, וואָס נאַרן עמעצן אָפּ — זיי אַליין פאַלן כסדר קרבנות פון זייערע איינפאַלן. דערמיט ווערט דער כעלעמער ענלעך צו דאָן קישאָטן, וואָס איז שטענדיק געווען גרייט אַנדערע מענטשן צו העלפן און דערביי אַריינגעכאַפּט אַ סך קלעפּ פון גורל און פון מענטשן.

דער יידישער וויץ איז בכלל אַ וויץ, וואָס בייסט, וואָס שטעכט, וואָס ברענט — פעפער און זאַלץ. דער כעלעמער הומאָר איז אַ תמימותדיקער, אַ מילדער, נישט קיין וויץ פון אָפּנאַרער און שווינדלער, נאָר פון אָפּגענאַרטע און באַשווינדלטע. און וואָס דער עיקר: דער כעלעמער באַגנוגנט זיך נישט מיט דעם וויץ־סקעלעט, נאָר טוט אים אָן מיטן פלייש, גיסט אים אָן מיט בלוט פון אַ מעשה.



לאָמיר נעמען די ערשטע מעשה:

אין כעלם איז אַראָפּגעפאַלן דער ערשטער שניי. פאַרדעקט די האַרבסטיקע בלאָטעס און די פאַרשימלטע דעכער פון די הייזער. וואָס פאַר אַ ליכט פאַר די אויגן! נאָר וואָס דען? — דער שמש גייט וועקן די יידן צום דאַווענען, וועט ער דאָך צעטרעטן דעם שיינעם, ווייסן און פרישן שניי, אים מאַכן ברודיק. זאָרגן זיך די כעלעמער, זוכן עצות ווי אַזוי דאָס צו פאַרמיידן. נישט וויכטיק איז דער סוף, וואָס די כעלעמער באַשליסן דעם שמש אַרויפצושטעלן אויפן שולחן און פיר יידן זאָלן אים טראָגן. דאָס איז אַנעקדאָט. וויכטיק איז, אַז די כעלעמער שטרעבן צו לויטערקייט, צו שיינקייט.

די צווייטע מעשה:

דער כעלעמער שמש איז אַלט און שוואַך געוואָרן, האָבן די כעלעמער געטראַכט, וואָס קאָן מען טאָן, כדי ער זאָל נישט דאַרפן גיין יעדן אינדערפרי קלאַפּן אין די לאָדנס און זיך שלעפּן מיט זיינע קראַנקע פיס איבער די נאַסע, בלאָטיקע געסלעך.

האָבן זיי באַשלאָסן צו ברענגען די לאָדנס אין שול אַריין, זאָל דער שמש דאָרטן אין זיי קלאַפּן און פאַרשפּאָרן זיך צו שלעפּן און פאַרלירן די כוחות. וואָס פאַר אַ שטריך אַנטפּלעקט זיך דאָ פאַר אונדז אין כאַראַקטער פון די כעלעמער? — רחמנות.

מעשה נומער דריי:

אַ כעלעמער האָט געקויפט אויף אַ יריד אַ זאַק מיט פעדערן און זיך מיט אים געשלעפּט איבער די פעלדער קיין כעלם. אויפן וועג איז אים פּלוצלינג איינגעפאַלן: דער ווינט בלאָזט דאָך איצט אין דער ריכטונג צו כעלם, נאָכוואָס זאָל ער טראָגן די משא אויף די פּלייצעס, ער וועט זיי לאָזן מיט דעם ווינט. דער ווינט וועט זיי שוין ברענגען צו אים אהיים.

דאָ זעען מיר, ווי דער כעלעמער פאַרטרויט אפילו דעם ווינט זיין פאַרמעגן. דער כעלעמער גלויבט.

איך וויל נאָך דערמאָנען די באַרימטע מעשה, ווי די כעלעמער לאָזן זיך אַרויס איבער דער וועלט, כדי צו זוכן יושר.

פון די עטלעכע דערמאָנטע מעשיות אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז די נשמה פון כעלעמער. די נשמה, וואָס בענקט נאָך שיינקייט, וואָס איז פול מיט רחמים, וואָס פאַרמאָגט גלויבן, וואָס זוכט יושר. וואָס פאַר אַ מידות טובות האָט אַלץ דער כעלעמער!

אמת, דער כעלעמער דערגרייכט זעלטן זיין ציל, ער ליידט כסדר מפּלות אין זיינע זוכענישן, איינפאַלן, נאָר אַזאַ איז שוין לרוב זייט די וועלט שטייט דער גורל פון די ערלעכע און גערעכטע.

פאַרשיידענע יידישע שרייבער האָבן געפּרוּווט געבן אַ קינסטלערישן תיקון די כעלעמער מעשיות, יעדער אויף זיין אופן. צי האָט שלום עליכם זיך נישט געמוסטערט אויף כעלם, בעת ער האָט געשאַפן כתרילעווקע? צי האָט ער נישט געזען די כעלעמער, בעת ער האָט געשטאַלטיקט די קליינע מענטשן מיט די גרויסע השגות?

ס'זיינען אונטערגעגאַנגען הונדערטער יידישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, אָבער כעלם של מעלה איז נישט פאַרניכטעט געוואָרן. כעלם איז געשאַפן געוואָרן פון יידישן פאָלק און וועט ווייטער לעבן ווי דאָס פאָלק. מיר האָבן ביי יציאת פּוילן מיט זיך מיטגענומען אַזויפיל פּיין און אומגליק, נייטיקן מיר זיך אוודאי אין אַ ביסעלע פרייד. לאָמיר זיך דעריבער נאָך און נאָכאַמאָל איבערדערציילן די מעשיות וועגן די גוטמוטיקע, תמימותדיקע כעלעמער יידן.

א נ ש י  ש ם

א ו ן

פערזענליכקייטן,

ט י פ ן

א ו ן

ג ע ש ט אַ ל ט ן

יוסף מילנער, פאַריז

# אנשי שם און פּערזענלעכקייטן



יוסף מילנער

כעלם איז שטענדיק געוועזן אַן „עיר ואם בישראל“, און זי האָט געשמט אויף דער וועלט נישט נאָר דורך די מעשיות מיט וועלכע זי האָט אַזוי רייך געמאַכט אונדזער יידישן פאָלקלאָר. כעלם איז איינע פון די עלטסטע יידישע קהילות אין פּוילן.

מיט קנאַפּע 500 יאָר צוריק האָבן שוין יידן געלעבט אין כעלם. אין פאַרלויף פון זיבעצנטן יאָרהונדערט האָט זיך זיי אפילו מאַטעריעל געלעבט אויסגעצייכנט. אין 1529 האָט דאָרט געלעבט אַ ייד, ר׳ יידל, מען פלעגט אים רופן אין פּויליש „דאָקטאָר יודקא“ און דער פּוילישער קיסר האָט אים באַשטימט פאַר אַ רב פון דריי געגנטן: כעלם, לובלין און בעלזשעץ. זיין מאַכט איז געוועזן גרויס און נאָך גרעסער — זיין מאָראַלישע השפּעה.

אין כעלם איז געוועזן אַן אַלטע שוהל, ווו די לאָדנס זיינען געוועזן אויף דעם בוידעם... מען פלעגט לאַכן און זאָגן: כעלעמער נאַראָנים!... אָבער דער אמת איז, אַז דאָס האָט זיך דאַטירט פון 1582, ווען אַ שונא ישראל, טימאָש, האָט געוואָלט אומברענגען די כעלעמער יידן און זיי האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט אויף דעם בוידעם פון שוהל. און אין פאַרלויף פון אַ סך דורות האָבן זיי נישט איינמאָל געדאַרפט אויף אַזא אופן זיך ראַטעווען. אין דעם טרויער־באַרימטן צייטאָפּשניט פון „גזירות ת״ח ות״ט“ זיינען אין כעלם אומגעקומען על קידוש השם העכער פיר הונדערט יידן.

די רשימה פון די באַרימטע כעלעמער רבנים איז זייער גרויס. מיר ווילן דאָ נאָר פאַרצייכענען עטלעכע פון זיי: רב אליהו בעל־שם, דער זיידע פון חכם צבי (דער לעצטער איז געוועזן דער פאָטער פון ה׳ יעקב עמדין). ער איז געבאָרן געוואָרן אין כעלם, אין 1550. דער „חכם־צבי“ האָט געשריבן, אַז ר׳ אליהו בעל־שם, האָט געשאַפן אַ „גולם“. ארום אים האָבן זיך געוועבט פיל לעגענדעס אין כעלם, ווי צ.ב., אַז ער האָט נישט דערלויבט צו שטעלן אַ מצבה נאָך זיין טויט. אויף דעם כעלעמער בית־עולם איז געוועזן אַ בערגל און מען פלעגט שטענדיק ווייזן: דאָס איז דער קבר פון ר׳ אליהו בעל־שם!...

דער מהרש״א איז געוועזן רב אין כעלם אין פאַרלויף פון צען יאָר. דאָס איז געוועזן אפילו זיין ערשטע רבנות. דער באַרימטער „בעל מדקדק ר׳ שלמה חעלמאָ, דער בעל „מרכבת המשנה“, איז פון כעלם געוואָרן רב אין סאַלאָניקי.

אין 1789, אין יאָר פון דער רעוואָלוציע אין פראַנקרייך, האָט אַ כעלעמער ייד, הערשקע יאָזעפּאָוויטש, אָנגעשריבן אויף פּויליש אַ בראָשור: „געדאַנקען ווי אַזוי צו מאַכן פון די פּוילישע יידן אמתע פּוילישע בירגער“.

ווי געזאָגט, די ליסטע פון מערקווערדיקע יידן פון כעלם און אומגעגנט איז גרויס און זי איז צו לאַנג, כדי זיך אָפּצושטעלן אויף יעדערן באַזונדער, דעריבער וועל איך זיך באַגנוגענען נאָר מיט די וויכטיקסטע פּערזאָנען:



## ר׳ אליהו בעל־שם

די כעלעמער „חברה קדישא“ איז געוועזן שטאָלץ מיט צוויי זאכן: זיי פלעגן אלעמען באווייזן די מצבה פון יאָר ח״ית און דאָס בערגל, אונטער וועלכן ס׳איז געוועזן דער קבר פון ר׳ אליהו בעל־שם. כ׳האָב גוט געקענט אָט דיביידע זאכן. איך האָב אליין געזען די מצבה פון „ח“, ד.ה. 400 יאָר פאַר גזירות ת״ח ות״ט פון באָגדאַן כמעלניצקי. מיין ברודער, דר. שמעון מילנער, אין זיין „לקורות היהודים בחעלם“, האָט אפילו איבערגעשריבן און אָפּגעדרוקט דעם אינהאַלט פון דער מצבה, אָבער מיר אַלע, אין מיין פאָטערס הויז, האָבן געהאַט גרויסע ספיקות וועגן דעם. מיר זיינען געוועזן זיכער, דאָס אַן אות פאַר דעם „ח“ אָדער נאָך אים איז מיט דער צייט געוואָרן אָפּגעמעקט.

אָבער דאָס בערגל, ווו ס׳איז געוועזן באַגראָבן ר׳ אליהו בעל־שם, איז א פאַקט. אין כעלם האָט געלעבט א לעגענדע וועגן ר׳ אליהו בעל־שם. מען האָט דערציילט, אַז אין טאָג פון זיין לוויה זיינען אלע „טומאות“ איינגעזונקען געוואָרן... און ר׳ אליהו בעל־שם — פאַר זיין פטירה — האָט געבעטן די שטאָט־פּרנסים, אַז מען זאָל אויף זיין קבר נישט שטעלן קיין מצבה. אַזוי ארום איז געשאַפן געוואָרן דאָס ב ע ר ג ל.

— און ווער איז געוועזן ר׳ אליהו בעל־שם ?...

ער איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1550, — ד. ה. מ י ט 400 י אָ ר צ ו ר י ק, — אין כעלם גופא. ער האָט געלערנט תורה אין לובלין, ביי ר׳ שלמה לוריא, און איז געוואָרן שפּעטער רב אין כעלם. ער האָט אָנגעשריבן א באַרימטן ספר „פּסקי־דינים“ און ער האָט געשאַפן א קאָדעקס פאַר די עגונות.

ר׳ צבי הירש אשכנזי, דער באַרימטער „חכם צבי“, איז געוועזן זיין אייניקל. מען דאַרף זיך דעראינערן דעם גרויסן איינפלוס פון ר׳ צבי אשכנזי אויף דעם יידנטום פון זיין יאָרהונדערט. זיין אייניקל איז געוועזן ר׳ יעקב עמדין אליין, איינער פון די גרעסטע רבנים פון זיין דור און דער גרויסער קעמפער קעגן שבתי צבי.

אַזוי, אַז מיר, כעלעמער, קאָנען אפשר זאָגן, און מיט רעכט, אַז ר׳ יעקב עמדין איז אויך געוועזן פון כעלעמער אָפּשטאַמונג. דאָס בערגעלע פון אונדזער אלטן בית־עלמין איז אַן עדות.

## דער מהרש״א

דער מהרש״א איז געוועזן רב אין כעלם, ווו ס׳איז, אפילו, געוועזן זיין ערשטע רבנות. ער איז אָנגעקומען קיין כעלם אין 1610. עס זיינען פאַראַן ביאָגראַפן פון מהרש״א, וואָס זאָגן, אַז ער איז געוועזן צען יאָר רב אין כעלם, אנדערע — דאָס ער איז פאַרבליבן אויף דעם פּאָסטן נאָר ביז 1614, און פון דאָרט איז ער אוועק קיין לובלין, ווו ער האָט זיך געשטעלט בראש פון זיין גרויסער און באַרימטער ישיבה, צו וועלכער ס׳האָבן זיך געצויגן יידישע יונגע לייט פון אלע עקן וועלט, אפילו פון פראַנקרייך און פון איטאַליע. דער נאָמען פון מהרש״א, אין יענע צייטן, איז געוועזן דער פּאָפּולערסטער צווישן אלע רבנים.

ער איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1555, און ווי מען זאָגט, אין כעלם. געשטאָרבן איז ער אין 1631 אין שטעטל אָסטראָג, און זיין נאָמען איז געוועזן ר׳ שלמה אליעזר בר׳ יהודה אידעלס. זיין עפּאָכע איז געוועזן דער „תור הזהב“ פון דער רבנישער ליטע־

ראטור. דער מהרש"א האָט זי נאָך מער דערפרישט און אין איר ארייגעטראָגן אַ שיינעם סטיל און א גרויסע וויסנשאַפט, וועלכע האָט זיך נאָך אָנגעהויבן ביי אונדז אין כעלם.

## דער „בעל מרכבת המשנה"
## (ר' שלמה חעלמא)

מען פלעגט שרייבן זיין נאָמען אין אונדזערע אלטע ספרים: ר' שלמה חעלמאַ. די גאַנצע יידישע וועלט פלעגט אים רופן דער „בעל מרכבת-המשנה", ווייל זיין בארימט בוך האָט געטראָגן דעם נאָמען: „מרכבת-המשנה", וואָס איז געווען א פּירוש צום רמב"ם. דאָס בוך איז דערשינען אין יאָר 1751 אין פראַנקפורט ביים טייך אָדער.

מען רופט אים איבעראל ר' „שלמה חעלמאַ", אָבער ער איז געווען געבאָרן אַ זאַמאָשטשער. ער איז נאָר געווען רב אין כעלם און דאָרט האָט ער געשריבן זיינע בארימטע ספרים. ר' שלמה חעלמאַ האָט חוץ דעם „מרכבת המשנה", אָנגעשריבן אַ „שולחן ערוך" און אויך א ספר: „שערי נעימה", „חוג הארץ".

ר. שלמה חעלמאַ איז געווען א בארימטער בעל-דיקדוק, און א געאָגראַף („חוג הארץ" הייסט זיין ארץ-ישראל-ביאָגראַפיע) און אַ סך שאלות ותשובות. ר' שניאור זלמן האָט געהאַלטן ר' שלמה חעלמאַ'ן פאַר די גרעסטע אויטאָריטעט פון הלכה און פון די דינים.

— און ווייסט איר ווו ר' שלמה חעלמאַ איז נסתלק געוואָרן?

אין סאַלאָניקי!... ער איז געשטאָרבן אלס רב פון סאַלאָניקי. אין יענע צייטן, ווי מען זעט, איז דער וועג פון כעלם ביז סאַלאָניקי, נישט געווען אזוי גרויס. מען האָט זיך געביטן אפילו מיט די רבנים.

און היינט?... די צוויי אלטע קהילות סאַלאָניקי און כעלם עקסיסטירן נישט מער. דער זעלבער נאַצי האָט זיי חרוב געמאכט. איז עס ניט דער זעלבער וועג און גורל?

## ר' אברהם בן יוסף פון כעלם

אזוי רופט מען אים און אונטער דעם נאָמען פיגורירט ער אין פיל ענציקלאָפּעדיעס. א בארימטער בעל-פּיוט. די פראַנצייזישע יידן, — איבערהויפּט פון דרום-פראַנקרייך, — האָבן שטענדיק שטאָלצירט, דאָס די פּיוטים זיינען געשאַפן געוואָרן אויף דעם פראַנצייזישן באָדן, ווייל דער פראַנצייזישער בלויער הימל האָט משפיע געווען אויף די שטימונגען און מעורר געווען צו דיכטונג... ווי איר זעט קאָנען מיר זיך נישט שעמען אויך מיט אונדזער כעלעמער הימל.

„ר' אברהם בן יוסף פון כעלם" איז נישט געווען צופעליק אין כעלם. ער איז אַ כעלעמער מלידה ומבטן. ער איז געבאָרן געוואָרן ביי אונדז אין כעלם און מען ווייסט די דאַטע פון זיין פטירה (1650). דאָס הייסט ער איז געבאָרן געוואָרן און געלעבט אין כעלם מיט העכער דריי הונדערט יאָר צוריק און ער איז געווען רב אין כעלם.

אין 1607-טן יאָר האָט מען ארויסגעגעבן אין קראָקע, אין צוויי בענד, א בוך פון פאָעמען („בק שרת") פון אונדזער ר' אברהם בן יוסף. דער בארימטער צונץ אין זיין ליטעראַטור-געשיכטע פון דער סינאַגאָגאַלער פּאָעזיע האָט אים געווידמעט א חשובן פּלאַץ, לויבנדיק זיין גרויסן טאַלענט. דער היסטאָריקער שטיינשניידער האלט, דאָס ער איז געווען איינער פון די גרעסטע רעליגיעזע דיכטער פון זיינע צייטן. זיין בוך, וואָס איז געדרוקט אין קראָקע, איז שוין נישט מער פאראן אויף דער וועלט. אין פארלויף פון אזוי פיל יאָרהונדערטער איז ער פארלאָרן געגאַנגען.

ס'איז פאראן נאָר איין עקזעמפּליאר אין בריטישן מוזיי. דאָס איז דער איינציקער עקזעמפּליאַר אויף דער וועלט און זעדנער האָט רעגיסטרירט דאָס בוך אין זיין בארימטן קאַטאַלאָג פון „בריטישן מוזיי". אין „אור-החיים" ווערט אויך דערמאָנט דער נאָמען פון ר' אברהם בן יוסף פון כעלם, ווי א גרויסער פּאָעט.

## ר' יצחק בן יוסף האָכגעלערנטער

געווען איינער פון די בארימטסטע תלמודיסטן אין פוילן, א למדן בן למדן. זיין פּאָטער איז שוין געווען בארימט אין דער יידישער וועלט אלס רב אין זאמאָשטש און ר' יצחק בן יוסף איז געווען רב אין כעלם (נאָך דעם טויט פון זיין פאָטער האָט ער פארלאָזט כעלם און אָנגענומען די רבנות אין זאמאָשטש, ווו ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1825). דעם פאַמיליע-נאָמען, דעם צונאָמען „האָכגעלערנטער" האָבן אים געגעבן אנדערע, צוליב זיין גרויסער בקיאות און גרויסן וויסן. ער אליין איז געווען אַ עניו, א „נחבא אל הכלים" און פלעגט זיך שטענדיק חתמענען בלויז „ר' יצחק בן יוסף". ער האָט שוין אין יענע יאָרן באזיצט שפּראַכן: ער האָט געקאָנט פראַנצויזיש, דייטש און פויליש. יידן האָבן מיט אים שטאָלצירט. זיינע קינדער האָבן שפּעטער זיך צעזייט און צעשפּרייט אין פיל לענדער און בכלל איז די משפחה „האָכגעלערנטער" געוואָרן אומעטום בארימט, אָבער איר וויגעלע איז געשטאַנען ביי אונדז, אין כעלם.

אין יאָר 1800 איז דערשינען אין לעמבערג זיין באקאנט בוך „זכרון יצחק", אין צוויי חלקים: דער ערשטער איז באשטאַנען פון פארשיידענע „שאלות ותשובות", ארויסווייזנדיק א טיפע בקיאות אין אלע הלכות און זיי סיסטעמאַטיש באארבעט פאַר אַ ברייטערן עולם; אין צווייטן חלק זיינען געווען זיינע פירושים צום חומש און צו די פינף מגילות. אין די פירושים פון די לעצטע האָט ער באוויזן א גרויסן טאַלענט פון א „פּאָפּולאַריזאַטאָר", ווייל ער האָט פארשטאַנען, אז די מגילות קאָנען ווערן א באַזע פאַר אַ פאָלקסטימלעכן צוטריט צו די יידישע מאַסן און עפענען פאַר זיי די טויערן פון אונדזערע גרויסע אוצרות. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ „חוט המשולש" — דברי תורה, און אויך אַלס אַ „הוספה" צו זיין פאָטערס ספר „משנת החכמים".

## דער „תוספות יום-טוב" אין לודמאַר און אין לובאַמל

ר' יום-טוב ליפּמאַן העלער, וואָס די גאַנצע יידישע וועלט קאָן אונטער דעם נאָמען דער „תוספות יום-טוב", איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1579 אין א קליין בייעריש שטעטל וואַלדערשטיין. ער איז נישט נאָר געווען א בארימטער רב, דער גרעסטער למדן פון זיין דור, וואָס האָט געהאַט די גרעסטע אויטאָריטעט (און זיין „פּסק" האָט זיך גערעכנט ביי יידן פאַר א „דין"). ר' יום-טוב ליפּמאַן איז אויך געווען א גרויסער געזעלשאַפטלעכער טוער, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן א דין וחשבון, סיי וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פון יידנטום פון זיין עפּאָכע, סיי וועגן דער מאָראַלישער לאַגע אין די געטאָס פון יענער תקופה. ער האָט געקעמפט פאַר נייע אויסבעסערונגען און דאָס האָט קעגן אים ארויסגערופן א שטאַרקע אָפּאָזיציע. ס'זיינען געווען קנאים, וואָס האָבן אים געמסרט אלס א... רעוואָלוציאָנער!

ר' יום-טוב ליפּמאַן העלער איז געווען דער הויפּט-ראבינער פון גאַנץ טשעכיע און ער האָט געהאַט א „כסא-הרבנות" אפילו אין ווין אליין. און די מסירה איז באשטאַנען אין דעם, אז מען האָט געלייענט „צווישן די שורות" פון זיינע ספרים. מען האָט אָנגעוויזן, אז אין זיין „מלך-מעדנים" קריטיקירט ער דאָס קריסטנ-

טום. מען האָט אין יענע צייטן נישט געקאָנט געפינען א גרעסערן חטא אויף א יידישן רב, און דעם 26־טן יוני 1629 האָט מען אים ארייגעוואָרפן אין תפיסה.

זיין פּראָצעס האָט שוין דאַן אויפגערודערט אלע יידישע ישו־בים. ר׳ יום־טוב ליפּמאַן האָט זיך פאַרטיידיקט מיט שטאָלץ. ער האָט געענטפערט אויף אלע אַטאַקעס, אפילו אויף די, ווו מען האָט אים פאַרגעוואָרפן, אז ער האָט געטאַדלט יעזוסן אליין... ער האָט געזאָגט זיינע ריכטער, אז אלס רב און אַלס ייד וועט ער שטענדיק פאַרטיידיקן זיין אמונה, אפילו ווען ס׳וועט אים דראָען דער טויט.

און דער פּסק פון די ריכטער איז געווען דער פּאַלגענדיקער: כאָטש ער פאַרדינט טויט־שטראָף, נאָר דער עסטרייכישער קיסר יר״ה („ירום הודו״, אין עסטרייך פלעגט מען ביי יידן טאַקע רופן: „קיר״ה״), באַגנעדיקט אים און פאַרוואַנדלט זיין שטראָף אויף געלט (צוועלף טויזנט טאַלער).

יידישע קהילות האָבן דאַן צונויפגעזאַמלט די סומע, וואָס איז שפּעטער פאַרקלענערט געוואָרן ביז צען טויזנט טאַלער. דער „תוספות־יום־טוב״ איז ניצול געוואָרן. אָבער ער האָט פאַר־לאָזן דאָס לאַנד און אוועק קיין וואָלין. ער איז געוואָרן רב אין לודמאַר (וולאַדימיר־וואָלינסק), און א לענגערע צייט געווען אויך רב אין לובאָמל. און דער „תוספות־יום־טוב״ האָט אויך אין וואָלין זיך פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער ארבעט. ער האָט דאָרט אָרגאַניזירט א „וועד״, אַ קאָמיטעט פון די וואָלינער יידן, ווו מען האָט רעפאָרמירט די עקסיסטענץ פון די יידישע קהילות, און זייערע תקנות. מען האָט אין יענע צייטן, למשל, אין וואָלין, פּשוט געהאַנדלט מיט רבנישע פּלעצער. ער האָט אויסגעוואָרצלט די אָ אַלע מנהגים. ער האָט אפילו דורכגעפירט, אז רבנים דאַרפן נישט באַקומען קיין שכירות, כדי צו האָבן פרייהייט אין זייערע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס.

אויך דאָ האָט זיין טעמפּעראַמענט ארויסגערופן קעגן אים אַן אָפּאָזיציע, הויפּטזאַכלעך, צווישן די גבירים און די „קהילהשע געשעפט־מאַכערס״. ער איז אוועק פון וואָלין און געוואָרן רבי אין קראָקע. דאָס איז געווען די העכסטע באַלוינונג אין יענע צייטן, ווען מען איז געשטאַנען אויף דער שוועל פון „גזירות ת״ח ות״ט״...

## ר׳ אברהם שטערן פון הרוביעשאָוו, דער באַרימטער מאַטעמאַטיקער און דערפינדער

ר׳ אברהם יעקב שטערן איז געבאָרן געוואָרן אין אונדזער שכנותדיקן הרוביעשאָוו, אין יאָר 1762. שטעלט אייך פאָר דאָס שטעטל, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין יאָר 1400, — מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק?... ס׳איז באַקאַנט אז אין יאָר 1765 זיינען אין הרוביעשאָוו געווען 1.023 יידן!... און דאָרט איז אויס־געוואַקסן אזא אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט ווי ר׳ אברהם שטערן. אז מען רעדט וועגן אים טאָר מען קיינמאָל ניט פאַר־געסן צוגעבן דעם „רב״. ס׳איז געווען אַ טיף־פרומער ייד, מיט אַ לאַנגער באָרד, שטענדיק מיט אַ יאַרמעלקע אויף דעם קאָפּ, און אין א לאַנגער קאַפּאָטע. אזוי איז ער אויף זיין פאָטאָגראַפיע, וואָס איז פאַרבליבן און וואָס איז אָפּגעדרוקט אין אלע יידישע און אפילו נישט־יידישע ענציקלאָפּעדיעס, אין דער אָ טראַכט פלעגט ער זיך פאַרשטעלן פאַר קיסרים און פאַר די „גרעסטע״ פון זיינע צייטן.

ער האָט אָנגעהויבן זיין „קאַריערע״ אין הרוביעשאָוו אַלס א זייגער־מאַכער. און דאַן איז ער דערגאַנגען צו פּערפעקציאָ־נירן דעם מעכאַניזם פון די זייגערס. דאָס האָט פאַראינטערע־סירט דעם באַרימטן סטאַשיץ, וואָס איז געווען דער בעל־הבית פון גאַנץ הרוביעשאָוו. א מאָדנער מענטש איז געווען דער פּאָ־ליאַק סטאַניסלאַוו סטאַשיץ. ער האָט געהאַלטן, אז מען דאַרף אלע פּוילישע יידן אריינזעצן אין א נייער געטאָ, כדי זיי דאָרט איבער־דערציען און מאַכן פאַר ווירדיקע בירגער. סטאַשיץ האָט זיך באַקענט מיט ר׳ אברהם שטערן און איז געוואָרן דערשטוינט פון דעם יידן... ווי איז צו דעם הרוביעשאָווער יידן געקומען אזא גרויסער וויסנשאַפטלעכער עקספּערימענט?... ער האָט אים געגעבן די מיגלעכקייט זיך צו באַזעצן אין וואַרשע און דאָרט ספּעציעל שטודירן מאַטעמאַטיק. ער האָט געמאַכט גרויסע פּאָרטשריטן, אויסגעלערנט אייניקע פרעמדע שפּראַכן. און אין יאָר 1812 איז אים געלונגען צו שאַפן אַ מאַשין, וואָס רעכנט, און דאָס האָט אויפגערודערט די גאַנצע וועלט. מען האָט אים אויסגעקליבן פאַר א מיטגליד פון דער פּוילישער אקאַדעמיע (מען האָט זי גערופן די „קייזערלעכע געזעלשאַפט פון פריינד פון דער וויסנשאַפט״). ער איז געזעסן, אין זיין קאַפּאָטע און אין זיין יאַרמעלקע, ביים טיש מיט די גרעסטע אַריסטאָקראַטן פון יענער צייט. מען האָט אים באַשטימט א יערלעכע פּענסיע פון 200 דאָלאַר. מען האָט אים צוויי מאָל פאַרגעשטעלט דעם רוסישן צאַר אלעקסאַנדער דעם ערשטן און ער פלעגט זיין א „יוצא־ונכנס״ ביי ראַדזיווילן. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אז ר׳ אברהם שטערן איז געווען אזוי פרום, אז ווען מען האָט אים פאַרגעלייגט זיך צו שטעלן אין דער שפּיץ פון וואַרשעווער ראַבינער־סעמינאַר, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט, ווייל ס׳איז קעגן זיינע רעליגיעזע קאָנצעפּ־ציעס... דער הרוביעשאָווער מאַטעמאַטיקער און דערפינדער איז געווען א קאָנסערוואַטער!...

ארום ר׳ אברהם שטערן איז געשאַפן געוואָרן א גרויסע ליטעראַטור אין פּויליש, רוסיש און העברעאיש. דער „מאַטעמאַ־טיקער״ איז אויך געווען א „דיכטער״. ער האָט אָנגעשריבן א בוך פון „שירים״, און ער האָט געהאַט א גרויסן איינפלוס אויף דעם ביאַליסטאָקער חיים זעליג סלאָנימסקי, דעם „אַסטראָנאָם״, וואָס איז געווען אזוי באַליבט דורך אלעקסאַנדער הומבאָלדטן, און וואָס האָט געגרינדעט דעם „הצפירה״. ר׳ אברהם שטערן איז גע־שטאָרבן אין וואַרשע אין יאָר 1842.

## די טאָמאַשאָווער ר׳ שמחה פינסקער און זיין זון ד״ר לעאָן פינסקער, דער מחבר פון „אויטאָ־עמאַנסיפּאַציע״

אין א סך פון אונדזערע אַלמאַנאַכן איז מען באַגאַנגען א טעות. מען האָט געשריבן, אז ר׳ שמחה פינסקער איז געבאָרן געוואָרן אין טאַרנאָפּאָל און ד״ר לעאָן פינסקער — אין טאָמאַשאָוו. דער אמת איז, אז דער פאָטער און דער זון זיינען געבאָרן געוואָרן אין ט אָ מ אַ ש אָ וו, וואָס געהערט צו דער אומגעגנט פון כעלם. ר׳ שמחה פינסקער איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1801 און ד״ר לעאָן אין 1821 (זיי זיינען ביידע געשטאָרבן אין אָדעס אין 1864 און 1891).

ר׳ שמחה פינסקער איז געווען א באַרימטער אַרכעאָלאָג און סתם א גרויסער געלערנטער. זיין פאָטער איז שוין געווען א גרוי־סער משכיל און אין א שטענדיקן קאָנטאַקט מיט די גאַליציאַנער באַרימטע וויסנשאַפטלעכער. ר׳ שמחה פינסקער האָט זיך וועלט־באַרימט געמאַכט מיט זיינע אויספאָרשונגען בנוגע די קאַראַימער, די צאַרישע רעגירונג האָט אים געשענקט צוויי גאָלדענע מעדאַלן. די אָדעסער יידישע קהילה האָט אים באַשטימט א יערלעכע פּענ־

סיע, כדי ער זאָל קאָנען רואיק אַרבעטן אויף זיין געביט. זיין „לקוטי־קדמוניות" רעכנט זיך פאַר איינעם פון די גרעסטע ווערק, וואָס וואַרפן אַ ליכט אויף פיל היסטאָרישע פאַקטן. בכלל האָט ער אין פאַרלויף פון זיין לעבן אָנגעשריבן צענדליגער גרויסע היסטאָריש־אַרכעאָלאָגישע אַרבעטן, אפילו בנוגע צו דער אַנטוויקלונג פון דער העברעאישער שפּראַך. זיין טויט האָט ארויסגערופן, אין יענע יאָרן, א גרויסן טרויער צווישן יידן.

— דאַרף מען ספּעציעל שרייבן וועגן זיין זון, ד״ר לעאָן פּינסקער ?

ער איז דאָך דער מחבר פון „אויטאָ־עמאַנסיפּאַציע", וואָס איז געווען די הקדמה פון הערצלס „יודענשטאַט" און איינער פון די גרינדער פון דער „חיבת־ציון"־באוועגונג (צוזאמען מיט דעם אנדערן זאַמאָשטשער, אלכסנדר צעדערבוים) און ער איז אויך דער אָרגאַניזאטאָר פון דער באַרימטער „קאַטאָוויצער אסיפה", וואָס איז געווען דער „פּרוזדור" פון ציוניסטישן קאָנגרעס.

אין טאָמאַשאָוו זיינען געווען א סך עלטערע יידן (ארום 1905), וואָס האָבן נאָך געדענקט דעם פאָטער און דעם זון. מיר אליין האָט מען אָנגעוויזן א הייזל אין טאָמאַשאָוו, ווו ר' שמחה האָט געוווינט און ווו ד״ר לעאָן איז געבאָרן געוואָרן. איך האָב וועגן דעם געשריבן אין 1916 אין מאָסקווער „יעווריעיסקאַיאַ זשיזן" (וואָס איז ארויס אנשטאָט דעם — דורך דער צענזור־פארמאכטן אין פּעטערבורג — „ראזסוועט") און איך האָב געהאַט דעם כבוד, דאָס א. דרויאַנאָוו, אין זיינע ווערק, האָט ציטירט מיין דאָזיקע ארבעט.

## י. ל. פּרץ אין זיין געבאָרן־שטאָט, אין זאַמאָשטש

זאַמאָשטש האָט זיך שטענדיק גערעכנט פאַר אַן . . . „אינטעליגענטע" שטאָט אין לובלינער געגנט, און מען פלעגט ריידן וועגן זאַמאָשטש מיט א גרויסן רעספּעקט :

— ביי אונדז, איז א פאַרוואָרפן ווינקל . . . ווען איר וואָלט אָבער געזען זאַמאָשטש ! . . . וואָס פאַר א שטאָט, וואָס פאַרא מענטשן ! . . .

זאַמאָשטש איז געווען די שטאָט פון ד״ר עטינגער, דער פּיאָנער פון דער השכלה, דער פּאָפּולערער מחבר פון „סערקעלע", דער גייסטרייכער קרילאָוו פון דער יידישער ליטעראַטור ; ווי אויך פון יעקב אייכענבוים, זיין טאַטע האָט געהייסן משה געלבבער. א זאַמאָשטשער, און אין 1840 האָט ער פאַרעפנטלעכט (א חוץ פיל אנדערע זאכן) זיין באַרימטן העברעישן „הקרב", ווי ס'ווערט אין שיינע „שירים" באשריבן א שאַך־שפּיל ; אין זאַמאָשטש איז געבאָרן געוואָרן אלכסנדר צעדערבוים (אין יאָר 1816) איינער פון די באַרימטסטע זשורנאַליסטן און געזעלשאפטלעכע טוער פון זיין עפּאָכע. ער האָט געגרינדעט דעם „המליץ", און זיין קאָרעספּאָנדענט אין זאַמאָשטש איז געווען ר' דוד שיפּמאַן, וואָס האָט איינמאָל צוגעשיקט א קאָרעספּאָנדענץ וועגן דער זאַמאָשטשער מקווה . . . און צעדערבוים איז ארויס מיט א ספּעציעלן ארטיקל : „ס'איז א סקאַנדאַל, אז אין מיין געבאָרנשטאָט, זאָל די מקווה זיין שמוציק . . ."

און אין זאַמאָשטש איז געבאָרן געוואָרן יצחק לייב פּרץ.

פּרצ'עס פאָטער איז געווען א האָלץ־סוחר און אַ ליפעראַנט פאַר מיליטער. ער פלעגט קומען אלע שבת אין בית־המדרש אָנגעטאָן אין אַ צילינדער. דאָס איז געווען דער בית־המדרש פון די „דייטשן". אזוי האָט מען גערופן אין זאַמאָשטש א גאנצע גרופּע אייגענע מענטשן, פון דור־דורות זאַמאָשטשער, ווייל זיי פלעגן זיין קורץ אָנגעטאָן, מיט א „קאַפּעליוש" אויף דעם קאָפּ און אפילו ראַזירט. צווישן די „אפּיקורסים" איז געווען אונדזער פּרצעס פאָטער, דער ד״ר געליבטער און די ברידער מרגליות. זיי האָבן דאָך געגרינדעט א „חברה ש״ס" און צוזאמען מיט זייער רב, ר' שבתי, געלערנט אַ בלאַט גמרא . . . דער בית־המדרש איז געוואָרן, להבדיל, א מין „קלוב". מען פלעגט דאָרט אָנגעמען נאָר די „אַריסטאָקראַטן" פון דער שטאָט און אזוי האָט מען זיי טאַקע גערופן.

— פּרץ ?... דאָס איז דאָך אַן „אריסטאָקראַט" !...

אין דעם בית־המדרש האָט געהאַט א גרויסן איינפלוס משהקע פּרץ, אַ פעטער פון יצחק־לייב ; און זיין שוואָגער איז געווען ר' שמואל לייבוש לעווי, איינער פון די אָריגינעלסטע און פון די שענסטע זאַמאָשטשער יידן. ער איז געווען א גרויסער בעל־צדקה. ער פלעגט יעדער פאַר פּורים שיקן זאַמאָשטשער יידן אויף זיינע קאָסטן, צום בעלזער רבין. זיי פלעגן דאָרט פאַרבלייבן ביז נאָך פּסח. פאַר דער צייט פלעגט ר' שמואל לייבוש לעווי אויסהאלטן זייערע ווייבער און קינדער. זיין „אדיוטאַנט" (היינט וואָלט מען געזאָגט „סעקרעטאַר") איז געווען ר' דוד מאָנטאַג, א פּאָפּולערע פיגור פון יידישן זאַמאָשטש. ער איז געווען א באַרימטער מוהל.

— ר' דוד ?... ער האָט דאָך מוהל געווען אונדזערע אלע בעלי־הבתישע קינדער !...

פּרצעס פאָטער, זיין ברודער משה און ר' שמואל לייבוש לעווי זיינען געווען די גרעסטע נותנים אין זאַמאָשטש. מען פלעגט ביי זיי באַקומען די שענסטע נדבות און דוד מאָנטאַג פלעגט זיין דער ספּעציאַליסט פון געבן „מתן בסתר". אז מען האָט געדאַרפט ראַטעווען א יורד און כדי אים נישט מביש זיין, פלעגט מען שיקן צו דוד מאָנטאַגן. ער האָט געהאַט א גרויסן טאַקט און א טייער האַרץ. ער פלעגט „אריינרוקן" די פּאָר רובל אזוי, אז קיינער האָט זיך נישט געפונען באַליידיקט. און ער האָט געהאַט א גרויסע השפּעה אויף יהושע און יצחק־לייב, ביידע ברידער פּרץ. יצחק־לייב פלעגט וועגן אים ריידן מיט גרויסער ליבע. דוד מאָנטאַג פלעגט זיך אָפּט רימען : „יצחק־לייבוש ?... דאָס איז דאָך מיינער !..."

יהושע פּרץ פלעגט האַנדלען מיט „פּראַכטן". ווי באַקאַנט איז נישט געגאַנגען א באַן קיין זאַמאָשטש און אלע סחורות פלעגן ווערן עקספּעדירט קיין רייוועץ (די דייטשן, ביי דעם ערשטן קריג, האָבן אויפגעבויט די באַן). פון רייוועץ פלעגט מען זיי פירן אויף וואָגנס. און אין רייוועץ פלעגן פאַרפאַלן ווערן סחורות. יהושע פּרץ פלעגט אָפּקויפן די פּראַכטן און האָט איינגעקאַסירט די געלטער (און ס'איז געווען א גאַנץ גוטער עסק).

יצחק־לייב פּרץ האָט ליב געהאַט זיין זאַמאָשטש. ער פלעגט שטאַרק לאַכן ווען ער פלעגט דערציילן דאָס מען רופט די זאַמאָשטשער „קוגל־פרעסערס". די זאַמאָשטשער האָבן געהאַלטן פון אכילה. און אין די פרומע שטעטלעך ארום האָט מען זיי געהאלטן פאַר „אויסגעלאַסענע". אין שעבערשין, למשל, האָט מען נישט געוואָלט זיך משדך זיין מיט זאַמאָשטש . . . יצחק־לייב פּרץ פלעגט מיט א גרויסן פאַרגעניגן דערמאָנען די צייטן ווען ער איז געווען אַן „אדוואָקאַט" אין זאַמאָשטש. זיינע „פּראָשעניעס" זיינען געווען באַרימט. ער האָט אמאָל, אין אַן ענגן קרייז פון זיינע באַקאַנטע, דערציילט, אז אלס אדוואָקאַט האָט ער געדאַרפט שנעל פאָרן קיין שעבערשין. די איינציקע קאָמוניקאַציע איז געווען דער בעל־עגלה, א געלער ייד, מיט צוויי אונטערגעלאָפּענע אויגן און מיט צוויי געפּגרטע פערד. ער פלעגט אלע טאָג אָנקומען קיין זאַמאָשטש מיט צען ווייבער און פופצן יידן.

פּרץ האָט אים צוגערופן און געזאָגט :

— שלמה, דו באקומסט דריי רובל, אָבער דו וואַרטסט נישט אויף קיין „עולם“ און מען פאָרט תיכף!...

— זעצט אייך אריין!

ווי נאָר ער האָט זיך גערירט, איז ארויסגעשפרונגען א יידענע פון א געוועלב: „שלמה, דו פאָרסט שוין!...“ שלמה האָט זיך אָפּגעשטעלט און די יידינע האָט ארויסגעטראָגן די פעקלעך און זיך אריינגעזעצט. ביז דער בעל־עגלה איז ארויס פון זאמאָשטש האָט ער געהאַט א מנין יידן און יידענעס. ער האָט פארשטאַנען, אז פרצן איז די מעשה נישט געפעלן, און ער האָט אים געזאָגט:

— פאַניע פרץ, אַז איך וועל אָנקומען קיין שעבּערשין נאָר מיט איין פּאַסאַזשיר וועט מען דאָך זאָגן אז שלמה איז משוגע געוואָרן!...

## ר׳ יעקב רייפמאַן פון שעבּערשין

אַ קהילה קדושה, שעבּערשין. אַ בלאָטע, ווו מען האָט געקאָנט זומער איינגעזונקען ווערן, פון אפשר בסך־הכל טויזנט יידישע משפחות אין אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט. ס׳איז אמת, אז באָגדאַן כמעלניצקי איז דאָרט געווען אין יאָר ת״ח און אויסגעראָטן אַלע יידן. און דאָך, אין דעם שעבּערשין האָט געלעבט, געלערנט און געשריבן זיינע ווערק און בוכשטעבלעך געשמט איבער דער גאַנצער יידישער וועלט אזא פערזענלעכקייט ווי ר׳ יעקב רייפמאַן. איך האָב געקאָנט מענטשן, וואָס פלעגן גיין צופוס פון זאַמאָשטש קיין שעבּערשין כדי צו זען און צו ריידן מיט ר׳ יעקב רייפמאַנען און, צווישן זיי, מיין אייגענער פאָטער, וואָס איז געווען מיט אים אין אַ שטענדיקער קאָרעספּאָנדענץ.

ער אליין איז אפילו געבאָרן געוואָרן (אין יאָר 1818) אין אַ דערפל ביי אָפּאַטאָוו, אָבער ער האָט חתונה געהאַט צו זיבעצן יאָר אין שעבּערשין און דאָרט פאַרבליבן זיין גאַנץ לעבן, ביז דעם יאָר 1895, ווען ער איז געשטאָרבן. ער האָט פאַקטיש געהערט צו דער גרויסער פלעיאַדע פון די באַרימטע יידישע וויסנשאפטלער, די שאַפער פון די „חכמת היהדות“, ווי ש. י. ראַפּאָפּאָרט, דער טאַרנאָפּאָלער רב, אברהם גייגער, דער היסטאָריקער יאָסט, דער איטאַליענער שמואל דוד לוצאַטו, סעניאָר זאַקס, דער ליטווישער ייד פון פאריז, דער קריסט פראנץ דעליטש א.ז.וו. מיט די אלע פלעגט ער קאָרעספּאָנדירן. אייגנטלעך זיי פלעגן צו אים שרייבן, פרעגן ביי אים פירושים אויף טעקסטן, וואָס זיי האָבן שלעכט פאַרשטאַנען און זיין מיינונג איז געווען פאר זיי אן אמתער ליטעראריש־וויסנשאפטלעכער פּסק־דין. דער גרויסער דיכטער יהודה ליב גאָרדאָן האָט אים געווידמעט לידער און אים אויפגעהייבן ביז צום הימל. ר׳ משה מאָנטעפיאָרי האָט אים פון לאָנדאָן קיין שעבּערשין געשיקט אלס א מתנה א גרויסן גאָלדענעם בעכער מיט העברעאישע אויסגעקריצטע ווערטער.

ר׳ יעקב רייפמאַן האָט געשריבן מאָנאָגראַפיעס (ווי, צום ביישפּיל, „תולדות רבנו זרחיה“), און זיין „חוט־המשולש“ האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש. ער האָט דאָרט חוקר ודורש געווען די העברעאישע קענטענישן פון די שעפער פון תלמוד. ס׳זיינען געווען פאַלן ווען ער האָט זיך סקעפּטיש באַצויגן צו זייער דקדוק־וויסן. ער האָט אָנגעשריבן צענדלינגער ביכער און הונדערטער ארטיקלען. ער האָט זיך פארטיפט אין דער יידישער פילאָזאָפיע.

וועגן ר׳ יעקב רייפמאַן איז באַשאַפן געוואָרן א גרויסע ליטעראַטור און ניט נאָר אין אונדזער סאָקאָלאָווס „האסיף“ אָדער אין שפר׳ס „כנסת־ישראל“ און אין אנדערע העברעאישע אויסגאַבן, נאָר מען האָט וועגן אים אויך געשריבן אין אַלע שפּראַכן, אין דייטש, אין ענגליש, אין רוסיש, אין פראַנצויזיש... עס שטעלט זיך באמת די פראַגע: פון וועלכן אוצר האָט ר׳ יעקב רייפמאַן געשעפּט זיין גרויסע ערודיציע אין דעם קליינעם און פארוואָרפּענעם שעבּערשין?...

## ר׳ שלמה יהודה לעדערער
## — (שיל״ר החלמי) —

ער איז געשטאָרבן אין כעלם, אין 1894. איך געדענק נאָך זיין טויט און זיין לוויה. דאָס הייסט מיט 56 יאָר צוריק. ער איז געווען שוין דאַן א זקן פון בערך אכט און זיבעציק יאָר. אזוי, אז מען קאָן רעכענען דאָס ער איז געבאָרן געוואָרן אין כעלם אין יאָר 1816; „פראנץ־יאָזעף אליין איז נאָך דאן אויף דער וועלט ניט געווען“ — וואָלט געזאָגט א גאַליציאַנער. ר׳ שלמה יהודה לעדערער, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין כעלם מיט א 135 יאָר צוריק, האָט געקאָנט פויליש, ווי א פּאָליאַק. זיין פוילישער סטיל איז געווען „שופרא דשופרא“ און זיינע ארטיקלען אין דער דעמאָלטיקער פויליש־יידישער „איזראעליטא“, איז געווען באַרימט, מען האָט זיי אפילו ציטירט אין דער פוילישער ליטעראַטור. ס׳איז אמת, דאָס ר׳ שלמה יהודה לעדערער, איז נישט געווען דער ערשטער ייד אין כעלם, וואָס האָט אזוי גוט געקאָנט די פוילישע שפראַך. נאָך אין יאָר 1789, אין יאָר פון דער גרויסער פראנצייזישער רעוואָלוציע, האָט געלעבט אין כעלם א ייד הירש בר׳ יוסף (Herszko Jòsefowicz), וואָס האָט אין יענעם יאָר, זייענדיק אונטער דעם איינפלוס פון זשאַן זשאַק רוסאָ, אָפּגעדרוקט א פויליש בוך: „געדאנקען ווי צו מאכן פון די פוילישע יידן גוטע בירגער פון לאנד“. (Mysli stosowne do sposobu uformowania Zydòw polskich w pozytecznych Krajowi obywatelów (1789)

אָבער ר׳ שלמה יהודה לעדערער איז אויך געווען א העברעאישער דיכטער, אַ „משורר“. בעת ער איז געשטאָרבן, האָט דער „המליץ“ פאַרעפנטלעכט אַ נעקראָלאָג, אונטערגעשריבן דורך מיין ברודער, שמעון מילנער (וואָס איז דאן בסך־הכל געווען אלט 13 יאָר), און „נ. ס.“ (דער באַרימטער פּסעוודאָנים פון נחום סאָקאָלאָוו) האָט אים געווידמעט אין „הצפירה“ א גרויסן ארטיקל, אין א שווארצער ראַם. נחום סאָקאָלאָוו האָט אים זייער ליב געהאַט און אין זיין „ספר־הזכרון“ האָט ער אפילו אָפּגעדרוקט זיין ביאָגראַפיע, ווייל אונטער דעם פּסעוודאָנים „שיל׳ר החלמי“ (שילער פון כעלם) האָט ר׳ שלמה יהודה לעדערער כמעט אין יעדן ערב־שבת׳דיקן נומער פון „הצפירה“ געדרוקט א „שיר“. עס זיינען דאן אויך געווען ליטעראַרישע זאמלונגען א.נ. „הנצנים“, דער רעדאקטער איז געווען אויך א „הצפירה“־מאן—ה. נ. ניימאַנאָוויטש (דער באַרימטער „הנץ“, וואָס פלעגט שרייבן אלע פרייטאָג אין „הצפירה“ א פּאָפּולערן פעליעטאָן וועגן אלץ, וואָס האָט פּאַסירט אויף דער וועלט, און ער איז געווען, לויט מיין מיינונג, דער ליטעראַרישער „פּאָטער“ פון יאושזאָנען). אין „הנצנים“ פלעגט מען קאָנען לייענען שירים פון אונדזער כעלעמער „שילער“.

ער האָט געהאַט צוויי זין. איך וויל מיר נאָר אָפּשטעלן אויף זיין זון מרדכי לעדערער, אַן אויסערגעוויינטלעכער טיפּ. אין די ערשטע יאָרן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג איז ער געווען זייער פּאָפּולער צווישן די יידישע ארבעטער אין ווארשע. ער פלעגט אָרגאַניזירן יידישע „אַרטעלן“. איינמאָל האָט ער געפירט א מאַניפעסטאַציע פון יידישע ארבעטער צום צארישן גענעראַל־גובערנאטאָר, דעם פירשט אימיראַטינסקי. דער לעצטער האָט ארויסגערופן די קאָזאַקן, וואָס האָבן פונאַנדערגעיאָגט און געשלאָגן מכות־רצח די יידישע דעמאָנסטראַנטן. שפּעטער איז ער אוועק קיין ארץ־ישראל. ארום 1909 האָב איך אים געטראָפן אין יפו (ווייל תל־אביב האָט נאָך דאַן ניט עקסיסטירט). ער פלעגט אַלעמען באַגייסטערן מיט זיין דינאַמישן ענטוזיאַזם.

## שלום לעדערער

כעלם איז וועלט־באַרימט. וועגן „כעלמער־מלמד“ האָט געשריבן י. ל. פּרץ אַליין, און ער איז נישט געווען דער איינציקער. אין דייטש, ענגליש און פראַנצויזיש זיינען פאַראַן ביכער געווידמעט כעלם און זיינען פּאָפּולער א.נ. „כעלעמער מעשיות“. אַ פראַנצייזישער אויטאָר האָט געשריבן, אז „די כעלעמער מעשיות“ האָבן ניט קיין מחבר, נאָר ס׳איז א חלק פון יידישן פאָלקלאָר. מען פלעגט זיי, זייט אור־אַלטע צייטן, דערציילן צווישן יידן.

אין ניו־יאָרק, מיט א זעכציק יאָר צוריק (און אפשר נאָך מיט עטלעכע יאָר מער) איז דערשינען אויף יידיש א בוך וועגן כעלם. זיין מחבר איז געווען שלום לעדערער, דער ברודער פון ר׳ שלמה יהודה לעדערער. איך האָב דעם בוך נישט געזען, נאָר אין מיינע קינדער־יאָרן זייער פיל וועגן אים געהערט. מען האָט וועגן דעם בוך **א סך גערעדט אין כעלם.** ס׳איז געווען א מין סאָרט „ראָמאַן“, ווו ס׳זיינען דאָ קאָמפּאָנירונגען פון אלערליי כעלעמער מעשיות און דערצו נאָך צוגעגעבן „פאַקטן“ פון אמתן כעלם. שלום לעדערער האָט פאָרגעשטעלט אַלערליי טיפּן פון לעבעדיקע כעלעמער יידן, וואָס האָבן זיך תיכף דערקענט, און ער האָט זיי געמאַכט פאר די העלדן פון די כעלעמער מעשיות. כעלעמער אין ניו־יאָרק וואָלטן באַדאַרפט אויפזוכן אין א צענטראַלער ביבליאָטעק דאָס בוך פון שלום לעדערער, וואָס וואָלט זייער פיל מיטגעבראַכט צום שטודיום פון אונדזער שטאָט.

## ר׳ יוסף מינצער

אן אלטיטשקער איז ער שוין אָנגעקומען קיין כעלם, ארום 1890, און ער איז דאָרט פארבליבן ביז קרוב 1903. א שיין ווייס בערדל, אַ יאַרמעלקע אויפן קאָפּ, אַ פּנים פון אַ ר׳ חיים זעליג סלאָנימסקי — דער „אַסטראָנאָם“ פון ביאַליסטאָק, דער גרינדער פון „הצפירה“.

ר׳ יוסף מינצער איז געווען געבאָרן אין זאמאָשטש און ער איז געווען דער טיפּ פון זאַמאָשטשער יידישער אינטעליגענץ. פרום, און אין דער זעלבער צייט אָנגעשטעקט מיט נחמן קראָכמאלס אידייען, האָט געריימט זיך, דאָס ער איז אַלעקסאנדער צעדערבוימס אַ חבר פון די קינדער־יאָרן. ער אליין האָט געשריבן „שירים“ אין גאָטלאָבערס „הבוקר אור“, זייער פיל געלייגט אויפמערקזאמקייט אויף דעם „גראָם“ און חוץ דעם זשורנאַל (וואָס איז געווען באַרימט צווישן יידן נישט ווייניקער אלס סמאָלענסקיס „השחר“ און איינער האָט געקעמפט אידעאָלאָגיש מיט דעם אנדערן) האָט ער נאָך פאַרעפנטלעכט „מכתמים“ אין אַלערליי אַנדערע אויסגאַבן. דאַן איז געווען אַ מאָדע אויף „מכתמים“, וואָס זיינען געווען מער „שעראַדעס“ ווי וויצן.

— פון וואַנען איז געקומען ר׳ יוסף מינצער קיין כעלם ?

**אין כעלם איז געווען א גימנאַזיע,** און לויטן צאַרישן געזעץ, האָט מען יידן אָנגענומען נאָר 10 פּראָצענט. היות כעלעמער יידן זיינען נישט געגאַנגען אין יענע צייטן אין „גימנאַזיע“ — ווו מען פלעגט ווערן „גויים“, — זיינען דאָרטן, דעריבער, געווען א סך וואַקאַנטע פּלעצער. דאָס האָבן דערשנאַפּט יידן פון קאָוועל ביז אָרשע און אפילו ווייטער ביים דניעפּר, און מען האָט געבראַכט די קינדער און מ׳פלעגט זיי אָפּגעבן צו לערנען אין די „כעלעמער גימנאַזיע“. ס׳האָט זיך דאַן געשטעלט פאר די עלטערן א פראַגע פון א יידישן „פּאַנסיאָן“ (אינטערנאַט) פאר זייערע קינדער, וואָס פארבלייבן אין דער פרעמד. און מינצער איז געקומען פון זאַמאָשטש מיט זיין גאַנצער משפחה און ער האָט געעפנט אזא מין „קינדער-הויז“, לויט דעם הייַנטיקן נוסח.



זיין זון איז געווען דער לערער פון דעם „פּאַנסיאָן“, ער פלעגט מאַכן מיט די „גימנאזיסטן“ זייערע „לעקציעס“. ס׳איז באמת געווען זייער גוט אָרגאניזירט. דער זון איז פאר יענע צייטן אין כעלם געווען א „ספּאָרטסמאַן“ און דאָס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער פלעגט אלע טאָג, אין באַשטימטע שעהן, שפּאַצירן און דורכגיין צענדלינגער מאָל פון באַרג ביז צו די קאזארמעס.

איינמאָל האָב איך אים באגלייט און מיר האָבן געמאַכט דעם וועג צוזאמען. און פונקט יענעם מאָל האָט מען באמערקט, ווי אַ „סטראַזשניק“ האָט געשלאָגן מכות־רצח אַן אָרעמען ייִדן. דער יונגער מינצער איז צוגעגאנגען צום „סטראזשניק“ און אים געגעבן אזא קלאַפּ אין פּנים, דאָס ער האָט אָפּגעלאָזט דעם יידן, וועלכער האָט שנעל זיך אָפּגעטראָגן. אָבער מינצער, איך און דער „סטראזשניק“, זיינען פארבליבן. ס׳האָט זיך צוזאמענגעקליבן אַן עולם. מען האָט געמאַכט קעגן אונדז א פּראָטאָקאָל פאר שטערן א באַאַמטן צו „דערפילן זיינע פונקציעס“ (ד.ה. שלאָגן אַ יידן !...) דער „סליעדאָוואַטעל“ האָט שנעל מיך געמאַכט פאר אַן עדות, ווייל איך האָב בסך־הכל געהאַט צוועלף יאָר. מינצער איז געווען געשטעלט פארן דעם „אָקרוזשני־סוד“, מען האָט אראָפּגעבראכט פון לובלין, ספּעציעל, דעם אדוואָקאט ווארמאַן. ס׳איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א פּאָליטישן פּראָצעס. ס׳האָט זיך געקאָכט. איך האָב עדות געזאָגט און דאָס איז אפשר געווען מיין ערשטע „פּאָליטישע“ דרשה. מיין עדות זאָגן איז אויסגענוצט געוואָרן דורך דעם אדוואָקאט. מינצער איז געוואָרן באפרייט.

אָבער דער דירעקטאָר פון גימנאַזיע האָט דעקרעטירט צו פארמאַכן דעם פּאַנסיאָן און די משפחה מינצער האָט פארלאָזן כעלם און איז אוועק קיין לאָדז.

## אַביש לעווענשטיין

אין יענע יאָרן איז גענוג געווען צו דרוקן איין־און־איינציקן ארטיקל אין „המליץ“ אָדער אין „הצפירה“, כדי אלע לייענער, — אלע משכילים, — זאָלן וויסן דעם מחבר אפילו אינעם פארוואָרפנסטן ווינקעלע. אזוי איז געווען מיט אונדזער כעלעמער אַביש לעווענשטיין, פישל לעווענשטיינס זון, וואָס האָט אָנגעשריבן א גרויסן „מאמר“ אין „המליץ“ (איך דערמאָן מיך נישט דעם אינהאַלט) בערך אין 1898. ער האָט אפילו נישט פארגעסן צוצוגעבן צו זיין נאָמען זיין געבורטס־שטאָט („חעלם, פלך לובלין“) און אז איר פלעגט קומען קיין ביאַלע אָדער קיין בריסק, אָדער אין אַן אַנדער שטאָט, פלעגט זיך שטענדיק געפינען א יונגערמאן וואָס פלעגט אייך פרעגן :

— איר זייט פון כעלם ?... קענט איר אפשר אַביש לעווענשטיינען ?...

אַביש לעווענשטיין איז געווען פון די ערשטע „ציונים“ אין כעלם און ער האָט געהאַט אַ גאַנץ שיינע העברעאישע ביבליאָטעק. ער איז געשטאָרבן גאנץ יונג, פון אַ ראַק.

פישל לעווענשטיין, זיין פאָטער, איז געווען א ייד א חכם אָבער ער האָט געהאַט א ברודער, מיט וועלכן ער האָט געקאָנט באמת שטאָלצירן. דאָס איז געווען ר׳ יוסף לעווענשטיין, דער סעראָצקער רב. סעראָצק איז געווען א שטעטעלע נעבן פּולטוסק, אין דער וואַרשעווער געגנט, און דאָרטן האָבן געוווינט קנאַפּע דריי טויזנט יידן. אָבער זייער רב, ר׳ יוסף לעווענשטיין, האָט געשמט אין דער וועלט אלס איינער פון די גרעסטע היסטאָריקער פון פּוילישן יידנטום. דאָס איז געווען א ביבליאָגראַף וואָס זיין פּלאַץ האָט ניט געדאַרפט זיין סעראָצק, נאָר האָבן א קא־

טעדרע אין א בארימטן אוניווערסיטעט. ער האָט אָנגעשריבן לעקסיקאָנען און פיל היסטאָרישע ארבעטן. ס'איז געגוג געווען אים צו שרייבן און אָנפרעגן וועגן אַ היסטאָרישער דאַטע אָדער געשעעניש אין פוילישן יידנטום, און איר האָט תיכף פון אים באקומען א תשובה, געשריבן מיט א געגדזוגנער פעדער, און איר האָט געהאט אלע פרטים. אזוי האָט מיין ברודער, שמעון מילנער, ארבעטנדיק איבער זיין „לקורות היהודים בחעלם" זיך געווענדט צו ר' יוסף לעווענשטיין און אים געבעטן פרטים וועגן די כעלעמער רבנים, און ער האָט גלייך באקומען עטלעכע גרויסע בויגנס פאַפיר מיט אַ רשימה פון די כעלעמער רבנים, פון דעם ערשטן ביז דעם לעצטן רב. פון וואַנען ער האָט דאָס אַלץ געהאַט ?... אַ קאַרטאָטעקע ?... אָדער אַלץ רעגיסטרירט אין זיין זכרון ?... און צוליב דער רשימה איז אפילו פאָרגעקומען א גרויסער וויכוח. מיין ברודער האָט אָנגענומען די מיינונג פון ר' יוסף לעווענשטיין, דאָס דער ערשטער רב אין כעלם איז געווען ר' שמעון אויערבאַך און דער רוסיש־יידישער היסטאָריקער ווישניצער האָט מיט דעם ניט מסכים געווען און, לויט זיין מיינונג, איז דער ערשטער כעלעמער רב געווען ר' יהודה אהרן און דער פוילישער קעניג האָט אים געמאַכט (אין 1522) פארן הויפט־רב פון לובלין, כעלם און בעלז.

אַביש לעווענשטיינס שוואָגער איז געווען בצלאל פריד, אויך פון די ערשטע כעלעמער ציוניסטן. זיין זון איז פייוול פריד, מיינער אַ תלמיד. פייוול פריד איז געווען דער רעדאַקטער פון דעם וואָכנבלאַט „די כעלמער שטימע", און מיין שמחה איז געווען גרויס, ווען איך האָב באַקומען די ידיעה, אז ער איז לעבן געבליבן נאָך דער גרויסער קאַטאַסטראָפע פון כעלם און פון דעם גאַנצן פוילישן יידנטום און אז ער לעבט אין לובלין און ארבעט אין דער דאָרטיקער קהילה.

## ר' משה פאַלעווסקי

אין מיין געבורט־שטאָט כעלם, האָט געלעבט א ייד, פאַר וועלכן די גאַנצע שטאָט האָט געהאט א גרויסן רעספּעקט. ער האָט געהייסן ר' משה פאַלעווסקי. קיינער האָט נישט געוואָגט אָנצורופן זיין נאָמען, נישט צוגעבנדיק דעם טיטול „רב". אייגנטלעך, איז ער נישט געווען קיין כעלעמער, נאָר אַ קאָברינער. און קאָברין האָט שוין געשמעקט מיט ליטע, עפּעס נישט ווייט פון בריסק... און דאָך האָט קיינער אין כעלם זיך נישט דערלויבט אים צו רופן „דער ליטוואַק", ניט קוקנדיק דערויף וואָס ער האָט נישט גערעדט קיין פוילישן יידיש, און א „קמץ" איז געווען... „קמץ" !

ר' משה פאַלעווסקי איז געווען א מתנגד און קיין שום חסידיש־שטיבל האָט אים נישט געקענט צוציען צו זיך. ער פלעגט דאַוונען אין דער אלטער כעלעמער שוהל, וואָס איז געשטאַנען, לויט ווי מען פלעגט דערציילן, קנאַפּע אכט הונדערט יאָר. (אין כעלם אויף דעם בית־עולם איז געווען א מצבה פון „שנת ח"ית", דאָס הייסט פון 1248, פונקט הייי־יאָר וואָלט זי אַלט געוואָרן זיבן הונדערט יאָר, ווען די דייטשן וואָלטן נישט געמאַכט טראַטואַרן פון די מצבות). ער פלעגט אָבער דאָך טראָגן א קאַפּאָטע מיט א גאַרטל, א יידיש היטעלע, א לאַנגע ווייסע פּאַטריאַרכאַלע באָרד און פיאות. אין מיין הארץ פון א קליין קינד פלעגט ביי מיר שטאַרק קלאַפּן, ווען מען פלעגט מיך פירן צו ר' משהן פאַלעווסקי, אז ער זאָל מיך פאַרהערן...

אין כעלם האָט מען אלץ געוווסט. ס'איז נישט געווען קיין סוד פאַר די כעלעמער. און יידן פלעגן דערציילן אין דער זעלבער שוהל, בין מנחה למעריב, אז ר' משה פאַלעווסקי האָט א ברודער אַן „אפיקורס", וואָס איז ארויס „לתרבות־רעה", אוועק קיין פּאַריז און דאָרט געוואָרן א גאַנצער... פראַנצויז ! מען האָט גערעדט וועגן דעם גאַנץ שטיל, כדי, חס ושלום, נישט אָנטאָן קיין עגמת־נפש אזא פיינעם און שיינעם יידן. דאָס איז געווען מיט אַ זעכציק יאָר צוריק.

ווייסט איר אָבער, אז די רעכטע האַנט און דער נאָענטסטער מיטאַרבעטער פון גענעראַל דע־גאָל הייסט גאַסטאָן פאַלעווסקי ?

גאַסטאָן פאַלעווסקי איז געווען איינער פון די נאָענטסטע מיטאַרבעטער פון מאַרשאַל ליאָטיי אין מאַראָקאָ. ער איז געווען שעף־קאַבינעט פון פּאָל ריינאָ אין די קאַטאַסטראָפאַלע טעג פון יוני 1940 און מען פלעגט הערן זיין שטימע אין „לאָנדאָנער ראַדיאָ" אלס דירעקטאָר פון דע־גאָלס קאַבינעט. ער איז פאַרבליבן אויך ביז היינט אין דעם „טשין". מען האָט וועגן אים קיינמאָל נישט גערעדט אלס „ייד". ער איז אפשר טאַקע נישט אין דעם זין, ווי מיר פאַרשטייען דעם באַגריף.

נאָר אַנטיסעמיטן פאַרגעסן גאָרנישט. נישט לאַנג האָבן אַנטיסעמיטן פאַרשפּרייט וועגן אים אין פּאַריז א „טראַקט", אין וועלכן זיי האָבן אָפּגעדרוקט דעם אַקט פון דער נאַטוראַליזאַציע פון זיין טאַטן, אברהם פאַלעווסקי, געבאָרן אין קאָברין. דער אַקט שטאַמט נאָך פון 1891. איז גאַסטאָן פאַלעווסקי אונדזער כעלעמער ר' משה פאַלעווסקיס אַ ברודערס־זון ?

## פאַמיליע כעלעמער

— ווייסט איר, אז ס'האָט עקסיסטירט אזא יידישע פאַמיליע?...

יאָ, ס'איז געווען א חשובע, א מיוחסדיקע יידישע פאַמיליע מיטן נאָמען „כ ע ל ע מ ע ר"—אַ נגידישע פאַמיליע פון רביים און רבנים. און די מיטגלידער פון דער פאַמיליע זיינען געווען אייניקלעך פון ר' ל ו י י צ ח ק פ ו ן ב ע ר ד י ט ש ע ו ו און זיי האָבן געוווינט אין ל י ו ב א ר, וואָלינער גובערניע און קרעמעניצער פּאָוויאַט, און דאָרט אין שטעטל איז פאַר דער ערשטער מלחמה געווען אַן ערך פינף טויזנט יידן.

די „כעלעמער" משפחה איז געווען קרוביש צו דער משפחה פון די טשערנאָבעלער צדיקים און צו דער בארימטער פאַמיליע פון די טווערסקיס. זיי האָבן געהאַט א גרויסע השפעה צווישן ליובאַר און פּראָסקוראָוו און האָבן געשמט אלס סוחרים, גרויסע וואַלד־סוחרים, און אלס אינטעליגענטן.

— האָבן זיי אמאָל עמיגרירט פון כעלם קיין וואָלין און געבליבן דערפאַר ביים נאָמען פון זייער שטאַם־שטאָט ?

ס'איז זייער מיגלעך. מיר איז אויסגעקומען זייער אָפט זיך צו טרעפן מיט זיי, ווייל די משפחה כעלעמער איז געווען קרוביש צו מיין פאַמיליע און מיר זיינען געווען מחותנים, (אזוי האָט שוין געוואָלט דער גורל, דאָס מען זאָל האָבן א שייכות צו אלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט כעלם). שושנה כעלעמער פון ליובאַר האָט חתונה געהאַט אין 1915 מיט דעם באַקאַנטן וואַרשעווער זשורנאַליסט משה לייזעראָוויטש, וואָס איז געווען מיינס א שוועסטערקינד. זיי זיינען ביידע אומגעקומען אין 1944־טן יאָר אין טראַוניק, נעבן כעלם. אַ פּאָר שעה פאַר דעם אָנקום פון דער רויטער ארמיי האָבן די ס"ס אומגעבראַכט אלע יידן פון דעם לאַגער.

שושנה כעלעמער האָט געהאַט אַ ברודער, יוסף כעלעמער, וואָס האָט געהאַט א שם אין דער עפּאָכע פון די ערשטע ציוניסטישע קאָנגרעסן. ער איז געווען א דעלעגאַט צו די קאָנגרעסן און געווען איבערגעגעבן בלב ונפש דעם דר. הערצלען, וועלכער האָט אים אויך געשענקט גרויסע סימפּאַטיע. ער האָט געוווינט אין „אויסלאַנד" און מען האָט אים שטענדיק געטראָפן אין אלע ליטעראַרישע קאַפעס, ווו ס'האָט געברויזט, פאַר 1914, א יידיש

לעבן פון שריפטשטעלער, קאָרעספּאָנדענטן און כלל־טוער. דער הויפּט־שטאַב איז געווען דער קאַפע „מאָנאָפּאָל“ אין בערלין, וועגן וועלכן מען האָט אפילו געשריבן אין אונדזער ליטעראַטור. וועגן יוסף כעלעמער האָט מען שטאַרק געהאַלטן, ער האָט געקענט אלעמען און אלע האָבן אים געקענט (זיין זון לעבט נאָך איצט אין ישראל און ער האָט געביטן זיין נאָמען „כעלעמער“ אויף הלחמי).

איך דערלויב מיר צו פאַרענדיקן מיט א פאַקט, וואָס קלינגט ווי אַן אַנעקדאָט: יוסף כעלעמער איז אָנגעקומען איינמאָל אין וואַרשע און ער האָט טעלעפאָנירט זיין פריינד נחום סאָקאָלאָוו, וואָס האָט נישט געוווּסט, דאָס ער איז אָנגעקומען, און ער האָט זיך געמאָלדן אין טעלעפאָן:

— כעלעמער!

נחום סאָקאָלאָוו איז אריין אין כעס, און אים געענטפערט:

— זייט איר א חכם!

און ער האָט אויפגעהאַנגען דאָס טעלעפאָן־טרייבל.

## ר׳ יהודה לייב מילנער

זאָל מיר דערלויבט זיין — אין א בוך געהייליקט אונדזער שטאָט כעלם — צו שרייבן וועגן מיין אייגענעם פאָטער. און פאַרוואָס דען נישט?... דאַרף דען א זון נישט זאָגן „קדיש“ אויף דעם קבר פון זיין טאַטן?...

זיין נאָמען איז געווען פּאָפּולער אין כעלם און אין דער גאַנצער געגנט. שטענדיק געווען אַרומגערינגלט דורך דער יוגנט פון דער שטאָט, וואָס פלעגט אים קוקן פשוט אין מויל אריין און האָט אים זייער ליב געהאַט. ער איז געווען א וועגווייזער.

אייגנטלעך איז ער אפילו נישט געווען אַ כעלעמער, נאָר אַ „ליטוואַק“, געבאָרן אין א קליין שטעטעלע, נעמאָקשט, קאָוונער גובערניע. אלס א קליין קינד, האָט ער געלערנט אין א חדר און זיין מלמד איז געווען א ייד, ר׳ צבי הירש. דער דאָזיקער מלמד איז שפּעטער געוואָרן דער מאַטעמאַטיק ־ פּראָפעסאָר אין דעם היידעלבערגער אוניווערסיטעט, הערמאַן שאַפּירא, דער גרינדער פון קרן־קימת־לישראל. שפּעטער האָט ער געלערנט אין דער ליטווישער ישיבה פון טויראָגען (טאַווריק) אויף דער פּרייסישער גרענעץ, אָבער דאָרט האָבן געבלאָזן ווינטן פון ליק: (דער „המגיד“), פון די צייטן נאָך פון „המאסף“ פון יצחק אייכל, און מיט דער גאַנצער פּלעיאַדע.


ר׳ יהודה ליב מילנער

אזוי, אז מיין פאָטער האָט אויפגעהערט צו טראַכטן פון אַ „כסא־הרבנות“ און ער האָט אָנגעהויבן צו לערנען „שפּראַכן“.

די ליטווישע שטעטלעך זשאגער און קידאַן, ווו ס׳האָבן געלעבט בנימין מאַנדעלשטאַם (דער „חזון למועד“) און שניאור זאקס, יהודה ליב גאָרדאָן און אפילו משה לייב לילענבלום, האָבן אויף אים זייער משפּיע געווען, און ער איז געוואָרן א „משכיל“ און אזעלכער פאַרבליבן אין זיין גאַנצן לעבן.

ער איז אוועק פון זיין ליטע און איז אָנגעקומען קיין בריסק. ער האָט חתונה געהאַט אין שעדלעץ און אלס אַן „איידעם אויף קעסט“ האָט ער עטלעכע יאָר געלערנט ביים שעדלעצער רב ר׳ ברוך מרדכי ליבשיץ, דער שווער פון ר׳ אליהו קלאַצקין, דער לובלינער רב, דער זיידע פון אונדזער גרויסן פילאָסאָף דר. יעקב קלאַצקין. ער איז פאַרבליבן אין אַ נאָענטער פריינדשאַפט מיט דער גאנצער משפחה. און אז ר. ברוך מרדכי איז געשטאָרבן האָט מיין פאָטער אין סאָקאָלאָווס „האסיף“ (פון יאָר תרמ״ח) אָפּגעדרוקט א גרויסן נעקראָלאָג־ארטיקל. ער איז פון שעדלעץ אָנגעקומען, געשעפטלעך, קיין כעלם, ווו ער האָט זיך באַזעצט.

זיין דערשיינען אין כעלם איז געווען א סענסאַציע. מען איז אים פשוט נאָכגעלאָפן אין די גאַסן. ער איז געווען דער ערשטער ייד אין כעלם, וואָס האָט געטראָגן א קאַפּעליוש!

— אַ דייטש!...

און אזוי איז עס פארבליבן לאנגע יאָרן. כעלם איז דאַן געווען א שטאָט פון פינצטערניש. אין יענע יאָרן האָט פּאסירט א פאַקט אין שטאָט, וועלכן ס׳האָבן געקענט נאָר יחידי־סגולה. ס׳איז א מעשה פון העכער 65 יאָר צוריק. עס געדענקען נאָך די פאַרבליבענע כעלעמער אַן אַלטן „ירא־שמים“, וועלכן מען פלעגט רופן ר׳ ברוך לוקאָווער?! ער האָט געהאַט א זון אַ ל ט ע ר. וואָס איז געוואָרן „געכאפּט אין דער מעשה“, און אָנגעהייבן צו לייענען ביכלעך, טריף־פּסולע. ער האָט זיי געלייענט בשתיקה, אויף דעם בוידעם. ר׳ ברוך, זיין טאַטע, האָט עס דערשמעקט. ער האָט אים געכאַפּט אויף דעם בוידעם און ער איז אריין אין אזא כעס, וואָס איז שוין געווען א רציחה. ער האָט געכאַפּט א שטיק האָלץ, וואָס איז געלעגן אויף דעם בוידעם — און געגעבן דעם זון איבערן קאָפּ, און אלטער איז געבליבן ליגן א טויטער. אין יענע צייטן, אין כעלם, האָט מען געמאַכט שנעל די לוויה און די פּאָליציי האָט נישט געוווּסט פונעם גאנצן פּאָרפאַל... אין אזא סביבה איז דערשינען מיין פאָטער. מען האָט אים גלייך פּראָקלאמירט פאר אן „אפיקורוס“. מען האָט געדארפט באמת באַזיצן טיפע מאָראַלישע ווערטן, כדי צו דערגרייכן צו אזא מדרגה, דאָס א גאנצע שטאָט זאָל אים אָפּגעבן דעם גרעסטן כבוד, רעכענען זיך מיט זיין מיינונג, און ווילן אים זען בראש פון אלע אינסטיטוציעס פון דער קהילה.

ביסלעכווייז זיינען אָנגעקומען און האָבן זיך באזעצט אין כעלם אנדערע „דייטשן“, ס׳האָבן זיך באוויזן אנדערע „קאפּעליושן“ און ס׳איז דאן געגרינדעט געוואָרן, די בארימטע אין כעלם פון יענער עפּאָכע, „דייטשע שוהל“ (אזוי האָבן די יידן זי גערופן), ווו מיין פאָטער איז געווען דער גבאי. ס׳איז נישט געווען א פשוטע שוהל. זי האָט אויסגעקעמפט איר עקסיסטענץ מיט גרויס מי, זי איז געוואָרן אַ מין קלוב. די קנאים זיינען געווען אויפגעבראַכט. און דערצו איז נאָך צוגעקומען דער פאַקט פון מיין פאָטערס ביבליאָטעק. דאָס איז געווען אַ וווּנדערבאַרע העברעאישע ביבליאָטעק, ווו מען פלעגט געפינען פשוט „אוניקומען“. די יוגנט פון די חסידישע שטיבלעך האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט אויף די ביכער פון דער ביבליאָטעק. מיין פאָטער פלעגט זיי געבן צו פארשטיין וועגן יעדן בוך, דערקלערט זיי דעם אינהאַלט און דערציילט וועגן מחבר. מען האָט נישט איין „אויטאָ-דע־פע“ געמאַכט אין די שטיבלעך און מען האָט פארברענט „געכאפּטע ביכער“ פון „ר׳ לייבל מילנער“, ביי די יונגעלייט. די לעצטע האָבן געדארפט דורכפירן א גאנצע סטראטעגיע, כדי צו קומען צו אונדז אין הויז און נעמען א בוך צום לייענען, ווייל מען פלעגט זיי „נאָכשפּיאָנירן...“ מען פלעגט קומען ביינאכט, אין דער פינצטער, און מען

פלעגט זיך אויסבאהאלטן. זיינען דאָס נישט עפּיזאָדן פון סמאָלענסקינס „שכולה“ (שקלאָוו) אין זיין „שמחת־חנף?...“

די אַנטשטייאונג פון ציוניזם איז געווען אַן אמתע רעוואָלוציע. ס׳האָט דערשיטערט די יידישע גאַס. דאָס איז געווען אַן אָנהייב פון א געזעלשאַפטלעכער טראַנספאָרמאציע פון אונדזערע שטעטלעך. מיין פאָטער פלעגט שרייבן קאָרעספּאָנדענציעס פון כעלם אין „המליץ“ און פלעגט שטראָפן די כעלעמער, וואָס זיינען אזוי פארזונקען אין דעם חושך. די „דייטשע שוהל“ איז געוואָרן א צענטער. מיין פאָטער פלעגט אַלע שבת דאָרט האַלטן פלאַמענדיקע דרשות. מען האָט אָנגעהויבן צו פאַרקויפן „שקלים“, שפּעטער — אקציעס פון קאָלאָניאַל־באַנק אליין. עס פלעגן פארשפּרייט ווערן בראָשורן. דער אַלטער יאסינאָווסקי, וואָס איז געווען ארום 1895 הערצלס „נאַמיעסטניק“ אין פּוילן, איז ספּעציעל געקומען קיין כעלם, צו מיין פאָטער, כדי צו אָרגאניזירן די ארבעט. עס פלעגן קומען מטיפים און ביסלעכווייז איז מען אריין אין דער אלטער שוהל און אין בית־המדרש. דער פירער פון די קנאים איז געווען ר׳ אפרים יהושע, און ער אליין פלעגט ווייזן אביישפּיל און ווארפן שטיינער אין טאָג פון שבת אין די פענצטער פון בית־המדרש, ווען מיין פאָטער אָדער א סתם ציוניסט־ישער מטיף פלעגט שטיין און האַלטן אדרשה...

איך דערמאָ׳נער מיך א פאַקט: ס׳איז געווען א פאָר וואָכן פאר פסח... ס׳איז געווען קאַלט מיט א שניי אויף די גאַסן. מען איז נאָך געפאָרן אויף שליטנס. און איינמאָל אין אן אָוונט איז צוגעפאָרן צו אונדזער הויז אזא שליטן, עס זיינען אריין אין שטוב א פּאָר יונגעלייט (צווישן זיי אברהם גאָלדבערג, דער שפּעטערדיקער רעדאקטער פון „היינט“) און געזאָגט צו מיין פאָטער: „קומט גלייך, אין בית־מדרש האָבן זיך פארזאמלט די פּני־העיר, כדי ארייינצולייגן די ציוניסטן אין חרם!...“ מיין פאָטער האָט זיך תיכף אריינגעזעצט אין שליטן און מען האָט מיך, אַ קליין יינגעלע, מיטגענומען. אז מיר זיינען אריין אין בית-המדרש, וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן, איז געוואָרן שטיל, אז מען וואָלט געהערט א פליג זשומען... מיין פאָטער האָט אראָפּגענומען זיין שווערן פעלץ און זיך געווענדט צום קרילאָווער רב, וואָס איז געזעסן אויבן־אָן:

— איר האָט זיך מן־הסתם פארזאמלט דאָ, ווייל ס׳גייט צו פסח כדי צו באטראכטן, ווי אזוי צו האָבן מצות פאר די אָרעמע יידן?

עטלעכע ווערטער זיינען אדורך ווי א בליץ. די יידן זיינען פארציטערט געוואָרן. און דער שוסטער, הערש ניסעלעס, וואָס האָט נישט געהאַט הענט, נאָר „לאַפּעס“, האָט א געשריי געטאָן:

— „ר׳ לייבל איז גערעכט!...“ און דער „ר׳ לייבל איז גערעכט“ איז אריבער פון מויל צו מויל, און עס האָט געהילכט ווי א שטורם. ס׳האָט זיך געשאפן א רעוואָלט־שטימונג. מען האָט געעפנט א פענצטער און דער קרילאָווער רב, מיט ר׳ מרדכי לונג און נאָך עטלעכע חשובע בעלי־בתים, האָבן אויפגעהייבן די פּאָלעס פון זייערע קאַפּאָטעס, און ארויסגעשפּרונגען פאר פחד...

ס׳איז פאראן נאָך אן אינטערעסאנטער פאַקט פון די שפּעטערדיקע יאָרן — 1911 — צו פארצייכענען. ס׳זיינען דאן פאָרגעקומען די וואַלן צו דער פערטער דומע. צום צאַרישן פארלאמענט פלעגט מען וויילן „וויבאָרשטשיקעס“, וואָס פלעגן זיך פארזאמלען אין לובלין און אויסוויילן דעם דעפּוטאַט פון דער גובערניע. כעלם איז געווען א גרויסער פּראַוואָסלאווער צענטער. דער ביסקופּ איז געווען יעוולאָג אליין. און דער ביסקופּ האָט פארגעסן, אז אין כעלם זיינען דאַן געווען העכער 13 טויזנט יידן. ווער רעכנט זיך מיט די יידן?... און ניט פרעגנדיק קיינעם קיין דעה, האָט ער ארויסגעשטעלט זיין קאנדידאַטור. אָבער די יידן, גייענדיק צו די וואַלן, האָבן אין די טויזנטער געשטימט פאר מיין פאָטער און יעוולאָגי האָט באקומען נאָר 800 שטימען (פון ניט־יידן). מיין פאָטער איז אויסגעווײלט געוואָרן אלס „וויבאָרשטשיק“. ס׳איז געווען אַ סקאַנדאַל. יעוולאָגס צייטונג „כאָלמסקאַיאַ רוס“ האָט גערופן צו באָיקאָטירן די יידן, לויט ראָמאן דמאָווסקיס נוסח...

איך וואָלט געקאָנט פארלענגערן דעם קאפּיטל. ס׳איז א בלאט פון אונדזער געזעלשאפטלעכן לעבן אין א פארלויף פון 50 יאָר. איך וויל זיך אָפּשטעלן און דערציילן, דאָס אין 1913 האָט כעלם געשיקט נאָר מיין פאָטער אלס דעלעגאַט צום עלפטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ווין. פאר זיין אוועקפאָר האָט מען אים געמאַכט א באנקעט, אין וועלכן ס׳האָט זיך באַטייליקט די גאַנצע יוגנט און די אינטעליגענץ פון שטאָט. ס׳איז שוין נישט געווען יענע כעלם, ווען מיין פאָטער איז דאָרט אָנגעקומען פון שעדלעץ. דאָס יידישע כעלם האָט ארויסגעגעבן קינדער — דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, שרייבער, געזעלשאפטלעכע טוערס. די שטאָט איז טראנספאָרמירט געוואָרן א דאַנק דער מוטיקייט און דער שווערער ארבעט פון אזעלכע פּערזענלעכקייטן, ווי מיין פארשטאָרבענער פאָטער. דער באַרג אליין האָט זיך גערירט פון זיין אָרט, מען האָט אים אָפּגעשטופּט פון זיין פּלאַץ, כדי די פינצטערניש זאָל פארשווינדן...

* * *

דאָס איז אַ העברעאישער ארטיקל פון ר׳ יהודה לייב מי׳לנער, וואָס איז געווען געדרוקט מיט 67 יאָר צוריק, אין „האסיף“ לתקופת השנה מאת נחום סאָקאָלאָוו, תרמ״ו, ווארשא, בדפוס ר׳ יצחק גאָלדמאַן, 1885; געווידמעט ר׳ ברוך מרדכי ליבשיץ:

„ר׳ ברוך מרדכי ליבשיץ

לאבל נהפך חג הפסח לעיר שעדליץ, כי בליל התקדש החג גוע ויאסף אל עמיו הרב הגאון הזה, בעהמ״ח ס׳ „ברית־יעקב“, „בית מרדכי“ ו„מנחת בכורים“.

הרב המצוין הזה היה אחד מהשרידים אשר השאיר לנו ה׳ מגאוני דור העבר. עוד בימי נעוריו נתפרסם שמו ע״י בקיאותו הגדולה בשני התלמודים עם כל נושאי כליהם, במדרשים, תוספתא, ספרא, ספרי ומכילתא, בפסוקים ראשונים ואחרונים. מוניטין שלו יצאו בין כל תופשי התורה על דרכי הישר ח׳ בלמוד התלמוד, שלא לעקש את הישרה בספרות נפתלות ובפלפולים סבוכים, לכן מכל קצוי ארץ הריצו לו הרבנים שאלות והלכות בכל ענפי התורה והוא בברן והדינן עפ״י שכלו הישר.

ביחוד הצטיין בדרכו להקל מאד בהוראה, עד כי היה לפלא בדור הזה. המנוח ז״ל שחש בכהנות הרבנות בעיר סעמיאטיץ, וולקאוויסק, נאוואגרודק ושעדליץ ארבעים ושלש שנים ובכל מקום נחל כבוד וגדולה הראוים לכבודו. ואף כי רבים מאנשי עיר שעדליץ הקטינוהו בשומם עליו עון מולדתו כי ממעי ליטא יצא, בכל זאת ידעו להוקירהו כרום ערכו.

מלבד יתרונו בתורה היה בעל קומה ויפה מראה, מבנה גויתו איתן והדרת כבוד חופפת עליו, אשר חזון כזה לא נמצא בין חובשי בית־המדרש. מדברו היה מעט, אבל הכיר תכונת כל איש ואיש בדרבו עמו גם פעם אחת. זה שנים מעטות כחו עזבהו ונפל למשכב פעמים רבות. אבל גם בשכבו על משכבו שם לילות כימים להגות בתורה. בחורף העבר השיבה אותו המחלה עד דכא ובליל ראשון מחג הפסח יצאה נשמתו בטהרה, בשנת ה־שבעים ושש לימי חייו. אנשי העיר הלינו את המת עד היום השני מהחג, למען יתעסקו בעצמם בקבורתו. ינוח על משכבו בשלום ותנצב״ה“.

## די מאַנדעלבוימס

ר׳ חיים־נטע מאַנדעלבוים איז געווען דער „מצבה־קריצער״ פון כעלם. מצבה־קריצעריי האָט זיך גערעכנט אַמאָל פאַר אַ „שיי־נע מלאכה״ ביי יידן. אין ווילנע, למשל, איז געווען דער באַקאַנ־טער הלל נח מגיד (ער האָט אָנגעשריבן די געשיכטע פון ירו־שלים דליטא), וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער זעלבער פרנסה. ער האָט געביטן זיין נאָמען און פון „מגיד״ איז געוואָרן „שטיינשניידער״. ס׳האָט געשמעקט מיט סקולפּטור, מיט קונסט...

ר׳ חיים נטע מאַנדעלבוים האָט געהאַט זיבן זין. דער בכור איז געווען בשקא (בנימין), דער צווייטער איז יאיר און דער דריטער — יעקב. ס׳איז געווען די עפּאָכע פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905. בשקאָ און יאיר זיינען געוואָרן אַרעסטירט אין לובלין און דאָרט זיינען זיי כמעט אַ יאָר אָפּגעזעסן אין תפיסה. אַז מען האָט זיי באַפרייט, איז יאיר אַוועק קיין פּאַריז. ער האָט זיך אויסגעלערנט אַ פאַך, אָנגעהויבן צו אַרבעטן און ביסלעכווייז אויך „אויסצושרייבן״ זיינע אין פּוילן פאַרבליבענע ברידער. דער ערשטער פון זיי איז אָנגעקומען בשקאָ. געווען אַ יונגערמאַן מיט אַ פיינעם געשמאַק און מיט טאַלענט, אָבער אַ גרויסער „נחבא אל הכלים״. ער האָט זיך שנעל אויסגעלערנט פראַנצויזיש און זיך געשאַפן אַן אינטערעסאַנטע פראַנצייזישע ביבליאָטעק. אָבער נישט סתם ביכער. יעדער ספר איז געווען פון אַ גלענצענדער אויסגאַבע און עס זיינען געווען זייער פיל יקרי־המציאות. מען האָט אים געקענט אין יענער עפּאָכע, אין די פּאַריזער סטודענטן־קרייזן, און מען פלעגט זיך רעכענען מיט זיין מיינונג. ער איז געוואָרן דער פּאַריזער קאָרעספּאָנדענט פון וואַרשעווער



מנשה דוד אליקום מאַנדעלבוים, באַרוס־טער מצבה־קריצער אין כעלם, דער פאָ־טער פון די קינסטלערס מאַנדעלבוים.

„היינט״ און זיינע „פּאַריזער בריוו״ האָבן געהאַט אַ גרויסן דער־פאָלג. ער פלעגט פאָרשטעלן דעם יידישן לייענער־פּובליקום — פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה פון 1914 — דאָס פּאָליטישע לעבן אין פראַנקרייך, ווי אויך די גרויסע ליטעראַרישע דערשיי־נונגען אין דער פראַנצייזישער ליטעראַטור.

גלייך נאָך דעם ערשטן קריג איז יאיר מאַנדעלבוים געקומען קיין כעלם. זיין טאַטע איז שוין געווען אויף דעם „עולם־האמת״, ס׳האָט נאָך געלעבט די אַלטע מאַמע מיט פינף זין, צווישן זיי יעקב, וואָס איז געווען, אין יענע צייטן, אַ טיכטיקער געזעלשאַפט־לעכער טוער אין כעלם. ער האָט זיי אַלע „פאַרנומען״ קיין פּאַ־ריז. זיי האָבן זיך אַלע באַזעצט אין דער פראַנצייזישער הויפּט־שטאָט. אַלע האָבן זיך אויסגעלערנט און גערעדט פּערפעקט פראַנ־צייזיש. אַלע האָבן חתונה געהאַט, געהאַט קינדער און געלעבט באַלעבאַטיש. אָבער אין 1942 האָט מען זיי צום צווייטן מאָל אין זייער לעבן „פאַרנומען״, אָבער דאָס איז שוין געווען די געסטאַפּאָ. מען האָט זיי געפירט קיין אוישוויץ, ווו זיי זיינען אַלע זיבן ברי־דער אומגעקומען מיט זייערע פרויען און קינדער, איך גלייב 21 פּערזאָן. און פון זיי איז קיין זכר נישט פאַרבליבן, און קיין שום שטיינשניידער, אָדער „מצבה־קריצער״ האָט אויף זייער אַש נישט געקענט אויסקריצן די נעמען פון אַ גאַנצער יידישער משפחה, וואָס איז טראַגיש אומגעקומען אין קאַלכאַויוון...

## קינסטלער מאַנדשיין — אַ כעלעמער

גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך דער יידי־שער קינסטלער מאַנדשיין דערהאַבערט אין פּאַריז אַ גרויסן נאָמען. אַלע פראַנצייזישע צייטונגען האָבן אים געווידמעט גרויסע לויב־אַרטיקלען. עס איז געווען גלייך נאָך דער אַנטשטייאונג פון פּוילן און מען האָט נישט פאַרגעסן אונטערצושטרייכן, אַז מאַנדשיין איז אַ „פּאָליאַק״. עס איז אויך געווען נאָך דייטשלאַנדס ערשטער מפּלה און מען פלעגט צוגעבן, אַז מאַנדשיין איז אַרויס פון די טראַנשייען אַלס אַ „וואָלאָנטער״, און אויך אַלס אַ קאַוואַליער פון „ערן־לעגיאָן״.

לעצטנס איז דערשינען אין פּאַריז, אַ פּראַכטפול־אַרויסגעגע־בענע מאָנאָגראַפיע וועגן מאַנדשיינען, מיט אַ גרויסער און אינ־האַלטרייכער באַשרייבונג וועגן לעבן און שאַפן פון קינסטלער. עס איז אַ בילד פון מאָנפּאַרנאַס פאַר דער ערשטער מלחמה, ס׳איז אַ באַשרייבונג פון דער גרויסער קינסטלער־וועלט, ווו איר טרעפט זיך אין „דאָם״ און אין דער „דאָטאָנדע״ מיט מאָדיליאַני, דיפרען, פּאַסקין, מאַקס זשאַקאָב, וולעריק, לאַנואַ און פיל אַנדערע. מאַנד־שיין איז אויך דאָרט. עס גייען אַדורך ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ: דערען, פּיקאַסאָ, מאַטיס אָטאָן פריש, דיעגע־דע־ריוויערא, דער מעקסיקאַנער, די סקולפּטאָרן: קאָרנע, ליפּשיץ, צייטקין און שריפטשטעלער ווי גוסטאַוו קאָן און בלעז סענדראַז. צווישן זיי פאַרנעמט אַ זייער שיינעם פּלאַץ דאָס כעלעמער יידיש יינגל מאַנדשיין.



אונדזער בן־עיר, דער באַקאַנטער יידיש־פראַנצייזישער קינסטלער מאַנדשיין, פאָטאָגראַפירט בעת אַ גרויסער אויסשטעלונג פון זיינע בילדער אין פּאַריז.

יאָ, מאָנדשיין איז אַ כעלעמער. איך אליין געדענק נאָך זיינע עלטערן. איך געדענק נאָך מאָנדשיינען אלס א קליין ייִנגעלע. שאַרל קינסטלער באַשרייבט אויך די כעלעמער עפּאָכע פון קינסטלער. ער איז געבאָרן אין 1890. ער באשרייבט ווי אזוי ביי אים איז אנטפּלעקט געוואָרן דער קינסטלער־טאַלענט. איך דערלויב מיר צו זאָגן, אז מיין פאָטערס הויז האָט געהאַט אין יענעם מאָמענט א באשטימטע השפּעה אויף אים. ער האָט דאָרט באקומען די נייטיקע ביכער צו לערנען און זיך צו באקענען מיט דער אויסערלעכער וועלט. מען האָט געהאָלפן פארלאָזן כעלם און אָנצוקומען קיין ווארשע, און שפּעטער קיין קראָקע. זיין טאַלענט האָט באַצויבערט די פּראָפעסאָרן. מאָנדשיין איז געוואָרן באקאנט, און פארנומען דעם פּלאַץ פון א גרויסן ארטיסט. שאַרל קינסטלער שטעלט אונדז פאָר די אַלע פאַזן פון מאָנדשיינס אנטוויקלונג. די גלענצנדיקע רעפּראָדוקציעס באשטעטיקן, אז מיר האָבן צו טאָן מיט אַן ערשטקלאַסיקן מייסטער.

די מאָנאָגראַפיע קאָן זיין א צירונג פון יעדער ביבליאָטעק און פאר אונדז יידן א שטאָלץ, ווייל זי באווייזט אונדז די וועגן, וועלכע עס איז אדורך א יידיש קינד פון כעלם ביז דערגרייכן די קינסטלער־וועלט אין פאַריז.

## דער קינסטלער ש. שרייער

שמריהו שרייער איז געבאָרן געוואָרן, אין 1899, אין אַלטן, יידישן כעלם. ווען מען האָט דעם 20־טן יוני געעפנט דעם כעלעמער „קאָוואָ" און אנטהילט די היסטאָרישע מצבה פון דער קהלה, וואָס איז אומגעקומען מיט אירע צוואנציק טויזנט יידן, האָט מען אויך אין דעם זעלבן טאָג איבערגעטראָגן זיין ארון. אזוי ארום איז ער געווען דער ערשטער כעלעמער ייד, באַגראָבן אויף דער סימבאָלישער טעריטאָריע אין פאַריזער באַניע.

שמריהו שרייער איז אין זיינע קונסט־ארבעטן פארבליבן טריי זיין געבורט־שטאָט. די טיפן זיינע זיינען כעלעמער יידן, און אז איר קוקט זיך צו צום הימל פון זיינע קונסט-בילדער דערקענט איר תיכף דעם פּייזאַזש פון זיין שטאָט און פון אונדזערע יידישע שטעטלעך. זיין לעצט בילד איז געווען—דער מאַרק כעלם: אין שטאָט איז אַ יאַריד !... אַלץ פּאַסירט אונטער דעם „כעלעמער בארג", אָט יענעם בארימטן אין אונדזער יידישן פאָלקלאָר־צארג, וועגן וועלכן מען דערציילט, אז די כעלעמער האָבן אים געוואָלט אָפּשטויסן פון זייז אָרט. אין שטעטל איז א יאַריד !... פּויערים און פויערטעס פון די ארומיקע דערפער זיינען אויף דעם



„כעלם" (דער כעלעמער מאַרק), אַן עטיוד געמאַכט אין יאָר 1947 דורך אונדזער בן־עיר, דעם פאַרשטאָרבענעם גרויסן קינסטלער שמריהו שרייער.

מאַרק; פּאָליציי דרייט זיך ארום און גיט אכטונג אויף דער אָרדענונג. די יידן אויף די שוועלן פון זייערע אָרעמע קרעמלעך ווארטן אויף די קונים ?... זייערע פּנימער זיינען שרעקלעך טרויעריק. האָבן זיי שוין דעמאָלט געפילט, אז אין א קאלטן טאָג פון 30־טן דעצעמבער, 1939, וועט קומען דער דייטש און וועט זיי אויף דעם זעלבן מארק, באדעקט מיט שניי, אויסטאָן נאקעט און פירן צו דער שחיטה? ...

* * *

א חוץ זיין געבורט־שטאָט האָט אויף שרייערן געהאַט א גרויסע השפּעה די וועלט־שטאָט פּאריז, גלייך ווי זי האָט געהאַט אן איינפלוס אויף אלע אנדערע קינסטלער. ער איז באַצויבערט פון פּאריז. ער פארשכורט זיך מיט איר פרייהייט־אַטמאָספער... ער פאַרלאָזט זיינע לאַנגע שטודיומס פון דייטשלאנד און דרינגט דורך מיט זיין נשמה דעם גייסט פון פּאריז. ער איז זיך טובל אין איר קינסטלער-סביבה ווי אויך אין אירע קינסטלערישע אידעאַלן. ער שילדערט פּאַריז, די פּייזאַזשן ארום, די פראַגמענטן פון אירע זעלטן־שיינע גאָרטנס. אזוי האָט אַ כעלעמער יידיש ייִנגל, אַ גרויסער יידישער טאַלענט, געפונען דעם סינטעז און אריבערגעוואָרפן אַ בריק פון זיין שטאָט ביז צו דעם טייך סען.



ר. הענעס

# שמואל מרדכי (אַרטור) זיגלבוים



ש מ ו א ל (אַרטור) ז י ג ל ב ו י ם

שמואל מרדכי זיגלבוים איז געבאָרן געוואָרן דעם 21־טן פעברואַר, 1895, אין פּוילן אין דאָרף באַראַוויצע, כעלעמער פּאָוויאַט, לובלינער גובערניע. אין דעם געבורט־אָרט האָט ער פאַרבראַכט נאָר די ערשטע 4 יאָר פון זיין לעבן. אין 1899 האָט זיך זיין פאַמיליע איבערגעקליבן אין שכנותדיקן שטעטל קראַסניסטאַוו, ווו שמואל מרדכי האָט פאַרבראַכט ווייטערדיקע 8 שווערע הונגעריקע יאָרן. דער טאַטע, יוסף, אָדער יאָסקע דער לערער, ווי מען האָט אים אין שטעטל גערופן, איז געווען אַ ייד אַ הויכער, אַ דאַרער און אַ קרענקלעכער. דער הוסט האָט אים קיינמאָל נישט אָפּגעלאָזט. ער פלעגט לערנען די קינדער אין שטעטל שרייבן און לייענען. הגם יאָסקע דער לערער איז געווען אַ ייד אַ פרומער, האָט מען אים דאָך געהאַלטן פאַר אַן אויפגעקלערטן, אַ שטיקל משכיל, פלעגט לייענען צייטונגען און ביכער. די מאַמע הענע, אַן ענערגישע ברייטפּלייציקע פרוי, די טאָכטער פון ר׳ יאַנקל שוחט, אַ חשובער ייד, וועלכער איז אַ חוץ שוחט, געווען מוהל אין שטעטל און חזן אין שוהל, איז די גאַנצע שווערקייט פון עול פּרנסה געפאַלן אויף איר, ווייל דער קראַנקער יאָסקע לערער האָט פון זיינע



קליינע פאַרדינסטן נישט געקאָנט אויסהאַלטן די צאָלרייכע משפּחה, וואָס איז באַשטאַנען פון 10 קינדער. די מאַמע הענע, דערצויגן אין אַ לומדישער משפּחה, איז געוואָרן אַ שניידערין און אַרומגערינגלט שטענדיק מיט פּיצלעך קינדער האָט זי אויף אַ „זינגער"־מאַשין גענייט קליידלעך און הייזלעך און דערפאַר האָט זי אין שטעטל באַקומען דעם נאָמען הענע די שניידערין.

פון די ביידע פּרנסות — לערעריי און שניידעריי — איז צום לעבן נישט גענוג געווען, זיינען דעריבער די קינדער־יאָרן פון שמואל מרדכי אין קראַסניסטאַוו געווען באַגלייט מיט הונגער, אָפּעסן צו דער זאַט איז געווען אַ טרוים, אָבער נישט דער איינציקער טרוים פון דעם קליינעם שמואל מרדכי. די משפּחה האָט געוווינט ביי דעם טייך וויעפּש און אין שכנות פון טריסקער חסידים־שטיבל. דער קליינער שמואל מרדכי פלעגט לאַנגע, לאַנגע שעהן באַוווּנדערן די שיינקייט און סודותדיקייט פון טייך און אַריינזאַפּן אין זיך דאָס דאַוונען און געזאַנג פון די טריסקער חסידים. אפשר דאָ, ביים ברעג טייך פון וויעפּש, געפינט זיך דער אור־קוואַל פון זיגלבוימס שפּעטערדיקע שטימונגען און פון זיין שטאַרקער ליבע צום יידישן פאָלק. אפשר דאָ, אין קראַסניסטאַוו, איז אויך געבאָרן געוואָרן זיין שטאַרקער סענטימענט צום פּוילישן פאָלק.

דער באַלעבאָס פון זייער דירה איז געווען אַ קריסט, און פון די קאַרגע פאַרדינסטן איז קוים געווען צום עסן צו דער זאַט, אַ פשיטא איז ניט געווען צאָלן דירה־געלט. דער קריסטלעכער באַלעבאָס האָט זיי אָבער פון דער דירה נישט אַרויסגעוואָרפן און געלאָזט וווינען אָן דירה־געלט.

אין עלטער פון 10 יאָר מוז שמואל מרדכי אויפגעבן זיין קינדעריש־לעבן, דאָס טרוימען ביים טייך, דאָס גיין אין חדר, און קומט אָן אַרבעטן אין דער ערשטער גרויסער פאַבריק אין שטעטל, וואָס האָט געמאַכט אַפּטייק־פּודעלעך. אין דער פאַבריק האָט דער יונגער זיגלבוים געהאַט זיין ערשטע שווערע איבערלעבונג ווו די פליגל פון טויט האָבן אַ פאָכע געטאָן איבער אים. שניידנדיק די פּאַסן צו די פּודעלעך, האָט ער איינמאָל איינגעשניטן זיין אייגן פלייש און ביין, 2 שפּיצן פינגער פון זיין האַנט. (זיינע איבערלעבונגען אין פאַבריק האָט זיגלבוים שפּעטער געשילדערט אין אַ דערציילונג וואָס הייסט „די פאַבריק"). צו 12 יאָר, אין 1907, לאָזט זיך שמואל מרדכי אַוועק אין דער פרעמד, אין דער גרויסער שטאָט וואַרשע, אָן וואַרעמקייט פון טאַטע־מאַמע, אין אַן אומרואיקער צייט און אין אַ צעבראָכענעם מענטשן־ים. אין דער גרויסער שטאָט אַרבעט ער פאַרשיידענע מלאכות: ביי אַ הענטשקע־מאַכער, ביי דאַמען־טאַשן, דערשלאָפט נישט, דעראַסט נישט, וואַלגערט זיך אויף פרעמדע געלעגערס און אַמאָל אויך אין גאָרטן אויף אַ באַנק. אין דער פרייער צייט הויבט אָן דער רייף־ווערנדיקער שמואל מרדכי צו שרייבן לידער. און שבת ווען ער פלעגט זיך טרעפן מיט באַקאַנטע קראַסניסטאַווער בחורים פלעגט ער זיי פאָרלייענען זיינע לידער, אויסהערן זייערע מבינות, די שבחים, אָבער אין רעדאַקציע האָט ער זיי קיינמאָל נישט געטראָגן. מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה קומט ער צוריק אַהיים, אין קראַסניסטאַוו, און צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע פאַרלאָזט ער דאַן דאָס שטעטל און קלייבט זיך איבער אין כעלם. אין יענער צייט אין כעלם הייבט זיך אָן זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, אין וועלכער ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט אַלע זיינע חושים און לסוף איר זיך מקריב געווען.

זיגלבוים, שוין דעמאָלט אַ 20 יאָריקער יונגערמאַן, האָט זיך מיט ברען אריינגעוואָרפן אין דער פּראַקטישער טאָג־טעגלעכער אַרבעט פון דער יידישער ארבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט זיך שטאַרק פונאנדערגעבליט. אין דעצעמבער, 1917, איז אין לובלין פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן. די כעלעמער אָרגאַניזאַציע האָט געשיקט זיגלבוימען אַלס איר דעלעגאַט. אויף דעם צוזאַמענפאָר האָט דער יונגער טוער זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן מיט די וויכטיקסטע פירער פון דער באַוועגונג און דאָס האָט געבראַכט מיט זיך אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין זיין לעבן. ער האָט געמאַכט אויף די פירער זייער אַ גוטן איינדרוק מיט זיין באַריכט וואָס ער האָט אָפּגעגעבן. אין 1920 דערמאָנט זיך דער צענטראַלער קאָמיטעט אין וואַרשע אָן דעם יונגן פעאיקן פּראָווינצער טוער און רופט זיגלבוימען ארויס אין וואַרשע און גיט אים איבער 2 פּאַראַנט־וואָרטלעכע פּאָסטנס. ער ווערט דער סעקרעטאַר פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די יידישע מעטאַל־ארבעטער און אַ מיטגליד פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון „בונד“, און פון דעם מאָמענט הייבט זיך אָן זיין גרויסער געזעלשאַפטלעכער אויפשטייג. אין גרויסן יידישן אַרבעטער־צענטער האָט ער באַקומען די מיגלעכקייט זיך צו לערנען אויסלאָדן זיין גרויסע ענערגיע און אנטוויקלט זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע און שרייבערישע פעאיקייטן. ער איז געווען שטאַרק באַליבט ביי די וואַרשעווער יידישע אַרבעטער און זיין פּאַרטיי־פּסעוודאָנים חבר ארטור ווערט גיך פּאָפּולער. אין 1924 ווערט זיגלבוים אויסגעוויילט אין דער העכסטער אינסטאַנץ, אין צענטראַלן קאָמיטעט פון „בונד“, און פאַרבלייבט דאָרט אַ מיטגליד ביזן סוף פון זיין לעבן. אויף עטלעכע געביטן האָט ארטור אויסגעפּרוווט זיינע כוחות. געווען אַ פּאָליטישער טוער און אַ פּראָפעסיאָנעלער טוער, איז אויך געווען אַ גוטער רעדנער און שרייבער, אייגנשאַפטן, וואָס נישט אָפט פאַראייניקן זיי זיך אין איין מענטשן. אין טאָל פון נויט און עלנט, וואָס זיגלבוים איז דורכגעגאַנגען אין די יאָרן פון זיין קינדהייט און יוגנט, האָט ער שטענדיק געטרוימט זיך צו דערהייבן, ער האָט זיך געשטעלט ערנסטע צילן און געשטרעבט זיי צו דערגרייכן. און הגם אין אַ קורצער צייט האָט ער אַ סך דערגרייכט און איז אויסגעוואקסן צו דער מדרגה פון אַ צענטראלן אַרבעטער־פירער, איז דאָך ביי אים נישט געווען קיין זעלבסטצופרידנקייט. פאַרקערט, עס האָט אים באַגלייט אַ געוויסע אומצופרידנקייט, נישט קיין קרענקלעכע, וואָס טרעפט ביי פאַרביטערטע מענטשן, נאָר א געפיל וואָס קומט פון אַ הויכער שטרעבונג. ער האָט, טוענדיק די טאָג־טעגלעכע שווערע געזעלשאַפטלעכע ארבעט, שטענדיק געהאַט אַ געפיל, אז נישט דאָס איז עס, אז דאָס הויכע, דאָס דערהויבענע, דאָס וואָס ער, דער פירער, וועט דארפן נאָך ארויסווייזן זיין גרייטקייט, זיין מסירת נפש, וועט נאָך קומען...

אַרטור איז געווען אַ מאָדנער סינטעז פון אַ ניכטערן פּאָליטישן טוער, אַ רעאַליסט און אַ ראָמאַנטיקער, אַ טרוימער. און ווי מאָדנע נאַטירלעך און אָרגאַניש פאר ארטורן קלינגען נאָך פאַר מיר איצט די ווערטער, ווען איך בין אַמאָל אריינגעקומענדיק צו אים אין שטוב זיך שטאַרק דערשראָקן טרעפנדיק אים קראַנק אין בעט, ווען ער האָט מיר מיט זיין קלוגן שמייכל אויף די ליפּן געענטפערט: „האָב נישט קיין מורא, איך וועל מיט קיין נאַטירלעכן טויט סייווי נישט שטאַרבן“. אין 1936 ווערט ארטור פון צענטראַלן קאָמיטעט אין וואַרשע געשיקט קיין לאָדזש, די צווייטע גרעסטע שטאָט אין פּוילן, צו ווערן דאָרט דער אָנפירער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.



שמואל ארטור זיגלבוים אין צענטער (אין ציווילע קליידונג) מיט רוסישע געפאַנגענע, אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע אין כעלם אין די יאָרן 1915—1916, בעת אַ צוזאַמענטרעף וועגן פּאָליטישער ארבעט.



אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער פאַרזאמלונג אין לאָנדאָן (1942), אָרגאַניזירט דורך דער ענגלישער אַרבעטער־פּאַרטיי. עס זיצן פירער פון אַ ריי סאָציאליסטישע פּאַרטייען.. ש. מ. זיגלבוים (שטייט ביים מיקראָפאָן) רעדט וועגן דער פאַרניכטונג פון די יידן אין אייראָפּע.

אויף זיין פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן אין לאָדזש בלייבט ער ביזן אויסברוך פון מלחמה־שטורעם, אין 1939. 5 טעג נאָכן אויסברוך פון קריג קומט ארטור צופוס פון לאָדזש קיין וואַרשע, כדי שטעלן זיך אין דינסט אין די שווערע גורל־טעג. אין צייט פון באַלאַגערונג און פאַרטיידיקונג פון דער הויפּט־שטאָט איז ער אַ מיטגליד פון פּארטיידיקונג־קאָמיטעט פון וואַרשע. רעדאַקטירט די „פאָלקס צייטונג", געפינט זיך אויף אלע שווערע פּאָזיציעס פון דער ארומגערינגלטער דורך דייטשע חיילות הויפּט־שטאָט. נאָכן פאַלן פון דער הויפּטשטאָט,



הענע זיגלבוים, די מאַמע פון „בונד", (חי מען האָט איר גערופן אין כעלם).

באַלד ביים ארייננמאַרש פון די דייטשן, האָט דער שונא פארלאנגט פון דער שטאָט 12 פאָרשטייער פון דער באַפעלקערונג אַלס משכנות (זאַקלאַדניקעס), וועלכע דארפן מיט זייערע קעפּ זיין פאראנטוואָרטלעך פאר דער אָרדענונג אין שטאָט. דער שטאָט־פּרעזידענט, סטעפאַן סטאַזשינסקי, האָט פאָרגעלייגט, אז די יידישע ארבעטער־באַפעלקערונג זאָל געבן איינעם און דאָס זאָל זיין די טוערין אסתר איווינסקאַ. אַרטור האָט קאַטעגאָריש זיך אַקעגנגעשטעלט, אַז אַ פרוי זאָל זיין אַלס משכון און האָט זיך אליין פאָרגעלייגט אַלס קאַנדידאַט. און אזוי ארום ווערט זיגלבוים דער משכון ביי די דייטשן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. אין דער זעלבער צייט איז ארויפגעלייגט געוואָרן אויף אים נאָך אַ פונקציע, ער פאַרטרעט דעם „בונד" אין דעם נייעם־יודן־ראַט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן מיטן באַפעל פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט.

אומפארגעסלעך וועט בלייבן איינער פון זיינע ארויסטריטן אויף א זיצונג פון דעם קהילה־ראַט, וואָס דאָס איז געווען בכלל די ערשטע דרייסטע אַקעגנשטעלונג אַ דייטשער פאַראָרדענונג מצד א יידישן פאָרשטייער. דער קהילה־ראַט האָט באַהאַנדלט די פראַגע וועגן אויספירן דעם דייטשן באַפעל פון שאַפן אַ יידישע געטאָ. זיי האָבן געפאָדערט, די יידן זאָלן דאָס אליין פרייוויליק דורכפירן. ווען די פראַגע איז באַהאַנדלט געוואָרן, האָט שמואל מרדכי זיגלבוים אַנטשיידן געקעמפט קעגן דעם. צוליב מורא אז דאָס נישט דורכפירן דעם באַפעל פון דער געסטאַפּאָ וועט ברענגען נייע צרות אויף דער יידישער באפעלקערונג, האָט די מערהייט באַשלאָסן די גזירה דורכצופירן. ווען דער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן, האָט זיגלבוים אָפּגעגעבן די פאָלגענדע דערקלערונג:

„עס איז דאָ געפאלן אַ היסטאָרישער באַשלוס. איך בין, ווייזט אויס געווען צו שוואַך אייך צו איבערצייגן, אז מיר טאָרן דאָס נישט טאָן. איך פיל אָבער ביי זיך נישט גענוג מאָראלישע כוחות צו קאָנען אין דער זאַך אַנטייל נעמען. איך פיל, אז איך וואָלט קיין רעכט נישט געהאַט צו לעבן ווייטער, אויב די געטאָ זאָל איינגעפירט ווערן, און מיין קאָפּ זאָל דערביי בלייבן גאַנץ. איך דערקלער, דעריבער, אז איך לייג מיין מאַנדאַט. איך ווייס, אז עס וועט זיין די פליכט פון פאָרזיצער תיכף וועגן מיין רעזיגנאַציע צו מעלדן דער געסטאַפּאָ און איך רעכן זיך מיט די קאָנסעקווענצן, וואָס דאָס קאָן האָבן פאר מיר פערזענלעך. איך קאָן אָבער אנדערש נישט האנדלען".

זיגלבוים רעדט נאָך שפּעטער פאַר אַן עולם פון איבער 10 טויזנט פאַרזאַמלטע יידן וואָס זיינען געקומען צום בנין פון דער וואַרשעווער קהילה, דערוויסנדיק זיך וועגן דער גזירה. ער רופט די יידן פרייוויליק אין געטאָ נישט צו גיין, נישט צו פארלירן דעם מוט און בלייבן אין זייערע היימען ביז מען וועט זיי נישט מיט גוואלד פון דאָרט ארויסוואַרפן. די דערקלערונג אויף דער זיצונג פון קהילה־ראַט, ווי אויך די רעדע אין גאַס זיינען



גאַלדע זיגלבוים, פרוי פון ארטור זיגלבוים, אומגעקומען מיט איר טאָכטער רבקה (רעכטס) אין וואַרשעווער געטאָ. (לינקס) יוסף זיגלבוים, אָפּגעראַטעוועט זיך, געפינט זיך אין אמעריקע.



שטייען פון לינקס — חנה'טשע (אין פוילן), ישראל, פיניע (אומגעקומען אין ווילנער געטאָ), פייחל (אין דרום־אפריקע), שמואל מרדכי (ארטור) ז"ל, חוה (געשטאָרבן אין רוסלאַנד). עס זיצן, צווייטע ריי: — פאַניע ע"ה (ישראל'ס פרוי), די מאַמע הענע ז"ל (אומגעקומען אין כעלם), גאָלדע (ארטורס פרוי, אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ). דריטע ריי, אונטן: — ראובן (אין דרום־אפריקע), יוסף, ארטורס זון (אין אמעריקע), אברהם (אין אמעריקע).

נישט געבליבן קיין סוד פאַר די דייטשן. זיגלבוים באַקומט א מעלדונג צו קומען אין געסטאַפּאָ זיך דורכריידן וועגן וויכטיקע ענינים. וואָס די איינלאַדונג באַדייט איז געווען קלאָר. ער איז אין געסטאַפּאָ נישט געגאַנגען און זיך אָנגעהויבן אויסבאַהאַלטן. דער אונטערערדישער קאָמיטעט פון „בונד" באַשליסט, אז זיגלבוים מוז אַנטלויפן פון פוילן. בפרט, אז דערמיט איז געווען אויך פאַרבונדן א ספּעציעלע מיסיע: ברענגען פאַר דער וועלט די ידיעות וועגן די גרויזאַמקייטן, וואָס די נאַציס טוען אָפּ לגבי דער יידישער באַפעלקערונג. דער וועג איז געווען אן אויסערגעוויינטלעך שווערער און ריזיקאַלישער. מיט אַ האָלענדישן פּאַס דערשלאָגט ער זיך דורך דייטשלאַנד, האָלאַנד קיין בעלגיע. פאַר אן אינטערנאַציאָנאַלן פאָרום אין בריסל האָט זיגלבוים געשילדערט וואָס די נאַציס טוען אָפּ אין פוילן. דער איינדרוק פון זיין באַריכט איז געווען אַן אומגעהייערער. צום ערשטן מאָל האָט די פרייע וועלט געהערט אויטענטישע ידיעות פון אָפּגעצוימטן פייניקונג־ און מאָרד־לאַגער, אין וועלכן די נאַציס האָבן פאַרוואַנדלט פוילן. זיגלבוים קומט אָן שפּעטער אין אַמעריקע, פאָרט ארום איבערן לאַנד, מאַכט באַקאַנט פאַר דער אמעריקאַנער עפנטלעכקייט די מעשים־תעתועים, וואָס די נאַציס טוען אָפּ אין פוילן. ער וויקלט פונאַנדער פאַר טויזנטער צוהערער די מגילה פון פיין און באַליידיקונג, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך.

אין פרילינג, 1942, ווערט זיגלבוים געשיקט קיין לאָנדאָן צו זיין דער פאַרטרעטער פון פוילישן יידנטום אין פוילישן גלות־פּאַרלאַמענט (נאַציאָנאַל־ראַט). אַ יאָר צייט איז זיגלבוים געשטאַנען אויף דעם שווערן און פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן. א יאָר צייט האָט ער געפיבערט מיט זיין גאַנץ וועזן פארן גורל פון זיין פאָלק, וואָס ווערט אויסגעמאָרדעט און ער, זיין שליח, קאָן גאָרנישט העלפן. גוט אינפאָרמירט דורך דער אונטערערדישער יידישער באַוועגונג וועגן דעם וואָס עס קומט פאָר אין פוילן, האָט ער אומדערמידלעך נישט אויפגעהערט צו פאָדערן, צו מאָנען ביי דער פוילישער רעגירונג, ביי די פירער פון די גרויסמאַכטן, ביי טשערטשילן און רוזוועלטן, טאָן אַלץ אָפּצושטעלן די סיסטעמאַטישע אויסמאָרדונג פון א גאַנץ פאָלק, פון יידישן פאָלק. עס האָט גאָרנישט געהאָלפן.

אַ שליח וואָס איז געקומען קיין לאָנדאָן פון דער פוילישער אונטערערד האָט איבערגעגעבן זיגלבוימען די פאָדערונג פון די יידישע פאָרשטייער צו די יידישע פירער אין די פרייע לענדער: „זאָלן זיי גיין צו ענגלישע און אמעריקאַנער אַמטן, זאָלן זיי נישט אָפּטרעטן ביז זיי וועלן נישט באַקומען קיין גאַראַנטיעס, אז מען האָט באַשלאָסן צו ראַטעווען די יידן. זאָלן זיי, די יידישע פאָרשטייער, אין דער פרייער וועלט נישט עסן און נישט טרינקען, זאָלן זיי פּאַמעלעך אויסגיין פּנים אל פּנים מיט דער גלייכגילטיקייט פון דער וועלט. זאָלן זיי שטאַרבן. דאָס וועט אפשר אויפטרייסלען דאָס געוויסן פון דער וועלט".

זיגלבוים האָט די מאָנונג, די פאָדערונג פון זיינע געמאָרדעטע יידן אָנגענומען.

אַ יאָר צייט האָט ער אין לאָנדאָן אויסגעפּרובירט אלע וועגן צו ראַטעווען די מיליאָנען קרבנות און נישט געקאָנט ראַטעווען אפילו איין איינציקן יידן, האָט דער שליח פון געמאָרדעטן פאָלק אָנגענומען דעם נייעם „וועג", די פאָדערונג פון די געמאָרדעטע: „שטאַרבט אליין, אפשר וועט דאָס העלפן".

שמואל מרדכי זיגלבוים איז געווען דער איין און איינציקער, וועלכער האָט דעם באַפעל פון די יידישע פירער אין די געטאָס צו די יידישע פירער אין דער פרייער וועלט — צו ברענגען דעם העכסטן קרבן — אויסגעפירט. אין דער נאַכט פון 11־טן אויפן 12־טן מאי האָט ער פאַרענדיקט זיין לעבן דורך זעלבסטמאָרד.

אָוועקגעגעבן דאָס טייערסטע: דאָס לעבן, פאַר דעם טייערסטן וואָס ער האָט אין לעבן געהאַט — פארן יידישן פאָלק.



„קינדער־היים" ביים „בונד" אין כעלם. אין צענטער זעען מיר שמואל (אַרטור) זיגלבוים.

# עַל קידוש העם

געהייליקט דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיין ברודער שמואל מרדכי (אַרטור) זיגלבוים



ראובן זיגלגבוים

דער רעדנער איז פּלוצלינג שטיל געוואָרן, האָט איבערגעריסן זיין ריידן. אין זאַל האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. די עטלעכע הונדערט מענטשן, וואָס זיינען געקומען אויפן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן מיטינג פון דער ענגלישער אַרבעטער־פּאַרטיי, האָבן ערנסט און גערירט אויסגעהערט דעם יידישן פּאָרשטייער אין פּוילישן נאַציאָנאלן ראַט, דעם פירער פון „בונד" שמואל (ארטור) זיגלבוים. ער האָט געשילדערט פאר זיי די גרויל־מעשים וואָס די דייטשן טוען אָפּ די יידן אין פּוילן, געלייענט באַריכטן פון דער וואַרשעווער אונטערערד, דערציילט וועגן אויפשטאַנדן אין געטאָס... וועגן העראָאישן גוראַנגל און טראַגישן אומקום פון די רעשטלעך יידן. שוין 2 שעה ווי ער רעדט פאר זיי, פאר די נישט־יידן וועגן דער טראַגישקייט פון אַ פאָלק, וואָס ווערט סיסטעמאַטיש אויסגעמאָרדעט. און פלוצלינג האָט ער איבערגעריסן. האָט ער פאַרענדיקט ? די שטילקייט האָט אָנגעהאלטן אַ מינוט. זיגלבוים הערט די שטילקייט. ער ווייסט אז ער דארף ווייטער ריידן. ער האָט נאָר אויף איין מינוט פאַרלאָרן דעם קשר מיט די וואָס הערן אים, אוועקגעטראָגן זיך אהין און דערזען לעבעדיק דאָס אלץ וועגן וואָס ער האָט גערעדט און געשילדערט, ער האָט דערפילט א זינלאָזיקייט אין זיינע רייד, אין אויסזוכן ווערטער, אין האַלטן רעדעס אין אָנבליק פון דער גרויזאַמער רעאַליטעט. דאָס האָט אָבער געדויערט נאָר אַ מינוט. ער האָט זיך גלייך איבערגעטראָגן צוריק אין זאַל, דאָס איז זיין פליכט, דאָס איינציקע מיטל — צו ריידן צו זיי, מאַכן גלויבן אין דעם וואָס געשעט דאָרט, אויפציטערן און ארויסרופן אַ פּראָטעסט־געפיל ביי דער וועלט. ער האָט ווייטער גענומען ריידן : „איר האָט היינט געהערט אָט די שרעקלעכע נייעס פון פּוילן, דאָס זיינען פאַקטן וועלכע מאַכן גליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן. אָט האָב איך אין מיין האַנט אַן אויסצוג פון א בריוו, וואָס אַ יידישע פרוי אין איין געטאָ האָט געשריבן צו איר אַ שוועסטער אין אַ צווייטער געטאָ אין פּוילן. דער בריוו איז אַן אויפטרייסלענדיקער רוף צו דער וועלט. די פרוי שרייבט :

„מיין האַנט ציטערט, איך קאָן נישט שרייבן, אונדזערע מינוטן זיינען געציילטע, איין גאָט ווייס צו מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל זען, איך שרייב און איך וויין, מיינע קינדער יאָמערן, זיי ווילן אזוי לעבן... מיר אַלע געזעגענען אייך. אָט דאָס איז די אַטמאָספער אין וועלכער די יידן לעבן אין די געטאָס פון פּוילן. פּרוּווט אייך פאָרשטעלן, די מענטשן וועלכע זעען יעדן טאָג ווי זייערע נאָענטסטע ווערן אַוועקגעשלעפּט צום טויט און יעדערער ווייס אז עס מוז קומען אויך זיין ריי. שטעלט אייך פאָר די טויזנטער יידישע מוטערס, די מוטערס וועלכע קוקן אויף זייערע קינדער און ווייסן אז זייער טויט איז אומפאַרמיידלעך. שטעלט אייך פאָר די מוטערס ביי וועלכע מען רייסט ארויס די קינדער פון די הענט מיט איין זעץ אין וואַנט, צושפּריצט זיך דאָס קעפּל פון קינד אויף פּיצעלעך אין די אויגן פון די מאַמעס. שטעלט זיך פאָר דאָס גרויסע פאַרברעכן פלאַנמעסיק אויסצומאָרדן אַ לאַנץ פאָלק. יעדער פון אונדז, וועלכער באַנעמט דעם גרויל פון פאַרברעכן, מוז ארומגעכאַפּט ווערן מיט אַ געפיל פון חרפּה וואָס ער געפינט זיך נאָך צווישן די לעבעדיקע. און עס וועט ווירקלעך זיין אַ חרפּה ווייטער צו לעבן, צו געהערן צום מענטשלעכן מין, אויב עס וועט ניט געפונען ווערן מיטלען אָפּצושטעלן דאָס גרעסטע פאַרברעכן אין דער מענטשלעכער געשיכטע. עס מוז אויפגעטרייסלט ווערן דאָס געוויסן פון יעדן, עס מוז אויפגעריסן ווערן די רואיקייט פון יענע, וואָס פאַרטרייבן פון זיך די פאַקטן, מיט דער זעלבסטנאַרונג אז זיי זיינען אומגלויבלעך. יעדער פון אונדז וואָס וועט נישט טאָן אלץ כדי אָפּצושטעלן די מאסן־שחיטות וועט נעמען אויף זיך די מאָראַלישע מיטפאַראַנטוואָרטלעכקייט פאר זיי. אין נאָמען פון די הילפלאָזע אומשולדיקע, פאַראורטיילטע צום טויט מענטשן אין די געטאָס פון פּוילן, וועמענס אויסגעשטרעקטע הענט צו דער וועלט קאָנען נישט געזען ווערן, רוף איך צו אלע מענטשן, צו אלע פעלקער, וועמענס געוויסן איז נאָך וואַך, ווישט אָפּ די ברענענדיקע שאַנד וואָס ווערט געוואָרפן אויף דער מענטשלעכער ראַסע, צווינגט די נאַצי־מערדער אָפּשטעלן דאָס פלאַנמעסיקע אויסמאָרדן פון א פאָלק".

זיגלבוים איז ארויס פון זאַל אליין, ס'האָבן אים דענערווירט די מענטשן, וואָס האָבן אים גראַטולירט, געדריקט די הענט פארן שיינעם ריידן. ער איז פון זיי אַנטלאָפן, עס האָט אים ווידער באַהערשט דאָס געפיל פון פאַרצווייפלונג און אומבאַהאָלפנקייט. שוין אַ יאָר צייט ווי ער איז דער פאָרשטייער פון פּוילישן יידנטום אין דער פּוילישער גלות־רעגירונג. ער האָט געשריבן, גערעדט, געוואָרנט, געדראָט, ניט דורכגעלאָזט קיין איין געלעגנהייט צו אויפקלערן, צו איבערצייגן, צו רופן און בעטן הילף, און אַלץ שלאָגט זיך אָן אָן אַ טויבער וואַנט פון נישט גלויבן און גלייכגילטיקייט. ער איז אַ פאָרשטייער פון אַ פאָלק וואָס ווערט קאַלטבלוטיק אויסגעמאָרדעט. צי האָט ער כאָטש איין איינציקן נפש פון זיי באוויזן צו ראַטעווען ? יאָ, מען קומט אים הערן, דאָס וואָס ער דערציילט ווירקט אויף די מענטשן, אָבער דאָס איז נאָר אַן אויבנאויפיקע ווירקונג, נאָכדעם גייט מען איבער צום טאָג־טעגלעכן לעבן. אַ ביסל גלויבט מען נישט, מען וואַרפט אים אפילו פאָר, אז דאָס איז ביי אים כאַראַקטעריסטישע יידישע היסטעריע, און אויב עס איז יאָ אביסל אמת, איז דאָך דאָס ווייט און דערווייל לעבט מען. יאָ, ער ווייסט, א סך פון זיינע יידישע און נישט־יידישע פריינד האָבן אים אָנגעהויבן אויסמיידן, ער פאַרסמט זיי דאָס לעבן, זיי פילן זיך אומהיימלעך אין זיין געזעלשאַפט, ער ווייס וואָס זיי טראַכטן: „ווי קאָן דאָס אַ מענטש שטענדיק און כסדר לעבן נאָר מיט איין געדאַנק, ער נעמט דאָס צו ערנסט, אָט דער זיגלבוים". נו יאָ, אוודאי, מען קאָן זיין א פאָרשטייער, ארויסטרעטן עפנטלעך ריידן, שיקן אַלאַרם־טעלעגראַמעס צו דער וועלט און נאָכדעם זיצן אין דער היים אָדער אין געזעלשאַפט פון פריינד, קרעכצן, וויינען און אַ ביסל הנאה האָבן פון לעבן, טאָן דאָס וואָס אלע טוען. זיינע אויגן האָבן אויפגעבליצט פון כעס, ער

האָט פאַרדריקט די הענט אין פויסטן און זיך מיט כוח, אפילו אַ ביסל ברוטאַל דורכגעשטופּט דורכן שפּאַצירנדיקן זונטאָגדיקן עולם, כמעט ווי געלאָפן. ער האָט דערזען א ליידיקן אָרט אויף אַ באַנק אין סקווער און האָט מיט אַמאָל דערפילט אזא מידקייט אז עס האָט אים נישט געלאָזט שטעלן אַ טראָט מער, ער האָט זיך שווער אוועקגעזעצט. עס איז געווען אַ שיינער פרילינג־טאָג, איינער פון די זעלטענע זוניקע טעג אין דעם פאַרנעפּלטן לאָנדאָן. די ביימער ארום זיינען געווען צעבליט און האָבן פארשפּרייט אַ פאַרשיכורנדיקן ריח. אלץ איז אזוי נאָרמאַל ארום.

אמת, לאָנדאָן לעבט איבער שווערע טעג, ווערט באָמבאַרדירט פון דייטשע עראָפּלאַנען. און דאָך אזא רואיקייט, א זיכערקייט. צווישן איין באָמבאַרדירונג און דער צווייטער גייט מען ארויס אין גאַס, מען שפּאַצירט. זיגלבוים האָט זיך אין סקווער פאַרקוקט אויף צוויי שפּילנדיקע קינדער: אַ יינגעלע אַ יאָר 7 מיט א מיידעלע פון זעלבן עלטער. ער האָט געקוקט אויף זייערע צעשטראַלטע פנימלעך, האָט איבערגעוואָרפן זיין בליק אויף די צוויי מאַמעס וואָס האָבן זיך נחת'דיק צוגעקוקט צו זיי. ער איז געוואָרן מיטגעריסן מיט דער זוניקייט און העלער קינדער־פרייד, און אַ שמייכל, אזא זעלטענער גאַסט אין די לעצטע צייטן, האָט זיך צעשפּילט אויף זיין פּנים. די פּילקע, מיט וועלכער די קינדער האָבן זיך געשפּילט, האָט זיך צוגעקאָלערט צו זיינע פיס. ער האָט זי גענומען אין דער האַנט, געוואָלט זי צוריקוואַרפן. די קינדער זיינען געשטאַנען אין דערוואַרטונג מיט אויסגעשטרעקטע הענטלעך און ברייט צעעפנטע אויגן. זיגלבוים האָט זיי אַ ווײַלע אָנגעקוקט, זיין האַנט איז געבליבן הענגען אין דער לופטן, דאָס פּנים האָט פאַרקרימט אַ גרימאַסע און די אויגן זיינען געוואָרן פאַרלאָפן. ער האָט דערזען פאַר זיך די לעצטע באַריכטן פון פּוילן, געזען די אויסגעשטרעקטע הענטלעך און צעעפנטע אין קינדערשער פאַרוואונדערונג און שרעק אויגן פון טויזנטער און טויזנטער קינדער, אין וואַגאָנען און אויטאָס און צופוס געטריבן צום טויט, צו די אויוונס. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און גענומען ווידער גיין שנעל, לויפן. אָט האָט ער זיך ווידער אָפּגעשטעלט ביי אַ סקווער און דאָ ווידער געהערט דאָס הילכן פון קינדערשע געלעכטערס. ווי וואָלט געווען, האָט ער געטראַכט, ווען מען נעמט אָט די מאַמעס, פאַרליבטע אין זייערע קינדער, און מען שיקט זיי אַוועק דאָרטן, זיי זאָלן זיך צוקוקן און זען וואָס די דייטשן טוען מיט די קינדער פון זיין פאָלק. ווי וואָלטן זיי רעאַגירט ? וואָלטן זיי אויפגעציטערט, געשריען, געוואָרפן זיך מיט די פויסטן אויף די רוצחים, צי אפשר גאָר גלייכגילטיק זיך צוגעקוקט, און אפשר צוגעהאָלפן. אָט טוט דאָך אזוי דער גרעסטער טייל פון פּוילישן פאָלק. זיין גאַנץ לעבן האָט ער טיף געגלויבט אין דעם מענטש, אין זיין גייסט מיט גלויבן און אָפּטימיזם איז ער געגאַנגען פון שטאַפּל צו שטאַפּל. און וואָס איז סאָציאַליזם אויב נישט דאָס טיפע גלויבן אין דער הייבנקייט פון מענטש. אלס צוועלף־יאָריק יינגל איז ער אוועק פון דער אָרעמער, פול מיט הונגעריקע קינדער, שטוב אין כעלם, אַוועק אין דער גרויסער פרעמדער שטאָט, פול מיט גלויבן אין מענטש, דערזען פאַר זיך דעם סאָציאַליזם, די יידישע ארבעטער־באַוועגונג, דעם „בונד", דערפילט אין זיי די שיינקייט די התלהבות, אריינגעוואָרפן זיך אין דעם צעשטורעמטן געזאַלצענעם ים פון מענטשלעכע ליידן און טרערן, קעמפנדיק פאַר גערעכטיקייט און דערהויבנקייט. ער איז געגאַנגען מיט דער מאַסע און ארויסגערוקט זיך פאָרויס, ער איז געוואָרן זייער פירער. זיין אָפּטימיזם און גלויבן אינעם מענטש האָבן אים געהאָלפן זיי צו איבערצייגן. זיי האָבן אים געהערט, די יידישע ארבעטער, האָבן אים געגלייבט. ער איז שטענדיק געווען גרייט פאַר זיי, אין וואָכעדיקע טעג פון געזעלשאַפטלעכער ארבעט און אין יום־טובים, אין קאַמף, אין סכנות. גרייט אויף די העכסטע קרבנות פאַר זיי, פאַר דער יידישער ארבעטער־באַוועגונג, פאַרן יידישן פאָלק. און איצטער, ווען זיין פאָלק גייט אָפּ אין בלוט, האָבן זיי אים אוועקגעשטעלט אלס זייער שליח־ציבור, א שליח־ציבור פון אַ פאָלק וואָס ווערט אויסגעהרגעט, און ער קאָן גאָרנישט העלפן. ער קאָן נישט דורכהאַקן די וואַנט פון גלייכגילטיקייט און קורצזיכטיקייט.

ערגעץ־ווו האָט זיך צעקלונגען אַ זייגער. זיגלבוים האָט זיך איינגעהערט אין די מאָנאָטאָנע טיק־טאַקן וואָס האָבן געגאָסן אַ קילקייט אויף זיין צעהיצטן קאָפּ. ער האָט זיך ארומגעקוקט: די זון איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען, ס'איז געווען טונקל, די שטאָט האָט זיך אָנגעהויבן איינהילן אין אַ פייכטן קאַלטן נעפּל. די קילקייט האָט אים אָפּגעפרישט. זיין מוח האָט ווידער גענומען לאָגיש טראַכטן. מען טאָר זיך נישט אריינלאָזן אין ספקות, ער מוז טאָן אַלץ וואָס עס לאָזט זיך, אלץ וואָס איז נאָך געבליבן אין זיינע מיגלעכקייטן, ער מוז דערפילן זיין פליכט. ער קומט צו זיך אין צימער, זיצט ווידער ביי זיין שרייב־טיש. קוקט נאָך אַמאָל איבער דעם אויסגעאַרבעטן געזעץ־פּראָיעקט קעגן אנטיסעמיטיזם אין דעם נאָך־מלחמהדיקן באַפרייטן פּוילן. ער דאַרף דעם פּראָיעקט מאָרגן פאָרלייגן אויף דער זיצונג פון דער נאַציאָנאַל־ראָט. יאָ, ער איז אויך איבערצייגט אין דעם נצחון פון די אַליאירטע, אַ באַפרייט פּוילן וועט אויפשטיין, אָבער צי וועלן נאָך זיין דאָרט יידן ? ער האָט האַסטיק אוועקגעלייגט דעם פּראָיעקט. ניין ! ער וועט נישט מיד ווערן צו פאָדערן : קודם מוז געטאָן ווערן אלץ עס זאָלן בלייבן לעבן יידן. דאָס איז פריער פאַרן געזעץ קעגן אנטיסעמיטיזם. ער האָט אָנגעשריבן 3 פאָרשלאגן, וועלכע ער וועט מאָרגן אויף דער זיצונג אריינטראָגן :

„1) דער נאַציאָנאַל־ראָט פאָדערט אויף די רעגירונג אז זי זאָל גלייך פאַרלאַנגען פון אלע אַליאירטע מלוכות, באזונדערס פון אַמעריקע און ענגלאַנד, תיכף אויסצואַרבעטן אַ פּלאַן פון ספּעציעלע אקטן קעגן דייטשלאַנד, וואָס זאָלן זיי צווינגען אָפּצושטעלן די יידן־שחיטות.

2) גענויע באַשרייבונגען פון די יידן־שחיטות אין דער דייטשער שפּראַך זאָלן אין גרויסע צאָלן אראָפּגעוואָרפן ווערן פון עראָפּלאַנען איבער דייטשלאַנד.

3) די רעגירונג זאָל אָננעמען שריט אז גאָר אין גיכן זאָל צוזאמענגערופן ווערן א ספּעציעלע קאָנפערענץ פון אלע אַליאירטע רעגירונגען, וועלכע זאָלן אין נאָמען פון אלע קעמפנדיקע פעלקער פאַרעפנטלעכן אַ פלאַמענדיקן פּראָטעסט און אַ שאַרפע וואָרנונג צום דייטשן פאָלק און זיין רעגירונג".

זיגלבוים איז אויפגעשטאַנען פון אָרט און גענומען ארומשפּרייזן איבערן צימער. אין זיין מוח האָט ווידער געעגבערט דער ספק. האָט ער דאָך שוין צוויי מאָל אריינגעטראָגן פאָרשלאגן וועגן אָננעמען סאַנקציעס קעגן די דייטשן. ער האָט די פאָרשלאַגן געשיקט צו טשערטשילן און רוזוועלטן. די ענטפערס זיינען געווען דיפּלאָמאַטיש־ארויסדרייענדיקע. ניין ! איך וועל נישט מיד ווערן צו מאָנען, האָט ער אויסגעשריען. און נאָך דעם זעלבן טאָג האָט ער אוועקגעשיקט דעם אַפּיל צו פּרעזידענט רוזוועלט און צו פּרעמיער טשערטשיל.

„אַלס באַפולמעכטיקטער פאָרשטייער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן און אין נאָמען פון די יידן וואָס ווערן מאַסנווייז אויסגעמאָרדעט הינטער די טויערן פון געטאָ, ווענד איך זיך צו אייערע רעגירונגען מיט דעם לעצטן פאַר־

צווייפלטן אַפּיל. אָט איז אַן אויסצוג פֿון דעם לעצטן באַריכט וואָס איז ווידער אָנגעקומען פון וואַרשע: אַ ווילדער שטורעם בושעוועט אויף די קעפּ פֿון פּוילישן יידנטום, און דער שרעקלעכער שטורעם ווערט מיט יעדן טאָג שטאַרקער. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג ווערט אויסגעראָטן, די מענער, די פרויען און די קינדער. פון די דריי און אַ האַלב מיליאָן יידן אין פּוילן פארן קריג, זיינען איצט געבליבן לעבן נישט מער ווי געציילטע טויזנטער, און די מאַסן־מאָרדן דויערן נאָך ווייטער. די לעבן־געבליבענע יידן אין פּוילן בעטן אייך צו געפינען מיטלען ווי אזוי צו ראַטעווען די רעשט פּוילישע יידן וואָס זיינען נאָך געבליבן ביים לעבן. אַלס מענטש וואָס רעפּרעזענטירט די אומגליקלעכע יידישע באַפעלקערונג פון פּוילן, גיב איך אייך איבער זייער לעצטן אַפּיל וועגן רעטונג".

ער האָט געענדיקט דעם בריוו און מיד געלאָזט פאַלן די האַנט אויפן טיש. די אויגן זיינע האָבן שטאַר געקוקט אין דער ווייטקייט. צו וועט עס דאָס מאָל זיי רירן, די פירער פון דער ציוויליזירטער וועלט?

יאַן קאַרסקי, דער שליח פון דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג וואָס איז געקומען אין לאָנדאָן, האָט אויך געהאַט אַ שליחות פון די יידישע פאָרשטייער. ער האָט געבעטן זיגלבוימען וואַרטן אויף אים 5 אזייגער. ער האָט זיך אַ ביסל פארשפּעטיקט. זיגלבוים האָט שוין געוואַרט אויף אים. זיי האָבן זיך האַרציק באַגריסט און אוועקגעזעצט זיך. וואָס ווילט איר הערן, פרעגט קאָרסקי? וועגן יידן, איך בין אַ ייד, זאָגט מיר וואָס ווייסט איר וועגן די יידן אין פּוילן.

קאַרסקי האָט גענומען דערציילן רואיק און זאַכלעך אַלץ וואָס ער האָט געוווסט וועגן די יידן, אלץ וואָס ער האָט געזען. ער האָט דערציילט וועגן די „געיעגן" אויף יידן אין די גאַסן, וועגן די „אַקציעס" אין געטאָ, וועגן די הונדערטער און טויזנטער וואַגאָנען פולע מיט יידן, וועלכע גייען אוועק אין אומבאַשטימטע, אָבער דאָך באַשטימטע ריכטונגען. ער האָט דערציילט וועגן זיינע געשפּרעכן מיט די יידישע פאָרשטייער פאר זיין אוועקפאָרן. זיגלבוים איז געזעסן שטייף, מיטן קערפּער ארויסגערוקט פאָרויס. ער האָט געהערט, איינגעזאפּט אין זיך די גרוילן, די אויגן ברייט צעעפנט, האָבן געקוקט ווייט הינטער דעם דערציילער, זיי האָבן נישט קיין פינטל געטאָן, זיין פּנים איז געווען ווי פארגליווערט, נאָר אַ נערוועזער צוק איז פון צייט־צו־צייט דורכגעלאָפן אויפן געזיכט. קאַרסקי האָט רייידנדיק באַטראַכט זיין פּנים. ער האָט אויסגעזען זייער מיד. די אויגן האָבן ארויסגעשטאַרצט פון זייערע לעכער און דער צוק אויפן געזיכט האָט זיך מער אָפטער באַוויזן. זיגלבוים האָט פלוצלינג אָנגעהויבן שטעלן פראַגן. דערציילט מיר גענוי ווי זעען אויס די יידן אין די געטאָס? וואָסער פּנים האָבן די קינדער, וועלכע איר האָט געזען? וואָס האָט געזאָגט די פרוי, וואָס האָט זיך צוזאַמען מיט אייך צוגעקוקט אויף דער „יאַגד" אין געטאָ? ווי אזוי זעען אויס די קערפּערס פון די טויטע יידן אויף די גאסן פון געטאָ? צי געדענקט איר די לעצטע ווערטער פון קינד, וואָס איר האָט געזען שטאַרבן אויפן גאַס? אָ, איך האָב פאַרגעסן, איר פארשטייט נישט קיין יידיש, איר זייט נישט קיין ייד. קאָרסקין האָבן אָנגעהויבן דענערווירן די אלע נישט וויכטיקע פראגן און פּרטים. ער איז אויך געווען מיד פון די איבערלעבונגען, געשפּרעכן.

— הער זיגלבוים, האָט ער אַ ביסל נערוועזיש אים איבערגעריסן — דאָס איז דאָך אַלץ נישט אזוי וויכטיק. אין אלגעמיין זיינען די באַדינגונגען שרעקלעכע און גרויזאמע. די באַפעלקערונג אין געטאָ לעבט אין אַ מצב פון גסיסה, אין א כסדרדיקן דראָענדיקן טויט. די אינסטרוקציעס וואָס די יידישע פירער פון געטאָ האָבן מיר געגעבן, האָב איך איבערגעגעבן די פאָרשטייער פון דער ענגלישער רעגירונג, וואָס האָבן מיר געענטפערט, אז דאָס איז נישט דורכפירבאַר צוליב פּאָליטישע און טאַקטישע טעמים.

זיגלבוים האָט זיך אַ ריס געגעבן פון אָרט, זיך דערנענטערט צו קאַרסקין, זיינע אויגן האָבן געבליצט מיט כעס און פאַראכטונג. הערט, האָט ער געשריען, איך בעט אייך נישט דערציילן מיר וואָס עס געשעט דאָ, וואָס מען זאָגט דאָ, וואָס מען טוט דאָ.. דאָס ווייס איך בעסער פון אייך, איך וויל הערן וואָס עס געשעט דאָרטן, וואָס זיי ווילן דאָרטן, וואָס זיי זאָגן דאָרטן! ער האָט ארויסגעשריען פון זיך די רייד און גענומען נערוועז שפּאַנען איבערן צימער. נו גוט, האָט געענטפערט קאַרסקי מיט ברוטאַלער פּשוטקייט און זאַכלעכקייט. איך וועל אייך איבערגעבן וואָס עס ווילן אייערע פאָרשטייער אין געטאָ פון זייערע פירער אין די פרייע לענדער פון דער וועלט. אָט דאָס האָבן זיי מיר געהייסן זאָגן: „זאָלן זיי גיין צו די וויכטיקע ענגלישע און אמעריקאנער אמטן און אַגענטורן, זאָלן זיי נישט אָפּטרעטן, ביז זיי וועלן נישט באַקומען קיין גאַראַנטיעס אז מען האָט באַשלאָסן טאָן אלץ צו ראַטעווען די יידן. זאָגט זיי, זיי זאָלן נישט עסן און נישט טרינקען, זאָלן זיי אויסגיין פּנים אל פּנים אין אָנבליק מיט דער גלייכגילטיקייט פון דער וועלט, זאָלן זיי שטאַרבן. דאָס וועט אפשר אויפטרייסלען דאָס געוויסן פון דער וועלט".

קאַרסקי האָט זיך אויפגעשטעלט. זיגלבוים איז געשטאַנען אקעגן אים אויסגעגלייכט מיט ברייט צעעפנטע אויגן און אים אָנגעקוקט. דאָס פּנים איז געווען א ביסל אויסגעלייטערט און כמעט א שמייכל האָט לייכט באַוועגט זיינע ליפּן. נאָר אין די אויגן איז געווען עפּעס אזוינס וואָס ער האָט פריער נישט באַמערקט, אזא מאָדנע פייערל פאַר וועלכן ער האָט זיך אַ ביסל דערשראָקן. זיגלבוים האָט אויסגעצויגן זיין האַנט, קאַרסקי האָט זי אַ פעסטן דריק געטאָן. הער קאַרסקי, איך וועל טאָן אַלץ וואָס איך קאָן זיי צו העלפן, אלץ! איך וועל טאָן אלץ וואָס זיי פאָדערן, איר גלייבט מיר צי נישט? קאַרסקי איז ארויס פון צימער, האָט פארמאַכט הינטער זיך די טיר און געבליבן שטיין. עפּעס האָט אים נישט געלאָזט אוועקגיין. די אויגן מיט וועלכע זיגלבוים האָט אים אָנגעקוקט! און אפשר האָט ער נישט באַדאַרפט איבערגעבן אלץ, ער האָט זיך אויסגעדרייט און געפּרווט אָנקלאַפּן אין טיר, קיינער האָט נישט געענטפערט. פון הינטער דער טיר האָט זיך געהערט אַ נערוועז שפּאַנען איבערן צימער. קאַרסקי איז מיד און שווער אַראָפּ פון די טרעפּ.

* * *

נאָך האַלבער נאַכט. דורכן אָפענעם פענצטער רייסט זיך אריין א געדיכטער פייכטער נעפּל, וואָס ווערט צערונען אין דער טונקלקייט פון צימער. זיגלבוים שטייט ביים אָפענעם פענצטער, קוקט אין דער שוואַרצקייט. אלע חושים אין אים זיינען אָנגעצויגן. ער האָט שוין באַשלאָסן, פארענדיקן... שוין פון לאַנג דערפילט זיין פיזישע עקסיסטענץ פאר נישט מאָראַליש, ווען ארום הערשט טויט און פאַרניכטונג. ער האָט פריער דעם געדאַנק נישט דערלאָזט צו זיך ווייל זיי דאָרטן, אין וועמענס נאָמען ער רעדט, האָבן פארלאַנגט פון אים שטיין אויף דער וואַך. זיי האָבן געגלייבט, אז ער קאָן עפּעס העלפן. אָבער איצט גלייבן זיי שוין אויך ניט אין דעם און פארלאנגען פון אים אויספּרובירן דאָס לעצטע, אפשר וועט דאָס העלפן? אפשר וועט די וועלט דערהערן? איז וואָס שטייט ער נאָך, וואָס שלעפּט ער אָפּ? זיגלבוימען, דעם

ניכטערן לאָגישן אידעאַליסט, האָט שטענדיק באַגלייט זיגלבוים דעם טרוימער, באַגלייט און זיך דערגאַנצט און געשאַפן שלימותדיקייט. איצט האָבן זייביידע אין אים געשריען, געריסן זיך: „עס איז אומזין" האָט געשריען אין אים דער לאָגיקער: דו דאַרפסט שטיין אויף דער וואַך, דערפילן דיין פליכט ,ווייטער טאָן אַלץ וואָס עס לאָזט זיך, האָסט דערשראָקן זיך, מיד געוואָרן און וואָס איז דאָס פאַרא טעאַטראַלע מעלאָדראַמאַטישקייט, באַגיין זעלבסטמאָרד? דאָס קאָן באַווייזן יעדער פאַרליבטער בחור, יעדער שוואַכלינג. און וואָס וועסטו אויפטאָן מיט דיין טויט? אָפּטרעטן דעם וועג דעם שונא, אַ ברייטהאַרציקער זשעסט אזא. זיי וועלן נאָך זיין צופרידן דערפון, וועלן זיך רייבן די הענט פון שמחה. פאַרקערט — וואָס מער אַזעלכע „מאַרטירער" און זיי וועלן קאָנען ווייטער אומגעשטערט טאָן אַלץ וואָס זיי ווילן. און די וועלכע דו ווילסט באַווירקן מיט דיין טאַט, מאַכן אויפציטערן — נאַרישקייטן, זיי וועלן העכסטנס לאָזן אַ טרער, לייגן אַ פּאָר בלומען אויפן קבר און ווייטער מאַכן זייערע קאַלטע דיפּלאָמאַטישע חשבונות. צו וואָס אוועקגעבן אומזיסט דאָס לעבן? באַטראַכט דאָך לאָגיש?

זיגלבוים האָט זיך אָפּגעריסן פון פענצטער און גענומען שפּאַנען איבערן צימער.

הער אויף, ציניקער, האָט געשריען אין אים דער צווייטער. ס'איז נאָך ניט אַלץ פאַרלאָרן, די וועלט וועט מוזן דערהערן.

וואָס איז לאָגיק? אָט שרייב איך אַפילו צו מלוכה־מענער, קאָנפעריר מיט זיי, באַמי זיך צו זיין לאָגיש און זאַכלעך, איבערצייגן זיי, ווען אַלץ רייסט זיך אין מיר, און זיי באַטראַכטן דאָס אַלץ לאָגיש מיט רואיקע פּנימער. דיפּלאָמאַטיש מאַכן זיי דעם חשבון, אַז ס'לוינט ניט, מען קאָן ניט און דערווייל קומט אום דאָס פאָלק. ניין, ניין, אומקומען מיט זיי, דאָס איז דער איינציקער וועג וואָס איז געבליבן מיר, דעם שליח פון אַן אומבאהאָלפן פאָלק.

איך וועל שוין דאָ גאָרנישט אויפטאָן. איך קלאַפּ מיטן קאָפּ אָן אַ האַרטער, טויבער וואַנט. די וואָס הערן מיך קלאַפּן, האָבן זיך שוין צוגעוווינט צו דעם, עס ווירקט שוין נישט מער. דאַרף מען זיך מיטן גאַנצן אימפּעט אַ וואָרף טאָן אויף דער וואַנט, באַשפּריצן זי מיטן אייגענעם מאַרך, אפשר וועט דאָס ווירקן? זיי דאָרטן גלייבן אין דעם „אפשר". און דער „אפשר" האָט גענומען ביי אים אויסוואַקסן, אָננעמען רעאַלע פאָרמען.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט פון זיין שפּאַנען הין און צוריק. איז צו צום טיש, זיך אַוועקגעזעצט און גענומען שרייבן. מאָמענטנווייז זיך פאַרהאַלטן, פאַרטראַכט זיך און ווידער געשריבן. ער האָט פאַרענדיקט, די הענט זיינען געבליבן ליגן אויפן טיש. ער האָט אויפגעהויבן א ביסל דעם קאָפּ, באַטראַכט אַלע קלייניקייטן אויפן שרייב־טיש און פאַרהאַלטן דעם בליק אויף די דריי רויטע רויזן. דאָס האָט די באַלעבאָסטע, אַן אַלטע ארבעטער־



פרוי, וואָס האָט אים מיט זאָרג לעצטנס נאָכגעקוקט, אַוועקגעשטעלט די רויזן אויף זיין טיש, טיף גערירט פון זיין נעכטיקער רעדע אויף אַ מיטינג. זיי זיינען געשטאַנען, די רויזן, אַקעגן אים צעבליטע ווי מיט צעעפנטע מיילער. זייער שיינקייט האָט ממש געשריען, ער האָט אַ גלעט געטאָן איינע פון זיי, די סאַמעטענע גלאַטקייט האָט אים אַ ברי געטאָן אין האַנט. ער האָט זי צוריקגעכאַפּט, איז אויפגעשטאַנען און מיט שנעלע טריט אוועק אין טונקעלן הינטערגרונט פון צימער, ווו ס'איז געשטאַנען זיין בעט. דער לאָמפּ אויפן טיש איז געבליבן ברענען און האָט באַלויכטן די אָנגעשריבענע לעצטע ווערטער:

„איך קאָן נישט בלייבן שטיל, איך קאָן נישט לעבן, ווען די רעשטלעך פון יידישן פאָלק אין פּוילן, וועמענס פאָרשטייער איך בין, ווערן אומגעבראַכט. מיינע חברים אין וואַרשעווער געטאָ זיינען אומגעקומען מיט געווער אין האַנט אין דעם לעצטן העראָאישן געראַנגל. עס איז מיר נישט געווען באַשערט צו שטאַרבן אזוי ווי זיי, צוזאַמען מיט זיי. אָבער איך געהער צו זיי און צו זייערע מאַסן־קברים".

„הינטער די מויערן פון געטאָ קומט איצט פאָר דער לעצטער אַקט פון דער טראַגעדיע, וואָס האָט נישט קיין גלייכן אין דער געשיכטע. די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם פאַרברעכן פון אויסמאָרדן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין פּוילן פאַלט אין דער ערשטער ריי אויף די מערדער גופא, אָבער אומדירעקט באַלאַסטעט די דאָזיקע אחריות אויך די גאַנצע מענטשהייט, די פעלקער און די רעגירונגען פון די אַליאירטע מלוכות, וועלכע האָבן ביז איצט נישט געמאַכט קיין באַמיאונגען צו א ממשותדיקער אַקציע פאַרן אָפּשטעלן דאָס פאַרברעכן. דורך פּאַסיוון צוקוקן זיך צו דער דערמאָרדונג פון שוצלאָזע מיליאָנען געפּייניקטע קינדער, פרויען און מענער זיינען די דאָזיקע לענדער געוואָרן שותפים פון די פאַרברעכער".

„מיט מיין טויט וויל איך אויסדריקן דעם שטאַרקסטן פּראָטעסט קעגן דער פּאַסיווקייט, מיט וועלכער די וועלט קוקט זיך צו און דערלאָזט די אויסראָטונג פון יידישן פאָלק.

„איך ווייס ווי ווייניק אַ מענטשלעך לעבן איז ווערט ביים היינטיקן טאָג, אָבער ווייל איך האָב נישט געקאָנט טאָן גאָרניט בעת מיין לעבן, וועל איך אפשר מיט מיין טויט מיטהעלפן, אז עס זאָל געבראָכן ווערן די גלייכגילטיקייט פון די, וועלכע האָבן די מיגלעכקייט צו ראַטעווען איצט, אפשר אין לעצטן מאָמענט, די נאָך־פאַרבליבענע פּוילישע יידן.

„מיין לעבן געהערט צום יידישן פאָלק אין פּוילן און דערפאַר גיב איך עס אים אַוועק.

ש מ ו א ל  ז י ג ל ב ו י ם".

לאָנדאָן, 12־טער מאי, 1943.



עקיבא ווינִיק

# ד״ר יצחק שיפּער – דעפּוטאַט פון כעלם אין פּוילישן סיים

(אַ בינטל זכרונות)

אין 1916, אין מיטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען כעלם איז געווען אונטער דער עסטרייכישער אָקופּאַציע, זיינען קיין כעלם געקומען צופאָרן — פּראָפ. מאיר באַלאַבאַן און ד״ר י. שיפּער.ביידע זיינען געווען אָנגעטאָן אין אוניפאָרמען פון אָפיצירן פון דער עסטרייכישער ארמיי. זיי האָבן געזוכט די פּנקסים פון דער כעלעמער קהילה, געמאַכט פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס פון דער גרויסער אַלטער שוהל און פון די גאָר אַלטע מצבות אויפן בית־החיים.



ד״ר יצחק שיפּער

ד״ר י. שיפּער איז דאן שוין געקומען אין אַ קאָנטאַקט מיט דער כעלעמער גרופּע „פּועלי־ציון״. אָט דער יידישער אָפיציר פון דער עסטרייכישער אַרמיי איז דאָך געווען דער גרויסער היסטאָריקער און וויסנשאַפטלער, וואָס איז שפּעטער — על פּי צופאַל — געוואָרן אויסגעקליבן פון די יידן אין כעלעמער פּאָוויאַט אלס דעפּוטאַט אין פּוילישן סיים.

אין כעלם — דאָס דרום־מזרחדיק ווינקל פון קאָנגרעס־פּוילן — האָט געוווינט א געמישטע באַפעלקערונג פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן: רוטענער, אוניאַטישע פּויערים, גריכישע קאַטאָליקן, אוקראַינער, פּאָליאַקן און יידן. א שטילער, אָבער אַ פאַרביסענער קאַמף איז דאַן אָנגעגאַנגען צווישן די פאַרשיידענע אומות, דער עיקר צווישן די אוקראַינער און פּאָליאַקן בנוגע כעלמשטשיזנע.

די יידן זיינען געווען אין א קלעם, ניט וויסנדיק אויף וועמענס צד זאָלן זיי זיך אָריענטירן. ניט זייענדיק זיכער ווער וועט מנצח זיין אינעם טעריטאָריעלן סכסוך, האָבן זיי ניט ארויסגעוויזן זייער אָריענטאַציע לגבי דעם אָדער צווייטן צד. די בירגערלעכע יידישע פּאַרטייען האָבן דערקלערט זייער „נייטראַליטעט״, ניט וועלנדיק ארויסטרעטן מיט אַ באַזונדער וואַל־ליסטע צו די סיים־וואַלן אין כעלם.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד״ האָט דאן באַשלאָסן זיך ניט צו באַטייליקן אין די סיים־וואלן אין גאַנץ פּוילן.

די „פּועלי־ציון״ אין פּוילן האָט באַשלאָסן זיך צו באַטייליקן אין די וואַלן און אזוי ארום איז די איינציקע יידישע קאנדידאטן־ליסטע אין כעלם געווען מצד דער „פּועלי־ציון״־פּאַרטיי.

די וואַל־אָרדינאַציע איז דאן געווען אן עכט־דעמאָקראַטישע. די „פּועלי־ציון״־פּאַרטיי האָט ארויסגעשיקט פּראָפּאָגאַנדיסטן אויף דער פּראָווינץ אויפצוקלערן פאר דער באַפעלקערונג די פּאָסטולאַטן פון די „פּ.צ.״ צו די סיים־וואַלן. הגם אַ פּאָר חברים אַגיטאַטאָרן זיינען דאן אין אייניקע דערפער גוט צעשלאָגן געוואָרן, אָבער מען איז געווען ענטוזיאַסטיש און ענערגיש צו פאָרזעצן די ארבעט.

זייער אינטערעסאַנט איז צו אונטערשטרייכן די פאָלגענדיקע סיבה, וואָס האָט אריינגעבראַכט פאר דער „פּ.צ.״־ליסטע א פּאָר הונדערט שטימען: א טייל אוקראַינישע פּויערים, וואָס זיינען — בעת דעם צארישן רעזשים — געזעסן אין קיעווער תפיסה אינאיינעם מיט ב. באָראָכאָוו, האָבן זיך דאן — אין דער תפיסה — באַקענט מיט די סאָציאַליסטישע געדאַנקען, וואָס דער גרויסער טעאָרעטיקער באָראָכאָוו האָט זיי געלערנט. ווען די אוקראַינער האָבן געהערט, אַז די „פּ.צ.״־ליסטע האָט א שייכות מיט באָראָכאָווס אידייען, האָבן זיי אלע געשטימט דאן פאר דער פּועלי־ציוניסטישער ליסטע.

דער ערשטער אויף דער „פּ.צ.״־ליסטע, נר. 2, איז געשטאַנען דער קראקאָווער אדוואָקאט, ד״ר מאקס ראָזענפעלד, וואָס איז געשטאָרבן אויפן וועג פאָרנדיק פון ווין קיין ווארשע, נאָך פאר דער עפענונג פון 1־טן פּוילישן סיים. היות דער צווייטער קאנדידאַט אויף דער ליסטע איז געווען ד״ר י. שיפּער, איז ער אויטאָמאטיש געוואָרן דעפּוטאַט אין פּוילישן סיים פון כעלעמער פּאַוויאט (דיסטריקט). דאָס איז געווען דעם 19־טן מערץ, 1919, ווען ד״ר י. שיפּער איז געוואָרן סיים־דעפּוטאַט.

אלס דעפּוטאַט פלעגט ד״ר י. שיפּער קומען זייער אָפט דאן קיין כעלם האַלטן לעקציעס, רעפעראַטן א.ד.גל. ער האָט אויך אָפט אינטערווענירט ביי די מאכט־אינסטאַנצן, ווען נאָר כעלעמער יידן האָבן זיך געווענדט צו אים.

דער באוווסטער שרייבער און דיכטער פון כעלם, מיין יוגנט־פריינד, שניאור וואסערמאן, גיט אָן אין זיינע מעמוארן וועגן חורבן כעלם, אין „מאָרגן־פרייהייט״, פאָלגענדיקן וויכטיקן עפּיזאָד: — אין די טעג פון דער פּויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה, ווען די פּוילישע „האַלערטשיקעס״ זיינען אָנגעקומען קיין כעלם און פלעגן אָפט באפאלן די יידן און רייסן זייערע בערד, איז דאן אויך אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם אויף די יידן אין כעלם, ווו עס זיינען אַן ערך 100 יידן פארוווּנדעט געוואָרן און איין ייד איז געטויט געוואַרן; א סך הייזער און קלייטן זיינען פּאָגראָמירט געוואָרן.

די כעלעמער יידן האָבן זיך דאן, אין טויט־שרעק, געווענדט קיין וואַרשע צו זייער דעפּוטאַט, ד״ר י. שיפּער, וואָס איז גלייך אראָפּגעקומען קיין כעלם.

די כעלעמער שטאָט־פארזאָרגער און אָרדענונג־היטער, די אלע וועלכע האָבן זיך באצויגן גלייכגילטיק צו די עקסצעסן קעגן די יידן, האָבן אין דער אָנוועזנהייט פון שיפּערן איינגעשטילט דעם צעיושעטן, און אפשר פון זיי אליין, אָנגערייצטן המון.

ד״ר י. שיפּער איז פאַרבליבן אין כעלם עטלעכע טעג און געמאַכט אַ גענויע אויספאָרשונג איבער די פאָרגעקומענע עקסצעסן און ער האָט צונויפגעשטעלט א רשימה פון די געליטענע פּערזאָנען און די גרויס פון די מאַטעריעלע שאָדנס.

אויף דער נאָענטסטער סיים־זיצונג האָט שיפּער געהאַלטן א רעדע וועגן דעם פּאָגראָם אין כעלם און וועגן די פּוילישע פּאָג־

ראָמען אויף יידן בכלל. די רעדע האָט געמאַכט א גרויסן רושם איבערן גאַנצן לאַנד. ער האָט דאַן אָפן געזאָגט, אז די פוילישע רעגירונג איז פאראנטוואָרטלעך פאר אלע צרות און עקסצעסן אויף יידן, אז: „פאָגראָמען זיינען א שווערד מיט 2 שארפן, זיי שעדיקן דעם מערדער אזוי גוט ווי דעם קרבן“, ער האָט אויסגערופן: „מאַכט א קלאָרן חשבון, מיינע הערן, ווען פארלוסטן זיינען גרעסער, די מאַטעריעלע און פיזישע היזקות, וואָס די יידן ליידן דורך די פאָגראָמען, אָדער אייער מאָראלישן חורבן, וואָס איר דערציט דעם גאנצן יונגן פוילישן דור אויף יידן־העצערייען און פאָגראָמען“

ווענדנדיק זיך צו דער גאלעריע פון סיים, האָט ער געפרעגט ביי די פוילישע פרויען, מאַמעס און שוועסטער, ווי זיי רעאגירן אויף די כוליגאנישע מעשים פון זייערע זין און ברידער, וואָס רייסן זיך אריין אין דער ווייבערשער מקווה (אזא פאַל איז דאן געשען אין כעלם) און איזדיעקעווען זיך איבער די אויף טויט־צעשראָקענע, פארשעמטע, נאַקעטע פרויען.

הגם זיין רעדע האָט ניט אָפגעשטעלט די פאָגראָם־כוואליע אין לאנד, אָבער א געוויסע קאָמפענסאציע איז עס געווען פאר די כעלעמער יידן און פאר די יידן אין פוילן בכלל, אז עס איז דאָ ווער עס זאָל עפנטלעך און הויך פראָטעסטירן אין סיים.

ד״ר שיפער, זייענדיק אַ סיים־דעפוטאַט, האָט זיך קיינמאָל ניט אָפגעשראָקן און זיך ניט אָפגעשטעלט פון פארטיידיקן מיט שטאָלץ און ווירדע דעם יידישן כבוד און דאָס יידישע לעבן.

אין 1920 זיינען פאָרגעקומען אין פוילן ארעסטן פון געזעלשאַפטלעכע פאָליטישע טוערס (ס׳רוב יידן...), אויך אין כעלם זיינען דאן ארעסטירט געוואָרן יידישע פאָליטישע טוערס פון אלע ריכטונגען, אייניקע ארעסטירטע זיינען געווען סתם אומפּאַרטייאישע יידן, אפילו עטלעכע יונגע שילערס פון דער כעלעמער יידישער גימנאַזיע.

צווישן די ארעסטירטע זיינען דאן געווען ד״ר מירלאס (לערער פון כעמיע אין דער יידישער גימנאַזיע); דיסטלער (פון גאליציע, בוכהאלטער פון קאָאָפּעראטיוו ביי דער פ.צ. „ארבעטער־היים“); משה לאַרבער; א. ד. היפשמאַן (אַ דרוקער־ארבעטער, פאָרזיצער פון דער פ.צ. אָרג.); חיים (א וואסער־טרעגער, א בונדיסט); נ. לאקס, א.א.

אויך די פרל. בלומע לעווינשטיין (די איינציקע פרוי צווישן די אַרעסטירטע. זי איז געזעסן מיט קרימינעלע פאַרברעכערינס).

א פּאָר טעג נאָך די ארעסטן, האָב איך דאן באקומען א צעטעלע פון ח׳ ראָזענבלום (אַ שניידער, ער איז דאן געווען קאַסיר פון דער „פּ.צ.“־אָרג.), אז איך זאָל אים קומען זען. ראָזענבלום איז דאן געלעגן באהאלטן אויף א בוידעם, ערגעץ אויף לובלינער גאַס. ל. ראָזענבלום האָט מיך באַאויפטראַגט צו פאָרן קיין וואַרשע צום דעפּ. ד״ר י. שיפער, ער זאָל אינטערווענירן ביי דער פוילישער רעגירונג וועגן באפרייען די ארעסטירטע.

איך בין דאן (א 17 יאַריקער יוגנטלעכער, אָנפירער פון דער פועלי־ציון „יוגנט“־אָרגאַניזאַציע) אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע. עס איז דאן געווען ביי מיר דאָס ערשטע מאָל, ווי איך בין בכלל געפאָרן מיט א באַן און, פלוצלינג, אריינגעפאלן אין אזא קאָכעדיקער שטאָט ווי ווארשע.

איך האָב געדענקט דעם אַדרעס פון דער פּ.צ. „ארבעטער־היים“ אין וואַרשע, קאַרמעליצקע 23, דאָרט האָב איך זיך דערוווסט, אז שיפער וווינט צוזאַמען מיט זיין שוואָגער — דער ציוניסטישער פירער און אדוואָקאט יצחק גרינבוים — אויף טלאָמאצקע 6, אקעגן דער טלאָמאצקער סינאַגאָגע.

ד״ר י. שיפער האָט מיר דאַן אויפגענומען מיט גרויסער חברישער פריינדשאַפט, און ער האָט מיר דערקלערט, אז ער קאָן נאָך ניט גיין צום מיניסטער אינטערווענירן וועגן די ארעסטירטע אין כעלם, ווייל: „עס זיינען פאָרגעקומען ארעסטן איבערן גאנצן לאנד; אויך זיין שול־חבר, ד״ר שרייבער, זיצט ארעסטירט, און ער קאָן אים נאָך ניט העלפן, ווייל פריער מוז ער וויסן די סיבות און כוונות פון דעם מיניסטער און בכלל פון דער רעגירונג וועגן די ארעסטן, ערשט דאן וועט ער קאָנען גיין אינטערווענירן און זען, אז מען זאָל די אומשולדיקע יידן באפרייען“. ער האָט מיר געעצהט אָפּפאָרן אהיים און זען צו באַרואיקן אַלע פאַמיליעס פון די ארעסטירטע, ווייל גאָר אין גיכן וועט מען אלעמען באַפרייען. קומענדיק צוריק אהיים, קיין כעלם, האָב איך אלעמען באַרואיקט, מיט דער זיכערקייט, אז אָט, אָט, באַפרייט מען די אַרעסטירטע.

אויפן פערטן טאָג נאָך מיין צוריקקער קיין כעלם, זיינען צו אונדז אין הויז ביי־נאַכט געקומען 5 פוילישע פאָליציאַנטן אויף אַ רעוויזיע. מען האָט איבערגענישטערט די שטוב, אַלע ביכער און פּאַפּירן; און אָפּגעפירט מיך אין פאָליציי, און אין אייניקע טעג ארום — אין דער כעלעמער תפיסה, ווו עס זיינען געזעסן די אַרעסטירטע פאָליטישע טוערס.

מיינע אינפאָרמאַציעס פון וואַרשע און די פאַרזיכערונג פון ד״ר שיפער, אז מען וועט



„פועלי־ציון“־גרופּע אין כעלם. אין צענטער פון בילד געפינט זיך ד״ר יצחק שיפער.

אַלעמען גאָר גיך באַפרייען, האָט אריינגעבראַכט א גרויסע באַרואיקייט. נאָך 3 וואָכן אַרעסט אין כעלם, האָט מען אין אַ פינצטערן אָוונט ארויסגעפירט די „גרויסע פאַרברעכער" פון טורמע, און אונטער אַ שטרענגער וואַך אַוועקגעפירט צו דער באַן, אריינגעזעצט אַלעמען אין ספּעציעלע אַרעסטאַנטן־וואַגאָנעס, אָפּפירנדיק אונדז אין קיעלצער תפיסה.

צווישן די 12 געזעלשאַפטלעכע טוערס, בין איך אויך געווען. איך בין געווען דער יינגסטער פון אלע ארעסטירטע אין דער קיעלצער תפיסה.

נאָך 3 חדשים זיצן האָט מען אלע געז.־טוער פון כעלם באפרייט פון דער קיעלצער תפיסה, אָן א פּראָצעס, טאַקע א דאנק דער אינטערווענץ פון דעפּוטאַט ד"ר י. שיפּער. איך בין נאָך געזעסן אייניקע טעג, ווייל די פאָרמאַליטעטן וועגן מיר זיינען נאָך ניט געווען ערליידיקט.

3 טעג נאָכדעם, ווי מען האָט די כעלעמער געזעלשאַפטלעכע טוער באפרייט, האָב איך דורכן פענצטער דערזען מיין ברודער נחום שפּאַצירן איבער דער צווייטער זייט פאַרקאַן פון תפיסה. אויף מיינע צייכנס האָט ער ארויפגעשריען, אז איך ווער באַלד באפרייט. אין א שעה שפּעטער האָט מען מיך גערופן אין קאַנצעלאַריע פון תפיסה און מען האָט מיר געמאָלדן, אז איך בין פריי!

אויף דער גאַס, האָט מיר דער ברודער איבערגעגעבן, אז ד"ר י. שיפּער איז ספּעציעל געפאָרן צום לובלינער וואָיעוואָדע נאָך אינפאָרמאַציעס און אויפקלערונגען וועגן מיין אַרעסט; און אַ דאַנק ד"ר שיפּערס אינטערווענץ, האָב איך דערזען — נאָך 4 חדשים — די פרייע וועלט.

עטלעכע טעג נאָך מיין אהיימקומען, איז ד"ר מירלאס ע"ה — וועלכער איז קראַנק געוואָרן אין תפיסה, געשטאָרבן.

דערווייל, בעת מיין ארעסט, איז פאָרגעקומען אין דאנציג די קאָנפערענץ פון דער „פּ.צ."־פאַרטיי און די אָרגאַניזאַציע האָט זיך צעשפּאָלטן אויף רעכטס און לינקס. ד"ר י. שיפּער איז געבליבן מיטן רעכטן פליגל פון דער פאַרטיי. א פּאָר וואָכן שפּעטער, נאָך דער שפּאַלטונג, איז ד"ר י. שיפּער געקומען קיין כעלם אויף א באריכט־מיטינג, וואָס איז דאַן פאָרגעקומען אין זאַל פון דער יידישער גמינע, אונטערן פאָרזיץ פון פּרעזעס אַנשל בידערמאַן, און דעפּ. ד"ר י. שיפּער האָט געפרעגט די פארזאמלטע צי זיי האָבן צוטרוי צו אים, ווייטער, אלס דעפּוטאַט.

אויסער א גרופּע חברים פון דער „פּ.צ.", האָט דער פאַרזאַמלטער עולם געשריען: „מיר האָבן צוטרוי צו ד"ר שיפּער אַלס דעפּוטאַט! זאָל לעבן דעפּ. שיפּער"! בעת די צווייטע סיים־וואַלן איז שוין ד"ר שיפּער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעפּוטאַט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן.

* * *

ווען דער שרייבער פון די שורות האָט זיך געלערנט אין יידישן לערער סעמינאַר ביי דער „צישא" אין וואַרשע, אין 1923—1925, האָט דאַן ד"ר י. שיפּער אונטערריכט מיט אונדז דעם לימוד „יידישע געשיכטע", פאַרטיילט אין פאָלגענדיקע ציקלען: א) „די געשיכטע פון די יידן אין פוילן"; ב) „די געשיכטע פון דער אלטער יידישער ליטעראַטור" און ג) די „געשיכטע פון יידישער טעאַטער־קונסט און דראַמע".

דעמאָלט, אין יאָר 1923, האָט ד"ר י. שיפּער מיר אָנפאַרטרויט זיין כתב־יד: „די געשיכטע פון יידישער טעאַטער־קונסט און דראַמע", כדי עס איבערצושרייבן פארן פארלאַג „קולטור־ליגע". איך האָב דאַן געהאַט אַ געלעגנהייט צו זען די מיפולע גראַנדיעזע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט פון ד"ר י. שיפּער. צענדלינגער און אפשר הונדערטער אלטע פּורים־לידער, טעקסטן פון פארשיידענע פּורים־שפּילן, וואָס דער היסטאָריקער, ד"ר י. שיפּער, האָט צונויפגעזאמלט פאַר זיין ווערק. איך האָב זיך באַמיט עס זאָל זיין איבערגעשריבן אָן פעלערן, מיט דער גרעסטער גענויקייט. ווען דאָס בוך איז דערשינען, האָב איך פון ד"ר י. שיפּער באַקומען איין עקזעמפּליאַר אַ מתנה, וואָס איך היט עס אָפּ מיט דער גרעסטער ליבשאַפט.

בעתן איבערשרייבן דעם כתב־יד, איז מיר אויסגעקומען צו זיין אָפט אין הויז פון ד"ר י. שיפּער און כ'האָב אים אויף באַגלייט — נאָך זיינע סעמינאַר־לעקציעס אהיים אויף טלאָמאצקע גאַס. כ'האָב געהאַט די געלעגנהייט צו שמועסן מיט אים. נאָך יעדן שמועס בין איך באַרייכערט געוואָרן מיט א סך ידיעות און טיפזיניקע געדאַנקען.

אין מאַי, 1935, אַ טאָג פאַר מיין אָפּפאָר פון וואַרשע קיין דרום־אפריקע, בין איך אוועק זיך געזעגענען מיטן ליבהארציקן לערער און פריינד, ד"ר יצחק שיפּער. נאָך אַ לענגערן שמועס, האָט מיר ד"ר י. שיפּער אזוי געזאָגט: „שוין 37 יאָר, ווי איך בין א ציוניסט, נו, נאָך אין א 3 יאָר ארום, וועט שוין זיין 40 יאָר, פונקט אזוויפיל וויפיל די יידן זיינען געווען אין מדבר און אריין קיין ארץ־ישראל; איך האָף, אין עטלעכע יאָר ארום צו עמיגרירן קיין ארץ ישראל און זיך באזעצן דאָרטן, און כ'וועל — אין ירושלימער אוניווערסיטעט — האלטן לעקציעס אין יידיש וועגן דער נייער געשיכטע פון די יידן אין דער וועלט, באַטאָנענדיק אז יידיש איז ניט קיין שטער צו העברעאיש".

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, אין 1939, געפינט זיך נאָך ד"ר שיפּער אין וואַרשע און אין איינעם מיט די פאָלקמאַסן טיילט ער דעם גרויזאמען ענויים־גורל. ער טרייסט און רופט די יידן ניט צו פאַרלירן דעם מוט, עצהנעדיק, אז ווער עס קאָן זיך אריבערכאַפּן אויף דער אַרישער זייט, זאָל עס טאָן, ווייל עס זיינען פאַראַן מערער אויסזיכטן דאָרט צו בלייבן לעבן, אָבער ער אליין פארבלייבט אין געטאָ. ער טרעט ארויס מיט רעפעראַטן, פאָרלעזונגען אין געטאָ, ער וועקט און רופט צום אויסדויער.

געטריי זיין היסטאָרישער שליחות, איז ד"ר י. שיפּער, וועלכער האָט געלעבט און געפיבערט מיטן פוילישן יידנטום, אומגעקומען מיטן גרויסן פיל־יאָריקן אַלטן יידישן ישוב פון פוילן.

* * *

אין דער הקדמה צום בוך: „די ווירטשאַפט־געשיכטע פון די יידן אין פוילן בעת דעם מיטלאַלטער", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1911, שרייבט ד"ר שיפּער: — „מיר קאָנען שוין אין דער געשיכטע דעם שבתדיקן ייד מיט זיין נשמה יתירה, עס איז שוין צייט צו באַקענען זיך מיט דער געשיכטע פון די וואָכעדיקע טעג און וואָכעדיקע געדאַנקען; עס איז שוין צייט צו גיין זוכן ליכט אין דער געשיכטע פון פּשוטער יידישער אַרבעט".

ד"ר שיפּער האָט געזוכט און געפונען די וואַרעמקייט פון פּשוטן ייד, פון זיין גראָען טאָג־טעגלעכן אינדיווידועלן און קאָלעקטיוון קיום. ער האָט דער ערשטער אריינגעהויכט אַ נייעם געזעלשאַפטלעכן, נאַציאָנאַלן און דעמאָקראַטישן גייסט אין דער וויסנשאַפט פון דער יידישער געשיכטע. ד"ר יצחק שיפּער האָט א סך מאָדערניזירט די יידישע היסטאָריאָגראַפיע אין פוילן.

דער ציוניסטישער סאָציאַליזם, וואָס האָט אין זיך פאַראייניקט סיי דעם יידישן נאַציאָנאַלן אידעאַל און סיי דעם אַלמענטשלעכן פּראָגרעסיוון געדאַנק; דעם קאַמף פאַר אַרבעטער־רעכט און סאָציאַלן יושר, פון איין זייט, און די אויפוואַכנדיקע יידישע קולטור־רענעסאַנס; די טיפע ליבע צום יידישן פאָלק־לשון און

פאָלק־ליטעראַטור, ווערן די הויפּט־יסודות פון שיפּערס סינטע־טישער און האַרמאָנישער וועלט־אָנשויאונג. אָט פאַר די שיי־נע און וויכטיקע אידייען האָט ד״ר י. שיפּער אָפּגעגעבן זיין צייט, זיין ערודיציע, זיין גרויסן וויסן, ענערגיע און זיין לעבן.

צוזאַמען מיט די גרויסע היסטאָרישע און ליכטיקע געשטאַלטן, ווי: פּראָפ. ש. דובנאָוו, פּראָפ. מ. שאָר, פּראָפ. מ. באַלאַבאַן, פאַרנעמט י. שיפּער זיין ערשטראַנגיקן פּלאַץ אין דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע. דאָס יידישע פאָלק, די פּוילישע יידן, וועלן קיינמאָל ניט פאַרגעסן שיפּערן, איינעם פון די שענסטע זין פון פּוילישן יידנטום אין די לעצטע יאָרצענדלינגער.

דער חזן יעקב ליכטערמאַן (געוו. חזן פון נאָזשיקס שוהל אין וואַרשע), וועלכער לעבט איצט אין קייפּטאָן, שרייבט אין ראש־השנה נומער פון דער „אַפריקאַנער אידישע צייטונג", דאַטירט: פרייטאָג, 12־טער סעפּטעמבער, 1947, אין אַרטיקל א.ב. „ווי עס איז אומגעקומען ד״ר יצחק שיפּער": — אַז ווען ער, י. ליכטערמאַן, איז אָנגעקומען מיטן לעצטן טראַנספּאָרט יידן, וועלכע זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון וואַרשעווער געטאָ קיין מיידאַנעק, דעם 10.5.1943, האָט ער געטראָפן אין דער גרויסער האַלע, צווישן די 300 מאַן קאַרטאָפל שיילער, זיצן אין א ווינקל, נעבן דער וואַנט, ד״ר יצחק שיפּער, איינגעהויקערט, האַלטנדיק אין האַנט אַ מע־סערל און שיילט קאַרטאָפל.

בעת א קאָנטראָל, האָט אן ס.ס.־מאַן, וועלכער האָט קאָנט־ראָלירט די נומערן ביי די העפטלינגע, צי זיי זיינען אויפגעהאַנגען אויף דעם ריכטיקן אָרט און ד״ר י. שיפּער האָט, גראָד דאַן, גע־טראָגן דעם בלעכענעם נומער עטוואָס נידעריקער פון האַלדז, האָט אים דער ס.ס.־באַנדיט שטאַרק געשלאָגן איבער דעם קאָפּ מיט אַ גומענעם שטעקן, ביז שיפּער איז אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד א פאַרחלשטער, אָן באַוווסטזיין, ער איז געלעגן אַזוי ביז דער מיטאָג־שעה, דעמאָלט האָט מען אים אריינגעטראָגן אין לאַגער אריין.

פון דאַן אָן, זיינען שיפּערס פיס געשוואָלן געוואָרן, אַזוי, אַז יעדנטאָג, האָט אים חזן י. ליכטערמאַן, צוזאַמען מיט שיפּערס איי־דעם, געמוזט אים אריינטראָגן צו דער אַרבעט — צו שיילן קאַר־טאָפל.

אין א געוויסן טאָג, אין חודש יולי, אין יאָר 1943, האָט דער גרויסער יידישער היסטאָריקער אויסגעהויכט זיין נשמה.

ניט קאָנענדיק אויסהאַלטן די צרות, הונגער, קלעפּ, קראַנק־הייטן, איז דער דערשעפּטער „אַרעסטאַנט־העפטלינג" ד״ר י. שי־פּער אויסגעגאַנגען אין דעם פאַרניכטונג־לאַגער, אין דעם היס־טאָריש־טרויעריקן פּלאַץ — אין מיידאַנעק, כעלעמער פּאָוויאַט.

ער האָט תמיד געלעבט און געקעמפט מיט די יידישע פאָלק־מאַסן, אויך געשטאָרבן איז ער, דער גרויסער יידישער טריבון, צווישן די יידישע מאַסן, וועמען ער האָט ביזן לעצטן טאָג גע־טרייסט און ליב געהאַט.

יעקב פרידמאַן, ישראל

# אַ ליד וועגן כעלעמער מלמד, בית מכס און שבת שירה...

צעוויקלט דער כעלעמער מלמד זיין פאַטשיילע מיט
א ציטערדיקער האַנט,
נעמט ארויס דאָס טאַבאַק־פּושקעלע און טוט אַ שמעק,
דערנאָך ווישט ער אויס די שפּאַקולן און שפּאַנט
פון שיף אַראָפּ אויפן חיפהער ברעג.

ס׳קאָצל קומט... און צווישן יידישע זעק און פּעק,
לייגט דער כעלעמער מלמד אויך זיין קלימעק אַנידער:
מען זאָגט, אַ יידישער שררה קומט צום ברעג
דורכצוקוקן די פּעק פון שוועסטער און ברידער...

מילא, מסתם דאַרף זיין אַזוי, מן הסתם.
און אָט טאַקע גענענט דער יידישער שררה:
נו, ר׳ ייד, וואָס א שטייגער איז ביי אייך אין זאַק פאַראַן?
פרעגט ער מיט אַ ניגון פון גמרא.

— כל טוב, זאָגט דער כעלעמער מיט שטילער פרייד,
די אויגן עניוותדיק אַראָפּגעלאָזטע:
פירן, פיר איך אַ פראַסטע שטייג,
אַ פראַסטע שטייג, מיט פייגל פראַסטע.

— עס דאַרף זיין, לאַכט דער שררה, א פויגל מיט אַ סווישטש.
ער צעבינדט דעם זאַק מיט פאַרשענדיקע אויגן,
אין זאַק — אַ שטייג, און אין איר — יומטובדיק געפּיפּס,
פייגל האָפּסלען ווי אויף ביימערדיקע צווייגן...

איצט עפנט דער שררה די אויגן פאַרגאַפט:
פעטער, מאי קאַ משמע לן די פייגל?

— איך, זאָגט דער כעלעמער, האָב פון כעלם זיי געבראַכט,
זיי זענען טאַקע כעלעמער די פייגל.

די מעשה איז פשוט, ווילט איר? — הערכט:
(פלא פלאים די יצירה...)
אַ טאָג איידער איך האָב קיין ארץ זיך געלאָזט,
איז גראָד אויסגעפאַלן שבת שירה.

איך שטיי מיר אויף מיין גאַניק אין מיטן מאַרק
(דער יידישער מאַרק, נאָר אָן יידן...) טאַטע!
מיטאַמאָל זע איך, פונעם וויסן באַרג
פליען פייגעלעך אַ טשאַטע...

פייגל, פייגל, טאַטע אוי...
און איך פרעג אייך רבותי אַ קשיא:
אַז יידישע קינדער טיילן נישט מער אין שניי
שבת שירה פאַר פייגעלעך קיין קאַשע,

אַז יידישע קינדער זענען אין כעלם מער ניטאָ,
וואָס וועלן פייגל טאָן אָן יידישע קינדער?...
נו... האָב איך געטאָן וואָס איך האָב געטאָן... נו,
האַ, איר פאַרשטייט שוין אַצינדער?...

דער יידישער שררה עפנט די אויגן, ווי אַ פראַסטער ייד,
און דער כעלעמער עפנט די שטייגן:
פליט פייגעלעך, צו יידישע קינדער פליט...
און די פייגל האָבן געפלאַגט און געפלויגן...

און דער כעלעמער מלמד האָט דורך די שפּאַקולן געזען
ווי דער שררה האָט געווישט זיך די אויגן...

א. אייזן

# משה לערער

(אַ בינטל זכרונות)

א

אין יאנואר, 1937, בין איך אָנגעקומען אינעם יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע, ווי אַן אַספּיראַנט פון זיין ליטעראַריש־פילאָלאָגישער סעקציע. דאָס איז געווען קורץ נאָך מיין ארויספאָר פון מיין היימשטאָט הרוביעשאָוו. אין הארצן האָט נאָך טיף געלעבט די בענקשאַפט נאָכן זאַפטיקן שטייגער פון די פּאַרביקע שטעטלעך אין לובלינער און וואָלינער אומגעגנט און כ׳האָב זיך באין אופן נישט געקענט צוגעוווינען צום אָפּגעטאָקטן לעבנסטיל פון די ליטוואַקעס מיט זייער זעלבסטזיכערקייט, רואיקייט און אויסערלעכער שטרענגקייט. דער גאַנצער אויסזען פון זייערע גרויסע אָפּגעשיילטע מויערן האָט פארמעגט אין זיך עפּעס סודותדיקער יחוסדיקייט, וואָס האָט לחלוטין נישט דערמוטיקט, נאָר פארקערט: האָט געשראָקן און אָפּגעשטופּט פון זיך. נישט געקוקט אויף אַ ריי באַקאַנטשאַפטן, וואָס כ׳האָב דעמאָלט געשלאָסן מיט ווילנער תושבים — בין איך דאָך, שטילערהייט, ממש אויסגעגאַנגען נאָך אַן „אייגן״ פּנים, בילד אָדער דערמאָנונג פון מיין פּויליש היימלאנד און לאנדשאַפט.

אזעלכע זיינען געווען מיינע געפילן, בעת כ׳בין אָנגעקומען אין ייוואָ. כ׳פאַרשפּאָר דאָ צו זאָגן, אז מיין ניי־ארבעט־און־פאָרש־אָרט האָט לכתחילה נישט געשאַפן קיין רפואה צו מיין וווּנד... די פירער פונעם אינסטיטוט — ז. קאלמאַנאָוויטש, מ. וויינרייך, ז. רייזין — ווי אויך אייניקע אספּיראנטן, דאָס זיינען אלץ געווען אויסגעשפּראָכענע ליטווישע טיפּן, וואָס האָבן, מיט זייער אויסשפּראך און בולט־וויסנשאפטלעכן אויפפיר, פּשוט אָנגעוואָרפן א מורא אויף מיין פּויליש יידישער סענטימענטאַלער נשמה. כ׳בין די ערשטע טעג ארומגעגאנגען אינעם בנין אויף וויוווּלסקע־גאַס 18 ווי א פארטשאַדעטער פון דער פּראַכט פון אוצרות, וואָס האָבן זיך געעפנט פאר מיינע אויגן, און כ׳האָב רק געטראַכט, וואָס דארף איך טאָן בכדי זיך ווי־ניט־איז אריינפּאַסן אינעם ארומיקן סדר פון איינגעשטעלטקייט, געלערנטקייט און התמדה.

געהאָלפן מיר זיך פונאנדערקלייבן אין מיין פּלאָנטער, האָט אין איינעם פון יענע טעג, א מענטש, וועמען כ׳האָב אָנגעטראָפן ארבעטן אין דער ייוואָ־ביבליאָטעק און צו וועמען כ׳האָב זיך געווענדט נאָך עטלעכע ביכער. ער האָט א קוק געטאָן אויף מיר מיט א שארף־נייגעריקן, שפּיציקן בליק און מיר א זאָג געטאָן אויך מיין אייגענעם לובלינער אקצענט:

— איר זענט דאַכט זאך פון מאַן קאַנט . . .

די דאָזיקע געציילטע ווערטער האָבן מיר אין יענער מינוט געקלונגען ווי מוזיק... איז עס מיגלעך? אין דער ווייטער, פרעמדער ווילנע רעדט צו מיר א ייד אויף מיין היימישלעכן אופן און מיטן גאנצן טעם, ווייכקייט און געפיל, וואָס נאָר מיין דיבור קאָן ארויסגעבן.

— ווער זענט איר? ווער זענט איר? — האָב איך א דערפרייטער געפּליסטערט.

— משה לערער פון כעלם...

אָט אזוי איז פאָרגעקומען מיין באַקאַנטשאַפט מיט לערערן. דעמאָלט האָב איך נאָך אפילו קיין אנונג נישט געהאַט, אז דער גורל וועט מיך שפּעטער אָפּט צונויפפירן מיט אים און כ׳וועל



דארפן זיין דער עדות פון זיינע אומגעהייערע ליידן און מאטערנישן. לעת־עתה אָבער איז מיר דאַן, ווי אראָפּ א משא. הייסט עס, ס׳איז דאָ אין ייוואָ א נאָענטער שכן, נישט בלויז הוילע ליטוואַקעס און ס׳וועט זיין מיט וועמען אויפן אייגענעם לובלינער לשון צו ריידן!...

ב

משה לערער — דער קענער פון דער יידישער שפּראך, איינער פון די ערשטע וויסנשאַפטלעכע זאמלער און גרינדער פונעם אינסטיטוט — איז אין ייוואָ געווען נישט בלויז א טעכנישער פירער פון דער ביבליאָטעק. ער האָט באותו זמן — בזעיר אנפּין — מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם פּוילישן סעקטאָר פון דער יידישער פילאָלאָגיע. הגם דער אינסטיטוט, ווי א פאָרש־אנשטאַלט, האָט אין זיין ארבעט נישט געמאַכט קיין חילוק צווישן פּוילישן, ליטווישן און אוקראַאינישן יידיש, האָט דאָך פאַקטיש אין דער מענטאַליטעט און נטיה פון זיינע פירער דאָמינירט דער ליטווישער אקצענט. לערער האָט דערפאר געהאַלטן פאר זיין חוב צו שיצן זיין פּוילישן דיאַלעקט. עס איז געווען ממש א תענוג צו הערן אים ריידן אויף וויוווּלסקי, 18 מיט דער זעלבער אינטאָנאציע, קנייטש און ווערטער־אוצר, ווי די פאָלקס־חסידים ארום לובלין. און געווען נאָך א גרעסער פארגעניגן צו טרעפן לערערן א צעשויבערטן, א דענערווירטן גרייט צו זידלען און צו מאכן אַש פון זיין קעגנער. דעמאָלט האָט זיך זיין שפּראך־אוצר מיטאַמאָל אָנגעזאַפּט ווי א שוואָם און פון זיין מויל האָט זיך גענומען שיטן פּערל, וואָס עמך ארום כעלם, הרוביעשאוו און זאמאָשטש האָט במשך פון הונדערטער יאָרן געשאפן.

לערער איז זיך אויך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט די ייוואָ־פארשטייער אין דער פראגע פון לעקסיק. אין דעם זין האָט ער זיך באטראכט פאר א תלמיד פון נח פּרילוצקין, וואָס האָט נישט קיין מורא געהאַט געוויסע עלטערע דייטשמעריזמען דורכאויס צו פאַריידישן. אזעלכע ווערטער ווי: אלזאָ, געלונגען, פאָרזיכטיק, ענדגילטיק וכדומה, האָבן סיי קאלמאַנאָוויטש, סיי וויינרייך און רייזען געפּסלט און פאָרגעלייגט צו זאָגן במקום זיי: ובכן, געראָטן, אָפּגעהיטן, לעצטגילטיק... נח פּרילוצקי און זיין אָנהענגער מ. לערער האָבן געזאָגט אָבער: וואָס? איר ווילט, אלזאָ, אונדזער יידיש אָרעמער מאַכן און בלוטלאָזער? דאָס וועט אייך נישט געלינגען. זייט פאָרזיכטיק מיט אייער כירורגישן מעסער, ווייל דער ענדגילטיקער פּסק־דין געהערט צום פאָלק!

סיי דער רבי און זיין תלמיד האָבן זייער שפּראַך־אוצר און קאָנצעפּציע געשעפּט פון די אָריגינעלע מקורים פון דער פאלקמאסע. אָבער יעדער איינער פון זיי האָט—אינעם באגריף „פאָלק״—אריינגעלייגט א באזונדערן טייטש. נח פּרילוצקי — דער כלל־טוער און געזעלשאפטמאַן — האָט זיך גערעכנט פאר א יורש פון דובנאָווס תורה מכוח יידישער אלוועלטלעכקייט און שטרעבונג צו פולער קולטור־אויטאָנאָמישקייט. משה לערער, דאקעגן, האָט פייערדיק פארטיידיקט די סאָוועטיש־יידישע טעאָריע וועגן אָפּגעזונדערטע יידישע לאנד־גרופּעס, וואָס האָבן צווישן זיך גאָר שוואַכע, בשותפותדיקע בינדן. יעדע לאנד־גרופּע גאַרט אין איר באַשטימטן רעגיאָן צו אן אייגענעם, ספּעציפישן קולטור־אויסדרוק. מחמת דעם ליגט טאַקע אויף אים — אויף לערערן — דער חוב אין

זיין באַגרענעצטן געביט פון ייוואָ ממשיך צו זיין בהחלט מושלם די אייגנאַרטיקייטן פונעם קאָנגרעס־פּוילישן יידנטום. נאָר דער־מיט קאָן מען טיילוויז דערקלערן די ברוגזן צווישן אים און דער ייוואָ־אָנפירערשאַפט. און ס'ווערט מיר איצט גאָר פאַרשטענד־לעך די ביטערניש פון מ. לערערן, בעת ער האָט זיך איבערצייגט, אַז איך — זיין לאַנדסמאַן און שכן — טייל נישט זיין קוק אויף אַ ריי שאלות. ער האָט מיר שטענדיק צוגעהאָלפן אויסצוגעפינען די נייטיקע מאַטעריאַלן פאַר מיין אַספּיראַנטור־טעמע „די יידישע פּראָזע אין פּוילן". דערביי פלעגט ער מיך גאָר אָפט מוסרן און אפילו זיך בייזערן:

— איר זענט שוין מיט אייער שפּראַך באַלד געוואָרן אַ ליט־וואַק. אַזוי רעדט עס אַ ייד פון ראַבישויוו?..

ג

אין 1940 — אין צווייטן יאָר פון דער מלחמה — איז אין לערערן פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג. דער דאָזיקער מענטש מיט זיין שטענדיקער, אומרואיק־נערוועזער אַרבעט־ענערגיע, איז געוואָרן געזעצטער און פאַרטראַכטער. געווירקט האָט אויף אים, ראשית־כל די טרויעריקע ידיעה, וואָס איז דערגאַנגען קיין ווילנע, וועגן דעם שוידערלעכן אומקום פון טויזנטער כעלעמער יידן, וואָס זיינען אין יענע טעג געטריבן געוואָרן, דורך די היטלעריסטישע רוצחים צום בוג, צו דער רוסישער גרענעץ. אַ קרייד־ווייסער, אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּנים, האָט ער מיר דאָס דערציילט און געוואָלט הערן מיין מיינונג וועגן דער דאָזיקער אומגלייבלעכער געשעעניש. איך האָב אים געקענט ענטפערן נאָר מיט מיינע ידיעות וועגן די הונדערטער הרוביעשאָווער, וואָס זיינען דע־מאָלט פאַרפייניקט געוואָרן מיט די כעלעמער יידן און צוזאַמען אויסגעשאָסן געוואָרן, ווי די שאָף. ער איז געשטאַנען פאַר מיר אַ צעטומלטער, אַ בלאַסער און בשום־אופן נישט געקאָנט משיג זיין די אָ טראַגעדיע.

— ווי איז עס מעגלעך? ווי איז עס מעגלעך? — האָט ער מיט אַ ציטערדיקער שטים געטענהט.

ביסלעכווייז האָט זיך לערער טאַקע צוגעוווינט צום גרויליקן אמת פון יענער שחיטה. אָבער אַ צייכן אין זיין נשמה איז שוין פון דעמאָלט אָן אויף שטענדיק פאַרבליבן. דעם דאָזיקן צייכן האָבן שוין נישט אָפּגעווישט אַלע שפּעטערדיקע, אויפמונטערנדיקע געשעענישן אין זיין לעבן אין די יאָרן 1940—1941: נישט דער פאַקט, וואָס נח פּרילוצקי איז סוף 1940 געוואָרן אָפיציעלער פּראָפעסאָר פון ליטווישן אוניווערסיטעט אין ווילנע און לעקטאָר פון יידישער פילאָלאָגיע; און אפילו נישט דער פאַקט, וואָס די סאָוועטן האָבן אים באַשטימט פאַרן פאַראַנטוואָרטלעכן משגיח און אויפהיטער פון די ייוואָ־אוצרות. אין די דאָזיקע היסטאָרישע טעג, ווען דער גורל פון ווילנע האָט זיך געוויגט אויף דער וואָג־שאָל, האָט לערער, זעט אויס, איינמאָל פאַר אַלעמאָל שוין געמאַכט דעם חשבון־הנפש מיט זיך אַליין. אין זיין שטילן, ווי אין זיך פאַרקוקטן בליק, האָט אַן אַדורכדרינגנדיק אויג געקאָנט לייענען אָט די האַרבע, נישט אַרויסגעזאָגטע פראַגע:

— וואָס פאַראַ באַטרעף, האָט דאָס אַלץ לגבי דער שחיטה פון אַזויפיל טויזנטער אומשולדיקע מענטשן פון מיין היימשטאָט?..

ד

אין די יאָרן 1941 און 1942 האָב איך מיט לערערן געאַרבעט צוזאַמען אינעם לאַגער „זאַטראָטשע" הינטער לאַנדוואַראָוו. דאָ האָב איך שוין בפירוש דערשפּירט, אַז אינעווייניק אין דער נשמה האָט ער שוין אַלץ אָפּגעפּסקנט און ענדגילטיק שלום געמאַכט מיטן טויט. קוים עטלעכע און פופציק יאָר אַלט, האָט ער מיט זיין איינגעקאָרטשעטן וווּקס, אויסגעלאָשענע אויגן און טיפע, איינגעפאַלענע באַקן, אויסגעזען ווי אַ זקן, וואָס איז שוין נוטה למות. די אָ רעזיגנאַציע זיינע האָבן, זעט אויס, אויך באַמערקט די כוליגאַנישע עלעמענטן פונעם לאַגער, און זיי האָבן זיך איבער אים ספּעציעל איזדיעקעוועט. עס שטיקן זיך מיר די טרערן אין האַלדז, ווען כ'דערמאָן זיך די שווערע אַרבעטן, וואָס זיינען אַד־מיסנע אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף זיינע איינגעבויגענע פּלייצעס. מיר האָבן זיך אַלע באַמיט אים גרינגער צו מאַכן און צו נעמען אויף זיך אַ טייל פון זיינע פליכטן: צי דאָס איז געווען ביי טאָרף, צי ביי אויסלאָדענען משאות, — אומעטום האָבן די יינגערע פון אונדז געפּרוווט אים גרינגער מאַכן און אים פאַרטרעטן. ער האָט דאָס זייער אָפּגעשאַצט און צוזאַמען מיט דער רעזיגנאַציע האָט זיך אין אים פאַרזעצט עפּעס אַ ווייך־צאַרט געפיל צו אונדז אַלעמען און אַ ווילן אונדז צו טרייסטן און אויפמונטערן.

די דאָזיקע ליבשאַפט צו אונדז האָט אין אים אַרויסגערופן אַ ריי שנויים אין זיין כאַראַקטער און אידעאָלאָגיע. אַ קאָמוניסט ווערדליק אָנשויונג, איז ער געוואָרן טאָלעראַנט־גלייביק און זיך



משה לערער

באַטייליקט אין אַלע רעליגיעזע אסיפות פונעם לאַגער. ווי דורך אַ כישוף־שטעקעלע איז נעלם געוואָרן זיין אַמאָליקע נערוועזיטעט און אָנשטאָט איר, האָבן זיך באַוויזן ביי אים דייטלעכע סימנים פון פאַרשטענדעניש, פון פאָטערלעכער איבערגעגעבנקייט צו זיינע לאַגער-חברים און אפילו פון האָפענונג. כ'דערמאָן זיך נאָך זיין התפּעלות, ווען מחמת מיינע השתדלותן איז דער טראָקער גלח טישקאָ (שפּעטער דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן) געוואָרן אַ פריינד פון די לאַגער־אַרבעטער, געוואָרנט וועגן די סכנות, וואָס דראָען אונדז, און געקומען אין די פרייע מינוטן זיך לערנען ביי אונדז העברעאיש. תחילת האָט ער אפילו מורא געהאַט, אַז דער גלח איז דאָ עפּעס אויסן. שפּעטער, ווען אַלע האָבן זיך איבערצייגט אין טישקאָס ריינע, הומאַניטאַרע כוונות, איז לערער ווי אויפגעלעבט געוואָרן. „עס זאַנען נאָך, הייסט עס, — האָט ער געזאָגט — דאָ ערלעכע ניט־יידן אין לאַנד, אויב אַזוי, איז נאָך אַלץ נישט פאַרלאָרן!!.."

ה

אין 1942, ווען אונדזער לאַגער איז צוריקגעשיקט געוואָרן קיין ווילנע, איז לערער געוואָרן חייקל לונסקיס מיטאַרבעטער אין דער געטאָ־ביבליאָטעק. דאָ — צווישן יידן, אין זיין פאַמיליע

און ביי זיין באליבטער ארבעט — האָט ער זיך געפילט געשטאַרקט און אויפגעהייטערט. ער האָט זיך גענומען פאראינטערעסירן מיט דער קולטור־ארבעט אין געטאָ און אָנטייל גענומען אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. האַרט פאר דער ליקווידאציע פון געטאָ האָט ער זיך אקטיוו באטייליקט אין דער איניציאטיוו פון עטלעכע גרופירונגען אויסצובגרייטערן די טעטיקייט פון דער פאראייניקטער פאַרטיזאנער אָרגאַניזאציע (פ.פ.אָ.) און אוועקשטעלן זי אויף ברייטערע פאָלק־יסודות.

די דאָזיקע איניציאטיוו האָט זיך נישט איינגעגעבן. לערער — דער קאבינעט־מענטש, וואָס האָט נישט געקוקט אויף זיין שוואכן געזונט, געוואָלט מיט עפּעס דינען דער אונטערערדישער זאך, האָט זיך באלד נאָכדעם צוריקגעצויגן אין זיך, און זיך ווידער גענומען צו זיין זעלבער שטילער קולטור־עבודה.

אין עטלעכע חדשים ארום נאָכן אויסברייטערונג־פּרוּוו צום ווידערשטאַנד, האָט זיך אָנגעהייבן די ליקווידאציע פון געטאָ און דאָס טראַנספּאָרטירן די ווילנער יידן אין די עסטאָנישע לאגערן. אין איינעם פון די טראַנספּאָרטן האָט זיך געפונען משה לערער. באַלד נאָך אים אויך אוועקגעשיקט געוואָרן ז. קאלמאַנאָוויטש. ביידע מיטאַרבעטער פון ייוואָ האָבן זיך געטראָפן אינעם זעלבן קאָנצענטראַציע־לאַגער קיוויאָלי. די געמיינזאַמע ליידן און דער שוידערלעכער פאָלק־גורל האָבן די אַ אמאָליקע קעגנער און היינטיקע אחים לצרה פאראייניקט. זיי האָבן איינער דעם צווייטן געהאָלפן און אונטערגעהאַלטן, זייענדיק פּנים אל פּנים מיטן טויט. א פארמאטערטער, אַן אויסגעזויגענער פון די שווערע לאגער־עינויים, איז לערער אויסגעגאנגען אויף זעליג קאלמאנאָוויטשעס הענט ...

●

חעגן משה לערער פון זלמן רייזענס לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראטור, צווייטער באנד, חילנע, 1927.

## לערער משה (1895)



ר׳ יאָסקע לערער ע״ה (יאָסקע ר׳ טודרוסל׳ס) פאָטער פון משה לערער

געב. אין כעלם, לובלינער געגנט, אין אַ רבניש־רבישער משפחה. ביז 14 יאָר געלערנט אין חדרים און שטיבלעך. דערנאָך זיך אָנגעהויבן אָפּצוגעבן מיט זעלבסט־בילדונג. 1912 אוועק קיין וואַרשע, ווו געגעבן לעקציעס. 1913—1916 געלעבט אין אדעס, געאַרבעט אין א קאַנטאָר, שפּעטער צוריקגעקומען קיין כעלם און איז געווען טעטיק אלס לערער אין א יידישער פאָלקשול פון די פ״צ; זיך פאַרנומען מיט זאַמלען יידישן פאָלקלאָר פון אלע מינים, פארעפנטלעכט אייניקע פילאָלאָגיש־פאָלקלאָריסטישע אַרטיקלען און נאָטיצן אין „מאָמענט", „ליטערארישע בלעטער" (צ.א. וועגן פּרצעס יידיש, אין נומ. 101), „יידישע פילאָלאָגיע", „לאנדוי־בוך" („מאַטעריאלן צו א כעלעמער אידיאָטיקאָן"). לעצטנס אין וואַרשע שטענדיקער קאָרעספּאָנדענט פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

פון די ייוואָ־בלעטער, באַנד 26, נומ. 1, סעפּטעמבער־אָקטאָבער, 1945, פונעם ארטיקל „יזכור".

## משה לערער

כמעט א יינגל איז ער פאַרוואָגלט געוואָרן אין אָדעס און אין זיין ענטוזיאזם פאר גדולים האָט ער זיך נאָך געשפּיגלט אין מענדעלעס פּנים. ער איז געווען א רבינס אן אייניקל, ביי זיי אין שטוב האָט מען קוויטלעך געשריבן, און די עכטקייט פון זיין שפּראכגעפיל האָט זעלטן געהאַט אירס גלייכן. וואָלט ער געהאַט א געלעגנהייט זיך צו לערנען סיסטעמאַטיש, וואָלט ער זיכער געווען אן אָנגעזעענער פילאָלאָג. דאָס לעבן האָט אים געמאַכט פאר א געטרייען זאַמלער און היטער פון אלץ וואָס איז יידיש: א וואָרט, א ווערטל, א בלעטל און א ביכל און א קראמפינגערל, א בריוו אָדער אַ כתב־יד פון אַ שרייבער. ער האָט אָנגעהויבן מיטאַרבעטן מיטן ייוואָ אין זיין היימשטאָט כעלם, דערנאָך איז ער געווען א באפולמעכטיקטער פון ייוואָ אין ווארשע פאר דער זאמל־ארבעט, צום סוף איז ער אריבער קיין ווילנע און האָט געארבעט אין ייוואָ גופא אין ארכיוו. אין 1940 איז ער באשטימט געוואָרן פון דער נייער מאכט פארן קאָמיסאר פון ייוואָ, און ער האָט זיך געשטעלט קעגן כמעט אלע וואָס זיינען געווען דער ייוואָ פון 1925 ביז 1940. אָבער וועגן יענעם פּעריאָד דארף מען ניט מאריך זיין, ווען מען רעדט וועגן די קדושים. צוזאמען מיט אלע ווילנער יידן איז לערער פארשפּאַרט געוואָרן אין דער ווילנער געטאָ, און ביי דער ליקווידאציע פון געטאָ איז ער פארשלעפּט געוואָרן קיין עסטלאנד. דאָרט איז ער געשטאָרבן פון דיזענטעריע.

●

פון ש. קאטשערגינסקיס בוך: חורבן חילנע, פונעם ארטיקל „לעבן און טויט פון ז. קאלמאנאָחיטש אין עסטאָנישן לאגער נאַרחע", ז״ז 110,109. (דאָס בוך חורבן חילנע איז ארויסגעגעבן פון פאראייניקטן חילנער הילפּ־קאָמיטעט דורכן ציקאָ־פארלאג, ניו־יאָרק, 1947).

... זעליק קאלמאנאָוויטש האָט געשלאָפן צוזאמען מיט משה לערערן אויף דער נארע נומ. 17, אויפן דריטן עטאזש פון דריטן באראק. זיי פלעגן ביידע שמועסן, שרייבן, און לערער פלעגט מיר זאָגן, אז זיי האָבן שוין א סך אָנגעשריבן. לערער איז קראנק געוואָרן פאר חנוכה אויף דער פארשפּרייטער בויך־קראנקייט. ארום אים פלעגט ארומגיין קאלמאנאָוויטש, פלעגט אים צוזען. חנוכה־צייט איז לערער געשטאָרבן, און קאלמאנאָוויטש האָט געזאָגט קדיש נאָך אים. דער טויט פון לערערן האָט זייער געווירקט אויף קאלמאנאָוויטשן. ער איז ארומגעגאנגען א קראנקער, וויינענדיק געגעסן, און איין מאָל, ווען איך בין געקומען פון דער ארבעט (א פּאָר וואָכן נאָך לערערס טויט) האָט מען מיר געזאָגט, אז אין אמבולאנס איז געשטאָרבן קאלמאנאָוויטש. זייערע קערפּערס, ווי בכלל די קערפּערס פון די געשטאָרבענע און דערמאָרדעטע, האָט מען פארברענט אין הייץ־קעסל פון דער מאנופאקטור־פאַבריק, ווו אונדזער באַראַק איז געווען.

דערציילט פון מאיר סליחקין, חילנע, געחוינט אויף חילנער גאַס נר. 21. אויפגענומען און פארשריבן פון ש. קאטשערגינסקי. חילנע, 1־טן מיי, 1945.

משה לערער

# אן אמאליקע יידישע חתונה אין כעלם

מיר פארעפנטלעכן משה לערערס א פילאָלאָגישע ארבעט, וועלכע איז געווען פאַרעפנטלעכט אין דער פעריאָדישער אויסגאַבע „יידישע פילאָלאָגיע“ — צוויי־חודשדיקע בלעטער פאר שפראכוויסנשאַפט, ליטעראטור־פאָרשונג און עטנאָגראפיע, אונטער דער רעדאקציע פון מאַקס ווײַנרײַך, נח פרילוצקי און זלמן רייזען. באַנד 1, 1294, פארלאג „קולטור־ליגע“, וואַרשע.

דעם לעצטן שבת פאר דער חתונה האָט מען דעם חתן אויפגערופן (עולה לתורה געווען ביים לייענען), און די מחותנעסטעס און נאָנטע ווייבער פלעגן פון עזרת נשים אים באווארפן מיט ניס, צוקערקעס, ראָזשינקעס.

בייטאָג איז ביים חתן געווען כיבוד. אין אָוונט איז געווען א פאָרשפיל — א סעודה מיט קלעזמאָרים.

ביי דער כלה ווידער דעם אָוונט איז געווען א דאָבראנאָץ: די קלעזמאָרים פלעגן שפילן כלערליי טענץ, און דער כלהס חברטאָרינס האָבן געטאַנצט און באקומען כיבוד.

דערנאָך פלעגן די קלעזמאָרים גיין אָפּשפּילן ביי די מחותנים, קרובים, גוטע פריינד — ביי יעדן אין דער היים באזונדער.

די נאַכט פארן חופה־טאָג פלעגט מען ביים חתן פארבעטן די קרובים, חברים און פריינד אויף א שמחה, וואָס האָט געהייסן חתן־מאָל. ס'רוב האָט מען דעמאָלט אויך געמאַכט אן „אָרעמע סעודה“ (פאר אָרעמע לייט), זיי טיילנדיק, נאָכן שיין געדעקטן טיש מכל־טוב, אויך מזומן געלט.

אויב דער חתן האָט געדארפט פאָרן אויף דער חתונה צו דער כלהס ווינאָרט, האָט מען זיך, צוליבן געזעגענען זיך מיט אים, טאָפּלט משמח געווען. ס'איז געווען אויך בייטאָג די שמחה, אויב מ'האָט זיך געיאָגט צום אָפּפאָרן. — און מיט קלעזמער באגלייט ארויס אונטער דער שטאָט.

ביי דער כלה, א נאַכט פאר דער חופה, ווען מ'פלעגט זי פירן טבילה, אחוצן טיילן לעקעך אין באָד — דער בעדערין, די טוקערינס — איז מען איר אנטקעגן געגאַנגען מיט קלעזמער, שפילנדיק אויף דער גאַס, און אין שטוב ערשט האָט זיך אָנגעהויבן א שמחה, בעת וואָס דער בדחן האָט געוויינט און צוברעכן געמאכט מיט זיינע מוסר־גראמען דער כלהס הארץ.

ביים חתנס אָנקומען צו פאָרן אין דער פרעמד אויף דער כלהס ווינאָרט, האָט מען זיך אָפּגעשטעלט א פאָר וויאָרסט, אן ערך, אונטער דער שטאָט און געגעבן האמלע דורך א שטאַפעט, א רייטער, דעם כלהס צד, איז מען אקעגן געפאָרן מיט קלעזמער און צוזאמען אויף די וועגן מיטן חתן פאָרויס געמאַכט הקפות ארום ראָטהויז, מארק־רינג, 7 מאָל. דערביי האָט די מוזיק, אָן וועלכער מ'האָט זיך ניט גערירט קיין טריט כמעט פונעם אויפרופן ביזן לעצטן טאָג שבע־ברכות, די גאנצע צייט האָפערדיק און רעשדיק געשפילט.

בכלל האָט זיך די חתונה אָנגעהייבן 12—1 בייטאָג.



די אויפנאַם ביים חתן אינעם הויפּט־אָוונט פארן באַדעקנס אויף זיין סטאַנציע הייסט קבלת־פּנים. דער חתן האָט דעמאָלט אויך געהאַט די געלעגנהייט צו באווייזן זיין למדנות און חידושים מיט א פשטל פאר די געבעטענע קרובים, מקורבים און חברים — בחורים ווילערנער.

דער וויזיט פון דער מחותנתטע ביי דער כלה פארן באדעקנס מיט פּרעזענטער — ס'רוב א פינגערל — האָט געהייסן „ס'קאָצל קומט“ (ס'קאָצל קומט, מחותנתטע!“ — פלעגט מען איר אנטקעגן גיין מיט גרויס שמחה).

צומאָרגנס נאָך דער חופה, ווען מ'האָט שוין פריער געהאַט געשיקט דער כלה אהיים דאָס שייטל, דעם רעגאַל־סידור אין גאָלדענעם שניט מיט א שלאָס, א שקוט (א שפיגל אין א שייט) וכדומה, כפי היכולת, איז דעם חתנס מאמע, אָפט מיט די נאָנטע קרובות געגאנגען זען דעם נחת, ד״ה צו די מצווה איז געווען אויפן אמתן יידישן אופן, און מ'האָט די כלה אויפגעהויבן פון בעט. נאָכן אָנטאָן האָט מען איר אָפּגעשאָרן די האָר, בעת וואָס די יונגע, אָפט 14—15 יעריקע, כלה פלעגט הארצרייסנדיק וויינען אויף די אונטערגעשניטענע שיינע לאָקן און צעפּ. נאָכן שערן האָט מען גענומען שלייערן די כלה. נאָך דעם, אז מ'האָט געגעסן א מילכיקע סעודה, ווי קאַווע מיט פּוטער־קוכן וכדומה, האָט מען געפירט לאשטשיני, ד״ה די מחותנתטעס פון חתנס צד האָבן פארבעטן די כלה מיט אלע איריקע צו זיך אויף דער סטאַנציע, ווערנדיק דעם גאנצן וועג באגלייט מיט קלעזמער. דער כיבוד איז דאָ געווען: משקה, פלאָדנס כלערליי, איינגעמאכטסן וכד'; דערביי האָט די מחותנתטע אויך געגעבן דעם יונגן ווייבל א פּרעזענט — א בראנזילעטל, בראָש, פינגערל אד״גל, וואָס האָט געהייסן שיין־געלט (אָנקוק־געלט פארן אָנקוקן צום ערשטן מאָל די כלה ביים חתן אין שטוב אין שלייער). יעדער וואָס ס'האָט געוואָלט מכבד זיין מיט דעם כבוד אָנקוקן די כלה, וועלכע די אויפגעהייטערטע מחותנים האָבן אויך מכלומרשט באהאלטן, — פארשטעלט, — האָט געגעבן דעם אָפּצאָל־מתנה.

צו דער סעודה פלעגט מען קריקגיין צו כלהס צד: „אויף מיטאָג“.

בעת די שבעת־ימי־המשתה האָט מען טאָג־טעגלעך כמעט געמאַכט א סעודה, אָפט מיט קלעזמער. דעם שבת נאָך דער חתונה האָט מען געמאַכט שבע־ברכות, און דאָס יונגע פאָר פאָלק צום דאווענען געפירט אין שול אריין. די אונטערפירערינס האָבן פארבעטן די כלה מיט די נאָנטע יעדע צו זיך.

דעם לעצטן טאָג שבע־ברכות האָט מען געמאַכט א סעודה גאָר האָפערדיק און לעבעדיק, פרייענדיק זיך ביז שפעט ביינאכט.

די וואָך ביזן אויפרופן האָט זיך גערופן — זילבערנע וואָך, פונעם אויפרוף ביז דער חתונה — גילדענע וואָך (פג״ל די גילדערנע יויך, וואָס מ'האָט געגעבן די פאַסטנדיקע חתן־כלה נאָך דער חופה, און דער עולם פלעגט כאַפּן שיריים).

נח גריס פאַריז

# יוסף מילנער

מיר פאַרעפנטלעכן צחיי פאָלגענדיקע ארבעטן איבער י ו ס ף מ י ל נ ע ר, חאָס זיינען געשריבן געחאָרן צו זיין 60 יאָריקן יובילײ.

די ערשטע ארבעט האָט געשריבן — אין פאַריזער „אויפֿסניי“, אין 1947, — דער באַקאַנטער שריפטשטעלער און מחבר פון בוך „קינדער־מאַרטיראָלאָגיע“ און פון בוך „צחישן פריינד“, נ ח ג ר י ס, חעלכער איז געחען אַ טיכטיקער חיסנשאַפטלער און אַן אַקטיחער געזעלשאַפטלעכער טוער אין דער צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פוילן.

די צחייטע אַרבעט האָט געשריבן האַנרי הערץ, איינער פון די גרעסטע פראַנצייזישע דיכטער, פון דור־דורות אַ פאַרנצייזישער ייד. זיין פאָטער איז אפילו געחען קאָלאָנעל פון דער פראנצייזישער ארמיי אין דער צייט פון דרייפוסעס פראָצעס.

האַנרי הערץ איז א זקן פון 75 יאָר און איז זייער געשעצט אין פראנקרייך בכלל און אין די יידישע קרייזן בפרט.

ס׳איז שווער צו טרעפן אין פראַנקרייך, בפרט אין פּאַריז, אַ מענטשן, וואָס זאָל נישט קאָנען דעם נאָמען פון י ו ס ף מ י ל נ ע ר. איבער פערציק יאָר ליטעראַרישע טיטיקייט אין ייִדיש, העברעאיש, רוסיש, פראַנצויזיש; פערציק יאָר „געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין בעסטן זין פון וואָרט“; זייט 1933 אַ צענטראַלע פיגור אין פראנצייזישן „אָזע“; טויזנטער געראטעוועטע יידישע לעבנס און ספּעציעל 5.000 יידישע קינדער אין דער היטלער־תקופה אין פראַנקרייך, — דאָס איז אַן אַלגעמיין בילד פון מילנערס פילזייטיקער טעטיקייט.

לויט דער ענערגיע, וואָס דער בעל־יובל ווייזט ארויס, גלייבט זיך נישט, אז ער איז שוין א זעכציקער, לייענט מען אָבער זיינע היסטאָרישע און ליטעראַרישע ארבעטן, זכרונות פון זיין „נאָטיץ־ביכל“, מוז מען באוווּנדערן די בקיאות און עס ווילט זיך אויסרופן: „הרי אני כבן שבעים“, אויב ניט נאָך מער. מילנער האָט אין זיך פאראייניקט די בעסטע יידישע טראַדיציעס: למדנות און עסקנות בצרכי־ציבור. היינט, נאָך דעם גרויסן חורבן, טרעפט מען ווייניק מענטשן אין מילנערס עלטער, וואָס זאָלן זיין פארבונדן מיט אונדזערע בעסטע טראַדיציעס פון עבר און גלייכצייטיק שטיין מיטביידע פיס אין צענטער פון אונדזער געזעלשאפטלעכער און קולטור־ארבעט.

ס׳איז דעריבער נייטיק צו דערציילן א ביסל פּרטים וועגן בעל־יובל, ווּעמענס געבאָרן־טאָג האָבן דאָ נישט לאנג געפייערט עטלעכע אינסטיטוציעס אין פאריז: יוסף מילנער איז געבאָרן אין יאָר 1887 אין כ ע ל ם. זיין פאָטער, ר׳ יהודה לייב, איז געווען א ייד א משכיל מיט א גרויסן נאָמען אין לובלינער קרייז; א ייד א גביר, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט שרייבערײ און געזעלשאפטלעכער ארבעט: געווען א קאָרעספּאָנדענט פון „האסיף“ און פון „המליץ“ און א דעלעגאַט צו ציוניסטישע קאָנגרעסן. קיין וווּנדער נישט, אז אין אזא שטוב האָבן זיך דערצויגן צוויי זין, וואָס זיינען אויף א מאָדערנעם אופן געגאנגען אין פאָטערס דרכים.

יוסף מילנער לערנט אין א רוסישער גימנאַזיע, גלייכצייטיק אָבער האָט דער פאָטער פאר אים אראָפּגעבראכט די בעסטע לערערס פאר יידישע לימודים. איינער פון זיינע לערערס איז געווען דער שטענדיקער רעדאקטער פון ווארשעווער „היינט“, אברהם גאָלדבערג. ווען די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע פון 1905 האָט פארפלייצט די צאַרישע אימפעריע, האָט זי אויך נישט אויסגעמידן דאָס באַלעבאַטישע קינד יוסף מילנער, און אַלס רעזולטאַט האָט ער געמוזט פארלאָזן רוסלאנד און איז אוועק אין דער שווייץ, וווּ ער האָט אין יאָר 1907 געענדיקט די מיטל־שול. פון דער שווייץ (בערן) קומט ער אין דעם זעלבן יאָר קיין פראנקרייך און פארבלייבט שוין ביזן היינטיקן טאָג. אין פראַנקרייך שטודירט ער כעמיע און באקומט דעם דיפּלאָם פון אינזשינער.



יוסף מילנער רייסט זיך אָבער ניט אָפּ פון יידישן לעבן, ווי דאָס האָבן געטאָן אַ סך אימיגראנטן פאַר אים און נאָך אים. ער באַזוכט פארזאַמלונגען, טרעט אליין ארויס מיט רעפעראטן, מאַכט אינטערוויוען מיט באַרימטע פערזענלעכקייטן און ער שרייבט וועגן אלץ אין סאָקאָלאָוו׳ס „העולם“, אין ווילנער „הד־הזמן“ און אין פעטערבורגער „ראַזסוויעט“. ער באַפריינדעט זיך מיט מאַקס נאָרדוי און האָט באַקאַנט געמאַכט שמועסן מיט געאָרג בראַנדעס. מילנערס אַקטיווע און גריבלערישע נאַטור און נייגיריקייט לאָזט אים זיך ניט באַגרענעצן צו פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע קאָרעספּאָנדענצן. ניט געקוקט אויף זיין אינזשינער־דיפּלאָם, ווייזט ער ארויס א גרויסע פאראינטערעסירונג צו ליטעראַטור און געשיכטע, זוכנדיק אומעטום דאָס פּינטעלע ייד. אזוי ארום באקענט ער דעם יידישן לייענער מיט יידישע שרייבער אין דער פראַנצייזישער ליטעראַטור, ווי אַנדרעי ספּיר, עדמאָנד פלעג און פיל אנדערע (ער איז דער ערשטער וואָס אַנטדעקט דעם יידישן עולם, אז דער באַרימטער פראנצייזישער הומאָריסט, פראַנקרייכס נאַציאָנאַלער הומאָריסט, טריסטאַן בערנאַר, איז אַ ייד).

מילנער נישטערט אין ארכיוון, כראָניקעס, ביכער, פירט שמועסן מיט ארכיוואַרן און מוזיי־דירעקטאָרן פון גאנצן לאנד און זאַמלט אָן א ריזיקן מאטעריאל וועגן דער געשיכטע פון די יידישע ישובים אין פראנקרייך און געשיכטעס פון בארימטע יידישע משפחות. אין הונדערטער זשורנאלן, אין משך פון לאנגע יאָרן, האָט ער פארעפנטלעכט די רעזולטאטן פון זיינע ארבעטן. אלע יידישע צייטונגען, אין דער גאָרער וועלט, איבערדרוקן זיינע אינטערעסאנטע ארטיקלען.

א צווייט קאפּיטל טעטיקייט פון יוסף מילנער איז „אָזע“.

גלייך נאָך דער היטלער־איבערקערעניש אין דייטשלאנד, איז די „אָזע“ אריבער קיין פראנקרייך. מילנער ווערט גענעראַלסעקרעטאר פאר פראנקרייך. אויף דעם דאָזיקן פּאָסטן פארבלייבט ער ביז סוף 1947 (ווען ער ווערט אויסגעוויילט אלס וויצע־פּרעזידענט), ניט איבעררייסנדיק זיין טעטיקייט אין די אָקופּאַציע־יאָרן.

די קינדער־שול איז באשטימט דאָס שענסטע קאפּיטל אין מילנערס לעבנס געשיכטע. נישט אומזיסט מעסט מען די גוטסקייט פון אַ מענטשן לויט זיין באַציאונג צו קינדער און אויך לויט זיין פעאיקייט צו לאַכן. מילנער האָט דורכגעמאַכט ביידע פּראָבעס. די ערשטע און די שווערסטע און שרעקלעכסטע עפּאָכע פון די געסטאַפּאָ־פארפאָלגונגען, ווי ער איז געראטעוועט געוואָרן פשוט דורך א נס (צוויי מאָל ארעסטירט: דורך פעטענס מיליציע און דורך דער געסטאַפּאָ, און די לעצטע לאָזט אים ארויס, ווייל זי דערקענט אין אים פונקט ניט... א יידן !...). די צווייטע פּראָבע איז באקאנט די אלע מענטשן, וואָס טרעפן זיך מיט יוסף

מילנערן אויף פאַרזאַמלונגען און באַנקעטן. אויסער דעם, וואָס ער לאַכט מיט אַן אָפן פּנים, אויפריכטיק און האַרציק, איז ער נאָך דערצו מלא וגדוש מיט היסטאָרישע און למדנישע אַנעקדאָטן און מעשיות.

ס'וועט זיין פערזענלעכקייט גאַרנישט צוגעבן, אויב מיר וועלן אויסרעכענען נאָך א פּאָר אינסטיטוציעס, ווו ער פּרעזידירט אָדער איז טעטיק און ווו ער באַזאָרגט מתן־בסתר'ס פאַר מענטשן, וואָס בעטן נישט און דאַרפן האָבן. אָבער אומעטום, ווו מיר טרעפן אים, ברענגט ער אריין גוטמוטיקייט, באַרואיקונג און הומאָר. זאָל מיין אַרטיקל זיין אַן אויסדרוק פון דער יידישער עפנטלעכקייט, וואָס שאַצט אָפּ די פאַרדינסטן פון יוסף מילנער און ווינטשט אים נאָך א סך שעפערישע יאָרן.

---

האַנרי הערץ

# די 60 יאָר פון יוסף מילנער

מיר דאַרפן באַגריסן יוסף מילנערן צו זיינע זעכציק יאָר, נישט קוקנדיק, וואָס ער וויל זיין א „נחבא אל הכלים״. מען דאַרף צוגעבן דאָס ער זעט ניט אויס ווי א זעכציק־יאָריקער. אין אונדזער יידישער וועלט זיינען פאַראַן א סך געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס שטייען אין דער שפּיץ פון דער אַקטיווער אַרבעט, וואָס זיינען „בני־ששים״, אָבער קיינער וועט עס נישט קענען זאָגן. די סיבה איז מן־הסתם זייער קאַמף־נאַטור. יוסף מילנער געהערט צו די, וועלכע זעען אויסערלעך אויס זייער שטאַרק און יונג, און וואָס זיינען צום מיינסטן טעטיק און דינאַמיש, באַגייסטערן אַנדערע און ציען זיי אריין אין דער אַרבעט. בכלל זעט יוסף מילנער אויס ווי אַן אַמעריקאַנער, אָבער ער איז דאָס נישט, און אַלע ווייסן, אז ער שטאַמט פון א פּויליש־יידישער שטאָט, כ ע ל ם, און ער רימט זיך נאָך מיט דעם...

ער האָט א גרויסן נאָמען אַלס שריפטשטעלער (אין העברעאיש, יידיש און פראַנצויזיש). זיינע אַרבעטן וועגן דער געשיכטע פון די יידן אין פראַנקרייך, רעכנט מען פאַר די בעסטע אויף דעם געביט. אָבער איך וויל מיר באַזונדערס אָפּשטעלן אויף יוסף מילנער, דעם רעדנער. ער האָט אַלע פּעאיקייטן פון אַ גרויסן רעדנער, זיינע זשעסטן און זיין אַקצענט; אין זיינע פראַזן פילט מען שטענדיק א ריטם, ער באַגייסטערט זיין אוידיטאָריע און מען פילט ביי אים די „דברים היוצאים מן הלב״. ער רעדט זייער אָפּט אויף יידיש. איך פאַרשטיי ליידער נישט די שפּראַך, ווייל דאָס פראַנצייזישע יידנטום רעדט שוין פראַנצויזיש מער ווי 150 יאָר. אָבער דאָך פאַרשטיי איך שטענדיק יוסף מילנערס רעדעס, ווייל מען טרעפט וואָס ער וויל, ווייל מען שפּירט די אינספּיראַציעס פון זיין האַרץ און מען דרינגט זיך דורך מיט זיין גרויסן מוט.

געזעלשאַפטלעך איז יוסף מילנער די „אָזע״... ער האָט זי געגרינדעט אין אונדזער פראַנקרייך, ער האָט זי אָנגעפירט אין קאַמף פאַר פראַנקרייך. ס'האָט א סך נישט געפעלט, אז ער זאָל מיט איר צוזאַמען אומקומען. שטענדיק, אין די צייטן פון דער אָקופּאַציע, איז ער געווען אויף די וועגן און אין די טאָלן, איבעראַל טראַגנדיק די רעטונג און דעם קוראַזש פאַר די דערשלאָגענע געמיטער, איבעראַל דורך די פאַדעמס פון די נאַצי־נעצן, און ער קריכט אַרויס א לעבעדיקער, א דאַנק פּשוטע ניסים. און ער דערפירט די פראַנצייזישע „אָזע״ צום נצחון, וואָס איז געווען דער נצחון פון יידישן קינד.

היינט איז יוסף מילנער דער וויצע־פּרעזידענט פון „אָזע״, ער איז א שעף מיט א גרויסן עקספּערימענט, פול מיט טיפע איניציאַטיוון און טראָגט אריין איבעראַל, ווו ער באַווייזט זיך, אַ שטראַל פון ליכט, וואָס גיט אונדז איבער אַ גלויבן, אז אונדזערע שונאים וועלן קיינמאָל נישט גובר זיין דאָס פאָלק ישראל.

---

חנה ווילדער־ווינער, ניו־יאָרק

# שמואל ווינער

(עטלעכע ביאָ־ביבליאָגראַפישע דאַטן)

שמואל ווינער איז געבוירן שביעי של פסח, 1888, אין אַ פאַרמעגלעך־סוחרישער פאַמיליע אין כעלם. געהאַט אַ טראַדיציאָנעלע דערציאונג אין חדר ביז זיין צענטן יאָר. זיין פאָטער, הערש לייב ווינער, אַן אויפגעקלערטער, איז נישט געווען צופרידן מיט דעם סאָרט לערנען, גיט ער אים אריין אינעם איינציקן מאָדערנעם חדר דעמאָלט אין כעלם — צום בריסקער מלמד, חיים ראָזנבלום, א געבילדעטער מענטש, גיכער לערער ווי מלמד. דער עיקר ביי אים איז געווען תנ"ך. די נביאים מוזן די קינדער ביי אים קאָנען אויסנווייניק. ווייטער איז געווען העבראיש, דקדוק. אויך רוסיש און אַריפמעטיק. ביי אים לערנט ער ביז זיין דרייצנטן יאָר. איצט האָט זיין פאָטער געוואָלט אים צוגרייטן שטודירן. זיין חלום — דער געווינטלעך יידישער — צו מאַכן דעם זון פאַר דאָקטער. אין יענער צייט נעמט דעם פאָטערס געשעפט זיינעם גיין באַרג אַראָפּ. עס נעמט נישט לאַנג און ער האָט אַלץ פאַרלוירן. די ביטערע נויט נעמט הערשן אין דער היים. די מוראַדיקע צייט דריקט זיך שווער אָפּ אויף זיין געמיט און באַאיינפלוסט זיין גאַנץ שפּעטערדיק לעבן און דערפירט אים עווענטועל צו דער אידעאָלאָגיע פונעם סאָציאַליזם, ביי וועלכער ער האַלט זיך ביזן היינטיקן טאָג. אַנשטאָט דאָקטאָריע גיט מען אים אָפּ אויף דער לערע אין ערליכס דרוקעריי צו לערנען פאַר אַ זעצער. פאַר אַ שטיק צייט קומט דער זיידע זיינער, ר' מענדל ווינער, יעדן אָוונט צו אים אַהיים צו לערנען מיט אים גמרא.

אין דער איינענער צייט זוכט ער צו באַפרידיקן זיין שטאַרקן דאָרשט צו וויסן דורך לייענען אינטענסיוו און שטודירן דאָס בעסטע, וואָס איז דאָ אין העברעאיש. ביז היינט איז ער דאַנקבאַר דער ברייטהאַרציקייט פון דער חשובער משכילישער מילנער־פאַ־

מיליע, וואָס האָט דעמאָלט פּאַר אים ברייט געעפנט זייער רייכע פּריוואַטע העברעאישע ביבליאָטעק. ער ווערט אַ הייסער ציוניסט. ער לייענט די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור, און אויך אַ סך רוסיש.

פּסח, 1904, האָט אַ גרופּע יונגע בחורים געגרינדעט אַ יידישע ביבליאָטעק, מוז זי אונטערן רעפּרעסיוון צאַרישן רעזשים זיין אַ געהיים־אומלעגאַלע. פּאַקטיש די ערשטע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעק אין כעלם. ער ווערט דער ביבליאָטעקאַר און איינקויפער פון די ביכער. די ביבליאָטעק האָט זיך געפונען ביי אים אין דער היים און האָט עקסיסטירט אַ פּאָר יאָר.



חנה חילדער־חינער.

אין פרילינג, 1905, איז ער געווען איינער פון די גרינדער פון דער ס.ס. (סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן) אין כעלם. צווישן ~~1908~~—1912 איז ער אַקטיוו אין דער ס.ס.־פּאַרטיי אין וואַרשע, און שפּעטער אין ניו־יאָרק — ביז דער אויפלייזונג פון דער פּאַרטיי ביי דער קאָנווענשאַן אין 1916. צווישן 1907 און 1912 האָט אים די צאַרישע אָכראַנע אין וואַרשע אַ פּאָר מאָל געהאַלטן אַרעסטירט און איין מאָל אויך פאַרשיקט.

קיין אמעריקע איז ש. ווינער געקומען סוף דעצעמבער, 1912. אָנהייב 1914 טרעט ער אַריין אין דער יידישער זעצער־יוניאָן אין ניו־יאָרק, ווו ער איז אַ מיטגליד ביזן היינטיקן טאָג. אין כעלעמער צווייג פונעם אַרבעטער רינג איז ער אַ מיטגליד זינט אָנהייב 1918.

ער איז באַשעפטיקט אלס קאָרעקטאָר אין דער ניו־יאָרקער יידישער צייטונג, דער „טאָג", זינט דעם ערשטן טאָג פון איר דערשיינען (נאָוועמבער 5, 1914), ביזן היינטיקן טאָג. ער איז געווען אַ תלמיד פון דר. חיים זשיטלאָווסקי, און אין „טאָג", ווו דר. ח. זשיטלאָווסקי איז געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער, קומט ש. ווינער מיט אים אין נאָענטן קאָנטאַקט, וואָס האַלט אָן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן, מאַי 6, 1943. (ש. ווינערס אַרטיקל אינעם זשורנאַל „יידישע קולטור" יוני־יולי, 1943, וועגן די לעצטע יאָרן פונעם אומפאַרגעסלעכן דר. חיים זשיטלאָווסקי, איז פול מיט פּיעטעט און פאַרערונג פאַר זיין גרויסן לערער).

אין מיטן צוואַנציקער יאָרן איז ער פון די ערשטע בויער ביי דער גרינדונג פון אַמעריקאַנער אָפּטייל פון „ייוואָ". ביז אַרום 1933 איז ער אַ מיטגליד פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון אַמעריקאַנער „ייוואָ" (יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט).

סוף צוואַנציקער יאָרן איז ער פאַרבונדן מיטן יידישן אָפּטייל פון שפּינאָזע־אינסטיטוט אין ניו־יאָרק, ווו ס'ווערט שטודירט שפּינאָזעס פילאָסאָפיע אונטער ד"ר יעקב שאַצקי. ער איז געווען מיטרעדאַקטער פונעם „שפּינאָזע־בוך", וואָס דער שפּינאָזע־אינסטיטוט האָט אַרויסגעגעבן צום דריי־הונדערט געבוירניאָר פון שפּינאָזע (ניו־יאָרק, 1932), אַ בוך מיט וואָגיקע אַרבעטן וועגן שפּינאָזען און זיין פילאָסאָפיע, דאָס איינציקע פון דעם מין אין יידיש. אין דעם „שפּינאָזע־בוך" באַטייליקט ער זיך אויך מיט אַן איבערזעצונג פון שפּינאָזעס אַ יוגנט־ווערק מיטן נאָמען: „טראַקטאַט וועגן דער אויסבעסערונג פונעם אינטעלעקט".

באַלד דערנאָך האָט דער יידישער אָפּטייל פונעם שפּינאָזע־אינסטיטוט אים פאַרגעלייגט צו מאַכן אַ נייע קאָרעקטע איבערזעצונג פון שפּינאָזעס „עטיק" אין יידיש. כדי צו קאָנען מאַכן די איבערזעצונג דירעקט פונעם אָריגינאַל, לערנט ער לאַטיין. די אַרבעט אויף דער איבערזעצונג פאַרציט זיך אַ פּאָר יאָר. דערצו האָט ער, נאָכן פאַרטיק ווערן מיט דער איבערזעצונג, ערשט גענומען, פּאַרזיכטיק, פאַרגלייכן זיין איבערזעצונג מיט דער העברעאישער איבערזעצונג פון דר. י. קלאַצקין, און מיט נאָך צוויי ענגלישע, צוויי דייטשישע, אַ רוסישער און אַ פּוילישער איבערזעצונג. דערווייל איז דער יידישער אָפּטייל פונעם שפּינאָזע־אינסטיטוט אונטערגעגאַנגען, די איבערזעצונג איז ניט אַרויס, און דער מאַנוסקריפּט איז ביי אים געבליבן ליגן (ער האָפט פון דעסטוועגן, אַז זיין אַרבעט איז נישט געווען אומזיסט, און אַז די „עטיק" וועט נאָך ווען עס איז דערזען די ליכטיקע שיין).

אין דער אייגענער צייט איז ער שטאַרק אַקטיוו אין דער בירא־בידזשאַן באַוועגונג. ווען ס'ווערט באַשטימט, זומער 1936, צו שיקן אַן אַמעריקאַנער פאָלק־דעלעגאַציע קיין בירא־בידזשאַן, ווערט ש. ווינער אויסגעוויילט אין ניו־יאָרק (מיט איבער 22 טויזנט שטימען) אלס מיטגליד פון דער דעלעגאַציע. ווען די דעלעגאַציע איז, אין הארבסט, געווען גרייט צו לאָזן זיך אין וועג אַריין, האָבן זיך פאַרשטאַרקט די קלאַנגען, אַז היינט־מאָרגן וועט היטלער לאָזן אין גאַנג זיין מלחמה־מאַשין. דער דעלעגאַציע איז איבער דעם שוין אוממיגלעך געווען אָפּצופאָרן.

זומער 1937, איז ער צווישן די ערשטע ביי דער גרינדונג פון „איקוף" (אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־פאַרבאַנד), און אין די אַלע יאָרן אין אַמעריקע איז ער ראשו ורובו אויך פאַרנומען מיט אַ סך אַנדערע געזעלש. אַקטיוויטעטן. ס'וואָלט צופיל פאַרנומען פלאַץ אויסצורעכענען אַלע זיינע אַקטיוויטעטן פאַר די אַלע יאָרן אין אַמעריקע.

אין 1943 האָט דער „איקוף"־פאַרלאַג אַרויסגעגעבן זיינע אַן איבערזעצונג פון פרידריך ענגעלס'עס קלאַסיש ווערק וועגן דער מאַרקסיסטישער פילאָסאָפיע מיטן נאָמען: „לודוויג פייערבאַך און דער אויסלאָז פון דער קלאַסישער דייטשישער פילאָזאָפיע". כדי דער יידישער לייענער זאָל זיך בעסער אָריענטירן אין דעם וויכטיקן ווערק האָט ש. ווינער צום סוף פון בוך צוגעגעבן זיינע אַ ביילאַגע מיט עטלעכע און דרייסיק קורצע עסייען וועגן יעדן געלערנטן און פילאָסאָף, וואָס ווערט דאָרט דערמאָנט. די דאָזיקע עסייען באַקענען דעם לייענער מיט אַ שטיק געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע.

ווייטער האָט ער צווישן אַנדערע פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע טעאָרעטישע אַרבעט: „הונדערט יאָר מאַרקסיזם" אין דער „יידישער קולטור", חודש־זשורנאַל פונעם „איקוף", אין די נומערן פון אַפּריל און מאַי, 1947 און פעברואַר, מערץ און אַפּריל, 1948.

אין דער „יידישע קולטור" פון מערץ און אַפּריל, 1951, איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ גרעסערע פילאָסאָפישע אַקטועלע אַרבעט מיטן נאָמען: „עטיק — די צענטראַלע פּראָבלעם אינעם וועלט־קריזיס". נאָך אַן אַרבעט זיינע: „פרייהייט — אינדיווידועל־פּסיכאָלאָגישע און סאָציאַלע" איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אויך אין דער „יידישע קולטור", יוני־נומער, 1952. ס'איז אויך אַרויס באַזונדער אין אַ ביכל אונטערן נאָמען: „אינדיווידועלע און סאָציאַלע פרייהייט" (די דאָזיקע אַרבעט, ווי די אַנדערע אַרבעטן זיינע, זיינען אויסגעהאַלטן אינעם גייסט פונעם סאָציאַליסטישן הומאַניזם).

הערש שישלער

# פערזענלעכקייטן און געשטאַלטן, וואָס זיינען שוין שוכני עפר

## רבי העשל ליינער ז״ל

שטאַרק־מפורסם און באַליבט אין די חסידישע קרייזן איז געוועזן רבי העשל ליינער ז״ל. ער איז געוועזן פון א גרויסער יחוסדיקער רבישער משפחה, אָפּשטאַמענדיק פונעם באַרימטן ראַדזינער הויף, אַ ברודער פון ראַדזינער רבין, ר׳ גרשון העניך זצ״ל. רבי העשל ליינער איז געוועזן אַ מחבר פון ספר „לקוטי דברי תורה״.

אין׳כעלם האָט ער זיך באַזעצט אין יאָר תרנ״ב. זיין וווינונג האָט זיך געפונען אויף דער לובלינער גאַס, אויפן וועג צו די קאַזאַרמעס, ניט ווייט פון די באַן־רעלסן, וואָס האָבן דורכגעשניטן די לובלינער גאַס. ביי די דאָזיקע באַן־רעלסן האָט פּאַסירט אן אומגליק מיט רבי העשל ליינערס זון, ר׳ יעקב, וואָס א באַן־לאָקאָמאָטיוו איז אָנגעלאָפן אויף אים, בעת ער איז אריבערגעגאַנגען די באַן־ליניע, און אים געהרגעט.

נעבן זיין דירה האָט זיך געפונען א שטיבל, ווו מען האָט געדאוונט און געלערנט תורה. ער אליין איז יום ולילה געזעסן על התורה והעבודה.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1914, זיינען יידישע זעלנער און רעזערוויסטן, גייענדיק צו זייערע קאַזאַרמעס, געקומען צום ערלעכן רבי העשלען בעטן א ברכה, אז זיי זאָלן ניצול ווערן פון טויט. מיט טרערן אין די אויגן האָט דער רבי יעדערן געגעבן זיין ברכה.

א גרויסן יראת־הכבוד און דרך־ארץ ביי אלעמען, אויך אפילו ביי דער רוסישער מאַכט, האָט ארויסגערופן זיין ערלעכער אויסזען. ביי זיין טיש, בעת אַ שלש סעודות און ביים זאָגן תורה, זיינען תמיד געווען זיינע חסידים, וואָס האָבן געהאַט א גרויסן עונג רוחני צו געפינען זיך פנים אל פנים מיט דער ליכטיקער געשטאַלט פון רבי העשל ליינער ז״ל.

עס איז כדאי פאַרצייכענען א כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד. צו ר׳ העשלען ליינער איז אמאָל אריינגעקומען ר׳ פּיניע מאיר געלטשעס (פּנחס טענענבוים), וואָס איז געווען זיינער א חסיד. ער האָט ר׳ העשלען דערציילט, אז ער האַלט ביים דינגען א סאָד פון א פּריץ, נאָר ער האָט נישט קיין געלט איינצאָלן האַנט־געלט. רבי העשל ליינער איז באַלד אריינגעקומען אין דעם צווייטן חדר און האָט ביי דער רביצין גענומען א גאָלדן קייטל און עס געגעבן ר׳ פּיניע מאיר געלטשעס, כדי צו האָבן האַנט־געלט פאַרן פּריץ.

דער דאָזיקער עפּיזאָד איז נאָר איינער פון די פיל ענלעכע מעשים טובים, וואָס קאָנען אונדז געבן א פולשטענדיקע בילד פון דער גוטסקייט און ערלעכקייט פון רבי העשל ליינער ז״ל.

## הרב ר׳ גמליאל האָכמאַן ז״ל

צווישן די פיל רביים און רבנים וואָס די כעלעמער יידישע קהילה האָט געהאַט, פאַרנעמט זייער אַ חשובן אָרט הרב ר׳ גמליאל האָכמאַן. ער איז געווען דער ממלא מקום פון טאָמאַשאָווער רב, הרב ר׳ יחיאל נייהויז זצ״ל און דער אזויגערופענער קאַזיאָנער רב.

הרב ר׳ גמליאל האָכמאַן איז געקומען קיין כעלם פון א קליינעם שכנישן שטעטל. אין לויף פון איניקע יאָר איז ער געוואָרן





הרב גמליאל האָכמאַן ז״ל

דער אָפיציעלער רב און מנהיג רוחני. בכלל איז ער געווען אַ מאָדערנער רב. ער האָט איניקע חבורים געשאַפן, געלערנט און געלייענט אַ סך, אויך די יידישע פּרעסע פון אלע פּאַרטייען.

ער האָט זיך אויך גוט אָריענטירט ביי פאַרשיידענע דין־חובות, און ווען יידן פון פאַרשיידענע סאָציאלע גראַדן האָבן געהאַט קאָנפליקטן, מחלוקות, זיינען זיי געקומען צו ר׳ גמליאלן, וואָס האָט זיי אויסגעגלייכט על צד היותר טוב, אויפכאַפּנדיק בליצשנעל אַלע פאַרפּלאָנטערטע סיטואַציעס און סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיישע מאָמענטן.

חוצדעם איז ער געווען א שיינער דרשן. אָפט האָט ער געהאלטן דרשות אין כעלעמער בית־המדרש.

הרב ר׳ גמליאל האָכמאַן ז״ל איז אומגעקומען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע, בעת דער לעצטער אקציע אין כעלם, אין 1943.

## דער ריישער רבי ר׳ יהודה זונדל רוקח זצ״ל



דער ריישער רבי, ר׳ יהודה זונדל רוקח, זצ״ל.

דער ריישער רבי, ר׳ יהודה זונדל רוקח, האָט געצויגן זיין יחוס פון דער בעלזער חסידישער דינאַסטיע. ער איז אָנגעקומען קיין כעלם אָנהויב 1920 און איז גיך מפורסם געוואָרן אין שטאָט און אין די ארומיקע שטעטלעך. ער איז געווען באַקאַנט אלס בעל־מופת. ער האָט געגעבן רפואות צו קראַנקע.

דער ריישער רבי, אָבער, איז אלע יאָרן געווען באוווסט אלס גרויסער אביון, די כעלעמער בעלי מלאכות און עמך האָבן אים געשטיצט. ער איז געווען צווישן זיי שטאַרק באַליבט. ער איז געוואָרן דער רבי פון אָרעמען בעל־מלאכה און אַרבעט־מענטש.

זיין זון איז געווען דער באוווסטער ראַבקער רב און זיין איידעם איז געווען הרב ר׳ אפרים אונגער, וועלכער איז אויסגעוויילט געוואָרן אלס רב אין דעם דערבייאיקן שטעטל סווערזש.

דער ריישער רבי, ר׳ יהודה זונדל רוקח, איז דורך די היטלער־מערדער אומגעבראַכט געוואָרן. ער איז מיט טויזנטער כעלעמער יידן פאַרשלעפּט געוואָרן אין די גאַז־אויוונס פון סאָביבאָר.

## בערל אַקסלראָד

איז געווען א גוט־באַקאַנטע פּערזאָן אין כעלם, באַוווּסט אלס אַן אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טוער, וואָס איז געווען פאַרטראָטן אין די וויכטיקסטע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס פון



בערל אַקסלראָד מיט זיינע 2 קינדער, דבורה'לע און יאָסעלע — אומגעקומען אין אוישוויץ.

כעלם. ער איז געווען דאָזאר אין דער קהילה, ראַטמאַן און לאַווניק אין כעלעמער מאַגיסטראַט און געווען פאַרוואַלטער פון דער יידישער פאָלקשול.

ער איז אומגעקומען אין קאָוונע אויפן 9־טן פאָרט, אין יאָר 1944.

## נעכע אַקסלראָד־באַקאַלטשוק

האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט איר מאַן, בערל אקסעלראָד, אין דער יידישער פאָלקשול. געווען פאַרוואַלטערין פון קינדער־



נעכע אַקסלראָד־באַקאַלטשוק

היים. זי האָט איבערגעלעבט דעם גרויזאַמען קריג, פאַרלירנדיק איר מאַן און 2 קינדער.

אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן איז איר געזונט אָפּגעשוואַכט געוואָרן און זי האָט געליטן אויף א נירן־קראַנקהייט.

נאָך דער באַפרייאונג האָט זי געאַרבעט אין פוילן און אין לינץ (עסטרייך) אויפן שול־געביט. זי פאָרט פון דאָרט אויף אַ באַזוך קיין ישראל מיט איר צווייטן מאַן, מ. באַקאַלטשוק, און דערנאָך עמיגרירן זיי אין דרום־אפריקע, ווו זי האָט אַקטיוו געאַרבעט אין דער יאָהאַנעסבורגער יידישער פאָלקשול.

זי איז געשטאָרבן פון דער שווערער נירן־קראַנקייט — אַ ירושה פון די קאַצעט־יאָרן — אין יאָר 1953.

## דוד קאָרנבליט

איז געווען א פעאיקער שילער אין דער יידיש־פוילישער גימנאַזיע פון כעלם. שפּעטער האָט ער געענדיקט דעם פוילישן אוניווערסיטעט אין ווילנע. ער איז געוואָרן לערער פון מאַטעמאַטיק אין דער העברעאישער „יבנה" גימנאַזיע אין ווילנע און אין העברעאישן לערער־סעמינאַר.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז ער געווען לערער פון מאַטעמאַטיק אין אַ פוילישער רעגירונג־גימנאַזיע. ער איז טראַגיש אומגעקומען דורך די דייטשן.

## משה בעקער

פון דער פריסטער יוגנט האָט ער זיך אריינגעטאָן אין דער ארבעטער־באַוועגונג. געווען א טיכטיקער שול־טוער און איינער פון די אָנפירער פון די לינקע פועלי־ציון אין כעלם. ער איז געווען פאַרטראָטן אין א סך יידישע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־קרייזן. געווען דאָזאר פון דער יידישער קהילה און אַ באַאַמטער אין מאַגיסטראַט.

## בנימין בלומענשטאָק

האָט א סך צייט פון זיין לעבן געווידמעט דער ארבעט לטובת הכלל, זייענדיק אַן אַקטיווער עסקן פאַר די כעלעמער יידישע פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן.

## מלך הערש ברייטמאַן

גערופן האָט מען אים מלך הערש, ער איז געווען באקאנט אינעם יידישן כעלם אלס דער גבאי פון חברה־קדישא.

א גוטער ייד איז ער געווען מיט א גוט־יידישן האַרץ, זיין גאַנצע צייט און ענערגיע האָט ער אָפּגעגעבן און געווידמעט קהל'שע און פילאַנטראָפּישע אַרבעטן. ער האָט געהאָלפן אָרעמע יידן, בעלי־מלאכות און אנדערע. ער האָט געמאַכט אָפטע באזוכן אין אָרעמע יידישע הייזער, באזאָרגט זיי מיט ברויט און א מלבוש.

יאָרנלאַנג איז מלך הערש געווען דער גבאי פון דער חברה־קדישא אין כעלם. ער האָט אויף זיין פּאָסטן א סך אויפגעטאָן, ער האָט נישט דערלאָזט פארשוועכן אָדער אָנטאָן בזיון המת, זאָרגנדיק, אז עס זאָלן דורכגעפירט ווערן די לוויות מיט דער געהעריקער אָפּגעהיטקייט לויטן יידישן דת.

מלך הערש איז געווען פון די ערשטע גרינדער פונעם „ביקור־חולים" אין כעלם און שפּעטער פונעם „לינת הצדק". ער האָט באזוכט פיל יידישע קראַנקע, געזאָרגט וועגן זייער לאַגע. אָפט האָט ער באצאָלט פון דער אייגענער קעשענע א דאָקטער פאַרן וויזיט און באַצאָלט אין אַפּטייק פאַר די רפואות, וואָס דער דאָקטער האָט פארשריבן.



חזן יעקב ברייטמאַן, זון פון מלך הערש, חייס־פרעזידענט פונעם חזנים־פאַרבאַנד אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

מלך הערש ברייטמאַן איז אויך געווען אַ גרויסער אָנהענגער פונעם ריישער רבין ר' יהודה זונדל רוקח. ס'איז גוט באַקאַנט, אז דער ריישער רב איז געווען א גרויסער אָרעמאַן, די כעלעמער ידישע קהילה האָט אים ווייניק געשטיצט, אָבער מלך הערש האָט אָפט אונטערשטיצט דעם ריישער רבין.

זיין זון, יעקב ברייטמאַן, איז אַ באַרימטער חזן אין אַמעריקע, ער איז געווען אַמאָל אַראָפּגעקומען קיין כעלם אויף אַ וויזיט צו זיינע עלטערן און האָט מהנה געווען די כעלעמער יידן מיט זיין דאַוונען. ער האָט דאַן געדאַוונט אין דער גרויסער שוהל, וואָס האָט ארויסגערופן אַ גרויסע באַגייסטערונג און באַוואונדערונג מיט זיין האַרציקער שטימע, וואָס יאָרנלאַנג האָבן כעלעמער יידן גערעדט, מיט באַוואונדערונג, וועגן זיין נגינה. הגם אין כעלם זיינען אָפט אראָפּגעקומען די בעסטע חזנים פון פוילן. כעלעמער יידן האָבן געהאַט א שם צו זיין מבינים אויף חזנות, איז דאָך יעקב ברייטמאַנס דאַוונען געבליבן טיף אין זכרון ביי פיל פון דער כעלעמער יידישער באַפעלקערונג, און זיין פאָטער, ר' מלך הערש, איז געווען שטאָלץ מיט זיין זון.

## דער כעלעמער שוהל־חזן, ר' בעריש גרעבער

עס איז כמעט יעדן דורכשניטלעכן יידן אין כעלם געווען באַוווסט דער כעלעמער שוהל־חזן, ר' בעריש גרעבער. יאָרנלאַנג איז ער געווען חזן פון דער גרויסער כעלעמער שוהל. ער איז געווען אַ גוטער און באַליבטער חזן, ער האָט פאַרמעגט אַ ראַזשינקע־שטימע, און האָט געדאַוונט מיט אַן איינגעשטעלטן אייגענעם כאָר. צוויי זין זיינע, שלמה און שמואל, וואָס האָבן אויסגעוואַנדערט אין אמעריקע, זיינען געווען די הויפּט־משוררים זיינע. ר' בעריש גרעבער איז אויך געווען א גוטער פידל־שפּילער. ער האָט געשריבן מוזיק, אָבער זיין מאַטעריעלע לאַגע איז געווען אַ גאַנץ געדריקטע.

צוליב דעם וואָס ער האָט באַקומען קליינע שכירות פון קהל, פלעגט ער יעדן דאָנערשטאָג ארויסלאָזן זיך צו כעלעמער בעלי־הבתים נאָך שטיצע. ער פלעגט גיין צוזאַמען מיטן בית־המדרש חזן, ר' בנימין זינגער, ווייל אויך זיינע שכירות זיינען געווען קליינע.



די לחיה פונעם כעלעמער שוהל־חזן, ר' דוד בעריש גרעבער ע"ה, געשטאָרבן דעם 22־טן אַפּריל, 1936. לינקס — דער שוהל־חזן ר, בעריש גגרעבער.

אין די ערב יום־טובים, אזוי אויך ראש חודש, פורים און חנוכה־טעג, איז שוין באַזונדער געגאַנגען דער שוהל־חזן, ר' בעריש גרעבער מיט זיין שמש, ר' שמואל גלאָבן, און דער בית־המדרש־חזן, ר' בנימין זינגער, איז ווידער געגאַנגען מיט זיין שמש, ר' לייבוש בעדער. אזוי זיינען געווען די לוין־באַדינגונגען פון די חזנים אין יענער צייט.

שטאַרק איינדרוקספול איז געווען דאָס דאַוונען פון ר' בערישן, דעם שוהל־חזן. אין די ימים נוראים, ווען ער האָט געגעבן א זאָג: בראש השנה יכתבון וביום צום כפור יחתמון, האָט ער אלעמען אויפגעציטערט. ווייבער אין עזרת נשים האָבן געכליפּעט מיט ביטערע טרערן, און די גאַנצע שוהל מיטן פאָליש האָבן דערפילט דעם פחד פארן יום הדין. שטאַרק רירנד און מתיקותדיק איז געווען ר' בערישעס ונתנה תוקף, וואָס האָט ארויסגערופן אזוי פיל גלויבן, עמאָציע און טרערן.

אין די עלטערע יאָרן האָט שוין ר' בעריש ניט געקאָנט זיין דער שליח־צבור. די זקנה און דאָס שווערע אָרעמע דחקות־לעבן האָבן זיך שווער געלייגט אויף זיין געזונט.

יאָרנלאַנג האָט די כעלעמער שוהל ניט געפונען קיין ממלא מקום אויף ר' בערישעס חזנישער שטעל.

## א. גאָלדבערג

איז געווען א גוט־באַוווסטער יידישער פובליציסט און שריפטשטעלער. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אוועק פון כעלם קיין וואַרשע, וו ער איז געווען רעדאַקטער פון „היינט" און זיך אויך באַטייליקט אין אנדערע אויסגאַבעס.

## נחום גאָלדבערג

איז געווען דער ערשטער רעדאַקטער און גרינדער פון דער „כעלעמער שטימע". ער האָט געשריבן לייטאַרטיקלען, פעליעטאָנען, נאָטיצן און דערציילונגען. געווען א פעאיקער זשורנאַליסט.

## בן־ציון גאָלדגעוויכט

איז פון באַרוף געווען אַ בוכהאַלטער, ער האָט פיל צייט אָפּגעגעבן דער געזעלשאַפטלעכער און קולטור־אַרבעט. ער איז געווען גוט באַהאַוונט אין דער יידישער, העברעאישער און אויך אין דער וועלטלעכער־ליטעראַטור.

## יוסף גאָלדהאַבער



יוסף גאָלדהאַבער

יוסף גאָלדהאַבער איז געווען א ליבער און האַרציקער פאָלק־מענטש, וואָס האָט א סך געלערנט און געקאָנט אין שריפט און וואָרט מער פון 10 שפּראַכן. ער איז אויך געווען אַ טאַלענטירטער שריפטשטעלער פון פיינע דערציילונגען און נאָוועלן. זיינע שאַפונגען זיינען אויך געדרוקט געוואָרן אין פרעמדשפּראַכיקע זשורנאַלן. ער האָט אויך מיטגעאַרבעט אין דער אָרטיקער כעלעמער יידישער צייטונג און אין דער „אילוסטרירטער וואָך", וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן אונטער דער רעדאַקציע פון א. גראָפּמאַן אין וואַרשע און אין אנדערע צייט־שריפטן.

שטאַרק באַליבט איז י. גאָלדהאַבער געווען אין כעלם און אויך אין דער אומגעגנט, ווייל חוץ די אַלע גרויסע מעלות איז ער געווען אַ גוטער פידלער און איז געווען גוט באַהאַוונט אין אַנדערע מוזיק־אינסטרומענטן. דאָס שפּילן אויפֿן פידל און זיין פיינער הומאָריסטישער כאַראַקטער האָט אים אריינגעבראַכט פיל פריינד אין לעבן. אין זיין היים האָט זיך אַלעמאָל געפונען אַ קרייז פון יוגנטלעכע און עלטערע יידן, וואָס זיינען געקומען הערן זיינע אַנעקדאָטן און וויצן, זיינע פידל־מעלאָדיעס, און אויך זיינע נייע שאַפונגען. ער האָט תמיד מקרב געווען צו זיך יונגע שרייבער, לערנענדיק זיי ווי שלייפן די שפּראַך, די כללים פון סטיליסטיק און פּאָעזיע.

י. גאָלדהאַבער איז געווען אַ גרויסער עני, זיך געחברט מיט די אָרעמע און האָרעפּאַשנע יידן, מיט אַרבעטער, פורמאַנעס, טרעגער, שניידער, שוסטער, זייענדיק צו אַלעמען פריינדלעך און גוטגעשטימט.

צוזאַמען מיט די כעלעמער קדושים האָט ער אויסגעהויכט, אין גרויסער פּיין און יסורים, זיין נאָבעלע פּאָלקס־נשמה.

## דאָרא דובקאָווסקא

איז געווען אַ באַוווסטע זינגערין און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר שיינער לירישער שטימע. זי פלעגט אָפט אויפטרעטן אויף קאָנצערטן אין פיל שטעט אין פוילן, האָבנדיק אַ גרויסן דערפאָלג.

## מאיר דובקאָווסקי

איז געווען דער כעלעמער פּרעסע־אַגענט. ער איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן פאַרשפּרייט דאָס יידישע וואָרט און דאָס יידישע בוך אין כעלם. ערב דער וועלט־מלחמה פון 1914 האָט מ. דובקאָווסקי איינגעאָרדנט די ערשטע יידישע ליי־ביבליאָטעק אין זיין וווינונג, אויף בודאָווסקע גאַס. אין זיין צייטונג־קיאָסק האָט זיך קאָנצענטרירט די יידישע אינטעליגענץ און קולטור.

## הערש דיקער

ווען מען וויל דערמאָנען יידיש טעאַטער אין כעלם און אירע אַמאַטאָרן־אָנהענגער, קאָן מען נישט פאַרבייגיין און אויסלאָזן דעם נאָמען הערש דיקער.

הערש דיקער איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פונעם יידישן וואָרט, און באַזונדערס האָט אים יידיש טעאַטער, נאָך פון זיין פריער יוגנט, אָנגעלאָקט, הגם ער איז געווען אַ זון פון חסידישע עלטערן, האָט ער אָבער דאָך אין דער שטיל אונטערגעזינדיקט אויפן טעאַטער־ברעטל.

א חוץ דעם וואָס דיקער האָט געהאַט אַ נייגונג צו דער יידישער בינע, האָט ער געהאַט אויך אַ חוש פאַר מוזיק. ער האָט געשפּילט פידל און איז אָפט אַרויסגעטראָטן אין דער עפנטלעכקייט אויף אימפּרעזעס, וואָס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן צו לינדערן די נויט פון אָרעמע יידן אין כעלם.

ה. דיקער האָט געהאַט אַרום זיך אַ קרייז פון אַמאַטאָרן. אויף אָרעמע חתונות פלעגט דיקער שפּילן אומזיסט מיט זיינע אַמאַטאָרן־מיטהעלפער, און דאָס געלט וואָס פלעגט אריינקומען פאַר טענץ, האָט ער אָפּגעגעבן אלס דרשה־געשאַנק צו די אָרעמע חתן־כלה.

דער מנהג פון שפּילן אויף אָרעמע חתונות און דאָס געלט, וואָס איז אריינגעקומען פון די טענץ, אָפּצוגעבן פאַר די אָרעמע חתן־כלה, האָבן די ערשטע אין כעלם איינגעפירט די ברידער לוקסענבורג, וועלכע האָבן אין יענער צייט אויך אָנגעפירט מיט אַ מוזיקאַלישער סעקציע אין כעלם.

אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן, האָט זיך ה. דיקער אויסגעצייכנט מיט זיינע מעות־חטים־אַקציעס, וואָס ער האָט דורכגעפירט יאָר־יערלעך. דיקער פלעגט דאַן צוזאַמענעמען זיינע מיטהעלפער און אַוועקגיין מיט זיי צו די רייכע בעלי־הבתים פון שטאָט, און צו דער פורים־סעודה זיי מהנה זיין מיט פיינע יידישע מאָטיוון און ניגונים, וואָס ער האָט ספּעציעל צוגעגרייט און איינגעשטודירט מיט חדשים פריער.

די אַ פורים־אַטראַקציעס האָבן זיך יאָר־יערלעך איבערגעחזרט. הערש דיקער האָט אָנגעהאַלטן אָט די חזקה, וואָס האָט זיך אים גוט איינגעגעבן אי מאָראַליש און מאַטעריעל. די געזאַמלטע געלטער האָבן געהאָלפן פיל אָרעמע יידן אריינצוברענגען דעם פּסח אין זייערע אָרעמע הייזער.

דיקער איז דורכאויס געווען אַן עמך־מענטש, ווייט פון אַ נגיד. ער האָט זיך פאַרנומען מיט דער פּרנסה פון שפּיליטעריי, (קאָמיסיאָנער). ער איז אַלעמאָל געווען פאַריאָגט און פאַרהאַוועט, ווייט אַוועק פון דער היים, אַלעמאָל אונטערוועגנס; אין וואַרשע און אין לובלין — איינגעהאַנדלט סחורות פאַר קליינהענדלער און בעלי־מלאכות פון כעלם. אָבער די איינציקע מינוטן, וואָס ער האָט נאָר געהאַט פרייע, האָט דיקער געווידמעט דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

אין די לעצטע יאָרן האָט דיקער געשאַפן זיך אַ נאָמען דורך די דורכגעפירטע הילף־אַקציעס. צו יענער צייט האָט ער געשאַפן אַ פּערמאַנענטע מוזיקאַלישע סעקציע אין כעלם, וואָס האָט געציילט קרוב 30 מיטגלידער.

אויך הערש דיקער האָט געטיילט דעם גורל פון די מיליאָנען אומגעבראַכטע יידן אין פוילן. אין 1942 איז ער אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע רוצחים. אויך מיט אים זיינען אומגעקומען זיין משפּחה און פיל פון זיינע מיטגלידער פון דער מוזיקאַליש־אַרטיסטישער סעקציע.

## פייוול דרעקסלער

האָט געשטאַמט פון אַן אָרעמער סביבה, האָבנדיק גרויסע נייגונגען צו דער יידישער בינע. ער איז געווען באַוווסט אַלס באַגאַבטער אַרטיסט און פעאיקער רעזשיסער. ער האָט פיל בייגעשטייערט צום יידישן טעאַטער אין כעלם.

## ליפּע הערץ

ליפּע הערץ אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן, ליפּעלע קצב, איז געווען אַ דאזאר אין דער קהילה און אַ געזעלשאַפטלעכער טוער, זייענדיק פאַרטראָטן אין פיל יידישע אינסטיטוציעס ווי אַ פאַרוואַלטונג־מיטגליד און אויך ווי יושב־ראש.

ער איז אויך געווען אין ,,Opiekun Spoleczny" פון מאַגיסטראַט פאַר דער יידישער און ניט־יידישער באַפעלקערונג פון זיין ראַיאָן.

אַ גוטמוטיקער מענטש איז ליפּע הערץ געווען און מיט אַ ברייטער האַנט האָט ער געגעבן צדקה לטובת פאַרשיידענע מוסדות און אויך פאַר יחידים.

ער איז געווען אַ גרויסער מסחר־מענטש, ליפערנדיק פלייש פאַרן מיליטער, וואָס האָט סטאַציאָנירט אין כעלם און אויך פאַר די שפּיטאָלן.

אין די טעג פון דער היטלער־אָקופּאַציע אין כעלם האָט ליפּע הערץ געזען צו לינדערן די שלעכטע לאַגע פון די יידן, געבנדיק גרויסע סומעס געלט פאַר די דייטשישע קאָנטריבוציעס.

טראַגיש איז ער אומגעקומען און אויך זיין פרוי און קינדער. איין זון זיינער, יהושע הערץ, איז געווען א קעמפער אין א פּאַרטיזאַנער־מחנה. ער האָט זיך געראַטעוועט און געפינט זיך איצט אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע.

## אהרון וואָלפסאָן

איז געווען דער זעצער און מיטרעדאַקטער פון דער „כעלעמער שטימע". ער איז געווען איבערגעגעבן דער יידישער געזעלשאַפטלעכער ארבעט בלב ונפש.

## ד"ר דוד וואלבערגער

האָט אויך אנטייל גענומען אין אלע קולטור־געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און איז געווען זייער באַליבט אין כעלם. ער האָט געגעבן אומזיסט מעדיצינישע הילף דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג. ער האָט אויך געשאַפן אַ דראַמאַטישן און מוזיקאַלישן קרייז.

## גרשון לוסטיקער

געווען שטאַרק באַליבט ביי די כעלעמער פּאָלקמאַסן. יאָרנלאַנג געקעמפט פאַר די רעכט פון יידישן האַנטווערקער. ווען אין פּוילן איז דערשינען דער צעכנגעזעץ, וואָס איז געווען געצילט קעגן דעם יידישן בעל־מלאכה, האָט ער זיך איינגעוואָרפן מיט לייב און לעבן צו באַקעמפן דאָס דאָזיקע געזעץ, וואָס גראָבט אונטער די עקאָנאָמישע יסודות פון יידישן בעל־מלאכה.

ער איז אויך געווען רעדאַקטער פון „כעלעמער שטימע". זיינע אַרטיקלען און פעליעטאָנען זיינען געשריבן געוואָרן מיט גרויסער פאַרשטענדעניש און געווען אינהאַלטרייך.

## פישל לאַזאַר


פישל לאזאר

געווען אַ געוויסע צייט רעדאַקטער פון „כעלמער שטימע". א סך אָרט אין צייטונג האָט ער אָפּגעגעבן פאַרן ציוניזם. ער איז געווען א ציוני נלהב און אויך מיטגעאַרבעט אין פּאַלעסטינע־אַמט.

ער האָט געהאָלפן רעדאַקטירן פּראָווינץ־צייטונגען פון לובלינער געגנט.

## י. לעווענשטיין

איז געבאָרן ביי דער רייכער מיוחסדיקער משפחה לעווענשטיין המכונה „פישעלע בערעלעס". אלס יוגנטלעכער איז ער אוועק אין וואַרשע, ווו ער האָט שטודירט. ער איז דערנאָך געוואָרן אַ וויכטיקער זשורנאַליסט און קריטיקער, זיך באַטייליקט אין פיל יידישע און פּוילישע צייטונגען און זשורנאַלן.

## אברהם ציקל,

המכונה „זיידע", איז געווען אַ פעאיקער און טאַלענטירטער שוישפּילער און קולטור־טוער, אָפּגעבנדיק פיל יאָרן דער יידישער בינע אין כעלם. ער האָט א סך מיטגעהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון יידישן טעאַטער אין כעלם.

## איטשע לוקסענבורג

האָט געהאַט באַדייטנדיקע פאַרדינסטן פאַרן יידישן געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן אין כעלם, מיטווירקנדיק צו דער גרינדונג פון אַ מוזיקאַלישער גרופּע און דראַמאַטישע קרייזן.

## שמעון פריד

איז געווען באוווסט צווישן דער כעלעמער אינטעליגענץ, געווען לערער און וועגווייזער פאַר פיל יוגנטלעכע, וואָס האָבן אין די שפּעטערדיקע יאָרן פאַרנומען א בכבודיקן אָרט אין יידישן קולטורעלן לעבן פון כעלם. ער איז געשטאָרבן אין דער לעצטער מלחמה אין רוסלאַנד.


שמעון פריד, נאָך זיין אומגליק, דעם שרעקלעכן פאַרפאַל. דאָס בילד איז גענומען געוואָרן אין חין, עסטרייך, 1916.

## ד"ר לאה פריד

ד"ר לאה פריד איז געווען א באַגאַבטע און אויסערגעוויינטלעכע פעאיקע פרוי.

אין יאָר 1928 האָט זי געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט אין ווילנער אוניווערסיטעט. א לענגערע צייט האָט זי פּראַקטיצירט אין ווין. אין כעלם האָט זי דערוואָרבן זייער א גוטן נאָמען. זי האָט געגעבן אומזיסט מעדיצינישע הילף אָרעמע און ניט פאַרמעגלעכע מענטשן. זי האָט אַ געוויסע צייט געאַרבעט אין „טאָז" און אין „לינת הצדק".

חוץ איר מעדיצינישער טעטיקייט, האָט ד"ר לאה פריד א סך

צייט געשענקט פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. זי איז געווען אַקטיוו אינעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. זי האָט אויך פאַרעפנטלעכט פּאָפּולער־מעדיצינישע אַרטיקלען אין דער יידישער פּרעסע פון די פוילישע פּראָווינץ־שטעט.

אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון ד״ר לאה פריד, איז געשאַפן געוואָרן א קינדער־היים אין כעלם.

די טאָכטער פון לאה פריד, מינע, האָט ביים אויסבראָך פון דייטש־סאָוועטישן קריג זיך געפונען אין לעמבערג, ווו זי האָט שטודירט. לאה פריד האָט געבראַכט איר טאָכטער קיין כעלם.

אונטער דער היטלער־אָקופּאַציע האָט מינע פריד געהאַט אַן אַרישן דאָקומענט און אזוי אַרום געקאָנט ראַטעווען איר לעבן. אָבער בעת מען האָט איר מוטער, לאה פריד, געפירט צום טויט, האָט זי זיך געמאָלדן צו דער געסטאַפּאָ און זי איז אומגעקומען צוזאַמען מיט איר הייסגעליבטער מוטער.

## שיע קראַטקא

ער איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע און אַקטיווסטע מיטגלידער פון דער כעלעמער פּועלי־ציון פּאַרטיי (לינקע).

אין 1939 האָט ער זיך עוואַקואירט קיין ראַטנפאַרבאַנד. אין 1941 איז ער אַריינגעטראָטן פרייוויליק אין דער רויטער אַרמיי. אין 1944 איז ער אַריינגעטראָטן אין דער פּוילישער דיוויזיע און געמאַכט דעם זיגרייכן וועג ביז צום ווייכסל. ער באַזוכט כעלם.

שיע קראַטקא איז געפאַלן אין שלאַכט ביים ווייכסל, ווען די סאָוועטישע אַרמיי האָט געפירט איר אָנגריף קעגן וואַרשע. ער איז געפאַלן ווי אַ העלד אין קאַמף מיטן היטלער־פאַשיזם.

## ד״ר מ. קאַנפער

איז געקומען קיין כעלם מיט דער עסטרייכישער אַרמיי, אין 1916, אין ראַנג פון אַן עסטרייכישן אָפיציר. פון באַרוף איז ער געווען אַן אַדוואָקאַט.

אין 1918 איז ער געוואָרן דער פאַרוואַלטער פון דער יידישער פאָלקשול. שפּעטער האָט זיך ד״ר מ. קאַנפער פאַרנומען מיט אַדוואָקאַטור און מיטגעאַרבעט אין יידיש־פּוילישע צייטונגען, שרייבנדיק ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען איבער דער יידישער ליטעראַטור.

נאָכן פאַרלאָזן כעלם, האָט ער זיך באַזעצט אין זיין געבוירנשטאָט קראָקע, ווו ער האָט רעדאַקטירט אַ פויליש־יידישע צייטונג א. נ. „נאָווי דזיענניק״.

ער איז אומגעקומען דורך די דייטשן.

## מעכעלע ריבאייזן

אַן אינטערעסאַנטער טיפּ, פול מיט פּאַראַדאָקסן, איז מעכעלע ריבאייזן געווען. פון כעלם אַריינגעריסן זיך אין דער רעזידענץ־שטאָט פון פוילן — וואַרשע — און געוואָרן דער הילפס־סעקרעטאַר פונעם יידישן ליטעראַטן־פאַראיין.

מעכעלע ריבאייזן איז געבוירן אין כעלם. זיין פאָטער איז געווען אַ בלעכער און אַ גרויסער קבצן. גאָר יונג איז ער געוואָרן אַ יתום. ער האָט אין דער פריסטער יוגנט פאַרלאָזן זיין אָרעמע היים און איז אוועק אין דער גרויסער שטאָט וואַרשע, ווו ער האָט זיך געלערנט און געאַרבעט, און גענומען זיך חברן מיט יידישע שרייבער.

ווען ער איז איינמאָל, ערב פּסח, אהיימגעקומען אויף יום־טוב קיין כעלם, האָט מעכעלע אויסגעקוקט שוין א גרויס־שטאָטישער און מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ פּאָעט. זיין קיילעכדיק מיידלשער פּנים, איז געוואָרן ערנסטער, מיט לאַנגע ברייטע קודלעס האָר אויף זיין קאָפּ. ער האָט געטראָגן אַ פּלושענעם קאַפּעליוש מיט אַ ברייטן ראַנד, מיט אַ שוואַרצער פּעלערינע. מיט זיין הולך און מיט זיין פאַרענדערונג, וואָס האָט דערמאָנט אין געשטאַלטן פון באַרימטע יידישע שרייבער פון יענער צייט אין פוילן, האָט מעכעלע ארויסגערופן אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט און עס האָבן אויגן אים שטאַרק נאָכגעקוקט און אים שטיל מקנא געווען.



מעכעלע ריבאייזן

איך ווייס נישט צי מעכעלע ריבאייזן האָט פיל געשריבן. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מיר מעכעלע אמאָל געוויזן צוויי לידער זיינע, וואָס זיינען געווען אָפּגעדרוקט אין א ליטעראַרישער זאַמלונג פון „יונגע״ יידישע דיכטער אין פוילן. ריבאייזנס צוויי לידער האָבן דערציילט וועגן רעגן און וואָלקנס. זייער ליטעראַרישע ווערט האָב איך נישט געקאָנט צו יענער צייט אָפּשאַצן.

מעכעלע ריבאייזן איז אין דער ליטעראַרישער משפּחה גאָר גיך פּאָפּולער געוואָרן. יאָרנלאַנג האָט ער, מעכעלע, זיך גאָר גיך באַקענט מיט אַלע יידישע שרייבער, פון די עלטסטע לייבן־קעפּ ביז די יינגסטע אויפגייענדיקע טאַלענטן, וואָס זיינען געקומען אינעם ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע. צו יענער צייט פלעגט מען אָפט אָנטרעפן קאַריקאַטורן אין די וואַרשעווער יידישע צייטונגען, וואָס פלעגן קיבעצן מעכעלע ריבאייזנען אַלס סעקרעטאַר און קאַסיר פונעם ליטעראַטן־פאַראיין צוליב זיין צעשטרייטקייט.

ריבאייזן האָט געהאַט אַ טראַדיציע צוויי מאָל א יאָר, אויף די ימים נוראים און אויף פּסח, קומען קיין כעלם. ער האָט מיט זיין וויזיט זיין משפּחה פאַרשאַפט כבוד און גייסטיקן פאַרגעניגן.

עס זיינען, אגב, געווען פיל אין כעלם לצים, וואָס האָבן געחוזקט פון מעכעלען אַלס פּאָעט און האָבן געוויצלט זיך איבער אים, אז ער זאָל אויסטאָן זיין פּלושענעם קאַפּעלוש און פּעלערינע און אונטערשנײַדן זיין שייטל האָר, וועט ער זיין אויס פּאָעט...

אָבער מעכעלע איז זיך געגאַנגען זיין וועג. ער איז אַלעמאָל געווען פאַרחלומט און פאַרטראַכט. אין דער אָרטיקער צייטונג וואָס איז דערשינען אין כעלם, האָט ריבאייזן קיינמאָל קיין שורה נישט אָנגעשריבן און גאָרנישט אָפּגעדרוקט. אפשר, אַז ער האָט זיך געהאַלטן צו גרויס אויף שרייבן אין א פּראָווינצער בלעטל...

ס׳איז ניט באַקאַנט, אויב ריבאייזן האָט געהאַט עפּעס אָנגעשריבן אין די לעצטע יאָרן. פאַר דער לעצטער מלחמה זיינען צו מיר דערגאַנגען ידיעות, אַז ריבאייזן אַרבעט איבער א גרעסערער אַרבעט. אָבער צי זי איז דערשינען איז נישט באַקאַנט.

מעכעלע ריבאייזן איז אומגעקומען אין אָנהייב פון דער היטלער־אָקופּאַציע אין פוילן. ער איז אומגעקומען אויף די שאָסייען, וועלנדיק אַנטלויפן פון די היטלער משחיתים.

**מנשה אונגער**, ניו־יאָרק

# דער רבי ר׳ נטע

(די לעגענדע ווי אזוי ער איז נתגלה געוואָרן, און געוואָרן רבי אין כעלם פון טויזנטער חסידים)

מנשה אונגער, דער שרייבער פון דעם אַרטיקל, איז אַ באַוווסטער פאָרשער פון חסידות. ער אליין איז א זון פון א בארימטן חסידישן רבין אין גאַליציע. ער האָט ארויסגעגעבן די ספרים: „חסידות און לעבן“, „פשיסכע און קאָצק“, „חסידות אין פוילן און גאַליציע“. ער האָט אויך צוויי ספרים אויף העברעיש.

די שטאָט כעלם, וועלכע איז אזוי בארימט אין דער יידישער וועלט דערמיט, וואָס ארום איר איז געשאַפן געוואָרן אזא רייכער פאָלקלאָר, איז אויך אין דער חסידישער ליטעראַטור באַקאַנט מיט איר פאָלקס־רבין, ר׳ נטע כעלעמער, וועלכער איז געווען פאַר־רעכנט פאר אַ למד־וואָווניק און פאר אַ נסתר, וואָס האָט נישט גע־וואָלט נתגלה ווערן, ביז דער רבי ר׳ מרדכי נעשכיזער האָט אים געהייסן.

דער רבי ר׳ נתן נטע איז געווען אנדערש פון די אנדערע רביים אין זיין דור, דערמיט וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין „גע־הויבענע“ חסידים, נאָר פראָסטע יידן און פאָלק־מענטשן. ער איז געווען פון יענע פאָלק־רביים, וואָס אין זיין דור זיינען זיי שוין געווען אַ זעלטנהייט, ווייל אין יענער צייט, ווען ער האָט אָנגעהויבן זיין רביסטווע, איז שוין געווען אַ כמעט קאַנאָניזירטע חסידות. אין יענער צייט האָט שוין ניט מער א וויכטיקער תלמיד פון א רבין געקאָנט ווערן א מנהיג פון חסידים, ווי דאָס פלעגט פריער פאָרקומען — נאָר די רביסטווע איז איבערגעגאַנגען בירושה, פון טאַטן צום זון. ס׳זיינען שוין געווען רביאישע דינאַסטיעס און רביאישע הויפן. אין דעם זין איז דער רבי ר׳ נטע געווען אַן אויסנאַם, וואָס ער איז נישט געווען קיין זון פון אַ רבין, און דאָך געוואָרן א רבי פון חסידים. ער אליין אָבער האָט יאָ געלאָזט נאָך זיך א חסידישע דינאַסטיע, וואָס האָט ממשיך געווען זיין דרך אין חסידות ביז צו אונדזער דור, ווען כעלם איז חרוב געוואָרן דורך די פארשאָלטענע נאַציס, ימח שמם וזכרם, צוזאמען מיט די הונדערטער אנדערע אלטע יידישע קהילות אין פוילן.

ס׳איז נישט אקוראט באקאנט ווען דער רבי ר׳ נטע איז גע־באָרן געוואָרן. ס׳האָט באדארפט זיין מיט אן ערך איבער צוויי הונדערט יאָר צוריק. ס׳איז אָבער יאָ באקאנט ווען ער איז נפטר געוואָרן. דער רבי ר׳ נטע איז נפטר געוואָרן א׳ שבט, תקע״ב, 1812, פונקט מיט 140 יאָר צוריק.

א סך חסידישע מעשיות ווערן דערציילט וועגן דעם כעלעמער רבין ר׳ נטע, ווי אזוי ער האָט אָפטמאָל אליין נישט געוואָלט מת־פלל זיין פאר א חולה, נאָר ער האָט אים געהייסן אליין, אז ער זאָל מתפלל זיין צום בורא עולם.

דער רבי ר׳ נטע כעלעמער האָט צווישן זיינע חסידים גע־האַט א סך אַרענדאַרן און דאָרף־יידן. אָפטמאָל פלעגט דער רבי ר׳ נטע זאָגן, אז ווען אפילו א ייד טייטשט אויס א פסוק אנדערש ווי דער פשט איז, און אויב ער האָט נאָר דערביי ערלעכע כוונות, קאָן ער מער העלפן ווי די תפילות פון א רבין.

און אָט וואָס די חסידים דערציילן וועגן רבין ר׳ נטע, ווי אזוי ער איז געוואָרן אַ רבי, און ווי אזוי אַ דאָרף־ייד האָט געהאָלפן יידן צוליב זיין שלעכטן טייטש פון א פסוק.



דער רבי ר׳ נטע — דערציילט די חסידישע לעגענדע — איז אין די יונגע יאָרן געווען א מלמד ביי אן ארענדאַר אין א דאָרף נעבן וולאָדאַווקע. ער האָט דאָרטן געקנעלט עברי מיט צוויי יינגלעך פון דעם ארענדאַר, וואָס האָט געהאלטן א שענק און גע־ווען אן אויפזעער אינעם פריצס וואַלד.

ר׳ נטע מלמד האָט א גאנצן טאָג געלערנט מיט די יינגלעך אין א שטיבל, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט דער שענק, און ביי־נאַכט, ווען דאָס גאַנצע הויזגעזינד איז שוין געווען איינגעשלאָפן, האָט ער געדארפט ארויסגיין אין וואַלד אריין — האלטן שמירה, אז די פויערים זאָלן ניט גנבענען קיין האָלץ פון וואלד.

ווען די פויערים פון דאָרף האָבן זיך דערוווסט, וואָס פאר א נייעם וועכטער זיי האָבן באקומען, האָבן זיי זיך שטאַרק צעלאַכט און האָבן געזאָגט: „מיט אזא זשידלאַק וועלן מיר זיך שוין אן עצה געבן“.

די פויערים זיינען טאַקע באלד די ערשטע נאַכט, ווען דער מלמד האָט אָנגעהויבן האַלטן שמירה, געקומען אין וואַלד אריין מיט זייערע וועגענער און העק און זיך גלייך געוואָלט נעמען צו האַקן ביימער אין וואַלד. פאר מער זיכערקייט וועגן האָבן זיי זיך איבערגעשריגן פון איין עק וואַלד צום צווייטן עק, צו הערן צי דער זשידלאַק נטע איז וואַך, אָבער קיין ענטפער איז פון ר׳ נטען נישט געקומען. זיינען זיי שוין געווען זיכער, אז דער וואלד־שומר, ר׳ נטע, איז ערגעצוו געשמאַק איינגעשלאָפן, און זיי האָבן זיך תיכף גענומען צו דער מלאכה...

ווי נאָר אָבער זיי האָבן אָנגעהויבן צו האַקן אַ בוים, האָבן זיי פלוצלינג דערהערט אַ יאָמערלעך געוויין, דערציילט די חסי־דישע לעגענדע, וואָס האָט זיך צעטראָגן איבערן גאנצן וואַלד. פון אָנהויב האָבן זיי געמיינט, אז דאָס וואָיען אזוי די וואַלד־חיות ביינאַכט, וואָס מער אָבער זיי האָבן געהאַקט דעם בוים, אלץ שטאַרקער און שטאַרקער האָט זיך געהערט דאָס געוויין, ווי ס׳וואָלט ארויסגעקומען פונעם בוים גופא. דאָס דאָזיקע יאָמער־לעכע געוויין האָט ווייכער געמאַכט די הערצער פון די פויערים און זיי האָבן שוין באין אופן נישט געקאָנט מער איינשטיין אויף איין אָרט, און איינער פון זיי האָט זיך אָנגערופן, אז מען מוז זען צו דערגיין פון וואַנעט דאָס געוויין קומט.

האָבן די פויערים אויפגעהערט צו האַקן דעם בוים און האָבן זיך געלאָזט גיין נאָכן קול פונעם געוויין. אָבער אין וועלכער זייט זיי זיינען נישט געגאַנגען, האָט זיך זיי אויסגעדאַכט, אז דאָס קול קומט פון אן אנדער זייט, און דערצו נאָך וואָס אַמאָל אלץ העכער און שטאַרקער. איז די זאַך שוין געוואָרן זייער טשיקאַווע און זיי האָבן זיך צעטיילט אין א פאָר גרופּקעס און זיך ארויסגעלאָזט אין אלע פיר זייטן פון וואלד.

האָט זיך אָבער יעדער גרופּע באזונדער אויסגעדאַכט, אז דאָס געוויין קומט פון אן אנדער זייט... און אין וואלד ווערט וואָס אמאָל אלץ פינצטערער און פינצטערער, און דער יאָמער טראָגט זיך פון אלע זייטן, ווי הונגעריקע וועלף וואָלטן אָנגעפילט דעם וואלד, נייך, ווי הונדערטער מענטשן וואָלטן געיאָמערט אויף

א גרויסן חורבן... און פּלוצלינג, אזוי טאַפּטשענדיק אין דער שטאָק־פינצטערניש פון וואַלד, דערזעען זיי פון דער ווייטנס אַ קליין פייערל ארויסבלישטשען פון צווישן דיביימער. יעדע גרופּע באַזונדער האָט זיך געלאָזט גיין צו דעם פּונקט פון וואַנעט דאָס פייערל האָט ארויסגעשיינט, און זיי גייען אזוי און גייען און וואָס ווייטער זיי פארקריכן אין וואַלד, אלץ ווייטער און ווייטער רוקט זיך פון זיי דאָס פייערל אָפּ, און אַלץ נענטער דערגייט צו זיי דאָס געוויין. אָט אזוי האָבן זיי ארומגעבלאָנדזשעט אין וואלד א גאנצע נאַכט, און ערשט פארטאָג זיינען זיי צוגעקומען צו אן אָרט, ווו ס'איז געווען א הייל, און זיי האָבן דערזען א העלע שיין ארויסלויכטן פון דער הייל און פון אינעווייניק, פון דער טיפער טיפעניש קומט ארויס דאָס געוויין, וואָס צערייסט זייערע הערצער אויף שטיקער פאר ווייטאָג און צער.

איינער פון די פויערים קאָרטשעט זיך איין אין דרייען און לאָזט זיך ארונטער אין דער פארלאָזטער הייל, און וואָס האָט ער דערזען? דער זשידלאַק נטע ליגט אויף דער ערד און מורמלט עפּעס א תפילה. אויפן קאָפּ איז אים אָנגעשאָטן אַש און פון זיינע אויגן גיסן זיך טרערן, און ניט בלויז האָבן די אויגן געוויינט, זיין גאַנצער גוף האָט מיטגעוויינט — יעדער אבר באזונדער, און מיט אים, האָט זיך אויסגעדאַכט, האָבן מיטגעוויינט אלע ביימער אין וואַלד... און ארום אים האָט געלויכטן א העל פייער, א הערלעכע שיין, וואָס האָט זיך געשלענגלט ווי אַ לויכטנדיקע זייל, אין הימל ארייַן...

ווען דער פויער איז ארויסגעקומען פון דער הייל און זיי דערציילט וואָס ער האָט געזען, זיינען די פויערים שוין געבליבן אזוי שטיין פארגאַפט און זיך צוגעהערט צו דער פרעמדער תפילה פונעם „יידל" נטע, צו זיין אָפּריכטן חצות, און זיי האָבן שוין אינגאנצן געהאַט פארגעסן נאָך וואָס, אייגנטלעך, זיי האָבן זיך אזוי שפּעט ביינאַכט ארויסגעלאָזט אין וואַלד אריין... און די פויערים זיינען אזוי געשטאַנען פאר דער הייל און האָבן מיטגעוויינט מיט ר' נטען אויף גלות השכינה, ביז זיי האָבן פּלוצלינג דערזען, אז ס'איז טאָג געוואָרן און זיי האָבן זיך דערמאָנט, אז זיי דאַרפן שוין באלד צוריקגיין אין דאָרף אריין ארבעטן ביים פּריץ אין גוט.

און ווען ס'איז שוין גוט טאָג געוואָרן און די פויערים האָבן געוואָלט אריינגיין אינעווייניק אין דער הייל אריין, האָבן זיי דערזען, אז ר' נטע ליגט אויסגעצויגן אויף דער הוילער ערד און שלאָפט און נעבן אים ליגט די פארזשאַווערטע ביקס... האָבן די פויערים אים איבערגעלאָזט א שלאָפנדיקן און זיינען שנעל צוריקגעפאָרן אין גוט אריין און האָבן נישט געקאָנט זיך אָפּחידושן פון די וווּנדערס, וואָס זיי האָבן ביינאַכט געזען אין וואַלד.

און אזוי איז פארגאנגען א היבשע צייט. די פויערים האָבן מער נישט געקאָנט גנבענען קיין האָלץ אין וואַלד. דאָס געוויין פון ר' נטע האָט זיי נישט געלאָזט. ר' נטע אליין, וואָס האָט אַ גאַנצן טאָג געהאָרעוועט מיטן אַרענדאַרס צוויי קינדער, האָט זיך דערוווּסט פון די שיכורע פויערים, פאַרוואָס ס'קומען נישט פאָר קיין גנבות אין וואלד, ווי אזוי ער, ר' נטע, פארפירט די פויערים מיט זיין הארציק געוויין אין דער הייל אריין, פון וואנעט ס'שיינט ארויס א פייערל און וויאזוי ער „מאָדליעט" זיך דאָרטן מיט אזוינע בכיות און יללות, אז א שטיין קאָן גערירט ווערן...

האָט די אַרענדאַרקע אָנגעהויבן נאָכצוקוקן די דרכים פון ר' נטע'ן, ביז זי האָט טאַקע איינמאָל דערזען פרייטאָג צונאַכט, ווען ר' נטע איז אין וואַלד ניט ארויסגעגאַנגען, אז עפּעס א ליכטיקע שיין לייכט ארויס פון אַלקערל, ווו ר' נטע איז געשלאָפן און ס'הערט זיך ארויס א ווונדערלעך געזאַנג, א געזאַנג, וואָס קייז מענטשלעכע שטימע קאָן אזוי שיין נישט זינגען, נאָר עפּעס אַ מין געזאַנג פון מלאכים...

און כאָטש די צוויי יינגלעך פון אַרענדאַר האָבן נאָך קיין „קמץ־אלף" נישט געהאַט אויסגעלערנט, האָט די אַרענדאַרקע נישט געלאָזט אָפּזאָגן דעם מלמד ר' נטע פון זיין שטעלע. זי האָט איר מאַן, דעם אַרענדאַר, דערציילט, וואָס די פויערים אין דאָרף ריידן וועגן זייער מלמד, און וואָס זי אליין האָט איינמאָל פרייטאָג צונאכט געזען.

איז ארויס א שם אין דער גאנצער געגנט, אז ר' נטע איז א צדיק. האָט זיך ר' נטע אליין דערוווּסט, וואָס מ'רעדט וועגן אים אין דאָרף, איז ער אוועק צום רבין, ר' מרדכי נעשכיזער, און ער האָט אים דערציילט, וואָס אין דאָרף איז געשען, אז מ'האָט זיך שוין דערוווּסט פון זיינע מעשים און ער וויל דערפאר אנטלויפן פון דאָרט. דער נעשכיזער רבי אָבער האָט אים געהייסן פארבלייבן ביים אַרענדאַר און ווייטער זיך פירן אזוי ווי ער האָט ביז איצט זיך געפירט, ווייל זיין גורל איז מן השמים באַשטימט געוואָרן, ער זאָל ווערן א מנהיג און א מליץ־טוב פאר יידן, ווען די צייט וועט ראוי זיין דערצו.

איז ר' נטע ווייטער פארבליבן א מלמד ביים אַרענדאַר, און האָט בייטאָג געלערנט מיט די יינגלעך און ביינאַכט איז ער געזעסן על התורה ועל העבודה אין דער פארלאָזטער הייל אין וואַלד, האָט אָפּגעריכט חצות און געטאָן תפילה...

ביז מ'האָט פון זיין צדקות זיך דערוווּסט אויך אין וולאָדאַווקע און דערנאָך אין כעלם און ער איז געוואָרן א רבי פון טויזנטער חסידים.

איינמאָל, דערציילט ווייטער די חסידישע לעגענדע, האָט דער אַרענדאַר באשלאָסן צו פאָרן אויף יום־כפור צום רבין, ר' נטע, קיין כעלם.

גאנץ יום כפור האָט דער רבי אליין געדאַוונט פארן עמוד און האָט זיך ניט געלאָזט דערקענען צום אַרענדאַר. די בכיות און געוויינען פונעם רבין ר' נטע איז געווען אין לשער. אלע חסידים האָבן ניט געקאָנט פארשטיין, וואָס דער רבי וויינט היייאָר מער ווי אלע יאָר, און זיי האָבן שוין מורא געהאַט, אז מסתמא זעט דער רבי א שווערע גזירה אין הימל, וואָס ער דאַרף מבטל זיין.

און ווען ס'איז געקומען ביי „נעילה" צו דער תפילה: „אב ידעך מנוער" (אונדזער פאָטער אברהם האָט דיך, גאָט, דערקענט פון זיין יוגנט אָן), האָט דער רבי זיך שטאַרק צעוויינט, אז עס האָט זייער שטאַרק גערירט דעם פּראָסטן אַרענדאַר, וואָס איז גאַנץ יום־כפור געשטאַנען פאַרחושט און האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דער רבי מיט די חסידים וויינען אזוי שטאַרק, און ער האָט אויך גענומען וויינען מיט ביטערע טרערן. אָבער, פּלוצלינג, האָט זיך דעם רבינס פּנים צעשטראַלט, און ער האָט אָנגעהייבן צו זינגען און טאַנצן פאר שמחה און האָט שוין דאָס דאווענען נעילה פארענדיקט מיט גרויס חדוה און פריילעכקייט.

זיינען די חסידים געשטאַנען פארחידושט און האָבן נישט געוווּסט, וואָס ס'איז געשען.

מוצאי יום־כפור ביינאַכט, ווען דער רבי האָט געפּראַוועט די סעודה מיט די חסידים האָט ער צוגערופן צום טיש דעם אַרענדאַר און אים געפרעגט פארוואָס ער האָט זיך היינט פאַרנאַכט אזוי שטאַרק צעוויינט ביי דער תפילה: „אב ידעך מנוער".

„כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת — האָט דער אַרענדאַר אָנגעהויבן ריידן אויף זיין דאָרפישן שטייגער — איך האָב פון אייך

אַמאָל געהאַלטן, אָבער אז כ׳האָב געזען ווי אזוי איר באַציט זיך צו מיר, ווי אזוי איר האָט מיך אינגאנצן פארגעסן, האָט עס מיך פארבויגן ביים הארצן און כ׳האָב זיך צעוויינט. בפרט ביי דער תפילה „אב ידעך מנוער״, איז מיר איינגעפאלן: פארוואָס דארף מען מזכיר זיין די אבות כסדר ביי די תפילות? נאָר דער תירוץ איז, אז תמיד ווען מ׳איז מזכיר די אבות ביים יום־כפורדיקן דאוונען, קומט צוגיין דער שטן און זאָגט: א קונץ, אז די אבות האָבן געהאַלטן פון גאָט ווען ער האָט באוויזן אזויפיל נסים? יעדער איינער וואָלט דאָך דעמאָלט געווען געגלויבט אין גאָט. קומט מען צוגיין צו נעילה און מ׳הייבט אָן זאָגן די תפילה „אב ידעך מנוער״, דער טאַטע אברהם האָט דיך דערקענט ווען דו, גאָט, ביסט נאָך יונג געווען און דערפאר דארף גאָט העלפן, האָב איך מיך צעוויינט ווען כ׳האָב זיך דערמאָנט, אז אויך איך האָב אייך, רבי, דערקענט, ווען איר זייט נאָך יונג געווען און געקנעלט מיט מיינע קינדער און קיינער האָט פון אייך נישט געוווסט, און איצט האָט איר אין מיר אינגאַנצן פארגעסן...״

האָט דער רבי ר׳ נטע דערנאָך דערציילט די חסידים, אז אין הימל איז היינט א גרויסע גזירה געווען אָנגעשריבן אויף יידן, און ער האָט געוווסט, אז ער אליין וועט די גזירה נישט קאָנען מבטל זיין. אָבער מיט דער הילף פונעם דאָרף־ייד, וואָס הגם ער האָט שלעכט אויסגעטייטשט דעם פסוק „אב ידעך מנוער״, נאָר מיט א ריינער כוונה, איז די גזירה בטל געוואָרן, און דערפאר האָט דער רבי שוין דערנאָך פארענדיקט דאָס דאוונען נעילה מיט שמחה.

און דער רבי האָט ארויסגענומען א זעקעלע געלט און עס אוועקגעגעבן דעם אַרענדאַר און געזאָגט: דאָ האָסטו א קליינעם אָפצאָל פאר די חסדים וואָס האָסט מיט מיר געטאָן, ווען איך בין ביי דיר אין דאָרף געווען, און דערמיט וועסטו קאָנען באַצאָלן די ערשטע ראַטע דעם פריץ, און זיי וויסן, אז דו האָסט געראַטעוועט אלע יידן היי־יאָר פון א שווערער גזירה בלויז מיט דיין טייטש פונעם פסוך „אב ידעך מנוער״, און האָסט דערמיט אָנגעמאַכט א רעש אין הימל, מער ווי אלע תפילות פון אלע צדיקי הדור.

---

**א. י. קאַרנבליט, אמעריקע**

# באַרימטע רבּיים און רבּנים

אין די לעצטע עטלעכע יאָר פאר דעם גרויסן חורבן איז כעלם געווען א גרויסער צענטער פון תורה. עס האָבן עקסיסטירט עטלעכע ישיבות און רעליגיעזע חנוך־אנשטאַלטן. דריי יאָר פאַרן קריג, אין 1936, האָט זיך געגרינדעט די ליובאַוויטשער ישיבה און אין א יאָר שפּעטער — די ראדזינער ישיבה. גיך איז אויסגעוואקסן די ליובאַוויטשער ישיבה, ווערנדיק איינע פון די שענסטע ישיבות אין געגנט, אויך די ראדזינער ישיבה איז געוואָרן אן אָנגעזעענער מקום תורה.

עס זיינען געווען עטלעכע און פערציק בתי־מדרשים, ווו מ׳איז געזעסן און געלערנט יומם ולילה תורה. יעדער פון אונדז געדענקט די משמור־נעכט אין בעלזער, קאָצקער, ראדזינער און גערער שטיבלעך. ווען מען איז אריינגעקומען צום קוזמירער רבין, צו ר׳ פינחסלען און צום ריישער רבין, זייט איר מיטגעריסן געוואָרן מיט דער קדושה פון תורה און חסידות, פאַרגעסנדיק די גאנצע וואָכעדיקע וועלט.

פרייטאָג צונאַכט האָבן די שבתדיקע זמירות אָפגעקלונגען פון יעדן יידיש הויז, די שבת־ליכט האָבן זארויסגעפינקלט און די קדושה האָט געשוועבט אין איטלעך ווינקל.

שבת אין דער פרי זיינען די גאַסן געווען פול מיט מתפללים, וואָס זיינען געגאַנגען אָדער צוריקגעקערט פון דאוונען. שבת בייטאָג זיינען די גאסן געווען פול מיט שפּאצירנדיקע יידן. די לובלינער גאַס איז געווען איבערפולט מיט שבתדיקע יידן.

יידן האָבן דערצויגן זייערע קינדער אין תורה. כעלם האָט זיך געקאָנט שעמען לגבי אנדערע שטעט.

די אגודת ישראל האָט געגרינדעט די בית יעקב שול, אין וועלכער ס׳האָבן זיך געלערנט א סך תלמידים. די עלטערן פלעגן שיקן זייערע קינדער לערנען אויך אין אנדערע שטעט. תלמידים פון כעלם האָבן זיך געלערנט אין דער ליובאוויטשער ישיבה אין אָטוואָצק, אין די ישיבות און רעליגיעזע חנוך־אנשטאַלטן פון קלעצק, ראדזין, לודמיר, בריסק, באראנאָוויטש א.א.

די „אגודת ישראל״ האָט געהאַט א גרויסע יוגנט־אָרגאַניזאַציע א.נ. „צעירי אגודת ישראל״. דער פאָרזיצער פון „אגודת ישראל״ איז געווען הערש גראָדזשיצקי און העשל פאַש. די השפּעה פון „אגודת ישראל״ אויף דעם יידישן קהלשן לעבן האָט זיך שטאַרק אָנגעזען.

ס׳איז אויך געווען אין כעלם אַן אָרגאַניזאַציע פון „מזרחי״. איר פאָרזיצער איז געווען ר׳ נתן מאנדעל. ביי דער אָרגאַניזאַציע פון „מזרחי״ איז אויך געווען א יוגנט א.נ. „צעירי מזרחי״ און ס׳איז אויך געווען דער „הפּועל המזרחי״.

* * *

כעלם האָט געהאַט באַרימטע רביים און רבנים, וואָס האָבן א סך משפיע געווען לטובת חזוק האמונה. כ׳וועל, אויף וויפיל מיין זכרון דינט מיר, דערמאָנען די פאָלגענדיקע רביים און רבנים:

## דער קוזמירער רבי ר׳ נחומ׳טשע טווערסקי הי״ד

דער קוזמירער רבי, ר׳ נחומ׳טשע, איז געווען א זון פון ר׳ משה לייבעלען און אן אייניקל פון ר׳ נחומ׳טשען, וואָס איז געווען א זון פון טריסקער מגיד. ער האָט איבערגענומען די פירערשאַפט פון די קוזמירער חסידים נאָך דער פּטירה פון זיין פאָטער. עטלעכע טויזנט זיינען געווען די קוזמירער חסידים. מיינסטן, האָבן זיי געוווינט אין דער קיעלצער געגנט און ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָט דער רבי זיך געפונען אויף א באַזוך ביי זיינע חסידים אין פּינטשעוו, ווו ער איז, ווארשיינלעך, אומגעקומען על קידוש השם, צוזאַמען מיט אלע דאָרטיקע יידן. דער רבי האָט אויך געהאַט צוויי שוואָגערס: איינער איז געווען א זון פון דעם אלטן קאמארנער רבין, וועמען ס׳איז געלונגען אין דער צייט פון דער מלחמה אריבערצוגיין אויף דער סאָוועטישער זייט, אַנ־

קומענדיק אין זיין היים־שטעטל קאמארנע, נעבן לעמבערג, און איז דאָרטן אומגעקומען, ווען די דייטשן האָבן אָנגעפאַנגען זייער אינוואַזיע אויף סאָוועט־רוסלאַנד. דער צווייטער שוואָגער פון רבין איז געווען פישל לאַזאַר, לאַנגיאָריקער רעדאַקטער פון דער „כעלעמער שטימע". לעצטנס האָט פישל לאַזאַר געוווינט אין וואַרשע, ווו ער איז געווען אַן אינסטרוקטאָר פון קרן היסוד. ער איז אומגעקומען אין די ערשטע טעג, ווען דייטשישע עראָפּלאַנען האָבן באָמבארדירט וואַרשע.

## דער רייוויצער רבי, ר' יהושע אברהם אלתר סאָכאַטשעווסקי, הי"ד

דער רייוויצער רבי איז געווען זייער באַליבט אין שטאָט. זיין הויז איז געווען א בית וועד לחכמים, יומם ולילה פלעגט דער רבי און זיינע זין זיצן על התורה ועל העבודה, פארלאנגענדיק אויך די זעלביקע התנהגות פון זיינע חסידים און פאַרערער. דער רבי צוזאמען מיט זיינע קינדער און איידעם, הרב ר' גרשון העניך ליינער, זיינען אומגעקומען דורך די נאַציסטע מערדער אויף א שוידערלעכן אופן.

## הרה"צ ר' פנחס'יל לערער, זצ"ל

דער רבי ר' פנחס'ל האָט געצויגן זיין יחוס פון רבין, ר' טודרוס'ל, און פון רבין ר' נטע'לע פון כעלם. ער איז נפטר געוואָרן איין יאָר פאַר דער מלחמה, בעת ער האָט געוויילט אין דעם דערביאַיקן שטעטל סעלץ. ר' פנחס'ל האָט געהאַט זייער ווייניק חסידים, און די אָרעמקייט ביי אים אין שטוב האָט זיך ממש אָנגעזעצן אויף די ווענט. ער פלעגט אָפט פאָרן צום גערער רבין זצ"ל. געווען א הארציקער און גוטער ייד.

## הרב ר' ישראל נייהויז הי"ד

הרב ר' ישראל נייהויז איז געווען אַ זון פון הרב ר' מאיר'ס נייהויז זצ"ל, וואָס איז געווען דער טאָמאַשאָווער רבי, דער לעצטער אב"ד פון כעלם. הרב ר' ישראל נייהויז איז געווען א שוואָגער פון דעם באיאַנער רבי'ן פון לעמבערג און האָט איבערגענומען די פירערשאַפט פון די טאָמאַשאָווער חסידים. ביז די לעצטע טעג פון דער מלחמה האָט ער געוואָלט באקומען די רבנישע שטעלע נאָך זיין פאָטער, אָבער קעגנערישע חסידים האָבן דערצו ניט דערלאָזן. בעת דער היטלער־אָקופּאַציע אין כעלם, איז הרב ישראל נייהויז אָפט געפייניקט געוואָרן פון די נאַציס אלס דער „ראַבין" פון שטאָט. ער איז אומגעקומען ביי שטאַרק־טראַגישע באדינגונגען.

## הרב ר' גדליה ליינער הי"ד

ר' גדליה איז געווען א זון פון רבין, ר' העשיל, זצ"ל, וועלכער איז געווען אַ ברודער פונעם ראַדזינער רבי'ן, ר' גרשון העניך, זצ"ל, און געווען באַוווסט אַלס דער מחבר פון ספר „דער ארחות חיים", ר' העשיל איז געווען א זון פון ראדזינער רבי'ן, וועמען מ'האָט גערופן דער „בית־יעקב", און איז געווען זייער באַליבט מיט זיין ערלעכקייט און צדקות. ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אלע קדושים פון כעלם. געבליבן איז צו אונדזער אלעמענס שטאָלץ, זיין ברודער, דער היינטיקער ראדזינער רבי, הרה"צ ר' ירוחם ליינער, שליט"א, וועלכער האָט געוווינט אין דער צייט פון דער מלחמה אין לאָנדאָן, ענגלאַנד, און געפינט זיך היינט אין די פאראייניקטע שטאַטן.

## הרב ר' משה הכהן אדמשק ראב"ד פון כעלם
## (דער קריליוער רב)

הרב ר' משה הכהן אדמשק, דער קריליוער רב, האָט פאַרנומען דעם אַמט פון רב"ד פון כעלם עטלעכע צענדלינג יאָר און איז געווען א רועה נאמן צו זיין עדה. זייענדיק ווייט פון פניות, האָט ער ניט אָפּגענויגט אויף קוצו של יוד פון דעם שולחן ערוך, און איז געווען דער עלטסטער רב אין שטאָט. ער איז געווען באַוווסט אין דער גאַנצער רבנישער וועלט אלס גרויסער למדן און ערלעכער ייד. זיין זון האָט ארויסגעגעבן דעם באַוווסטן ספר „גן רוה", א פירוש אויף „פרי מגדים" אויף יורה דעה. אין דעם ספר געפינט זיך אַן אינטערעסאַנטע הקדמה פון זיין פאָטער, דער קריליוער רב — הרב ר' משה הכהן אדמשק זצ"ל.

דער קריליוער רב איז נפטר געוואָרן אין דעם ערשטן יאָר פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, און נאָך לאַנגע באַמיאונגען האָט די נאַצישע מאַכט דערלויבט אים ברענגען צו קבר ישראל.

## הרב ר' יהודא הכהן מענדעלסאָן הי"ד

הרב מענדעלסאָן איז געווען איינער פון די שענסטע קוזמירער חסידים, א ייד א למדן און גרויסער תלמיד־חכם. די קוזמירער חסידים האָבן זיך באַמיט, אז ער זאָל אויפגענומען ווערן אלס מיטגליד פון כעלעמער ראַבינאַט, ס'זיינען אָבער געווען קעגנער. ניט קוקנדיק דערויף, האָט ער דערפילט די רבנישע פונקציעס אויף א פריוואַטן אופן. ער פלעגט האָבן דין תורות, און מען איז געקומען צו אים פרעגן שאלות. ער איז אומגעקומען צוזאמען מיט דער גאנצער כעלעמער עדה על קידוש השם והאומה.

* * *

כעלעמער ייד! ווו דו זאָלסט זיך ניט געפינען, ווו דער גורל פון דער השגחה האָט דיך ניט פאַרוואָרפן, געדענק, וואָס דער דייטשישער עמלק האָט צו דיר געטאָן.

יזכור, געדענקט דעם שיינעם בליענדן כעלעמער יידישן ישוב, וועלכער איז אומגעקומען אזוי גרויזאַם.

הגם אונדזער וויי־געשריי איז זייער גרויס און ס'איז שווער צו געפינען א טרייסט, דאָך מוזן מיר האָבן בטחון אין דער אייביקייט פון אונדזער אומה, בטחון, אז נצח ישראל לא ישקר!

מיר וועלן אָבער קיינמאָל ניט פארגעסן אונדזערע טאַטעס, מאַמעס, ברידער און שוועסטער, פריינד און באַקאַנטע, שכנים און סתם יידן פון דער כעלעמער קהילה, וועלכע זיינען צוזאמען מיט די איבעריקע מיליאָנען פון אונדזער פאָלק, פארברענט און אויסגעשאָכטן געוואָרן, מיר וועלן אייביק טרויערן אויף אונדזער גרויסן חורבן.

זאָלן אונדזערע ליידן און געפילן אין הארצן צוזאמען מיט דעם יזכור־בוך בלייבן אַן אייביקער אָנדענק נאָך אייך, יידישע קדושים און טהורים, צו וועמען מיר שווערן קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

ר. ריכטשרייבער, אויסטראַליע

# שלמה סאַמעט ז״ל



ש. סאַמעט

כמעט יעדערער אין כעלם האָט געקענט דעם אינטעליגענטן געזעלשאַפטלעכן טוער שלמה סאַמעט, וואָס פלעגט אָפט שפּאַצירן אויף דער לובלינער גאַס מיט לאַנגזאַמע טריט, דערביי צוקלאַפּנדיק מיטן שטעקן אויף וועלכן ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט, נאָכשלעפּנדיק זיין גומענעם פוס.

שלמה סאַמעט איז געבוירן ביי רייכע בעל־הבתישע און חסידישע עלטערן. אלס איינציקער זון ווערט ער אויפגעבראַכט אין גרויסן לוקסוס און וווילטאָג. זיין פאָטער דער חסיד, מאָטיע סאַמעט, אַ גרויסער האָלץ־סוחר, האָט געזאָרגט פאר זיין בן־יחיד׳ס דערציאונג, אז זי זאָל זיין אַ רעליגיעזע, געלערנט זיין זון יידישקייט און תורה, אָבער פאר זיין זון שלמה איז עס ניט געווען גענוג, ער האָט אויך געהאַט א גרויסן באַגער לערנען וועלטלעכע למודים. צוליב דעם דאָזיקן באגער זיינען אנטשטאַנען סכסוכים צווישן פאָטער און זון. שלמה, וועלכער איז ניט געווינט געווען, אז מען זאָל אים אָפּזאָגן, אים נישט נאָכגעבן, האָט נישט געקאָנט פארטראָגן די עוולה, איז ער א דערצאָרנטער אוועק הינטערן שטאָט און זיך געוואָרפן אונטער אַ לויפנדיקער באַן, וואָס האָט אים אָפּגעשניטן דעם פוס. שלמה איז געוואָרן א קאליקע אויף זיין גאנץ לעבן.

אין 1929 האָט שלמה חתונה געהאַט מיט מיין שוועסטער. וועגן זיין טראַגעדיע האָבן מיר קיינמאָל ניט גערעדט, בכדי ניט אויפוועקן די ווונד זיינע. מיט זיין פאָטער האָט שלמה ניט געלעבט גוט, נאָך זיין מוטערס טויט פארבלייבט ביי אים אַן אויסערגעוויינטלעכער פּיעטעט פאַר איר, אָבער ער איז פאַרבליבן א גרויסער שונא צו זיין פאָטער.

די דאָזיקע טראַגעדיע ווירקט שלעכט אויף שלמה סאַמעטס אויסערלעכן אויסזען, ער איז כסדר ארומגעגאַנגען א פאַרביטערטער מיט אַ פאַרביסענעם פּנים, אָבער שלמה איז בנאַטור קיין שלעכטער ניט געווען, זיין הויז איז געווען אָפן פאר אָרעם און רייך. די כעלעמער אינטעליגענץ האָט איר דאָרט תמיד געטראָפן, מען איז צו אים געקומען, ווי צו א גוטן יידן, ווי צו א רבין נאָך עצות און אָנווייזונגען. ער איז געווען באַקענט מיט אלע געזעצן פון לאנד און געקאָנט געבן אַן עצה, אמאָל בעסער פון אַן אדוואָקאַט, איז מען דעריבער צו אים געקומען וועגן פארשיידענע אָנגעלעגנהייטן.

שלמה סאַמעט איז געווען באַוווסט אין שטאָט אַלס גרויסער געלערנטער, ער האָט געקאָנט אונדזערע נאַציאָנאַלע שפּראַכן און אויך פרעמדע לשונות. לאַטיין האָט ער פּערפעקט באַזיצט, ער האָט געשמט פאר איינעם פון די גרעסטע אינטעלעקטואַלן אין שטאָט.

ער איז געווען אַ גרויסער ציוניסט און אָנהענגער פון יצחק גרינבוימען, ער האָט געאַרבעט אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. א געוויסע צייט איז ער געווען מיטגליד אין ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט אין ווארשע. ער איז אויך געווען פארטראָטן אין צענטראַלן ציוניסטישן קאָמיטעט פון בערלין, וואָס ער איז פון דאָרט דעלעגירט געוואָרן צו דער דערעפענונג פונעם העברעאישן אוניווערסיטעט אין ירושלים. שלמה סאַמעט האָט דאַן פארבראַכט א יאָר צייט אין ארץ ישראל און ווען ער איז געקומען צוריק, האָט ער ווידער גענומען אַקטיוו ארבעטן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין כעלם, אָפּט געהאַלטן רעפּעראַטן און געפירט אַן אויפקלערונג־ארבעט צווישן דער יידישער יוגנט אין כעלם, באַטייליקנדיק זיך אין אלע וואַל־קאַמפּיינען. ער האָט אויך אָנגעפירט מיט דער אָפּטיילונג פון פּאַלעסטינעאַמט אין כעלם, אלע וועלכע זיינען געפאָרן קיין ארץ ישראל, זיינען זייערע פּאַפּירן באשטעטיקט געוואָרן דורך ה׳ סאַמעט.

איינמאָל, צוליב פארשיידענע רייבונגען מיט חברים, האָט שלמה סאַמעט זיך צוריקגעצויגן פון זיין אקטיווער ארבעט פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי, ער האָט אָבער אָנגעהאַלטן זיין לאַנגיאָריקן קאָנטאַקט מיטן יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע. ער האָט אָפט קאָרעספּאָנדירט זיך מיט משה לערער, וואָס איז געווען סעקרעטאר פונעם „ייוואָ“ אין ווילנע.

שלמה סאַמעט האָט אויך פיל אונטערגעזינדיקט מיט דער פען. ער האָט געשריבן אין אויסלענדישע צייטונגען, פון צייט־צו־צייט זיך אויך באטייליקט אין דער „כעלעמער שטימע“.

ער איז אויך געווען א שטענדיקער מיטארבעטער אין דער „הצפירה“. אין הויז האָט ש. סאַמעט פאַרמעגט אַ ווערטפולע אוצר־ביבליאָטעק פון אלטע און נייעסטע ווערק און ספרים.

אין די לעצטע יאָרן האָט זיך סאַמעט פארנומען מיטן ארויסגעבן אַ זאַמלבוך פונעם יידישן פאָלקלאָר. דאָס בוך האָט ער צוזאמענגעשטעלט אין 2 טיילן. כדי צו קריגן פינאנצן אויף דעם, האָט ער זיינע דירות פארדונגען און דאָס האָט אים געהאָלפן צו מאַכן די מאַטריצן און ארויסצוגעבן דעם ערשטן באנד פון זיין געזאמלטן פאָלקלאָר. דער צווייטער טייל האָט שוין אָבער ניט זוכה געווען צו דערשיינען. די היטלער־מאַכט האָט פארשניטן דאָס לעבן פון שלמה סאַמעט, דעם ענערגישן אינטעלעקטואלן מענטשן. שלמה סאַמעט איז אומגעקומען אלס קדוש צוגלייך מיט אלע אנדערע כעלעמער קדושים אין דער היטלעריסטישער אויסראָטונג־אקציע פונעם כעלעמער יידישן ישוב אין 1942.



אַ בילד פון כעלעמער קולטור־טוער אין יאָר 1912. ערשטע ריי, זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס : — אברהמ׳ל אָרענשטיין, יוסף מילנער ; צווייטע ריי, שטייענדיק : — מאַנדעלבוים, יאָסל בעקער און חיים זעמעלמאַן.

קאַרל (יחיאל) וואַסערמאַן, ניו־יאָרק

# דאָס קעמפערישע מיידל פון כעלם, חוה שאַפּראַן

די כעלעמער לאַנדסלייט אין אמעריקע האָבן דעם 23־טן נאָוועמבער, 1944, זיך דערוווסט די טרויעריקע נייעס, אז חוה שאַפּראַן, זייער לאַנדסמיידל, איז דערהרגעט געוואָרן פון אַ טראַמוויי אין לאָס־אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע. איר פּלוצלינגדיקער טויט האָט ארויסגערופן פיל צער און טרויער נישט נאָר צווישן אירע פריינד און לאנדסלייט, נאָר עס האָבן געטרויערט נאָך איר פיל יידישע פּראָגרעסיווע ארבעטער און פאָלק־מענטשן.

די לעצטע אַכט יאָר פאר איר טויט האָט חוה שאַפּראַן געלעבט אין לאָס־אנדזשעלעס, קאַליפאָרניע, ווו זי איז געווען די דירעקטאָרשע פון דער „וואוירקערס סקול" (א פּראָגרעסיווע ענגלישע ארבעטער־שול). זי איז אויך געווען אַן אָנגעזעענע אַקטיווע טוערין אין דער באוועגונג צו באקעמפן פאַשיזם און אנטיסעמיטיזם אין אמעריקע. נישט געקוקט אויף איר פארנומענקייט אלס דירעקטאָרשע פון דער „וואוירקערס סקול" האָט זי נאָך געפונען צייט צו זיין די סעקרעטאַרשע פון „מאָרגן פרייהייט אסאָסיאיישאָן" אין לאָס־אנדזשעלעס, אַן אָרגאַניזאציע, וואָס האָט אָנגעפירט אויף דער יידישער גאַס אַ פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט: דעם קאַמף קעגן אנטיסעמיטיזם, דאָס פאַרשפּרייטן די פּראָגרעסיווע אַרבעטער צייטונג די „מאָרגן פרייהייט", און אין אַלגעמיין זיך אָפּגעגעבן מיטן פאַרשפּרייטן דאָס יידישע קולטור־רעלע וואָרט צווישן די יידן אין לאָס־אנדזשעלעס. חוה שאַפּראַנס פערזענלעכע אויפטריטן פאַר די ברייטע יידישע פאָלקמאַסן זיינען אלעמאָל אויפגענומען געוואָרן מיט גרויסן בייפאַל.

דעם 24־טן נאָוועמבער, 1944, האָט די „מאָרגן פרייהייט" געהאַט אַן עדיטאָריאל געווידמעט דעם אָנדענק פון חוה שאַפּראַן מיטן פאָלגענדיקן קעפּל:

„ערע דעם אָנדענק פון חוה שאַפּראַן". „...אַן אומגליקפאַל האָט פריצייטיק א סוף געמאַכט צו א שיינער פערזענלעכקייט, צו א שעפעריש לעבן — צו חוה שאַפּראַן — וואָס איז געווען אינגאַנצן געווידמעט די ליכטיקסטע אידעאַלן, האָפענונגען און שטרעבונגען פון דער מענטשהייט. אַן איבערגעגעבענע קאָמוניסטקע, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אויף פירנדיקע פּאָזיציעס, איז חוה שאַפּראַן געווען אײנס מיטן אַרבעטער קלאַס, אײנס מיטן יידישן פאָלק. ...זי האָט אָפּגעגעבן אירע כוחות און פעאיקייטן דעם קאַמף פאר יידישער אַנטי־פאַשיסטישער פאָלק־אייניקייט... איר פריצייטיקער טויט איז אַ גרויסער פאַרלוסט פאר דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג און אַ פערזענלעכער פאַרלוסט פאַר אירע צאָלרייכע פריינט".

אין כעלם האָט מען זי געקענט ווי חוה, איידעלע דער פישערקעס טאָכטער. ווען זי האָט פאַרלאָזט כעלם איז זי נאָך א גאַנץ יונג מיידל געווען. זי האָט פאַרענדיקט די כעלעמער פאָלק־שול און שפּעטער זיך אָנגעהויבן אָנזען אין דער פּועלי־ציון יוגנטבאַוועגונג וואָס האָט זיך געפונען אין קופּערס קאָמעניצע. דאָרט האָט זי אָנגעהייבן נישט נאָר ווי א פשוטער מיטגליד, נאָר זי האָט גענומען א וואָרט, זיך באַטייליקט אין דיסקוסיעס אין אלגעמיין, דאָרט האָט זי אָנגעהויבן צו שטעלן אירע ערשטע טריט אין איר פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכן וועג.

זי איז געקומען מיט איר פאַמיליע קיין ניו־יאָרק ארום 1920, זיך באזעצט אין ברוקלין, און אין דער וויליאמסבורגער געגענט, א קאָמפּאַקטער יידישער קוואַרטאַל, הייבט זי אָן שפּילן א ראָל אין דעם דאָרטיקן אַרבעטער־קלוב. די יונגע חוה טרעט אויף גאַסן־פאַרזאַמלונגען און זי רעדט מיט פייער צו די ברוקלינער יידן וועגן פריינדשאַפט און ברידערלעכקייט צווישן פעלקער און ראַסן; זי רעדט צו זיי וועגן שאַפן אַ וועלט פון שלום, פרייהייט, גלייכקייט און ברידערלעכקייט.

ווען איך בין געקומען קיין אמעריקע, אין יאָר 1926, נאָך מיינע וואַנדערונגען פון אייראָפּע קיין האַוואַנע, קובאַ, און פון דאָרט קיין ניו־יאָרק, האָב איך שוין געטראָפן חוה שאַפּראַן א פירערין פון דער קאַפּן־מאַכערס יוניאָן — פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון די היטלמאַכער — לאָקאַל 23. עס איז געווען א ווייטער מהלך פון דער יונגער חוה אין כעלם. דאָ איז פאר מיר געשטאַנען טאַקע אַ יונג מיידל, נאָר אַ דערפאַרענע יוניאָן־טוערין, וואָס האָט שוין געפירט קאַמפן פאר די אינטערעסן פון די ארבעטער.

ווייזט אויס אז חוה האָט עפּעס גערשנט פון דער משפחה און דאָס איז געווען איר פּראָגרעסיווקייט, איר קעמפערישקייט. איר עלטערער ברודער, פישל, איז אין די יאָרן 1905 געווען אַ בונדיסט, אַקטיוו אין דער באַוועגונג; איר צווייטער ברודער, נחמן, איז אין יענער צייט געווען אן אקטיווער טוער אין דער ס"ס באַוועגונג; אַ ברודערס זון, דזשעק שאַפּראַן, האָט זיך אין 1936 אָנגעשלאָסן אַלס וואָלונטיר אין דער אַמעריקאַנער לינקאָלן־בריגאַדע צו קעמפן אין שפּאַניע אויף דער זייט פון די לאָיאַליסטן אקעגן פראַנקאָ'ן.

יאָ, א שיינע פערזענלעכקייט איז חוה שאַפּראַן געווען. נאָך איר טויט האָבן פיל אָנגעזעענע שרייבער און טוער געשריבן וועגן איר. אינטערעסאנט איז צו הערן וואָס עס האָט וועגן איר געזאָגט דער ניט־לאַנג פארשטאָרבענער אַרבעטער־פירער און שרייבער א. געד. אין דער „פרייהייט" פון 26־טן דעצעמבער, 1944 שרייבט א. געד: „...צווישן די מיליטאַנטישע קעמפער פון ביידע זייטן אָקעאַן האָט זי זיך אויסגעצייכנט מיט איר אומבאפלעקטער ערלעכקייט, מענטשלעכער פשוטער גוטהאַרציקייט, אָפּפערווויליקייט, דאָס נישט זוכן קיין איגננוצן, די גרייטקייט יעדן און תמיד צו העלפן, און זיין אין פלאַמענדיקן, הייליקן גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון אונדזער אידעאַל. אין קאַמף איז זי געווען די סאַמע פעסטע צווישן אונדז. זי האָט תמיד געמוטיקט און באַווירקט.

„חוה שאַפּראַן איז געווען א מוסטער פון א פּראָלעטאַרישער קעמפערין, אַ חבר, וואָס האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין שונאים, נאָר בלויז פריינד. זי איז געווען די פרוי פון אונדזער צוקונפט. און דערפאַר איז געווען אזוי ווייטאָגדיק די ידיעה פון איר פריצייטיקן און אומזיניקן אומקום".

אין דעם סוף פון די צוואַנציקער יאָרן האָב איך חוה'ן געטראָפן אין דעם ווייטן דענווער, קאָלאָראַדאָ, ווו איך האָב זיך געפונען צוליב מיין געזונט. חוה איז געקומען קיין דענווער זיך צו דערהאָלן נאָך דעם ווי געדונגענע כוליגאַנעס־גענגסטערס פון דער רעאַקציע זיינען זי באַפאַלן און זי מערדערלעך צעשלאָגן אין לאָס־אנדזשעלעס, ווייל זי האָט געוואָלט דאָרט העלפן די ארבעטער.

חוה רוט ניט. זי הערט, אז דאָ אין קאָלאָראַדאָ ווערן שטאַרק עקספּלואטירט די בוריקעס־אַרבעטער, ווייל זיי זיינען מערסטנס אויסלענדער, מעקסיקאַנער. זי נעמט זיך צו דער ארבעט אָרגאַניזירן די שווער־עקספּלואַטירטע בוריקעס־ארבעטער, קעמפט אויס פאר זיי בעסערע באַדינגונגען. זי קען אָבער צו לאַנג נישט בלייבן אין דענווער. ווי נאָר זי דערפילט זיך געזונטער פאָרט זי קיין ניו־יאָרק. מיר הערן פון איר שפּעטערישער טעטיקייט, א חוץ אויף דעם טרייד

יוניאָן־געביט אויך אויף דעם קולטורעלן געביט. זי נעמט זיך לערנען ביז זי ווערט אַ לערערין אין דער וואָירקערס סקול (אַרבעטער־שול). זי קערט זיך אום קיין לאָס אַנדזשעלעס, ווו זי ווערט די דירעקטאָרשע פון וואָירקערס סקול דאָרט.

אין דער „מאָרגן פרייהייט", פון 5־טן דעצעמבער, 1944, שרייבט דער באַרימטער יידישער שרייבער, גרשון איינבינדער, **באַוווסט אונטערן נאָמען כאַווער־פּאַוער**: „... זי, וואָס איז פריער געווען א תלמידה אין דער וואָירקערס סקול אין ניו־יאָרק, איז אין לאָס־אַנדזשעלעס געוואָרן א לערערין אין דער וואָירקערס סקול, די הויפּט לערערין — אירע קלאַסן זיינען שטענדיק איבערגעפּאַקט. איך (כאַווער פּאַווער — ק.וו.) בין אויך געווען א תלמיד אין איר קלאַס. כ'בין געזעסן אויפן שול־בענקל און באַוווּנדערט דאָס יידישע שאַפּ־מיידל, וואָס שטייט איצט פאַר מיינע אויגן אין דער ראָל פון א געלערנטע, רעדט אזוי פליסיק די שפּראַך פון לאַנד. פאַרמאָגט אזוי פיל קלוגשאַפט ווי איבערצוגעבן איר געגנשטאַנד, פאַרמאָגט אויך א מאַגנעטישן כח צו צוציען א תלמיד און באַגייסטערן, אַרויסרופן זיין אַמביציע און זיין שעפערישקייט.

„יאָ, א מיידל, א „תלמיד חכם", טיף באַהאַוונט אין די לערעס פון מאַרקסן, און אירע קלאַסן זיינען נישט געווען בלויז פאַר אַנפאַנגער, נאָר ענגלישע שרייבער, אַרטיסטן פלעגן קומען לערנען ביי איר מאַרקסיזם..."

זי איז עד היום א שטאָלץ פאַר די כעלעמער, וואָס זיי האָבן געהאַט אזא לאַנדסמיידל. עס איז נאָר א שאָד וואָס דער טויט האָט זי אזוי יונג אַרויסגעריסן פון אונדזערע רייען. זי איז אָפּגעווען יאָרן אויף די קאַמף־פראָנטן, אַנטייל גענומען אין געפערלעכע שלאַכטן פון דער אַמעריקאַנער און יידישער אַרבעטערבאַוועגונג. פון א סך שלאַכטן איז זי אַרויס פאַרוווּנדעט, נאָר זיך דערהאָלט און זיך ווידער געשטעלט אין קאַמף אויפן פראָנט. אָבער דאָ אין א פרידלעכן אָוונט איז זי דערהרגעט געוואָרן פון א פאַרביילויפנדן טראַמוויי.

„איבער צוועלף הונדערט מענטשן זיינען געקומען צו איר לויה", שרייבט א. לעכאָוויצקי, דער „מאָרגן פרייהייט"־פּאַרוואַלטער פון לאָס־אַנדזשעלעס, „איר לויה־פּראָצעסיע האָט זיך געצויגן א מייל די לענג. ווען מען איז פאַרבייגעגאַנגען איר אָרון האָט מען געוויינט איבער דעם גרויסן פאַרלוסט. דער באַרימטער יידיש־אַמעריקאַנער שרייבער, סעמועל אָרניץ, האָט אין זיין הספד געזאָגט: עס איז אַוועק פון אונדז „אונדזער לערערין".

אָט אזוי האָט געלעבט און געקעמפט דאָס מיידל וואָס האָט זיך דערצויגן אין דער פאָלק־שול אין כעלם און פאַרענדיקט ווי די דירעקטאָרשע פון דער פּראָגרעסיווער אַרבעטער־שול אין לאָס־אַנדזשעלעס. זאָל דער נאָמען חוה שאַפּראַן זיין צווישן די קדושים, די געפאַלענע פאַר א שענערער און בעסערער וועלט.

---

י. נוניסאָן

# שלום גאָלדהאַר

שלום גאָלדהאַר איז געווען איינער פון די מוטיקסטע קעמפער פאַר א סאָציאַליסטישן סדר־העולם, איינער פון די ברויזנדיקסטע פּראָגרעסיווע סאָציאַליסטישע טוערס. ער איז געבאָרן ביי אָרעמע עלטערן, זומער 1910, אין דאָרף סטראַכסלאַוו, נעבן כעלם, דערנאָך האָט זיך די משפּחה פון שלום גאָלדהאַר אַריבערגעצויגן אין כעלם.

ער האָט זיך געלערנט אין א חדר און אויך געענדיקט א פּוילישע פאָלקשול (פּאָווּשעכנע). דערנאָך האָט ער זיך געלערנט אין אַ טעכנישער שול "Szkola Techniczna" אויף ד״ר ביעשאָווער גאַס. מחמת נויט און דחקות האָט ער די דאָזיקע שול ניט געענדיקט און איז געוואָרן אַ קאַמאַשנשטעפּער.

שוין אין דער פריסטער יוגנט, ווען ער איז נאָך געגאַנגען אין שול, האָט ער זיך אינטערעסירט מיט געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע פּראָבלעמען. ער איז אַריינגעטראָטן אין דער פּועלי־ציוניסטישער יוגנט און גאָר גיך — צוליב זיין אַקטיוויטעט, איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אין קאָמיטעט פון דער פּוע״צ „יוגנט".

ער פאָרט אַוועק קיין קאָוועל אַרבעטן. הגם ער פאַרבלייבט דאָ אַ קורצע צייט, באַווייזט ער א ימצוקלערן פאַר די יוגנטלעכע אין קאָוועל די אידעאָלאָגיע פון דער לינקער פּועלי־ציון באַוועגונג.

ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט קיין כעלם, איז ער געווען ראשו ורובו אַריינגעטאָן אין דער פּועלי־ציון באַוועגונג און איז טעטיק אויף אַלע געביטן. ער פירט אָן מיט פאַרשיידענע קרייזן און האַלט לעקציעס. ער אָרגאַניזירט דעם קינדער־פאַרבאַנד „יונגבאַר" און רעדאַקטירט אַ וואַנט־צייטונג פאַר קינדער.

עס געפעלט אים ניט דער פאַך פון א קאַמאַשנמאַכער און ווערט א מוליאַר. ביי דער דאָזיקער אַרבעט טרעפט ער זיך מיט פּוילישע און אוקראַינישע אַרבעטער.

אין יאָר 1929, ווען פּוילן ווערט אַרומגענומען פון שטרייקן און עס ווערט ברויזנדיק און אָנגעשפּאַנט די פּאָליטישע לאַגע אין לאַנד ווערט אים ענג צו זיין אין די רייען פון די לינקע פּוע״צ און טרעט אַריין אין דער לינקער אַרבעטער־באַוועגונג.

זומער־צייט, 1930, ווערט ער אַרעסטירט צוזאַמען מיט משה עפּעלבוים (עפּעלבוים — א כעלעמער יוגנטלעכער, וואָס האָט געוווינט אויף נאַדרזשעטשנאַ גאַס און נאָכן אָפּזיצן צוויי יאָר אין תּפיסות איז ער אַוועקגעפאָרן קיין שפּאַניע צו קעמפן קעגן פאַשיזם און איז געפאַלן אויף די שפּאַנישע שלאַכטפעלדער). מען באַשולדיקט גאָלדהאַרן, אַז ער האָט אָרגאַניזירט און אָנגעפירט מיט די שטרייקן פון די אייזנבאַנאַרבעטער פון דער „כעלעמער באַן־דירעקציע" און אין די אַרומיקע דערפער, ווי רודע־אָפּאָלין, פּלאַוואַניץ, אָקשעוו ברײזענע. מען פאַרמשפּט אים אויף 8 יאָר שווערע תּפיסה. ער זיצט אין די טורמעס פון כעלם, קראַסניסטאַוו, לובלין, סאַנדאָמיערזש, פּלאָצק און קאָכאַנאָווע.

אין תּפיסה ווערט זיין מוט נישט געבראָכן. אויך דאָרט איז ער אין דער פּאָליטישער אָנפירונג. ער נוצט אויס די צייט וואָס ער זיצט אין טורמע אויף צו באַרייכערן זיין בילדונג און וויסן. ווען אין 1937 ווערן אין פּוילן באַגרענעצט די פּריווילעגיעס פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע, אָרגאַניזירט שלום גאָלדהאַר א הונגער־שטרייק, וואָס דויערט 9 טעג.

ער קומט אַרויס פון תּפיסה פיזיש־צעבראָכן אָבער מאָראַליש ניט דערשיטערט. ער איז פול מיט גלויבן אין א בעסערן מאָרגן. אָבער, צום באַדויערן, איז זיין לעבן יונג אָפּגעהאַקט געוואָרן. ווען די דייטשישע אַרמיי האָט אָנגעגריפן אויף וואַרשע, אין האַרבסט 1939, איז ער געהרגעט געוואָרן פון א דייטשישן שראַפּנעל.

כבוד זיין ליכטיקן אָנדענק!

שמואל ווינער, ניו־יאָרק

# קאַפּיטאַן בנימין ווינער — אַ מוטיקער קעמפער קעגן די שונאים פון אונדזער פאָלק

(עטלעכע שטריכן פון זיין שטורעמדיקן לעבן)

כ׳וועל דאָ, אין דעם ספר הזכרון פון כעלם, פּרובירן אָנצייכענען עטלעכע קורצע שטריכן פונעם שטורעמדיקן לעבנסוועג פון איינעם וואָס רעפּרעזענטירט כעלם אינעם סאָציאַליסטישן סעקטאָר פון דער היינטיקער צעשפּאָלטענער וועלט. איינער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אין די שלאַכטן אנטקעגן די שונאים, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען צו פארלענדן אונדזער פאָלק. איינער פון די שטילע העלדן, וואָס האָט בעת די צוויי גרויסע וועלט־מלחמות און וועלט־איבערברוכן, נאָך־אַנאַנד זיך געפונען אויף די פראָנט־ליניעס פון די דאָזיקע גוואַלדיקע סאָציאַלע אויפטרייסלונגען.

* * *

געבוירן איז מיין ברודער בנימין ווינער אין כעלם, פּסח, 1891. די דערציאונג, די געוויינלעך טראַדיציאָנעלע, אין חדר. גאָר יונג פארזוכט ער דעם טעם פון נויט. צו דרייצן יאָר זיך געלערנט זעצעריי ביי ערליכן אין דרוקעריי. א קינד פון אן אומרואיקן דור, טרייבט אים די נויט פריי ארויס פונעם הויז פון די עלטערן. צו 14 יאָר לאָזט ער זיך זוכן זיין גליק אין דער פרעמד. קומט צוריק אהיים און וואנדערט ווידער. צו זיבעצן יאָר איז ער שוין איינגעזעסן אין יעקאַטערינאָסלאוו. איז באשעפטיקט דאָרט אין א דרוקעריי. ער גיט זיך אויך אָפּ אינטענסיוו מיט זעלבסטבילדונג. אַ פּאָר יאָר שפּעטער הייראַט ער דאָרט.

האַרבסט, 1912, קומט ער אהיים זיך שטעלן צום מיליטער. כאָטש ער איז קורצזיכטיק ווערט ער דאָך אָפּגעגעבן פאר א זעלנער, כדי צו קענען באפרייען א רייך זונדל. דינען אין צאַרס ארמיי איז ער קיין בעלן נישט, בלייבט אים צו לויפן קיין אמעריקע. ער וואַרט בלויז איבער די שבועה, כדי דער פאָטער זאָל נישט דארפן צאָלן פאר אים די שטראָף פון 300 רובל. באלד נאָכן איינשווערן ווערט ער נעלם פון דער קאַזאַרמע. פאַרן ארויסכאַפּן זיך פון שטאָט, באהאלט ער זיך אויס א פּאָר טעג.

ס׳איז די לעצטע נאַכט. אלץ איז גרייט, פארטאָג דארף ער שטילערהייט זיך ארויסלאָזן מיט זיין פרוי צו דער גרענעץ. אין מיטן נאַכט ווערט זיין באהעלטעניש באַפאַלן פון פּאָליציי און מי־ליטער און ער ווערט פארנומען. א געוויסער כעלעמער מסור און תקיף האָט עפּעס דערשנאַפּט — טראָגט ער עס גלייך אָפּ דאָרט ווו מ׳דארף. ער פארענטפערט זיך נאָך, דער מסור, דער־נאָך, אז געמיינט האָט ער, אייגנטלעך, גאָר מיך, אז איך באהאלט מיך דאָרטן אויס.

אַ מיליטערישער געריכט פאַרמשפּט אים אויף א יאָר מיליטערישער תפיסה. גראָד פאַלט דעמאָלט אויס (אָנהייב 1913) דריי הונדערט יאָר זינט דער הערשאַפט פון דער צאַרישער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע. א דאַנק דער אַלגעמיינער אמנעסטיע, וואָס צאַר ניקאָלאַי דערקלערט, ווערט בנימין ווינער באפרייט נאָך העכער א חודש זיצן איינגעשפּאַרט. ער ווערט גלייך אָפּגעשיקט דינען קיין פּענזע. מאַכט זיך אזוי, אז ער איז דער איינציקער גראַמאָטנער אין זיין ראָטע, האָבן זיי קיין ברירה ניט און מוזן אים אין קורצן מאַכן פארן ראָטנע־שרייבער. איז אים שוין די דינסט גרינגער.

אויגוסט, 1914. ס׳ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה. צווישן די לאַנגע קאָלאָנעס פוסגייער פון רוסישן מיליטער, מאַר־שירט צו דער מערב־גרענעץ אויך בנימין ווינער אין די ברענענדיקע היצן אויף די שטויביקע וועגן, מיטן שווערן פּאַק אויף די פּלייצעס און דער ביקס אין האַנט.

שוין אויפן פראָנט, עפנט זיך פאר אים א נייע, פאר א יידישן זעלנער אין דער צאַרישער ארמיי, אומגעוויינלעכע קאַריערע. מחמת קאָרופּציע, גניבה און בכלל כאַאָס און פאררעט פלעגן רוסישע זעלנער אויפן פראָנט, גאַנץ אָפּט ארומגיין מיט ליידיקע מאָגנס — פשוט צוהונגערן. אין זיין פּאָלק איז ער באקאנט מיט זיינע אדמיניסטראַטיווע פעאיקייטן. פאַלט דער קאָמאַנדיר אויף דער, פאר יענער צייט אין דער צאַרישער ארמיי, אויסטערלישער המצאה, צו נאַזנאַטשען (באשטימען) דעם יידישן זעלנער, בנימין ווינער, פארן איינקויפער פון פּראָוויאַנט פארן פּאָלק (רעגימענט). די דאָזיקע פאַראַנטוואָרטלעכע און שווערע אויפגאַבע, ווען ס׳פילט זיך שוין אַ מאַנגל אין טייל פּראָדוקטן, פירט ער אדורך אויפן בעסטן אופן. ער געווינט דעם צוטרוי ביי די פּוערים אין די דערפער און זיי פארקויפן אים וויפיל נאָר ער דאַרף פּראָדוקטן. זיין שם גייט ווייטער — ווערט ער אינגיכן דער אויפקויפער פאר דער גאַנצער דיוויזיע. ער ספּראַוועט זיך אויך מיט זיינע פארגרעסער־טע אויפגאַבן. צו אונזער אַלעמענס צופרידן.

נישט אויף לאַנג איז אים אָבער באַשערט דאָס גליק.

ויהי היום, דארף דער הויפּט־קאָמאַנדיר איבער אלע רוסישע ארמייען, דער ביטערער אַנטיסעמיט, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, דעם צאַרס פעטער, קומען אויף אַן אינספּעקציע צו דעם טייל פראָנט, ווו ער געפינט זיך. דערזעט ער שוין די צרה. א זשיד, אַ זעלנער, אין אזא פּאָזיציע! הימל עפן זיך! נו, מער האָט מען נישט באַדאַרפט. עטלעכע הויכע אָפיצירן, די שולדיקע אין דעם „פאַרברעכן", ווערן דעגראַדירט צו נידעריקערע ראַנגען, און ער, בנימין ווינער, ווערט, אויף זיין שטרענגען באַפעל, גלייך אָפּגעשיקט צו דער שלאַכט־ליניע אין די אָקאָפּעס.

ס׳נעמט נישט לאַנג ווי ער ווערט פארוואונדעט. היילט מען אים אויס און מ׳שיקט אים ווידער אין די אָקאָפּעס. אין 1916 ווערט ער ווידער פארוואונדעט. דאָס מאָל אזוי שווער, אז ער טויג שוין מער נישט פאר מלחמה און ווערט אינגאַנצן באפרייט.

ס׳רוקט זיך אונטער דאָס יאָר 1917. ס׳ברעכט אויס די פעברואר רעוואָלוציע. דאָס מאָל איז דער צאַרישער דעספּאָטיע ניט געלונגען זיך צו ראַטעווען, ווי אין 1905. דער רעוואָלוציאָנערער אויפברויז כאַפּט ארום דאָס גאַנצע לאַנד און מאַכט אַ גיכן סוף צום צאַריזם אין איינעם מיטן צאַר ניקאָלאַי. ס׳שטעלן זיך יאָרן פון גוואַלדיקע סאָציאַלע אויפטרייסלונגען. דער געראַנגל צווישן אַלטן סדר מיטן נייעם, וואָס דאַרף פאַרנעמען זיין אָרט, ווערט אַלץ שארפער. זיין שטאַרק אנטוויקלטער חוש פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט פירט אים אין די רייען פון דער רעוואָלוציע.

1918. ס׳פלאַקערט דער בירגער־קריג. כלערליי ווייס־גוואַרדייאישע פּאָגראָם־באַנדעס שפּרייטן טויט און פאַוויסטונג אין הונדערטער יידישע שטעט און שטעטלעך איבער דער לענג לענג און ברייט פון אוקראַינע און ווייס רוסלאַנד. יידיש בלוט גיסט זיך ווי וואַסער. טוט בנימין ווידער אָן פרייוויליק דעם



קאַפּיטאַן בנימין ווינער

מיליטערישן מונדיר און וואַרפט זיך אַריין אינעם קאַמף אַנטקעגן די פּאָגראָם־באַנדעס. יעדן טאָג זעט ער דעם טויט פאַר די אויגן. נישט איינמאָל קוקט אויס, אַז שוין איצט איז דער סוף, נישטאָ מער קיין אַנטרינונג—און ווידער אַמאָל גערעטעוועט דאָס נאַקעטע לעבן, ממש ווי דורך אַ נס.

ס׳איז כדאי דאָ צו פאַרצייכענען כאָטש איין עפּיזאָד — איינעם פון אַ סך. דאָס איז געווען ביים אָנהייב, ווען די מערדער־באַנדעס האָבן די אויבערהאַנט. דעצעמבער, 1918. אַ קליינע מחנה פון אַרום דריי הונדערט פאָלקס־קעמפער, אונטער דער קאָמאַנדע פון בנימין ווינער, פאַרפירט אַ שלאַכט מיט אַ האָרדע מאַכנאָווצעס, וועלכע לאָזן זיך „ווויליגיין" איבער די יידן אין יעקאַטערינאָסלאַוו. זיי הרגענען אויס, שענדן, פייניקן און רויבן. איז דאָס געווען שוין איינמאָל אַן אומגלייכער קאַמף. פון איין זייט אַ פּאָר טויזנט דורך די עליים (אַמעריקע, ענגלאַנד, פראַנקרייך) גוט־באַוואָפנטע, מיט נייע וואַרעמע אוניפאָרמען, אָפּגעפרעסענע צעיושעטע גאָרגל־שניידערס. פון דער צווייטער זייט—אַ הייפל פון עטלעכע הונדערט שלעכט באַוואָפנטע, אָרעם געדליידטע, האַלב־הונגעריקע פאָלקס־קעמפער. אין דעם דאָזיקן אומגלייכן קאַמף פאַרשאַפט פון דעסטוועגן דער קליינער אַרמיי־עטאַלאָן שווערע פאַרלוסטן דער פּאָגראָם־באַנדע. זיי קעמפן ווי די לייבן. אָבער זייער גורל איז פאַרחתמעט. פון די עטלעכע הונדערט האָבן געציילטע זיך גערעטעוועט. פאַרשטעקט אויף אַ בוידעם, צווישן אַ הייפל פאַרוווּנדעטע זעלנער ליגט אויך בנימין ווינער אַ פאַרהלשטער, פולע שטיוול מיט בלוט, אָן אַ טראָפּן וואַסער, אין אַ ברענענדיקן פראָסט. ערשט אויפן דריטן טאָג ראַטעוועט מען אים שטילערהייט אַרויס אין מיטן דער נאַכט, צוזאַמען מיט די אַנדערע, אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד.

אַזוי גיך ווי ער קומט צו זיך אַ ביסל, איז ער שוין ווידער אויף די פראָנט־ליניעס. ער צייכנט זיך אויס אין די שלאַכטן און דערדינט זיך ביז צום ראַנג פון קאַפּיטאַן. בטבע אַ מילדער, געלאַסענער מענטש, ווייט פון צו זיין אַ גבור, איז עטוואָס נידעריקער פון מיטלוווקס — אָבער ווי און ווינד איז געווען דעם דאָזיקן מענטשלעכן אָפּפאַל, ווען ער פאַלט אַריין אין זיינע הענט. ער ברענט מיט נקמה פאַר אונדזער אומשולדיקן פאַרגאָסענעם בלוט. הונדערט און פופציק טויזנט יידן זיינען דעמאָלט אומגעקומען דורך די בלוטיקע הענט פון די פּעטליורצעס, מאַכנאָווצעס, דעניקינצעס און די כלערליי אַנדערע מערדער־באַנדעס, וואָס האָבן געווילדעוועט איבער דער לענג און ברייט פון לאַנד. דאָס זיינען זיי אייגנטלעך געווען די פאָרלויפערס פאַר היטלערן און געוויזן אַ ביישפּיל, ווי מ׳קאָן אומבאַשטראָפט אויסקוילען אונדזערע שוועסטער און ברידער, צענדליגער טויזנטער יידן, און די „ציוויליזירטע" וועלט זאָל גלייכגילטיק זיך צוקוקן צו די רציחות.

1921. ס׳דערנענטערט זיך דער סוף פונעם בירגער־קריג און דערמיט דער פינצטערער סוף פון די אַלע ווייס־גוואַרדעישע פּאָגראָם־באַנדעס. אַזוינע אַרמייען האָבן געקאָנט ווייזן זייער „העלדישקייט" קעגן אומבאַוואָפנטע, אומבשיצטע יידן, אַלטע לייט, פרויען און קינדער. אַקעגן אַ פאָלקס־אַרמיי, וואָס קעמפט פאַר פרייהייט ווערן זיי אויס העלדן.

אויך קאַפּיטאַן בנימין ווינער טוט אויס דעם מיליטערישן אוניפאָרם און קערט זיך צוריק צום ציווילן לעבן. דאָס לאַנד נעמט קומען צו זיך נאָכן מוראַדיקן חורבן, הונגער, עפּידעמיעס. ווי אַ פעאיקער אַדמיניסטראַטאָר און אָרגאַניזאַטאָר לייגט ער איצט צו אַ האַנט ביים צוריק אויפשטעלן די צעשטערטע שטאָטישע אַדמיניסטראַציע אין אַ ריי דרום־אוקראַינישע שטעט. ער קערט זיך דערנאָך צוריק קיין דניעפּראָפּעטראָווסק (פריערדיקע יעקאַטערינאָסלאַוו). איצט איז ער באַשעפטיקט ביים אָרגאַניזירן קאָאָפּעראַטיוון.

אַרום 1930 נוצט ער אויס די געלעגנהייט, וואָס די רעגירונג גיט אַרבעטער זיך איבערקוואַליפיצירן פאַר אַ העכערער פּראָפעסיע. פון פינף טויזנט אַפּליקאַנטן אין זיין שטאָט צו שטודירן פאַר אינזשינער, אָן פריערדיקער אַקאַדעמישער בילדונג, ווערט ער דער איינציקער קוואַליפיצירט און אַוועקגעשיקט צו שטודירן פאַר אינזשינער אין דער קיעווער אַקאַדעמיע.

איצט נעמט קלאַפּן דאָס האַרץ. ס׳באַפאַלט אים אַ שרעק. איז עס נישט פאַר אים צומאָל אַ צו ריזיקאַלישער שריט? קיין יונגערמאַן איז מען אויך שוין נישט. מ׳דערנענטערט זיך צום פערציקסטן יאָר. די גאַנצע אַקאַדעמישע צוגרייטונג זיינע צו שטודירן הויכע מאַטעמאַטיק, וויצלט ער זיך דעמאָלט אין אַ בריוו צו מיר, באַשטייט פון די פיר עלעמענטאַרע כללים אין אַריפמעטיק: חיבור, חיסור, כפל און חילוק, וואָס ס׳האָט מיט אים יינגלווייז אין כעלם געלערנט דער לוקאַטשער מלמד אין זיין חדר.

שטערט דאָס אים פון דעסטוועגן נישט צו קריגן זיין דיפּלאָם אַלס אינזשינער, נאָך דריי יאָר לערנען, אַנשטאָט די נאָרמאַלע פיר יאָר. איז אים דאָ בייגעשטאַנען זיין התמדה, עקשנות און דער עיקר זיין שאַרפער קאָפּ. פאַר דער צייט פון זיין שטודירן ווערט ער, מיט זיין פרוי און טאָכטער, אויסגעהאַלטן, נאַטירלעך, דורך דער מלוכה.

ער נעמט זיך פּראַקטיצירן זיין נייע פּראָפעסיע אין יאָר 1933, מיט דער האָפענונג, אַז ענדלעך וועט איצט זיין לעבן שוין אַוועקגיין גלאַט און רואיק. פאַלט אָבער צונויף דער אָנהייב פון זיין נייער קאַריערע מיט היטלערס קומען צו דער מאַכט. שוואַרצע דראָענדיקע כמאַרעס נעמען זיך אָנרוקן אויף דער וועלט, בפרט פאַר אונדזער מאַרטירער־פאָלק. ער, דער שווער־געפּרוווטער, דערשפּירט אינסטינקטיוו, וואָס דאָס מיינט. פאַר אים איז שוין מער קיין רו נישטאָ.

סעפּטעמבער, 1939, פייערן היטלערס מערדער־אַרמייען אָפּ דעם ערשטן שאָס אויף פּוילן און צינדן אָן די וועלט־שרפה. אין געציילטע טעג איז שוין נאָך פּוילן. יידן לויפן אין טויט־פּאַניק אַריבער די סאָוועטישע גרענעץ. עטלעכע הונדערט טויזנט יידן ראַטעווען זיך אַ דאַנק דעם פון די בלוטיקע הענט פון די נאַצי־רוצחים. זיי פאַרשפּרייטן זיך אין שטעט און שטעטלעך איבערן סאָוועטן־פאַרבאַנד. אויך אין זיין שטאָט נעמען זיך ווייזן פּליטים פון פּוילן. הערט ער זיך גענוג אָן וועגן די היטלעריסטישע מערדערייען אַנטקעגן אונדזער פאָלק. אויך די צייטונגען זיינען יעדן טאָג פול מיט באַשרייבונגען וועגן די נאַצישע רציחות קעגן די יידן — לאָזט ער נישט קיין שורה אויס. פאַר זיינע אויגן שווימען ווידער אַרויס די בעסטיאַלישקייט פון די יידן־מערדער מיט צוואַנציק יאָר צוריק. געפינט ער זיך שוין פון איצט אָן מער קיין אָרט נישט.

יוני, 21, 1941, גיט היטלער זיך אַ וואָרף מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין שרעקלעכער מלחמה־מאַשין אויפן סאָוועטן־פאַר־

באַנד. באַלד דעם זעלבן טאָג שטעלט בנימין ווינער זיך פרייוויליק פאַר דער מיליטערישער קאָמיסיע אין זיין שטאָט. ער ווערט אָבער גלייך אויסבראַקירט. יענע נאַכט טוט ער קיין אויג נישט צו. ער מוז פּערזענלעך נקמה נעמען אין דער נאַציִשער בעסטיע פאַרן אומשולדיק פאַרגאָסענעם יידישן בלוט, און אויך פאַרטיידיקן זיין לאַנד אַקעגן די באַרבאַרן.

אין דער פרי שטייט ער שוין ווידער פאַר דער מיליטערישער קאָמיסיע. קען מען מער נישט ביישטיין זיין געבעט — און ער ווערט ענדלעך אריינגענומען אין דער ארמיי, מיט זיין אלטן ראַנג פון קאַפּיטאַן, אונטער [illegible] פון [illegible].

מיט בליץ־שנעלקייט שניידט זיך די מוראדיקע נאַציִשע מלחמה־מאַשין אַלץ טיפער און טיפער אין דער סאָוועטישער טעריטאָריע און ברענגט מיט זיך טויט און פאַרוויסטונג. און שוין גלייך אין די ערשטע טעג איילן זיך די פאַרשאַלטענע מאָנסטערס דורכצופירן זייערע אוממענטשלעכע רציחות איבער די יידן אין די שטעט און שטעטלעך, וואָס זיי פאַרכאַפּן. הונדערטער טויזנטער יידן וואָס האָבן איבערן נאַציִשן בליץ נישט באַוויזן זיך צו ראַטעווען טיפער אין לאַנד, ווערן דורך די בעסטיעס צום טויט פאַרפייניקט, לעבעדיק באַגראָבן, פאַרברענט אויף אַש.

מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם קוקט די וועלט זיך צו צום נאָך קיינמאָל פריער נישט געזעענעם טיטאַנישן געראַנגל צווישן די צוויי מעכטיקע כוחות. און ווען ס'נעמט אויסזען, אַז ס'איז שוין עק וועלט, דער ערגסטער שונא פון דער מענטשהייט קריגט די אויבערהאַנט — אָט פונקט דעמאָלט גיט זיך דאָס רעדל אַ דריי צוריק. די שרעקלעכע נאַציִשע מפּלה ביי סטאַלינגראַד פאַרזיגלט דעם גורל פון היטלערן. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון זיין פינצטערן סוף. דער וועג איז אָבער נאָך אַזאַ לאַנגער, איבערמענטשלעך שווערער.

אונדזער בן־עיר, קאַפּיטאַן בנימין ווינער, מאַרשירט אין די רייען פון די סאָוועטישע ארמייען. ער געפינט זיך די גאַנצע צייט אין דער געדיכטעניש פון די גיגאַנטישע שלאַכטן. די נאַציס דערלאַנגען פריער שווערע פאַרניכטנדיקע קלעפּ. די פאַרלוסטן פון ביידע זייטן זיינען אומגעהויער — ממש אין די מיליאָנען. איצט, אַז די נאַציס נעמען כאַפּן צוריק די ריכטיקע קלעפּ, איין מפּלה נאָך דער אַנדערער, קומען זיי שוין מער נישט צו זיך, ביז זייער פינצטערן סוף. מ'גיט זיי מער קיין מנוחה נישט. מ'טרייבט זיי אַלץ ווייטער און ווייטער. אין דער היץ פון די שלאַכטן זעט נישט איין מאָל אויס, אַז שוין אויס מיט אים. דאָס מאָל וועט אונדזער בן־עיר אַ לעבעדיקער שוין ניט ארויס. און עפּעס ווי דורך אַ נס ממש — ווידער און ווידער אַמאָל געראַטעוועט דאָס נאַקעטע לעבן. אָדער נאָך ערגער — אָט־אָט פאַלט ער אריין אין זייערע לאַפּעס אַ לעבעדיקער. אַלע וועגן פאַרשטעלט. אוממיגלעך צו אַנטרינען — און ווידער אַמאָל זיך אויסגעדרייט פון געפאַנגענשאַפט. פון וואַנען נעמט זיך צו אים די קראַפט און אויסדויער? אויף קיין מינוט פאַרגעסט ער נישט די הייליקע צוואה, דעם לעצטן אויסגעשריי פון אונדזערע קדושים־מאַרטירער: „קיינמאָל נישט צו פאַרגעסן און קיינמאָל נישט צו פאַרגעבן", ווען זיי ווערן געטריבן אויף דעם לעצטן גאַנג זייערן אין היטלערס קאַלכאָויוונס און גאַזקאַמערן. שעפּט ער דערפון קוראַזש און איבערמענטשלעכע גבורה צו וואַרפן זיך אין די שלאַכטן, צו נעמען נקמה אין די בעסטיאַלישע יידן־מערדער.

אָט אַזוי שפּאַנט ער אַדורך הונדערטער שטעט און שטעטלעך. זעט נאָר טויט און חורבן. זעלטן אַז ער באַגעגנט אַ לעבנגעבליבענעם ייד. אין די וועלדער קומט ער אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט יידישע פּאַרטיזאַנער. דערמוטיקט זיי און העלפט מיט וואָס נאָר ער קאָן.



יולי, 1944, מאַרשירט אריין קאַפּיטאַן בנימין ווינער צווישן די זיגרייכע סאָוועטישע ארמייען קיין כעלם. נאָך עטלעכע און דרייסיק יאָר טרעט ער ווידער אויף דער ערד, ווו זיין וויגעלע איז געשטאַנען. קען מען זיך פאַרשטעלן די טיף־עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען זיינע אין יענעם מאָמענט. ער גייט גלייך זוכן יידן — און געפינט קיין איינעם נישט. לאָזט ער זיך צום בית־עולם, אויפזוכן דעם טאַטנס מצבה — נישטאָ קיין מצבה. אפילו די טויטע יידן לאָזן זיי נישט רוען אין די קברים. די קאַניבאַלן — ברוקירן אויס וועגן און גאַסן מיט יידישע מצבות. לאָזט מען אַ געזאַלצענע טרער — און מ'פאַרנעמט זיך ווייטער אין וועג אריין. ס'איז נאָך נישט דער ס ו ף.

אויפן וועג קיין לובלין באַפרייט די מיליטער־אַפּטיילונג, אין וועלכער ער געפינט זיך, דאָס רעשטל לעבנגעבליבענע יידן. סקעלעטן ממש, פון מיידאַנעק, איינע פון היטלערס טויט־פאַבריקן. ער באַטייליקט זיך דערנאָך אין די שווערע שלאַכטן פאַר וואַרשע — צווישן די שרעקלעכסטע אין דער מלחמה. זיי קעמפן פאַרביטערט, אָבער נאָך שווערע פאַרלוסטן מוזן די נאַציס זיך אָפּטראָגן פון דאָרט. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ לאָזט זיך בנימין ווינער דאָס ערשטע צו דער געוועזענער וואַרשעווער געטאָ — דאָרט ווו „אַ פאָלק האָט צווישן קראַכנדיקע ווענט" אויפגעהויבן די פאָן פון רעוואָלט קעגן פאַרשאָלטענעם נאַציזם. טרעט ער אויף דער פאַרקוילטער ערד, צווישן די חורבות, ווו די גבורים און קדושים אונדזערע האָבן זיך באַדעקט מיט אייביקן רום און געראַטעוועט דעם כבוד פון אונדזער פאָלק. אין דעם דאָזיקן אומגלייכן קאַמף באַצאָלט דעם שונא אַ טייערן פּרייז. צו באַזיגן די געטאָ נעמט די יידן־מערדער פונקט אַזוי לאַנג ווי איינצונעמען גאַנץ פוילן.

ס'שטייען נאָך אַלץ פאַר גרויסע שלאַכטן ביז מ'ברענגט די חיה־רעה אויף די קני. ער גייט ווייטער. באַטייליקט זיך אין די שלאַכטן אויף דער פאַרשאָלטענער דייטשישער ערד. אַזוי לאַנג ביז ער דערלעבט צו דער לעצטער שלאַכט, און ציט אריין מיט די זיגרייכע סאָוועטישע חיילות גלייך אין היטלערס שלאַנגען־נעסט — קיין בערלין, און איז זוכה מיט די אייגענע אויגן צו זען דעם וויסטן, פינצטערן סוף היטלערס.

פיר לאַנגע, מוראדיקע יאָרן שלאָגט ער זיך קעגן אונדזער ערגסטן שונא מיט זעלטענעם קוראַזש. קיינמאָל זיך נישט באַקלאָגט. ער שפּאַנט אַדורך דורכן פייערדיקן מבול און קומט ארויס אַ לעבעדיקער. ער זעט פאַר זיך איין ציל — שלאָגן דעם שונא. איצט, אַז זיין מיסיע האָט זיך פאַרענדיקט, לאָזן זיך אים די כוחות אין גאַנצן אויס. אַהיים קומט ער שוין אַ שאָטן פון אַ מענטש. ער מוז אַדורכגיין אַ פּאָר אָפּעראַציעס. זיין לעבן הענגט אויף אַ האָר. ווען ער הייבט אָן קומען צו זיך עטוואָס, לאָזט זיך אויף אים אַראָפּ אַ נייער קלאַפּ. ער פאַרלירט זיין געטרייסטן לעבנספריינט, זיין פרוי, עניע. שווער איז אים זיך צו טרייסטן.

זאָל ער זיך אפשר טרייסטן דערמיט, וואָס ער זעט איצט ווי די נאַציס זיינען שוין ווידער אין זאָטל אין דייטשלאַנד? אָדער דערמיט, וואָס די געפאַר פון דייטשישער ווידערבאַוואָפענונג אונטער די אייגענע נאַציִשע גענעראַלן וואָס האָבן געטרונקען אונדזער בלוט — קומט אַלץ נעענטער? טראַכט ער אין זיין איינזאַמקייט: זיינען זעקס מיליאָן אומגעבראַכטע יידן נישט גענוג נאָך? זיינען אונדזערע שרעקלעך גרויסע קרבנות געווען אומזיסט?

* * *

דאָס איז אַ קורצער סך־הכל וועגן אַ שטורמיש, פּרוכטבאַר לעבן פון אונדזערס אַ בן־עיר. אַ לעבן, וואָס וואָלט געקאָנט אויספּילן הונדערטער בלעטער פון אַ שפּאַנענדיק בוך. דאָס קאַלירפולע לעבן פון אַ בראַוון, מסירת־נפשדיקן קעמפער פאַר זיין פאָלק.

חוה באַליאַר (סטאָלער)

# מאָטל באַליאַר

(צום ליכטיקן אָנדענק פון מיין ברודער)

ווער האָט דען נישט געקענט מאָטל באַליאַר, גישע ליפּעלעס זון, אין כעלם? יונג און אַלט, גרויס און קליין האָבן אים געקענט און רעספּעקטירט!

ער איז געווען אַן אָנגעזעענער לערער אין דער פאָלקשול אין כעלם אין די 20־ער יאָרן.

פון וואַנען מאָטל איז געוואָרן אַ לערער און נאָך אַזאַ אָנגעזעענער גוטער פּעדאַגאָג — געווען באַוווּסט אין די פאָלקשול־קרייזן אין פּוילן און שפּעטער אויך אין סאָוועטנפאַרבאַנד — דאָס איז פאַר מיר עד־היום אַ רעטעניש.

מאָטל איז, אַחוץ אין חדר, אין קיין שום יידישער אָדער אַלגעמיינער שול נישט געגאַנגען, ער האָט קיינמאָל קיין לערער ניט געהאַט. די ביטערע אָרעמקייט אין דערהיים, דער פּשוטער הונגער גאַנצע טעג, האָט אים געטריבן פון שטוב. ער פלעגט זיצן גאַנצע טעג אויפן פעלד הינטער דער „נייער וועלט" און לייענען אַלערליי געבאָרגטע ביכער. איך פלעג אים צוטראָגן אַ שטיקל ברויט — אַז ס'איז נאָר געווען אין שטוב ביי אונדז — מיט אַ טרונק פרישן קאַלטן וואַסער פון דעם טיפן ברונעם אויף דער נייער וועלט. אויב ער האָט ערגעץ געקראָגן אַ פּאָר גראָשן, איז דאָס געווען אויף קויפן ביכער.

ער איז זייער יונג געוואָרן אַ לערער אין דער פאָלקשול, ווו איך האָב געלערנט. ווען מאָטל איז אַריין אין קלאַס, זיינען די קינדער געבליבן שטיל און דרך־ארץ'דיק געוואַרט.

אַלץ אין אים האָט אַרויסגערופן רעספּעקט: זיין שיינע הויכע פיגור, ברייטע אַקסלען, זיין הויכער טיפער שטערן מיט די גרויסע אויגן־גלעזער, אַלץ האָט זייער גוט געפּאַסט, באַשיינט און אונטערגעשטראָכן זיין אינטעלעקט.

„לייענען, לערנען, שטודירן" — דאָס איז געווען זיין עצה, זיין ראָט און באַפעל צו יעדן יינגל, בחור און מיידל, זיינע שכנים, קרובים און באַקאַנטע אין כעלם.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם פאַקט, ווען מאָטל האָט געוואָלט קאָרעספּאָנדירן מיט אונדזער אַ שוואָגער אין אַמעריקע, וועלכער האָט נישט געקאָנט קיין יידיש. מאָטל האָט זיך פאַרשאַפט ענגלישע לערן ביכער און אַ גאַנצן ווינטער איז ער אַרומגעגאַנגען אין שטוב — אַהין און צוריק — געחזרט הויך אויפן



מאָטל באַליאַר מיט זיין פרוי, אומגעקומען דורך די היטלער־מערדער.



קול עפּעס אַ שפּראַך, וואָס האָט געקלונגען אַזוי מאָדנע, אַזוי פרעמד. די פאָדלאָגע אין שטוב איז געווען אויסגעטראָטן פון זיין תמיד אַרומגיין... דער רעזולטאַט איז געווען, אַז באַלד נאָך פּסח האָט מאָטל געשריבן און דערהאַלטן ענגלישע בריוו פון אונדזער שוואָגער. ער פלעגט די בריוו פאַר אונדז ניט נאָר לייענען, נאָר אויך אָנווייזן דעם שורש פון יעדן וואָרט. „איר קאָנט גאָר נישט וויסן — האָט ער באַמערקט — ווי גוט אייך קאָן אַמאָל צוניץ קומען, אויב עס וועט זיך אייך צוקלעפּן אַן ענגליש וואָרט..."

אוי! איז מיין ברודער מאָטל געווען גערעכט. מיר באַנוצן היינט אין אַמעריקע פיל ענגלישע ווערטער, וואָס מאָטל האָט מיר און אונדזער מוטער מסביר געווען אין יענער צייט.

מאָטל איז געווען איינער פון די בויערס און פירערס פון דער יידישער פאָלקשול. עס איז געווען אַ צייט ווען די פאָלקשול אין כעלם האָט קיין דירה נישט געהאַט. דער דאָקטער, ביי וועמען אין הויז די שול איז געווען, האָט געמוזט האָבן די דירה פאַר זיך.

מאָטל האָט דאַן אָנגעפירט מיט דעם פּלאַן צו בויען אַן אייגענע פאָלקשול־הויז. מ'האָט געזאַמלט געלט אין שטאָט בלויז אויף מאַטעריאַלן און צו באַצאָלן פאַרן פּלאַץ — דאָס בויען, די אַרבעט האָבן די כעלעמער יידישע אַרבעטער צוגעזאָגט געבן פריי.

מאָטל האָט אַוועקגעלייגט אַ וועלט מיט כח פאַר דעם פּלאַן, וועלכער איז דאַן נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן, ווייל די פּוילישע פאַשיסטישע רעגירונג פון יענער צייט האָט צוריקגעצויגן די דערלויבעניש באַלד נאָך דער פייערלעכער צערעמאָניע פון לייגן דעם פונדאַמענט.

עס איז געווען זייער שווער צו זיין אַ פאָלקשול־לערער אונטער אַזעלכע אויסערגעוויינטלעכע ביטערע באַדינגונגען.

מאָטל איז אַוועק קיין ווילנע.

אויך דאָרט האָט מען מאָטלען, דעם פאָלקשול־לערער, גיך אויסגעפונען און אָנערקענט. ער פלעגט שרייבן אין די כעלעמער וועכנטלעכע צייטונגען און זשורנאַלן, ווי אויך אין די „גרינינקע ביימעלעך" און אַנדערע פּעדאַגאָגישע זשורנאַלן.

ווען די היטלעריסטישע מערדער זיינען באַפאַלן פּוילן און די סאָוועטן האָבן פאַרנומען ווילנע, האָט מאָטל געשריבן צו אונדז אין אַמעריקע:

„עס פעלט אונדז — מיר, מיין פרוי און אונדזער קינד — גאָרנישט ביי דער סאָוועטישער רעגירונג. איך בין אַן אויפזעער איבער 110 יידישע שולן — 60 טאָג־שולן און 50 אָוונט־שולן. איך פאָר אַרום אין ווילנער קרייז און אָרגאַניזיר דאָס עפענען נייע שולן ווו נאָר מ'דאַרף. עס איז נאָר אַ ביטערער רחמנות אויף אונדזערע ברידער, יונה און ישראל, די טייערע און מוטיקע קעמפער פאַר אַ שענערער און בעסערער וועלט און מענטשהייט — ווער ווייסט וואָס מיט זיי איז געוואָרן".

לאַנג האָט ליידער די זון ניט געשיינט אין מאָטלס פענצטער... די היטלערישע האָרדעס, וועלכע האָבן געשפּרייט טויט און פאַרוויסטונג אין איראָפּע, האָבן נישט אויסגעמידן ווילנע.

מאָטל באַליאַר, דער גייסטרייכער פאָלקשול־לערער, דיכטער און שריפטשטעלער, ווערט אומגעבראַכט מיט זיין פרוי און קינד צוזאַמען מיט דער וועלט־באַרימטער יידישער קהילה אין ווילנע.

אייביק וועלן זיי לעבן אין אונדזערע הערצער, כבוד זייער אָנדענק!

בן־אהרון

# בעלעמער מלמדים

כמעט אלע כעלעמער חדרים האָבן זיך געפונען אינעם יידישן קוואַרטאַל, אויף דער „נייע צאַל". די היטלער־מערדער האָבן דאָ געשאַפן די געטאָ. חדרים זיינען געווען אויף דער פּאָטשט־גאַס מיט די ארומיקע געסלעך, וואָס זיינען געווען באַוווינט דורך יידן, בעלי־מלאכות און האָרעפּאַשניקעס, ווו עס האָבן זיך געפונען קליי־נע און גרעסערע האַלב־אַיינגעפאַלענע שטיבלעך און הייזער, אָט דאָרט האָבן זיך געפונען די מערהייט כעלעמער חדרים, ווו יידי־שע קינדער, משהלעך, שלמהלעך האָבן זיך דערצויגן אין טראַ־דיציאָנעל־רעליגיעזן גייסט.

אויף דער „נייער צאַל" האָבן זיך געפונען פּארשיידנמיניקע חדרים, אזעלכע, ווו יידישע קינדער האָבן אָנגעהויבן מיט אלף־בית — און נישט ווייטער געגאַנגען ווי ביז חומש און רש"י; עס זיינען געווען חדרים ווו מען האָט געלערנט מער ווי חומש מיט רש"י; עס זיינען געווען חדרים, וואָס זייערע אביטוריענטן האָבן געקאָנט שפּעטער אָנקומען אין תלמוד־תורהס און ישיבות.

עס איז אין כעלם געווען באַקאַנט דער חדר פונעם מלמד, אברהם יצחק גרינבערג — א דרדקי־מלמד. ער איז געווען א קרענקלעכער ייד, וואָס האָט ביים לערנען מיט די תלמידים זיך ארויסגעוויזן א גאַנצער „ריז". די קינדער האָבן פאר אים געצי־טערט, געציטערט פאר זיין טייטל און קאַנטשיק.

ער האָט אָנגעהויבן לערנען מיט יונגע 3—4 יאָריקע קינדער אלף־בית, און זיי צוגעפירט ביז רש"י און גמרא. ער איז געווען פּאָפּולער אין כעלם, אלס ערלעכער ייד און פאר א מלמד, וואָס האָט נישט גענומען אומזיסט קיין געלט, ער האָט שווער געאַרבעט פון די פרימאָרגנס ביז שפּעט .

זיין חדר איז באַשטאַנען פון איין איינציקן צימער, ווו עס האָט זיך געפונען דער שלאָף־חדר, די קיך און עס־צימער. אין א ווינקל איז געשטאַנען א לאנגער טיש מיט בענק נעבן די ווענט, ווו ער האָט געלערנט מיט זיינע תלמידים.



א גרופּע ישיבה־בחורים אויפן כעלעמער בית־עולם אין יאָר 1913, וואָס האָבן אין די שפּעטערע יאָרן געשפּילט אַ ראָל אינעם געזעלשאפטלעכן און קולטור־רעלן יידישן לעבן אין כעלם.



אַ צווייטער פּאָפּולערער מלמד איז געווען יאַנקל. ער האָט געהאַט אַ טבע נאָכצויאָגן יונגע מאַמעס, אז זיי זאָלן אים געבן די קינדער לערנען. ביי אים אין חדר האָבן זיך אַלעמאָל געפונען די יינגסטע קינדער פון שטאָט. קיין גרויסע קענער זיינען פון יאַנקלס חדר נישט ארויס.

עס איז געווען אין כעלם א מלמד, וואָס זיין חדר האָט זיך אויך געפונען אויף דער פּאָטשט־גאַס, פונקט אַקעגן די „גליטש־טרעפּ", ווי זיין נאָמען איז געווען געדענקט זיך נישט, דאַכט זיך, אז „יאַגאָדע" האָט מען אים גערופן. ער איז געווען פאררעכנט פאַר אַ גוטן מלמד. אין זיין חדר האָבן זיך אַלעמאָל געפונען על־טערע תלמידים. „יאַגאָדע" איז געווען באַקאַנט אין שטאָט, אַלס בקי אין הלכות מלמדות. מען האָט אין זיין חדר געלערנט גמרא, דער ניגון פון אמר רבא און אמר רב האָט פאַרקלונגען די גאַס.

עס איז אויך אין כעלם געווען דער באַרימטער מלמד, בנימין וואָלפסאָן, דאָס איז געווען א ליטוואַק, וואָס האָט זיך באזעצט אין כעלם נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. ביי אים אין חדר זיינען געווען תלמידים מיט שאַרפע קעפּלעך, וואָס האָבן געקאָנט א בלאַט גמרא. עס איז געווען א כבוד צו לערנען ביי בנימין ליטוואַק.

לייביש דוד מלמד האָט מען גערופן דער וולאָדאַווער מלמד. ער איז אויך געווען פון די שענסטע מלמדים און האָט געהאַט א גוטן שם אלס ערלעכער ייד און גוטער רבי. פון זיין חדר זיי־נען ארויס די בעסטע תלמידים, וואָס זיינען געפאָרן אין ישיבות.

פון די אַלטע מלמדים, סוף נייצנטן יאָרהונדערט, איז אין כעלם געווען באַקאַנט דער דרדקי־מלמד — ר' יצחק סטראַזשניק. פאַרוואָס מ'האָט אים גערופן סטראַזשניק, האָט קיינער אין שטאָט נישט געוווסט. אפשר דערפאַר האָט מען אים גערופן, ווייל ער איז געווען א הויכוויקסיקער ייד און זייער שטרענג צו זיינע תלמידים.

עס איז אויך געווען אין כעלם גוט באַקאַנט און באַרימט דער מלמד, גדליה היפשמאַן, גערופן האָט מען אים גדליה פישער. ער איז געווען זייער א גוטער מלמד און זיין חדר האָט געשמט אין שטאָט און אין די ארומיקע שטעטלעך.

עס איז אויך געווען אין כעלם א מלמד, וואָס מען האָט אים גערופן „דער קרומער אברהם". אויך א באַוווסטער מלמד אין כעלם איז געווען גדליה קריטניצער, ער האָט געהאַט 6 טעכטער. מען האָט אים גערופן גדליה מלמד מיט די טעכטער. באַוווסט זיינען געווען די מלמדים ישראל דן, חנא יצחקל, יוסף דוד שניי־דערמאַן, ר' וואָווע הערשעלע צוקערניקער, שלמה הירזש, יהושע „קאָזאַק", איטשע שעפּעלעס, שמואל הערש א.א.

יעדער מלמד, אָדער ווי מען האָט גערופן — רבי, איז געווען זייער פרום, האָט אָפּגעהיט פּינקטלעך יעדן טאָג דאָס דאווענען איז געווען זהיר נישט צו באַגיין די מינדסטע עבירה.

מען איז געגאַנגען אין חדר 6 טעג אין וואָך. מען איז אוועק 8 אין דערפרי און אהיימגעקומען אין די אָוונט־שעהן. אויך אין די שבתים איז מען אין א סך חדרים געקומען זאָגן פרק, אָדער אויסטייטשן די סדרה פון דער וואָך.

יעקב לינהרץ, רחובות

# מאָטל טוביה׳ס, שמה זאַמלער

מאָטל טוביה׳ס, דער שוהל־גבאי, איז געווען א הויכער ייד, פעסט געבויט מיט אַ לאַנגער גראָער באָרד, געטראָגן שבת און וואָך אַ הויכן סאַמעטענעם הוט און שטענדיק געווען פאַרהאַוועט, תמיד געווען באַשעפטיקט.

ניט אין פרנסה־ענינים איז ער געווען אריינגעטאָן, נאָר מיט מצוות ומעשים טובים איז ער געווען באשעפטיקט. תמיד געווען פריילעך, מיט א שמייכל אויף די ליפּן, און צו אלעמען גערעדט בטחון־ווערטער: גאָט וועט העלפן! עס וועט זיין גוט!

עס איז נישט געווען קיין איין ייד אין כעלם, פון גרויס ביז קליין, וואָס האָט מאָטל טוביה׳ן ניט געקענט.

ער האָט באַזאָרגט יידישע זעלנער אין שטאָט, זיי זאָלן האָבן ערטער ווו צו זיין שבת און יום־טוב. ווען עס פלעגט פּאַסירן, אז עס זיינען איבערגעבליבן 5—6 זעלנער אין בית־המדרש און אלע זיינען שוין אוועק פון בית־המדרש, האָט ער זיי אלעמען גענומען צו זיך אויף שבת אָדער אויף יום־טוב. ער פלעגט אויך באַזאָרגן יידישע ארעסטאנטן מיט א מנין און שפּייז.

ער האָט געזאמלט געלט אויף הכנסת־כלה. מ׳האָט אים אָפּט געקאָנט באגעגענען, טראָגנדיק פולע קוישן מיט לעקעך און בראַנפן און אלע נייטיקייטן צו אַן אָרעמען ברית אָדער חתונה.

זיין גרעסטע מצווה איז געווען משמח זיין חתן וכלה. ער איז אויף אָרעמע חתונות געווען א בדחן, א כלי־זמר און מחותן.

ער איז אויך געווען גבאי פון דער חברה מלביש ערומים, באזאָרגנדיק די אָרעמע קינדער פון דער ת״ת מיט שיך און וואַרעמע מאַנטעלעך.

ער האָט אויך געטראָגן צו קראנקע אין די הייזער דעם אתרוג און לולב. ער האָט ניט פארגעסן די מינדסטע קלייניקייט צו טאָן לטובת די נויט־באַדערפטיקע. זיין הילף־אַרבעט האָט ער געטאָן באמונה שלמה.

## משה זאַמלער

משה זאמלער איז געווען א בעקער, ער האָט געאַרבעט 15 שעה אין מעת לעת. זיינע אויגן זיינען געווען רויט פון ניט שלאָפן גענוג, אָבער ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן ווילן און דראַנג צום לעבן, הגם ער איז ניט געווען אין הסכם מיט זיין אויסזען.

איך געדענק ווי א פרייטאָג נאָך מיטאָג איז ער אריינגעקומען צו אונדז אין שטוב, ווענדנדיק זיך צו מיין מוטער, עליה השלום, אז ער דארף נייטיק מיך זען. לכתחילה האָט זיך מיין מוטער גע־וואונדערט איבער דעם, ווייל ווי קאָן עס געמאָלט זיין, אז א ייד פון עטלעכע און דרייסיק יאָר זאָל האָבן נייטיק זען א 14 יאָריקן יינגל. איך בין געווען גראָד אין שטוב און בין צוגעגאַנגען צו אים. ער האָט מיר געזאָגט דאָס פאָלגענדיקע: „איך בין אומוויסנדיק, איך קאָן נאָר א ביסל לייענען, אָבער צום באַדויערן קאָן איך נישט שרייבן. אז עס קומט מיר אויס זיך חתמענען, שטעל איך דריי צלמלעך. איך האָב שוין דריי קינדער און זיי וועלן זיך זיכער שעמען מיט זייער אומוויסנדיקן טאַטן. העלף מיר צו ווערן א מענטש. דיין הילף איז מיר נייטיק. איך וועל דיר מיט גאָטעס הילף אָפּדינען. מיר זיינען דאָך שכנים, ווען דו וועסט האָבן צייט און ווען דו ווילסט קום אריין און לערן מיר שרייבן“.

איך בין געווען זייער צופרידן פון זיינע רייד. כ׳האָב מיין אויפגאבע גענומען אויספילן על צד היותר טוב. אין משך פון 8 חדשים האָט משה זאַמלער באַוויזן אויסלערנען זיך שרייבן יידיש און פויליש און אַ ביסל חשבון. זיין פרייד איז געווען אין לשער.

שפּעטער, ווען כ׳בין אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, איז ער געקומען מיט מיר זיך געזעגענען און ער האָט מיר פארטרויט א סוד, אז אויך ער רעכנט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, און ער האָט טאַקע זיין וואָרט מקיים געווען.

ווען כ׳האָב זיך מיט אים באגעגנט אין ארץ־ישראל האָט ער מיר דערציילט ווי ער האָט געשמוגלט די גרענעץ קיין רומעניע און ווי ער האָט דאָרט געאַרבעט אין אַ טאַרטאַק ביים זעג־מאַשין. ער איז געקומען קיין ארץ ישראל אומלעגאַל א.נ. לייב פסובסקי.

ער האָט דערנאָך ארויסגעפאָדערט קיין ארץ־ישראל זיין פרוי און קינדער. אָבער דער גורל זיינער איז געווען, אז ערב יום־כפּור, איז ער געפאַלן אויף זיין פאַרטיידיקונג־פּאָסטן, פאַלנדיק פון אַ קויל פון אַ שונא — א דייטש־היטלעריסטישער אָנהענגער.

זיין אָנדענק וועלן מיר נישט פאַרגעסן!



פסח טענענבוים מיט זיין פרוי, װעלכע די נאציס האָבן אומגעבראכט.



ר׳ יעקב מרדכי ניסענבוים מיט זיין פרוי, װעלכע זיינען געפאַלן אלס קדושים אין כעלם.

# פייוול פריד



פייוול פריד

פייוול פריד איז געווען דער נערוו, די טרייב־קראַפט אינעם יידיש - געזעלשאפטלעך־קולטורעלן לעבן פון כעלם. ער האָט מיט זיין ערודיציע און פּאָליטיש - געזעלשאפטלעכער רייפקייט און באַוווסטזיין גע־טראָגן ליכטיקייט צווישן די יידישע מאַסן אין כעלם.

איך געדענק פייוול פרידן פון די יאָרן 1918 ביז מיין פאַר־לאָזן כעלם אין יאָר 1933. אין דער גרויזאַמער היטלער־תקו־פה האָב איך געהערט פון אים אָפּגעריסענע ידיעות. נאָכן גרויסן בלוטיקן מבול בין איך געשטעלט געוואָרן מיט אים אין שריפטלעכער פארבינדונג.

היינט געפינט זיך פייוול פריד אין לובלין, פוילן. דאָס וואָס ער האָט איבערגעלעבט און דורכגעמאַכט, האָט געלייגט דעם בי־טערן חותם אויף אים. אין כעלם האָט ער נישט געפונען קיין אָרט, קיין מנוחה, די ליידיקע יידישע שטאָט, וווּ ער האָט יאָרנ־לאַנג פארנומען אַן אָנזעענדיק אָרט, האָט אים פארטריבן אין דער שכנותדיקער שטאָט לובלין. ער איז אַלט, צעוווייטאָגט, שוואַך, אָפּט קראַנק און מיט ווייניק מוט צום לעבן.

עס דערמאָנען זיך די גלאַנץ־יאָרן פון פייוול פריד, וואָס פארא קאָלאָסאַלע אונטערנעמונג־קראַפט און איניציאַטיוו־כח ער האָט פאַרמעגט. ער האָט געשאַפן און אנטייל גענומען אין דער טעטיקייט פון פיל געזעלשאפטן און אָרגאַניזאַציעס. ער איז גע־ווען דער, וואָס איז געשטאַנען ביים וויגעלע פון דער ארבעטער באַוועגונג, און בלב ונפש געווען איר איבערגעגעבן.

מיין פאָטער ע״ה האָט מיר פּרובירט „פאַרמיאוסן“ פייוול פרידן; ער האָט אים פאר מיר אמאָל פאָרגעשטעלט אין טונקע־לע פארבן אלס בונדאָוויעץ און רעוואָלוציאָנער. ער האָט מיר דערציילט, אז אין 1905, האָט פ. פריד אָנגעטאָן „גרויסע צרות“ מיט זיינע אגיטאַציעס צווישן די ארבעטער, בעת די בארימטע שטרייקן אין יענער צייט. (ער איז אמאָל אריין צו אונדז אין הויז, אין דער „מאַסטערסקאַיע“ (פאַבריק) מיט אַ רעוואָלווער און גע־דראָט . . .)

פייוול פריד איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט מיך אריינ־געפירט אין דער יידישער און ליטעראַרישער וועלט. אלס רעדאַק־טער פון דער „כעלמער שטימע“ אין יאָר 1925, האָט ער מיך אָנגעמוטיקט צום שרייבן, געמאַכט מיך פאר א מיטארבעטער פון יענער צייטונג.

איך געדענק די צייט, ווען פייוול פריד איז געווען דער ביב־ליאָטעקאַר פון דער באָראָכאָוו־ביבליאָטעק אין כעלם. ער איז אויך געווען דער גרינדער פון דער דאָזיקער ביבליאָטעק. בעת מיין ערשטן באַזוך אין יענער ביבליאָטעק, מיט עטלעכע דרייסיק יאָר צוריק, ווען איך האָב דעם ערשטן מאָל גענומען לייענען יידיש, האָט מיך פייוול פריד געעצהט דאָס ערשטע בוך צו ליי־ענען — שלום עליכמס „פינף און זיבעציק טויזנט . . .“

פייוול פריד איז געווען א גוטער לעקטאָר. זיינע רעפעראַטן



אין לאָקאַל פון דער לינקער פּועלי ציון און אין אַנדערע זאַלן האָבן צוגעצויגן גרויסע מאַסן.

מען האָט אין כעלם געשמועסט, אז פייוול פריד איז אונטער דער צאַרישער הערשאַפט געווען פארשיקט אין סיביר פאר רע־וואָלוציאָנערע מעשים. נאָך דער וועלט־מלחמה איז געוואָרן שטאַרק קאָנטיק פ. פרידס טעטיקייט. ער איז געווען שטאַרק טעטיק ביי דער לינקער פּועלי־ציון־פּאַרטיי, ער איז געווען א צייט אויך דער רעדאַקטער פון „כעלעמער פאָלקסבלאַט“.

פייוול פריד איז געווען א קינד פונעם פאָלק, דעריבער איז ער געווען באַליבט און געאַכט ביי אלעמען. ער איז געווען באשיידן, נישט געהאַלטן זיך גרויס, מיט אָרעם און רייך געווען באַפריינ־דעט, נישט געשטופּט זיך צום אויבנאָן און צו כבודים; געווען א ליבער און טיכטיקער קולטור־טוער, א וועג־ווייזער פאר פיל יידישע יוגנטלעכע. יאָרנלאנג איז ער אויך געווען א לערער פון דער יידישער פאָלקשול.

צום סוף דארף דערמאָנט ווערן, אז ער האָט זיך פיל באשעפ־טיקט מיט מאַכן איבערזעצונגען פארן פאַרלאַג ש. יאַטשקאָווסקי אין ווארשע, פארלאַג גאָלדבאַרב און אנדערע. ער האָט איבער־זעצט די ווערק פון עמיל לודוויג, סינקלער, זאַשטשענקאָ, דונקאַן און אנדערע.

* * *

# קאַרל וואַסערמאַן

אין די יאָרן 1918—1922, איידער ער האָט אויסגעוואנדערט קיין אמעריקע, איז ער פריער געפאָרן קיין קובא— און שפּעטער מיט יאָרן איז דער אינטעליגענטער און באשיידענער וואַסערמאַן גאָר גרויס געשטיגן אין זיין נייער היים, אמעריקע.

ער האָט געענדיקט אַ לערער־סעמינאַר און געוואָרן א טיכ־טיקער קולטור־טוער און גוטער לערער. ער האָט אָנגעפירט מיט זיין ארבעט אלס לערער אין פיל שולן פון אמעריקע, אין אַ ריי שטעט, געוואָרן שטאַרק באַליבט ביי הונדערטער און טויזנטער יידישע קינדער, אזוי אויך ביי די עלטערן.

קאַרל וואַסערמאַן איז פון דער נאַטור א ליבער מענטש מיט אַ גרויסער ליבע צו מענטשן און צו קינדער בפרט. ער איז אויך אַ פען־מענטש. אָפט באַגעגנט מען אים אין דער קינדער־אָפּטיילונג פון דער „מאָרגן פרייהייט“, ווו ער פילט דאָרטן אויס אַ גרויסן טייל מיט זיין מיטאַרבעט, מיט קינדער־שפילן, וויצן און רעטענישן.

וואַסערמאַן איז אויך געווען א מיטאַרבעטער אין „יונגוואַרג“, עס איז אַ דאַנק די קינדער־שולן אין ניו־יאָרק דערשינען זיינס אַ בוך „שפילן און רעטענישן“. וואַסערמאַן קומט פון כעלם פון אַן אָרעמער משפחה. זיין פאָטער איז געווען א שניידער און איז פריצייטיק געשטאָרבן אין אַמעריקע.

# א. י. דובעלמאַן

מיט אַן ערך דרייסיק יאָר צוריק, האָט א. י. דובעלמאַן זיך ארויסגעריסן פונעם קליינעם און שטילינקן שטעטל רייוויץ, אַ שטעטל וואָס איז געלעגן נאָענט צו כעלם, — זיך ארויסגעריסן אין דער גרויסער וועלט אריין.

נאָך אלס יונגער בחור האָט שוין דובעלמאַן זיך געריסן צו גרויסע יידישע צענטערס, ווו יידיש לעבן האָט פולסירט. דער גרויסער יידישער צענטער ניו־יאָרק האָט דובעלמאַנען געצויגן, און איין טאָג האָט ער זיך ארויסגעכאַפּט פון זיין היים־שטעטל און אוועק אין דער גרויסער וועלט אריין.

קיין אמעריקע איז דובעלמאַנען נישט געלונגען אריינצוקומען, איז ער געבליבן שטעקן אויפן וועג, אין ווייטן קובאַ, ווו ער וווינט שוין דאָרטן קרוב 30 יאָר. אין קובאַ האָט דובעלמאַן געמאַכט זיין היים, מיט געווירקט דאָרטן צו אַנטוויקלען דעם יידישן ישוב און געדרוקטן יידישן וואָרט.

דובעלמאַן האָט ארויסגעגעבן צוויי יידישע ביכער, דערציי־לונגען פון קובאַנער לעבן, איז אויך דער מיט־רעדאַקטער פון „האַוואַנער לעבן" וואָס דערשיינט אין קובאַ, באַטייליקט זיך אויך אין פיל יידישע צייטונגען פון אנדערע לענדער.

ה. ש.

---

מ. טענענבוים, ישראל

# לייבעלע סטאָל

לייבעלע סטאָל איז געווען גוט באוווסט דער כעלעמער יוגנט בכלל און צווישן דער פּראָגרעסיווער יוגנט בפרט.

שטאַרק־אַקטיוו איז געווען די פּראָגרעסיווע יוגנט אין כעלם, געווען באַפליגלט מיט אויסערגעוויינטלעכער געוואַגטקייט ביים אויספילן די פאַרגעבן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

הגם די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין פוילן איז געוואָרן אויפגע־לייזט, ווייל א סך אירע מיטגלידער זיינען געשטעמפּלט געוואָרן פאַר פּאַררעטער, דאָך האָבן די פּראָגרעסיווע יוגנטלעכע אין כעלם ניט אָפּגעשטעלט די קאָמוניסטישע טעטיקייט, ניט אונ־טערוואַרפנדיק זיך דעם מאָסקווער באשלוס. מיט גרויסער עקש־נות האָבן זיי ממשיך געווען די אומלעגאַלע טעטיקייט און אָן אָן איבעררייס געקעמפט מיט דער רעאַקציע.

איינער פון די דאָזיקע יוגנטלעכע עקשנים איז געווען לייבע־לע סטאָל. ער האָט געאַרבעט ביי א שניידער אויף דער לובלינער גאַס. ער האָט געטראָגן אין זיך א פייערדיק גלויבן, אז דער ליכ־טיקער מאָרגן וועט קומען פון מזרח און אלע גערודפטע וועלן ווערן פרייע און גליקלעכע.

די אטמאָספער אין פוילן איז געווען שטאַרק אנטיסעמיטיש און אַ רעאַקציאָנערע, דער אידעאַל פון דער קריסטלעכער יוגנט איז געווען צו באַפאַלן יידן און צו זען יידישע צעהאַקטע קעפּ. עס האָבן זיך געפילט, אז די פּעסער פולווער וועלן אויפפּראַלן און די פאַרשאָלטענע האנט פון גיפט און שנאה וועט א ליאַדע טאָג אריינוואַרפן די וועלט אין אַ בראַנדיקן פּאַקעל.



דער שטאָט־גאָרטן אין כעלם איז געווען דער זאַמל־פּונקט פון דער יוגנט פון פאַרשיידענע שאַטירונגען. דאָרט האָט מען דעבאַטירט איבער פאַרשיידענע אידייען, וועגן דענקער און זייע־רע שיטות. עס פלעגט זיך צוזאמענקומען די ציוניסטישע יוגנט, דער „השומר־הצעיר" און די פּראָגרעסיווע יוגנט.

לייבעלע סטאָל האָט אָפט זיך באוויזן אין גאָרטן מיט זיין גרופּע. ער איז געווען דער טאָן־געבער אין אלע דיסקוסיעס, און מיטן גרויסן ברען און באגייסטערונג האָט ער ארגומענטירט זיי־נע פּאָליטישע אָנשויאונגען. לייבעלע סטאָל פלעגט העקטאָגראַ־פירן פלוג־בלעטלעך. כ'געדענק ווי ער האָט זיי פאַרטיילט דעם ערשטן מאַי און זיי אריינגעשליידערט אין די וואַרשטאַטן, ווו די ארבעטער האָבן פּראָדוצירט לאַנד־ווירטשאַפט־מכשירים. ער און זיין גרופּע האָבן ספּעציעל אויסגעהאַקט די שויבן און אריינגעוואָרפן אינעווייניק פּראָקלאַמאַציעס, וואָס האָבן גערופן זיך שטעלן אין קאַמף מיטן פאַרהאַסטן קאַפּיטאַליזם.

בעת דער קריג איז אויסגעבראָכן איז ער, גלייך ווי אלע זיי־נע חברים, אנטלאָפן. אָבער די היטלעריסטישע פּעסט איז זיי פאַרלאָפן דעם וועג. א צעבראָכענער און א באטריבטער האָט ער זיך צוריקגעקערט אין זיין געבאָרן־אָרט, אויסבאַהאַלטנדיק זיך א געוויסע צייט. מחמת פון הונגער און פּיין איז ער געווען גע־צוווּנגען ארויסגיין פון זיין באהעלטעניש, און איז געכאַפּט גע־וואָרן דורך דער געסטאַפּאָ.

כבוד זיין אָנדענק!

* * *

# מענדל שטאַם

די ערשטע מערדערישע דייטשישע גזירה — דער טויטנ־מאַרש כעלם־הרוביעשאָוו־סאָקאַל — האָט באַוויזן, אז פאַלש איז די איינבילדונג ביי א טייל יידן וועגן די דייטשן, אז זיי זיינען ניט אזוי מערדעריש. דער פּרצוף פון זייער ווילדקייט האָט זיך שוין נאַקעט און בולט אנטבלויזט. דער אָפּקלאַנג פון די שאָסן אין הרוביעשאָווער וואלד, דאָס פאַרגאָסענע בלוט אויף דעם טראַקט כעלם־הרוביעשאָוו־סאָקאַל האָט אויפגעשוידערט די כע־לעמער יידן און די יידן אין די שכנישע שטעטלעך און שטעט.

א גרופּע יוגנטלעכע האָט ניט מיטגעמאַכט דעם דאָזיקן טויטנמאַרש, זיי האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ הייל. די נעכט זיי־נען געווען פינצטערע און זיי פלעגן ביינאַכט ארויסגיין פון דער הייל און אריינדרינגען אין די קראָמען, ארויסנעמענדיק עסנ־וואַרג.

די פוילישע קרעמער האָבן אָפּגעמערקט, אז די יידישע גע־שעפטן, וואָס זיינען אריבער אין זייער רשות באלד ווי די דייטשן זיינען אריינגעקומען, ווערן געעפנט אין די נעכט. זיי האָבן אָר־גאַניזירט א גרופּע פּאָליאַקן אונטער דער אָנפירונג פון באקאַנטן יידן־שונא, דער בעקער אקאָלא בולאַק, און האָבן נאָכגעשפּירט די יידן פון הייל, ווען זיי פלעגן ארויסגיין ביינאַכט. די פּאָליאַקן האָבן גענומען א לאַנגע שטריק און איינער פון זיי האָט זיך אראָפּגעלאָזט מיט דער שטריק אין דער טיפער הייל, מיט אַ לאָמפּ. די פּאָליאַקן האָבן די שטריק געהאַלטן פעסט, אָבער זייער „אויס־שפּירער" האָט זיך שוין ניט צוריקגעקערט. מיט שטעקנס און אייזערנע לאָמען האָבן די יידישע יוגנטלעכע אים צעפּערטלט אויף שטיקער.

די דייטשן און פּאָליאַקן האָבן געמאַכט אַן אָבלאַווע אויף דער דאָזיקער הייל און די גאַנצע גרופּע איז אַריינגעפאַלן אין די רוצחיש־פאַשיסטישע הענט.

בראש פון דער דאָזיקער גרופּע איז געווען מענדל שטאַם. ער איז געווען בונטאַריש און האָט באַזיצט אַ גרויסן אונטערנע־מונג־גייסט. אויך אין די ווענט פון דער תפיסה האָט ער זיך ניט פאַרלאָרן, ער באַפאַלט דעם געסטאַפּאָ־וועכטער און אַנטלויפט מיט אַ רעוואָלווער.

די דייטשן האָבן פונאַנדערגעקלעפּט מעלדונגען, צוזאָגנדיק אַ גרויסע באַלוינונג פאַר דעם קאָפּ פון מענדל שטאַם. ער ווערט אויפגעזוכט. די געסטאַפּאָ פירט אים אַוועק אין דער תפיסה. די דייטשן זיינען זיך אין אים נוקם. זיי ווענדן צו אים אָן אַ מיתה משונה — מען פאַרפייניקט אים צום טויט.

יהי זכרו ברוך!

* * *

# ד״ר ישראל אָקס

ד״ר ישראל אָקס איז געווען אַ ליכטיקע געשטאַלט, אַ טייע־רער ייד מיט אַ יידיש־זיסן האַרץ, ווען עס צערינט אַ נעפּל און עס טיילן זיך דערנאָך ארויס די ליניעס פון אויפלויכטיקער שיין, אַזוי האָט ד״ר ישראל אָקס געשיינט און געשטראַלט מיט זיין יידישן באַנעם, וואָס האָט אַריינגעטראָגן ליכטיקייט אין דער פלאַטערנ־דיקער פינצטערניש. יידן אביונים האָבן געוווסט, אַז ד״ר ישראל אָקס מיט זיין אַלטער מוטער און מיט דער טייערער יידישער טאָכ־טער, זיין ווייב, וועלן ניט פאַרגעסן אָן אָרימאַן, און אים שטענדיק העלפן, און אין די פרייטאָג־טעג צוגרייטן פאַר אים אַ שבת־פּעחל.

די דאָזיקע ליכטיקע פּערזענלעכקייט, ד״ר י. אָקס, וועלכער איז אומגעקומען אין דעם טויטנמאַרש כעלם־הרוביעשאָוו־סאָקאָל, האָט מיטגעאַרבעט מיט מיין פאָטער אין גמילות־חסד־קאַסע, און כ׳האָב געזען זיין פאַראינטערעסירונג מיט יעדן נצרך, קומענ־דיק אַקעגן מיט אַ הלוואה.

מיט געבויגענע קעפּ און צעבראָכענע הערצער דאַרפן מיר דערמאָנען זיינע פאַרדינסטן פאַרן כלל. זיין געקרייזלטער קאָפּ האָר, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעגלאַנצט אַ היבש ביסל זילבער־נע האָר, האָבן צוגעגעבן צו זיין אויסזען טיפּישע יידישקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך ניט געשעמט. זיינע קלוגע שוואַרצע אויגן האָבן שטענדיק גוטמוטיק געשמייכלט.

ד״ר אָקס איז געווען באַרימט אין כעלם ווי אַ מעדיצינער און אַלס שטאָט־עסקן, וואָס האָט אויך געקאָנט לערנען אַ בלאַט גמרא.

כבוד זיין אָנדענק!

**י. צעבער, אויסטראַליע**

# ישראל יצחק נאַנקין



י. צעבער

ישראל יצחק נאַנקין, דער זון פון פישל דעם שניידער, איז געווען איינער פון די אַק־טיוווסטע טוערס אין האַנט־ווערקער־פאַראיין. ער האָט אַריינגעזאַפּט אין זיך דאָס גע־פיל פאַר גערעכטיקייט, פון יושר און ליבשאַפט צום יידישן פאָלק־מענטש און איז געווען יאָרנלאַנג אַקטיוו אין טעטיקייט לטובת די כעלע־מער האַנטווערקער.

אָנהייב די דרייסיקער יאָרן, ווען די פוילישע רעגי־רונג האָט אַרויסגעגעבן דאָס רעאַקציאָנערע צעכן־געזעץ, איז עס געווען אַ באַדראָענ־דיקע עקאָנאָמישע סכנה פאַר די יידישע האַנטווערקער.

אין יענער צייט האָט דער צענטראַלער יידישער האַנטווער־קער פאַרבאַנד אין פוילן אָנגעהייבן אַ ברייטע אויפקלער־אַקציע צווישן די יידישע בעלי־מלאכות וועגן אַנטיסעמיטישן צעכן־גע־זעץ. ישראל יצחק נאַנקין האָט זיך בלב ונפש אַריינגעוואָרפן אין דער דאָזיקער אויפקלער־טעטיקייט.

ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער פאַרטיידיקט די רעכט פון יידישן בעל־מלאכה און פאָלק־מענטש.

ער איז געווען פאָרזיצער פון יידישן שניידער־פאַראיין און פון „ספּאָלדזשעלטשי״ באַנק. געווען איז ער אויך איינער פון די גרינדער פון „לינת הצדק״ און איז געווען אויך אַקטיוו אין דער געזעלשאַפט „טאָז״.

צו זיין 30־יאָריקן יובליי־טאָג האָט אים די „לינת הצדק״ גע־געבן אַ ספּעציעלן זשעטאָן אַלס אַן אויסצייכענונג און אַ גאָלדענעם זשעטאָן האָט ער באַקומען פון כעלעמער האַנטווערקער פאַראיין.

אין יאָר 1936, אין עלטער פון 41 יאָר, האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה. זיין פריצייטיקער טויט איז געווען אַ גרויסער פאַר־לוסט פאַר די יידישע בעלי־מלאכות און פאָלק־מאַסן פון כעלם.



ש. טענענבוים, ניו־יאָרק

# דער פעטער פון כעלם

מיין פֿאָטער האָט געהאַט עטלעכע ברידער: איינעם אין זוואָלין, א צווייטן אין שעדלעץ, א דריטן אין וואַרשע, א פערטן — אין כעלם. מיר, קליינע קינדער, האָבן אונדזער משפחה נישט געקענט. מיין פֿאָטער האָט געהאַט אַ נייגונג זיך צו ציען יעדער האַלבן יאָר פון איין דאָרף אינעם אַנדערן. איז ערגעץ געשטאַנען אַן אַלטע חורבה, האָט ער זי אויפגעבויט, צורעכטגעמאַכט מיט זיינע אייגענע הענט און אריינגעטאָן ליכט און זון אין דער אַלטער חורבה. נאָכדעם, ווי מיר האָבן אָפּגעוווינט א האַלב יאָר, האָט מיין פֿאָטער שוין ווידער אויסגעבויט עפּעס א פארלאָזטן פּאַלאַץ פון א גראַף און מיר האָבן זיך אַהין געצויגן. מיין פֿאָטער האָט אין צייט געהאַנדלט מיט פערד, האָט ער נאָר אויפגעקויפט קראַנקע פערד. ער פלעגט אַהיימקומען פון יאַריד מיט אזא קראַנק, פארוואונדעט פערד, אז עס איז געווען א רחמנות דערויף צו קוקן. ער האָט עס אין משך פון וואָכן לאַנגע געהיילט, געוואַשן ביים דאָרפישן סטאַוו, גערייניקט, פאַרצויגן די וווּנדן מיט פרישע הויט. דאָס פערד האָט אויפגעלויכטן אין דער גוטער היים. מיר אַלע האָבן זיך צוגעוווינט צום פערד, ערשט מיין פֿאָטער פאַרקויפט עס פאַר א שיבוש און פאַרט שוין אויפן יאַריד צו קויפן עפּעס א פאַרבלוטיקט, פאַרחושכט פערד און עס ווידער צו היילן וואָכן לאַנג.

איינמאָל האָט געטראָפן, אז מיין פֿאָטער האָט געקויפט ביים אַבלאַסער פּריץ אַ חולה־פערד. דאָס פערד איז געלעגן אין שטאַל א צונויפגעקאָרטשעטער אין שמערצן.

מיין פֿאָטער האָט שוין פעסט באַשלאָסן צו באַקומען דאָס פערד. ער האָט באַצאָלט און, ווי נאָר מען האָט דאָס פערד מיט גרויסע שוועריקייטן ארויסגעפירט אין דרויסן, איז עס אומגעפאַלן און אָפּגעפגרט אויפן פּריץ'ס פעלד. מיין פֿאָטער האָט יאַרנלאַנג געפירט ספּראַוועס מיטן פּריץ. אָבער דער פּריץ האָט נאָך געמאַנט געלט פון מיין טאַטן פאַרן ברענגען אויף זיין לאַנד א טויטן פערד...

אין איין צייט האָט מיין פֿאָטער זיך פאַרנומען מיט זייגער־מאַכעריי. פלעגט ער אָפּקויפן אַלטע, טויטע זייגערס, זיי אויסלאָדעווען, זיי זאָלן גיין אזוי שנעל ווי זיי האָבן באַקומען לעבן, האָט ער זיי פאַרקויפט. אונדזער הויז איז שטענדיק געווען א שפּיטאָל פון טויטע זייגערס מיט שטומע ציפערבלאַטן, ווי פּנימער פון מתים. אזא זייגערמאַכער איז געווען מיין פֿאָטער.

אפשר איז אין אים פארלאָרן געגאַנגען א גרויסער דאָקטער, וואָס האָט געוואָלט היילן די וועלט.

וואַנדערנדיק פון דאָרף צו דאָרף, האָבן מיר די פאַמיליע אונדזערע נישט געקענט. און ס'רוב, אין אומעטיקע שטונדן, באַדויער איך דאָס. איצט, ווען זיי זיינען שוין אַלע פאַרשוואונדן, ווי אין א פינצטערן אָפּגרונט, לייד איך וואָס איך האָב זיי נישט געקענט. איך וואָלט זיי געוואָלט באַשרייבן. פון צייט־צו־צייט פלעגט דאָך אויפטויכן א היימיש פּנים פון א פעטער, א מומע, און מיין מוטער פלעגט וויינען ביים געזעגענען זיך און מיין פֿאָטער פלעגט שנעל „אָפּפרייען" זיך און צוריקגיין צו זיינע שטאַרבנדיקע פערד, צו זיינע טויטע זייגערס, צו זיינע פארלאָזענע חורבות...

וועגן מיין פעטערס פאַנטאַסטישן כאַראַקטער וואָלט איך געוואָלט אָנשרייבן אַ גאַנצן בוך, וועגן זיין אויסערגעוויינטלעכן טאַלענט אלס שרייבער, מאָלער, רעדנער. די ווענט פון די הייזער, די זייגערס, אַלץ פלעגט מיין פֿאָטער אָפּפאַרבן אין גאָלדענע און אין זילבערנע פאַרבן. די ברעגן פון די ספרים־בלעטער פלעגט ער פארשרייבן מיט פאַסירונגען און מעשיות פון די פינצטערע מלחמה־צייטן. אין מיין פֿאָטער איז געווען א פילפאַרביקער קינסטלער, וואָס איז צוזאַמען מיט אים פארלאָרן געגאַנגען. מיין אייגענעם שרייבערישן טאַלענט האָב איך געירשנט פון מיין טאַטן. אָבער דאָס איז בלויז א פונק פון דעם גרויסן פלאַם, וואָס האָט אין זיין גרויס הארץ געפלאַקערט.

מיין טאַטנס אַנדערע ברידער זיינען געווען איינזאַמע, קראַנקע און אָרעמע יידן. זיי האָבן זיך אין לעבן ביטער געמאַטערט. נאָר דער פעטער פון כעלם איז געווען א ייד א גביר. ער האָט געהייסן ר' פסח. און זינט איך געדענק, האָט ער געוווינט אין כעלם. און ריידנדיק וועגן אים, וועגן זיין גוטן מזל, וועגן זיינע גראָטעסקע קינדער, וועגן זיין שיינער פרוי, האָט מען שוין אויך דערציילט די באַרימטע כעלעמער מעשיות. אין כישוף פון באַרימטן, פאַנטאַסטישן הומאָר איז אויפגעגאַנגען דאָס וווּנדערלעכע כעלם. אין דעם צויבער פון שפּיציקן וויץ, אין דעם גראָטעסק פון די אַלע וווּנדערלעכע, פליענדיקע, הערלעכע יידן, וואָס האָבן זיך אַלע באַטייליקט אין דעם כעלעמער שיקזאַל־יאַריד; אין דעם בונטן קאַרנאַוואַל פון מזל און שלימזל; פון יעדן כעלעמער ייד האָט אַראָפּגעטריפט איינפאַל, שאַרפזין, קלוגשאַפט און חכמה; די כעלעמער יידן זיינען אַלע געווען פארגאַפט מיטן ליכט פון דער לבנה, וועלכע זיי האָבן געוואָלט פאַנגען; געוואָלט איינשליסן אינעם פאַס די דאָזיקע הימלישע רויז, אזוי ווי אַנדערע פעלקער און מחברים האָבן זיך געיאָגט נאָך דעם בלאָען, מעטערלינקישן פויגל, נאָך דער בלאָער בלום פון נאָוואַליס; נאָך דעם טעלערל פון הימל, וואָס דער געליבטער זאָגט צו דער געליבטער אין דער שמעקנדיקער בעז־נאַכט. די כעלעמער נאַרן זיינען מיר אריין אין האַרצן מיט זייערע פאַרחלומט־בלאָע אויגן, גרויסע קעפּ פול חכמה, רויט־פלאַמענדע בערד פון דער לבנה אָנגעצונדן. איך האָב זיי ליב געהאַט, די דאָזיקע הערלעכע, גרויסע, הייליקע נאַראָנים פון דעם גרויסן, גאָלדענעם יידישן פאָלקלאָר.

און מיין פעטער פסח האָט געהאַט אַ וויין־געשעפט אין כעלם. אפשר, פאַרבייגייענדיק זיין שיינעם וויין־האַנדל, קוקנדיק אין פענצטער אויף די אָנגעצונדענע פלעשער מעד און ראָם אין דער פרימאַרגנדיקער זון, זיינען די כעלעמער יידן געוואָרן אזוי שיכור־אָנגעצונדן און זיי האָבן באַשלאָסן צוזאַמען צו זאַמלען א פאַס מיט וויין... נאָר זיי זיינען נעבעך געווען גרויסע אביונים און יעדער איינער פון זיי האָט, נעבעך, געגאָסן וואַסער אנשטאָט וויין, אינעם גרויסן הילצערנעם פאַס...

בלויז איינמאָל איז מיין פעטער, פסח, דערשינען ביי אונדז אין דער היים. ער איז עפּעס ווי פון הימל ארונטערגעפאַלן. דערוואַרטנדיק צו זען אַ פריילעכן, כעלעמער פעטער, איז גאָר ביים טיש געזעסן אַן אומעטיקער פוילישער ייד. ער איז געווען שטאַרק ענלעך צו מיין פֿאָטער, אזוי אז מיר איז איינגעפאַלן א געדאַנק, אז דער פעטער פסח וועט חלילה נישט וויסן צי ער איז טאַקע דער פעטער, צי גאָר מיין פֿאָטער.

אין האַרצן האָב איך אפשר געוואונטשן אז, דער פעטער פון כעלעם זאָל פארגעסן ווער ער איז און אז ער זאָל בלייבן מיט אונדז און מיינען, אז ער איז אונדזער טאַטע און מיין טאַטע וועט

אוועק אַלס דער פעטער פון כעלם... שטום, נאָך אזוי פיל יאָרן, איז געזעסן דער פעטער פון כעלם. און אויך מיין טאַטע האָט געשוויגן. ביידע ברידער האָבן זיך נישט געזען לאַנגע, לאַנגע יאָרן. זיי זיינען גראָ געוואָרן דורך דער צייט.

מיין מאַמע האָט געשטעלט עסן אויפן הילצערנעם טיש, מיט דער צעשניטענער צעראַטע, אויף וועלכער עס זיינען געווען גרויסע פלעקן פון טינט. (דאָס האָבן מיר זיך געלערנט שרייבן די ערשטע גרויסע אותיות...) מיין פעטער פסח׳ס בלאַסע, איידעלע הענט, מיט א בלוטלאָזער פּאַרמעט־הויט, האָבן געשאַרט אויפן טיש. ער האָט טועם געווען פונעם עסן. אנשטאָט מיין מוטערס שפּייזן, האָט ער ארויסגענומען פון א רענצעלע א פעקעלע מיט מאַקאַראָנדלעך און מיט זיינע דינע ציין געביסן פון א מאַקאַראָנדל און צוגעטרונקען פון א גלאָז מילך...

— וואָס עסט מען ביי אייך אויף פרישטיק? — האָט מיין מוטער געפרעגט, זייענדיק נייגעריק צו וויסן וואָס מען עסט אין א רייך יידיש הויז.

— א מאַקאַראָנדל... א ביסל איינגעמאַכץ... — האָט מיין פעטער געענטפערט.

— און וואָס פאר מיטאָג־צייט? — האָט מיין מוטער וויטער געפרעגט.

— א שטיקעלע הון... א ביסל יויך... און מען פארבייסט מיט א מאַקאַראָנדל...

— און וואָס עסט מען פאר וועטשערע?

— זייער ווייניק. מען טרינקט א גלאָז מילך מיט א מאַקאַראָנדל...

מיר, קינדער, האָבן זיך צוגעהערט צום דאָזיקן גרויסן „שמועס"... איצט זיינען מיר געווען שטאַרק איבערראַשט פון דעם פעטערס רייכקייט. אז מען קאָן זיך אין א יידיש הויז פאַרגינען צו עסן ביי אלע דריי מאָלצייטן מאַקאַראָנדלעך, דאָס איז געווען איבער אונדזער פאַנטאַזיע. בלויז א קיסר קאָן זיך פאַרגינען צו עסן מאַקאַראָנדלעך ביי יעדער מאָלצייט... אויב אזוי, איז דער פעטער פון כעלם טאַקע א גביר אדיר...

אומעטיק איז געווען דאָס צעשיידן זיך... מיטן קרומען וועג, ביי דער פייכטער „אלשינע" (וועלדל), האָבן געשפּאַנט צוויי אלטע, טרויעריקע יידן... מיט גראָע בערד און שטומע פנימער. און הינטער זיי זיינען געגאַנגען מיין מאַמע, מיט אונדז, קינדער. עס איז געווען פאַרנאַכט. ס׳האָט א קוקאָווקע איר לעצטן קו־קו געזאָגט. ס׳האָט אַ גאָלדענער נאַכטיגאַל אין וואַלד געטרילערט א גאָלדן ליבע־ליד... ס׳איז געווען גרויס די זון, ווי אן אומגע־הייער אויג פון גאָט, וואָס האָט שוין דעמאָלט געזען די קינפטיקע פאַרברעכנס איבער דער פוילישער ערד...

— — — טרויעריקע זיינען מיר אהיימגעגאַנגען, ווי נאָך א לוויה... יענעם אָוונט האָט מען ביי אונדז אין דער היים נישט גערעדט. עפּעס האָט מען מוראדיק געשוויגן. אזוי ווי מען וואָלט פילן, אז עס גרייט זיך אַ גרו׳יס אומגליק — אז אונדזער פעטער פסח פון כעלם וועט מיט זיין גאַנצער משפּחה פארשניטן ווערן צוזאַמען מיטן פוילישן יידנטום.

נאָר אין די שפּעטערע וואָכן און חדשים האָט מען אלץ גע־רעדט וועגן דעם רייכן פעטער, וואָס עסט מאַקאַראָנדלעך צו אלע דריי מאָלצייטן...

**ב. אַלקוויט—בלום**

# ווייסע נעכט

אַ קול אָן ווערטער האָט געוועקט
אַ ווייטן פאַרצייטיקן מזרח אין מיין מח
און מיך געבראַכט צו אַ קליין הויז
וואָס איז געלעגן שטיל און ווייס ווי אַן איי אין שטרוי.

דאָ האָב איך איבערגענעכטיקט
און בין ארויס אָפּגעבן שלום די רויטע בערד,
בלעכענע כאַלאַטן, ווייבער אין ליימיקע שטיוול,
אָנהיימיקע יונגען מיט קלינגענדיקע פויסטן,
אַ חבר וואָס עסט א שטיקל קרייד.

כ׳האָב געזען, געזען די פולע לבנה אויפן באַרג —
אַ שלייפשטיין פאַר די נאַכטיקע מעסערס איבער זיי.
איז דאָס די לבנה וואָס מיר האָבן אַמאָל
אין אַ פאַס וואַסער אריינגעפאַנגען?

כ׳האָב געזען דעם טאַטן איבער אַ ליכט
פון הוילע קנויט און הוילע פייער.
אויף דער מאַמעס בעט האָט די ווייסקייט
פון די ווענט זיך געלייגט ווי אַ סקעלעט.
די בעלקעס האָבן געטריפט זשאַווער טרערן
איבער די שלאָפנדיקע קינדער.

היים. באַרג. שטאָט פון וועלט־נאַראָנים.
מעשה שהיה. אַ הערנערדיקע קו האָט געקייט
דאָס שטרוי פון מיין געלעגער.
דיין נאָמען איז אַן אַלטער יידישער פאָקן־טרעגער.

און אז מיר דריי ברידער זיינען אַ סגל
זיך צעפאַלן איבער דער וועלט —
ווי האָבן מיר געטראָגן דיינע נויטן פון לעגענדע.

מעשה שהיה. אָבער פון וואַנעט, אַ,
פון וואַנעט איז אַ ייד?
זענט איר קלוג, ני, זענט איר קלוג.
מיר האָבן אליין זיך געקרוינט
מיט דעם געלעכטער פון אַ ציג.

נאָר אַ וואָרט האָט דאָ געבליט,
אַ פלאַנץ וואָס וואַקסט נאָך איצט אין מיר.
אין יעדער פרעמד איז דאָ א מענטש
וואָס שטאַרבן שטאַרבט ער
מיינער אַ בן־עיר.

ווייסע נאַכט. אלמנה׳דיק פאַרגייט
דאָס פנים פון דער נאַכט און ס׳בלייבט,
אין דער גאַנצער ליידיקייט פון הימל, אַליין —
אַ פעדער, אַ שטילע סופרישע פעדער
איבער אונדזער גאַס.

נעגל־וואַסער. מאָרגן־זיפצן. שמ׳עס.
דאָ רייך זיין האָט געמיינט עסן אַ פּרי
און טרעטן אויף אַ קרישקע ברויט
אַ גרויסע עבירה.

# כעלם

(פארן מבול)

מיין אויג פירט צוריק, עס וויל זעען,
יידיש־לעבן טרויעריקס און פריילעך,
ווו דער וועג איז פארבענקט און פארבעט
דאָס האַרץ פון אַן אָרעמען הולך.

טויכט אויף אין מיין שטאָט, אין כעלם,
מיטן באַרגיקן קלויסטער „סאָבאָר",
מיט אלץ וואָס מיין געמיט טוט קוועלן,
פון פארווייעטן פינצטערן יאָר.

בילדער, ריחות, חלומות
ביי די פלויטן פון „מאנטשינסקיס סאַד"
גייען אום אין קינדישע רוימען,
פון גאַרונג און גרינעם גענאַד.

עס זשומט אזא זיסער געזשום.
א קינד דערזעט שיינקייט פון וועלט,
גאָטס וואונדער איז פאראן אומעטום —
א זונען־פלעק צווישן ביימער צעהעלט.

* * *

א ריח פארשיכורט מיך, פארטראָגט,
מיין געמיט אין דערמאָנונג צעבליט —
פון א קילן טייך אין בלויעם בארג־אראָפּ,
א זון־רויז אין הימל אריין גליט.

דער טוי אויף גרינע נאַסע לאָנקעס,
די געלע יונגע אויפגעפּוישטע בלומען,
דער טייך פליסט מיט קינדעריש געפּלוידער;
פון א באָרוועס־וועלט זיינען מיר געקומען.

מיר זיצן אויף גראָ־גרינעם שטיין,
די פיס גלעטן זיך, לויטערן אין וואסער,
עס קלייבט זיך די זון אריבערצוגיין,
דער בלאָער גלאַנץ ווערט מאַטער און מאַטער.

פלוצלינג, מ'האָט געוואָרפן אונדז א שטיין —
דאָס קילקייט מאָנטע זיך צעברעכט.
אינעם וואסערל איז געשוואומען דאָס געווין,
די בלאָע וועלט איז געוואָרן אונדז פארשווערט.

פונעם בוים איינגעטונקענעם אין טייך
האָט ארויסגעווייעט אזא מין פאַרדאַכט;
דער הימל א דערשראָקענער און בלייך,
איז אונדז צוגעפאַלן באַזאַמען מיט דער נאַכט.

* * *

אויפן שאָסיי מיט פוילישע שטיינער,
גייען וואָכן, יום־טובים פארביי.
די גאַס איז העכער און ריינער
די לופט איז אין שיינקייט פון מיי.

מיין מאמע זי טראָגט אום דאָ די עולן
און גייט אין געבלומטער „מאטינע",
די היים איז מיט גאָלד אויסגעמאָלן,
ווי אין דער שיינער גבירישער תחינה.

נאָר א טרויער, א שווערער איז אויסגעשפרייט
אומבאוווסט הינטער פלייצעס פון לעבן,
אזוי האָט די מאַמע דאָס אויסגעוויינט,
אויפן „מזרח" אין גראָע געוועבן.

דער טאַטע — ער ארבעט ביז שפעט,
נאָר שבת; גאָר אַן אַנדער געזיכט,
זיין אויג — ווי א כישוף וואָס זעט
אַ העכער און אייביקער ליכט.

„שלום־עליכם — מלאכים!" —
צו קינדער די ברכה ער ווענדט,
און אלע געזאַנגען דערנאָכדעם,
הענגען אויף געבויגענע ווענט.

* * *

און ווייטער קומען אַן יום־טובים,
שווימען פרייע ארויס פון זכרון,
און ס'קאָנען נישט די שאָטנס בארויבן,
דאָס אָפּליכט פון קינדישע יאָרן.

א וואַלד איז שיין און איז גרין,
וואַלד אין זומערן פארהילט,
דער וועג טוט א גראָדער זיך ציען,
ביז צום רויש פון דער „פּאַראָווער־מיל".

די מיל האָט געזאַנג און האָט כישוף,
און א ריח אזא זיסן פון קלייען,
גוים אין ווייסן פארפרישעט,
האָוון דאָרט אום און זיי שמייען.

און שפיל־פייגל בלענדן און שוואלבן,
דאָס „חדר" איז שווער און פארמידט.
מיט דוד המלך, וואָס דער רבי טוט זאלבן,
דוד המלך, איז אויכעט א ייד.

„שבועות" לויפט־אָן מיט א „לעפעך"
א קיכל און יום־טוב־געזאנג,
דער זומער, ווי א גאָלדענער טעפיך,
נאָיעט אין צעצויגענעם גאַנג.

תשעה־באב, — קינדער אין טרויער,
מיט הילצערנע געשניצטע שווערדן,
טונקעלער ניגון באדויערט;
איכה, די פארנאַכטיקע ערדן.

יום־כפורדיקע געוויינען־לוויה
ברעכן איין אין גאָס ווי געוויסער,
און נאָכדעם דאָס יאָר דאָס נייע,
מיט הארבסטיקע בלעטער געריסן.

האַרב איז דאָס לעבן און ביטער,
נאָר די ווינטערס גיבן היימישן כוח,
ביי די אויוונס די קינדישע געמיטער,
אין וווּנדערלעכן עבר פאַרטרויט.

דער בעל־שם איז געקומען פון הישפאַניע
מיט א וואָלקן, פרייטאָג־צו־נאַכט,
די ווונדער האָבן אליין זיך פארשטאַנען
און ווידער זיך טרויעריק געמאַכט.

דעריבער איז די שוהל אין דער נידער
און אייזערנע טויערן דאָרט ליגן,
באהאלטענע זיי פארמאַכן זיך ווידער,
דער פחד, זאָל די הערצער אונדז וויגן.

אז — די גוים — מיט — העק — פלעגן — קומען
האָט די שול זיך אזוי אָ געשלאָסן...
אזוי האָבן מיר וועלטן באנומען
אין אייגענע פאַרמען געגאָסן.



ל. מלאך'ס באַזוך אין כעלם.



אַ ווינקל פון כעלעמער שטאָט־גאָרטן. דאָס בילד איז גענומען געוואָרן צו דער געלעגנהייט פון ווילן אין כעלם פונעם פארשטאָרבענעם דיכטער ל. מלאך, וואָס געפינט זיך אין צענטער פון דער גרופּע.

פיניע לערער, תל־אביב

# אלה אזכרה

צום זכרון: מיין ברודער משה לערער, געשטאָרבן אין לאַגער קיװיאָלי, עסטאָניע, סוף 1944; מיין שוועסטער אלטע־שרה לערער; מיין קוזינע טשיפּע כהן (געבאָרן לערער), איר זון לייבל כהן און איר טאָכטער בלומע כהן, אומגעקומען אויף קידוש־השם אין כעלם, הרוביעשאָוו, װלאָדאַווע.

נאָכן מוראדיקן אומגליק, וואָס איז אויף אונדז געקומען מיטן אומקום פון מיליאָנען ברידער און שוועסטער, חורבן פון אַלע אונדזערע נעסטן און בתוכם אונדזער געבאָרנשטאָט כעלם, — ווערן מוח און האַרץ פאַרפּלייצט מיט געדאַנקען און פאַרשטעלונגען וועגן געשעענעם און די אויערן הערן כסדר דאָס לעצטע געשריי פון אונדזער בלוט און פלייש, וואָס גייט אויף צו די שטערן. איז עס טאַקע געשען? האָט די טריפהנע וועלט אונדז דאָס אָפּגעטאָן? ווי וועלן מיר אדורך די אומגעבראכטע לעבנס, וואָס לעבן אין אונדז און ווי וועלן מיר אריבער דעם בארג געקוילעטע טויבן, וואָס קוקן אויף אונדז מיט אָפענע אויגן?

ווי פון שטערן אויסגעזייטע אויפן טיפן, טונקעלן הימל לאָמיר אויסטיילן אייניקע, אָנרופן זיי ביי די נעמען, כדי וויסן דעם וועג צו גיין אין זייער ליכט. לאָמיר דערציילן און וויסן וואָס מיר האָבן פאַרלאָרן.

די שטאַרקסטע איינדרוקן און זכרונות, וואָס זיינען מיר געבליבן פון די קינדער־ און ייִנגל־יאָרן אין אונדזער שטאָט, זיינען פאַרבונדן מיט די יידן און זייער שייכות צו יידישקייט, שבת־יו״ט, תורה־לערנען, בית־המדרש. דאָרטן, דאַכט זיך מיר, עד היום, האָב איך געזען די מענטשן אויסגעטאָן פון אלע צופעליקע קליפּות, אפילו די פאַרגרעבטסטע מגושמדיקסטע — אויך בשייכות צום ביסל קודש, ביסל שבת, אינדערוואָכן. עפּעס ווי א פייערדיקע רייף וואָלט זיי פעסט צוזאמענגעהאלטן, לויז־געלאָזט בלויז אויף חיונה צו ברענגען און ווידער צוריק צונויפגעזאמלט. קיין פּעולה דערמאָנט זיך מיר נישט זאָל האָבן געטאָן געוואָרן אזוי גאַנץ, אזוי פול, פריי, אזוי כל־עצמותדיק, מיט אזא פרייד פון אַ נאַטור־געבאָט, ווי, למשל, א פּסח־סדר, יו״כ־תפילה, תורה־לערנען וכדומה. אזא רוחניותדיקע דערהייבונג איז דאָך די העכסטע שלימות, קונסטווערק פון לעבן, און אונדזער כעלם איז דאָך ניט געווען קיין כעלם־של־מעלה און ניט קיין יוצא מן הכלל. רופן מיר נאָר אָן בריסק, לובלין, ווילנע, צי זאַמאָשטש פארשטייט מען שוין וואָס זיי זאָגן אונדז. אָבער איצט „מעג מען שוין" בכלל ריידן וועגן די ווונדערלעכע יידן אונדזערע, די גרויסע יידן, וואָס מיר זיינען צווישן זיי ארומגעגאַנגען, אָן דער סכנה צו זיין לעכערלעך...

ווען איך דערמאָן זיך אין כעלם מיטן מאַרק, רינג־געוועלבן נעבן פּוילישן קלויסטער, גייט מיר נישט ארויס פון זין אזא „צופעליקער" ייד, ווי דער בלאַסער יונגערמאַנטשיק שמואל פּייוול זעליגס — שמואל העלפּנביין, — דער פּאַפּיראָסניק נעבן קליינעם מאַרק, וואָס „ווען כ'געדענק אים ברומען מיינע געדערים צו אים און איך טו מיך אויף אים דערבארעמען". דאָס שלייכן זיך גיך, ביי די זייטן — פּייזער מיטן אויסגעשטרעקטן קאָפּ און האלדז, וואָס שלינגט, ווי אין א תענית, אימה; די שמייכלדיקע אומעטיקייט, דאָס טיפע, ווייכע קול — ווי א געפאַנגענער פויגל גאָר פון אן אנדערער ספערע, וואָס קאָן זיך קיין אָרט ניט געפינען. איך קאָן אים טאַקע פון בית־המדרש, פון ימים־נוראימדיקן דאַווענען,



ווו זיין קול איז ניט אנטשוויגן געוואָרן פון די ערשטע סליחות ביז נעילה, און דאָס קינדישע האַרץ פלעגט אויסגיין פאַר מתיקות מיט וואָסער איידלקייט זיין בלייכע האַנט פלעגט ארויפּרוקן דעם טלית אויפן קאָפּ ביי א באזונדער־שטאַרקער תפילה, און אזוי באַגלייבט שרייען און בעטן אין גאָטס הויז: אזכרה אלהים ואהמיה, בראותי כל עיר על תלה בנויה, ועיר אלהים מושפלת עד שאול תחתיה". מ'האָט געזען באַשיימפּערלעך, אז דאָ, „באַהאַלטן מיטן שאָטן פון גאָטס האַנט אונטער די פליגל פון דער שכינה" קומט אויף אים די געלייטערטע איבערגעבעטנקייט.



רבי ר' פּנחסל לערער ע״ה, געווען גוט באקאנט און באַליבט אין די חסידישע קרייזן אין כעלם.

צווישן די, וואָס זייער נאָמען איז ארויסגעזאָגט געוואָרן מיטן אמתן יראת־הכבוד און באַשיינט, קאָן מען זאָגן, די שטאָט, דאַרף אוודאי צוגערעכנט ווערן מיין טאַטע ע״ה, ר' יאָסקע לערער. יאָסקע ר' טודרוסלס, ווי מ'פלעגט אים רופן, זון פון דורות־באַרימטע רביים אין אונדזער געגנט. תבואה־סוחר געווען, א ייד מיט מידות, געפילן און לויטערן געדאַנק. זיין וואָרהאַפטיקייט איז באקענט געווען צווישן יידן און ניט־יידן. פלעגט מען טאַקע, אַמאָל ביי א טעות, אָדער ספק אין חשבון, מער גלייבן זיין נאָטיץ־ביכעלע ווי דער בוכהאַלטעריע. אויך פלעגט מען זיך מיט אים שואל־עצה זיין אין ענינים שבין אדם לחברו, פאַרלאָזן זיך ביי סכסוך־אויסגלייכן און סתם קומען „הערן אַ גוט וואָרט", טרייסט־וואָרט, אַ וואָרט תורה. אין שטוב זיינען געווען אַ סך ספרים: ש״ס און מדרשים, רמב״ם, חובת הלבבות, די טורים, געדרוקט אין צפת שנת ש', דעם אר״י הקדוש'ס סדור מיט די שמות און צרופים און ר' יעקב עמדינס סדור, דאָס חקירה ספר „עקידת יצחק": מעשי טוביה, מאור עינים, המבקש, עקידת יצחק („בעל עקידה") און נאָך און נאָך. נאָר מיט וואָס ער פלעגט זיך באזונדער משתעשע זיין און וואַרעמען זיין שווער, אָבער ליכטיק, טיף יידיש לעבן, דאָס זיינען געווען חקירה־ספרים אין פארשיידענע געביטן צו וואָס ער האָט געהאַט א באזונדערע ליבשאַפט און נטיה. פילאָסאָפיע, תכונה, מאַטעמאַטיק, דקדוק און דיכטונג פון די משוררי ימי־הבינים. „תכונת השמים", „מעשי טוביה", ספר „המבקש", „מאור עינים" און לוצאַטוס „מגדל עוז" מיטן „לישרים תהילה", אפילו דעם ווילנער גאונס אַ דקדוק און מלב״מס שירים, אויב כ'האָב קיין טעות ניט. פון דער שאַפע ספרים האָבן געשמעקט דורותדיקע בשמים און מ'האָט געהאַט דאָס קלאָרע געפיל, אז מען איז באשיצט מיט א גרויסער פעסטונג צעשפּרייט איבער א סך צייטן, דורות און לענדער. ער האָט ליב געהאַט אסטראָנאָמיע, דערגרייכט אפילו צו סלאָנימסקיס ספר, און געקאָנט אויסרעכענען א לקוי. אמאָל אין די הייסע זומער־טעג פלעגט ער צוזאמען מיטן שוואָגער דעם דין, דעם חריף, ר' בנימין שור (גאָרלאָווסקי) פון לעמבערג, אראָפּגיין אין הויז־קעלער און דאָרט מיט התמדה לערנען תכונה. ער האָט פארשטאַנען מעדיצין און גוט געלייענט רעצעפּטן.

די יינגלעך האָט מען געוויינטלעך געהאלטן ביי די בעסטע מלמדים, אליין געלערנט מיט זיי מדרש, מוסר־ און דרוש־ספרים, בפרט לשון־קודש, תנ״ך און דקדוק. דעם „תלמוד לשון עברי״ בן זאב׳ס — אויסנווייניק מיטן יתרון לאד״ם. אָבער אויך די מיידלעך האָבן באַקומען אַ גוטן חינוך: געלערנט תנ״ך, אויך דייטש ביי ספּעציעלע לערער. און אז דער דרדקי־מלמד איז געקומען יו״ט, אָנהייב „זמן״, אָננעמען דאָס יינגל אין חדר, האָט אים דער טאַטע מכבד געווען פאַרהערן די 12—13 יעריקע טאָכטער.

— נו, אַלטעלע, וואָס איז דער טייטש העֵז? — זאָמל איין, איז געווען דער ענטפער.

איינמאָל אין א ווינטער־אָוונט, געדענק איך, ארום חנוכה, האָט דער טאַטע אַהיימגעבראַכט און געוויזן מיט שמחה אן אומגעבונדן ספר אין 2 חלקים, וואָס ער האָט געקראָגן ביים פאַקנטרעגער. דאָס איז געווען „ספר אֵילם״ פון יוסף שלמה דילמידיגו אין היכער מאַטעמאַטיק. אַ זעלטענער אַנטיק. אין שטוב איז וואַרעם געווען פון דער שמחה מיט דער קניה (שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אז ער האָט באצאָלט 4 רובל). אָבער נאָך איינמאָל, געדענק איך, איז ער אריין אין שטוב ממש מיט א שאַלנדיקער פרייד, מער ווי זיין שטייגער, און געוויזן אן אוצר, וואָס ער האָט געפונען אויף אַן אַלטן ספרים־בוידעם ביי אונדזערע קרובים די קופערס. די יינגלעך זיינען אויפגעשפּרונגען פון די געלעגערס און ביים שיין פון נאַפט־לעמפּל, וואָס איז געהאַנגען אויף דער טיר־לייסט. האָבן זיי איבערגעלייענט: „ספר התשבי״ פון אליהו בח ר, איסני 1541. אַ זעלטענער יקר־מציאות אין דער וועלט. ווערטערבוך פון 712 אויסטערלישע העברעאישע, תלמודישע ווערטער כמנין תשבי פונעם בארימטן איטאַליענישן מדקדק און ערשטן יידישן ראָמאַנען־שרייבער אליהו לעוויטא. אויפן אָרט האָבן מיר געלייענט די קונציקע פאַרטייטשונגען פון וואָרט קרובץ, כתבות, און נתפעל געוואָרן פון די גראַמען אויף יידיש אין מיטן העברעאישן טעקסט: נשלמה אות הגימל, גילובט זיי גוט פון הימל.

אָבער אויך זיין עסטעטיש געפיל איז געווען טיף, שאַרף. אַ נאַטירלעכע מזיגה פון שכל און געפיל. עפּעס דערפון האָט מען אויך געקאָנט דערקענען פיזיאָנאָמיש. אין די האַרטע שטריכן און קנייטשן ארום נאָז, מויל און אויגן, אין דער האַר־שטאַרקייט פון צעקעמטן בערדל איז געווען עפּעס פון לייבן־ערנסט. א לייב וואָס וויינט. דאָס איז געווען דער רושם פון דער אומעטיקער פארבענקטקייט אין דעם אויגן־אויסדרוק. א לייכט באוועגן מיט נאָז־פליגל און אויפגעהאַלטענע טרער אין אויג. הוי, הררי קדם, פלעגט ער ליריש אָנהייבן ציטירן דעם באַרימטן מאָנאָלאָג לוצאַטוס. רועה עדריו נער, מה טוב חלקו ומה נעמה. די נביאישע פסוקים פון ימים נוראים־שמונה־עשרה: זכרתי לי חסד נעוריך, הלך וקראת, אָדער ביים סדר: כי אכל את יעקב ואת נוהו השמו, האָט ער קיינמאָל ניט געקאָנט דורכזאָגן אָן קול־פארענדערונג פון פארשטיקטע טרערן.


טשיפעלע כהן

פלעגן אריינקומען אין שטוב די שיינע משפחה־פרויען: רעניע קופער, למשל,


דאָס לייזדיקע פלאַץ, וווּ עס האָט זיך געפונען די גרויסע ש.הל. אויפן ב׳לד זעט זיך אַ טייל פון איבערגעבליבענעם בית־המדרש.

אָדער טשיפעלע כהן, די זאַמאָשטשער יפת־תואר, האָט מען געקענט באַמערקן א שנוי אין זיין בליק און אין פּנים־פאַרב, בעת ער פלעגט זיי דערלאַנגען אַ שטול און בעטן זיצן. איך געדענק, ווי ער האָט אַמאָל מיט פיילכל געקראַצט א בולטע צורה, אַ ווענוס־קעפּל, אויפן טייערן טאַשן־מעסערל — אַ מתנה אויס קאַרלסבאַד — קייזערלעך. בצל (ציבעלע) איז שבת — בצל (שאָטן גאָטס). אַ צייט פלעגט אין ווינטערדיקע שבתים אריינקומען צום טיש אַן אָפּגעריסענער, באָרוועסער ייד, א חסר־דעה, פלעגן זיך די קינדער תחילת מיאוסן פון אים. נאָכן טאַטנס מוסר איז דער ייד געבליבן זיצן נעבן טיש אין דער זייט און געגעסן טשאָלנט. איינמאָל האָט דער ייד אָנגעהויבן זאָגן די זמירות אויף אַ קול ביז מען איז צוגעקומען צו ויזכו לראות בנים ובני בנים עוסקים בתורה ובמצוות לשמה... דער טאַטע האָט אַ ווינק געגעבן די קינדער, צי זיי האָבן באַמערקט דעם לשמה, דערביי האָבן זיינע אויגן זיך פארגלאַנצט מיט טרערן.

40 יאָר, אין זומערדיקע היצן און אין ווינטערדיקע פארטאָג־קעלטן, האָט ער אויסגעטראָטן דעם שאָסיי אויפן הרוביעשאָווער וועג צו ברענגען חיונה פאר דער גרויסער משפחה. דאָס לעבן פארביטערט מיט רשעותדיקע קאָנקורענטן, מיט גויים, וואָס האָבן אייביק פאראומריינקט די שטוב מיט רויך, בראָנפן און נבול־פה. אַ גרויסער איסטניס און איידעלער, דעליקאַטער גוף, האָט ער דאָך דערגרייכט א טיפן עלטער, א דאנק דעם שטרענגן, היגיענישן לעבן און לויטערער רעליגיעזיטעט.

אויף זיין מצבה האָט דער עלטערער זון, משה לערער, אויפגעשריבן די ווערטער פון זיין גרעסטן הארץ־דיכטער:

פ. ט.

נגיד רוח צנוע הגות
ועלילה וממעט דברים
ר׳ יוסף אריה הנקרא ר׳ יוסקה
בן הרב מוה״ר מנחם טודרוס זצ״ל
נפטר בן ע״ט
י״ט במרחשון תרצ״חית
זכרונו לברכה.

עס געדענקט זיך מיר נאָך א פארהאָרעוועטער ייד, שימעלע טרעגער, ווי ער שטייט מיטן געטאַסעוועטן, מאַסיוון גוף אויפן עק טראָטואַר נעבן די געוועלבן, דער שטריק אויפן האלדז, פארמע־

ליקט, און קוקס אויס מ׳זאָל אים רופן עפּעס טראָגן. געוויינטלעך שבת ביים דאַוונען זיצט ער מיטן טלית אויפן ברייטן היטל ביי דער מעריב־וואַנט נעבן האַנטפּאַס, ווו יידן גייען אריין און ארויס, וואַשן זיך די הענט, און צוזאַמען מיט אים אויף דער באַנק זיצט דער וואַסערטרעגער, וואָס נאַרט אויך אָפּ די וועלט און מיט ניט קיין גאַנץ פולע עמערס; איטשעלע איינבינדער, וואָס האָט א טבע צו פאַרווענדן בלעטלעך, פאַרקלעפּן און איינגייען טיף אין די אותיות אריין אזוי, אז דער סידור רייסט זיך נאָר צום פאַרמאַכן זיך. דערפאַר אָבער מאַכט ער אויפן טאָוועלע און אויפן רוקן פיינע, גאַנץ לאַנגע, געדרייטע רייזעלעך פון ווונדערלעכן ראָזן פּאַפּיר; יקותיאל שטריקנדרייער, וואָס מיט זיין שפּינדל־ראָד, אין געהיים, געבּרענגט פון פעלד און אוועקגעשטעלט אין פּאָליש, באַנוצט זיך חברה ביים לייענען די מגילה אויף צו פאַרערגערן המנען. א״ן נאָך אנדערע מלך־אביון־שרייערס. אַמאָל אין א יאָר קומט צו דער גבאי צו שימעלען פרעגן, ווי ער רופט זיך אויף, און נעמט אים עולה לתורה זיין: יעמוד ר׳ שמעון בר׳ אליעזר קלונימוס. מ׳העלפט אים צוביסלעך אונטער ביי דער ברכה און דער בעל־קורא הייבט אָן גיך מיט א גאַנץ שטילן אראָפּגעלאָזטן טאָן, ווי געפילט זיך שולדיק איבער דער מעשה, וואָס ווערט דאָ אָפּגעטאָן. יכך ה׳, גאָט זאָל דיך שלאָגן מיט קדחת, בייסעניש, מצרים־פּאַרך פון די פיס ביז שפּיץ קאָפּ.

פאַר קבלת־שבת. פיניע טרייטלס שטייט אַן אויסגעצוואָגענער, פריש פון מרחץ, אין דער חסידישער, צעפליקטער אטלעסענער לאָקשן־קאַפּאָטע, אקעגן די גאָלדענע ליכט־פלעמעלעך ביים „מזרח“ און קוקט אויף די הערשעלעך און די קונציקע געמעלן פונעם „שויתי“. אדם דואג לאבוד דמיו ואינו דואג לאיבוד ימיו. דמיו אינם עוזרים, ימיו אינם חוזרים. און מיט זיין פאַרלעגערט קולכל פאַרגייט ער זיך מתיקותדיק ביים כגוונא און די פּסוקים פון ידיד נפש. נישט צו גלייבן, אז דאָס איז דער זעלבער פיניע, וואָס שטייט א גאַנצע וואָך אין יאַטקע. א טעות עפּעס. יענץ איז ניט דער עיקר, נאָר א ביי־זאַך. איצט רוט אויף אים די שכינה, די נשמה יתירה גייט אין אים אריין. אן ארעמאַן, א מטופל, פון דעסטוועגן א גרויסער מכניס־אורח. טעג־עסער פון דער ישיבה, יידישע זעלנער פון די פּאָלקן, וואָס שטייען אין שטאָט — צייטנווייז 10—15. עס געדענקט זיך מיר אַ ווינטערדיקער שבת מיט טיפן שניי. אין בית־המדרש האָט זיך באַוויזן אַן אויסטערלישער אורח, א תימנער משולח פון ירושלים אין א טערקיש היטל מיט א טשאַלמע און זייער לאַנגע געלאָקטע פּיאות. יידן האָבן געקוקט ווי אויף א פּלא, ניט פאַרשטאַנען דעם לשון קודש, געוויזן זיך די ציצות, געפרעגט אויף שמע ישראל. אומהיימלעך מיט אזא אורח. בקיצור — צו פיניע טרייטלס.

באַלד זאָגט מען לכל דודי. דורך דער אויפגעפּראַלטער טיר זעט מען גיין שימעלען פון באָד מיטן בעזעמל אונטערן אָרעם און פול מיט צוגעקלעפּטע בלעטלעך. די ריזיקע שטיוואַלעס — פריש געשמירט מיט שוואַרץ־בלאָלעכן דזשעגעכץ, וואָס ער באַקומט אַרויסגעשטעלט אויפן טראָטואַר אין אַ הילצערן פּודעלע מדי פרייטאָג בפרייטאָג צו ליכט־צינדן פונעם געוועלבניק אין ווינקל רינג. נעבן אים טאַקע שטייט שימעלע מערסטנס אַ גאַנצע וואָך. טיאַפּ־טיאַפּ, טיאַפּ־טיאַפּ, הערט מען דאָס הילכיקע פּאַטשן אויף די שאָסיי־גלאַזעס. יידן קוקן ארויס פון דאַוונען אויף דעם גראָבן־יונג, וואָס גייט אזוי שפּעט אהיים. און שימעלע, צולהכעיס, האָט זיך איצט צייט, גייט פּאַמעלעך, ביז ער דערגייט צו דער ריבי־שוווער ראָגאַטקע, צום געסל, ווו ס׳וווינען אַלע קאַטערינאַזשעס מיט פּאָפּוגייען און שפּיל־פייגעלעך, שלעפּערס און ענלעכע אסור־לרחמניקעס, און ווערט דאָרט פאַרשלונגען אין איינעם פון די קעלער־שטיבלעך.

א זומער־טאָג. דאָס קינד גייט אין חדר אריין צום איבערזעץ־מלמד ר׳ וואָווע, ערגעץ אין דער „נייער צאַל“ אין א הויף אויף דעם אויבערשטן שטאָק. אויפן וועג — אַ ייד מיט אַ שפּאַקטיוו־קעסטל, וואָס מ׳קאָן זען פאַרשיידענע „זשיווי־בראַזן“, דעם גיהנם מיטן גן־עדן. דאָס קינד קוקט אריין און זעט דאָס גן־עדן: אין א גרויסן סאָד שפּאַצירן ארום הויכע מענער מיט שטעקעלעך, און פאַנעלעך אין היט מיט אָפענע שירעמלעך אין די הענט — זייער ענלעך צום סאָד פון די פיידאַגאָגעס אויף יענער זייט געמויערטן פּאַרקן, וואָס מ׳זעט דורכן חדר־פענצטער. דעם גיהנם האָט עס ניט געזען. ווייטער — א קונצנמאַכער אויף אַן אויסגעשפּרייטער פּלאַכטע אינמיטן שאָסיי ברעכט זיך אין פאַרשיידענע קאָזשעלקעס, שטעקט קינזשאַלן אין גאָרגל און בייגט א קינד ווי קוישעלע איבער דער האַנט. נעבן טויער פון חדר שטייט פּסח סאַכאַרמאָראָזשאָניק מיט דער לאַנגער, ווייסער באָרד, אין ווייסן פאַרטוך און פאַרקויפט זיין טעם־גן־עדנדיק סאַכאַרמאָראָז אין גלעזעלעך מיט ביינערנע לעפעלעך.

אין חדר. דער רבי שטייט אינמיטן שטוב, גרייט צום ארויסגיין. געזען, אז מ׳האָט ווידער פאַרגעסן צו ברענגען געלט האָט ער אָנגעהייבן קרעכצן און א געשריי געטאָן: רבונו של עולם, וואָס ווילסטו פון מיר? האָב שוין רחמנות! און זיך געלאָזט גיין זוכן אַ גמילות־חסד אויף אָנבייסן. די יאַדישליווע רביצין האָט אכטונג געגעבן אויף דער מילך פאַר דער קליינער, 3 יאָריקער חיה׳לעס־וועגן עס זאָל נישט אויסלויפן. מיטאַמאָל: וואַסער, וואַסער! און דאָס גאַנצע חדר האָט זיך געלאָזט ראַטעווען, ווי בלוט פאַרגאָסענע, די מילך פאַר חיהלען. געשוואָלן פאַר הונגער, האָבן



חסידישער בוכהאַלטער ביים שרייב־טיש. דער ייד שרייבט אונטער אַ וועקסל.


צוויי ישיבה־בחורים, נאָכן עסן „טעג“, שפּאַצירן זיך דורך.

די יינגלעך געזאָגט מיט רחמנות, שטיל, אויף דער גראַבער חיהלען. אַ צושמעלץ צו דער פּרנסה איז געווען דער רביצינס באַקן באָבעלעך פאַר די תלמידים, און אויך די הוידעדאַווקע, וואָס איז געשטאַנען אויפן הויף מיטן זיךברעטל אויף א שלעסל צום אַראָפּנעמען און פאַרשליסן.

איינמאָל האָט דאָס קינד געזען דעם רבין אָנשרייבן קוויטלעך צום רבש״ע מיט אַ בקשה אויף פּרנסה און נאָך זאַכן און, אַ ביסל אין געלעכטער, אַ ביסל אויף רעכטן אמת, געעפנט דאָס פענצטער און געלאַזט עס פליען מיטן ווינט.

איך געדענק ביי אונדז אַן עלטערן ייד, אַ סטאָליער — גאָלדענע הענט. פרום, אַ שטיק יודע־ספר. און געאַרבעט האָט ער אין זעלבן צימער טאַקע ווו ער האָט געוווינט מיט דער משפּחה. ענג, ניט געווען כמעט ווו אַ געלעגער אויפצושטעלן, איז פלעגט ער די ערשטע טיילן פון שטיקל מעבל, וואָס ער האָט געמאַכט, שאַפע, למשל, תיכף באַנוצן אויף אריינצולייגן דאָס בעט־געוואַנט. אזוי, אז עס איז געווען א חשש־וואנצן באלד תחילת ביים מאַכן די ארבעט. די עלטערע יינגלעך האָבן צוגעהאָלפן ארבעטן און מורא געהאַט פאַרן טאַטנס כעס און נערוועאישקייט, דער קלענערער, 10 יאָריקער, ווידער, פלעגט ס׳רוב ליגן ווינטער אין שמאַטעס אויפן פּיעקעליק, פאַרקאָפּטשעט, ניט־געוואַשן מחמת קעלט און אויסגעמאָגערטקייט. ער פלעגט אראָפּגערופן ווערן פון זיין מושב צו העלפן דעם טאַטן „נאָכציען די זעג“. אויף דעם איז ער געווען א מושלה, און מ׳האָט טאַקע פאָרויסגעזען, אז ער וואקסט און וועט זיין א כלי־מפואר. די מאמע פלעגט דערלאנגען דאָס ביסל קארטאָפליעס אין בלעכענעם שיסעלע און דער יונג פלעגט עס אויפעסן שטייענדיק ביים ווארשטאַט, אפהוסטן — אסטמעדיק געווען — און ווידער זיך נעמען מיט חשק הובלעווען. איינמאָל נאָך א מיטאָג־דרימל, ווי זיין שטייגער, איז דער פאָטער אויפגעשטאַנען דערגרגזנט, גערעדט צו זיך, צום ברעט, געוואָרפן בליקן אין די זי־טן און גענומען אַרבעטן האַסטיק פאַר צען — אַ שטורעם אָנגעמאכט, אז די ארבעטער האָט עס גענומען פאַלן פון די הענט. מיטאַמאָל — בליץ און דונער! — ער האָט א וואָרף געגעבן דעם גרויסן הילצערנעם האַמער און געשעדיקט דעם בחור אין פוס.

באלד געוואָרן א גוואלד, קאלט וואסער, באנדאזשן. דער אלטער איז באלד נשתנה געוואָרן, צוגעלאָזן דער ערשטער העלפן און מיט גרויסער רחמנות און ליבשאַפט זיך מטפל געווען, געבונדן. דער שטורעם איז אריבער. אָוונט. שטיל אין ווארשטאַט, די ארבעטער זיך צעגאַנגען, איז דער יונג פאַמעלעך ארויפגעקראָכן אויפן קאסטן אין טונקעלן ווינקל, אָנגענומען דעם אָנגעווייטאָגטן פוס איןביידע הענט און גענומען זיך שאָקלען אין דער ברייט און מיט גרויסער הארציקייט זינגען: מאמעניו, ליובעניו, הארצעניו, קרוינעניו, שוויג שוין א ווײַלינקע שטיל, לעש שוין אין מיר דאָט העלישע פייער און גיב מיר וועמען איך וויל.

איך בין זיכער, אז דאָס האָט ער געמיינט דאָס שכנישע שוואַרץ־חנעוודיקע מיידל, וואָס קעגנאיבער טיר בטיר. ער האָט זי זייער ליב געהאַט.

ווער געדענקט ניט די ברידער ראָזנבלאַט, יאַנקל און משה, די פאָטאָגראפיסטן, אייביקע בחורים, וואָס האָבן א לעבן־לאנג געשפאנט איבער דער לובלינער גאס, פון זייער היים ביזן פאָטאָגראפישן אנשטאַלט אין די פלאטערנדיקע פעלערינעס, ווייכע, שווארצע קאפעליושן מיט ברייטע ראנדן און לאנגע ארטיסטישע האָר. נאָענט צו קונסט־אטמאָספער אין זייער פראָפעסיע, האָבן זיי אַנטייל גענומען אין די ערשטע אַמאַטאָרישע טעאַטערטרופּן, מוזיק־קרייזן, קינסטלערישע־גרופּירונגען און פילאנטראָפּישע אונטערנעמונגען צוזאַמען מיט איטשע און רבקה לוקסנבורג, פישל איליוויצקי און אנדערע. קיינמאָל פון אָרט ניט ארויסגעפאָרן — לונגן־ליידנדע געווען — ווער האָט זייער ליידן און קרעמפן געוווסט? בשעתו האָט מיר מיין ברודער משה געשריבן, אז קומענדיק אמאָל אויף יו״ם אהיים קיין כעלם פון ווילנע, האָבן זיי אים מיט התפעלות דערציילט וועגן די זוניקע בריוו, וואָס זיין ברודער שרייבט פון ארץ ישראל און דערביי ציטירט גאנצע שטיקער, ווי לידער וואָס מ׳לערנט אויסנווייניק. דאָס איז געווען די בענקשאַפט צו זון, צו ארץ־ישראל. זיינען די שטילע טויבן אומגעקומען אויף דעם טויטן־מארש ערגעץ אויפן רוביעשאָווער וועג.


„השומר הדתי“ אין כעלם, אין יאָר 1935.

שמואל ווינער

# פאַרוואָס י. ל. פרץ האָט נישט געהאַלטן זיין פאָרלעזונג אין כעלם, שבועות, 1912

(און נאָך עפּיזאָדן, מאָמענטן און געשעעניש פון אַ לאַנג שוין פאַרגאַנגענער צייט)

אין אלע ווינקעלעך פון דער וועלט, ווו נאָר ס׳געפינט זיך א יידישער קיבוץ, איז געפייערט געוואָרן א גרויסער יידישער קולטור יום־טוב. עס איז געוואָרן הונדערט יאָר (1851—1951) ווי י. ל. פרץ, דער פאָטער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראטור, איז געבוירן געוואָרן אין דער פויליש־יידישער שטאָט זאַמאָשטש. פאר אַלע די, וואָס זייער וויגעלע איז געשטאַנען אין פוילן, האָט דער דאָזיקער נאָמען נאָך א באַזונדערן באַדייט. יצחק לייבוש פרץ, דער גרויסטער שרייבער, הומאַניסט, ליידנשאַפטלעכער קעמפער פאַר סאָציאלער און נאַציאָנאלער גערעכטיקייט, פאַר א נייעם פרייען מענטש, האָט מיט זיך פערזאָניפיצירט דאָס סאַמע שענסטע און בעסטע אינעם היסטאָרישן פוילישן יידנטום. פרץ האָט מיט זיך רעפּרעזענטירט די צייטיקסטע פרוכט פון דער יידישער קולטור־אָנזאַמלונג אין פוילן אין משך פון דורות און דורות פאר זיין טראַגישן אומקום. אויף דער קאָלעקטיווער מצבה נאָכן פארשניטענעם פוילישן יידנטום וועט צום העלסטן שיינען דער נאָמען יצחק לייבוש פרץ.


שמואל ווינער

ווער איצט, ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט, בכן, זיין דער פאַסיקסטער מאָמענט אויפצודעקן אַן אומבאַקאַנטן עפּיזאָד אין פּרצעס לעבן מיט פערציק יאָר צוריק, אין יאָר 1912, דריי יאָר פאר זיין פריצייטיקן טויט. אן עפּיזאָד אין וועלכן סיי כעלם, סיי איך זיינען געווען פארמישט. אן עפּיזאָד, וואָס האָט אין די שווערע צייטן פון דער צאַרישער דעספּאָטיע געקאָנט אים דעמאָלט אריינפירן אין א גרויסער צרה.

* * *

נאָכן רעוואָלוציאָנערן אויפברויז אין 1905—1906 טרעטן אריין יאָרן פון שווערער רעאַקציע, וואָס האָבן געשטיקט און געוואָרגן. דער קאמף קעגן צאַריזם איז שטאַרק אָפּגעשוואכט, קוים וואָס מ׳שפּירט דעם פּולס. אָבער ארום 1911 הייבט זיך ווידער אָן אַן אויפלעבונג. די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען נעמען אויפשטיין תחית המתים. אויך ביי די יידישע אומלעגאלע ארבעטער־פּארטייען נעמט זיך רירן.

ס׳איז ווינטער 1911—1912. פון דער אמאָליקער גרויסער ס.ס. (סאָציאליסטן־טעריטאָריאליסטן) אָרגאניזאציע אין ווארשע איז געבליבן א הייפל. דעם רודער פון דער ארבעטער־באוועגונג, וואָס די אינטעליגענץ האָט פארלאָזט אין די שווערע יאָרן פון דער רעאַקציע, האָבן די ארבעטער אליין איבערגענומען. ס׳איז אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע אויסגעוואקסן א דור יונגע אינטעליגענטע ארבעטער. זיי ברענגען קרבנות, ווערן אָפּט ארעסטירט און



ס׳קומט זיי אויס אָפּצוקומען יאָרן אין די שווערע באַדינגונגען פון די צאַרישע טורמעס און אין פארשיקונג אין די ווייטסטע, קאלטסטע ווינקעלעך פון סיביר.

וואָס טרויעריקער ס׳איז די רעאַליטעט ארום, אלץ שטאַרקער טוליעט מען זיך איינער צום אנדערן, אלץ ווארעמער, הארציקער איז די פריינדשאַפט.

איינע פון די שווערע זאָרגן, דעמאָלט, ביי די וואָס זיינען אויף דער פריי, איז: ווו נעמט מען גענוג מיטלען צו קאָנען באזאָרגן מיט די מינימאלסטע באדערפענישן די חברים אין תפיסה און אין פארשיקונג. אויך איך, אן אקטיווער מיטגליד פון די ס.ס., הער נישט אויף צו טראַכטן וועגן דעם ענין. נעמט זיך מיר דעמאָלט פּיקן אין קאָפּ א געוואגטער פּלאַן, וואָס אויב רעאליזירט, קאָן ער אונדז אריינברענגען א באדייטנדיקע סומע. נאָכדעם ווי כ׳האָב גוט ארומגעטראכט אלע פּרטים, פארטרוי איך דעם פּלאן פאר די צוויי אויסגעפּרוווטע טוער אין דער אָרגאניזאציע, מיינע נאָענטסטע חברים און פריינד, די צוויי יונגע אינטעליגענטע ארבעטער, מרדכי בירמאן און אברהמעל קאָסמאן. אין קורצן איז דער פּלאן באשטאַנען אין דעם: איך וועל אריבערגיין צו פּרצן און אים פארבעטן קיין כעלם אויף איינעם אָדער צוויי פאָרלעזונגען. און אויב ער וועט צושטימען, וואָלט די הכנסה, וואָס וואָלט געבליבן פון פּרצעס אויפטריטן, געווען א גרויסע הילף אין לינדערן די נויט ביי די ארעסטירטע און פארשיקטע חברים. נאָך א לענגערן ישוב הדעת, וועגנדיק און מעסטנדיק די ארגומענטן פאר און קעגן דעם געוואגטן פּלאן, זעען מיר ניט קיין אנדער אויסוועג, און מ׳ווינטשט מיר גליק אין מיין שליחות. ס׳ווערט אויך, נאַטירלעך, אָפּגערעדט, אז די גאנצע זאַך בלייבט א שטרענגער סוד צווישן עטלעכע געציילטע מענטשן. ווייטער קיין פּיפּס נישט.

א פּאָר טעג פאר פּסח (1912) אין א קאלעמוטנעם, רעגנדיקן טאָג, געפין איך מיך ביים בארימטן הויז אין ווארשע, צעגליאַנע 1. ארויף אויפן ערשטן שטאָק, קוק איך מיך איין אין מעשענעם שילדל אויף פּרצעס טיר מיטן העברעישן אויפשריפט ווען ער נעמט אויף. זע איך, אז כ׳בין געקומען אין דער ריכטיקער צייט. שטיי איך אזוי ביי דער טיר און וויל אָנקלינגען, באפאלט מיך אָבער א פּאַראַליזירנדיקער פּחד און כ׳נעם פארלירן מיין קוראַזש. אמת, זינט כ׳בין אין ווארשע (הארבסט, 1907) פארפעל איך כמעט ניט קיין איין אויפטריט זיינעם, סיידן ווען כ׳בין געווען ארעסטירט. כ׳בין אויך געווען איינער פון די עקזאלטירטע יוגנטלעכע, וואָס פלעגן, זומער־צייט, יעדן שבת זיצן אויף די בענק אין דער איגאלקאָווע אלייע אין זאַקסישן גאָרטן, און וואַרטן ווען פּרץ וועט אדורכשפּאַצירן מיט איינעם אָדער מער פון די יונגע שרייבער — פּרץ הירשביין, מנחם און אנדערע. מיט זיין כאראקטעריסטישן פּרצשן שמייכל פלעגט ער זיך גריסן צו אונדז אין אלע זייטן, און מיר זיינען געווען אויפן זיבעטן הימל. דאָ אָבער איז עפּעס אנדערש, דאָ דארף איך איינער אליין זיך טרעפן פּנים אל פּנים מיטן גרויסן מייסטער — און מיט פּרצן דארף מען וויסן ווי אזוי צו רעדן.

שטייען און טראַכטן ביי דער טיר האָט דאָך אויך א גרענעץ, נעם איך מיך סוף כל סוף אָן מיט מוט, זאָל זיין וואָס ס׳וויל זיין,

און פון גרויס אויפרעגונג טו איך א צו שטאַרקן קלונג — און דערשרעק מיך גלייך.

ס׳נעמט ניט קיין אויגנבליק און צו מיין גרויסער איבעררא־שונג — פּרץ שטייט ביי דער אָפענער טיר. ער האָט די טיר אליין געעפנט פאר מיר. דאָס האָט מיך ווידער צעטומלט. האָב ניט דערוווארט פּרץ אליין זאָל עפענען די טיר. ער פארבעט מיך אריין אינעווייניק און אנטשולדיקט זיך, וואָס ער קען מיך ניט ארייננעמען צו זיך אין קאַבינעט. ערב פּסח, רוימט מען און מען וואַשט אין שטוב, האָט ער ניט ווו אהינצוטאָן זיך. מוזן מיר שוין באין ברירה בלייבן אין פאָדער־הויז. געטראָגן האָט ער זיין ברוין־סאמעטן רעקל, אויסגעזען ניט אויפגעלייגט ווי דאָס וועטער אין דרויסן. ווערט מיר אויך קאלעמוטנע אויפן הארצן און כ׳טראכט זיך: אריינגעטראָפן אין דער ריכטיקער צייט! כ׳וואָלט אנטלאָפן ווען כ׳קען. פּרץ לאָזט מיך לאנג ניט קלערן און פרעגט מיך גאַנץ פריינדלעך וואָס איז מיין פאַרלאַנג.

כ׳קריג דערווייל צוריק מיין גלייכגעוויכט, און אין געציילטע ווערטער נעם איך אים דערקלערן, אז כ׳בין געקומען אים פארבעטן קיין כעלם אויף איינעם אָדער צוויי אָוונטן. כ׳האָף, אז ער וועט זיך ניט אָפּזאָגן. עפּעס זיינען מיר דאָך שכנים. ווי ווייט איז דען זאמאָשטש פון כעלם? און ביידע שטעט — אין לובלינער גובערניע און כעלם איז אים דאָך בכלל ניט פרעמד, והא ראיה: זיין „כעלעמער מלמד“, זיין „שבת גוי“, זיין „איבער אַ שמעק טאַבאַק“.

רעדנדיק אזוי צו אים באַמערק איך ווי זיין פּנים נעמט זיך אויסלייטערן, די אויגן לייכטן אויף מיט יענעם באזונדערן פּרצשן גלאַנץ. ס׳נעמט מיר אויסזען, ווי ער וואָלט פּשוט געוואַרט אויף מיר, אויף מיין איינלאַדונג. זיכער איז פּרץ ניט געווען זשעדנע דעמאָלט פאר אַן אויפטריט. ער האָט שוין געהאַט דערגרייכט זיין הויך־פּונקט. געווען נאָך זיינע טריאומף־רייזעס איבער די גרויסע יידישע צענטערס. די דריי פּרץ־טעג, מיט עטלעכע וואָכן פריער (אין פעברואר), אין ירושלים דליטא, אין ווילנע, זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א גרויסן פאָלקס־יום־טוב און אין אַ מעכטיקער דעמאָנסטראַציע פאר דער יידישער ליטעראַטור, וואָס אזוינס האָט ווילנע נאָך ניט געזען.

ווען כ׳בין פארטיק געוואָרן, צעשמייכלט ער זיך, אז אדרבה, ער וואָלט טאקע א בעלן געווען זיך אראָפּצוכאפּן קיין כעלם, און



אַ בילד פון כעלעמער ס.ס.־קאָמיטעט אין 1906. אויבערשטע ריי שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: שמואל חינער, בישקע מאנדלבוים, פייגע חילדער און יאיר מאנדלבוים. צווייטע ריי, זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: יאָסל צימערמאַן, חנה חילדער, לייבוש מאַליער. גאָר פון פראָנט דער ערשטער — יאנקל בירנבוים. פון דער גאַנצער גרופּע לעבן היינט צוויי — שמואל ווינער און זיין פרוי, חנה ווילדער, געפינען זיך אין ניו־יאָרק זינט דעצעמבער, 1912.

ער איז צופרידן מיט דער געלעגנהייט. פארוואָס ער האָט זיך אזוי אָנגעכאפּט אין דעם, איז ניט ער האָט מיר געזאָגט און ניט, פאַרשטייט זיך, כ׳האָב אים געפרעגט. ווער ווייסט? איז עס אפשר געווען דערפאר, ווייל ס׳איז דאָך עפּעס כעלם — די באַרימטסטע און באקאנטסטע יידישע שטאָט אין דער וועלט?

נאָך אַ מינוט צוויי איבערטראַכטן, זאָגט מיר פּרץ, אז ער האָט שוין פאר מיר די דאַטע פאר זיין אויפטריט אין כעלם. שבועות איז ער פריי פון זיינע פליכטן אין דער גמינע, וועט ער, דעריבער, קאָנען זיין אין כעלם שבועות.

פארטיק געוואָרן מיט דער דאַטע, האָב איך געזאָגט פּרצן, אז כ׳פאָר אהיים קיין כעלם אויף פּסח, און וועל גלייך דאָרט אָנהייבן די צוגרייטונגען פאר זיין אויפטריט. דערווייל, בעט איך אים, צוגרייטן אויף רוסיש אַ קאָנספּעקט פון זיין פאָרלעזונג. כדי צו קריגן א דערלויבעניש פאַר אַ לעקציע, האָט מען דער מאַכט געמוזט צושטעלן א קאָנספּעקט מיטן גענויעם אינהאַלט פון דער לעקציע אויף רוסיש. איך זאָג אים צו צו זיין באַלד נאָך פּסח צוריק אין וואַרשע און פארענדיקן וועגן אלע אנדערע ענינים בנוגע זיין אויפטריט. מיט קיין איין וואָרט האָט פּרץ ניט דערמאָנט דאָס וואָרט געלט.

געזעגנט זיך מיט פּרצן און פארלאָזט זיין וווינונג, האָב איך פרייער אָפּגעאָטעמט. כ׳האָב מיך דערפילט גליקלעך און באַגייסטערט פון דער ווארעמער אויפנאַם, וואָס כ׳האָב געהאַט ביי פּרצן, און וואָס מיין מיסיע איז אזוי ווייט געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. אי מיר וועלן איצט קאָנען העלפן די חברים אין נויט און אי מיין כעלם וועט, דורך מיר, האָבן די זכיה ביי זיך אויפצונעמען פּרצן — זען און הערן דעם גרויסן מייסטער.

אָפּגעגעבן באַלד א באריכט פון מיין וויזיט ביי פּרצן מיינע נאָענטע חברים מרדכין און אברהמלען. איבעריק צו זאָגן, אז זיי זיינען געווען גליקלעך מיט מיין ערשטן דערפאָלג ביי פּרצן. די ארבעט אָבער הייבט זיך ערשט אָן.

געזעגנט זיך מיט מיינע חברים, פאָר איך אהיים צו מיינע עלטערן ערב פּסח, און קום אריין קיין כעלם שוין פאַרנאַכט־צו, גלייך צום סדר.

אויף מאָרגן, דעם ערשטן טאָג פּסח, נעם איך מיך שוין ארומקוקן, אויסשטעלן א פּלאַן ווי די ארבעט אָנצוהייבן. כ׳טרעף זיך מיט א פּאָר אלטע חברים און דערצייל זיי, אז מ׳וועט זיך דארפן באַלד נעמען מאכן די צוגרייטונגען צו פּרצעס אויפטריט אין כעלם. זיי ווערן, נאטירלעך, שטאַרק איבערראשט פון די נייעס. מיר וועלן דארפן צוגרייטן, זאָג איך, אזא אימפּאָזאנטן קבלת־פּנים פאר פּרצן, אז ער זאָל עס האָבן צו געדענקען, אים ווייזן, וואָס כעלם קען, און אויך כעלם זאָל עס קיינמאָל ניט פארגעסן. היינט שטעלט אייך פאָר דעם קאָך וואָס דאָס וועט ארויסרופן אין שטאָט, ווי נאָר די גרויסע נייעס וועט פּובליקירט ווערן. דערווייל אָבער, ביז וואָס־ווען, דארף זיין שטיל. (צוויי פון יענע חברים זיינען היינט אין אמעריקע: ב. בינשטאָק אין ניו־יאָרק און ה. זעמעלמאַן אין לאָס־אנדזשעלעס).

דאָס ערשטע קומט דער געדאנק וועגן קריגן א פּאסיקן זאַל. מיר מוזן קריגן דעם גרעסטן זאַל אין שטאָט. בלייבט, אז דאָס וועט דארפן זיין ניט קיין אנדערער ווי דער אילוזיאָן „סירענע“ אויף לובלינער גאַס. דאָס איז דער איינציקער זאַל וואָס וועט קענען צום בעסטן דינען אונדזער ציל.. א טאָג־צוויי שפּעטער טרעפט מען זיך מיטן אייגנטימער פון „סירענע“. ער האָט מסכים געווען אונדז אָפּצוטרעטן דעם זאַל פאָר מוצאי שבועות, פאַר דער דאָזיקער געהויבענער געלעגנהייט, און מ׳נעמט זיך צוגרייטן א פייערלעכן אויפרוף צו דער שטאָט לכבוד דער אויסערגעוויינטלעכער געשעעניש.

דערווייל, כדי צו אינפאָרמירן מיינע חברים ווי איך האַלט מיט די צוגרייטונגען, שרייב איך אַ בריוו קיין וואַרשע. עטלעכע געציילטע שורות, אויף אַ פאַרשטעלטן אופן, נאַטירלעך, אַז קיין אַנדערע זאָלן זיך ניט קאָנען אָנשטויסן. פּרצעס נאָמען ווערט ניט דערמאָנט. געשריבן די פּאָר ווערטער האָב איך אויפן אַדרעס פון משה שטיוולמאַן, אויך אַ כעלעמער, וואָס האָט מיט מיר געטיילט מיין צימער אין וואַרשע. געחתמעט דעם בריוו האָב איך מיטן איניציאַל ש.

* * *

די עטלעכע שטורעם־ און דראַנג־יאָרן פון דער רוסישער רעוואָלוציע (1905—1906), האָבן די ברייטע מאַסן ביי אונדז אין כעלם, ווי אין אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך, אויפגעוועקט צו אַ ניי לעבן. מ׳רייסט זיך מיט אַלע כוחות פונעם מיטלאַלטער אין וועלכן כעלם, ווי די מיינסטע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, זיצט נאָך גאַנץ טיף. דער קורצער פרייהייט־קאַמף פירט אַרויס אַ נייעם טיפּ יונגן אַרבעטער. דער דאָזיקער נייער אומרואיקער דור וויל מער ניט און קאָן מער ניט צוריקקערן זיך צום פריערדיקן גלייכגילטיקן און לאַנגווייליקן לעבן. מיט זייערע ערשטע טריט האָבן די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען געוועקט ביים יידישן אַרבעטער אַן אינטערעס צו קולטור, אַ דאָרשט צו וויסן, איינגעפלאַנצט אין אים די געוווינשאַפט צום לייענען. געלערנט אים צו קוקן אויף אַ בוך מיט רעספּעקט. דאָס, וואָס די השכלה האָט געטאָן פאַר די באַלעבאַטישע קינדער, דאָס האָבן די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען — אָנהייב היינטיקן יאָרהונדערט — געטאָן פאַר די אַרבעטער־מאַסן. ס׳קומט צווישן זיי פאָר אַן אמתע קולטור־רעוואָלוציע.

די רעאַליטעט אין יענער שטאָק־פינצטערער צייט איז אַ טרויעריקע. אָרעמקייט און נויט. די פּערספּעקטיוון פאַר אַ בעסערן מאָרגן זיינען פאַרנעפּלט. די רעאַקציע בושעוועט. אמת, די כוואַליע פון בלוטיקע פּאָגראָמען אין די יידישע שטעט און שטעטלעך נעמט אָפּ פאַלן — פּאָגראָמען אין וועלכע דער בלוטיקער צאַריזם האָט געוואָלט דערטרינקען די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין יידיש בלוט. אָבער דער קאַלטער פּאָגראָם הערט אויף קיין מינוט ניט אויף. שווערע גזירות, וואָס פאַרביטערן אַלץ מערער אונדזער לעבן, שיטן זיך יעדן טאָג אויף אונדזערע קעפּ אָן אָפּשטעל. דעם יידישן עולם ווערט אַלץ שווערער צו אָטעמען. די שנאה צום אונטערדריקער איז גרענעצלאָז. איז מען פונדעסטוועגן זיך ניט מיאש, און מ׳האָפט אויף בעסערע צייטן, וואָס מוזן סוף כל סוף קומען.

מ׳וואַרפט זיך דערווייל מיט ברען צום יידישן בוך, צו זעלבסטבילדונג. מ׳לייענט מיט התמדה די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור, וואָס בליט זיך דעמאָלט אַזוי שיין פונאַנדער. זי ברענגט אַריין יום־טובדיקייט אין דער גראָער ווירקלעכקייט, און פאַרשענערט אַביסל דאָס לעבן. די פּיעטעט פאַר די שעפער פונעם יידישן וואָרט, בפרט פאַר פּרצן, וועלכער איז שוין געוואָרן אַ לעגענדע, איז אין לשער. דער הייסער ווונטש ביי יעדן איינעם איז אַליין צו זען און הערן פּרצן.

קען מען זיך איצט קוים פאָרשטעלן, וואָס פּרצעס אויפטריט וואָלט דעמאָלט געמיינט פאַר כעלם!

אָבער ווי גייט דאָס פאָלק־ווערטל: דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. און דער קלאַפּ, וואָס דאַרף באַלד פאַלן, לאָזט אויף זיך לאַנג ניט וואַרטן.

חול המועד פּסח קומט מיר אָן אַ טעלעגראַמע פון וואַרשע מיט, דאַכט זיך, אַ גאַנץ אומשולדיקן אינהאַלט: „די מאַמע איז קראַנק געוואָרן, וואַרט אויף אַ בריוו מיט מער פּרטים“. אויפן פאַרשטעלטן לשון אין יענער צייט האָט עס געמיינט: ס׳איז פאָרגעקומען אַן אַרעסט און כ׳זאָל מיך נישט רירן פון אָרט ביז אַ בריוו וועט קומען. און פאַרטיק, שוין אויס מיטן חלום: פּרץ אין כעלם. און די צרות נעמען זיך ערשט שיטן. געשיקט די טעלעגראַמע פון וואַרשע האָט אַ כעלעמער מיידל, ביילע ווילדער, אַן אָנגעזעענע טוערין ביי די ס.ס.

ווייטער איצט אָנגיין מיט די צוגרייטונגען צו פּרצעס אויפטריט קאָן שוין מער קיין רייד ניט זיין. איצט מוז מען וואַרטן אויפן בריוו. דער בריוו לאָזט אויף זיך לאַנג ניט וואַרטן. עטלעכע טעג שפּעטער קריג איך דעם שטאַרק דערוואַרטן בריוו, און ס׳לאָזט זיך אויס, אַז ס׳איז אַ סך ערגער ווי כ׳האָב זיך געקענט פאַרשטעלן.

צו מאַכן עס בקיצור, איז אָט וואָס פאָרגעקומען. חול המועד פּסח איז געווען אַ זיצונג פון אָנפירנדיקע טוער ביי די וואַרשעווער ס.ס., כדי צונויפצושטעלן אַן ערשטע מאַי־פּראָקלאַמאַציע. אַלץ איז, נאַטירלעך, צוגעגאַנגען בסוד סודות — העכסט קאָנספּיראַטיוו, ווי ס׳האָט דעמאָלט געהייסן. דאָך איז די אָכראַנע (אָכראַנע האָט געהייסן די צאַרישע פּאָליטישע געהיים־פּאָליציי) באַפאַלן די זיצונג און אַלעמען אַרעסטירט. דאָס רעטעניש ווי אַזוי די אָכראַנע האָט זיך דאָך דערוווּסט און באַפאַלן די זיצונג — האָט זיך אויפגעקלערט אין 1917. (נאָך דער רעוואָלוציע ווען מ׳האָט געעפנט די אַרכיוון פון דער אָכראַנע און אַרויסגעגעבן די נעמען פון אַלע פּראָוואָקאַטאָרן, פאַרקויפטע נשמות, איז צווישן זיי אויך געווען דער נאָמען פונעם פּראָוואָקאַטאָר, דוד לאַנדע, אַן אַקטיווער ס.ס.־טוער, דעמאָלט, וואָס האָט אויסגעגעבן יענע זיצונג). דאַרף אַהין צום אומגליק צופעליק „פאַרבלאָנדזשען“ דער פריערדערמאָנטער משה שטיוולמאַן, וואָס צו אים האָב איך געשריבן דאָס בריוול וועגן די צוגרייטונגען צו פּרצעס אויפטריט אין כעלם כ׳זאָג „פאַרבלאָנדזשעט“, ווייל ער האָט דאָרט ניט געדאַרפט זיין. מ׳האָט אים צו יענער זיצונג ניט גערופן. אוועקשיקן אים האָט מען ניט געוואָלט, ער איז דאָך געווען אַן אייגענער מענטש. האָט מען אים דאָרטן, בעתן איבערפאַל, צוגלייך מיט אַלע אַנדערע אַרעסטירט. און דאָ הייבט זיך אָן דאָס אומגליק.

געווען איז משה שטיוולמאַן, ווי פריער געזאָגט, אַ כעלעמער. געשטאַמט פון דער געדיכטסטער אָרעמשאַפט, פרי פאַריתומט געוואָרן. אין וואַרשע איז ער אינגאַנצן געווען ערשט אַן ערך אַ יאָר אָדער אַ ביסל מער. פאַרדינט ביי זיין פאַך — סטאָלעריי — גאַנץ נישקשהדיק און געלעבט ניט שלעכט. מיר האָבן ביידע געטיילט איין צימער אויף מאַריאַנסקע 8. געווען איז ער אַ פּשוטער, ערלעכער חבר און געטרייער פריינד, אַ שטילער און צוריקגעצויגענער. ער איז געווען צופרידן און זיך געפילט דערהויבן פון דער וואַרעם־חברישער סביבה, אין וועלכער ער האָט איצט געלעבט און עס אָפּגעשאַצט. ער הייבט ערשט איצט אָן פילן אַ טעם אין לעבן. ס׳איז פאַר אים אַ שטיקל פאַרגיטיקונג פאַר די ביטערע קינדער־ און יוגנט־יאָרן זיינע. דאָך פאַלט ער צייטנווייז אַריין אין אַ פּאַראַליזירנדיקער מרה־שחורה, פון וועלכער ער באַמיט זיך צו באַפרייען, אָבער מיט ווינציק דערפאָלג. געווען איז ער אין מיינע יאָרן אַן ערך.

הכלל, צווישן די אַרעסטירטע זיינען געווען אויך די פריערדערמאָנטע חברים מיינע, מרדכי בירמאַן און אַברהמל קאָסמאַן. אַ טאָג־צוויי נאָכן אַרעסט איז ביילע ווילדער געווען שוין אויף אַ זעאונג אין פּאַוויאַק מיט מרדכי בירמאַן, אויף זיין פאַרלאַנג. ער איז געווען אַ שיינער טיפּ פון אַ יונגן אַרבעטער, פול מיט ענערגיע מיט אַ קלאָרן קאָפּ אויף די פּלייצעס און אַ שטאַרק וואַרעם האַרץ. ער האָט זיך אויף איר קוים דערוואַרט. ס׳איז אַ גרויסע צרה. ביי דער אויספאָרשונג אין דער אָכראַנע האָט משה שטיוולמאַן ניט אויסגעהאַלטן דעם שווערן דרוק און אויפגעדעקט

ווער ס'איז דער ש. וואָס איז געחתמעט אויף מיין בריוול, וואָס מ'האָט ביי אים געפונען. מרדכי זאָגט איר, אַז מ'זאָל מיך תיכף ומיד אינפאָרמירן, אַז די אָכראַנע וויסט, אַז כ'בין אין כעלם און וואָס כ'טו דאָרט איצט. עטלעכע טעג שפּעטער, ווען ביילע ווילדער איז ווידער געווען אין פּאַוויאַק פּאַר אַ זעאונג מיט מרדכי בירמאַן, האָט גראָד אין דער אייגענער צייט אויך משה שטיוולמאַן געהאַט אַ באַזוכער, זיין ברודער. ביים ערשטן בליק אויף אים דורך די גראַטעס, וואָס האָבן אָפּגעטיילט די ארעסטאַנטן פון די באַזוכער, דערקענט זי שוין כמעט ניט משה שטיוולמאַן. ער איז ניט מער דערזעלבער, ווי ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק, פאַרן ארעסט. אַ צעשויבערטער מיט אַ ווילדן צעמישטן בליק אין די אויגן. ער באַמערקט זי, און דער געדאַנק נעמט זיך אים צוביסלעך אויסלייטערן. ער רופט זי צו. ער מוז מיט איר ריידן. מיט אַ טרויעריק פאַרשולדיקט שמייכעלע און אין אָפּגעריסענע פראַזן, פול מיט חרטה, נעמט ער גיך דערציילן: ווען מ'האָט ביי אים געפונען מיין בריוול אין דער אָכראַנע האָט מען אים געצוווּנגען ער זאָל זאָגן ווער ס'איז דער ש. וואָס איז געחתמעט אונטערן בריוול און ווו כ'בין איצט. די אָכראַנע וויסט איצט אַלץ. מ'זאָל מיך באַצייטנס וואָרענען, איך זאָל וויסן, וואָס כ'האָב צו טאָן.

ביסלעכוויז דערוויסן מיר זיך מער פּרטים וועגן דעם טרויעריקן פאַל.

בעתן ארעסט, אין יענער פאַטאַלער נאַכט, איז משה שטיוולמאַן גלייך אריינגעפאַלן אין אַ פּאַניק. ער האָט דאָך דאָרט ניט געדאַרפט זיין. צו וואָס איז ער מיטן אייגענעם פרייען ווילן געקראָכן אין פייער אריין.

אין דער אָכראַנע, ביי דער אויספאָרשונג, באַלד נאָכן ארעסט, איז ער אינגאַנצן שוין פאַרטשאַדעט. זיי האַמערן אויף אים, ער זאָל אויסזאָגן ווער ס'איז דער ש. וואָס איז געחתמעט אויפן בריוו, וואָס מ'האָט ביי אים געפונען, און ווו ער געפינט זיך איצט. זיי ווענדן אויף אים אָן די „אויסגעפּרוווטע" מיטלען זייערע. זיי פּרוּוון מיט בייזן און אויך מיט גוטן, מיט פאַלשע, כיטרע ריידעלעך. ער האַלט מער ניט אויס די אינקוויזיציע און קאַפּיטולירט. ווי אין אַ טראַנס דערציילט ער ווער ס'איז דער ש. און ווו ער געפינט זיך, וואָס ער טוט דאָרט.

ווי איז געווען יענעם, וואָס האָט ניט פאַרמאָגט די גייסטיקע און מאָראַלישע כוחות צו קאָנען דעם שונא קוקן גלייך אין פּנים אריין. די מיינסטע אָבער זיינען געווען אַזוינע ווי די פריער־דערמאָנטע מרדכי בירמאַן און אברהמל קאָסמאַן. אריינפאַלנדיק צום שונא אין די לאַפּעס וואַקסן זיי ערשט אויס. אין תפיסה נעמען זיי זיך אָניאָגן די בילדונג, וואָס זיי האָבן אויף דער פריי ניט געהאַט קיין מיגלעכקייט אויסצופירן. זיי ווייזן ארויס אין טורמע, סיי ביזן פּראָצעס און סיי בעתן פּראָצעס, אַזאַ קוראַזש און מענטשלעכע זעלבסטווירדע, וואָס רופט אפילו ביים שונא ארויס רעספּעקט. (שוין זייענדיק אין אַמעריקע פיר איך מיט זיי אָן אַ קאָרעספּאָנדענץ. מיינע בריוו ווערן אריינגעשמוגלט צו זיי אין פּאַוויאַק און זייערע בריוו ווערן ארויסגעשמוגלט און איבערגעשיקט צו מיר קיין ניו־יאָרק. די בריוו זייערע צו מיר אין וועלכע זיי שילדערן זייער אינטערעסאַנט דאָס דעמאָלטדיקע שווערע לעבן פון די פּאָליטישע ארעסטירטע אין די צאַרישע טורמעס, ווערן דורך ד"ר חיים זשיטלאָווסקי אָפּגעדרוקט אין זיין חודש־זשורנאַל „דאָס נייע לעבן", אין ניו־יאָרק, אינעם נומער פון מערץ, 1914, מיט אַן אריינפיר און דערקלערונגען פון משה כץ, אַנגעזעענער פּובליציסט און ליטעראַטור־קריטיקער.



משה שטיוולמאַן

אונדזער בן־עיר, משה שטיוולמאַן, איז, לײדער, ניט געווען פון דעם טייג געקנאָטן. באַלד ביים ערשטן דירעקטן צונויפטרעף מיטן שונא פּנים אל פּנים, לאָזן זיך אים אויס די פּסיכישע כוחות און ער גיט זיך אונטער.

נאָכן „פאַרהער" אין דער אָכראַנע פירט מען אים, באַנאַנד מיט די אַנדערע ארעסטירטע, אָפּ אין פּאַוויאַק אריין און מ'זעצט זיי דאָרט אריין אין איין קאַמער. דאָרטן אין תפיסה־קאַמער, ניכטערט ער זיך אויס פונעם טשאַד, דער שכל נעמט זיך אים אויסלייטערן, דערזעט ער ערשט מיט דער גאַנצער קלאָרקייט, וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטאָן! אַזוי פאַרראַטן זיינע טייערסטע חברים און פריינד! נישטאָ אָבער שוין קיין וועג צוריק — שוין צו שפּעט! ער ראַנגלט זיך מיט זיך און זוכט פאַרצווייפלט ערגעץ אַן אָנשפּאַר — און געפינט ניט. ער האַלט עס מער ניט אויס און ברעכט צונויף אונטער דער שווערער משא, וואָס איז ניט פאַר אים צו דערטראָגן. אָט אַזוי, ניט זעענדיק קיין אויסוועג, איז כדי זיך צו ראַטעווען פון די גיהנומדיקע יסורים, כדי צו אַנטרינען פון דער אומדערטרעגלעכער רעאַליטעט, נעמט דער געדאַנק זיך אים ביסלעכוויז פאַרטונקלען, ביז ס'דערגייט שוין אַזוי ווייט, אַז ער ווערט צומאַל ווילד און באַפאַלט אינמיטן דער נאַכט זיינע נאָענטסטע חברים, מרדכין און אברהמלען, מיט וועלכע ער איז געזעסן אין איין קאַמער, און כאַפּט זיך זיי וואַרגן. איין מאָל און נאָך אַמאָל. ניט קוקנדיק דערויף פאַרדעקן זיי און פאַרשטעלן אַלץ. זיי האָבן מורא, אַז ארויסנעמען אים פון זייער קאַמער, וועט אים זיין ערגער. זיי גיבן אויף אים אכטונג ווי אויף אַן אומבאַהאָלפן קינד און העלפן אים מיט וואָס נאָר זיי קאָנען. זיי פילן אים מיט אין זיין בראָך און ווייטאָגן מיט אים אין זיין גרויס אומגליק.

דער סוף זיינער איז געווען אַ טראַגישער. ביסלעכוויז, ביסלעכוויז לעשט זיין שכל זיך אינגאַנצן אויס. פון פּאַוויאַק פירט מען אים איבער אין אַן אינסטיטוציע. צום משפּט, מיט קנאַפּע צוויי יאָר שפּעטער (דעצעמבער 1913) ברענגט מען אים נאָך, ס'איז אָבער ניט געווען שוין וועמען צו משפּטן. בעת מיינע נאָענטע חברים, מרדכי און אברהמל און נאָך אייניקע ווערן פאַרמשפּט צו איביקער פאַרשיקונג אין סיביר, און אַנדערע פון דער גרופּע צו פאַרשידענע תפיסה־טערמינען, ווערט משה שטיוולמאַן אָפּגעשיקט אין אַ שטאָטישער אינסטיטוציע פאַר געריטע פון זינען, אין וואַרשע.

ער קומט שוין ניט מער צו זיך, ביז זיין גיכן, פריצייטיקן טויט, אינעם יונגן עלטער פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר. זעקס חדשים נאָכן פּראָצעס, אינמיטן זומער 1914, ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, הויכט ער אויס זיין לעצטן אָטעם. ער האָט דאָך אָט ערשט פּאַקטיש אָנגעהויבן צו לעבן, און זיך אַזוי שטאַרק געקלאַמערט אין לעבן. און ער וואָלט דאָך אונטער נאָרמאַל־מענטשלעכע אומשטענדן געקענט אויסלעבן זיינע באַשערטע יאָרן. לאָמיר זשע דאָ מזכיר זיין אונדזער אומגליקלעכן בן־עיר, משה שטיוולמאַן, וואָס אויף אים איז אויסגעפאַלן דער פינצטערער גורל צו זיין איינער פון די טויזנטער אומשולדיקע קרבנות פון דער צאַרישער דעספּאָטיע.

* * *

מיר קומען איצט צוריק צו כעלם.

ווי שוין פריער דערמאָנט, זיינען אַלע צוגרייטונגען צו

פרצעס אויפטריט אָפּגעשטעלט און אלע שפּורן פארווישט געוואָרן, אַזוי ווי גאָרניט געווען. קיין ווארשע צוריק פאָר איך שוין ניט, נאַטירלעך. און כ'נעם מיך גרייטן צום אומפארמיידלעכן וויזיט פון דער ווארשעווער אָכראַנע.

געוווסט האָב איך, אַז איצט וועל איך ניט אזוי גרינג אָפּשניידן. כ'בין שוין ביי זיי געווען א געשטעמפּלטער. צוויי מאָל בין איך אין די לעצטע צוויי יאָר געווען אין זייערע הענט. אין מיטן מערץ, 1910 זיינען מיר, א צען־צוועלף כעלעמער יונגע בחורים און מיידלעך אין וואַרשע, זיך צונויפגעקומען אין אַ שבת־צו־נאַכטס צו פאַרברענגען אַ פריילעכן אָוונט לכבוד פּורים. דאָרט, אין שטוב זיינען שוין פון פריער געווען פאַרשטעקט אַגענטן פון דער אָכראַנע און פּאָליציי און ווי נאָר עמעץ האָט געעפנט די טיר און אריינגעשטעקט דעם קאָפּ, איז ער גלייך אריינגעפאַלן אין זייערע אויפגעשטעלטע הענט — קיינער איז שוין פון דאָרטן ניט מער ארויס אליין. איז די גאנצע זאַך פאר אונדז געווען א רעטעניש. קודם האָבן מיר אריינגעכאפּט די ריכטיקע צרות ביי די „דאָפּראָסן“ (אויספאָרשונגען) אין דער אָכראַנע, דערנאָך זיך געוואלגערט העכער פיר חדשים אין די ערגסטע תפיסות. ס'איז געווען ענג און געפּאקט אין די טורמעס, האָבן מיר זיך געמאטערט, דעם גרעסטן טייל פון דער צייט, אין א נאַסן, קאלטן לאָך אין איינעם פון די פאָרטן — אינעם אלעקסעיעווסקי פאָרט — אין דער ווארשעווער פעסטונג. ניט האָבנדיק קיין באווייזן צו פארפירן קעגן אונדז א פּראָצעס, שיקט מען אונדז ארויס פון פוילן אויף זעקס חדשים. מיטן עטאַפּ און מיט „פּאַראַד“ פירט מען אונדז אוועק קיין קאָוולע. (צווישן יענע ארעסטירטע איז אויך געווען חנה ווילדער — שפּעטער מיין כּרוי. ס'לעבן נאָך איצט אויך פון יענער גרופּע — הלל שמאַראַגד, אין פּאַריז; אסתר ווילדער, אין פּאריז, און דאכט זיך, רייזל לוקסענבערג אין קאנאדע).

ווען מיר קומען, אין זעקס חדשים ארום צוריק קיין ווארשע, ווערט דאָס רעטעניש פון יענעם איבערפאַל אויף אונדז געלייזט. עפּעס א בערדיטשעווער בחור האָט זיך געוואָלט האָבן א „גרינגע פרנסה“ — אין א זומפּ ווידמענען זיך אלערליי שרצים — ווערט ער א מסור פאר דער אָכראַנע, א פארקויפטע נשמה. ער גיט איבער אין זייערע הענט יידישע יונגעלייט רעכטס און לינקס. ניט ער האָט אונדז געקאָנט — ניט מיר אים, ער איז צופעליק געווען אן איינגייער אין יענער שטוב, ווו מיר האָבן זיך געזאָלט צונויפקומען, און ער דערוויסט זיך, אַז מיר וועלן זיך יענעם שבת־צו־נאכט צונויפקומען דאָרטן, און דאָס איז גענוג פאר אים. ניט קענענדיק קיינעם פון אונדז, ווארפט ער אונדז אלעמען צונויף אין איין טאָפּ און „מאַכט“ אונדז פאר אַנאַרכיסטן.. פארוואָס עפּעס אַנאַרכיסטן? פאַר אַנאַרכיסטן האָט מען געצאָלט די העכסטע פרייז. באַצאָלט האָט מען אים פער קאָפּ. אין דער אמתן האָט מער ווי א העלפט אינגאַנצן זיך גאָרנישט אָנגעקערט מיט קיין שום אומלעגאלער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג. דאָס איז געווען א פארשוין פון יענעם טיפּ, פון וועלכן ס'זיינען מיט יאָרן שפּעטער, בימי היטלער, ימח שמו וזכרו, רעקרוטירט געוואָרן דער ערגסטער מענטשן־אָפּפאַל, די שאַנד פון יידישן פאָלק — די פארשאָלטענע קאפּאָס. (דער דאָזיקער געזונקענער מסור, האָב איך מיט אַ פּאָר צענדלינג יאָר צוריק געהערט, לעבט זיך גאנץ רואיק אין ניו־יאָרק).

דאָס צווייטע מאָל האָט מען מיך פארנומען אין 1911. געווען איז עס אין אַ שבת בייטאָג, אינמיטן מאי, ווען די אָכראַנע איז באפאלן די גענעראַל־פארזאמלונג פון דער יידישער ליטעראַרישער געזעלשאפט אין ווארשע. פון צווישן די עטלעכע הונדערט פארזאמלטע האָט די אָכראַנע „אויסגעזיפּט“ אַרום דרייסיק פערזאָן, און טיילט מיר צו דעם כבוד צו זיין איינער פון זיי. און ווידער די גוט באקאנטע אויספאָרשונגען און ווידער תפיסה. אויף וויפיל, אָבער, דער צאַרישער רעזשים איז שוין דעמאָלט געווען היבשלעך צעפוילט קאָן דינען דער דאָזיקער כאַראַקטעריסטישער פאַקט. צווישן די אַרעסטירטע איז געווען איינער אַן אינזשעניר, העלער, א בונדיסט, דער פאָרזיצער פון יענער פארזאמלונג. געשטאַמט האָט ער פון אַ רייכער פאַמיליע אין ריגע. איז דער פאָטער זיינער געקומען קיין וואַרשע און אונטערגעקויפט מיט א היבשער אפּותיקא ניט קיין אנדערן ווי דעם גרויס־אינקוויזיטאָר פון דער אָכראַנע, ראַכמאַנינאָוון אליין. ניט ארויסצורופן קיין חשד אויף זיך באַפרייט ער אינאיינעם מיטן אינזשעניר העלער נאָך עטלעכע פון די ארעסטירטע. פאלט אויף מיר דער גורל צו זיין איינער פון די גליקלעכע. דאָס מאָל בין איך אינגאַנצן אָפּגעקומען מיט עטלעכע חדשים.

הכלל, איז עפּעס א חידוש, וואָס כ'בין איצט ניט געווען זייער נייגעריק זיך ווידער מיט זיי צו טרעפן? זיי לאָזן אָבער אויף זיך לאנג ניט וואַרטן.

א טאָג־צוויי נאָך פּסח איז עס געווען. א מילדער פריילינג־טאָג. מיין פאָטער לאָזט מיך גראָד איבער אינמיטן טאָג אויף עטלעכע שעה אַכטונג צו געבן אין זיין אייזן־געשעפט (אין לייבעלע קופּערשטאָקס איינפאָר־הויף אויף לובלינער גאס). באמערק איך ווי דער זשאַנדאר מיט דער באָרד — מ'האָט אים גערופן „די באָרד“, צוליב דער לאנגער בכבודיקער באָרד וואָס ער האָט געטראָגן — דרייט זיך, שמעקט און ניוכעט ארום געוועלב. ער שטעקט אפילו אריין די באָרד זיינע אין געוועלב אריין — דאָס וויל ער אפּנים מאַכן אבסאָלוט זיכער, אַז דאָס בין איך טאַקע. דער דאָזיקער זשאַנדאר מיט דער באלעבאטישער באָרד און מיט זיין געלאַסענעם גענגל, האָט זיך תמיד געדרייט צווישן יידן. געקענט אלעמען — גרויס און קליין — געוווסט ווו יעדערער וווינט און אלע האָבן אים געקענט. זיין עבודה איז געווען אויסצושפּירן אויב מ'האָט עמעצן געדארפט אריינקריגן. דערווייל, איידער וואָס־ווען, ווערט מיין קליין שוועסטערל, בלומע, וואָס איז מיט מיר געווען אין געוועלב, אונטער די הענט נעלם. דאָס איז זי אַהיים געלאָפן אַלאַרמירן די עלטערן. ווי יונג זי איז, נאָך קיין פולע זעקס יאָר ניט, ווייסט זי שוין מיט וואָס דאָס שמעקט. געוווינט האָבן מיר אין אברהם געצעלעס הויז, אויף סעמינאַרסקע גאס, אקעגן בעלזער שטיבל. אין דער זעלבער צייט דערוויסט זיך מיין מוטער, אַז די „באָרד“ איז שוין היינט געווען אויך ביים הויז־אייגנטימער, אראָפּגעשריבן מכלומרשט די נעמען פון אלע באַוווינער אין הויז, און ווו אקוראַט יעדערער וווינט.

פארנאכט, ס'איז שוין גוט טונקל, גיי איך מיט דער לובלינער גאס אהיים. נעבן בעריש קופּערס קאמעניצע דערקען איך עטלעכע וואַרשעווער אָכראַניקעס, שפּאַצירן זיך אזוי בנעימותדיק. הכלל, אלע סימנים ווייזן, אַז היינט ביינאַכט וועט עס געשען, ס'קאָן מער קיין שום ספק ניט זיין.

אַהיימגעקומען, טרעף איך שוין די משפּחה א שוועער־פאַרזאָרגטע. כ'פּרווו אפילו בארויקן די עלטערן, אָבער ס'איז געווען אומזיסט, נאַטירלעך. נאָכן עסן פארלאָז איך מיט א שווער געמיט אונדזער היים, איבערלאָזנדיק אַלעמען אין אַ פחדימדיקער דערוואַרטונג אויף דער אומהיימלעכער וואַך־נאַכט, וואָס עס שטייט זיי היינט פאָר. מיט גיכע טריט שפּריז איך אַוועק צו מיין באהעלטעניש.

א לאנגע, שלאָפלאָזע נאַכט, קוים דערלעבט ס'זאָל נעמען טאָגן. ס'נעמט ניט לאנג און מיין פאָטער שלייכט זיך שטילערהייט אריין אין מיין באהעלטעניש. דעם גאנצן וועג, זאָגט ער מיר, האָט ער זיך גוט אומגעקוקט צי מ'שפּירט אים ניט נאָך. איין בליק אויף זיין שטאַרק אויסגעבלייכט צעפּייניקט פּנים האָט גלייך

עדות געזאָגט אויף דער אינקוויזיציע, וואָס ער איז זיך די נאַכט אויסגעשטאַנען. אָן ווייטערדיקע שהיות נעמט ער דערציילן:

בלילה ההוא האָט מען שוין קיין אויג ניט צוגעמאַכט. מיט האַרץ־צאַפּלעניש דערוואַרט מען די „אָנגעלייגטע געסט". די צייט ציט זיך ווי פון פעך. ויהי בחצי הלילה — ווי דער איינפיר זייערער ארויסצושלעפּן פון די בעטן אין מיטן דער נאַכט — געווען שוין נאָך איינס ביינאַכט, מ'זעצט אין דער טיר, און ס'הייבט זיך אָן. פונעם טראַסקען אין דער טיר פאַלט אינעווייניק דער שליסל ארויס פונעם שליסל־לאָך. אין אנגסטן זוכט מיין פאָטער דעם שליסל. זיי נעמען ווילדעווען פון יענער זייט טיר מיט קללות און חרמות און סטראַשען, אז זיי ברעכן גלייך אויף די טיר. מיין פאָטער געפינט ענדלעך דעם שליסל און שליסט אויף די טיר. מיט א הו־האַ פאַלט אריין א גאנצע שייקע און דער זשאַנדאר מיט דער באָרד זייער וועגווייזער. זיי פירן אויך מיט זיך א גרויסן פּאָליציי־שפּיר־הונט. נאָכדעם ווי זיי פרעגן מיין פאָטער צי ער איז הערש לייב ווינער, דער פאָטער פון שמואל ווינער, און אויך מיין מוטער צי זי איז שעווע ווינער, נעמט מען זיך צו דער „אַרבעט". אונטער דער פירערשאַפט פון דער „באָרד" לאָזן זיי זיך גלייך צו די געלעגערס — דאָס ערשטע צום געלעגער פון מיין ברודער פּינחס. ביים ערשטן בליק זעט שוין די „באָרד" זיין בראָך, און מיט א כמעט וויינענדיק קול קרעכצט ער ארויס צו דער כאָפּטע „עטאָ ניע טאָט" (ס'איז ניט ער). זיי גייען אויך צו צו די געלעגערס פון מיינע שוועסטער גישע און בלומע, זוכן מיך אונטער זייער בעט. (מיין ברודער פּינחס און ביידע שוועסטער, גישע און בלומע, זיינען היינט אין ניו־יאָרק). זיי פרעגן זיך אויך אויף מיין ברודער בנימין, וואָס געפינט זיך דעמאָלט אין יעקאַטערינאָסלאַוו. איצט נעמען זיי זיך צו מיין פאָטער — ער זאָל גלייך זאָגן ווו איך באַהאַלט מיך. זאָגט ער זיי, אז כ'בין אין וואַרשע. וואָס הייסט אין וואַרשע? — טופּען זיי מיט די פיס — דו אַזוינער און אַזוינער. האָבן מיר דען אים ניט געזען היינט מיט די אייגענע אויגן? זיי נעמען אים ווידער זידלען און סטראַשען, ער מוז גלייך זאָגן ווו כ'באהאלט מיך. נישט קוקנדיק אויף אלע זייערע סטראַשונקעס, האַלט זיך מיין פאָטער פעסט ביי זיינעם: כ'בין ווי אלע מאָל, געווען אויף פּסח אינדערהיים, און ווי אַלע מאָל, בין איך באַלד נאָך פּסח צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע. ס'וואָרפט זיי אלע די ניכפּה — געהאַלטן שוין גרייט די נעץ, אלץ איז געגאַנגען ווי געשמירט, און דאָ הינטער די הענט האָט דאָס פישל זיך ארויסגעגליטשט, ואיננו.

זיי שאַנעווען אויך ניט מיין מוטער. אויך זי ווערט טעראָריזירט.

מיט רציחה נעמען זיי זיך איצט צו דער „ארבעט". מ'זוכט, מ'נישטערט אין אלע ווינקעלעך פון שטוב. זיי זוכן מיך די „חכמים" אונטער דער מאַמעס בעט. א טייל גייט אראָפּ אין הויף אריין, מ'רייסט אויף די קאַמערן און מ'זוכט מיך אויך דאָרט. אפילו ארום הויז שטייט א פּאָליציי־וואַך — אין יוצא ואין בא. די „ארבעט" אין שטוב גייט אלץ אָן. מ'זוכט טרייפהנע ליטעראַטור, פּראָקלאמאציעס. מ'צעוואָרפט, מ'צעטליקעט אלץ וואָס איז אין שטוב. מ'זוכט צווישן דעם טאַטנס ספרים, מ'זוכט צווישן די בלעטער פון מחזורים, חומשים, ביז זיי קומען צו דער מאַמעס קרבן מנחה סידור און דאָרטן דערטאַפּן זיי ענדלעך די ריכטיקע „קראַמאָלע". פונעם סידור שלעפּן זיי ארויס דער מאַמעס אַ תחינה, וואָס איז דאָרטן געלעגן — איין בלעטל, געדרוקט אויף ביידע זייטן. מיט אַ בליק פול מיט נצחון נעמען זיי פּאַכען מיט דער תחינה האַרט דעם טאַטן אין פּנים אריין: „דאָס וואָס איז? שוין זאָלסטו זאָגן! דערשפּירנדיק אז ס'רוקט אויף אים אָן אן אומגליק, נעמט ער זיך רוקן צוריק הינטערווייליעכטס, און ענטפערט זיי, אַ ציטערדיקער, אז דאָס איז אַ „מאָליטווע", דער מאַמעס אַ מאָליטווע (א תחינה). נו, מער האָט ער ניט באַדאַרפט. מיט באַנומענע קולות נעמען זיי ריטשען: „דו מאָשעניק, אַזאַ חוצפּה — אין די אויגן אונדז צו נאַרן! זיינען מיר דען בלינד? זעען מיר דען ניט אז ס'איז א זשידאָווסקע פּראָקלאַמאַציע!" און ווי די היצליעס וואַרפן זיי זיך אויף אים און נעמען אויף אים האָגלען מיט די פויסטן. (ער איז געווען אַ שוואַכער מענטש, מיין פאָטער, און נאָך דער דאָזיקער עקזעקוציע און דעם טעראָר און פּיין, נעמט ער ליידן אויפן האַרץ. ער קרענקט שוין אזוי אונטער צו ביסלעך כסדר, ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן, ט"ו טבת, 1923).

געווען איז ביי אונדז אין שטוב מיינע אַ צענדלינג העפטלעך פונעם העברעאישן זשורנאַל „רשפים" (פונקען). איטלעכס העפטל האָט געהאַט קאָלירטע טאָוולען פון דיקן פּאַפּיר. געווען זיינען די העפטלעך אין א קליינעם קעשענע פאָרמאַט. נעמען זיי און קלייבן אויס מיט גרויס שמחה עטלעכע העפטלעך — איצט האָבן זיי די ריכטיקע סחורה. פאַרוואָס עפּעס בלויז דווקא די עטלעכע? באשר זיי האָבן געהאַט רויטע טאָוולען! גענוג צו זאָגן, אז דער רעדאַקטער פון „רשפים" איז געווען ניט קיין אנדערער ווי דוד פרישמאַן, און ארויס איז דער זשורנאל אין ווארשע, מיט דער דערלויבעניש, נאַטירלעך, פון דער צאַרישער צענזור.

דאָס איז נאָך אָבער ניט אלץ. ווען זיי ווערן ענדלעך פאַרטיק מיטן נישטערן, ראַיען זיך און צעטרייבערן אַלצדינג וואָס קומט אונטער זייערע הענט — ערשט דעמאָלט נעמען זיי זיך צו זייער לעצטער טריאומף־קאָרט. זיי באַפעלן מיין ברודער פּינחסן זיך אָנצוטאָן און מיטגיין מיט זיי. אמת, זיי מיינען ניט אים — נאָר אזוי ווי איך בין נישטאָ, נעמען זיי אים פאַר א משכון. זיי זיינען דערמיט, פאַרשטייט זיך, געווען אויסן צו ברעכן די עקשנות פון מיינע עלטערן. איינגאַנצן איז זיי, נאָך אלעמען, דער קאָפּ ניט געווען אויסגעדאַרט — ס'איז ביי זיי קיין ספק ניט געווען, אז די עלטערן ווייסן פון מיין באהעלטעניש. אָבער אויך די דאָזיקע פּסיכאָלאָגישע נערוון־אטאקע האָבן די עלטערן אויסגעהאלטן. אויסגעשאָסן זייער לעצטע קויל, פאַרענדיקן זיי, ענדלעך, די אינקוויזיציע און לאָזן זיך אוועקגיין, מיטנעמענדיק טאַקע מיט זיך מיין ברודער. זיי פאַרגעסן אויך ניט מיטצונעמען דער מאַמעס תחינה, די העפטלעך „רשפים" און נאָך.

מען קען זיך פאָרשטעלן די לאגע אין וועלכער זיי לאָזן די עלטערן און די שוועסטער. (נאָך א טאָג־צוויי, איינזעענדיק, אז זייער סטראַטעגיע איז געווען א דורכפאַל, האָט די אָכראַנע קיין אנדער ברירה ניט געהאט ווי צו באפרייען מיין ברודער).

הכלל, אינעם ערשטן נישט־גלייכן פאַרמעסט צווישן מיר און די צאַרישע זשאנדארן, פּאָליציסטן און ציוויל־געקליידטע אגענטן גיי איך, לעת עתה, ארויס דער זיגער. אָבער איצט, וואָס ווייטער? די דאָזיקע פראגע שטייט פאַר מיר מיט דער גאנצער שארפקייט. פון דער באזונדערער פאַרביסנקייט, מיט וועלכער זיי האָבן זיך דאָסמאָל געיאָגט נאָך מיר, האָב איך איינגעזען, אַז כ'שפּיל מיך מיט פייער. זיכער איז אין דעם געווען שולדיק דער בריוו מיינער, וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט ביי משה שטיוולמאנען, וועגן פּרצעס אויפטריט אין כעלם און זיי האָבן זיך געשאַרפט די ציין אויף פּרצן אליין. אמת פּרצעס נאָמען איז אין מיין בריוו דירעקט ניט דערמאָנט געוואָרן — זיי האָבן אָבער שוין געוווסט איצט, נאָך משה שטיוולמאנס אויסזאָגונגען, ווער און וואָס. בלויז דערמיט קאָן, דאַכט זיך, דערקלערט ווערן די מער ווי געוויינטלעכע עקשנות מיט וועלכער זיי האָבן זיך געיאָגט נאָך מיר, דעם איינציק ז״רעקט פארמישטן אין דעם ענין. אויך די ארעסטירטע חברים מיינע אין ווארשע — מיט וועלכע כ'שטיי אין קאָנטאַקט אין געהיים, נאַטירלעך — וואָרענען מיך, אז אינעם פּראָצעס וואָס מ'גרייט זיך פאַרפ׳רן אקעגן דער ווארשעווער ס.ס.־אָרגאניזאציע

פיגורירט אויך מיין נאָמען. זיי האַלטן מיך אין איין אונטערטרייבן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וואָס גיכער, נישט געבן דער אָכראַנע קיין געלעגנהייט מיך צו כאַפּן. ס׳איז באמת געווען רירנד די געטריישאַפט זייערע, ווי זיי נעמען זיך צום האַרצן מיין גורל — מערער ווי זייער אייגענע שווערע לאַגע.

אָבער ניט אַזוי גרינג טוט זיך ווי ס׳רעדט זיך. דערצו האָט שטאַרק געדריקט אויפן געמיט דער געדאַנק, אַז אויסוואַנדערן דעמאָלט מיינט דאָך אויף אייביק זיך אָפּגעזעגענען מיט די נאָענטסטע און טייערסטע — זיי שוין מער קיינמאָל ניט זען. וואָרעם כאָטש דער פאַרדאָרבענער צארישער דעספּאָטישער רעזשים איז שוין געווען היבש אונטערגעפוילט, האָט מען דען געקאָנט דעמאָלט אויסרעכענען, אַז אין געציילטע פינף יאָר אַרום וועט שוין דער דאָזיקער ריז אויף ליימענע פיס ליגן אינעם מיסט־קאַסטן פון דער געשיכטע ?

הקיצור, צייט שטייט ניט. ניט איינמאָל זע איך דורכן פענצטער אין מיין באַהעלטעניש, דעם זשאַנדאַר מיט דער באָרד אַקעגן אויפן טראָטואַר זיך דרייען. דאָס טשאַטעוועט ער מיך ביים אַריינגאַנג צו חנה ווילדערס היים. ער צעטיילט זיין צייט צווישן מיין היים און איר היים. ס׳איז שוין באַלד נאָכן זומער און דער זשאַנדאַר מיט דער באָרד, זעט אויס, נעמט שוין מיד ווערן. נעם איך מיך ערנסט גרייטן אין וועג אַריין. אָבער גנבענען די גרענעץ איז צו ריזיקאַליש. נישט איינמאָל האָט מען געכאַפּט און מיטן עטאַפּ צוריקגעשיקט אַהיים. אויף דער עצה פונעם כעלעמער שיפקאַרטן־אַגענט, גאָלדפעלד, פאָרן מיר מיט דער רוסישער שיף־ליניע פון ~~ליבאַווע~~, פאַר 25 רובל. מיט אַבי וואָסער לעגאַל פּאַפּירל, האָט דעם גובערנאַטאָרס קאַנצעלאַריע דאָרט אַרויסגעגעבן אַ פּאַספּאָרט צו קאָנען פאָרן קיין אויסלאַנד. דאָס האָט מען דערמיט אַרויסגעהאָלפן דער רוסישער שיף־ליניע, זי זאָל אויך קאָנען אָפּלעקן אַ ביינדל פונעם גרויסן יידישן עמיגראַציע־שטראָם, וואָס האָט רייך געמאַכט דייטשישע און ענגלישע שיף־געזעלשאַפטן.

אָנהייב נאָוועמבער. אַ פינצטערע סוף־חודש נאַכט, אַ שטאַרק פאַרכמאַרעטער הימל — דער דרויסן וויינט מיט קאַלטע טרערן — און איך שלייך מיך שטיל אַריין אין דער היים פון חנה ווילדער. דאָ גייט זיך אָפּשפּילן אַ שטילע חתונה, אָן קלעזמער. דאָס גייט מען אונדז ביידע פירן צו דער חופה. אַ חוץ אונדזערע ביידנס עלטערן זיינען ביי דער געהיימער חתונה בייגעווען נאָך עטלעכע געציילטע געסט פון דער סאַמע נאָענטסטער משפחה. די גאַנצע סצענע, ביי די געדיכט־פאַרהאַנגענע פענצטער, דעמפּן ליכט, פאַרזאָרגטע פּנימער און שטילן שעפּטשען — זעט גיכער אויס ווי אַ כל־נדרי־סצענע פון מאַראַנען, פאַרזאַמלט אין אַ טיפן קעלער אין דער צייט פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע — איידער אַ חתונה. אגב איז דאָס געווען אַ טאָפּלטע „שמחה“ — אי, אַזוי צו זאָגן, אַ חתונה און אי אַ געזעגענונג פאַר אונדזער אָפּפאָרן קיין אמעריקע. האָבן קיין טרערן, נאַטירלעך, ביי דער „שמחה“ ניט אויסגעפעלט — יעדערער באַזונדער טראַכטנדיק: צי וועט מען זיך נאָך אַמאָל זען ?

אַ טאָג־צוויי שפּעטער זיינען מיר שוין ביידע, איך און מיין פרוי, אויפן וועג קיין ליבאַווע — דעם האַפן פון אונדזער האָפענונג. נאָך אַרום דרייסיק שעה פאָרן מיט דער באַן קומען מיר אָן אַהין אָן קיין שום שטרויכלונגען אויפן וועג. אין קעשענע וואַרעמט מיך די קוואַליפיקאַציע, וואָס כ׳האָב פריער מיט אַ פּאָר טעג אַרויסגענומען אין דער גובערניע אין לובלין — דאָס פּאַפּירל, וואָס האָט אונדז קוואַליפיצירט צו קריגן דעם פּאַספּאָרט אין ליבאַווע. דאָרט, אין ליבאַווע, לאָזט זיך אויס, בין איך ניט קיין בן־יחיד. נאָך אַזוינע פּאַסאַזשירן ווי איך, אויך יידישע אַנטלאָפענע סאָלדאַטן.

אַ טאָג פאָרן אויפזעצן זיך אויף דער שיף. די פּאַסאַזשירן זיינען פאַרזאַמלט אין אַ ריזיק צימער, טשינאָווניקעס הינטער פענצטערלעך זיצן און גיבן אַרויס פּאַספּאָרטן. ס׳קומט מיין ריי, דערלאַנג מיין קוואַליפיקאַציע און 25 רובל, און — אַן אומגליק איז געשען: דער טשינאָווניק געפינט עפּעס אַ פּגימה אין מיין קוואַליפיקאַציע, און — ס׳העלפט קיין זאַך ניט — איך קריג ניט אונדזער פּאַספּאָרט, און מיר פאָרן שוין ניט אָפּ מיט אונדזער שיף.

דער דאָזיקער קלאַפּ, ווי שווער ער האָט זיך אויף אונדז אַראָפּגעלאָזט — פאַרצווייפלט אָבער, האָט עס אונדז ניט. איצט, אַז מיר האַלטן שוין אַזוי ווייט, טאָר מען זיך ניט פאַרלירן. אויף מאָרגן זיץ איך שוין ווידער אין דער באַן, וועלכע טראָגט מיך האַסטיק צוריק קיין לובלין. חנה, מיין פרוי, בלייבט וואַרטן אין ליבאַווע. שוין געהאַט אָפּגעפאָרן אַרום דריי פערטל וועג, אַלץ איז דורכגעגאַנגען גלאַטיק. ס׳איז אין אָוונט, די באַן שטעלט זיך אָפּ ביי דער סטאַנציע מאַלקין, ניט ווייט פון ביאַליסטאָק און — אַ מהומה, אַ קאָך, זשאַנדאַרן, מיליטערלייט, אַן אויפגערודערטקייט. פונקט דעמאָלט פאַרגלוסט זיך צו זיין דאָרט ניט קיין אַנדערן, ווי נאָר דעם צאַר ניקאָלאַי דעם לעצטן אַליין, מיט זיין גאַנצער סוויטע גענעראַלן און מלוכה־לייט. פונקט דעמאָלט איז ער בייגעווען גרויסע מיליטערישע מאַנעווערס אין יענער געגנט. מחנות זשאַנדאַרן לאָזן זיך מיט טומל אַריין אין די וואַגאָנעס און מען רעווידירט און מ׳פרעגט אַלעמען אויס — ווער, וואָס, ווען. און ווידער אַ גליקלעכער צופאַל — ס׳איז אַ סך צו דערציילן — און כ׳בין אַרויס אַ טרוקענער. נאָך דעם ווי דער צוג איז אויף לאַנגע שטונדן פאַרהאַלטן געוואָרן — רירט ער זיך ענדלעך, און כ׳קום אויף מאָרגן בשלום אָן קיין לובלין. כ׳קריג שוין דאָרט איצט אַרויס דאָס ריכטיקע פּאַפּירל — פאַר אַ כאַבאַרל, נאַטירלעך — און פאָר אָפּ קיין כעלם. זיך ווידער געזעגנט מיט דער היים, ווידער טרערן. איך פאָר באַלד צוריק און קום אָן בשלום קיין ליבאַווע.

איצט זיינען שוין מער קיין שוועריקייטן ניט געווען, מיר קריגן אַרויס דעם הייס־געגאַרטן פּאַספּאָרט, און אַ פּאָר טעג שפּעטער זעצן מיר זיך אויף דער שיף. די איראָניע פון דער געשיכטע איז געווען דאָס. וואָס די שיף אונדזערע, וועלכע דערווייטערט זיך אַלץ מערער פון די ברעגעס פונעם „ארץ־הדמים“, ווי יידן האָבן דעמאָלט גערופן דאָס צאַרישע רוסלאַנד, און נעמט אַלץ האַסטיקער שניידן די כוואַליעס פון ים אויף איר וועג קיין אמעריקע, — די דאָזיקע שיף וועלכע ראַטעוועט איצט אַ שיין ביסל מענטשן פון די צאַרישע תפיסות און פאַרפאָלגונגען, — אַז אָט די שיף האָט אַליין גאָר געטראָגן דעם נאָמען „צאַר“

דרייצן טעג נעמט אונדז די רייזע. ס׳האָבן אויך ניט געפעלט קיין גרויסע שטורעמס. אויפן פערצנטן טאָג, דעם 8־טן דעצעמבער 1912, האָט די „צאַר“ געלאַנדט אינעם ניו־יאָרקער האַפן. אַזוי גיך ווי מיר פאַרלאָזן די רוסישע שיף און באַטרעטן די האַרטע ניו־יאָרקער ערד, האָבן מיר, ענדלעך, צום ערשטן מאָל פאַר אַ לאַנגער צייט פרייער אָפּגעאָטעמט.

* * *

מיט ניין יאָר שפּעטער קום איך צוריק קיין כעלם, איז אַחוץ, נאַטירלעך, דער גוואַלדיקער איבערלעבונג ווידער צו זען די עלטערן, משפחה, איז אויך געווען די פריידיקע סאַטיספאַקציע איבער דעם וויסטן סוף, וואָס ס׳האָבן בעת דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד אַריינגעכאַפּט די אַלע צאַרישע סאַטראַפּן, הענקערס און הענקערלעך, וועלכע פלעגן אונדז אַזוי פאַרביטערן דאָס לעבן. אַ כשר פאַרדינטן סוף — כן יאבדו!

עס רינט אָבער גיך אויס דער לעצטער טראָפּן פרייד צוזעענדיק דעם שיינעם תכלית, וואָס דאָס נייע, תחית המתים אויפ־

געשטאַנענע, פוילן מאַכט פון אונדז. ווען מען פאַרגלייכט דעם פריערדיקן צאַרישן פּאָגראָם־רעזשים מיטן איצטיקן ביטער־אנטיסעמיטישן פוילישן רעזשים, קען מען זאָגן בלויז: אויב ניט נאָך ערגער. זיי פאַרלויפן אפילו דעם וועג היטלערן מיט זייער קאָנצענטראַציע לאגער אין קאַרטוז בערעזע, ווו די בעסטע זין פון פוילן ווערן געפּייניקט מיט אַזאַ אכזריות, אז טייל ווערן צום טויט פאַרפּייניקט. אויף פּאָגראָמירן יידן טויגן זיי זיך גאַנץ גוט אויס. יידיש בלוט רינט ווידער ווי וואסער: אין פינסק, ווילנע, פּשיטיק, בריסק און אַנדערע. מ׳וואַרפט יידן ארויס פון לויפנדיקע צוגן, מ׳צופּט אויס יידישע בערד מיט דער הויט און אנדערע נגישות און שיקאנעס. אנטיסעמיטיזם און באָיקאָט איז די אָפּיציעלע פּאָליטיק פונעם פּוילישן פעאָדאלן רעזשים. מ׳רייסט ארויס דעם לעצטן ביסן ברויט פון מויל. די שטייער־פּאָליטיק פאַרערעמט אונדז אינגאנצן. מיר זיינען זיי גרויס אין די אויגן, — צו פיל יידן אין פוילן — „זשידזשי דאָ פּאַלעסטיני" — איז דער אָפּיציעלער מלוכה־לאָזונג. און דאָס נאָך איבער אכט הונדערט יאָר לעבן אויף פּוילישער ערד, טיף ארייננגעוועבט אין דער געשיכטע, אינעם עקאָנאָמישן, סאָציאלן, קולטורעלן און פּאָליטישן געוועב פונעם לאַנד.

אָט איז א כאַראַקטעריסטישער אינצידענט פאַר יענער צייט. מיין פּאָטער קומט איין מאָל צולויפן אין מיטן טאָג אהיים, אַ שטאַרק אויפגערודערטער, אַ בלייכער, אויס מענטש פשוט. מ׳מוז אים גלייך לייגן אין בעט אריין. וואָס האָט פּאַסירט? ער איז געווען באפריינדעט מיט א פּאָליאַק, מיט וועלכן ער פלעגט פירן מסחרים. זיי פלעגן קומען איינער צום אנדערן אין שטוב אריין. יענעם טאָג האָט מיין פּאָטער געדאַרפט זיין ביים פּאָליאַק. נאָך איידער ער טרעט אריבער זיין שוועל, כאַפּט דער פּאָליאַק, מיט גרויס רציחה, אַראָפּ פון וואַנט אַ יאַגדביקס און נעמט זיך אין אים צילעווען, מאַכט א גוואלד ער זאָל זיך גלייך אָפּטראָגן פון זיין שטוב, אניט שיסט ער אים גלייך אויפן אָרט. מיין פּאָטער ווערט קוים אנטרונען מיטן לעבן. א פּאָר שעה שפּעטער קומט דער פּאָליאַק צולויפן צו אונדז און מיט טרערן אין די אויגן בעט ער מיין פּאָטער ער זאָל אים מוחל זיין. ער דערציילט אים, אז פונקט ווען מיין פּאָטער איז צו אים אריינגעקומען איז ביי אים גראָד געזעסן א פאַרטרעטער פון ווארשע, ספּעציעל אראָפּגעשיקט צו פאַרשטאַרקן די באָיקאָט־באוועגונג קעגן די יידן אין כעלם. מ׳האָט אים פאַרמסרט, זאָגט ער, אז ער האנדלט מיט יידן. כדי זיך צו ראַטעווען דאָס לעבן, האָט ער געמוזט נעמען דעם עקסטרעמען שריט — שפּילן די טראַגי־קאָמעדיע.

אָנגעקומען קיין כעלם, ווי געזאָגט, בין איך פאַרטאָג, ערב־סוכות, 1921. ביז נאַכט האָב איך שוין געהאַט אויסגעטיילט צו אַן ערך פופציק כעלעמער פאַמיליעס די פּאָר טויזנט דאָלאַר, וואָס זייערע קרובים און משפחה אין אמעריקע האָבן מיר מיטגעגעבן פאַר זייערטוועגן. ס׳האָט אויך דער כעלעמער „רעליף" אין ניו־יאָרק, אין וועלכן כ׳בין געווען אַקטיוו, מיט מיר מיטגעשיקט אַ שיינע סומע פאַר די אינסטיטוציעס אין כעלם — פאַרן לינת־הצדק, מושב־זקנים, תלמוד־תורה, פּרץ־ביבליאָטעק און אנדערע.

דאָס מאָל, אז כ׳פאָר צוריק קיין ניו־יאָרק, געזעגן איך זיך שוין מיט מיין פּאָטער אויף אייביק. נאָכן פּאָטערס טויט (ט״ו טבת 1923), נעמען מיר — איך, מיין ברודער און שוועסטער — אריבער אונדזער מוטער קיין ניו־יאָרק. זי לעבט אויס אירע לעצטע יאָרן מיט אונדז (געשטאָרבן כ׳ חשון, 1939).

* * *

פערציק יאָר שוין פאַרביי זינט יענעם אומהיימלעכן פרילינג, 1912. האָט מיר געקאָנט דעמאָלט איינפאַלן, אז דאָס געצוווונגענע אויסוואַנדערן מיינס, טראָגט אין זיך אַזוינע גוואַלדיקע ווייטגייענדיקע קאָנסעקווענצן — און נישט נאָר פאַר מיר אליין? די סאַמע רייכסטע (אָדער ווילדסטע) פאַנטאזיע וואָלט עס ניט געקאָנט אַנען אפילו!

ס׳איז אין יענעם שטורעם און דראַנג פּעריאָד, אָנהייב היינטיקן יאָרהונדערט. די יוגנט אין כעלם — ווי אין די אַנדערע שטעט און שטעטלעך — רייסט זיך פון דער ענגער היים אין דער גרויסער וועלט אריין, ביי אונדז מיינט עס פּאַקטיש, קיין ווארשע. געווען איז ביי דער דאָזיקער יוגנט, דעמאָלט, אַן אומגעשריבן געזעץ, א חוק ולא יעבור, אז וואָס־וואָס, נאָר אויף פסח צום סדר מוזן אלע, אויסגעפּוצטע און אָנגעלאָדן מיט די נייסטע ליטעראַרישע אויסגאבן, זיך צוריק אראָפּלאָזן אין דער היימישער נעסט. דארף זיך מאַכן אזוי, אז צוליב געוויסע סבות איז ביילע ווילדער (מיין פרויס שוועסטער) אויף יענעם פסח ניט אהיימגעפאָרן, און האָט, דעריבער, ווי שוין פריער דערציילט, געקאָנט מיך תיכף אינפאָרמירן וועגן יענעם פאַטאַלן ארעסט אין ווארשע. (ביילע ווילדער געפינט זיך היינט, מיט איר מאַן, ב. בינשטאָק, אין ניו־יאָרק). פאַרשטענדלעך, אז ווען ניט דער דאָזיקער גליקלעכער צופאַל, וואָלט איך היינט, מסתמא, די דאָזיקע שורות ניט געשריבן. ווארום בלויז א דאנק דעם דאָזיקן צופאַל איז נישט נאָר אָפּגעראַטעוועט געוואָרן מיין אייגן געביין, ווי דאָס לייב און לעבן פון מיין פרוי חנה, טאָכטער רות און זון מילטאָן (מענדל) פון היטלערס קרעמאַטאָריעס און גאַז־קאַמערן, נאָר ס׳האָבן אויך איניינעם מיט אונדז, נאָך אַ פּאָר צענדלינג יידישע נפשות, און די נאָכקומענדיקע דורות זייערע, אויסגעמיטן דעם טראַגישן גורל פון אונדזערע אומגליקלעכע זעקס מיליאָן שוועסטער און ברידער אין די היטלערישע טויט־פאַבריקן.



הערש לייב און שעווע ווינער — עלטערן פון ~~[illegible]~~ ח׳נ׳ר.
Pkinc

* * *

עד היום, נאָך אזוי פיל יאָרן, ווען ס׳קומט מיר אויפן דמיון דער טרויעריקער צופאל מיט מיין פאַרבעטן פּרצן קיין כעלם מיט פערציק יאָר צוריק — ווער איך געפּלעפּט פונעם גרויסן רעטעניש פאַרוואָס די אָכראַנע זאָל האָבן ארויסגעלאָזט אזא טייערן

ביסן. נאָך אַלעמען איז פרץ ביי זיי דאָך שוין לאַנג געווען א „גע־שטעמפּלטער". זיכער האָבן זיי אויף אים געהאַלטן אַן אויג זינט ער איז אין 1899, אויף דריי חדשים פאַרשפּאַרט געוואָרן אין וואַרשעווער ציטאַדעל, נאָכדעם ווי ער ווערט אַרעסטירט אויף אַן אומלעגאַלער אַרבעטער־פאַרזאַמלונג.

צי האָט פרץ געוווסט, אַז זיין אויפטריט אין כעלם וועט אויך אויסגענוצט ווערן אויף צו שאַפן הילף פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע, — אַ האַרב פאַרברעכן אין די אויגן פון דער צאַרישער מאַכט — איז איצט שווער צו זאָגן מיט באַשטימטקייט. בעת כ'האָב מיט פרצן אָפּגעמאַכט ער זאָל קומען קיין כעלם, האָב איך אים דירעקט עס ניט געזאָגט, און ער האָט אויך ניט געשטעלט קיין שום פראַגעס. ס'איז אָבער, בעת יענעם שמועס אַזוי פאַרבייגייענדיק, געקומען צו רייד וועגן דעם איבערפאַל, וואָס די צאַרישע מאַכט האָט מיט אַ קנאַפּן יאָר צוריק געמאַכט אויף דער יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט, פון וועלכער פרץ איז געווען דער פּרעזידענט, און געמאַכט א סוף צו איר קורצער, אָבער גלאַנרייכער עקסיסטענץ.. די דאָזיקע ערשטע מ א ס ן ־ געזעלשאַפט פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון דער יידישער קולטור איז געווען זייער פּאָפּולער און באַליבט ביי דער גרויסער מאַסע פון דער יוגנט אין וואַרשע. ס'איז, אגב, דער גרעסטער חידוש, וואָס דאָס דאָזיקע העכסט סטימולירנדיקע קאַפּיטל אינעם לעבן פון דער מאָדערנער יידישער קולטור, מיט איבער פערציק יאָר צוריק, די געזעלשאַפט, וואָס איז געווען דער פּראַטאָטיפּ און פאָרלויפער פאַר אַלע שפּעטערדיקע באַוועגונגען און געזעלשאַפטן, וועלכע האָבן געהאַט די זעלבע צילן, — וואָס עד היום איז ניט געמאַכט געוואָרן קיין ערנסטער פּרווו זי אויסצופאָרשן. (די ליטעראַרישע געזעלשאַפט איז געבוירן געוואָרן אין האַרבסט, 1909 און איז אָפּגעשטעלט געוואָרן בעת דעם פריער דערמאָנטן איבערפאַל אין מאַי, 1911). הקיצור, בעת יענעם איבערפאַל אויף דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון דער יידישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט, אין זאַל האַרמאָני, אויף נאָווינאַרסקי 12, אין אַ שבת ביטאָג, אין מיטן חודש מאַי, 1911, האָט די אָכראַנע פון צווישן די עטלעכע הונדערט פאַרזאַמלטע אַרעסטירט אַן ערך דרייסיק פּערזאָן.

די אַרעסטירטע זיינען אַלע געווען מיטגלידער פון אומלעגאַלע אַרבעטער־פּאַרטייען, אַלע אַזוינע, וואָס די אָכראַנע האָט שוין געהאַט א רעקאָרד פון א פריערדיקן אַרעסט זייערן. איז אויך דער פאַקט, אַז איך בין געווען איינער פון יענער גרופּע אַרעסטירטע, דערמאָנט געוואָרן בעת מיין שמועס מיט פרצן. ער האָט, בכן, געוווסט אקוראַט מיט וועמען ער האָט צו טאָן. קאָן עס געמאָלט זיין, אַז פרץ זאָל איינגאַנצן ניט האָבן זיך אָנגעשטויסן עפּעס־וואָס? פון דער צווייטער זייט, אָבער, קאָן, נאַטירלעך, אויך קיינער איצט ניט קאַווירן, אַז ער זאָל יאָ האָבן עפּעס וואָס געזאָגט.

הכלל, דאָס רעטעניש פאַרוואָס די אָכראַנע האָט דאָך פרצן צורו געלאָזט, — איצט ווען זי האָט געהאַט אזא גוטן תירוץ זיך צו אים צוצוטשעפּן — קאָן אינעם ליכט פון די אומשטענדן אין יענער צייט, דאַכט זיך מיר, אויפגעקלערט ווערן בלויז דערמיט, וואָס פרץ, אין 1912 איז, אַפילו פאַר זיי, שוין ניט דער פרץ פון 1899. ניט נאָר האָט פרץ געהאַט איצט דערגרייכט דעם הויכפּונקט אין זיין שאַפן ווי דער גרויסער קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור — נאָר ער איז דערצו נאָך געווען דעמאָלט אפשר די פּאַרנעמסטע און אימפּאָזאַנטסטע פיגור ביים יידישן פאָלק אין אַלע טיילן פון דער וועלט. און אַפילו די בלינד־ברוטאַלע צאַרישע מאַכט האָט דאָס געמוזט איינזען און זיך דערמיט רעכענען, און האָט מער נישט געוואַגט זיך צוצורירן צו פרצן. ער איז פאַר איר איצט געווען א צו גרויסער ביסן אַראָפּצושלינגען. ס'האָט זיך זיי איצט פּשוט ניט געלוינט איינצורייסן מיט דער וועלט — אַפילו מיט דער יידישער וועלט. (ואני הקטן, איך דאַרף אוודאי און אוודאי מיך פילן גליקלעך, וואָס פרץ איז דעמאָלט ניצול געוואָרן פון א גרויסער צרה).

ניו־יאָרק, 1952.

---

הלל שאַרגעל, תל־אביב

# פרילינג אין דער אַלטער היים

עס בליט א רויטע רויז,
ווילד אָנגעפּלאָנצט,
ווו ס'איז געשטאַנען מיין הויז
דור־דורות לאַנג.

א גראָז שפּראָצט אַרויס,
אויף צעבראָכענער שוועל,
ווו ס'איז געווען דאָס הויז
איז אָנשאָטנדיק העל.

א ביימל וואַקסט איין;
דער פרילינג פאַרלאַנגט
און סע שמעקט מיט געוויין,
מיט לעצטן געדאַנק.

און סע שמעקט מיט געוויין
און סע פוילט דאָ א גרוב,
א ציגל, א שטיין,
דערמאָנט אָן א שטוב.

א שטיין מיט א בלום,
גאָלדן געפאַרבט
און ווייטער איז שטום,
ווי עמעצער שטאַרבט.

א קאַץ לויפט אַדורך,
א ווילדע און שוואַרץ,
די אימה און פורכט,
קומט פון מיין האַרץ.

פון ערגעץ א לאַך,
קוקט אַריבער א מויז,
א סימן פון בראָך,
וואָס האָט געטראָפן מיין הויז.

ליים שיט זיך אויס,
פון א זכר א וואַנט,
ווו ס'איז געשטאַנען מיין הויז,
אין פּוילישן לאַנד.

י. מילנער

# נאָטיצן און זכרונות

## קאַלייעוו, דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציאָנער — אַ כעלעמער...

איך האָב נאָך אליין געקענט זיין אלטע מאמע אין כעלם. און איך בין געווען א נאָענטער חבר פון איין ברודער, וואָס איז געווען א „פארמאצעווט" אין דער צווייטער פוילישער אפטייק, קעגן דעם „קאָשציאָל".

אים אליין געדענק איך אזוי ווי דורך אַ נעבל, זיין הויך געשטאַלט, זיין בלאָנדע קאָפּ האָר, זיינע שיינע, טיפע, בלאָע אויגן. ער איז געווען א „גימנאַזיסט", אין די העכערע קלאסן און שפּעטער האָט מען געוווסט, אז ער איז א סטודענט פון מאָסק־ווער אוניווערסיטעט און א וויכטיקער מיטגליד פון דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּארטיי, וועלכע פלעגט גערופן ווערן „עס־ער".

אין מאָסקווע האָט דאַן געהערשט דער גרויס־פירשט סערגייי אלעקסאַנדראָוויטש, ניקאָלאַי דעם צווייטנס פעטער און שוואָגער (זיין ווייב איז געווען אַ שוועסטער פון דער קייזערין, ניקאָלאַי׳ס פרוי). ער האָט געהאַט א גרויסע השפעה אין צאַרישן הויף, און זיין גענעראַל־גובערנאַטאָר פון מאָסקווע איז געווען גלייך ווי צו זיין „שני־למלך". סערגייי אלעקסאנדראָוויטש איז געווען דער סימבאָל פון דער רוסישער רעאַקציע און א שונא־ישראל, וואָס איז נישט געווען צו אים אַ גלייכן אין לאַנד פון פּאָביעדאָנאסצעוו און שטשעגלאָוויטאָוו. אז סערגייי איז אָנגעקומען אין מאָסקווע האָט ער דערקלערט, אז די הייליקע שטאָט דאַרף ווערן „יידן־פריי". און דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן גזירות און רדיפות, ביז ס׳איז געקומען דאָס באַרימטע יאָר 1892 פון „גירוש־מאָסקווע", ווען מען האָט ארויסגעטריבן אלע יידן פון דער הויפּט־שטאָט. אין אונדזער ליטעראַטור זיינען באַרימט געווען די לידער פון העב־רעאישן דיכטער, מנחם מענדל דאליצקי, וואָס האָט אָנגעשריבן אמת׳ע „איכה"־פּאָעמען וועגן דעם אומגליק.

אָבער די נקמה האָט גענומען פאר די אלע יידישע צרות דער כעלעמער גימנאַזיסט, קאַלייעוו. די „עס־ער"־פּאַרטיי האָט אויף אים געוואָרפן דעם גורל צו מאַכן א סוף מיט סערגיי אַלעקסאַנד־ראָוויטש. און א פּאָר טעג פאר פסח, אין 1904, אז סערגעי איז געפאָרן אין זיין קאַרעטע, פון קרעמעל, האָט קאַלייעוו אויף אים געוואָרפן א באָמבע. דער גרויספירשט, די פערד, די רעדער און דער קוטשער זיינען אלע אויפגעריסן און צעמישט געוואָרן פיצלעכווייז אין אַ קאַשע... קאַלייעוו איז ארעסטירט גע־וואָרן. ער האָט זיך געהאלטן אויף דעם משפּט ווי א העלד (סער־גייס ווייב איז צו אים געקומען אין תפיסה און געזאָגט, אז זי וועט אינטערווענירן פאר אים כדי מען זאָל אים שענקען דאָס לעבן, ווען ער וועט זאָגן ווידוי און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם חסד). מען האָט אים געהאנגען. און זיין מאמע פלעגט נאָך לאנג שפּעטער שפּאַצירן אָנגעטאָן אין שוואַרצן, אויף די כעלעמער גאַסן. אין אַ יאָר שפּעטער, אין 1905, איז אויסגעבראכן די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע... ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה.

## כעלם ווערט אַ גובערניע

צו מאַכן פון כעלם א „גובערניע" איז געווען א טרוים פון דער רוסישער רעאַקציע. פאר די פּאַליאַקן איז עס געווען א שטאַרקער קלאַפּ, און זיי האָבן מאָביליזירט קעגן דעם די וועלט־



מיינונג. אין יאָר 1910 זיינען קעגן דעם פּראָיעקט פון א „כעלע־מער גובערניע" ארויסגעטראָטן אפילו פראנצייזישע סאָציאַליס־טישע צייטונגען און אָנגערופן דעם אַקט: „די דריטע חלוקה פון פוילן"... אין 1912 האָט מען עס דורכגעזעצט און פּראָקלאמירט דורך דער דומע, וואָס האָט געהאַט אַ מערהייט פון רעאַקציאָנערע עלעמענטן און דער הויפּט־אינספּיראַטאָר פון דעם נייעם געזעץ איז געווען דער יעפּיסקאָפּ יעוולאָגי, וואָס איז שוין געווען דעפּוטאַט פון דער כעלעמער ספּעציעל געשאַפענער „פּראַוואָסלאַוונער קוריע".

כעלם איז געוואָרן (און קינסטלעך געשאַפן) אַ פּראַוואָסלאַוו־נער צענטער, מיט דעם „סאָבאָר" און מיט דעם „גלחים־סעמינאַר". אלע יאָר פלעגט דאָרט פאָרקומען אַן „אָטפּוסק" (דעם טאָג פון 8־טן סעפּטעמבער), ווו פון אלע עקן, פון די נאָענטע גובערניעס, פלעגן צו פוס קומען פּויערים, כדי מתפלל צו זיין אין „סאָבאָר". מען האָט געוואָלט שאַפן א „טשענסטעכאָוו" אויף צו להכעיס די פּאָליאַקן... די געגנט אליין האָט זיך גערופן „כאָלמסקאַיאַ־רוס", און ס׳האָט נאָך געשטאַמט פון יאָר 1240, מיט א גאַליציאנער פירשטנטום (מיט דעם פירשט דניאל). ארום 1569 ווערט דאָ פארשטאַרקט דער קאַטוילישער איינפלוס. ערשט נאָך דער ערש־טער פוילישער „פּאָווסטאַניע" (1831) האָט די רוסישע מאַכט אָנ־געהויבן צוריקצוברענגען די „אוניאַטן" צו דער פּראַוואָסלאַוונער קירך און מען האָט פארשטאַרקט די רוסישע אסימילאַציע. און אזוי איז געבאָרן געוואָרן דער געדאַנק פון א כעלעמער גובערניע, כדי די געגנט זאָל אין גאנצן איזאָלירט ווערן פון פּוילן.

יעוולאָגי האָט טריאומפירט. און דער ערשטער גובערנאַטאָר פון כעלם איז געווען וואָלזשין, דער שעדלעצער גובערנאטאָר, א שונא־ישראל, וואָס האָט אָרגאַניזירט דעם באַקענטן, אין אונד־זער געשיכטע, שעדלעצער פּאָגראָם. מען האָט געמאַכט גרויסע פּלענער אויף מיליאָנען גאָלדענע רובלס. מען האָט געדאַרפט אויפבויען אַ נייעם כעלם און מען האָט שוין אפילו אָנגעהויבן צו לייגן פונדאַמענטן פון נייע גרויסע אדמיניסטראַטיווע הייזער, ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן נייע גאַסן... די נייע אַדמיניס־טראַציע האָט איגנאָרירט גענצלעך די יידישע באַפעלקערונג, אין בעסטן פאַל האָבן זיי אונדז גערופן, בשעת מען האָט גאָדאַרפט געלט אויף נייע שטאָט־הוצאות. יעוולאָגי אליין איז געווען אַן אַנטיסעמיט, ווי ס׳קאָן נאָר זיין אַ בישאָף און דערצו אַ פּראַ־וואָסלאַוונער פון די צאַרישע צייטן... ער האָט געהאַט א שוואַכ־קייט צו אַן אלט פּאָר־פּאָלק, אָרעמע יידישע לייט, וואָס האָבן באַ־קומען ביי אים אַ „קאָנצעסיע" אויף עפּל פון זיין גאָרטן, און אין כעלם האָט געלעבט א בערדיטשעווער ייד, אברהם פישבערג, וואָס איז געווען ביי אים א יוצא־ונכנס. ער האָט זיי געהאלטן פאר די שענסטע און בעסטע יידן, די איבעריקע זיינען געווען... רעוואָלוציאָנערן. ער האָט עס געזאָגט א דעלעגאציע פון כעלע־מער „פּני־העיר", וואָס זיינען געגאַנגען צו אים בעטן רחמים, אז אין טאָג פון „אָטפּוסק" (וואָס איז אויסגעפאלן מיט דעם ערשטן טאָג ראש־השנה) זאָל נישט פאָרקומען א פּאָגראָם. אין יענעם טאָג האָט גאנץ כעלם געציטערט פאר א שחיטה.

אָבער צווישן יעוולאָגין און וואָלזשינען ,איז ניט געווען קיין „שלום־בית": יעוולאָגי האָט זיך געהאלטן פאר א שטיקל כעלע־מער „מלך" און וואָלזשין האָט דאָך געוואָלט זיין גובערנאַטאָר. ס׳איז געקומען דערצו, אז יעוולאָגי האָט ארויסגעוואָרפן דעם

„פּאָטעל״, וואָס וואָלזשין האָט זיך געבראַכט אין „סאָבאָר״... ס׳איז געוואָרן א סקאַנדאַל. דער „הייליקער סינאָד״ פון פעטערבורג האָט זיך ארייַנגעמישט: וואָלזשין איז אוועק, אָבער יעוולאָגי אויך. און דער לעצטער איז געוואָרן בישאָף פון זשיטאָמיר. אז די מלחמה פון 1914 איז אויסגעבראָכן, האָט יעוולאָגי אונטערגענומען אַ מיסיע צו מאַכן „פּראַוואָסלאַוויע״ אין לעמבערגער געביט (צוזאמען מיט דעם גענעראל איוואַנאָוו, וואָס האָט פארנומען אפילו פשעמישל) און וואָלזשין איז געוואָרן „אויבערפּראָקוראָר פון הייליקן סינאָד״, וואָס איז געוועזן דער העכסטער אדמיניסטראַטיוו־פּראַוואָסלאַוונער אַמט. אָבער נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז ער אוועק קיין רוים (וווּ ער איז געשטאָרבן) און יעוולאָגי קיין פּאַריז (וווּ עס איז געשטאָרבן אין יאָר 1949). יעוולאָגי האָט אין פּאַריז גרופּירט ארום זיך די גאַנצע פּראַוואָסלאַוויע פון אייראָפּע, א חוץ די גרענעצן פון ראַטנפארבאַנד. ער האָט געשפּילט א ראָל פון א ליבעראל, פון אַן אוהב־ישראל, און האָט זייער געוואָלט מען זאָל פארגעסן די כעלעמער פאַרגאַנגענהייט. ס׳איז אמת, אז אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע האָט ער אַלץ געטאָן כדי צו דערלויבן די פּראַוואָסלאַוונע גלחים ארויסצוגעבן רוסישע יידן פאַלשע פּאַפּירן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך געקאָנט ראַטעווען. ער האָט געמאַכט אפילו א שריט ווייטער, ער האָט זיך זייער דערנענטערט צום מאָסקווער מיטראָפּאָליט. איך האָב געקענט א סך פּאַריזער רוסישע יידן, וואָס פלעגן האָבן מיט אים א קאָנטאַקט. זיי האָבן מיר דערציילט, אז ער האָט שטענדיק מיט א קרעכץ דערמאָנט זיינע כעלעמער יאָרן און זייער פיל גערעדט וועגן זיינע... יידישע פריינד אין כעלם!...

## דער צאַר ניקאָלאַי דער צווייטער אין כעלם

אז ס׳גייט, טאָ גייט עס מיט אלעמען... אזוי איז געווען באַשערט, אז כעלם זאָל האָבן ביי זיך, אין אירע קאַזאַרמעס, דעם 65־טן רוסישן אינפאַנטעריע („פּיעכאָטע״) פּאָלק, וואָס האָט רויטע „קאָלישקעס״ (ווי מען פלעגט רופן דעם לאַמפּאַס אויף זייערע קיילעכדיקע „פוראזשקעס״— היטלען). אין דער ערשטער ראָטע פון דעם פּאָלק, האָט געדינט ניקאָלאַי דער צווייטער בכבודו ובעצמו, בשעת ער איז נאָך געווען א „צאַרעוויטש״, א „יורש־עצר״, און אויף דעם טראָן איז געזעסן זיין טאַטע, אלעקסאנדער דער דריטער. ער האָט געלערנט אין דעם פּאָלק די מיליטערישע חכמה און זיין רבי איז געווען א פעלדפעבל מיט גרויסע, ברייטע, דיקע וואָנצעס און זיין ברוסט איז געווען באַדעקט מיט מעדאלן. אייגנטלעך, ס׳זאָגט זיך נאָר אזוי: „זיין ברוסט״... אז דער פּאָלק פלעגט מאַרשירן איבער די כעלעמער גאַסן, און די ערשטע ראָטע אין דער שפּיץ, איז תיכף נאָך דעם פּאָלקאָווניק, וואָס האָט געריטן אויף א פערד, געגאַנגען זייער, זייער „וואַזשנע״, דער פעלדפעבל באדעקט מיט מעדאַלן פון קאָפּ ביז די פיס. ס׳איז פשוט געווען פחדיק. אָבער אויף די טראָטואַרן זיינען געשטאַנען אונדזערע כעלעמער יידן, געקוקט אויף דעם אלעם מיט א ביטול־שמייכל, און זיי זיינען, סוף סוף, דאָך געווען גערעכט, ווייל ס׳איז דאָך געווען נאָר א „הבל־הבלים״...

מיטאַמאָל האָט זיך גאנץ כעלם דערוווּסט, אז דער „מאָסקאָווסקי פּאָלק״ וועט פייערן א יובילעי: זיין 200־יאָריקע עקסיסטענץ. די פאמיליע וואָרהאַפטיג, וואָס אלטע כעלעמער געדענקען נאָך, איז געווען דער „ליפעראַנט״ („פּאָדראַדטשיק״) פון פּאָלק. דער פּאָלקאָווניק אליין האָט געזאָגט ישראל וואָרהאַפטיגן, אז אזא געשעעניש וועט פאָרקומען אין גיכן, און היות דער צאַר אליין וועט קומען צום יום־טוב, דאַרף ער אָנגרייטן גוט פלייש און יעדער סאָלדאַט וועט באַקומען יענעם טאָג אַ גאַנצן „ראַזעווען״ ברויט און א גרויס שטיק פלייש מיט קאַשע. די ידיעה האָט זיך שנעל פארשפּרייט, מען האָט גערעדט וועגן דעם אין יעדער שטוב און אין יעדן ווינקל. מען האָט אין גיכן צונויפגערופן אין מאַגיסטראַט אלע פני פון דער שטאָט, דער „נאַטשאַלניק״ פון דער פּאָליציי (ראזשדעסטווענסקי, וואָס האָט געהאַט א „טאַריף״ פון דריי רובל פאר זיין קעשענע...) האָט געהאלטן א דרשה, ס׳איז באשלאָסן געוואָרן אז דער טאָמאַשאָווער רב זאָל מקבל־פּנים זיין דעם צאַר ניקאָלאַי מיט אַ ספר־תורה (צוזאַמען מיט דעם פּראַוואָסלאַוונעם בישאָף און קאַטוילישן גלח).

איך בין דאַן אלט געווען 11 יאָר. אָנגעטאָן אלס א „גימנאַזיסט״ האָב איך באקומען א ספּעציעלע קאַרטע, א דאנק וועלכער איך האָב געהאַט אַן איינטריט אין „סאַבאָר״, ווו ניקאָלאַי האָט געדאַרפט מאכן זיין ערשטן וויזיט. ווען דער צוג איז אָנגעקומען אויף דעם וואָקזאל האָט מען געגעבן צו וויסן דורך א ספּעציעלן שטאַפעט אויף אַ פערד און די גלאָקן פון „סאָבאָר״ האָבן אָנגעהויבן צו קלינגען. ס׳איז אריבער אַ ציטער דורך די ביינער פון די אלע, וואָס זיינען געשטאַנען אין צוויי רייען, אויף די ברעגן פון א לאנגן און גרויסן רויטן טעפּיך, וועלכער האָט באדעקט די פּאָדלאָגע פון „סאָבאָר״. די טויערן האָבן זיך געעפנט און ס׳איז אריין דער צאַר ניקאָלאַי. מיר האָבן זיך שפּעטער גערימט, אז מיר זיינען געשטאַנען נעבן אים, פשוט נאָר אָנצורירן אים מיט א פינגער... ער איז געגאַנגען פאָרויס. איך דערמאָן זיך, אז איך האָב גלייך דערקענט דעם באַראָן פרעדעריקס, וואָס איז געווען זיין הויף־מיניסטער, גענעראל קוראָפּאַטקין, גענעראלן, מיניסטאָרן, דער לובלינער גובערנאַטאָר און.. דער פעלדפעבל פון דער ערשטער ראָטע מיט זיינע אלע מעדאלן, מיט א שמייכל: אזא קרוב למלכות!...

שפּעטער האָט מען דערציילט, אז ווען דער צאַר איז ארויס אויף דעם וואָקזאַל און צו אים איז צוגעגאַנגען די „דעלעגאציע״ מיט ברויט און זאלץ, האָט ער מיט א שמייכל זיך אָפּגעשטעלט פאר ר׳ מאיר נייהויז, אונדזער כעלעמער רב, וועלכן מען פלעגט רופן דער „טאָמאַשאָווער״. יידענעס פלעגן דאַן זאָגן: וואָס פאר אַ וווּנדער?.. ער איז דאָך שיין ווי גאָלד!... באמת, אין זיין שיינע, אטלאַסענע קאַפּאָטע, מיט דעם גרויסן שטריימל, מיט דער לאנגער ווייסער באָרד, מיט די שטענדיק יונגע־שווארצע, קלוגע אויגן און מיט דער „תורה״ אויף די הענט, האָט ער געהאַט אזא „הדרת־פּנים״, אז קיינער האָט ניט געקאָנט דורכגיין קאלטבלוטיק, אפילו דער רוסישער צאַר.

צוויי טעג האָט ניקאָליי דער צווייטער מיט זיין סוויטע פארבראַכט אין כעלם: צוויי טעג זיינען געווען די געשעפטן געשלאָסן,



אַ פראַגמענט פון כעלם

יום־טוב ביי יידן און נישט־יידן. מען האָט דערנאָך געזען ניקאָלייען צען מאָל א טאָג, ער איז שוין פשוט נמאס געוואָרן... און מען איז שוין געווען צופרידן פון אים פטור צו ווערן, כדי דאָס כעלעמער לעבן זאָל ווייטער פליסן מיט זיין שטענדיקן ריטם...

## די פיר „ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַטן" אין אונדזער אַמאָליקן כעלם

— וואָס הייסט אַ „ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט"?...

ניקאָלאַי דער ערשטער, דער רוסישער צאַר, דער גרויסער דעספּאָט, האָט נאָך מיט העכער הונדערט יאָר צוריק געהאַט א שוואכקייט צו ווערלן מאַכן „מענטשן" פון די... רוסישע יידן! זיינע פּויערים זיינען געווען שקלאפן (מען האָט זיי באפרייט נאָך זיין טויט, ערשט אין 1861), דאָס גאנצע לאנד און אלע פעלקער האָבן געשמאַכט אונטער זיין יאָך, ער האָט זיך אויך פארפלאָנטערט אין פארשיידענע מלחמות און געוואָרן דער „זשאַנדאר" פון איירָאָפּע און דאָך האָט ער געהאַט נאָר איין דאגה: ווי מאַכט מען „זיינע" יידן פאר מענטשן?...

און כדי זיי זאָלן דאָס ווערן, האָט ער געהאלטן, דארף מען קודם־כל מאַכן פון זיי סאָלדאַטן. און מען פלעגט כאַפּן קליינע יידישע קינדערלעך אין אונדזערע שטעט און שטעטלעך און מען פלעגט זיי אָפּגעבן פאר סאָלדאטן. יידישע מאַמעס זיינען נישט געשלאָפן גאנצע נעכט. גאנצע משפחות האָבן געלעבט אין שרעק; די עופהלעך האָט מען באהאלטן ווי־נאָר מען האָט געקאָנט... אָבער ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן. ס'זיינען געפאלן זייער אָפּט קרבנות. און די קינדער זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן צו פּויערים, אין די ווייטע גובערניעס פון גרויסן צענטראַל־רוסלאנד. זיי זיינען געוואָרן פאַסטעכער און מען האָט זיי געשלאָגן מכות־רצח, כדי זיי זאָלן ווערן פּראַוואָסלאַוונע. דאָס רוב האָט אויסגעהאלטן יידישקייט. אָבער אנדערע, די שוואכע קינדער פלעגן זיך אונטערגעבן און שמד'ן. אזוי האָט עס געדויערט ביז צום סוף פון זייער אמת'ן מיליטער־דינסט און דאָס האָט אָפּגענומען ביים יידישן קינד גאנצע 25 יאָר לעבן, וואָס ער איז געווען אין דינסט פון צאַר, ירום־הודו!... אָבער דאָך דארף מען זאָגן דעם אמת: אז ער איז אויסגעשטאַנען דעם נסיון, לויט די רוסישע געזעצן איז ער געוואָרן אַ גלייכבאַרעכטיקטער בירגער. ער האָט געהאַט דאָס רעכט צו וווינען אין גאנץ רוסלאנד, און מען האָט געטראָפן די „ניקאָלאַיעווער סאָלדאַטן" אין מאָסקווע און טאַמבאָוו, אין אירקוטסק, אומעטום, אומעטום, אחד בעיר ושנים במשפחה. אלע זיינען זיי געווען זייער פרום, גרויסע עמי־הארצים, נישט געקענט אפילו א „צורת אות" (און פון וואנען?... איך זאָג עס נישט חס ושלום כדי זיי צו טאַדלען, להיפוך: איך האָב פאר זיי דעם גרעסטן רעספּעקט!) און וועגן זיי זיינען געווען געשאפן אין רוסישן אמאָליקן יידנטום הונדערטער אויסגעצייכנטע וויצן.

...ביי אונדז אין כעלם זיינען זיי געווען גאנצע פיר. זיי שטייען נאָך לעבעדיקע פאר מיינע אויגן. צוויי משומדים און צוויי יידן. ניקאָלאַי (איך געדענק נאָר זיין נאָמען אָבער נישט די פאַמיליע, און קאַשען (די פאַמיליע, וואָס דערמאָנט דעם פאַמיליע־נאָמען פון פראַנצייזישן קאָמוניסטישן פירער, אָבער איך געדענק ניט זיין נאָמען). אזוי ווי אַלע ניקאָלאַיעווער סאָלדאַטן, האָבן די צוויי נישט געדענקט פון וואנען זיי שטאַמען און ווער עס זיינען געווען זייערע עלטערן. זיי זיינען, מן־הסתם, דורך א צופאַל, פאַרבלאָנדזשעט קיין כעלם. ניקאָלאַי איז געווען אַ מאַליאַר און אז ער פלעגט זייער זיך אָנשטרענגען, איז פון מוח עפּעס ארויסגעקראָכן א מין „ברוך־אתה" אָדער „שמע־ישראל"... ס'איז כאַראַקטעריסטיש דאָס די כעלעמער יידן פלעגן זיך צו אים און צו קאַשענען באַציען מיט א געפיל פון רחמנות, ס'איז ניט געווען די טיפע שנאה ווי צו א משומד. מען האָט זיי געהאלטן פאר „אַנוסים..." קאַשען אָבער, איז שוין געווען א „באַאַמטער", א... רעגירונג־„טשינאָווניק", ער איז געווען אין יענע צייטן דער איינציקער בריוו־טרעגער פון דער שטאָט כעלם, אלע יידן האָבן אים געקענט און ער האָט געקענט אלעמען. אז ער פלעגט עמעצן ברענגען א „הצפירה" אָדער א „המליץ" (אין יענע יאָרן זיינען בכלל געווען אין גאנץ כעלם 2 אבאָנענטן פאר די ערשטע צייטונג און איינער פאר דער צווייטער), פלעגט ער ציינגן, דאָס ער קען נאָך יידישע אותיות און פלעגט אויסזוכן, למשל, א „ה" אָדער א „ל". און די ווייבער זיינען געשטאַנען ארום אים און באַוווּנדערט.

די צוויי איבעריקע זיינען געווען פרומע יידן. דער ערשטער, ר' מרדכי, מיט א ווייס בערדל, א ייד אן אָרימאַן, ער פלעגט גיין אין די הייזער, אָבער מיט שטאָלץ. ער פלעגט דעם שענסטן בעל־הבית קאָנען געבן א „רוסישע ברכה", אזוי ווי ער וואָלט נאָך געווען אין דער קאַזאַרמע. מען האָט זיך מיט אים נישט געטאָרט טשעפּען. אז ער פלעגט אריין אין כעס, האָט ער געקענט געבן מיט זיין שטעקן איבערן קאָפּ. און דאָך האָט מען אים גערופן „ר' מרדכי", ער האָט עפּעס געהאט אין זיך ניט פשוט'עס און ניט אַלע ניקאָלאַיעווער האָבן געהאַט דעם כבוד, אז די סביבה זאָל זיי צוגעבן א „רב"... דער צווייטער איז געווען א העלד פון דער סעוואַסטאָפּאָלער מלחמה (פון 1855). דאָס איז שוין געווען אפילו אין רוסלאנד גופא א מין „אריסטאָקראַטיע", זיי זיינען בכלל אויף דער גאנצער אימפּעריע געווען כמעט א מנין לעבעדיק־פארבליבענע. דער צאַר אליין האָט זיי געגעבן די ברייטסטע פּריווילעגיעס, אלע טירן און טויערן זיינען פאר זיי געווען אָפן און זיי האָבן באקומען לצמיתות גרויסע שטחים ערד. אזוי, אז אונדזער כעלעמער „סעוואַסטאָפּאָלער" איז געווען א באַזיצער פון אַ גאַנץ טייכל, ווי ס'איז געווען די „קאָפּיקע־באָד", און ער האָט „פארצעלירט" זיינע ערד, ווו ס'האָט זיך אויסגעבויט כמעט א שטעטל אין שטאָט, און דער קוואַרטאַל האָט זיך גערופן — פּאַלעסטינע. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט זיך דאָרטן אַנטוויקלט אַ שטיק יידיש לעבן פונעם יידישן כעלם.

## מיין ערשטע קאָרעספּאָנדענץ פון כעלם

„בייע צאַל" איז געווען: אונדזער כעלעמער געטאָ. די איראָניע פון יידישן גורל איז געווען אזוי, אז אין מיינע קינדער־יאָרן, אויף דער „נייער צאַל" (אָפיציעל האָט עס געהייסן: „פּאָטשטאָוואַיאַ אוליצאַ") אין הויז נומער 1 האָט געלעבט דער גלח, מיט א פּראַכטפולן גאָרטן, און דאָס לעצטע הויז, מיט צוויי גריכישע קאָלאָנען, איז געווען די פּאָסט. אָבער אויף א ק"מ צווישן גלח מיט דער פּאָסט־ביוראָ, האָבן געוווינט אונדזערע כעלעמער יידן, אין די שווידערלעכסטע היגיענישע באַדינגונגען אין איין צימערל לויט אברהם רייזנס באַרימט לידל „א געזינדל זאלבע אכט". ס'איז געווען א שוידער...

אין יאַנואַר, 1898, איז דאָרט פאָרגעקומען אן אומגליק. א יידענע האָט געמאַכט פייער, כדי ס'זאָל זיין א ביסעלע וואַרעמער אין די גרויסע קעלטן, און ביי איר ייִנגעלע האָבן זיך אָנגעצונדן די בגדים און ער איז כהרף עין פאַרברענט געוואָרן אויף די אויגן פון דער גאנצער „נייע צאַל", וואָס איז זיך צונויפגעלאָפן אויף די גוואַלד־געשרייען פון דער אומגליקלעכער מוטער. גאַנץ כעלם איז מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער געווען אויף דעם בית־עולם. די שטאָט איז געווען אויפגערודערט... און דאָס האָט אויף מיר געמאַכט, — און איך בין בסך־הכל אלט געווען ניט גאנצע צוועלף

יאָר, — אזא שטאַרקן רושם, אז איך האָב גענומען די פעדער אין האַנט און אָנגעשריבן א קאָרעספּאָנדענץ (מיין ערשטע „ליטעראַרישע" טעטיקייט...) און אוועקגעשיקט אין „המליץ"; און שטעלט זיך פאָר זי איז גלייך געוואָרן געדרוקט!... בסך־הכל אפשר צען שורות, לויט ווי ס'איז פאַרבליבן אין מיין זכרון. אז איך האָב געזען געדרוקט אין דער קאָרעספּאָנדענץ־רובריק, לויט דער אויטאָגראַפיע פון יענע יאָרן: „חעלם" (מען האָט צוגעגעבן: „פלך לובלין") זיינען ביי מיר די פיר אותיות געווען אזוי שיין און אזוי ליב, אז איך האָב מיך פון זיי ניט געקאָנט אָפּרייסן. מיט מיין נאָמען האָט דער „בחור־הזעצער" באגאנגען א טעות. איך האָב אונטערגעשריבן „י. מילנער", אָבער ער האָט אָפּגעדרוקט „ו. מילנער" (מיט א וואו). אָבער דער שרעקלעכער צופאַל פון קינד אויף דער „נייער צאַל" האָט נישט געקאָנט אפילו פאַר מיר, אַ קינד, אויסגענוצט ווערן פאַר אַ „געשעעניש" און נישט פאַר אַ שמחה פון זען מיין נאָמען געדרוקט, און ס'איז נישט געווען צוליב דער „זעצער" אליין, נאָר אַ סענסאַציע, אז דער „המליץ" האָט אָפּגעדרוקט א קאָרעספּאָנדענץ פון כעלם.

— און געדענקט איר די טרעפּ פון דער לובלינער גאַס, וואָס פלעגן פירן צו דער „נייער צאַל"?

דאָרט, אונטער די טרעפּ, זיינען אונטער די נאַצי־דייטשן געווען באהאלטן יידן און א קריסטלעכער בעקער פלעגט זיי טראָגן עסן. איינמאָל האָט אַן „אויער" דערהערט אז פון אונטער די טרעפּ הערן זיך קולות. די דייטשן זיינען געקומען און דערשאָסן אַ 17 פאַרבאַהאַלטענע יידן און דעם בעקער האָט מען אויפגעהאַנגען.

## מאַרגענטוי אין דער אַלטער כעלעמער שוהל

אזא פאַקט דאַרף רעגיסטרירט ווערן אין פינקס פון אונדזער שטאָט, אין אונדזער „יזכור־בוך". ס'איז געווען אין אויגוסט, 1919. פוילן איז אויפגעשטאַנען תחית־המתים און אזא היסטאָרישע געשעעניש האָט געדאַרפט זיך אָפּשפּילן אין אַן אַטמאָספער פון גרויסע אידעאַלן, וועלכע זיינען קריסטאַליזירט געוואָרן דורך דער פראַנצייזישער רעוואָלוציע און וואָס האָבן געהאָלפן פוילן צוריקצובאַקומען איר פרייהייט. אָבער די פוילישע אנטיסעמיטן האָבן געהאַט גאַנץ אַנדערע מיינונגען. די סאָלדאַטן פון האַלער'ן, די „פּאָזנאַנטשיקעס", און אלע איבעריקע פוילישע רעאַקציאָנערן פון אלע קאַנטן, האָבן באַשלאָסן אויסצוראָטן די יידן פון לאַנד. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען. יידן האָבן מורא געהאַט צו פאָרן אויף די באַנען און בכלל זיך צו באַווייזן אויף די גאַסן. די וועלט איז אויפגעציטערט געוואָרן. די „אַליאירטע" רעגירונגען האָבן באַשלאָסן צו אינטערווענירן. פּאַדערעווסקי האָט זיך אָנגעהייבן צו פאַרענטפערן. ענגלאַנד האָט ארויסגעשיקט אַ ספּעציעלן שליח, דעם ברודער פון לאָרד סעמיועל, כדי פירן אַן אויספאָרשונג אויף דעם פּלאַץ. און דאָס זעלביקע האָט אויך באַשלאָסן דער אמעריקאַנער פּרעזידענט, ווילסאָן, וועלכער האָט ארויסגעשיקט קיין פוילן מיט א ספּעציעלער מיסיע, זיין נאָענטן בעל־יועץ, מאַרגענטוי (ווילסאָנס מאַרגענטוי איז געווען דער פאָטער פון רוזוועלט'ס פינאַנץ־מיניסטער מאַרגענטוי, דער פאָטער איז געווען א באַקאַנטער דיפּלאָמאַט און דער אַמבאַסאַדאָר פון אַמעריקע אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל).

דעם 9־טן אויגוסט, 1919 איז מאַרגענטוי אָנגעקומען קיין כעלם און אין דעם זעלבן טאָג איז קיין כעלם אָנגעקומען פון מאָסקווע, מיט זיין משפּחה, מיין ברודער, ד"ר שמעון מילנער. מאַרגענטוי איז אוועק אין דער „גמינע" און דאָרט זיך געטראָפן מיט מיין פאָטער, וועלכער האָט אים מקבל־פנים געווען. די ידיעה האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט איבער גאַנץ כעלם. די גאַנצע שטאָט יידן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דער אַלטער שוהל. ס'איז אָנגעקומען מאַרגענטוי, מיין פאָטער, מיין ברודער און ר' אַנשל בידערמאַן. די פּאָליאַקן זיינען געבליבן פאַר כעס זיצן ביי זיך אין די ווינקלען... זיי האָבן פאַרשטאַנען, אז דאָס איז ניט אַ האַלער־פּורים־שפּיל, נאָר אַן ערנסטע זאַך. מיין פאָטער האָט געבעטן מיין ברודער, דאָס הייסט זיין זון, ארויפצוגיין אויף דעם „באַלעמער" און האַלטן א באגריסונג־דרשה (אלע יידישע צייטונגען אין וואַרשע האָבן עס תיכף באַשריבן). מיין ברודער האָט געהאַלטן איינע פון די רעדעס, וועלכע קאָנען באַשאַפן ווערן אין א מענטשלעכן לשון, נאָר אין אזעלכע דערהייבענע מאָמענטן. די יידן האָבן געוויינט און מאַרגענטוי מיט זיי און צווישן זיי. בכלל איז ער געוואָרן נבהל ונשתומם צו זיין אין אזא פאַראַרעמטער דורך דער מלחמה שטאָט, אזעלכע פּערזאָנען, און הערן פון זייער מויל אזעלכע רייד, וועלכע קאָנען אויפציטערן יעדע נשמה.

מאַרגענטוי האָט אָנגענומען מיין פאָטערס איינלאַדונג און פון דער שוהל איז ער געקומען אין אונדזער הויז. אונדזער „פּאָקראָווסקע גאַס" איז געווען פאַרפלייצט מיט יידן. מאַרגענטוי האָט אויסגעדריקט זיין גרויסע צופרידנקייט וואָס ס'זיינען פאַראַן אזעלכע קהלות ביי אונדז יידן. ער האָט זיך פון יענעם מאָמענט זייער באַפריינדעט מיט מיין ברודער, ווו שפּעטער זיינען זיי געווען ענג פאַרבונדן אין ניו־יאָרק און די פריינדשאַפט האָט זיך איבערגעטראָגן פון דער כעלעמער שוהל אפילו ביז צו מאַרגענטוי'ס זון.

## כעלעמער אין מדינת ישראל

אויף מיין לעצטער רייזע אין ישראל האָב איך מיר שטאַרק אינטערעסירט מיט אונדזערע כעלעמער אין לאַנד. אונדזערע אַלע זכרונות זיינען געווען צוזאַמענגעקניפּט מיט אונדזער קאַמף פאַר ארץ־ישראל אין דער הערצל־עפּאָכע און אויך נאָך זיין טויט. יידן האָבן זיך געריסן פון כעלם צו פאָרן און צו בויען דאָס לאַנד.

אין 1909, ווען איך האָב באַזוכט ארץ־ישראל, האָב איך דאָרטן געטראָפן איין כעלמער יידן, וועגן וועלכן איך האָב דאָ געשריבן, מרדכי לעדערער. דערפאַר האָב איך, אָבער, אין 1949 נישט געקענט זען אלע כעלעמער, ווייל זיי זיינען אין אַן ערך, פון דריי הונדערט משפחות, צעזייט און צעשפּרייט איבער דעם גאַנצן לאַנד. זיי זיינען אין תל־אביב, אין ירושלים, אין חיפה, אין נגב און אין די קאָלאָניעס, און קיבוצים. אין נגב איז פאַראַן דער קיבוץ „יד אליהו", וואָס זיין גאַנצע הכשרה איז אדורך אין כעלם. אז זיי זיינען געוואָר געוואָרן וועגן מיין אָנקום אין קיבוץ, האָבן זיי פּשוט נישט געוווסט ווו מיך צו זעצן און ווי אזוי מיך מקבל־פנים זיין.

איך האָב געטראָפן אלטע חברים, ווי שמחה בעקער, וואָס „סולל־ובונה" קאָן אים פאַרדאַנקען, דאָס דער רוב פון אירע בנינים זיינען אדורך, א דאַנק זיין אַרבעט; יהושע אַרענשטיין האָט אין תל־אביב, רחוב אלנבי, אַ גרויסן פּאַלאַץ: „יבנה" — און ביאַליק אליין האָט אים געלענקט אויף דעם וועג. אין אַ דערפל „כפר־חיים" האָב איך געטראָפן שמחה טורקעלטויבס זון, אַ יידישער פאַרמער, בעסער און ריכטיקער געזאָגט: אַ יידישער פּויער!... איך האָב מיך ניט געקענט אָפּרייסן פון אים (איך געדענק נאָך ווען ער איז געבאָרן געוואָרן) ווייל מיין הארץ האָט זיך געפרייט צו טרעפן אזא אידעאַליסט. מיט אזעלכע מענטשן קאָן מען מען אויפבויען דאָס לאַנד.

אונדזער כעלם איז זייער שיין פארטראַטן אין לאַנד. און מיר האָבן דאָרט אפילו א דיפּלאָמאַט. דער פאַרטרעטער פון קובא אין ישראל, איז רפאל זילבער. און ער אליין איז דאָך ר׳ משה מענדלס, אונדזער שוחט׳ס, אַן איניקל !...

אָבער ישראל האָט אויך — שטעלט אייך פאָר ! — זיין כעלם. דאָס איז די קאָלאָניע עקרון. דער באַראָן ראָטשילד האָט געבויט עקרון אין 1884 פאַר געוועזענע יידישע קאָלאָניסטן פון רוזשאַני (גראָדנער גובערניע). גאַנצע 16 טויזנט דונאַם. און אַרום עקרון איז געשאַפן געוואָרן אין ישראל א „פאָלקלאָר״, וואָס איז אינספּי־רירט דורך די כעלעמער מעשיות. מען רופט זיי טאַקע די „כעלע־מער״ פון ישראל... זיי האָבן אפילו לאַדנס אויף זייערע בוידע־מער. און אז מען פרעגט אַן עקרונער פון וואַנען ער איז, ענט־פערט ער אייך :

— אתה בעצמך חכם ! — — —

## הערש שישלער

דער צופאַל וויל ,אז איך זאָל שרייבן די שורות אין 1950, ווען ס׳וועט 25 יאָר זייט הערש שישלער, אונדזער כעלעמער הערש שילער, האָט אָנגעהייבן צו דרוקן זיינע שאַפונגען (ווייל שרייבן האָט ער שוין געשריבן נאָך זייענדיק כמעט א קינד). ער אליין, וואָס האָט ליב חוזק צו מאַכן פון דער סביבה און פון זיך אליין, שרייבט : „צו פופצן יאָר האָב איך שוין גוט געשריבן : אויף אלע ווענט און אויף די פּלייצעס פון מיינע חברים...״ דאָס איז די כאַראַקטעריסטיק פון הערש שישלער : דער מאַטעריאַל קאָכט אין אים, ער וואָלט געשריבן טאָג און נאַכט. נישט אומזיסט קאָנען מיר, כעלעמער, אונטערשטרייכן, אז ער האָט באמת „פאַר־פלייצט אַ וועלט״ — ביים היינטיקן טאָג איז ער אַ מיטאַרבעטער פון צענדליגער יידישע צייטונגען און זשורנאַלן כמעט פון דער גאַנצער יידישער פרעסע פון דעם ערד־קוגל.

דער צוקונפטיקער ליטעראַרישער היסטאָריקער פון יידישן וואָרט, וועט לויט הערש שישלערן קאָנען צוזאַמענשטעלן די אַנטאָלאָגיע פון דער יידישער פרעסע.

אָבער . . . איך בין זיכער, דאָס ווען הערש שישלער וועט פאַרמאַטערט — בלעטערנדיק די אלע צייטונגען און זשורנאַלן, ווו ער האָט געשריבן, — שטעלט ער זיך אָפּ מיט א זיסן שמייכל פאַר דעם נומער פון דער „כעלעמער שטימע״, ווו ל כ ב ו ד ס ו כ ו ת 1925 (דאָס הייסט מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק) האָט זיך באַוויזן זיין ערשטער פעליעטאָן. ס׳שמעקט מיט דעם סכך פון כעלם... און אזוי איז ער פאַרבליבן, גלייך ווי אייניקע פון אונדזער גרופּע : מיט א גרויסער בענקשאַפט, — רופט עס, אויב איר ווילט : „נאָסטאַלגיע״, — צו אונדזער כעלם, צו אונדזער סביבה, צו אונדזער שטעטל. מען דאַרף שטאַמען פון כעלם, כדי צו פילן, אז אין זיינע הומאָרעסקעס הערט איר דעם געלעכ־טער פון די יידן פון אונדזערע געסלעך און „אַז לאַכן זאָל זיין געלאַכט״, ווי ס׳דערציילט הערש שישלער אליין אין זיין לעצט־דערשינענעם בוך : „שמייכל און געלעכטער...״

הערש שישלער האָט אויך געשריבן מיט אלערליי פּסעוודאָ־נימען. ער האָט יתרו׳ס נעמען. דען מען קאָן דאָך נישט אין איין נומער פון א צייטונג שרייבן אונטער דעם זעלבן נאָמען, אזוי אז מען דאַרף אויסטראַכטן נעמען. און ער שרייבט אליין וועגן זיך : „מיינע פּסעוודאָנימען זיינען : סענדער הערש, סענדער חוזק, נישט־איך, דער גרינער, א היגער, א ייד, הערשל, היי־שין, סתם א ייד, אהרונזאָן (זיין טאַטע, וואָס איז אומגעקומען מיט זיין גאַנ־צער משפחה אין די געטאָס, האָט געהייסן ר׳ אהרן שישלער), צבי, בן־אהרון. קנאַפּעסער און „כאַפּט־אים־דער־וואָטענמאַכער״...

און דאָ, צום סוף, וויל איך מאַכן א פאַרוואורף דעם ליבן הערש שישלער : (פאַר וואָס האָט ער קיינמאָל נישט אונטערגעשריבן „אַ כעלעמער״ ? טאַקע נישט „זייט איר אַ חכם״, נאָר פשוט : אַ כעלעמער !... דען מען דאַרף לייענען צווישן די שורות פון ה. שישלערס הומאָרעסקעס, כדי צו באַגרייפן דאָס ער איז אַ כעלע־מער.

## לובאָמל (ליבעוונע)

א שטעטל, וואָס לויט די סטאַטוטן פון די „ארבע־הארצות״, האָט געהערט צו דער „מדינה״ פון בעלז־כעלם. אזוי האָט גע־וואָלט די אדמיניסטראַציע פון די יידישע קהילות פון יענער עפּאָ־כע. ר׳ יואל סירקש, דער ב״ח, וואָס איז געווען רב אין לובאָמל (ווי אויך אין בריסק און קראָקע), האָט אין זיין באַרימטן „בית־חדש״ זייער פיל באַשריבן (אין יאָר 1600) די לאַגע פון די יידן פון לובאָמל (וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר איינע פון די עלטסטע יידישע קהילות אין פוילן). די שול אין לובאָמל איז געווען באַ־קאַנט אין דער וועלט מיט איר פּראַכטפולן גלאַנץ. אין יאָר 1729 איז געווען אין לובאָמל א גרויסע שרפה און ס׳איז פאַרבליבן גאַנץ די שוהל, דער קאַשציאָל און די פּראַוואָסלאַוונע קירך. ס׳איז פאַראַן א רשימה פון די „נשרפים״ (בן־ציון כץ, אלעקסאַנדער האַרקאַווי און מאיר באַלאַבאַן האָבן זייער פיל געשריבן וועגן די יידן אין לובאָמל), לויט וועלכער מען קאָן זיך באַקענען מיט די פּראָפעסיעס פון די לובאָמלער יידן מיט א 250 יאָר צוריק : שניי־דער, צירולניקער, יוועלירן, גלעזער, אַ חוץ קרעמער. אין יאָר 1765 זיינען אין לובאָמל געווען 1200 יידן, וואָס פלעגן צאָלן פּאַ־דאַטקעס, אין יאָר 1947 — 2000, אין 1897, אויף 4.470 איינוווי־נער. אין לובאָמל זיינען געווען פּאָדאַטקעס־צאָלער 3.297 יידן. זייער צאָל פאַר דער לעצטער מלחמה איז געווען דאָפּלט.

אין 1913 בין איך געווען אין לובאָמל, אויף דער איינלאַדונג פון אונדזער כעלעמער פּייוול פריד (וואָס איז דאָרט געווען א לערער). ס׳איז געווען „כ׳ תמוז״ און אין אַן אָנגעפּילטער, אַן אָנגעפּאַקטער שוהל — אין דער אלטער היסטאָרישער שוהל — האָב איך גערעדט צו די יידן. למחרת, האָט מען מיך אויסגע־וויילט אלס דעלעגאַט פון לובאָמל צום 11־טן ציוניסטישן קאָנ־גרעס. אזוי אז ס׳זיינען פאַראַן פעדעם, וואָס פאַרבינדן מיך צו דער אלטער קהילה פון דער „כעלעמער־מדינה״ !...

אונדזער יידישע געשיכטע פאַרמאָגט אויך אירע קאַפּריזן. א לובאָמלער ייד טאַרלאָ האָט זיך באַזעצט, נאָך פאַר דער ערש־



די שוהל אין ליבעחנע, חס איז געבויט געחאָרן אין 16־טן יאָרהונדערט.

טער וועלט־מלחמה, אין פּאָרטוגאַל. ער איז געוואָרן א וויכטיקער וויין־סוחר פון פּאָרטאָ, פאַרקניפּט גרויסע באַקאַנטשאַפטן מיט פּאָרטוגעזער רעגירונג־קרייזן און ער האָט זיי געמאַכט א פאַר־שלאַג: פּאָרטוגאַל זאָל זיך רעהאַביליטירן פאַר דער אינקוויזיציע, נישט מער און נישט ווייניקער! און אזוי ווי פּאָרטוגאַל פאַרמאָגט אין אפריקע א קאָלאָניע, אנגאָלא, זאָל מען עפענען אירע טויערן און ארײַנלאָזן דאָרט ייִדן, אָבער ניט סתם עמיגרירן, נאָר דאָרט זאָל ווערן געשאַפן א ייִדישע טעריטאָריע.. אין אַנגאָלא, האָט ער געשריבן איז דער ייִדישער פּרעסע, זיינען פאַראַן דיאַמאַנטן און קאָפּע, און אנדערע פּראָדוקטן, בקיצור — דאָס איז אַן „ארץ זבת חלב ודבש". די גאַנצע ייִדישע פּרעסע, אין אלע לענדער און אין אלע שפּראַכן, האָבן וועגן דעם געשריבן און דער נאָמען פון דעם לובאָמלער ייִדן טאַרלאָ איז געוואָרן באַוווּסט אין אלע תפו־צות.

## פון דובנא — איבער דובענקאָ — ביז כעלם

ר' שלמה דובנא איז געווען איינער פון אונדזערע גרעסטע פילאָלאָגן און איינער פון די פּיאָנערן פון דער השכלה. ער איז געבאָרן געוואָרן אין דובנא אין יאָר 1738 און געשטאָרבן אין אמ־סטערדאַם, אין 1813. און דאָך האָט ער א שייכות צו אונדזער כעלם. ער האָט געלעבט עטלעכע יאָר אין כעלם, ווו ער האָט זיך ספּעציעל באַזעצט כדי לערנען תורה ביי „בעל מרכבת־המשנה", ביי ר' שלמה חעלמאַ. דער לעצטער איז אויך געווען ווי באַקאַנט א באַרימטער בעל־דקדוק, און ר' שלמה דובנא האָט ארויסגעגעבן זיין ספר „שערי נעימה", וואָס איז א גרויסע וויסנ־שאַפטלעכע אַרבעט וועגן אונדזער העברעאישער פּונקטואַציע, וועגן „טראָפּ". ר' שלמה דובנא האָט אָנגעשריבן צום בוך פון ר' שלמה חעלמאַ אַ סך באַמערקונגען („הערות"), אייניקע אויס־בעסערונגען, ווי אויך „במקום הקדמה" א גרויסן שיר לכבוד זיין געליבטן רבי, צוליב וועלכן ער איז אוועק פון דובנא און פאַר־בליבן אין כעלם א לאַנגע צייט.

* * *

ווי באַקאַנט איז ניט ווייט פון כעלם געווען דאָס שטעטעלע דובענקאָ (אין הרוביעשאָווער פּאָוויאַט). אַ קהילה מיט אַ דריי טויזנט ייִדן. און שטעלט אייך פאָר אז דער — ביי ייִדן — וועלט באַרימטער מגיד: „דובנער מגיד" איז אזוי גערופן געוואָרן נאָר על פּי טעות*). ווייל ווער האָט געקענט דובענקע אויף דער וועלט ?... דובנא האָט געהאַט א שם. און דער מגיד האָט טאַקע אין אמתן געהייסן ר' יעקב פון דובענקע (ניט קוקנדיק וואָס ער האָט א לאַנגע צייט געלעבט אין דובנא). ווייל אין דעם קליינעם דובענקע האָט ער חתונה געהאַט און געלעבט ביים שווער אויף קעסט. ער איז געבאָרן פון א שטעטעלע ביי ווילנע, און אין על־טער פון 65 יאָר איז ער געשטאָרבן אין זאַמאָשטש (ער האָט א פּאָר יאָר פאַרבראַכט אין וולאָדאַווע). די גרעסטע השפּעה האָט אויף אים געהאַט זאַמאָשטש מיט איר אינטעליגענץ און מיט איר קאָנטאַקט מיט לעמבערג, און בכלל מיט דער גאַליציאַנער השכלה. אין זאַמאָשטש האָט ער געביטן זיין נאָמען אויף ר' יעקב קראַנץ, און מיר האָבן נאָך געקענט אין זאַמאָשטש די אייניקלעך און אוראייניקלעך זיינע, וואָס האָבן געהערט צו דער זאַמאָשטשער פּויליש־ייִדישער אסימילאַציע, פון דעם „איזראַעליטאַ"־חדר. איי־

*) ס'איז אויך געווען א פּאָפּולערער מגיד, דער קעלעמער מגיד און מען פלעגט על פּי טעות אים רופן זייער אָפט דער „כעלעמער מגיד", נאָר ער האָט מיט אונדזער שטאָט ניט געהאַט קיין שום שייכות. ער האָט געשטאַמט פון קעלם, א שטעטל אין קאָוונער געגנט.



נער פון זיינע אייניקלעך איז געווען מיעטשיסלאַוו קראַנץ, דער דירעקטאָר פון „לאַדזער באַנק" אין כעלם (ארום 1900), אויף וועלכע גאַנץ כעלם פלעגט טייטלען מיט די פינגער, אין יענע צייטן, האָט ער געלעבט מיט א ניט־ייִדישער פרוי און אפילו יום־כיפּור ניט באַוויזן זיך אין דער „דייטשער שוהל"...

ר' יעקב קראַנץ איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט משה מענדעלסאָנען אליין; מען האָט אים גערופן דער „ייִדישער עזאָפּ"; זיינע אלעגאָריעס און משלים זיינען געווען באַקאַנט אין אלע תפוצות הגולה; יצחק בער לעווינזאָן אליין האָט וועגן אים געשריבן און זיינע ספרים זיינען געווען באַרימט און פּאָפּולער.

## „רודאַ־אָפּאַלין"

אַ דערפל, אין סטאַנציע פון כעלם אויף דעם באַן־וועג קיין בריסק. זומער איז דאָרט געווען א זעלטענער פּייזאַזש, באַדעקט מיט גרינס, מיט בלומען און ארום און ארום וועלדער און אלייען. ס'זיינען געווען צוויי אָפּאַלינס: דאָס גויאישע דערפל, ווו מען האָט ניט געזען א ייִדן, און די „הוטע", די שיינע גלאָז־פאַבריק מיט אירע ארבעטער און אדמיניסטראַציע. די לעצטע איז געווען א ייִדישע. דער בעל־הבית איז געווען א ייד פון אָדעס, וואָס האָט מיט זיך אראָפּגעבראַכט דירעקטאָרן, בוכהאַלטערס, קאָ־רעספּאָנדענטן, וואַיאַזשאָרן, און אלץ — „רוסישע ייִדן". אין די ערשטע יאָרן פון די ציוניסטישע קאָנגרעסן איז דאָרט געווען א ציוניסטישע, זייער אַן אקטיווע „אגודה", וואָס איז געווען אונ־טערן רשות פון כעלם, זי פלעגט פאַרקויפן „שקלים" און „אַק־ציעס" פון „קאָלאָניאַל־באַנק"... אַן אקציע האָט געקאָסט 1 פונט, ד.ה. צען רובל, וואָס איז דאַן געווען א גרויסע סומע און נישט אלע האָבן זיך געקאָנט דערלייבן. און דאָך זיינען דאָרט פאַר־קויפט געוואָרן 50 אַקציעס!... מיר אליין איז אויסגעקומען ניט איינמאָל זיך „אריבערכאַפּן ארום 1903 אָדער 1904 און דאָרט ארויסטרעטן אויף פאַרזאַמלונגען אָדער בייגעווען אויף „גלעזלעך־טיי", כדי „מעורר" זיין דעם עולם. איך דאַרף צוגעבן, אז אין דער „הוטע", צווישן די רוסישע ייִדן, זיינען געווען שטאַרק די טראַדיציעס פון רוסישן ייִדנטום, אלע מיטגלידער האָבן גע־וווּסט וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך און ס'האָט ניט געפעלט קיין אינעווייניקער ענטוזיאַזם...

איינער פון די דאָרטיקע אקטיווסטע מיטגלידער איז געווען יוסף באַראַק, אליין אַ ראַדאַמיסלער, אַ ייִדישער אינטעליגענט, א גרויסער אידעאַליסט, א זעלטענער ייִד. און דאָ איז ביי מיר פאַרבליבן א גאַנץ ספּעציעלע און קוריאָזע דערמאָנונג: איך האָב אין הויז פון באַראַק, אין רודאַ־אָפּאַלין, געטראָפן זיין קוזין, גינז־בורג. כאָטש א פּיינער נאָמען, א באַרימטער נאָמען ביי ייִדן, אָבער אַן אויסערגעוויינטלעכער מענטש: די גאַנצע וועלט האָט אים געקענט אלס „פּאָרט־ארטורער גינזבורג". אזוי פלעגט מען אים אומעטום רופן. אויך געבאָרן, ווי באַראַק, אין ראַדאָמיסל, אָבער פאַרוואָגלט געוואָרן קיין כינע. אז די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה איז אויסגעבראָכן האָט ער פאַרדינט מיליאָנען ווי אַ „פּאָד־ריאַדטשיק" פון דער ארמיי. שפּעטער האָט ער זיך באַזעצט אין פּעטערבורג. ס'איז געווען צו זיין אַ „ראַדאָמיסלער" כדי ער זאָל העלפן א מענטשן אין א נויט, אויף אזוי פיל האָט ער ליב געהאַט זיין שטעטל. און שפּעטער איז מען ביי ייִדן געווען אויפ־געבראַכט, ווען ער האָט געגעבן גרויסע געלטער, כדי צו בויען „פּראַוואָסלאַוונע צערקוועס". (אין ראַדאָמיסל האָט ער אויך גע־בויט א שוהל). ער איז געווען אַן אָריגינעלער טיפּ, וואָס נאָר אונדזער גלות האָט אים געקאָנט אויסטראַכטן... ער איז גע־

שטאָרבן אין פּאַריז, ווו ער האָט זיך באַזעצט נאָך דער „אָקטאָבער־רעוואָלוציע". און אין פּאַריז האָט ער אויך געהאַלטן אין איין אונטערשטיצן די רוסן און געגעבן געלט יעוולאָגין פאַר זיינע קירכלעכע אויסגאַבן. אין דער זעלבער צייט האָט ער געלייגט איטלעך פרימאָרגן תפילין און מתפלל געווען איינגעהילט אין א זיידענעם טלית פון ריינעם כינעזישן זייד...

## קראַסניסטאַוו

ס'זיינען באַקאַנט אין דער געשיכטע די דעקרעטן פון 1584 (פון סטעפאַן באַטאָרי אליין) און פון 1664 און 1774, ווו די מאַכט האָט געזאָרגט, אז יידן זאָלן זיך חס ושלום ניט באַזעצן אין צענטער פון שטעטל, נאָר אין דער עק־שטאָט. איז דאָס געווען דערפאַר, וואָס קראַסנאָסטאַוו איז באמת געווען א שיין שטעטלע און די „גויים" האָבן פשוט ניט געוואָלט דאָרט זען אַ פּנים פון אַ יידן?... און דאָס האָט ארויסגערופן צווישן יידן אַ טענדענץ זיך צו באַזעצן ארום קראַסניסטאַוו, אין די קליינינטשקע שטעטעלעך און אפילו דערפער, אזוי אז דער פּראָצענט יידישע איינוווינער אין די ארומיקע פלעצער איז געווען פיל גרעסער, ווי די ניט־יידישע. בכלל קאָן מען רעכענען, אז פאַר דעם חורבן זיינען אין קראַסניסטאַוו גופא געווען ארום פינף טויזנט יידן.

קראַסניסטאַוו האָט זיך גערעכנט פאַר איינע פון די היסטאָרישע פּוילישע שטעטלעך. די געשיכטע דערציילט, אז אמאָל — אין די צייטן פון קאַזשימיערזש דעם גרויסן — איז אויף דער דאָזיקער הויכקייט געווען א שליאַכטישע פעסטונג און צווישן די איינוווינער איז ארומגעגאַנגען א לעגענדע, אז קאַזשימיערזש אליין האָט דאָ געהאַט זיינס א ווילע, וווהין ער פלעגט צייטנווייז קומען מיט זיין יידישער געליבטע — אסתרקע.

די „גראָבליע", וואָס איז געווען אָפּגעטיילט פון דער שטאָט מיטן טייך „וויעפּש", איז געווען דער קוואַרטאַל, ווו עס האָבן געוווינט די אָרעמסטע האָרעפּאַשנע בעל־מלאכות יידן און אויך קריסטן. אין די צייטן פון אָנהייב ניינצענטן יאָרהונדערט, ווען פאַר יידן איז געווען פאַרבאָטן צו וווינען אין שטאָט, איז די „גראָבליע" געווען די געטאָ.

דאָס רעליגיעזע לעבן האָט זיך קאָנצענטרירט אין צוויי בתי־מדרשים. איינס אין דער שטאָט און א צווייטע אויף דער „גראָבליע". חוץ צוויי חסידישע „שטיבלעך" — דאָס „טריסקער" און „גערער". עס האָבן אויך עקסיסטירט א סוחרים און קליינהענדלער פאַרבאַנד, אַ האַנטווערקער־פאַרבאנד, גמילות־חסד־קאַסע, פאָלקס־באַנק און א חברה קדישא.

דער קלאַסן־אונטערשייד און געזעלשאַפטלעכער טעמפּעראַמענט האָבן זיך ארויסגעוויזן בשעת די וואַלן צום שטאָט־ראַט, קהילה אוןביים באַשטימען א שטאָט־רב. די אויבערהאַנט האָבן כמעט שטענדיק געהאַט דער אָרעמער קלאַס — די האָרעפּאַשניקעס און בעלי־מלאכות.

אזוי האָט געלעבט די יידישע קהילה אין דעם שטעטל קראַסניסטאַוו אריבער צוויי הונדערט יאָר, אין באַשטאַנד פון לומדים, חסידים, משכילים און בעלי־חלומות, נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע: ווער ס'האָט געהאָפט און געוואַרט אויף משיח, ווער עס האָט געחלומט וועגן א יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל און ווער עס האָט געקעמפט פאַר א בעסערן מאָרגן.

ביז עס איז געקומען דער ברוינער מאָנסטער אין געשטאַלט פון די דייטשע נאַצי־רוצחים און צוזאמען מיט אלע אנדערע יידישע שטעטלעך אין פּוילן אויך אומגעבראַכט כמעט די גאַנצע יידישע קהילה פון דעם שטעטל קראַסנאָסטאַוו.

## וואָלאָדאַווע

כאָטש דאָס שטעטל איז געווען שעדלעצקער גובערניע, אָבער דאָך איז עס געווען זייער נאָענט צו כעלם, אין מיטל־פּונקט צווישן כעלם און בריסק, און יידן פון דיביידע שטעטלעך האָבן זיך געפילט „ביי זיך" אין יעדן פון דעם פלאַץ. מען האָט אפילו דערציילט א מעשה (און האָבן געשוואָרן ביי זייער באָרד און פּיאות, אז ס'איז אַ פאַקט), וואָס קאָן אריין אין אונדזער „פאָלקלאָר". ווי באַקאַנט האָט זיך צום ערשטן מאָל באוויזן אַ באַן אין דער געגנט, און דאָס איז געווען די אייזנבאַן „כעלם־בריסק". אז מען האָט געלאָזט דעם ערשטן צוג, איז גאַנץ כעלם געווען אויף דעם וואָקזאַל און מען איז געקומען זען דעם וווּנדער. דער „נאַטשאַלניק" פון באַן האָט מודיע געווען:

— לכבוד אזא וויכטיקן טאָג, קאָנען אלע פאָרן אומזיסט ביז וואָלאָדאַווע!...

איר שטעלט זיך פאָר ווי מען האָט זיך געשטופּט אין די וואַגאָנען. אָבער דער „נאַטשאַלניק" האָט נאָר געזאָגט ביז וואָלאָדאַווע. כדי צו פאָרן צוריק האָט מען געדאַרפט נעמען בילעטן, און קיינער האָט ניט געהאַט קיין פּרוטה אין קעשענע. די שענסטע כעלעמער בעלי־בתים זיינען געגאַנגען אין די וואָלאָדאַווער הייזער בעטן נדבות, כדי צו קויפן א בילעט צוריק אהיים...

מען האָט שוין געקענט יידן אין וואָלאָדאַווע אין יאָר 1589. ס'איז א שטעטל ווו כמעלניצקי האָט אויסגעראָטן אלע יידן (אין יאָר ת"ח) און אפילו די יידן וואָס זיינען געקומען זיך ראַטעווען אין וואָלאָדאַווע פון די שכנותדיקע שטעטלעך. פאַר דער לעצטער מלחמה איז אין וואָלאָדאַווע געווען קרוב 12 טויזנט יידן, מיט יידישע אינסטיטוציעס, מיט א פיין יידיש לעבן. פון דעם אלעם איז געוואָרן, ווי באקאנט, א תל־עולם. (איך וויל נאָך צוגעבן, אז פאַר דער ערשטער מלחמה האָבן רוסישע יידן, הויפּטזאכלעך, פון אָדעס אויסגעקליבן דעם וואָלאָדאַווער פּאָוויאַט און זיך דאָרט באַזעצט אין גרויסע און זייער רייכע „אימעניעס" (גיטער). אזוי האָט אין יענער צייט דאָרט געוווינט אַ יידישער „פּאָמיעשטשיק", גורעוויטש, און זיין זון איז געווען פּראָפעסאָר אין דער סאָרבאָנע. זיי זיינען אלע היינט אין ניו־יאָרק).

## סאַווין

דאָס שטעטעלע סאַווין האָט געהערט צו אונדזער כעלעמער „פּאָוויאַט". יידן האָבן דאָרט געהאַט וווינרעכט פון אור־אַלטע צייטן. דאָס שטעטל איז געווען קליין און איך ווייס, אז זי האָט פאַרמאָגט טויזנט יידן פאַר דער לעצטער מלחמה (אין יאָר 1897 האָבן דאָרט געלעבט 458 יידן). זייער אָרעם, ביטערע פּרנסות און מ'האָט געטרוימט וועגן כעלם און... אמעריקע. דאָס זיינען געווען די גרעסטע חלומות פון אַ סאַווינער ייד. די ערשטע זיינען אומגעקומען, און דעראינערען זיך נאָך די לעצטע אין ניו־יאָרק, למשל, זייער אַלטע היים?...

## טראַווניק

ווער פון אונדז האָט געקאָנט קלערן, דורכפאָרנדיק דעם וואָקזאַל מיט די רויטע ציגל פון טראַווניק, אז דאָרט וועט אמאָל זיין איינער פון די שרעקלעכסטע קאַלכאויוונס פון פּוילישן יידנטום?... יידן זיינען דאָרט בכלל געווען זייער ווייניק. אָבער ביים אומקום פון פּוילישן יידנטום האָט מען דאָרט קאָנצענטרירט יידן פון דער גאַנצער וועלט: פראַנצייזישע יידן זיינען אומגעקומען אין טראַווניק!... ס'איז איינער פון אונדזערע גרעסטע בית־עלמינס, וואָס אַ ווילדע פאַנטאַזיע און אַ קרימינעלער מוח האָט נאָר געקאָנט אַזאַ זאַך אויסטראַכטן...

שלמה וואַסערמאַן, ניו־יאָרק

# די הרוביעשאָווער גאַס

(ווי איך געדענק זי)



שלמה װאַסערמאַן

געווען אין פוילן א שטאָט כעלם מיט א סך יידן, איז די שטאָט פארבליבן נאָר אָן יידן. געווען אין כעלם גאַסן מיט יחוסדיקע נעמען, ווי א שטייגער די לובלינער גאַס, וועלכע האָט זיך געצויגן אין מיטן שטאָט און אויף ביידע זייטן פון ברוקירטן וועג, האָבן זיך ארויסגעהייבן שיינע קאמיעניצעס, געשעפטן מיט אלערליי סחורות און פארשיידענע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען געווען א טייל פון סאָציאַל־קולטור לעבן ביי די כעלעמער יידן.

להיפוך צו דער לובלינער גאַס, איז געווען די נייע־צאַל גאַס, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט מיט אירע געהויקערטע שטיבלעך, פינצטערע קעלער־ווינונגען, סוטרינעס, ענגע וואַרשטאַטן, חדרים, בעלי־מלאכישע מנינים און אַלערליי קלויזן.

עס זיינען געווען זייטיקע גאַסן און געסלעך, מיט זייער אייגנאַרטיקן לעבן, וואָס האָבן אָפטמאָל געטראָגן דעם נאָמען פון זייערן אַן איינוווינער, ווי למשל לייזער פאַקס גאַס, כאָטש אָפיציעל האָט די גאַס געהאַט פריער א רוסישן נאָמען און שפּעטער א פּוילישן נאָמען, נאָר ביי אַ סך יידן איז דאָס געווען פאַקס־גאַס.

און געווען זיינען אויך הינטערגעסלעך מיט ענגע ליקן, וואָס האָבן אין געוויסע צייטן געהאַט א שלעכטן שם צוליב א טייל איינוווינער, וועלכע האָבן זיך געטיילט אין גנבים, פּארפאַסערס, אָנגעלאָפענע בעטלערס, קאַליקעס, קאטארינארזשעס און סתם ווילע יונגען.

דאָס אלץ איז געווען אַמאָל, ווען יידן אין כעלם האָבן געאַרבעט, געהאַנדלט, געבויט, געשאַפן, געלערנט, געשלאָגן זיך מיט פּאָגראָמשטשיקעס, געהאָדעוועט נייע דורות און געהאָפט אויף בעסערע צייטן. היינט, נאָך דעם בייזן שטורעם פון די נאַציִשע מערדערס, זיינען אלע האָפענונגען אויסגעלאָשן געוואָרן אינאיינעם מיט די לעבנס און די כעלעמער גאסן זיינען אָן יידן.

אָבער די שטאָט כעלם, וואָס איז לאַנג נאָך פאר דעם טראַגישן אומקום פון דער מערהייט יידן געוואָרן א לעגענדע־שטאָף ביים יידישן פאָלק און איז אויך אריין אין דער פאָלקלאָר־ליטעראַטור פון אנדערע שפּראַכן, ווי צום ביישפּיל אין ענגליש: „דהי סיטי אָוו וויז מען" (די שטאָט פון קלוגע מענטשן) און דעם בוך „עי טרעזשורי אָף דזשואיש פאָלקלאָר" (אַן אוצר פון יידישן פאָלקלאָר) פון נעיטהן אָוסאָבעל ארויס אין ניו־יאָרק, אין 1948, גיט ער אוועק עטלעכע און צוואנציק זייטן פאר כעלעמער מעשיות מיט א פאָרוואָרט, אין וועלכן ער דערקלערט די סיבות פון דעם נאָמען כעלעמער נאַראָנים. ער ווייזט אָן, אז כעלם איז נישט די איינציקע שטאָט אויף דער וועלט מיט אזא נאָמען, אויך אין ענגלאַנד, איז נאָך פאַר כעלם געווען א שטאָט מיט נאַראָנים, וואָס האָט געהייסן גאָטהאַם און אין דייטשלאַנד א שטאָט שילדבורגער



מיט אָן א שיעור מעשיות וועגן אירע איינוווינער. אָט די מעשיות זיינען אין יאָר 1597 איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש און אזוי ווי אין יידיש זיינען סיי־ווי־סיי געווען פארשיידענע מעשיות וועגן נאַראָנים בכלל, איז מיט דער דערשיינונג פון די שילדבורגער מעשיות וועגן אירע נאַראָנים געוואָרן קלאָר, אז אויך די יידן דארפן האָבן א שטאָט אויף וועמענס אדרעס עס זאָלן גיין די מעשיות, האָט מען אויסגעקליבן כעלם, אַי, פארוואָס גראָד כעלם? נו, און מען זאָל געווען אויסקלייבן לובלין, וואָלט מען דען נישט געווען געשטעלט די זעלבע פראַגע? און פון ווען אָן פרעגט מען דאָס א קשיה אויף א מעשה?

א גאָר חשובן אָרט פארנעמט כעלם אין דער יידישער ליטעראַטור. יידישע שרייבער פון פארשיידענע צייטן האָבן געזוכט צו געבן א ליטעראַרישן תיקון די אַלע פאָלק־מעשיות וועגן די כעלעמער נאַראָנים. עס איז וויכטיק צו דערמאָנען א צאָל שרייבער, וועלכע האָבן, מיט זייערע שאַפונגען, פאראייביקט כעלם אין דער יידישער ליטעראַטור, דאָס זיינען: אהרן צייטלין, וואָס האָט אָנגעשריבן „כעלעמער חכמים" און איז אויפגעפירט געוואָרן אין ניו־יאָרק אויף דער בינע פון מאָריס שוואַרץ׳ס קונסט־טעאטער; „כעלעמער חכמים, געקליבענע מעשהלעך" — צוזאַמענגעשטעלט פון בן־מרדכי; „כעלעמער חכמים אָדער יידן פון דער קליגסטער שטאָט אויף דער וועלט" פון י. י. טרונק, ארויסגעגעבן אין בוענאָס־איירעס, ארגענטינע; און, דער עיקר, האָט אונדזער גרויסער קלאַסיקער, י. ל. פּרץ, פארוועבט אויף א פיין קינסטלערישן אופן דעם לעגענדע־שטאָף וועגן כעלם אין זיינע דריי מעשהלעך: „דער שבת־גוי", „איבער א שמעק־טאַבאַק" און „דער כעלמער מלמד".

אויך אין די לערן־ביכער פון די יידישע קינדער־שולן, זיינען פאראן אין א גאָר געלייטערטער פאָרם לידער, מעשהלעך, שפּאַסן און אנעקדאָטן וועגן כעלם און אירע יידישע איינוווינער. אזוי איז די שטאָט כעלם, מער ווי אלע אנדערע שטעט אין פוילן זוכה געווען צו בלייבן אינעם פאָלק־גייסט און כסדר זיך באנייען פון דער שעפערישער פאָלק־פאַנטאַזיע.

נאָר גאָר אנדערש איז כעלם פאַר די לאַנדסלייט, וועלכע זיינען אין פארשיידענע צייטן אוועק פון זייערע היימען און פארטראָגן געוואָרן מעבר־לים און אויך פאר די לעצטע יידן, וואָס האָבן זיך באוויזן צו ראטעווען פון טרויעריק־באקאנטן טויטנמאַרש, שפּעטער פון כעלעמער געטאָ און נאָך שפּעטער פון דעם מאָרד־לאַגער סאָביבאָר. פאר זיי אַלע, איז כעלם די היים־שטאָט, ווו מען איז געבאָרן געוואָרן און זיך אויסגעוויגט; ווו זיי האָבן די ערשטע טריט געשטעלט און איינגעזאַפּט אין זיך דער מאמעס ניגון פון „גאָט פון אברהם"; ווו מ׳האָט אין די פארשטיקטע חדרים געקראָגן אָנגעדרייט אן אויער פון מלמד און דער טאַטע האָט שטרענג געלערנט צו האָבן דרך־ארץ; ווו מ׳האָט די פרילינג־יאָרן אוועקגעגעבן אין וואַרשטאַטן, אָדער געשעפטן און וועגן ליבע און גליק געחלומט. אלץ איז איינגעקריצט אין זכרון: דאָס זיסע, ווי דאָס ביטערע, דאָס שלעכטע, ווי דאָס גוטע, און גאָרנישט ווילט זיך איצט פארגעסן.

הגם איך שרייב פארן יזכור־בוך, וואָס דאָס דארף זיין, ווי א טייל פון אן אויפשריפט אויף דער מצבה, וואָס מיר, לעבנגע־

בליבענע, די צעזייטע איבער אלע עקן פון דער וועלט, שטעלן די קדושים פון אונדזער שטאָט; א מצבה אויף די אויסגעלאָשענע לעבנס, וועלכע האָבן באַדאַרפט ציען דעם המשך פון יידישן קיום אין אונדזער היים־שטאָט כעלם; א מצבה אויף אלץ, וואָס איז געווען יידיש און איז שוין מער נישטאָ, נאָר דאָס הארץ, וויל דאָס נישט אַנערקענען; דאָס האַרץ איז נאָך אַלץ באַהעפט מיט יענעם לעבעדיקן האַרץ־צאַפּל פון די מענטשן איידער זיי זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פון די דייטשע מערדער און זייערע ארויסהעלפפערס. דאָס האַרץ זעט נאָך די געשטאַלטן פון אייגענע און נאָענטע, פון פריינד און באַקאַנטע — זיי אַלע זיינען מיט מיר אומעטום: זיי זיינען מיט מיר אין די געפּאַקטע, אונטערערדישע באַנען פון רוישיקער וועלט־שטאָט ניו־יאָרק און אויף די שטילע שפּאַציר־וועגן; אויף שטורעמדיקע מאסן־פאַרזאַמלונגען און ביים געמיטלעכן משפּחה־טיש; זיי זיינען מיט מיר ביי מיין באַשעפטיקונג און אין מיין חלום, — זיי קומען, ווי עדות פון זעקס מיליאָן אויסגעהרגעטע יידן און זיי מאָנען:

„נישט פאַרגעסן און נישט פאַרגעבן!"

איך וועל „נישט פאַרגעסן און נישט פאַרגעבן". איך וועל זיך באַמיען מיט דער הילף פון מיין זכרון און מיט די אַנגעזאַמלטע ידיעות צוריק אויפשטעלן כאָטש א טייל פון מיין חרוב־געוואָרענער היים־שטאָט כעלם און דאָס איז די הרוביעשאָווער גאַס, ווו איך בין אויסגעוואַקסן און פאַרלאָזט אין סוף פון יאָר 1922.

פון דעמאָלט־אָן זינט כ'האָב זיך געזעגנט מיט דער גאַס, דאַכט זיך מיר, אַז אלץ איז ווי געווען: די מענטשן, די הייזער, די ביימער, די ציגן אויף פּאַשע אין די ראָוועס ביים שאָסיי.

דאָך קאָן זיך טרעפן, אַז עפּעס זאָל זיין נישט פּינקטלעך, אָדער כ'זאָל האָבן וועמען אויסגעלאָזט, בעט איך מיר אנטשולדיקן, ווייל עס ווערט נישט געטאָן בכיוון. אויך בעט איך מיר מוחל זיין פאַר די צונעמען מיט וועלכע איך וועל דערמאָנען איינקע מענטשן פון מיין גאַס, ווייל ערשטנס געדענק איך נישט די פאַמיליע־נעמען און צווייטנס, וואָלט זיי סייווי קיינער נישט געדענקט אָן די צונעמען.

## די גאַס

פון דעם וואַלד דער „באַרג" ביז דער ראַגאַטקע ציט זיך די הרוביעשאָווער גאַס. די ראַגאַטקע שטייט אויפן שייד־וועג פון לובלינער גאַס, פּאָטשטאָווע גאַס, הרוביעשאָווער גאַס און דער וואָיסלאָוויצער וועג. אויף איין זייט פון וואָיסלאָוויצער וועג, הייבט זיך ארויס נחום שאָס' קאָמיעניצע; אויף דער צווייטער זייט פון וועג, אין א זייטיקן ליקל אין אַן אָרעם שטיבל, וווינט דער אַלטער קאַפקע שוסטער, וואָס שמ'ט מיט זיין „מייסטערשאַפט" פון לייגן א לאַטע אויף א לאַטע.

צום פראָנט פון דער גאַס שטייט יהודית קופּערשטאָקס הויז. זומער־צייט, אויף די בענק פון גאַניק, זעט מען אירע צוויי טעכטער, ביידע מיט סאַמעט־שוואַרצע האָר, שוואַרצע אויגן און מאַטלויטערע פּנימער — כאָטש זיי זיינען געווען שטיל און באַשיידן, איז אָבער געווען כמעט אוממיגלעך פאַרבייצוגיין דאָס הויז און נישט באַמערקן זיי. (וואָס מיט די צוויי טעכטער, זון און זייער מאַמע, איז געשען אין צייט פון היטלערס הערשאַפט, איז מיר נישט באַקאַנט).

ביי די קופּערשטאָקס אין א סוטרינע, וווינט אהרן טוכשניידער (זיין טאַטן האָט מען דאַכט זיך גערופן פּייוועלע שנאַפּס). אהרן האַלט זיך ווינציק אין דער היים, ער וואַנדערט ארום, קומט צוריק און ווערט ערגעץ ווידער פאַרפאַלן, זיין ווייב, הינדע, א קליינע, אָן אויסגעדאַרטע, א פאַרדאגהטע, האָדוועט די קינדערלעך. די אָרעמקייט איז גרויס, דאָס צימערל איז קליין, נאָר אלץ איז ריין, ציכטיק און פינקלענדיק, ווי די זון וואָלט דאָרט תמיד אריינגעשיינט. (זי און איר מאַן זיינען אומגעקומען פון די דייטשע מערדער. און לויט די לעצטע ידיעות, האָט זיך איין טאָכטער געראַטעוועט און וווינט אין לאָדזש, פוילן).

אין הויף ביי די קופּערשטאָקס, וווינט אויך דער זייגערמאַכער עדלשטיין. דער זייגערמאַכער פירט זיך אויף א מאָדערנעם אופן, די קינדער גיט ער אַ וועלטלעכע דערציאונג; דער עלטסטער זון, יאַסקע, לערנט זיך דעם דרוקער־פאַך, (היינט אין קאַנאַדע מיט זיין שוועסטער און מאַמע). דער יינגסטער זון, חיים, האָט איבערגענומען דעם טאַטנס פאַך — זייגערמאַכעריי. (וווינט היינט אין ניו־יאָרק). שוין אזויפיל יאָרן אוועק, דאָך זעט זיך נאָך דעם זייגערמאַכער עדלשטיין אין דעם דרייפערטלדיקן סאַקל, מיט אַ יידיש־פּויליש היטעלע און פאַרפּוצט בערדל, ווי ער גייט זיך אַ רואיקער אויפן ווייכן וועג נעבן שאָסיי — איינמאָל אַ וואָך אָנציען דעם זייגער אין „וואָיענע" שפּיטאָל, וואָס שטייט נעבן וואַלד.

און אז דער זכרון איז געווענדט אויף יענעם פּונקט פון דער גאַס, קאָן מען שוין נישט אויסלאָזן דעם משוגענעם וואַלאַדיא, דאַכט זיך א גלח'ס א זון געווען. קיין באַזונדערע משוגענע העוויות, האָט ער נישט ארויסגעוויזן, חוץ וואָס ער האָט געטראָגן דעם פּאַסעק פון די הויזן כמעט אויפן ברוסטקאַסטן, מאָדנע געפינטלט מיט די קליינע רויטע אויגן און בשעתן גיין געוויגט די הענט אין דער ברייט, דאָס אלץ איז געוואָרן אזוי כאראַקטעריסטיש, אז מ'האָט געוואָלט וועמען אויסמאָלן מיט א נישט ריכטיקן גאַנג, אָדער אומפּינקטלעכן הולך, איז געווען גענוג צו זאָגן: „פּונקט, ווי וואַלאַדיא". זיין נאָמען האָט געגילט ווייט איבער דער ראָגאַטקע פון דער הרוביעשאָווער גאַס...

אביסל אראָפּ־צו איז משה פיניעלעס הויז. ער. משה פיניעלעס א הויכער, בלאָנדער, שטילער ייד, איז עפּעס אַלעמאָל אזא פאַרנומענער. (זיינע צוויי טעכטער — די עלטסטע און די יינגערע, מרים, וווינען אין ניו־יאָרק. וואָס מיט די איבעריקע קינדער איז געשען איז מיר נישט באַקאַנט). ביי משה פיניעלעס וווינען בעלי־מלאכות און האַרעפּאַשניקעס. עס געדענקט זיך דער רויטער שוסטער, וואָס וווינט אין א סוטרינע: ער האָט עטלעכע קינדער, נאָר מער פון אלע געדענקט זיך זיין עלטסטער זון, אָרעשע, פאַר וועלכן אנדערע יינגלעך פון זיינע יאָרן האָבן שטאַרק מורא געהאַט.

אין אַן ענלעכן קעלער־שטיבל, וווינט דאָרטן שימעלע וואַסערטרעגער. שימעלע איז קורץ־געוויקסיק, מאָגער, ווי א בחורל וואָס האַלט ערשט אין וואַקסן. נאָר זיין שיטער בלאָנד בערדל, וואָס באַצירט זיין אָפּגעצערט פּנים, זאָגט אויס דעם סוד, וואָס אלע אין גאַס ווייסן, אז ער דאַרף האַרעווען שווער מפרנס צו זיין א ווייב מיט קינדערלעך, איינס קלענער פון אנדערן און אלע שיינינקע. איז ווו האָט שימעלע גענומען כוחות צו טראָגן וואַסער אין פרעמדע הייזער אריין? ס'איז א רעטעניש, וואָס מ'קאָן, אפשר, פאַרענטפערן מיט זיין זעלבסט־באַרימעריי, פון וואָס ער האָט א גרויסע הנאה געהאַט, ווי א הונגעריקער פון א געשמאַקער מאָלצייט, זיינע אויגן פלעגן דערביי ווערן מונטער, קינדיש־נאַיוו... איז כאָטש ווער פון זיינע פיל קינדער לעבן געבליבן? איז וועמען פון די קינדער באַשערט געווען איבערצולעבן די נאַצישע מערדער?

עטלעכע הייזער ווייטער פון משה פיניעלעס הויז, האַרט ביים שאָסיי, שטייט דער „פלומפּ", דאָס וואַסער פון פלומפּ האָט א טבע

אויסצוטריקענען זומער־צייט און פאַרפרירן ווינטער־צייט, אָדער סתם זיך אָנברוגזן און אויפהערן געבן וואַסער. איןביידע זייטן פון פלומפּ שטייען צוויי קוזניעס. דאָרט איז לעבעדיק און פריילעך: דער מניעך (בלאָזזאַק) האַלט זיך אין איין אָנבלאָזן און אָפּפאַלן, קאָוואַליעס קלאַפּן די אָנגעגליטע אייזנס אויף די קאָוואַדלעס; אַנדערע קלאַפּן ניטן, ציען אַרויף רייפן אויף רעדער פון פויערישע וועגענער, קלאַפּן טשוועקעס אין פּאָדקעוועס אויף פערדישע קלאָען. אָט די קריסטלעכע קוזניעס זיינען פון יענער צייט געווען, אַזוי צו זאָגן, די שווערע אינדוסטריע פון דער הרוביעשאָווער גאַס.

אקעגן דעם פלומפּ איז שרה־ביילעס שפּייז־געוועלבל. שרה־ביילע איז אַ קליינגעוויקסיקע, אַן אַרבעטזאַמע, אַ פאַרזאָרגערין. איר מאַן איז אהרן האָלעוושקע, וואָס איז אַ ברודער פון מענדל האָלעוושקע, וועמענס ווייב, איז פריידע אידעס, וואָס האָט אויך אַ שפּייז־געוועלבל אין דער זעלבער גאַס. (זי, פריידע אידעס, אַ הויכע געזונטע אידענע, איז אין צייט פון ערשטער וועלט־מלחמה געשטאָרבן מיט עטלעכע פון אירע קינדער פון דער כאָליערע).

נאָך אַ שפּייז־געוועלבל איז געשטאַנען ביים וועג, וואָס האָט געהערט צו כינקע קלמנס. (זי האָט געהייסן כינקע — ער קלמן). זיי האָבן געהאַט, דאַכט זיך, פיר קינדער און געלעבט, ווי אַלע אַנדערע מענטשן אויף הרוביעשאָווער גאַס; די עלטערע צוויי טעכטער האָבן זיך געצויגן צו בילדונג. די גאַנצע משפּחה — אַ האָרעפּאַשנע, איז נאָר איין טאָכטער געבליבן. לויט די באַריכטן, וואָס כ'האָב געקראָגן, האָט זי זיך די גאַנצע צייט פון דער נאַצישער מערדעריי אויסבאַהאַלטן ביי קריסטן אין כעלם, איצט געפינט זי זיך אין אורוגוואַי, דרום אַמעריקע.

פון דעם ביז איצט דערציילטן קאָן זיך דאַכטן, אַז אין הרוביעשאָווער גאַס זיינען געווען דער עיקר שפּייז־געוועלבלעך און איינוווינער, נאָענט פון דער שאָסיי, ס'איז אָבער נישט אַזוי; די גאַס האָט זיך אויך געצויגן אין דער ברייט, אין דער טיף און זיך צעצווייגט אויף שמאָלע ליקן און בלאָטיקע סטעזשקעס, וואָס האָבן געפירט אין הויף מיט קליינע שטיבלעך, סוטערינעס און בוידעם־שטיבלעך. די שטיבלעך זיינען געווען באַוווינט פון בעלי־מלאכות, אַרבעטער, קליינע סוחרים, מעקלערס, קאַטאַרינאַרזשעס, בעטלערס, פּאַרפּאַסערס און מענטשן, וואָס איין גאָט ווייסט פון וואָס זיי דערהאַלטן זיך ביים לעבן, — זיי אַלע, האָבן נישט זעלטן געוווינט בשכנות מיט קריסטן: פּאָליאַקן, דייטשן און אוקראַינער און, מערסטנס, אויסגעקומען צווישן זיך.

די גאַס האָט אין פאַרשיידענע צייטן פון יאָר געהאַט איר אייגנאַרטיקן אויסזען: ווינטער איז די גאַס געווען איינגעדעקט פון טיפן שניי; פון די אַרומיקע אָפענע פעלדער האָט דער פּראָסטיקער ווינט זיך געריסן דורך די קוימענס און דורך די פענצטער, וועלכע האָבן אָפט געהאַט אַ שמאַטע אַנשטאָט אַ שויב. די זייטיקע סטעזשקעס זיינען געווען צוגעדעקט מיט ווייסן שניי און צום פלומפּ נאָך וואַסער איז געווען אַרויפצוגיין, ווי אויף אַן אייזבאַרג. דערפאַר, האָט די גאַס אויפגעלעבט זומער־צייט: די פעלדער אַרום, האָבן זיך צעבליט, מיט קאָרן, ווייץ, האָבער, גערשטן און ווייסן רעטשקע־בליעכץ; די סעדער אין די קריסטלעכע הויפן, ווי ביי שינדעצקי, ווילכעס, שוטקאָווסקי און פון אַלטן אויסגעדינטן „גענעראַל“, — האָבן זיך צעבליט. די אַלטע קאַשטאַן־ביימער אַרום דער מויער פון „אַלטן שפּיטאָל“ האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט זאַפטיק־געזונטן קאָליר. די ווערבע־ביימער ביי די ראָוועס פון ביידע זייטן שאָסיי האָבן זיך צעגרינט, געשפּרייט אַרום זיך געמיטלעכע שאָטנס אין די זוניקע טעג און אין ביינאַכטיקער שטילקייט און געוועבט נעצן פון לבנה־שיין מיט צעבליטע צווייגן אויפן גרינעם גראָז פאַר געליבטע פּאָרלעך.

אויך אין פאַרשיידענע צייטן פון טאָג זעט די גאַס אויס אַנדערש:

## פרימאָרגן אין הרוביעשאָווער גאַס.

געוויינטלעך האָט דער פרימאָרגן זיך אָנגעהויבן מיט דעם קלאַפּן פון פערדישע פּאָדקאָוועס און מיט רעדער־סקריפּעריי פון אָנגעלאָדענע וועגענער, וועלכע די הרוביעשאָווטששיקעס האָבן געפירט פון הרוביעשאָוו צום כעלעמער וואָקזאַל. די בעלי־עגלות — יידן געזונטע, אָנגעטאָן אין וואַטעווקעס פאַרגאַרטלט מיט רויטע גאַרטלען, היטלען מיט הויכע דענקעס, — זיי קומען־אָן מיטן באַגינען אויף טאָג. נאָך זיי הייבן זיך אָן צו ווייזן פויערים מיט פערד־און־וואָגן און פויערים צופוס, זיי קומען פון די אַרומיקע דערפער: פון סטראַכאָסלאָוו, סטרופּין, קאַמין, אודאָליץ, וואָיסלאָוויץ און אַנדערע דערפער. מיט די פויערים קומט גאַנץ אָפט אַ דאָרף־ייד, — אַלע קומען מיטן שאָסיי פון דער הרוביעשאָווער גאַס, וואָס איז די ערשטע גאַס פון דער זייט שטאָט כעלם. דאַן וועקן זיך אויף די איינוווינער פון דער גאַס צו זייערע טעגלעכע פּרנסות.

עס דערוואַכן די איינוווינער פון דער „קאַצאַפּקעס“ הייזער; די הייזער ציען זיך אין דער ברייט פון דער גאַס. עס דערוואַכן די איינוווינער פון שלמה עבריי'ס קאַמעניצע און פון רחל כתריאלס הויף; פון דעם דייטש יאָוואָרסקיס הויז און פון דעם פּאָליאַק שינדעצקיס הייזער — אַלע גרייטן זיך צו ציען חיונה פון זייער טעגלעכער מי — ווער פון אַרבעט און ווער פון האַנדל.

אויפן שאָסיי צו באַגעגענען די פויערים מיט זייערע פּראָדוקטן באַווייזן זיך די „פּשעקופּניקעס“, אויפקויפערס: יידן, יידענעס, נישט נאָר פון דער אייגענער גאַס, נאָר אויך אַזעלכע, וועלכע קומען פון אַנדערע כעלעמער גאַסן. עס קומען מוכר־תבואה־ניקעס, פון זיי געדענקט זיך, צום בעסטן, די לאַנגס, יידן מיט לאַנגע בערד, מיט לאַנגע קאַפּאָטעס און האָבן אייגענע תבואה־שפּייכלערס, וועמען די פויערים פון די אַרומיקע דערפער קענען זייער גוט. עס געדענקט זיך אויך זעליג ערליך, וואָס האָט טאַקע געוווינט אויף דער הרוביעשאָווער גאַס ביים שאָסיי. ער, אַ קליינגעוווקסיקער, איז שטענדיק פאַרנומען מיט האַנדל. זיין פרוי, פריידע, פון שטאַלטנעם אויסזען איז פאַרנומען מיט דער הויזבאַלעבאַטישקייט און האָדעווען דעם איין־און־איינציקן זון לייזער. (נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען זיי אַלע אַוועק קיין אַמעריקע, וווינען אין אגוסטאַ, דזשאָרדזשאַ).

אַלע אויפקויפערס יאָגן זיך אַראָפּ צום וואַלד דעם „באָרג“ און יעדער וויל זיין פון די ערשטע צו באַגעגענען דעם פויער מיט זיין סחורה. זיי באַלאַגערן די פויערישע פורלעך, טאַפּן אין זיי און פרעגן: „צאָ מאַטשע“? אָדער, „שאָ מאַיאיטע“? (וואָס האָט איר?). דאָרטן, ביים וואַלד, טרעפן זיי שוין די דריי יידישע איינוווינער, וועמענס הייזער שטייען צווישן וואָיענעם שפּיטאָל און דעם וואַלד. אין איין הויז וווינט אַן אַלט יידיש פּאָרל, ר' איטשעלע איזשביצער מיט זיין ווייב, וואָס האַלט זיך אויס פון די געלטער, וואָס אַ זון פון דער ווייטער אַרגענטינע שיקט זיי. דער צווייטער תושב איז ר' לייזער וואַרמאַן: אַ הויכער ייד, מיט אַ לאַנגער באָרד, זעט אויס צו זיין פאַרטראַכט וועגן וויכטיקס, זיין פרוי מיט דער יינגערער טאָכטער, צירל, האַלטן אַ שפּייז־געוועלבל, דער טאַטע מיט אַ זון האַנדלען ביים וועג. זייער עלטסטע טאָכטער, עטל, וועלכע האָט געשמט פאַר אַ שיינהייט, איז נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אַוועק קיין אַמעריקע.

דער דריטער אײנוווינער איז דער גראָבער ברוך (באַרנשטײן) אָדער, ברוך דער גאָטעכעס. ברוך פירט זיך רײך: דער עלטס־טער זון שטודירט אויף דאָקטער, צו די איבעריקע זין האלט ער לערערס. די לערערס העלפן אויך ארויס אין דער באלעבאטיש־קייט און נישט זעלטן זעט מען דעם לערער מיט אײנעם פון די זין אויף א וועגעלע מיט צוויי רעדער מיט א גרויסן וואַסער־פאַס, אין וועגעלע איז געשפּאַנט אן אייזעלע, וואָס שלעפּט זיך צום פּלומפּ נאָך וואַסער. ברוך האָט אײן־אײנציק טעכטערל, איז זי א שײנ־קייט, טאַטע־מאַמע ציטערן איבער איר, ווי וועגן א פאַרווירק־לעכטן חלום. וואָס מיט זיי אלע האָט פּאַסירט אין דער צווייטער וועלט־מלחמה איז מיר נישט באקאנט. אײנער פון די לערערס, וואָלפסאָן, איז נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה אוועק קיין אמעריקע*).

זייערע פּרנסות זיינען אויפן שאָסיי, זיי קויפן אלץ: עופות, קאַרטאָפּליעס, ציבעלעס, רעטעך, הירזש, קאַשע, תבואה, א קו, א קעלבל, — נאָר מען וויל צו טייער; מ'איז מבטל דעם פויערס פּרייז, מ'לאָזט אים אָפּפּאָרן א שטיקל וועג, — עט, ביסט נישט דער אײנציקער אויפן מאַרק! — פון דעסטוועגן האָלט מען אן אויג, אנדערע זאָלן נישט אויסקויפן. און אז מ'קלאַפּט אין מקח, קריגן זיך די אויפקויפערס און אינעם קריג ווערט מען שותפים און מ'בעט זיך איבער.

עס פּרובירט אויך האנדלען אויפן שאָסיי די „קילע יאַיע", א קליינע, מאָגערע יידענע. זי רעדט שטאַרק פּאַרגרייזט פּויליש, דערפאַר האָט מען איר צוגעאייגנט דעם צונאָמען „קילע יאַיע". דער מאַן אירער איז פאַר דער מלחמה אוועק קיין אמעריקע, איצט קריגט מען נישט קיין בריוו און נישט קיין געלט פון אים, איז ביז די מלחמה וועט זיך אָפּשטעלן מוז מען דערווייל דערהאַלטן די נשמות, האַנדלט זי און האָדעוועט עטלעכע ציגן, וואָס דער ייִנגס־טער זון שלמהלע פּאַשעט זיי אויף די ארומיקע פעלדער. נאָך דער מלחמה, איז זי מיט אירע דריי קינדער: שלום, מרים און שלמהלע אוועק קיין אמעריקע און זיך באזעצט אין שיקאַגאָ.

פון צייט־צו־צייט כאַפּט זיך צום האַנדל די „נאַכאַנאַכע", אברהם נאַכאַנערס (פאַרגרייזט פון דעם נאָמען פון שטעטל אור־כאָן). ער, אברהם נאַכאַנער, איז זיך אן אָפּגעצופּטער ייד, מיט א שיין ווייס בערדל, פירט זיך אויף מיט נימוס און וווינט ביים דייטש יאוואָרסקי. ביי די נאַכאַנערס זיינען פאַראַן צוויי טעכטער, רחל און פּערל. פּערל שמט פאַר א שיינקייט און מ'רעדט, אז רייכע בחורים שלאָגן אָפּ די שוועל, נאָר זי איז גאָר פאַרליבט אין א בעסאַראַביער בחור, וואָס דינט פאַר א סאָלדאַט אין די קאַזאַר־מעס פון דער הרוביעשאָווער גאַס. גאַנץ אָפט הערט מען פון דעם קאַזאַרמע־פענצטער א געזאַנג פון א יידישן סאָלדאַט. א טייל פון אַ ליד האָט זיך אײנגעקריצט אין זכרון:

„אין דער היים בין איך געגאַנגען אין שיך און אין שקראַבעס,
הײנט מוז איך זיין ביי פאַניע גנב אויף שבת.
פאַניע, פאַניע גנב, פאַניע איז א גנב, אײנס צוויי דריי".

אין גאַס ווייסן די מענטשן, אז פּערל טרעפט זיך אָפט מיט דעם יידישן סאָלדאַט ביי פריידע אידיסן אין געוועלבל און דאָרטן רעדט מען פון ליבע. און אויסגעפירט האָט פּערל; זי האָט חתונה געהאַט פאַר דעם סאָלדאַט און אוועקגעפאָרן קיין בעסאַ־ראַביע און איבערגעלאָזט ראָמאַנטישע לעגענדעס וועגן זיך אין דער הרוביעשאָווער גאַס. הײנט וווינט זי מיט איר מאַן און קינ־דער אין אמעריקע, אין פילאַדעלפיע. פון אברהם נאַכאַנערס

*) אײן זון פון ברוך באַרנשטיין געפינט זיך אין יאָהאַנעסבורג, דרום־אפריקע.

עלטערער טאָכטער האָט זיך געראַטעוועט פון די נאַציס דער זון הערש הערץ, וואָס געפינט זיך הײנט אין אמעריקע.

איינע פון די שטענדיקע אויפקויפערינס פון דער הרוביעשאָ־ווער גאַס איז די „שטומע" ריווטשע. זי איז אַ דרייסטע און האַ־רעפּאַשנע פרוי, וואָס העלפט זייער פיל טראָגן דעם עול־פּרנסה. איר מאַן דער „שוואַרצער" אהרן, איז א ייד א לערנער, א שטי־לער מענטש און א הארציקער בעל־קורא. עס זעט זיך נאָך איצט זיין טונקל שאַרף געזיכט, וואָס טיילט זיך אויס פון טלית. בשעת ער לייענט די תורה, טראָגט זיך דער ניגון אָנגעזאָפּט מיט אזעלכע טענער, וואָס בעטן, טרייסטן און גיבן בטחון די מתפללים, וועלכע האָבן זיך זייער מנין אין הרוביעשאָווער גאַס. אהרן און ריווטשע דערציען די קינדער טראַדיציאָנעל־פרום, אָבער די קינדער זיי־נען אויך גוט באהאַוונט אין דער יידישער ליטעראַטור. ביי זיי האָדעוועט זיך א יתום, שיעלע, א טאָכטערס א ייִנגל, מ'האלט אים ווי אַן אייגן קינד, כאָטש די ענגשאַפט איז נישקשהדיק גרויס. חיים, דער עלטערער זון, שענקט אים א סך אויפמערקזאַמקייט, ווי אויך די ייִנגערע שוועסטער און ברידער. שיעלע איז זייער א גע־ראַטענער און ליב ייִנגל, חיים לערנט אים זיין פאַך — קאַמאַשנ־שטעפּעריי. איז געקומען דער בלוטיקער מבול פון די נאַציש מערדער און זייערע ארויסהעלפערס, וואָס האָט כמעט אויסגע־וואָרצלט די גאַנצע משפחה. דאָס זיינען די נעמען פון די אומגע־קומענע: אברהם, דער עלטערער זון, געוווינט ערגעץ נעבן דער ראַגאַטקע דאַכט זיך, נישט ווייט פון חיים טינטן־מאַכער. (לויט ס'האָבן זיך געהערט ידיעות, האָט אברהמס א זון, וואָס האָט שטודירט אין פּאַריז, זיך געראַטעוועט). די טאָכטער פעסל מיט איר מאַן, דוד מרדכי העגדל, און זייערע זעקס זין זיינען אלע אומגעקומען. דער ייִנגערער זון, בוטשע, איז אומגעקומען. (ער האָט געוווינט אין א דאָרף נעבן כעלם, וועגן דעם גורל פון זיין פרוי און קינדער ווייס איך גאָרנישט). די ייִנגסטע טאָכטער, חנה, געווען פאַרהייראַט מיט דוד גראָס, (יאַנקל באַשלעגערס זון) געוווינט אין וואַרשע און דאָרטן אומגעקומען. — בלויז אײנער פון דער גרויסער משפחה איז געבליבן לעבן און דאָס איז חיים. (חיים סאָבאָל — קאַמאַשנשטעפּער). זיין פרוי, מרים, מיט צוויי טעכטער און א זון האָבן די נאַציס אומגעבראַכט. (לויט ס'האָט מיר איבערגעגעבן אונדזער חשובער בן־עיר, בערל קעלבערמאַן, וואָס געפינט זיך איצט אין ניו־יאָרק מיט זיין פרוי און זון, איז ער מיט חיים סאָבאָל, מאָניס ציטרין — קאַמאַשנשטעפּער, שלמהלע לעוועטאָווער — שניידער, — געווען צווישן די לעצטע דרייצן יידן אין כעלם, וועלכע די נאַציס האָבן געהאַלטן געפאַנגען אלס די בעסטע בעלי־מלאכות און געצוווּנגען זיי צו באַקליידן, באַשוכן און באַצירן די מערדער מיט זייערע געליבטע. מחמת דעם, וואָס די נאַציס האָבן געמוזט אין געאייל אנטלויפן פאַר דער רויטער אַרמיי, זיינען די לעצטע יידן אין כעלם געבליבן לעבן. חיים סאָבאָל וווינט איצט אין ישראל).

צווישן די אויפקויפערס זיינען פאַראַן אזעלכע, וועלכע כאַפּן זיך צו דער פּרנסה פון צייט־צו צייט, ווען ס'ווערט שלעכט אין הויז, אָדער ערב א יום־טוב, ווען ס'איז לייכטער דאָס געקויפטע אָפּצוזעצן מיט א פאַרדינסטל. אזעלכע זיינען געווען: דער גראָ־בער סרולקע און זיין פרוי. (זייער זון, הערשל, איז אין ישראל). שלמה „טערקס" ווייב. (זייער פאַמיליע־נאָמען איז געווען קעסלער. דאַכט זיך, אז זייערע צוויי טעכטער, האָבן זיך געראַטעוועט פון די נאַציס). איז אָבער א צרה מיט דער „ספּודניצע", דאָס איז דער גראָבער וואָכמישטש, וואָס איז אזוי גראָב ארום דער טאַליע, גלייך ער וואָלט געגאַנגען אין א ספּודניצע מיט א סך פאַלבן, דערפאַר האָט מען אים געגעבן דעם צונאָמען — „ספּודניצע". אז ער

באוויזט זיך ווערט א בהלה צווישן די „פשעקופניקעס“, דער עיקר צווישן די אָרעמערע; זיי צעלויפן זיך מיט די איינגעהאַנדלטע סחורות, זוכן אויסצובאַהאַלטן זיך פון דער פּאָליצייאישער שטראָף און פון א היזק.

טייל פון די איבערגעשראָקענע אויפקויפערס באהאלטן זיך אויס ביי ר׳ וואָלוועלע שניידער אין שטוב. אין שטוב איז די קיך, שלאָפצימער און מאַסטערסקייע. ר׳ וואָלוועלע, איז, מיינסטן, פּארנומען ביים טיש, ער גרייט צו ארבעט. ער טראָגט דערביי די יאַרמולקע אויפן שפּיץ־קאָפּ. פון אונטער דער יארמולקע הענגען אראָפּ פּיאות, זיי פּארוועבן זיך אין דער גוט אָפּגעהיטענער באָרד, וואָס איז רויטלעך. ארום האלדז איז ביי אים אָפּט א „שלעקל“ פון פּאַפּיר, אָדער פאָדעם, דאָס זיינען מאָסן: לויט דער פּאַרעם פון אויסשניט אויפן שלעקל אָדער קנופּ אין פאָדעם, וואָס זיינען זיינע אייגענע פּארטראַכטע סימנים, — דערקענט ער די לענג, ברייט און טייל פון דער גענומענער מאָס. אויפן טיש איז ביי אים אַן אַרשין אָדער א הילצערנע אייל צום מעסטן די געוואַנטן, אָדער לייוונטן און קרייד, אויסצוריסעווען די פּאַרשיידענע טיילן פון מלבוש.

ביי ר׳ וואָלוועלען זיינען פאַראַן א סך קינדער, — „מיינע־דיינע און אונדזערע“: פון זיין ערשטער ווייב 5 קינדער, זי פון איר ערשטן מאַן 3 קינדער און בשותפות פינף קינדער. די דריי זין — האַלב חדר־ייִנגלעך און האַלבע שניידערס ארבעטן צוזאַמען מיט די דאָרפישע שקצים, וועלכע לערנען זיך דעם שניידער־פאַך. ר׳ וואָלוועלע האָט קנאַפּ פּרנסה, נאָר א סך בטחון, דערפאַר איז ער, מיינסטן, אין א גוטער שטימונג און וואָס עס זאָל נישט פּאַסירן, איז ביי אים — גם־זו־לטובה, ס׳האָט געקאָנט, חלילה, זיין נאָך ערגער.

ר׳ וואָלוועלע האָט ליב צו ריידן פון וועלט, צייטן און געשעענישן: וועגן דעם טייך סמבטיון, וועגן די רויטע יידעלעך, וועגן יוסף מיט זיינע ברידער און קוקט דערביי אריבער איבער די שפּאַקולן, וועלכע ער קויפט ביי שלום הערש כאַסקלס צוזאַמען מיט די שניידערישע צודאַטן. די שפּאַקולן האלטן זיך קוים אויף דער נאָז, זיינע יונג־ברוינע אויגן קוקן אויף די בילדער, וואָס הענגען אויף די אויסגעווייסטע ווענט און ער רעדט צו די זין און קריסטלעכע לערנייונגען, וואָס פּארשטייען שוין יידיש, וועגן דעם ווילנער גאון אָדער וועגן דעם בילד פון די צוועלף שבטים, וואָס זיינען אויסגעמאָלן אין סימבאָלן פון מזלות און דערציילט וואונדער־מעשיות פון יידישע גבורים און יידישע חכמות. אויף פרייטאָג גיט ער עטלעכע קאָפּיקעס איינעם פון זיינע זין, ער זאָל קויפן ביי יוסף איטשע הינדעס דעם פּאַקנטרעגער מעשה־ביכלעך אויף שבת.

ביי וואָלוועלע שניידער זיינען די פּשעקופּניקעס זיכער מיט זייערע סחורות: וועט די „ספּודניצע“ נאָכלויפן און געפינען, וועט ר׳ וואָלוועלע זאָגן — אָט, דאָס קרענצל קנאָבל, צי די עוף, אָדער שאַק אייער, האָבן די פּויערים געבראַכט פאַר מלאכה־געלט, אָט זעסט דאָך דאָס געוואַנט, וואָס איך שנייד איז אויף אַ מאַרינאַרקע, וואָס דאַרף פּארטיק ווערן איידער דער פּויער פאָרט אהיים.

פון וואָלוועלעס קינדער, דאָס הייסט — „פון מיינע, דיינע און בשותפישע, אגב, איז ביי זיי נישט געווען דאָס געפיל פון שטיפקינדער, נאָר ווי אמתע שוועסטער און ברידער, פון זיי זיינען אומגעקומען מיט כמעט זייערע גאַנצע פאַמיליעס: פון דער עלטסטער טאָכטער זעלדע, וואָס איז געשטאָרבן לאנג פאַר דעם חורבן און האָט געוווינט אין דער הרוביעשאָווער גאַס, זיינען אומגעקומען אלע קינדער און זיי זיינען געווען א סך אין צאָל. זעלדעס פאַמיליע־נאָמען איז געווען וואקסמאַן. די צווייטע טאָכטער איידל שטאָם, געוווינט אמאָל ביי רחלע נח שטריקנדרייערס און אמאָל ביי דער קאצאפקע — זי איז אומגעקומען מיט איר טאָכטער העניע און פאַמיליע. דער זון שלמה שטאָם מיט זיין ווייב און קינדער, דער זון עליע מיט זיין פאַמיליע און דער זון אפרים. בלויז איין טאָכטער מיט איר קינד האָבן זיך געראַטעוועט, זי הייסט טשאַרנע וויינטרויב און וווינט איצט אין רמלה, ישראל; די דריטע טאָכטער הינדע טוכשניידער, געוווינט ביי דער קופּער־שטאָקעכע, נעבן דער ראַגאַטקע, איז אומגעקומען מיט איר פאַמיליע, נאָר איין טאָכטער האָט זיך געראַטעוועט, וווינט איצט אין פּוילן; די דריטע טאָכטער וואָוועלעס, וועלכע איז אומגעקומען מיט איר גאַנצער פאַמיליע פון די נאַצישע מערדער, האָט געהייסן אסתר גאַרן, געווען פארהייראט צו יצחק גאַרן, אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן „יצחק פּאַקריוווקער“, זיי האָבן געוווינט ביי דעם דייטש יאַוואָרסקי, אסתרס קינדער האָבן געהייסן: אלטערל, פּייגעלע, נעכעלע און וועלוועלע; פון זייער זון לאָזער, וואָס האָט געוווינט ביי שינדעצקין און איז געשטאָרבן, אלס קרבן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, זיינען אומגעקומען צוויי טעכטער: שרה מיט איר פאַמיליע און פריידע; איין זון חיים ווארזאגער האָט זיך געראַטעוועט מיט זיין פרוי און קינד, וווינט היינט אין נידער־שלעזיע, פּוילן; דער זון א. הערש, וואָס האָט געוווינט אין א דאָרף, איז אומגעקומען מיט זיין פרוי פון די נאַצישע ארויסהעלפערס; דריי זין האָבן זיך געראַטעוועט, געפינט זיך איינער אין פּוילן און צוויי אין סאָוועטן פאַרבאַנד. נאָך א זון וואָוועלעס, שלום „בעקער“ געוווינט ביי די טרעפּ אין דער נייער צאַל, האָט זיך געראַטעוועט מיט זיין גאַנצער פאַמיליע און וווינען היינט אין ישראל. פון וואָוועלעס זין, וועלכע האָבן אויסגעוואַנדערט אין פּאַרשיידענע צייטן, געפינען זיך צוויי אין ארגענטינע, דאָס זיינען: מנשה וואַסערמאַן און שניאור וואַסערמאַן. אין די פּאַראייניקטע שטאַטן געפינט זיך דער עלטסטער פון אלע וואָוועלעס קינדער, דאָס איז יאָסל וואַסערמאַן, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן „יאָסעלע שאכער“, ער וווינט אין פילאַדעלפיע. און אין ניו־יאָרק וווינט שלמה וואַסערמאַן.

## די הרוביעשאָווער גאַס בייטאָג

בייטאָג, ווען די אויפקויפערס זוכן שוין קונים צווישן די פאַרמעגלעכע יידן אין שטאָט פאַר זייערע איינגעהאַנדלטע סחורות, און די פּויערים גייען פון קראָם צו קראָם אויסצוגעבן זייערע איינגעלייזטע געלטער אויף זאַכן פאַר זייער דאָרפישער באלעבאטישקייט — דאַן איז צוריק שטיל אין דער הרוביעשאָווער גאַס: די געוועלבלעך, וועלכע שטייען אין ביידע זייטן שאָסיי, קוקן אויס א קונה. אין דער שטילקייט פון גאַס, הערט זיך אָפּט דאָס גראַגערן פון די שטריקנדרייערס רעדער; איינער ביים ראָד, וואָס איז אין אַן אָפּענעם שטיק פעלד, דרייט דאָס פלאַקס, וואָס דער צווייטער גיט נאָך פון גרויסן פּאַרטוך־קעשענע. פון פלאַקס ווערן שטריק און עס ווערן לייצעס פאַר פּויערישן געשפּאַן.

איינער אזא שטריקנדרייער, אַן אלטיטשקער מיט א ווייס בערדל, וועמענס נאָמען ס׳איז זיך שוין שווער צו דערמאָנען, אָבער זיין געשטאַלט געדענקט זיך נאָך, ווי ער ציט דאָס פלאַקס, טרעט אָפּ הינטערוויילעכץ, ווערט אלץ ווייטער און ווייטער פון ראָד, ביים ראָד שטייט אָפּט זיין אייניקל אברהם „פליאָדער“ (פאַרוואָס אזא צונאָמען, און וואָס ער באדייט, ווייס איך נישט). אברהם איז געווען א פעסטגעבויטער בחור מיט א שטאַרקן ווילן צו דערגרייכן א בעסערע פּאָזיציע אין לעבן, ער איז אויסגעוואקסן א גוטער שניידער און דערגרייכט א פיינע שטופע אין זעלבסטבילדונג. ער האָט נאָך דער חתונה געוווינט אין דובענקאָ. (זיין גורל איז מיר נישט באוווסט).

אויף דער צווייטער זייט פון שאָסיי, אויף א לאנגן פּאָדוואָר, ציט דאָס פלאַקס דער שטריקנדרייער, כתריאל רחל נח׳ס. ער איז א שטילער באַשיידענער ייד. ער און זיין פרוי שטרעבן אויס־צוגעבן זייערע טעכטער פאר לערנערס, נאָר די טעכטער ציט צום מאָדערנעם וועלטלעכן לעבן, אָבער טאַטע־מאַמעס ווונטשן ווערן, מיינסטן, אויסגעפירט: די עלטסטע טאָכטער, ביילע־צירל, גיבן זיי אויס פאַר וועלוול פרידלינג; די צווייטע טאָכטער, מרגלית, מאַכן זיי חתונה פאר וואָלוויש ליבערמאן און די יינגסטע טאָכטער, שיינדל רבקה, האָט חתונה פאר לייבל וועבער, שוין נישט בלויז א לערנער, נאָר אויך א בעל־מלאכה, וועמענס בליק איז ווייטער פון כעלם און גרייכט אריבער די פּוילישע גרענעצן, איז ער טאַקע ביי דער ערשטער געלעגנהייט אוועק אין דער ווייטער וועלט אריין, געוואנדערט, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן קיין אמעריקע און שפּעטער אריבערגענומען זיין פרוי מיטן זון חיימל. היינט וווינען זיי אין ניו־יאָרק. (פון כתריאל׳ס משפּחה זיינען אומגע־קומען: זיין ווייב, רחלע, די טאָכטער ביילע צירל מיטן מאן; זייערס א זון, וואָס איז געווען א פּאַרטיזאן, די גאנצע צייט פון היטלערס מערדערייען, זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער, איז נאָך דער באַפרייאונג פון פּוילן געקומען צום הויז געוואָר ווערן צי ס׳איז ווער געבליבן לעבן, האָבן אים די פּוילישע פאַשיסטן דערשאָסן. בלויז איין זון, אבא, האָט זיך געראטעוועט און גע־פינט זיך איצט אין אמעריקע. די צווייטע טאָכטער מרגלית איז אומגעקומען מיט אירע קינדער. איר מאַן, וואָלוויש ליבערמאַן, האָט זיך געראטעוועט און געפינט זיך איצט אין ישראל).

כתריאל רחל׳ע נח׳ס, האָט אן אייגן הויז מיט פיל שכנים. ביי זיי וווינט חיה טילע בינשטאָק (דער מאן משה, האָט געארבעט אין מיל, וואָס אין דער זעלבער גאַס). זי איז מיטן מאַן און קינ־דער אומגעבראכט געוואָרן פון היטלערס מערדער, בלויז איינע פון דעם גרויסן שטאַם איז געבליבן לעבן, דאָס איז זייער טאָכ־טער פּערעלע, וואָס איז נאָך פאר דעם קריג אוועק קיין בראזיל.

עס וווינט דאָרטן ביי זיי אין הויף יצחק קאַטאַרינאַרזש מיט זיין פאמיליע. ער, א הויכער א גלייכער מיט א שיין בערדל, פירט זיך פרום; קויפט אן עליה, פּרובירט אונטערהאלטן מיט א ניגון דעם בעל־תפילה און האָט ליב צו זאָגן א דעה ביים מנין פון דער גאַס, נאָר עפּעס קיין גוטן נאָמען, האָט ער נישט צווישן די אנדערע יידן פון גאַס, און דאָס, איז, מיינסטן, צוליב די אנדע־רע וואַנדערנדיקע קאַטאַרינאַרזשעס, וועלכע שטעלן זיך אָפּ ביי זיי. דערפאר זיינען זייער אָנגעלייגט זיינע זין ביי די יינגערע מענטשן פון גאַס: די זין — לייזער, בערטשע און עליע צענער, (צענער האָט מען אים גערופן דערפאר, ווייל זיין פּנים איז געווען א ברייטס, א פלאַכס און ברוינס און האָט אויסגעקוקט, ווי א קו־פּערנער צענער.) וואנדערן ארום איבערן לאנד מיט די קאטארינ־קעס אויף די פּלייצעס, מיט פּאָפּוגייעס און ווייסע מייזלעך, וועל־כע ציען מזלדיקע קוויטלעך פאר יעדן איינעם. און ווען זיי קו־מען אהיים ווערט פריילעך אין געסל, און מען ריכט זיך אָפּט אויף א געשלעג.

אין א זייטיק שטיבל וווינט דאָרטן מיט זיין שוועסטער דער משוגענער סוזשע — א ייד א גבר; גייט באָרוועס אפילו אום

# כעלעמער שטאָט־משוגעים



אברהם׳לע „געלוס״. געהאַט א שהאַכקייט צו ריידן אלעמען שידוכים.



„סוזשע״, אזוי האָט מען אים גערופן, געווען אַ געזונ־טער שיינער ייד, נאַר נעבעך נישט געווען אינגאנצן...



שטאָט־משוגענער — באקאנט געווען מיטן נאָמען „סאלטשע״.

ווינטער, ליידט הונגער, נאָר ציין האָט ער פערל־ווייסע. ער רעדט זייער אָפּט זייער קלאָרע געדאַנקען, דאַכט זיך, אז דאָס וואָס מ׳זאָגט אויף אים משוגע, איז א בייזער בלבול, און עס ווערט אזוי גוט, וואָס א מענטש איז צוריק מענטש און מען קאָן זיך מיט אים דורכריידן, נאָר פלוצלינג פארדרייט זיך אים עפּעס אין מוח, די אויגן הייבן אָן צו קוקן אזוי מאָדנע און ער צעלאַכט זיך מיט א געזונטן און משוגענעם געלעכטער.

אין די זומערדיקע טעג, ווען די הרוביעשאָווער גאַס איז ווי אין א דרעמל, זעט מען אָפּט גיין ווי א שאָטן די יונגע אלמנה חיה טאָבע, א מאמע פון צוויי מיידלעך העניע און חנה שרה ; איר טונקל מאָגער פּנים זעט זיך קוים ארויס פון איר קאָפּטיכל, זי פארקירעוועט זיך אויף די פעלדער צו קלייבן שמאַטעס און ביינער, כדי שפּעטער צו פארקויפן דעם שמאטשערזש פאר עטלעכע גראָשן אויף ברויט. אביסל בעסער ווערט פאר איר נאָכן שניט, דאַן גייט זי אויפן שטשערין קלייבן איבערגעבליבענע זאנגען. איר אלטע מאמע, יוכבד, אויך אן אלמנה (עליע ריפּאקס ווייב פון דובענקע) העלפט איר תמיד ארויס אין דער ארבעט. דער גורל פון די צוויי טעכטער, העניע און חנה שרה, איז מיר נישט באַווּסט).

פארן פלויט פון יאראָווסקיס הויף שטייען אָפּט מענדל גלאס׳ שטאַרק צעוואקסענע טעכטער, זיי קוקן אין דער שטילקייט פון דער גאס, ווי זיי וואָלטן געפרעגט : — נו, וואָס איז דער תכלית ? נאָר קיינער ענטפערט נישט, קיינעם ארט נישט, וואָס זיי פון אַן אָנגעזעענער משפּחה, זיינען געוואָרן יורדים, געמוזט אראָפּנידערן אין דער הרוביעשאָווער גאַס אריין און וווינען בשכנות מיט בעלי־מלאכות און אויך קאַטאַרינאַרזשעס. נאָר די גאַס האָט פיינט פארריסענע נעזער, בפרט די פארריסענע נעזער קריגן זיך אין הויז צווישן זיך אויף א גאָר פּראָסטן אופן און די קולות הערט מען אינדרויסן.

א ביסל ווייטער קאָן מען אָפּט זען ביי די שטאַכעטן שטיין אַלטע יוסף ערליכס ; זי איז אַן אויסגעוויינטע ביי טאַטע־מאַמע, א ציטערדיקע, מ׳היט זי אָפּ, ווי אן אויג אין קאָפּ, מ׳לאָזט זי נישט טאָן קיין ארבעט, שטייט זי אן אויסגעפּוצטע, אן אויסגעצירטע מיט א ביכל אונטערן אָרעם, זי קוקט אויף די מענטשן, וועלכע גייען הין און צוריק און זי שטייט איינע אליין אין דער וועלט. יוסף ערלעך מיט זיין פרוי רחלע און די טאָכטער, וווינען אין א ליק, נעבן יאשיק דעם „קיליוואטש“. יוסף זעט אויס א יורד : די געהאַקטע קאפּאָטע, וואָס האָט סימנים פון אמאָליקער רייכקייט, גיט אים צו דאָס אויסזען פון א שטיקל „דייטש“, ער איז א שילדן־מאַלער, נאָר זעט אויס אז ער האַלט זיך פאר א קינסטלער, — פון אונטער זיין יידישן קאָשקעטל קוקן ארויס לאַנגע האָר, ער זאָגט, אז ער קאָן עטלעכע שפּראַכן אפילו ענגליש און האָט ליב צו ריידן צו יונגוואַרג, וועגן וועלט־זאַכן. זיין ווייב, רחלע, שטענדיק אן אומרואיקע, ווי זי וואָלט געפּלאטערט איבער איר איינציק אויג אין קאָפּ — אַלטעלע.

מיט דער צייט, האָט זיך די הרוביעשאָווער גאַס אנטוויקלט און צוגעקראָגן א פאבריק, דאָס איז געווען די מיל. די מיל איז אמאָל געווען איינע פון די צוויי קאַזאַרמעס. זלמן לעמבערגער האָט די ליידיקע קאזארמע איבערגעבויט אין א מיל און אָפּגעדונגען האָבן זי: שיינדל הערץ, מאַטעס, קליינער, בעריש האנדעלסמאן און אברהם שרויט. צום בעסטן געדענקט זיך אברהם שרויט, ווען ער איז אָנגעקומען מיט א פור קינדערלעך פון דאָרף ראדזשעיאָוו און האָט זיך באזעצט ביי דער „קאצאפּקע“. די שכנים פון די ארומיקע הייזער האָבן געקוקט אויף די נייע איינוואנדערער און געציילט די קינדער בשעת זיי זיינען אראָפּגעגאנגען פון דער פור מיט הילצערנע פּאַנטאָפל אויף די פיס און אָנגעציילט האָבן זיי פינף (5) טעכטער און איין זון. אברהם שרויט, איז, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, געשטאָרבן אונטערוועגנס פון דער כאָלעריע. הגם די אלמנה, לאה שרויט, אָדער ווי מ׳פלעגט זי רופן, לאה בישקעס, האָט זיך איבערגעצויגן מיט די קינדער אין שטאָט אריין, איז אָבער דער זון יאנקל שרויט געבליבן ארבעטן אין מיל אלס אָנגעשטעלטער. (יאנקל געפינט זיך היינט אין סאַנטאָ דאָמינגאָ, זיין פרוי רחל און זייערע דריי קינדער, פייגעלע, אברהם, און שרהלע האָבן די דייטשן אומגעבראַכט. די אלמנה לאה און צוויי טעכטער — שרה מיט איר מאַן יאנקל טראגער און פיר קינדער און די טאָכטער חנה מיט איר מאַן שמואל וויניק און צוויי קינדער זיינען אלע אויסגעמאָרדעט געוואָרן פון די נאַציס. לאה שרויטס דריי טעכטער געפינען זיך אין די אמעריקעס : מרים פעלהענדלער און אסתר ווארזאגער וווינען אין מאָנטעווידעאָ, אורוגוואַי, און רבקה וואַסערמאַן — אין ניו־יאָרק).

די צווייטע קאזארמע האָט שפּעטער באַלאַנגט צו שלמה עברי, וועמענס קינדער זיינען אויסגעוואקסן פּאָלקס־אינטעליגענטן און אַקטיוו זיך באטייליקט אין יידישן געזעלשאפטלעכן לעבן. אלע זייענען אומגעקומען פון די נאַציס און זייערע מיטהעלפער. אזוי איז דער עלטסטער זון א דאָקטער, וואָס איז מיטגעגאַנגען מיט דער סאָוועטישער ארמיי, איז אומגעבראַכט געוואָרן פון פוילישע פאשיסטן, און לויט ווי עס האָט מיר איבערגעגעבן איינער פון די גרעאַטעוועטע, וואָס האָט נאָך דער באפרייאונג פון פוילן באַזוכט כעלם און געפינט זיך איצט אין אמעריקע, דאָס איז יאָסל גאָלדהאַר, האָט איטשקע עבריס א זון, א פּאַרטשניק פון דער פוילישער אַרמיי, געפירט אַ העלדישן קאַמף מיט די פוילישע פאַשיסטן און געפאלן אין כעלם. און ווי ס׳האָט מיר דערציילט שלמה עבריס א זון, וואָס וווינט אין ניו־יאָרק, נאָך פון פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך גרעאטעוועט פון עבריס גאַנצער משפּחה — איין איניקל, דער טאָכטערס א טאָכטער. (געפינט זיך אין ווארשע.)

## שבת אויף הרוביעשאָווער גאַס

שבת, אינדערפרי, פרילינג־צייט, אָדער זומער־לעב קומען שטאָטישע מענטשן אויף פרישע „פּאָוויעטשע“. זיי גייען אין די זייטן פון שאָסיי : די קריסטלעכע סעדער זיינען צעבליט ; די תבואה־פעלדער גיבן ארויס זיסע ריחות ; די גאַס שלאָפט נאָך און נישט ווייט איז דער וואַלד, ווו ס׳וואקסן אלערליי ביימער ; א ביסל טיפער איז א „זאַגאַיניק“ — עס וואַקסן דאָרט יאגעדעס ; נאָך ווייטער — איז דער גאַיאָווע פון וואַלד, ווו מ׳קאָן קריגן פרישע מילך און פוטער און מ׳קאָן זיך אויך דאָרטן הוידען. דאָס אלץ איז א זעלטנקייט אין שטאָט. און ווען מ׳גייט צוריק פון פרישער לופט, גייען שוין די עלטערע יידן פון דאַוונען. נאָכן דאַוונען און נאָכן שבתדיקן עסן איז שטיל אין גאַס : געוועלבן זיינען געשלאָסן, פענצטער פאַרהאָנגען, א ציג אויף א שטריק, געבונדן צו א בוים, גריזשעט פויל דאָס גראָז. ביסלעכווייז הייבט אָן די יוגנט ארויסקומען : ווער מיט א בוך צום לייענען, ווער מיט א צייטונג, און מען קומט זיך צונויף ארום שיע גלעזערס גאַניקל.

שיע גלעזערס הויז שטייט קעגן די געוועזענע קאזארמעס. דאָס הויז איז נישט פון גרויסן פאַרנעם, נאָר א צענטער פאר דער יוגנט, איז דאָ יאָ : ערשטנס פארקויפט שיע גלעזערס דיניע־קערעלעך און סאָדע־וואַסער אום שבת, (באַצאָלן באַצאָלט מען אין דער וואָכן) צווייטנס קאָן מען קריגן ביים עלטערן זון, דוד, א גוט בוך צום לייענען פאר א זעקסער אויף צוויי וואָכן. דוד איז א הויז־מאַלער. ער איז א קליינגעוויק־

סיקער מיט א טונקל־הויטיק פנים, פון איין זייט זעט ער אויס אַנגעכמורעט, ווי ס'וואָלט אים געוואַלדיק פאַרדראָסן אויף עפּעס אָדער אויף עמעצן און, אַט, באַלד וועט ער זיך צעבייזערן, נאָר אויפן אַנדערן האַלבן פנים שפּילט זיך אַ שמייכל, וואָס באַרואיקט און פאַרזיכערט: „גיי, כ'מאַך בלויז א שפּאַס". זיין ריידן איז אויך אייגנאַרטיק, ער הייבט נישט אָן לויט דעם געוויינטלעכן נוסח: ערשטנס, צווייטנס, נאָר באַלד, „דריטנס, וואָס איז דאָ צו ריידן". שבת, ביים דאַווענען, כאַפּט ער אַמאָל אריין א יקום־פורקן מיטן ניגון פון אינטערנאַציאָנאַל. ער האָט געלייענט א סך און די יוגנט, וואָס האָט זיך געריסן צו דער קולטור־וועלט, האָט זיך באַנוצט מיט זיינע ביכער.

זיין טאַטע, שיע גלעזער, וואָס האָט א גאַנצע וואָך געטראָגן אויף די פּלייצעס דאָס קעסטל מיט גלאָז, קיט און א „דימענט" גרייט צו שניידן גלאָז אויף נייע שויבן און צוזאַמען מיט דעם גע־טראָגן עול פּרנסה און די זאָרג פון נדן פאַר די טעכטער, איז אָבער שבת און יום־טוב א באַניטער מענטש און א האַרציקער בעל תפילה. עס געדענקט זיך דער ווייכער געבעט־ניגון פון זיין סליחות־זאָגן פאַרטאָג, אָט דער ניגון ברענגט צוריק זיין גע־שטאַלט, דאָס ערנסטע פּנים געפּאַסט אין א גראָ, רונדיק בערדל און אויגן, וואָס בעטן אויף פאַר די, וועלכע האַלטן נישט פון קיין סליחות זאָגן...

און כאָטש שיע גלעזער און צירל זיין פרוי פירן א פרום הויז, קומען אָבער פון דאָרטן שוין טענער פון יונגן, מאָדערנעם לעבן, וואָס קלאַפּט אין די כעלעמער טירן, ווי א פריילעכע בשורה, וואָס זאָגט אָן: — מיר קומען באַרייכערן, פאַרשענערן און פאַרבע־סערן דאָס לעבן פון די כעלעמער איינוווינער. טייל פון די טע־נער, זיינען די רעפּעטיציעס פון די „לוביטעליעס" (אַמאַטאָרן), וועלכע גרייטן זיך צו שפּילן טעאַטער אין כעלם. די אַקטיאָרן קומען פון שטאָט פון דער הרוביעשאָווער גאַס אריין, זיי באַווייזן זיך שבת בייטאָג און קומען אָן מיטן שאַסי אין יום־טובדיקע קליידער. דאָס יונגוואַרג קוקט נאָך די בחורים און מיידלעך, וועל־כע גייען צוזאַמען און מען איז מקנא: דאָס הייסט געלעבט! פון צווישן זיי טיילט זיך אויס א הויכער שיינער בחור, ראובן מאַליאַר, (ראובן שעכטערזאָן, וווינט היינט אין ניו־יאָרק) און יאַנקל מלך הערשס, א יונג מיט ברייטע, גלייכע פּלייצעס, שוואַרצע האָר און שוואַרצע אויגן, וועגן וועמען מען דערציילט אין גאַס, אַז זיין טאַטע, מלך הערש, נעמט אים צו די שיך, ער זאָל נישט גיין רע־פּעטירן אום שבת, נאָר דער זון גיט זיך אַן עצה און קומט יאָ. (היינט איז יאַנקל מלך הערש — יאַנקל ברייטמאַן, א באַוווּסטער חזן אין ניו־יאָרק). צווישן זיי זעט זיך אויך פּייוול דרעקסלער, ער איז א קליינגעוויקסיקער, א רירעוודיקער מיט פיינע אַרטיסטישע שטריכן. (שפּעטער, האָט ער מיט טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער געוווינט אויף דער הרוביעשאָווער גאַס, נאָך דער ערש־טער וועלט־מלחמה איז א טייל פון דער פאַמיליע אַוועק אין פאַר־שיידענע לענדער: יאַנקל (הערש טשעסלערס) איז אַוועק קיין פּאַ־לעסטינע, איטע — קיין אַרגענטינע, נאָך א ברודער, לויט מען גיט מיר איבער א פיינער אַקטיאָר, האָט געשפּילט מיט מאָריס שוואַרץ, געפינט זיך אין אַרגענטינע. מיט די איבעריקע קינדער, ווייס איך נישט וואָס ס'איז געוואָרן. פּייוול דרעקסלער האָט אַלע זיינע יאָרן געשפּילט טעאַטער, ביז די נאַציס האָבן אים אומגעבראַכט.)

זיי אַלע גייען רעפּעטירן צו משה פּיטשקעס טאָכטער, וואָס וווינט ביי שיע גלעזער אין הויז, דאָרטן לערנט מען זיך שפּילן: אַמאָל עקדת־יצחק, אַמאָל שיר השירים, אָדער אַן אַנדערע פּאָפּו־לערע פּיעסע, און עס טראָגן זיך דורך די פענצטער אין גאַס אריין מאָנאָלאָגן, פּראָלאָגן און לידער, ווי א שטייגער:

„די קינדער־יאָרן נאָך נישט פאַרגעסן
„ס'פּלעגן מיר אין די אויערן קלינגען —
„ביי מיין וויגל, איז די מאַמע געזעסן
„און מיר א לידעלע געזונגען..."

אָדער:

„צי קענט איר קינדערלעך די ברכות אַלע,
— יאָ, מיר קאָנען גוט,
„צי קענט איר מיר ענטפערן אויף יעדער שאלה,
— יאָ, פאַרוואָס דען ניט.
„וואָסער ברכה מאַכט מען איבער נייע קליידער,
— מלביש ערומים,
„און אז דאָס חייב האָגלט מיט קללות כסדר,
— מתיר אסורים..."

ביי שיע גלעזער איז דאָ דער יינגסטער זון, מענדעלע, האָט אַ גוטע שטימע, אַרטיסטישע פעאיקייטן, אַ פיינעם הומאָר און שאַרפזיניקייט. אַז ער קום אהיים אויף פסח פון וואַרשע, איז ער אויסגעפּוצט פאַצעטיש: א קאַפּעליוש מיט ברייטע ראַנדן, א שאַנ־טע־קלעי אַנצוג און א זייגער פון צווייפלהאַפטער פּינקטלעכקייט... ער דערציילט די וווּנדער פון דער גרויסער שטאָט וואַרשע, פון די טעאַטער־פאַרשטעלונגען, וועלכע ער האָט געזען; ער רופט אָן אַקטיאָרן ביי די נעמען און שילדערט זייער אויסזען — דאָס אַלץ רייצט די פאַנטאַזיעס פון זיינע חברים און באַקאַנטע בפרט ווען ער גיט א זינג אויף: „יידעלע דיין קרוין, איז דאָס פּינטעלע ייד..." אָדער: „שטויסט איך אָן, זייט קליג און שטויסט אייך אָן, אויף אַזעלכע זאַכן, איז לייכט זיך צו פאַרשטיין.." — דאַן איז מען גרייט אַוועקצופאָרן קיין וואַרשע אפילו אָן טאַטע־מאַמעס וויסן.

נאָר אַז מענדעלע איז, צוליב דער מלחמה, געבליבן שטעקן אין כעלם און אינגיכן האָבן אָנגעהויבן וואַקסן נייע אָרגאַניזאַציעס פון פאַרשיידענע שיכטן, וועלכע האָבן זיך באַמיט גייסטיק צו גע־שטאַלטיקן זיך, ווי א חשובער טייל פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן — האָט מענדעלע אָרגאַניזירט א דראַמאַטישע גרופּע אויף דער הרוביעשאָווער גאַס און זיך פאַרבונדן מיט דער פּאַרטיי פּועלי־ציון, וואָס האָט געהאַט איר אַרבעטער־היים־לאָקאַל ביי קופּערן אויף לובלינער גאַס. די גרופּע האָט געהאַט א שטאַרקע אַמביציע צו באַווייזן דער שטאָט, אַז זי האָט זיך נישט וואָס צו גרויסן קעגן דער הרוביעשאָווער גאַס, וועלכע האָט נישט קיין גע־הייבענעם שם. די מיטגלידער פון דער דראַמאַטישער גרופּע האָבן, מיט קליינע אויסנאַמען, געהאַט א קנאַפּן באַגריף וועגן טעאַטער, דערפאַר האָבן זיי אָבער געהאַט דעם גלייבן, „אַז מען וויל קאָן מען", און מ'וועט באַווייזן דורך דער בינע צו געבן עכטע ליטע־ראַרישע שאַפונגען דעם יידישן עולם — האָט מען אויסגעקליבן „נאָענטע און ווייטע" פון פּרץ הירשביין. מענדעלע, מיט זיין שטענדיקער ליבע צום טעאַטער און מיט אַרטיסטישן געשמאַק, האָט שווער געאַרבעט אַרויסצוקריגן ביי די נייע אַקטיאָרן א ריכ־טיקן טאָן, א לייטישן זשעסט, אָדער א בינע־האַלטונג. צוהילף האָט מען גענומען פּייוול דרעקסלער, ווי א דערפאַרענעם אַקטיאָר און ענדלעך האָבן זיך אין יאָר 1919 באַוויזן אַפישן אויף די כע־לעמער קיאָסקן, אַז דער נייער דראַמאַטישער קרייז וועט געבן א טעאַטער־פאַרשטעלונג אינעם זאַל פון מאַגיסטראַט אין כעלם. צו דער איבעררעשונג פון די שפּילער זיינען געקומען צו דער פאַר־שטעלונג די מיטגלידער פון דער לאַנג־עקסיסטירנדיקער דראַמאַ־טישער גרופּע און מיט אמתער קאָלעגיאַלער פריינדשאַפט אַרויס־געהאָלפן מיט אַלע זייערע אָנגעזאַמלטע דערפאַרונגען דער נייער גרופּע. פון זיי געדענקט זיך, צום בעסטן, טאָבעלע הערץ, א די־נאַמישע, באַגאַבטע שפּילערין. און אָט איז דאָס בילד פון די מיט־

גלידער פון דראַמאַטישן קרייז און די אַנטיילנעמער פון דער ערשטער און לעצטער פאָרשטעלונג.

מענדעלע איז אין גיכן אוועק קיין אמעריקע צו זיין עלטסטן ברודער שלום. (פון שיע גלעזערס קינדער זיינען אומגעקומען דורך די נאַצישע מערדער: דוד מיט זיין פאמיליע, פעשע מיט איר פאַמיליע, רבקה מיט איר פאַמיליע, גיטל מיט איר פאַמילע און פריידע. פון איין טאָכטער, דאַכט זיך פון רבקהן, האָט זיך געראַטעוועט א זון, וואָס דארף זיך געפינען אין ישראל).

אָט אין יענע יאָרן, בשעת דער דייטש־עסטרייכישער אָקופּאַציע, ווען מ׳האָט זיך געראַנגלט מיט הונגער, מיט עפּידעמיעס און היימלאָזיקייט, ווען אויפן קהל׳ישן פּלאַץ אין דער הרוביעשאָווער גאַס, ווו ס׳האָט באדארפט אויסגעבויט ווערן א שפּיטאָל אָדער א הקדש און קיינמאָל נישט געבויט, אָט אויף דעם פּלאַץ, האָבן זיך געוואַלגערט אָנגעלאָפענע פון די מלחמה־געגנטן מענטשן און אויסגעגאַנגען פון הונגער און קראנקהייטן. שפּעטער, בשעת דער פּוילישער זעלבשטענדיקייט, ווען מ׳האָט באדארפט קעמפן קעגן די האלערטשיקעס, קעגן אלערליי פּאָגראָמבאַנדעס און דאָס לעבן פון די יידן איז געוואָרן שווערער פון טאָג־צו־טאָג — דאַן, איז שוין פון לאנג געווען אָפּגעווישט דער קידער־ווידער און אָפּטע געשלעגן צווישן די יידישע ייִנגלעך פון דער הרוביעשאָווער גאַס, דער עיקר איז אמאָל דער קאַמף אָנגעגאנגען פון אלע קעגן וואָוועלע שניידערס זין, ווייל זיי זיינען געווען דאָרפישע, נישט אזוי געהובליעוועט, ווי די שטאָטיש־געבאָרענע, זיינען דערפאַר אָנגעגאַנגען ביטערע שלאַכטן. שפּעטער איז דער יחוס אויסגעגלייכט געוואָרן און ס׳האָט זיך איינגעשטעלט א קולטורעלער בונד. דאָס הויז פון וואָוועלע שניידער איז געוואָרן דער זאַמל־פּונקט, ווו מ׳האָט רעפּעטירט, דיסקוטירט און אָפּט געטאַנצט. צווישן די איינגייער איז געווען איינער, וואָס כ׳האָב אים נאָך ביז איצט נישט דערמאָנט און דאָס איז געווען

אשר לעמל וויינשטיין, פייגע דער ווינשענקערינס. (היינט אין אמעריקע. די מאַמע און איין טאָכטער, איידל, האָבן זיך געראַטעוועט. איידל, דאַכט זיך, געפינט זיך היינט אין ישראל. די עלטערע טאָכטער, שרה, איז אומגעקומען מיט איר פאמיליע).

אין יענע טעג פון שטורעם און איבערקערענישן אין פּוילן, האָט זיך אין אונדזער גאַס באוויזן דער קריסטלעכער שכן „סאַראַדאָלקא“, א נידעריקער, א געשטופּלטער, א פארדאָרבענער פון צופיל צעלאָזנקייט און אנטיסעמיטישן סם, ער האָט געטון צרות אָנגעטאָן די יידן פון כעלם און אומגעגנט. איך דערמאָן אים, ווייל ווער ווייסט צי ער איז נישט געווען דער פאָרגייער פון די היטלעריסטן, וועלכע האָבן פאַרענדיקט, וואָס ער האָט אָנגעהויבן.

אָט, דאַן, האָבן יידישע יוגנטלעכע אָנגעהייבן זוכן סיבות פון יעדער דערשיינונג, זיי האָבן געזוכט צו פארענטפערן און דערקלערן די דערשיינונגען און די, וועלכע האָבן געקאָנט, האָבן זיך באצייטנס געראַטעוועט און אנטלאָפן פון דעם געבאָרנלאנד, פּוילן. איז 1922 געווען דאָס יאָר, וואָס איך האָב זיך געראַטעוועט, נאָר די גאַס אין וועלכער כ׳האָב זיך געהאָדעוועט מיט אירע מענטשן, זיינען געוואָרן א טייל פון מיר. זאָל דאָס געשריבענע זיין א בלעטל אין דער געשיכטע וועגן די יידן אין כעלם, וואָס זיינען אזוי טראַגיש אומגעקומען פון די נאַצישע מערדער און זייערע ארויסהעלפערס. זאָל דאָ פארצייכנט ווערן אונדזער ווייטאָג, צאָרן און האַס, וואָס זאָל איבערגיין לדור־דורות, ווי א שבועה פון נקמה. זאָל דורך דעם דאָזיקן יזכור־בוך פאראייביקט ווערן דער אָנדענק פון די קדושים פון אונדזער שטאָט כעלם. זאָלן מיינע געשריבענע בלעטער זיין א דערמאָנונג צו די לעבנגעבליבענע פון מיין הרוביעשאָווער גאַס, אז מיר ווילן די מערדער פון אונדזער אייגענע, נאָענטע און ווייטע — נישט פארגעבן און נישט פאַרגעסן!



כעלעמער פרייוויליגע פייערלעשער, וואָס האָבן געהאט א גרויסע צאָל מיטגלידער פון דער יידישער אינטעליגענץ אין די יאָרן 1916—1918.

משה גרינבערג, תל־אביב

# דאָס בעלזער חסידים־שטיבל

ווען מען שרייבט וועגן אונדזער שטאָט כעלם, די שטאָט מיט איר גרויסער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט ; די שטאָט, וועלכע איז געווען רייך מיט אינסטיטוציעס, אָרגאַניזאַציעס פון גאָר רעכטס ביז גאָר לינקס ; די שטאָט, וועלכע האָט ארויסגעגעבן פערזענלעכקייטן פון פאַרשיידענע לעבנס־צווייגן ווי קונסט, פּאָליטיק, וויסנשאַפט א.א. — נישט גאַנץ וועט זיין דאָס בוך, ווען עס וועט ניט, כאָטש אין א קליינער מאָס, באשריבן ווערן דאָס רעליגיעזע כעלם, די שטאָט פון חסידים און לומדים, די שטאָט פון פיל רעליגיעזע אַנשטאַלטן, אָנהייבנדיק פון דער גרויסער תלמוד־תורה און ישיבה, וועלכע האָבן געדינט פאר א גרויסן טייל פון די כעלמער און דער אומגעגנד־יוגנט אלס ערשטע דערציאונג־פּלאַץ, שפּעטער די מערערע חסידים „שטיבלעך", וועלכע יעדער חסידים־רבי האָט געהאַט זיינע אָנהענגער און יעדע חסידים־גרופּע זיינע אייגנאַרטיקע מנהגים. — וועגן איינער פון די מערערע „שטיבלעך" — דאָס בעלזער „שטיבל" און די בעלזער חסידים — וועל איך פּרובירן שרייבן דאָס, וואָס איז מיר געבליבן אין מיין זכרון.

* * *

ווייט, אָפּגעזונדערט פון דעם בית־המדרש און שוהל־גאַס, וועלכע זיינען געווען ארומגערינגלט פון חסידים־שטיבלעך, ווי קאַזמירער, טריסקער, ראַדזינער א.א., איז זיך געשטאַנען דאָס בעלזער „שטיבל" אויף דער שעדלעצקע־גאַס, ווי עס וואָלט געהאַט די אויפגאַבע צו שיצן די אלע יידישע איינוווינער אין דער געגנט ; צווישן די מערערע געביידעס, הויכע און נידעריקע, קלענערע און גרעסערע, וועלכע זיינען אלע באוווינט געווען פון יידן, האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן די הויכע געביידע מיט אירע, פון אלע פיר זייטן, לאנגע און ברייטע פענצטער — דאָס בעלזער „שטיבל", פון וועלכן מען האָט שטענדיק, פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט, געקאָנט הערן איינגענעמע קולות פון אַ דאַוונען, אָדער גאָר אַ גמרא־ניגון פון די „חברה־ש"ס", וועלכע פלעגט טעגלעך לערנען גמרא אָדער א פּרק משניות, אָדער גאָר אַ זמר'ל, אַ טענצל ביי אַ סעודת־מצוה, אַ רבינ'ס יאָרצייט וכדומה. אינעווייניק איז די געביידע געטיילט געווען : כמעט די העלפט האָט באזאָרגט די בעלזער חסידית'טעס, די עזרת נשים, וועלכע איז שבת און יום־טוב געווען איבערפולט פון פרויען, וואָס יעדע איינע האָט געהאַט איר „שטאָט", — איר שטענדיקן פּלאַץ. אין דער גרויסער מענער־שוהל איז אויפן מזרח־זייט געשטאַנען דער באַרימטער ארון־קודש, וועלכער איז געווען באקענט מיט זיין קינסטלערישער אָרנאַמענטירונג ; אויף מערב־זייט האָבן הויכע ספרים־שענק באצירט די ווענט מיט טויזנטער ספרים, ש"סן, אַלטע און נייע, וועלכע זיינען יאָרן־לאַנג נישט ארויסגעלאָזט געוואָרן פון די הענט פון די פאַרשיידענע למדנים. בלעטערנדיק אין די אלטע גמרא'ס, האָבן ווייס־זילבערנע האָר, וואָס דער אָדער יענער למדן האָבן אריינגעלייגט ביים לערנען, געפינקלט אין די אויגן, דערציילנדיק דערביי א געשיכטע פון דורות... צוויי גרויסע אויוונס האָבן ווינטער דערוואַרעמט די אלע, וואָס האָבן טעגלעך געפונען זייער פּלאַץ דאָרט, די יעניקע, וואָס דאָס „שטיבל" איז פאר זיי געווען די צווייטע היים. ארום די ווענט האָבן לאנגע טישן און בענק, מיט גרויס סבלנות און צופרידנקייט, געדינט



געטריי, טעגלעך ווי שבת, די מערערע חסידים ביים דאוונען אָדער לערנען, ביי א שלש־סעודות אָדער אזוי א קדושא־רבא...

די פלעצער זיינען געווען, ווי געוויינטלעך, געטיילט לויטן יחוס. אויף דער מזרח־זייט האָבן געפונען זייער פּלאַץ די „פּני־העיר", די עשירים, די שבתדיקע יידן, ד.ה. יידן, וועלכע מען זעט זיי נאָר אין „שטיבל" פון שבת צו שבת. דאָ האָבן מיר געזען ר' בעריש קופּער, אַ „שיינער" ייד און א גרויסער יחסן; ר' מתתיהו קליינער, וואָס צום עשירות איז ער געווען אויך א גרויסער למדן, און נאָך א גרעסערער בעל־צדקה ; ר' שלמה רויטמאַן, א ייד א תקיף, בעל דעה און גרויסער יחסן ביים רבין ; געווען „בעל־תוקע" אין די „ימים־נוראים" ; ר' שלמה יצחק ראָזנבערג, א „זיי־דענער" ייד, וואָס א גוטן „פּלפּול" אין גמרא האָט אויך גע־הערט צו זיינע תענוגי עולם־הזה ; ר' בעריש לאַנדאָ, א ייד פון „תורה און סחורה", וואָס זיין גאַנג האָט שטענדיק ארויסגערופן כבוד און אכטונג ביי יעדן ; ר' יושע מלמד, א זעלטענער אינ־טערעסאַנטער טיפּ, זיין עשירות איז באשטאַנען דערין, וואָס ער איז געווען אַ גרויסער „שמח בחלקו"... אַ גרויסער ערלעכער ייד און נאָך גרעסערער „עניו", און שטענדיק מלמד־זכות געווען אויף יעדן, און געווען א גרויסער רודף שלום. פאר א הייליקן חוב האָט ער געהאַלטן צו טיילן „טאַבאַק", וועלכן ער האָט אליין „פּאַב־ריצירט" מיט גרויס קענטניש און געשמאַק... געווען א בעל־שחרית אין די ימים־נוראים, און ביי זיין „המלך" ביים עמוד, האָבן אלע מיטגעציטערט פאר שרעק, — אָבער קיין פריילעכקייט איז קיינמאָל ניט געווען צו מערקן אויף אים. ער איז געווען אן עקר ; ר' מענדעלע שמואל הירש'ס, וועלכן מיר, די דעמאָל־טיקע יינגלעך, האָבן אים גערופן „דער בייזער צדיק", ווייל שטענ־דיק האָט ער זיך אויף אונדז געבייזערט... און נאָך פיל אנדערע חשובע נגידים. קלענערע עשירים, אָבער דערפאר גרויסע לומ־דים, וועלכע פלעגן טעגלעך און אויך עטלעכע מאָל טעגלעך, דאָס „שטיבל" באזוכן — האָבן געהאַט זייער פּלאַץ אויף דער דרום־זייט, זיכער לויטן כלל פון אונדזערע חכמים : „הרוצה להחכים ידרים"... דאָ האָבן מיר געזען יידן גרויסע לומדים, תמימים, די באוווסטע גרופּע פון בעלזער חסידים ר' יעקב מרדכי, א ייד א תמים און א גרויסער למדן, געווען שטענדיקער בעל־מוסף ראש־השנה און יום־כפּור ; ר' יודעלע סטאַוו, דער מנגן און קלוגער ייד ; ר' שמואל הקטן, וואָס אין קעגנזאץ צו זיין נאָמען איז געווען ג ר ו י ס מיט אלץ : אין חסידות ווי אין לומדות ; ר' משה האָראָדלער, וואָס האָט באַצירט דאָס „שטיבל" מיט זיינע ווונדער־באַרע האַנט־צייכענונגען ; ר' יצחק ישעיה, אמתער בטלן, אויסגע־טאָן געגנצלעך פון די זאָרגן פון „עולם הזה"... אויף אים האָט מען געזאָגט, אז ער האָט ניט „מבדיל" געווען קיין צורת המטבע, און ר' שמחה אמעריקאנער (דעם נאָמען אמעריקאנער האָט ער געקראָגן צוליב „זכות־אבות"... — דער פאָטער זיינער האָט גע־לעבט אין אמעריקע ; אליין איז ער געווען א מלמד און ווייט פון רייכקייט...) א ייד, א גרויסער בעל־מדות ; איינער פון זיינע מנהגים איז געווען — טעגלעך געהאַלטן „שתיקת־הדבור" — גענצלעך ניט גערעדט, ביז נאָכן דאוונען, און דער פרוי זיינער — מיין מוטער ז"ל — האָט ער ביים גאנצן לעבן ניט גערופן ביים נאָמען, ניט וועלנדיק דערמאָנען א פרויען־נאָמען, נאָר ווען ער האָט איר באדארפט וואָס זאָגן האָט ער גערופן : „זאָג זשע"

אָדער „זאָג־נאָר"... און מיין ליבע מוטער, די אמתע צדקנית, האָט דאָס אָנגענומען פֿאַר ליב...

די אויבן דערמאָנטע חסידים־גרופּע איז באַוווּסט געווען מיט איר צוזאַמענהאַלטן זיך. ווען א שמחה ביי איינעם, איז דאָס געווען אַלעמענס שמחה, און חלילה, פאַרקערט, זיינען זיי אַלע געווען מיטפֿילער, מיטהעלפֿער; צוזאַמען געפּראַוועט שמחה׳ס, מלווה מלכה׳ס; גרויס איז געווען די מסירת־נפש פון איינעם צום צווייטן — דאָס „בטחון"־געפֿיל האָט זיי שטענדיק באַגלייט און קיינמאָל ניט געהאַט, חלילה, קיין טענות צום רבונו של עולם; כאָטש מען האָט געלעבט אין גרויס אָרעמקייט, האָט מען „מצדיק" געווען דעם „אויבערשטן"; זיכער זיינען זיי מער ניט ווערט... און ווען עס איז שוין געווען „באו מים עד נפש", די קערפּערלעכע אָדער גייסטיקע ליידן זיינען שוין געווען אומדערטרעגלעך — דאַן איז די בעסטע עצה געווען: אַריבערפֿאָרן קיין בעלז, צום רבין... געבן דעם רבין א „קוויטל", אויסגיסן פאַר אים דאָס ביטער הארץ. אזוי זיינען זיי יאָר איין יאָר אויס א דריי פיר מאָל געווען דעם רבינ׳ס געסט, און יעדערער איז אהיים געקומען א גאַנץ אנדערער, צופרידענער און פריילעכער, האָבנדיק מיט זיך דעם רבינ׳ס ברכה...

* * *

הגם אָפיציעל האָט געהערשט שלום־בית צווישן די אַלע חסידים־גרופּירונגען, דאָך האָט א געוויסע אָפּגעזונדערטקייט, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט גאווה, געמערקט צווישן די בעלזער און אנדערע חסידים אין כעלם.

אין פּאָליטישן לעבן האָבן די בעלזער חסידים קיין שטעלונג געהאַט; אין צייטן פון רעגירונג־וואַלן צום סיים, האָבן זיי דערהאַלטן דירעקטיוון פון „אויבן", ד.ה. פון בעלז... און ווי באַוווּסט זיינען זיי געווען לויטן כלל: „דינא דמלכותא דינא" — שטימען דאַרף מען פאַר די גוים, און פאַקטיש זיינען טאַקע געזעסן אין פּוילישן „סיים" פּאָליאַקן־דעפּוטאַטן, זיי זיינען געוויילט געוואָרן נאָר פון בעלזער חסידים... אין מאָמענט, ווען אנדערע חסידים האָבן שוין, צו יענער צייט, אָנגענומען אַן אַנדער שטעלונג, דערנענטערט זיך שוין מער צו די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס ביי יידן, האָבן נאָך די בעלזער חסידים געהאַלטן יעדער פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פאַר „טריף" — אפילו די „אגודה" איז געווען פאַר איר פרעמד; „מזרחי" — אפּיקורסים, און ווען איינער פון די חסידים׳ס בחורימלעך איז „אָנגעשטעקט" געוואָרן מיט דער „קרענק", האָט ער מער קיין פּלאַץ אין „שטיבל" ניט געהאַט. שוין אָפּגערעדט, אז דאָס וואָרט „ציון", ציוניסטן, איז געווען ווי, חלילה, חמץ אין פסח, בבחינת „בל יראה ובל ימצא"...

* * *

ווי שווער און אַן אָפּקומעניש עס איז געווען ביי זיי דאָס וואָכעדיקע לעבן, — פון דער צווייטער זייט, אינעם גייסטיקן לעבן, האָבן זיי געהאַט די פולע באַפרידיקונג. דאָס מאַטערניש אין די „ששת ימי המעשה", אין די זעקס וואָכן־טעג, איז געווען אַן אָפּקום, וואָרטנדיק שוין אויף דעם שבת קודש; אין דעם טאָג האָבן זיי געפונען דאָס אינטערעסאַנטסטע און אינהאַלט פון לעבן. פרייטאָג צו נאַכטס ווי שבת אינדערפרי, אָדער גאָר א צווייטן יום־טוב, האָבן די בעלזער חסידים, ווי אויך דאָס בעלזער „שטיבל" געקראָגן אַן אנדער אויסזען; א שמחה, א פריילעכקייט האָט געשיינט אויף אַלעמענס פּנים׳ער, און א גרויסע ליכטיקייט וועלכע האָט באַלויכטן די גאַנצע שעדלעצקע־גאַס, האָט אַרויסגעשפּראָצט דורך די הויכע פענצטער פון בעלזער „שטיבל".

פרייטאָג נאָך האַלבן טאָג, נאָכן גיין אין מקווה, כדי מקבל זיין דעם הייליקן טאָג בטהרה, זיינען זיי מיט צופרידנקייט אריין אין די „בגדי שבת" — שיינע זיידענע קאַפּאָטעס מיט סאַמעטענע היטלען (דער מנהג פון שטריימלעך, ווי ער איז געווען ביי די בעלזער חסידים אין גאַליציע, גערער חסידים א.א. — איז נישט אָנגענומען געווען אין כעלם) און געקומען אין „שטיבל" „מקבל־שבת" זיין. און ווען זיי האָבן געזונגען דעם „לכה דודי", איז די התלהבות געווען אזוי גרויס, אז עס האָט זיך געדאַכט, אז אַלץ זינגט מיט, — די ווענט, די ספרים, אַלץ פרייט זיך מיטן אָנגעקומענעם גאַסט, דער הייליקער שבת...

שבת פרי, פאַרן דאַוונען, זיינען די טישן איבערפולט געווען מיט פאַרשידענע לומדים־גרופּעס; אויף איינעם לערנט מען דעם „דף־היומי"; אויפן צווייטן טיש, מער עלטערע, לערנען א פרק משניות, פון דריטן טיש הערט זיך אַן איינגענומענער ניגון: איינער איז „מעביר" די סדרה, „שנים מקרא ואחד תרגום" ביי דער צפון־זייט, נעבן דער טיר, באַמערקט מען ר׳ חיים־יוסלען, דעם תהילים־זאָגער, דאָס איז געווען זיין ספּעציאַליטעט... אַן אָרנטלעכער, פּשוטער ייד, וואָס מער ווי תהילים איז אים פרעמד געווען, און אין זיבעטן־הימל איז ער געווען, ווען ער איז געשטאַנען ביים „עמוד" און געזאָגט מיטן עולם תהילים... און אזוי, נישט טראַכטנדיק פון די טאָג־טעגלעכע דאגות, האָבן זיי געלערנט, שפּעטער געדאַוונט מיט גרויס פרייד און התלהבות, שפּירנדיק דעם אמתן טעם פון לעבן און גייסטיקן פאַרגעניגן פון דער גרויסער מתנה, מיט וועלכער זיי זיינען באַשאָנקען געוואָרן: דער שבת קודש...



ר׳ פּיניע מאיר גאָלטשעס (פּנחס טענענבוים), א בעלזער חסיד.

אָבער אויך ניט שטענדיק האָבן זיי שבת געקאָנט זיין פריי פון דער וואָכעדיקער זאָרג. דאָס „שטיבל" האָבנדיק זיינע פאַרשידענע אויסגאַבן איז כמעט שטענדיק געווען אין דעפיציט, און נישט האָבנדיק די מיגלעכקייטן אויפן נאָרמאַלן אופן איינמאָנען דעם מאָנאַטלעכן ביישטייער פון די חסידים, האָבן די „גבאים" געשאַפן אן אייגנאַרטיקן מיטל ווי אזוי אויפצומאָנען געלד ביי די דאַוונערס, און דווקא אום שבת: ווען מען האָט געענדיקט דאָס דאַוונען, איז באַלד די אַרויסגאַנג־טיר פאַרשלאָסן געוואָרן דורך די „גבאים", און דעם וועג צום אַרויסגאַנג פאַרשטעלט מיט טישן, און יעדער האָט געמוזט ביים אהיים גיין איבערלאָזן דעם „טלית", עס האָט ניט געהאָלפן קיין טענות ומענות, יעדער, רייך און אָרעם,

האָט דאָס געמוזט טאָן; אזוי האָבן זיך אָנגעזאַמלט צענדלינגער „טליתים“, און די חסידים דאַרפנדיק דעם „טלית“ מאָרגן צום דאַוונען, האָבן געמוזט נאָך במשך דעם מוצאי־שבת, אָדער צו־מאָרגנס גאנץ פרי, קומען „אויסלייזן“ דעם טלית... שווערער איז געווען מיט יענע חסידים, וועלכע האָבן געהאַט ספּעציעלע וואָכעדיקע „טליתים“...

צו דער העכסטער מדרגה פון שמחה און התלהבות האָט מען דערגרייכט ביים „שלש סעודות“, שבת פארנאכט. שבת פאר־נאַכט, די זון איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען, אַ טונקלקייט הערשט אין „שטיבל“, אָבער דאָס אלץ שטערט ניט צום נאָרמאלן גאַנג פון „שלש־סעודות“־פירן. אלע חסידים באזעצן זיך ארום די טישן, נעמענדיק יעדער א „כזית“ חלה; ר׳ שמואל הקטן האָט זיין מנהג צו טיילן יעדן שבת שטיקעלעך פיש; אלע, גרויס און קליין, קריגט אין דער פינצטערניש זיין חלק אין האנט אריין, און מיר, עסנדיק דאַן דאָס שטיקעלע פיש, האָבן געדאַכט ווי מיר עסן דעם „לויתן אויף דער וועלט...“ — לאַנגזאַם ווערן אויסגעזונגען אַלע זמירות־לשבת, יעדער פון די זינגער ווייסט שוין וועלכער זמר גע־הערט צו אים, און ווי נאָר עס ענדיקט זיך איין זמר, פאַנגט מען באלד אָן דעם צווייטן ביז צום „דרור יקרא“ וועלכעס האָט גע־הערט צו מיין פאָטער, ר׳ שמחה אמעריקאנער ז״ל, — די התלה־בות ביי יעדן וואַקסט פון מינוט צו מינוט פרייענדיק זיך מיט דער „שבת־המלכה“, און מיר, „צאן־קדשים“, האָבן מיט פרייד אונ־טערגעהאַלטן די מנגנים און דאָס געזאַנג האָט זיך געטראָגן ווייט־ווייט... שפּעט, זייער שפּעט, דער הימל שוין פון לאנג געווען בא־שטערנט, ווען דער לעצטער מנגן האָט געענדיקט דעם „שיר־המעלות“ — דאַן, האָט פלוצלינג א ליכט־שטראַל באלויכטן דאָס „שטיבל“ און די ארום־טישן מיט באזעסענע חסידים, זיינען מיט גוואלד אָפּגעריסן געוואָרן פון די „עולמות־עליונים“ און הייליקער התלהבות פון שבת־קודש...

דער שבת איז שוין אוועק; א גרויסער שאָד איז דאָס אוועק־גיין, כאָטש אין אייניקע טעג וועט ער ווידער קומען, און באלד נאָך „הבדלה“, האָבן זיך די „אנשי־מעשה“, די אויבן דערמאָנטע למדנים־גרופּע גענומען גרייטן צום פראַוועון „מלווה־מלכה“. דאָ איז שוין געווען אלץ מער אינטימער; יעדער האָט געגעבן אייניקע גראָשן, אַבי ס׳זאָל געווגען אויף א ברויט און הערינג, און ווען עס איז נאָך געווען א רעשט, האָט אויך איינע פון די חסידית׳טעס געקאָכט א „גריץ“, און א מנין יידן, אויסגעטאָן אינגאנצן פון „הבלי עולם הזה“, האָבן מיט התלהבותדיקע געזאַנגען באזונגען דעם שבת און דערביי דערציילט חסידישע מעשיות פון רביים; איבערגעזאָגט א „שיחת־חולין“ פון „היינטיקן“ אָדער נאָך פון „אַלטן“ זכרונו לברכה, וואָס איז געווען פול מיט הויכע כוונות און רמזים... שפּעט נאָך חצות האָט דאָס געזאַנג פון „איש חסיד“ באגלייט די „שבת המלכה“...

— — — — — — — — — — —

טרויעריק איז היינט דאָס ווינקל... ס׳הערט זיך נישט מער דער ניגון פון גמרא אָדער תהלים... נישטאָ מער קיין יידן אין ד ע ר גאַס, ווי אין דער ג אַ נ צ ע ר שטאָט... דערשאָסן, פאַר־ברענט, לעבעדיק באַגראָבן... נישט געקומען קיינער אפילו צו קבר ישראל; די הויכע געביידע, דאָס בעלזער „שטיבל“, פינצ־טער, וויסט, חרוב... די טויזנטער ספרים פארברענט... קיין זכר פון אלץ — — —

יידן, תמימים, וועלכע א גאנץ יאָר האָט מען נאָר געשטרעבט צו זיין אין אָרדענונג „בין אדם לחברו“ און נאָך מער „בין אדם למקום“; יידן, וועלכע א גאַנץ קיילעכדיק יאָר זיינען געווען אָפּגע־היט נישט חלילה געשטרויכלט צו ווערן אין א שלעכטע מידה; יידן, וועלכע געזינדיקט האָבן אפשר נאָר איין מאָל אין יאָר, און דוקא אום יום־כפור, ווען זיי האָבן זיך געקלאַפּט אין הארצן: „אשמנו, בגדנו, גזלנו“... א גרויסער ליגן איז דאָס געווען, ווען זיי האָבן ביטערלעך געוויינט ביי דער תפילה: „אשמנו מכל עם“. ז י י זיינען זינדיקער פון יעדן פאָלק! — ז י י — די זינדיקע, און די מענטשן־חיות, די מערדער פון זעקס מיליאָן יידן, אלטע און יונגע, פרויען און קינדער, זיינען די גערעכטע — — —

און ווי טרויעריק קלינגט עס, אַז דוקא אום יום־טוב שבו־עות, אין טאָג פון תורה־געבונג צום יידישן פאָלק, אין דעם טאָג באוויינען מיר די ל ע ב ע ד י ק ע תורה׳ס, די קדושים פון אונד־זער שטאָט, וועלכע זיינען אין דעם טאָג: שבועות תש״א געפירט געוואָרן דורך די נאַצישע מערדער, מיט דער הילף פון די פּאָ־ליאַקן, אין וואַלד אריין, און נישט מער צוריקגעקומען — — —

# כעלם

שטאָט דו מיין! וואָס גרויס ווי קליין
ווער עס זאָל דיך ניט דערמאָנען —
טוט אָן א שמייכל אויף זיין פּנים —
ווייל — וועגן דיר פאַראַנען
פאָלק־לעגענדן — יידיש לעבן
וואָס איז אמאָל אין דיר געווען...
מיר מיין שטאָט — דערמאָנסט בלויז ליידן,
אָן אַן אויפהער, מיין פּיין
צי קאָן עס דען אנדערש זיין,
נאָך דעם וואָס ס׳איז געשען?
דעם רב דיינעם, וואָס חכמה זיינע
איבער וועלט געהאַט א שם
געטריבן אין א ווינטער טאָג
א באָרוועסן האָט מען...
דאָס בלוט געטריפט פון זיין געזיכט
האָט אויף דעם בלאַנקן שניי

די גראָע הדרתדיקע באָרד
פון שארפן ווינט צעשפּרייט...
די גרויסע פרייד פון ערב־רב
וואָס געיובלט ביי דער זייט,
געצווונגען אין א טענצל גיין
דיין אלטן רב. אָ, כעלם!
נאָר אנשטאָט טאַנצן — שטיין געבליבן
איז דער זקן אויף זיין אָרט
און „שפוך חמתך“ אָנגעפאנגען
זאָגן, וואָרט ביי וואָרט.
געפילט האָט יעצט דער אלטער גרייז
אז שטאַרבן שוין באשערט
מיט א „שמע ישראל“ אויפן קול
האָט ער גאָט געערט...
א שורה קוילן האָט זיין תפילה
און זיין לעבן אָפּגעשניטן:

געבליבן איז דער קדוש ליגן
אויף דעם באַשנייטן „רינג־פּלאַץ“ מיטן...
פון דעם טריבן, גראָען הימל
געפאלן איז געדיכט א שניי,
און ווי מיט תכריכים ווייסע
פארדעקט אים, האָבן זיי...
באקלאָגט האָט כעלם דעם רב דעם אַלטן,
וואָס איז שוין מער ניטאָ
און דערפילט האָט דאַן די עדה —
עס שלאָגט איר לעצטע שעה
פארלאָפן איז א קורצע צייט,
געוואָרן אלץ צעשטערט;
ווו יידיש לעבן האָט געבליט —
געבליבן אַש און ערד...

(דער נאָמען פון מחבר איז נישט באַוווסט)

ב. בינשטאַק

# אַ בלעטל זכרונות

(בילדער לעבנס און געשטאַלטן 1897—1917)

די שטאָט ליגט פאַרגראָבן אין אַ טיפן טרוקענעם ווייס־בלענדענדיקן שניי. אַ קנאַקעדיקער פראָסט האַלט אָן שוין עטלעכע וואָכן. דאָס לעבן אָבער, די באַוועגונג אין שטאָט גייט אָן ווינטערדיק נאָרמאַל.

די אויסגעטרעטענע שניי־סטעזשקעס און וועגן פאַרבינדן די שטאָט־גאַסן און געסלעך גלייך עמעצער האָט זיי אין פאָרויס אויסגעלייגט.

אַרבעטער, אָרעמע מענטשן, בעלי־עגלות, טרעגער האַלטן זיך וואַרעם אין טאַנדעטנע וואַטאָווקעס, איבערגענייטע סאָלדאַטסקע שינעלן, געלאַטעטע קורטקעס, אויסגעריבענע שמוישענע פעלצלעך, ארומגעבונדן מיט שטריק, פיטערנע וואַטאָווע היטלען, אַ שאַליק ארום האַלדז מיט אַ באַשליק אויף די אויערן, וואַיליקעס אָדער שטיוול ארומגעבונדן מיט שמאַטעס אַנשטאָט קאַלאָשן. אָרעמע פרויען און מיידלעך זיינען געקליידט אין וואַטאָווע ספּאָדניצעס, באכינקעס, אַ שאַלכל אויפן טשיפּיק אָדער שייטל, א גרויסע שאַל אויף די פּלייצעס מיט הויך געשנאָרעוועטע שיך אָדער מענערישע שטיוול.

יינגערע מענטשן ווי אויך רייכע קרעמער און סוחרים מיט זייערע פאַמיליעס האָבן געטראָגן שיינע מאָדערנע קליידער, עלעגאַנטע פוטערנע מאַנטלען מיט צוגעפּאַסטע היטעלעך, הויך־געשנורעוועטע שיך מיט גאַנצע אָדער האלב טיפע „פּעטערבורגער" קאַלאָשן.

* * *

דאָס דריטע ליכטל חנוכה איז א גרויסער יום־טוב ביי ר׳ שמעון יעקב און מארמעריוווטשען אין אַלקער: זייער בן־יחיד׳ל, דאָס קליינע, אויסגעדאַרטע, פארגרינטע אָבער רירעוודיק יינגעלע שלמה׳לע איז אַלט געוואָרן 3 יאָר און גרייט זיך גיין אין חדר.

עס איז אַ קינד אַ ציטעריקס, אַן אויסגעווייינט, ביים רבין „געפּוילט" און צו בריינדעלע „די קאַץ" פאַרקויפט, ווען ער איז — נישט היינט געדאַכט — געווען שטאַרק קראַנק. בריינדעלע „די קאַץ" האָט מען זי גערופן, ווייל זי פלעגט עפּענען פרעמדע שפּייז־שאַפּקעלעך, אין מיטן דער נאַכט, כדי ארויסצונעמען שפּייז פאר אירע קליינע יתומים. זי האָט געוווינט ביי פראָים קורח אין דער ציטרינע, לעבן דער אַלטער באָד, אויף סעמינאַרסקע גאַס. מארמעריוווטשע פלעגט אומישנע אָפּן לאָזן איר שפּייז־שאַפּקעלע, יעדן פרייטאָג נאַכט מיט א שטיקעלע פיש, א חלה׳כל, עטלעכע פלעצלעך פאר בריינדעלע „די קאַץ".

היינט, דאָס 3־טע ליכטל חנוכה, גייט מארמעריוווטשע ארום אַ שיינענדיקע, אַ גליקלעכע: זי גרייט צו איר זונדעלע אין חדר. זי קושט און האלדזט איר יינגעלע, גלייכט אויס זיין טלית־קטן׳דל, פּיצט אָפּ זיין ניי אכט־קאַנטיק היטעלע און קרייזלט צו זיינע דינינקע פּאה׳לעך מיט אירע ליפּן־נאַס געמאַכטע פינגער.

שלמה׳לע האָט עפּעס געוווסט וועגן חדר. ער האָט געוווּסט, אז היינט דאָס דריטע ליכטל חנוכה ווערט ער 3 יאָר אלט און הייבט אָן גיין אין חדר לערנען תורה.

מיט וואָכן און וואָכן פריער האָט דער טאַטע זיינער אים גע־גרייט צו דעם הייליקן אָנהייב. יעדן אָוונט נאָך מנחה־מעריב, ווען שמעון יעקב איז אהיימגעקומען פון זיין שווערן טאָג ארבעט



אויף דער ראַמפּע, ביי דער באַן, פלעגט ער באלד נאָך וועטשערע נעמען זיין יינגעלע אויפן שויס, עפּענען א גרויסן „קרבן־מנחה"־סדור און מיט אַ טייטל געמאַכט פון אַ בעזים־שטעקעלע אָנווייזן און לערנען, זינגענדיק מיט א שיינעם הארציקן נגון: — „אָט אזוי לערנט אַ יינגעלע תורה!... זאָג זשע נאָך אַמאָל, מיין טייער קינד, אלף, און דאָס וואָס איז, בית, און דאָס גימל". שלמה׳לע האָט ליב געהאַט דאָס צערטלעכע זינגען און לערנען, ער האָט געשריגן הויך און העכער: — „אלף, בית, דימל"...

אויך שמעון יעקב האָט געווינט ביי פראָים קורחן אין דער ציטרינע. „קורח" האָט מען אים גערופן, ווייל ער איז געווען רייך, אַ „קאַמעניטשנע"־בעל־הבית, אַ ייד אַ קמצן, אַ שיינער שמיסער, הארצלאָז און אוממענטשלעך. שמעון יעקב איז געווען מיט 10 יאָר יינגער און דער צווייטער מאַן ביי מאַרמעריוווטשען. פון איר ערשטן מאַן — פנחס שעלישטשער — איז מאַרמעריוווטשע אַנטלאָפן.

10 יאָר האָט מארמעריוווטשע געווינט מיט איר ערשטן מאַן און איר בייזער שוויגער. כאָטש די פאַמיליע איז באַשטאַנען פון בלויז 3 מענטשן, איז אָבער ארבעט דאָרט געווען א סך: אַן אייגן הויז, פערד, אַ בהמה, עופות — א גרויס באַלעבאַטישקייט. וואָלט דאָס אלץ געווען צו דערליידן, ווען נישט די שוויגער — אַן אלטע, קראַנקע און בייזע יידענע. זי פלעגט ברענען און בראָטן יעדן טריט מארמעריוווטשעס, געשאָלטן מיט טויטע קללות און פאַרשאַפט מארמעריוווטשען שפיכת דמים, אָנרופנדיק זי: „וויסטע עקרה".

מארמעריוווטשע האָט מיט איר ערשטן מאַן קיין קינדער נישט געהאַט.

ווען שלמה׳לע האָט אָנגעהייבן גיין, האָט מארמעריוווטשע אים גענומען פארן הענטעלע און מיט שטאָלץ שפּאַצירט מיט אים נעבן משה׳לע פּאליעווסקיס געוועלב, ווו פנחס שעלישטשער — איר ערשטער מאַן — פלעגט אָנלאָדן זיין „בריקע"...

דער זייגער איז שוין 1 ביי טאָג. ר׳ שמואל בער, איינער פון די 7 „קאָמאָרניקעס" וועלכער האָט געווינט אין אַן אַלקער, אויף דער אַנדערער זייט פון שמעון יעקב׳ס „שפּאַניש" ווענטל, איז אהיים געקומען עסן „אָנבייסן". ער האָט זיך זייער שטאַרק גע־וווּנדערט פארוואָס שלמה׳לע איז נאָך נישט געגאַנגען אין חדר. — „שוין אזוי שפּעט!" האָט ר׳ שמואל בער געגעבן צו פאַרשטיין.. דאָס קליינע שלמה׳לע האָט זיך דערפילט זייער שטאַרק שולדיק און פארשעמט פון ר׳ שמואל בערס באמערקונג. מיט טרערן אין זיינע אייגעלעך האָט שלמה׳לע זיך געווענדט צו זיין מאַמען: — „ווען וועל איך שוין דיין אין חדר לערנען תורה, מאַמע?"

אין דער מינוט עפנט זיך די טיר און משה שלמה׳לע הירזש׳ס — דער בעלפער — שטעלט זיך אריין אין שטיב. אָנגעטאָן אין אַ שיינעם וואַטאָווע פאַלטאָ מיט אַ באַראַשקענעם קאָלנער און אַ באַראַשקן היטל אריבערגעצויגן איבער די אויערן, הויכע שטיוול מיט גאַנץ טיפע קאַלאָשן. אין האַנט האָט ער געטראָגן אַ קוישל פול מיט טעפּעלעך, פון וואַנעט ס׳האָט ארויסגעשמעקט פריש געקאָכט וואַרעמעס פאר די קינדער אין חדר. עס האָט לאַנג נישט

געדויערט און שלמה׳לע איז געווען אָנגעטאָן און איינגעוויקלט אין אַ שאַל. דער בעלפער האָט דאָס קינד אַ נעם געטאָן און אים געטראָגן אונטער זיין פאַכווע די גאַנץ קליינע שטרעקע; ביז צו שלמה׳לע הירזש — דער דרדקי־מלמד — אין חדר.

שלמה׳לע הירזש האָט געהאַט דאָס חדר אין זיין אייגן הויז — אַ חורבה, וועלכע איז געפאַלן כורעים און ליגט אזוי שוין א סך יאָרן. דער הויפּט־אריינגאַנג איז געווען דאָס „ליקל״ הינטער די שוחטים. הינטערן הויז איז געווען דער „פּאָדוואָר״, ווו די קינדער פלעגן זיך שפּילן זומער. דאָרט איז אויך געווען דער „שמעטניק״ הארט ביי דעם פּאַרקאַן מיט דעם פארשלאָסענעם טויער, וואָס גייט ארויס צו דער סעמינארסקער גאַס. צו מזרח זייט, לענג אויס דעם הויז, איז געווען דער הויך־געמויערטער פּאַרקאַן פון דער סעמינאַריע, ווו צוקונפטיקע פּראַוואָסלאַוונע גלחים פון רוסלאַנד האָבן שטודירט און זיך געגרייט צו ווערן גאָטס שלוחים און גייסטיקע פירער פון רוסישן פאָלק.

אריינגעקומען אין חדר האָט משה דער בעלפער אויסגעוויקלט שלמה׳לען פון דער שאַל און פאָרגעשטעלט אים פארן רבין:

— „שלמה׳לע, שמעון יעקב מארמעריוטשעס!...״

שלמה׳לע הירזש, אַ ברייט־ביינערדיקער, מיטל וווקסיקער ייד, אַ ברייטלעך פול פּנים מיט א קורצער גרויער שיטערער באָרד, אָנגעטאָן אין שטיוול מיט הויכע ברייטע כאָליעוועס, ווו די צייגענע פלודערן האָבן זיך באַהאַלטן צוזאַמען מיט די אָניצעס, אַ ווייס־ברודיקן שפּענצער איבער דעם גרויסן וואָלענעם טלית־קטן מיט אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ.

שלמה׳לע הירזש האָט זיך איינגעבויגן, אַ גלעט געטאָן שלמה׳לען איבערן קעפּעלע און געוואָלט אים עפּעס זאָגן, ווען די טיר האָט זיך ברייט צעעפנט. אַ פּראָסטיקער ווינט האָט זיך אריינגעריסן אין חדר און נאָך אים אַ יידענע מיט אַ הון אויף די הענט.

— „זאָטשע מוחל, ר׳ שלמהלע, עץ זאָלטמאַ דאַלעבן משיח׳ן, זאָגצמאַ צו די הין האָט אפשר אַנ־איי?... זי האלט אין איין ארומפּליען אין אַלקער ביי מיר״. דאָס איז געווען א שכנה, אַ קאָמאַרניצע פון פּיניעלע יאָסעלע בעקערס שטוב, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט פון חדר מיט אַ וואַנט.

שלמה׳לע הירזש האָט אַ נעם געטאָן די הין, וועלכע האָט געמאַכט קולי־קולות, ערגעץ אַ בלאָז געטאָן און פארשטעקט א פינגער, פאַרזשמורעט די אויגן און צעשפרייט ס׳מויל: — „יאָ, זי האָט אַנ־איי!״... האָט ר׳ שלמה׳לע הירזש אָנגעזאָגט די גוטע בשורה. — „עץ זאָלטמאַ דאַלעבן אַ סך נחת פון ענקערע קינדער, ר׳ שלמה׳לע״... האָט די יידענע אויסגעשריען פון פרייד, צוריקנעמענדיק די הין פון שלמה׳לע הירזש׳ס הענט און איז ארויס פון חדר.

שלמה׳לע און אלע קינדער אין חדר האָבן מיט גרויס נייגער צוגעזען און הנאה געהאַט פון דער סצענע מיט דער הין.

שלמה׳לע הירזש׳ס חדר איז באַשטאַנען פון 1 גרויסע שטוב מיט 2 פענצטער, וועלכע זיינען געלעגן כמעט אויף דער ערד. אַ גרויסער טיש איז געשטאַנען אין דער ברייט פון ביידע פענצטער מיט שטולן פון ביידע זייטן און אַ לאַנגע הויכע באַנק פון פאַרנט אַקעגן די פענצטער. אויפן טיש זיינען געלעגן שטיקלעך ברויט, חלה, בייגל אָדער פלעצל, טרוקן אָדער אָנגעשמירט מיט פּוטער, פּאָווידלע אָדער שמאַלץ, וואָס די קינדער האָבן איבערגעלאָזט. דער בעלפער פלעגט זיך דערכאַפּן ס׳האַרץ מיט די שטיקלעך (קאַוואַלקעס). דאָס איבעריקע איז געווען שפּייז פאַר די הינער, גענז, קאַטשקעס מיט וועלכע די רביצין האָט געהאַנדלט.

אויף עטלעכע גאַר נידעריקע לאַנגע בענק זיינען געזעסן די 3־יאָריקע קינדערלעך און זיך געשפּילט מיט זייערע אייגענע פינגערלך, קאַפּאָטקעלעך אָדער טלית־קטנ׳דלעך. אַנדערע קינדער זיינען געזעסן אויף דער פּאָדלאָגע (דיל) און געדרימלט.

אין דער אַנדערער זייט פון דער שטוב זיינען געשטאַנען צוויי הויך פאַרבעטע בעטן, ווו עס פלעגט אָפט זיצן איינע אָדער צוויי הינער... ווען אַ הין האָט זיך צעזונגען:

— „קאָפּ... קאָפּ... קאָפּ... צו דיין קאָפּ!...״ האָט שלמה׳לע הירזש, זייער אַ צופרידענער, באַהאַלטן דאָס איי, אראָפּגענומען די הין פון בעט און אריינגעשטופּט זי אין דער „קיטשע״, וואָס אונטערן קוימען אַקעגן די בעטן לענגאויס מיטן קוימען איז געשטאַנען א גרויס פאַס וואַסער, לעבן דער שמאָלער טיר, ווו ס׳איז אויך געשטאַנען דאָס „שעפל״ מיטן בעזים.

שלמה׳לע הירזש, ווי נאָר ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער יידענע און איר הין, האָט אויפגעהויבן שלמה׳לען און אים אוועקגעזעצט אויף דער הויכער באַנק, נעבן טיש אין איין ריי מיט עטלעכע אנדערע קינדער גרייט צום לערנען.

דער רבי האָט געהאַלטן יעדעס קינד פון 2 ביז 4 מינוט ביים סדור. ווען ס׳איז געקומען שלמה׳לעס ריי צו לערנען, האָט שלמה׳לע הירזש, מיט גרויס צערטלעכקייט, אָנגענומען דאָס קינד ביי דער גאָמבעלע אזוי, אז זיינע אייגעלעך זיינען געוואָרן אָנגעשטעלט פונקט אויפן „אלף בית״. דער רבי האָט זיך דאָן צעזונגען מיט זיין הייזעריקער שטימע: — „זאָגט א קליין יינגעלע, א ל ף! און דאָס וואָס איז? ב י ת! און דאָס? ג י מ ל!...״ שלמה׳לע האָט געשריען אויף זיין דין קול־כל:

— „א ל ף! ב י ת! ד י מ ל!...״ שלמה׳לע הירזש האָט ווידער צעזונגען, זייענדיק צופרידן פון דעם וואָס זיין תלמיד קאָן לערנען: „אָט אזוי לערנט אַ יינגעלע תורה״... און פארענדיקט גאַנץ פראָזאַאיש: — דיינע קינדער אין מיינע יאָרן זאָלן קאָנען אזויפיל, ווי דו, שלמה׳לע...

שלמה׳לעס טאַטע האָט זיך נישט פארלאָזט אויף שלמה׳לע הירזש. יעדע נאַכט נאָך וועטשערע האָט שמעון יעקב געלערנט מיט זיין קינד דעם „אלף־בית״. דערפאַר האָט טאַקע שלמה׳לע געהאַט קפיצת הדרך, אזוי אז באַלד חול־המועד פסח האָט די מאַמע אוועקגעפירט שלמה׳לען און אים אָנגעדונגען צו ר׳ שיע „קאָזאַק״ — דער „טראַף מלמד״. ביי ר׳ שיע קאָזאַק האָבן אלע קינדער געמוזט טרעפן, אויב נישט, האָט שיע קאָזאַק געטראָפן מיט זיינע צוויי פינגער אין „געזעסל״ אריין...

אויף דער זעלבער גאַס, אונטער די שוחטים, עטלעכע טריט פון שלמה׳לע הירזש, האָט שיע קאָזאַק געהאַט זיין חדר אויך אין זיין אייגן הויז — אַ האַלב איינגעפאַלענע חורבה, לענגאויס די גאַס, מיט צוויי נידעריקע פענצטער.

שיע „קאָזאַק״ האָט געהאַט גרויסע צרות אויסצושטיין פון זיין „קאַמעניצע״... דאָס הייסט, נישט אזוי פון זיין הויז, ווי פון דעם פּלאַץ איבער דער גאַס, אַקעגן זיין הויז, וועלכער האָט גאָר נישט באַלאַנגט צו אים. יעדן מאָנטאָג און דאָנערשטאָג איז דאָרט געקומען דער „סטראַזשניק״ און געשלעפּט שיע קאָזאַק אין „קאָזע״ אריין פאַר „ניע טשיסטע״...

עס זיינען געווען צוויי פארשיידענע מיינונגען אין כעלם פאַרוואָס מ׳האָט אים גערופן „קאָזאַק״. אייניקע האָבן געזאָגט, אז ווייל ער איז געווען א הויכער מיט אַ לאַנג אויסגעצויגן וויינענדיק פּנים, אַ לאַנגע שיטערע גראָע באָרד, לאַנגע הענט און פיס, שטאַרק און גאָר גרויס געבריכט... געהוסט, געפאָרסקעט און

געפּרייכט... מיט איין וואָרט — אַ „קאָזאַק“... אנדערע ווידער האָבן געהאַלטן, אז איבער זיין ווייב די רביצין, וועלכע איז געוועז א מרשעת, אן אויסוואורף — א „קאָזאַק“. שיע קאָזאק האָט מורא געהאַט פאר זיין ווייב אימת מות. ווי נאָר אן עת־צרה, פלעגט ער זי ארויסשטעלן. כדי צו באַפעסטיקן אָט דעם געדאנק, דערציילט כעלם אזא מעשה:

אין אַ שיינעם זומערדיקן שבת אין דער פרי, ווען מ׳האָט געבענטשט ראש חודש אלול, איז שיע קאָזאק געגאַנגען אהיים פון דאוונען. געלאסן, בנעימות, מיט די הענט פון הינטן, גייט שיע קאָזאק און זאָגט מוסר דעם זון זיינעם:

— „גוי, וואָס לויפסטע!? וואָס האָסטע נישט קאַ צאַט?! געקימען אין שול אראן ביזטע צו „שוכן־עד“, גוי׳עץ דו, וואָזשע לויפסטע?! די מאַמע דיינע, די מכשפה דאַוונט מיטן דריטן מנין און זייגער 13 ברענגט זי אהיים עמיצענס אַ קאַלטן זויערן „טשאָלענט“... אַ ווייטיק איר אין די ביינער... נאָך וואָזשע יאָגסטע זעך אזוי?!...“

שטראָפנדיק דעם זון זיינעם און שעלטנדיק ס׳ווייב מיט וויסטע קללות, איז שיע קאָזאק אָנגעקומען אהיים, ווו ס׳איז אים נעבעך פינצטער געוואָרן — לא עלינו — אין די אויגן. געשען איז אָט וואָס: פאר דער צייט וואָס שיע קאָזאק איז אוועק אין שול דאַוונען זיינען געקומען עטלעכע גויים, געברענגט קלעצער מיט ברעטער, אויסגעגראָבן אַ גרוב נעבן זיין טיר און זיך געשטעלט בויען אַ „טריאומף“־טויער, ווייל דער קייסער „ניקאָלאַי“ האָט געדארפט קומען קיין כעלם צו דעם גרויסן „אָטפּוסט“, וואָס פלעגט פאָרקומען אלע יאָר, ווען טויזנטער פויערים פון נאָענט און ווייטן רוסלאַנד פלעגן זיך צוזאַמענפאָרן קיין כעלם כדי צו טרינקען דאָס הייליקע וואַסער פון „ברונעם“ אויפן „באַרג“.

ווען שיע קאָזאַק, ווען ס׳איז געווען גענוג אָנגעזאלצן אויפן האַרצן, האָט דאָס דערזען, איז ער געוואָרן זייער שטאַרק אין כעס און גענומען שרייען אויף רוסיש: — „האַ!... אי נאַ מאָי שבת, אי נאַ מאָי פליאַץ?!“ און צום זון אויף יידיש: — „שטיי נאָר די דאָ און יעך גיי רופן די מאַמען!...“

צו קארגע 5 יאָר האָט שלמה׳לע אָנגעהויבן חומש. די גאַנצע חברה הכנסת כלה, ווו שמעון יעקב האָט געדאוונט, איז פארבעטן געוואָרן צו דעם יום־טוב פון חומש אָנהויבן. אין אַלקער ביי שמעון יעקבן זיינען מענטשן געשטאַנען קאָפּ־אויף־קאָפּ. שלמה׳לע האָט אויסגעזען ווי אַ קליין פּיצעלע יידעלע, אָנגעטאָן אין אַ געהאַקט קאַפּאָטקעלע מיט אַ גאַרטעלע, אַ זיידן אַכט־קאַנטיק היטעלע מיט אַ סאַמעטן יארמעלקע. זיין פּנים׳ל בלייך, אויסגעצערט מיט צוויי לאַנגע געקרייזלטע פאה׳לעך.

נאָכן לעקאַך און בראָנפן מיטן גוטן הייסן לאָקשן קוגל, האָט ר׳ איטשע „שעיפעלעס“, דער מלמד, זיך אויפגעשטעלט און געהייסן אלעמען שטיל זיין. אין אַלקער ביי שמעון יעקבן איז געוואָרן שטיל ווי אין אן אויער און דאָס חומש אָנהויבן האָט זיך אָנגעהויבן.

איטשע שעיפעלעס, דער מלמד, פרעגט: — „וואָס לערנסטע, יינגעלע?“

שלמה׳לע ענטפערט נישט, נאָר ווייזט זיין מיטלסטן פינגערל פון זיין רעכטער האַנט.

איטשע שעיפעלעס, דער מלמד פרעגט: — „האַ... א פינגער לערנסטע?!...“

שלמה׳לע: — „ניין!“...

איטשע שעיפעלעס: — „וואָזשעדענזשע לערנסטע, שלמה׳לע?

שלמה׳לע: — „איך לערן דאָס דריטע ספר ויקרא!...

איטשע שעיפעלעס: — „וואָס איז דער טייטש ויקרא?

שלמה׳לע: — „ער האָט גערופן“!...

איטשע שעיפעלעס: — „ווער האָט גערופן?...“

שלמה׳לע: — „און גאָט האָט גערופן צו משה רבינו!...“

לאנג האָט שלמה׳לע ביי איטשע שעיפעלעס נישט געלערנט, ווייל ס׳איז שווער געווען פאר שמעון יעקב׳ן צו צאָלן שכר למוד. צו 5 יאָר איז שלמה׳לע אָנגעקומען אין מיטלסטן חדר פון דער תלמוד תורה, ווו אָרעמע קינדער האָבן געלערנט פאר גאָר אַ קליינעם אָדער אין גאַנצן אָן שכר למוד. די תלמוד תורה אין כעלם האָט דאַן געהאַט 3 חדרים: דרדקי ביז אָנהייב חומש, חומש, עברי ביז אָנהייב גמרא און גמרא מיט תנ״ך. ר׳ שמואל הערש, א נערוועזער קרענקלעכער בייזער ייד איז געווען דרדקי־מלמד ביז חומש. ער האָט גערעדט אַ וואָלינער יידיש און געהאַלטן די קינדער אין דער מורא. „פּיצווינקל דער מאַמעס“, איז געווען דער צונאָמען פון יעדן קינד, וואָס האָט געלערנט ביי שמואל הערשן.

דאָס חדר ביי שמואל הערשן איז באַשטאַנען פון איין גרויסער שטוב מיט 6 פענצטער. אַ לאַנגער שמאָלער טיש מיט צוויי לאַנגע בענק פאר די קינדער צום לערנען. אויף איין עק טיש איז געזעסן ר׳ שמואל הערש, אויף דער אנדערער זייט — דער בעל־פער. אין דעם חדר האָבן געלערנט ארום 50—60 קינדער. די קינדער זיינען געזעסן אויף נידעריקע לאַנגע בענק אָדער אויף דער פּאָדלאָגע (דיל). זומער האָבן די קינדער זיך געשפּילט אין דעם גרויסן פּאָדווער, וועלכער איז געווען אין פראָנט פון דער תלמוד תורה. אין דעם חדר זיינען אויך געשטאַנען — ליידיקע — עטלעכע הויכע מאָדערנע שול־טישן (לאַווקעס), ווו לייבל לערער האָט געגעבן „אוראָקן“ און געלערנט די אָרעמע קינדער לייענען און שרייבן יידיש און רוסיש.

די „לאַווקעס“ זיינען דאָרט געשטאַנען, ווייל דאָס רוסישע שול־געזעץ האָט דאָס געפאָדערט. די ת״ת איז געווען א לעגאַליזירטער שטאָטישער לערן־אנשטאַלט און אלץ האָט דאָרט געמוזט זיין לויטן געזעץ. עס פלעגט טרעפן, ווען דער „אוטשיטעל“, דער פאָרזיצער פון שטאָטישן בילדונג־קאָמיטעט, איז געקומען אונטערזוכן דעם צושטאַנד אין ת״ת, פלעגן די קינדער זיך צעלויפן, אָנזאָגנדיק איינער דעם צווייטן: — „דער „נאַוטשיטעל“ גייט...“ (ווייל לויט דער גרויס פון דעם צימער האָבן דאָרט געלערנט צופיל קינדער) בלויז ארום 8 אָדער 10 קינדער זיינען דאַן געבליבן זיצן אויף די „לאַווקעס“. ר׳ שמואל הערש מיטן גבאי פון ת״ת, ר׳ ניסן, אָדער איינער פון די אנדערע צוויי ת״ת מלמדים, פלעגן יעדן דאָנערשטאָג „גיין אויף דער שטאָט“ צוזאמענקלייבן די וואָכנטלעכע ביישטייערונגען פון די שטאָטישע באַלעבאַטים פאר דער תלמוד תורה.

שלמה׳לע איז אין תלמוד תורה אָנגעקומען אין צווייטן חדר, צו ר׳ ברוך׳ן דער חומש־מלמד און ווען ער איז אַלט געוואָרן 8 יאָר איז ער אריבער צו ר׳ משה „ליביוונער“, דער גמרא־מלמד. משה ליביוונער איז געווען דער העכסטער מלמד אין דער תלמוד־תורה. ער איז געווען אַ טריסקער חסיד, אַ ציכטיקער ייד, האָט געקאָנט לערנען אַ בלאַט גמרא. משה ליביוונער האָט געהאַט 3 טעכטער און 1 זון — יצחק, משה ליביוונערס. יצחק פלעגט האַנדלען מיט „וויגרישענע בילעטן“ (לאָטעריע צעטלען). ער פלעגט איינריידן צו קויפן די צעטעלעך פון „גערער“ רבינ׳ס לאָטעריע אין וואַרשע.

שמעון יעקב, דער האָרעפּאַשנער, שווערער ארבעטער האָט געהאַט גרויס בטחון און פלעגט טאַקע פאַרשפּילן יעדן יאָר עט־

לעכע „קערבלעך“... אז גאָט האָט געהאָלפן און שמעון יעקב האָט געוווּנען „סטאַווקע“ איז ער געווען אין זיבעטן הימל. אין אזא פאַל — וואָס האָט געטראָפן איין מאָל אָדער צוויי אין זיין לעבן — האָט שמעון יעקב זיך פארגינען און, נאָך מנחה־מעריב, געקויפט ביי משה „פאָנדריק“ אַ טרונק בראָנפן מיט א רעטשן קיכל... משה פאָנדריק, מיט זיין שענק ביי זיך אין בוזים קעשע־נע, האָט געהאנדלט אין שולכ׳ל ביים אריינגאַנג אין דער גרויסער שול. משה פאָנדריק איז געווען א גרויסער אָרעמאַן, אָבער א פריילעכער ייד. ער פלעגט קאָנען מאַכן פארשיידענע גרימאַסן מיט זיין פנים און „קארנאָסע“ נאָז. אויף היימישע חתונות פלעגט משה פאָנדריק זיך פאַרשטעלן פאַר אַ רבין, פריילעך מאַכן און זינגען דאָס ליד פון די „זיבן וואבאלאך“, דער עולם האָט דאָס ליד אויפגענומען, מיטגעזונגען און געלאַכט ביז טרערן.

דאָס איז דער ערשטער פערז פון דעם ליד:

„מאַן ערשט וואבאלע טראַנע...
זי איז דוקא געווען גאָר אַ פּאַנע...
איר קאָכן און באַקן...
טשאָלנט ריקן און פיש האַקן...
איז געווען מיט אזוינע רכילות, אזוינע ליגן
אז איידער זי האָט אָנגעקאָכט דאָס לעפל עסן
האָצי מער ווי האַלב אויפגעפרעסן...
אַ פרעסארן. ווײַ איז ציניר!...“

דער עולם: —

„אַ פרעסארן ווײַ איז ציניר!...“

כעלם האָט געהאַט נאָך אזעלכע פריילעך־מאַכער: מאָטל טוביה׳ס איז געווען איינער פון זיי. ער פלעגט דורכפירן די ערש־שע שבע־ברכות, פרייטאָג־צו־נאַכט, ווען די חופּה איז געווען פרייטאָג פארנאַכט (אָפט מאָל אויפן שול־הויף). אָן קלעזמער פלעגט ער באזינגען חתן־כלה און אויפרופן די מחותנים צום „מצוה־טענצל“ אָט אזוי:

„וועמן טי איך דאָ מיינען?...
ר׳ חיים „קירער“ איז געקומען די חתונה באשיינען!...
זינגט א פריילעכס, דעם חתן׳ס צד!...“

דער עולם זינגט: —

„טיי־ריי־טי־די־רי־די־ריי...“

אָדער:

„אָט גייט די מומע ביילע יאָרע!...
די מומע ביילע יאָרע, שאַט נאָר שאַט!...
אלע ווערן פאַר איר די כפרה!...
זינגט אַ פריילעכס כלה׳ס צד!...“

דער עולם זינגט: —

„טיי־ריי־טי־די־רי־די־ריי!...“

לערנענדיק ביי משה ליביוונער אין ת״ת האָט שלמה׳לע אָנ־געהויבן פארדינען געלט: פּורים איז ער געגאַנגען מיט דער „שפּיל“ און געטראָגן שלח־מנות. ערב פּסח איז ער געווען אַ „מעיל־מעסטער“ ביי זיין טאַטן׳ס לאַד, ווו ער האָט זיך שנעל ארויפגעארבעט אזוי, אז צו 11 יאָר איז שלמה׳לע שוין געווען אַ געשיקטער „קנעיטער“ און גאָר א גוטער „שיבער“. ערב פּסח זיינען אָרעמע לייט אין כעלם „נתעשר“ געוואָרן. פרויען און מיידלעך האָבן זיך אויסגעוועלגערט פאָכירן און מאַזאָליעס אויף די הענט, אזוי אז אַ גאַנץ פּסח האָבן זיי נישט געקאָנט רירן מיט די זייטן... די „קנעיטערס, רעדלער און שיבער“ האָבן פאר־שלאָפן די ערשטע סדרים; זיי האָבן דערפאַר געהאַט אַ פריילעכן פּסח, ווייל זיי האָבן נישט געדארפט אָנקומען צו דער „גמינע“, וואָס די אָרעמע מענטשן אין שטאָט האָבן פיינט געהאַט בתכלית השנאה.

פרייטאָג „שפּעט“ האָט מארמעריוטשע זיך דערמאָנט: — „שלמה׳ניו, נעם די „קראַפּינקע“ און לויף אריבער צו דער „עסיג־מאַכערן“ און הייס דא געבן פאר אַ „פירער“ וואַן, לכבוד שבת און א רעשט א „זעקסער“; און פארגעס ניש — שווענק אָס (אויס) די קראפינקע בארן פלימפּ...“ דער „עסיג־מאַכער“, אַ ייד מיט איין באַק א הויך־געשוואָלענע, פלעגט זיך ארומדרייען ארום זיי־נע גאָר גרויסע, הויכע פעסער, ווו די וואַסער־טרעגער האָבן אַ גאַנצע וואָך געברענגט און אָנגעגאָסן פול מיט פריש מחיה׳דיק וואסער פון מארק־פּלומפּ.

די „עסיג־מאכערין“, א נידעריקע דיקע יידענע איז געשטאַ־נען און געשעפּט פון איינעם פון די פעסער „ווײַן לכבוד שבת“. דעם עסיג־מאכערס געוועלב איז פרייטאָג „שפּעט“ געווען פול מיט, איבערהויפּט, קינדער, וועלכע האָבן זיך געשטופּט און גע־שריען — „גיט מיר פאַר אַ זעקסער און אַ רעשט אַ פירער“... שלמה׳לע האָט זיך דערשלאָגן צו דער עסיג־מאכערין און זיך גע־הייסן געבן „פאר אַ פירער און א רעשט א זעקסער“... ווען ער האָט זיך אויסגעפּלאָנטערט פון דעם קנויל מענטשן, האָט ער גע־האַט אַ קוואַרטירל ווײַן מיטן „פירער אַ רעשט“ און אויך דעם „צענער“, וואָס די עסיג־מאכערין האָט קיין צייט נישט געהאַט צו נעמען.

מאַרמעריוטשע האָט דעם „צענער“ אָפּגעטראָגן באלד שבת־צו־נאַכט צו דער עסיג־מאַכערין, כאָטש זי האָט אלע מאָל זיך באקלאָגט, אז — „איר וואַן איז טשיגאָרנע וואַסער...“

* * *

מארמעריוטשע האָט געבוירן 13 קינדער אָבער בלויז 3 זיי־נען געבליבן לעבן. די קינדער־שטערבלעכקייט אין כעלם איז דאַן געווען זייער הויך, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אין שטאָט זיינען געווען אזויפיל הויכע לערן־אנשטאַלטן, וועלכע האָבן ארויסגעגעבן הויכגעלערנטע מענטשן: דאָקטוירים, גלחים און טעכניקער. דאָס באווייזט ווי אָפּגעזונדערט און צוריקגעשטאַנען דאָס יידישע לעבן איז דאַן געווען אין כעלם.

שמעון יעקב האָט געזוכט זייטיקע פארדינסטן, כדי צו קאָנען צאָלן שכל־למוד פאר שלמה׳לען, וועלכער האָט געהאַט א גוטן קאָפּ צום לערנען. שמעון יעקב איז געוואָרן „אַ קאָמאָרניטשנע־באַלעבאָס. ער האָט אָפּגעדונגען תנחום קאַשעמאכערס „שטוב“, ווו עס האָבן געוווינט 8 פאמיליעס, אָפּגעטיילט איינס פון אנדערן מיט „שפּאַנישע“ ווענטלעך אין באזונדערע אלקערס, אַ חוץ קאָפּ־קעלע שוסטער, וועלכער האָט געהאַט זיין וואַרשטאַט אין פראָנט שטוב נעבן דער טיר און א „יידענע מיט א בעט“ נעבן אלגעמיי־נעם „קוימען“. שמעון יעקב איז געווען מחויב צו געבן די „קאָ־מאָרניקעס“ האָלץ און וואסער, הייצן דעם אויוון אויף באַקן און „טשאָלנט שטעלן“, ווי אויך זאָרגן אז דער „פּיעקאליק“ זאָל האַלטן ווארעם די „ציקאָריע“ אויף שבת אינדערפרי.

אָט דער „פּיעקאַליק“ האָט אמאָל שיער נישט אומגעברענגט שלמה׳לען פון דער וועלט. געווען איז אזא מעשה: שלמה׳לע איז געקראָכן אויף זיין „שפּאַניש“ ווענטל און געגרייכט דעם „פּאָלאָפּ“ (סטעליע), וועלכער האָט זיך געקרישלט און אלטקייט אזוי, אז

שטיקער ליים זייַנען געהאָנגען ווי צויטן. שלמה׳לע האָט באַמערקט אַ קיילעכיק שטיקל גלאַנצנדיק ליים אַראָפּהענגען פון פּאָלאָפּ. ער האָט דאָס אַראָפּגענומען, אָפּגערייניקט דאָס ליים און דערזען אַ זילבערנעם „פּערציקער“... עמעצער האָט, זעט אויס, פאַרלאָרן אויפן „בוידעם“ דעם „פּערציקער“ און טרעטנדיק איז די מטבע אַראָפּגעדריקט געוואָרן ביז דעם אויבערפלאַך פון „פּאָלאָפּ“. שלמה׳לע האָט קיינעם נישט דערציילט פון דער מציאה. פאָרגעקומען איז די מעשה אין אַ ווינטערדיקן „קאָרצן פרייטאָג“. שלמה׳לע האָט זיך געקויפט פאַר אַ „צווייער“ שטיקלעך צוקערקעס ביי יאַנקל „פּענזיק“ און פאַר אַ „פירער“ דיניעקערן ביי דער „גאָטכען“ אויפן מאַרק, וועלכע האָט אָנגעשיט פול די צוויי קעשענעס פון זייַן „וואַטאָווע פּאַלטאָנדל“. די 34 גראָשן אַ רעשט האָט שלמה׳לע געהאַלטן אין זייַן וועסטעלע קעשענע אין „צווייער, זעקסער און צענער“. ער איז געווען דאַוונען מיט זייַן טאַטן אין שוהלכל און נישט דערציילט וועגן דעם געלט, וואָס ער טראָגט מיט זיך אין קעשענע. נאָכן פרייטאָג־צו־נאַכטיקן מאָלצייַט האָט מאַרמעריוּוטשע געוואָרפן אויפן „פּיעקאַליק“ אַלץ, וואָס איר איז געקומען אונטער דער האַנט, כדי אייַנצודעקן די „ציקאָריע“ אויף שבת אינדערפרי. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן שלמה׳לעס וואַטאָווע פּאַלטאָנדל און אַ וואָרף געטאָן אויפן „פּיעקאַליק“. אים מיט ווייסע דיניע־קערנדלעך האָבן זיך אַ שפּרייט אויס געטאָן אויף דער פּאָדלאָגע... עס האָט אויסגעזען, ווי אַ גאַנצער זאַק קערנדלעך האָט זיך אויסגעשיט.

מאַרמעריוּוטשען איז דאָס עפּעס נישט געפעלן און זי האָט אָנגעהויבן חוקר ודורש זייַן: — „שלמה׳ניו, ווי האָסטע גענומען אַזויפיל דיניע־קערעלעך?!“ — „כ׳האָב געקויפט בא דער גאָטעכען“, האָט שלמה׳לע געענטפערט. — „און ווי האָסטע גענומען געלט?!“ האָט מאַרמעריוּוטשע געוואָלט וויסן, אַרומנעמענדיק שלמה׳לען. אין דער מינוט אָבער האָט מאַרמעריוּוטשע דערהערט אַ קלונג פון געלט ביי שלמה׳לען אין וועסטעלע... זי האָט דאָס קינד אַרייַנגעפירט צו זיך אין אַלקער, אויסגעטאָן שלמה׳לען דאָס וועסטעלע און גענומען אויסשאָקלען אין „שופלאָדל“ אַרייַן (טיש־קעסטל)... די קופּערנע „פירער, זעקסער און צענער“ האָבן שטאַרק און גאָר הויך געקלאַפּט און געקלונגען אַזוי, אַז די גאַנצע „שטוב“ האָט זיך אויפגעכאַפּט... מאַרמעריוּוטשע האָט אויסגעשריען: „געלט אים שבת!...“ זי האָט שלמה׳לען דערלאַנגט עטלעכע פייַערדיקע פּעטש, פרעגנדיק: „ווי האָסטע גענומען אַזויפיל געלט?!“

אַלע „קאָמאָרניקעס“ האָבן זיך פאַרזאַמלט נעבן „פּיעקאַליק“ און געקוקט אויף די דיניע־קערעלעך, ווי אויף אַ בייז ווונדער... יעדער איינער פון די „קאָמאָרניקעס“ האָט חושד געווען, אַז שלמה׳לע האָט דאָס געלט ביי אים גע׳גנב׳עט... שמעון יעקב, וועלכער איז די גאַנצע צייַט געזעסן ווי פאַרשטומט, האָט זיך דערפילט שטאַרק פאַרשעמט. ער האָט אַראָפּגענומען דעם לעדערנעם פּאַסיק פון זייַנע הויזן און גענומען שטאַרק שלאָגן דאָס קינד שרייַענדיק: „זאָג, ווי האָסטע גענומען דאָס געלט?!... שלמה׳לע האָט נעבעך זייער געוויינט און, מיט אויסגעשטרעקטע הענט, געזוכט שוץ ביי זייַן מאַמען, ביי די שכנים, וועלכע האָבן אַלע אין איין כאָר געשריגן: „ווי האָסטע גענומען ס׳געלט?!“...

— „כ׳האָב געפונען!“ האָט שלמה׳לע ענדלעך, מיט אַ פאַרשטיקט וויינענדיק קול אויסגעשריען. — „ווי האָסטע געפונען?!“ האָט די גאַנצע שטוב מענטשן אין איין כאָר געשריגן. — „כ׳האָב געפונען אויפן „פּאָלאָפּ“! האָט שלמה׳לע מיט ביטערע טרערן, דערציילט, כדי דאָס שלאָגן זאָל שוין אויפהערן. שלמה׳לע האָט אָבער דאָ געמאַכט אַ ביטערן טעות... שמעון יעקב איז גאָר אין גאַנצן געוואָרן געפּלעפט, הערנדיק אַזאַ ענטפער... און ער

האָט ווידער געשלאָגן מיטן פּאַסיק, שרייַענדיק: — „אויפן פּאָלאָפּ! אַזאַ שייגאַץ! געלט אים שבת! און נאָך אַ ליגנער אויך!...“ מאַרמעריוּוטשע האָט שוין מער נישט געקאָנט צוזען די ביטערע לאַגע און האָט גענומען דאָס קינד אונטער איר שוץ. שלמה׳לע האָט געכליפּעט און געפיבערט. די מאַמע איז געזעסן נעבן זייַן געלעגער, וואָס איז געווען אויסגעבעט אויפן „קופערט“, אַ גאַנצע נאַכט אין דער פינצטער. שלמה׳לע איז נאָך דעם שטאַרק קראַנק געווען אַזוי, אַז ער איז שיער „נישט געגאַנגען פון דער וועלט“.

שמעון יעקב און מאַרמעריוּוטשע זייַנען, ווי טויזנטער אַנדערע עלטערן, געווען געטרייַ איבערגעגעבן און שטאַרק ליב געהאַט זייערע אויסגעוויינטע קינדער. אָבער אַז אַ קינד האָט עובר געווען אויף איינעם פון די עיקרים ווי: חילול שבת, גנבה א״וו דאַן איז דאָך דער גאַנצער „פונדאַמענט“ אויפגעטרייסלט געוואָרן אַזוי, אַז קיין שום סענטימענטן האָבן דאָ קיין פּלאַץ נישט געהאַט. אַ חוץ טאַטע־מאַמע האָבן די מלמדים געשלאָגן מכות־רצח. עס איז זיכער אַז דער געזונט־צושטאַנד און געמיט פון דעם מלמד איז געווען אַן אָנגעזעענער פאַקטאָר אין דעם פּייניקן די קינדער, וואָס איז אָנגעגאַנגען מיט אָדער אָן דעם וויסן פון די עלטערן.

שלמה׳לע האָט דאָ אויך צו דערציילן אַ שיינע מעשה: געלערנט האָט ער דאַן ביי דעם גרויסן פּריוואַטן גמרא מלמד ר׳ שלמה וואָסלעוויצער (אַ שטעטעלע נעבן כעלם). ער איז געווען אַ טריסקער חסיד אין די 40־ער יאָרן, דין און גלייַך ווי אַ ווירע מיט אַ קורץ געלבלעך בערדל. געגאַנגען איז ער שטיל, לייַכט, קוים אָנרירנדיק די ערד און עטוואָס אויף אַ זייַט. דער כעלעמער פּאָליציימייסטער, יענע יאָרן, וועלכער האָט געטראָגן אַ „גאָרסעט“ מיט שטאַרק געפּאַסטע קליידער, איז להבדיל — אויך געגאַנגען אַ ביסל אויף אַ זייַט... שלמה וואָסלעוויצער האָט געריכערט אַליין־געוויקלטע פּאַפּיראָסן אויף אַ לאַנג ציגאַרן־שפּיצל. הענט האָט ער געהאַט לאַנגע מיט לאַנגע ביינענרדיקע פינגער... זייַן חדר איז געווען אין דעם זעלבן ליקל, ווי שלמה׳לע הירזש, אַ טיר אין אַ טיר מיט די „בישקאַלעס“, וועלכע האָבן דאָרט געוווינט און געהאַט זייער „פאַבריק“ פון פּאַפּירענע בייטלען. ווען נישט דאָס זאַמד, וואָס זיי פלעגן אַרייַנשיטן אַזוי פיל, וואָלט מען איבער זייער פּאַפּ געווען געדאַרפט מאַכן אַ „המוציא“. (דאָס זאַמד האָט שווערער געמאַכט די בייטלען אויף דער וואָג...) דאָס חדר איז באַשטאַנען פון איין גאַנץ ענגע שטוב מיט צוויי פענצטער. פון איין זייַט טיש איז געשטאַנען אַ באַנק־בעטל און ווייטער אַרום לאַנגע בענקלעך, וווּ עס זייַנען געזעסן די 10—12 תלמידים מיטן רבי׳ן אין מיטן גאַנץ שטאַרק צוזאַמענגעפּרעסט. אין דער זייַט זייַנען געשטאַנען צוויי הויך־פאַרבעטע בעטן אַקעגן דעם קוימען מיט אַ קליין פעסל וואַסער, דאָס „שעפּל מיטן בעזים“ ביי דער טיר. קיין רביצין איז דאָרט נישט געווען, נאָר 2 דערוואַקסענע, 1 יינגע מיידל און זייַן בן־יחידל — שיעלע. די מיטלסטע, שרה שלמה וואָסלעוויצערס, איז געווען אַ בילד שיינע מיידל, זי איז געווען אַ סאָדע־וואַסער פאַרקויפערין אויף לובלינער גאַס. זי איז נעבעך אַנטלאָפן פון כעלם קיין לובלין, פאַר בושה, איבער אַן אומגליקלעכער ליבע, וווּ זי איז זייער יונג געשטאָרבן.

דער ערשטער קינאָמאַטאָגראַף איז געקומען קיין כעלם און זיך אייַנקוואַרטירט אין איינעם פון דעם „רינג“־געוועלבן. געווען איז דאָס ווינטער אַרום חנוכה־צייַט. מענטשן האָבן דערציילט די גרויסע ווונדער, וואָס מ׳זעט אין דעם קינאָ.

אַלע יינגלעך פון שלמה וואָסלעוויצערס חדר האָבן זיך אָפּגערעדט, אַז חנוכה, ווען מ׳גייט נישט בייַנאַכט אין חדר, זאָלן זיי אַלע גיין אין דעם קינאָמאַטאָגראַף פאַר דעם חנוכה־געלט וואָס זיי

וועלן האָבן. אזוי איז געוועז. די קינדער האָבן זיך געקױפט די בילעטן און יעדער האָט זיך געהאַלטן זיין בילעט און געווארט ביז אלע וועלן זיין גרייט. שלמהלע האָט געהאַט זיין בילעט, וועלכן ער פלעגט באַטראַכטן, ווען נאָר קיינער האָט נישט געזען. זיין בילעט האָט געהאַט א נומער 40 געדרוקט אויף א בלוי סקווער שטיקל טאָוול. דער נומער איז געוועזן אָפּגעריבן און שלמה'לע האָט מיט אַ שרייב־פענדל פארריכט אזוי, אז עס האָט זיך באקומען זייער א דייטלעכער שיינער נומער 40. ווען שלמה'לע איז געקומען מיט אלע יינגלעך גלייך אין קינאָ און געוויזן זיין בילעט, האָט זיך דעם מאַן ביי דער טיר אויסגעוויזן אז דער בילעט איז אַ פאַלשער. ער האָט שלמה'לען אָנגעדרייט די אויערן און אים ארויסגעוואָרפן אזוי, אז שלמה'לע איז געפאלן אויפן פארשנייטן טראָטואר...

אַ „קאָמאָרניצע", וועלכע האָט געוווינט אין אן אלקער ביי שמעון יעקב'ן, האָט געזען ווי מ'האָט שלמה'לען געשלאָגן און געוואָרפן אויפן שניי, האָט דאָס דערציילט מארמעריווטשען.

ווען שלמה'לע איז אהיימגעקומען א פארטרויערטער פון דעם דורכפאַל, האָט ער ערשט ארייגעכאפּט די ריכטיקע פייערדיקע פּעטש פאר „וועלן גיין אין צירק ארייַן"...

דאָס איז אָבער בלויז געוועזן אן אָנהייב... צומאָרגנס אין חדר האָט שלמה וואָסלעוויצער געקאַטעוועט די יינגלעך איינעם נאָכן צווייטן — עס איז געוועזן אַ רעגולערער בלוטיקער פּאָגראָם... ס'איז נישט מער געוועזן צו דערקענען דעם רואיקן בנעימות'דיקן לייכט־גייענדיקן שלמה וואָסלעוויצער: ווי אַ ווילדע חיה, האָט ער זיך געוואָרפן אויף די תלמידים זיינע און געפּאטשט ווו נאָר ער האָט געטראָפן. יאָסל פראָים קורח'ס האָט זיך ארויסגעריסן און מיט אַ שטיין צעבראָכן עטלעכע שויבן אין חדר. עטלעכע יינגלעך זיינען נאָך דעם שוין מער נישט צוריק געקומען צו שלמה וואָסלעוויצער, נאָך דעם פרימאָרגן.

ווער ווייסט, אפשר זיינען דעמאָלטיקע פּעטש געוועזן די „סגולה" צו דעם וואָס כעלם האָט דערצויגן א סך אָנגעזעענע אינ־טעליגענטע און באוווסטזיניקע מענטשן.

* * *

זומער־צייט ווען די פרעכטיקע זון־קאָלירן האָבן שלמה'לען גערעגט און באַאומרואיקט, האָט דער טאַטע שלמה'לעס אים מיט־גענומען — שבת נאָכן שלאָף — אין שוהל אריין זאָגן תהילים. שלמה'לע האָט זיך דאן געפונען אין זייער אַ שווערער סיטואציע: פון איין זייט האָט שלמה'לע געזען פאר זיך אַ טוכלע אלט־פאר־געלט תהילים'ל, דער חזן ביים עמוד האָט מיט אַ טרויעריקן ניגון געצויגן, ווי פון פעך, די פסוקים, וואָס א ווידערקול האָט נאָכגע־זאָגט וואָרט אויף וואָרט... פון דער צווייטער זייט האָבן די זון־סימפאָניעס, דורך די הויכע קאָלירטע שויבן, געלאָקט און גע־רופן... שלמה'לע האָט נישט אויסגעהאלטן דעם „שטאַרקן דרוק"... ער האָט זיך ארויסגעגנבעט פון אונטער זיין טאַטנס הענט און איז אנטלאָפן פון שוהל, כאָטש ער איז געוועזן זיכער, אז ער וועט דערפאַר באקומען פּעטש...

די ווינטערס אין כעלם פלעגן זיך שטעלן פרי, באלד נאָך סוכות. שנייען, זאַוויערוכעס, גרויסע פרעסט האָבן אָנגעהאלטן ביז האַרט פאר פסח. די זומערן זיינען געוועזן זייער שיינע, מיל־דע און אנגענעמע. די פרי־מאָרגנס, פאַרנאַכטן און נעכט זיינען געוועזן פראַכטפול שיינע, באַצויבערנדע...

יעדער טאָג פון דער וואָך, אזוי גוט ווי יעדער יום־טוב אין יאָר, האָט געהאַט אַ גאָר באַזונדערן חן, רייץ און שיינקייט.





א פייערונג בעתן פארגרעסערן און אויפפרישן די כעלעמער שוהל. אין צענ־טער אויפן בילד זעען זיך אַ ריי כעלעמער רבנים, דאַזאָרעס, געזעלשאַפטלעכע טוערס, דער שוהל־קאָמיטעט און אַנדערע.



**שילערינס פון בית־יעקב שול.**

בנימין ארענשטיין

# כעלם און אומגעגנט

— עפּיזאָדן —



בנימין ארענשטיין

ווען איך שרייב דאָס וואָרט כעלם פֿאַלט זיך פֿונאַנדער דאָס וואָרט אין באַזונדערע אותיות. יעדער אות שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ היסטאָרישער אַספּעקט פֿון יידישן לעבן, קאַמף און אומקום.

די שטאָט כעלם איז די איינציקע אין דער וועלט, וואָס האָט געשאַפֿן דעם גרעסטן אוצר פֿון יידישן פֿאָלקלאָר, לעגענדעס, מעשיות און וויצן. גאַנצע דורות האָבן זיך גייסטיק געשפּייזט מיט די שאַפֿונגען, וואָס האָבן אריינגעברענגט ליכטיקע און פֿריידיקע שטראַלן אין יידישן לעבן.

איך האָב מיך באקענט מיט כעלם פֿון א גאָר אן אנדערן אַספּעקט — פֿון עטיש־מאָראלישן. געווען איז דאָס אין סעפּטעמבער, 1939. אַ נאַכט פֿאַר ערב ראש־השנה האָב איך געוואַנדערט פֿון וולאָדאַווע קיין כעלם. מיין בייסיקל (ראָווער) האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם לאַנגן מארש און ווי א פֿארחלשטן חולה האָב איך אים געפֿירט און אליין געגאַנגען צופֿוס. עס האָט געשטראָמט א מאסע מענטשן. פֿאַר מיר איז געגאַנגען א חסידישער בחור, וועלכער איז כסדר געשטערט געוואָרן פֿון א פּוילישן אַנטיסעמיטישן סטודענט. דער אנטיסעמיטישער סטודענט האָט געהאַלטן אין איין שעלטן די יידן: „די יידן האָבן פּראָוואָצירט די מלחמה, די יידן זיינען וואַלד־הענדלער, האָבן זיי אויסגעשניטן די ביימער און צעשטערט פּוילנס שיינע לאַנדשאַפֿט, יידן זיינען קאָמוניסטן (זשידא־קאָמונא), יידן באזיצן ניט קיין עטיק און קיין מאָראל“ — און עס האָט פֿון אים ארויסגעשריגן דער גאנצער אנטיסעמיטישער לעקסיקאָן. איך האָב מיך דערנענטערט צום סטודענט און מיט א פֿאָר ווערטער האָב איך אים שטיל געמאַכט. איך האָב אים געזאָגט: „יידן קעמפֿן אויף די פֿראָנטן פֿאַר פּוילנס פֿרייהייט און ווו ביסטו? דו ביסט א פּוילישער פּאַטריאָט? א פֿאררעטער ביסטו! א היטלעריסטישער אגענט“. דער אנטיסעמיטישער סטודענט איז געבליבן ווי א באַגאָסענער מיט אן עמער קאלט־וואסער. דער חסידישער בחור האָט מיר געהאָלפֿן פֿירן דאָס בייסיקל און מיך געבעטן מיר זאָלן זיך האלטן צוזאמען. ער האָט ממש געשטראַלט פֿון צופֿרידנקייט פֿאַר די פֿאָר ווערטער, וואָס איך האָב געזאָגט דעם אנטיסעמיטישן סטודענט.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין כעלם איז געשטאַנען א ייד ביי א גרויסן קעסל און געטיילט קאַווע מיט וועלכע ער האָט מחיה געווען די וואנדערנדיקע. איך האָב מיך ארומגעקוקט און דערזען דעם אנטיסעמיטישן סטודענט שטיין נאָך קאַווע. איך האָב אים א פֿרעג געטאָן: — נו! ווער באזיצט עטיק און מאָראַל? דער אַנטיסעמיטישער סטודענט האָט זיך פֿאַר חרפּה אָפּגעטראָגן ווו דער פֿעפֿער וואַקסט.

נישט געקוקט דערויף, וואָס די קאווע איז ניט געווען פֿון גאָר דעם בעסטן סאָרט און אויך ניט גענוג אָנגעצוקערט, דאָך



האָט זי געווירקט אין די פֿארטריקנטע העלדזער פֿון די מידע, אויסגעמאַטערטע וואַנדערער ווי דאָס בעסטע דערפֿרישונג־מיטל, ווי דער בעסטער וויין.

שמואל, דער חסידישער בחור, וועלכער האָט מיט מיר געוואַנדערט, האָט מיך געבעטן, אז ער וויל גיין דאווענען בציבור. אלע בתי־תפֿילות זיינען געווען פֿול מיט מידע וואנדערער, דעריבער איז ער אריינגעגאַנגען אין א פּריוואטער שטוב, ווו יידן האָבן געדאַוונט מיט א מנין. איך בין דערווייל געגאַנגען פֿאַרריכטן מיין צעבראָכן בייסיקל און צוגעזאָגט שמואלן, אז איך וועל צוקומען צום הויז זיך מיט אים טרעפֿן.

נאָכדעם ווי מיין בייסיקל איז פֿארטיק געוואָרן, בין איך אוועק צו שמואלן. ער האָט געהאַלטן אָנדערהאלבן זעמל און האָט מיר געשטופּט אין דער האַנט אריין, איך זאָל זיי נעמען. איך האָב אים געפֿרעגט — פֿון וואַנען ער האָט די זעמל באַקומען. ער האָט מיר געענטפֿערט, אז דער בעל־הבית פֿון דער שטוב, ווו מען האָט געדאַוונט, איז אוועק צום בעקער און האָט אָפּגעקויפֿט אלע זעמל, וואָס ער האָט געהאַט אין א צאָל פֿון 45 שטיק. די זעמל האָט ער איינגעטיילט צווישן די 15 מתפּללים־וואַנדערער צו דריי שטיק. פֿאַר זיך און פֿאַר די בני־בית האָט דער בעל־הבית גאָרנישט איבערגעלאָזט, דערקלערנדיק דערביי, אז די איינגעזעסענע יידן קאָנען זיך געבן אן עצה דורך אָפּקאָכן עפּעס, אָבער די וואַנדערנדיקע יידן האָבן ניט קיין שום מיגלעכקייט זיך צו פֿארשאפֿן שפּייז. איך בין געווען טיף גערירט פֿון דער נאָבעלער, עטישער טאַט פֿון בעל־הבית און אויך פֿון שמואלן, וואָס וויל זיך מיט מיר טיילן מיטן ביסן. איך האָב די אָנדערהאלבן זעמל ניט גענומען, אַרגומענטירנדיק מיטן פּסוק: „אין אורח מכניס אורח“.

שמואל האָט באשלאָסן צו פֿארבלייבן ראש־השנה אין כעלם און איך האָב פֿאָרטגעזעצט מיין וואַנדערונג מיט דעם פֿאררריכטענעם בייסיקל.

איך בין געפֿאָרן און באוועגט האַסטיק מיט מיינע מידע פֿיס איבער וועגן און שטעגן . איך קום אָן אין א דאָרף. א פּויער באַגעגנט מיך און איידער כ׳באַווייז צו ארויסריידן אַ וואָרט זאָגט ער צו מיר:

„שוקאַטא אבראמא? וו׳טים בודינקו“ (איר זוכט אברהם׳ן, אין דער געביידע).

אין עטלעכע מינוטן שפּעטער בין איך געווען ביים לאנדווירט אברהם. צו מיין איבערראַשונג האָב איך דערזען א ייד מיט א הדרת־פּנים, א לאנגע שווארצע באָרד מיט א געזיכט פֿון א תלמיד־חכם.

— שלום עליכם ר׳ אברהם, באגריס איך זיך מיט אים.

— עליכם שלום א ייד, קומט דער ענטפֿער.

מיר הייבן אָן צו ריידן. מיין האלדז און ליפּן זיינען פֿארטריקנט. דאָס געזיכט באדעקט מיט שוויס, מיין קערפּער פֿארמאַטערט פֿון שווערן וועג און דערצו טויט־הונגעריק.

— קאָן איך באקומען א גלאָז וואסער? האָט מיין מויל, ניט ווילנדיק ארויסגערעדט.

— ביי מיר וועט איר קיין וואַסער ניט טרינקען. עס איז דאָ, ברוך השם, גענוג מילך, האָט געענטפערט ר׳ אברהם.

אין עטלעכע מינוטן שפּעטער בין איך געזעסן ביי א סערווירטן טיש פון כל טוב, כיד המלך, און געגעסן; ממש געשלונגען מיט די אויגן די מאכלים.

ר׳ אברהם שטעלט מיר פאָר זיין פאַמיליע: די פרוי, זין, טעכטער, איידעמס, שניר און קליינינקע אייניקלעך. א פאמיליע, קיין עין הרע, ווי א גאנצער שבט. אלע געזונטע, פעסט־געבויטע, בליען, אנטוויקלען און מערן זיך ווי זייערע פרוכטן אויף די פעלדער. מיר פירן א געשפּרעך און עס פארבינדט זיך צווישן אונדז אן אידילישע פריינדשאַפט.

איך ווער גלייך געוויר, אז ארום און ארום זיינען דאָ קליינע יידישע דאָרפישע ישובים, וואָס האָבן אויך אַ רב און ניט ווייט פון דאַנען וווינט דער יידישער פּריץ. צו אים וועט דער רב און אלע יידן קימען פּראַווען יום־טוב. ר׳ אברהם איז דער חזן. ער מאַכט די לעצטע פאָרבאַרייטונגען, קוקט אַדורך דעם מחזור און זאָגט אָן זיין כאָר, וואָס באַשטייט פון זיינע זין און איידימס, זיי זאָלן ניט פאַלשעווען קיין טענער.

פאַרנאַכט האָבן אלע געדארפט גיין צום פּריץ. מיך האָט מען גלייך אוועקגעפירט איך זאָל האָבן די מיגלעכקייט מיט אים צו ריידן.

איך קום אריין אין גוט, אַן אַמתער פּריצישער הויף, א גרויסע געביידע (א שלאָס) ארום און ארום איז באצירט מיט זאָרגפעלטיק געפלעגטע פאַרשיידנפאַרביקע קלאָמבעס בלומען, רייען ביימער און ציכטיקע שטעגן, וואָס פירן צום איינגאַנג אין שלאָס. איך זע א גאנצע ריי ווירטשאפטלעכע געביידעס און סטאָדאָלעס, אָנגעפילטע מיט בהמות, עופות און תבואה.

דער פּריץ דערוויסט זיך וועגן מיר און וויל גלייך מיט מיר ריידן. מען פירט מיך אריין אין א וואַש־צימער. איך וואש מיך ארום, שטויב אָפּ מיינע קליידער און שיך. פון דאָרט פירט מען מיך אריין אין א צימער, ווו עס איז סערווירט פאר מיר א טיש. איך קאָן ניט עסן. עס פארדריסט מיר דער פאַקט, וואָס איך האָב מיך אזוי ווילקירליך אָנגעגעסן ביי ר׳ אברהמען. ווען איך באַטראַכט, אָבער, אז צוויי מיט א האלבן טאָג פאר דעם האָב איך פשוט געפאַסט, ווייל איך האָב גאָרניט געקאָנט באקומען צו קויפן און זיך דערנערט אויסשליסלעך פון אַ פּאָר מערעלעך, וואָס איך האָב ארויסגעריסן פון א פעלד, געפין איך א פארענטפערונג פאר זיך אליין.

עס דערשיינט פאר מיר א פּריצה׳טע. זי מאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון א בת מלכה. זי זעט אויס אויף א העלפט יאָרן, ווי זי איז פאַקטיש אלט. אויף איר האַלדז הענגען גאָלדענע קאָליעס, פון וועלכע עס שיינען ארויס לויכטנדיקע דימענטן. אירע פינגער זיינען באַצירט מיט רינגען פון וועלכע עס פינקלען בלויווייסע בריליאנטן. אירע אויערן באשיינען קאָסטבארע אויערינגלען. זי הייבט אָן צו מיר צו ריידן. מיינע בליקן און אויפמערקזאמקייט איז געווענדט צו דער פּריצה׳טע, צו דער יידישער בת־מלכה. איר אָוואַל געזיכט, תמימותדיקע אויגן און שניי ווייסע ציין שטעלן מיט זיך פאָר א פּראָטאָטיפּ פון א געטלעך ווען. זי בעט מיך, איך זאָל ניט דערציילן דעם פּריץ קיין שלעכטע ידיעות, ער זאָל זיך ניט מצער זיין. זי שטעלט די פראגע, פארוואָס זאָלן מיר האָבן אַ צעשטערטן יום־טוב? זי האָט אויף מיר פאַראיבל פארוואָס איז אויף מיין געזיכט אויסגעגאָסן א מענטשלעכע ערנסטקייט. איז דען ווירקלעך, חס ושלום, אזוי שלעכט, ווי איך שטעל מיר פאָר?

יאָ! ענטפער איך. עס איז אפשר נאָך ערגער ווי איך שטעל מיר פאָר. ווי קאָן זיך באווייזן א שמייכל אויף מיינע ליפּן, אָדער א צופרידענע מינע אויף מיין געזיכט נאָך די גרויזאמע בילדער, וואָס איך האָב געזען אין פארלויף פון מיינע וואַנדער־טעג.

אין דער רואיקער אטמאָספערע פון לעבן, אין שויס פון דער נאַטור, ווי אַן אידילישע האַרמאָניע הערשט צווישן הימל און ערד, ווירקן אויף דער פּריצה׳טע אויפטרייסלענד מיינע בילדער־עפּיזאָדן.

איך דערצייל איר, אז זייענדיק אין קאַלושין, ווו שמעון האַראנטשיקס זון איז פשוט צעשפּליטערט געוואָרן פון אַטאַקירנדיקע דייטשע עראָפּלאַנען, האָב איך געזען דעם לופט־אָנגריף אויף דעם 33 קילאָמעטערדיקן שטח, וואָס גרענעצט אָפּ קאַלושין צו שעדלעץ, און עס האָבן די דעטאָנאַציעס געווירקט באַטויבנד. די הייזער אין קאַלושין האָבן זיך געטרייסלט און געשאָקלט זיך ווי קינדערשע וויגן. מען האָט געמיינט, דער גאַנצער שטח רייסט זיך אָפּ פון ערד־קוגל.

כ׳דערצייל איר, ווי איך־בין געווען אין דער שטאָט שעדלעץ. מען האָט קיין לעבעדיקן מענטשן ניט געזען. א גאנצע ריי הייזער האָבן נאָך געברענט און די פייער־צונגען האָבן פאַרצוקט אַלץ מעגלעכעס. די ריחות פון די ברענענדע הייזער און מענטשלעכע קערפּערס האָבן געשטיקט דעם האלדז און די אויגן.

ענלעך איז געווען אין קליינעם שטעטעלע זוואָלין. דאָרט איז מערקווערדיקעס געשען. דאָרט זיינען, אויסשליסלעך, אלע יידישע הייזער חרוב געוואָרן. די אַרישע הייזער און די קירכע זיינען געבליבן שטיין פעלדזן־פעסט ווי טריאומפאַטאָרן און זיגער, וואָס האָבן באזיגט די יידישע הייזער און דאָס יידישע לעבן.

עטלעכע קילאָמעטער פאר וולאָדאַווע האָב איך געזען א גאָרטן אין וועלכן אלע קעפּלעך קרויט זיינען געווען דורכגעשאָסן. די דייטשישע פליער האָבן געמיינט, אז מענטשן האָבן זיך אויסבאהאלטן אין גאָרטן און דאָס זיינען מענטשלעכע קעפּ. פאַרטאָג, אויפן שאָסיי וולאָדאַווע־הרוביעשאָוו האָב איך געטראָפן פּראָפעסאָר משה שאָר. ער איז געזעסן אין א פויעריש וועגעלע איינגעטוליעט אין היי, ציטערנדיק פאר קעלט.

די דערציילטע עפּיזאָדן האָבן אויף דער פּריצה׳טע געמאַכט אַ פאַטאַלן איינדרוק. פון איר חנוודיק געזיכט איז דער שמייכל פולשטענדיק פארשוווּנדן. און פון איר אומרו האָב איך אראָפּגעלעזן די ניט ארויסגעזאָגט פראַגע: וואָס דערוואַרט אונדז דאָ?

איך האָב איבערגעריסן מיין ווייטערדיקן דערציילן און אין א פּאָר מינוטן שפּעטער בין איך געווען ביים פּריץ.

ער האָט מיך אויפגענומען אין זיין ביבליאָטעק־צימער. דער פּריץ מיט זיין פּאַטריאַרכאַלן אויסזען, געקליידט אין סאַמעט און זייד, און סיי די ביבליאָטעק האָבן אויף מיר געמאַכט אַן אָנגענעמע איבערראשונג.

דאָס איז געווען דאָס צווייטע מאָל אין מיין לעבן, וואָס איך האָב זיך באקענט מיט יידישע פּריצים. דאָס ערשטע מאָל איז געווען אין יאָר 1937 אין פּאָלעסיע. יענע באַגעגעניש איז געווען אין א נאָרמאַלער צייט. די פּאָר טעג, וואָס איך האָב דעמאָלט פאַרבראַכט, איז געווען אַ האַרמאָניע צווישן נאַטור און טאָג־טעגלעכן לעבן, אַן אַטמאָספער פון זאָרגלאָזיקייט, פאַרוויילונג, הומאָר, ווייַן און געזאַנג.

דאָסמאָל איז געווען ביי אן ערנסטע שטימונג, ערשטנס, צוליב דער אַלגעמיינער סיטואַציע און צווייטנס, צוליב דעם יום־טוב ראש־השנה.

דער פריץ איז געווען אונטערן איינדרוק פון ראַדיאָ־קאָמוניקאַט, וואָס ער האָט נאָר וואָס געהערט וועגן די גרויזאַמע באָמבאַרדירונגען פון די דייטשן אויף „אָפענע שטעט" אין פוילן און וועגן די גרויסע פאַרלוסטן אין מענטשלעכע לעבנס און מאַטעריעלע גיטער.

דער פריץ פרעגט מיך: ווו איז די פוילישע אוויאַציע? פאַרוואָס שוויגט זי? פאַרוואָס רעאַגירט זי ניט?

דער פריץ האָט אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט, וואָס איך בין זיין גאַסט אויף ראש־השנה און מיך געבעטן, אַז איך זאָל פאַרבלייבן אין זיין גוט אַ לענגערע צייט. ער האָט מיך אַנגענומען ביי דער האַנט און אריינגעפירט אין דער שוהל.

אין דער שוהל זיינען אַנוועזנד געווען אלע יידן פון די ארומיקע דאָרפישע ישובים מיטן רב בראש. דאָס דאַווענען האָט זיך אַנגעהויבן, וואָס דער פריץ איז צוגעגאַנגען צום עמוד און געזאָגט די ערשטע דריי פסוקים. נאָך אים האָט דער רב געזאָגט דריי פסוקים, דאַן האָט דער חזן איבערגענומען דאָס דאַוונען.

מערבים און מוספים האָט געדאַווונט ר׳ אברהם, באַגלייט פון א כאָר, וואָס איז באשטאַנען פון זיינע זין און איידעמס. זיין לירישע טענאָר־שטימע האָט ארויסגערופן ביי מיר פאַרוואונדערונג. דאָס עברי־זאָגן — שטוינונג. די ווערטער פון תפילות האָבן דורך זיין מויל א בילדערישן אינהאַלט באקומען. ער האָט ניט נאָר פרויען, נאָר אויך מענער גערירט צו טרערן. ווער ווייסט, אפשר איז זיין התלהבותדיק דאַוונען געווען א רעזולטאַט פון אַן עגבערישן, געהיימען געדאַנק, אַז דאָס איז דער לעצטער ראש השנה, וואָס ער איז דער שליח־ציבור? נאָכן דאַוונען מעריב האָבן זיך אלע — לויט זייער חשיבות — אויסגעזעצט ביי לאַנגע, סערווירטע טישן און געפּראַוועט דעם יום טוב במאכל ובמשתה. וואָס האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. נאָכדעם האָט דער פריץ, דער רב ר׳ אברהם, מיט אַ גרעסערער צאָל יידן זיך אוועקגעזעצט לערנען.

כ׳האָב מיך באקענט מיט דעם פריץ׳ס הויף און מיט דער צאָלרייכער משפחה. אויך די פריצה׳טע האָט מיך געבעטן, אז איך זאָל ניט אוועק נאָך יום טוב נאָר פאַרבלייבן אין גוט.

דעם צווייטן טאָג ראש השנה, ווען ר׳ אברהם האָט געדאַוונט מוסף און באַוויזן זיין חזנישן טאַלאַנט, זיינען געקומען צולויפן צוויי יידן פון כעלם. איינער האָט א קלאַפּ געטאָן אין באלעמער און אויסגערופן: „יידן ראַטעוועט אייך! די דייטשן זיינען דאָ אין הרוביעשאָוו, זיי באַשיסן פון אלע זייטן כעלם. דאָס פוילישע מיליטער און די אדמיניסטראַציע איז אנטלאָפן. מיר זיינען אין געפאַר. יעדע שעה קאָנען די דייטשן אָנקומען".

דאָס דאַוונען איז איבערגעריסן געוואָרן און עס איז געוואָרן אַ גרויסע בהלה. די פרויען האָבן אָנגעהויבן צו וויינען און ספּאַזמירן, דער רב האָט מיט א טרויעריקער שטימע אויסגערופן: „אבינו מלכנו קרע רוע גזר דינינו!".

* * *

כ׳האָב אין אָוונט ווידער גענומען מיין בייסיקל און געוואַנדערט ווייטער. מוצאי־ראש־השנה בין איך אָנגעקומען אין א קליין שטעטעלע. איך בין געווען מיד און פאַרשוויצט פון דעם שווערן וועג. דער וועג איז געווען ווי א קליינער זאַמדיקער מדבר. נישט נאָר, וואָס איך האָב ניט געקענט פאָרן מיטן בייסיקל, נאָר איך האָב עס געמוזט שלעפּן אין די טיפע זאמדן ווי אַ פאַראַליזירטן חולה.

ווען איך בין אָנגעקומען אין דעם שטעטעלע און דערזען די ערשטע קליינע הילצערנע הייזלעך האָב איך זיך באגעגנט מיט א ייד, וואָס איז געשטאַנען ביי א הויז און געטראָגן אָן אָרעם־באנד מיט דער אויפשריפט: ל.א.פ. (ליגא אבראָני פּרזעטשיווּ־לאָטניטשע — ליגע פאַר לופט־פאַרטיידיקונג).

— שלום־עליכם א ייד — האָבן מיר זיך קעגנזייטיק באַגריסט. דער ייד האָט מיך אריינגעפירט צו זיך אין הויז. דאָס ערשטע האָב איך זיך א ביסל אָפּגעוואַשן. דאָס וואַשן זיך אין דעם הויז איז ניט געווען קיין לייכטע פּראָצעדור, ווייל אין דעם הויז האָט מען נאָך ניט געוווּסט וועגן וואַסער־לייטונג. די גאַנצע פאַמיליע איז גלייך געוואָרן באשעפטיקט. דער בעל־הבית האָט געברענגט וואַסער פון ברונעם, די בעל־הביתטע האָט פאַרבארייט א שיסל צום וואַשן און די טאָכטער האָט דערלאַנגט א האַנטוך מיט זייף.

דער טיש איז דערווייל סערווירט געוואָרן גאָר יום־טובדיק און איך האָב זיך מחיה געווען מיט די מאכלים. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט מען גערעדט וועגן דער אַלגעמיינער לאַגע, וואָס האָט פאַרשאַפט א טרויעריקע שטימונג. די פאַמיליע האָט אָפּגעשטאַמט פון כעלם, דערפאַר האָבן זיי זיך כסדר געפרעגט וועגן כעלעמער קרובים און באַקאַנטע. צופעליק האָבן זיי מיך געפרעגט וועגן די ברידער כאָמסקי, וואָס איך האָב זיי גוט געקענט. זיי זיינען געווען פאָטאָגראַפן אין וואַרשע.

נאָך האַלבער נאַכט האָב איך מיך געלייגט שלאָפן אויף דעם צוגעגרייטן געלעגער.

אינדערפרי, ווען די זון האָט זיך, אויף מזרח זייט, צעשיינט אויפן הימל און די שטראַלן האָבן זיך אריינגעריסן אין דעם קליינעם הייזל, אָנפילנדיק דאָס שטיבל מיט ליכטיקייט, האָב איך זיך אויפגעכאַפּט. איך האָב מיך דעמאָלט מיט דער פּראַכטפולער נאַטור ניט געפרייט, ווייל אין יענע טעג איז פאָרגעקומען א דיסהאַרמאָניע צווישן נאַטור און ייד. וואָס ליכטיקער די זון האָט געשיינט, אלץ פינצטערער און חושכדיקער איז געוואָרן דאָס יידישע לעבן. איך בין געלעגן וואַך און געטראַכט וועגן דער לאַגע פון די לעצטע טעג, וועגן מיינע וואַנדערונגען — ווו גענעכטיקט ניט געטאָגט און ווו געטאָגט ניט גענעכטיקט. מיין טראַכטן איז איבערגעריסן געוואָרן פון א לייכטן קלאַפּ אין טיר. מיין בעל־הבית האָט מיר מודיע געווען, אז דער רב וויל מיט מיר ריידן. איך האָב זיך אָנגעהויבן שנעלער אָנטאָן. איך נעם די שיך אין דער האַנט אריין און דערקען זיי ניט. מיינע שיך זיינען דאָך געווען פאַרשטויבט פון די זאַמדן און דאָ פינקלען זיי ווי ניי. דאָס זעלבע מיט די הויזן, זיי זיינען אויסגעפּוצט און אויסגעפּרעסט ווי יעצט ארויסגענומען פון שניידער. איין זאַך איז מיר געווען שטאַרק אויפפאַלנד. מיין גאַנצע וועש פון דער אַקטן־טאַש איז פאַרשוואונדן. נישטאָ קיין העמד, קיין האַנטוך, קיין טאַשן־טוך, דער קראַוואַט איז נישטאָ, די שקאַרפּעטן זיינען ניטאָ, וואָס טוט מען? איך בין דערווייל אריין אין פּאָדערהייזל זיך צום וואַשן, עס האָט געהאַנגען אַ האַנטוך, געלעגן אַ שטיקל זייף צום וואַשן, עס האָט געהאַנגען א האַנטוך, געלעגן א שטיקל זייף און איך האָב מיך געוואַשן.

די טיר פון דער קיך איז געווען אָפן און צו מיין גרויסער פאַרוואונדערונג און איבערראַשונג האָב איך דערזען, אז די בעל־הבית׳טע שטייט ביים טיש מיט א פּרעס־אייזן און פּרעסט מיין וועש, מיינע שקאַרפּעטן און קראַוואַטן. איך בין געבליבן אָן ווערטער און ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן און ווי אזוי צו באדאַנקען. א גאַנצע נאַכט האָט זי געוואַשן מיינע וועש, געפּוצט מיינע שיך און אָנצוג און האַלט אין איין פּרעסן.

איך האָב אָנגעטאָן אַן אויסגעוואַשן און אויסגעפּרעסט העמד, שקאַרפּעטן און אַ קראַוואַט און אוועק מיטן בעל־הבית צום רב.

דער רב, אַן עלטערער ייד, מיט אַ הדרת־פּנים, אַ לאַנגע ווייסע באָרד, זיין הויכער שטערן מיט טיפע קנייטשן האָבן עדות געזאָגט, אַז זיי באַצירן דאָס געזיכט פון א תלמיד־חכם.

דער רב האָט מיך אויסגעפרעגט, געשטעלט פאַרשיידענע פראַגן און צווישן אַנדערע אַ מערקווערדיקע פראַגע און נעמלעך: אין וואָס באַשטייען די סמנים, אַז יידן דאַרפן אוועק פון א שטאָט? איך האָב גלייך געענטפערט אויף דער פראַגע, אַז מיטן מאָמענט ווען די פּאָליציי און די ארכיוון ווערן וועאַקואירט איז די שטאָט באַדראָט פון אַלגעמיינעם שונא און דאָס יידישע לעבן איז דערצו באַדראָט פון דער איינגעזעסענער אַנטיסעמיטישער באַפעלקערונג, וואָס זוכט אין אַזא מאָמענט געלעגנהייטן צו פּאָגראָמירן און ראַבירן די יידישע באַפעלקערונג.

דער רב האָט גלייך אַוועקגעשיקט דעם שמש געוויר צו ווערן, וואָס עס הערט זיך אין שטעטל. דער שמש איז שנעל צוריקגעקומען מיט דער ידיעה, אַז די פּאָליציי און אַלע אַמטן מיט די דאָקומענטן זיינען אין מיטן דער נאַכט אויף לאַסט־אויטאָס וועאַקואירט געוואָרן.

די שטימונג איז געווען א טרויעריקע. דער חזן האָט זיך געשטעלט צום עמוד דאַווענען. נאָכן דאַווענען האָב איך מיך מיט גרויס מי אַרויסגעדרייט פון אַלע איינלאַדונגען פון די די שטאָט־בעלי־הבתים מתפללים. איך האָב געוווסט, אַז ווען איך וואָלט ניט געגאַנגען צו מיין בעל־הבית אויף פרישטיק, וואָלט די גאַנצע פאַמיליע געהאַט צער און איבערהויפּט מיין בעל־הבית׳טע, וואָס האָט געוואַשן, געפּוצט און געפּרעסט מיין קליידונג א גאַנצע נאַכט.

נאָכן פרישטיק, האָט מיין בעל־הבית׳טע, ניין דאָס איז ניט קיין ריכטיקע באַצייכענונג, די יידישע מאַמע, די יידישע פּאָלק־מאַמע מיך געבעטן, איך זאָל פאַרבלייבן ביז נאָכמיטאָג און ווירקלעך האָט זי זיך שוין געפּאָרעט ביים צוגרייטן דאָס מיטאָג.

איך האָב נאָכגעגעבן דעם פאַרלאַנג און פאַרבליבן צו מיטאָג. עס איז אַנטשטאַנען א געדאַנק, אַז מיין בעל־הבית זאָל מיט מיר מיטגיין, מיטוואַנדערן הייסט עס. ער האָט, אָבער, זיך ניט געקאָנט דעצידירן, דעריבער איז ער אַוועק צום רב זיך מישב זיין. דער רב איז געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגן דער סיטואַציע און האָט זיך געפילט אונטער א שווערער לאַסט פון די יידישע פּאָלק־צרות, פאַר וועלכע ער האָט ניט געקאָנט געפינען קיין מאָמענטאַלע לייזונג. דער רב האָט דערקלערט: „עס איז שעת חירום און אין אַזא צייט קאָן איך ניט געבן קיין עצות, יעדער דאַרף טאָן ווי ער פאַרשטייט, אָבער איך וועל מיך ניט רירן פון אָרט. איך וועל דאָ פאַרבלייבן, פון מיין קהילה וועל איך ניט אַוועק״.

מיין בעל־הבית איז צוריקגעקומען פון רב א צעבראָכענער. ער האָט דערפילט די ערנסטקייט פון דער לאַגע. ביז דער אָ מינוט האָט ער ניט געגלייבט אין דעם אַנקומענדיקן גרויליקן שטורם און דאַך האָט ער באַשלאָסן, אַזוי ווי דער רב, ניט אַוועקצוואַנדערן.

נאָכמיטאָג האָב איך מיך געזעגנט מיט דער נאָבעלער פאַמיליע. איך האָב מיך געוואָלט מיט עפּעס רעוואַנזשירן פאַר דער האַרציקער און פריינדשאַפטלעכער אויפנאַם. איך האָב, אָבער, גאָרניט געהאַט קיין זאַך, וואָס זאָל צוציען זייער אויפמערקזאַמקייט.

צומאָרגנס האָב איך נאָך א נאַכט וואַנדערן דערזען א סאָד. די פרוכט־ביימער האָבן בעל־גאווהדיק שטאָלצירט מיט זייערע צייטיקע פירות און געגרייצט מיין אַפּעטיט.

איך בין אַריין אין סאָד און א נידעריקער ייד מיט א שוואַרץ בערדל און ברוין געזיכט, אָפּגעברענט פון די זון־שטראַלן האָט מיר גערן פארקויפט פינף קילאָ עפּל פאר פופציק גראָשן. (א קילאָ איז צוויי מיט א פערטל פונט און פופציק גראָשן איז אן ערך פינף סענט). ווען איך בין ארויס פון סאָד און קוים באוויזן ארויפצוזעצן זיך אויפן בייסיקל איז אין איילעניש ארויסגעקומען דער ייד און מיך אָנגעהייבן צו רופן. איך בין צוריק אריין אין סאָד. דער ייד האָט מיך געבעטן איך זאָל מיך אוועקזעצן און האָט זיך צו מיר געווענדט מיט פאָלגענדע ווערטער: — „יונגערמאַן! איך בעט איך טוט מיר א טובה, אויב איר ווילט, אַז מיין געוויסן זאָל זיין ריין, טאָ נעמט זשע צוריק די פופציק גראָשן, ווייל מיט וואָסער רעכט האָב איך גענומען געלט ביי א וואַנדערנדיקן ייד פאַר א פּאָר קילאָ עפּל, ווער ווייסט, אפשר וועל איך אליין מוזן אַנטלויפן און איבערלאָזן דעם סאָד אויף הפקר?״

דער ייד האָט פאַר מיר אַוועקגעלייגט א גאַנצע לעקציע וועגן דער מצווה פון אויפנעמען געסט (הכנסת אורחים) און מיטן נעמען געלט ביי מיר האָט ער עובר געווען די מצווה.

איך האָב פּרובירט באַרויקן דעם ייד, דערקלערנדיק, אַז איך בין ניט, חס ושלום, געקומען אים בעטן ער זאָל מיר עפּעס שענקען, און אויב איך האָב מיר אויסגעקליבן די עפּל, וואָס איך האָב געוואָלט, איז מיין פליכט געווען צו באַצאָלן. איבעריקנס איז פופציק גראָשן סיי ווי בחצי חינם.

דער ייד האָט מיט מיר א לענגערע צייט גערעדט און איך בין געווען מיד פון א גאַנצער נאַכט וואַנדערן און מיינע אויגן האָבן זיך געקלעפּט פון שלאָף. דער ייד האָט מיר געמאַכט א געלעגער אין סאָד צווישן די ביימער. איך בין געשמאַק געשלאָפן אין שאָטן פון די ברענענדיקע שטראַלן פון דער זון און געווען באַשיצט פון די ברייט־פאַנאַנדערגעוואַקסענע צווייגן פון וועלכע עס האָבן אַראָפּגעהאַנגען רייפע פירות.

ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען פאַרנאַכט. דער סאַדאָווניק האָט געוואַרט אויף מיר מיטן מיטאָג און מיר ביידע האָבן געגעסן צוזאַמען. איך האָב מיך פריינדלעך געזעגנט און בין אַוועק פאָרטזעצן מיין וואַנדערונג. ווען איך בין צוגעקומען צו מיין בייסיקל האָב איך באַמערקט, אַז ער איז א ביסל צופיל באַלאָדן. איך האָב גלייך באַמערקט, וואָס עס איז געשען. דער ייד האָט פון א האַנטוך אויפגענייט א זעקעלע, אָנגעפילט מיט פרוכטן, ברויט, ווורשט און ציגאַרעטן און דאָס צוגעבונדן צו מיין בייסיקל. דער פּראָוויאַנט פון סאַדאָווניק איז מיר זייער צוניץ געקומען אין די שפּעטערדיקע טעג פון מיינע וואַנדערונגען.

איך פלעג, מערסטנטייל, וואַנדערן ביינאַכט, ווייל בייטאָג איז דער וועג געווען פאַרבונדן מיט סכנות נפשות. די נאַצישע לופט־משחיתים פלעגן וואַרפן באָמבעס אויף די וואַנדערער. פאַר מיינע אויגן איז דאָך צעריסן געוואָרן פון אַ נאַצישער באָמבע שמעון האַראַנטשיקס זון, אויפן שטח מינסק־מאַזאָוויעצק און קאַלושין.

ווען איך שרייב די שורות איז פאַרביי העכער דרייצן יאָר. העכער דרייצן יאָר איז פאַרביי, וואָס איך האָב מיך באַקענט מיט כעלעמער יידן, וואָס יעדער פון זיי איז געווען א וועלט פון יושר, צדק, גערעכטיקייט, גאַסטפריינדלעכקייט, מענטשלעכקייט און העפלעכקייט.

דורך מיין מוח און קערפּער פיבערט אַדורך א גרויל, ווען איך דאַרף פעסטשטעלן, אַז די עיר ואם בישראל, די קהילה קדושה כעלם, און אויך די אַרומיקע קלענערע קהילות עקסיסטירן נישט מער. די טייערע און ליבע יידן זיינען פאַרשווונדן אין דער אייביקייט, פאַרשניטן געוואָרן, ווי צייטיקע זאַנגען אין פעלד. די קרוין און שטאָלץ פון יידישקייט האָט אויסגעהויכט איר לעבנס־אָטעם אין קדושה טהורה; אין גייסטיקער און פיזישער קדושה.

חיים פורמאַן

# אַפּאָלין

## די מחלוקות צווישן די טריסקער און סטעפּינער חסידים

די מחלוקות צווישן די טריסקער און סטעפּינער חסידים האָבן זיך אָנגעהויבן אין 1908, ווען מ׳האָט געדאַרפט אויסקלייבן אַ סטאַראָסטע, וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו פירן די מעטריקע־ביכער און אַנדערע קאַזיאָנע ענינים.

אויף דער דאָזיקער שטעלע האָבן קאַנדידירט הערצל קירזשנער פון טריסקער צד און אַ פאַרשטייער פון די סטעפּינער חסידים.

עס האָט זיך געפירט צווישן די ביידע צדדים אַ העפטיקער שטרייט. יעדער צד האָט זיך באַמיט אַריבערציען אויף זיין צד וואָס מערער מענטשן. כ׳געדענק, ווי מיין זיידע, הערשל פורמאַן, וואָס איז געווען דער צווייטער קאַנדידאַט מצד די טריסקער, האָט פאַרבעטן צו זיך אויף אַ סעודה אונדזער שכן מנשה, וועלכער האָט פאַרקויפט זיין שטימע פאַר דריי רובל.

עס פלעגט זיך יאָרנלאַנג פירן אַ קאַמף צווישן די אויבן דערמאָנטע צדדים. עס זיינען ביי מיר איינגעקריצט אייניקע פאַלן וואָס האָבן אַרויסגערופן קריגערייען.

דער שוחט, שמערל טענענבוים, מצד די טריסקער און בעריש דער שוחט מצד די סטעפּינער זיינען געווען שטאַרק ניט שווה בשווה. עס האָט שמערל טענענבוים געפּסלט די שחיטה פון בערישן, און בעריש האָט דאָס זעלביקע געטאָן, פּסלענדיק די שחיטה פון שמערלען. יעדערער האָט געהאַט זיינע אָנהענגער, וואָס עס פלעגן צווישן זיי אויסברעכן מיאוסע געשלעגן. עס זיינען אַפילו די קריגערייען אויסגעבראָכן אין שטעטלשן בית־המדרש, ווו עס האָבן געדאַוונט חסידים און מתנגדים. אויך די פרויען פון די ביידע צדדים האָבן אַנטייל גענומען אין דעם קאַמף.

אָבער אין אַ געוויסער צייט אַרום איז געוואָרן שלום צווישן די ביידע קעגנערישע צדדים. ווען איך האָב געלערנט ביי שמערלען דעם שוחט, האָב איך געזען ווי עס פלעגט צו אים קומען בעריש דער שוחט, און גאַנץ געלאַסן און אין פריינדשאַפט האָבן זיי באַטראַכט אַ סירכא.

## יידישע בעלי־מלאכות

מיין זיידע, הערשל פורמאַן, איז געווען דער ערשטער בעל־מלאכה אין שטעטל. ער איז געבאָרן אין לודמיר און גאָר יונג האָט ער געמוזט אַנטלויפן פון די כאַפּערס אין די צייטן פון די קאַנטאָניסטן. ער האָט אַ געוויסע צייט נע־ונדעוועט פון איין אָרט אין צווייטן, און דעמאָלט האָט ער זיך אויסגעלערנט סטאָליעריי. געווען אַ באַרופענער פאַכמאַן צווישן די פויערים און פריצים. ער האָט דערנאָך געדונגען אַרבעטער פאַר זיין סטאָליער־וואַרשטאַט און אויך אייניקע אויסגעלערנט דעם סטאָליער־פאַך.

אין 1914 זיינען שוין אין אַפּאָלין געווען אַ פאָר צענדלינג יידישע בעלי־מלאכות און אַרבעטער. די ערשטע שניידער און שוסטער זיינען אַראָפּגעקומען קיין אַפּאָלין פון אַנדערע שטעטלעך. זיי זיינען, מיינסטן, געווען טריסקער חסידים. נאָר געציילטע פון זיי זיינען געווען סטעפּינער חסידים.

## הערצל דער סטאַראָסטע

הערצל קירזשנער איז געווען סטאַראָסטע פון אַפּאָלין און האָט פאַרנומען אַ בכבודיקע פּאָזיציע אין שטעטל. ערשטנס איז ער געווען אַ „קאַזיאָנער" מענטש און, צווייטנס, איז ער געווען אַ בעל־הבית פון צוויי אייגענע הייזער און אַ גרויסן סאָד, מיט אַ טשופּערייקע פון וואָל, און האָט אויך אַרענדירט אַ פּאַכט פון מילכיקס. די דאָזיקע פּרנסות האָט ער געהאַט ביזן ערשטן וועלט־קריג. דערנאָך האָט זיך אַלץ געענדערט. ער איז בלויז געבליבן ביי זיינע צוויי הייזער און אַ גרויסן סאָד.

איך האָב ליב געהאַט שטענדיק מיט אים ריידן און אויסהערן זיינע געשיכטעס וועגן די רעוואָלוציע־טעג אין יאָר 1905.

הגם ער איז געווען אַ הייסער טריסקער חסיד, האָט ער ליב געהאַט צו לייענען אַ יידיש בוך און איז געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון דער השכלה־באַוועגונג. ער האָט ליב געהאַט געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און אַ געוויסע צייט איז ער געווען אַן אַקטיווער טוער אין אַמעריקאַנער יידישן קאָמיטעט פון אַפּאָלין.

## שלמה קייסער

שלמה גיכמאַן האָט געהאַט אַ צונאָמען: „שלמה קייסער". ער איז געבאָרן ביי גאָר אָרעמע עלטערן. זיין פאָטער איז געווען אַ שינדלמאַכער. דעם צונאָמען „קייסער" האָט ער, אין די חדר־יאָרן, באַקומען צוליב זיין הערשערישער אַמביציע איבער די איבעריקע חדר־יינגלעך.

ער האָט אַ קורצע צייט זיך געלערנט סטאָליעריי. בעת ער איז געווען אין דער צאַרישער אַרמיי, אין כאַרקאָוו, האָט ער זיך געלערנט רוסיש. נאָך מיליטער־דינסט איז ער געווען אַן אַגענט פון זינגערס ניי־מאַשינעס.

אין 1914 איז ער אַוועק אין קריג און אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די דייטשן. ער האָט באַלד דערלערנט די דייטשישע שפּראַך און געוואָרן אַן אויפזעער איבערן לאַגער פון געפאַנגענע, ווו ס׳זיינען אויך געווען ענגלענדער און פראַנצויזן. ער לערנט פון זיי די שפּראַכן ענגליש און פראַנצויזיש.

ער איז געקומען אהיים צוריק פון געפאַנגענשאַפט בעת דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. די קאָמוניסטישע אידיי פאַרכאַפּט אים און ווערט אַן אַקטיווער טוער. ער עוואַקוירט זיך מיט די באָלשעוויקעס בעת דעם סאָוועטיש־פּוילישן קריג, און באַזעצט זיך אין האָמעל. דאָרט נעמט ער זיך צו בילדונג, און גאָר פלייסיק שטודירט ער אין מעדיצינישן אוניווערסיטעט, ווערנדיק אַ דאָקטער.

ער איז די גאַנצע צייט פאַרבליבן אין ראַטנפאַרבאַנד, און ווי עס זיינען דערגאַנגען ידיעות איז ער דאָרט געוואָרן אַן אָנגעזעענער פּאַרטיי־טוער.

## ברוך שמש

דעם פאַמיליע־נאָמען געדענק איך ניט. שמש איז געווען ברוכס צונאָמען, ווייל אין זיינע יונגע יאָרן איז ער געווען אַ געהילף ביי בערלען דעם שמש. זיין טאַטע איז געווען אַן אָרעמער דאָרף־גייער. גאָר יונג איז ער געבליבן אַ יתום.

אין 1915 איז ער אַוועקגעפאָרן קיין מינסק און זיך אינטערעסירט מיט בילדונג. ער האָט זיך אויסגעלערנט רוסיש און זייער אַ סך געלייענט.

ער איז אויך פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער קאָמוניסטישער אידיי און איז אַוועקגעלאָפן קיין רוסלאַנד, בעת פּוילן איז שוין געווען

זעלבשטענדיק. דאָרט האָט ער דערגרייכט דעם ראַנג פון א גע־נעראל פון דער סאָוועטישער ארמיי.

## יידיש־טעאַטער

די ערשטע טעאַטער־פאָרשטעלונגען זיינען פאָרגעקומען באלד ווי די דייטשן האָבן פארלאָזט אונדזער שטעטל. עס איז געקומען צו אונדז אברהם שוסטער פון מעזעריטש, וואָס האָט אינספּירירט צו שאַפן א דראַמאַטישן קרייז. ער איז געווען דער רעזשיסער. די עלטערן האָבן דאַן ניט דערלויבט זייערע טעכטער, זיי זאָלן שפּילן טעאַטער, און דעריבער האָבן מענער געמוזט אויספירן פרויען־ראָלן.

עס זיינען געשפּילט געוואָרן די פּיעסעס: „עקדת יצחק", „הער־צעלע מיוחס" און „חסיה די יתומה". דער דערפאָלג איז געווען גרויס. פון נאָענטע דערפער איז אָנגעקומען די יוגנט זען יידיש טעאַטער.

עס האָט זיך אין לויף פון דער צייט געשאַפן א גוטער דראַ־מאַטישער קרייז. א טאַלענט צו שפּילן און רעזשיסירן האָט גע־האַט מאיר חיים גאָלדענבערג. מען פלעגט פון צייט־צו־צייט ארויספאָדערן דעם כעלעמער דראמאטישן קרייז, ער זאָל געבן אייניקע ספּעקטאַקלען.

די פאַנאַטישע עלעמענטן אין שטעטל האָב געשטערט דער אנטוויקלונג פון יידישן טעאַטער. עס איז געווען א פאַל, אז דער דראַמאַטישער קרייז האָט זיך צוגעגרייט צו אויספירן „בר כוכבא", אָבער די רעליגיעזע יידן האָבן ניט דערלאָזט.

דער דאָזיקער פאַקט האָט שטאַרק אנטמוטיקט די שוישפּילער.

## די ביבליאָטעק

דאָס איז געווען אין 1921־טן יאָר. א דאנק דער איניציאטיוו פון מאיר חיים גאָלדענבערג און נאָך אייניקע האָט מען געשאַפן א יידישע ביבליאָטעק. די רעליגיעזע עלעמענטן אונטער דער אָנפירונג פון שטעטלשן דיין, האָבן באַקעמפט די ביבליאָטעק. אויך צווישן די יוגנטלעכע איז געווען א פירוד הדעות.

דאָך האָט די ביבליאָטעק עפנטלעך עקסיסטירט, ביז דער סטאַראָסטע האָט זי פארמאכט.

דערנאָך האָבן זיך די ביכער געפונען ביי אונדז אין שטוב, און אויף אָן אומלעגאַלן אופן האָבן מיר פארטיילט זיי צו די די לייענער. שפּעטער האָט די אָנפירונג פון דער דאָזיקער ביב־ליאָטעק איבערגענומען מנוחה מילשטיין.

בעת די פּאָליטישע ארעסטן, אין 1930, איז די ביבליאָטעק געענצלעך ליקווידירט געוואָרן.

## די יידישע ארבעטער־באוועגונג

אויך אין אונדזער שטעטל איז געווען א קליינע ארבעטער־באוועגונג. דער ערשטער שטרייק איז פאָרגעקומען חול המועד סוכות, 1921. עס איז אראָפּגעקומען פון כעלם אן ארבעטער־טוער פון די לינקע פועלי ציון. ער האָט פאררופן די ארבעטער אויף אויסטשער וועג, דער שפּאַציר־טראַקט פון אונדזער יוגנט, און האָט געהאלטן פאר זיי א רעפעראַט וועגן עקספּלואטאציע און סאָציאליזם, רופנדיק זיי צו א שטרייק קעגן זייערע בעלי־הבתים.

די דאָזיקע ידיעה האָט זיך פארשפּרייט איבערן שטעטל. דער שטרייק איז פאָרגעקומען און אלע פאָדערונגען פון די ארבעטער זיינען נאָכגעגעבן געוואָרן.

זינט דאַן זיינען די ארבעטער אין שטעטל ארונטערגעפאלן אונטער דער השפעה פון די לינקע פועלי־ציון פון כעלם, וואָס פלעגן ליפערן קיין אַפּאָלין פּאַרטייאישע אויסגאַבעס און בראָ־שורן.

בערך אין 1924 זיינען צו אונדז אין שטעטל געקומען זלמן רובינשטיין פון ליבעוונע און הענעך קופערשטאָק פון אגרוסין, וואָס האָבן געפירט א קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די יוגנט־לעכע ארבעטער.

זלמן רובינשטיין האָט געשטאַמט פון א בירגערלעכער היים. ער האָט זיך אויסגעלערנט אוקראַיניש און איז געווען א גוטער רעדנער. ער איז שוין געהאַט געזעסן פיר יאָר אין די פּוילישע תפיסות און האָט דערנאָך באוויזן אריבערגיין די רוסישע גרענעץ, וווּ ער איז דורכגעגאַנגען א קורס פון פּאָליטישער אומלעגאַלער טעטיקייט. דערנאָך האָט אים די ראטנמאַכט דעלעגירט צו אַר־בעטן אויפן פּאָליטישן געביט אין פּוילן.

נאָך זייער באַזוך איז אָנגעקניפּט געוואָרן א קאָנטאַקט מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין כעלם, און אין 1926 איז אין אַפּאָלין געווען א פאַרצווייגטע יידישע פּראָגרעסיווע אָרגאַניזא־ציע, וועלכע האָט דאָמינירט איבער די איבעריקע פּאַרטייען.

די פּוילישע דעפענסיווע האָט שטאַרק נאָכגעשפּירט אונדזער טעטיקייט און דורכגעפירט ארעסטן. איך, אלס מיטגליד פון דער אויבן דערמאָנטער פּראָגרעסיווער ארבעטער־פּאַרטיי, מיט נאָך אייניקע חברים, זיינען מיר געווען געצוווּנגען אנטלויפן מעבר לים.

אייניקע פון אונדזערע חברים זיינען געווען ארעסטירט און אין א צייט ארום זיינען זיי באַפרייט געוואָרן. בעתן צווייטן וועלט־קריג זיינען א טייל פון זיי געווען רויטארמייער און פּאַר־טיזאַנער, וואָס האָבן אַקטיוו און העראָאיש געקעמפט קעגן די דייטשיש־פאַשיסטישע תלינים. אויך די אייניקלעך פון מיין זיידן, הערשל פורמאַן, האָבן געקעמפט אין די רייען פון דער רויטער ארמיי און געווען פּאַרטיזאַנער. צוויי אייניקלעך, זין פון יונה פורמאַן, האָבן געקראָגן פון דער סאָוועטישער מאַכט אויסצייכע־נונגען — דעם לענין אָרדען.

צום סוף וויל איך דערמאָנען אויך די אקטיווע פּראָגרעסיווע ארבעטער טוער: שלמהקע באַק, אידע נעכעס יינגסטער זון, און הענעך קופערשטאָק.

יעדער כעלעמער ווייסט דעם פינצטערן קעלער ווו א׳ו ע נע־כעס האָט אויסגעהאָדעוועט אירע פיר זין, וואָס האָבן געשפּילט אזא וויכטיקע ראָל אין דער פּראָגרעסיווער ארבעטער־באוועגונג. ביי הונדערטער ארבעטער אין כעלם וועט זיכער בלייבן אין זכרון אָט די יידישע מוטער (ענלעך צו גאָרקיס מוטער) מיט אירע קינדער, און, איבערהויפּט, שלמהקען, וועלכער האָט דערגרייכט מיט אינטענסיווע כוחות צו א שלימותדיקער גרויסער מדרגה און האָט אזוי טראַגיש פארענדיקט זיין לעבן.

הענעך קופערשטאָק, ווען ער איז ארעסטירט געוואָרן, האָבן מיר זיך ניט פאָרגעשטעלט, אז ער וועט זיין שטאַנדהאַפטיק און מיר האָבן מורא געהאַט ער וועט טאָמער ארויסגעבן אנדערע חברים. אָבער פארגאַפט זיינען מיר געבליבן, ווען מיר זיינען געוואָר געוואָרן, אז ער האָט זיך געהאַלטן אין געריכט ווי א מו־טיקער קעמפער.

ווען די פּוילישע מאַכט האָט אים נאָכן צווייטן ארעסט פאר־משפּט צום טויט, האָבן די ארבעטער אין צפון אמעריקע אָנגע־פירט א גרויסע פּראָטעסט־אקציע, אין וועלכער עס האָט זיך באטייליקט אויך מיין פאָטער. דער טויט־אורטייל איז דערנאָך אים פארביטן געוואָרן אויף לעבנלענגלעכע תפיסה.

ער איז באַפרייט געוואָרן אין די ערשטע טעג פון צווייטן וועלט־קריג, און אנטלויפנדיק פון די דייטשן קיין רוסלאנד, איז ער אויפן וועג געפאלן טויט פון א נאַצישער באָמבע.

חיים ווארזאגער, מאָנטעווידעאָ, אורוגוואַי

# כעלם צווישן די יאָרן 1931–1924

סוף 1923 אָנהייב 1924 האָט זיך אַ וויג־געטאָן אונדזער שטאָט כעלם: עס האָבן אָנגעהויבן אויפלעבן באַוועגונגען און פּאַרטייען. פון די באַוועגונגען און פּאַרטייען האָט זיך, מיט גאַנץ שנעלע טריט, אויסגעשיילט די יוגנט־באַוועגונג פּועלי־ציון.

די יידישע ארבעטער־פּאַרטייען ביי אונדז אין שטאָט האָבן געציילט זייערע געשיכטעס פון ארבעט און ווירקונג, א סך פריער פון די אויבן דערמאָנטע דאַטעס, צווישן זיי, אויך די פּועלי־ציון. אָט איז אַ בילד, וואָס האָט זיך ביי מיר אויפגעהאַלטן. דאָס בילד איז פון בער באָראָכאָוו און האָט אַ צושריפט וואָס לייענט זיך: „פּועלי־ציון — 20־טער יאנואר, 1918 — חעלם“. אויף דער צווייטער זייט געפינט זיך אַ שטעמפּל, וואָס זאָגט: „יודישע סאָציאַל־דעמאָקראטישע ארבייטער־פּאַרטיי חעלם“ און אין מיטן פון שטעמפּל: „פּועלי־ציון“. ד״ה, אז שוין אין 1918 האָט פּועלי־ציון געלעבט און זיכער געהאַט אויסגעשפּרייט איר השפּעה אויף א גרויסן קרייז פון יידישע ארבעטנדיקע מענטשן. גאַנץ מיגלעך, אז פּועלי־ציון ציילט איר עקסיסטענץ פון נאָך פריער. ליידער, זיינען מיר נישט באקאנט קיין פריערדיקע דאַטעס.

עס אינטערעסירט מיר באַווייזן, אז די באָראָכאָוו־יוגנט, וואָס האָט דערצויגן הונדערטער באוווסטזיניקע יידישע יוגנטלעכע, צווישן זיי, אַ היבשע גרופּע אינטעליגענץ, וואָס איז געווען און נאָך היינט אַקטיוו אין יידישן נאַציאָנאַל לעבן, איז נישט ארויסגעוואַקסן ווי פון זיך אליין, פון דער אייגענער הויט, נאָר האָט געצויגן איר אָפּשטאַם פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג, וואָס האָט אַפריער דעם באָדן צוגעגרייט.

די פּאָרגייערס זיינען געווען די וויניקס, די פישערס, די פרוכטס, די בעקערס, ערגעץ ווו אויף רעפאָרמאַצקי גאַס. מיינע ערשטע טריט האָבן מיך שוין געפירט אין לאָקאַל אויף לובעלסקי, ווו עס האָט שוין געלעבט און באוועגט זיך אַן אַקטיוו קולטור־געזעלשאַפטלעך לעבן. צו יענער צייט איז דער „לאָקאַל“ שוין געווען אַן אַדרעס פון א סך אזעלכע ווי איך. ער האָט שוין געגילט ווי אַן אמתער פאָלק־אוניווערסיטעט ביי אַ סך יוגנטלעכע. אין אים זיינען פאָרגעקומען לעקציעס, רעפעראַטן אויף קולטור־רעלע און וויסנשאַפטלעכע ליטעראַרישע טעמעס: ליטעראַרישע שמועסן, ליטעראַרישע משפּטים, פּאָליטישע אַקטן, פאַרזאַמלונגען, אָפּטע צוזאַמענטרעפן פון אַלגעמיין געזעלשאַפטלעכן און פראָפעסיאָנעלן סינדיקאַלן כאַראַקטער.

אין די אַלע אויפטריטן, אין די וויסנשאַפטלעכע און ליטעראַרישע, פלעגן זיך באַטייליקן סיי די היימישע „כוחות“ און זייער אָפּט געסט פון דער יידישער ליטעראַרישער מעטראָפּאָליע — וואַרשע. ווער עס האָט דערמאָלט דערמאָנט „וואַרשע“ דער האָט געמיינט: די גייסטיקע אינטעלעקטועלע וואַרשע מיט אירע הונדערטער שרייבער, פּאָעטן, פּאָליטישע פירערס, קינסטלערס און סתם אינטעליגענץ.

דעם ערשטן רעפעראַט, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו הערן אין מיין יונג לעבן, נאָך מיטן קיילעכדיקן חסידישן היטעלע אויפן קאָפּ, איז געווען פון מלך ראַוויטש. איך געדענק דאָס ווי אין אַ חלום. אָט זע איך פאַר זיך אַ שיין מאַיעסטעטיש געשטאַלט מיט אַ יעזוס־בערדעלע באַזוימט. ארום זיינע לענדן אַ לעדערנעם רימען פאַרצויגן. גלייך אויסגעשטרעקט שטייט ער אויף דער בינע און זיין ווייס־מאַט פּנים אקעגן דער אָרעמער עלעקטרישער באַלייכטונג אין דעם גרויסן לאָקאַל. גערעדט האָט ער, אויב איך מאַך נישט קיין טעות, „פון עטינגער ביז פּרץ מארקיש“ —אַ קפיצת הדרך אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור. עפּעס האָב איך שוין יאָ געהאַט פאַרשטאַנען פון ראַוויטשעס רעפעראַט. כ׳בין שוין געווען, פון א געוויסע צייט, אַ לייענער אין דער יידיש־העברעאישער י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק אויף פּיארסקי, ווו כישעלע די וויל־קענערין מיטן האַלב־גרויען לאָק איז געווען די ביבליאָטעקאַרין. מער פּרטים פון יענעם ערשטן ווונדערלעכן אָוונט געדענק איך נישט. א סך יאָרן איז מיר דאָס ראַוויטש־געשטאַלט נאָכגעגאַנגען און מיך גערייצט. ביז היינט־צוטאָג האָב איך נאָך נישט געהאַט דאָס פארגעניגן צו קענען, פּערזענלעך, דעם דיכטער־רעדנער פון מיין ערשטן באַזוך אויף א ליטעראַרישער קאָנפערענץ אין כעלם.

עס איז מער ווי זיכער, אז דאָס איז געווען פון די ערשטע ליטעראַרישע אַקטן און אזא מין אריינפיר צו דער שפּעטער אזוי אויסגעברייטערטער קולטור־דערציערישער ארבעט.

גאָר אַקטיוו זיינען שוין געווען די אייגענע כוחות. איך געדענק ראובן פרוכט. אַ טאַטנס אַ זונדל און אָפטער אַנטיילנעמער אין די ליטעראַרישע משפּטים. א שיינער פעסטגעבויטער בחור מיט אַ געדיכטן קאָפּ האָר, טונקל־רויטע, ווי בראָנדז. גערעדט האָט ער שיין און מיט א גענוגנדיק ליטעראַרישן וויסן. ער פלעגט אָפּט ציטירן דייטשע פּאָעטן און דערביי געקוקט אויפן גרויסן בילד פון היינריך היינע, וואָס איז געהאַנגען אקעגן ווי ער וואָלט וועלן אים ארויסרופן פאַר אַן עדות אויף באַשטעטיקן זיינע ארויסגעזאָגטע מיינונגען...

שניאור וואַסערמאַן. אַ הויך געשטאַלט, מיט א קאָפּ העכער פון אלע זיינע חברים. שטענדיק, סיי זומער ווי ווינטער, געטראָגן א ווייסן סלאָוואצקי־קאָלנער און פארחלומטע דיכטער־אויגן. דאָס בוך אונטערן אָרעם האָט ער קיינמאָל נישט ארויסגעלאָזט. געווען אַ לייענער, א מתמיד. זיינע אויפטריטן זיינען געווען ביז גאָר אינטערעסאַנט, באַזאַפּט מיט א פּאָעטישער מעלאַנכאָלישקייט.

שניאור וואַסערמאַן איז היינט אַ באַקאַנטער יידישער קינדער־דיכטער. זיינע לידער געפינען זיך אין כמעט אלע יידישע שול־כרעסטאָמאַטיעס און זיי ווערן געזונגען מיט געשמאַק און מיט געפיל פון טויזנטער יידישע קינדער. צו יענער צייט האָב איך נאָר געזען די דיכטערישקייט אין זיין אויסערלעכקייט.

געווען אַ פּיוול פריד: אַ מענטש מיט אַ ווולקאַנישן כאַראַקטער. דערצו איז ער געווען א לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע. ער האָט אויך פארמאָגט א שטורמישע פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָט זיך גע׳יחוס׳ט נאָך פון „פינפטן יאָר“. פאר דער גאנצער צייט וואָס איך האָב אים געקענט איז ער נאָך געווען אין פולן ברען. אַ רעדנער פון גאָטס גענאָד, אינטערעסאַנט סיי אין דער פאָרעם און סיי אין אינהאַלט. זיינע רעדעס, זיינע לעקציעס, זיינען שטענדיק געווען דורכגעפלאָכטן מיט מאמרים פון די חז״ל און פון דער יידישער ליטעראַטור. דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע אין זיין ריידן איז געווען זיין שיינע פאָלקסטימלעכע שפּראַך, וואָס האָט געהאַט טויזנט חנען פון אונדזער מאַמע־לשון. די שפּראַך איז געווען פּשוט און אויסדרוקפול, קלאָר און אָן א צונויפמיש פון די אַלע שווערע פרעמדע ווערטער, וואָס יידישע אינטעליגענטן

פלעגן אזוי אָפט באַנוצן. ער איז צו דעם אַלעמען אויך געווען גרונטיק און אין דער זעלבער צייט לייכט מסביר צו זיין דעם סאַמע הארבסטן ענין. גערעדט האָט פּייוול פריד פון אַלץ: פון פּאָליטיק, פון ליטעראַטור, פון קונסט און פון וואָס נישט? און אין אַלץ מיט זעלטענער לייכטקייט.

זיין פולווערטיקע פאַרגאַנגענהייט האָט אים, אין קעגנזאץ צו זיינע צייט־חברים, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט, אַרויסגעהויבן אויפן סאַמע העכסטן שטאַפּל פון דער שטאָטישער יידישער אינטעליגענץ.

פּייוול פריד איז אויך געווען מיין לערער פון יידיש. ביי איינער אזא לעקציע האָט ער מיר דערציילט, אז ער מיט זלמן רייזען, ווען דער לעצטער האָט געדינט אין זיבעטן פּולק אין כעלם, האָבן בייניאַנד געאַרבעט איבער אַ יידישער גראַמאַטיק. אַ סך צייט האָט געדויערט די אַרבעט ביז זי איז מיט מזל פאַרטיק געוואָרן. אָבער ווען ז. רייזען האָט די גראַמאַטיק אַרויסגעגעבן אין אַ בוך־פאָרעם, האָט ער זיין — פּייוול פרידס — נאָמען נישט דערמאָנט. ווי פיל וואָר און ווי פיל פאַנטאַזיע עס איז פאַראַן אין דער גראַמאַטיק־דערציילונג, ווייס איך נישט. ביים אויפטויכן די זכרונות, האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם. איך דערמאָן זיך אויך זיינע ווונדערלעכע דערציילונגען וועגן זיין פאַרשיקונג אויף סיביר. ער איז נישט מיד געוואָרן דערציילן, און יעדעס מאָל אַ נייעם פּרט צוגעגעבן. איך געדענק אויך ווי זיינע פייערדיקע אויגן פלעגן זיך צעצינדן ווען ער פלעגט די סיביר־זכרונות נאָך אילוסטרירן מיט בילדער פון גרופּעס יידישע פּאָליטישע פאַרשיקטע. אויף איינעם פון די בילדער איז געווען גרשון פלודערמאַכער, אַ באַרימטער יידישער אינטעלעקטואַל אין ווילנע. איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זיין אַ תלמיד ווען דער זעלבער גרשון פלודערמאַכער האָט געלייענט לעקציעס פון יידישער ליטעראַטור אין יידישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע. זאָלן די אַלע דעראינערונגען זיין אַן אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט פאַר מיין ווונדערלעכן יידיש־לערער.

צו דער גרופּע פון דער כעלעמער יידישער אינטעליגענץ, אַ חבר פון פּייוול פריד, איז געווען משה לערער. משה לערער איז געווען דער ליטעראַרישער שמש פון שטאָט. ער פלעגט אויך משמש זיין יידישע שרייבער ווען זיי פלעגן קומען קיין כעלם. ער האָט זיי אַרומגעפירט ווייזן די שטאָט, די מענטשן, אַלע אַנטיקוואַרן און אייגנטימלעכקייטן. ער איז אויך געווען דער פאַקטישער פאַרבינדלער מיט דער גרויסער יידישער וועלט פון גייסט. זיין באַרוף איז טאַקע געווען ווי זיין נאָמען — לערער. געאַרבעט האָט ער פאַר אַ הונגער־לוין אין דער יידישער פאָלקשול אויף שעדלעצקי גאַס. די גאַנצע צייט זיינע האָט ער אָבער אוועקגעגעבן אויף קלייבן זאַכן, וואָס פלעגן זיך אים אויסווייזן צו האָבן אַ וויסנשאַפטלעכע היסטאָרישע ווערט. ער פלעגט קריכן אויף די בוידעמער פון דער אַלטער שוהל, פון בית־המדרש, פון אַלטע פאַרוואָרפענע שטיבלעך און זוכן און נישטערן. אַזאַ ליידנשאַפטלעכער זאַמלער פון ווערטלעך, וויצן, אַלטע אויסדרוקן, לידער, מעשיות, האָט כעלם פאַרמאָגט נאָר איינעם — משה לערער.

צו דעם איז לערער געווען איינגעטונקען אין יחוס פון רבנים און תלמידי חכמים פון דור דורות. אין די 30־ער יאָרן פאָרט ער אַוועק קיין וואַרשע און באַקומט באַשעפטיקונג אין דער ביבליאָגראַפישער אָפּטיילונג פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. אין 1941, ווען די סאָוועטן זיינען אריין קיין פּוילן, איז דער זעלבער משה לערער, וואָס איז, זייט איך געדענק, געווען ווייט פון קאָמוניזם, ווייט ווי מזרח פון מערב, געוואָרן דער הויפּט־אָנפירער פון דעם ייוו״אָ אין ווילנע. ער האָט אויך געטיילט דעם זעלבן גורל ווי די צענדליגער טויזנטער יידן פון זיין געבוירן־שטאָט און ווי די מיליאָנען פון זיין פאָלק.

געווען צווישן די וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט די פּראָגן פון דער יידישער ליטעראַטור און נאָכגעפאָלגט איר אַנטוויקלונג, דוד׳ל גאָלדרייך. אַ באַלעבאַטיש רייך קינד, האָט ער באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציאונג: חדר, ישיבה, שטיבל און פון אונטער דער גמרא געלייענט פּרצן, פרישמאַנען, שלום־עליכמען, מענדעלען און אַנדערע יידישע קלאַסיקער. ער איז געקומען צו די פּועלי־ציון און זיך געקלעפּט אין דער באַוועגונג. געווען איר געטריי און געדינט מיט התלהבות און חסידישן ברען. ער פלעגט געבן לעקציעס פאַר יוגנטלעכע, אָנגעפירט מיט אַ פּרעלעגענטן־קרייז און געווען אויסגעאיבט פון די סאַמע באַגאַבטסטע גוטע רעדנערס, וואָס אַ טייל פון זיי פאַרנעמען היינט־צו־טאָג ערשטראַנגיקע קולטור־פּאָזיציעס אין פאַרשיידענע ישובים פון דער גאָרער יידישער וועלט. דוד׳ל פלעגט אויך אויפטרעטן אויף מאַסן־מיטינגען. זיין באַליבטע טעמע איז שטענדיק געווען — „פּרץ, זיין לעבן און שאַפן". לויט ידיעות געפינט זיך דוד׳ל גאָלדרייך אין ישראל.

פאַר דער פּועלי־ציון באַוועגונג האָבן זיך געעפנט ברייטע האָריזאָנטן און גוואַלדיקע מיגלעכקייטן פון אַרבעט און ווירקונג. אַלץ איז געווען צוגעגרייט. עס האָט נאָר געדאַרפט קומען די פּאָליטישע אַקציע. פון דער צווייטער זייט האָבן זיך אויך געגרייט די יידישע קאָמוניסטן. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַר העגעמאָניע איבער דער יוגנט. דאָס מאָל צווישן פּועלי־ציון און קאָמוניסטן.

אין שפּיץ פון דעם קאַמף האָט זיך געשטעלט יאַנקל בעקער, וואָס האָט פאַרנומען אַ צענטראַלע פּאָזיציע אין דער פּאָליטישער אַרבעט און אין דער קולטורעלער טעטיקייט. ער האָט געהאַט אַלע מיטלען דערצו: אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר, אַ פלאַמפייערדיקער רעדנער, יונג און אומדערשראָקן אויף אַלע עווענטואַליטעטן. אָנגעהויבן האָט זיך ביים שניידער־פאַראיין, וואָס איז געווען אונטער דער קאָמוניסטישער השפעה. מען האָט געשאַפן אַ יוגנט־סעקציע. אַן אומשולדיקע יוגנט־סעקציע און אָט — פון דעם פונקט אויס, האָט מען זיך פאַרמאָסטן צו בויען אַ פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג.

דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די „אָפּענסיווע". עס איז אוועק אַ סדרה פון זיצונגען, באַראַטונגען, געהיימע באַגעגענישן, טרעפונגען, צוזאַמענקונפטן מיט מיטגלידער פון די פאַראיינען אא״וו. דאָס אַלץ פלעגט פאָרקומען אין די פאַרנאַכטן און אין די אָוונטן. דער סאַמע ערשטער פונקט פון וואַנען עס האָט זיך אָנגעהויבן וועבן אָט דאָס געוועב איז געווען די גרופּע יוגנטלעכע, כמעט אַלע מיידלעך. דער גאַנצער פּאָליטישער אַקטיוו, די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט, איז געשענקט געוואָרן אָט־דעם נייעם אָפּשניט.

היינט, ווען עס טיילט אונדז אָפּ אַ פערטל יאָרהונדערט פון יענער צייט, קאָן מען מיינען אפשר איז דאָס גאָר נישט אזוי וויכטיק געווען. וואָס פאַרא וועלט־איבערקערעניש איז דאָס געווען צו געווינען — אַ גרופּע פון 15 אָדער 20 קינדער, אָבער פאַר יענער צייט איז דאָס געווען אַן ענין פון גרויסער וויכטיקייט. עס איז געווען אַ קאַמף פאַר אַן אידיי — אַ קאַמף אַן אידעאָלאָגישער. אויף צו פאַרשטיין די וויכטיקייט פון יענעם קאַמף, איז זיך נייטיק צו דערמאָנען, אז יידישע קאָמוניסטן זיינען דעמאָלט געווען אַסימילאַטאָריש און קאָסמאָפּאָליטיש געשטימט. זיי האָבן צו יענער צייט פאַרלייקנט אַ סך זאַכן, וועלכע זיינען, היינט־צו־טאָג, ביי זיי וויכטיק און נייטווענדיק. דעמאָלט אָבער איז יעדער מין באַזונדערע יידישע טעטיקייט, אפילו אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט,

באַטראַכט געוואָרן פאַר „נאַציאָנאַליזם" און „רעאַקציע". די יידי־
שע קולטור־טעטיקייט: שולן, אָוונט־קורסן האָבן זיי באַקעמפט
אויפן שאַרפסטן אופן. עס געדענקט זיך מיר אַן אויפרוף, וואָס די
יידישע קאָמוניסטן האָבן געהאַט אַרויסגעלאָזט קעגן דער איינצי־
קער יידישער פאָלקשול און אָוונט־קורסן אויף שעדלעצקי און
די אָוונט־קורסן, ווו מען האָט געלערנט מיט יוגנטלעכע אַרבעטער
לייענען און שרייבן יידיש, יידישע געשיכטע און פּאַלעסטינאָגראַ־
פיע. זיי — די „רויטע" — האָבן געהאַלטן, אַז אַזאַ אַרבעט
„שוואַכט" אָפּ די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען און „ציט אָפּ" די
אויפמערקזאַמקייט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס שטייט
אונטער די טויערן פון דער שטאָט...

אוודאי איז שוין געווען טריף־פסול דער געדאַנק פון טערי־
טאָריאַלע קאָנצענטראַציע פון יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל.

איצט, ווען דאָס ווערט געשריבן, איז שוין נאָך אַלעמען.
דער שטרייט איז געלייזט. ער איז געלייזט דורך דער טראַגישער
יידישער ווירקלעכקייט פון איין זייט און נייעם העראָאיזם פון
אונדזער דור פון דער צווייטער זייט. די אַלע וואָס האָבן באַ־
קעמפט די נאַציאָנאַלע אויפפאַסונג און נאַציאָנאַלע אידייען, האָבן
געטיילט דעם זעלבן גורל ווי אַלע יידן אונטער דעם נאַציזם. דער
שונא איז נישט געווען איבערקלייבעריש. אַלע — אַלע אָן אויס־
נאַם האָט ער געשיקט אין די קאַלכאויוונס פון מאַידאַנעק און
סאָביבאָר. דער דור אונדזערער איז אָבער אויך געווען דער דור
פון גרויסע וויזיעס. ער האָט געזען ווייטער פון זיינע דלד
אמות און זיך געגרייט: געאַרבעט, געבויט, געשאַפן און פאַרן
פרייז פון יידיש בלוט און יידישע טרערן אויפגעשטיגן צו אַן איי־
גענער יידישער מדינה: צו אַ מדינת ישראל.

אָבער אויף טריי זיין דאָס בילד וואָס ווערט באַשריבן, מוז
געזאָגט ווערן, אַז דעמאָלט איז דאָס געווען אַ קאַמף פאַר דער־
ציען אַט דעם דור פאַר די גרויסע נאַציאָנאַלע מעשים — אַ קאַמף
אויך פאַר אני־מאמינס.

פון די פּאָר יוגנטלעכע וואָס מען האָט געוווּנען אין דעם
קאָמוניסטישן שניידער־פאַראיין איז טאַקע שפּעטער אויסגע־
וואַקסן אַ באַוועגונג, וואָס האָט געשטעלט דעם כעלעמער פּ.צ.
אין דער ריי מיט די וויכטיקסטע שטעט פון דער פּוילישער פּ.צ.־
באַוועגונג. דער זיג פון דער יוגנט־סעקציע איז געווען ווי
אַ סיגנאַל צו בילדן זעלבשטענדיקע יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַר־
איינען.

אין אַ גאַנץ קורצער צייט זיינען אַנטשטאַנען פאַראיינען פון
האַנדלס־אָנגעשטעלטע, פון בעקערס, מילנערס, טרעגערס, קאַ־
מאַשנמאַכערס, דרוקערס און אַן אייגענעם שניידער־פאַראיין מיט
פייגע בוים בראש. אין די קאָמוניסטישע פאַראיינען האָבן די
נאַציאָנאַל־געשטימטע אַרבעטער אָרגאַניזירט און געבילדעט באָ־
ראָכאָוו־פראַקציעס.

און אין יענעם פּאָליטישן מאָמענט איז די באָראָכאָוו־יוגנט
אַרויס אויפן ברייטן וועג פון אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע. צו יענער
צייט געהערט אויך מיין אַריינטרעטן אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַ־
ציע.

דער יוגנט־קאָמיטעט איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון אַ
גרופּע אינטעליגענטע יוגנטלעכע, אָנגעשטעקט מיט דינאַמיזם און
גרויס באַגער צו באַהערשן די הונדערטער און הונדערטער יונגע
אַרבעטער און שטודירנדיקע. דער מוסטער פון זיי איז געווען,
חיים ביבל. גערופן האָט מען אים קורץ: „ביבל". אין זיין היים
האָט ער נישט געהאַט קיין רו. דער טאַטע זיינער האָט זיך פאַר־
נומען מיט מלמדות און געלערנט בייטאָג און ביינאַכט. האָט ער
פאַר זיין היים אויסגעקליבן דעם „לאָקאַל". דאָרט געטאָגט און
גענעכטיקט. געקומען שטענדיק דער ערשטער און אַוועק דער
לעצטער. ביבל איז געווען זייער אַ געוואַגטער און זייער אַ מו־
טיקער, פון יענע געוואַגטע מענטשן וואָס קאָנען נישט פאַרליידן
עוולות און וואָס רעאַגירן באַלד. די רעאַגירונג אויף דער הייסער
מינוט איז געווען שאַרף, גאָר שאַרף. ער האָט זיך אַזוי נאָך, אָפט,
איינגעשאַפט נישט קיין גוטע פריינד, אָבער אַלע, אַפילו זיינע
„שונאים", האָבן פאַר זיין מוטיקייט און ערלעכקייט געהאַט
גרויס רעספּעקט.

אַ צווייטער פון דער גרופּע, דער סאַמע נערוו, ממש אַ שטיק
קוועקזילבער, איז געווען שמואל שאַרגעל. ער איז געווען „איי־
ביקער" סעקרעטאַר פון דער יוגנט. שטענדיק דינאַמיש, די טריט
האָבן געברענט אונטער זיינע פיס. ער איז געווען אויסגעקאָכט
מיט דער גאַנצער שטאָט. די גאַנצע שטאָט האָט ער געטראָגן
אויפן קאָפּ. אין זיין טעקע האָט ער געהאַט, צוזאַמען מיט אַלע
ביוראָ־דאָקומענטן פון דאָמאַנס בראָנפן־פאַבריק, אַ האַלבע פּאַר־
טיי: „פרייע־יוגנט" צו פאַרשפּרייטן, צירקולאַרן, בריוו פון צ.ק.
רעכענונגען פון אַלע יוגנט־סעקציעס, אַ ביכל צום לייענען און —
אַ בלום פאַר זיין חנהלען. אַלץ — אַלץ האָט ער, שמואל, אין זינען
געהאַט. ווי אַ שרויטל האָט ער אָנגעשפּאַרט אומעטום: אין אַלע
מלוכה־ביוראָען, און אַזוי לאַנג זיך דאָרט געדרייט ביז ער האָט
אַ פּאָסטן אין מאַגיסטראַט באַקומען. אויפן פּאָסטן איז ער אויך
געווען דינאַמיש, דער בעסטער, און נאָך געקראָגן אַוואַנסן פאַר
זיין שלאָגלערישקייט. צו דעם אַלעמען האָט ער נאָך געדאַרפט
זאָרגן פאַר זיין גאַנצער משפחה.

אויף גאָר אַן אייגנאַרטיקן אופן האָט די יוגנט געבראַכט צום
אויסדרוק וואָס זי האָט געלייענט. דאָס איז געווען — די דיס־
קוסיע. עס זיינען געפירט געוואָרן דיסקוסיעס איבער געלייענטע
ווערק. באַרימט זיינען געווען די „קעסטל־אָוונטן". וואָס פאַרא
פראַגעס זיינען דאָרט נישט געשטעלט געוואָרן. אַמערסטן זיינען
אַזעלכע דיסקוסיעס געפירט געוואָרן אין די ביבליאָטעקן. אין
אונדזער נייער קולטור־געשיכטע איז נאָך ווייט נישט אָפּגעשאַצט
געוואָרן די ראָל, וואָס יידישע־העברעאישע ביבליאָטעקן האָבן
געשפּילט אין די יידישע שטעטלעך צווישן די צוויי וועלט־מלחמות.
זיי זיינען נישט געווען קיין געוויינטלעכע טויש־שטעלעס פאַר
ביכער ווי ביי אַלע אומות־העולם, נאָר בילדונג־אינסטיטוציעס,
וואָס זיינען געשטאַנען צו דינסט דער יידישער פאָלקס־מאַסע.

די יוגנט האָט נאָך אויך געלייענט די אייגענע פּאַרטיי־פּרע־
סע. ביי די פּועלי־ציון איז געווען זייער פּאָפּולער די פיין־רע־
דאַקטירטע פּאָליטיש־ליטעראַרישע אויסגאַבע „פרייע־יוגנט". די
אויסגאַבע האָט געהאַט אַזעלכע רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער ווי:
יעקב קענער, דער פאָטער פון דער יוגנט־באַוועגונג אין פּוילן,
ד"ר עמנואל רינגלבלום, ד"ר רפאל מאהלער, זרובבל, בוקס־
בוים, שכנא זאגאַן, יוסף רויזן, פּעטערזייל און פון דער פּלעיאַדע
יונגע יידישע דיכטער.

מיט ברען און יוגנטלעכן ענטוזיאַזם זיינען געפייערט געוואָרן
אַלע אַרבעטער־ימים־טובים, פאַרוואַנדלנדיק זיי אין פּאָליטישע
אַקציעס קעגן דער רעאַקציאָנערער און אַנטיסעמיטישער מאַכט
אין לאַנד.

די יוגנט האָט אויך אויסגעשפּרייט איר השפעה אויף די אַרו־
מיקע שטעטלעך: אויף רייוויץ, רודי־אַפּאַלין, קראַסניסטאַוו, גראַ־
באָוויעץ א"א. כמעט אין אַלע שטעטלעך זיינען געשאַפן געוואָרן
יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען געווען די איינציקע ליכטיקע
פונקטן פאַר דער יידישער יוגנט אין יענע פאַרוואָרפענע ווינקע־
לעך פון דער פּוילישער מדינה. די אַלע אָרגאַניזאַציעס זיינען

שפּעטער געוואָרן וויכטיקע שטיצפּונקטן אין דער פאַרצווייגטער פּאָליטישער אַרבעט פון גאַנצן כעלעמער ראַיאָן.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז די אַרבעט פון דער יוגנט אין די אַלע וואַל־אַקציעס צו די שטאָט־ראַטן, קהילה און סיים־וואַלן.

אַרום כעלם, אין די קליינע שטעטלעך און דערפער, איז געווען אַ גרויסע אוקראַינישע באַפעלקערונג. זי האָט געהאַט אויסצושטיין גענוג פון דער באַרימטער פּוילישער „פּאַציפיקאַציע". דער קאַמף פון דער אוקראַינישער באַפעלקערונג אין מזרח־גאַליציע פאַר זייערע נאַציאָנאַלע מינדערהייט־רעכטן, האָט זיי דערנענטערט צום קאַמף וואָס די יידן האָבן געפירט קעגן דער פּוילישער רעגירונג. טאַקע אין מזרח־גאַליציע האָבן די אַלגעמיינע ציוניסטן געהאַט אַ בלאָק מיט די אוקראַינער. נאָכן מאָרד פון פּעטליוראַ'ן איז דער בלאָק בטל געוואָרן. די באַפעלקערונג, די אוקראַינישע, איז דעריבער, פּסיכאָלאָגיש און אויך פּאָליטיש, געווען צוגעגרייט אויפצונעמען אַ געמיינזאַמען קאַמף אויף דעראָבערן פּאָליטישע און קולטורעלע רעכטן פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וואָס באַוווינען די פּוילישע טעריטאָריע.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויפקלערונג־אַרבעט אין שטאָט און אין גאַנצן ראַיאָן. צענדלינגער שליחים, אַממערסטן יוגנטלעכע, זיינען געווען פאַרשפּרייט אין די שטעטלעך און דערפער און גערופן צו שטימען פאַר דער פאַראייניקטער ליסטע פון לינקע פּ.צ. און „סעלראַב".



יוגנט־גרופּע „פּועלי־ציון". אין צענטער זיצט חיים וואַרזאַגער.

די אַרבעט איז געווען פול מיט דראַמאַטישע מאָמענטן. מען האָט זיך אָנגעטראָפן מיט אַ סך אויסטערלישע פאַלן און דאָס האָט גערייצט און געוועקט דער יוגנט. די יוגנט איז דאָ געקומען צו איר פולן אויסדרוק, וויסנדיק, אַז זי באַטייליקט זיך אין אַ קאַמף פאַר די עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע און יידישע רעכט.

דער שותפות־בלאָק האָט באַקומען צענדלינגער טויזנטער שטימען. דאָס איז געווען אַן אַרויסרוף דער פּאָליטישער רעאַקציע אין לאַנד: אַן אָנזאָג אַז יידן קאָנען אַמאָל אויך האָבן פאַרבינדעטע אין זייער גערעכטן קאַמף. אמת צו קיין סיים־דעפּוטאַט איז דאָסמאָל נישט געקומען. עס האָט טאַקע געפעלט זייער ווייניק שטימען, אַז יצחק לעוו, דער קאַנדידאַט פון די פּ.צ. זאָל אויסגעוויילט ווערן. עס האָט סך־הכל געפעלט... 40 שטימען אין קראַסניסטאַווער וואַל־קרייז. די „הצפירה" אין וואַרשע זאָל האָבן געשריבן, אַז פּועלי־ציון האָבן געוואונען אַ דעפּוטאַט...

אויב עס איז נישט דעראָבערט געוואָרן קיין סיים־דעפּוטאַט, איז אָבער די פּועלי־ציון־פּאַרטיי אויסגעוואַקסן צום סאַמע הערשנדיקן כוח אויף דער יידישער גאַס אין כעלם. דאָס האָט שפּעטער געבראַכט, אַז פּ.צ. זאָלן אָפּהאַלטן גרויסע זיגן ביי קהילה־ און שטאָט־ראַט־וואַלן.

אין דער קהילה האָבן די פּ.צ.־ראַטמענער געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל און געהאָלפן פירן דאָס יידישע קאָלעקטיווע לעבן אַזוי, אַז די אָרעמע, די אַרבעטנדיקע זאָלן נישט ווערן באַעוולט און געקרייוודעט. זיי האָבן טאַקע אויסגעקעמפט אַ סך פאַרן פאָלקס־מענטש.

אַן אייגנאַרטיקער טיפּ אין דער ראַטמענער־גרופּע איז געווען שמואל באַרג. פון פאַך אַ פּשוטער וואַסערטרעגער איז ער דערהויבן געוואָרן צו זיין אַ שליח־ציבור. ער האָט זיך דאָס כשר פאַרדינט, סיי מיט זיין ערלעכקייט און סיי מיט טיפן גלויבן אין די וועגן און אמתן פון פּועלי־ציוניזם. ער איז געווען אוממיטלבאַר פאַרבונדן מיט די אַרבעטנדיקע פון דער שטאָט.

פלעגט ער דאַרפן גיין אין מיטן העלן טאָג אויף אַ זיצונג פון שטאָט־ראַט דעמאָלט האָט ער אָוועקגעשטעלט די וואַסער־קאַנען ביים פּלומפּ, איבערגעריסן די אַרבעט און גיך, מיט זיינע אַרבעט־מלבושים, געלאָפן צו דער זיצונג. דאָס זעלבע ווען ער פלעגט דאַרפן וועמען העלפן, אַ טובה טאָן, אַן אינטערווענץ דורכפירן אאז"וו.

מיט זיין געזונטן אינסטינקט האָט שמואל באַרג נישט דערלאָזט טאָן יידן עוולות און דאָס האָט ער געהאַלטן פאַר זיין גרעסטע מיסיע אין לעבן.

דער איינציקער יידישער אָנגעשטעלטער אין מאַגיסטראַט (שפּעטער זיינען צוגעקומען נאָך עטלעכע) און אַ טרייער טוער פון דער פּאַרטיי איז געווען, יצחק קאָרנזייער. אין קעגנזאַץ צו אַקסלראָדן, וועלכער איז געווען אַ שיינער אַנעקדאָטן־דערציילער, געווען אָפּטימיסטיש אפילו אין די סאַמע טראַגישע מאָמענטן און פאַרמעגט אַ סך פאָלקס־חכמה, האָט קאָרנזייער שטענדיק אויסגעזען טראַגיש און אַ פאַרוואָלקנדיקער פּעסימיזם האָט אַראָפּגעקוקט פון זיין פּנים. ער איז געווען אַ צוריקגעהאַלטענער, נישט זיך געריסן צו ריידן, כאָטש ווען ער האָט אַמאָל אַ וואָרט גענומען איז עס געווען קלאָר און לאָגיש אַרויסגעבראַכט. געמאָסטן און געוויגן איז געווען זיין וואָרט. דאָס זעלבע מיט שרייבן. האָט ער ביי זיך געפּועלט עפּעס אָנצושרייבן איז עס געווען אינטערעסאַנט און באַלערנד. געווען אַן אינטעליגענטער בחור, באַזיצט אַ סאָליד יידיש און וועלטלעך וויסן. זיין פאַך איז געווען אַ בוכהאַלטער.

קאָרנזייער האָט געפירט די גאַנצע פּאַרטייאישע בוכהאַלטעריע, פון אַלע אָפּצווייגונגען און אינסטיטוציעס. חשבונות זיינען געווען אַ סך און קאָמפּליצירט — איבערגענוג. ער האָט אָבער אַלץ געטאָן מיט זיין אייגנטימלעכער רואיקייט. מיט זיין איינגעהאַלטנקייט און סבלנות האָט ער געטראָגן זיין פּערזענלעכע טראַגעדיע כדי נישט אונטערצוברעכן זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט.

אַ דאַנק דער פּועלי־ציון־פראַקציע איז דער שטאָטראַט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טריבונע וווּ עס איז געקומען צום אויסדרוק די פאָדערונגען און פאַרלאַנגען פון דער יידישער באַפעלקערונג און זייערע אינטערעסן זיינען דאָרט ווירדיק פאַרטיידיקט געוואָרן.

ווען עס וועלן אַמאָל געשריבן ווערן אויספירלעכע מאָנאָגראַפיעס פון יידישע שטעט אין פּוילן און דעם אַנטייל פון די יידן אין די שטאָטישע זעלבסט־פאַרוואַלטונגען, וועט כעלם, און די פּועלי־ציון אין כעלם, פאַרנעמען אַ בכבודיקן פּלאַץ.

פייוול זיגלבוים

# כעלם ווי איך געדענק עס


פייוול זיגלבוים

פון וואָס אָנהויבן? אַז אַזאַ גרויסער בית־עולם ליגט צווישן כעלם איצט און ווי איך געדענק עס. כעלם, אַ שטאָט אין לובלינער קרייז, ווי אַ סך אַנדערע יידישע שטעט אין פוילן און דאָך אַנדערש, ממש וועלט־באַרימט. ווער האָט דאָס ניט געהערט פון די „כעלעמער חכמים", וואָס האָט צוגעגעבן אונדזער פאָלקלאָר דעם אמתן כעלעמער חן. אַרום נאָך וועלכער שטאָט האָבן זיך געוועבט אַזעלכע וווּנדערלעכע יידישע פאָלקס־מעשהלעך, וואָס האָבן זיך טיף איינגעוואָרצלט אינעם פאָלקס עפּאָס און וועלן אייביק דערציילט ווערן. דיכטער, מוזיקער און קינסטלער ווי: בען, ליכטענשטיין, גלאַטשטיין, י. טרונק, קיפּניס, הענעך קאָן א.א., האָבן די מעשיות באַשריבן, אילוסטרירט, און מוזיק פאַרפאַסט, (צו יעקב גלאַטשטיינס „יאָסל לאָקש פון כעלם"), ביכער אַרויסגעגעבן, וועלכע וועלן שטענדיק דערציילן פון דער וווּנדער־שטאָט כעלם, פון די „נאַראָנים", וואָס האָבן געזען, ווי אַלע ירידים קומען פאָר אין לובלין. פון דער „גאַנצער וועלט" ציען זיך געפּאַקטע דיליזשאַנסן קיין לובלין, פאָרנדיק פאַרביי כעלם, און דאָ, אין כעלם, דרייען זיך אַרום יידן אָן פרנסה, און קיינער פון די „פאַרביי־פאָרנדע" שטעלט זיך ניט אָפּ אפילו צו געבן אַ פרוטה פדיון. האָבן די „נאַראָנים" באַשלאָסן צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די פאַרבייפאָרער, און זיי האָבן מצליח געווען. זעט נאָר! זאָגט אַ ייד אויפן וואָגן צו די איבעריקע פּאַסאַזשירן, וואָס עפּעס טראָגן פיר יידן דעם אַלטיטשקן איבערן שניי אויף אַ שולחן? טאַקע טשיקאַווע, לאָמיר אָפּשטעלן דעם וואָגן און זיי פרעגן. ווער איז דער ייד, וועמען איר טראָגט אויפן וואָגן? אונדזער שמש. טאָ וואָס טראָגט איר אים? איר זעט ניט, אַז ס'איז פריש געפאַלענער שניי? כדי ער זאָל עס ניט איינטרעטן וועקנדיק די יידן צו עבודת הבורא, טראָגן מיר אים אויפן שולחן.

כאַ, כאַ, כאַ, צעקייכן זיך אַלע אויפן וואָגן, אַרום וואָגן, כאַ, כאַ, כאַ, געהערט כעלעמער חכמים. און וואָס טראָגן עפּעס די ווייבער זייערע לאָדן אין שוהל אריין? ווייל דער שמש איז אַלט און קראַנק, קאָן ער ניט אַרומגיין קלאַפּן אין די לאָדן אויף די הייזער, טאָ זאָל ער קאָנען קלאַפּן אין די לאָדן זיצנדיק אין שוהל. כאַ, כאַ, כאַ! געהערט כעלעמער „חכמים"? קייכן פורמאַנעס, סוחרים מארבע פינות העולם, אין לובלין נאָכן יאריד. זיצן סוחרים אין אכסניה ביי אַ כוסה און מען דערציילט די ווונדער פון די כעלעמער „נאַראָנים", און מען באַשליסט, אַז צוריקפאָרנדיק, זיך אָפּשטעלן טאַקע אויף לענגער און זען וואָס כעלעמער קאָנען, כדי מען זאָל האָבן וואָס צו דערציילן קינדס־קינדער.

די כעלעמער האָבן אָפּגעוואַרט די „יארידניקעס" אויף זייער צוריקפאָר. ווי נאָר זיי האָבן דערזען די סוחרים האָבן זיי אָנגעהויבן טראָגן שווערע קלעצער פון באַרג אַראָפּ צום טראַקט צו. שטעלן זיך די סוחרים אָפּ, קוקן און וווּנדערן זיך, איי כעלעמער! באַרג אַראָפּ שלעפּט מען קלעצער? מען וואַרפט זיי אַרונטער און פּטור. טאַקע? זאָגן די כעלעמער בתמימות, צי גאָר מיט אַ מיין — דער ייד איז דאָך גערעכט, און זיי הייבן אָן צוריקטראָגן די קלעצער אויפן באַרג און וואַרפן זיי אַרונטער. די סוחרים לאַכן, אַזש די זייטן טוען וויי, און די כעלעמער שטייען אויפן באַרג און טראַכטן: ס'וועט שוין זיין פרנסה...

אָט אַזוי האָבן כעלעמער מיט זייערע נאַרישקייטן אָנגעהויבן צוציען וואָס מער מענטשן, יעדעס מאָל האָבן זיי צוגעטראַכט אַ שפּאָגל נייע נאַרישקייט — מען האָט אָנגעהויבן לויפן קיין כעלם זען די „נאַראָנים". די אכסניות זיינען פול געוואָרן מיט פרעמדע, לאַטוטניקעס האָבן געהאָרעוועט ביז חצות, ווייל קיין בלאָטעס האָבן ניט געפעלט. די כעלעמער ווידער האָבן דערזען אַזאַ מחיה, אַזוי פיל מענטשן האָבן זיי זיך צעלייגט איבערן מאַרק אַרום שוהל מיט שטעלעכלעך סחורה און ביסלעכווייז איז כעלם געוואָרן דער יאריד־צענטער.

נעבן אַ געזעמל פרעמדע האָבן צוויי כעלעמער געפירט אַזאַ געשפרעך: וואָסערע שיך טראָגט מיינסטו דער קייסער? גאָלדענע. נו, און אַז ס'איז אַ בלאָטע, ווערן זיי דאָך פאַרשמירט? טוט ער אָן קאַלאָשן. זעט מען דאָך ניט אַרויס די גאָלדענע שיך? מאַכט ער לעכער אין די קאַלאָשן. גייט דאָך אַריין די נאַסע בלאָטע? פאַרשטאָפּט ער זיי מיט שטרוי...

אַזוי האָבן זיך פאַרשפּרייט די וווּנדערלעכע מעשיות, און כעלם איז אויסגעבויט געוואָרן. אַ גרויסע יידישע שטאָט פול מיט חכמים. כעלעמער „נאַראָנים" אָדער כעלעמער „נאַרן"... וואָס נאַרן אַנדערע און האָבן באַשיינט מיט אַ באַזונדערן קאָלאָריט די גרויסע פּאַנאָראַמע וואָס האָט געהייסן יידיש לעבן אין פוילן און געטיילט מיט איר דעם גורל פון אומקום.

כעלם, פון הרוביעשאָווער וואַלד ביז פּאָליכאַנקע, וואָס האָט געפירט דורכן סאָבאָר, לובלינער גאַס ביזן גאָרטן און ווייטער, ווו פאַרליבטע פּאָרלעך פלעגן שפּאַצירן געאָרעמט און פאַרגעסן אין דער גאַנצער וועלט אַרום זיי. דאָס טעריטאָריעלע כעלם איז געבליבן, אָבער די יידישע צווייבער־שטאָט כעלם איז ניטאָ מער. ניטאָ מער די שיינע כעלעמער אינסטיטוציעס, לינת הצדק, פאָלקס־באַנק, מושב־זקנים, תלמוד־תורהס, יידישע פאָלקס־שולן, תרבות־שולן, יידישע גימנאַזיע, פּרץ און גראָסער ביבליאָטעקן, שאָך־קלוב, אַרבעטער פאַראיינען, ליטעראַרישע קרייזן, דראַמ.־קרייזן, פּאַרטייען, די גבירים מיט די שיינע קראָמען אויפן ברייטן רינעק, און די קבצנים מיט די קרעמלעך און שטעלעכלעך אויפן טאַרג, נישטאָ מער די חסידים־שטיבלעך, די רבנים מיט דער עכטער היימיש־רבנישער עניוות, און די בעלי־מלאכות, טרעגערס, קצבים מיט זייער האָרעפּאַשניקייט, נישטאָ מער די כעלעמער יידישע אָרנאַמענטיק, די אַלטע ווייבערשע שוהל מיט די געמאָלענע שייבלעך, דאָס קצבים־שוהלכל פאַר „עמך", דאָס בית־המדרש, ווו בחורים פלעגן זיצן און לערנען, און קרעמער פון אַרום פלעגן זיך אַריינכאַפּן, זיך קוויקן מיטן קול פון לערנען, זיך אַ מצווה איינקויפן און דערלאַנגען אַ בחור אַ געפרוירענעם עפּל, אַ ביסל קוואַס, אַ פּלעצל.

ניטאָ מער ווער עס זאָל מורא האָבן פאַר די ברייטע, אָפענע טירן פון דער מאַנסביל־שוהל, וואָס האָבן אין די נעכט געשראָקן קליינוואַרג, ווייל אַהין קומען ביינאַכט מתים דאַוונען, לייענען די תורה, און קוים רופן זיי דיך אויף דערהערסטו דאָס אפילו אין טיפן שלאָף און שטייסט מער ניט אויף...

נישטאָ מער דער פּאָליש מיטן שמות שטיבל — אויבן, וווּ עס ליגט דער גולם אַ פאַרשאָלטענער פון אלטן כעלעמער רב, פאַרוואַנדלט אין אַ באַרג פּסולע שמות. נישטאָ מער די באַפּאה׳טע חדר־יינגלעך, וואָס פלעגן שפּרינגען אין א קרייז אויף אַ שטיקל ערד ניט ווייט פון שוואַרצן סופר׳ס הויז, און ממש הערן אַ קלויסטער קלינגען טיף אונטער דער ערד, ווייל אויף דעם אָרט האָט מען דערציילט, איז אַמאָל געשטאַנען אַ תּיפלה, וואָס פלעגט אויף צו להכעיס קלינגען ווען ס׳איז פאַרבייגעגאַנגען אַ יידישע לוויה. אָבער ווען לייבעלע לינטשנער איז נפטר געוואָרן און אויך ביי זיין לויה האָבן די תּיפלה־גלעקער געקלונגען, האָט זיך רבי לייבעלע אויפגעזעצט אויף דער מיטה, א פּרעפּל געטאָן מיט די ליפּן און די תּיפלה איז איינגעזונקען געוואָרן...

ניטאָ מער די כעלעמער אייגנאַרטיקייט, אירע פּשוטע „עמך״־יידן, ווי אַבעלע דער וואַסער־טרעגער, אַ שומר־שבתניק און אַ בונדיסט, וואָס האָט געדאַוונט מיטן ניגון פון דער מאַרסעלעזיע; חיים האָפּטאַש און זיין זון, וואָס האָט געהאָלפן דעם טאַטן אין פאַרטאַטשנעם סטאָליער־ווארשטאַט און אין אָוונט געשפּילט פידל, צוגעטופּעט מיטן פיסל צום טאַקט אויף וועטשערינקעס און געקוואָלן צו זען ווי „עמך״ טאַנצט; וועווטשע „שוסטער״, מיט אַ באָרד, וואָס האָט פאַרדעקט אַ האַלבן גוף, אַ האָרעפּאַשניק, וואָס האָט געקאָנט תּהילים אויף אויסנווייניק; חיים לאַנג, וואָס האָט געגנבעט געווער פון די קעשענעס פון פּוילישע אָפיצירן און געבראַכט אין בונדישן פאַראיין; דער משוגענער בערעלע, וואָס פלעגט ווינטער האַנדלען מיט אויבס, און אין די תּמוז־טעג ארומגיין אין מאַרק, זיך בונטעווען קעגן חרם דרבינו גרשון, זאָגן תּורה אויף רוסיש און שילטן ניקאָלאַיען אויף יידיש, און נאָך אַ קאָלעקציע משוגעים, שוזשע, וואָוואַ א.א. וואָס האָבן פאַרפילט מיט זייער משוגענער אייגנאַרטיקייט דאָס בילד כעלם; דער עמך׳דיקער דאָקטער מאָטיע, וואָס האָט יעדן קבצנישן קראַנקן פאַרשריבן א רעצעפּט: אַ טאָפּ לאָקשן מיט הינערשע יויך. ניטאָ די גאַלעריע פון די ווייבער־טיפּן, די פּאָלעוושעכע, אַ רייכע אלמנה מיט מאַנסבילשע כחות, געפירט גרויסע מסחרים, א בריטהאַרציקע נדבה־געבערן; שפּרינצע די קצבטע, שטענדיק געזאָרגט פאַר אָרעמע, אַן אמתע שרה בת־טובים; די הויכע פריידע־נעכע, די מנשה׳כע און די ראָקעכע — אַ דריילינג, וואָס האָבן ערב יום־כפּור איינגעריסן „וועלטן״ אין שוהל־הויף; מלכהלע וויניק, אַ קליין, שוואַך, שטיל ווייבעלע פלעגט זיך פאַרלאָזן אויף די גוואַלדן פונעם דריילינג, שטיין נעבן זיי און צושטייער געבן אירע שטילע טרערן; די בלומענשטראָכס, אַן אריסטאָקראַטיש האַלב־אַסימילירטע משפּחה, וועמענס טאָכטער זלאַטע האָט געשפּילט פּיאַנאָ און געווען אַ מוסטער פון גרויסשטאָטישער עלעגאַנץ; די דובקאָווסקיס, וועמענס הויז איז געווען אַן אַמתער מרכז־רוחני; די לוקסנבורג׳ס, א משפּחה פון מוזיקער און מעכאַניקער; די רויזנבלאַט׳ס, אַן אינטעליגענטע פאַמיליע מיט באָהעמיש־קינסטלערישע נייגונגען; די חברים נתן בוים און גרשון באַש, צוויי שטילע לערנער. צוזאַמען געלערנט און צוזאַמען זיך „געוועלטלט״, שטודירט, אַ סך געלייענט,ביידנס עלטערן זיינען פאַראָרעמט געוואָרן אין דער זעלבער צייט. נתן איז געוואָרן א פּראָלעטאַריער אין ווארשע און דאָרטן אין געטאָ, אומגעקומען מיט זיין משפּחה; גרשון האָט שטודירט אין דער וואַרשעווער קונסט־אַקאַדעמיע. אַ זעלטן־צאַרטער מאָלער, ער איז געשטאָרבן פאַרן קריג; די משפּחה לערער מיט זייער בכור משה, וואָס האָט זיך פאַרקנסט צום יידישן לשון, אַ יידיש־פאָרשער, פילאָלאָגיסט, געווען איינער פון די איבערגעגעבנסטע טוער אין „ייוואָ״ און דאָרטן אומגעקומען; יאָסקע גאָלדהאַבער, אַ זעלטענער מוזיקער, אַ פאָלקסטימלעכער וויצלער און גלענצנדער מעשה־דערציילער, דער ליבלינג אין שטאָט; בענטשע לאַנגס משפּחה, פון וועלכער נאָר משה, דער ציוניסטישער עסקן אין אַמעריקע, און פערל אין ישראל זיינען געבליבן לעבן.


פייוול חיניק

ווער קאָן אויסרעכענען אָט די אלע געשטאַלטן און גרופּן, פון וועלכע יעדערער באַזונדער האָט צוגעגעבן עפּעס צו כעלם און געשאַפן דאָס גאַנצע בילד. די קצבים, למשל, די דאַמבעס, וואָס האָבן פאַרהיט די כעלעמער יידן פון אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן. איך געדענק בעת די האַלערטשיקעס זיינען אריין אין שטאָט און זיך אָנגעהויבן לאָזן וווּיל־גיין, שניידן בערד מיט שטיקער פּנים, הרגענען, ראַבירן, די היימישע אַנטיסעמיטן האָבן געשטשירעט די ציין און געוואַרט ס׳זאָל זיך צעפלאַקערן אַן אמתער פּאָגראָם, כדי זיי זאָלן אָפּלעקן א ביין, האָבן זיך מיטאַמאָל ארויסגעלאָזט פון קוילער געסל די העלדישע קצבים־יונגען מיט מעסערס און העק, צעמזיקט אַ פּאָר האַלערטשיקעס און זיי פאַרטריבן פון שטאָט. דאָס איז געשען אין א ווינטערדיקן פרייטאָג, אלע קראָמען זיינען געווען פאַרמאַכט, טייל צעראַבירט, ווייבער האָבן ניט געקאָנט איינקויפן אויף שבת. דער ערב שבת איז געווען אַ פאַרשטערטער, אָבער ניט דער שבת. פאַרנאַכט־צו האָבן די קצבים גערופן יידן אין שוהל אריין מקבל זיין די מלכה שבת. די קצבים האָבן געהאַלטן שמירה ביי די טירן.

כעלם האָט פאַרמאָגט זעלטענע דראַמאַטישע כחות, יידישע פאָרשטעלונגען זיינען געווען אָפטע און געשטאַנען אויף אַ קינסטלערישער הויך. זאָלן זיי דערמאָנט ווערן אינעם יזכור־בוך. זיי זיינען געווען: איליוויצקי, מאיר טאָרן (פענטאַק), פייוול דרעקסלער, ישראל זיגלבוים, שורע העלפער, דער שוואַרצער חיים, צעשע העלפער, צעשע באָיאַרסקאַ, טאַניע שניידער, שבע בינשטאָק, פאַניע גאָלדשטיין, באָרנשטיין, ישראל לעווינשטיין, משה זיגלבוים, פיניע זיגלבוים, משהלע קאַרליק, סומא ווייץ, שרה ביבל, יאנקל ראָזנבלאַט, פרענקעל, אַיטשע לוקסענבורג, אברהם בערנפעלד, הערץ, חיים לאַנג, אברהם יעקב קראָטמאַן, בלומע ארגון, דבורה ווייץ, סערקע, טודרוס, צימערמאַן, אברהם זיידע, בערל גאָלדמאַן און שלומקע גאָלדבוים דער סופליאָר. עס זיינען זיכער געווען נאָך נעמען צו וועלכע מיין זכרון האָט ניט געקאָנט דערגרייכן. געשפּילט האָט מען אין „סירענאַ״, מאַגיסטראַט־זאַל, שאַך־קלוב און „פּאָלאָניאַ״־טעאַטער. קיין כעלם פלעגן אָפט קומען פּראָפעסיאָנעלע טעאַטער־טרופּעס, צווישן זיי אויך אסתר רחל קאַמינסקא מיט איר טרופּע. אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג אין

כעלם איז געווען אַ יום־טוב פאַר אַלעמען. פרומע יונגעלייט פלעגן עובר זיין אויפן מושב לצים לא ישב און זיך אַרײַנכאַפּן אין יידישן טעאַטער.

ביי די אָרגונס איז געווען דער זאַמל־פּונקט פאַר דער יוגנט־אינטעליגענץ. אויך דער ליטעראַרישער קרייז ביי דער יידישער גימנאַזיע האָט דאָרט געהאַט זיין קלוב. יעדן שבת פלעגט מען זיך טרעפן. לייענען אייגענע געשריבענע, אָדער רעפעראַטן וועגן יידישע און פּוילישע קלאַסיקער.

דער בעל־הבית, פּיוול אָרגון, פלעגט מיט נחת זיך צוהערן, ווי יונגוואַרג איז אָנגעשמעקט מיט נייע אידייען און גיבן א נייעם פשט אויף פּרצן, מענדעלען, וויספּיאַנסקין און מיצקעוויטשן. אין דעם גימנאַזיסטן־קרייז איז מיין טייערער יוגנט־חבר פּיוול וויניק און איך געווען די איינציקע „ציווילע" מיטגלידער.

די אַרבעט אינעם קרייז האָט באמת דערנענטערט די פּאָלאָניזירטע יידישע יוגנט צו יידיש און יידישער שאַפונג.

כעלם האָט אויך געהאַט חלוצים ווי, וואָווקע גאָטליב א.א. און א שטאַרק אידעאַליסטישע לינקע יוגנט, וואָס האָט אַרײַנגעצויגן אַ סך שטודירנדע אין זייער קרייז, געפירט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט אויך צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. אונטער פאַרשיידענע נעמען אָנגעהאַלטן לאָקאַלן, אָפט פאַרראַטן געוואָרן און אַרײַנגעפאַלן אין די טייוולאָנישע הענט פונעם געהיימאַגענט וויקוש: אַ סאַדיסט, וועלכער איז געווען באַרימט מיט זיינע פייניקונגען. דער נאָמען וויקוש איז געווען אַ שרעק־פויגל. דאָך איז די באַוועגונג געוואַקסן און פאַרכאַפּט א גרויסן טייל פון דער יידישער יוגנט. וועגן דער גרויסער ראָל, וואָס דער „בונד" האָט געשפּילט פאַר אַ סך יאָרן און כמעט אָנגעפירט מיט אַלע צווייגן פון יידישן לעבן אין כעלם, ווערט אוודאי באַזונדער געשריבן.

* * *

צווישן א סך כעלעמער זכרונות געדענק איך די דאָזיקע ווערסיע פון דער גולם־לעגענדע אין כעלם:

נתן אויסבעל, פרעגט אין זיין בוך „דער אוצר פון יידישן פאָלקלאָר", וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן אין ניו־יאָרק, 1948, צי האָט פּרוי מערי שלי, די מחברטע פון „פראַנקענשטיין", געוווסט וועגן דער לעגענדע פון כעלעמער גולם?

איך וויל אין דעם כעלעמער יזכור־בוך פאַרצייכענען די כעלעמער ווערסיע וועגן גולם ווי איך האָב זי געהערט און „געזען" אין מיינע חדר־יאָרן.

איבער דער ווייבערישער אַלטער שול איז, געווען א בוידעם־שטיבל פול מיט פסולע שמות. דאָס „שטיבל" האָט אַלע חדר־יינגלעך געשראָקן. אפילו קוקן אין דער זייט פון „שטיבל" האָט מען מורא געהאַט. צוליבן מאַנגל אין א חדר־צימער אינעם תלמוד־תורה בנין איז מיר באַשערט געווען צו לערנען איין זמן אין דער ווייבערשער שול. אַז מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען די פּאָר טרעפּלעך, וואָס פירן צום „שטיבל", האָבן מיר געהאַלטן די ציצית אין דער האַנט און געזאָגט:

גולם, גולם שטיי נישט אויף
פסולע שמות איז דיין סוף.

אונדזער רבי, הערשל „פּיפּקע" (ווייל ער האָט געהאַט א וואָרצל אין מיטן שטערן, האָבן מיר אים גערופן הערשל פּיפּקע), האָט אונדז געוואָרנט ניט צוצוגיין נאָענט צום „שטיבל". מאַכט זיך איין פּרימאָרגן, דער רבי ווערט קראַנק, און זיין טאָכטער קומט אונדז אָנזאָגן, אַז מיר זאָלן חזרן די סדרה ביזן אָנבייסן, ד.ה. ביז 12, און דערנאָך אַהיימגיין. אין שול־הויף זאָגט צו מיר מיין חבר, משה טאָרבינער (א דאָרפיש יינגל, א ביסל עלטער פון מיר): קום „ארויף", לאָמיר זען דעם „גולם". כ'האָב ניט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון ניט צו באַגיין דעם חטא און זיך געלאָזט גיין נאָך אים, מיט די ציצית אין די הענט און מיט ציטערנדיקע טריט, האָט מיין חבר דער ערשטער געעפנט דאָס טירל פון „שטיבל". מיר האָבן ביידע געמורמלט די תפילה:

גולם, גולם שטיי נישט אויף
פסולע שמות איז דיין סוף.

איך האָב געזען א פול „שטיבל". א באַרג שמות.

אז די שמות זיינען דעם גולמס גוף, דאָס האָבן אַלע געוווסט.

דערציילט האָט מען אזוי: —

מיט א סך יאָרן צוריק האָבן זיך גויים געמאַכט א מאָדע: אַלע דינסטאָג, בעתן יאַריד, זיך גוט אָנשיכורן און שלאָגן, מזיקן יידן, פאַרטרייבן זיי פון די קרעמלעך. האָט דאָס דער אַלטער רב ניט געקאָנט צוזען. האָט דער רב תעניתים געפאַסט און געמאַכט פון שניי א ריזיקן מענטש, אַרײַנגעבלאָזן אין אים א רוח־החיים, ער זאָל זיך אָננעמען פאַר די יידן. דעם צווייטן דינסטאָג האָבן זיך די שיכורע גויים געלאָזט ווילגיין ווי פריער: געשלאָגן, געהרגעט די יידן. האָט זיך מיט אַמאָל באַוויזן דער גולם מיט א האַק אין האַנט. 10 גויים האָבן זיך אויף אים געוואָרפן, געשטאָכן מיט מעסערס, אָבער קיין בלוט איז ניט גערונען, פונקט ווי מען שטעכט אין שניי. אָבער דער גולם האָט זיי די קעפּ צעשפּאָלטן און זיי זיינען צעבלוטיקטע צעלאָפן אין אַלע לעכער. איז אויסגעבראָכן א שריפה אין שטעטל, האָט דער גולם געשלעפּט פעסער וואַסער און פאַרלאָשן דאָס פייער. קיינער האָט ניט געוווסט ווער ער איז, פון וואַנען ער קומט, ווו ער פאַרשווינדט און ווי ער הייסט.

אויף די ירידים איז שטיל געוואָרן. די גויים האָבן מער ניט געטשעפּעט קיין יידן. פאַרקערט, זיי האָבן דרך־ארץ געקראָגן פאַר די יידן און מורא געהאַט צו ריידן א הויך וואָרט. א לאַנגע צייט איז אין כעלם געווען שטיל: ניט קיין שריפות און ניט קיין געשלעגן. יידן האָבן אין דער שטיל גערעדט צווישן זיך, אַז דאָס איז געווען אליהו הנביא, וואָס האָט זיי געראַטעוועט.

מיט איינמאָל באַווייזט זיך אין מאַרק דער זעלבער גולם מיט א האַק אין האַנט און הייבט אָן דורס זיין רעכטס און לינקס, יידן און גויים. אין שטעטל ווערט א בהלה. אין א פּאָר טעג ארום — ווידער דאָס אייגענע. מען באַהאַלט זיך אין די הייזקעס. דער גולם רייסט די לאָדן ברעכט שויבן. דער אַלטער רב האָט געהאַט צער און א סך עגמת־נפש. האָט ער ווידער געפאַסט תעניתים, זיין גוף געפייניקט, ביז ער האָט אים פאַרשאָלטן, אַז פון זיין גוף זאָל ווע'ן אַ באַרג מיט פסולע שמות.

אינעם בוידעם־שטיבל פון דער ווייבערשער שוהל האָט זיך דער גולם אויסגעצויגן אויף דער ערד און פון אים איז געוואָרן א באַרג שמות.

* * *

דאָס איז אַ טייל וואָס איך געדענק פון כעלם, די שטאָט ווו כ'האָב פאַרבראַכט מיינע יונג־יינגלשע יאָרן, און גוט וואָס די „כעלעמער חכמים" ווערן פאַראייביקט אין די טאָוולען פון יזכור־בוך.

# אייניקע זכרונות

ב. אַלקוויט איז מיין פּען־נאָמען פון אליעזר בלום. געבאָרן אין דעם טאָל פון דער גרויסער יידישער אָרעמקייט — אויף דער „נייער צאַל" (פּאָטשטאָווע אוליצא), אין דער עיר ואם בישראל, כעלם, דעם 7־טן דעצעמבער, 1896. (די דאַטע איז נישט קיין זיכערע. ס'האָט דעמאָלט געדאַרפט זיין דער לעצטער טאָג חנוכה. דער אויל אין דעם חנוכה־לעמפּל פון אויסגעהוילטע קאַרטאָפלעס איז שוין געווען אויסגעברענט, די קנייטלעך פאַרלאָשן).

איך, דער עלטסטער זון פון שלום און העניע־ביילע, וואָס האָבן געהאַט — איך ווייס נישט גענוי וויפיל קינדער. ס'הייסט געווען זיינען מיר דריי. אָבער אין מיין צייט איז ביי אונדז געווען אַ הויכער פינצטערער ייד, אַ שווייגנדיקער, מיט א לענגלעך קעסטל, וואָס ער האָט געטראָגן אָנגעהאַנגען אויף אַ זייט, איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרץ געוואַנט. אזוי האָט מען אים קיינמאָל ניט געזען, נאָר ווען קינדער זיינען געשטאָרבן איז ער אויסגעוואקסן ווי אַ שאָטן פון דעם ניט־געזעענעם, איילנדיק, זיך אריינגעכאַפּט אין אַ שטוב און מיט א קינד אין קעסטל אוועקגעאיילט איבער דער גאַס. קיינער איז אים נישט נאָכגעלאָפן. קליינע קינדער מאַכט מען נישט קיין לוויות. ווי אָפּט דער ייד האָט זיך אריינגעכאַפּט צו אונדז, אזוי אָפּט. איינמאָל האָט די מאַמע איינגעפּאקט אַ פּאָר זאַכן, גענומען די קינדער און אויפגעהאַנגען אַ שלאָס אויף דער טיר. אָבער כדי דער מלאך המוות זאָל נישט מיינען, אז דאָס זיינען מיר געגאַנגען צו דער מומען, וואָס האָט געוווינט ביים עק שטאָט, אויפן וועג צום וואַלד, אויף א קורצן באַזוך, אז מאָרגן וועלן מיר צוריקקומען, האָט די מאַמע געגעבן דעם טאַטן א שטיקל קרייד און אים געהייסן שרייבן.

און דער טאַטע האָט געשריבן מיטן קרייד אויף דער טיר. ער האָט אויסגעציקלט א ב"ה היום יום ג' פּ' במדבר. און געשריבן כהאי לשנא: זיי ויסן אז מיר וווינען דאָ נישט מער, דרום, דארפסט זיך נישט מטריח זיין צו קומען אַהער.

וווינען אין סאַליעס האָבן מיר נישט געוווינט. אָבער ווער געדענקט נישט די רחבות פון א כעלעמער שטוב! און ס'איז דאָך געווען נישט נאָר די שטוב. ס'איז געווען אונדזער גאַס און איין פענצטער האָט ארויסגעקוקט צו אַ הויף, וואָס האָט געקלעטערט באַרג ארויף מיט דעם טאַטנס פאַרבן, לייטערס און מכשירים — דער טאַטע, שלום פּיניעלעס האָט מען אים גערופן, איז געווען אַ מאַליער — זומער אַ מאַליער, ווינטער — אַ גלעזער.

אז כעלם איז אַן אַלטע, זייער אַלטע יידישע שטאָט, האָב איך זיך דערוווסט ערשט שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען ווייט פון דער היים. איינמאָל, נאָך שפּעטער, האָט א פריינד מיר געגעבן אַ בילד פון כעלם, אַ ראַדירונג, ארויסגענומען פון אַ בוך: „געטאָס אין פּוילן". דער פריינד, מיינער אַ קאָלעגע, וויסנדיק, אז איך בין אַ כעלעמער, האָט עס געבראַכט א מתנה. אָבער דאָס בילד האָט מיך ממש פריטשמעליעט: אזוי אַלט, מיט אזא עלטער — ווי אומפאַרענדערט פון מיטלאַלטער ארויס — און אזוי פאַרזונקען אין מרה שחורה, איז כעלם אין מיין צייט נישט געווען. אזא אביונות האָב איך דאָרט קיינמאָל נישט געזען. אונדזער אָרעמקייט האָט געהאַט אַ ביסל גראָז, אין אונדזער דלות איז געווען פאַרב און געלעכטער און דער באַרג מיטן הויף ביי אונדזער פענצטער, פליכיק ער איז געווען, איז געווען אַ באַרג פאר קינדער. ס'איז געווען אַ יונגע שטאָט, אַ שטאָט פון טאַטע־מאַמע מיט פּעטערס און מומעס און שבת־אויבס.

דער קינסטלער פון דער ראַדירונג איז, האָב איך געפילט, אַ היפּאָכאַנדריאַק. אויפן מאַרק איז ער נישט געווען, נישט געזען די כעלעמער אין דעם אָנגעפּאָר פון פויערים מיט די פויערטעס און זעלנער ארום שטעלן מיט סטענגעס און פּאַטשערקעס, און זיצערקעס מיט פייער־טעפּ, מיט בייגל און באָבעלעך, הייסע באָבעלעך. נישט געהערט פון די בעלי־מלאכה, אונדזערע קאַמאַשנמאַכערס און היטלמאַכערס, די אָפּיצערסקע היטלען, וואָס זיי האָבן געמאַכט און געשריען, מיט די שוסטער און שניידערס, אלע אינאיידעם: „דאָלאָי סאַמאָדיערזשעץ!" און אין די חסידים־שטיבלעך האָט ער נישט אריינגעשמעקט. היינט די פאַבריק, די גיסערײַ, ווו קיין יידן האָבן טאַקע נישט געאַרבעט, קיין יידן האָט מען נישט צוגעלאָזט, אָבער מיר האָבן געהאַט דעם פייפער: ווען די פאַבריק האָט געפייפט האָבן מיר געוווסט, אז ס'איז צוועלף אזייגער, איצט גייען זיי עסן.

אָבער ס'איז פּאָרט געווען אַ בילד פון דער געגנט ווו מיר האָבן געוווינט. וואָס איז געשען? האָט די שטאָט זיך אזוי געענדערט? האָב איך זיך אזוי געענדערט? אָן וועלכן עס איז קאָנטאַקט מיט לאַנדסמאַנישן לעבן, האָב איך אפילו געקאָנט אַ קלער טאָן מיט צווייפל צי איך בין טאַקע געבאָרן געוואָרן אין כעלם, איך מיין, צי אין כעלם גופא — אפשר גאָר אין איינער פון די כעלעמער מעשיות.

סיווי, די כעלעמער מעשיות זיינען דאָך אויך כעלם. אָבער היות אין די מעשיות זיינען נישטאָ קיין קינדער — מסתמא ווייל קינדער נעמט מען נישט אויף קיין אסיפות, ווער שמועסט נאָך אסיפות, ווי אין די כעלעמער מעשיות — קערן מיר זיך אום צו כעלם.

די דערציאונג, וואָס איך האָב געקראָגן, איז געווען, וואָס מען רופט „טראַדיציאָנעלע דערציאונג", חוץ אין איין פּרט, די מלמדים האָבן אויף מיר נישט געהאַט קיין געדענקלעכע השפּעה, נישט צום גוטן און נישט צום שלעכטן. איך קאָן מיך נישט באַקלאָגן, אז א כעלעמער האָט מיר אויפגעגעסן מיין ברויט מיט איינגעמאַכץ אָדער, אז א מלמדקע האָט מיך געשיקט גיין אַ גאַנג, כ'זאָל איר קויפן פאַר אַ גראָשן סמעטענע, פּאָטשמעטאַנע מיט טשאַרוועטשאַנע קעז. (פּאָדשמעטאַנע איז מסתמא פּאָדסמעטאַנע, וואָס דאָס מיינט זויער־מילך, אָבער דעם קעז — איך האָב שוין געגעסן אַלערליי קעזן, שווייצאַרישע און פראַנצייזישע, האָלענדישע, איטאַליענישע און קעזן, וואָס מ'זאָגט נישט אויס פון וואַנען זיי קומען, אָבער וואָס פאַראַ קעז דאָס איז געווען, דער כעלעמער טשאַרוועטשאַנע קעז וואָס מ'האָט געקראָגן ווי אַ צוגאָב צו סמעטענע מיט פּאָדשמעטאַנע — און דאָס אַלץ פאַר א גראָשן — איז פאַר מיר אַ רעטעניש נאָך ביז אויף היינטיקן טאָג).

וואָס ס'איז מיר געבליבן פון לערנען אין די חדר־יאָרן, איז וואָס דער טאַטע האָט מיט מיר געלערנט. בכלל זיינען מיינע איינדרוקן פון יענע יאָרן — איך מיין איינדרוקן אין רעטראָספּעקט, מיינסטן פון מאָמענטן מיטן טאַטן. ער פלעגט, למשל, יעדן זומערדיקן שבת בייטאָג מיט מיר לערנען פּרק — פּונקט ווען כ'האָב זיך געדאַרפט שפּילן מיט חברים אין דרויסן — נישט געקאָנט געפינען קיין מער פּאַסיקע צייט. דעמאָלט, שטעל איך מיר פאָר, ווען די מאַמע איז ארויסגעקומען מיך רופן, דער טאַטע דאַרף מיך, האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס מען וויל ארונטערזעצן דעם קייסער. איינמאָל אין אַ שבועות, דעם צווייטן טאָג, איז ער נאָך אַ קורצן שלאָף אויפגעשטאַנען צו גיין אין שוהל

אריק. ס׳איז נאָך געווען ווייט צו מנחה. איך בין אים נאָכגעלאָפן. צי כ׳וויל מיטגיין, האָט ער געפרעגט, תהלים זאָגן. היינט איך דוד המלך׳ס יאָרצייט, האָט ער געזאָגט.

דוד המלך׳ס יאָרצייט? דאָס האָט, אַפּנים, אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. דער יאָרצייט האָט פאַרבונדן דוד המלך מיט געשטאָרבן, דאָס האָט אים פאַר מיר ממש מחיה מתים געווען — נאָך אַ מינוט און איך וואָלט געהערט ווי דוד שפּילט אויף זיין האַרף. אָבער ס׳איז געווען קאַלט אין דער שוהל און אזוי ווייניק יידן. איך בין געווען דאָס איינציקע ייִנגל אין דער גאַנצער גרויסער קאַלטער שוהל מיט די שווערע העַנגלייכטערס, הענגענדיק אויף קייטן איבער די תהלים־זאָגערס. דאָס קול פון יעדן זאָגער האָט געהאַט נאָך אַ קול, אַ ווידער־קול, וואָס האָט געזאָגט איבער אים: אשרי האיש — געזאָגט און געקלונגען איבער די הענגלייכטער צווישן די קייטן: למה רגשו גוים און למנצח, בנגינות, מזמור לדוד. איך האָב געציטערט פון קעלט. דער טאַטע האָט מיך גענומען ביי דער האַנט. אין דרויסן האָט אונדז ארומגענומען א ליבע וואַרעמקייט. ער איז מיט מיר געגאַנגען א ביסל שפּאַצירן, ארויף צו דער לובלינער גאַס און ווייטער ארויפצו, צום רוביעשאָווער וועג, צום וואַלד — דער כעלעמער וואַלד, ווו מ׳האָט געקליבן האָלץ און שוואָמען אין דער וואָכן און אין די זומערדיקע שבתים איז מען געגאַנגען אויף מאַיאָווקע, געקליבן יאַגעדעס, געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער — און ביי מיר איז געבליבן דאָס געפיל, אז אויף דעם וועג האָט מען אויך שפּאַצירנדיק געהאַלטן דוד המלך׳ס יאָרצייט.

דריי ברידער זיינען מיר געווען און ווען דאָס פערטע קינד איז געבאָרן געוואָרן, א מיידל, איז די מאַמע געשטאָרבן און מיט דעם האָט זיך געענדיקט דאָס צוזאַמענלעבן פון דער משפּחה. דאָס מיידעלע, הענעביילע, מיין שוועסטער מיט דער מאַמעס נאָמען, איז געשטאָרבן אין די קינדער יאָרן, געשטאָרבן פון הונגער אין די מלחמה־יאָרן. דער טאַטע איז שוין נישט געווען. ער איז געשטאָרבן קורץ נאָך דער מאַמען. מיך, דעם שוין דערוואַקסענעם, צוועלף יאָריקן האָט מען געשיקט צו אַ מומען אין לובלין. פון דאָרט בין איך אַוועק קיין וואַרשע, ווו כ׳האָב אויך געהאַט קרובים. נאָכדעם קיין ווין. דאָ בין איך אריינגעפאלן אין אַן עלנט, ווי אין אַ טיף וואַסער, איבערן קאָפּ. אָבער דאָ, אין ווין, האָב איך זיך באַקענט מיט א יונגן רעוואָלוציאָנער, עליאַש גוטאָרינסקי (בראַגינסקי אין דער היים, אין דער קיעווער געגנט) און דאָס איז געווען מיין ערשטע פריינדשאַפט מיט א דערוואַקסענעם מענטש. אין 1914 בין איך אָנגעקומען קיין אמעריקע, און ביז 1920, ביז איך האָב זיך באַקענט מיט יעקב גלאַטשטיין, האָט קיין פריינדשאַפט נישט געהאַט אויף מיר אזא השפּעה ווי די קורצע פריינדשאַפט מיט עליאַש׳ן.

אין ניו־יאָרק בין איך געגאַנגען אין נאַיט־סקול, געאַרבעט אין אַ שאַפּ, נאָכדעם געלערנט אין פּרעפּעריטאָרי סקול, אין 1920 זיך אָנגעהויבן דרוקן אין זשורנאַל „אינזיך" ארויסגעגעבן פון דער גרופּע דיכטער — יעקב גלאַטשטיין, א. לעיעלעס, נ. ב. מינקאָוו, וואָס האָבן צוזאַמען מיט די אנדערע צוגעקומענע, געשאַפן די אינזיכיסטישע ריכטונג אין דער יידישער פּאָעזיע. איך בין צוגעצויגן געוואָרן צו דער גרופּע, שפּעטער געוואָרן א מיט־רעדאַקטער, געוואָרן אַ לערער אין די שולן פון שלום־עליכם פאָלקס־אינסטיטוט, זיך באַטייליקט מיט לידער, דערציילונגען און עסייען פון ליטעראַטור קריטיק אין דער „פעדער", „פרייע אַרבעטער שטימע", „אונדזער בוך", „קינדער זשורנאַל", „קערן", „קולטור", „האַמער", „אויפקום", „יידיש", „די פרעסע", „יידישער קעמפער", „צוקונפט", „דער טאָג"

אָט אזוי קייטלט זיך אין לעבן. אָבער צווישן די אלע פאַקטן און מיינע אויפטועו, זיינען ביי מיר עד־היום פריש די כעלעמער זכרונות.

---

ישראל קעלנער

# וואָיסלאָוויץ

20 ק״מ פון כעלם געפינט זיך וואָיסלאָוויץ, וואָס האָט געציילט 300 יידישע משפּחות. אָרעם איז געווען דאָס יידישע לעבן אין שטעטל, אָבער זייער פרום. עס איז געווען אַ בית־המדרש, אַ שוהל און חסידישע שטיבלעך. יעדע כתה חסידים האָט געהאַט איר שטיבל. עס זיינען געווען גערער חסידים, טריסקער, ראַדזינער, בעלזער, וולאָדאַווקער און קאָצקער חסידים.



ישראל קעלנער, אינדוסטריעלער און געזעלשאַפטלעכער טוער אין קייפּטאָן

געהאַט האָט וואָיסלאָוויץ אַ רב, וואָס האָט זיין פּרנסה געהאַט פון פאַרקויפן הייוון. דער רב האָט אויך זיך דערנערט פון שחיטה, הגם דאָס שטעטל האָט געהאַט 3 שוחטים, וואָס זיינען געווען לומדים און פיינע בעלי־תפלות.

די יידישע פּרנסות זיינען געווען ווי אין אלע שטעטלעך פון פּוילן. עס זיינען געווען קרעמער, הענדלער און בעלי־מלאכות. א גרויסע צאָל סאַדאָווניקעס זיינען אין שטעטל געווען, וואָס פלעגן דינגען סעדער און פאַרקויפן די פּרוכט אין געגנט.

שטיל און אידיליש איז געווען דאָס לעבן אין שטעטל נאָכן ערשטן וועלט־קריג. אין צייט פון קריג האָבן וואָיסלאָוויצער יידן זיך עוואַקואירט קיין בערדיטשעוו. אין 1918 האָט זיך דאָס לעבן ממשותדיק געביטן. נייע ווינטן האָבן געבלאָזן. די יוגנט איז געוואָרן ציוניסטיש־געשטימט און עס האָבן זיך גענומען גרינדן אָרגאַניזאציעס און פּאַרטייען, וואָס זיינען געווען אין פאַרבינדונג מיט כעלם.

וואָיסלאָוויץ האָט געהאט האַרציקע און גוטע יידן, וואָס האָבן געהאָלפן דעם צווייטן אין אַ נויט. עס דאַרף פאַרצייכנט ווערן לזכרון שלום קעלנער מיט זיין פרוי טייבע, וואָס זיינען געווען גרויסע מכניסי־אורחים. זיי פלעגן ביי זיך אין שטוב ארייננעמען אלע הייזער־גייער, משולחים, געבן זיי אַן אָרט ווו צו שלאָפן און עסן.

אזוינע גוטהאַרציקע יידן זיינען א סך אין מיין שטעטל געווען.

צדוק אייזן, מעלבורן

# דערמאָנונגען

## די חברה־קדישא און די גרינדונג פון דער נייער תלמוד־תורה

די חברה־קדישא אין כעלם, וואָס האָט זיך געפונען אין די הענט פון בעלי־מלאכות און האָרעפּאַשניקעס, האָט זיך נוהג געווען, אַז ווען ס׳איז געשטאָרבן א גביר, אַ קמצן, האָט מען פאַרלאַנגט פאַר זיין קרקע א גרויסע סומע געלט, אויב נישט האָט דער מת געקאָנט ליגן 3—4 טעג, ביז דאָס געלט איז איינגעצאָלט געוואָרן.



צדוק ריבאייזן (צ. אייזן)

ווען „גוטעלע כאַנוס״, (גוטל אָרענשטיין), א באַוווסטע גביר׳טע אין כעלם, איז געשטאָרבן, אין 1910, איז די שטאָט „געגאַנגען אויף רעדער״. די חברה קדישא האָט איר נישט געוואָלט מקבר זיין, ביז די פאַרלאַנגטע סומע געלט וועט ווערן איינגעצאָלט. מיין פאָטער, לייזער־יאַנקעלע בלעכערמאַכער, איז געווען גבאי פון חברה־קדישא־שוהלכעל. „מלך הערש״, דער גבאי פון חברה־קדישא און מיין פאָטער, האָבן געהאַלטן מיטן בית־דין, אז מען טאָר ניט פאַרשעמען א מת, די לאגע איז געווען אַ געשפּאַנטע. די מערהייט פון דער חברה קדישא האָבן נישט געוואָלט נאָכגעבן, האָט די משפחה פון מת, נישט געהאַט קיין ברירה און געבראַכט די געפאָדערטע סומע געלט.

די חברה קדישא האָט זיך געפרייט מיטן זיג און מ׳האָט זיך גענומען צו דער ארבעט מקבר צו זיין די גביר׳טע...

פאר דעם געלט האָט די חברה־קדישא דאַן אויסגעבויט די נייע תלמוד־תורה אין כעלם, ווו 150 אָרעמע קינדערלעך האָבן געלערנט און איטלעך קינד האָט מען מלביש־ערומים געווען. צוליב דער גביר׳טעס טויט, זיינען אויפגעריכט געוואָרן א ביסל אָרעמע קינדער, און ס׳איז נאָך פאַרבליבן א שיינע מצבה — די תלמוד־תורה.

## דער „לאַנגער שמואל״

עס האָט ביי אונדז אמאָל געאַרבעט א קרוב, דער „לאנגער שמואל״ (שמואל ריבאייזן). וווּליונגעריש איז ער געווען, געדינט ביים צאַר אלס „דראַגונער״, שטענדיק האָט ער זיך געחברט מיט ווילע יונגען.

וויפיל מען האָט אים נישט געמוסרט, אז עס איז נישט שיין זיין הנהגה, האָט נישט געהאָלפן. ער האָט געענטפערט: „איך בין געבאָרן א ייד און א ייד וועל איך שטאַרבן. אז א גוי וועט באַליידיקן א ייד, וועט ער קיין לעבעדיקער נישט ארויס פון מיינע הענט!״

אזוי איז עס טאַקע געווען.

עס איז אמאָל א פויער אריינגעקומען צו אונדז אין געוועלב קויפן געשיר, האָט ער זיך געדונגען מיט מיין מוטער וועגן פרייז און איר באַליידיקט, אָנרופנדיק איר: „זשידאָווסקאַיאַ־מאָרדאַ״. דאָס האָט דעם „לאנגן שמואלן״ אונטערגעטראָגן. האָט ער לאנג נישט געטראַכט און דעם פויער גוט צוקלאַפּט. ווען אנדערע פויערים מיט א פּאָליציאנט האָבן זיך געוואָרפן אויף אים, האָט ער אלעמען גוט מכבד געווען און אנטלאָפן.

פאַר אַ לאַנגער צייט האָט אים דאַן די פּאָליציי געזוכט, מיין פאָטער האָט אים אויסגעלייזט מיט עטלעכע רובל, אָבער ער, דער „לאַנגער שמואל״, האָט אלץ געהאַלטן, אז א ייד טאָר זיך נישט לאָזן באַליידיקן...

ווען די היטלער־מערדער זיינען געקומען אין כעלם, האָבן זיי דעם „לאַנגן שמואלן״ אויסגענוצט צו פארשיידענע שווערע ארבעטן, און ווען זיי זיינען געוואָר געוואָרן, אז ער האָט געאַרבעט ביי דער חברה־קדישא, האָבן די היטלעריסטן אים געגעבן די ארבעט צו באַגראָבן די יידישע קרבנות.

דער „לאַנגער שמואל״ איז געווען שוין ניט יונג און צעבראָכן מיט גרויסן ווייטאָג און צער האָט ער אויסגעפירט די באַפעלן פון די היטלער־רוצחים. נאָך יעדן יידישן קדוש, וואָס ער האָט מקבר געווען, האָט ער ביטער געוויינט און געזאָגט קדיש.

## אויסגעמידן א פּאָגראָם

אין 1918 האָבן די פּאָליאַקן איבערגענומען די מאַכט פון די דייטש־עסטרייכישע אָקופּאַנטן אין פוילן. ס׳איז געווען ווינטער־צייט, אין אַ שבת־טאָג, געפינענדיק זיך אין דעם אַרבעטער־הויז פון „בונד״ אין כעלם, האָב איך באַמערקט ווי דר. פענסטערבלוי האָט גערעדט מיט א גרופּע יידישע ארבעטער, אין גרויסער אויפרעגונג. דער ענין איז געווען אַן ערנסטער. די פּאָליאַקן אין שטאָט האָבן זיך געגרייט דורכצופירן א פּאָגראָם, מאַכן אַן איבערפאַל אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין כעלם. אויפן קומענדיקן טאָג, זונטאָג פרי, נאָכן אָפּריכטן דאָס גאָטעס־דינסט אין קלויסטער, האָט מען גערעדט, אז דער בלוטיקער אַקט וועט אויסגעפירט ווערן, מיט דער הילף פון די ארומיקע פויערים, וואָס זאָלן קומען ספּעציעל פאר דעם אָ צוועק אין שטאָט.

דר. פענסטערבלוי מיט אַנדערע ארום אים זיינען געווען שטאַרק באַאומרואיקט און אויפגערעגט. די צייט איז געווען קורץ אויף עפּעס צו טאָן, אויף צו אָרגאַניזירן א זעלבסט־שוץ, דאָס האָט געמוזט געטאָן ווערן אין גרויסער איילעניש. די יוגנטלעכע, וואָס האָבן זיך גראָד געפונען דאַן אינעם לאָקאַל פון „בונד״, זיינען געוואָרן אויסגענוצט אַלס שלוחים, צוזאַמענצורופן רעפּרעזענטאַנטן פון פארשיידענע יידישע אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך געוויסע פּריוואַטע פּערזאָנען, דאָקטוירים און מענטשן וואָס קאָנען פאַרטיילן ערשטע הילף.

צו דער אייליקער פאררופענער קאָנפערענץ זיינען געקומען פאָרשטייער פון אלע ריכטונגען מיטן אויסנאָם פון די רעכטע ציוניסטן און אָרטאָדאָקסן. די דעבאַטן זיינען פאָרגעקומען שטאַרק געהיים.

א גאנצע נאַכט האָט מען געגרייט זיך, אז יעדע יידישע גאַס זאָל האָבן איר פּאַרטיידיקונג־פּונקט און ערשטע הילף־פּלאַצווקע. מען האָט אָבער גאדאַרפט האָבן עטלעכע זיכערע ערטער פאַרן געווער. דאָס קוזמיר־שטיבל איז באַשטימט געוואָרן צו זיין א פּונקט, ווו עס זאָל ליגן צוגעגרייט געווער. אָבער די בעלי־

הבתים פון שטעטל האָבן אָבער אָפּגעזאָגט און געוואָלט צו וויסן געבן דער פּאָליציי פונעם גאַנצן ענין. איז מען אוועק אינעם קצבים־שוהלכל, וואָס האָט זיך געפונען אין שכנות פון דער גרויסער שוהל. דאָרט זיינען באהאלטן געוואָרן ביקסן מיט גראַנאַטן, וואָס זיינען אויסגעהיט געוואָרן צווישן די ספר־תורה׳ס.

עס האָט זיך דאַן צו די אויפגערייצטע פּאָליאַקן דערטראָגן, אַז די יידן גרייטן זיך צו פאַרטיידיקן, און זיי האָבן אַ סך געווער מיט אַן אָרגאַניזירטער זעלבסט־שוץ, האָט עס אָפּגענומען דעם חשק ביי די צעהיצטע פּאָליאַקן און זייער געפּלאַנטער פּאָגראָם אויף דער כעלעמער יידישער באַפעלקערונג איז אויסגעמידן געוואָרן.

## אָפּגעראַמט א יידישן מסור

ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1914, בעת דער רוסישער מיליטערישער „שטאַב" האָט זיך געפונען אין דער געביידע פון ה׳ בעריש קופּער, אויף לובלינער 27, האָט זיך דאָרטן אויך געפונען א יידישער זעלנער פון קיעוו, וואָס איז געווען א מסור. די ארבעט זיינע איז באַשטאַנען צו מסרן יידן.

איינמאָל האָט דער דערמאָנטער מסור אָנגעטראָפן אין גאַס, טאַקע נישט ווייט ווו דער „שטאַב" האָט זיך געפונען — א יידישן בעל־מלאכה (פישל שניידערס א ברודער, א טאַנדעטניק) און האָט ביי אים געפרעגט, ווו עס געפינט זיך דער „שטאַב". דער ייד האָט נישט פארשטאַנען קיין זאך, נישט געוווסט די געפאַר, בפרט ווען אַ יידישער זעלנער האָט אים געפרעגט די פראַגע, האָט ער אים אָנגעוויזן אויפן אָרט, ווו דער „שטאַב" האָט זיך געפונען.

באלד נאָכדעם איז דער יידישער בעל־מלאכה אוועקגעריסן געוואָרן פון זיין ווייב און קינדער און פארשפאַרט געוואָרן אונטער די גראַטעס פון תפיסה.

יידישע בעלי־מלאכות אין כעלם האָבן באשלאָסן אָנצולערנען דעם מסור. זיי האָבן אים געהאַלטן פארשפאַרט, ריזיקירנדיק מיט זייערע אייגענע לעבנס ביז דער דייטש האָט פארנומען כעלם, דאַן האָבן זיי אים איבערגעגעבן דער נייער מאַכט.

---

רבקה שרויט

# יידן פון מיין שטאָט

עס איז געווען אין מיין היימשטאָט כעלם, אין יאָר 1905. אין שטאָט האָט מען זיך אָנגעהייבן ריכטן אויף עפּעס און דער „עפּעס" האָט געשראָקן. און מיטאַמאָל אַ פרייד: קאָנסטיטוציע. קינד און קייט, אַלט און יונג זיינען ארויס אויף די כעלעמער גאַסן מיט געזאַנג און מיט שמחה. אָבער פּלוצים, גאָר אין גיכן, האָט מען גענומען לויפן אין גרויס בהלה, נישט געוווסט ווו זיך צו באַהאַלטן פאַר די סאָלדאַטן און זשאַנדארן, וואָס האָבן מערדערלעך געשלאָגן.

אַז עס איז נאָר־וואָס שטילער געוואָרן האָט מען אין כעלם געזונגען אַ פאָלק־לידל אַזוי:

צאַר ניקאָלאַי האָט געגעבן קאָנסטיטוציע
און באַלד גענומען צוריק:
ער האָט געהאָלט אָפּשטעלן די רעוואָלוציע
מיט זיין חזירשער פּאָליטיק.

אין דער הרוביעשויווער גאַס איז געווען אַ „וואָיענער שפּיטאָל" מיט אַן אייגענעם „וואָדע טשאָנג" (וואַסער־לייטונג) און זייגערס, וואָס א יידישער זייגערמאַכער האָט אָנגעדרייט איין מאָל אַ וואָך. אַ ביסל העכער, איז געוווען דער „אַלטער" שפּיטאָל פאַר ציווילע מענטשן, דערביי אַ „פּריווט" פאַר קריסטלעכע יתומים. אין דער אַנדערער זייט פון שאָסיי זיינען געווען די קאַזאַרמעס, ווו ס׳האָט געדינט דער „מאָסקווער פּאָלק". זייער אָפּט האָט מען געקאָנט הערן פון פענצטער אַ יידישן „נאָוואָבראַנעץ" זינגען פון בענקשאַפט אין גאַס־אַריין:

אין דער היים בין איך געגאַנגען,
אין שיך און אין שקראַבעס,
היינט מוז איך זיין
ביי פאָניע גנב אויף שבת.
אוי, פאָניע, פאָניע גנב, פאָניע, פאָניע גנב,
אוי, פאָניע איז אַ גנב, איינס, צוויי, דריי.

און די איינוווינער פון דער הרוביעשויווער גאַס, וואָס איז באַשטאַנען פון אָרעמע בעלי־מלאכות, לאַטוטניקעס, שטריקנדרייער, גלעזער, מאַרק־זיצערינס, „קאַטאַרינאַזשעס" און — גנבים, האָבן זיך צוגעהערט צום געזאַנג מיט ברודערלעכן געפיל און געזוכט צו קריגן אַן אורח אויף שבת.

ס׳איז אויך געווען אַ וואַסער־פּלומפּ אין דער דאָזיקער גאַס, וואָס פלעגן זומער, אין די היצן, אויסטריקענען, און ווינטער, אין די פרעסט, פארפרירן. אָדער אזוי אַ ביסל אָנברוגזן זיך, און אַז ער איז שוין געווען מיט אַלעם איז אָפט געקומען צו קריגעריי צווישן די יידן און פּאָליאַקן, ווען ס׳קומט פריער צו קריגן וואַסער.

ביי דער ראָגאַטקע האָט זיך געענדיקט די הרוביעשויווער גאַס און עס האָבן זיך אָנגעהויבן צוויי אַנדערע גאַסן: איינע, די לובלינער, אויפן באַרג, די צווייטע, די „נייע צאַל", אין אַ טאָל. זי האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער „טעכניטשנע שקאָלע" און אַן אייזן־פאַבריק, און באַלד זיך אָפּגעטיילט מיט קליינע, קרומע הייזלעך, מיט טיפע, פייכטע סיטערינעס מיט קליינע פענצטערלעך אין דער ערד, דורך וועלכע מ׳האָט קוים געקענט זען אָדער הערן מענטשלעכע טריט.

אָט אין דעם אָרעמען יידישן טייל פון שטאָט האָבן זיך געפונען וואַרשטאַטן מיט נייטאָרינס, סטאָליאַרעס, טאָקערס און שוהלעכלעך, קלויזן, שטיבלעך מיט חסידים, מיט שטענדיקע קריגערייען איבערן „טריסקער" און „קוזמער".

ביז דער טריסקער רבי האָט פאַרשאָלטן דעם קוזמער רבין, אז ער זאָל נישט האָבן קיין קינדער, און דער קוזמער רבי האָט פאַרשאָלטן דעם טריסקער, אז ער זאָל נישט האָבן קיין באָרד. כאָטש מ׳האָט דערציילט, אז זיי האָבן שפּעטער חרטה געהאַט, נאָר ס׳איז שוין געווען פאַרפאַלן.

נאָר דער קוזמער רבי האָט זיך געהאַלטן מיטן פאָלק, אזוי צו זאָגן. אַז עס איז געקומען שמחת־תורה האָט ער געפירט די הקפות אין דער גרויסער כעלעמער שוהל. כאָטש אַ הינקעדיקער, איז ער פון דעסטוועגן נישט מיד געוואָרן טאַנצן און זינגען. נאָך דעם האָט מען זיינע ניי־געפאַנגענע ניגונים געזונגען צו זמירות, מ׳האָט זיי געזונגען אין די וואַרשטאַטן און אויך אַ מאָל צו אַ טאַנץ אויף אַ חתונה.

אין דער „נייער צאַל“ האָט געוווינט חיים גערגעלע, דער „פּראָשעניע“־שרייבער. ער איז געווען קליין, איז געגאַנגען שנעל, פאַרמוחט, קיינעם נישט געזען. די קאַפּאָטע צעעפנט, דעם קאָפּ פאָרויס, ווי אַ האָן, געבויגן צו דער ערד און געזוכט שמות, שטיקלעך באַשריבענע פאַפּירן, אויפגעהויבן און געשטופּט אין די קעשענעס, פּונקט ווי זיין טאַטע, דער שמאַטע־קלייבער, פלעגט שפּאַרען דאָס אויפגעקליבענע אין זאַק אריין.

צווישן זוכן און געפינען, האָט ער דערוויל געצופּט די באָרד, די באַקן זיינען ביי אים געווען אָנגעדראָלן בלוי, ווי פּענקעס אויף אַן אָפּגעפּליקטער קאַטשקע. אָבער פּראָשעניעס האָט ער געשריבן גוט.

ער פלעגט שרייבן מיט אַן אַלטער פּען אויף דער פאַרקערטער זייט. ער האָט קיין סך ניט באַדאַרפט פרעגן זיינע קליענטן, נאָך ווינציקער געוואָלט הערן, ווייל, ווי פון דער לופט האָט ער געוווסט יעדנס טענות און לאָדענישן, אויך אָפּשטאַם, פאַמיליע און ווין־אָרט. די פּויערים פלעגן אים צאָלן מיט היימישע שפּייזפּראָדוקטן. אין סאַמע מיטן שרייבן האָט ער געקאָנט איבערלאָזן די געסט און אַוועק אין קעמערל אריין זען, צי די הינער האָבן זיך שוין געלייגט.

אַקעגן דער „נייער צאַל“ האָט זיך געהייבן די לובלינער גאַס מיטן סאָבאָר אויף א הויכן באַרג — דער שענסטער באַרג אין שטאָט, מיט ביימער און בלומען ארום די אָפּטיילונגען פון סאָבאָר, נאָר קיין יידן פלעגט מען אַהין נישט ארויפלאָזן.

* * *

די לובלינער גאַס האָט זיך געצויגן נאָך ווייטער מיט שיינע קאַמיעניצעס, מיטן טויערן און הויפן און שיינע געשעפטן, צירולניקעס, מיט אַ סך שפּיגלען אויף די ווענט.

איינער אַזאַ צירולניק (פריזירער), האָט געהייסן משה פּיטשקע דער רופא. מערסטנס האָבן זיך ביי אים געשוירן פּויערים און די אָרעמסטע פון די יידן. האָט אַמאָל פאַרבלאָנדזשעט א יונגער „פּאַצעט“ און זיך געוואָלט דאָרט אָפּשערן, האָט ער געקענט אַרויס פון אונטער זיין שער, ווי א קרימינאַלניק, איין האַלבער קאָפּ אָפּגעגאָלט, דער אַנדערער האַלבער קאָפּ מיט אַ סימן פון א פריזור.

מיט זיינע רפואות איז אויך אזוי געווען. אז מען האָט אים גערופן צו א חולה האָט ער גענומען דעם פּולס אין זיין האַנט און אָנגעהויבן אויספרעגן :

— אַז דו דעקסט זיך צו מיטן בעט־געוואַנט איז דיר הייס ?

— יאָ.

— אַז דו דעקסט זיך אָפּ, איז דיר קאַלט ?

— יאָ.

— אַז דו קוקסט אַראָפּ פון אַ באַרג פאַרדרייט זיך דיר דער קאָפּ ?

— יאָ.

— נו, דאָס איז דאָס ! מען דאַרף האַקן באַנקעס, אָדער שטעלן פּיאַווקעס, וועט בעסער ווערן.

דאָך האָט מען אים ליב געהאַט ווי אַן אייגענעם מענטשן. ווען מען האָט אים באַדאַרפט איז ער געווען און וועגן געצאָלט האָט מען זיך נישט געדונגען. מ'האָט פיינט געהאַט אָנצוקומען צו גרויסע דאָקטוירים, ווי צו לוטשקאָווסקין אָדער דעם געשמדטן ייד גענרעך, וועלכער האָט זיך געבלאָזן און געגלויבט אין דער אומשטערבלעכקייט פון יידישן פאָלק מיט אַזאַ באַוויַז, אַז יידן קאָנען עסן טשאָלנט, וואָס בלייבט אין מאָגן פון שבת ביז מיטוואָך, און בלייבן לעבן, זיינען זיי דעריבער אומשטערבלעך.

עס איז אויך געווען אין כעלם אַ גרויסע שוהל מיט אַ בית־מדרש. וועגן דער שוהל דערציילט מען, אז אויפן בוידעם ליגט דער גולם צווישן שמות און קיינער קאָן צו אים נישט צוקומען. דעריבער קאָן מען די שוהל נישט רעמאָנטירן. שוהל־חזן איז דאָרט געווען א פיינער, שטילער מענטש און א קענער פון נגינה. איינער פון זיינע געוועזענע משוררים איז איצט דער גוט־באַקאַנטער ניו־יאָרקער חזן יעקב ברייטמאַן.

אַקעגן שול איז געווען דער קליינער מאַרק מיט פיש, יאַטקעס, שטעלן מיט געבעקס, קערעלעך, הייסע בובעלעך און הייסע באָבען. אין אַן ענגן ליק האָט געוווינט יוסף איטשע הינדעס, דער פאַקענטרעגער. אַחוץ ספרים האָט ער אויך געהאַט מעשה־ביכלעך, ווי „צענטרע, ווענטרע“, „עלי רויבער מיט זעקס פינגער“, „די שיינע פייגעלע“ און דאָס וווּנדערלעכע מעשה־ביכל, „ג׳ אחים“.

מיט דער צייט זיינען די מעשה־ביכלעך לייענער אויסגעוואַקסן אַבאָנענטן פון דובקאָווסקיס פּריוואַטער ביבליאָטעק, וואָס האָט געהאַט ביכער פון אייגענער און פרעמדער גוטער ליטעראַטור. דובקאָווסקי האָט אויך געהאַט אַ צייטונג־קיאָסק מיט פאַרשיידענע צייטונגען אין סאַמע האַרץ פון דער לובלינער גאַס. נישט ווייט איז געווען דער מאַגיסטראַט, אַ קלויסטער, דער זאַקסישער גאָרטן, וווהין די יוגנט פלעגט שפּאַצירן אין די אָוונטן און מורא האָבן פאַר גוישע איבערפאַלן.

אַזוי האָט זיך געלעבט כעלם מיט איר גימנאַזיע, לערער־סעמינאַר, ישיבה, תלמוד־תורה, וועכנטלעכע יארידים, און מיטן שוואַרצן „וואַכמישטש“ און „ספּודניצע“ — אזוי האָט געהייסן דער סטראַזשניק, וואָס האָט אויסגעזען אזוי גראָב אין טאַליע, גלייך ווי ער וואָלט געווען אָנגעטאָן אין „ספּודניצעס“. מען איז שוין געווען צוגעוווינט צו זיי ווי צו דעם משוגענעם בערעלע, וואָס איז גשוגע געוואָרן זומער אין די היצן און אוועקגעלאָזט זיך מיט דער לאַנגער, בלאָנדער באָרד און שוואַרצער קאַפּאָטע איבער די גאַסן אויסטענהען זיך מיט גאָט און וועלט אין דריי שפּראַכן : פּויליש, יידיש און העברעאיש.

און דער משוגענער שושע איז אַוודאי געווען א תושב אין כעלם. אַ ייד איז ער געווען, אַ ריז, האָט געהונגערט, איז אָפּט ווינטער געגאַנגען באָרוועס, אין מיטן נאַכט האָט ער זיך געקענט אַוועקשטעלן ברומען, עפּעס ריידן און דערנאָך זיך צעלאַכן. אָפּט מאָל האָט ער גערעדט אזוי, אַז ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אָט קומט ער צום זינען, נאָר באַלד האָט זיך צוריק עפּעס פאַרפּלאָנטערט אין קאָפּ און געצוווּנגען אים צו זיין משוגע. און ווען כעלם האָט שוין געהאַלטן ביי ווערן אַ גובערניע, איז די ערשטע וועלט־מלחמה אויסגעבראָכן. מיט אַ יאָר שפּעטער האָבן די דייטשן און עסטרייכער אָקופּירט כעלם. נאָכדעם זיינען אויסגעוואַקסן פּאַרטייען, בירגערלעכע און פּראָלעטאַרישע. דאָרט האָט שמואל זיגלבוים ז״ל געשטעלט זיינע ערשטע פּאָליטישע טריט. עס זיינען אויסגעוואַקסן אַרבעטער־היימען, ביבליאָטעקן, דראַמאַטישע קרייזן, אַן אייגענע וואָכן־צייטונג. דער הונגער האָט זייער געבושעוועט, די כאָליערע און אינפלוענציע האָבן אַוועקגענומען גאַנצע משפּחות. די „לינת הצדק“ האָט אָרגאַניזירט די יידישע יוגנט, וועלכע האָט ריזיקירט דאָס אייגענע לעבן און געגאַנגען וואַכן איבער די קראַנקע אין די אָרעמע הייזער און דערלאַנגען עפּעס אין מויל אריין די פאַרטריקנטע ליפּן.

ווען ס'איז געקומען די שעה פון פּוילנס באַפרייאונג, האָבן די יידן זיך שטאַרק באַטייליקט. אָבער באַלד האָבן זיי זיך געמוזט אָרגאַניזירן קעגן די פּוילישע פּאָגראָמשטשיקעס. די כעלעמער יוגנט האָט אפילו אָנגעבראָכן די ביינער אַ גרופּע האַלערטשיקעס.

רייזל צעבער, אויסטראַליע

# ליכט און שאָטן

ווער פון אונדז געדענקט נישט די גרויסע לובלינער גאַס, וואָס האָט זיך געצויגן פונעם רייוויצער וואַלד, דורך דער פאַרשטאָט פּאָליכאַנקע, ביז דעם הרוביעשאָווער וואַלד. אין סאַמע צענטער פון דער לובלינער גאַס און ארומיקע גאַסן האָט געווימלט מיט יידן און יידיש לעבן. דאָרט האָבן זיך געפונען די יידישע געשעפטן, די בירזשע און דער באַוווסטער „רינג" פון 70 יידישע געוועלבער, וועלכע האָבן זיך געצויגן צום קליינעם מאַרק אין שכנות צו די יידישע יאַטקעס. פון דאָרט האָבן זיך געצויגן גאַסן מיט אַן אויסשליסלעכער יידישער באַפעלקערונג.



רייזל צעבער, פון דער היים — ריכטשריבער.

עס דערמאָנט זיך פרילינג, 1927. אין שטאָט האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אז די ראַדאַמער באַן־סטאַנציע ווערט אריבערגעטראָגן קיין כעלם, פאַר דעם צוועק האָט די סטאַראָסטווע איבערגעגעבן די פּלעצער — אין שכנות צו דער הרוביעשאָווער גאַס און סטאַראָסטווע — אויף צו בויען די נייטיקע געביידעס און פאַרבינדן די גאַסן פון דער באַן־דירעקציע מיט דער באַן־סטאַנציע. די באַפעלקערונג אין כעלם האָט געהאָפט, אז מיטן איבערטראָגן די ראַדאַמער באַן־דירעקציע קיין כעלם, וועלן צוקומען טויזנטער איינוווינער, וואָס זאָלן ווירקן אויפן מאַטעריעלן צושטאַנד אין שטאָט. מען האָט געהאָפט אויף גוטע געשעפטן, אויף ארבעט און אז יידישע פרנסות וועלן זיך פאַרבעסערן.

מיטן אָנקום פון זומער, 1927, זיינען אראָפּגעקומען קיין כעלם אייניקע בוי־אונטערנעמער, אינזשינערן, ארכיטעקטן און עס האָט גלייך זיך אָנגעהייבן די אַרבעט אין גרויסן מאַסשטאַב.

א דאַנק דער בוי־ארבעט האָבן פיל יידישע ארבעטער און סוחרים אויפגעלעבט. די מאַטעריעלע לאַגע אין כעלם האָט זיך פאַרבעסערט. די יידישע סוחרים־באַנק, אַן אָפּטיילונג פונעם „דזשאָינט", האָט זיך שטאַרק צעוואקסן, מיט א גרויסער צאָל מיטגלידער. אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויך געגרינדעט די קליינהענדלער־באַנק און עס זיינען אויך געווען שטאַרק טעטיק די יידישע געזעלשאַפטן אין כעלם. דאָס קולטורעלע יידישע לעבן האָט זיך באַדייטנדיק אַנטוויקלט. 2 יידישע צייטונגען — די „כעלעמער שטימע" און „כעלעמער וואָכנבלאַט" — זיינען דערשינען רעגולער, 3 יידישע ביבליאָטעקן האָבן באַרייכערט זייער ביכער־אוצר, און קיין כעלם זיינען אראָפּגעקומען די בעסטע יידישע טעאַטער־טרופּעס און לעקטאָרן.

די יידישע יוגנט אין כעלם האָט זיך געלערנט אין די יידישע און די אַרטיקע מיטלשולן, ווי תרבות־גימנאַזיע, האַנדל־שול, יידיש־פּויליש־גימנאַזיע, לערער־סעמינאַר און אנדערע. מען איז געפאָרן זיך לערנען אין די אוניווערסיטעטן פון ווארשע און לעמבערג א.א.



במשך פון עטלעכע יאָר איז די דירעקציע אויסגעבויט געוואָרן די שטאָט האָט זיך פאַרגרעסערט מיט א גרויסן קוואַרטאַל.

צוליב דער אינטערווענץ פון שטאָט־ראָט אין ראַדאָם אין פּוילישן סיים קעגן דעם איבערטראָגן פון דער דירעקציע קיין כעלם, האָט מען אריבערגעפירט קיין כעלם די „קאָנטראָל־קאָלעיאָווא" פון בידגאָשטש. די באַאַמטע זיינען געווען אמתע נאַציסטן. זיי האָבן זיך באַזעצט אין די שיינע באַקוועמע אויסגעבויטע געביידעס. צוזאַמען מיט זיי זיינען געקומען קריסטלעכע סוחרים און האָבן זיך באַזעצט אין האַרץ פונעם יידישן צענטער־שטאָט, און גרויס שאָדן האָבן זיי גורם געווען די יידישע סוחרים אין כעלם.

די מאַטעריעלע לאַגע ביי די יידן אין כעלם האָט גענומען ווערן ערגער און ערגער, דער שטייער־שרויף איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. דער נייער שטייער־נאַטשאַלניק, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר כעלם, האָט אויף דער יידישער באַפעלקערונג אַרויפגעלייגט גרויסע שטייער־אויסמעסטונגען. א סך יידישע געשעפטן האָבן זיך געמוזט שליסן. ספּעציעל האָט זיך דאָס געמערקט צווישן יידישע קליינהענדלער און בעלי־מלאכות. דאָס האָט אויך שלעכט געווירקט אויף דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידישע בענק. אין יאָר 1935 איז די סוחרים־באַנק אונטערגעגאַנגען, דער קריזיס אין שטאָט האָט זיך געשטאַרקט, א סך פון דער יידישער יוגנט האָבן זיך אַוועקגעלאָזט קיין וואַרשע און אַנדערע מקומות זוכן פרנסה.

אין יאָר 1937 האָט זיך די לאַגע נאָך מער פאַרערגערט, יידן אין כעלם האָבן זיך שוין נישט געפילט פריי און זיכער. ביינאַכט דורכגיין איבער קריסטלעכע גאַסן איז געוואָרן א גרויסע סכנה. „פּיקעטניקעס" זיינען געשטאַנען ארום יידישע געשעפטן און געשטערט קריסטלעכע קונים צו קויפן ביי יידן.

דאָס יאָר 1939 איז געווען דאָס שווערסטע יאָר אונטערן פּוילישן פאַשיסטישן רעזשים. אייניקע חדשים אידער עס איז געקומען די פינצטערע מלחמה, זיינען געקומען שווערע גזירות פאַר יידן אין פּוילן און באַזונדערס האָבן דאָס געפילט די יידן אין כעלם. עס איז דאַן געפירט געוואָרן די „אורבאַניסטיק"־ליניע, די אַזוי גערופענע פאַרשענערונג־אַקציע. אויף דער כעלעמער שטאָט־ראָט איז צוגעטראָטן צו פאַרשענערן די שטאָט, די ערשטע אויפגאַבע אירע איז געווען אראָפּצוּוואַרפן אַלע אָרעמע יידישע הייזלעך. דער באַקאַנטער „רינג"־געשעפטן, וואָס איז באַשטאַנען פון 70 יידישע געוועלבער, פון וועלכע עס האָבן געצויגן חיונה הונדערטער יידן, איז געפאַלן א קרבן פון דער „אורבאַניזאַציע".

די פאַראָרדענונג אראָפּצוּוואַרפן דעם „רינג" האָט ארויסגערופן א דערדריקטע שטימונג ביי דער כעלעמער יידישער באַפעלקערונג, מען האָט פּרובירט אָפּשרייען די גזירה, דעלעגאַציעס זיינען געגאַנגען צו די שטאָטישע מאַכט־האָבער, צו די ראַטמענער, צום שטאָט־פּרעזידענט און אנדערע — אָבער ס'איז געווען אַן דערפאָלג.

בעת עס איז נאָך אָנגעגאַנגען די שתדלנות ביי דער מאַכט אויף נישט צעשטערן דעם „רינג" יידישע געשעפטן, האָט אָבער דער שטאָט־ראָט פאַראָרדענט די פייערלעכער אַראָפּצורייסן די דעכער פון די יידישע געשעפטן און צו באַזייטיקן דעם „רינג". אַלס מאַראַלישע אַנטשעדיקונג, האָט דער שטאָט־ראָט באַשטימט צו געבן יעדן יידישן סוחר אַ סימבאָלישן זלאָטי. דאָס איז געווען א ווייטאָגדיקע באַליידיקונג און א גרויסע דערנידעריקונג.

אליעזר שינדלער*), ניו־יאָרק

# אַ טאָג אין בעלם

(אַ קאַפּיטל זכרונות פון ערשטן וועלט־קריג)

תשעה־באב תרע״ה (1915) פונקט צום יאָר, ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, בין איך, אַ פאַרוווּנדעטער, אַריינגעפאַלן אין „פּאָניעס הענט״.

צאַר ניקאָלאַי׳ס חיילות האָבן יעמאָלט געכאַפּט מפּלות נאָך אַנאַנד, האָט מען דעם גאַנצן כעס און גרימצאָרן אויסגעלאָזט צו די אָרעמע געפאַנגענע. גאָר אויף גרויסע צרות זיינען געווען די קראַנקע און פאַרוווּנדעטע. וועגן געבן אונדז מעדיצינישע הילף, רייניקן די איטערדיקע ווונדן, בייטן די ברודיקע באַנדאַזשן, האָט קיינער, פון אונדזערע נייע פאַרזאָרגער, ניט געטראַכט. מען האָט אונדז געמונטערט מיט רוסישע זידלווערטער און אונדז גע־שטאַרקט מיט קאָזאַצקע נאַהייקעס. האָבן מיר, אַ גרופּע פאַר־וווּנדעטע געפאַנגענע, זיך אַזוי געשלעפּט, אונטער קאָזאַקישער שמירה, איבער די זאַמדיקע פּוילישע סטעזשקעס, ווי לעבעדיקע מתים, ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין בעלם. מ׳האָט אונדז אַריינ־געטריבן אין אַ קלויסטער־גאָרטן און ביי די טויערן זיינען גע־שטאַנען אונדזערע שומרים מיט נאַהייקעס און ביקסן.

דערזען אַ ברונעם, האָב איך זיך אַהינגעשלעפּט צו כאַפּן אַ טרונק וואַסער, אָפּצורייניקן מיין פאַראייטערטע ווונד און אויס־צווואַשן מיינע ברודיקע באַנדאַזשן.

באַוויזט זיך פּלוצלינג אַ גלח אין זיינע בגדי־שרד, אָן אויס־געפּרעסענער דבר־אחר, מיט אַ רויטן פעטן קארק און אַ בויך ווי אַ בייעריש־ביר־פאַס, און נעמט שרייען אויף מיר מלא־רציחה — באשר איך מאַך שמוציק די קאַריטע נעבן ברונעם, וואָשנדיק מיינע ווונדן און מיינע ברודיקע באַנדאַזשן, וועלן זיינע בהמות ניט וועלן טרינקען פון דער קאַריטע...

האָב איך אַ קוק געטאָן אויף דעם דינער פון דער אמתער „נעקסטן ליבע״ און צו אים גערעדט אַזוי צו זאָגן:

„ווען איך האָב דיך דערזען, האָב איך געמיינט, אַז דו, אַ תל־מיד פון ישו הנוצרי, קומסט בוודאי ברענגען הילף און טרייסט צו אונדז, קראַנקע, פאַרוווּנדעטע און היימלאָזע... דערהערט דיי־נע רייד, זע איך אַז דו געהערסט צו די, וועגן וועלכע אונדזער נביא הושע־בן בארי האָט געזאָגט „זבחי־אדם, עגלים ישקון״ — קעלבער קושן זיי, מענטשן קוילענען זיי — אַנשטאָט אויסצוואַשן אונדזערע ווונדן, טראַכסטו וועגן דיינע קעלבער...״ דער גראָ־בער פּוילישער גלח האָט זיך אויף אַזאַ ענטפער ניט געריכט, און זיך תיכף אָפּגעטראָגן... זיצנדיק נעבן פלומפּ אין געהאַקטע צרות, געפּייניקט פון יסורים און הונגער, אָן אַ שטיקל מראה־מקום אויף הילף, זע איך, ווי ביי איינעם פון די אייזערנע קלויסטער־טויערן שטייט אַ ייד אָנגעטאָן אין דער טראַדיציאָנעלער פּויליש־יידישער הלבשה און רעדט צו דעם קאָזאַק און בעט זיך ביי אים און שטעקט אים אַ מתנה אין יד אריין... טראַכט איך מיר, דער ייד זוכט פּרנסה, ווייל מסתמא עפּעס פאַרקויפן אָדער קויפן פון גלח און בעט ביים קאָזאַק, ער זאָל אים אַריינלאָזן אין הויף...

*) א. שינדלער, באַקאַנטער יידישער דיכטער און שריפטשטעלער, וואָס זייענדיק, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַלס עסטרייכישער געפאַנגענער דורך די רוסן, איז אַריינגעפאַלן אין בעלם אין אַ געפאַנגענלאַגער.



קוים איז דער ייד געווען אינעווייניק, איז ער מיט זיין פּעקל געלאָפן אין גרויסער איילעניש, צו מיר. „שלום־עליכם״, האָט ער צו מיר אויסגעשטרעקט זיין ברודערשע האַנט — „איך האָב אייך געזוכט צווישן די געפאַנגענע, איך דערקענט אַז איר זייט אַ ייד, ברענג איך אַ ביסל שפּייז, אַ פריש העמד און אַ ביסל מזומן. איי־ער נסיעה, רעדט ער ווייטער, הייבט זיך ערשט אָן, ווער ווייסט וויפל טויזנטער מיילן איר וועט נאָך מוזן וואַגלען ביז איר וועט קו־מען אין אַ לאַגער. נעמט מיין באַשיידענע מתנה און זייט מוחל וואָס איך קאָן אייך ניט מער געבן. די נויט און די צרות צווישן אונדז, פּוילישע יידן, איז אין־לשער. פון איין זייט די שנאה פון די רוסן, פון דער צווייטער זייט די שנאה פון די פּאָליאַקן. די שטאָט איז פול מיט פּליטים, דער יקרות איז גרויס, דער דחקות איז מוראדיק אָבער פון דעסטוועגן טאָרן מיר אָן אייך געפאַנגענע ניט פאַרגעסן. כל ישראל ערבים זה בזה...״

איך האָב פאַרגעסן אָן דעם הונגער, אָן די יסורים און באַ־וווּנדערט דעם ייד, וואָס איז געקומען העלפן אַ ברודער, הגם ער



פון רעכטס: ד״ר דוד וואַלבערגער, מרדכי עברי און שמואל גוטערמאַן, אַלע אין דער פּוילישער אוניפאָרם אין 1920.

האָט געשטעלט זיין לעבן אין סכנה, קומענדיק צו אַ געפאַנגענעם, ווארום די רוסישע מאַכט האָט אין יעדן ייד געזען אַ שפּיאָן און טויזנטער יידן זיינען אומשולדיק דערשאָסן געוואָרן, ווייל מען האָט זיי באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש...

די גלחים, די גערינגס און געבעלס, די „זובחי־אדם״ די מענטשן־שעכטער האָבן ליב געהאַט היינט און „עגלים ישקון״, געקושט קעלבער, געטריבן אַ קולט מיט חיות און אויסגעקוילעט זעקס מיליאָן יידן — אנשים, נשים וטף, און בתוכם די קהילה־קדושה בעלם...

שעפּטשען אונדזערע ליפּצן: יזכור השם, געדענק רחום וחנון, די נשמות די ריינע, די הייליקע . . .

יעקב צבי שאַרגעל/פּתח־תקוה

# מיין שוועסטער פּערל

I.

אין א דאָרף צווישן כעלם און לובלין
(די ערד וואָס דער דייטש האָט געלעסטערט)
צווישן וועלדער און פעלדער פול גרינס,
וווינט דאָרט פּערל מיין שוועסטער.

איר אויסזען! שוואַרץ און באַ׳חנט,
נאָר גראָ אירע האָר — פאַר דער צייט.
אין דאָרפישן עלנט — א שטיין,
מיט בענקשאַפט צו בלויאיקער ווייט.

זי איז א יידענע א פּשוטע, שטילע, —
א מאַמע צו קינדערלעך אַכט.
פול איז איר האַרץ מיט תפילות,
מיט עצות, מיט הילף איז עס וואַך.

מעשיות זי טוט דאָרט דערציילן
אין פּראַסטיקע נעכט ביים אויוון;
פּערל קען אַלצדינג אַויסהיילן
מיט כח פון ליבשאַפט און גלויבן.

זי שפּרעכט־אָפּ אן עין־הרע, א רויז;
שטעלט באַנקעס, פּיאווקעס, קאָמפּרעסן.
פול איז מיט גוטסקייט איר הויז
נאָר... קארג פאַר די קינדער דאָס עסן.

איר כאַטע איז נידעריק און קליין,
כאָטש רייך איז דאָס דאָרף, די שכנים;
מיין שוועסטער איז הויט און איז ביין,
נעצט — דורך די נעכט מיט געוויינען:

מיידלעך וואקסן אונטער, ווי קרויט.
די יינגסטע פארפלעכט שוין א צעפּל...
ביי דער מאַמען רינצלט די הויט,
אירע באַקן — געבראָטענע עפּל,

זי קען אים, דעם מזל דעם וויסטן.
זי ווייסט: ס׳איז אזוי איר באשערט!
פּערל פירט די מיידלעך פאַר דינסטן
און קוקט מיט האָפנונג צו דער ערד.

פּערל קען דעם וואַלד און דעם שליאַך,
און די שכנים — די גאווהדיקע דייטשן.
זייער מוראדיק זינגען ביי נאכט,
און דאָס וויינען פון פערד אינטער בייטשן.

* * *

ראובן, איר מאַן, איז א געלער,
מיט געדיכטע ברעמען און באָרד,
כאָטש דאָס דאָרף איז אים ווײ, ווי זיין פעלער,
איז אים ליב, איז אים טייער דאָס אָרט.

מיט שווערע, צעשפּרייטע טריט
שפּאַנט ער, ראובן — איר מאַן,
א פּראָסטער, א דאָרפישער ייד,
איז אים ניחא דאָס, וואָס פאַראַן.

ער קומט ניט צו קיינעם מיט שאלות:
„הלמאי?! און פארוואָס?! און ווי אזוי?!"
דאָס דאָרף האָט ליב זיינע מעלות,
ווי דאָס פעלד, די תבואה און דאָס שטרוי.

מיט די גויים ער פּאָרט אויף יאַרידן,
אין זיין זעקל! בטחון און גלויבן.
ער לעבט־אויף אין באַריר מיט יידן,
וואָס שוועבן אויף די מערק, ווי טויבן.

געקומען ר׳איז אהער מיט זיין פּערל, —
מיט ליבע צו איר און צו דער ערד,
פארבונדן מיטן דאָרף זייער גורל,
צו א לעבן, וואָס דעם ייד איז פאַרווערט..

צוביימלעך מיט עפּל און בארן,
צו א קו און א קעלבל אין שטאַל;
צו ערד און ערדישע געפאַרן,
צו וועלדער און לויטערן קוואַל.

צו גראָז ביי די פענצטער און שוועלן,
צו פעלדישן ווינט און געפּריר;
מיט גרייטקייט צו פרעמדע באפעלן,
עפענען פאַר יעדן די טיר.

נאָר עס טרעט זי זעלטן־ווער איבער. —
דייטשן האָבן פיינט זיך צו מישן...
בלויז ווען עמעץ פון זיי איז אין פיבער
טוען — זיי מיין שוועסטער צו וויסן:

— „ראובינשע, הערציקע, ליבע,
עס וואַרט אויף אייך דרויסן דער וואגן!"
וועגן די קינדער מיין פּערלס, די טריבע: —
„מונדזיא, זאָלסט ניעמאלס זיי שלאגן!" — — — —

נאָר מונדליין האָט ליב גראָד דאָס שלאָגן,
פארקריצט ער די ציין מיט פאַרדראָס...
און אין איינעם סעפּטעמבערס פארטאָגן
איז געפאַלן דאָרט זיין גרויליקסטער שאָס.

ציט זיך פארביי הייפל דער טראַקט,
וואָס פירט פון דאָרט צו די וועגן.
פּערל האָט די פענצטער פארהאַקט,
מיין שוועסטער זעט אָנקומען דעם רעגן.

— — — — — — — — — — —

מיט פערדישער שוימיקער תאוה
צו זנות, רציחה און רויב,
האָט קאָלאָניסטיש־דייטשישע גאווה
צערודערט דעם שליאַך אין א שטויב.

פון שטעט און שטעטלעך ארום
געלאָדן די פורן מיט גוטס,
די מאריא׳ס צלמען זיך פרום —
פונעם רויב טריפט יידיש בלוט.

פינגערלעך — צוזאמען מיט פינגער,
אויערינגלעך — צוזאמען מיט אויערן,
פערדישע גלעקלעך קלינגען —
עס פראלן קאַלאַניסטישע טויערן.

קישנס מיט בלוט פון דער שחיטה,
נאָך נאַס פון דער קינדישער טרער.
מיט בעסטיע־אויגן צעגליטע
ציט זיך דער מאָרד־צוג אַהער.

זיינען עלטערע קינדער אנטלאָפן
צום רעטער — די רויטע סאָלדאַטן.
ביי מיין שוועסטער איז מען מער נישט געשלאָפן —
ווי צו דער מאַמען און טאַטן! — — —

דער פחד איז אריין אין דער כאַטע,
פארכאַפּט ביי די פיצלעך דעם שמייכל; —
„א פארשאָלטענער שליכט דורך דער טאַטע?!
די מאַמע האָט פארלאָרן דעם שכל?! —

וואָס האָט זי פארהאַקט אלע טירן?
וואָס האָט זי פארשפאַרט אונדז אין שטיבער?
ווער וועט אונדז אין פעלד ארויספירן?
וואָס ציטערט דער טאַטע און פיבערט?! — — —“

עס פאַכען מיט שווערדן די רויבער,
פול ווערט דאָס לאנד מיט די ווייען.
נאָר מיין פערל, אין וואונדערלעכן צויבער,
וואַרט אויף דער געטלעכער באַפרייאונג.

זי וועט דאָך קומען די מינוט, אָט די גרויסע,
וואָדען, א וועלט איז פון זינען?! — — —
מיין שוועסטער גלייבט נאָר אין מופתים,
זי גלייבט: פון גורל צו אַנטרינען.

און איר שכן, דער מערדער מונדליין,
וועלטיקט מיט ביקס און מיט סם,
דער ווינט ברענגט אהער דאָס געוויין
פון מיין שוועסטער — דעם דאָרפס הייבאַם.

— — — — — — — — —

אין א דאָרף צווישן כעלם און לובלין,
(די ערד, וואָס דער דייטש האָט געלעסטערט),
צווישן וועלדער און פעלדער פול גרינס
ווינט דאָרט פערל מיין שוועסטער?!

II.

אין דאָרף בעקעשע שיט זיך א שניי,
מיין פערל האַלט־וואַך אויפן גאַניק.
זי דערשטיקט און פאַרקראַמפּט ס׳געשריי. —
דער טראַקט פירט פון דאַנען קיין מיידאַניק! — — —

די פיצלעך, — אוי, הונגעריק און שוואַך,
ווי וועלן זיי דערשלעפּן זיך אהין? —
זי שטייט דאָ און היט זיי אין דער נאכט,
אויפן טראַקט צווישן כעלם און לובלין.

דאָס קלעטער־גראָז — טרוקן און דאַר,
פאַרשטעלט נישט פון גאַניק די שיין.
מיין שוועסטער פול טענות צום האַר,
בינדט פונאנדער די זעק פון איר פיין.

דער בוים — ארומגעפליקטער אינעם סאָד,
שטרעקט איר אויס א צוויג — א האַנט;
דער שטריק אויפן ברונעמדיקן ראָד
רופט זי צו יענער זייט פון לאנד...

די אויפגעריסן־ליידיקע שטאַל —
א מויל מיט אויסגעהאַקטע ציין!
סוד׳עט צו איר שבתדיקער שאַל,
און די אויגן רינען אויס פון געוויין: —

„אַ, יאָרן אָפּגעלעבט מיט שכנים,
טענהט זי, מיין פערל, צו גאָט.
דאָס דאָרף פארמאָגט אזויפיל חנ׳ען,
נאָר דיין טאָכטער — צו שאַנד און צו שפּאָט.

„אַנומלט ערשט אויסגעהאַקט דעם טאָרף
און מיט שטרוי ארומגעדעקט די ווענט.
כאַטש געלאַכט און געחוזקט האָט דאָס דאָרף
און געביילט האָבן שנאהדיקע הענט.

„אַנגעריסן פאַרטעכער מיט שטשאַוו, —
עס גייען דאָך נעכט אזעלכע גרויסע.
די קינדער האָבן פיש געבראַכט פון סטאַוו,
געכמאַרעט און געברוגזט האָט דער דרויסן.

„צו סליחות געגאַנגען האַלבע נאַכט,
דינען דיך מיט כבוד און מיט מורא.
אז מ׳האָט די יידן פון ארום אומגעבראַכט,
ווער וועט דיר איצט טאַנצן מיט דער תורה?...

„אויך ראובנען פון בעט ארויסגענומען,
א גוסס — אים געוואָרפן אויפן וואָגן.
ווער וועט דאָ צום מנין ווידער קומען?
ווער וועט איצט תפילות צו דיר זאָגן?

„עס שטייט דאָך בפירוש אין די ספרים,
אַז נישט די מתים וועלן לויבן דיך, האַר!
וואָס זשע טויגן דיר די אָן־אַ־צאָל קברים,
מזבחות פון גרויל און פון צער?!“ — — —

איר סעדל האָט זיך אימהדיק צעשושקעט
מיט א פרעמדער, שנאהדיקער שפּראַך,
אויך די זשאַבעס האָבן מאָדנע זיך צעפּלושקעט.
ביי דער ברונעם — אין דער האַרבסטיקער נאַכט.

איבערן דאָרף גייען־אויס שוין די שטערן,
דער גאַניק גיסט זיך אָן מיט אבלות.
מיין שוועסטער וואַשט־אָפּ אלע טרערן
מיט איר שווארצער שבתדיקער פאַטשיילע.

— — — — — — — — — — — —

אין דאָרף לעשט אויס זיך די נאַכט.
מיין שוועסטער מיט די קינדער אויפן גאַניק.
בעקעשע האָט פארענדיקט די שלאַכט —
דער טראַקט פירט אַהין, קיין מיידאַניק!

דאָס דאָרף וואַכט־אויף אינעם שניי. —
עס לאַכן דאָרט דייטשן אויפן גאַניק.
מיין פערל מיט די קינדער אין געגיי
אַהין, צו די יידן אין מיידאַניק!

לאזאר קאהאן, אמעריקע

# די יידן־שחיטה אין כעלם

די דאָזיקע ארבעט איז געשריבן געוואָרן, באַלד ווי אין אַמעריקע זיינען אָנגעקומען די ידיעות פון טויטנמאַרש.

אין כעלם איז, אין די ערשטע טעג פון חודש דעצעמבער, 1939, פאָרגעקומען א יידן־שחיטה. די היטלעריסטן האָבן אויסגעשאָסן הונדערטער כעלעמער יידן! וועגן דער דאָזיקער גרוילטאַט זיינען אין אָנהייב ארומגעגאנגען נעפּלהאפטע קלאנגען. דעם אמת וועגן דער דאָזיקער רציחה איז שווער געווען צו דערגיין. קיין פּרטים האָט מען אוודאי ניט געקאָנט געוויר ווערן. ליגט דאָך כעלם ווייט פון דאנען. די שטאָט איז אויך אָפּגעריסן פון סאָוועטישן געביט, אזוי אז פון דאָרט רייסן זיך זעלטן דורך יידישע פּליטים. און אויב א יידן פון יענער געגנט געלינגט יאָ אַמאָל צו אַנטלויפן פון דאָרטיקן גיהנום, בלייבט ער ערגעץ אין א קליין שטעטל אויף וואָלין אָדער אין גאַליציע און וואָס דאָרט געשעט ווייס ניט די וועלט.

ערשט אין אָנהייב יאַנואַר, 1940, האָבן מיר דערהאַלטן אויספירלעכע אינפאָרמאַציעס וועגן דער כעלעמער גרויזאמער יידן־שחיטה. עס זיינען געקומען צופאָרן אייניקע יונגע חלוצים פון כעלם, וועלכע זיינען אפילו ארויס פון דאָרט, איידער די יידן־שחיטה איז אויסגעפירט געוואָרן; זיי האָבן אָבער דערהאלטן די ידיעות פון דאָרט פון אייניקע כעלעמער יידן, וועלכע זיינען נצול געוואָרן פון דער שחיטה. חוץ דעם, איז אויך געקומען א פרוי, וועלכע האָט זיך געפונען אין כעלם ביזן מיטן דעצעמבער און איז אליין בייגעווען די אלע שוידערלעכע געשעענישן אין כעלם.

אויפן סמך פון די דאָזיקע אינפאָרמאַציעס און באזונדערס אויפן גרונט דערפון, וואָס עס דערציילט אַן עד־ראיה פון אלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין כעלם, האָב איך איצט די מיגלעכקייט צו דערציילן דער וועלט אלע מוראדיקע פּרטים פון דער כעלעמער יידן־שחיטה.

די יידן־שחיטה איז אויסגעפירט געוואָרן, ווי געזאָגט, אין די ערשטע טעג פון חודש דעצעמבער. די דייטשן האָבן אָבער אָקופּירט כעלם אין אָנהייב אָקטאָבער. אין משך פון די צוויי חדשים זיינען די נאַצי־יונגען אין כעלם אויך ניט געזעסן מיט ליידיקע הענט. זיי האָבן אויך פריער, פאַר זייער גרויזאמער טאַט, „עפּעס“ געטאָן די דאָרטיקע יידן.

לאָמיר טאַקע פריער זיך באקענען מיט די נגישות, וואָס די היטלעריסטן האָבן אָנגעטאָן די יידן אין די ערשטע צוויי חדשים. מיר וועלן זיך ניט אָפּשטעלן אויף קיין „קלייניקייטן“; אויף כאַפּן יידן אויף ארבעט, אויף ארעסטירן יידן און זיי פּייניקן, ווי דאָס איז א שטייגער, געשען מיט דר. זייפען, א פּאָפּולערער יידישער כלל־טוער אין כעלם: ער איז ארעסטירט געוואָרן, ווייל ער זאָל האָבן זיך אויסגעדריקט, אז א היטלעריסטישע צייטונג איז א שמאַטע... מען האָט אין תפיסה אים שרעקלעך געפּייניקט און מען שמועסט, אז ער לעבט שוין נישט...

דאָס זיינען אָבער אלץ „קלייניקייטן“. און מיר ווילן דאָ פארנאָטירן אזעלכע געשעענישן, וואָס זיינען כאראקטעריסטיש פאַר די היטלעריסטישע באלעבאטים אין כעלם. ענלעכע נגישות זיינען אויך פאָרגעקומען אין אַנדערע שטעט פון דייטשישן אָקופּירטן געביט. לויט דער פאָרעם און אופן פון פּייניקן יידן איז אָבער כעלם אַ שטיקל אויסנאַם.

די ערשטע מורא האָט אויף די כעלעמער יידן ארויפגעוואָרפן א באקאנטמאַכונג, וואָס איז אויסגעקלעפּט געוואָרן אויף די כעלעמער גאַסן דעם 7־טן אָקטאָבער. אין דער דאָזיקער באקאנטמאַכונג, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין דייטש און פּויליש, האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן די פעטע שורה „מיר וואָרענען די יידן“. די דאָזיקע ווערטער זיינען געווען אָפּגעדרוקט מיט קדוש־לבנה־אותיות סיי אין דייטש און סיי אין פּויליש. מיט קלענערע אותיות איז געוואָרן געמאָלדן, אז היות די יידן פארשפּרייטן קלאנגען, דאָס די רויטע ארמיי זאָל כלומרשט צוריקקומען קיין כעלם, טיילט מיט די דייטשע קאָמענדאנטור, אז די אלע קלאַנגען זיינען פאַלש און די יידן ווערן געוואָרנט נישט צו פארשפּרייטן אזעלכע ליגנס...

אויפן הימל פון די כעלעמער יידן האָט זיך פארצויגן א געדיכטע, פינצטערע כמאַרע. זיי האָבן געפילט, אז עס וועט זיך פון איצט אָנהייבן א סדרה גזירות און נגישות קעגן זיי, און כך הווה. אין אייניקע טעג ארום האָבן די דייטשן גענומען כאַפּן יידן אויף ארבעט, סיי מענער און סיי פרויען. עס איז אוועק א סדרה פון הפקרדיקע ראַבירונגען. די דייטשן האָבן אויך זיך באשעפטיקט מיט „אייראָפּעאיזירן“ די יידן, ד.ה. מיט שניידן און צופּן בערד.

ווי אזוי די דאָזיקע היטלעריסטישע „ארבעט“ האָט אויסגעזען אין כעלם האָט מיר דערציילט אן עד־ראיה פאָלגענדיקע פּרטים: איך האָב זיך דעמאָלט צופעליק געפונען ביי א דענטיסט אויפן מאַרק. פּלוצלינג הערן מיר א טומל. מיר לויפן צו צום פענצטער און מיר האָבן דערזען אזא בילד פון הפקרות און פון מאָראלישער ווי אויך פיזישער פּייניקונג. א המון פּוילישע שקצים און שיקסעס, ווי אויך עלטערע פּאָליאקן זיינען געשטאַנען אויפן מארק און דייטשע זעלנער און אָפיצירן האָבן פאַר זיך און פאַר די פּאָליאַקן איינגעאָרדנט אַ „ספּעקטאַקל“.

קודם האָט מען געכאַפּט יידן צו רייניקן און צו פּוצן די דייטשע אויטאָס, וואָס זיינען געשטאַנען אין מארק. פּאָליאקן האָבן אויך געהאָלפן פאנגען יידן, אָדער אָנווייזן: „יודע“... דערנאָך האָבן די דייטשן, ווידער מיט דער הילף פון פּאָליאקן געכאפּט יידן, מערסטנס מיט בערד, און זיי געצוווּנגען אונטערצושטופּן מאָטאָציקלען און אויטאָס... אויב א ייד האָט די דאָזיקע ארבעט נישט אויסגעפירט, ווי דער דייטש האָט געוואָלט, איז ער אראָפּגעשפּרונגען פון מאָטאָציקל, געשלאָגן דעם יידן און אים געטראָטן מיט די פיס... ביי פיל יידן האָבן זיי אויך אויסגעצופּט די באָרד... ביי איין יידן האָבן די נאַצישע אכזרים אפילו ארויסגעריסן די באָרד צוזאמען מיט א שטיק פלייש...

דאָ איז צופעליק פארבייגעגאַנגען דער רב פון כעלם. ער איז א יונגערמאן, א הויכער, א שיינער, האָט געענדיקט אויף דעם ווינער אוניווערסיטעט דאָקטאָר־פילאָסאָפיע און באקומען היתר הוראה ביי זיין פאַרשטאָרבענעם שווער, דער פריערדיקער כעלעמער רב. די היטלעריסטן האָבן א שוואכקייט צו מאטערן שיינע יידן און צו פּייניקן רבנים. אין כעלעמער רב האָבן די דייטשן געפונען ביידע זאַכן... אי א רב און אי א שיינער... איז טאַקע ניט קיין חדוש, וואָס זיי האָבן אים אזוי געמיין געפּייניקט.

קודם כל האָבן זיי, די בארבארן, אָפּגעגאָלט דעם רב די באָרד. דער המון פּאָליאקן, וואָס איז געשטאַנען ארום, האָט זיך געשמאָלצן פון נחת... דאן האָט מען דעם רב געהייסן שטופּן אן אויטאָ. ווען ער האָט די דאָזיקע „ארבעט“ ניט גוט אויסגעפירט — האָט מען אים געשלאָגן... שפּעטער האָבן די היטלעריסטישע אינקוויזיטאָרן געצוווּנגען דעם רב אויסצורייניקן פון מאַרק דאָס פערדישע מיסט...

און די דאָזיקע שמוציקע אַרבעט האָט ער געמוזט טאָן מיט די הענט און אזוי אויסרייניקן, אז עס זאָל קיין סימן נישט איבערבלייבן... ביי א גרויס געלעכטער פון המון האָבן די סאַדיסטן געצוואונגען דעם רב דאָס פערד־שמוץ אריינצופּאַקן אין זיין הוט און דעם קאַפּעלוש גלייך אויך אָנטאָן...

דער דאָזיקער שענדלעכער „ספּעקטאַקל", וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן אויפן מאַרק קעגן מאַגיסטראַט, האָט אויף די יידן פון כעלם געמאַכט א דערשיטערדיקן רושם. די פאָרשטייער פון דער קהילה זיינען געלאָפן צו דער דייטשער קאָמענדאנטור אינטערווענירן, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. די „פאָרשטעלונג" איז דערווייל ווייטער געגאַנגען.

ווען די דייטשן האָבן נאָך דער שענדלעכער פייניקונג אָפּגעלאָזט דעם רב, האָבן זיי געכאַפּט יידן מיט בערד, זיי געשניטן און געצופּט די בערד און איניקע יידן — אפילו אונטערגעצונדן בערד... דערנאָך האָבן זיי געשלעפּט יידן מיט די ברענעדיקע בערד צום פלויט און אויף זיי געגאָסן וואסער אָן אויפהער... די יידן זיינען אויסגעווייקט געוואָרן און אזוי ווי עס איז שוין געווען קאַלט האָבן זיך פיל פארקילט פון דאָזיקן „טוש" און קראנק געוואָרן...

ווי אזוי די כעלעמער יידן האָבן זיך געפילט נאָך אזא „ספּעקטאַקל" אויפן מארק — קאָנט איר אייך לייכט אויסמאָלן... א פּאָר וואָכן איז געווען רואיק — אָן אויסטערלישע געשעענישן. דערנאָך זיינען ווידער פאָרגעקומען די אָ גרויזאַמקייטן.

דאָס איז געווען אָנהייב נאָוועמבער. קיין כעלם איז אָנגעקומען א פלי־בריגאַדע פון די היטלעריסטישע שטורמיסטן מיט צייכנס פון שוואַרצע טויטן־קעפּ. די אָ שטראָף־עקספּעדיציע האָט אין איין טאָג פּאַגראָמירט די כעלעמער יידן און זיי אָנגעטאָן ענויים קשים.

די דאָזיקע פלי־בריגאַדע האָט זיך צעטיילט אויף גרופּעס, יעדע גרופּע האָט געהאַט א רשימה פון א צענדלינג יידישע גבירים און רייכערע באַלעבאַטים, וועלכע די שטורמיסטן האָבן געדאַרפט „באַזוכן". זיי האָבן זייערע „וויזיטן" אָנגעזאָגט דורך זעלנער. פאַר יעדן רייכן יידן האָבן זיי באַשטימט א באַזונדערע שעה. און באַפוילן, אז אַלע שטוב־מענטשן זאָלן זיך געפינען צו דער באַשטימטער שעה אין דערהיים — ווען ניט וועט זיין ביטער...

די אויפגאַבע פון דער דאָזיקער שטורמיסטישער פלי־בריגאַדע איז געווען: צוצורויבן אין איין טאָג ביי אַלע כעלעמער יידן זייער געלט, גאָלד, זילבער און די ווערטזאַכן. און דאָס איז געשען נאָכדעם ווי די קהילה האָט שוין געהאַט באַצאָלט צוויי מאָל קאָנטריבוציע: איין מאָל 140 טויזנט זל. און דאָס צווייטע מאָל — 180 טויזנט זלאָטעס...

די נאַצי־יונגען האָבן אָבער געהאַט ידיעות פון זייערע אָרטיקע „פאָלקס־דייטשן" און פון פּוילישע „אינפאָרמאַטאָרן", אז ביי יידן אין כעלם געפינט זיך נאָך געלט — האָבן די ס.ס. געדאַרפט עס צורויבן. זיינען זיי געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און גערויבט ביי יידן געלט און טייערע חפצים.

גלייך ווי זיי זיינען אריין אין א יידישער שטוב, האָבן זיי קודם אראָפּגעריסן די רינגלעך פון די פינגער און צוגענומען די זייגערלעך און אנדערע ווערט־זאַכן. דאן האָבן זיי זיך גענומען מאַכן רעוויזיעס. אלע האָבן זיך געמוזט אויסטאָן נאַקעט — אפילו פרויען און קליינע קינדער.

ווען א יידישע פרוי האָט ניט אזוי זיך געוואָלט אויסטאָן נאַקעט, האָבן די ס.ס.־באַנדיטן ציניש איר צוגעוואָרפן:

— „דיין קערפּער דארפן מיר נישט... האָסט זיך נישט וואָס צו שעמען... מיר זוכן בלויז געלט און צירונג..."

אויב זיי האָבן באַלד געפונען גרויסע סומעס געלט, מער־ווייניקער אנטשפּרעכנדיק די אינפאָרמאַציעס, וואָס זיי האָבן געהאַט וועגן יעדן, האָבן זיי עס צוגענומען און אוועק. קוים האָבן זיי באַקומען ווייניקער, ווי דער ייד זאָל האָבן פאַרמעגט לויט זייערע אינפאָרמאציעס — האָבן זיי גענומען פייניקן און שלאָגן אלע שטובמענטשן.

זייער טאַקטיק איז דעמאָלט געווען אזא: דעם מאַן, א שטייגער, האָבן זיי אריינגענומען אין איין צימער, די פרוי אין א צווייטן צימער און די קינדער — אין באַזונדערע חדרים. אין יעדן צימער האָבן זיי אויף אן אנדער אופן געשלאָגן, געפּייניקט און געדראָט צו דערשיסן. זיינען יידן אזוי צעשלאָגן און פאַרוווּנדעט געוואָרן בעת די דאָזיקע עקזעקוציעס, אז זיי זיינען לאַנגע טעג נאָכדעם געלעגן קראַנק אין די בעטן...

איין שוואַכן יידן האָבן רוצחים געפּייניקט אויסערגעוויינטלעך גרויזאם. זיין פרוי האָט די קרעכצן און די געשרייען פון איר מאַן ניט געקאָנט אריבערטראָגן. איז זי צוגעשפּרונגען צום באַלקאָן, כדי זיך אראָפּצוווארפן פון דאָרט און באַגיין זעלבסטמאָרד, האָבן די אכזרים איר געכאַפּט פאַר די קליידער, אריינגעשלעפּט צוריק אין צימער און אויך איר גענומען גרויזאם שלאָגן און טרעטן מיט די פיס, הלמאי זי האָט געוואָלט אליין זיך נעמען דאָס לעבן...

צומאָרגנס זיינען די שטורמיסטן אוועק און נאָכן דאָזיקן פּאָגראָם איז ווידער א פּאָר וואָכן שטיל געווען.

דערנאָך איז פאָרגעקומען די פאָלגענדיקע גרויזאמע יידן־שחיטה:

דעם 30־טן נאָוועמבער האָט די דייטשע קאָמענדאנטור געמאָלדן דער קהילה־פאַרוואלטונג, אז צומאָרגנס, דעם 1־טן דעצעמבער אינדערפרי, מוזן זיך אלע יידן פון 15 ביז 60 יאָר צושטעלן אויפן מארק. וואָס דאָס זאָל באַדייטן האָט קיינער נישט געוווּסט. די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט באַלד צו־וויסן געטאָן אלע יידן וועגן דאָזיקן באַפעל. צווישן יידן האָט די דאָזיקע פאַראָרדענונג אַרויסגערופן א פאַרשטענדלעכע אומרו און פּאַניק. די רייכערע און די פאָרזיכטיקערע יידן האָבן באַשלאָסן גלייך דאָנערשטאָג צו אנטלויפן. א פּאָר הונדערט יידן זיינען אוועק אין די ארומיקע שטעטלעך און דערפער, כדי פון ווייטנס צו הערן, וואָס די דייטשן האָבן געטאָן מיט די יידן אויפן מאַרק. הונדערטער יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי באַקענטע קריסטן, אָדער זיך פארשטעקט אין קעלערן, אין שטאַלן און ניט געקומען אויפן מארק דעם 1־טן דעצעמבער.

א ריזיקע מחנה יידן האָבן זיך אָבער יאָ צוגעשטעלט. מען שאַצט אָפּ די צאָל, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן מאַרק 18 הונדערט. דאָס איז געווען פרייטאָג האלב 9 אינדערפרי. די הונדערטער יידן האָבן אויפן מאַרק זיך געמוזט אויסשטעלן רייענווייז. די יידן אויפן מאַרק האָבן ניט געוווּסט, וואָס עס דערווארט זיי. די היטלעריסטן האָבן געהאַט פארשפּרייט קלאַנגען, אז מען וועט די יידן אויסטוישן אויף דייטשן פון סאָוועטישן געביט און מען וועט די פאַרזאַמלטע שיקן קיין ראַטנפארבאנד. א סך יידן זיינען געווען צופרידן דערפון, וואָס זיי וועלן פּטור ווערן פון די היטלעריסטישע גזירות. זיינען נישט אלע יידן אויפן מארק געווען פארצווייפלט.

ווען די יידן זיינען שוין געווען פארזאמלט און אויסגעשטעלט אין רייען, איז געקומען א דייטשער אָפיציר און געהאַלטן א דרשה — א דרשה פול מיט זלזולים און קללות אויף יידן...

דאַן איז אָנגעקומען א גאנצע מחנה געסטאַפּאָ־אַגענטן אויף

ראָווערן. זיי האָבן רעווידירט אלע פארזאמלטע יידן און ביי אלעמען צוגענומען דאָס געלט, וואָס זיי האָבן ביי זיך געהאַט, ווי אויך צוגענומען די פּעסער און דאָקומענטן. בעת דער פויזע האָבן אייניקע יידישע דאָקטוירים, וועלכע האָבן זיך אויך געהאַט צוגעשטעלט אויפן מאַרק, זיך געווענדט צו די אָפיצירן, אז זיי דארפן גיין אין די שפּיטאָלן צו קראַנקע און געבעטן מען זאָל זיי אָפּלאָזן. האָט מען זיי באפרייט. די אָפיצירן האָבן אויך אָפּגעלאָזט א צענדלינג יידישע האַנטווערקער, וועלכע האָבן געוויזן צעטלעך, אז זיי האָבן ארבעט פאר דייטשן...

די גרויסע מחנה יידן זײַנען אָבער געבליבן אויפן מארק, ווו מען האָט זיי געהאַלטן ביז האלב 1 בייטאָג. ווען די דייטשן האָבן געהאַט גענוג זיך איזדיעקעוועט איבער די יידן, זיי רעווידירט און באַראַבעוועט, האָבן זיי באַפוילן די פאַרזאַמלטע יידן צו זינגען יידישע נגונים... ביי קיין איין ייד האָט זיך אָבער דאָס מויל ניט געעפנט צו זינגען... זיינען די געסטאַפּאָ־אגענטן געוואָרן בייז און גענומען שלאָגן די יידן, אז זיי זאָלן זינגען... האָבן די יידן געזונגען...

זיי האָבן געזונגען „פריילעכע" ניגונים, איבערהויפּט „רעבעקא", וואָס די געסטאַפּאָ־אַגענטן האָבן געפאָדערט... אָבער ניט קיין פריילעכע לידער זיינען דאָס געווען. דאָס געזאַנג איז געווען דורכגעווייקט מיט בלוט און טרערן.

ארום האלב 1 אזייגער בייטאָג האָט מען געהייסן די פארזאמלטע יידן זיך אויסשטעלן צו 4 פּערזאָן אין אַ ריי און אָנהייבן מאַרשירן פון דער שטאָט ארויס. מען האָט די יידן געפירט דורך די הויפּט־גאַסן צום וועג, וואָס גייט קיין הרוביעשאָוו, 50 קילאָמעטער פון כעלם. אין שטאָט האָט מען זיי געפירט ניט גיך. באלד ווי מען איז אָנגעקומען אויפן שאָסיי, האָבן די געסטאַפּאָ־אגענטן אויף די ראָווערן אָנגעהייבן שנעל צו פאָרן און געצוווּנגען די מחנה יידן נאָכצולויפן די דייטשן אויף די ראָווערן.

די יידן זיינען באגלייט געוואָרן פון א 60 באוואָפנטע געסטאַפּאָ־אגענטן. אויב א ייד איז א ביסל אָפּגעשטאַנען פון דער מחנה, האָט ער געקראָגן געשלאָגן. א פּאָר הונדערט יידישע פרויען זיינען געלאָפן הינטער דער מחנה. זיי האָבן געוואָלט וויסן, וואָס עס וועט געשען מיט זייערע מענער און קינדער. די געסטאַפּאָ־אגענטן האָבן די פרויען, וואָס האָבן זיך געשלעפּט פון הינטן, צוריקגעטריבן אין שטאָט. א סך פרויען האָבן זיך אָבער באהאלטן אויף זייטיקע וועגן און זיינען נאָכגעגאַנגען א צענדלינג קילאָמעטער נאָך די פארשלעפּטע יידן. די דאָזיקע פרויען, וועלכע זיינען אין אָוונט צוריקגעקומען אין שטאָט, האָבן געבראכט איוב־בשורות וועגן „מאַרש" פון דער מחנה יידן...

זיי האָבן דערציילט, אז זיי האָבן געהערט עטלעכע מאָל שיסן, אז א פּאָר צענדלינג מתים האָבן זיי אליין געזען אין גריבער און אין מיטן וועג אפילו...

אין שטאָט איז געוואָרן א מהומה. וואָס האָט מען אָבער געקאָנט טאָן א חוץ וויינען און שרייען? א סך פרויען זיינען שבת אוועקגעפאָרן אויף פורלעך זוכן צווישן די מתים זייערע מענער. זיי האָבן אָבער זיך דערוווּסט פון די פּויערים, אז די דייטשן האָבן באלד די דערשאָסענע באגראָבן — צו 50 מאַן אין א קבר... די פרויען האָבן בלויז געזען אויפן גאַנצן וועג בלוט־פלעקן... אין אייניקע דערפער האָט מען געפונען יידישע פארוווּנדטע. זיי האָט מען אוועקגעפירט אין ארומיקע שטעטלעך און פיל פון זיי האָבן זיך געראַטעוועט.

זונטאָג בייטאָג האָט אַ פּויער געבראַכט אַ בריוול פון 16 יאָריקן מיטעטק וועלטשער, צו זיין זיידן, אז ער לעבט און געפינט זיך ביים פּויער. מען האָט גלייך געבעטן דעם פּויער, ער זאָל ברענגען דאָס אייניקל צוריק קיין כעלם איבערגעטאָן אַלס שייגעצל. מען האָט דעם פּויער גוט באצאָלט און מאָנטאָג האָט ער געבראַכט דאָס יינגל. דער יונגער מיטעטק איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געשילדערט פאר די כעלעמער פרויען און זקנים די פּרטים וועגן דער גרויזאמער יידן־שחיטה. אָט וואָס ער האָט דערציילט:

„איך מיט מיין פאָטער, הערש וועלטשער, אַ רייכער מאַנופאַקטור־סוחר פון כעלם) האָבן זיך געפונען אין מיטן פון דער מחנה מאַרשירנדיקע. באַלד ווי מיר זיינען געקומען הינטער דער שטאָט האָבן די געסטאַפּאָ־אַגענטן גענומען די יידן טרייבן. נישט יעדער האָט געקאָנט דעם דאָזיקן גאַלאָפּ־מאַרש מיטמאַכן. אויב א ייד איז נאָר אָפּגעשטאַנען און געבליבן הינטער דער מחנה, איז ער אָן א פּאַרדאָן דערשאָסן געוואָרן...

„ווען מיר האָבן זיך געפונען א 10—12 קילאָמעטער פון כעלם האָט די געסטאַפּאָ־אגענטן אָפּגעשטעלט די מחנה, אויסגעקליבן 20 פון די יינגסטע און שענסטע יידן און די מחנה איז ווייטער געטריבן געוואָרן. די 20 אויסגעקליבענע יידן זיינען אוועקגעפירט געוואָרן דורך עטלעכע אגענטן אין א וועלדל. מיר האָבן דערנאָך געהערט עטלעכע שאָסן... מער גאָרנישט... אומקוקן האָבן מיר זיך נישט געטאָרט... מען האָט אונדז געדראָט צו דערשיסן... שפּעטער האָבן מיר בלויז געזען, אז די געסטאַפּאָ־אגענטן זיינען צוריקגעקומען אָן די 20 יידן... מיר האָבן פארשטאַנען, וואָס עס איז געשען מיט זיי...

„אין א האַלבער שעה ארום האָבן די דייטשן ווידער אָפּגעשטעלט דעם מאַרש, ווידער אויסגעקליבן די שענסטע 20 יידן און אויך זיי אָפּגעפירט אין א וועלדל. דאָס מאָל האָבן מיר געהערט בלויז געשרייען און נישט קיין שאָסן...

„ווען מיר זיינען געווען אָפּגעגאַנגען אַ 30 קילאָמעטער און זיך געפונען ניט ווייט פון דאָרף ביאַלאָפּאָלע, איז מיין פאָטער אזוי פאַרמאַטערט געוואָרן, אז ער האָט מיר איינגערוימט: ער וועט בלייבן הינטער דער מחנה און איך זאָל גיין ווייטער... איך האָב פארשטאַנען, וואָס דאָס באטייט און האָב דערקלערט דעם פאָטער, אז איך וועל שטאַרבן צוזאמען מיט אים... מיר האָבן זיך שוין דעמאָלט געהאַט געפונען אין עק פון דער מחנה.

„פלוצלינג איז מיין פאָטער נישט גוט געוואָרן. ער איז געבליבן פון הינטן. איך האָב זיך אויך אָפּגעשטעלט און אָפּגעפירט דעם פארמאטערטן טאַטן אָן א זייט. איז צוגעשפּרונגען אַן אָפּיציר פון געסטאַפּאָ און אָנגעהייבן שלאָגן מיין פאָטער. מיר איז שוין דעמאָלט געווען אלץ איינס — האָב איך דעם אפיציר דערלאנגט אזא שטופּ, אז ער איז אוועקגעפאַלן... דער אָפיציר האָט זיך אָבער גלייך אויפגעהייבן און מיר געגעבן א שרעקלעכן שטויס, אז איך בין ארייַנגעפאלן אין א גראָבן... אויפן פאָטער האָט ער אייניקע מאָל אויסגעשאָסן. איך האָב פארלאָרן מיין באוווסטזיין.

„איך האָב אָבער געהערט, ווי צוויי קוילן זיינען פארבייגעפלויגן פאר מיין קאָפּ... ווי אין חלום האָב איך געזען, אז מען באלויכט דעם גראָבן מיט רעפלעקטאָרן... אין א פּאָר מינוט ארום בין איך געקומען צו זיך. איך האָב דערזען, אז די מחנה איז שוין ווייט. די דייטשן האָבן אפּנים, געמיינט, אז איך בין טויט. ארום מיר זיינען געלעגן עטלעכע מתים. איך האָב גענומען זוכן דעם פאָטער און אים געפונען אַ שווער פאַרוווּנדעטן. האָב איך אים געוואָלט ראַטעווען.

„צופעליק איז פאַרבייגעפאָרן אן אויטאָ, אין וועלכן עס זיינען געזעסן עטלעכע פּאָליאַקן. האָב איך זיי געבעטן א ביסל בענזין ארומצווואַשן די ווונדן פון מיין טאַטן. זיי האָבן אָבער מיט קיין בענזין נישט געגעבן. איך האָב דערזען פון ווייטנס כאַטעס, בין

איך געלאָפן בעטן א ביסל וואַסער. די פויערים האָבן אָבער מורא געהאַט מיר צו געבן א ביסל וואַסער... ענדלעך, האָט מיר איין פויער געגעבן וואַסער און ער אליין איז געגאַנגען מיר העלפן ראטעווען דעם פאָטער. איך און דער פויער האָבן אריינגעטראָגן דעם גוססדיקן טאַטן צו א יידישן ישובניק. מען האָט דעם פאָטער געפּרוווט ראטעווען, אָבער די גסיסה האָט ניט לאנג געדויערט, ער איז געשטאָרבן... איך בין געבליבן ביים פויער און שפּעטער מיט אים געשיקט דאָס בריוול צום זיידן..."

אָט דאָס איז די שוידערלעכע דערציילונג פון 16 יאָריקן יינגל, וואָס איז עפּ"י נס געראטעוועט געוואָרן פון די נאַצי קוילן. און וואָס איז געשען מיט דער מחנה יידן? די אנדערע געראטעוועטע האָבן דערציילט: מער ווי העלפט האָבן די דייטשן אויסגעשאָסן און דערמאָרדעט אויפן וועג. פיל זיינען געוואָרן פארוואונדעט און זיך צעלאָפן אין די ארומיקע דערפער. קיין הרוביעשאָוו זיינען אָנגעקומען לעבעדיק ס"ה 300 כעלעמער יידן... דאָרט האָט מען זיי א גאנצן מעת־לעת געהאַלטן אין א שטאַל אָן עסן און אָן טרינקען. דערנאָך האָבן די דייטשן אויך אין הרוביעשאָוו אָרגאַניזירט אַזאַ בלוטיקן שפּיל אויפן מאַרק, גענומען די 300 כעלעמער און א פּאָר הונדערט יידן פון הרוביעשאָוו און צוזאמען זיי אוועקגעשלעפּט צום בוג. ביים ברעג פון טייך האָבן די דייטשן אָפּגעשטעלט די פארשלעפּטע יידן און זיי געצוווּנגען אריבערצוגיין צו די סאָוועטן. די רויטע אַרמייער האָבן אָבער די מחנה יידן ניט אריבערגעלאָזט. האָבן צענדלינגער יידן זיך געוואָרפן אין בוג. די שווימערס זיינען ווי עס איז אריבער אויף דער סאָוועטישער זייט און זיינען פון קיינעם ניט פאַרהאַלטן געוואָרן. די יידן, וואָס האָבן נישט געקאָנט שווימען, זיינען דערטרונקען געוואָרן אין בוג... א פּאָר הונדערט יידן, וועלכע זיינען געבליבן אויפן ברעג, זיינען דערנאָך דורך די דייטשן אוועקגעפירט געוואָרן ערגעץ אין א קאָנצענטראַציע־לאגער...

אויסער דעם דערמאָנטן הערש וועלטשער (די אלמנה מיט די יתומים זיינען שפּעטער אנטלאָפן פון כעלם אויף וואָלין) זיינען דערשאָסן געוואָרן בעת דער שחיטה אויך פאָלגענדיקע פּאָפּולערע יידן פון כעלם: דר. אָקס, דער פאָטאָגראַפיסט ראָזענבלאַט, די דריי ברידער לעווענשטיין — רייכע אייזן־סוחרים, גאמולקע, א געוו. לייטענאַנט פון פּוילישן מיליטער, און איטשע שניצער, אייגנטימער פון א פּערפיומעריע סקלאַד... זייערע טויטע קערפּערס האָבן די פּויערים, וואָס האָבן זיי געקאָנט, געפונען און דערנאָך איבערגעגעבן די פאריתומטע פאַמיליעס. די אנדערע דערשאָסענע יידן זיינען, ווי שוין געזאָגט, באגראָבן געוואָרן אין ברידער־קברים צו 50 מאַן אין א קבר...

# כבוד זייער אָנדענק!



ר' מאטיע פונקער ע"ה (ברודער פון הענע זיגלבוים), וואָס די היטלער־מערדער האָבן אים אומגעבראַכט.



בצלאל גאָלדמאַן ז"ל



ציפּע געוואַנט מיט אירע קינדער זיינען אַלע אומגעקומען אין די גאַז־אויוונס פון סאָביבאָר.



ליפּע גאָלדמאַן ע"ה, אומגעקומען אין כעלם פון דער היטלער־טיראַניע.



הענע און חנה, די טעכטער פון שוחט ר' פיניע שיידוואַסער זצ"ל, וואָס די היטלער־מערדער האָבן זיי אומגעבראַכט

בן־ציון רוקער, ישראל

# דער טויטנמאַרש – כעלם־הרוביעשאָוו־סאָקאָל


בן־ציון ברוקער

עס ציטערט די האַנט שרייבנדיק און עס ווייטאָגט דאָס האַרץ הערנדיק, מכוח אַלץ וואָס מען דערציילט פון חורבן־כעלם. עס שטעלן זיך פאַר קאָשמאַרפולע געשפענסטער און בילדער פונעם אומקום פון מיין בלוט און פלייש, פון מענטשן נאָענטע, מיט וועלכע מען איז צוזאמען דערצויגן געוואָרן און געלעבט... יעטוועדע שפּראַך איז אָרעם און בלייך צו שילדערן דעם טויט פון די קדושים און וועט זיין מילד צו אויסדריקן די אכזרישע מעשים פון די מערדער. די לעבנגעבליבענע שלמה אַטלאַס און אהרן יוסף וויינשטאָק זיינען מאַרטירער פונעם טויטנמאַרש כעלם־הרוביעשאָוו־סאָקאָל.

כ׳הער ווי עס ציטערט זייער שטים בעתן דערציילן... זיי קאָנען ניט פארגעסן יענע שוידערלעכע שחיטה־טעג, וואָס זיינען פאָרגעקומען נאָר מיט געציילטע יאָרן צוריק... אויך מיר, כעלעמער יידן, טאָרן עס ניט פאַרגעסן...

כ׳שרייב די דערציילטע גרויזאמע פאַקטן מיט בלוטיקע טרערן. אלע אונדזערע ברידער און שוועסטער, וואָס זיינען צעשפרייט איבער דער וועלט, דארפן דאָס פארשריבענע דערציילן צו קינדער און קינדס־קינדער, כדי זיי זאָלן דאָס אויף אייביק איינקריצן אין זכרון. דער טויטנמאַרש פון כעלם־הרוביעשאָוו־סאָקאָל, וואָס דאָס איז אַ הימלשרייענדיקער מאַרטירער־קאַפּיטל, איז געווען דער ערשטער גרויזאַמער אָנהייב פון חורבן כעלם.

* * *

שלמה אטלאַס און אהרן יוסף וויינשטאָק האָבן מיר דערציילט די פאָלגענדיקע שוידערדיקע פּרטים פונעם טויטנמאַרש:

„דער הארבסט פון 1939 איז געווען אויסטערליש שיין און ניט געלאָזט אָנקומען דעם ווינטער. תמיד איז האַרבסט געווען טריב און פארוואָלקנט, און אין 1939 איז ער געווען זוניק און ליכטיק. עס האָט זיך יעדערן געוואָלט, אז דער וועטער זאָל זיין ווי אויפן האַרצן, ווייל דאָס האַרץ פון יעדן כעלעמער ייד איז דאַן געווען פארוויטאָגט. עס האָט געלויערט דער טויט פון אומעטום. ס׳האָבן זיך געהערט די געשרייען פון די זיך מאטערנדיקע יידן, און עס האָט זיך געוואָלט, אז ס׳זאָלן זיין וואָלקנס, ס׳זאָל שטורעמען די וועלט... אָבער ניין! טראָץ דעם וואָס עס איז שוין געווען דער ערשטער דעצעמבער, 1939 — האָט קיין האַרבסט־רעגן ניט געזימזשעט אין די שויבן פון די כעלעמער יידישע הייזער. נאָר עס האָבן געקלאַפּט די „זאַקלאדניקעס" אין די טירן און גערופן קומען אַכט אזייגער פרי אויפן „אָקראָנגלאַק"...

דער „אָקראָנגלאַק" (רינעק) איז אַ קיילעכדיק פלאַץ, ווו ס׳איז געווען דער צענטער פון כעלעמער יידישן מסחר. עס האָבן דאָרט שטענדיק זיך געפונען סוחרים, קונים, מעקלערס, וואַלוטניקעס און סתם יידן, וועלכע האָבן „נייעס" דערציילט און „נייעס" געהערט. אין יאָר 1939, הארט פאַרן וועלט־קריג, האָט די פּוילישע רעגירונג — פון קאָץ און פּריסטאראַווא — זיך ווייניק געזאָרגט, וואָס היטלער שטרעקט אויס זיין לאַפּע נאָך פּוילן, נאָר האָט זיך שטאַרק געדאגהט, וואָס אַ הייפל כעלעמער יידן קאָנען האָבן זייער בידנע חיונה. אונטערן אויסרייד צו פארשענערן כעלם האָט זיך די רעגירונג באַמיט ווירטשאַפטלעך צו פארניכטן דעם יידשן מסחר, און איינס פון די מיטלען איז געווען: ליקווידירן דעם „אָקראָנגלאַק". עס האָבן ניט געהאָלפן אלע יידישע פּראָטעסטן און בקשות. דער „אָזשעם"־פּרעמיער סקלאַדקאָווסקי, האָט מיט איין פעדערשטריך פאַראָרדענט צעוואַרפן די קראָמען אויפן „אָקראָנגלאַק" און אויף זייער אָרט איינריכטן א פאַרק. אָבער די פּוילישע רעגירונג האָט שוין אויף דעם אָרט ניט באוויזן פאַרפלאַנצן קיין פאַרק, דערפאַר האָבן די היטלער־משחיתים דאָרט געהאַט א פאַרטיקן פּלאַץ פאר די כעלעמער יידן.

קיינעם האָט זיך נישט געגלוסט צו גיין אויף דער אָ „פארזאמלונג". מען איז ארייין צו שכנים און מ׳האָט זיך געעצהנען: צו וואָס קאָנען זיי די מענער — פון 15 ביז 60 יאָר — רופן? איינער האָט געזאָגט, אז מסתמא צוליב געלט לאַטעס, א צווייטער האָט עס אויסגעטייטשט, אז עס איז א נייע קאָנטריבוציע. מ׳האָט זיך געטרייסט מיט חלשות־טראָפּנס, אָבער איטלעכן האָט דאָס הארץ שטאַרק געקלאַפּט. מ׳האָט פאָרגעפילט די שוידערלעכקייט. א טייל האָבן עקשנותדיק באשלאָסן נישט צו גיין, זיך ווו צו פארשטעקן, אנטלויפן אויף יענער זייט. אָבער אַ טייל זיינען אויף „טשיקאַוועס" געגאַנגען אויפן „אָקראָנגלאַק".

שוין האלב ניין אין דערפרי זיינען עטלעכע צענדלינג יידן געווען פאַרזאַמלט אויפן „אָקראָנגלאַק". די אָנקומענדיקע יידן האָבן זיך געטרייסט: מילא, פארפאלן, מ׳עט זען וואָס עס וועט זיין; וואָס מיט אלע יידן וועט געשען, וועט אויך זיין מיט אונדז. און אזוי האָבן זיך די יידן צונויפגעזאמלט און די צאָל פון די פארזאמלטע האָט זיך פארגרעסערט פון מינוט צו מינוט.

עלף אזייגער אין דער פרי איז שוין געווען פארזאַמלט א המון פון קרוב 2.000 יידן, וועלכע האָבן זיך באלד ארומגעזען, אז זיי זיינען שוין אין פינצטערן קלעם. א געדיכטער קארדאָן פון באוואָפנטע ס.ס.־לייט האָבן זיי ארומגערינגלט פון אַלע זייטן, און דער טראַגישער ספּעקטאַקל האָט זיך אָנגעהויבן.

אַ באַנדע ס.ס.־מענער האָבן זיך ארויסגעלאָזט ווילדעווען איבער די יידן. מיט סאדיסטישער הנאה האָט מען זיך „פארוויילט" איבער יידן מיט בערד. מערדערלעך זיינען באלד צעשלאָגן געוואָרן די דאָקטוירים: וואלבערגער און אָקס. די רויטע קרייצן אויף זייערע אָרעמס זיינען באשפּיגן געוואָרן. די געוואלדן און געוויינען פון די געשלאָגענע זיינען דערגאנגען עד לב השמים, און זיי האָבן זיך באהעפט מיט די געוויינען און יללות פון די ווייבער און קינדער, וואָס האָבן זיך צוגעקוקט פון די באלקאָנען און פענצטערס. יעטוועדער שטראָם ווייבער און קינדער, וואָס האָבן זיך געריסן צו זייערע אומגליקלעכע פאָטערס, מענער און ברידער — איז צוריקגעשטויסן געוואָרן פון די בלויאויגיקע בעסטיעס. עס האָבן געוויינט און געשריען: מענער, פרויען און קינדער.

אָבער קיינער האָט זייער געשריי ניט געהערט. מיט א ציניש געלעכטער האָבן די ס.ס.־מענער און די, מיט שנאה קוקנדיקע, פּאָליאקן אויפגענומען די געשרייען פון די יידן. דאָס איז נישט נאָר געווען קיין גיהנום, ווייל דאָס דאָזיקע וואָרט איז צו אָרעם, צו באשיידן אויף צו באצייכענען די דראמאטישע סצענעס, וועלכע זיינען דעמאָלט פאָרגעקומען.

די געוואלדן און דאָס געשלעגערײַ האָבן זיך איינגעשטילט מיטן מאָמענט, ווען ס'האָט זיך באוויזן אַן אבערלייטענאנט, וועמענס משונהדיקע צורה האָט זיך ביי אונדז טיף איינגעקריצט אין זכרון. דער דאָזיקער אָבערלייטענאנט האָט פאַראָרדענט: „אלץ וואָס מען האָט ביי זיך זאָל מען פרייוויליק אָפּגעבן! אויב ניט ווען מען וועט — אין וועג — ביי וועמען עפּעס געפינען, וועט מען אלס שטראָף 20 יידן שיסן".

גאַנצע זעק יידיש האָב און גוטס האָבן צונויפגעזאַמלט די ס.ס.־בעסטיעס. ס'איז פאַראָרדענט געוואָרן אויסצושטעלן זיך אין רייען צו זעקס פערזאָן, אויסטאָן די היטלען און זינגען. די ס.ס.־מענער האָבן דערווייל אלעמען ארומגערינגלט. געקנאַלט האָבן זייערע גומענע שטעקנס, געהילכט האָבן זייערע ווילדחיהשע געשרייען, און 12 אזייגער, דעם ערשטן דעצעמבער, 1939, זיינען די אור־אור־אייניקלעך פון די „אבלי ציון", מיט אנטבלויזטע קעפּ, געווען געצוואונגען צו זינגען: „דייטשלאנד, דייטשלאנד, איבער אַלעס". זיי האָבן פאַרלאָזט די שטאָט כעלם, ווו זיי זיינען געבאָרן און געלעבט אזויפיל יאָרן. אלע די־יעניקע, וועלכע האָבן נאָר דעם „אָקראָנגלאַק" באַטראָטן, זיינען פון שטאָט ארויסגעפירט געוואָרן. מיט זיי זיינען שוין מיטגעגאַנגען פיל יידן, וועמען די קאַניבאַלן האָבן געכאַפּט אין די גאַסן און אויפגעזוכט אין די היימען. דעם צוג האָבן באגלייט ווייבער און קינדער, וועלכע זיינען ברוטאַל אָפּגעשטויסן געוואָרן.

דעם לעצטן מאָל האָבן — דער גרעסטער טייל פון זיי — געזען זייער „לובלינער" און „הרוביעשאָווער" גאַסן. ס'האָט זיך געדאכט, אז אויך די גאסן וויינען מיט זיי. אָבער די גאַסן האָבן נישט געוויינט — געוויינט האָט נאָר דער הימל, וואָס איז ביז איצט געווען לויטער, און האָט, פּלוצלינג, באוויזן זיין פארצאגטע געשטאַלט, און, ווי אויף צו להכעיס, האָט ער באגלייט די אומגליקלעכע יידן מיט א שלאקסרעגן. ס'האָט געגאָסן דער רעגן, ווי מיט צעבערס.

די ס.ס.־באנדיטן, וואָס האָבן געריטן אויף פערד און געפאָרן אויף ראָווערן, האָבן די יידן כסדר געיאָגט. לאַנגזאַם האָט מען ניט געטאָרט גיין. אַן אויטאָ מיט אמוניציע איז נאָכגעפאָרן. ס'האָט אויך זיי באַגלייט א שווערע מאַשינגעווער. מ'האָט געזען, אז די, וואָס שטייען אָפּ, זיינען אויסגעשטעלט צו זיין די ערשטע קרבנות. און באלד אונטער דער שטאָט איז געפאלן דער ערשטער קרבן. דאָס איז געווען מנשה מצבה־קריצערס זון (מאנדעלבוים). ער איז, ליידער, געווען א לאָמער און האָט ניט געקאָנט נאָכגיין, אזוי, אז זיין גורל איז באלד געחתמעט געוואָרן.

אָבער נישט לאָמע און אנדערע אינוואלידן זיינען אָפּגעשטאַנען. ס'איז פאר אלעמען געווען ניט מיגלעך מיטצומאַכן דעם שרעקלעכן געיעג פון די ס.ס.־חיות. דעריבער זיינען כסדר פיל „אָפּגעשטאַנען" און ס'איז טאַקע געהערט געוואָרן דאָס קנאלן פון די פיסטאָלעטן. מיט יעדן שאָס איז געפאלן א יידישער קרבן, וועלכער איז געבליבן ליגן אויפן וועג. דער וועג איז געווען פארזייט מיט טויטע... צו הילף האָבן זיך א לאָז געטאָן די רויבפייגל — די פּוילישע און אוקראַינישע פּויערים — און האָבן גענומען נישטערן אין די נאָך פארבלוטיקטע קעשענעס, ארויסנעמענדיק פון דאָרט דאָס לעצטע און דערנאָך האָט מען ערשט אראָפּגעצויגן די מלבושים און אהיים געטראָגן „דאָס גרויסע געווינס". פון אלע דערפער זיינען ארויס די פּויערים און זיך צוגעקוקט מיט הנאה אויף דעם בלוטיקן שוישפּיל. נאָר פון איין דאָרף זיינען די פּויערים ארויס מיט ברויט און געוואָלט געבן די קוים־לעבעדיקע יידן, אָבער די ברוינע בעסטיעס האָבן זיי אָפּגעשטויסן.

יוסף וויינשטאָק האָט דערציילט: „א פּויערטע האָט מיר געוואָלט געבן א שטיקל ברויט, נאָר זי האָט ניט געקאָנט דערלאנגען, און ווארפן אין בלאָטע האָט זי נישט געוואָלט. אָבער איך האָב איר געהייסן ווארפן אין בלאָטע. ווען איך האָב דאָס בלאָטיקע שטיקל ברויט געקראָגן, צעטיילנדיק זיך מיט ליפּע הערצס זון, איז דאָס בלאָטיקע שטיקל ברויט דאַן פאַר אונדז, הונגעריקע, געווען ווי ברויט מיט פּוטער אָדער מאַרמאָלאַדע".



לעבעדיקע עדות פון טויטנמאַרש. פון רעכטס: אהרן יוסף חיינשטאָק אין שלמה אַטלאַס, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט און געפינען זיך היינט אין ישראל.

ווען די מאָרד־פּראָצעסיע איז געווען 13 קילאָמעטער פון כעלם — ביים פּאָפּלאוויטשער וואלד, — האָט דער אָבערלייטענאנט באפוילן צו בלייבן שטיין, מעלדנדיק, אז יידן האָבן געפּרובירט אנטלויפן און אלס שטראָף וועט ער דערשיסן 25 יידן. געזאָגט און געטאָן. די „טויטנקעפּ"־העלדן האָבן אויסגעקליבן 25 יידן, צווישן זיי די ברידער ראָזנבלאַט (אייגנטימער פון פּאָטאָאנשטאַלט „שטוקא"), דעם שניידער זיידפּאדעם און מיימע דעם שוסטערס זון. די יידן זיינען אָפּגעפירט געוואָרן 5 מעטער טיף אין וואַלד און באלד האָבן זיך געהערט שאָסן. עס זיינען דאן געפאלן 25 קדושים מיט „שמע ישראל" אויף די ליפּן...

רואיק, מיט אַ גלייכגילטיקן שמייכל, זיינען צוריקגעקומען פון דער דאָזיקער „אַרבעט" די 6 ס.ס.־מענער, און דער „טויטנמאַרש" האָט זיך ווידער געריכט. אייגנטלעך איז מען געלאָפן, ווייל ווייסנדיק, אז אָפּשטיין פון דער ריי באַטייט אומקום, האָט זיך יעדערער באמיט צו לויפן, צו שטופּן זיך פאָרויס. איינער איז געלאָפן אויפן צווייטן, דער וועג איז געווען שמאָל, און אלע האָבן נישט געקאָנט גיין אויף אים, דעריבער זיינען א סך געפאַלן אין די ראָוועס, און יעדער ייד, וואָס איז אריינגעפאלן אין א ראָוו, איז דערשאָסן געוואָרן. און אזוי זיינען די ראָוועס פול געוואָרן מיט מתים...

עס האָט פּאַסירט דער דאָזיקער עפּיזאָד: דער שניידער, בערל גוטערמאַן, האָט מיט א טיכעלע ארומגעבונדן זיין ווייסע

באָרד. דער אַלטער ייד האָט שוין ווייטער נישט געקאָנט גייען, האָט ער זיך געזעצט וויינען... א חיה, וועלכע איז געבאָרן געוואָרן פון א מענטשלעכן בויך, האָט אים אויפגעפאָדערט אויפצושטיין. דער אַלטער ייד האָט געבעטן א דערלויבעניש א ביסל זיך אָפּרוען, אָבער א קויל איז געווען דער ענטפער אויף זיין בקשה, און אַ רויטער שטרייף בלוט האָט אַ פלייץ געטאָן איבער דער ווייסער באָרד.

דער עלטסטער פון בייטלמאכער־צעך, דער פּרנס הערצבערג, איז אויך געפאַלן, האָט זיך דאַן זיין ברייטער מאַנטל צעשפּרייט און די קויל האָט דורכגעלעכערט נאָר דעם מאַנטל, הערצבערג איז אָבער פון שרעק געפאַלן אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד. דער ס.ס.־מאַן האָט געמיינט, אז ער האָט אים דערשאָסן. הערצבערג איז פאַרבליבן אזוי ליגן, דערנאָך איז ער אַנטלאָפן צו דער רוסישער גרענעץ און איז בשלום אריבערגעגאַנגען.

מען איז אזוי געלאָפן מיט די לעצטע כוחות... מ׳האָט אראָפּגעוואָרפן די מאַנטלען און די קורטקעס. די פיס זיינען פון לויפן אָנגעפילט געוואָרן מיט פּאָכירעס (בלאָזן), מען האָט אויסגעטאָן די שיך... די ווונדן האָבן זיך געעפנט און בלוט האָט באַפּאַרבט דעם שווארץ־בלאָטיקן וועג. גרויסע בלוט־קאַלוזשעס האָבן עדות געזאָגט, אז דאָ זיינען געגאַנגען די אומגליקלעכע פון „טויטנמאַרש". איך, וויינשטאָק, האָב אים געפירט מיט זיך, אָבער אַן ס.ס.־מאַן האָט אים דערשאָסן. פאַר העלפן דעם דאָקטער האָב איך פון ס.ס.־מאַן באַקומען מיט אַן אייזערנער הענטשקע איבערן קאָפּ..."

די ס.ס.־מענער זיינען געוואָרן „הומאַניטאַר": זיי האָבן נישט געקאָנט צוזען די טויטע קערפּערס. זיי האָבן באַפוילן צוויי יידן צו באַגראָבן די טויטע. מיט די לעצטע כוחות האָבן די יידן אויסגעגראָבן גריבער, און ווען די גריבער זיינען שוין פאַרטיק געוואָרן, האָבן זיך דערהערט צוויי שאָסן, און די צוויי קברנים זיינען אויך אריינגעפאַלן אין די גריבער...

די כוחות האָבן זיך אויסגעלאָזט: א גאַנצן טאָג נישט געגעסן און נישט געטרונקען. פאַרנאַכטלעך האָט זיך באַוויזן א פּויערישע פור מיט ברויט, די ס.ס.־מענער האָבן בכיון געוואָרפן דאָס ברויט אין דער הויך, בכדי עס זאָל פאַלן אויף די קעפּ פון די אומגליקלעכע. דאָס ברויט איז טאַקע אָפּגעשפּרונגען פון די קעפּ און אריינגעפאַלן אין דער בלאָטע. דער עולם האָט געכאַפּט דאָס ברויט און מיטן לעצטן ביסן האָט מען זיך געטיילט. וואַסער האָט מען, מיט די היטלען, אָנגענומען פון די בלאָטעס און אזוי האָט מען געטרונקען. צוויי יידן האָבן געפּרוווט צוגיין צו א ברונעם, אָבער זיי זיינען באַלד דערשאָסן געוואָרן.

ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט. מיט פּראָזשעקטאָרן האָבן די ס.ס.־מענער באַלויכטן דעם וועג, אז ס׳זאָל קיינער נישט וואַגן צו אַנטלויפן. א ייד האָט דאָך געוואַגט אין וואַלד צו אַנטלויפן, אָבער א דייטש האָט אים געכאַפּט און דער שטילעט האָט דורכגעשטאָכן דעם יידנס חוט־השדרה. אַלע זיינען געלאָפן באַוווסטלאָז, מען האָט נישט געוווסט וווהין מען גייט און ווי אזוי מען גייט און פונוואַנעט נעמען זיך נאָך כוחות... „איך, שלמה אטלאַס, האָב מיט מיינע כוחות געפירט דעם פּאַרפיומע־סוחר העלפּער און נאָך א יידן".

די ווילדע געשרייען פון די היטלעריסטן האָבן זיך א ביסל אויסגעטומלט. שטילער איז אויך געוואָרן דאָס קנאַלן פון די גומענע שטעקנס. עס האָט זיך געהערט בלויז דאָס רוישן פון האַרבסט־ווינט, דאָס שווערע אָטעמען פון די פּאַרפּייניקטע יידן...

פון דער ווייט האָבן זיך באַוויזן קליינע פייערלעך — דאָס זיינען די לאָמפּן פון הרוביעשאָוו. מען האָט זיך דערנענטערט צו הרוביעשאָוו. עס איז פּונקט געווען 4 אזייגער ביינאַכט.

א קילאָמעטער פאַר הרוביעשאָוו איז געשטאַנען א שפּייכלער, ווו דער יידישער סוחר ווארמאַן האָט געהאַלטן פלאַקס. אָט דער שפּייכלער איז געווען דער „נאַכט־האָטעל" פאַר לעבנגעבליבענע יידן פונעם „טויטנמארש". אָבער דער אריינגאַנג צו דעם „האָטעל" איז נישט געווען אזוי לייכט. די ס.ס.־מענער האָבן ווידער געמוזט ציילן וויפיל לעבעדיקע קרבנות זיי האָבן נאָך און געציילט האָט מען מיט נאַהייקעס. יעדער ייד איז אריין אין „האָטעל" א צעבלוטיקטער. פון דער ציילונג האָט זיך ארויסגעוויזן, אז פון די קרוב 2.000 כעלעמער יידן, וואָס זיינען דעם זעלבן טאָג, 12 אז. ארויסגעגאַנגען פון כעלם, זיינען פאַרבליבן נאָר 800. אַלע עלטערע און שוואַכערע זיינען שוין געלעגן טויט, ערגעצווו אין די ראָוועס, און די לעבעדיקע אין „האָטעל" האָבן זיי מקנא געווען.

דאָס ביסל יידן האָבן זיך קוים צוזאַמענגעקוועטשט אין דעם שפּייכלער און אויפן בוידעם. מען איז ניט געשלאָפן, נאָר מען איז געלעגן אָן באַוווסטזיין. אָטעמען איז נישט מיגלעך געווען און אויך זיך רירן האָט מען נישט געקאָנט. ס׳האָט זיך געוואָלט, אז אייביק זאָל דויערן די נאַכט. אָבער וועלט בלייבט וועלט: די נאַכט איז פאַרשווונדן און עס איז אָנגעקומען דער באַגינען, וואָס האָט געוואָרפן ליכט־פּאַסן דורך די שמאָלע שפּאַרונעס און לעכער פונעם שפּייכלער. די ליכט־פּונקטן האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די צוזאַמענגעקוועטשטע, הילפלאָזע יידן. יעדער איינער האָט געזאָגט „ווידוי", זייענדיק זיכער, אז היינט קומט דער סוף פון זיין לעבן. אָבער לאַנג קלערן האָט מען נישט געקאָנט, די ווילדע געשרייען פון די ס.ס.־מענער — „הערויס, הערויס!..." האָבן איבערגעריסן די געדאַנקען פון די יידן און מיט א פּיינלעך געפיל האָט מען באַגעגנט דעם פרימאָרגן. מען האָט אָבער געמוזט ווידער גייען.

אויפן וועג איז געווען א טייכל. אדורכגייענדיק די בריק, האָבן זיך פיל יידן געוואָרפן אין וואַסער אריין. די ס.ס.־מענער האָבן נאָכגעשאָסן און דאָס וואַסער איז רויט געוואָרן פון בלוט. פון דער ווייט האָט מען געזען פיל מענטשן. דאָס זיינען שוין געווען די הרוביעשאָווער יידן, וואָס האָבן געדאַרפט זיין אונדזערע אחים לצרה. און ווידער האָבן זיך אָנגעהויבן איבערחזרן די סאַדיסטישע שטיק איבער די כעלעמער און הרוביעשאָווער יידן. יידן מיט בערד זיינען אויסגעקליבן געוואָרן צו טאַנצן, און דער אָביעקטיוו פון א פילם־קאַמערא האָט אַלץ פאַרפיקסירט. איין יידן האָט מען געצוווּנגען די הייזן אראָפּצולאָזן. יאירן, דער אינקאַסענט פון מושב זקנים, האָט מען פאַרשטעלט צו פּוצן די שטיוול פון אַן אָפיציר, און ווען ער האָט אים די שטיוול געפּוצט, האָט אים דער אפיציר מיט א נאַהייקע, כסדר, געשלאָגן. קיין שום הילף איז ניט געווען, די הימלען האָבן נישט געהערט דאָס געשריי פון ישראל און די ערד האָט נישט געציטערט. אַלץ איז געבליבן, ווי געווען.

אָבער וואָס אַמאָל איז געוואָרן ערגער. די שיסעריי האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט, עס זיינען געפאַלן מאַסן קרבנות, אָבער דאָס האָט נאָך אַלץ ניט אָנגעזעטיקט די בלוטדאָרשטיקע סאַדיסטן.

די ס.ס.־מענער האָבן אויסגעגראָבן א גרוב און לעבעדיקערהייט זיינען אריינגעוואָרפן געוואָרן די אייזן־סוחרים — די ברידער לעווענשטיין, דער פּערפומעריע־סוחר שניצער, העלפּער און נאָך א הרוביעשאָווער ייד.

„דער ווייטערדיקער מאַרש איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. פון אויבן האָט געגאָסן א שלאַקסרעגן און אונטן זיינען געווען די בלאָטעס גרויס ביז די קני. די שיך, שטיוול זיינען געבליבן אין די בלאָטעס. ווער עס איז געבליבן שטעקן אין די בלאָטעס איז דערשאָסן געוואָרן. איינער האָט געפּרוּווט דעם צווייטן אַרויסהעלפן. „איך, יוסף ווײַנשטאָק, האָב געהאָלפן פירן יעקב וולאָדאָווער (א פריזירער) און אַרקעלען טענעבוים".

מ'איז אַרויסגעקומען אַ ביסל אויפן גלייכן וועג. אונדזערע רייען זיינען שוין געווען גאַנץ שיטער און פיל זיינען געוואָרן פאַרהאַרטעוועט פון די ווייטאָגן. ביי אַ טייל איז געבאָרן געוואָרן דער געדאַנק פון שטעלן אַ ווידערשטאַנד. פאַרשטייט זיך, אז דער געדאנק וועגן ווידערשטאַנד איז נישט געווען פאַרבונדן מיטן ראַטעווען דאָס אייגענע לעבן, נאָר מ'האָט נאָר געקלערט וועגן א בכבודיקן טויט — „תמות נפשי עם פלשתים". און אין מיטן לויפן האָט זיך אַ געפּליסטער געטראָגן צווישן אַלע יידן: „אפשר עפּעס אָנהייבן, צי זאָלן מיר וואַגן?" אָבער א שטומער טרויעריקער בליק איז געווען דער ענטפער אויף דער פראַגע.



היטלער־מערדער שיסן אויף כעלעמער יידן בעתן טויטנמאַרש כעלם—הרוביעשאָוו—סאָקאָל.

ד. ה.: „און וואָס וועט זיין מיט אונדזערע ווייבער און קינדער? — מ'וועט זיי דאָך אַלעמען אויסשיסן!" אין די לעצטע מינוטן פון אָט די אומגליקלעכע האָט נאָך געלעבט ביי זיי די דאגה פאַר זייערע ווייבער און קינדער, און, דעריבער, איז דער געדאנק פון ווידערשטאַנד געוואָרן פאַרטוכלעט.

ווידער איז אַוועק א טאָג פון צער, פון ווייטאָג און טויט. די רייען פון די כעלעמער און הרוביעשאָווער יידן זיינען געוואָרן וואָס אַמאָל שיטערער. געקומען איז ווידער די נאַכט.

דער וועג איז נאָך אַלץ געווען שטאַרק־בלאָטיק. די ס.ס.־מענער האָבן אויסגעטראַכט א פּלאַץ — ווו צו „לייגן שלאָפן" די יידן, און טאַקע אין די בלאָטעס. דער אָבערלייטענאַנט האָט אַלעמען באַפוילן זיך צו לייגן אין די בלאָטעס מיטן פּנים אַראָפּ. דער גאַנצער שטח איז פאַרצאַמט געוואָרן מיט שטעכיקן דראָט. ווער ס'האָט געוואָלט דעם קאָפּ אויפהייבן, איז גלייך דערשאָסן געוואָרן. און אַרום זיינען געשטאַנען די ס.ס.־מענער און זיך געוואַרעמט ביי א שייטער. די פּראָזשעקטאָרן האָבן באַלויכטן דעם בלאָטיקן שטח. פון אויבן האָט געגאָסן א שלאַקסרעגן, און אַלע האָבן אין דער שטיל געמורמלט: — „הבט משמים וראה!" זע, דו גאָט, ווו עס שלאָפן די זין פון ישראל, וועלכע האָבן דיר געזאָגט — „אתה בחרתנו!"

צומאָרגנס, גלייך מיטן אָנקום פון באַגינען, איז געקומען דער באַפעל אויפצושטיין. יעדער ייד איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בלאָטיקער מאַסע, פון וואַנען ס'האָבן נאָר אַרויסגעקוקט אַ פּאָר אויגן, מיט טויט־שרעק. איינער האָט דעם צווייטן דערקענט, נאָר לויט דער שטים.

ביים אַקאָמפּאַנימענט פון שאָסן, קנאַלן פון גומענע שטעקנס און ווילדע קולות איז מען ווייטער געגאַנגען איבערן בלאָטיקן שליאַך. דער רעגן האָט, אָן איבעררייס, געגאָסן און דאָס האָט פאַרשאַפט פיל פרייד די בלאָנדע באַרבאַרן, וועלכע האָבן הנאה געהאַט צו זען ווי דער רעגן גיסט אויף די יידן. די „פאַרפלעגונג" איז פאָרגעקומען אויפן זעלבן אופן — דורך וואַרפן ברויט אויף די קעפּ, און וואַסער האָט מען געגעבן ביינאַכט, ווען מ'איז אָנגעקומען אין א דאָרף.

מיט גענויער דייטשישער פּינקטלעכקייט איז שוין אויסגעאַרבעט געוואָרן א פּלאַן ווי אַזוי וואָס מער צו דערנידעריקן און גיהנומדיקער צו פּייניקן. אין דאָרף איז געווען א קלוב מיט א בינע. די ס.ס.־לייט האָבן דעם קלוב אויסגעקליבן פאַר א נאַכטלעגער, און דער אַריינגאַנג האָט געדאַרפט זיין דורך אָט דער בינע. פאַרשטייט זיך, אז דאָס אַריינגיין האָט געמוזט זיין — דורך ציילן און שלאָגן מיט די נאַהייקעס. ס'איז געווען שטאַרק פינצטער, און די דייטשן האָבן געיאָגט. די יידן, נישט וויסנדיק, אז דאָ איז א בינע, זיינען שנעל אַריין אין קלוב און געלאָזט זיך ווייטער לויפן, אַזוי, אז אַלע זיינען אַראָפּגעפאַלן פון דער בינע, און איינער איז געפאַלן אויפן צווייטן. אַזוי זיינען זיי געבליבן ליגן די גאַנצע נאַכט. ס'איז ניט מיגלעך געווען א ריר זיך צו טאָן, אפילו די נאַטירלעכע באַדערפעניש האָט איינער געמוזט דערליידיקן אויפן צווייטן. די לופט איז געווען פאַרפּעסטעט, אָבער די יידן זיינען שוין געווען גלייכגילטיק צו אַלץ. זיי זיינען געלעגן ווי האַלב־טויטע און געבעטן גאָט, אז ס'זאָל וואָס שנעלער קומען דער סוף.

די ענד איז אָבער נישט געקומען. אויף מאָרגן האָט מען זיך געלאָזט צום פינצטער שלינגען א ביסל רעגן, וועלכער האָט א ביסל אָפּגעפרישט דעם געשטאַנק. צופיל דעם קאָפּ אַרויסשטעקן האָט מען אויך נישט געטאָרט, ס'האָט געדראָט מיט א קויל.

די נאַציס האָבן אַלעמען אַרויסגעיאָגט אויף דער גאַס, ווו ס'האָט נאָך אַלץ געגאָסן דער שלאַקסרעגן. אָבער מען האָט באַלד אַלעמען אויסגעשטעלט אויף א פּלאַץ, פּנים אל פּנים, אין צוויי רייען. דער אָבערלייטענאַנט האָט דאַן געמאָלדן: „איצט איז געקומען די צייט, און מיר וועלן אייך שוין מער נישט יאָגן — איצט וועלן מיר אייך אַלעמען דערשיסן". א ביטער געפיל האָט אַלעמען אַרומגענומען. — וואָלט דען נישט געווען גלייכער געווען צו פאַלן אין וועג — האָבן פיל געטראַכט. אייניקע האָבן די מעלדונג אויפגענומען גלייכגילטיק. קינדער זיינען געלאָפן צו טאַטעס, ברידער צו ברידער, מען האָט אין דער לעצטער מינוט געוואָלט זיין צוזאַמען, אָבער די ס.ס.־מענער האָבן דאָס נישט דערלאָזט. א מאַשין־געווער איז געוואָרן אויפגעשטעלט, גרייט צום שיסן. דערווייל האָט דער לייטענאַנט אַרויסגערופן דעם כעלעמער פאָטאָגראַפירער, טענענבוים, און געהייסן אים אויסטאָן זיין מאַנטל און זיך לייגן אויף דער ערד. טענענבוים האָט זיך געלייגט מיטן פּנים אַרויף, אָבער דער לייטענאַנט האָט אים באַפוילן זיך צו לייגן מיטן פּנים אַראָפּ. ער האָט אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און געזאָגט: „איצט שיס איך דיך!" טענענבוים האָט דערוואַרט דעם טויט. ס'האָט זיך גלייך דערהערט א שאָס, דער שאָס איז אָבער געווען אין דער לופטן. אָבער די שוואַרצע האָר פון טענענבוימען זיינען געוואָרן גראָ־ווייס. ער איז געוואָרן א גרייז.

ווידער האָבן די ס.ס.־לייט גענומען ציילן. עס זיינען נאָר געבליבן 406 יידן. בכדי דער ציפער זאָל פאַרקיילעכדיקט ווערן, זיינען דערשאָסן געוואָרן נאָך 6 יידן. די איבעריקע — האָט מען דערקלערט — דאַרפן גיין אין זייער „הייליק לאַנד" — קיין רוס־לאַנד. דערביי האָט מען זיי סאַדיסטיש געטרייסט, אַז ס'וועט זיי אויסקומען אַריבערצוגיין אַ טייך, וואָס וועט נישט טיפער זיין ווי ביזן האַלדז. איין ריי האָט געדאַרפט גיין דורך בעלז און די אַנדערע ריי דורך סאָקאַל. מיר זיינען אַריין אין דער ריי, וועלכע איז געגאַנגען קיין סאָקאַל.

דער ווייטערדיקער וועג האָט, ווידער, געפירט דורך בלאָטעס ביז די קני. קיין כוח ווייטער צו גיין איז נישט געווען. אין די לעצטע צען מינוטן זיינען דערשאָסן געוואָרן נאָך 50 יידן. די רעשט יידן האָבן שוין פאַר די אויגן געזען אַ שטעטל און דאָס איז טאַקע געווען די דייטשישע זאָנע פון סאָקאָל.

געבליבן זיינען גאָר ווייניק יידן. מ'האָט זיי אַלעמען באַפוילן זיך זעצן אויף דער ערד. ווי אויף אַ בייזן ווונדער האָבן די פּאָליאַקן געקוקט אויף די יידן, וואָס האָבן זיך געלאָזט וויל־גיין איבער די פאַרבלאָטיקטע נפשות. אויך די נאַצישע פּאָטאָ־אַמאַטאָרן האָבן געאַרבעט מעשים... ענדלעך איז געקומען אַ באַפעל צו עפענען די בריק און די יידן זיינען דורכגעלאָזט געוואָרן אויף דער סאָוועטישער זייט. די ס.ס.־לייט האָבן זיי אָנגעזאָגט, אַז אויב זיי קומען צוריק, ווערן זיי דערשאָסן.

די סאָוועטישע גרענעץ־וואַך איז איבערראַשט געוואָרן פון די האַלב־נאַקעטע, פאַרבלאָטיקטע און באָרוועסע יידן... די גרענעץ־וואַך האָט זיך דערשראָקן און האָט פאַרשטעלט די בריק, נישט לאָזנדיק קיינעם גיין ווייטער. די יידן האָבן באַלד געפּרוווט זיך וואַרפן אין וואַסער אַריין, אָבער די סאָלדאַטן האָבן געוואָרפן אַהין גראַנאַטן. ס'איז מאָביליזירט געוואָרן דער סאָוועטישער סאָקאָלער גאַרניזאָן, וועלכער האָט באַזעצט אַלע אויסגענג פון דער בריק.

בליצשנעל האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה וועגן די יידן אויף דער בריק צווישן די סאָקאַלער יידן. דאָס גאַנצע שטעטל יידן זיינען אַרויס צו דער בריק. איין שותפיש־גרויס געוויין האָט זיך געהערט. עס האָבן געוויינט די יידן פון סאָקאַל מיט אונדז צוזאַמען. דאָס שרעקלעכע בילד פון די אומגליקלעכע יידן האָט געמאָנט: „שריי, ישראל!" און די סאָקאַלער יידן זיינען אוועק צום סאָוועטישן שטאָט־קאָמענדאַנט, בעטנדיק, אַז מען זאָל שוין ראַטעווען די רעשט יידן. די בקשות זיינען אָפּגעוואָרפן געוואָרן. דערווייל האָבן די סאָקאַלער יידן — יונג און אַלט — מענער און פרויען — זיך פאַרזאַמלט נעבן דער בריק און אַריבערגעוואָרפן צו די בריק־יידן ברויט, צוקער, פּרוכטן א.א.וו. די יידן אויף דער בריק האָבן פאַר די רויטע אַרמייער אַנטבלויזט זייערע פאַרבלאָטיקטע הערצער און געשריען: „בעסער שיסט אונדז, איידער צוריקגיין צו די דייטשן!"

אַ קאָמיסיע פון דער סאָוועטישער גרענעץ־וואַך האָט זיך געווענדט צו די דייטשן, אָנפרעגנדיק די סיבה פאַרוואָס מען האָט די יידן אַרויסגעשיקט. זיי האָבן באַקומען אַן ענטפער, אַז די יידן האָבן אַ בונט געמאַכט: זיי זיינען באַפאַלן די דייטשן און האָבן געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי פירן צו די רוסן. אָט דער ציניש ער ענטפער האָט ניט געלייזט די פראַגע, און די יידן האָבן געמוזט צוריקגיין. די יידן האָבן זיך אויסגעלייגט אויף דער בריק, דערקלערנדיק אַז זיי גייען נישט צוריק. מחמת דעם האָט דער סאָוועטישער קאָמענדאַנט באַשלאָסן, אַז צוויי רויטאַרמייער מוזן יעדן יידן אָננעמען ביים קאָפּ און ביי די פיס... און אַזוי זיינען זיי איבערגעטראָגן געוואָרן אויף דער דייטשישער זייט.

ווען די קליינע רעשט יידן האָבן זיך געפונען פּנים אל פּנים מיט די דייטשן, איז שוין געוואָרן שטאָק־פינצטער. אייניקע ס.ס.־לייט האָבן פאַרזיכערט די יידן, אַז מאָרגן וועלן זיי קאָנען צוריקפאָרן אַהיים. און איצט האָבן זיי די יידן גערופן גיין צום וואַקזאַל. אויפן וואַקזאַל האָבן שוין ס.ס.־לייט אָפּגעוואַרט די יידן, באַגעגנדיק זיי מיט רציחהשע קלעפּ. די יידן זיינען זיך גלייך צעלאָפן און אָנגעקומען אין נאָענטסטן דאָרף, ווו דער סאָלטיס האָט זיי דערלויבט צו שלאָפן אין אַ שול־געביידע.

די ס.ס.־רוצחים האָבן נישט געקאָנט רוען... זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דער שול און אַרויסגעיאָגט אַלע יידן צום טייך. אַ טייל זיינען זיך גלייך אַריין אין וואַסער. די, וועלכע האָבן געקאָנט שווימען, זיינען אַריבערגעשווומען, און אַנדערע זיינען דערטרונקען געוואָרן, אַנדערע זיינען געלאָפן לענגאויס דעם ברעג פון טייך.

„איך, שלמה אַטלאַס, בין צוגעשווומען צו אַ צעבראָכענער בריק. אָבער צום גליק איז אַ ברעט פון דער בריק געלעגן אויפן צווייטן ברעג. איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די סלופּעס פון דער בריק און גייענדיק טיף אין וואַסער, האָב איך זיך אַזוי דערלאַנגט צום צווייטן ברעג. אויף אַזאַ אופן זיינען דערנאָך די איבעריקע אַריבער אויפן צווייטן ברעג.

וואַנדערנדיק אויף דער צווייטער זייט ברעג, האָבן מיר געטראָפן אַ יידישן רויטאַרמייער, וועלכער האָט אונדז אָפּגעפירט אין ביוראָ פון דער גרענעץ־וואַך, און אָנשטאָט צו געבן אונדז אַ נאַכטלעגער, האָט מען אונדז אַרעסטירט. טראָץ אַלע באַמיאונגען פון די סאָקאָלער יידן, זיינען מיר געזעסן אין תפיסה אַ חודש צייט און צום סוף האָט דער קאָמענדאַנט פאַראָרדענט אונדז צוריקשיקן צו דער דייטשער גרענעץ. ווערנדיק געפירט דורך אַ סאָוועטישן פּאַטרול אויף אַ שטרעקע פון 40 ק"מ צו אַן אַנדער גרענעץ־פּונקט, איז בינתים אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז ס'איז דאָ אַ באַפעל צום סאָקאָלער קאָמענדאַנט, אַז מען זאָל אונדז צוריקפירן אין דעם טייל סאָקאַל, צום סאָוועטישן געביט.

די סאָקאַלער יידן האָבן אַלע לעבנגעבליבענע יידן — פונעם טויטנמאַרש — כעלם־הרוביעשאָוו־סאָקאַל מקבל פּנים געווען ווי אייגענע ברידער. מען האָט אונדז באַקליידט, באַשוכט און געשפּייזט אַ לענגערע צייט. דעם ערשטן שבת זיינען די געראַטעוועטע יידן געגאַנגען אין שוהל און געבענטשט גומל. ליידער, זיינען 5 יידן, וואָס האָבן געהאַט דעם גליק צו קומען קיין סאָקאַל, געשטאָרבן פון ווונדן אין סאָקאָלער שפּיטאָל".

* * *

צום סוף האָבן די אויבן דערמאָנטע דערציילער — אַטלאַס און ווינשטאָק — פאַרענדיקט מיטן פאָלגענדיקן דאַנק פאַר די סאָקאַלער יידן: „מיר האַלטן אונדזער חוב — ביי דער געלעגנהייט — אויסצודריקן אין נאָמען פון די לעבנגעבליבענע כעלעמער יידן אונדזער האַרציקסטן דאַנק אַלע ניצול־געוואָרענע סאָקאָלער יידן ווו נאָר זיי געפינען זיך, בכל אתר ואתר. מיר שטעלן פעסט, אַז די סאָקאַלער יידן האָבן, דעמאָלט, אַרויסגעוויזן פולע מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט און רחמנות.

י. הערץ, קאַנאַדע

# דער טויטנמאַרש



יהושע הערץ

דאָנערשטאָג ביינאַכט, דעם 30־טן נאָוועמבער, 1939, איז געוואָרן אַ שטאַרקע פּאַניק צווישן דער יידישער באפעלקערונג אין כעלם. די יידישע קהילה האָט געגעבן צו וויסן, אז אלע יידן — מענער פון 16 ביז 65 יאָר — זאָלן אויף מאָרגן, פרייטאָג דעם 1־טן דעצעמבער, 1939, 8 אזייגער פרי זיך צונויפזאַמלען אויפן פּלאַץ, ווו עס זיינען געשטאַנען די געוועלבער פון קליינעם מאַרק (דער אזוי־גערופענער „אָקראָנגלאַק") און וועלכן מאַן מען וועט טרעפן נאָך דער צייט אויסער דער זאַמל־־פונקט, וועט מען גלייך דערשיסן.

אַ שטאַרקער פּחד איז אלעמען באַפאַלן. איינער צום צווייטן איז געלאָפן זיך עצהנען וואָס צו טאָן: גיין אָדער ניט גיין? פאַרוואָס רופט מען עפּעס נאָר מענער?

אַנשל בידערמאַן, פּרעזעס פון דער יידישער קהלה, איז פּערזענלעך ארומגעגאַנגען פון הויז צו הויז אָנזאָגן די יידן וועגן דעם דייטשישן באַפעל, בארויקנדיק, אז עס האַנדלט זיך נאָר וועגן א פאָרמאליטעט, און די דייטשן וועלן, נאָך דעם ווען מען וועט אויסהערן פאַראָרדענונגען, אַלעמען פריי לאָזן.

אזוי ווי אין אלע יידישע הייזער פון שטאָט, אזוי איז אויך געווען חושך ביי אונדז אין שטוב. קיינער האָט ניט צוגעמאַכט קיין אויג. די מאַמע האָט א גאַנצע נאַכט אָן אויפהער געוויינט, פאָרפילנדיק דאָס ערגסטע. אלע מענער אין שטוב — דער טאַטע, צוויי ברידער און איך — האָבן ניט גערעדט צווישן זיך, נאָר מיט די בליקן האָט איינער דעם צווייטן איבערגעגעבן די שרעק און פּיין, זאָרג און אומרואיקייט פארן גורל פון די איבערגעבליבענע פרויען, וואָס בלייבן אין שטוב אָן שום שוץ — אַ מוטער און צוויי שוועסטער.

מיר האָבן באשלאָסן, אז אויפן „אקראָנגלאַק" גיי איך נאָר אליין. די פרויען וועלן בלייבן אין שטוב אָדער אוועקגיין אויף א פּאָר שעה צו קריסטלעכע שכנים, און די מענער וועלן זיך ווו אויסבאהאלטן אויף דעם טאָג.

דער פרימאָרגן פון 1־טן דעצעמבער, 1939, איז געווען פאַרוואָלקנט. כ'האָב זיך געזעגנט מיט אלע מיינע טייערע און אומפארגעסלעכע טאַטע מאמע — ליפּע בן יהושע הערץ ע"ה און חנה בת נחום ע"ה, ווי אויך מיט מיינע טייערע שוועסטער חיה ע"ה (אלט געווען 18 יאָר) און פייגע לאה ע"ה (אין עלטער פון 9 יאָר), וועמען כ'האָב שוין מער ניט געזען, ווי אויך מיט מיינע צוויי ברידער שלום און פישל — און אַוועק מיט אַ שווערן געמיט צום „אָקראָנגלאַק". דאָרט איז שוין געווען פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם יידן: קליין און גרויס, יונג און אַלט — טאַטעס און זיידעס מיט זייערע אייניקלעך. מיט יעדער ווייל איז גרעסער געוואָרן די צאָל פארזאמלטע יידן. און ווען דער „אקראנגלאק" איז פול געוואָרן מיט יידן, האָבן פון אַלע גאַסן און געסלעך, וואָס פירן צו אָט דעם זאַמל־פונקט, ארויסגעמאַרשירט שווער־באַוואָפנטע ס.ס.־לייט און האָבן אלע פארזאמלטע יידן ארומגערינגלט.

מיר האָבן גלייך ארויסגעזאַגט דאָס שרעקלעכסטע, באגרייפנדיק, אז מיר זיינען פאררופן געוואָרן אהערצו ניט אויסהערן קיין דייטשישע באַפעלן און פאַראָרדענונגען. אָבער קיין צוריקוועג איז שוין נישט געווען. מען האָט אונדז באלד אויסגעשטעלט אין לאנגע רייען און די פוילישע פּאָליציי איז געגאנגען צווישן די יידן, באפעלנדיק, אז מען זאָל זיי אָפּגעבן אלץ וואָס מען האָט אין די קעשענעס, ווייל ביי וועמען מ'וועט געפינען וואָס אין טאַש, דער ווערט גלייך דערשאָסן. דערנאָך האָט אַן ס.ס.־אָפיציר געהאַלטן א רעדע, דערקלערנדיק, אז מען פירט „די דרעקישע, לייזיקע און שמוציקע יודען" אויף ארבעט. דער זעלביקער אָפיציר האָט אונדז באפוילן טאַנצן און זינגען לידער. כ'געדענק, ווי מאָטעלע דער סטאָליער (כ'געדענק ניט זיין פאמיליע) איז בעתן טאַנצן שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן פון אַן ס.ס.־מאַן, און ער איז געווען א גבור, אויב ער האָט נאָך געקאָנט איין קילאָמעטער גיין מיטן טויטנמאַרש, ביז מ'האָט אים דערשאָסן.

איידער מיר האָבן זיך גערירט אין דעם אָ טויטנוועג, האָבן די ס.ס.־לייט דעם קהלה־מיטגליד, דר. ד. וואלבערגער, אַ קליינע צאָל בעלי־מלאכות, ווי שוסטערס, שניידערס און אנדערע עלימינירט פון אונדז און זיי זיינען פאַרבליבן אין כעלם.

נאָך אָט דער סעלעקציע האָט זיך דער טויטנמארש אָנגעהייבן. באלד נאָכן שטאָטישן שפּיטאָל האָבן זיך אָנגעהייבן די דערשיסונגען און עס זיינען געפאלן די פאָלגענדיקע ערשטע קרבנות: דער אויבן דערמאָנטער מאָטעלע סטאָליער, מאנדעלבוים (דעם מצבה־קריצערס זון, וועלכער איז געווען א לאָמער), פּאַלעוווסקי א.א. ווי בלוטדאָרשטיקע חיות זיינען די ס.ס. געלאָפן צעיושעט צווישן די רייען יידן, שלאָגנדיק מיט נאַהייקעס און יאָגנדיק אונדז, מ'זאָל לויפן געשווינדיקער — און ווער ס'איז נאָר אָפּגעשטאַנען, איז גלייך דערשאָסן געוואָרן.

פאַר און הינטער אונדז זיינען געפאָרן דייטשישע לאסט־אויטאָמאָבילן מיט אָנגעצילטע מאשין־ביקסן. מיר זיינען געלאָפן ווי א סטאַדע שאָף צונויפגעקנוילט און דערשראָקן, זייענדיק באַהערשט פון אָט דעם איינציקן געפיל: לויפן, לויפן, — אפשר וועט מען אנטלויפן פון די היטלעריסטישע הינט". ביים היינטיקן טאָג, בעת אינטערנאַציאָנאלע טריבונאַלן באפרייען די צום טויט־פארמשפּטע דייטשישע פארברעכערס וועט עס, מסתמא, קלינגען לעכערלעך און אנאכראניש, אָבער דעמאָלט האָט יעדער איינער געוואָלט דאָס איבערלעבן נאָר צוליב דעם איינציקן ציל, כדי צו זען די דייטשישע נידערלאַגע און האָבן נקמה אין זיי. מען האָט אָנגעשטרענגט די לעצטע כוחות צו לויפן פאָרויס און פאָרויס... נעבן מיר אין ריי איז געגאַנגען שלמה פריימאַן, וועלכער האָט געאַרבעט ביי מיין טאַטן.

אין פּאפּלאָוויטשער וואַלד, 16 ק"מ פון כעלם, האָט מען אונדז איבערגעציילט און די ערשטע 20 מענטשן האָבן די ס.ס. דערשאָסן, א פּאָר צענדלינג טריט פון מיין ריי. כ'האָב געהערט דאָס געוויין און געבעט פון די אומגליקלעכע מענטשן, אז מען זאָל זיי לאָזן לעבן. נאָך יעדן שאָס זיינען זייערע געשרייען געוואָרן שוואכער, שטילער ביז זיי זיינען אין גאנצן געוואָרן

שטום־שטיל. איין ס.ס.־אָפיציר האָט זיך געגרויסט מיט דעם, וואָס ער האָט דערשאָסן „20 שווינע". צווישן די אָ 20 קדושים, וועלכע זיינען דערשאָסן געוואָרן אין פּאָפּלאַוויטשער וואַלד זיינען געווען: בן־ציון סאָלאָן; פייוול ראָזענבלאַט און זיין ברודער יעקב ראָזענבלאַט; דער פאָטאָגראַפיסט מיט די לאַנגע האָר, דוד קאָרנפעלד, אבא פעלדמויס.

אזוי האָבן די דערשיסונגען אָנגעהאַלטן ביז הרוביעשאָוו. די צאָל קרבנות איז געוואָרן גרעסער און די גראָבנס ביים וועג פון כעלם קיין הרוביעשאָוו זיינען געווען פארזייט מיט קערפּערס פון דערשאָסענע יידן, וועלכע האָבן ניט געקאָנט נאָכלויפן. באזונדערס זיינען די אָ יידן, וועלכע זיינען געזעסן איבער אַ בלאַט גמרא, ניט געקאָנט מיטלויפן און זיינען געווען צווישן די ערשטע געפאַלענע קרבנות. ביי מיר אין זכרון איז איינגעקריצט ווי מנשה ראָזענבוימס ברודער — א לאָמער — איז מיט אלע אָנגעשטרענגען געלאָפן, מיטן בלויזן העמד פארשוויצט און מיט גרויסער פּאַנישער שרעק אין די אויגן, ביז ער איז אומגעפאלן, אויסשרייענדיק: „יידן, ראַטעוועט, זיי גייען מיך שוין שיסן; יידן, ראטעוועט!" עס האָט זיך באלד דערהערט א שאָס און עס איז אַ יונג יידיש לעבן אומגעקומען דורך בעסטיעס אין מענטשלעכער הויט.

ניט ווייט פון מיר זיינען געגאנגען יעקב טענענבוים מיט זיין פאָטער פסח, וועלכער האָט נעבן ביאלאָ־פּאָלע (25 ק"מ פון כעלם) אָנגעהייבן פארלירן די כוחות. 2 יידן האָבן אים גענומען אונטער די הענט און אים געשלעפּט מיט זיך. אויך זיין זון יעקב איז קוים געגאַנגען. ער איז אריין אין מיין ריי און כ'האָב אים גענומען אונטערן האנט און „געצויגן" מיט זיך. כ'האָב אים אויך געגעבן א שטיקל חלה, וואָס כ'האָב געהאַלטן ביי זיך אין קעשענע, כדי ער זאָל זיך אויפמונטערן. אָבער ער האָט זיך מיט אָט דעם כזית חלה צעטיילט מיט זיין טאַטן, וועלכן די צוויי יידן האָבן געפירט און איז אלעמאָל געפאַלן. אָבער עס האָט לאַנג ניט געדויערט און זיי זיינען ביידע דערשאָסן געוואָרן. עס איז געווען אַ שווער אָרט אריבערצוגיין, האָט דער זון געהאָלפן דעם טאַטן אַריבערגיין, און דאָס האָבן די דייטשן באַמערקט און מען האָט זיי געטויט.

קינדער האָבן זיך מוסר נפש געווען צו ראטעווען זייערע עלטערן, און די נאָכקומענדיקע פאַקטן זאָגן וועגן דעם בולט: דער היטל־מאכער גרונוואלד האָט מיטגעמארשירט מיט זיינע 2 זין: איינער אין עלטער פון 22 יאָר, און דער צווייטער — א 15—16 יאָריקער. די צוויי קינדער האָבן געשלעפּט דעם טאַטן מיט אלע כוחות, אָבער אָט איז געקומען א מאָמענט, ווו ער האָט שוין ווייטער ניט געקאָנט גיין און ער האָט זיך געבעטן ביי די קינדער: „קינדערלעך, לאָזט מיך איבער, כ'קאָן סיייוי נישט גיין קיין טראָט, כ'בין שוין אלט, ראטעוועט זיך אליין". די קינדער האָבן, וויינענדיק, זיך ביי אים געבעטן, ער זאָל זיך שטאַרקן, ווייל ניט ווייט איז הרוביעשאָוו און דאָרט וועט מען זיך אָפּרוען. צום באַדויערן, האָט אַן ס.ס.־מאַן דאָס באַאָבאַכט און האָט באלד דערשאָסן דעם אַלטן גרונוואלד און אויך דעם עלטערן זון, וועלכער האָט זיך ניט געוואָלט אָפּשיידן פון זיין פאָטער. דער יינגערער זון איז אריין צווישן דעם עולם און לויפנדיק האָט ער, הארצרייסנדיק, געיאָמערט אויף דעם טויט פון פאָטער און ברודער.

אפרים מעלער (אַן אייגנטימער פון דעם קאָלאָניאַל־געשעפט אויף לובעלסקאַ־גאַס, נעבן דער גורקע) איז געלאָפן מיט זיין פּופּצניאָריקן זון. פארנאַכט, ווען מיר זיינען געלאָפן דורך א געדיכטערן וואלד־טייל און די ביימער זיינען געווען פאַזע דעם וועג, האָבן די דייטשן — מחמת מורא טאָמער וועט מען פרווון אַנטלויפן — פארשנעלערט אונדזער געלויף מיט נאָך־אַנאַנדיקע דערשיסונגען. ער, אפרים מעלער, האָט ניט געהאַט מער קיין כוח צו לויפן, און אַ הויכער ס.ס.־מאַן — אין אַ שטאָלענעם העלם מיט אַ קאָקאַרדע פון אַ טויטן שאַרבן און באַהאָנגען מיט מעדאַלן און אויסצייכענונגען — האָט אים, ארויסנעמענדיק פון דער ריי, דערשאָסן אין גראָבן ביים טראַקט. צום זון האָט דער ס.ס.־מאַן פריער אויסגעשריען: „יודע, האָל דיין פאָטער!" און האָט אים אויך דערשאָסן.

הערש וועלטשער, יהושע בארנהאָלצס איידעם, איז געלאָפן מיט זיין 16—17 יאָריקן זון מיטעק. זיי האָבן צוזאמען מארשירט ביז זונאונטערגאנג. די דייטשן האָבן, פארנאכט, אָנגעהייבן שיסן אין המון און א קויל האָט געטראָפן הירש וועלטשערן. דער זון, זעענדיק אז דער טאַטע איז געפאַלן, איז אריינגעלאָפן אין וואַלד און איבערגעוואַרט ביז אַלע זיינען דורכגעגאַנגען. נאָכדעם האָט ער אָפּגעזוכט זיין פאָטער, וועלכער האָט נאָך געלעבט, און ער האָט אים אריינגעשלעפּט טיפער אין וואלד. ער האָט אים געפרווט ראַטעווען, אָבער אין א פאָר שעה ארום האָט זיין פאָטער אויסגעהייכט די נשמה אויף די הענט פון זון. פארן טויט האָט אים דער טאַטע אָנגעזאָגט, אז ער דארף איצט זיין דער טאַטע פון דער גאנצער משפחה און ער זאָל אכטונג געבן אויף דער מאמען און דעם יינגערן ברודער.

משה צווילינג, וועלכן מען האָט גערופן „דוואַדצאַט קאָפּייעקניק", בעת ער האָט געפילט אז די כוחות גייען אים אויס און דער סוף דערנענטערט זיך, האָט ער פון זיין פעלץ ארויסגענומען א שטויס מיט 100־ער זלאָטי־באנקנאָטן און, גייענדיק, רק געריסן דאָס געלט אויף שטיק־שטיקלעך, אויסרעכענענדיק טאָמער שפּעטער וועלן די דייטשן געניסן פון דעם. די, וואָס זיינען געגאנגען מיט אים, האָבן דערציילט, אז ער איז אין יענע רגעס פון זינען אַראָפּ.

* * *

ביינאַכט זיינען מיר געקומען קיין הרוביעשאָוו. מען האָט אונדז אריינגעפירט אין א שפּייכלער פון קליאָטשקע פון א הרוביעשאָווער ייד וואַרמאַן, ווו מען האָט איבערגענעכטיקט. מיר האָבן געמאַכט דעם חשבון וויפיל עס זיינען געהרגעט געוואָרן יידן אין לויף פון דעם אָ טאָג. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז עס זיינען אויפן וועג דערשאָסן געוואָרן הונדערטער יידן. עס איז מיר שווער צו אויסרעכענען אלע נעמען פון די דערשאָסענע אין וועג. איך געדענק נאָר די אָ פאָלגענדיקע הרוגים: פישל בערעלעס (לעווענשטיין) 2 זין; יעקב יהושע; דער אייגנטימער פון האָטעל — אכטמאַן, וועלכער האָט געארבעט ביי דעם נאָטאַר; משה ווילדער; ביילע טרייסטס זון יעקב; יצחק שלעכטער (געקומען פון פראנקרייך); דער לאַוניק שיין; דער בוכהאלטער פריד.

אין דעם שפּייכלער בין איך געלעגן באַנאַנד מיט שלמה פריימאַן. מיר זיינען אלע געווען הונגעריק און שטאַרק דאָרשטיק און מיד. קיינער האָט ניט געקאָנט איינשלאָפן צוליב דעם, וואָס מען האָט ניט געוווסט ווי וועט דער מאָרגנדיקער טאָג דורכגיין און פאר די אויגן האָבן געשווינדלט די גרויזאמע סצענעס און איבערלעבונגען אין פאַרלויף פונעם טאָג.

די נאַכט איז דורכגעגאנגען מיט גרויסע און שווערע אנגסטן און דער פרימאָרגן איז געקומען. דאָס איז געווען שבת פרי, דעם 2־טן דעצעמבער, 1939. מען האָט אונדז ווידער אויסגעשטעלט אין רייען און געפירט צו אַ פּלאַץ אין הרוביעשאָוו, ווו עס זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט הרוביעשאָווער יידן, גענוי אין דער זעלביקער צאָל, ווי אין כעלם.



פנחס שיידוואסער, שוחט פון כעלם, אומגעקומען דורך די היטלער־מערדער



לייבעלע שיידוואַסער, זון פון שוחט ר׳ פנחס שיידוואסער, וואָס די נאַציס האָבן אים אומגעבראַכט.

דערנאָך האָט מען אונדז צוזאמען געפירט און מען האָט אונדז געיאָגט און ווידער זיינען פאָרגעקומען דערשיסונגען. די שוואַכערע, עלטערע חסידישע יידן אין זייער טראַדיציאָנעלער טראַכט זיינען אָפּגעשטאַנען און מען האָט זיי דערשאָסן.

פון הרוביעשאָוו האָבן אונדז געפירט די שטורמיסטן (ס.א.), וועלכע האָבן, ארויסגייענדיק פון הרוביעשאָוו, אויסגעגראָבן א גרוב און אריינגעוואָרפן אהין לעבעדיקערהייט 6 כעלעמער יידן, וועלכע האָבן שוין מער ניט געקאָנט גיין: יוסף לעווענשטיין; גאָמולקע (לעווענשטיינס שוואָגער); שניצער פון אַפּטייק־סקלאַד אויף לובעלסקע גאַס; אברהם העלפער (אַפּטייק־סקלאַד) און נאָך 2 יידן, וועמענס נעמען כ׳געדענק ניט.

דער דירעקטאָר פון דער כעלעמער תרבות־שול, בלאָך, האָט זיך ארויסגעריסן פון א יונגן, בלאָנדן דייטשס הענט, בעת ער האָט אים געוואָלט שיסן פאר דעם וואָס ער האָט געוואָלט דערליידיקן זיין פיזיאָלאָגישן באַדארף. עד היום שוועבט פאר מיר דאָס בילד, ווי דער יונגער ס.א.־מאַן שלעפּט בלאָכ׳ן צום גרוב און שרייט: „יודע אין גראבען!” און בלאָך בעט זיך: „איך האבע איינע פראו אונד קינד; שענקען זי מיר דאַס לעבען”. און דער מערדער ציט אים נאָר אין גרוב. ראַפּטום גיט ער זיך א ריס פון דעם היטלעריסטישן רוצחס הענט און איז אריינגעלאָפן צווישן די רייען. דער דייטש האָט אים נאָכגעיאָגט און פארלירנדיק אים פון די אויגן האָט ער במקום אים דערשאָסן אנדערע יידן.

דער וועג פון הרוביעשאָוו איז געווען א בלאָטיקער. עס האָט גערעגנט מיט שניי און מיר זיינען געגאַנגען מיט די לעצטע כוחות, ביז מיר זיינען געקומען צום שטעטל אוהרין (UHRIN) (אזוי ,דאַכט זיך, האָט זיך עס אָנגערופן). מען האָט אונדז געגעבן „עסן” אויף אזא אופן: עס איז צוגעפאָרן א לאסט־אויטאָמאָביל מיט ברויט און די דייטשן האָבן עס געוואָרפן אין דער לופט, פאָטאָגראַפירנדיק ווי יידן כאַפּן שטיקלעך און ביסנס ברויט. זיי האָבן געקליבן נחת פון אָט דעם ספּעקטאַקל. דערנאָך האָט מען אונדז ווידער געטריבן. איך האָב שוין אויך שיער ניט פאַרלאָרן די כוחות.

עס איז ווידער אָנגעקומען די נאַכט. מען האָט אונדז אריינגעפירט אויף נאַכטלעגער אין א שול פון א קליינעם ישוב. עס איז געווען שטאַרק ענג און מיר האָבן געמוזט שטיין אויף די פיס ביז קאַיאָר. און אזוי שטייענדיק האָט מען דערליידיקט די פיזיאָלאָגישע באַדארפן. די עיפּושדיקייט פון דער מענטשלעכער צואה איז געווען זייער שטאַרק און עפּענען א פענצטער האָבן מיר ניט געטאָרט. די דייטשן האָבן פאררריגלט די טירן און פענצטערס פון דעם שול־לאָקאל. כ׳בין געווען שטאַרק דאָרשטיק, ווייל כ׳האָב במקום וואסער געשלונגען שטיקער בלאָטע, און כדי צו שטילן מיין דאָרשטיקייט, האָב איך געלעקט די אויסדעמפונג פון די שויבנפענצטערס. עס איז געווען אַ קאָשמאַרע נאַכט און מיר האָבן קוים דערוואַרט דעם אָנקום פון פרימאָרגן.

מען האָט אונדז,ווידער, אויסגעשטעלט אין רייען און געיאָגט. דורכגייענדיק דערפער, האָבן די אוקראַינישע איינוווינער געבראָכן די הענט איבער אונדזער גורל און געוואָרפן ברויט.

* * *

זונטאָג, דעם 3־טן דעצעמבער, איז געווען דער דריטער טאָג פון אונדזער טויטנמארש. מיר זיינען געגאנגען איבער באַגנעס, בלאָטעס ביז איבער די קני, און אָפט ביז צום בויך. כ׳האָב געוואָלט שוין אוועקווארפן מיין מאַנטל, אָבער שלמה פריימאַן האָט ביי מיר אים צוגענומען און געטראָגן א פאָר שעה, ביז מיר איז געוואָרן גרינגער.

אין דעם אָ דריטן טאָג זיינען געפאלן הונדערטער קרבנות. די ס.א.־לייט האָבן געשאָסן, כמעט, אָן איבעררייס. איין יונגער ס.א.־מאן האָט זיך אויסגעטיילט מיט זיין גרויזאמקייט. כ׳האָב געהערט ווי ער האָט געבעטן ביי זיינעם אַ חבר קוילן, וואָס האָבן שוין אים אויסגעפעלט.

כ׳געדענק גוט דאָס פאָלגענדיקע גרויזאמע בילד: פּיוול ראָזענקנאָפּ — א קצב, א הויכער, דיקער מענטש איז אריין אין א טיפער בלאָטע און איז געזונקען אלץ טיפער. ער האָט געשריען און געבעטן מען זאָל אים דערלאנגען א האנט, אָבער קיינער האָט ניט געוואגט צוגיין צו אים, מחמת מורא פאר זיין אייגן לעבן. ער איז דערשאָסן געוואָרן, און דער גרויסער קערפּער פון פּיוול ראָזענקנאָפּ איז געבליבן שטעקן אין בלאָטע א ביסל איינגעבויגן, און רויטע שנירלעך בלוט האָבן געשטראָמט פון אים אָן אויפהער.

דערזען אלע שוידערלעכקייטן, בין איך אויך געוואָרן גלייכגילטיק צום טויט. אין די ערשטע 2 טעג בין איך געלאָפן ווי משוגע און זיך אָנגעשטרענגט איבערמענטשלעך, כדי צו בלייבן לעבן, אָבער דערנאָך איז מיין ווילן צו לעבן געוואָרן טעמפּ. קוקנדיק אויף די דערשאָסענע האָט זיך מיר געדאַכט, אז דאָס זיינען געפאַלן ניט קיין מענטשן, נאָר בגדים אָדער טויטע געגנשטאַנדן.

איך געדענק, בעת מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אָפּרוען אויף א שעה צייט, און דאָס איז נישט חלילה צוליב אונדז, נאָר צוליב דער פארמאטערטקייט פון די דייטשן. דאן איז צו מיר צוגעגאַנגען לייבל לעווענשטיין (פּישל בערעלעס זון), וועלכער איז געווען א האלבער מת, מיט א צעבראָכענער האנט, האלטנדיק איר אָן אַ טיכל, צוגעבונדן איבערן האַלדז, און אָן אַ מאַנטל (זיין טכוירענעם פוטער, צוליב שווערקייט, האָט ער אוועקגעוואָרפן), און האָט מיר געזאָגט: „מיר קאָנען שוין זיך גאָרניט העלפן. זעסט מיינע 3 ברידער זיינען דערשאָסן געוואָרן אין 2 טעג, איצט קומט די ריי אויף מיר, ווייל כ׳קאָן שוין מער ניט מיטגיין, נאָך א קילאָמעטער וועל איך אויך ווערן דערשאָסן. כ׳בין כאָטש גליקלעך וואָס מיין זון מאָטעק איז אויף דער צווייטער זייט בוג און איז זיכער מיטן לעבן. יאָ, יהושע, כדאי געווען דאָס צוריקקערן זיך פון איטאַליע”. (איך האָב שטודירט מעדיצין אין איטאַליע צוזאמען מיט זיין זון און מיר זיינען געקומען א היים א פּאָר חדשים פארן קריג). כ׳האָב אים געפרווט באַרואיקן און טרייסטן, אָבער בעת דעם צווייטן אָפּרו־שטעל, איז ער שוין געווען אויפן עולם האמת.

עס ווילט זיך מיר איבערגעבן דעם דאָזיקן פאַקט: צווישן די ס.א.־רוצחים האָט זיך געפונען איינער פון זיי מ. נ. בוכהאָלץ, וועלכער האָט ניט געקאָנט זען די בלוטיקע ספּעקטאַקלען איבער די יידן, און האָט זיך ניט איזדיעקעוועט און ניט געשאָסן קיין יידן. אין א פאַרנאַכט פון דריטן טאָג פון טויטנמאַרש, איז ער צוגעקומען צו א גרופּע יידן און שטילערהייט געזאָגט: „האָט געדולד, שוין ניכט ווייט די רוסישע גרענצע. וויר פיהרען אייך צום רוס". זיינע רייד האָבן אונדז א ביסל אויפגעמונטערט, הגם מיר האָבן ניט געהאַט קיין צוטרוי צו קיין דייטש. ווי מען האָט דערציילט, האָט דער זעלביקער דייטש אויף מאָרגן, אין דעם לעצטן טאָג פון אונדזער מאַרש, אויך געשאָסן יידן.

איינמאָל האָבן די דייטשן פאַרבלאָנדזשעט אין די באַגנעס און עס האָט זיך אָנגערוקט די נאַכט. עס איז געווען א פראָסטיקער וועטער. עס האָט א ביסל געשנייט און די ערד איז געווען צוגעפרוירן. מיר האָבן זיך געלייגט אפּרוען אויף דער בלאָטיקער ערד. איינער צום צווייטן האָט זיך געטוליעט, זוכנדיק א ביסל וואַרעמקייט, ווייל דער רוב פון אונדז האָט גייענדיק אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מאַנטלען און אפילו מאַרינאַרקעס. אויך א סך פון אונדז האָבן ניט געהאַט קיין שיך, וואָס זיי זיינען געלעגן שטעקן אין די זומפּן. מען איז געווען צופרידן, וואָס מען האָט די פיס פון די באַגנעס ארויסגעשלעפּט. מען איז געווען שטאַרק דאָרשטיק, און דעריבער האָט מען געזויגן די פייכטקייט פון דער בלאָטע. די פאַרצווייפלונג איז געווען שטאַרק. אייניקע פרומע יידן, מחמת פאַרביטערטקייט, האָבן גערעדט על ה' ועל משיחו, אויספירנדיק, אז גאָט איז ניט גערעכטיק און ס'איז גאָר א ספק אויב ער איז ערגעצווו דאָ.

נאָך אָט דער נאַכט זיינען מיר ווייטער געגאַנגען. דאָס איז געווען מאָנטאָג, דער 4־טער דעצעמבער. מען האָט אונדז ווידער געיאָגט און ווידער אין אונדז געשאָסן. 12 אזייגער בייטאָג זיינען מיר געקומען צו א דאָרף זולאביטש (אזוי דאכט זיך), וווּ מען האָט אונדז איבערגעציילט, און זעענדיק, אז וועדליק זייער פאַרניכטונג־פּלאַן זיינען געווען צופיל יידן, האָבן זיי ארויסגענומען יידן פון דער ריי צו דערשיסן.

דאָרט, נעבן א ברויז פון בראַנפן, האָט מען איינגעטיילט אין 2 טיילן די 400 יידן, אויסזעצנדיק אונדז אין טייל קעגן דעם צווייטן. דער אייגנטימער פון ברויז האָט זיך אָנגעהייבן חברן מיט די דייטשן, אויסרופנדיק, אז מ'האָט נאָך די „זשידעס" וויניק געטויט און אז זיי זיינען דאָך שולדיק אין אלעם. דער דייטשישער אָפיציר האָט אוועקגעשטעלט אקעגן אונדז צוויי מאַשין־געווערן, אָנצילנדיק צו יעדער מחנה יידן. ער האָט געהאלטן א דרשה, אויספירנדיק, אז יעצט איז אונדזער ענד — מען וועט אונדז באַלד דערשיסן, און ער האָט אויפן אָרט באַפוילן „פייער".ביידע מאַשין־געווערן האָבן געשפּריצט מיט פייער און קוילן זיינען געפלויגן איבער אונדזערע קעפּ, מיט אייניקע צענטימעטער העכער. יעדערער פון אונדז האָט זיך צונויפגעקנוילט און זיך איינגעדרייט, כדי צו ווערן קלענער, גלייך מיט דער ערד. דאָס האָט, משמעות, אמוזירט די דייטשן, וועלכע האָבן געהאַט א שטאַרקע הנאה פון אָט דעם פייער־ספּעקטאַקל און האָבן אונדזערע פאַרשיידענע פּאָזעס פאָטאָגראַפירט.

ענדלעך האָט דער אָפיציר באַפוילן אָפּצושטעלן דאָס פייער און געהאַלטן פאַר אונדז א קורצע רעדע, אז מ'וועט אונדז באַלד פירן צו דער רוסישער גרענעץ, און איין טייל יידן וועט מאַרשירן צו דער ריכטונג פון בעלזשעץ און דער צווייטער טייל וועט גיין קיין סאָקאָל. אָבער ער האָט אונטערשטראָכן, אז אין משך פון דער אָנקומענדיקער נאַכט וועלן אלע דאַרפן אריבערגיין די גרענעץ, ווייל וועמען מען וועט געפינען אין דערפרי, וועט גלייך דערשאָסן ווערן, צוגעבנדיק: „און דאַס וויר ניכט שערצען — האַבט איר איין ביישפּיל געהאַבט".

די יידן האָבן אָנגעהויבן דאַנקען דעם אָפיציר און אייניקע האָבן געשריען „הייל היטלער", וואָס האָבן דערפאַר באַקומען א היבשע פּאָרציע פון נאַהייקעס, ווייל „די שמוציקע יודען דארפען ניכט דערמאנען דען נאַמען פאָן פיהרער".

* * *

מיין גרופּע איז געגאַנגען אויף סאָקאָל. אין א פּאָר שעה ארום זיינען מיר דאָרט געווען. די שטאָט איז געווען דורכן טייך בוג צעטיילט אויף 2 טיילן: די פאָרשטאָט מיט דער באַן־סטאַנציע איז געווען אין דייטשישע הענט און די פאַקטישע שטאָט איז געווען ביי די רוסן. ביז פינצטערניש זיינען מיר געווען אויף דער זייט פון די דייטשן. הגם קיין דערשיסונגען זיינען ניט פאָרגעקומען, אָבער זיי האָבן זיך גענוג אָנגעזויפּט מיט אונדזער בלוט. דעם אינקאַסענט פון כעלעמער מושב־זקנים, יואַר, האָט אים דער אויבן דערמאָנטער קליינער געל־בלאָנדער מערדער פאַראָרדענט אָפּלעקן מיטן צונג די שטיוול און דערביי האָט ער אים געשלאָגן.

בעת ס'איז געוואָרן טונקל, האָט מען אונדז ווידער געציילט. דערנאָך האָט מען אונדז צוגעפירט צום בריק און געהייסן לויפן צום רוס, שיסנדיק איבער אונדזערע קעפּ. מיר זיינען געלאָפן מיט א געוויין און געשריי און מיט אויפגעהויבענע הענט, פאַר א צייכן, אז מיר זיינען נישט באַוואָפנט. די סאָוועטישע גרענעץ־וואַך האָט אונדז אָפּגעשטעלט און געפאָדערט אויפקלערונגען. ווען זיי האָבן דערזען אונדזער פאַרצווייפלטע לאַגע און געהערט דעם גאַנצן טראַגישן פאַרלויף, האָבן זיי אונדז באַרואיקט, זאָגנדיק, אז זיי פרעגן באַלד אָן ביי זייערע קאָמאַנדירן, וועלכע דאַרפן דעצידירן, אויב מען וועט אונדז דערלויבן אריינקומען אויף דער סאָוועטישער זייט.

באַלד האָבן זיך דערוווּסט די יידן פון סאָקאָל, וואָס האָבן הויך געוויינט איבער אונדזער לאַגע, אז מען האָט געקאָנט הערן אויף א דיסטאַנץ פון א קילאָמעטער. די סאָוועטישע זעלנער האָבן אונדז געגעבן עסן, טרינקען, און די צעבלוטיקטע, דערפרוירענע יידן, באַנדאַזשירט. כ'געדענק ווי א יונגער סאָוועטישער זעלנער, דערזעענדיק א יידישן יוגנטלעכן, באָרוועס און אָן א רעקל (דאַכט זיך אז דאָס איז געווען דער יינגסטער זון פון דעם היטל־מאַכער בעריש גרונוואלד), מיט צעבלוטיקטע פיס, וואָס האָבן אויסגעקוקט ווי איין שטיק פאַרגליווערט בלוט, האָט אים אָפּגעגעבן זיין שינעל, אים געמאַכט אַ באַנדאַזש, זאָגנדיק: „זאַפּלאַטים אים" (מיר וועלן זיי באַצאָלן).

די פּראָצעדור פון אריינלאָזן אונדז האָט לאַנג אָנגעהאלטן. אייניקע האָבן, בינתים, באַוויזן זיך צונויפמישן מיט די זעלנערס און ניט לעגאַל אריינגעקומען אין שטאָט סאָקאָל. אזוי האָט אויך געטאָן בלאָך, דער דירעקטאָר פון דער תרבות־שול. אלעמאָל זיינען געקומען אנדערע נאטשאלניקעס מיט אויספאָרשונגען. צום ענד קומט איין סאָוועטישער אָפיצער און האלט פאַר אונדז א רעדע: „מיר האָבן טעלעפאָנירט וועגן אייער ענין קיין לעמבערג און האָבן זיך אויך פאַרשטענדיקט מיט קיעוו. דער ענטפער איז — נישט אריינלאָזן, מאָטיווירנדיק, אז ערשטנס וויס מען ניט צי צווישן אייך זיינען ניטאָ קיין שפּיאָנען און צווייטנס קאָן מען עס ניט טאָן, ווייל היטלער קאָן אויף אזא אופן אריינשיקן אונדז אלע יידן, וועלכע געפינען זיך אונטער זיין ממשלה".

דער אָפּיציר האָט אונדז געבעטן מיר זאָלן אַוועקגיין מיטן אייגענעם ווילן, כדי אויסמיידן ניט־געוווּנטשענע מאַסנאַמען.

דערהערנדיק די אָ רייד, האָבן מיר זיך אַוועקגעלייגט אויפן בריק, אויסרופנדיק, אַז מיר וועלן זיך נישט רירן פון אָרט, און בעסער זאָל מען אונדז דאָ דערשיסן, ווייל סייווי דערוואַרט אונדז ביי די דייטשן דער טויט. אָבער אונדזערע דאָזיקע דערקלע־רונגען האָבן ניט געענדערט די דעציזיע פון דער סאָוועטישער וואַך. די סאָוועטישע זעלנערס האָבן אונדז איינציקווייז אַריבער־געטראָגן צוריק אויף דער צווייטער זייט בריק, וועלכע איז ניט געווען באַוואַכט דורך די דייטשן.

עס האָבן זיך באַלד פאָרמירט גרופּעס. אייניקע האָבן באַ־שלאָסן גיין צוריק קיין כעלם און אַנדערע גרופּעס האָבן געזוכט אַ וועג ווי אַריבערשווימען דעם טייך בוג און אַריבערגיין אויף דער סאָוועטישער זייט.

שלמה פריימאַן און איך האָבן געזוכט אַ מיגלעכקייט זיך אַריבערשיפן אויף דער צווייטער זייט בוג, אָבער דאָס דערגרייכן איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן. די פּויערים האָבן נישט געוואָלט ביינאַכט אַריבערשיפן אונדז, ווייל דאַן איז די סאָ־וועטישע וואַך גרעסער און עס דראָט דער טויט. איין פּויער האָט געעצהט, אַז מיר זאָלן גיין אַ האַלבן ק"מ מיטן ברעג טייך מיטן שטראָם, ביז מיר וועלן געפינען אַן אַלטע בריק, וועלכע איז אויפגעריסן. דאָרט, האָט ער געזאָגט, איז די טיפקייט פון וואַ־סער ביז צום האַלדז און מיר וועלן קאָנען אַריבערגיין.

אַזוי האָבן מיר געטאָן. ביי די בעלקעס פון בריק האָבן מיר זיך געקלאַמערט און פון איין רושטאָוואַניע ביז דער צווייטער האָבן מיר צוגעשווומען. מיר האָבן זיך געפּרוווט שטעלן, אָבער מיר האָבן ניט געפילט דעם גרונט. אַזוי מיט גרויסער פאַרמאַ־טערטקייט און לעבן־סכנה האָבן מיר געשווומען. דאָס וואַסער איז געווען שטראָמיק און קאַלט, עס איז דאַן געווען די נאַכט פון 4־טן אויף דעם 5־טן דעצעמבער. קוים, קוים האָבן מיר זיך דערלאַנגט צום ברעג.

פון ווייטנס האָט זיך געדוּיכערט אַ קאָסטיאָר פון דער רוסי־שער וואַך. מיר האָבן געהערט זייערע שטימען. אפשר אַ האַלבע שעה זיינען מיר געלעגן אין דער גרעסטער שווייגנדיקייט. אָפּ־וואַרטנדיק ביז די וואַך וועט זיך אַ ביסל דערווייטערן, האָבן מיר זיך דערנאָך אַריינגעגנבעט אין די געסלעך פון סאָקאָל.

אין דער ערשטער יידישער טיר, מיט אַ מזוזה, האָבן מיר אָנגעקלאַפּט. מען האָט אונדז גלייך אַריינגעלאָזט. די שטוב־מענטשן האָבן פון אונדז אַראָפּגענומען די נאַסע בגדים און אונדז געגעבן עסן און אָפּגעטראָטן די אייגענע בעטן.

דער בעל־הבית פון הויז איז געווען דער אייגנטימער פון אַ ציגעלניע. ער האָט אונדז געהאַלטן אין בעט דריי טעג ביז מיר זיינען געקומען צו די כוחות און ביז די סאָוועטישע מאַכט אין שטעטל האָט אויפגעהערט צו זוכן די ניט־לעגאַלע איינוווינער.

עס האָט זיך אין סאָקאָל געשאַפן אַ קאָמיטעט צו העלפן די היימלאָזע יידן. אויך איך האָב דערהאַלטן פון קאָמיטעט אייניקע זלאָטעס אויף אַ באַן־בילעט קיין לובאָמל (ליבעוונע), פון וואַנען כ'האָב דורך אַ שליח אָנגעזאָגט אהיים, אַז כ'בין לעבן געבליבן.

אַ סך פון די באַטייליקטע אין טויטנמאַרש זיינען קראַנק גע־וואָרן אויף אינפעקציעס און אויף לונגען־אָנצינדונגען, ווי אויך וואָס די פיס זיינען אָפּגעפרוירן געוואָרן. אייניקע פון אונדז האָבן די רוסן אַוועקגעשיקט קיין סיביר צוליב דעם, וואָס מען איז ניט לעגאַל אַריבערגעגאַנגען די גרענעץ.

* * *

די אויבן געזאָגטע שוידערלעכקייטן און גרויזאַמע טויטן זיי־נען פאָרגעקומען אין יאָר 1939, בעת קיין גאַז־קאַמערן זיינען נאָך נישט געווען.



דער „רינעק" אין 1900—1905, וווּ עס איז שפּעטער דורך דער פּוילישער מאַכט אויפגעשטעלט געוואָרן דער מאָנומענט פון אומבאַקאַנטן זעלנער.

# ליפּע קצב פון כעלם

די געשעעניש, וועלכע ווערט דאָ געשילדערט, איז פאָרגעקומען די ערשטע צייט פון דער נאַצי־אָקו־פּאַציע אין כעלם.

•

**I.**

פון דורות קצבישן יחוס געשטאַמט
האָט ליפּע דער קצב, אין כעלם דער שטאָט
געירשנט פון טאַטן די יאַטקע אין מאַרק,
פון בערדיקע זיידעס — דעם יידישן גאָט.

זיין אומקרייז: די יאַטקע, דאָס שעכטהויז, דער מאַרק,
שבת גאנצפרי — אין בית־מדרש אריין;
א מנחה און מעריב, א קדיש אמאָל.
ניט פרום, נאָר א ייד, ווי א ייד דאַרף צו זיין.

ניט פרעמד איז אויך ליפּען די היינטיקע וועלט.
די תנועות און געגגלעך פון היינטיקער וועלט.
די יונגוואַרג — א חברה, א לעבן אויף איר!
קלוג — שוין א ביסל צו קלוג און פאַרשייט...

„כיתות" און „פּאַרטיעס": „רויטע" און „בונד",
„פּעצעקעס", „ציונים" און — ווייסט דער גוט יאָר!
און יעדער וויל נאָר אויף זיין אייגענעם פערד
ברענגען משיחן נאָך היינטיקן דור.

אויך הערן א „ראַידע" איז ליפּע א בעלן,
ערב די וואַלן צום שטאָט־ראַט, צום סיים.
ער וואָלט פון די פּאַנעס די פעל אָפּגעשונדן,
נאָר ליב האָט ער פוילן און כעלם זיין היים.

אייגן איז ליפּען זיין היימשטאָט, זיין כעלם:
דער בלאָטיקער מארק, די קי און די פערד,
די גויאישע שיכּור־געגאָלטע מאָרדעס,
די יידיש פאַרהאַוועט־צעפּאטלטע בערד...

די לאַפּטשעס, די פאַרביקע פויערישע טיכלעך,
דינסטאָג אין מאַרק־טאָג, אין א חגא אמאָל.
אייגן איז ליפּען די צערקווע אויפן באַרג,
אין פראָנט, אויף לובעלסקי — דער אַלטער קאָשצאָל.

דער גויאישער „צמענטאַזש" און — צען מאָל להבדיל —
דאָס הייליקע אָרט, קעגן נאַכט נישט געדאַכט.
דער אַלטער בית־המדרש, פרום־יידיש־געהויקערט
מיט ציגן, וואָס שפּרינגען ארום אויפן דאַך.

**II.**

ווי ליב עס האָט ליפּע זיין היימשטאָט, זיין כעלם,
נאָר ליבער זיין אייגענע שטוב און זיין קינד,
זיין רחלען — דאָס איינציקע אויג אין זיין קאָפּ
און — זאָל אים פאַררעכנט ניט זיין פאַר קיין זינד:

א קינד, א היינט־וועלטיקס, „גייט אין די קלאַסן",
רעדט פּויליש, מעג הערן דער קייסער אליין!
א צינגל א גלאַטס, ווי א מעסער א שאַרפס,
דערצו — קיין בייז אויג ניט — „שטאַטעטשנע" און שיין.



פאַרטאָן אין די ביכער, פאַרהאַוועט, פאַרקאָכט,
אָט, ווי די אַלע אין היינטיקער צייט.
א מויד — שמייכלט ליפּע אריין אין זיין באָרד —
און קלוג, שוין א ביסל צו קלוג און פאַרשייט...

**III.**

ווי נאָר דער נאַצי זיין טריפהנעם פוס האָט
געשטעלט אויף דער היימישער פּוילישער ערד,
האָט ליפּע גענומען אין אייגענע הענט
דעם חלק גורל, וואָס אים איז באַשערט.

האָט ליפּע ס'קצבישע מעסער געשאַרפט,
צו שיצן זיין היים, זיין קינד און זיין שטאַם.
(ס'האָבן געזונטע קצבים־ידים
די ביינער געבראָכן ניט איין כוליגאַן...)

**VI.**

עס האָבן פאַרוויינטע גראָ־הארבסטיקע טעג
אויף כעלעמער גאַסן זיך אומגעשלייכט פויל.
די זון האָט מיט וואָלקנס איר פּנים פאַרהילט,
דעם קאָפּ צוגעדעקט מיט אַשיקן גרוי.

אין א טאָג אין אזא, אין א האַרבסטיקן טאָג,
מיט אויגן פאַרטרערטע, אין נעפּלען געקליידט,
האָט ליפּע, אין טויט־שרעק, דערזען אויף זיין שוועל
א נאַצישן עלטסטן פון זעלנער באגלייט.

„אַ יודע ניכט וואַר?" — „יאָ האַר לעב, א ייד" —
ענטפערט אָפּ ליפּע און א בליק צו דער זייט,
צו רחלען אויף הינטן — א ווינק מיט דער האַנט,
ס'הייסט: „טאָכטער צי אָפּ שוין, וואָס גיכער די צייט!"

„האַלט!" — רופט דער עלטסטער — מיט א שמייכל, אזא,
פון וועלכער עס גליווערט דאָס בלוט אינעם לייב:
„די האַנט פונעם זיגער דערלאַנגט אומעטום".
„צום זיגער געהערן דער וויין און דאָס ווייב!..."

„ווי רופט מען דיך מיידל? דיין נאָמען, ווי איז?
— רחל! אָ, היפּש, דיין נאָמען איז גרויס!...
די מוטער כאַ־כאַ! פון דעם יידישן פאָלק...
יאָ פיין!" — און א ווינק צו דער וואַך: „שנעל הערויס!"

„דיר איז א העכערע מיסיע באַשערט,
ווי דיין אור־עלטער באָבען; באַטראַכט עס נאָר קלאָר:
א מוטער קענסט זיין פון א נאַצישן בורש!
אַ נאַצי מיט פעך־שוואַרצע אויגן און האָר..."

„ראַסן־מאָראַל? — נו, יאָ, ס'איז א זינד!
נאָר היפּש ביסטו, רחל, היפּש, ערנוואָרט!
צווייפּאַכע ראַציעס ברויט און אויך פלייש
קריגסטו — און מער נאָך: אַן אַריער־פּאַספּאָרט..."

„בעסער מיט גוטן... א שאָד, דו ביסט יונג...
קענסט לעבן... און קלאמערט זי פרעך אין די הענט. —
נאָר אָנשטאָט צניעותדיק, ווייס מיידל־לייב,
א מעסער, א שאַרפס פאַר זיין בליק האָט געבלענדט...

ס׳האָט ליפּעס כשר־קצבישער מעסער
מיט טריפהנעם, נאַצישן בלוט זיך באשפּריצט,
ס׳האָט רחל דעם פאָטערס קצבים־ידים
מיט טרערן פון פרייד און פון גליק אויסגעקושט...

V.

עס האָט נאָך די אייגענע נאַכט זיך צעוועקט
מיט קנאַלן פון ביקסן און קולות פארשטיקט.
עס האָט דער פרימאָרגן אין אומרו דערוואַכט,
מיט נייגער און שרעק אין פארנעפּלטן בליק.

עס האָבן די כעלעמער גאַסן מיט פרייד
איבער די פּלויטן אריבערגעקוקט
אויף צענדלינגער נאַצי־פּגרים אין מאַרק,
אויף נבזהדיק, נאצישן בלוט אויפן ברוק.

— — — — — — — — — — — —

א שמייכל פון זיג איז אויפגעגאנגען רויט
פון ליפּעס אָפענע ווונדן ארויס.
עס האָבן די גאַסן מיט ערפורכט געקניט,
פאַר העלדן־מארטירער די קעפּ זיך אנטבלויזט...

# וועמעס בין איך, ווער איז מיר געבליבן?

פאר יעדן וויכן בעט — א שוועסטער, א געשענדטע.
א הונגער־טויט, א ברודערס — פאר יעדן לעפל עסן.
ווי זאָל איך אויף מיין וויכן, ווארעם בעט זיך לייגן?
ווי זאָל איך זיך צום טיש, צום זאַט־געגרייטן, זעצן?

עס ווארטן שטום די בענקלעך ארום טיש פארבענקטע.
דאָס ברויט ווערט אלטגעבאקן און דאָס מעסער זשאווערט.

עס וועט זיך צו מיין טיש — אויף אייביק א פארשעמטער —
ניט זעצן זיך מיין שוועסטער, מיין ברודער און מיין חבר!

עס וועט זיך מער מיין האַרץ שוין נישט פרייען מיט די זאָרגן,
מיט די זיסע זאָרגן פון העלפן ווען א ליבן,
מיט א לעצטן ברעקל ברויט, מיט א טרייסט אויף מאָרגן...
וועמעס, וועמעס בין איך איצט? ווער איז מיר געבליבן?

# מיין האַרץ גייט אויף מיט דערנער

ס׳איז היינט פרילינג אויף דער ערד,
ווער ס׳האָט ברכות זאָל אים בענטשן. —
איך האָב אויך אמאָל געהאַט
ברכות פאר דער וועלט און מענטשן.

ס׳איז היינט פרילינג אויף דער ערד
און מיין האַרץ גייט אויף מיט דערנער,
מיינע ליפּן — שלאַנגען־גיפט —
קאָנען שעלטן נאָר און צערנען.

הייסע קללות האָב איך נאָר,
וועל איך זיי ווי שטיינער ווארפן
אין דעם פּרצוף פון דער וועלט,
אין איר אומפאַרשעמטן פּרצוף!

אלע שיינע קלוגע רייד,
וועל איך אויפן מיסט פארשאַרן
און מיין שטאָלצן מענטשן־קאָפּ
בויגן פאר א וואָלף אין שארע...

ס׳האָבן באלד פיר טויזנט יאָר
פון דעם שענסטן וואָרט „לא תרצח!“
שענער ניט געמאַכט דעם מענטשן
בעסער ניט געמאַכט די הערצער.

פון די פייערדיקע רייד,
אויסגעקריצט און אויסגעשריבן
אויף די לוחות פון דער וועלט,
איז אונדז בלויז דאָס אַש פארבליבן...

וועל איך שוין מיין טעגלעך־ברויט
קנעטן, מיט דעם אַש פארמישן
און פארביטערן אין מויל
מיר און אלעמען דעם ביסן.

און פאַרטרייבן דעם גענוס
פון די רייך געדעקטע טישן,
ווי עס האָט דער מענטש פון האַרץ
לאַנג פארטריבן דאָס געוויסן.

און די זאַטע טעמפּע רו —
מיט מיין דערנער־וואָרט פארוווּנדן.
מיידן זאָל דער שלאָף פון אויג,
ווי דאָס טאָג־ליכט מיידט דעם בלינדן.

— — — — — — — —

ס׳איז היינט פרילינג אויף דער ערד
און מיין האַרץ גייט אויף מיט דערנער,
מיינע ליפּן — שלאַנגען־גיפט —
קאָנען שעלטן נאָר און צערנען.

יצחק גרויסקאָפּ

# כעלם – אין דער צייט פון דער היטלער־אָקופּאַציע

דער מחבר פון דעם ארטיקל האָט געלעבט בשעת דער דייטשישער אָקופּאַציע אין כעלם, וואָס איז על פי נס ניצול געוואָרן פון טויט. ער באַשרייבט זיינע אייגענע איבערלעבונגען און אָבסערוואַציעס, ווי אויך עפּיזאָדן און פּרטים פון אַנדערע כעלעמער יידן, וועלכע האָבן אים דערציילט.

פרייטאָג באַגינען, דעם 1־טן סעפּטעמבער, 1939, האָבן זיך באַוויזן — איבער פּוילישע שטעט — דייטשישע עראָפּלאַנען, וואָס האָבן אָנגעזאָגט פון דער אָנקומענדיקער גרויזאַמער מלחמה. שוין דעם 2־טן סעפּטעמבער איז כעלם באָמבאַרדירט געוואָרן. עס זיינען אומגעקומען א סך מענטשן. די באַפעלקערונג איז געלאָפן זוכן שוץ פון די באָמבעס מחוץ דער שטאָט.

מיט א וואָך שפּעטער, דעם 8־טן סעפּטעמבער, האָבן פיינדלעכע עראָפּלאַנען שטאַרק באָמבאַרדירט כעלם, הויפּטזאַכלעך, די „קאָלעיאָווא" און די שכנישע גאַסן. עס זיינען דאַן געהרגעט געוואָרן 250 פּערזאָן — יידן און קריסטן. ה' סאָלאָווייטשיק און אַנדערע יידן זיינען דאַן פון די באָמבאַרדירונגען אומגעקומען. זייערע קערפּערס האָט מען ניט אויסגעפונען.

בעת די דייטשישע חיילות זיינען אלץ טיפער אריינגעדרונגען אין פּוילן, האָט דאָס סאָוועטישע מיליטער זיך דערנענטערט צו כעלם. אין 14־ טעג, נאָך דעם קריג־אויסברוך, איז כעלם פאַרנומען געוואָרן דורך די רוסן. די יידן האָבן דעמאָלט א ביסל פרייער אָפּגעאָטעמט. אָבער לויט דעם געשלאָסענעם סאָוועטיש־דייטשישן פּאַקט, איז דאָס רוסישע מיליטער צוריקגעטראָטן פון כעלם. פינצטערע עלעמענטן האָבן דאַן אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס די שטאָט איז געווען אָן א מאַכט, און האָבן פּאָגראָמירט די יידישע געשעפטן. אויף פּאָטשטאָווע־גאַס האָבן די כוליגאַנעס אויסגעהאַקט אַלע שויבן פון די יידישע הייזער, אריינגעוואָרפן אין זיי גראַנאַטן, פאַראורזאַכנדיק קרבנות.

מאָנטאָג, דעם 7־טן אָקטאָבער, 9 אזייגער אינדערפרי, האָט זיך באַוויזן אין שטאָט אָן אָפּטייל פון דער דייטשישער מאָטאָריזירטער ארמיי. צוערשט האָבן די דייטשן באַזוכט דעם בית־המדרש, און וועמען מען האָט דאָרט געטראָפן, האָבן זיי געשלאָגן און אַלע ספרים געוואָרפן אין גאַס. עס זיינען אין דרויסן געשטאַנען היטלער־זעלנער און האָבן די ספרים געשענדט. דערנאָך זיינען גרופּעס זעלנער געגאַנגען צום קוזמיר שטיבל № 2, וואָס האָט זיך געפונען אין הויף פון יהושע בינשטאָק. די צעיושעטע היטלעריסטן האָבן אויפגעבראָכן די טירן און געשענדעט אַלע תורות.

אין דער זעלביקער צייט האָבן דייטשן גענומען כאַפּן יידן אויף ארבעט. יעדן פרימאָרגן פלעגן די ס.ס.־לייט זיך ארויסלאָזן אין דער שטאָט אין א געיעג נאָך יידן. זיי האָבן די געכאַפּטע יידן געצוווּנגען רייניקן קלאָזעטן, רינשטאָקן און טאָן אַנדערע שמוציקע ארבעט מיט בלויזע הענט.

די יידישע באַפעלקערונג אין כעלם האָט באַלד ארויסגעאָנט דעם היטלעריסטישן רעזשים מיט אַלע זיינע גרוילן. יידישע הייזער און געשעפטן זיינען דורך די דייטשן צעפּלינדערט געוואָרן. א סך סחורות און ארטיקלען האָבן די דייטשן באַלד איבערגעשיקט פאַר זייערע משפחות אין דייטשלאַנד. די געסטאַפּאָ האָט באַלד גענומען ערובניקעס (זאַקלאַדניקעס), אויפפאָדערנדיק די יידן צו געבן איין קאָנטריבוציע נאָך דער אַנדערער. חוצדעם זיינען זיי אליין געגאַנגען איבער די יידישע הייזער רויבן האָב און גוטס.

זיי האָבן געזוכט ביי יעדער געלעגנהייט ארויסצופּרעסן געלט פון די יידן. עס האָט פּאַסירט, אַז עמעצער האָט ביי א דייטש צוגעגנבעט א פערד, האָט מען תיכף ארעסטירט דעם הרב גמליאל האַכמאַן, מאַכנדיק אים פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער גנבה. יעקב שטאָל האָט די דייטשן באַצאָלט אויסלייז־געלט און מען האָט דעם רב באַפרייט.

חוץ די אַלע נגישות, האָט די היטלער־מאַכט געזוכט צו באַשמוצן די יידן פאַר דער עפנטלעכקייט. עס איז דערשינען א כעלעמער צייטונג, אין וועלכער זי האָט די יידן אָנגערופן מיט די סאַמע באַליידיקנדיקע ווערטער, ווי: שמוציקע, קרעציקע, לייזיקע און אומריינע. די דאָזיקע צייטונג איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין א סך עקזעמפּלאַרן און מען האָט איר אויך פאַרשפּרייט אין שטאָט און אומגעגנט. דער ציל פון די דייטשן איז געווען א בולטער: אויפרייצן די קריסטלעכע באַפעלקערונג קעגן די יידן.



געסטאַפּאָ צווינגען יידן צו דאַוונען אין דרויסן.

דעם 30־טן נאָוועמבער 1939, איז קיין כעלם אראָפּגעקומען דער טרויעריק־באַרימטער דייטשישער גענעראַל פראַנקאָ. די טירן פון יידישע הייזער זיינען געווען פאַרריגלט. די פּוילישע פּאָליציי איז ארומגעגאַנגען איבער די יידישע הייזער און האָט געוואָרנט, אַז די יידן זאָלן נישט ארויסגיין אין גאַס, וויל עס איז שטרענג פאַרבאָטן דורך די דייטשן. דער זעלביקער גענעראַל פראַנקאָ האָט פאַראָרדנעט צו „פאַרקלענערן" די יידישע באַפעלקערונג אין שטאָט, ווייל „אין כעלם איז פאַראַן צופיל יידן".

דאָנערשטאָג, דעם 31־טן נאָוועמבער, 1939 זיינען, ביינאַכט, געקומען ס.ס.־לייט צו די יידישע „זאַקלאַדניקעס" (ערבות־לייט) און פאַראָרדנעט, אַז אויף דעם 1־טן דעצעמבער זאָלן אַלע יידישע

זכרים פון 15 ביז 60 יאָר זיך צונויפזאמלען אויפן „רינעק“ (מארקפלאץ), ווו דער דייטשישער קאָמענדאנט וועט פאר זיי האלטן א רעדע, אין וועלכער ער וועט אויפקלערן ווי אזוי די יידן דארפן זיך אויפפירן אונטער דער דייטשישער אקופּאַציע־מאכט. עס איז דעריבער אָנגעזאָגט געווארן, אז יעדער ייד זאָל קומען אין זיינע שענסטע בגדים.

די יידישע באַפעלקערונג איז געוואָרן באַאומרואיקט פון דער דאָזיקער ידיעה. די „זאקלאדניקעס“ זיינען נאָך ביינאַכט געלאָפן איבער דער שטאָט, רופנדיק די כעלעמער יידן, אז זיי זאָלן ארויסגיין אויפן מאַרק, און אויב זיי וועלן די פאַראָרדענונג ניט אויספילן, וועלן די ס.ס.־לייט גיין אליין זוכן די מענער אין די יידישע הייזער און וועמען מען וועט געפינען וועלן זיי דערשיסן.

עס איז אנטשטאַנען א פּאַניק צווישן די יידן. מען האָט ניט געוווסט וואָס צו טאָן. איינער האָט געפרעגט ביים צווייטן, דער יאוש איז געווען גרויס. א סך יידן זיינען זיך צעלאָפן אין די ארומיקע דערפער, אנדערע — צו דער סאָוועטישער גרענעץ. איך אליין בין געלאָפן צו דער סאָוועטישער גרענעץ, אָבער ביי דער גרענעץ, האָט די וואַך מיך געצוווּנגען צוריקצוקערן זיך.

אין צענטער־שטאָט אויפן „רינעק“ האָבן זיך געהאַט פארזאמלט אן ערך 2 טויזנט יידן. ווען די נאַצישע באנדיטן האָבן געזען, אז דאָס פלאץ איז שוין פול מיט יידן, האָבן זיי ארומגערינגלט דעם „רינעק“ מיט באוואָפנטע ס.ס.־לייט און בייזע הינט. די יידן האָבן באגריפן, אז א גרויסע געפאַר לויערט אויף זיי. די ס.ס.־לייט האָבן פריער ארויסגערופן די יינגסטע יידן צו זיך און מען האָט זיי שטאַרק צעשלאָגן. דערנאָך האָבן זיי פאַראָרדענט, אז אלע יידן זאָלן אוועקגעבן אלץ וואָס זיי האָבן ביי זיך: געלט, צירונג און דאָקומענטן. איין ייד האָט אזוי גיך ניט באוויזן אָפּצוגעבן זיינע חפצים, האָט מען אים דערפאר שטאַרק צעשלאָגן ביז פאַרלירן דעם באוווסטזיין. דער אָ קרבן איז געווען מאָטל באַקאלטשוק פון לובלינער גאס.

די יידישע פרויען און קינדער פון די פארהאלטענע מענער זיינען געשטאַנען פון ווייטנס אין גרויסער שרעק, און ווען זיי האָבן גענומען וויינען, האָבן די ס.ס.־לייט אויסגעשאָסן אין דער לופט און פאַראָרדענט, אז די יידן זאָלן זיך אויסשטעלן אין שורות און אוועקמארשירן אויפן וועג צו הרוביעשאָוו, באפוילנדיק זיי צו זינגען יידישע לידער. די פרויען האָבן געוואָלט אויך מיטמארשירן, אָבער מען האָט זיי נישט געלאָזט.

הינטער דער שטאָט האָבן די ס.ס.־לייט געשאָסן אין יעדן יידן, אויב ער האָט ניט מארשירט אזוי גיך. די יידן האָבן אראָפּגעוואָרפן פון זיך די קאַפּעליושן, מלבושים, שיך, אַבי עס זאָל זיין לייכטער צו גיין. די ס.ס.־לייט אויף זייערע מאָטאָציקלען האָבן געיאָגט די יידן וואָס גיכער און האסטיקער, און יעדן אָפּגעשטאַנענעם יידן אין וועג האָבן זיי באלד דערשאָסן.

עטלעכע ק״מ פון שטאָט, האָבן די ס.ס.־לייט ארויסגענומען 25 יידן פון די ערשטע רייען און זיי באפוילן אריינצוגיין אין וואלד. עס האָט זיך באַלד דערהערט א שיסעריי: מען האָט געטויט די 25 יידן. צווישן די הרוגים זיינען געווען: סאלאן, דר. ל. אַקס, שמואל כּץ (פון שעלישטש) און אנדערע. בעת דער דאָזיקער אַקציע איז געווען דער שטאָטישער דייטשישער קאָמענדאנט, וועלכער האָט שפּעטער דערקלערט די יידן, אז די הינטישע יידן האָבן געוואָלט אנטלויפן, און דעריבער האָט מען זיי דערשאָסן. דער זעלבער קאָמענדאנט האָט מתרה געווען, אז ווער ס׳וועט אנטלויפן, וועט דער יעניקער דערשאָסן ווערן.. דער גאנצער וועג איז געווען פארזייט מיט דערשאָסענע יידן. די פּויערים פון די דערפער האָבן באגראָבן די יידישע הרוגים אין וואלד.

אזוי זיינען די כעלעמער יידן געיאָגט געוואָרן דורך די נאַצישע סאַדיסטן. טאַטעס זיינען געפאַלן געאַרעמט צוזאַמען מיט זייערע זין. די דריי ברידער לעווענשטיין, ווען זיי זיינען אויך אָפּגעשטאַנען פונעם „טויטנמאַרש“, האָט מען זיי ארויפגעזעצט אויף א פור און אָפּגעפירט צו אַ נאָענטן פלאַץ, ווו עס זיינען געווען גריבער, און זיי דאָרט דערשאָסן.



חנא ניסענבוים, דער זון פון ר׳ יעקב ניסענבוים זצ״ל, וואָס איז געפאלן אַ קרבן פון אַ נאַצישע קויל, בעתן טויטן־מאַרש כעלם־הרוביעשאָוו־סאקאל.

ווען מען איז געקומען אין הרוביעשאָוו, איז שוין פון די 2000 יידן געבליבן קוים 600 נפשות. אויפן צווייטן טאָג, דאָס איז געווען שבת, האָבן די ס.ס.־לייט אין הרוביעשאָוו צוגעגרייט די זעלבע „אַקציע“, ווי פאר די כעלעמער יידן. מען האָט זיי צונויפגעזאַמלט און צוזאַמען מיט די כעלעמער יידן זיי געיאָגט קיין סאָקאָל — צו דער רוסישער גרענעץ. אויפן וועג האָט זיך אויפסניי איבערגעחזרט די פריערדיקע פּראָצעדור: מען האָט געשאָסן אין די יידן פון הרוביעשאָוו און פון כעלם. פון די כעלעמער זיינען שוין נאָר געבליבן 400. אין סאָקאָל איז דאַן געווען די רוסישע גרענעץ. די רוסן האָבן אָבער די יידן נישט געוואָלט אריינלאָזן, און די ס.ס. האָבן די יידן אריינגעטריבן אין אַ טייך. זיי זיינען אזוי געשטאַנען א היבשע צייט. עס איז דאַן געווען א קאַלטער ווינטער־טאָג — א טייל פון די יידן זיינען בגנבה אריבערגעשווומען צו דער רוסישער זייט. אנדערע זיינען אומגעקומען אינעם טייך, און נאָר קליינע רעשטלעך פון די דאָזיקע אומגליקלעכע יידן זיינען צוריקגעקומען שוואכע און אויסגעמאטערטע קיין כעלם. פיל פון זיי זיינען דערנאָך געשטאָרבן פון פארקילונגען און גרויזאמע באדינגונגען.

אויף מאָרגן — נאָכן טויטנמאַרש, — האָבן די נאצישע הענקערס ארויסגעגעבן א באפעל, אז אלע יידישע פרויען פון די יעניקע מענער, וועלכע זיינען אוועק אינעם מאַרש הרוביעשאָוו־סאָקאָל, זאָלן זיך מעלדן צו די דייטשן, ווייל מען דארף זיי שיקן צו זייערע מענער. עס איז אנטשטאַנען א נייע פּאַניק אין שטאָט. מען האָט נישט געוווסט וואָס צו טאָן. די פרויען און קינדער האָבן פון פארצווייפלונג יאָמערלעך געוויינט, ווויסנדיק וואָס האָט פּאַסירט מיט זייערע מענער, האָבן זיי געהאַט א גרויסע מורא זיך צו מעלדן צו די דייטשן.

* * *

די היטלער־מאכט האָט אין 1940 אָנגעפאנגען איינצואָרדענען „יודן־ראטן“. יידן האָבן דאַן נישט געטאָרט קויפן אין קריסטלעכע געשעפטן. מען האָט אויך איינגעפירט די יידישע אָפּצייכענונגען מיטן מגן־דוד. יונג און אלט האָט געמוזט טראָגן די „געלע לאַטע“. אויף יעדן יידיש הויז אָדער געוועלב האָט געמוזט זיין א מגן־דוד־אָפּצייכן. יידן זיינען געוואָרן אין גאנצן הפקר און געדארפט אראָפּנעמען דאָס היטל און נייגן זיך פאר יעדן דייטש.

עס האָט פּאַסירט, אז אויב א ייד האָט פארגעסן צו טראָגן אויף זיין מלבוש די „געלע לאַטע“, האָט מען אים אָפּגעפירט אין

געסטאַפּאָ, פון וואַנען ער איז שוין ניט אַרויסגעקומען. יידן האָבן ניט געטאָרט טראָגן קיין שיך מיט לעדערנע זוילן, נאָר — הילצערנע, בכדי מען זאָל הערן, אז עס גייט א ייד.

אין 1941, נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה צווישן דייטשלאנד און סאָוועטנלאנד, האָט זיך אָנגעהייבן פאר די יידן דער אמתער גיהנום. יידן זיינען דאן געוואָרן אינגאנצן הפקר. די היטלער־מאַכט האָט גלייך געמאַכט א געטאָ, וועלכע האָט זיך געצויגן פון די גאַסן אושטשיליצקא דורך פּאָטשטאָווע, שעדלעצקא, קאטאווסקא, האלב לוואָווסקא ביז פּאָדגורנא — נעבן לעדערמאנס מיל. אויף דער אַנדערער זייט פון לעדערמאַנס מיל — די פאקרוווקע — האָט זיך געפונען דער לאגער פאר רוסישע מלחמה־געפאנגענע. אלע קריסטלעכע איינוווינער פון די דערמאָנטע געטאָ־גאסן האָט מען איבערגעשיקט אין אנדערע פערטלען פון שטאָט, און מען האָט זיי אָפּגעגעבן יידישע הייזער — אויסער דער געטאָ — צו וווינען.

אין כעלעמער געטאָ האָט מען אריינגעטריבן אלע יידן פון כעלם און פון די ארומיקע שטעטלעך. אויך פון אויסלאנד, ווי טשעכאָסלאָוואקיע, אונגאַרן און פון אנדערע לענדער האָט מען דעפּאָרטירט קיין כעלם. דער יידנראַט האָט געמוזט — לויט דער פאראָרדענונג פון דער דייטשישער מאַכט — שיקן די יידן יעדן טאָג אויף ארבעט.

אוקראַינישע „סיטשעוויקעס" זיינען דאן געווען אין כעלם אויף מארשירונגען (מיליטערישע איבונגען). מען האָט זיי מיליטעריש צוגעגרייט, כדי זיי זאָלן קאָנען קעמפן קעגן רוסלאנד. די דאָזיקע אוקראַינישע באנדעס האָבן ארויסגעפּרעסט אלע מאָל געלט פון די יידן, דראָענדיק מיט עקסצעסן און פּאָגראָמען. די דייטשן האָבן זיך געמאַכט ניט זעענדיק, ווען די אוקראינער האָבן גערויבט און טעראָריזירט די יידן אין שטאָט.

אומגעריכט האָט זיך אין כעלם באוויזן א געוויסע פּערזאָן, אָנגעבנדיק זיך אַלס אַדמיניסטראַטאָר איבער די יידישע פאַרמעגנס. אין אָנהייב האָט מען ניט געוווסט צי דאָס איז א ייד, שפּעטער איז מען געוואָר געוואָרן, אז דער „אַדמיניסטראַטאָר" איז א ייד. מען האָט אים גערופן „דער יידישער אויפזעער" — ר' פּנחסל. ער האָט געהאַט אן אנטיפּאטישן אויסזען, פון נידעריק וווקס און מיט אן אפּגעגאָלטן קאָפּ — אן אמתער דייטש. ער האָט שטענדיק געהאַלטן אין האַנט א נאהייקע, ווי יעדער געסטאַפּאָ־מאַן. צו די יידן האָט ער געזאָגט, אַז ער פאַרטיידיקט


יידישע פּאָליציי מיט פּוילישע אַרבעט־אויפזעער ביים אריינגאַנג אין אַן אַרבעט־לאַגער אין כעלם.

זייערע אינטערעסן, ער איז זייער „אויפזעער", אָבער פּאַקטיש האָט ער מיטגעאַרבעט מיט דער געסטאַפּאָ.

איינמאָל איז דער דאָזיקער „יידישער אויפזעער" געקומען אין געטאָ און געזאָגט די דאָרטיקע יידן, אז ער איז באפולמעכטיקט — דורך דער דייטשישער מאכט — צו שאפן א יידישע זעלבסטשוץ — יידישע פּאָליציי, כדי די יידן זאָלן זיך קאָנען פאַרטיידיקן. עס איז געשאפן געווארן א יידישע פּאָליציי פון 150 פּערזאָן, איבער וועלכע ס'איז געווען א קאָמענדאנט. אויף פּאָטשטאָווע גאס איז געווען אן ארעסט־הויז און פאר יעדע קלייניקייט איז מען ארעסטירט געוואָרן. אויב א ייד איז אנטלאָפן פון אַרעסט־הויז, איז ער דערנאָך דערשאָסן געוואָרן דורך געסטאַפּאָ. דער „יידישער אפּיעקון", פּנחסל, האָט פאַרשאַפט אַ סך צרות די יידן אין געטאָ.

ערב שבועות, 1942, איז דער דאָזיקער ר' פּנחסל געקומען צו כעלעמער יידנראַט מיט אן אויפפאָדערונג, אז מ'זאָל ארויסגעבן דריי טויזנט יידן, וועלכע זיינען ניט פעאיק צו נוצלעכער אַרבעט. די רעפּרעזענטאַנטן פונעם יידנראט זיינען דאן, צווישן אנדערע, געווען מאיר פרענקעל (דוד ליבערמאַנס איידעם) און אנשל בידערמאַן. זיי האָבן גערופן א דרינגענדיקע זיצונג פון אלע מיטגלידער פון יידנראַט און פון כעלעמער בעלי־הבתים. די זיצונג איז פאָרגעקומען אין דער קצבים־שוהל און האָט געדויערט א גאנצע נאַכט. עס איז געווען א ביטערע און פינצטערע נאַכט. מען האָט ניט געוווסט וואָס צו טאָן. די פארצווייפלונג איז געווען גרויס. מען האָט זיך לאנג געאַמפּערט, אָבער לסוף האָט מען באשלאָסן ארויסצוגעבן די געפאָדערטע יידן צו דער געסטאַפּאָ.

דעם 22־טן מיי, 1942, אין דעם ערשטן טאָג שבועות איז דער פינצטערער באפעל אויסגעפירט געוואָרן. אין די פריימאָרגן־שעהן, בעת מ'האָט ארויסגענומען אלטע און קראנקע יידן פון די בעטן, האָבן זיך דערהערט שרעקלעכע גוואלדן און קולות. די דאָזיקע יידן זיינען איבערגעפירט געוואָרן אין ווייבערשן בית־המדרש און אין בעלזער שטיבל. די יידישע פּאָליציי האָט געהאלטן וואך איבער זיי. 9 אזייגער, אין דערפרי, זיינען אראָפּגעקומען די געסטאַפּאָ־לייט אויפן הויף פון בית־המדרש. דער פארשוין פּנחסל האָט מיט חניפה ראפּאָרטירט וועגן דער אויסגעפירטער פאראָרדענונג, און די געסטאַפּאָווצעס האָבן דערביי ציניש געלאַכט.

תיכף האָבן זיך איבער די כעלעמער גאַסן באוויזן אוניפאָרמירטע געסטאַפּאָ־לייט, אוקראַינישע באַנדיטן, פאָלקס־דייטשן און אנדערע מלאכי חבלה, וואָס האָבן געכאַפּט יידן, יונג און אלט. יידיש בלוט האָט זיך געגאָסן איבער די גאסן. די געכאַפּטע יידן זיינען אָפּגעפירט געוואָרן צו דער באַן, פארלאָדנדיק זיי, ווי בהמות, אין שמוציקע וואגאָנעס. 2 טעג האָט מען די יידן געהאלטן אין פארקאָוועטע וואגאָנעס — אָן שפּייז און וואסער. צוליב דער גרויסער ענגשאפט האָבן זיי געמוזט שטיין. דערנאָך האָט מען זיי אוועקגעפירט אין די גאַז־קאַמערן פון סאביבאר. א סך יידן האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות — זיינען דערשטיקט געוואָרן אין די וואַגאָנעס.

די ס.ס.־לייט האָבן כסדר געמאַכט געיעגן אויף די יידן. מען האָט זיי געשיקט אַרבעטן אין די גאַז־קאַמערן פאר רוסישע מלחמה־געפאַנגענע, וואָס האָבן זיך געפונען אין רשות פון אַ ס.ס.־רעגימענט. די יידן זיינען געווען געצוווּנגען ארויסצושלעפּן פון די גאז־קאמערן די הרוגים און פון זיי אראָפּציען די מלבושים. אין עטלעכע טעג ארום האָט מען די דאָזיקע יידן אויך דערהרגעט בכדי צו פארווישן די שפּורן פון די גרויל־מאָרדן. אזוי האָט

עס פאסירט. יעדע פאָר טעג האָבן געפעלט עטלעכע הונדערט יידן פון כעלעמער געטאָ.

* * *

אין יוני, 1942, האָט זיך אין כעלם אָנגעפאַנגען די צווייטע אקציע. אין אַ שבת־טאָג האָט זיך אין שטאָט באַוויזן א געסטאַפּאָ־דעלעגאַציע פון סאביבאר, וואָס האָט אויפגעפאָדערט עטלעכע טויזנט יידן אויף אַרבעט. די כעלעמער געסטאַפּאָ האָט זיך לפנים וועגן מתווכח געווען מיט דער געסטאַפּאָ פון סאָביבאָר, זאָגנדיק, אז זי דארף אליין האָבן די יידן צו ארבעטן אין שטאָט. מען איז, פארשטייט זיך, דורכגעקומען... עס איז ארויסגעגעבן געוואָרן א באפעל, אז אין דויער פון א האלבער שעה דארפן זיך אלע פארזאמלען אויף שעדלעצקא־גאס — נעבן בעלזער שטיבל.

הגם ס'איז געוואָרן ביי די יידן א גרויסע בהלה — מען האָט באגריפן מיט וואָס עס איז די אקציע פארבונדן, — אָבער ס'איז ניט געווען קיין ברירה: מען האָט זיך צונויפגעזאמלט אויף דעם באשטימטן פלאץ. דער יעניקער, וואָס האָט זיך ניט געמאָלדן, איז דערשאָסן געוואָרן. די געסטאַפּאָ איז געגאַנגען איבער די הייזער און דערשאָסן די ניט־געמאָלדענע אפילו מיט ארבעט־קאַרטעס. אויפן זאַמל־פונקט האָט מען אויסגעקליבן בערך 600 יידן פאר סאַביבאר.

דאָס לעבן אין כעלעמער געטאָ, נאָך דער 2־טער אַקציע, איז מיט יעדן טאָג געוואָרן גרויזאמער. די פארבליבענע יידן האָבן באגריפן, אז זייער אומקום איז א ניט־אויסמיידנדיקער. די גאסן אין געטאָ זיינען געוואָרן וויסט און פוסט. די געסטאַפּאָ־אויטאָמאָבילן, ווי ווילדע מחבלים, האָבן געכאַפּט יידן קיין סאביבאר, פון וואַנען קיינער האָט זיך ניט צוריקגעקערט.

* * *

די דריטע אקציע האָבן די דייטשן טיטולירט מ. נ. „איבער־זידלונג". דער תלין — גענעראל פראַנקאָ — איז אראָפּגעקומען ספּעציעל קיין כעלם און האָט פאראָרדענט, אז 3000 יידן זאָלן „איבערגעזידלט" ווערן קיין וולאדאָווע. אויפן פלאץ פון דער באַן־דירעקציע האָט מען צונויפגעטריבן 3000 יידן, טרייבנדיק זיי — צופוס — קיין וולאדאָווע.

עס איז דאן געווען א 2־טער טרויעריקער טויטנמאַרש. קיין וולאדאָווע איז דערגאנגען גאָר א קליינע צאָל יידן, ווייל אויפן וועג האָט מען געהאַלטן אין שיסן אין זיי. די געסטאַפּאָווצעס האָבן ארויסגענאַרט ביי די יידן ווערטפולע חפצים מיטן צוזאָג, אז זיי קאָנען פארשווינדן פון צוג, אָבער אין פראָצעס פון זייער אנטלויפן האָט מען אין די דאָזיקע יידן געשאָסן.



די צעשטערטע יידישע גאַס די „נייע צאַל", וווּ די געטאָ האָט זיך געפונען.



כעלעמער יידן נאָכן אויסגראָבן א גרוב, וואָס די היטלער־מערדער האָבן זיי געצוווּנגען און אויסצוטאָן זיך נאַקעט, זיינען קאַלטבלוטיק דערשאָסן געוואָרן. דאָס איז פאָרגעקומען ביים רייוויצער וואַלד. די יידן אויפן בילד, פון לינקס צו רעכטס: דער ערשטער, אומבאַקאַנט דער נאָמען, צווייטער א. בינשטאָק, מענדעלע קאָוואַל, בעל העגלה, דאָס קינד זיין אייניקל דערנעבן און פייוול הוז, אַן ארבעטער פון שעכט־הויז אין כעלם. די ציווילע זיינען פוילישע פאָליציי און געסטאַפּאָ.

פאר דער לעצטער אַקציע האָט די געסטאַפּאָ געוואָלט ווידער צונויפזאמלען די יידן אונטער א פאלשן אויסרייד. די יידן האָבן שוין געוווּסט וואָס עס באטייטן אזעלכע אקציעס, האָט מען געגראָבן היילן און בונקערס. די געסטאַפּאָ האָט אויסגעזוכט אלע יידישע בונקערס, ארויסנעמענדיק פון דאָרט די יידן. אין איינקע בונקערס, וואָס זיינען געווען זייער טיף, האָבן די דייטשן אין זיי אריינגעשאָסן אָדער אריינגעוואָרפן גראנאטן, ווו די „פארשטעקטע" יידן זיינען פארשאָטן געוואָרן.

נעבן די „פּאָטשט־טרעפּ" — אויף פּאָטשטאָווע גאס, — ביי זאַלמעלעס בעקעריי — האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ בונקער עטלעכע און פערציק יידן. דער אריינגאנג איז געווען דורך דער בעקעריי. די דייטשן האָבן זיך דערוווּסט פון דעם און זיינען אריינגעקומען אין בונקער, פון וואַנען מען האָט ארויסגעפירט אַלע באהאלטענע יידן. די דייטשן האָבן זלמעלע דעם בעקער געקרייציקט מיט טשוועקעס, אים אָפּגעטונקט אין סמאָלע און פאַרברענט.

די לעצטע אַקציע אין כעלם האָט זיך גערופן „יודנריין". זי האָט זיך אָנגעפאַנגען פון 6־טן נאָוועמבער, 1942, און געדויערט אַ מעת־לעת. אַ גאַנצן טאָג האָבן די ס.ס.־לייט — צוזאַמען מיט אוקראַינישע און אנדערע פינצטערע עלעמענטן — געזוכט יידן און גענישטערט אין יעדן יידיש הויז, ארויסשלעפנדיק אַלע יידן פון די בונקערס. מען האָט אַלע יידן צוזאַמענגעטריבן אויף דער לובלינער גאַס, אויפן הויף פון קאַטוילישן קלויסטער, אַהינצו האָט מען אויך צונויפגעטריבן יידן פון די ארומיקע שטעטלעך און דערפער.

דער טאָג איז געווען א רעגנדיקער, א טריבער. די גאַס האָט מיטגעוויינט אויפן יידישן חורבן. די געשרייען און יללות זיינען דערגאנגען עד לב השמים. יידישע קינדער זיינען — דורך דער געסטאַפּאָ — געשליידערט געוואָרן פון די הויכע פענצטערס צו די דיקע קלויסטער־ווענט.

ווען די ס.ס.־לייט האָבן שוין אלעמען צוזאמענגענומען, האָבן זיי פאראָרדענט, אז די יידישע פּאָליציי זאָל אוועקגעפירט ווערן אינעם זאַקסישן גאָרטן אויף לובלינער גאַס, ווו מען האָט זיי דאָרט דערשאָסן. (דער „יידישער אויפזעער", פּנחסל איז נעלם גע־

וואָרן. מען האָט גערעדט, אז ער האָט געזאָלט ווערן א חתן פאר דאנוציעס טאָכטער און ער איז אנטלאָפן מיט זיין כלה).

אלע יידן זיינען האלב־טויטע אָפּגעפירט געוואָרן צו דער באַן. נעבן בית־עולם האָט זיך געפונען א לאגער פון יידישע ארבעטער. דער דייטשישער לאגער־קאָמענדאנט האָט אויסגעקליבן פון דער מאַסע „אויסגעזידלטע" יידן עטלעכע הונדערט געזינטערע, איבערלאָזנדיק זיי אין ארבעט־לאגער. די איבעריקע יידן האָט מען פארלאָדן אין פארזיגלטע וואַגאָנעס, פונקט ווי בהמות און שאָף, און זיי דאָרט געהאַלטן אָן עסן און טרינקען. זיי זיינען אלע אָפּגעפירט געוואָרן אין די גאַז־אויוונס פון סאָביבאָר. א גרויסער טייל פון די דעפּאָרטירטע יידן האָבן אויסגעגוססט אין די וואַגאָנעס.

נאָך דער לעצטער אַקציע האָט מען שוין די געכאַפּטע כעלעמער יידן אין ערגעץ ניט דעפּאָרטירט, נאָר זיי דערשאָסן אויפן אָרט. יידישע הרוגים זיינען געלעגן אויף די כעלעמער גאַסן און די הינט פון די דייטשן האָבן פון זיי געריסן שטיקער. אין עטלעכע טעג ארום זיינען געקומען די פייערלעשערס זיי צו באגראָבן.

עס זיינען נאָר פארבליבן די יידן אין אויבן דערמאָנטן ארבעט־לאגער. די ארבעט איז באשטאַנען אין צעווארפן יידישע הייזער. די קריסטלעכע באפעלקערונג פלעגט דאָס געהילץ אָדער ציגל אָפּקויפן ביים דייטשישן קאָמענדאנט. פאר דער שווערער ארבעט האָט מען די יידן געגעבן א טרוקענעם שטיקל ברויט. מען האָט זיי איטלעך מאָל איבערגעציילט. הונגעריקע און באָרוועסע האָבן זיי געארבעט פון באגינען ביז שפּעט אין אָוונט. אויב א ייד איז קראנק געוואָרן, האָט מען אים גלייך דערשאָסן. קיין מעדיצינישע הילף איז קיין יידן ניט געגעבן געוואָרן, דעריבער פלעגן יידן פאַרשווייגן זייער קראַנקייט. מיט 40 גראַד היץ, ביי די לעצטע כוחות, האָט מען זיך קוים געשלעפּט צו דער ארבעט, אָנהאַלטנדיק זיך איין ייד אָן צווייטן.

אזוי האָט מען געארבעט 4 חדשים. א העלפט פון די פארבליבענע כעלעמער יידן זיינען אויסגעשטאָרבן, און די איבעריקע יידן האָבן די דייטשן אַוועקגעפירט אין טויטנלאַגער סאָביבאָר.

---

ירחמיאל גרינשפּאַן

# וועגן די לעצטע צוויי אַקציעס אין כעלם

דעם 5־טן נאָוועמבער, 1942, נאָך אין טונקעלן פאַרטאָג, האָבן מאנכע פון דער אָרדענונג־דינסט זיך געלאָזט איבערן געטאָ אין כעלם, אויסרופנדיק: אויפן זאמל־פּלאַץ דארפן אלע ארויס!
יידן, גייט אלע ארויס אויפן זאַמל־פּלאַץ צו דער סעלעקציע!

די גאנצע כעלעמער געטאָ האָט געוווסט וואָס עס באטייט דער דאָזיקער רוף. יעדער האָט ארויסגעאַנט די גרויסע געפאַר פון פארניכטונג און טויט.

עס האָט זיך געשטעלט א שיינער טאָג, די זון האָט זיך א לויטערע געשלענגלט אלץ העכער ארויף. דער טאָג איז געווען א שטראַלנדיקער, אָבער נישט פאר די כעלעמער יידן. פאר אונדז אלעמען איז דער טאָג געווען א פינצטערער. דאָס וואָס איז פאָרגעקומען אין די צוויי טעג — דעם 5־טן און 6־טן נאָוועמבער — האָט זיך פריער קיינער ניט פאָרגעשטעלט. אפילו דאַנטעס פאַנטאַזיע האָט ניט געקאָנט זיך פאָרשטעלן אזא גרויזאמקייט.

טויזנטער יידן האָבן זיך פארזאמלט. איינער האָט געפרעגט ביים צווייטן: וואָס וועט זיין? וואָס וועט געשען? אלע פנימער זיינען געווען בלאַס, די הענט האָבן געציטערט און די פינגער האָבן קאָנוווּלסירט.

אקעגן די אָנמאַכטיקע און שוצלאָזע יידן האָט מען געזען הונדערטער עס־עס מענער, ס.א. זשאַנדאַרמעריע מיט זייערע רוצחישע צוהעלפער אוקראַינער, ליטווינער. עס דערהערן זיך זייערע באפעלן, אז מען זאָל אָפּגעבן אלע ווערטפולע פּאַפּירן און זאכן, אויסלענדישע וואַליוטע, גאָלד און זילבער.

אין דעם דאָזיקן מאָמענט האָבן מוטערס צוגעדריקט צו זייערע הערצער די קינדער. קינדער האָבן ביטער זיך פונאנדערגעוויינט, עס הייבן זיך הענט צום הימל, אז גאָט אויבן זאָל זיך מרחם זיין אויף די אומשולדיקע קינדער.

די פאַשיסטישע מערדער האָבן אָבער געטאָן זייער רוצחישע מלאכה. זיי האָבן, קודם כל, ארויסגענומען פון די רייען 200 קינדער. די ספּאַזמען און געוויינען פון די קינדער, מאמעס און טאַטעס האָבן ניט געווירקט אויף די הערצער פון די נאַצישע משחיתים. די קינדער זיינען אָפּגעפירט געוואָרן אין א דערבייאיקער שטוב, וואָס איז דורך זיי באשאָסן און אונטערגעצונדן געוואָרן צוזאמען מיט די קינדער. א ווולקאַן פייער האָט זיך געריסן צום הימל.

טאַטעס און מאַמעס האָבן געשריען: אָ, אונדזערע קינדער ווערן פארברענט! אָ, זעט, זעט דאָרט אין דעם פייער! אָ, גאָט אין הימל!

האָט מען די 3000 פארזאמלטע יידן אויפן פּלאַץ ארייגעזעצט אין פורן און אָפּגעפירט אין טויטלאגער, סאַביבאר.

אויפן צווייטן טאָג, דעם 6־טן נאָוועמבער, 1942, האָט זיך ווידער אָפּגעשפּילט דער זעלביקער גרויזאמער ספּעקטאַקל און עס זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן 2000 יידן קיין סאָביבאָר.

* * *

דעם 6־טן נאָוועמבער, 1942, איז פאָרגעקומען די טאָטאַלע אקציע. דער באפעל פון די עס־עס איז געווען אז 100 יידן זאָלן אויפן כעלעמער בית־עולם אויסגעגראָבן גרויסע מאַסן־גריבער... ווען די דאָזיקע ארבעט איז אָפּגעטאָן געוואָרן, האָבן די עס־עס מענער זיי געהייסן זיך זעצן אויף דער ערד, מיט די פנימער צו די גריבער. די יידן, וויסנדיק וואָס עס דערווארט זיי, האָבן זיי דעם באפעל ניט אויסגעפירט אָנהייבנדיק אנטלויפן. די מערדער האָבן געעפנט א פייער פון א מאשינגעווער, אלע יידן, חוץ 2, זיינען געפאַלן טויט, ווי אונטערגעשניטענעביימער. די געראַטעוועטע יידן זיינען געווען: שלמה מרגלית און יאנקל גאָלדבערג, וואָס זיינען אומגעקומען אין די פאַרטיזאַנער־קאַמפן איניקע טעג פאר דער באפרייאונג פון כעלם.

אין דעם אויבן דערמאָנטן טאָג האָבן די דייטשן ארויסגעפירט קיין סאָביבאָר 3000 יידן. כעלם איז כמעט געבליבן יידנריין.

אייניקע כעלעמער יידן האָבן אויסגעמידן די דאָזיקע אקציעס, אַ דאַנק דעם וואָס זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט און אין די וועלדער. די אַנטלאָפענע אין די וועלדער האָבן מיט גרויסער גבורה געקעמפט אין די פאַרטיזאַנער־מחנות.

# גבית עדות

פון

## איסר זילבער

אויפגענומען דורך: ב. ב ר י ק ע ר.

פון דער ווייטנס האָט אָפּגעהילכט דאָס געוויין פון מיינע כעלעמער יידן. די לופט איז פול געווען מיט צער און צאַרן. ס'האָבן געוויינט פרויען, קינדער און די ארומגערינגלטע געטאָ־יידן.. דער טאָג איז געווען א שיינער און דער הימל א בלאָער. איך האָב זיך געפונען אויפן דאַך פון דער טשארניעצקא גימנאזיע, ווו כ'האָב געאַרבעט. כ'האָב אָבסערווירט ווי מען האָט געפירט מיינע ברידער צו דער שחיטה, און צו מיר האָבן זיך דערטראָגן די אָפּהילכן פון שנעלן געלויף פון די דייטשישע זעלנער־שיך.

ארבעטן האָב איך שוין ניט געקאָנט. דער קאָפּ האָט מיר געווייטאָגט, די פיס האָבן זיך געוואקלט, כ'האָב מורא געהאַט, אז כ'קאָן נאָך אראָפּפאַלן פון דאַך, אָבער דער טאָג איז אוועק. ערשט אין אָוונט בין איך אוועק אהיים אונטער דער שמירה פון א נאַצישן שוטר, טראָגנדיק דאָס קעסטל געציג.

איך קום אריין אין שטוב, ס'איז שוין טונקל. עס וויינען שטוביקע. מ'וויינט איבערן היינטיקן טויטנמאַרש, אויפן חורבן פון דער שטאָט און וועגן מיין גורל. מיין ווייב עצה'ט מיך באלד צו אנטלויפן כדי ראַטעווען דאָס לעבן.

מיטן גראָען נעפּל פונעם הארבסטיקן פרימאָרגן פארלאָז איך, מיט די ברידער שטערן און מיט אברהם לאַס אונדזערע היימען, מיר מיידן אויס די צענטראַלע גאסן און דורך הינטערגעסלעך קומען מיר ארויס אויסער דער שטאָט. מיר גייען דורך זייטיקע וועגן און שטעגן, דורך בלאָטעס און קליינע פייכטע וועלדלעך, מיר גייען צום בוג — אויף „יענער זייט“ ווו ס'הערשט שוין ניט דער דייטשער מלאך המות.

מיר קומען אָן קיין דראָהוסק, ווו מיר טרעפן שוין דאָרט פיל יידן, וועלכע ווילן אריבערגיין אויף „יענער זייט“, ס'איז שוין געווען נאַכט. מיר זיינען געווען טויט־מיד, א דראָהוסקער גוטער פויער איז אונדז מכניס אורח, זיין גאנצע שטוב איז באלייגט מיט יידן. מיר געפינען אויך אָן אָרט און אין גרויסער שרעק און מידקייט ווערן מיר איינגעשלאָפן.

דער פרימאָרגן יאָגט אונדז ווידער ארויס. מיר קומען צום בוג אין משך פון א האלבער שעה. דאָרט טרעפן מיר שוין פיל יידן, וועלכע פירן אונטערהאנדלונגען מיט אוקראַינער, אז זיי זאָלן אריבערפירן די יידן אויף „יענער זייט“. מיר ריידן אויך אָפּ מיט צוויי אוקראַינער און דורכקומענדיק מיטן פרייז האָבן זיי חרטה, ווייל זיי ווילן דאָלאַרן און היות מיר האָבן ניט קיין דאָלארן מוזן מיר פארביטערטע צוריקגיין צום פויער אין הייזקע.

מיר לייגן זיך אויפן דיל און מיר שלאָפן ניט. ס'מאַטערט אונדז דער געדאַנק, וואָס ווייטער צו טאָן. איך טראַכט ניט לאנג און דערקלער, אז כ'גיי צוריק קיין כעלם, ווייל עס האָט ניט קיין זין אליין זיך ראַטעווען און לאָזן מיין פרוי און קינדער אומקומען. ניין! וואָס עס וועט זיין מיט מיין פרוי און קינדער, וועט אויך זיין מיט מיר! מיר באשליסן אלע גיין צוריק קיין כעלם.

דער וועג איז געפאַרפול און מיר באַמיען זיך טאַקע צו גיין מיט זייטיקע וועגן, כדי אויסצומיידן די דייטשן, אָבער ווי אויף צו להכעיס קומען אונדז אַקעגן צוויי ס.ס־מענער, מיט טריאומף־אויסדרוקן קומען זיי צו צו אונדז. כ'פאַל אום פון שרעק. מיין קעסטעלע געצייג צעפּנט זיך איבער דער ערד, זיי טרעטן אויף מיין קערפּער.

א יידישע פרוי פון כעלם, וואָס איז מיט אונדז מיטגעגאַנגען, האָט מיך אויפגעוועקט פון מיין חלשות און האָט מיך אריינגעפירט אין א יידישער שטוב, אָבער אויך דאָרטן האָט זיך געטאָן חושך, די ס.ס.־לייט האָבן אָפּגעשטאַט א וויזיט און געוואָרנט דעם יידן נישט אריינצונעמען קיין פרעמדע יידן, ווייל מען וועט אים דערפאר דערשיסן. אָבער א ייד בלייבט דאָך א ייד, האָט ער אונדז אריינגעפירט אין א סטאַדאָלע. איך האָב זיך אוועקגעלייגט אין שטרוי און זיך ביטער צעוויינט. די איבעריקע יידן האָבן די ס.ס. לייט אוועקגעפירט און געצוווּנגען טאָן די שווערסטע ארבעט אין דאַראַהוסקער טאַרטאַק. נישט געקוקט אויף אונדזער צעבראָכנקייט באַשליסן מיר אין דער פרי צוריקצוגיין קיין כעלם.

געקומען אהיים, בין איך 3 וואָכן נאָך אנאנד געלעגן אין בעט, כ'האָב זיך ניט געקאָנט באוועגן. די „רייזע“ אויף יענער זייט און צוריק האָט זיך געלאָזט פילן, די פיס זיינען מיר געוואָרן געשוואָלן און כ'האָב באקומען א לונגען־אָנצינדונג.

דערווייל האָט דער „יודנראַט“ געדארפט בלעכער. זיי האָבן געשיקט נאָך מיר כ'זאָל גיין צו דער ארבעט. איך האָב זיך ניט געקאָנט רירן, געהאַט ווייטאָגן, זיי האָבן אָבער מיר נישט געגלייבט. ס'איז געשיקט געוואָרן צו מיר ד"ר וואָלבערגער, וועלכער האָט אויך פעסטגעשטעלט אז כ'בין ארבעט־אומפעאיק.

נאָך 3 וואָכן ליגן אין בעט בין איך קוים אויפגעשטאַנען. מיין ארבעט־פּלאַץ איז דאַן געווען אין דער „געסטאַפּאָ“. דעם שעף פון דער „געסטאַפּאָ — פאַן וואַלטער — איז געפעלן געוואָרן מיין ארבעט און ער האָט באפוילן, אז איך זאָל בלייבן דאָרט ארבעטן.

איינמאָל האָבן מיך די ס.ס. גענומען צו ארבעטן אין משוגעים־שפּיטאָל. דער געסטאַפּאָ־שעף, פאַן וואַלטער, האָט זיך ארומגעקריגט מיט די ס.ס און געפאָדערט, אז זיי זאָלן מיך צוריקקערן צו דער געסטאַפּאָ, די ס.ס. האָבן אָבער ניט געוואָלט און אויף מיין אָרט אין געסטאַפּאָ איז געשיקט געוואָרן דער בלעכער יוסף גאָלדבערג, וועלכער האָט אָבער זיין ארבעט שלעכט געמאַכט, דער געסטאַפּאָ־שעף האָט אים דערפאר אראָפּגעוואָרפן פון 2־טן שטאָק, א צעבלוטיקטער און צעבראָכענער איז ער קוים געקומען אהיים. נאָכדעם האָט די געסטאַפּאָ געשיקט אין משוגעים־שפּיטאָל אָן אויטאָ נאָך מיר, און געצוווּנגען די ס.ס. מיך ארויסצוגעבן. איך בין ווידער געקומען ארבעטן צו דער געסטאַפּאָ.

שנעל זיינען פארבייגעלאָפן טעג נאָך טעג אין גרויסע צרות. אין די יידישע הייזער איז געווען הונגער און חושך. אין די נעכט איז מען ניט געשלאָפן, שרעקנדיק זיך פאַרן אָנקום פון טאָג. יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע גזירות אויף יידישע קעפּ. הגם עס איז געווען פרילינג, אָבער ער האָט האָט געהאַט א פּנים ווי דער טריבסטער הארבסט.

נאָך דעם פרילינג איז געקומען דער זומער 1940, וועלכער האָט געבראַכט די געטאָ־גזירה אין כעלם. אָנגעהויבן האָט זיך די כעלעמער געטאָ אין די קוואַרטאַלן און גאַסן פון קשיווע־קאָפּער־ניקא, אַ טייל סעמינאַרסקע דורך שקאָלנע, פּשעכאָדניע אוש־טשילוסקע, נייע צאָל ביז צו דער נייע וועלט און לוואָווסקע גאַסן. אָט אין דעם טייל שטאָט האָט מען אַריינגעשטופּט די לעבן געבליבענע כעלעמער יידן, צו זיי האָט מען נאָך צוגעברענגט די אחים־לצרה — טשעכישע יידן, וועלכע זיינען נאָך פריער ווי אַלע כעלעמער געקומען אויפן מזבח פון סאָביבאָר.

פון דער געטאָ אַרויסגיין האָט מען ניט געטאָרט אָן אַ דער־לויבעניש, יעדער האָט געטראָגן אַ ווייסן אַרעמבאַנד און אַ מגן־דוד. אַ יידישער מילך־הענדלער און זיין פרוי האָבן אין אין דער פרי פאַרלאָזן די געטאָ בכדי צו באַקומען מילך, אויפן וועג האָבן זיי געטראָפן צוויי ס.ס.־לייט וואָס האָבן זיי דערשאָסן אויפן אָרט.

די יידן אין דער געטאָ האָבן טיילווייז געצויגן זייער פּרנסה פון דעם ביסל האָב און גוטס, וואָס זיי איז פאַרבליבן פון פאַר דער מלחמה. פּאָליאַקן זיינען אַריינגעקומען אין געטאָ און אַלץ אָפּגע־קויפט פאַר גראָשנס. אַ גרויסער טייל יידן זיינען פאַרהונגערט געוואָרן און געשטאָרבן, צווישן זיי, געדענק איך, איז אויך געווען מאַניש בעקער, דער גבאי פון בית המדרש אין כעלם.

ניט שטענדיק זיינען די פּאָליאַקן אַריינגעקומען אין געטאָ צו קויפן עפּעס ביי די יידן, ווייל די דייטשן האָבן די פּאָליאַקן אויך ניט געשאַנעוועט, ווען מען האָט זיי געזען אין געטאָ. אויך פּאָ־ליאַקן זיינען דורך די דייטשן דערשאָסן געוואָרן, צווישן זיי אויך דער געוועזענער שטאָט־פּרעזידענט, אדוו. טאָמאַשעווסקי.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרניכטונג פונעם יידישן כעלם. די ערשטע קרבנות זיינען געווען די קינדער. אין איין פרי־מאָרגן האָבן זיך באַוויזן אין אַלע יידישע היימען ס.ס.־לייט, מיט זיי זיינען געווען יידישע פּאָליציאַנטן. מען האָט אַרויסגענומען אַלע קינדער און זיי אַריינגעפירט אין בית־המדרש, פון דאָרט האָט מען זיי אַוועקגעפירט אויפן כעלעמער וואָקזאַל, פון וואַנעט זיי זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן צו די גאַז־אויוונס אין סאָביבאָר.

אויך מיין 8־יאָריקער יינגעלע, דודל, איז געכאַפּט געוואָרן דורך די ס.ס. וועגן דעם האָט מיר מודיע געווען מיין טאָכטער, וועלכע איז געקומען צולויפן אויף דער אַרבעט און מיר גע־בראַכט די „גוטע" בשורה. כ'בין באַלד אַוועק צום שעף פון דער געסטאַפּאָ, פּאָן וואַלטער, און אים געבעטן ער זאָל מיין קינד פריילאָזן, דער הונט האָט מיך „געטרייסט", אַז מיט מיר וועט אויך זיין דאָס זעלביקע. כ'האָב אים געזאָגט, אַז אויב מען וועט מיין קינד דערהרגענען וועל איך נישט אַרבעטן. ער האָט דאַן מיך געהייסן גיין צום טרויעריק־באַרימטן ראַשאַנדאַרף, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער קינדער־אַקציע. געקומען צו דער באַן האָב איך זיך געמאָלדן צו ראַשאַנדאַפן, אַז דער שעף פּאָן וואַלטער האָט באַפוילן צוריקצוגעבן מיין קינד. ער האָט מיך ציניש אויס־געלאַכט און געהייסן צוויי ס.ס.־יונגען מיך אַוועקטרייבן. די ס.ס.־כוליגאַנעס האָבן זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן און „דערלאַנגט" מיר מיטן הענטל פונעם אויטאָמאַט, כ'בין אַוועקגעפאַלן אין אָנ־מאַכט. איין גליק איז געווען, וואָס מיין טאָכטער איז מיטגעגאַנ־גען און זי האָט מיך אָפּגעמינטערט און אַוועקגעפירט אהיים.

פאַר מיין הויז איז מיר אַקעגנגעלאָפן מיין פרוי מיט פרייד, אַז דודל איז אין דער היים. ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז מיין קינד אַנטלאָפן ביים פירן אים צו דער באַן און זיך אויסבאַהאַלטן אויף אַ בוידעם פון יחיאל פישערס הויז אויף שקאָלנע גאַס.

אין די חושכדיקע גאַסן פונעם געטאָ האָט פּאַראַדירט די יידישע פּאָליציי, אָנגעטאָן אין שוואַרצע קיילעכדיקע היטלען מיט מגן דודס און ביי דער זייט האָבן זיי געטראָגן גומענע שטעקנס.

די שוהלן און בתי־המדרשים זיינען געווען געשלאָסן, בלויז דאָס הכנסת־כלה שוהלכל איז געווען אָפן (ביי די גליטש־טרעפּ), אָבער אָפט זיינען דאָרט אַריינגעפאַלן ס.ס.־באַנדעס און האָבן פאַגראָמירט די מתפללים. באַזונדערס שווער איז געווען דער גורל פון די יידישע פרויען, זיי האָבן געמוזט שווער אַרבעטן ביי דער וואַסער־לייטונג. זיי האָבן געגראָבן קאַנאַלן, אויסגעטריקנט בלאָ־טעס און עסן האָבן זיי גאָרנישט באַקומען.

עס איז אונטערגעקומען די צווייטע אַקציע אין כעלם. איצט איז געקומען די ריי אויף די נאָך לעבן געבליבענע עלטערע יידן פון כעלם און אויף די טשעכישע יידן. לויט אויסגעאַרבעטע רשי־מות זיינען די ס.ס.־רוצחים מיט זייערע יידישע באַהעלפער גע־גאַנגען צו אַלע עלטערע כעלעמער יידן און אויך טשעכישע און זיי אַרויסגעפירט פון זייערע היימען און אַוועקגעפירט אין בעלזער שטיבל. דאָרט האָט מען זיי אָפּגעהאַלטן אַ גאַנצן טאָג און ביים צופאַלן פון דער נאַכט האָט מען זיי אַוועקגעפירט אין סאָביבאָר.

די לעצטע אַקציע איז פאָרגעקומען דעם 6־טן נאָוועמבער, 1942. די אַקציע האָט שוין געהאַט דעם ציל צו מאַכן כעלם „יודענריין". דער 6־טער נאָוועמבער איז געווען פרייטאָג. דאָנער־שטאָג נאָך האָבן שוין אַלע יידן פון כעלם דערפון געוווסט, אין שטאָט איז געוואָרן אַ בהלה, יעדער איז געלאָפן ווו די אויגן האָבן געטראָגן, דער עיקר איז מען געלאָפן אין די שכנותדיקע דערפער. די פרויען, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די קאַשאַרן (מיליטערי־שע באַראַקן) זיינען אַהין אַוועק מיט זייערע קינדער זיך אויס־באַהאַלטן. אָבער אויך דאָרטן האָט די היטלער־האַנט צו זיי דער־גרייכט.

פרייטאָג, דעם 6־טן נאָוועמבער, 1942 פאַרטאָג איז כעלם געוואָרן אַרומגערינגלט דורך אַלע בלוט־הינט: ס.ס.־מיליטער, סתם דייטשן און אוקראַינער. פונעם געטאָ האָט מען אַלע יידן געיאָגט אין דער ריכטונג פונעם קלויסטער־פּלאַץ. דאָרטן האָבן זיך פאַרקליבן פיל פּאָליאַקן און מיט נחת זיך צוגעקוקט צום ספּעקטאַקל פון גרויסער יידישער פּיין און פון גרעסטן אומגליק.

נאָכמיטאָג איז אויפן אָרט אָנגעקומען אַן ס.ס.־מאַן און באַ־פוילן אַלע בעלי־מלאכות און אינטעלעקטועלע אַרבעטער צו גיין



כעלעמער יידן ווערן געפירט אויף „אַרבעט", באַגלייט פון יידישע פּאָליציי

מיט אים. א גרויסער טייל איז אָפּגעפירט געוואָרן אויפן וואָקזאַל. אין א קליינעם צימערל האָט מען אונדז אלעמען אריינגעשטופּט און ביי שרעקלעכע באדינגונגען האָבן מיר, שטייענדיק, איבערגעוואַרט די נאַכט.

צומאָרגנס זיינען מיר צעטיילט געוואָרן אויף צוויי גרופּעס. די גייסטיקע אַרבעטער האָט מען געשיקט צו שוואַרצער אַרבעט און די בעלי־מלאכות צו פארשיידענע אַרבעטן. אויפן „באַנהאָף“, אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן „טויטנהאָף“, זיינען איך, אביש שפּאַן, שמואל אָקסמאַן, בערטשע פייגנבוים (אַ סטאָליער) און אַ טשעכישער ייד געשיקט געוואָרן אין דער דירעקציע פון געסטאַפּאָ.

כמעט אלע יידן האָט מען דעפּאָרטירט אין סאָביבאָר. עס האָבן נאָר געארבעט דאָס ביסל יידן אויפן באנהאָף, אָבער אלעמאָל נעמט מען ארויס 20 יידן און מ׳דערשיסט זיי אין הרוביעשאָווער וואַלד (ביים מיליטערישן שפּיטאָל). איך אַרבעט ווייטער אין דער דירעקציע פון געסטאַפּאָ. איך בין געווען זיכער, אז איך בין איינער פון מיין פאמיליע, מיין ווייב און קינדער מוזן שוין זיכער זיין אין סאָביבאָר, אויב אזוי איז נאָך וואָס טויג מיר דאָס לעבן?

איינמאָל ביי דער ארבעט איז בגנבה צו מיר צוגעקומען א פּאָליאַק און דערציילט, אז מיין עלטסטע טאָכטער, חיה, לעבט. דער פּאָליאַק האָט מיר איבערגעגעבן א קורץ בריוול פון איר און דאָרט האָב איך געלייענט: „כ׳בין נאַקעט און באָרוועס, ראַטעווע מיך, טאַטעלע!“ איך האָב באַשלאָסן צו טאָן אלץ וואָס נאָר מיגלעך צו העלפן מיין טאָכטער.

ביינאַכט האָב איך צוגעמאַכט א שלאָס צו א סקלאַד פון ס.ס. רויב־זאַכן, און אין דער צווייטער נאַכט בין איך דאָרט אריין און ארויסגענומען א פּעקל פרויען־קליידער. איך האָב פארשטאַנען, אז די זאכן שטאַמען פון די טשעכישע יידן. די זאכן האָב איך באַגראָבן און ווענדיק אָנקומען צום געסטאַפּאָ־שעף צו באקומען פון אים אַ דערלויבעניש צו גיין צו די „קאָשאַרן“, ווו עס אַרבעט מיין טאָכטער, האָב איך אָפּגעטאָן א שטיקל ארבעט און קאַליע געמאַכט די וואסערלייטונג. באלד נאָכדעם בין איך ארויסגערופן געוואָרן צום שעף צו פאררירכטן די וואסערלייטונג, און דאַן איז מיר געלונגען צו באַקומען אויף זונטאָג אַ דערלויבעניש צו גיין אין די „קאָשאַרן“.

זונטאָג בין איך טאַקע מיט די זאכן אוועק צו מיין טאָכטער. זי איז געווען אין א שרעקלעכן צושטאַנד.ביידע האָבן מיר געוויינט ווי קליינע קינדער, מיין טאָכטער האָט מיך געטרייסט און בארויקט. איך בין געוואָר־געוואָרן, אז אין די „קאָשאַרן“ אַרבעטן נאָך איניקע יידישע מיידלעך און פרויען, נישט לייכט איז געווען מיין שיידן זיך מיט מיין קינד, אָבער איך האָב געמוזט אוועק. אויף אזא אופן פלעג איך באזוכן מיין טאָכטער עטלעכע מאָל. שפּעטער בין איך געוואָר־געוואָרן, אז מען האָט די יידישע מיידלעך און יידישע פרויען אָפּגעפירט קיין סאָביבאָר און צווישן זיי, איז אויך געווען מיין טייערע און אומפארגעסלעכע טאָכטער.

די צאָל יידן אויפן „באַנהאָף“ ווערט וואָס אַמאָל קלענער און ווינציקער. איך געדענק נאָך איניקע פון זיי וועלכע זיינען געווען די לעצטע קרבנות, ווי: אהרן פוס, יונה גאָלדמאַנס א זון; וועלוועל ציטרין; שאול וואַלטער; רפאל דעך און אַביש שפּאַן. יעדער איינער פון אונדז האָט געוואַרט אויף דער ריי, ווען מען וועט אונדז פירן צום „בארג“ שיסן.

אויפן „בארג“ האָבן מיר זיך נישט דערוואַרט. אין איין טאָג האָבן געוואַרט אויף אונדז אויטאָס פאַרן „באַנהאָף“. אויף די אויטאָס האָט זיך געפונען א שטאַרקע שמירה פון דער ס.ס. גלייך ווי שטענדיק האָבן מיר געמיינט, אז ס׳איז שוין די לעצטע שעה. די אויטאָס האָבן אונדז געפירט טיפער אראָפּ אויף דער באַן־גאַס צו דער טורמע.

דער טויער פון דער טורמע האָט זיך געעפנט און מיר האָבן זיך באַלד געפונען אויפן טורמע־הויף, מיר זיינען אריבערגעפירט געוואָרן אין א פינצטערן קעלער און מיר זיינען דאָרטן אריינגעוואָרפן געוואָרן מיט גרויסער ברוטאַלישקייט. מיר האָבן גאָרנישט געקאָנט זען, מיר האָבן דערפילט, אז מיר פאַלן אויף מענטשלעכע קערפּערס. מיר האָבן אויפגעשוידערט ווען מיר זיינען געוואָר געוואָרן, אז דאָס איז דער טויטנקאמער פון דער כעלעמער טורמע. 23 יידן האָבן זיך דאָ געפונען און געוואַרט אויף זייער גורל־שעה. מיר האָבן זיך אלע ביטער צעוויינט.

צומאָרגנס קלאַפּט מען אין אונדזער טיר, מיר דערשרעקן זיך, אָבער באלד פאלט צו אונדז אריין א שטיקל ברויט און ציגאַרעטן, דאָס האָבן מיר דעם ערשטן גרוס פון א גרופּע יידן, וועלכע געפינען זיך נאָך דאָ און האָבן געקאָנט פרייער זיך באַוועגן. זיי האָבן דאָס ברויט און ציגאַרעטן אונדז אריינגעוואָרפן. צווישן זיי איז געווען דער שטענדיקער מוטיקער כעלעמער ייד, שלמה בוביס.

יעדן מאָל, ווען מ׳רופט אונדז, מיינען מיר, אז אָט קומט שוין דער טויט, און אזוי האָב איך אויך געמיינט. אין א געוויסן טאָג האָט מען אין אונדזער קאַמער אָנגעקלאַפּט און גערופן מיך און טאַנטשע ניסבוים. מיר זיינען גערופן געוואָרן צום טורמע־שעף, וועלכער האָט אונדז געשיקט מיט א וואכמאַן אויפן „באַנהאָף“ צו מאַכן „טראָגבעטלעך“.

איטלעך טאָג זיינען מיר געפירט געוואָרן צו דער ארבעט און אין אָוונט זיינען מיר צוריקגעפאָרן. איינמאָל האָב איך אויפן וועג געטראָפן גיין באוואכט פון ס.ס.־לייט די פרוי ליבהאָבער, איר זון האָט זיך געפונען אין טויטנקאַמער. ווי איך בין געוואָר געוואָרן האָט די פרוי ליבהאָבער, וועלכע איז געווען א גוטע דאמענשניידערין, דערקלערט דער געסטאַפּאָ, אז אויב מ׳וועט דערשיסן איר זון, וועט זי אין קיין פאַל נישט ארבעטן — און דער זון אירער איז טאַקע געבליבן לעבן.

איינמאָל האָב איך ביי דער ארבעט געטראָפן דער טרויעריקבארימטן ראָשנדאָרף. ער האָט גענוי באטראכט אונדזער ארבעט און אונדז געזאָגט, אז די יידן פונעם טויטנקאמער וועלן בלייבן לעבן. א „היים“ קומענדיק, האָב איך עס דערציילט מיינע ליידנדיקע ברידער, אָבער קיינער האָט ניט געגלויבט. געוויס איז ניט געווען וועמען צו גלויבן, ווייל גלייך צומאָרגנס האָט מען אונדז אלעמען ארויסגערופן און אויסגעטאָן ביז די וועש. מיר האָבן פארשטאַנען, אז עס זיינען אונדזערע לעצטע מינוטן, אָבער מען האָט אונדז ווידער אראָפּגעפירט אין טויטנקאַמער. אונדזערע איינציקע שפּייז איז געווען די, וועלכע מיר האָבן באקומען אריינגעוואָרפן פון שלמה בוביס.

איניקע טעג זיינען פארביי און מען האָט פון אונדזער טורמע אָפּגעטיילט א גרופּע יידן, וואָס זיינען שוין ניט צוריקגעקומען. מיר זיינען געבליבן שוין ווינציק אין צאָל און צו אלץ גלייכגילטיק. אָבער דאָך האָבן מיט ניט געוואָלט ווייטער בלייבן אין אז צושטאַנד, מיר האָבן ארויסגערופן דעם לייטער פון טורמע און אים

דערקלערט, אָדער ער זאָל אונדז דערשיסן אָדער ער זאָל אונדז ארויסנעמען צו די ארבעטנדיקע יידן. ער האָט מסכים געווען אויפן לעצטן באַדינג און מיר זיינען ארויס אַרבעטן.

צוזאַמען מיט אונדז האָבן אין די טורמע־ווארשטאַטן געאַרבעט 15 יידן, געווען זיינען זיי: שלמה ברוסטמאַן, משה ניימאַן, קעלבערמאַן און די פרוי, הערש באָקסענבוים, שלמה בוביס, גיטל ליבהאָבער און זון, בנציון מיצפליקער, טאַנטשע ניסבוים, יחיאל שטשופאַק, מאָניס ציטרין, גאָלדע לאקס, חיים סאָבאָל, בינשטאָק און איך. דאָס לעבן איז געווען מער ווייניק דערטרעגלעך, מיר זיינען אָפט געגאַנגען באַוואַכט אין שטאָט אריין און איינגעקויפט פארשיידענע זאַכן פאַר די וואַרשטאַטן. מיר האָבן כעלם ניט דערקענט, קיין ייד האָט מען ניט געזען, אין אלע יידישע געשעפטן זיינען געווען פּאָליאַקן. מיר זיינען צוריקגעקומען פון שטאָט צעבראָכענע. דער עלעקטריקער, בינשטאָק, האָט אונדז מודיע געווען, אז די דייטשן ליידן כסדר מפּלות, מיר האָבן זיך געשראָקן, אז די מפּלות וועלן אויסגיין צו אונדזערע קעפּ.

דער פראָנט דערנענטערט זיך אלץ נעענטער צו כעלם און דערמיט דערנענטערט זיך אויך די געפאַר פאר אונדז. דערווייל רופט מען אונדז צו דער געסטאַפּאָ צו ארבעטן ביים נאטשאַלניק. מיר קומען דאָרטן ביינאַכט, ס׳איז דאָרט זייער פריילעך: בראַנפן און וויינען גיסן זיך ווי וואַסער, די רוישיקע און פרעכע געלעכטערס רייצן און רעגן אויף. האלב־נאַקעטע פרויען דרייען זיך ארום שיכור. ס׳קומט צו מיר צו דער נאַטשאַלניק און באפעלט מיך מיט טאַנטשע ניסנבוים צו מאַכן קאסטנס אויף צו פּאַקן זאַכן. מיר נעמען זיך צו דער אַרבעט און מיר פאַרשטייען, אז די דייטשן וועלן שוין לאַנג מיט אונדז ניט זיין, אָבער וואָס וועט זיין מיט אונדז — וועלן זיי דען אונדז לאָזן לעבן?

די ארבעט האָבן מיר פארענדיקט שפּעט ביינאַכט. מ׳האָט אונדז געגעבן אויסצוטרינקען א פלעשל וויין און אונדז געפירט נעכטיקן צו א רוסישן געפאנגענעם — מישאַ, (דער מישאַ איז פּאַקטיש געווען א ייד). ביי מישאן איז אויך געווען אָנגעשטעלט אויפן טיש פון כל־טוב. ער האָט מיך מיט אלץ מכבד געווען און מיר דערציילט, אז די דייטשן גייען שוין אוועק און מען דארף אנטלויפן.

אויף צומאָרגנס האָבן מיר ווידער געמאכט די קאסטנס. אַן ס.ס.־מאַן האָט אונדז באפוילן צו פּאַקן די קאַסטנס אויף די אויטאָס. דער וויצע־שעף, בראָמילער, פון דער געסטאַפּאָ איז צוגעקומען זען אויב אלץ איז שוין אויף די אויטאָס. ער איז איינגעשטיגן אין אויטאָ און צוגערופן דעם וואַכמאַן. איך האָב געהערט ווי ער האָט באפוילן: „קאַלט מאַכן די יודען!" איך האָב אויפגעציטערט, מיין איינציקער ווונטש איז געווען אומצוקומען צוזאַמען מיט אלע פון דער טורמע און ניט דאָ אויף דער דירעקציע. אָבער באלד האָט מען אונדז באפוילן ארויפצוגיין אויף אַן אויטאָ צוזאַמען מיט טאַנטשען און מישאן, מען האָט אונדז ווידער געפירט אין טורמע. אויפן וועג איז מישאַ אראָפּגעשפרונגען פון אויטאָ, די דייטשן האָבן אים נאָכגעיאָגט און ניט געקאָנט כאַפּן. איך האָב מחיה׳דיק געאָטעמט די פרישע לופט און געטראַכט: ווי לאַנג וועל איך נאָך אטעמען אזא לופט?

אָנקומענדיק אין טורמע האָב איך דערציילט מיינע ליידנדיקע ברידער, וואָס איך האָב געהערט פון וויצע־שעף בראָמילער. אלע האָבן מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ מיך אויסגעהערט. באלד נאָכדעם האָט מען אונדז ווידער אריינגעיאָגט אין טויטנקאַמער.

לאַנג אין טויטנקאַמער זיינען מיר שוין נישט געווען. די רוסן האָבן זיך דערנענטערט צום בוג און ביי די דייטשן האָט געברענט דער באָדן אונטער די פיס, זיי האָבן זיך געגרייט אין וועג אריין. עס האָט זיי ווידער אויסגעפעלט ארבעט־הענט, זיי האָבן אונדז דעריבער ווידער ארויסגערופן און באפוילן צו העלפן זיי פּאַקן. צו אונדזער גליק האָבן די סאָוועטישע חיילות אָנגעהייבן צו באָמבאַרדירן כעלם און באזונדערס דעם וואָקזאַל און נאָענט צו אונדזער טורמע. די ס.ס.־לייט זיינען זיך פונאנדערגעלאָזן ווי די מייז אין די לופט־שוץ־גרובן, מיר זיינען געבליבן ארבעטן אָן א וואַך.

איך האָב דערקלערט יעדערן די לאַגע, גערופן זיך צו ראַטעווען. כ׳האָב געהייסן גיין אין קעלער פון דער וואַסערלייטונג און זיך באַהאַלטן, מיר זיינען טאַקע אַהין געגאַנגען און זיך באַהאַלטן.

3 טעג און 3 נעכט האָט מען כסדר באָמבאַרדירט, צעשטערט איז געוואָרן דער גאַנצער צוים פון דער טורמע, שטויב, סאַזשע און ברוכוואַרג האָט אונדז אלע פארדעקט. מיר זיינען געווען אלע צוזאמענגערוקט, איך פארשטיי ניט וועלכער כוח האָט אונדז דאַן געהאַלטן? ענדלעך האָבן זיך די באָמבאַרדירונגען אָפּגעשטעלט, מיר האָבן שוין מער ניט געהאַט קיין כוח. מיר האָבן באשלאָסן אויסצושפּירן, ווי עס זעט אויס די לאַגע, און ווידער האָט דער דרייסטער שלמה בוביס אונדז איבערגעגעבן, אז עס שטייט ביים צעבראָכענעם צוים אַ וואַכמאַן, אַ רויטאַרמייער.

ער איז צוגעגאַנגען צום רויטארמייער און דערציילט, אז אין דער טורמע געפינען זיך 15 יידן. דער רויטאַרמייער האָט געהייסן אז מיר זאָלן פארלאָזן דעם קעלער און האָט דערקלערט, אז מיר זיינען פריי. ס׳איז ארויסגערופן געוואָרן א פילם־אָפּעראַטאָר, וועלכער האָט אונדז פילמירט.

איך בין גלייך ארויס אין שטאָט מיט שלמה ברוסטמאַן. דעם ערשטן קבלת־פּנים האָב איך געהאַט פון פּאָליאקן, וועלכע האָבן אונדז אויפגענומען מיט שפּאָט און געשריי: „עס זיינען שוין ווידער דאָ די זשידקעס, מען האָט זיי נאָך ניט אלע אויסגעשאָסן!"
מיר זיינען ווייטער געגאַנגען אונדזער וועג צום רויטן־קרייץ, ווו מיר האָבן זיך ארומגעוואשן און קאַווע באקומען.

דער מאַגיסטראַט האָט אונדז אויפגענומען און געגעבן דאָס הויז פון פּאָסט גאַס נר. 39 צו וווינען און א ביסל פּראָדוקטן. מיר האָבן גלייך געשאפן א קיך און די פרויען קעלבערמאן און ליבהאָבער האָבן געקאָכט.

מיר האָבן געשאפן א קאָמיטעט און שלמה ברוסטמאַן איז געוואָרן פּרעזעס. אונדזער הויז איז געוואָרן א מקום־מקלט פאר אלע יידן. עס זיינען געקומען יידן פון דער אַרישער זייט מיט ארישע פּאַפּירן, פּאַרטיזאַנער און יידן פון רוסלאנד. איך בין געווען גלייכגילטיק צו אלץ, אזוי ווי ס׳האָט זיך מיר געגלוסט פריער צו לעבן, אזוי האָט זיך מיר איצט געוואָלט שטאַרבן. אָבער די כסדרדיקע בריוו, וואָס זיינען אָנגעקומען פון רוסלאנד, וואָס האָבן געזוכט קרובים, האָבן אויך געבראכט א גרוס פון מיין זון, וואָס זוכט מיך. נייע בלוטן זיינען אָנגעגאָסן געוואָרן אין מיינע אָדערן, עס האָט אין מיר אויפסניי אויפגעוואַכט א דראַנג צום לעבן. איך האָט אָנגעהויבן צוריק אַרבעטן און דערווארטן מיין זון, דער איינציקער לעבנגעבליבענער פון מיין גרויסער משפּחה.

# גבית-עדות

פון

## גיטל ליבהאבער

נר. 12/38

15—XII—1946

פראָטאָקאָל פון דער וואָ־עוואָדישער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין לובלין אַרכיוו פון דער יי.ה.ק. פראָטאָקאָל נר. 2112.

עס דערציילט: — ג י ט ל  ל י ב ה א ב ע ר, געב. דעם 18/11, 1897. באַזיצט מיטעלע בילדונג. פאַך — אַ שניידערין. פאַרן קריג — געוווינט אין כעלם אויף לחאָחסקע גאַס, נר. 4, און איצט וווינט זי אויך אין כעלם, אויף פאטשטאָווע 39.

פראָטאָקאָלירט פון א י ר ע נ ע  ש יי ע ח י ט ש.

אין 1939, ווען די דייטשן זיינען אריינגעקומען אין כעלם, זיינען געווען 18 טויזנט יידן אין שטאָט. איך האָב געהאַט א מאַן, א טאָכטער פון 15 יאָר און א זון פון 17 יאָר. די דייטשן האָבן באלד גענומען זיך איזדיעקעווען איבער די יידן, געכאַפּט זיי צו דער ארבעט. איבערהויפּט האָבן זיי די יידן פארשטעלט צו ריי־ניקן קלאָזעטן מיט די בלויזע הענט, און נאָך דער אָ ארבעט, האָבן זיי באפוילן, אז די יידן זאָלן שלאָגן איינער דעם צווייטן. ספּעציעל האָבן דאן געפּייניקט די יידן: דער עס־עסאָוועץ ראלפינק, א הויכער בלאָנדער, 30 יאָריקער מאן, און דער עס־עסאָוועץ ד״ר סעלך, אויך אין דעם זעלבן עלטער. א חודש, נאָכן אָנקומען פון די דייטשן, איז לויט זייער פאראָרדענונג געשאפן געוואָרן א יודנראַט, וואָס בראש אים זיינען געשטאַנען: דער סוחר פרענקעל. מיטגלידער פון יודנראַט זיינען געווען: בידערמאן, דרעשער, טענענבוים, פרייבערגער.

אין איין טאָג האָט דער יודנראַט געמאָלדן די יידן, אז אלע מענער פון 15—60 יאָר זאָלן זיך פארזאמלען אויפן פּלאַץ לוטש־קאווסקי, ווו ער וועט פאר זיי ריידן. די יידן זיינען זיך צוזאמענגעקומען, די „וועדמאַכט" האָט זיי ארומגערינגלט, און אָנשטעלנדיק די ביקסן קעגן זיי, האָט מען זיי באפוילן, אז אלע זאָלן אָפּגעבן זייער געלט און קאָסטבאַרע חפצים. פריער האָבן זיי ביי די פארזאמלטע יידן צוגענומען אלץ וואָס זיי האָבן געהאַט און דערנאָך האָט מען זיי אָנגעהויבן מערדערלעך שלאָגן. דער ערגסטער אויסוווּרף און מערדער איז געווען דער אויבן דערמאָנטער ראלפינק, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער דאָזיקער אַקציע. אויך די פרויען און קינדער זיינען פון די ווייטע גאַסן געקומען, וועלנדיק הערן וואָס וועט זאָגן דער אָנפירער פון יודנראַט. אין איין מאָמענט איז ראלפינק צוגעגאַנגען צו א יידן מ.ג. מאָטל באַקאַלטשוק און האָט אים געהייסן טאַנצן. ווען די פרויען און קינדער, צוזעענדיק אלץ, האָבן זיך הויך פונאנדערגעוויינט, האָבן די דייטשן אָנגעהייבן שיסן אין דער לופטן, און די פארזאמלטע מענער האָט מען געטריבן אין דער ריכטונג פון הרוביעשאָוו. כ׳בין אויך בייגעווען ביי דעם אלעם, ווייל כ׳האָב דעם מאַן און זון ניט געלאָזן ארויסגיין פון שטוב און כ׳האָב דעריבער געוואָלט וויסן וואָס וועט דאָ זיין, אויב ס׳וועלן ניט אנטשטיין קיין שלעכטע קאָנסעקווענצן. די פארצווייפלטע פרויען זיינען אוועק צום יודנראַט און מיט תחנונים געבעטן, אז מען זאָל זיך דערוויסן וואָס האָט פּאַסירט מיט זייערע מענער.

דערנאָך זיינען די פרויען אוועק אויף הרוביעשאָווער וועג און האָבן דערזען, אז דער וועג איז פאַרזייט מיט טויטע קערפּערס. אומעטום זיינען געווען שפּורן פון בלוט און טיילן פון מלבושים. מען האָט דעמאָלט, אויפן וועג קיין הרוביעשאָוו, דערהרגעט 1000 יידן. איינער, וואָס האָט זיך אים איינגעגעבן אנטלויפן, האָט מיר דערציילט, אז די דייטשן האָבן באפוילן די יידן אויסגראָבן גריבער און דערנאָך זיי געהייסן זיך לייגן אין זיי, און אנדערע יידן האָט מען געצוווּנגען פארגראָבן זיי לעבעדיקערהייט. 800 יידן זיינען דערגאַנגען ביז הרוביעשאָוו, פון דאָרט האָט מען זיי געטריבן קיין קעלדז אויפן בוג און זיי געהייסן זיך דערלאַנגען אויף דער צווייטער זייט טייך. 300 יידן איז געלונגען זיך דערלאנגען אויף דער צווייטער זייט, א טייל איז אומגעקומען ביים ברעג, און אן ערך 100 יידן האָבן זיך צוריקגעקערט, אין א שרעקלעכן צושטאַנד, קיין כעלם. עס איז נאָך דעם געווען א רואיקערער פּעריאָד. די דייטשן האָבן געוואָלט אזא ספּעקטאַקל איינאָרדענען מיט די פרויען, אָבער דער יודנראַט האָט ניט געוואָלט רופן די פרויען, און די דייטשן האָבן מוותר געווען אויף דעם. א סך יידן האָבן זיך באַמיט אַנטלויפן אויף דער רוסישער זייט. די יידן זיינען געוואָרן (ביי די דייטשן) שרעקלעך באהאנדלט. מיר האָבן באַקומען שפּייז־קאַרטעס, אלע זיינען געווען געצוווּנגען צו ארבעטן. ווער ס׳האָט געקאָנט, האָט זיך אויסגעקויפט מיט געלט. אזוי האָט זיך געצויגן ביז 1941־טן יאָר, דער יודנראַט האָט געמוזט אָקעגנקומען אלע דייטשישע פאָדערונגען, וואָס זיינען געווען ניט קיין איינפאַכע, און דעריבער האָט דער יודנראַט געמוזט דאָס אלץ אויספּרעסן ביי די יידן, כדי צו באפרידיקן די דייטשן, אָבער עס זיינען שוין ניט פאָרגעקומען קיין מאָרדן אויף יידן.

אָנהייב 1940 זיינען מיר געווען געצוווּנגען אָנטאָן אויף דעם רעכטן אַקסל ווייסע אָפּצייכנס מיטן מגן דוד... נאָך אין 1940 האָב איך זיך געמאָלדן ווי א פאָרמאַן און כ׳בין געוואָרן א שניידערין פאר די ס.ד. (Sicherheits dienst).

איין מאָל איז צו מיר צוגעגאַנגען אן עס־עסאָוועץ, שטיינערט, א שרעקלעכער רוצח, מיט זיין פרוי, און באשטעלט ביי מיר א קלייד. ער האָט געפאָדערט, אז דאָס קלייד זאָל ווערן פארטיק אויף מאָרגן 11 אזייגער אין דער פרי. כ׳האָב אים געענטפערט, אז עס וועט זיין פארטיק אויף 3 אזייגער בייטאָג. נאָך לאנגע דבורים האָבן זיי איינגעשטימט. אויף מאָרגן איז דאָס קלייד אויפגענייט געוואָרן און כ׳האָב עס אליין אוועקגעטראָגן. שטיינערט האָט מיך באגעגנט און געפרעגט אויף וועלכע שעה האָב איך געדארפט דאָס קלייד ברענגען. כ׳האָב אים געענטפערט, אז כ׳האָב דאָך נעכטן אויפגעקלערט, אז עס קאָן זיין פאַרטיק אויף 3 אזייגער, און איצט איז דאָך 2.30. ניט געזאָגט קיין וואָרט האָט שטיינערט מיך אָנגעהייבן שלאָגן, אז כ׳בין געפאלן פארחלשט. דערנאָך האָט ער געהייסן די יידן, וואָס האָבן ביי אים געארבעט, אז מען זאָל מיך אוועקטראָגן אין קעלער. ווען כ׳בין געקומען צו זיך, איז געשטאַנען נעבן מיר שטיינערטס ווייב, און האָט געפרעגט וואָס טו איך, און געזאָגט, אז זי איז אנטציקט פון דעם אויפגענייטן קלייד. אן אויפגערעגטע האָב איך געזאָגט: און פאַרוואָס האָט דיין מאַן מיך אזוי געשלאָגן, צי דאָס איז דער אָפּצאָל? זי האָט אָנגעהייבן שרייען, אז מיר איז קיין זאַך ניט געשען, און ער האָט מיך נאָך ווייניק געשלאָגן, און איצט זאָל איך איר אויפנייען נאָך דריי קליידער. ווען כ׳האָב זיך קאטעגאָריש אָפּגעזאָגט, האָט זי מיך געדראָט, אז אויב כ׳וועל ניט אויפנייען די קליידער, וועט זי באַלד ארויף טאָן די הינט, וואָס וועלן מיך צעבייסן, און איר מאַן האָט ספּעציעל מיך ניט געהרגעט, ווייל





S 18a

איר געפעלט מיין ארבעט, און ווי לאַנג זי וועט נייען קליידער ביי מיר, וועל איך לעבן. וויסנדיק, אז כ׳האָב ניט קיין אנדער אויסגאנג, האָב איך איינגעשטימט אָננעמען די ווייטערדיקע ארבעט. מיין מאַן איז געווען אן אפטייקער אין „טאָז“, דער זון האָט אויך געארבעט אין אַפּטייק, די טאָכטער האָט גענייט מיט מיר צוזאַמען.

אין מאַי, 1941, איז געקומען צופאָרן קיין כעלם אַ טראַנספּאָרט יידן פון סלאָוואקיע. זיי האָבן מיט זיך געהאַט א סך באַגאזש. די זאכן זיינען אוועקגעלייגט געוואָרן אין שוהל, און דערנאָך האָבן די דייטשן עס צוגענומען. יעדע יידישע פאמיליע האָט צוגענומען צו זיך עטלעכע פּערזאָנען פון דעם אָ טראַנספּאָרט. זיי זיינען געווען אויפן חסד פון יודנראַט, ווייל די דייטשן האָבן ביי זיי אלץ אוועקגערויבט. יידן האָבן ניט געטאָרט זיך היילן ביי אַרישע דאָקטוירים און אויך ניט געניסן פון אַפּטייק. יידן האָבן אָרגאניזירט א מעדיצינישע הילף אין אייגענעם גבול. אויך יידישע געשעפטן זיינען געווען, ווייל אין אַרישע קראָמען האָט מען ניט געטאָרט אריינגיין. עס איז אָרגאניזירט געוואָרן א יידישע מיליץ.

איין טאָג איז געקומען צו מיר אַ געסטאַפּאָוועץ און האָט געפאָדערט, אז כ׳זאָל אין משך דריי טעג אויפנייען א קלייד פאר זיין פרוי. כ׳האָב עס ניט געקאָנט באַווייזן, ווייל כ׳האָב געהאַט דאַן אַרבעט פון די שישקעס פון געסטאַפּאָ, און כ׳האָב ניט געטאָרט אפילו אויף א רגע פארשפעטיקן מיט זייערע ארבעטן. דער יודנראַט האָט אים געגעבן אן אנדער שניידערין. אין דריי טעג ארום בין איך גערופן געוואָרן אין געסטאַפּאָ, דורך א יידישן מיליציאָנער. דאָרט האָב איך געטראָפן דעם געסטאַפּאָוועץ מיט זיין פרוי אין א ניי קלייד און אויך די שניידערין, וואָס האָט עס אויסגענייט. דער עס־עסאָוועץ, שלעזינגער, האָט ביי מיר געפרעגט צי דאָס קלייד איז גוט אויפגענייט. הגם דאָס קלייד איז געווען פולשטענדיק מיט דעפעקטן אויפגענייט, דאָך האָב איך ניט געוואָלט דאָס זאָגן, און כ׳האָב געגעבן אויסמיידנדיקע ענטפערס. דעמאָלט האָט שלעזינגער געגעבן זיין נאַהייקע דער שניידערין, באַפעלנדיק איר מיר געבן 15 קלעפּ.

אין האַרבסט, 1941, האָבן די יידן געמוזט זיך איבערזידלען אין א באַזונדערן קווארטאַל. דאָס זיינען געווען די גאַסן: שקאָלנע, אוניעיאַצקא, פּאָטשטאָווע, שעדלעצקא און קאַטאָווסקא. אויסערן תחום פון די אָ גאַסן האָבן געקאָנט ארויסגיין נאָר די יידן, וואָס האָבן געארבעט אין שטאָט. איבער דעם דאָזיקן יידישן קווארטאל האָבן געהאַלטן וואַך יידישע מיליציאָנערן און די גראַנאטענע פּאָליאקן. כ׳האָב געווינט אויפן ראָג פון די גאַסן קאָפּערניקא און שקאָלנע. עס זיינען געווען צוויי אריינגענג, איינער פאר אונדז יידן און א באַזונדערער פאר אונדזערע „קליענטן“ פון דער אַרישער זייט. אויף דעם זעלבן אָרט האָבן געווינט אנדערע פּאַכלייט.

דער קורס צו די יידן איז געוואָרן שאַרפער מיט יעדן טאָג. פרילינג, 1942. פון די קליינע שטעטלעך פון ארום כעלם: דוביענקא, וואָיסלאָוועץ, שעדלישטשע, סאַווין און פון אנדערע האָט מען די יידן אויסגעזידלט קיין וואָלאָדאַווע. אלע זיינען זיי דורכגעגאנגען דורך כעלם. כ׳האָב געזען ווי די דייטשן האָבן איבער זיי זיך איזדיעקעוועט. כ׳האָב געזען זייער שרעקלעכע נויט און אומגליק. אין כעלם האָט מען גערעדט, אז עס וועלן קאָנען דאָרט פארבלייבן נאָר די ארבעטנדיקע יידן.

אין מאַי, 1942, איז געווען די ערשטע אַקציע. די יידישע מיליץ און די גראַנאַטאָווע זיינען געגאנגען מיט די עס־עסאָווצעס איבער די הייזער און האָבן צוגענומען אלטע לייט, הויפּטזאַכלעך, די סלאָוואקישע יידן. מיט דער אקציע האָט אָנגעפירט טוימער פון די ס.ד. די יידן זיינען מיטן באַן דעפּאָרטירט געוואָרן קיין וואָלאָדאַווע, אָבער אַ טייל פון זיי איז געוואָרן אויסגעלאָדן אין סאָביבאָר, ווו ס׳איז געווען א טויט־לאגער, אָבער מיר האָבן דעמאָלט פון דעם ניט געוווּסט. פון וואָלאָדאַווע זיינען אָנגעקומען בריוו פון די, וואָס זיינען אויסגעזידלט געוואָרן אהינצו, און מיר זיינען זיכער, אז ס׳האָט זיי געטראָפן דער זעלביקער גורל, ווי צו די יידן פון די קליינע שטעטלעך, ד.ה. אז זיי זיינען געוואָרן אויסגעזידלט, אז די מערהייט איז אומגעבראכט געוואָרן. אלץ שווערער איז אויסגעקומען צו לעבן די וואָס האָבן ניט געהאַט קיין ארבעט־שיינען.

אין 2 חדשים ארום, נאָך דער ערשטער אקציע, אין יולי, געדענק איך, ס׳איז געווען פרייטאָג, איז פלוצלינג אויסגעבראָכן די צווייטע אקציע. עס האָבן מיט איר אָנגעפירט, אויסשליסלעך, דייטשן מיט דער גראנאטענער פּאָליציי. די יידן האָט מען צוגענומען פון אַרבעט־פּלעצער (פון מאַגיסטראַט, פון וואַסער־ווירטשאַפט און פון אנדערע), מ׳האָט זיי געבונדן מיט שטריק צו 5—6 פּערזאָנען, און זיי געטריבן אין דער זייט פון וואָלאָדאַווע. אייניקע זיינען אונטערוועגס אנטלאָפן, און די איבעריקע זיינען אוועקגעפירט געוואָרן קיין סאָביבאָר. קיין וואָלאָדאַווע איז קיינער ניט געקומען. דעמאָלט ערשט האָט מען זיך דערוווּסט, אז זיי זיינען אומגעקומען, און מיר האָבן שוין געוווּסט, אז עס איז שלעכט.

דעם 14־טן אויגוסט איז צו מיר געקומען א יידישער מיליציאָנער און ער האָט געזאָגט, אז אלע יידן מוזן גיין אין געטאָ און כ׳טאָר שוין אויך ניט וווינען אין זעלבן הויז, ווו כ׳האָב ביז איצט געווינט. בין איך אוועקגעלאָפן צו דער ס.ד., צו מיינע קליענטן, און כ׳האָב געפרעגט וואָס האָט פּאַסירט. דאַן האָט מען מיר דערציילט, אז כ׳זאָל אויסבאהאלטן אלע מייניקע, ווייל דער וואָס אַרבעט ניט פאַר די דייטשן וועט ארויסגעשיקט ווערן קיין וואָלאָדאַווע. כ׳האָב פאַרבאַהאַלטן ביי אַ באַקאַנטן אוקראַינער, אין א בונקער, מיין מאַן און זון. כ׳בין געבליבן אין מיין דירה מיט דער טאָכטער און מיט די ארבעטאָרינס. די יידישע מיליץ האָט מיט געוואלד אונדז ארויסגענומען פון שטוב און אוועקגעפירט אויף דער גאַס שעדליעצקא, אויפן פּלאַץ. עס זיינען דאָרט געווען א סך יידן. מיין טאָכטער איז אנטלאָפן פון פּלאַץ און אוועקגעלאָפן צו די ס.ד. זי האָט דערציילט, אז מען האָט מיך צוגענומען און אלע סחורות פון די קליענטקעס זיינען געבליבן אין שטוב. אין צווישן זיינען פאָרגעקומען אויפן פּלאַץ שוידערלעכע זאַכן. מען האָט געבראכט צו פירן א יידן, וואָס האָט געהאלטן אין האַנט א שטיקל ברויט. מען האָט ארויסגעריסן ביי אים דאָס ברויט, און דער ייד האָט געזאָגט, אז די וועלט איז שיין אָבער ניט פאַר אים. דערנאָך, ווען די דייטשן האָבן אים געפרעגט וואָסער לעצטער פארלאנג איז זיינער, האָט ער געענטפערט, אז ער וויל אויפעסן א שטיקל ברויט. די דייטשן האָבן אים אָפּגעגעבן דאָס ברויט, און ווען ער האָט גענומען דאָס ברויט אין מויל, האָבן זיי אין אים געשאָסן. איינער פון די דייטשן, שטייענדיק אויפן באַלקאָן, האָט די פארזאמלטע אונטן באַוויזן א יידיש־קינד, און האָט געפרעגט, אויב עס געפעלט זיי. דערנאָך האָט ער צעשמעטערט דאָס קעפּל פון קינד, קלאַפּנדיק עס אין וואנט, און צערייסנדיק דאָס קערפּערל אויף העלפט, האָט ער עס א וואָרף געטאָן אויפן פּלאַץ. שווער איז צו באַשרייבן די שרעקלעכע שוידערלעכקייטן, וואָס זיינען דעמאָלט אויפן פּלאַץ פאָרגעקומען. אייניקע פּאַכמענער, ווייזט אויס די מער־רעקלאַמירטע, האָט מען פון פּלאַץ ארויסגעפירט. נאָך מיר זיינען געקומען צונעמען פון פּלאַץ די ס.ד., וואָס איז זיי אָנגעזאָגט געוואָרן דורך מיין טאָכטער. אלע

צוניפגעטריבענע יידן, אין ערך 3000, זיינען פון פלאַץ אוועקגע־שיקט געוואָרן קיין סאָביבאָר, ווו ס'איז געווען א טויט־לאַגער. כ'בין געבליבן וווינען אין מיין דירה. די יידן, וואָס זיינען אויסן געבליבן פון דער אקציע, זיינען ווייטער פארבליבן אין יידישן קווארטאל, זיינען געגאַנגען צו דער ארבעט און עס איז דורכגע־גאַנגען א שטיקל צייט, וואָס האָט זיך אונדז געדאַכט, אז ס'איז געוואָרן רואיקער.

די ערשטע נאָוועמבער־טעג, 1942, האָבן זיך ווידער אָנגע־הייבן רעפּרעסיעס. אלץ האָט פאָרויסגעזאָגט, אז ס'דאַרף ווידער וואָס געשען.

2 טעג, אידער די אקציע איז אויסגעבראָכן, האָב איך אָפּ־געטראָגן ארבעט פאר דער ס.ד., טרעפנדיק דעם ס.ד. האָרן אין גאַנצן א שכורן. ער האָט מיר דאַן געזאָגט, אז אין כעלם דאַרפן פארבלייבן נאָר די יידן, וואָס זיינען זייער נייטווענדיקע פאַכלייט, און די איבריקע וועלן ווערן דעפּאָרטירט. כ'האָב אים געפרעגט די דאַטע, האָט ער געענטפערט אז ער ווייסט ניט גענוי.

6־טן נאָוועמבער. טיימער און דער עס־עסאָוועץ ראשענדאָרף (דער גרעסטער תליון איבער די כעלעמער יידן) זיינען געקומען צו די דירות פון די פאַכלייט, וואָס האָבן געדאַרפט איבערבלייבן און אויף די טירן האָבן זיי אָנגעצייכנט מיט קרייד, אלס שיינען, אז מען דאַרף זיי איבערלאָזן צוזאַמען מיט די ארבעטער און זייערע פאַמיליעס. זיי האָבן אונדז בעת מעשה באַפוילן צוריגלען די טירן און קיינעם ניט אריינלאָזן. כ'האָב געטאָן ווי זיי האָבן באַפוילן.

אין א האַלבער שעה ארום זיינען געקומען די עס־עסאָווצעס און האָבן מיך מיט אלעמען צוגענומען, חוץ מיין מאַן, וואָס האָט זיך אין דער לעצטער רגע ווו פארשטעקט. עס האָבן מיר ניט געהאָלפן אלע מיינע פּראָטעסטן און אלע מיינע רייד וועגן דער אָנצייכענונג מיט קרייד אויף מיין טיר. מען האָט מיך געבראַכט אויפן פלאַץ, וואָס איז אויפן גאַס קאָפּערניקא. אויפן וועג האָט מיך דערזען די טאָכטער פון עס־עסאָוועץ האָרן. כ'האָב איר צוגערופן, זי זאָל זאָגן איר פאָטער, אז מען האָט מיך צוגענומען. אָן עס־עסאָוועץ, דערהערנדיק מיינע רייד, האָט ער אויסגערופן: „זאָגען זי ניכטס אירעם פאַטער, אללע יודען מיססען שטערבען", און אויף דעם האָט האָרנס טאָכטער געענטפערט: „אללע יודען קעננען שטערבען, נור פראו ליבהאבער ניכטס, זי מיס מיר מיינע קליידער נייען", און זי איז גלייך אוועקגעלאָפן. אויפן פלאַץ, נעבן רוסישן קלויסטער, זיינען געווען עטלעכע טויזנט יידן. די דייטשן האָבן זיי געשלאָגן מיט נאַהייקעס, געפּייניקט און זיי צע־בלוטיקט. די ווענט פון קלויסטער זיינען געווען רויט פון בלוט. האָרן איז געקומען מיט עטלעכע ס.ד. און מיר געזאָגט, אז כ'זאָל מיט אלע מייניקע אריבערגיין אויף דער אנדערער זייט, ווו ס'איז געשטאַנען א גרופּע פון די אויסגעקליבענע פאַכלייט. די יידן אויפן פלאַץ האָט מען באַפוילן זיך אויסשטעלן צו דריי פערזאָן, און מ'האָט זיי אוועקגעפירט אויף פיארסקע גאַס. דעמאָלט האָט מען צוגענומען 6000 יידן. אויפן פלאַץ זיינען געווען אויסגעלייגט א סך קערפּערס פון געהרגעטע קינדער און פון איניקע דערוואַק־סענע פּערזאָנען. די באַפעלקערונג פון כעלם איז געשטאַנען אויף דער צווייטער זייט קלויסטער, אויסרופנדיק: גוט איז פאר זיי, זאָל לעבן היטלער! עס זיינען באַלד געקומען פורן און מען האָט די קערפּערס צוגענומען. מ'האָט זיי געוואָרפן אויף די פורן ווי זאַמד. אונדזער גרופּע פאַכלייט האָבן די עס־עסאָווצעס ארומגע־רינגלט און געהייסן גיין. אויפן וועג האָבן מיר זיך אָנבאַגעגנט מיט די יעניקע יידן. זיי זיינען געפירט געוואָרן אין די וואַגאָנעס און מיר אין לאַגער אויף קאַלייאָווער גאַס. פאר אונדזערע אויגן האָט מען זיי געטריבן אין די וואַגאָנעס.

אונטערשריפט: ל י ב ה אַ ב ע ר  ג י ט ל. 25.VII.1950, אין וואַרשע.

---

אסתר באַס־מעלצער

# נישט קיין שטאָט, נאָר אַן אמתער בית־עולם *)

...אָט בין איך אין מיין היימשטאָט כעלם. דאָס איז שוין, לײַדער, אַן אמתער בית־עולם. יעדער שטיין — א מצבה, איט־לעך הויז — אַן עדות פון אומגעקומענע קדושים.

ווען מיר וואָלטן געקאָנט פארשטיין די שפּראַך פון דעם ווינטל, וואָס שאָקלט די בלעטלעך אויף די ביימער אין די אויס־געליידיקטע גאַסן, וואָלטן מיר זיך זיכער דערוווּסט וועגן פיל טראַגישע סצענעס, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשפּילט ווען די תלינים האָבן געטריבן אונדזערע עלטערן, שוועסטער און ברידער צום אומקום.

דער גאַנצער ארום שטיקט מיט די שווערע, דריקנדיקע ביל־דער פון די קאָשמאַרע טעג. אונדזערע פּוילישע שכנים באַגע־גענען אונדז מיט אַן אָפּנעם האַס אין זייערע אויגן. מען זעט, בּוּכשטעבלעך, א פאַרדריסלעכע פאַרוווּנדערונג, ווען זיי קוקן אונדז אָן: פון וואַנען האָבן מיר זיך גענומען און ווי אזוי זיינען מיר פארבליבן?

„דאָך האָט זיך א ביסל פון אייך געראַטעוועט", זאָגט מיר אָפּנהאַרציק א באַקאַנטער פּאָליאַק מיט א טאָן פון קנאה.

טאָג איין, טאָג אויס, בלאָנקע איך ארום איבער די אויסגע־ליידיקטע יידישע גאַסן. דורך די פענצטער, ווו עס פלעגן פריער ארויסקוקן פנימער פון יידישע קינדערלעך מיט זייערע טונקע־לע, אומעטיקע אויגעלעך, קוקן איצט ארויס בלויע פרעמדע אויגן פון פּוילישע קינדער, וועלכע טראָגן געוויס אויף זיך די קליידונג פון די אומגעקומענע. איך שטיי אויף קאָפּערניקא, די זון הייבט אָן צו פארגיין. די רויטקייט דערמאָנט מיר די פלאַמען פון די חרובע יידישע הייזער.

עס קוקט מיר אויס, אז פון אירע שטראַלן רינט דאָס בלוט פון די געפּייניקטע... אינסטינקטיוו מאַך איך צו די אויגן און מיר דאַכט זיך, אז איך הער זייערע קולות. עס הייבט אָן צו ווערן טונקל, אויפן הימל באַווייזט זיך די לבנה. איר בלייכע העלקייט שרעקט מיך אויך, דערמאָנענדיק זיך אָן די אויסגע־בלייכטע טויטע פנימער, די פאַרשטאַרטע אויגן פון מיין מאַן, קובא, וועלכער איז איינגעשלאָפן אויף אייביק מיטן כעלעמער יידישן ישוב.

*) אַן אויסצוג פון בוך „אין די נעגל פון אומקום" פון אסתר באַס־מעלצער, וואָס איז דערשינען אין 1950, אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע, ארויסגע־געבן פון אַ גרופּע ניי־געקומענע כעלעמער.

# גבית-עדות.

## פון יואל פאַנטשאַק

אַן אויסצוג פון אַ טאָגבוך — פון אַרכיוו פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע אין חאַרשע, נר. 104/VII.

ענדע יולי, 1942, איז צו דער געביידע פון יודנראַט צוגעפאָרן א לוקסוס־אויטאָ מיט 5 מערדער. זיי זיינען אריין צום פּרעזעס און געפאָדערט, אז אויף 2 נ.מ. זאָלן זיך אלע יידן שטעלן אויפן פלאַץ און יעדער קאָן מיט זיך מיטנעמען 15 קג״ר. אלע פאָרן ארויס קיין אוקראַינע. איך האָב באַלד פארלאָזט דעם יודנראַט, אוועק אהיים און איבערגעגעבן די „גוטע״ בשורה. די פּאַניק איז געווען אַ גרויסע. מען האָט זיך אָנגעהויבן באַהאַלטן. אויך איך און מיין פרוי און קינד און משפחה האָבן זיך באהאלטן. אונדזער באהעלטעניש איז געווען איינע פון די בעסטע אין כעלם, דאָס איז געווען א צימער אין א דייטשער שולע ביי א געוויסן פּראָפעסאָר ציי‏גער. ס׳האָט געקאָסט געגוג, אָבער ס׳איז ווערט געווען, ווייל דאָרט איז מען געווען זיכער. איך, האָבנדיק א גוטע ארבעט־קארטע מיט א גרינער לענטע, האָב זיך געקאָנט פריי באַוועגן אין גאַס. אין משך פון א שעה האָט מען קיין ייד אין דער גאס נישט געזען. 12 אזייגער האָט מען ארומגעשטעלט אונדזערע געסלעך. ארויסגיין פון די געסלעך האָט מען מיך שוין ניט געלאָזט און קומען צו מיין פאַמיליע האָב איך נישט געקאָנט. פון יודנראַט האָט מען מיר א ווונק געגעבן, איך זאָל זיך אָפּטראָגן. אָבער איך האָב שוין ניט געהאָט ווו. איך בין אריין צו א שוסטער אין שטוב, ער איז געווען פון די „יחסנים״, ער האָט געאַרבעט פאר די מערדער און דאָרט זיינען מיר געזעסן מיט גרויס שרעק.

דורכן פענצטער האָבן מיר געזען ווי די מערדער טרייבן צונויף אויף א פלאַץ יידן. 4 אזייגער איז שוין אויף דעם פלאַץ געווען אן ערך 2000 יידן. גאַנץ אָפּט האָבן מיר געהערט שאָסן. דער שטאָטישער ארבעט־אמט מיטן אינספּעקטאָר העלדהאס האָבן שטאַרק אינטערוועני‏רט אין דער אקציע און מען האָט אַ גרויסן טייל פריי געלאָזט. צוגענומען האָבן די מערדער קיין סאַביבאר 300 מענטשן, מערסטנטייל עלטערע און 70 מאַן האָט מען געשאָסן אין שטאָט.

די טרויעריקע גרויסע זומער־טעג האָבן זיך לאַנגזאַם געצויגן אונטערן שווערן יאָך פון ארבעט. ס׳איז געקומען הארבסט, קעלט. א סך מענטשן זיינען געווען באָרוועס, נאַקעט און הונגעריק, און אזוי האָט מען געמוזט ארבעטן אין די זומפּיקע בלאָטעס. מיר אלע זיינען שוין געווען רעזיגנירט. מיר האָבן געפילט, אז די ערד ברענט אונטער אונדז.

דעם 26־טן אָקטאָבער, 1942, איז געוואָרן א גרויסע בהלה. מ׳האָט אויף אַלע פלאַצוווקעס פאַרהאַלטן די אַרבעטער און דאָס איז געווען דער בעסטער סימן, אז ביינאַכט קומט פאָר די אקציע. אויסער דער דזיעלניצע האָט מען נישט געקאָנט גיין, צוליב דער שפּעטער שעה (יידן האָבן זיך געקאָנט באַוועגן נאָר ביז 7 אָוונט) האָב איך מיט מיין פאמיליע זיך נישט געקענט באהאלטן אויפן באַשטימטן אָרט אין דער אויבן דערמאָנטער שולע. מיר האָבן א גאַנצע נאַכט דערוואַרט די מערדער. די נאַכט איז אָבער געווען רואיק. ווי נאָר ס׳איז ליכטיק געוואָרן זיינען מיר אוועק אין דער שולע. דער פּראָפעסאָר האָט אונדז גאַנץ העפלעך אויפגענומען, אגב, מיר האָבן אים געשטערט דעם שלאָף. איך משך פון א האלבער שעה זיינען שוין אין שולע געווען באהאלטן 15 יידישע פאַמיליעס. דער פּראָפעסאָר האָט געמאַכט דערפון א קרעמל און ביי יעדער אקציע האָט ער געהייבן די פּרייז. דער פרימאָרגן איז



אַוועק רואיק. קיין יידן אויף די גאַסן האָט מען ניט געזען. וווּנישט־ווו האָט מען געזען א ייד לויפנדיק דענערווירט.

איך בין אַוועק צום פּרעזעס געוויר ווערן וואָס עס טוט זיך. ער איז געווען זייער דענערווירט און ניט געהערט וואָס איך רייד צו אים. איך האָב אים אָבער נישט צורו געלאָזט און זיין ענטפער איז געווען א טרויעריקער: ס׳איז שלעכט. דער זייגער איז שוין געווען 11. איך בין אוועק אהיים, בכדי עפּעס מיטנעמען פאר דער פאַמיליע. אין דעם מאָמענט האָבן די ס.ס.־מענער באַוואכט די פאָר געסלעך און איך האָב ניט געקאָנט גיין ווייטער. דאָסמאָל האָט איינער א שכן מיינער געמאַכט א גוטע „קרייוווקע״ (באהעלטעניש), האָב איך זיך דאָרט באהאלטן און ער האָט מיך גערן אריינגענומען. דער זייגער איז געווען 12 און די מערדער האָבן גראַסירט אין אלע געסלעך. שיסערייען האָט מען געהערט אָן אויפהער. איך בין געווען שטאַרק דענערווירט, וואָס איך בין נישט צוזאַמען מיט דער פאַמיליע.

ס׳איז געווען פאַרנאַכט, קיין שיסעריי האָט מען נישט געהערט, פּאַטרולקעס האָט מען נאָר געהערט דורכגיין די גאַס. די „קרייוווקע״ איז געווען קליין און געפונען האָבן זיך אין איר איבער 20 מענטשן און עס איז געווען זייער דושנע. ענדלעך איז געוואָרן טאָג. די מערדער האָבן געבושעוועט אין די יידישע געסלעך. די גאַנצע צייט האָט מען געהערט שאָסן און אויפרייסן פון גראַנאַטן. א גאנצן טאָג האָט געדויערט די אַקציע. פארנאַכט האָט מען ביי אונדז אָנגעקלאַפּט, מיר האָבן געמיינט, אז דאָס זיינען די פּאַטרולן, נאָר עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דאָס איז ה׳ מאנדעל פון יודנראַט. ער האָט אונדז איבערגעגעבן גרויזאמע ידיעות וועגן די צוויי טעג פון דער אַקציע. 800 מענטשן זיינען געפאַלן קרבנות דאָ אויפן אָרט און 3000 מענטשן האָט מען אוועקגעפירט צופוס נאָך וולאַדאָווע. די גאנצע צייט האָב איך געקלערט וועגן מיין פאַמיליע, וועלכע האָט זיך געפונען אין דער שולע. פארנאכט איז געקומען מיין טאָכטער און מיט טרערן אין די אויגן האָט זי מיר איבערגעגעבן, אז מען האָט צוגענומען די מאַמעשי מיט דודלען. ווי מיט א האַמער אין קאָפּ, האָב איך אויפגענומען די ידיעה. אָבער איך האָב זיך בארואיקט און באַשלאָסן פאר יעדער פּרייז צו ראטעווען מיין פרוי און קינד. מיין טאָכטער האָב איך איינגעאָרדענט פאַר געלט ביי א קריסטין און אליין בין איך אוועק אין יודנראַט. אין יודנראַט האָט איך געפונען אלע מיטגלידער. איך האָב זיי איבערגעגעבן מיין טראַגעדיע און געבעטן הילף. אָבער, ליידער, זיי האָבן מיר גאָרנישט געקאָנט העלפן. זיי האָבן מיר איבערגעגעבן, אז זי איז געוואָרן געטריבן צוזאמען מיט דער גאַנצער פּאַרטיע יידן קיין וולאדאָווע. זי איז געווען צוזאמען מיטן קינד.

די אַקציע איז שוין געווען פארענדיקט, אָבער אויף די גאַסן האָב איך קיין מענטשן ניט געטראָפן אויסער די הרוגים, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט. איך האָב באשלאָסן צו פאָרן קיין וולאָדאַווע בכדי, אפשר, צו ראַטעווען מיין פרוי און קינד. אָפּפאָרנדיק 6 קילאָמעטער פון שטאָט כעלם, אין דאָרף האָראָדישציע, האָבן מיר די פּויערים דערציילט, אז עפּעס יידישע פרויען זיינען דאָ פאראן, וועלכע זיינען ביינאַכט, בשעת זיי האָבן גענעכטיקט, אַנטלאָפן. צווישן זיי איז אַנטלאָפן איין פרוי, דערציילן זיי מיר,

אַ הויכע ברונעטקע מיט אַ קליין קינד אויף דער האַנט. איך בין געווען איבערצייגט, אז דאָס איז מיין פרוי מיט דודלען. ווי א ווילדער בין איך געלאָפן פון שטוב צו שטוב. דאָס דאָרף איז גרויס. ענדלעך האָב איך געטראָפן צוויי יידישע פרויען מיט א קינד פון וועלכע טאַקע, איינע איז געווען מיין פרוי מיט מיין דודלען.

צומאָרגנס פרי האָט זיך מיין טאָכטער פעליע, וועלכע איך האָב איבערגעלאָזט ביי אַ קריסטין, געקושט, געהאלדזט און געוויינט מיט דער מאַמעשי און מיט איר ליבלינג דודלען.

ליידער האָט די פרייד נישט געדויערט לאנג. די מערדער האָבן ניט גערוט. און מען האָט שוין געשמועסט פון א נייער אקציע. איך בין אוועק צו מיין פראָפעסאָר צייגער, דורכגעשמועסט זיך מיט אים וועגן דער פרייז, וואָס ער האָט ווי שטענדיק, געהויבן, דאָסמאָל מער ווי אלעמאָל, איך בין מיט אים אדורכגעקומען. די וואָך איז אדורך מיט שרעק. ס׳איז געווען אַ פּאַניק, נאָר מען האָט זיך באַרואיקט.

דעם 5־טן נאָוועמבער 12 בייטאָג האָט מען מיר אינפאָרמירט, אז היינט ביינאַכט פאַנגט זיך אָן די אקציע. פארנאכט בין איך מיט מיין פאַמיליע, אויך שוועסטערן־שוואָגערס מיט קינדער, צווישן אונדז זיינען אויך געווען צוויי סלאָוואקישע יידן, א געוויסער שמואל שווארץ מיט זיין פרוי. מיר אלע זיינען אוועק אין שולע. דאָרט האָט מען אונדז ווי שטענדיק אָפּגעגעבן א צימער, אין אנדערע צימערן זיינען געווען אויך יידן. זעט אויס, אז צייגערס שולע איז שוין געווען פּאָפּולער אין שטאָט. אלע יידן זיינען געווען מיינע גוטע באקאנטע. מיר זיינען א גאנצע נאַכט געגאנגען צו גאַסט פון איין צימער אין צווייטן. ס׳איז געוואָרן טאָג און די רוצחים האָבן אָנגעהייבן ווילדעווען. אין די גאסן און געסלעך איז ממש געוואָרן א שלאַכט. דאָס שיסן פון מאַשינגעווער און ווארפן גראַנאַטן האָט ניט אויפגעהערט. א גאנצן טאָג האָט דאָס ניט אויפגעהערט, ערשט פארנאַכט האָט זיך באַרואיקט. צייגער האָט אונדז אין די שפּעטע נאַכט־שעהן באַזוכט, ער איז אָבער ממש געוואָרן ווילד. מען האָט מיט אים פשוט ניט געקענט ריידן. ער האָט נאָר געשריען, אז עס איז שלעכט און ער אי״ז אוועק.

דער קאלטער וויזיט זיינער איז אונדז אלעמען געווען פארדעכטיקט, אָבער וואָס פאר אן עצה האָבן מיר געהאַט. מיר האָבן אָפּגעהאלטן א קורצע בעראטונג מיט אלע אָנוועזנדע און מיר האָבן באשלאָסן צו פארלאָזן די שולע און באהאלטן זיך אויף דעם בוידעם. דאָ זיינען מיר געווען איבער 100 מענטשן. ס׳איז געווען טאָג. צווישן אונדז האָבן זיך אויך געפונען א פּאָר אָרטאָדאָקסישע יידן. ס׳איז געווען שבת, מיר האָבן געבענטשט ר״ח כסלו און אין שטאָט האָט זיך שוין איבערגעחזרט דאָס זעלבע ווי נעכטן. דאָס שיסן און אויפרייסן פון גראַנאַטן האָט ניט אויפגעהערט. אלץ איז געווען נערוועז. די קינדער האָבן געוויינט, אָבער צום גליק האָט מען עס אויף דער גאַס ניט געקענט הערן.

10 פרי האָבן אונדז די דייטשן געפונען אויף דעם בוידעם. זיי האָבן אראָפּגעפירט 55 מענער, ווי שאָף צו דער שחיטה האָבן זיי אונדז געפירט אויף א געוויסן פּלאַץ אין צענטער־שטאָט. דאָרט האָט מען אונדז שטאַרק געשלאָגן און פונאנדערגעטיילט פרויען פון מענער. דאַן האָט מען אונדז געפירט אין דער ריכטונג צום וואָקזאל. מיר האָבן געמיינט, אז מען פירט אונדז צו די וואגאָנעס קיין סאביבאר. גייענדיק האָב איך געהאלטן ביים האנט מיין שוואָגער, אברהם־יעקב. מיר האָבן באשלאָסן צו אנטלויפן. מיר זיינען אנטלאָפן אין א הויף, נאָך אונדז איז מיטגעלאָפן א באקאנטער. קיינער האָט אונדז ניט נאָכגעשאָסן, איך גלויב, ווייל זיי האָבן אונדז ניט באַמערקט. דער גורל האָט געוואָלט, אז איך זאָל זיך נאָך מוטשען 22 חדשים נע ונד אָן קיין שום רו.

# גבית-עדות

## פון מאָניס ציטרין

אויפגענומען : פון ע. חיניק.

אויפן 8־טן טאָג פון דער מלחמה, האָבן די דייטשן שטאַרק באָמבארדירט כעלם ; א סך פארוווּנדעטע זיינען געווען אין דעם טאָג. פון 1־טן טאָג אָן, ווי די רוסישע ארמיי איז אריין אין כעלם, האָט זיך גלייך געשאַפן א מיליציע, וואָס איז באשטאַנען ס׳רוב פון יידן. די פּאָליאַקן האָבן ניט גענומען קיין אנטייל. אין די דערפער זיינען די מיליציאָנערן געווען די אוקראינער. נאָך 8 טעג צייט, זיינען די רוסן פרייוויליק אוועק פון שטאָט. עס האָט געהערשט גלייך א כאַאָס, די יידן האָבן מורא געהאַט ארויסצוגיין אויף דער גאַס. די פּוילישע לאָבוזעס האָבן אָנגעהייבן ראבעווען און אפילו ברעכן טירן פון די געשעפטן. די בירגער־מיליץ ביים מאַגיסטראַט האָט ביינאַכט אליין גערויבעוועט, געברענט און אויך דערהרגעט אַ יידן.

די פּאָליאקן האָבן אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אַ קלאַנג, אז מען האָט אין די קעלערס פון דער תפיסה דערהרגעט פּוילישע אָפיצירן און פּוילישע פּאָליציאַנטן. דער קלאַנג איז געוואָרן שטאַרק פארשפּרייט.

פון די דערפער איז געקומען א גרויסע צאָל ציווילע דייטשן און גלייך געוואָרן מיליציאָנערן. ווי די דייטשע מיליטערישע מאַכט האָט איבערגענומען די שטאָט, האָבן זיי באשטימט דעם ה׳ קאַמענטס, אן אייגנטימער פון א מיל און אייזן־גיסעריי, אלס בירגערמייסטער.

די דייטשן האָבן גלייך געכאַפּט יידן צו ארבעט, גענומען פארשיידענע קאָנטריבוציעס און זיי האָבן פארקויפט די סחורות פון די יידישע געשעפטן פאַר גראָשנס צו ציווילע דייטשן, וועלכע זיינען זיך אָנגעלאָפן פון די דערפער.

אין 6 וואָכן ארום איז שוין אָנגעקומען די געסטאַפּאָ. דער ערשטער יודנראַט, וואָס איז צוזאמענגעשטעלט געוואָרן פון פּוילישן מאַגיסטראַט איז זיין פאָרזיצער געווען ה׳ מאיר פרענקעל, אן איידעם פון ה׳ לעדערמאַן און א שוואָגער פון איטשע מאיר לעדערמאַן. אין תוך איז דער יודנראַט געווען צום גוטן פאר די יידן, ווייל זיי האָבן א ביסל אָרגאניזירט דאָס יידישע לעבן. די דייטשן האָבן געשלאָגן די יידישע יודנראַטניקעס פאַר יעדע קלייניקייט.

שפּעטער האָבן איניקע „ראַטניקעס" אָנגעהייבן אויסנוצן די לאגע מערער פאר זיך — פאר דער אייגענער משפחה און פאר חיי־שעה אויפן חשבון פון אנדערע.

אין נאָוועמבער, 1939, האָט די געסטאַפּאָ געפאָדערט פון יודנראַט די ערשטע קאָנטריבוציע אין דער סומע פון 100.000

זלאָטעס. די יודנראַטלער זיינען ארומגעגאַנגען איבער די הייזער און צונויפגעזאמלט די ריזיקע סומע און מען האָט באַצאָלט די קאָנטריבוציע. אין א פּאָר וואָכן שפּעטער, האָט די געסטאַפּאָ געפאָדערט, אז מען זאָל צושטעלן פארשיידענע זאַכן, דער עיקר ווינטער־מלבושים און עלעקטרישע ארטיקלען, מען האָט ווידער צונויפגעזאמלט וויפיל עס האָט זיך געלאָזן און עס אָפּגעגעבן צו די דייטשע הענקער.

סוף נאָוועמבער, 1939, האָט די געסטאַפּאָ חוצפּהדיק פארלאנגט פון די יידן, אז מען זאָל איינצאָלן ווידער א קאָנטריבוציע שוין פון א $\frac{1}{4}$ מיליאָן זלאָטעס, וואָס די יידן האָבן עס ניט געקאָנט באַוויזן.

דאן איז געקומען די פאראָרדענונג, אז די יידן, דער עיקר די מענער, מוזן זיך צושטעלן... „צו ארבעט“ גאַנץ פרי, פרייטאָג, דעם 1־טן דעצעמבער, 1939, אויפן „רינעק“־פּלאַץ. דער יודנראַט איז ארומגעגאַנגען אין די יידישע גאסן און געבעטן, אז מען זאָל זיך צושטעלן צו דער ארבעט, אליין ניט וויסנדיק צו וואָס פאר אן ארבעט. אן ערך 2000 יידן, די אריסטאָקראַטיע פון שטאָט, האָבן זיך צו דער באשטימטער שעה פארזאמלט אויפן „רינעק“־פּלאַץ. קיינער פון די יידן האָט קיין אַנונג ניט געהאַט, וואָס עס גרייט זיך פאר זיי.

אין אַ באַשטימטער שעה איז אָנגעפאָרן דער געסטאַפּאָ־קאָמענדאַנט און אויסגעפרעגט, ווער עס זיינען פאַכמענער. ער האָט ארויסגענומען פון דער מאַסע א גרופּע פון 10 מאן. די גאנצע פארזאָרגטע מאסע איז, כהרף עין, ארומגערינגלט געוואָרן מיט דייטשע שטורמיסטן אויף מאָטאָציקלס און מען האָט די צוויי טויזנט יידן געיאָגט צום הרוביעשאָווער וואַלד. 3 טעג צייט האָט מען די אומגליקלעכע ברידער געיאָגט, געשלאָגן, געהרגעט, און די אלע אָפּגעשטאַנענע געשאָסן; דער וועג איז שנעל געוואָרן פארזייט מיט טויטע.

אינטערעסאנט, אז א שטיקל צייט איז די רוסישע גרענעץ געווען אָפן, אָבער מען האָט ניט געוואָלט לויפן. די דייטשן האָבן פאַרשפּרייט קלאַנגען, פאַלשע, אז זיי פארלאָזן כעלם... דאָס האָט געבראכט א צעטומלעניש אין די מוחות...

אויפן דייטשן יום־טוב, דעם 9־טן נאָוועמבער, 1939, האָט דער נייער דייטשער בירגערמייסטער, ה׳ האגא, וועמען מען האָט ספּעציעל געבראכט פון ערגעצווו קיין כעלם, געהאַלטן א רעדע, ווו ער האָט געמאָלדן עפנטלעך, אז ער וועט מאַכן די שטאָט יידן־ריין.

נאָכן „מאַרש“ איז די שטאָט געבליבן כמעט ווי טויט. דער יודנראַט, וואָס איז פאררעכנט געווען ביי די דייטשן אלס זאַקלאַדניקעס, האָט אָנגעהייבן א ביסל „צו בלאָזן פון זיך“ און עס איז געוואָרן א פּריווילעגיע, א זכות, צו געהערן צום יודנראַט. אַנשל בידערמאַן, באַש א.א. האָבן ניט דערציילט, וואָס זיי האָבן געוווסט פון די דייטשע מעשים. פרענקעל איז געווען פּרעזעס פון יודנראַט, וואָס האָט אָנגעהויבן צו פּראָטעזשירן קרובים און אייגענע מענטשן.

אין כעלם איז ניט געווען קיין פארמאַכטע געטאָ, נאָר עס איז פארטיילט געוואָרן אויף 2 ראַיאָנען: 1־טער ראַיאָן איז געווען די פּאָטשטאָווע, שעדלעצקע, קאטאווסקע גאַס ביז מאָטיע לעווינס הויז; דער 2־טער ראַיאָן: שקאָלנע, ארום דער שוהל, קשיווע, א טייל סעמינארסקע גאס און קאפּערניקער־גאס.

דער יודנראַט האָט אָרגאַניזירט א סחורה־סקלאַד פארן געברויך פון דער געסטאַפּאָ. זיי פלעגן קויפן די סחורות פון ווארשע. אין באגלייטונג פון א געסטאַפּאָוועץ זיינען געפאָרן 2 יידן פון יודנראַט קיין וואַרשע איינקויפן די סחורות. די יידן — אין יידישן ראַיאָן — האָבן געבראכט סחורות מיט דער הילף פון קריסטן, האָבן פארקויפט די סחורות און אפילו פארדינט. א טייל האָבן אפילו געבראכט סחורות פון רוסלאנד (פארן דייטש־סאָוועטישן קריג). דער שמוגל איז אָנגעגאַנגען זייער גרויס, די דייטשן האָבן געקוקט מיט פארמאכטע אויגן אויף דעם. פּאַפּירגעלט האָט זיך ביי יעדן איינעם געמערט. עס זיינען געווען אזוינע יידן, וואָס האָבן פארדינט א סך געלט און מאטעריעל געלעבט ניט שלעכט.

דער יודנראַט האָט אָרגאניזירט אן אייגענע פּאָסט, אַמטן, א.ד.גל. דער פּרעזעס האָט זיך געהאַלטן „הויך“, א גאנצער „מאַכער“, א „קייזערל“, די יידן האָבן געמוזט אראָפּנעמען די היט פאר אים.

די דייטשן האָבן באשטימט אלס יידישן קאָמענדאנט א פּנחס שוואַרצבלאַט, פון ליבעוונע, וואָס איז געווען ביי די פּאָליאקן פריער אַ פּראָוואָקאַטאָר.

* * *

א ספּעציעלע פּראָבלעם איז געווען דער ענין פון ארבעט־פּלאַצוּווקעס. ווען די דייטשן האָבן באַדאַרפט ריין מאַכן אַ הויז, אָדער אויסקערן די מיסט פון א הויף, האָט די געסטאַפּאָ טעלעפאָנירט גלייך צום יודנראַט, אז זיי דארפן האָבן אזויפיל און אזויפיל ארבעטער, אָנגעבנדיק די צאָל ווי ווייט עס האָט זיך זיי געגלוסט, ווי צום ביישפּיל: אמאָל — 10 מענער, אמאָל 40 מענער און פרויען, אמאָל אפילו א 100 מענטשן צו אן ארבעט. דער יודנראַט האָט געמוזט צושטעלן די געפאָדערטע צאָל שווארצע ארבעטער און פאַכמענער פאַר דער געסטאַפּאָ. די אָרעמע האָבן געאַרבעט גאַנץ שווער און ביטער.

מיטן אויסברוך פון דער רוסיש־דייטשער מלחמה, איז די באציאונג צו די יידן געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. אין מערץ, 1942, איז שוין געווען אין לובלין א גרויסע שחיטה פון יידן. א סך טשעכישע יידן זיינען געבראכט געוואָרן קיין כעלם און זיי האָבן געטיילט דעם זעלבן גורל פון די כעלעמער יידן.

פּסח, 1942, האָט דער פּרעזעס פון יודנראַט געהאלטן א דרשה פאר די יידן אויפן הויף פון „מושב־זקנים“, אז ווער עס וועט ניט ארבעטן וועט זיכער אומקומען. יעדן פרימאָרגן האָט די יידישע פּאָליציי געיאָגט די יידן צו ארבעט.

די דייטשן האָבן געמאַכט א נייע גאס, וואָס האָט זיך געצויגן פון דער סעמינארסקע ביז צו דער באן; די יידן האָבן מיט זייער שוויס און בלוט אויסגעפּלאַסטערט די נייע גאַס, ווו ס׳איז אויך אויפגעבויט געוואָרן א תפיסה פאר געפאַנגענע און פאר יידן.

די דייטשן האָבן 2 מאָל אונטערגעצונדן די גרויסע, אלטע שוהל, וועלכע איז שוין געשטאַנען 700 יאָר. די דייטשע וואנדאלן האָבן געצוואונגען די יידן אוועקצונעמען די שטיינער פון שוהל און מאכן דעם פּלאַץ ריין, גלאַטיק, אז מען זאָל ניט דערקענען, אז עס איז געשטאַנען א שוהל פריער אויף דעם פּלאַץ.

דער שטאַב אָפיצירן פון דער געסטאַפּאָ האָבן געדאַרפט האָבן מענטשן, פאַכמענער, וועלכע זאָלן ארבעטן פאר זיי, מאכן זיי אָנצוגן, מאַנטלען, שיך, שטיוול,א.ד.גל. און ניט בלויז פאר די אָפיצירן אליין, נאָר אויך פאר זייערע ליבהאָבערינס און זונות. זיי האָבן דערפאר אויסגעקליבן פון יעדן פאַך איניקע פערזאָנען, ארעסטירט זיי אין דער נייער תפיסה, ניט ווייט פון דער באַנסטאַנציע, איינגעאָרדענט ספּעציעלע ווארשטאַטן אין דער תפיסה און די בעלי־מלאכות האָבן געדארפט כסדר ארבעטן — פארשטייט זיך, אז אָן געלט, נאָר בלויז פארן עסן צו דערהאלטן

דאָס לעבן, — און מאַכן אַלץ, וואָס די געסטאַפּאָ־אָפיצירן האָבן באשטעלט.

דאָס זיינען די נעמען פון די 15 מענטשן, האנטווערקער, וואָס די דייטשן האָבן אויסגעקליבן אלס שקלאַף־ארבעטער און זיינען, על פי נס, לעבן געבליבן אין דער כעלעמער תפיסה:

שלמה ברוסטמאַן — א שניידער (היינט אין ישראל); בערל קעלבערמאן — א שניידער, ((היינט אין אמעריקע); רחל קעלבערמאן, בערל קעלבערמאנס פרוי (היינט אין אמעריקע); תנחום ניסענבוים — אַ סטאָליער (היינט אין בראַזיליע); חיים סאָבאָל — א קאמאשנשטעפּער (היינט אין ישראל); איסר זילבער — אַ בלעכער (היינט אין אמעריקע); שלמה בובעס — א שוסטער (היינט אין ישראל); הערש באקסענבוים — א שוסטער (היינט אין ישראל); בענטשע מיצפליקער — אַ שניידער (היינט אין קאנאדע); גיטל ליבהאָבער — א שניידערין (היינט אין פּוילן); גאָלדע לאַקס — א שניידערין; מאניס ציטרין — אַ שטעפּער (איצט אין ישראל); סאמועל ליבהאָבער (אין פּוילן); משה ניימאן — א שניידער (אין ישראל); יחיאל שטשופּאַק — אַ קירזשנער, געשטאָרבן נאָך דער באַפרייאונג.

אויסער די 15 מאַרטירער, איז אויך געווען אין תפיסה נאָך א 16־טער, יעקל בינשטאָק, א ראדיאָ־טעכניקער, ער איז אנטלאָפן קורץ פאַר דער באַפרייאונג פון דער תפיסה און אומגעקומען בעת דעם פּוילישן אויפשטאַנד אין ווארשע.

א דאנק יעקל בינשטאָק, וואָס האָט פאררירכט די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן פון די אָפיצירן, האָט ער געהאַט א געלעגנהייט — רעגולירנדיק די אַפּאַראַטן — צו אויפנעמען אָפטע נייעס, וועלכע ער האָט איבערגעגעבן די חברים, וואָס עס גייט אָן אויפן מלחמה־פראָנט; אויך האָט זיי דער דאָקטער פון דער געסטאַפּאָ געטרייסט, אז זיי זאָלן ניט פארלירן דעם מוט און האָפענונג.

דעם 20־טן יולי, 1944, זיינען די דייטשן אָפּגעטראָטן פון כעלם. די געסטאַפּאָ האָט געהאַט א באפעל פון לובלין צו פארברענען די תפיסה מיט די אלע ארעסטירטע אינעווייניק, נאָר דער קאָמענדאנט האָט ניט אויסגעפירט דעם באפעל און, על פי נס, זיינען די 15 יידן געבליבן לעבן.

די לעצטע 3 טעג זיינען געווען די שרעקלעכסטע, ווייל די דייטשן זיינען שוין ניט געווען אין שטאָט, נאָר זיי האָבן געהערט שיסערייען, האָבן זיי זיך פארבאהאלטן אין א קעלער־צימער פון תפיסה און געלעגן דאָרטן אָן עסן און אָן וואסער, אָן ליכט און אָן לופט צו אָטעמען. ווען זיי האָבן דעצידירט שוין ארויסצוקריכן פון קעלער, ווייל דאָס לעבן איז זיי שוין ניט געווען ניחא, זיינען זיי פונקט ארויפגעקראָכן אויף די פיס פון א רוסישן סאָלדאַט, א וואכמאן, וואָס האָט זיי על פי נס ניט דערשאָסן, נאָר ער האָט ארויסגערופן די העכערע סאָוועטישע אָפיצירן, וועלכע האָבן זיי — נאָך אן אויספאָרשונג — געגעבן עסן און זיי אלעמען פאָטאָגראפירט און פילמירט.

# גבית-עדות

## פון שלמה ברוסטמאַן

אויפגענומען: פון ע. ח י נ י ק.

נאָך דער באַפרייאונג פון דער דייטשישער טיראניע, האָבן די עטלעכע יידן אין כעלם באשלאָסן צו זיין צוזאמען. מען האָט גענומען א יידיש הויז און זיך באזעצט. דאָס הויז איז געווען אויף פּאָטשטאָווע גאס, נר. 39. דאָס הויז איז גלייך פארוואנדלט געוואָרן אין א צענטער פאר די צוגעקומענע יידן פון דער גאַנצער געגנט. פון די אויסבאהאלטענע יידן ביי די „אַריער" זיינען געווען אייניקע יידישע טעכטער: 2 טעכטער באדען (געהאט אמאָל אַ פּראַלניע), אַ מיידל — בוטשע — גאָלדשטיינס אַ טאָכטער, אברהם בערלאַנדס אַ טאָכטער, לעדערמאַנס אַ טאָכטער און נאָך אייניקע פרויען.

אויף דעם ערשטן צוזאמענטרעף זיינען שוין געווען 18 יידן, כעלעמער, דאַן האָט דער בורמיסטש ה' גוט, זיי אלעמען פּאָטאָגראפירט.

דער 1־טער ייד, וואָס איז צוריקגעקומען פון רוסלאַנד, איז געווען ה' ביבעל, ער געפינט זיך היינט אין ישראל.

ביי די אלע באדינגונגען און איינזאמקייט איז דאָס לעבן אָנגעגאנגען. מען האָט גענומען דאָס ווייבערישע בית־המדרש פאר א פונקט צום שלאָפן פאר די נייע יידן.

די נייע פּוילישע מאַכט האָט פארפירט אייניקע פּראָצעסן קעגן די אַקטיווע פּוילישע מיטאַרבעטער מיט די דייטשן. איך האָב, אין נאָמען פון די יידן, פאַרפירט פּראָצעסן קעגן די יעניקע פּאָליאקן, וועלכע האָבן פאַרנומען די יידישע קהלשע אייגנטימער. מען האָט אָפּגענומען דעם מושב־זקנים, די תלמוד־תורה, דעם בית־החיים, די באָד, א.ד.גל.

דער פּוילישער סטאַראָסטע האָט אַנערקענט די אָ גרופּע יידן אלס נייע יידישע גמינע. דער יידישער קאָמיטעט איז באשטאנען פון: ש. ברוסטמאַן, מאניס ציטרין, פּאנטשאַק, אלעגאַנט, ישראל קופּער, גדליה באַקאַלטשוק, אדוואָקאַט הערש דערפּער, יוסף ראָלניק. מען האָט אָרגאניזירט א געוויסע הילף־ארבעט; געעפנט די בתי־מדרשים; פאַרזאָרגט די יידישע זעלנער מיט עסן ספּעציעל אין די יידישע יום־טובים, א.א. שפּעטער האָט מען שוין באקומען פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אין לאָדז א סובסידיע פון 10,000 זלאָטעס א חודש.

אין 1945, ווען די לאַגע איז געוואָרן אומרואיק אין לאנד, א טייל פּאָליאקן האָבן אָנגעהייבן באפאלן יידן אין די גאַסן, מען האָט אפילו געשאָסן אויף אייניקע יידן אין שטאָט, דאן איז געקומען דער געדאַנק צו אַנטלויפן פון פּוילן. איך בין דאַן אַוועק קיין דייטשלאנד, ווו איך בין געווען אַ שטיקל צייט, און, מיט דער אומלעגאַלער עליה, זיך דערלאַנגט קיין ישראל.

* * *

צוויי מאָל האָבן די דייטשן פאַרברענט די שוהל. דאָס ערשטע מאָל האָבן די פייערלעשער פאַרלאָשן די שריפה. דאָס צווייטע מאָל, ווען ס'איז ארויסגעלאָפן אַ פרוי — פון ברוך צאַלעס הויף — און אָנגעהייבן צו שרייען, צו וויינען איבער דער שריפה, לויפנדיק ראַטעווען אַ ספר־תורה, האָבן די דייטשישע מערדער איר אַ לעבעדיקע ארייַנגעוואָרפן אין די פלאַמען פון דער שוהל.

שפּעטער האָבן די יידן געמוזט פונאנדערנעמען די שטיינער פון דער שוהל, אויסגלייכן דעם פּלאַץ, גלייך, ווי עס איז גאָרניט געשטאַנען. די יידן האָבן אויפן פּלאַץ פון שוהל געפונען די ביינער פון דער פאַרברענטער פרוי לאַקס.

ה. אַכטמאַן, קאַנאַדע

# צווישן לעבן און טויט

(אַ קאַפּיטל פון פּיין און אומקום)

די סאָלדאטן האָבן ארומגערינגלט די יידן און זיי אריבערגעפירט אין דעם הויף פון קלויסטער. מענטשן קומען פון אלע זייטן, מען פירט אָרעם און רייך, אַלט און יונג, קליין און גרויס. מען הערט אויפרייסן. דאָרט ווו די געסטאַפּאָ קאָן ניט געפינען די יידן, וואַרפט זי אריין גראנאטן און דערהרגעט די באַהאַלטענע.

עס איז שוין 9 אזייגער אין דערפרי. מיין ברודער, משה, קומט מיט א פּאַרטיע. מיר פרעגן אים וועגן נייעס, ער דערציילט, אז ער האָט זיך געלאָזט מיט אַן אַנדער פאַמיליע ארויסגיין פון דער שטאָט, אָבער אויף די פעלדער האָבן די אוקראַינער זיי פארהאלטן, זיי האָבן זיי געצוואונגען זיך אויסצוטאָן און געזוכט געלט. אָבער ווען זיי האָבן ניט געפונען, האָבן די אוקראַינער געטריבן שנעל מיין ברודער מיט זיין גרופּע אין שטאָט אריין און געבראכט זיי צום קלויסטער, צו אונדז.

אויפן פּלאַץ איז שוין דאָ ד״ר וואלבערגער מיט זיין גאנצער פאמיליע, אלע באאמטע פון דער גמינע, אלע ארבעטער פון אָפּיציעלע דייטשישע ארבעט־פּלעצער. מען ברענגט אלעמען אָן קיין אונטערשייד. מען קוקט שוין ניט אויף די צעטלען פון ארבעט, זיי זיינען גאָרנישט ווערט, אַבי מען איז אַ ייד, איז דער זעלבער גורל — צו קומען אויפן הויף פון קלויסטער, ווו הונדערטער סאָלדאטן שטייען און פילמען אונדז.

איך קוק און וואַרט: אפשר וועט מען ברענגען מיינע עלטערן, אָבער מיר ווינטשן זיך בעסער, זיי זאָלן געפינען דעם טויט אויפן אָרט, אַבי זיי זאָלן ניט קומען און צוקוקן צו דעם גרויסן אומגליק פאר אלעמען.

עס איז שוין 11 אזייגער. מען ברענגט מענטשן אָן אַן אויפהער. נעבן מיר שטייט מיין קוזין מיט א צעהאקטן קאָפּ, ער האָט געפּרוווט זיך אוועקדרייען און א סאָלדאט האָט אים באלד אויפן אָרט צורעכט געמאַכט. ער פילט גאָרניט דאָס בלוט, וואָס רינט פון אים. „עס איז גאָרניט״ — זאָגט ער. אָבער ווען 12 אזייגער האָט מען געברענגט דעם יודנראַט, האָבן אלע שוין פארשטאַנען, אז איצט איז שוין ערנסט, אז מען וועט אונדז אלעמען אוועקפירן. אָבער די זעלנער שטעלן דעם פּרעזעס, פרענקעל, אוועק אין דער זייט, נעבן אים — דעם טעכניק טענענבוים מיט זייערע פאמיליעס. עס וועקט זיך אויף שוין ווייטער אַ געדאַנק, מען וועט דאָך אלע יידן ניט אויסראָטן און אפשר וועלן מיר טאַקע זיין די גליקלעכע. מ׳ברענגט אויך אַנשל בידערמאַן און מ׳שטעלט אים נעבן אונדז.

ער הייבט אָן צו יעלהן און בעטן פרענקלען אים צו ראַטעווען. אָבער פּרענקעל קוקט זיך ניט אום אויף אים, ער האָט שוין איצט קיין מאַכט ניט מער. די סאָלדאטן בארואיקן בידערמאַנען, ווייזנדיק אים די ביקס.

גאַנצע שטראָמען פון מענטשן קומען און קומען, אָבער די דייטשן מוזן זיך אָפּרוען. עס איז מיטאָג־צייט. זיי לאָזן איבער ניט קיין גרויסע צאָל זעלנער מיט אונדז און לאָזן זיך אוועק.

מיין ברודער משה האָט געהאַט א פּעקעלע מיט עסן און א פלאַש מילך. מיר האָבן ניט מיטגענומען גאָרניט. ער נעמט ארויס קליינע שטיקעלעך חלה און טיילט זיך מיט אונדז און זאָגט, מיר דאַרפן דאָס האלטן אויף א שווארצע שעה. ער האָט נאָך געגלייבט, אז עס וועט קומען נאָך אַן ערגערע צייט.

מיט איין זאַך בין איך צופרידן, איך זע ניט מיינע עלטערן, איך בין ניט זיכער אז זיי לעבן, אָבער זיי קוקן זיך ניט צו צו דעם גרויסן אומגליק.

2 אזייגער. אלע געסטאַפּאָוועס מיט זייער שעף זיינען דאָ. דאָס הארץ קלאַפּט, ווער וועט ארויסציען דעם גורל צו לעבן און ווער וועט מוזן שטאַרבן. טייל פּנימער זיינען בלאָס,מיד, א טייל — אָנגעשטרענגטע, א טייל — גלייכגילטיקע.

דער שעף מיט זיינע אָפיצירן גייען ארום און קוקן אויפן עולם. אין זייערע הענט ליגט אונדזער לעבן און טאַקע נאָר די שטאַרקסטע, געזונטסטע, ייִנגסטע קלייבן זיי אויס, אז זיי זאָלן פארבלייבן לעבן. אין מיטן פון פּלאַץ שטייט שוין א קליינע גרופּע, וועלכע האָט שוין האָפענונג צו לעבן. דער שעף דערזעט מיין מאַן און רופט אויס זיין נאָמען און ער ציט מיך מיט. אָבער די האָפענונג מיינע איז זייער קורץ. דער שעף קוקט אַדורך די מענטשן, די גליקלעכע, און דערזעט מיך און באַפעלט, מיר זאָלן ביידע גיין צוריק צו די פארמשפּטע צום טויט.

מיר גייען צוריק. עס איז א געפערלעכער טומל, געשרייען, געוויינען. עס העלפט גאָרניט. איין געסטאַפּאָוועץ קומט צו צו דעם יונגן לעווענהערץ און הייסט אים אריבערגיין צו דער אויסדערוויילטער גרופּע, אָבער ער זאָגט אז נאָר מיט דער פרוי און קינד קאָן ער אריבערגיין. פארשטייט זיך, אז דער געסטאַפּאָוועץ האָט זיך מיט דער זאַך ניט איבערגענומען און לעווענהערץ איז געבליבן מיט זיין פאַמיליע צווישן די אזויגערופענע טויטע. דאָס איז געווען איין און איינציקער פאַל, אז אַ מאַן האָט זיך ניט געוואָלט ראַטעווען אָן זיין פרוי. אלע מענער האָבן איבערגעלאָזט די פרויען, קינדער, מאַמעס, טאַטעס, אבי נאָר זיך צו ראַטעווען דאָס לעבן.

ד״ר וואלבערגער האָט זיך אויך געוואָלט ראַטעווען, און ווען פריער האָט אים איינער ארויסגענומען, האָט אים אַן אנדערער, מיט איין קלאַפּ, צוריק אריינגעשטופּט צווישן די „טויטע״ רייען. ענדלעך איז אים געלונגען, מען האָט אים מיט זיין זון פאררעכנט צו די לעבעדיקע.

די צייט פארגייט און די גרופּע מענטשן צום טויט וואַקסט אלעמאָל גרעסער. מען ברענגט נאָך אלץ מענטשן פון באהאַלטענע פּלעצער. איך בעט מיין מאַן, ער זאָל זיך ראַטעווען, עס איז דאָך א שאָד ביידן צו שטאַרבן, ער לאָזט זיך ניט איבעררעדן. מיר זיינען שוין רואיק, מיר קוקן זיך צו צו דער פּראָצעדור גלייכגילטיק, וואַרטנדיק אויפן טויט. איך ווייס ניט ווו זיינען מיינע ברידער, איך קוק נאָר אויף דעם קאַמף פאַרן לעבן. אין א מאָמענט גייט אדורך א באקענטער אָפיציר פון מיין מאַן און גיט א ווינק צו מיין מאַן, איך גיב אים א שטופּ ארויס פון די רייען און איך הער נאָר זיין שטימע: „Helu, ratuj sie" (העלא, ראַטעווע זיך!). איך פּרוּוו דאָס באלד מאַכן, איך קוק אויף די אָפיצירן, ווי קאָן מען זיי אָפּנאַרן, ווי קאָן מען זיך אריבערגנבענען צו די לעבעדיקע, איך פּרוּוו אפילו צו שטעלן א פּאָר טריט, אָבער דאָס בייזע אויג האָט שוין דערזען מיינע באַוועגונגען און האַלט שוין אַן אויג אויף מיר. עס ווערט שוין טונקל. די סאָלדאטן הייבן אָן צו פאָרמירן אונדז צו 4 מענטשן אין א ריי. איך קוק מיך ארום און זוך מיינע קרובים. יאָ, איך געפין משה׳ן, מיין ברודער, און איך פרעג וועגן מיינע צוויי יינגערע ברידער, יאנקל און ברוך, זאָגט ער מיר, אז זיי האָבן גליק צו זיין צווישן די לעבעדיקע.

עס נעמט ניט לאַנג און 6000 יידן, אויסגעשטעלט אין פירמאַרשירן ארויס פון הויף פון קלויסטער און גייען אַראָפּ מיט די פּיאַרסקע, שענקעוויטש און קאַלעיאווע צו דער ראַמפּע. די רייען זיינען ארומגעשטעלט מיט סאָלדאַטן, זיי האַלטן די ביקסן אָנגעלאָדן צום שיסן, נידעריק מיט דעם שפּיץ אָנגעשטעלט צו אונדז. איך גיי נעבן מיין ברודער. דער געדאַנק פון אנטלויפן לאָזט מיך ניט אָפּ. עס קלינגען אין מיינע אויערן די ווערטער: "Helu, ratuj sie" „איך הער זיי, איך מוז עפּעס טאָן. איך קוק מיט מיינע אויגן אין די פאַרבייגעגאַנגענע הייזער, איך קאָן גאָרניט זען, נאָר די בייזע אויגן פון די געסטאַפּאָווצעס און די שפּיצן פון די ביקסן. מיין האָפענונג לאָזט מיך ניט אָפּ.

עס ווערט פינצטער. נעבן מיר גייט אַ סאָלדאַט. איך פּרוּוו בעטן אים, מיט מיינע אויגן, ער זאָל רחמנות האָבן, אָבער ער רוקט צו נענטער דעם שפּיץ פון דער ביקס. און אַזוי קומען מיר צו דער ראַמפּע.

די באַן איז נאָך ניטאָ. די דייטשן פאַראָרדענען מיר זאָלן זיך זעצן אויף דער ערד און וואַרטן. מענטשן פּרוּוון ווייטער זייער קראַפט, מען נעמט ארויס פּאַפּירן פון דייטשע פלעצער, מען ווייזט זיי די אָפיצירן, וועלכע מאַכן זיך לייענענדיק און דאַן צערייסן זיי. מען שטעלט זיך פאָר אַז מען האָט די גאַנצע צייט געאַרבעט, מען פאַררופט זיך אויף אַנגעזעענע דייטשישע אָפיצירן, אָבער עס העלפט גאָרניט. קינדער וויינען, מאַמעס מיט זיי.

פלוצלינג זע איך א יונג הערלעך מיידל. איר נאָמען איז געוועזן גראַס. זי רעדט מיט א סאָלדאַט און דער סאָלדאַט נעמט איר ארויס און גייט אַוועק מיט איר. מיר האָבן געגלייבט, אַז ער האָט איר צוריקגעפירט אין שטאָט. זי האָט איבערגעלאָזט איר מאַמע, א קריפּל, און איז אַוועק.

איך גיי אַדורך די רייען. שטיל רואיק שטייט מאַרגענשטערנס פרוי מיט אירע צוויי קינדער, ניט ווייט וואַלבערגעראַווע מיט איר טאָכטער, און פעשע, וועלכע האָט די גאַנצע צייט געאַרבעט ביי ד"ר וואַלבערגער. וואַלבערגערס פרוי דערציילט מיר, אַז זי פּרוּווט צו אנטלויפן. עס קומט צו צו מיר דובקאָווסקיס טאָכטער און וווּנדערט זיך פאַרוואָס בין איך דאָ און האָב זיך ניט געראַטעוועט. איך דערצייל איר, אַז איך האָב מיין פּוילישן אויסווייז אָבער איך האָב געוואָלט זען, וואָס וועט געשען מיט מיין פאַמיליע און דערפאַר האָב איך געוואַרט ביז דער לעצטער מינוט. אָבער איך וועל מיך נאָך ראַטעווען. און טאַקע אין דער מינוט גייט אַדורך אַן אָפיציר. איך פרעג אים ווו זאָל איך גיין אויף א מענטשלעכן באַדאַרף. ער פירט מיך אוועק אין דער זייט, איך זעץ מיך אנידער און ער האַלט אַן אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער. מיט איין מאָמענט איך פאַל צו צו אים מיט די ווערטער:

„ביסט דאָך אַ מענטש, האָסט דאָך אַ האַרץ, איך וויל לעבן, איך בין נאָך יונג, לאָז מיך לעבן".

„לויף", זאָגט ער צו מיר, „אָבער איך מוז שיסן". אין דעם מאָמענט קומט צו אַן אַנדערער אָפיציר און ער פרעגט וואָס איך וויל. דער אָפיציר ענטפערט, אַז איך וויל שטאַרבן. ער גיט מיר א קלאַפּ אין מיינע פּיס, איך בייג מיך איין און קריך צו צו דער גרופּע. איצט בין איך שוין רעזיגנירט, איך ווייס אַז איך מוז שטאַרבן. איך זוך אָפּ מיין ברודער, משה, און מען רופט שוין אויפצושטיין און פאַרמירן א ריי.

די באַן איז געקומען. ווידער ווי פריער זאַלבע פיר דערנענטערן מיר זיך צו דעם לעבעדיקן קבר.

ביי דער טיר פון דער באַן שטייען אין ביידע זייטן סאָלדאַטן מיט נאַהייקעס און ווער עס דערנענטערט זיך צום אריינגאַנג, שלאָגן זיי. ווען איך האָב שוין ארויפגעטראָטן דאָס טרעפּל, האָב איך דערהערט א געשריי: „אוי!" און מיין ברודער האָט זיך געהאַלטן ביים קאָפּ. די נאַהייקע האָט אים נעבעך געטראָפן.

די באַנען זיינען געווען פאַר בהמות, שמוציקע. אין יעדן וואַגאָן האָט מען אריינגעפּאַקט איבער 200 מענטשן, עס איז ניט געווען ווו צו זיצן. אַלע האָבן געמוזט שטיין, איך האָב מיך אָנגעלענט א ביסעלע אויף מיין ברודער.

עס האָט זיך באַלד געפונען א שוועבעלע, א שטיקל ליכט, מען האָט געמאַכט ליכטיק. איך קאָן ניט פאַרגעסן א סצענע פון א יונג מיידל, אפשר 15 יאָר אַלט. זי נעמט ארויס א שטיקל ברויט און הייבט אָן צו עסן און זאָגט: „עס איז נאָך ניט דאָס לעצטע מאָל. איך בין שוין דריי מאָל געשטאַנען פאַרן טויט און איך לעב". איך קוק און באַוווּנדער איר מוט צום לעבן. מיין ברודער נעמט אויך ארויס די מילך און דאָס ברויט און טיילט זיך מיט מיר. איך זאָג אים אַז ער זאָל אוועקגעבן אַנדערע אוי־כעט, ענטפערט ער מיר, אַז מען דאַרף געדענקען פון דער שוואַרצע שעה. מיין ברודער האָט געהאַט א ריכטיק יידיש האַרץ, ער האָט קיינמאָל ניט געקאָנט גאַרניט אָפּזאָגן, דעריבער האָבן מיך זיינע ווערטער זייער געוווּנדערט.

איך זאָג אים: „משה, דיר איז גרינגער צו שטאַרבן ווי מיר. דו האָסט ניט די וועלט, וועסטו האָבן די צווייטע וועלט", ווייל ער האָט דאָך געגלייבט אין דער צווייטער וועלט. אָבער ער ענטפערט מיר, אַז ער ווייסט ניט. ער האָט זיך פאַרבראָכן. פרעג איך אים אין וואָס גלייבט ער איצט, איז דאָך בעסער ארויסצושפרינגען פון פענצטערל און שוין געפינען דעם טויט. אָבער ער זאָגט מיר, אַז ער גלייבט, אַז אין סאָביבאָר קאָן זיין אַ לאַגער און אפשר וועט מען אים אויך אויסקלייבן צו דעם לאַגער. מיט דעם פאַרענדיק איך מיין געשפרעך מיט אים.

ארום אונדז שטייען מענטשן, קינדער וויינען, עס איז פינצטער, מען האָט אונדז צוגעקלאַפּט פון אויסנווייניק און די באַן רירט פון פלאַץ. מיר הערן שטימען, מיר פילן ווי מען שטופּט זיך צום פענצטערל. איך פרעג: „וואָס


Der Chef des Distrikts Lublin
im Generalgouvernement
Abteilung Innere Verwaltung
Bevölkerungswesen u. Fürsorge
26. AUG 1942
707/42
[illegible]

אַ דאָקומענט פון דער היטלער־טיראַניע.

איז די סיבה?" מען ענטפערט מיר, אז צוויי מענטשן זיינען ארויסגעשפרונגען פון פענצטערל. איך וויל שוין אויך פרוון, אָבער מיין שכן זאָגט מיר, אז איך זאָל ניט גיין, ווייל דער אָפיציר האָט שוין באַמערקט און ווען מען קוקט ארויס האַלט ער גלייך די ביקס צו שיסן.

די באַן לויפט מיט דער פולער פאַרע, דער קלאַנגג פון די רעדער שלעפערט פאַמעלעך איין דעם עולם. מיר פאָרן צו דעם זיכערן טויט. איך פיל גאָרניט, איך בין גלייכגילטיק, נאָר וואָס שנעלער. מיט איין מאָל הער איך ווידער שעפּטשערייען און אַ שטופּן זיך. איך דערוויס מיך, אז עמעצער איז ארויסגעשפרונגען. איך פרעג מיין ברודער צי ער וויל אויך פּרובירן, אָבער ער זאָגט זיך אָפּ. איך ענטפער אים ניט, איך געזעגן זיך מיט אים ניט, און גלייך דורך קעפּ, פיס, קערפּערס טרעט איך דורך און געפין זיך ביי דעם פענצטערל. די באַן לויפט זייער שטאַרק. איך פרעג ביי זיך: ווי אזוי זאָל איך שפּרינגען, הער איך א שטימע, אז איך זאָל שפּרינגען אין דער זעלבער ריכטונג ווו די באַן לויפט. איך בעט הילף מיך אונטערצושטופּן, פרעמדע הענט שטופּן מיך שוין צום פענצטער. איך בין שוין מיט די פיס אין דרויסן, איך האַלט מיך נאָר אָן מיט די הענט ביי דעם פענצטער און הענג אַראָפּ. איך האָב קיין געדאַנק ניט, דער אינסטינקט אַרבעט. איך פיל גאָרניט, איך הער נאָך שטימען אָבער איך ווייס שוין גאָרניט, מיט איין שטופּ פון דער וואַנט פון באַן שפּרינג איך אַראָפּ.

איך ווייס ניט ווי לאנג איך בין געלעגן פארחלשט, איך עפן מיינע אויגן, און הייב מיך אָן צו דערמאָנען ווו איך בין, איך זע א געשטאַלט קומט פון דערווייטן, איך פרעג איר באלד, איז דאָס אמת, אז מיר זיינען געפאָרן קיין סאביבאָר. יאָ, ענטפערט זי מיר. זיי זיינען צוגעפאָרן צו דעם פאַרקאַן פון סאביבאָר, און ווען די באן האָט זיך געשטעלט איז איר געלונגען ארויסצושפּרינגען פון צוג. זי האָט איבערגעלאָזט איר מאמען אין וואגאָן, און די מאמע האָט נאָך איר ארויסגעוואָרפן א ווינטערדיקע שאַל, עס זאָל איר ניט זיין קאלט.

איך קוק מיך ארום: מיין טאַש ליגט אָפן און די שליסל פון הויז זיינען ארויסגעפאלן, איך קלייב אלץ צוזאמען און ניט וויסנדיק טאַפּ איך אָן עפּעס זייער א סך נאַסקייט. איך גיב א קוק — א קאלוזשע בלוט. איך גיב מיך א ריר, איך פיל שוין מיין גאמבע. איך לייג צו מיין האנט, איך האָב א לאָך אונטער דער גאָמבע. זעט אויס ווען איך בין ארויסגעשפּרונגען, בין איך געפאלן אויף א שינע מיט דעם פּנים און זיך איבערגעהאַקט די גאָמבע. איך נעם ארויס מיין פאטשיילע פון האלדז און בינד זיך אונטער די גאָמבע אזוי, אז זי זאָל זיך ניט נאָכהענגען. ביזן היינטיקן טאָג האָב איך אונטער דער גאָמבע א שניט, וואָס איז געבליבן פון דעמאָלט.

איך געדענק ניט דעם נאָמען פון דער מיידל. מיר ביידע באשטימען אראָפּצוגיין פון די שינעס און איבערוווארטן די נאַכט. מיר האָבן זיך ביידע אנידערגעזעצט נעבן א קשאַטשעק (קוסטיק) און צוגעדעקט זיך מיט איר מוטערס שאַל. עס האָט מיך געוואָרפן, איך ווייס ניט צי פון קעלט, צי פון דעם פארלאָרענעם בלוט. איך האָב ניט געקאָנט איינזיצן. מיר האָבן אזוי צוגעווארט ביז פאַרטאָג, און געלאָזט זיך גיין ווו די אויגן טראָגן. מיר האָבן ביידע ניט געקענט די געגנט. מיט איינמאָל האָבן מיר דערזען א פּויעריש שטיבעלע. מיין פריינד אין נויט האָט געהאַט מורא, אז מען וועט איר דערקענען אז זי איז א יידישע. זי האָט ניט אזוי גוט גערעדט פּויליש. איך האָב איר געהייסן ניט צופיל ריידן, איך וועל דאָס שוין מאַכן. ווען מיר זיינען אריינגעקומען אין דער שטוב האָבן די גויים זיך דערשראָקן פאר מיר. איך האָב זיי באלד אָפּגעבאקט א מעשה, אז די דייטשן האָבן מיך געוואָלט אוועקפירן קיין דייטשלאנד אויף ארבעט, בין איך אראָפּגעשפּרונגען פון וואגאָן און האָב מיך צעקלאַפּט. זיי האָבן מיר געגעבן וואסער, אז איך זאָל זיך אָפּוואשן. איך האָב אויסגעוואשן די פאטשיילע און נאסערהייט ווידער ארומגעבונדן. מיין מאנטל איז געווען אינגאנצן פארבלוטיקט, אָבער איך האָב גאָרניט געקאָנט העלפן. איך האָב אריינגעקוקט אין שפּיגל, האָב איך געזען, אז מיין פּנים איז זייער צעהאַקט און געשוואָלן. די קריסטן האָבן אונדז דערלאנגט וואַרעמע זופּ און שטיקלעך אייגן געבאַקן ברויט. מיין חברטע האָט זייער פיין זיך אָפּגעגעסן. איך האָב ניט געקאָנט אראָפּשלינגען קיין לעפל.

איך האָב געוואָלט די פּויערים באַצאָלן און ארויסגענומען 20 זלאָטיס, אָבער זיי האָבן מיר צוריק אריינגעלייגט אין קעשענע. זיי האָבן אונדז געוויזן דעם וועג קיין כעלם און מיר האָבן פארלאָזט דאָס הויז און געלאָזט זיך אין וועג.

מיר גייען און גייען, עס ווערט שוין ליכטיקער, מיר זיינען געקומען אין אַ קליין דערפעלע נעבן כעלם, איך געדענק ניט דעם נאָמען. מיר האָבן געוואָלט עפּעס קריגן צו טרינקען, אָדער צו געפינען א פלאַץ ווו איבערצונעכטיקן. אָבער מיין פּנים, זעט אויס, האָט אויסגעזאָגט דעם אמת. אלע האָבן אונדז אָפּגעשיקט צו דעם סאָלטיס פאַר אַ דערלויבעניש צו שטיין אין דאָרף און צו באקומען עפּעס צו עסן. נאָך פיל מאָל פּרובירן האָבן מיר רעזיגנירט און אריין אין וואלד, ווו מיר האָבן געפונען א טיפע גרוב, מיר האָבן צונויפגעשאַרט א סך געפאלענע בלעטער פון דער ערד און זיך אנידערגעלייגט. מיר איז געווען זייער קאלט. עס איז געווען א זייער שיינער טאָג מיט זון, אָבער איך האָב ניט געקאָנט זיך דערוואַרעמען. מיר זיינען אזוי אָפּגעלעגן א פּאָר שיינע שעה. נאָך מיטאָג האָבן מיר זיך פארנומען צו גיין קיין כעלם. אָבער ווי מיר זיינען נאָר ארויס אויפן וועג, האָבן די פּויערים, וואָס זיינען אַהיים געגאַנגען פון דעם שבתדיקן יאָרמאַרק, געוואָרנט אונדז, מיר זאָלן ניט גיין קיין כעלם, ווייל עס טוט זיך דאָרט אָפּ שרעקלעכע זאכן. מען זוכט נאָך אלץ יידן, און ווו מען טרעפט זיי שיסט מען אויפן אָרט. איך האָב מיך געוואונדערט, ווי אזוי ווייסן זיי, אז מיר זיינען יידן. איך זע אויס ווי א געבאָרענע שיקסע פון דאָרף, און מיין חברטע האָט אויך ניט ספּעציעל אויסגעזען ווי א יידישע. אָבער זעט אויס מיין פארבלוטיקטער מאנטל און פארוווּנדעט פּנים האָבן ארויסגעגעבן.

עס האָט דאָס אונדז ניט אָפּגעהאלטן. מיר האָבן קיין אנדערן וועג ניט געהאַט. מיר זיינען געקומען קיין כעלם פאַרנאַכט. ווען מיר זיינען געקומען אויף אבלאנסקי, איז א קריסטין צו צו אונדז און געשריען, אז ניט ווייט ביי דעם קאטליאר איז דאָ געסטאַפּאָ. מיר זיינען ארויף צו דעם פעלדשער פּרוכניאַק, מיט וועלכן מיר האָבן לאנגע יאָרן געוווינט צוזאמען. אָבער זיינע שוועסטער האָבן מיך ניט געוואָלט אריינלאָזן, כאָטש איך האָב געבעטן מעדיצינישע הילף.

מיר זיינען ווייטער געגאַנגען מיט אבלאנסקי צו דער קאפּערניקא און זיינען שוין געווען באַלד נעבן שענקעוויטשא גאַס, ווען אַ סטרוזש האָט מיך פאַרהאַלטן און פעסטגעשטעלט אז איך בין א יידישע. מיין פריינד האָט א ווילע זיך פון מיר אוועקגערוקט און געלאָזט זיך ווייטער. אָבער איך מיט דעם גאנצן אימפּעט ענטפער אים אז ער האָט קיין באווייז, אז איך בין א יידישע, אין קעגנטייל, איך קאָן אים איבערצייגן, אז איך בין א פּוילישע, און נעם ארויס מיין פּוילישן פּאַספּאָרט און ווייז אים. ער לאָזט מיך אָפּ און לויפט נאָך מיין פריינד. און איך זע פון דערווייטן, אז ער

פירט איר שוין אוועק. איך האָב מיך מיט איר אין דעם מאָמענט זיך צעטיילט און מער פון איר ניט געהערט.

איך לאָז מיך ווייטער מיט קאַפּערניקא גאס און קלער אז ליבהאָבערס פרוי האָט מען ארויסגענומען פון דער פּאַרטיע, ווייל זי האָט געגייט פאר די פרויען פון געסטאַפּאָ, וועל איך באַשטימט זי געפינען אין הויז, און זי האָט געוווינט אין אכטמאַנס האָטעל. זי איז טאַקע געבליבן לעבן מיטביידע אירע קינדער, איך האָב איר געזען אין כעלם, אין 1945. אָבער איידער איך בין דערגאנגען האָט מיך געטראָפן אן אָפיציר. ער האָט מיך אָנגעקוקט פון פיס ביז דעם קאָפּ און האָט מיך ניט פארהאלטן. איך בין רואיק אריין אין ליבהאָבערס הויז, ווו איך האָב קיינעם ניט געטראָפן. די בעטן זיינען נאָך געשטאַנען ניט פארבעט, אלץ איז נאָך געווען אין אָרדענונג.. דער זייגער אויף דער וואנט האָט נאָך געקלאַפּט. עס איז געווען 6 אזייגער אין אָוונט. איך האָב אויסגעטאָן מיין פארבלוטיקטן מאַנטל און אין קלייד מיט די שיך זיך ארויפגעוואָרפן אויפן בעט.

איך בין ניט לאַנג געלעגן רואיק, אין א האלבער שעה ארום האָב איך דערהערט טריט אויף די טרעפּ, שווערע און פון א סך מענטשן. די טיר פון צווייטן צימער האָט זיך געעפנט און צוויי אָפיצירן מיט איין שיקסע זיינען אריינגעקומען. פון זייער געשפרעך האָב איך פארשטאַנען, אז די שיקסע זוכט קליידער, וועלכע זי האָט דאָ איבערגעלאָזט צו נייען. איך האָב געהערט ווי זיי עפענען שופלאָדן, זיי קוקן אין די שאפעס. איך האָב מיך ניט גערירט, נאָר גאנץ גלייכגילטיק האָב איך נאָך א קישן ארויפגעוואָרפן אויף מיר. זיי זיינען אריינגעקומען אין מיין צימער, געמאַכט ליכטיק ארומגעקוקט און מיך ניט דערזען, כאָטש מיינע פיס זיינען געווען גאנץ פשוט ארויסגעשטעקט פון בעט. איך האָב זיי געזען: צוויי הויכע מיליטערלייט און א שיקסע. נאָך א פּאָר מינוטן האָבן זיי דאָס צימער פארלאָזן און אלע טירן פארשלאָסן. איך האָב ניט געקלערט און באלד איינגעשלאָפן

איך האָב מיך אויפגעכאַפּט איז נאָך געווען פינצטער. דער זייגער איז שוין ניט געגאַנגען. איך בין ניט לאנג געלעגן וואַך און עס האָט אָנגעהייבן ווערן טאָג. איך האָב מורא געהאַט צו מאַכן ליכטיק און ווען איך האָב שוין געקאָנט דערקענען געגנשטאַנדן בין איך אראָפּ פון בעט און ארומגעקוקט אין וווינונג. מיין מאנטל האָב איך ניט געפונען אויפן זעלבן פּלאַץ, זעט אויס די דייטשן האָבן אים באַטראַכט און אוועקגעלייגט. איך פּרווו די טירן, אלע צוגעשלאָסן. איך זע ניט קיין ארויסגאַנג, איך בין אין א לעבעדיקן קבר.. איך שפּאַציר פון איין צימער צום צווייטן מיט דעם זעלבן רעזולטאט. איך ווייס ניט וואָס צו טאָן. איך פּרוביר נאָך אמאָל, אָבער אלץ איז אייזן און ניט צו עפענען. מיטאמאָל דערזע איך נאָך א טיר, זי איז נאָר פארקייטלט, איך עפן און קום אריין אין א קליין צימער מיט איין צעבראָכן פענצטער, און איך זע אז ביים פענצטער איז דאָ א באַלקאָן, וועלכער האָט טרעפּ, און זיי פירן אין הויף אריין. איך קלער שוין ניט ווייטער, איך כאַפּ א שווארצן מענערישן מאנטל אויף מיר, איך לאָז מיין פארבלוטיקט מאַנטל אין הויז און לאָז מיך קריכן דורכן פענצטער. א שטיק שויב, וואָס איך האָב אָנגערירט, איז אראָפּגעפאלן. מיין הארץ איז געבליבן שטיין אויף א מאָמענט. איך וואַרט ניט און קלעטער דורך. איך בין שוין אין הויף, איז פארלאָז שוין דעם טויער, דער סטרוזש קערט פּונקט די גאַס. איך שאר זיך ווי אַ שאָטן נעבן דער וואַנט און איך בין שוין אויף קאָפּערניקא גאַס, איך בין שוין פריי.

איך גיי, איך לויף וואָס שנעלער, וואָס שנעלער, מיינע אייגענע טריט שרעקן מיך. איך בין שוין אויף לוואָווסקי, איך בין שוין נאָך פּאָטשטאָווע, איך קוק זיך ניט ארום, מיינע פיס ציען פאָרויס און מיינע אויגן קוקן פאר זיך. איך גיי שוין פארביי מיין אייגן הויז, איך גיב נאָר א קוק און ניט מער און לאָז זיך מיט די פעלדער קיין Zolvanez, ווו מיין באַקאַנטע שיקסע האָט געוווינט און זי האָט מיר דעם לעצטן טאָג פארזאָרגט א פּאַספּאָרט. א יידיש מיידל אין א שאל לויפט פאר מיר און שרייט אויס, אז איך זאָל בעסער צוריקגיין, ווייל אין דאָרף וועלן מיך די פּויערים ארויסגעבן. איך ענטפער איר ניט און גיי ווייטער. איך קאָן ניט געניי דעם וועג. איך בין נאָר איינמאָל געגאַנגען מיט דער שיקסע פאר א שפּאַציר און זי האָט מיר דעם וועג געוויזן. אָבער אין דעם מאָמענט פיל איך אז אַן אינסטינקט פירט מיך. איך וואָלט געקאָנט מיט פאַרבונדענע אויגן אַהין טרעפן.

אין א שעה ארום בין איך צום וווינונג געקומען. דורך דער טיר פון הויף האָב איך זיך אריינגעגנבעט. קיינער איז אין הויז ניט געווען, חוץ דער שיקסעס מוטער. איך פרעג איר ווו איז זשעני, עס איז דאָך זונטאָג אינדערפרי, זי מוז דאָך זיין אזוי פרי אין דער היים. איך זאָג איר אז איך וויל מיר עפּעס נייען. די מוטער שיקט איר קליין שייגעצל נאָך זשענין און אין א פּאָר מינוט ארום איז זי אריינגעקומען. זי האָט זיך צעוויינט, ווען זי האָט מיך דערזען. זי האָט מיך גלייך אין א בעט אריינגעלייגט אין צווייטן צימער, ווו קיין מענטשן קומען ניט אריין. זי האָט מיר וואסער געגעבן, אז איך זאָל מיר די וווּנד נאָך א ביסל אָפּוואַשן און זי האָט מיר ווארעמע מילך געגעבן. נאָך צוויי טעג הונגער האָט מיר די מילך זייער געשמעקט. איך האָב איר דערציילט פון מיין אומגליק און געזאָגט אז איך ווייס ניט אויב מיינע עלטערן לעבן. איך האָב געהאַט 900 זלאָטיס. 200 האָב איך איר געגעבן באלד פארן טאַטן און 700 האָב איך איר געהייסן באַהאלטן. איך האָב געזאָגט פון אלע מיינע באהאלטענע זאכן אין מיין וווינונג, אז זי זאָל גיין און פּרווון זיי ארויסנעמען.

ביינאַכט האָט זי מיך ארויפגעפירט אויפן בוידעם מיט היי. זי האָט אויסגעארבעט א פּלאַץ אין היי צום שלאָפן און געמאַכט א ווענטל פון היי, אז מען וועט ארויפקומען זאָל מען מיין פּלאַץ ניט דערזען. אויף דעם בוידעם בין איך געבליבן ליגן ביז דעם 17־טן נאָוועמבער, דאָס הייסט פון זונטאָג, דעם 8־טן נאָוועמבער, ביז דינסטאָג, דעם 17־טן. זשעני איז צוויי מאָל ארויפגעקומען צו מיר אין דערפרי און אין דער נאַכט און געבראַכט מיר עסן און דערציילט מיר די נייעס. זי האָט מורא געהאט ארויפצוקומען בייטאָג, ווייל שכנים זאָלן איר ניט דערזען. מאָנטאָג ביינאַכט איז זשעני ווי געוויינטלעך ארויפגעקומען און מיר עסן געבראכט. זי האָט מיר דערציילט אז מיינע עלטערן לעבן. זי איז אין מיין וווינונג געווען און מיט מיינע עלטערן דורך דער וואנט גערעדט און א גרוס פון מיר אָפּגעגעבן. זיי זיינען זייער הונגעריק. איך האָב איר געבעטן אז זי זאָל זיי געבן עפּעס ברויט און מילך. זי האָט מיר פארשפּראָכן. אין דערפרי, ווען עס איז נאָך געווען זייער פינצטער, האָט מיך זשעני אויפגעוועקט, זי האָט מיר איר מוטערס קליידער געגעבן און ווי צוויי פּויערטעס האָבן מיר זיך געלאָזט אין שטאָט. זי האָט מיר געזאָגט אז זי וועט ניט צוגיין אפילו צו מיין הויז, ווייל עס דראָט יעדן דער טויט נאָר פאר איבערטרעטן די גרענעץ פון געטאָ. איך האָב געהאַט א קוישעלע מיט עסן מיט זיך. 10 מעטער פון מיין הויז איז געשטאַנען די דויטשע וואַכע. איך בין אריין אין הויז, אָנגעקלאַפּט אין דער צוגעהאקטער טיר און אויסגערופן „מאַמע". וואָס איך האָב געפילט דאַרף איך אייך ניט שרייבן, דאָס קאָן מען ניט מיט ווערטער איבערגעבן. איך האָב קיין מורא ניט געהאַט. א שטילער קול האָט געענטפערט, דאָס איז געווען מיין שוויגער: „דאָס איז חיה, אונד־

זער חיה", און באלד דערנאָך מיין טאַטנס קול: „גיב אונדז וואַסער". איך האָב געלאָזט שטיין דאָס קוישעלע און אין פינצטערניש געטאַפּט צו נעמען א טעפּעלע וואסער, אָבער אלץ איז געווען אויסגעטריקנט. איך בין אריין צו מיינער א שכנה און איך בין שיעור ניט אריינגעפאלן אין די אָפענע קעלערס, פון וועלכע מען האָט ארויסגעצויגן די באַהאַלטענע מענטשן. איך האָב קיין וואַסער ניט געפונען. איך האָב געמוזט ארויס אויפן הויף צום ברונעם און אָנשעפּן א קובל וואסער און זיי אריינגעטראָגן. דאן האָב איך ווידער געפרעגט „מאַמע" און איך האָב געהערט ווי מיין טאַטע האָט צו דער מאמען געזאָגט: „רוף זיך אָפּ זאָל זי דיך הערן". די ערשטע ווערטער פון מיין מאמען זיינען געווען צי די קינדער לעבן. איך האָב איר פארזיכערט, אז אלע אירע קינדער זיינען פריי אין געסטאַפּאָ, אז משה, וועלכער איז שוין געווען פארברענט, איז באהאלטן, און איך האָב זיך אויך גוט אויסבאַהאַלטן. מיר מוזן נאָר צוואַרטן ביז זונטאָג, דעם 15, וועט מען עפענען די געטאָ און דעמאָלט וועלן מיר צוריקקומען און ווידער זיין צוזאמען. מיט דער האָפנונג האָב איך זיי פארלאָזט און ווידער געגאַנגען מיט זשענין אין דאָרף אריין אויפן בוידעם.

און איצט האָט מיין קאָפּ געאַרבעט ווי אזוי זאָל איך מיינע עלטערן העלפן, וואָס קען איך טאָן, ווי אזוי זיי צו ראטעווען. קיין איין געדאנק איז מיר ניט ארויפגעקומען אין מיין קאָפּ. איך בין ניט געשלאָפן, איך האָב ניט געקאָנט עסן. און מאָמענטנווייז האָב איך געבעטן גאָט, כאָטש איך בין ניט געווען קיין גלייביקע, אז ער זאָל זייער ווייטאָג פארקירצן מיטן טויט. יאָ, איך האָב געבעטן דעם טויט פאר מיינע עלטערן, אז עס זאָל זיך ענדיקן זייער פּיין.

מיין זשעני האָט אָנגעהייבן שעפּטשען, אז זי האָט מורא. זי קאָן קיין ברויט ניט שאַפן און מילך אויכעט ניט. איך האָב איר זייער געבעטן און זי האָט מיר צוגעזאָגט צו גיין נאָך איין מאָל, פרייטאָג פארטאָג. איך האָב זיך ווייטער איבערגעטאָן און ווידער זיי דערלאנגט א ביסל ברויט, מילך און באָרשטש. זיי האָבן זיך פון גאָרניט ניט אויסגעפרעגט, שטילערהייט זיך געזעגנט און ווייטער אוועק צו מיין פּלאַץ.

איך האָב גאָרניט געוווּסט פון מיין מאַן און צוויי ברידער, וועלכע זיינען ניט מיטגעפאָרן. איך האָב קיין קאָנטאַקט מיט זיי ניט געהאַט. איך האָב אָנגעהויבן בעטן מיין שיקסע, אז זי זאָל מיט מיר גיין אין שטאָט אריין. אָבער זי האָט ווידער מורא געהאַט. נאָך מיין בעטן האָט מיר איר ברודער פארשפּראָכן צו גיין מיט מיר א זונטאָג אין שטאָט און אויסגעפינען ווו זיינען מיינע ברידער און מיין מאַן.

זונטאָג אין דערפרי האָב איך מיך ווידער איבערגעטאָן און 10 אזייגער האָב איך, מיט דעם שייגעץ, געלאָזט זיך אין שטאָט אריין צו געפינען מיינע נאָענטסטע. איך בין געקומען אויף לוואָווסקע. עס איז געווען שטיל, וואָרעם ניט קיין סך מענטשן פלעגן זיך באווייזן אין די גאסן. איך בין דורכגעגאַנגען מיין הויז און נאָר געוואָרפן א בליק אין דער רעכטער זייט, ווו מיינע עלטערן האָבן נאָך געלעבט. איך בין שוין געקומען צו דער פּאָטשטאָווע גאַס, איך האָב געקוקט און געמיינט אז איך גיי אויף מיין אייגענער לוויה. די פּאָטשטאָווע גאַס, וואָס איז אמאָל געווען א לעבעדיקע גאס מיט קינדער, עלטערן, מיט א גרויסער באַוועגונג און לעבן, איז געווען אויסגעשטאָרבן, קיין איין נשמה, קיין איין טראָט הערט מען ניט. פענצטער צעבראָכן, צעהאַקטע בענק, טישן, שטולן, כלים וואלגערן זיך ארום אין די גאַסן. טויזנטער בלעטער פון ביכער, טויזנטער פּאַפּירן פליען אין די גאסן. א מורא כאַפּט אָן צו קוקן בלויז אויף דער גאַס. אלץ איז געשטאָרבן. ניט לאנג צוריק האָט נאָך די גאַס גערוישט מיט טויזנטער שטימען, מיט דעם צענטער פון געטאָ, אָבער היינט — קיין צייכן פון לעבן, נאָר די ווייסע פּאַפּירן. ווען די ווינטן וואָלטן געקאָנט ריידן, וואָלטן זיי דערציילט די טראַגעדיע פון יידישן לעבן. מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, שטילערהייט, גיי איך דורך דעם יידישן קבר פון פריערדיקן לעבן.

מיר לאָזן זיך צוריק צו דער ריכטונג, ווו איך האָף צו געפינען יידן, און ווען איך קום צו צו דער פּאָוושעכנער נייער שולע נעבן דער באַן־דירעקציע, שטייען יידן מיט לאָפּעטעס, העק און ארבעטן. עס מאַכט א געפערלעכן איינדרוק. דאָס זיינען שוין ניט קיין לעבעדיקע פּנימער. זיי רירן זיך נאָך, אָבער דער טויט איז שוין אָנגעשריבן אין זייערע געזיכטער. איך זוך מיט די אויגן באקאנטע. איך הער א שעפּטשע: „אָט איז דיין שוועסטער". איך קוק מיך ארום, איך זע נאָך ניט קיין באַקאַנטן פּנים. אין אַ מינוט רייסן זיך אָפּ צוויי געשטאַלטן פון דער גרוב און קוקן זיך צו צו מיר. איך דערקען זיי, דאָס זיינען מיינע צוויי ייִנגערע ברידער: יאנקל און ברוך, וועלכע האָבן זיך אָפּגעראטעוועט און ניט געפאָרן קיין סאביבאָר. פון דער ווייטן שטייט א זעלנער. מיר דרייען זיך אַ ביסל אַוועק פון וועג אין אַ זייט און מיר הייבן אָן צו ריידן. די ערשטע זאך איז געווען וואָס זיי האָבן געזאָגט, אז אונדזערע עלטערן זיינען טויט, אָבער איך האָב זיי פארזיכערט אז זיי לעבן נאָך, נאָר אונדזער עלטסטער ברודער משה איז טויט. מיר האָבן ניט געקאָנט לאנג ריידן. זיי האָבן מיר נאָר געזאָגט, אז מיין מאַן ארבעט צוריק אין געסטאַפּאָ און ווען ער קען נאָר ברענגט ער זיי ארויס א שטיקל ברויט. מיין מאַן איז שוין בעסער ווי זיי. דאָס הארץ האָט מיר וויי געטאָן צו קוקן אויף מיין ייִנגסטן ברודער, אָן א מאַנטל, קאלט, געפראָרן, ברוין און בלאָ, אָבער איך האָב ניט געקאָנט זיי העלפן. נאָך א פּאָר מינוט האָבן זיי מיך פארלאָזט און געגאַנגען צוריק צו דער ארבעט. מער האָב איך זיי שוין ניט געזען. אין א דריי וואָכן ארום האָב איך זיך דערוווּסט, אז מען האָט זיי ביידן אין איין טאָג דערשאָסן.

איך בין ווייטער נאָך געגאַנגען ביז צו דער געסטאַפּאָ, אָבער מיין מאַן האָב איך ניט געזען. דער שייגעץ איז געוואָרן אומרואיק און ער האָט געוואָלט גיין אהיים. ער האָט מורא געהאט מיט מיר צוריקצוגיין, האָט ער מיך געשיקט דורך די פעלדער און ער איז מיט א נאָרמאלן וועג אהיים געגאַנגען.

אין דער שיקסעס הויז, זעט אויס, האָבן זיך די עלטערן איבערגעשמועסט און באשלאָסן מיך לענגער ניט צו האלטן. ווען איך בין אהיימגעקומען, האָבן זיי מיר געזאָגט, אז זיי האָבן מורא מיך לענגער צו האלטן. איך האָב קיין ברירה ניט געהאַט און איך האָב זיי צוגעזאָגט, אז די וואָך וועל איך זיי פארלאָזן.

מאָנטאָג אין אָוונט, איז ווידער זשעני, די שיקסע, ארויפגעקומען און זי האָט מיר די ריכטיקע בשורה געבראכט. איר ברודער איז געווען מאָנטאָג אין דערפרי אין שטאָט און געזען ווי מען האָט א גרופּע יידן פון אונדזער הויז ארויסגעפירט, זי האָט מיר אזעלכע סימנים געגעבן, אז איך בין זיכער געווען, אז דאָס זיינען געווען מיינע עלטערן מיט דער שוויגער. וואָס איך האָב דעמאָלט געפילט קאָן איך ניט באשרייבן, אָבער דאָך האָב איך איר זייער געבעטן, זי זאָל מיט מיר נאָך איין מאָל גיין צו מיינע עלטערן זען, וואָס איז דאָרט געשען.

דינסטאָג אין דערפרי האָב איך זיך איבערגעטאָן, גענומען א קוישעלע עסן און געלאָזט זיך אין וועג אריין.

עס איז נאָך געווען פינצטער, ווען איך בין צום אָרט צוגעקומען. די שיקסע, ווי געוויינטלעך, איז געבליבן שטיין אויף דער צווייטער זייט. מיט א גאנץ ליידיקן קאָפּ אָן א שום געדאַנק האָב

איך זיך אין הויז אריינגעלאָזט און וואָס איך האָב געזען וויל איך מיט מיינע אייגענע ווערטער אויסדריקן.

די טיר פון באהעלטעניש איז געווען אָפן. איך האָב מער קיין „טאַטע־מאַמע״ ניט אויסגערופן. איך בין אריין אין דער קיך. די פענצטער זיינען פארהאנגען געווען מיט זעק (זעט אויס, מיינע עלטערן האָבן געגלייבט אז דעם 15־טן נאָוועמבער קאָנען זיי ארויסגיין) און ווען זיי זיינען ארויסגעגאַנגען האָבן זיי מורא געהאַט פאר דער ליכטיקייט, אז מען זאָל זיי ניט דערזען און זיי האָבן פארהאנגען די פענצטער. ביי דער קיך איז געשטאַנען אָנ־געגרייט פריש אריינגעבראכטע האָלץ, אויפן טיש איז געשטאַנען אָנגעריבן בוריקעס ווייסע, וואָס מען האָט געגעבן בהמות. ווייזט אויס, אז זיי זיינען געווען הונגעריק, אָבער זיי האָבן שוין ניט געהאַט די מיגלעכקייט צו עסן.

ווען איך האָב פארלאַזט דאָס הויז, אויפן הויף האָב איך דער־זען איין קאלאָש, וועלכן מיין פאָטער האָט פארלאָרן, ווען מען האָט



יידן אלס שקלאַפן־ארבעטער אונטער דער נאַצישער ממשלה.

אים ארויסגעפירט צום טויט. איך האָב ניט געוויינט, איך האָב ניט גערעדט. א ריכטיקער שטיין איז געווען אין מיר ווען איך בין צוריקגעקומען מיט דעם קוישעלע צום צמענטאַזש, ווו די שיקסע האָט געוואַרט. אויף איר פראגע וואָס הערט זיך, האָב איך גאָר־ניט געענטפערט. איך האָב דאָס פעקעלע איבערגעלאָזט אויפן צמענטאַזש און געגאַנגען זוכן מיין מאַן. איצט האָב איך שוין ניט געדארפט בלייבן אין שטאָט, עס האָט מיך גאָרניט געהאלטן.

רואיק האָבן מיר זיך געלאָזט אין שטאָט אריין. עס איז נאָך געווען זייער פרי אָבער ווען מיר זיינען דורכגעגאַנגען די דירעק־ציע, האָבן שוין די יידישע שקלאַפן געארבעט. איך האָב זיך אומגעקוקט, געזוכט, איך האָב ניט געזען מיינע ברידער, זיי האָבן מסתמא געארבעט אויף א צווייטן פלאַץ. מיין מאַן איז אויך ניט געווען. מיר האָבן זיך געלאָזט צו דער געסטאַפּאָ, אין דעם לייב׳ס מויל. די געסטאַפּאָווצעס האָבן מיך זייער גוט געקענט, ווייל איך האָב געארבעט דאָרט א גאנץ יאָר, אָבער איך האָב ניט מורא געהאַט. מיר זיינען געקומען צו דעם פלויט פון געסטאַפּאָ 8.30 אזייגער, און מיר האָבן געהאָפט, אז עמעצער וועט ארויסגיין פון די אַרבעטער, וועלן מיר בעטן צו שיקן מיין מאַן. מיר האָבן אזוי געוואַרט ביז 12 אזייגער און קיינער איז ניט ארויסגעקומען. די שיקסע האָט ניט געקענט מיין מאַן. איך האָב נאָר געהאַט א קליינע פאָטאָגראַפיע פון אים. זי האָט גענומען די פאָטאָגראַפיע און איז צוגעגאַנגען נעענטער צו די פענצטערס פון געסטאַפּאָ און געקוקט. מיט איינמאָל האָט זי דערזען א פּנים אין פענצ־טער האָט זי אָנגעהייבן ווינקען צו אים, אז ער זאָל אראָפּקומען. ווען ער האָט איר געהאָרכט און ארויסגעקומען פון געסטאַפּאָ, איז זי צוגעגאַנגען צו אים און ווייזנדיק דאָס בילד געפרעגט אים צי ער קאָן אפשר דעם מענטש פון דעם בילד. דאָס איז געווען מיין מאן, זי האָט אים גלייך געזאָגט אז איך וואַרט אונטערן פּלויט אויף אים. זיי זיינען ביידע ארויסגעקומען. איך האָב דערזען מיין מאן, אָבער ער איז ניט מער ענלעך געווען צו זיך. די האָר אָפּגעגאָלט, פארשווארצט, מיט קרעץ אויף זיין פּנים. איך האָב ניט געגלייבט אז אין אזא קורצע צייט זאָל ער זיך אזוי פארנע־דערן. מיר האָבן א סך ניט גערעדט. ער האָט נאָר איין בקשה געהאַט, אז איך זאָל מיט אים איין טאָג בלייבן, אז ער וועט מיך אריינגנבענען אין קעלער און דאָרט וועלן מיר ביידע זיין, אָבער איך האָב אים אָפּגעזאָגט. איך ווייס ניט פארוואָס, אפשר האָב איך געפילט, אז דאָס לעבן איז שוין ניט מער קיין לעבן, נאָר אין וועג קיין קיעלץ האָב איך פאַרדרוס געהאַט פארוואָס איך בין ניט מיט אים געבליבן. איך האָב אים דערציילט וועגן טויט פון אונדזערע עלטערן, מיר האָבן זיך אַ גוטן דריק געגעבן מיט די הענט און זיך צעגאַנגען אָן האָפענונג זיך מער צו זען. איך בין אהיים געגאַנגען צו דער שיקסע, מיטגענומען די 700 זלאָטיס, און מער גאָרניט. 7 אזייגער אין אָוונט האָב איך פארלאָזט כעלם.

איך בין געפאָרן קיין קיעלץ, ווייל מיין מאן האָט געהאט אין סטאַשאָוו, נעבן קיעלץ, צוויי שוועסטער.

* * *

דאָס איז איין עפּיזאָד פון כעלם אין צייט פון די אַקציעס. ווי אזוי איך בין געקומען קיין קיעלץ און ווי אזוי איך האָב אָפּגע־ראַטעוועט מיין מאַן איז אַ באַזונדער קאַפּיטל פון אויסטערלישע עפּיזאָדן און פאסירונגען.



יאָשע אכטמאַן, קאַנאַדע

# אין כעלעמער אַרבעט-לאַגער

ווען מען האָט מיך צעטיילט פון מיין פרוי, בין איך געבליבן מיט נאָך א צוויי אָדער דריי הונדערט יידן. מען האָט אונדז, ווי דער דייטשישער שטייגער, מיט געשרייען און געשלעגן אויסגע־שטעלט אין א ריי און געהייסן גיין , ניט אומקוקן זיך, נאָר גיין. די גרויסע פּאַרטיע איז אַוועק מיט דער פּיאַסקע און מיר, די קליינע פּאַרטיע, זיינען אוועק א שטיקל אויף ליובעלסקע ביז דער פּעראַצקיעגאַ מיט דער באַן־גאַס — נאָכן יידישן הייליקן אָרט.

עס איז געווען אַן ארבעט־לאַגער, ווו מען האָט אונדז אלע־מען אריינגעפּאַקט, איינעם אויפן אנדערן.

ווען מיר האָבן זיך א ביסל איינגעאָרדענט און א ביסל רואי־קער געוואָרן, איז די נאַכט צוגעפאַלן. קיין ליכט האָבן מיר ניט גע־האַט, קיין פענצטער איז ניט געווען. יעדער איינער איז געזעסן מיט זיינע געדאַנקען פאַרטראַכט. שטיל, קיינער רעדט קיין וואָרט.

פלוצלינג דערהערן מיר אַ טופּען פון פיס, טויזנטער פיס, און א באַקאַנט דייטשיש געשריי: „לויז, לויז, אויפשטיין איר פער־פלוכטע הינט".

מיר הערן ווי עס פאַלן שטעקנס אויף קעפּ, מענטשן שרייען: „אוי"; מיר הייבן זיך אָן צו באַוועגן; איינער וויל ארויסגיין, נאָך איינער, א דריטער, אָבער מען לאָזט קיינעם ניט ארויס. מיר זיינען בלויז מענער, און פלוצלינג דערהערט זיך אַ געוויין, אזוי ווי אַלע וואָלטן זיך צוזאַמענגערעדט. איין געוויין פון אלע דריי הונדערט מענער, אָבער א שטיל פאַרשטיקט געוויין, ווייל מען האָט מורא הויך צו וויינען, די דייטשן האָבן ניט ליב קיין געוויין. עס הערן זיך אין דעם געוויין טענות צו זיך אליין: פאַר־וואָס בין איך ניט מיטגעגאַנגען מיטן טאַטן אָדער מאַמען, מיט פרוי, מיט די קינדער; מיר ווייסן אז מ'וועט אונדז האַלטן אזוי לאַנג, ביז מען וועט אונדז דאַרפן און דערנאָך וועט מיט אונדז פּאַ־סירן דאָס זעלבע, איז וואָס דאַרפן מיר זיך נאָך מאַטערן, אין דען ניט בעסער דער טויט מיט אלע צוזאַמען. די טופּעריי ווערט שטילער.

אין צוויי שעה ארום, ווען אלץ איז רואיק געוואָרן, האָט מען אָנגעהויבן ארויסצולאָזן אונדז אין דריי פאַרשיידענע קאַמערן. אין דער קאַמער, ווו איך בין אריין, איז אַמאָל געווען שטרוי. עס איז צו דערקענען, אז עס איז שטרוי געווען, דערפאַר זיינען אי־בערגעבליבן א סך קליינטשינקע שטיינדעלעך און אויף דעם האָבן מיר זיך געדאַרפט אויסציען. מיר זיינען געלעגן איינער אויפן אַנדערן. מיט אונדז איז דאָ אַ ייד מיט אַ זון פון דייטשלאַנד. עס קוועטשן דעם יידן די שטיינדעלעך. ער שילט, עס איז אים ניט באַ־קוועם. עס איז אויך געווען אַ טרעגער פון כעלם, איך געדענק ניט זיין נאָמען, אָבער אַ געזונטער יונג. ער האָט באַקומען מיט א שטי־לעט פון אַ דייטש אין אַ זייט, עס טוט אים זייער וויי, ער קאָן ניט ליגן, ער וויינט פאַר ווייטאָג אָבער קיינער קאָן אים ניט העלפן.

פלוצלינג מאַכט זיך אויף די טיר און דער לאַגער־עלטסטער קומט אריין מיט דער פראַגע: ווער עס פילט זיך ניט גוט אָדער איז קראַנק און וויל איבערגיין אין אַן אנדער קאַמער זאָל מיטגיין מיט אים. פאַרשטייט זיך, אז דער דייטשישער ייד מיטן זון און דער פאַרוואונדעטער טרעגער זיינען מיט אים אוועק. מיר האָבן די מענטשן מער ניט געזען, זיי זיינען דערשאָסן געוואָרן אין דער זעלבער נאַכט.

אויפן צווייטן טאָג, דאָס איז געווען שבת, האָט מען אונדז אלעמען ארויסגעלאָזט אויפן הויף. מיר האָבן באַקומען, יעדע־



רער, א שטיק שוואַרץ טרוקן ברויט און ביטערע קאַווע. עס איז א מערקווערדיקע זאַך: מיר ווערן ניט געהיט פון קיין שום דייטשישן מיליטער, נאָר פון דער יידישער מיליץ. ביים טויער שטייט אַ יידישער פּאָליציאַנט, ביים פּלויט דאָס זעלבע, און דאָס איז דאָס גאַנצע באַוואַכן אונדז, ווייל די דייטשן זיינען זיכער, אז מיר וועלן ניט אַנטלויפן, ווייל מיר האָבן ניט ווו צו לויפן. אין שטאָט אז מען געפינט אַ יידן, ווערט ער אויפן אָרט דערשאָסן; אז מען געפינט א גרופּע פירט מען איר אַוועק אין תפיסה ביז עס נעמט זיך צוזאַמען א גרעסערע גרופּע ווערן זיי אוועקגעפירט אויפן פעלד, ווו מען גייט צו דער אַזיערע, און דאָרט איז אויסגע־גראָבן אַ לאַנגע גרוב; און ווען מען ברענגט אַ פּאַרטיע ווערט זי אויסגעשטעלט מיטן געזיכט צום גרוב און פון הינטן פאַלן די שאָסן אַזוי, אז מען פאַלט אריין מיטן געזיכט צו דער ערד. פון אויבן ווערט געשאָטן ערד.

ביי אונדז אין לאַגער ווערן ניט צוגעלאָזן קיין אנדערע יידן, וועלכע זיינען נאָך געבליבן אין שטאָט. באַהאַלטן זיך איז ניטאָ ווו, ווייל ווען א פּאָליאַק זעט דיך, גיט ער דיך איבער צו די דייטשן. צו עסן איז ניטאָ, אזוי אז יידן קומען אליין זיך איבער־געבן.

ביים ארויסגיין ווערן מיר געציילט און דאָס זעלבע ביים אריינקומען. איינמאָל איז געשען אזא זאַך: אויף דעם צווייטן טאָג נאָכן זיין אין לאַגער, באַלד אין דערפרי, הערט זיך א געשריי, אלע זאָלן זיך אויסשטעלן. ווען מיר זיינען שוין אלע געווען אויסגעשטעלט, קומט צו דער לאַגער־עלטסטער (דער לאַגער־עלטסטער איז געווען א ציווילער דייטש פון דייטשלאַנד) און רופט אויס דעם נאָמען פון איינעם פון דער יידישער מיליץ, און דאַן הייסט ער אויפמאַכן איינע פון די טויטע קאַמערן. דאָרט האָט מען געהאַלטן אַזעלכע מענטשן, וואָס זיינען געכאַפּט געוואָרן ביים אריינגנבענען זיך אין לאַגער אָדער זיינען באַגאַנגען אנדע־רע אַזעלכע פאַרברעכנס. פון די אָ קאַמערן האָט מען געפירט צו דערשיסן זיי.

דער לאַגער־עלטסטער הייסט ארויספירן אַ פרוי, דאָס איז געווען די פרוי פון דעם יידישן מיליציאַנט, און רופט אויס אויפן



ארבעטנדיקע יידן ביים לאַגער. פון די זייטן זעען זיך די קאַפּאָס, וואָס באַוואַכן זיי.

קול, אז דער יידישער מיליציאנט איז באגאנגען א פארברעכן דערמיט וואָס ער האָט אריינגעגנבעט זיין פרוי אין לאגער, דערפאר ווערט ער דערשאָסן צוזאמען מיט זיין פרוי אין אונדזער געגנוואַרט, אז עס זאָל זיין אַן אָפשרעק פאַר אַנדערע, זיי זאָלן דאָס געדענקען.

נאָכן דערשיסן די צוויי יונגע מענטשן איז ער אוועק און אָנגעזאָגט אז זיי דארפן ליגן בלייבן אין מיטן פּלאַץ א גאנצן טאָג און דעם עולם האָט ער געהייסן פונאַנדערגיין. איך גיי אַדורך איינע פון די טויטע קאמערן, הער איך ווי מען רופט מיין נאָמען: יאָשע! יאָשע! איך בעט דיך, גיב מיר א שטיקל ברויט, איך האָב שוין דריי טעג קיין שטיקל ברויט ניט געהאַט אין מיין מויל. איך בין צוזאַמען מיט מיינע שוואָגערס. מיר רופן צו נאָך אַ פּאָר מענטשן. מאכן מיר א וואנט. איינער פון הינטן קוקט, אז קיינער זאָל ניט זען. איך קוק מיר צו און גיב דער פרוי מיין גאנצע פיידע ברויט. איך און מיינע שוואָגערס זיינען געווען צוגעטיילט צו איין גרופּע ארבעטער, מיר זיינען אוועק צו דער ארבעט און ווען מיר זיינען צוריקגעקומען איז די פרוי מער ניט געווען.

מיר ארבעטן אויפן וועג וואָס פירט צו דער דירעקציע וווּ עס שטייט די גרויסע שול. ס'איז זייער קאַלט. מיינע צוויי שוואָגערס, יונגע יינגלעך, איינער 15, דער צווייטער 17 יאָר אלט ארבעטן אויך. ווען זיי זיינען ארויס פון שטוב איז געווען וואַרעם, האָבן זיי זיך ניט אָנגעטאָן וואַרעם. דאָס האַרץ האָט געקאָנט פּלאַצן קוקנדיק אויף זיי. די קעלט האָט זיי איינגעשרומפּן. איינמאָל האָט זיי א גליק געטראָפן: מיר שטייען איין מאָל און ארבעטן, זעען מיר ווי מען פירט א גרופּע יידן. זיי זיינען געפירט געוואָרן דורך יונגע היטלעריסטן. ווען זיי האָבן אונדז דערזען, האָבן זיי אָנגעהויבן שמייכלען און סודען זיך. די גרופּע יידן איז באַשטאַנען פון אַ 15 מענטשן. איך געדענק איין מוטער האָט געפירט איין קינד ביי דער האַנט און דאָס אנדערע קינד האָט זי געהאַלטן אויף דער האַנט. נישט ווייט פון אונדז זיינען אלע אין אונדזער געגנווארט דערשאָסן געוואָרן, און די באַנדיטן, מיט א שמייכל, קוקנדיק אונדז אין פנים אריין, זיינען אוועק נאָך אנדערע קרבנות. אָט פון די טויטע האָט מען אראָפּגענומען זייערע מאנטלען און ארויפגעשלעפּט אויף די לעבעדיקע־טויטע.

ארבעטנדיק אויף דעם וועג זעען מיר יעדן טאָג, ווי מען פירט פון שטאָט וועגענער מיט טויטע יידן אויפן יידישן הייליקן אָרט, וווּ עס איז אויסגעגראָבן א גרויסער ראָוו, ווערן זיי אלע אריינגעשליידערט.

מיט אָט דער אַרבעט פירט אָן א געסטאַפּאָ־מאַן. דאָס הייסט, די ארבעטער זיינען יידן, אָבער ער האָט די אויפגאבע אכטונג צו געבן ווען די יידן קוקן ביי די טויטע יידן אין קעשענע. דאָס הייסט, אז אלע טויטע זיינען געוואָרן באַזוכט צי זיי נעמען ניט מיט מיט זיך געלט אָדער גאָלד.

אָפּארבעטנדיק א וואָך אין לאגער, האָט מען מיך צוריקגענומען צו מיין אלטער ארבעט, דאָס הייסט ווו איך האָב געארבעט פארן לאגער, אין געסטאַפּאָ. מיין ארבעט איז געווען צו פּוצן די שטיוול, הייצן די אויוונס און האלטן ריין די קלאָזעטן. מיר פלעגן ארבעטן דערביי פיר יידן, יעדער איינער האָט געהאַט צו באַדינען ביז אַכט מאַן. א טייל פון זיי האָבן נאָך געהאַט צו באַדינען אויך די ווייבער און קינדער. די געסטאַפּאָ־לייט האָבן מיך פּרובירט צו פאַרטרעטן מיט אַ פּאָליאַק, אָבער דער פּאָליאַק האָט אזוי ווי די יידן ניט געאַרבעט און אלץ איז געווען זייער ברודיק, אזוי, אז זיי האָבן געמוזט זיך איבערבעטן מיט מיר. דאָס וואָס עס האָבן פריער געמאַכט פיר יידן, האָב איך געמוזט מאַכן אליין.

אריינקומענדיק אין הויז, האָב איך געטראָפן אַנדערע יידן. דאָס זיינען געווען פאַכלייט. איך וועל פּרובירן אויסרעכענען זיי ביי די נעמען: כעלעמער סטאָליאַרעס, וואָס האָבן געהייסן: יאָסל מילכמאַן, אהרון האָס מיטן זון; טאַנטשע ניסענבוים און איינער אַ קאָלישער סטאָליער. פון זיי איז לעבן געבליבן טאַנטשע ניסענבוים; איין בלעכערמאַכער — זיין נאָמען איז אויך בלעכערמאַכער, ער איז אויך לעבן געבליבן; צוויי מאַליאַרעס: ליפּע גאָלדמאַן און סטאַלניק. איך געדענק ניט זיין צווייטן נאָמען; איין טאַפּעצירער — יאָסעלע אייזן, ליפּע גאָלדמאַנס אַ שוואָגער.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך דערמאָנען ווי אזוי ס'איז אומגעקומען ליפּע גאָלדמאַנס ברודער, מאָטל. ער איז געווען אַ קאַמאַשןשטעפּער ווי איך. ער איז געווען אַ גאַנצע פיגור אין האַנטווערקער־פאַראיין. אַלע געדענקען אים. ער איז אומגעקומען מיט אזא טויט: אין דער גאַנצער צייט ביז דער לעצטער אַקציע איז ער געווען באַשעפטיקט ביי דער דייטשישער זשאַנדאַרמעריע. ביי דער לעצטער אַקציע האָבן זיי אים פאַרהאַלטן, שוין ניט געלאָזט אהיים גיין. צוויי וואָכן פאַר דער אַקציע האָבן די דייטשן אים געזאָגט, אז זיי גייען אים דערשיסן, אָבער ער קאָן זיך אויסקויפן מיט געלט. ער האָט זיי געזאָגט, אז ער האָט ביי זיך קיין געלט ניט, נאָר אין דערהיים האָט ער געלט באַהאַלטן. די דייטשן האָבן זיך ניט געפוילט און זיינען מיט אים אַוועק אַהיים. ווען ער האָט ארויסגענומען דאָס געלט און עס איבערגעגעבן צו די דייטשן, האָבן זיי אים גוט אָנגעשלאָגן און דערשאָסן גלייך אויפן אָרט. אין געסטאַפּאָ האָב איך נאָך געטראָפן אַ זייער מיאוסן פויגל פון פאַרן קריג און אין דער צייט פון קריג האָט ער אויך געפירט אַ זייער מיאוסע אַרבעט. ער איז געווען איינער פון די ערגסטע מוסרים, דאָס איז געווען אַביש קערשנבוים. מען פלעגט אים רופן „דער געלער אַביש“, ער האָט געהאַט אַן אייגן געשעפט אין „רינעק“. די געסטאַפּאָ האָבן אים געהאַלטן, ווייל זיי האָבן נאָך געוואָלט פון אים ארויסקריגן פאַרשיידענע זאַכן וועגן יידן. אָבער לאַנג האָבן זיי אים ניט געהאַלטן: נאָך צוויי וואָכן האָבן מיר באַמערקט ווי צוויי געסטאַפּאָ־לייט זיינען מיט אים אוועקגעפאָרן און צוריקגעקומען אָן אים, דאָס איז געווען די ענד פון אַ מיאוסער באַשעפעניש, אַבישל קערשנבוים. זיין ברודער, פישל, אַ טויבער, איז געפאַלן אין דער ערשטער פּאַרטיע גלייך מיט אלע יידן.

מיין ארבעט איז יעצט באַשטאַנען פיר מאָל אזוי פיל ווי פריער און מער, ווייל נאָך די פרעסט איז געוואָרן וואַרעם און עס האָט גערעגנט. יעדן טאָג האָב איך געזען דורכן פענצטער, ווי מען פירט פּאַרטיעס יידן צו דערשיסן. די געסטאַפּאָ־לייט פלעגן צוריקקערן זיך, די שטיוול זייערע באַשמירט מיט בלוט און געמישט מיט בלאָטע. טיילמאָל האָב איך געמוזט קראַצן מיט די פינגער, אז דאָס בלוט זאָל אוועקגיין, טיילמאָל האָב איך אויך געמוזט פּוצן דאָס בלוט פון די מונדירן. ביי איניקע פון זיי איז דאָס בלוט געווען אויף די ארבל, איבערן עלנבויגן. מיט די נעגל האָב איך געמוזט קראַצן, ווייל די דייטשן האָבן ליב ריינקייט. איך האָב געהאַט 28 פּאָר שטיוול און אויף 7 ביז 7.30 אַז. האָב איך זיי געמוזט אויספּוצן און דערצו נאָך פייער מאכן אין די ביוראָ'ס, ווייל די דייטשן האָבן ליב וואַרעם זאָל זיין אויך. איך האָב געמוזט אויפשטיין פאַרטאָג, אז איך זאָל דאָס אלץ מאַכן.

געשלאָפן זיינען מיר אלע אין סטאָליער־ווארשטאַט. איינמאָל אין דער וואָך זיינען מיר געגאַנגען זיך וואַשן צו דער תפיסה, וועלכע האָט געהערט צו דער געסטאַפּאָ.

איינמאָל אריינקומענדיק אין הויף פון דער תפיסה, האָבן מיר דערזען צוויי באַקאַנטע יידן, צעהרגעטע. זעט אויס, אז מען

האָט זיי נאַר וואָס געבּרענגט. איינער איז געווען דער גראבער באַנד, אָבער ער איז שוין מער ניט געווען גראָב, אַלץ איז גע־האַנגען אויף אים; דער צווייטער איז געווען דער וואַרשעווער לעקעך־בעקערינס אַ זון, גערופן האָט מען אים באַך. ביידע זיינען געווען דערשראָקענע פינצטערע האַלב־טויטע מענטשן. מער האָבן מיר זיי ניט געזען. נעבן דער באָד, וווּ מיר האָבן זיך געוואַשן, איז געווען אַ צעלע פאַר געכאַפּטע יידן.

איינמאָל, ווען מיר זיינען געקומען האָבן מיר געזען אזא בילד: מיר האָבן געמוזט אַ ביסל צוואַרטן. שטייענדיק אזוי האָבן מיר דערהערט קרעכצן, מיר קוקן אריין דורכן קוק־לאָך, האָבן מיר דערזען, ווי מענער פרויען, קינדער און מיידלעך, אלע אויסגע־טאָן אינגאַנצן נאַקעט, אָן העמדער. צווישן זיי האָבן מיר באַ־מערקט די עלטערע טאָכטער פון דער פרוי האָרוויץ, וואָס האָט געהאַט א געשעפט פון פּערפיום אויף דער לובעלסקע. שפּעטער זיינען מיר געוואָר געוואָרן פאַרוואָס מען האַלט דאָרטן די מענטשן, ווייל אין דער צייט ווען זיי זיינען אין קאַמער, ווערן זייערע זאַכן דורכגעקוקט אויב ס׳איז ניט באַהאַלטן געלט אָדער גאָלד, ווען אַלץ איז פאַרטיק, ווערן זיי ארויסגעטריבן און יעדער דאַרף אויף גיך אַ כאַפּ טאָן די קליידער און זיך שנעל אָנטאָן, און דערביי פאַלן שטעקנס איבער די קעפּ, אזוי אז קיינער האָט קיין צייט ניט צו כאַפּן זיינע אייגענע קליידער: אַ הויכער כאַפּט קורצע קליידער און א קליינער כאַפּט לאַנגע, אזוי אז אלע זעען אויס זייער קאָמיש. נאָכדעם פירט מען זיי איבער דער שטאָט אויפן פעלד צו דערשיסן. איבערן וועג ווערן זיי געיאָגט און געשלאָגן, אזוי ווי אַ חזיר־שלעגער פלעגט יאָגן חזרים. אויף איינער אַ פריער־דיקער פאַרטיע האָב איך געזען, ווי עס ווערן געפירט מענער, פרויען, קינדער און צווישן זיי האָב איך געזען דעם אַלטן משה טוכמאַן. ער, א הויכער, אַ דאַרער, זי — א נידעריקע, א דיקע. ער פירט איר אונטער דער האַנט. ער גייט גלייך. די דייטשן קאָנען אָבער ניט זען, אז א ייד זאָל גיין גלייך. עס הייבן אָן צו פאַלן שטעקנס אויף זיין קאָפּ, אָבער ער בייגט זיך ניט, די דייטשן דענערווירן זיך און הייבן אָן צו שלאָגן די פרוי. דער אלטער משה טוכמאַן בייגט זיך צו זיין פרוי, כדי איר צו פארשטעלן, אָבער פאר די דייטשע קלעפּ האָט ער זיך ניט געבויגן. איך האָב ווייטער ניט געזען, ווייל זיי זיינען אוועק צו דער באַן נאָך סאָביבאָר.

צו אונדז אין דער געסטאַפּאָ פלעגט צוויי מאָל אין דער וואָך קומען א פריזירער מיטן נאָמען יאנקל קאַרפּ. ביי דער לעצטער אַקציע האָב איך אים ניט געזען. דער שעף אונדזערער פרעגט זיך נאָך אויף אים, ער זאָגט אז ווען ער באַהאלט זיך ניט אויס וואָלט ער אים גענומען צוריק צו דער ארבעט. איינמאָל הערן מיר א געשריי און א געלעכטער. מען פירט א פּארטיע יידן און צווישן זיי איז דאָ יאנקל קאַרפּ, דערפאר איז דאָס געלעכטער, אז מען האָט אים געכאַפּט. מיר וואַרטן אז דער שעף זאָל אים ארויסנע־מען, אָבער ער שטייט און לאכט און שילט: „פארפלוכטער יודע“, פארוואָס ער האָט זיך אזוי גוט באהאלטן און זיי האָבן אים ניט געקאָנט פריער דערשיסן. דאָס איז געווען דער לוין פאר אר־בעטן העכער צוויי יאָר. יאנקל קארפּ דער פריזירער איז געוואָרן דערשאָסן אויפן פעלד, וווּ מען גייט צו דער אָזיערע.

* * *

מיר איז סוף־סוף געלונגען צו אַנטלויפן און איך מיט מיין פרוי האָבן זיך געראַטעוועט אויף אַרישע פּאַפּירן.

---

# נקמה, נקמה!

נעכט פון פּיין, טעג פון צאָרן
פון חדשים און זייט יאָרן,
גיבן ניט מיין מידן גוף קיין רו;
נעכט קאָשמאַרפולע חלומות
פון די היימישע מקומות
פלעכטן זיך אין מיר אריין,
און מיט זיי, די נאָענטסטע מיין.
אָט זע איך די מאַמע מיינע:
זי האָט באַשלאָסן
ניט מיט טויט־מאַרש גיין
און אויב שטאַרבן — זאָל דאָס זיין
ביי זיך אין דער היים...
אָט ליגט זי דערשאָסן אויף דעם שטיין
וואָס יאָרן לאַנג געטאָן אויף אים
דעם ערשטן טראָט פון שטוב אין גאַס אריין,
און נעבן איר מיין פאָטער
וואָס איז פון ארבעט נאָרוואָס געקומען
פול מיט ווייטאָג און געוויין.
און ווען געווען נאָכדעם ער איז
אין טויט־פאַבריק סאָביבאָר
וואָס פאר אַריער זייף געשאַפן
פון מענטשן פעטס און גלידער,
דעם נקמה רוף קיין רגע ניט
פון מויל ארויסגעלאָזן.
און ווען צום טויט־פארמשפּטע
צום אויפשטאַנד זיך אנטשלאָסן,
כאָטש געוווסט עס האָבן אלע
ר׳וועט בלויז נאָר אומקום ברענגען,
מיט בלויזע הענט נאָר מיט דראַנגען
מיט העלדן טויט איז ער אומגעקומען,
ווי עס פּאַסט פאר יידן.
אזוי דערציילט מיר איינער
וואָס איז ביים לעבן געבליבן.
מיין פאָטערס לעצטע ווערטער
האָט ער מיר איבערגעגעבן,
און ביי יציאת נשמה

(דער נאָמען פון מחבר איז ניט באַוווּסט).

# אין יענע טעג

(אויסטערלישקייטן פון די טויט־יאָרן אין כעלם)

זלמן (זאַלמעלע בעקער), דערהערנדיק וועגן דערשיסן צוויי יידן, וועמענס חטא איז געווען וואָס מ׳האָט ביי זיי געפונען אַ ביסל קאַרטאָפל, האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן טאָמער געפינט מען ביי אים עטלעכע זעק מעל, וואָס ער האָט זיי באַהאַלטן אין זיין בעקעריי, אונטער די גליטש־טרעפּ.

בשעת מ׳האָט די יידן אין כעלם צונויפגעטריבן אין די ענגע גאַסן פון אָרעמסטן שטאָט־קוואַרטאַל, ווי די נייע צאַל, נייע וועלט און אין די שכנישע פאַרחושכטע און ענגע געסלעך, איז זאַלמעלעס בעקעריי באַשטימט געוואָרן צו באַקן ברויט פאַר די געטאָ־יידן.

די בעקעריי האָט זיך געפונען אין א קעלער־שטוב, וואָס האָט געהאַט 2 אויוונס — א נייעם און אַן אַלטן. דער אלטער אויוון איז ביי זאלמעלען געווען מכמה יאָרן, און הגם ער האָט אין אים ניט געבאַקט, האָט ער אים ניט פונאנדערגעוואָרפן, ווייל ער האָט גע־דינט זאלמעלען פאר אַ באַהעלטעניש צו פאַרשטעקן דאָרט דאָס מעל, ווען דער שטייער־באאמטער פלעגט קומען. קיינער האָט ניט געוווסט, אז פון אלטן אויוון ציט זיך אוועק א קעלער אונטער די גליטש־טרעפּ...

דאָרט האָט זאַלמעלע בעקער פאַרשטעקט עטלעכע זעק מעל בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע.

ווען די שיסערייען און מאָרדן האָבן זיך אין געטאָ אָפּטער איבערגעחזרט און א מוראדיקע פּאַניק האָט באהערשט די יידישע באַפעלקערונג, האָט זאַלמעלע בעקער זיך באַטראַכט, אז ער קאָן אין זיין קעלער פארשטעקן עטלעכע יידן. ער האָט זיין פּלאַן דער־ציילט זיינער א קרובה.

עס זיינען פארבייגעלאָפן געציילטע וואָכן און די געסטאַפּאָ איר טאָכטער זיינען געקומען צו זאלמעלען אין איין געלויף. ער האָט האָט ארומגערינגלט די געטאָ. זאַלמעלעס קרובה, פריידע, מיט זיי דורכן צעבראָכענעם אויוון אריינגעפירט אין קעלער אונטער די טרעפּ. דאָרטן האָבן זיי געטראָפן נאָך צוויי פרויען מיט א מאַן.

עטלעכע חדשים זיינען דורכגעגאַנגען און גאָר א קליינער טייל יידן זיינען נאָך פארבליבן אין געטאָ. די גרויסע מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אויסגעזידלט געוואָרן קיין סאָ־ביבאָר און אויסגעשאָסן געוואָרן אויף די פליינען פון דער „נייער וועלט". עס זיינען פארבליבן נאָר די ארבעט־פּעאיקע.

אין זאַלמעלעס קעלער זיינען געווען פאַרשטעקט 8 פּערזאָן. ער פלעגט אויך אריינקריכן אהינצו, ווען ס׳איז געוואָרן טומלדיק אין געטאָ, טרייסטנדיק די פאַרשטעקטע יידן, אז מען טאָר די האָפענונג ניט פארלירן און מיט גאָטס הילף וועט מען דעם המנען איבערלעבן.

* * *

זאַלמעלע האָט אַ סך יאָרן געהאַט אַן אַרבעטער, וואָס האָט געהייסן וואַסיל. ס׳איז געווען אַ ווינטערדיקע נאַכט, ווען זאַלמעלע האָט באמערקט נעבן די טרעפּ פון זיין בעקעריי אן אָפּגעריסענעם און באוווסטלאָזן מענטשן. ער האָט אים אריינגעפירט אין שטוב, אוועקזעצנדיק אים ביים אויוון און געבנדיק אים עסן. דאָס איז געווען דער קריסט וואַסיל.

זינט יענער נאַכט איז וואַסיל פאַרבליבן ביי זאַלמעלען. ער פלעגט וואסער טראָגן, דעם אויוון הייצן. גערעדט האָט ער קורצע געשטאַמלטע ווערטער, אויסזעענדיק ווי חסר דעה, א מטורף.

אין אָנהייב פון דער דייטשישער אָקופּאַציע האָט וואַסיל אלץ זיך אויפגעהאַלטן ביי זאַלמעלען. אָבער, שפּעטער, ווען ס׳איז ארויס דער באַפעל, אז א ייד טאָר ניט האלטן קיין קריסטלעכן אַרבעטער, האָט זאַלמעלע געזאָגט וואַסילין, אז ער מוז אַוועקגיין פון אים. דערהערט די רייד פון זיין בעל־הבית, האָט וואַסיל באקומען לשון און געבעטן תחנונים ביי זלמעלען, ער זאָל אים ווייטער האלטן, און אז ער איז גרייט גיין צו די דייטשן בעטן אַ דערלויבעניש אויף דעם.

וואַסיל איז טאַקע אוועק אין געסטאַפּאָ, צום שעף, שוואַמ־בערגער, וואָס איז געווען דער אכזר פון אכזרים. ער האָט אים באטראַכט און געזאָגט וואַסילין, אז ער וועט אים געבן א בעסערע אַרבעט. געבנדיק אים אַ קלאַפּ אין פּלייצע, האָט דער געסטאַפּאָ־שעף אים געפרעגט צי ער קאָן שיסן, און אויב ניט וועט מען אים אויסלערנען די מלאכה.

אין דעם זעלבן טאָג האָט שוואַמבערגער גענומען וואַסילין אין טורמע, צו דער ערשטער לעקציע. דאָרט זיינען געזעסן 8 יידן, וואָס מ׳האָט געכאַפּט אין א בונקער. ער האָט וואַסילין געגעבן דעם געלאָדענעם אויטאָמאַט, זאָגנדיק: שיס די פאַר־פלוכטע יידן!

וואַסיל האָט פאר פחד אויסגעשאָסן, און ווי ער האָט געזען, אז עס זיינען געפאלן טויט די יידן, באגיסנדיק זיך מיט בלוט, איז ביי אים ארויסגעפאַלן דער אויטאָמאַט פון די הענט. שוואַמ־בערגער האָט אים געזאָגט, אז ער זאָל באלד נעמען דעם אויטאָ־מאַט אין די הענט, אויב ניט וועט ער תיכף ומיד דערשאָסן ווערן.

ער, וואַסיל, האָט דעם אויטאָמאַט אויפגעהייבן און איז פאר־בליבן ארבעטן אין געסטאַפּאָ. מ׳האָט אים תמיד געזען א האלב־שיכורן, באגלייטנדיק דעם געסטאַפּאָ־שעף.

אין געטאָ איז דער נאָמען וואַסיל געוואָרן דאָס גרעסטע גע־שפּענסט־וואָרט און פאַר אים האָט זיך אויך זאַלמעלע געשראָקן, וויסנדיק, אז וואַסיל ווייסט פון דעם אלטן אויוון און פון די טרעפּ, וואָס פירן צום קעלער.

די שרעק איז ניט געווען אומזיסט. איינמאָל האָט וואַסילין דער געסטאַפּאָ־שעף געזאָגט, אז ער זאָל אים באַגלייטן צו זאלמע־לעס בעקעריי, כדי מאכן דאָרט א רעוויזיע.

אריינקומענדיק, אונטער דער באגלייטונג פון וואַסילין, אין בעקעריי, האָט שוואַמבערגער אויפן אָרט א זעץ געטאָן מיטן שטיוול אין זאַלמעלען, אומוואַרפנדיק אים אויף דער ערד און האָט באפוילן וואַסילין, ער זאָל שיסן זיין געוועזענעם ברויטגעבער. ער, דער געסטאַפּאָ־שעף, איז צוגעגאַנגען צום אַלטן אויוון און האָט באמערקט דעם וועג צום קעלער. עס האָבן זיך באלד דער־הערט פארשטיקטע געשרייען און ס׳האָבן זיך באוויזן די פאר־חושכטע יידן.

וואַסיל האָט געהאַלטן זיין רעוואָלווער געצילט צו זאַלמעלען, אָבער מ׳האָט געקאָנט אָפּמערקן, אז ער וויל אים ניט דערשיסן.

מען האָט די יידן ארויסגעפירט פון זאַלמעלעס בעקעריי. דער געסטאַפּאָ־שעף האָט א זאָג געטאָן צו וואַסילין, אז א קויל איז אַ לייכטער טויט פאר זאלמעלען, און ער האָט צוגערופן אַ זעלנער פון גאַס, ער זאָל די פארפלוכטע יידן אוועקפירן אין טורמע, אויך זאַלמעלען.

אויף מאָרגן האָט מען די יידן געשאָסן אויפן טורמע־הויף און פאר זאלמעלען האָט מען צוגעטראַכט אַ ספּעציעלע מיתה משונה, הלמאי ער האָט געוואַגט באהאלטן די יידן.

אקעגן די גליטש־טרעפ איז געשטאַנען א סלופּ, און אויף אים האָט דער געסטאַפּאָ־שעף באַפוילן קרייציקן עפנטלעך זאלמע־לען... מען האָט צונויפגערופן די געטאָ יידן און אויך קריסטן זיינען זיך צונויפגעקומען, וואָס האָבן זיך אויסגעשטעלט אויף די טרעפּ ווי בעת א צירק־שפּיל.

מען האָט זאַלמעלען געבראַכט פון טורמע און אים צוגעפירט צום דאָזיקן עקזעקוציע־פּלאַץ, זיין קליינער גוף איז נאָך קלע־נער געוואָרן און די גראָע באָרד איז שניי־ווייס געוואָרן. ער איז געשטאַנען ביי די טרעפּלעך און האָט א תפילה געמורמלט.

עס איז באלד געקומען דער געסטאַפּאָ־שעף אונטער דער באַגלייטונג פון וואַסילין, און אין קורצע ווערטער האָט שוואמבער־גער געמאָלדן, אז עס ווערט געקרייציקט דער ייד, ווייל ער האָט געוואַגט אויסצובאהאלטן יידן, און ווער ס׳וועט באהאלטן יידן וועט אזוי געטויט ווערן. דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו וואַסילין, אז ער זאָל זיך נוקם זיין אָן זיין יידישן בלוטזויגער.

וואַסיל איז נאָך די דאָזיקע רייד אומזיכער צוגעגאַנגען צו זאלמעלען, און צוגעפירט אים אויף טרעפּלעך צום סלופּ, צו וועלכן ער האָט אים צוגעבונדן, און מיט אן עמער סמאָלע האָט ער באַ־גאָסן דעם דאָזיקן סלופּ און אים אנגעצונדן. די פלאַמען האָבן זאלמעלעס איינגעקוואַרטן קערפּער ארומגענומען און פאַרצוקט.

עס איז באלד ארויסגעגעבן געוואָרן א באפעל, וואָס איז פּו־נאנדערגעקלעפּט געוואָרן אויף די ווענט פון הייזער און אין פאר־שיידענע עפנטלעכע אנשטאַלטן, אז קיינער טאָר זיך ניט וואַגן ארונטערגענומען דעם געקרייציקטן זאלמעלען.

אויף מאָרגן פרי איז ניט געווען קיין סימן אויפן סלופּ פון זאלמעלעס קערפּער. מען האָט באַשולדיקט אז די יידן האָבן עס געטאָן. עס איז פאַראָרדענט געוואָרן, אז די יידן זאָלן ארויסגעבן דעם יעניקן, וואָס האָט עובר געווען דעם באפעל פון געסטאַפּאָ, אויב ניט וועלן זיי אַלע געטויט ווערן. די געטאָ איז געוואָרן ארומגערינגלט.

אלע האָבן געקלערט אז שוואמבערגער האָט דאָס ספּעציעל געטאָן, כדי אויסצוראָטן וואָס גיכער די רעשט יידן.

עס האָט אָבער לאנג ניט געדויערט און די זאך איז קלאָר געוואָרן. א פּויער איז געקומען אין געסטאַפּאָ און האָט דער־ציילט, אז אויפן יידישן בית־עלמין, אויף איינעם פון די ביימער, הענגט א מונדירטער קריסט. גלייך איז אן אָפּטיילונג פון געס־טאַפּאָ ארויסגעפאָרן אויפן בית־עולם און געזען ווי וואַסיל הענגט אויף א בוים און אונטער זיינע פיס איז געווען אָנגעהויפנט א פריש בערגל.

מען האָט דאָס בערגל אויסגעגראָבן און מען האָט געפונען סי־מנים פון זאלמעלעס פאַרברענטן קערפּער.

וואַסיל האָט צו קבר ישראל געבראַכט דעם פארברענטן סקע־לעט פון זלמעלען, און זיך אליין אויף דעם בוים אויפגעהאנגען.

י. ג.

---

# הבט משמים וראה

(דאָס ליד האָבן יידן געזונגען אינעם כעלעמער געטאָ. דער מחבר — אומבאקאנט.)

**אוי, הבט משמים וראה —**
**קוק אראָפּ פון הימל און זע**
**כי היינו ללעג וקלס,**
**ללעג וקלס בגויים,**
**מיר זיינען דאָך א געלעכטער ביי זיי.**
**נחשבנו כצאן לטבח:**
**אוי, באשעפער, ווי קענסטו צוקוקן אזא זאַך?**
**מיר זיינען דאָך קיינמאָל קיין בארוטע,**
**נאָר תמיד צו דער שחיטה.**

צ ו ז י נ ג:
דעריבער בעטן מיר דיך אַלעמאָל:
העלף שוין אונדז, שומר ישראל,
און פאַרנעם שוין אונדזערע טרערן.
מיר שרייען דאַך „שמע ישראל!“
אוי פאַרנעם שוין, שומר גוי אחד,
באַווייז אַלע פעלקער, אז דו ביסט אונדזער גאָט,
מיר האָבן דאָך קיינעם, נאָר דיך איינעם,
וואָס דיין נאָמען איז ד׳ אחד.

**זרים אומרים: אין תוחלת ותקוה,**
**די פעלקער זאָגן, אז פאר אונדז איז**
**קיין האָפנונג ניטאָ,**
**מען מעג אונדז יאָגן,**
**מען מעג אונדז פלאָגן,**
**מיר האָבן זיך פאר קיינעם**
**ניט צו פאַרקלאָגן:**
**אָבער מיר ווייסן דאָך,**
**אז אין הימל ביסטו דאָ!**
**אויף ד י ר איז דער פסוק פאַראַן:**
**„הנה לא ינום ולא ישן“.**
**דו מוזט דאָך היטן**
**דיינע קינדער.**
**דעריבער ווייסן מיר**
**אז אין הימל ביסטו דאָ!**
**מיט מופתים, מיט וווּנדער.**

צ ו ז י נ ג

**חוסה ד׳ עלינו**
**ואל תתננו בידו —**
**האָב רחמנות, גיב אונדז ניט איבער**
**אין די הענט פון זיי:**
**למה יאמרו הגוים**
**איה אלהיהם,**
**דאָס איז דאָך שטענדיק זייער געשריי.**
**אוי, יידעלע, יידעלע, וואָס האָסטו דאָ צו טאָן,**
**נעם דיר דיין פּעקעלע און גיי דיר קיין ציאָן (ציון),**
**מיר וואָלטן אנטלאָפן**
**נאָר דער וועג איז ניט אָפן,**
**פארוואָס לאָזטו מיט אונדז אזוי טאָן?!**

צ ו ז י נ ג

# סאָביבאָר

## גבית עדות פון משה האָכמאַן

פראָטאָקאָלירט: מלך באַקאַלטשוק־פּעלין.
(לינץ בינדערמיכל, עסטרייך. 18־טער סעפּטעמבער, 1947).

די יידישע באַפעלקערונג אין מיין היימשטעטל זשולקעווקע האָט ביז 1939 געציילט 500—600 נפשות. ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן, זיינען אין רוסלאַנד אַנטלאָפן אַן ערך 10—15 משפחות.

אין די ערשטע טעג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע זיינען דורך די דייטשן דערשאָסן געוואָרן 20 יידן צוליב אַ מסירה פון פּאָליאַקן, אַז זיי זיינען געווען קאָמוניסטן. כדי אָנשרעקן די יידישע באַפעלקערונג, האָט מען אין יידישע הייזער געוואָרפן גראַנאַטן, און אַ סך זשולקעווער יידן זיינען זיך, דערי־בער, פונאַנדערגעלאָפן: ווער קיין לובלין, ווער קיין כעלם און ווער אין אנדערע מקומות. שפּעטער, בעת ס׳איז געוואָרן א ביסל רואיקער, האָבן א סך פון די אַנטלאָפענע יידן זיך צוריקגעקערט קיין זשולקעווקע.

אין 1942 איז ווידער געוואָרן אומרואיק. כ׳געדענק ווי א פרייטאָג־צו־נאַכט בין איך געקומען אַהיים א דערשראָקענער. כ׳האָב זיך דערוווסט פונעם יודנראַט, אז קראַסניסטאַווער יידן האָבן אָנגעזאָגט דעם זשולקעווער יודנראַט, ווי גויים האָבן געזען זייער א סך יידישע אָנטועכץ אין בעלזשעץ. כ׳האָב מיט טרערן אין די אויגן דאָס דערציילט מיין ווייב און איר געזאָגט: „אסתר, צינד אָן ליכט, ס׳איז שלעכט, מיר דאַרפן זיך זעגענען״. מיר האָבן זיך איינאַנדער צעקושט מיט אַ שטאַרקן כליפּענדיקן געוויין.

דער גאַנצער שבתדיקער טאָג איז דורכגעגאַנגען אין ציטער און אין שרעק. שבת־צו־נאַכט איז די געסטאַפּאָ אַריינגעקומען צום בכבודיקסטן ייד אין שטעטל, אביגדורן, און ער איז אין געאייל אַנטלאָפן. אַ זשאַנדאַר האָט אים נאָכגעיאָגט און דערשאָסן. ער איז געבליבן ליגן אין אַ קאַלוזשע בלוט אויפן וועג, וואָס פירט צום קלויסטער.

אין געציילטע טעג שפּעטער, אין מיי 1942, איז אין איין ביינאַכט געוואָרן א גרויסע מהומה. ס׳איז געווען 4 אזייגער פאַרטאָג. געסטאַפּאָ האָט געטריבן די יידן פון די הייזער און מען האָט יידן געכאַפּט אין גאַס. אלעמען האָבן זיי צונויפגעזאַמלט אויף איין פלאַץ. פּאָליאַקן מיט ביקסן האָבן אויך געהאָלפן כאַפּן די יידן, געזוכט און געשטערט אין יעדן ווינקל. ס׳איז גראָד געווען אַ גרויסער שלאַקסרעגן, אַ שטורעם, מיט דונערן און בליצן.

איינער אַ יינגל האָט געפרעגט אַ דייטש וווהין מען פירט זיי, איז ער באַלד דערשאָסן געוואָרן. אויך א פרוי אין עלטער פון 50 יאָר, וואָס האָט עפּעס געפרעגט ביי אַ געסטאַפּאָוועץ, איז אויך דערשאָסן געוואָרן.

איך האָב געהאַט צוגעגרייט אַ בונקער פון פריער, וואָס האָט זיך געפונען הינטער דער שטאָט, וו עס זיינען געווען אויפגעשטעלט ביידלעך צו ווינען, בעת ס׳איז פאָרגעקומען די שריפה אין שטעטל, ערב דער מלחמה. בין איך אין מיטן מהומה, צוזאַמען מיט מיין ווייב און קינדער, אַנטלאָפן אין בונקער. מיין טאָכטער איז דערנאָך אוועק אין שטעטל זען וואָס טוט זיך, האָט זי אונדז דערציילט ווי אלע יידן שטייען אויפן מאַרק־פלאַץ, ארומגערינגלט מיט ס״ס און געסטאַפּאָ און פון באַוואָפנטע פּאָליאַקן. האָבן מיר ניט געוווסט וואָס צו טאָן. בין איך ארויס פרעגן אַ פּאָליאַק, וואָס האָט געווינט נאָענט צו די ביידלעך, האָט ער מיר געזאָגט:



"Moszek, zle, niema rady was Wysiedlajon." („מאָשעק, עס איז שלעכט, ניטאָ קיין עצה, מען זידלט אייך אויס״).

זיינען מיר אויך ארויס פון בונקער און אַוועק אויפן מאַרק־פלאַץ. כ׳האָב געזאָגט צו מיין ווייב: „וואָס וועט זיין מיט אלע יידן, דאָס וועט אויך זיין מיט אונדז!״

מען האָט אונדז פון מאַרק־פלאַץ געטריבן אין שטורעם און אין רעגן. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר זיך געשלעפּט מיט זעקלעך אויף די פּלייצעס, און ערשט ארום 1 אזייגער ביי טאָג זיינען מיר געקומען קיין קראַסניסטאַוו. דער שטורעם און דער רעגן האָבן ניט אויפגעהערט. מיר אלע האָבן בעסער געוואָלט דעם טויט אויפן אָרט, זאָל מען אונדז ליבערשט דערשיסן.

פון זשולקעווקע קיין קראַסניסטאַוו איז 28 ק״מ. א סך טויטע האָבן מיר איבערגעלאָזן אויפן וועג. מיר האָבן שוין זיך דערוווסט, אז מען טרייבט אונדז קיין סאָביבאָר, וואָס איז 90 ק״מ פון זשולקעווקע.

אין קראַסניסטאַוו האָבן מיר זיך געטראָפן מיט יידן פון אנדערע שטעטלעך, ווי טאַרבינע, וויסאָקע, און מיט קראַסניסטאַווער יידן.

אַ גאַנצן טאָג ביז אויף מאָרגן אין דער פרי זיינען מיר אלע געשטאַנען אין דרויסן, און דער רעגן האָט אַלץ געגאָסן. דערנאָך האָט מען אונדז געטריבן צום באַן, עס זיינען שוין געשטאַנען עשאַלאָנען. איידער מען האָט אריינגעלאָזן אין די וואַגאָנען, זיינען געשטאַנען דייטשן, מיט 2 עמערס, הויך באַפוילנדיק, אז מיר זאָלן אָפּגעבן דאָס גאָלד, זילבער און אלע זאַכן, וואָס מיר האָבן. בעת מעשה האָט מען אונדז פאָטאָגראַפירט.

מען האָט אין דעם טראַנספּאָרט אריינגעטריבן 6000 יידן. די טירן פון די פראַכט־וואַגאָנען זיינען געווען פאַרקלאַפּט. קיין ביסעלע לופט איז ניט געווען און אַ סך מענטשן, דערהויפּט קינדער, האָבן געחלשט אויף טויט.

קיין סאָביבאָר זיינען מיר אָנגעקומען דאָנערשטאָג, 6 אזייגער פאַרנאַכט. סאָביבאָר איז 3 ק״מ פון בוג און 7 ק״מ פון וולאָדאַווע. דאָס איז געווען אַ קליינע באַן־סטאַנציע פון איינצעלנע אלטע געביידעס, ניט ווייט פון וואַלד "Las Kresowy" דאָרט איז געווען אַ טאַרטאַק און ניט ווייט האָט זיך געצויגן אַ טיף־געדיכטער וואַלד אויף לאַנגע ק״מ.

באַלד ווי מיר זיינען ארויס פון די וואַגאָנען האָבן די געסטאַפּאָוצעס אָנגערייצט אויף אונדז די הינט. יעדער געסטאַפּאָוועץ האָט געהאַט 1 מעטער מיט 80 צ.מ. די הייך. זיי האָבן די הינט אָנגערייצט אויף אונדז און שטיקער פלייש האָבן זיי געריסן פון אונדזערע לייבער.

דער לאַגער איז געווען באַלד ביים באַן. אויף א קליינעם פלאַץ האָט ער זיך געפונען. ארום און ארום איז עס געווען ארומגעצאַמט מיט דראָטן. די פרויען האָט מען באַפוילן גיין רעכטס, די מענער — לינקס. מען האָט פונאַנדערגעשיידט ברוטאַליש מענער פון פרויען און פרויען פון קינדער. ס׳איז געווען אַ גרויסער ליאַרעם און געשריי עד לב השמים. דער שטאַרקער אויסגעשריי „שמע ישראל״ האָט באמת געקאָנט שפּאַלטן די העכסטע הימלען. אויך ביי מיר האָט מען מיט גוואַלד צוגענומען די פרוי און קינדער.

נאָך דער דאָזיקער „אַרבעט״, האָט מען אונדז צעשטעלט אין רייען, און געסטאַפּאָ האָט געמאָלדן: ווער ס׳וויל ארבעטן, זאָל

ארויסגיין. מען האָט אַליין ניט געוווּסט ווי איז בעסער און וואָס דאַרף מען טאָן. 80 מאַן זיינען ארויס און אויך איך בין געווען בתוכם. מען האָט אונדז אַוועקגעפירט אין אַ צווייטן לאַגער.

דאָרט, אין דעם צווייטן לאַגער, איז געווען אַ גרוב, ווו מען האָט געבערענט מלבושים פון די דערשאָסענע יידן, צוזאַמען מיט שטיקלעך לייב. אונטער דער שמירה פון באַוואָפנטע אוקראַאינער האָבן מיר זיך געלייגט איינער נעבן צווייטן, און יעדערער פון אונדז האָט זיך געריכט, אַז אָט־אָט קומט דער טויט. מיר האָבן זיך איינער מיטן צווייטן געזעגנט און אַלע צוזאַמען האָבן מיר ווידוי געזאָגט. מיר האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד, אָנ־שפּאַרנדיק איין קאָפּ אָן צווייטן, און אין אַזאַ צושטאַנד זיינען מיר געלעגן אַ גאַנצע נאַכט און אַ גאַנצן טאָג. מיר האָבן שוין בעסער געוואָלט דעם טויט, איידער אַזוי לעבן.

אין אַ מעת־לעת אַרום, האָט מען אונדז אַוועקגעפירט אין דעם פריערדיקן לאַגער, וואָס איז געווען ביים באַן. פון דעם זעקס־טויזנטדיקן טראַנספּאָרט האָב איך דאָרט קיינעם נישט געטראָפן. כ'האָב שוין ניט דערוויסט מיין פרוי און קינדער, מיינע ברידער הערשל און זאַוול האַכמאַן. כ'האָב נאָר געפונען מיין זון ישראל, מיין פלימעניק ישעיהלע הערשלס און מיין פלימעניק מתות זאַוולס. זיי האָבן אונדז דערציילט, אַז אַלע זיינען שוין פאַרגאַזט געוואָרן.

אַ געוויסע צייט האָבן מיר געאַרבעט ביים סאָרטירן דאָס אָנ־טועכץ פון די טויטע און דערנאָך האָט מען אונדז געגעבן פאַר־שיידענע אַרבעטן.

מיר האָבן געזען ווי מען ברענגט טראַנספּאָרטן יידן. מען האָט געבראַכט צו 4000—5000 יידן אין אַ טראַנספּאָרט. מען האָט געבראַכט קיין סאָביבאָר יידן פון פוילן, טשעכיע, האָלאַנד און פון אוקראַאינע. ווינטער־צייט זיינען אָנגעקומען טראַנספּאָרטן מיט גע־פרוירענע קינדער און דערוואַקסענע. מען פלעגט ביים ארויסגיין פון באַן, זיי שטאַרק שלאָגן.

די דערפרוירענע אין די וואַגאָנעס האָט מען אויף וועגעלעך איבער די שינעס (רעלסן) געפירט צו באַגראָבן, ס'זיינען שפּעטער געווען ספּעציעלע מאַשינעס מיט ציינער ''Lorkes'', וואָס האָבן פון די וואַגאָנעס ארויסגעוואָרפן טויטע קערפּערס און זיי אויף די פּעלדער צעוואָרפן.

כ'געדענק ווי איינמאָל איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט פון עטלעכע טויזנט יידן אין געשטרייפטע אָנצוגן מיט יאַרמעלקעס אויף די קעפּ און מיט פּלעשלעך ביי די זייטן. אַלע זיינען זיי גע־ווען נומערירט און געשטעמפּלט מיטן מיידאַנעק־לאַגער. מיר האָבן ניט געוווּסט צו־וואָס מ'האָט זיי אַהער געבראַכט, ווייל אויב טויטן, האָט מען דאָך זיי געקאָנט פאַרגאַזן אין מיידאַנעק. זיי האָבן אויסגעזען ווי געשטאָרבענע. אויסגעלאָשענע אויגן האָבן גע־סטאַרטשעט. זיי האָבן געבעטן ביי אונדז געבן אַ שטיקל ברויט מיט וואַסער. ווען די דייטשן האָבן זיי געגעבן אַ שטיקל ברויט, האָבן זיך 20—30 מענטשן געוואָרפן אויף דעם. זיי האָבן געפרעגט ביי אונדז וואָס פאַראַ לאַגער דאָס איז, האָבן מיר מורא געהאַט צו זאָגן. אייניקע פון זיי האָב איך דערקענט, זיי זיינען געווען פון מיין שטעטל זשולקעווקע און פון די שכנישע שטעטלעך.

זיי האָבן געוואָרט אַ לאַנגע צייט אויפן פּלאַץ. די געסטאַפּאָ און אוקראַאינער זיינען געקומען ביינאַכט און מען האָט זיי אָנגע־הויבן שטאַרק שלאָגן. אויף מאָרגן באַגינען האָבן מיר איבערגע־ציילט 300 טויטע. 8 אַזייגער פרי האָט מען זיי געטריבן אין די גאַז־אויוונס, ווו מ'האָט זיי פאַרברענט.

18 חדשים בין איך געווען אין גיהנם סאָביבאָר. פון סאַמע אָנהייב פון מיין קומען זיינען אין לאַגער געווען 2 באַראַקן, שפּע־טער האָט זיך דער טויט־לאַגער פאַרגרעסערט. עס זיינען גע־וואָרן אויפגעשטעלט 20 באַראַקן. די גאַז־אויוונס זיינען געווען אויף אַ באַזונדערן פּלאַץ. זיי האָבן געהאַט אַ משופּעדיקע פּאָד־לאָגע, און ווען מ'האָט אויפגעעפנט אַ טיר, האָט זיך דער מענטש אַראָפּגעגליטשט. צו 500 מאַן פלעגט מען אריינלאָזן מיט אַמאָל. אַ געסטאַפּאָוועץ האָט אויפן דאַך, דורך אַ פענצטערל, געקוקט אויב די קרבנות זיינען שוין טויט. דערנאָך האָט מען זיי ארויס־גענומען, באַגראָבן אָדער פאַרברענט. דעם ערשטן האַלב־יאָר האָט מען זיי באַגראָבן. נאָך דער דייטשישער מפּלה ביי סטאַלינ־גראַד האָט מען געבראַכט אַ מאַשין, און זי האָט ארויסגעצויגן די טויטע פון דער ערד אויף צו פאַרברענען.

גאַנץ סאָביבאָר איז געווען אַ פעלד מיט טויטע מענטשן, און הינט האָבן געשלעפּט הענט און פיס פאַר מיינע אויגן.

בעת מען פלעגט ברענגען די טראַנספּאָרטן קיין סאָביבאָר פלעגט מען זיי סאָרטירן אין דריי לאַגערן. דער ערשטער לאַגער איז געווען פאַר שניידער,שוסטער, סטאָליאַרעס, שפּרענגלערס, בעקער. דער צווייטער לאַגער איז געווען פאַר אַרבעטער צו סאָר־טירן די מלבושים און זאַכן פון די טויטע. מען האָט דערביי גע־דאַרפט אַרבעטן נאַקעט. דער דריטער לאַגער איז געווען פאַר די־יעניקע, וואָס מען האָט געפירט צו פאַרגאַזן.

* * *

איך האָב געאַרבעט אין צווייטן לאַגער און דערנאָך האָב איך געאַרבעט אַלס שניידער אין ערשטן לאַגער.

ווען ס'האָט זיך אויפן פראָנט פאַרערגערט און די רויטע אַר־מיי איז צוגעגאַנגען צו קיעוו, זיינען קיין סאָביבאָר אָנגעקומען קלענערע טראַנספּאָרטן. מיר האָבן געזען און פאַרגעפילט, אַז אונדזער סוף איז שוין נאָענט. אין גרויסער געהיימניש האָבן מיר זיך, אַן ערך 100 מאַן, אָרגאַניזירט אויף נעמען נקמה אָן אונד־זערע מערדער און אפשר וועט געלינגען עמעצן פון אונדז ראַ־טעווען דאָס לעבן.

ס'איז געווען ניט־מיגלעך צו אַנטלויפן פון לאַגער. אַרום דעם לאַגער זיינען געווען דריי ווענט מיט דראָטן. אויף 2 הויכע וואַך־ביידלעך זיינען געשטאַנען באַוואָפנטע אוקראַאינער. אַרום לאַגער האָבן געהאַלטן וואַך 200 דייטשן, וואָס האָבן זיך געביטן אין דריי שיכטן. אין הינטערגרונט פון וואַלד איז געשטאַנען אַן אָפּטייל פון באַוואָפנטע אוקראַאינער מיט אַן ס"ס־מאַן. אין גע־



שמעון יעקב — מאַרמעריזשטשע בינשטאָק, שלמה'לע בינשטאָק מיט זיין פרוי און קינדער, אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון סאָביבאָר. ביילע יאַכע שמאַראַגד־בינשטאָק געשטאָרבן אין פּאַריז אין יאָר 1936. תנצבה.

וויסע ערטער האָבן די דייטשן מינירט. אפילו אַ פויגל איז שווער געווען ארויספליען, בפרט אַ מענטשן.

מיר זיינען דעריבער געווען גרייט אויף אַלץ, און ביי אונדז איז געוואָרן שטאַרק רייף דער געדאַנק צו אויפהייבן אַן אויפשטאַנד. ווי עס צו טאָן האָבן מיר ניט געוווסט, ווייל קיין געווער האָבן מיר דאָך ניט געהאַט.

אַ וואַרשעווער יינגל האָט געאַרבעט ביים סאָרטירן דאָס אָנטועכץ, האָט ער אַ בלעכל בענזין באַהאַלטן צווישן די בגדים און ער האָט געוואָלט, אין דער אָפּגערעדטער מינוט פון אָנהייבן דעם אויפשטאַנד, אונטערצינדן דעם באַראַק פון די מלבושים מיט זיך גופא. ער איז געווען נאָך יונג, אָבער אַנטשיידן האָט ער געזאָגט: איך וויל בעסער גיין אויף קידוש השם איידער אומקומען פון די דייטשע הענט, אָבער דערפאַר וועט איר זיך, אפשר, ראַטעווען. מיר האָבן דעם פּראָיעקט אָפּגערופן, ווייל מען האָט אויסגעפונען, אַז אונדזער השערה, אַז דאָס אונטערצינדן דעם באַראַק וועט ארויסרופן אַ בהלה ביי די דייטשן און אוקראַינער, און מיר וועלן אין דער סומאַטאָכע קאָנען אפשר אנטלויפן, איז ניט קיין ריכטיקע. מיר האָבן אַזוי אָפּגעשאַצט, אַז פריער וועלן זיי אונדז אומברענגען און דערנאָך לויפן לעשן די שריפה פון באַראַק.

אייניקע טעג זיינען דורכגעגאַנגען אין קלערענישן ווי און מיט וואָס זאָלן מיר אָנהייבן דעם אויפשטאַנד קעגן די גרויזאַמע מערדער. צום סוף זיינען מיר געקומען צום באַשלוס, אַז אָנהייבן זאָלן מיר, די פאַכמענער.

אין לאַגער גופא זיינען געווען 20 געסטאַפּאָווצעס, וואָס האָבן אינעווייניק אָנגעפירט מיטן לאַגער און מיט דער אוקראַינישער וואַך. מיר האָבן געטראַכט, אויב ס׳וואָלט זיך אונדז איינגעבן ראַפּטום זיי באַפאַלן און אויסמאָרדן, וואָלט ארויסגערופן אַ פּאַניק צווישן די אוקראַינער, און דעמאָלט וואָלטן מיר צעבראָכן די דראָטיקע צוימען און אַנטרינען אין וואַלד אריין. היות יעדער ס״ס־מאַן האָט צו די בעלי־מלאכות אין דער לעצטער צייט, צוליב דער נידערלאַגע אויפן רוסישן פראָנט, רק פאַרגעבן ארבעט, איז דעריבער געוואָרן צווישן אונדז אָפּגערעדט, אַז אין איין און דער זעלביקער צייט זאָל מען די ס״ס רופן צו מעסטן אָדער זען די אויסגעפאַרטיקטע אַרבעט, אויב ס׳פאָדערט זיך ניט עפּעס וואָס פאַרריכטן.

עס זיינען געווען באַזונדערע וואַרשטאַטן. אין יעדן וואַרשטאַט זיינען געווען צו עטלעכע אַרבעטער, וועט מען מיט איין ס״ס־מאַן זיך געבן אַן עצה...

איך האָב אָנגעפירט מיין שניידער־טיש מיט 9 ארבעטער. מיר איז איבערגעגעבן געוווואָרן צו מאַכן דעם אָנהייב.

דאָס איז פאָרגעקומען סוכות־צייט, 1943.

ביי מיר האָט גענייט אַ ציוויל־אָנצוג דער אונטערשטורםפירער נימאַן. כ׳האָב אים געגעבן צו וויסן, אַז ער זאָל קומען אָנמעסטן דעם אָנצוג, ווייל ער איז שוין פאַרטיק. ער איז באַלד געקומען צו רייטן אויף זיין פערד, צובינדנדיק אים צום פאַרקאַן.

בעת דער סאַדיסט איז אריינגעקומען אין מיין וואַרשטאַט האָב איך הויך א געשריי געטאָן: אכטונג! אלע ארבעטער אין וואַרשטאַט האָבן זיך אויפגעשטעלט. ער האָט אויסגעטאָן דעם רימען מיטן רעוואָלווער, עס אַנידערגעלייגט אויפן טיש אַקעגן זיך און זיך אויפגעשטעלט.

דער וואַרשטאַט האָט געהאַט 3 צימערן מיט אַ קיך, 1 צימער איז געווען צו שלאָפן, 1 צימער פאַרן היטלמאַכער, ווו אַ ייד פון טורבין איז געזעסן און גענייט היטלען פאר די מערדער.

אין דעם צימער ווו כ׳האָב געמאָסטן, איז געשטאַנען אַ שפּיגל. און כדי ער זאָל ניט זען וואָס טוט זיך הינטן, האָב איך דעם שפּיגל נאָך פריער אַ ביסל אָפּגערוקט.

צו טויטן נימאַנען איז געווען איבערגעגעבן א רוסישן ייד, וואָס איז אריינגעפאלן אין געפאַנגענשאַפט, און איז דעפּאָרטירט געוואָרן קיין סאָביבאָר. דער דאָזיקער ייד האָט זיך פאַרשטעקט ביים היטלמאַכער, מיט אַ שאַרפן קליינעם האַק אין זיין מאַרינאַרקע. ווען ער איז ארויסגעקומען צו מיר אין צימער, האָט דער ס״ס־מאַן באַמערקט און תיכף ומיד געפרעגט: „וואַס טוט דיעזער מאַן היער?“ האָב איך אים געענטפערט: „ער איז געקומען אָפּהובלען ביים היטלמאַכער דעם טיש“. ווען כ׳האָב פאַרשפּילעט די מאַרינאַרקע, איז דער רוסישער ייד באַפאַלן נימאַנען פון הינטן און מיטן העקל געשפּאָלטן דעם קאָפּ. ער איז באַלד אַ פאַל געטאָן און מ׳האָט אים אריינגעשטאָכן אַ שאַרפן מעסער, כדי ער זאָל ניט מאַכן קיין ליאַרם, און מ׳האָט אים אריינגעשלעפּט אין צימער פון דעם היטלמאַכער, צודעקנדיק אים, אַ טויטן, מיט שמאַטעס אונטערן בעט.

מיר האָבן געדאַרפט אויף אַזא אופן „ליקווידירן“ דעם ס״ס־מאַן איבער דער קיך, אָבער ער האָט קיין צייט ניט געהאַט צו קומען.

אין דער זעלביקער צייט זיינען „ליקווידירט„ געוואָרן אויך אַנדערע ס״ס־מענער. דעם אָבערשאַרפירער גרייטשעס האָט געשאָכטן דער אויבן דערמאָנטער וואַרשעווער יינגל. דער ס״ס־מאַן בעקמאַן האָט געהאַט אַ וואַרשעווער דינסט, זיינען אריין 3 קאַצעטלער און מען האָט אים און די דינסט מיט קינזשאַלן דערשטאָכן.

עס זיינען דורך אונדזער קאַמף־גרופּע דערהרגעט געוואָרן 18 ס״ס־מענער און די דינסט פון בעקמאַנען. 2 ס״ס־לייט זיינען פאַרבליבן אין לאַגער.

אין וואַלד האָט געאַרבעט אַ גרופּע פון 30 יידן, אונטער דער וואַך פון אַ געסטאַפּאָווען. זיי זיינען גראָד געקומען צום אַפּיל, וואָס איז פאָרגעקומען 3 מאָל אַ טאָג. היות מיר האָבן שוין געהאַט וואָפן פון די געהרגעטע ס״ס־מענער, האָבן מיר דעם געסטאַפּאָוועץ באַלד דערשאָסן.

אויף די „וויעזשעס“ (וואַך־פּאָסטנס) איז געוואָרן אַ טומל, ווען די אוקראַינער האָבן דערהערט אַ שאָס. זיי האָבן אָבער ניט געוווסט וואָס דאָ איז געשען. מיר האָבן אָנגעהייבן אויסשרייען אין פּויליש: “Czerwona Armia w Warszawie.” („די רויטע ארמיי איז אין וואַרשע“), זיינען די אוקראינער געוואָרן פאַרטומלט און זיינען אונדז ניט באַפאַלן. מיר זיינען אריין אין צווייטן לאַגער, ווו ס׳איז געווען דער געווער־ארסענאַל און האָבן זיך גענומען וואָפן צו־גענוג. בעת מעשה האָט א פאָלקס־דייטש, אַ פּאָליאַק פון לובלין, אָנגעהייבן שיסן אין אונדז פון א רעוואָלווער, מיר האָבן אים געשאָסן. עס האָט זיך אָבער באַלד אָנגעהייבן אַ שיסעריי אין אונדז פון די אוקראַינער אויף די „וויעזשעס“ און פון די דייטשן, וואָס זיינען געשטאַנען ארום לאַגער. די אוקראַינער האָבן אָבער געהאַט נאָר צו 5 קוילן, ווייל צוליב דעם וואָס די דייטשן האָבן זיי אויך ניט אָנגעטרויט, האָט מען זיי ניט צוגעטיילט קיין סך קוילן, זיינען זיי באַלד אַנטשוויגן געוואָרן. די איניציאַטיוו איז געווען אין אונדזערע הענט. די 2 ס״ס־לייט האָבן זיך פאַרבאַהאַלטן אין די קעלערס, מורא האָבנדיק טאָמער האָבן מיר געמאַכט א יד אחת מיט די אוקראַינער.

מיר האָבן אָנגעהויבן לויפן צו די דראָטן. עטלעכע הונדערט מאַן האָבן זיך ארויסבאַקומען פון טויט־לאַגער, אָבער אַן ערך 30 יידן זיינען געפאַלן טויט ביי די דראָטן, ווייל ס׳איז געוואָרן אַ גרויסע שיסעריי פון די דייטשן.

מיר זיינען אריינגעלאָפן אין וואַלד, און אין גרופּקעס האָבן זיך צעזייט. איך בין אַוועקגעלאָפן מיט נאָך 8 מאַן. מיין זון, ישראל, איז מיר פאַרלאָרן געגאַנגען פון די הענט. כ׳האָב זיך

נאָכן קריג דערוווּסט, אַז מיין איינציקער זון איז אומגעקומען מיט מיין פּלימעניק ישעיהלע הערשלס.

שווער איז געווען דער גורל פון די אַנטלאָפענע אין וואַלד. דאָס וואָס מען האָט זיך צעזייט אין קליינע גרופּקעס, איז געווען ערגער. די פּאָליאַקן זיינען באַפאַלן די יידן אין די וועלדער. אַן ערך 40 אַנטלאָפענע יידן פון סאָביבאָרער לאַגער האָבן דערלעבט צו זען די פולע נקמה פון די דייטשן. אין מיין גרופּע זיינען געווען: לייב פעלדהענדלער, דער בן־הרב יאָסעלע און יידן פון איזשביץ און קראַסניסטאַוו. זיי זיינען אָבער פון אונדז פלוצלינג נעלם געוואָרן, און מער האָב איך זיי ניט געזען.

* * *

איך בין געבליבן אין וואַלד נאָר מיטן אויבן דערמאָנטן רוסישן ייד. ער האָט זיך גערופן משה. ער האָט זיך אָנגעהייבן בעטן ביי מיר, אַז כ׳זאָל גיין מיט אים צוזאַמען, ווייל ער איז אין אַ פרעמד לאַנד און קאָן ניט די פּוילישע שפּראַך.

זאַלבעצווייט האָבן מיר געבלאָנדזשעט איבער וואַלד און סטעפּ. כ׳האָב זיך ביינאַכט ארומגעקוקט, אַז מיר געפינען זיך ניט ווייט פון אַ באַן־ליניע, נעבן טייך וויעפּזש. כ׳האָב געקאָנט אריבערשווימען דעם טייך, אָבער ער האָט ניט געקאָנט. 2 מעת־לעת האָבן מיר ארומגעבלאָנקעט אָן עסן. מיר האָבן פּרובירט אויפזוכן לאַנגע פּאָליענעס און זיי צובינדן מיט די שנירלעך פון די שיך, כדי מיר זאָלן אויף אזא אופן קאָנען אריבערפאָרן דעם טייך, אָבער ס׳האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן... זיינען מיר אַוועק צו דער זייט וווּ ס׳איז געווען אַ בריק. ער האָט געזאָגט: מיט גאָטס הילף וועלן מיר דורכגיין די בריק בשלום. ער האָט איבערגעלאָזן זיין היטל אויף די סאָביבאָרער דראָטן, האָט ער געמאַכט אַ היטל פון זיין געשטרייפטן שאַליק, וואָס מ׳האָט עס געזען פון ווייטן.

מיר זיינען געגאַנגען צום בריק. ביים בריק איז געווען אַ בערגל, און ווי מיר זיינען ארויף אויף אים, האָבן מיר דערזען 2 ציווילע דייטשן, ריידנדיק צווישן זיך. מיר זיינען זיי פאַרבייגעלאָפן און אריבער די בריק בשלום. דאָס איז געווען מנחה־צייט. מיר האָבן זיך פאַרקירעוועט אויף דער רעכטער זייט פון טייך וויעפּזש, אריבערגעגאַנגען איבערן צמענטאַרזש און שאָסיי און ארויס אויף די פעלדער, ווו מיר האָבן געפונען בוראַקעס. מיר האָבן זיך צוגעכאַפּט צו עסן זיי און אייניקע בוראַקעס האָבן מיר מיט זיך מיטגענומען.

מיר זיינען מיט גרויסן אימפּעט רק געלאָפן, ביז מיר זיינען ארויס אויפן טראַקט פון זשולקעווקע. מיר האָבן אָנגעקלאַפּט צו אַ פּויער און געבעטן אַ שטיקל ברויט, אָבער ער האָט אונדז ניט געגעבן. אַ צווייטער פּויער האָט אויפגעעפנט דאָס פענצטערל און אונדז געגעבן ברויט און מילך. דער רוסישער ייד האָט אים דערפאַר באַצאָלט: אַ גאָלדן־קייטעלע פון אַ זייגערל.

די נאַכט איז ווידער צוגעפאַלן. אַ שיינע לבנה־נאַכט איז געווען. אין וועלדל נעבן הויף „ביאַלע״ האָבן מיר אָפּגערוט. מיר האָבן, אָבער, דערהערט אַ שיסעריי פון אַ מאַשינביקס. איך האָב געוואָלט זיך נעמען אין אַן אַנדער ריכטונג, און דער רוסישער ייד האָט געעצהט, אַז מיר זאָלן גיין גלייך מיטן וועג. כ׳האָב אים געפאָלגט.

באַלד אויפן וועג, אַקעגן דעם הויף, זיינען ארויסגעשפּרונגען 6 ס״ס־לייט מיט אַ געשריי: האַלט! האַלט! הענט האָך! הענט האָך! מיר האָבן אויפגעהייבן די הענט אין דער הייך און שטיין געבליבן.

זיי האָבן אונדז ארומגערינגלט און אריינגעפירט אין הויף אריין. — פון וואַנען גייט איר? האָבן זיי געפרעגט, און מיר האָבן געענטפערט אַז מיר זיינען פּאָליאַקן און גייען קיין קראַסניסטאַוו. זיי האָבן אונדז ארומגעזוכט אויב מיר האָבן ניט קיין רעוואָלווערן, און זיי האָבן ביי אונדז געפונען אַ פּאָר בוראַקעס און שטיקלעך ברויט. ביי מיר האָבן זיי געפונען אַ פינגערהוט, און זיי האָבן זיך צעלאַכט.

זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיר זיינען יידן. מיט געלאַסנקייט האָבן זיי געפרעגט אונדז, אויב מיר ווילן ספּירט. דער רוסישער ייד איז אריינגעשפּרונגען מיט רוסישע ווערטער, זאָגנדיק, אַז מיר גייען אויף ארבעט פון קראַסניסטאַוו קיין גאַרשקאָוו. ווען זיי האָבן געפרעגט: „פּאַרוואָס ביינאַכט״, האָבן מיר זיי געענטפערט: מיר ווילן קומען פאַרטאָג צו דער אַרבעט. „גוט!״ האָבן זיי געענטפערט און צווישן זיך האָבן זיי זיך געשושקעט, אויב זיי זאָלן אונדז שיסן אין וואַלד אָדער אַוועקפירן אין הויף צום הויפּטמאַן, ער זאָל דעצידירן.

סך הכל 100 טריט איז געווען צום הויף־ארייןגאַנג. 4 ס״ס־מענער זיינען געבליבן אויפן טראַקט און 2 ס״ס־לייט האָבן אונדז געפירט צום הויף. כ׳בין געגאַנגען עטלעכע טריט פאָרויס.

פאַרן ארייןגאַנג צום הויף איז געווען אַ שלאַגבוים און אַ מיליטערישע בודקע. רעכטס זיינען געווען קוסטעס, אַ גאָרטן און אַ פּאָר שטאַלן. צוגייענדיק צום שלאַגבוים, האָב איך געטאָן אַ שפּרונג אין די קוסטעס. „או־או!״ — האָט אַ געשריי געטאָן דער וואַכמאַן און אָנגעהייבן שיסן מיט אַ ביקס. די 2 ס״ס־לייט האָבן אויך אָנגעהייבן שיסן אויף מיר. איך בין אָבער געלאָפן מיט גרויסן אימפּעט. איך בין ארייןגעלאָפן אין אַ זומפּיקער בלאָטע, ווו כ׳האָב געקאָנט איינזינקען.

כ׳בין קוים־קוים ארויסגעקראָכן פון זומפּ און בין ארויף אויפן שאָסיי. אַן ערך 4 ק״מ בין איך געלאָפן ביז ס׳איז טאָג געוואָרן. הינטערן דאָרף ווישניעוו, וואָס איז נעבן גאַרשקאָוו, בין איך אריין אין אַ טיפן טאָל און אונטער אַ קוסט בין איך געלעגן אַ גאַנצן טאָג. מענטשן זיינען געגאַנגען פאַרביי און מיך ניט באַמערקט. ביינאַכט בין איך צוגעגאַנגען צום דערפל פּאַפּיערטשין, ווו איך האָב געהאַט אַ באַקאַנטן פּויער. צוגעקומען צו זיין הויז, האָב איך דערזען זיין זון, וואָס האָט אַ געשריי געטאָן:
“Jezu kochany, powiedz mi Moszek skond ty sie wzionl.”
„יעזוס ליבער, זאָג מיר, מאָשעק, פונוואַנען האָסטו זיך גענומען?״

איך האָב אים דערציילט, אַז כ׳בין אַנטלאָפן פון טויט־לאַגער סאָביבאָר, אָבער ער זאָל מיר זאָגן וואָס קאָן איך איצט טאָן, און כ׳בעט אים ער זאָל מיך לאָזן איבערזיצן אין דער סטאָדאָלע אַ טאָג אָדער צוויי. האָט ער מיר געזאָגט: קריך אריין אין סטויג היי און כ׳וועל דיר אליין דערלאַנגען עסן. כ׳האָב אים אוועקגעגעבן אַ שנירל פּערל, געבראַכט פון לאַגער.

כ׳בין געווען ביי אים 2 טעג, דערנאָך האָט ער מיך געעצהט גיין אין די לובלינער וועלדער, ווייל דאָרט געפינען זיך יידישע פּאַרטיזאַנער, און די וועלדער זיינען געדיכטע.

ניט ווייט, אַ 4 ק״מ פון דעם אויבן דערמאָנטן דאָרף, איז אויפן וועג געווען מיינער אַ באַקאַנטער פּויער גאַנסלאַווסקי. איך בין ארויף שטילערהייט ביי אים אויפן בוידעם און זיך איינגענורעט אין שטרוי. ס׳איז געווען אַ הונדערט טריט פון דער דייטשישער זשאַנדאַרמעריע. ביינאַכט בין איך אַראָפּ און אים אויפגעוועקט. פון וואַנען נעמסטו זיך? האָבן זיי אַלע געפרעגט. מען האָט פאַרהאַנגען די פענצטער און געהייסן מיר ריידן אין דער שטיל. כ׳האָב זיי געפרעגט אויב כ׳קאָן זיין אַ צוויי וואָכן, האָט מיר גאַנסלאַווסקי דערקלערט, אַז דאָס הויז איז ניט ווייט פון טראַקט און די זשאַנדאַרמעריע איז ביי דער נאָז. כ׳האָב אויסגעטרונקען אַ גלאָז טיי, געזעגנט זיך און אַוועק. ער האָט מיך געבעטן, כ׳זאָל

זאָגן ווו איך גיי, האָב איך אים ניט געזאָגט די אמתע ריכטונג, ווייל כ׳האָב ביי אים באַהאַלטן מיינע זאַכן פאר דער אויסזידלונג.

פון גאָנסלאַווסקין בין איך אַוועק אין דאָרף גאַני. איך בין אריין צו א פויער, האָבן מיך די הינט באַפאַלן, כ׳האָב אָנגעקלאַפּט אין די פענצטער און גערופן: "Panie Stechirzu, otworz!" („הער סטעכיזש״, עפן!״). ער האָט ניט געוווסט ווער ס׳איז און איז ארויס מיט ווייב און קינדער נאַקעט אין דרויסן. ער האָט מיך דערקענט ווער כ׳בין. מען האָט מיר געגעבן עסן, ער האָט מיר געלייגט שלאָפן אין שטוב, אָבער כ׳בין גלייך ארויף אויפן שטאַל־בוידעם, בעסער געוואָלט דאָרט נעכטיקן.

צומאָרגנס האָט דער פויער זיך באַראַטן מיט זיין גאַנצן הויז־געזינד, וואָס זאָל מען טאָן מיט מיר. דער איידעם איז געווען דערפאַר, אז מען זאָל מיך ארויסיאָגן, אָבער דער אַלטער פויער האָט געזאָגט, אז מאָשעק איז ניט קיין הונט, און אויב ער איז געקומען צו מיר, איז אים באַשערט צו בלייבן לעבן. איז ביי זיי געוואָרן באַשלאָסן, אז מען זאָל מיך האַלטן. מען האָט מיך געהאַלטן 7 חדשים. אַ ביסל שניידעריי האָב איך געטאָן. אין דער צייט זיינען ביי זיי פאָרגעקומען פאַרשיידענע רעוויזיעס. מען האָט מיך אָבער ניט געפונען.

א חודש פאַר דער באַפרייאונג איז אָנגעקומען אין דאָרף אַ דייטשישע רעקוויזיציע־אָפּטיילונג, וואָס האָט ארומגערינגלט דאָס דאָרף, געזוכט און געניִשטערט. כ׳בין געווען אויפן בוידעם און האָב זיך פאַרשאָטן מיט מיעקינע. ס׳איז אריין די פויערטע און האָט קוים מיך אויפגעזוכט, זאָגנדיק, אז כ׳זאָל וואָס גיכער אַנטלויפן, ווייל אויב ניט זיינען זיי אלע פאַרלאָרן. איך בין אָבער פון דער מיעקינע נישט ארויס און ערשט נאָכן אָפּפאָר פון דער דייטשישער רעקוויזיציע־אָפּטיילונג בין איך ארויס.

דער פראָנט איז געוואָרן נעענטער צום דאָרף. ס׳איז געווען שניט־צייט, האָב איך זיך פאַרבאַהאַלטן אין פעלד צווישן תבואה. ס׳איז געוואָרן אַ שיסעריי, כ׳בין געלעגן אַ צייט צווישן קאָרן, ביז די סאָוועטן זיינען אָנגעקומען. צווישן קאָרן האָב איך דערהערט דאָס רוסישע לשון און דעם פויערס ווייב איז געקומען צולויפן מיר אָנזאָגן די בשורה, אז כ׳בין פריי.

* * *

כ׳בין אַוועק צו מיין שטעטל זשולקעווקע. קיין יידן האָב איך נישט געטראָפן. אלע האָבן אויף מיר געקוקט מיט קרומע אויגן. כ׳האָב אָפּגעזוכט אַ פוילישן שניידער און אַוועק צו אים אַרבעטן. כ׳האָב ביי אים פאַרדינט אַ פאָר הויזן און אַ מאַרינאַרקע. אָבער לאַנג אין שטעטל בין איך ניט געווען. א שייגעצל האָט מיר פאַרטרויט אַ סוד, אז די פויערים קלערן צו הרגענען מיך, און דער גלח האָט פאָרגעוואָרפן דעם פויער פון דאָרף גאַני, הלמאי ער האָט מיך פאַרבאַהאַלטן.

כ׳האָב זיך דערלאַנגט צו לובלין. צוליב די געשעענישן אין פוילן האָב איך לובלין פאַרלאָזן און אַוועק קיין עסטרייך.

בעת כ׳בין געפאָרן קיין לובלין, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין דעם הויף, ווו די ס״ס־לייט האָבן אונדז ביינאַכט פאַרהאַלטן. דאָרט האָט מיר אַ שייגעצל דערציילט ווי מען האָט דעם רוסישן ייד שטאַרק געפייניקט ביז מ׳האָט אים דערשאָסן. דער דאָזיקער רוסישער ייד, משה, איז פאַקטיש געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויפגעהייבן דעם אויפשטאַנד אין טויט־לאַגער סאָביבאָר.

אברהם לעוו, ישראל

# אַ פלעשל מיט אַש

ניינצן־פופציק־פיר שוין געציילט,
דאָך די וווּנד נאָך ניט פארהיילט;
און עס זאָל אזוי ניט טרעפן,
ס׳גיט די וווּנד זיך א צועפן
און זי בלוטיקט און זי אייטערט:
גאָט, ווי קאָן מען לעבן ווייטער?...

לעבן אָט די גרויסע קברים
שטיי איך אזוי קליין און אָרים.
לעבן אָט די קדושים קינדער,
שטיי איך איצט פון צער א בלינדער
איינגעבראָכן, איינגעבויגן,
פריש איך זע זיי פאר די אויגן.

ס׳האָט א לערערין פון „דאָרטן״
מיטגעבראַכט פון קינדערגאָרטן
אין א פלעשל, אַש א ביסל.
שטייט ביי מיר עס אויפן טישל,
ווי א טרויעריק שוואַרצע פאָנע,
ווי א בלוטיקע דערמאָנונג;

אָט פון יענע וויסטע יאָרן,
וואָס איז קלאָרער ניט געוואָרן;
און דער טויט טוט ווייטער לוגן.
איבער בערג פון די הרוגים.
וועלט שאַרפט מעסערס שוין צעגליטע
צו א שפּאָגל נייער שחיטה...

ניינצן־פופציק־פיר שוין געציילט —
שוין געציילט און באַלד אריבער,
דאָך די וווּנד, נאָך נישט פארהיילט
און נאָך נישט פארדעקט די גריבער.
ווילע ווער פאַרדעקן ס׳קאָנען
אונדזערע הייליקע מיליאָנען?

איצטער צו א נייער שחיטה —
ס׳גרייט די וועלט א נייעם שניט,
און מיר זיינען דאָך אינמיטן.
ווילסטו יאָ, צי ווילסטו ניט
פאָרט מען אויפן זעלבן שליטן — — —

שטייט דאָס פלעשל אַש באַשיידן
אויף מיין שרייבטיש, ווי א וואָג.
ווען דאָס פלעשעלע קאָן ריידן,
וואָס וואָלט זי דער וועלט געזאָגט?
ווי הלל, וואָלט זי אויסגערופן:
„וסוף מטיפיך יטופון!״

כ׳נעם דאָס פלעשל אויפן דלאָניע,
גאָר דעם צער איך אָטעם איין, —
דאָס געבליבן פון מיליאָנען.
איינגעטונקלט אונדזער שיין — — —

ניינצן־פופציק־פיר שוין געציילט,
דאָך די וווּנד נאָך ניט פאַרהיילט.
יאָרן בלוטיקע און שווערע,
קאָן די וווּנד פארהיילט דען ווערן?...

# קאָנפערענץ פון געזעלשאַפטלעכער זעלבסטהילף

פון ארכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט ביים צענטראַלן יידישן קאָמיטעט אין פוילן
טעקע 50 (כעלם)

## פּראָטאָקאָל

(איבערגעזעצט פון פויליש)

פון די פאַרהאַנדלונגען אויף דער קאָנפערענץ פון דעלעגאַטן פון כעלעמער ראַיאָן און פון ראַיאָניקן פאַרזאָרגונג־קאָמיטעט פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכער זעלבסטהילף, וואָס איז פאָרגעקומען אין כעלם דעם 25־טן און 26־טן יאַנואַר, 1942, אויף קאָפּערניק־גאַס 8.

די קאָנפערענץ האָט אָנגעהייבן אירע זיצונגען דעם 25־טן יאנואר 1942, 13 אזייגער 30 מינוט.

ב י י ג ע ו ו ע ן:

ד״ר ט י ש א ל י ה ו, מיטגליד פון פרעזידיום פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכער זעלבסטהילף אין קראָקע.

פ ר ע נ ק ע ל מ א י ר, פאָרזיצער פון דעם פאַרזאָרגונג־קאָמיטעט ביי דער יידישער געזעלשאַפטלעכער זעלבסטהילף אין כעלעמער ראַיאָן, ער איז אויך געווען פאָרזיצער אויף דער קאָנפערענץ.

ד ר ו ק ע ר מ אָ ו ר י צ י, סעקרעטאַר פון קאָמיטעט פון דער ייד. געזעל. זעלבסטהילף און סעקרעטאַר פון דער קאָנפערענץ.

ש יי ן י ו ס ף, מיטגליד פון קאָמיטעט פון ייד. געז. זעלבסט־הילף, כעלם.

אָ ק ס ח י ה־ר אָ ז ע, מיטגליד פון קאָמיטעט פון ייד. געז. זעלבסטהילף, כעלם.

ק אַ ץ נ ת ן, מיטגליד פון קאָמיטעט פון ייד. געז. זעלבסט־הילף, כעלם.

ד״ר ג אָ ר י ן ש מ ע ו ן, מיטגליד פון קאָמיטעט פון ייד. געז. זעלבסטהילף, כעלם, האָט ניט געקאָנט בייזיין צוליב קראַנקהייט, און אים האָט פאַרטראָטן ד״ר י ע ל ע ן א ב ר ה ם, דער אָנפירער פון אָפּטייל VII.

ווייטערדיקע דעלעגאַטן פון יידישער געזעלשאַפטלעכער זעלבסט־הילף אין כעלעמער ראַיאָן:

לאַס חיים־ישראל און אסתר געלבארד — — — — — כעלם
כהן אברהם — — — — — — — — — — וולאָדאַווע
קראַפט בצלאל און זינגער אפרים — — — — — – רעיאָוויעץ
לערער שלום און קרוק לייבע — — — — — — — שעדלישטשע
קרוגער יצחק, בערגער פייוול, סייקעוויטש בונים — וואָיסלאָוויץ
פּערעלשטיין משה — — — — — — — — — — סווערזשע
פוקס אַלטער — — — — — — — — — — — סאַווין
ציבערמאַן יצחק, קאָזשוך שייַנדל — — — — — — אורוסק
גאָראָן עקיבא — — — — — — — — — – שעלעץ

שטיינוורצל עקיבא — — — — — — — — — — זשמודזש
מאגיסטער בעלער חוה, גערשטיין אברהם — — — ציצאָוו
ראָטער פנחס, מיגדאַל יצחק — — — — — — — דובענקאָ
ראָזענבוים חיים — — — — — — — — — — — פּאַוולאָוו

די ווייטערדיקע דעלעגאַטן פון די יידן־ראַטן:

בידערמאַן אַנשל, פרייבערגער אריה, רייז מרדכי,
טענענבוים ישעיהו, זילבערמאַן ישעיהו — — — כעלם
בלאַט וואָלף — — — — — — — — — — — — רעיאָוויעץ
זיידפאָדען שמעון — — — — — — — — — פּאַוולאָוו
קעסטערמאַן אהרן — — — — — — — — — — קזשיוויטשקי
דעלעגאַט פון אָרדענונג־אָפּטייל און פאַרוואַלטער
פון אומבאַוועגלעכע גיטער אין יידישן ראַיאָן,
שוואַרצבלאַט פנחס — — — — — — — — — — כעלם

געסט, דאָקטוירים־פאָרשטייער פון אָפּטייל VII פון סאַניטאַרישער און היגיענישער אויפזיכט:

ד״ר אַבערלאַנדער נתן, ד״ר וואַלבערגער דוד — — כעלם
ד״ר שפרינגער אברהם — — — — — — — — — וולאָדאַווע
ד״ר פירט יוליוש — — — — — — — — — — רעיאָוויעץ
ד״ר ביעלער מאַקסימיליאַן — — — — — — — ציצאָוו

ס ד ר־ה י ו ם:

1. דערעפענונג.
2. לייענען דעם פּראָטאָקאָל פון פריערדיקן צוזאַמענפאָר פון 16־טן פעברואַר, 1941.
3. ענין פון באַקעמפן די עפּידעמיעס, אויך פאַרבעסערן די סאַניטאַרע באַדינגונגען.
4. פינאַנציעלע און טעטיקייט־באַריכטן פון אַלע אָפּטיילן פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכער זעלבסטהילף פאַרן יאָר 1941.
5. ענין פון קינדער־פאַרזאָרגונג.
6. פאַרזאָרגונג פון די ניי־אָנגעקומענע און פון די ארבעטער.
7. ענינים פון באַשפּייזונג.
8. באַקומען פינאַנציעלע מיטלען.
9. פרייע פאָרשלאָגן.

### צ ו ם ע ר ש ט ן פ ו נ ק ט פ ו ן ס ד ר־ה י ו ם

דער פאָרזיצער פון כעלעמער קאָמיטעט און גלייכצייטיק פון דער קאָנפערענץ באַגריסט דעם דעלעגאַט פון פרעזידיום פון דער

יידישער געזעלשאַפטלעכער זעלבסטהילף אין פערזאָן פון ד״ר אליהו טיש, אויך באַגריסט ער די אַלע אַנדערע געסט, די דעלעגאַטן פון די אָפּטיילן פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף, פון די יידן־ראַטן און אויך די פאַרשטייער דאָקטוירים. דערביי איז ער מודיע, אז ד״ר אַלטער, ווי דער ראַטגעבער פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף ביים שעף פון דיסטריקט אין לובלין, און ד״ר זיגפריד, ווי דער פאַרזיצער פון ראַיאָניקן אפּוטרופסים־קאָמיטעט פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף אין לובלין, האָבן באַרעכטיקט זייער אָפּוועזנהייט — דער ערשטער צוליב וויכטיקע אַמטלעכע שטערונגען און דער צווייטער צוליב אַ שווערער קראַנקהייט — און ווינטשן דערפאָלג דער קאָנפערענץ. ער באַערט דעם אָנדענק פון ד״ר מאָריצי קליינהויז, מיטגליד פון כעלעמער קאָמיטעט פון ייד. געז. זעלבסטהילף און פאַרוואַלטער פונעם אָפּטייל פון סאַניטאַרישער און היגיענישער אויפזיכט, וואָס איז געשטאָרבן דעם 18־טן סעפטעמבער, 1941, און פירט אויס: עס איז אַוועק פון אונדז אַ פאַרדינסטפולער מענטש, אַ מענטש מיט אַן אָן־פּגימותדיקן כאַראַקטער, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעגעבן פאַרן וווילזיין פון יחידים און פון דער געזעלשאַפט. איינער פון זיינע ווונטשן פאַרן טויט איז געווען, אז מען זאָל ניט האַלטן קיין רעדעס וועגן אים, מען זאָל זיך געזעגענען מיט אים שטיל און אָן טומל, און אין הסכם דערמיט לייגט פאָר דער פאַרזיצער מען זאָל באַערן דעם אָנדענק פון נפטר דורך אַ דריי־מינוטיקן שווייגן.

די פאַרזאַמלטע האָבן שטייענדיק אויסגעהערט די רעדע, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטילשווייגן, וואָס האָט געדויערט דריי מינוט.

דער פאַרזיצער דערקלערט דאַן, אז די קאָנפערענץ פון 16־טן פעברואַר, 1941, האָט געצילט אויסצובילדן קעמערלעך פון ייד. געז. זעלבסטהילף אין גאַנצן ראַיאָן, און די איצטיקע איז אַ באַריכט־קאָנפערענץ פאַרן גאַנצן פאַראַיאָריקן פעריאָד.

דער פאַרזיצער גיט אַ וואָרט דעם ד״ר טיש.

ד״ר ט י ש א ל י ה ו באַגריסט אַלע אָנטיילנעמער אין נאָמען פון פרעזידיום פון דער יידישער געז. זעלבסטהילף און אין זיין אייגענעם נאָמען און זאָגט: איך בין געקומען צו אייך ניט ווי אַ רייכער פעטער, נאָר ווי אַ חבר צו אַ חבר, ווי אַ פריינד צו אַ פריינד, אַ ברודער צו אַ ברודער, כדי ארומצוריידן און באַשליסן די אופנים פון צוזאַמענאַרבעט. דאָס פרעזידיום ווייסט און פאַרשטייט די אופנים, נויטן און פאַרלאַנגען פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דעם גענעראַל־גובערנאַטאָרישן געביט, גיט וואָס עס איז מיגלעך, איילט זיך מיט הילף, וווהין און מיט וואָס מען באַדאַרף, אין עטלעכע וואָכן ארום וועט דאָס פרעזידיום פאַרעפנטלעכן דורך אַ צירקולאַר אַ באַריכט פון זיין טעטיקייט פאַרן גאַנצן יאָר. דאָס פרעזידיום טאָר ניט זיין פאַראיינזאַמט אין זיין אַרבעט, די טעטיקייט דאַרף זיך באַזירן אויף צוזאַמענאַרבעט מיט אַלע זיינע קעמערלעך אין דעם גענעראַל־גובערנאַטאָרישן געביט, דהיינו מיט די קאָמיטעטן פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף און דעלעגאַטורן, און אויף דער פלאַטפאָרמע דאַרפן פאַרקומען און וועלן פאַרקומען די פאַרהאַנדלונגען פון קאָנפערענץ.

דער סעקרעטאַר פון צוזאַמענפאָר איז מודיע, אז Kreis-hauptmann Abteilung Innere Verwaltung Bevoelkerungs-wesen und Fursorge איז באַצייטנס אינפאָרמירט געוואָרן דורכן קאָמיטעט וועגן קאָנפערענץ, און עס איז צוגעשיקט געוואָרן אַ בריוו פון 24־טן יאַנואַר צו פאַרעפנטלעכן אויף דער קאָנפערענץ:

„גענעראַל־גובערנאַטאָרישער געביט — לובלין. דער קרייז־הויפּטמאַן אין כעלם, אַמט פאַר אינערלעכע פאַרוואַלטונג. כעלם, דעם 24־טן יאַנואַר, 1942. צום פאַרזיצער פון יידן־ראַט ה׳ פרענקעל אין כעלם. אויף דער קאָנפערענץ פון די דעלעגאַטן פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף, וואָס וועט פאַרקומען דעם 25־טן און 26־טן ד״ח אין כעלם זאָלט איר מעלדן: די יידן־ראַטן און דעלעגאַטן פון כעלעמער ראַיאָן מוזן גענוי אויספילן אַלע אָנווייזונגען פון דעם פאַרזיצער פון יידן־ראַט און גלייכצייטיקן פאַרזיצער פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף ה׳ פרענקעל. יעדע קעגנהאַנדלונגען וועלן דורך מיר אויף דעם שטרענגסטן אופן באַשטראָפט ווערן. דער אַמטירנדיקער קרייז־הויפּטמאַן: ד״ר באַהרמאַן״.

### צום פונקט 2 פון סדר־היום

האָט מען איבערגעלייענט דעם פּראָטאָקאָל פון דער קאָנפערענץ פון 16־טן פעברואַר, 1941.

### צום פונקט 3 פון סדר־היום

פינאַנציעלער און טעטיקייט־באַריכט פון אַלע דעלעגאַטורן פון כעלעמער ראַיאָן פאַרן יאָר 1941 — צוגעשטעלט דורך ה׳ יוסף שיין

דער כעלעמער ראַיאָן נעמט ארום 21 גמינעס, אין וועלכע עס געפינען זיך יידן.

| | |
|---|---|
| דעלעגאַטורן פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף | 16 |
| אַלגעמיינע צאָל יידן | 29942 |
| צאָל נויטבאַדערפטיקע יידן | 13449 |
| צאָל קיכן | 16 |
| צאָל פערזאָנען, וואָס געניסן פון די קיכן | 6014 |
| אין משך פון יאָר ארויסגעגעבן מיטאָגן | 73537 |
| פאַרנוצט הויפּט־פּראָדוקטן | 92912 קילאָגראַם |
| פון הילף פאַר וווינונגען האָבן גענאָסן אין משך פון 7 חדשים אין שטעטל כעלמנא 385 משפחות | 1925 זלאָטעס |

דער קאָמיטעט האָט אָפּגעהאַלטן אין משך פון באַריכט־פּעריאָד 23 זיצונגען, אויסער צאָלרייכע זיצונגען פון פאַרשיידענע אָפּטיילן און קאָמיסיעס. מיטגלידער פון קאָמיטעט האָבן דורכגעפירט 18 אינספּעקציעס פון דער טעטיקייט פון די דעלעגאַטורן פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף אויף די ערטער. מען האָט באַהאַנדלט 1646 בריוו.

אין נאָוועמבער פאַריקן יאָר האָט מען אָרגאַניזירט אַן אָפּטייל פאַר אָנפּראַצענטיקע הלוואות, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אויסצוטיילן קאָנסטרוקטיווע הילף פינאַנציעל־שוואַכע פערזאָנען און געבן זיי אַ מיגלעכקייט מיט אייגענע כוחות זיך ארויסצוראַטעווען פון נויט. אַ דאַנק דער פרייוויליקייט פון דער באַפעלקערונג האָט מען אויפגעקליבן 3000 זלאָטעס. פון הלוואות פון ארום 100 זלאָטעס האָבן זיך באַנוצט ביז איצט עטלעכע און צוואַנציק פערזאָן אין שטאָט כעלם. אין מאָמענט ווען מען וועט קריגן גרעסערע פאָנדן וועט די טעטיקייט פון דעם אָפּטייל אויסגעשפּרייט ווערן אויך אויפן ראַיאָן.

עס איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אָפּטייל פון הילף פון אויסלענדישע קרובים, וואָס באַדינט די שטאָט און ראַיאָן. דער אָפּטייל האָט פון סאַמע אָנהייב ארויסגעוויזן אַ לעבעדיקע טעטיקייט. מיט אונדזער פאַרמיטלונג האָבן זיך באַנוצט 122 פערזאָן.

מיר זיינען אין אַ שטענדיקער פאַרבינדונג מיט דעם דייטשישן רויטן קרייץ דורך דער פאַרמיטלונג פון היגן קרייז־הויפטמאַן.

אין אָקטאָבער איז דורכגעפירט געוואָרן א ספעציעלע אתרוגים־אַקציע, א דאַנק די צוגעשיקטע דורך דעם פרעזידיום פון קראָקע פאַר דעם צוועק 30 אתרוגים. פון דער אַקציע איז אריינגעקומען ארום 3000 זלאָטעס.

עס זיינען ארויסגעגעבן געוואָרן 528 שטיק בגדים צו 432 פערזאָן און 462½ מעטער לייוונט — צו 263 פערזאָן. צוזאַמען האָבן 695 פערזאָן זיך באַנוצט דערמיט.

אַ חוץ הונדערט און עטלעכע צענדלינג פאָר שיך וואָס מיר האָבן באַקומען בתורת מתנה, האָט דער קאָמיטעט איינגעקויפט און פונאַנדערגעגעבן צו די באַזונדערס נויטבאַדערפטיקע 300 פאָר שיך. עס ווערן געמאַכט באַמיאונגען צו באַקומען אַן איינקויף־דערלויבעניש אויף 1000 פאָר שיך.

### טעטיקייט־באַריכט אין שטאָט און ראַיאָן
### פאַרן י. 1941

| פלאַץ | אלגעמיינע צאָל יידן | צאָל נויט־באַדערפטיקע | צאָל קיכן | באַנוצן זיך מיט די קיכן | ארויסגעגעבן מיטאָגן |
|---|---|---|---|---|---|
| כעלם | 12.500 | 6.928 | 3 | 2.164 | 383.998 |
| וולאָדאַווע | 5.586 | 1.710 | 1 | 1.200 | 144.000 |
| רעיאָוויעץ | 2.379 | 717 | 1 | 350 | 66.611 |
| שעדלישטשע | 2.026 | 1.000 | 1 | 350 | 49.497 |
| וואַיסלאָוויץ | 1.377 | 813 | 1 | 340 | 2.600 |
| סאַווין | 840 | 200 | 1 | 100 | 31.068 |
| סאָסנאָוויץ | 831 | 250 | 1 | 100 | 24.000 |
| דובענקא | 648 | 200 | 1 | 100 | 5.000 |
| ציצאָוו | 511 | 158 | 1 | 50 | 1.994 |
| סוויערזש־רודאַ | 476 | 240 | 2 | 60 | 16.107 |
| ווערעשטשין | 394 | 160 | 1 | 100 | 5.000 |
| אורוסק | 377 | 270 | 1 | 50 | 3.000 |
| ראָקאָלופי | 398 | 250 | 1 | 50 | 2.500 |
| טורקאַ־זשמודז | 307 | 130 | — | — | — |
| קזשיוואָווערזשבא | 295 | 100 | — | — | — |
| אָלכאָוויעץ | 239 | 43 | — | — | — |
| פאַוולאָוו | 238 | 86 | — | — | — |
| זשמודז | 182 | 119 | — | — | — |
| סטאַוו | 132 | — | — | — | — |
| קזשיוויטשקי | 56 | 25 | — | — | — |
| וויריקי | 150 | 50 | — | — | — |
| | 29.942 | 13.449 | 16 | 5.014 | 735.375 |

באַקומען, צווישן אַנדערע, פון פרעזידיום אין קראָקע — 36.000 קילאָ קאַרטאָפל; 100 ליטער טראַן; 100 העמדער; 100 דעקעס; 100 פושקעס קאָנדענסירטן מילך; 100 קילאָ אַרבעס; 75 שטרוי־זעק. אויך הערינג, מאַרמעלאַד, זייף, זייף־פולווער, חזיר־פלייש א״א.

אין באַריכט יאָר־ ארויסגעגעבן: מענער מאַנטל —1; פרויען־מאַנטלען — 3; קינדער־מאַנטלען — 1; סוועטערס — 27; מענער־שיך — 100; קינדער־שיך — 3; קאַלאָשן — 3; שניי־שיך — 2; שאַליקעס — 2; בערעטן — 15; הענטשקעס — 16; טריקאָטאַזש־קאָמפלעקטן פאַר פרויען —10; טריקאָטאַזש־קאָמפלעקטן פאַר מיידלעך — 10; טריקאָטאַזש־קאָמפלעקטן פאַר קינדער — 53; מענער־קאָמפלעקטן — 12; יינגלעך־קאָמפלעקטן — 12; בלוזעס — 2; זשאַקעטן — 1; פרויען־רעקלעך — 16; מיידלעך־רעקלעך — 9; אויסשטאַטונג פאַר עופעלעך — 6; קינדערשע רעקלעך — 42; פרויען־זאָקן — 42; קינדער־זאָקן — 6; מענער־זאָקן — 1; דעקעס — 101; ליילעכער — 5; וועסטלעך — 2; מענער־העמדער — 49; העמדער פאַר יינגלעך — 11; לייוונט — 462½ מעטער.

פון דער צאָל 101 דעקעס האָט מען 65 ארויסגעגעבן די אָפטיילן אין ראַיאָן, 31 — אין קראַנקן־הויז אין כעלם.

אחוץ דעם האָט מען פאַרטיילט צווישן כעלם און די אָפטיילן אין כעלעמער ראַיאָן 100 ליטער טראַן, 36000 קילאָגראַם קאַרטאָפל, 150 קילאָ חזיר־פלייש, 100 העמדער אויסשליסלעך פאַר די אריינגעקומענע, מאַרמעלאַד און הערינג און אַ גאַנצע ריי לעבנס־מיטל־פראָדוקטן.

### טעטיקייט־באַריכט פון אפוטרופסים־קאָמיטעט פון דער יידישער געזעלשאַפט־לעכער זעלבסטהילף
### די שטאָט כעלם
### פאַרן י. 1941

דאָקטוירים:

אמבולאַטאָריע — 8370 פערזאָן; ביי די פאַציענטן אין דער היים — 2271 פערזאָן.

היגיעניסטינס:

אַמבולאַטאָריע — 2910 פערזאָן; ביי די פאַציענטן אין דער היים — 1975 פערזאָן; דענטיסטישע הילף — 581 פערזאָן.

באַהאַנדלונגען פון דאָקטוירים:

דערוואַקסענע — 12518, קינדער — 2439, אומזיסטע באַהאַנדלונגען 3155; ארויסגעגעבן רפואות — 8216, אין דעם אומזיסטע — 2488. פאַרהיטונג־איינשפריצונגען דורכגעפירט ביי 5754 פערזאָן; סאַניטאַרישע אָפטיילונגען האָבן באַזוכט 25943 וווינונגען. אָפגעשאָרן אומזיסט 1226 פערזאָן. 18037 פערזאָן האָבן באַזוכט די באָד.

דערנערונג:

קינדער און קראַנקע — 7174, אין דעם — עופעלעך —691. פון דער צאָל אומזיסט — 1588. ארויסגעגעבן צוקער — 2116 קילאָ און 52 דעקאַגראַם; רייז — 189 קילאָגראַם, בולקעס — 3223 קילאָ; קאַשע — 72 קילאָ און 60 דעקאַגראַם; סוכאַרקעס — 150 קילאָ און 10 דעקאַגראַם. אין די קיכן האָט מען ארויסגעגעבן בס״ה 383.998 מיטאָגן, פון דעם אומזיסטע — 213.251.

# פינאַנץ־באַריכט

## הכנסה

| פלאַץ | אַרטיקע באַשטייערונגען און נדבות | סובסידיעס פון ייד. געז. זעלבסטהילף א.א. | סובסידיעס פון די יידן־ראַטן | אָפּצאָלן פון די אונטערשטיצטע | פאַרשיידענע הכנסות | בס"ה |
|---|---|---|---|---|---|---|
| כעלם | 30,739.38 | 26,050.— | 40,199.32 | 66,288.99 | 4,699.11 | 167,976.80 |
| וולאָדאווע | 1,165.50 | 22,200.— | 28,329.18 | 15,708.65 | 9,981.88 | 77,385.21 |
| רעיאָוויץ | 1,739.80 | 9,794.10 | 5,638.30 | 1,721.90 | 4,628.30 | 23,522.40 |
| שעדלישטשע | 2,474.50 | 10,050.— | 11,328.18 | 5,461.58 | 3,659.— | 32,973.26 |
| וואָיסלאָוויץ | 4,933.60 | 7,200.— | — | 3,792.47 | 6,067.39 | 21,993.46 |
| סאָסנאָוויץ | 123.05 | 8,200.— | 830.— | 254.55 | 168.50 | 9,576.10 |
| סוויערזש־רודאָ | — | — | — | — | 5,629.92 | 5,629.92 |
| סאַווין | 6,123.65 | 7,150.— | 70.— | 159.30 | — | 13,502.95 |
| אורוסק | 2,373.— | 4,300.— | — | 1,102.— | 497.— | 8,272.— |
| ראַקאָלופּי | 1,132.80 | 1,900.— | 60.— | 35.30 | 513.— | 3,641.10 |
| טורקאָ | — | 500.— | — | — | 535.— | 1,035.— |
| זשמודזש | 204.— | 350.— | — | — | 320.— | 874.— |
| ציצאָוו | — | — | — | 398.80 | 1,785.51 | 2,184.31 |
| דובענקאָ | 2,740.50 | 2,300.— | — | — | 9,202.50 | 14,243.— |
| ווערעשטשין | 1,457.20 | 1,900.— | 2,059.60 | — | — | 5,416.80 |
| | 55,206.98 | 101,894.10 | 88,514.58 | 94,923.54 | 47,687.11 | 388,226.31 |

## הוצאה

| פלאַץ | דערנערונג | אַרויסגעגעבענע פּראָדוקטן | געלט אונטערשטיצונג | הילף פאַר וואוינונגען | הייל־סאַניטאַרע הילף | אדמיניסטראַט. הוצאות | פאַרשיידענע הוצאות |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| כעלם | 98,172.52 | 16,450.43 | 93.37 | 2,291.50 | 16,950.94 | 16,542.82 | 9,257.50 |
| וולאָדאווע | 35,676.19 | — | 12,355.90 | 158.— | 6,089.40 | 20,732.90 | 3,450.06 |
| רעיאָוויץ | 9,084.40 | 2,892.45 | 897.90 | 418.90 | 6,251.33 | 795.45 | 2,917.32 |
| שעדלישטשע | 10,738.94 | 8,129.15 | 3,535.20 | 258.— | 7,140.94 | 336.— | 2,828.70 |
| וואָיסלאָוויץ | 13,821.08 | 1,706.90 | 610.70 | 70.40 | 2,697.05 | 1,038.06 | 91.30 |
| סאָסנאָוויץ | 4,308.88 | — | 2,993.55 | 13.50 | 1,171.32 | 769.67 | 646.— |
| סוויערזש־רודאָ | — | — | 1,370.50 | 150.— | 250.— | — | 3,625.63 |
| סאַווין | 10,148.86 | — | 1,648.49 | — | 1,395.80 | 791.10 | — |
| אורוסק | 1,410.— | 3,583.— | 2,661.— | 125.— | 596.— | 397.— | 416.— |
| ראַקאָלופּי | 243.65 | 831.53 | 1,925.— | — | 100.— | 164.50 | — |
| טורקאָ | — | 535.— | 500.— | — | — | — | — |
| זשמודזש | — | — | 400.— | 55.— | — | 30.— | 445.— |
| ציצאָוו | 1,205.85 | — | 577.— | — | — | 127.70 | — |
| דובענקאָ | 3,894.60 | — | — | — | — | — | 11,127.50 |
| ווערעשטשין | — | — | — | — | — | — | 5,498.97 |
| | 188,704.97 | 34,128.46 | 29,568.61 | 3,540.30 | 42,642.78 | 41,725.20 | 40,303.98 |

סובסידיעס פון שעף פון דיסטריקט לובלין, דורכן ה׳ קרייז־הויפּטמאַן פארן 1941: כעלם — 2850 זלאָטעס; וולאָדאווע — 950; רעיאָוויץ — 650; שעדלישטשע — 650; וואָיסלאָוויץ — 400; סאַווין — 300; סאָסנאָוויץ — 200; אורוסק — 200; טורקאַ־זשמודזש — 200; סוויערזש־רודאַ —100; ציצאָוו — 100; ווע־רעשטשין — 100; ראקאלופּי — 100; דובענקאָ — 100; קזשי־וואַוויערזשבא — 100. בס"ה — 7.000 זלאָטעס.

אין שייכות מיטן באַריכט האָבן גענומען דאָס וואָרט:

ה׳ כהן אברהם (וולאָדאַווע): די ציפערן, וואָס זיינען געבראכט אין באַריכט זיינען ניט אַקטועל, ווייל די באדערפעניש און הוצאות פארגרעסערן זיך מיט יעדן טאָג ווי אַ פּועל־יוצא פון דער אלץ שטאַרקערער פאַראָרעמטקייט פון דער שטאָטישער באַ־פעלקערונג אין וולאָדאַווע, ווו די צאָל אונטערשטיצטע דערגרייכט שוין ארום 3000. צום פּרעזידיום פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף האָט די דעלעגאַטור אויך ניט קיין שטאַרקע פּרעטענזיעס טראָץ דעם, וואָס דאָס פּרעזידיום שפּייזט די דעלעגאַטור מיט צירקולארן און עס רעאַגירט ניט פּינקטלעך און ניט אויף א געהעריקן אופן אויף די צוגעשטעלטע דורך דער דעלעגאַטור אומבאדינגטע נויטן און פאָדערונגען.

ה׳ קראַפט בצלאל (רעיאָוויץ): איך קאָן ניט מס־כים זיין מיט דער קריטיק פון דעם וולאָדאַווער דעלעגאַט. מיר טוען אלץ, וואָס עס איז מיגלעך, ניט געקוקט אויף דעם וואָס די באַדינגונגען זיינען זייער שווערע. מיר האָבן טענות צום כעלע־מער קאָמיטעט בלויז דערפאַר, וואָס ער באגינסטיקט באזונדערס די שטאָט כעלם, און פאר רעיאָוויעץ האָט ער גאָרניט געטאָן,

למשל, אויפן געביט פון הילף מיט ברען־האָלץ. די לאַגע פון רייוויץ פאַרערגערט זיך, די אָרעמקייט פאַרגרעסערט זיך. אין אונטערשטיצונג נויטיקן זיך איצט אַזעלכע, וואָס האָבן ביז איצט ניט באַדאַרפט קיין הילף.

**ה' לערער שלום** (שעדלישטשע): אין שעדלישטשע געפינען זיך איצט 2100 נפשות, וואָס 800 פון זיי — דאָס זיינען די ניי־אָנגעקומענע — געפינען זיך אין אויסערסטער נויט. דאָס גאַנצע שטעטל איז זייער אָרעם. מיר פאַרטיילן טעגלעך 3 מעטער ברויט צווישן די אביונים, און דאָס ווערט געטאָן אויפן חשבון פון די אַנדערע, וואָס מען נעמט ביי זיי אַראָפּ צו שטיקלעך פון זייער פאָרויסגעזעענער נאָרמע. מיט דער פאָלק־קיך באַנוצן זיך 375 פערזאָן, און עטלעכע הונדערט אַנדערע אָרעמעלייט פאָדערן אויך הילף פון קיך, אָבער אָן א רעזולטאַט. מיר ווייסן, אַז דער כעלעמער קאָמיטעט שטרענגט אָן זיינע כוחות און טוט אַלץ, וואָס ער איז נאָר ביכולת, אָבער ער איז ניט אין קיין מצב עפּעס אויפצוטאָן. איך אַפּעליר צום פּרעזידיום וועגן א שטענדיקער און באַדייטנדיקער הילף.

**ה' קריגער יצחק** (וואָיסלאָוויץ): קודם כל באַגריס איך דעם דעלעגאַט פון פּרעזידיום און כ'דאַנק דעם ה' פרענקעל, דעם פאָרזיצער פון קאָמיטעט, פאַר צונויפרופן די קאָנפערענץ. מיר אַרבעטן אויסשליסלעך מיט אייגענע כוחות, פון יידן־ראַט באַקומען מיר ניט קיין שום סובסידיע. מיר טיילן ניט די מיינונג פון וולאָדאַווער דעלעגאַט, איצט איז ניט קיין צייט צו קריטיקירן, מיר ווילן געפינען א וועג פאַר צוזאַמענאַרבעט און מיטלען באַזונדערס אויפן סאַניטאַר־היגיענישן געביט. אין פאָלק־קיך גיבן מיר צו צום מיטאָג, וואָס באַשטייט פון אַ ליטער זופּ, טעגלעך — צו עטלעכע דעקאגראַם און פרייטאָג — צו 20 דעקאגראַם ברויט פאַר יעדערן. מיר בעטן אויסגלייכן די אַלע פּראָדוקטן און באַזונדערס קאַרטאָפל לויט די קאָנטינגענטן־פּרייזן, ווייל אויב ניט, וועט די פאָלק־קיך אויפהערן צו עקסיסטירן. גלייכצייטיק זיינען זייער נויטיק צוקער און האָלץ. א דאַנק דעם וואָס די „פּאַרטיי־לונגשטעלע“ גיט אונדז אַרויס קאָנטינגענטן, עקסיסטירט די קיך עד היום, און וואָס נאָך מער, צוליב דערזעלבער סיבה האָט די ייד. געז. זעלבסטהילף הכנסות פון קאָנטינגענט.

**ה' בערגער פייוול** (וואָיסלאָוויץ) פאַראייניקט זיך צו די אויספירן פון ה' יצחק קריגער, בעט אויך הילף און מעדיצין, בעט קאָנטינגענטן־מעל און קודם כל קאַרטאָפל פאַר דער פאָלק־קיך. דאָס שטאָטישע אַפּטייק־געשעפט רעכנט שרעקלעך־הויכע פּרייזן פאַר די איינפאַכע רפואות, די פּרייזן זיינען 10—15 מאָל העכער ווי פאַר די זעלבע מעדיקאַמענטן אין די געשעפטן אין כעלם.

**ה' פּערעלשטיין משה** (סוויערזש) אין סוויערזש־רודאַ הערשט אַ קאָלאָסאַלע נויט. בלויז 10 משפחות זיינען געניגנדיק באַזאָרגט, דאָס זיינען די בעלי־מלאכות, די אַלע אַנדערע זיינען הונגעריק און נאַקעט. די אָרטיקע עקאָנאָמישע באַדינגונגען מאַכן אוממיגלעך זעלבסט־אויסהאַלטונג, די באַפעלקערונג איז אָנגעוויזן אויף הילף מחוץ. צוליבן מאַנגל אין קאַרטאָפל, מעל, האָלץ, קאָנען מיר ניט פירן קיין פאָלק־קיכן — איינע אין סוויערזשע און די אַנדערע אין רודאַ. מיר בעטן הילף אין שפּייז־פּראָדוקטן, קליידער, האָלץ.

**ה' פוקס אַלטער** (סאַווין): מיר בעטן הילף אין שפּייז־פּראָדוקטן, קליידער, האָלץ און אויך אויספועלן, אַז אין סאַווין זאָל זיך באַזעצן אויף שטענדיק אַ יידישער דאָקטער.

**ה' שטיינוווּרצל וואָלף** (זשמודזש): מיר בעטן העלפן אונדז מיט שפּייז־פּראָדוקטן, קליידער, האָלץ.

**מגר. ביעלער עווא** (ציצאָוו): די דעלעגאַטור אין ציצאָוו האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט דעם 1־טן אַפּריל, 1941, און אין משך פון די 9 חדשים האָט זי פון פאַרשיידענע קוועלן באַקומען בלויז 600 זלאָטעס, און מיר האָבן זיך אַליין געמוזט אויסהאַלטן. מיר פירן אַ פאָלק־קיך, אין דער ערשטער ריי פאַר קינדער, ווייל דערוואַקסענע פּערזאָנען וואָלט מען ניט געקאָנט דערנערן דערמיט, וואָס מען פאַרמאָגט. אויב מיר וועלן ניט באַקומען צוגעטיילט קאָנטינגענטן־מעל, קאַרטאָפל, האָלץ אאַ״וו., וועט זיך די קיך מוזן שליסן.

**ה' ראָטער פּנחס** (דובענקאָ): בעט הילף אין שפּייז־פּראָדוקטן, קליידער, באַהייצונג, אויך צוקער, זייף, ווי אויך א געלט־סובסידיע. אויפן געביט פון דער גמינע האַנסק, צו וועלכער עס געהערט אויך די דעלעגאַטור אין דובעטשנאַ, וווינען בס״ה 661 יידן, פון וועלכע 14 פּערזאָן באַזיצן אויסעראָרדענטלעכע קאַרטעס.

דער פאָרזיצער **פרענקעל מאיר** (כעלם): רעזומירנדיק אַלע רעדעס שטעל איך פעסט, אַז זיי האָבן באַזונדערס ניט אַרויסגעבראַכט קיין פאָרוואורפן ניט קעגן פּרעזידיום און ניט קעגן קאָמיטעט, זיי זיינען נאָר באַשטאַנען פון פאָרשלאָגן. וואָס איז שייך האָלץ, האָט אַפילו דאָס אויסטיילן דעם קאָנטינגענט ניט קיין פּראַקטישן ווערט, ווייל דער פּרייז פון 1 קובישן מעטער איז פון 10 ביז 20 זלאָטעס, אָבער דער טראַנספּאָרט וועט קאָסטן 80 זלאָטעס. וואָס איז שייך סובסידיעס, וועט יעדער יידן־ראַט זיין מחויב אויסצאָלן רעגולער יעדן חדש דער אָרטיקער דעלעגאַטור פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף, און אין די נאָענטסטע טעג וועט פונאַנדערגעשיקט ווערן צו אַלע יידן־ראַטן פון גאַנצן ראַיאָן אַ צירקולאַר, וואָס וועט פאָראָרדענען צוצושטעלן דעם בודזשעט פאַר די לעצטע זעקס חדשים און אויך אָנצוגעבן, צי דער געגעבענער יידן־ראַט האָט אויסגעצאָלט א סובסידיע דער אָרטיקער דעלעגאַטור און אין וועלכער גרויס. צום צירקולאַר וועט צוגעגעבן ווערן אַ קאָפּיע פון דעם בריוו פון דעם הערן קרייזהויפּטמאַן פון 24־טן יאַנואַר, 1942.

ה' דעלעגאַט פון פּרעזידיום **ד״ר אליהו טיש**: דאָס פּרעזידיום ווייסט גענוי די סטאַטיסטיק און די נויטן פון די באַזונדערע דעלעגאַטורן פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף, אויך די אופנים און די מדרגה פון דער טעטיקייט פון די באַזונדערע ראַיאָניקע קאָמיטעטן, צווישן וועלכע דער כעלעמער קאָמיטעט האָט זיך קונה שם געווען ווי איינער פון די צום בעסטן פונקציאָנירנדיקע, אַ קאָמיטעט, וואָס אַרבעט מיט ברען, ענערגיע און געוויסן. דאָס פּרעזידיום ווייסט, אַז דער כעלעמער קאָמיטעט האָט ניט אויסגענוצט קיין זאַך פאַר זיך אויפן חשבון פון וועלכער ניט איז דעלעגאַטור. אָבער עס איז אומבאַדינגט נויטיק די צוזאַמענאַרבעט פון די יידן־ראַטן, וועלכע דאַרפן און מוזן אָנערקענען די מסירת־נפשדיקע אַרבעט פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף, וואָס באַפרייט די יידן־ראַטן אין א גרויסער מאָס פון דער געזעלשאַפטלעכער פאַרזאָרגונג־טעטיקייט. די פאָלק־קיכן אַליין זיינען א לעבעדיקער ביישפּיל פון דער שיינער און נוצלעכער טעטיקייט פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף. איך אַפּעליר צו אייך וועגן קעגנזייטיקער פאַרשטענדיקונג, הילף, צוזאַמענאַרבעט, ווייל ביידע זייט איר אינסטיטוציעס פון דעם יידישן קיבוץ און איר דאַרפט איינע די אַנדערע זיך דערגאַנצן.

### צום פונקט 4 פון סדר־היום

האָט אַנשטאָט דעם קראַנק־געוואָרענעם ד״ר גארין רעפערירט ד״ר יעלען אברהם וועגן דעם קאַמף קעגן עפּידעמיעס און די איינשטעלונג פון סאַניטאַרע באַדינגונגען.

1) דער קאַמף קעגן עפּידעמיע איז א קאַמף פאר ריינקייט, פאר אויסבעסערונג פון די סאַניטאַר־היגיענישע באדינגונגען, און דער קאַמף קעגן פלעק־טיפוס איז אחוץ דעם דער קאַמף מיט דער לויז, וואָס איז די איינציקע פארשפּרייטערין פון אָט־דער קראַנקייט.

2) אין פאַל ווען דער דאָקטער געפינט אויס אַן אַנשטעקנדיקע קראַנקהייט, מוז מען תיכף דעם קראַנקן צונעמען פון דער ווינונג און אוועקפירן אין שפּיטאָל אָדער אין איזאָלאַציע־הויז. אין די פונקטן, וווּ עס איז ניטאָ קיין יידישער דאָקטער, מוז מען זיך ווענדן צו אַ קריסט — אַ דאָקטער — אָדער צו אַ יידישן דאָקטער אין אַ נאָענטן פונקט.

3) די ארומיקע מוז מען איזאָלירן אין א ספּעציעלן לאָקאַל אין משך פון 24 שעה. אין די פונקטן, ווו עס איז דאָ אַ באָד אָדער אַ וואַנע, מוז מען די ארומיקע אויסבאָדן, די וועש אומבייטן אויף ריינע. אויב עס איז ניטאָ קיין באָד אָדער א וואנע, מוז מען די, וואָס זיינען געגאַנגען ארום דעם קראנקן ארומוואשן. אויב די האָר זיינען פאַרלויזט דאַרף מען זיי אָפּשערן און פארברענען. אין ווינונג פון קראַנקן מוז מען דורכפירן א שוועבל־גאַזיקע דעזינפעקציע, אויב עס זיינען פאראן עטלעכע צימערן, דארף מען אין איין צימער צונויפקלייבן אַלע זאַכן, וואָס דאַרפן באַקומען אַ גאַזיקע דעזינפעקציע, אין די אנדערע צימערן דורכפירן א פליסיקע דעזינפעקציע.

4) מען טאָר ניט אריבערפירן קראנקע פון איין שטעטל אין אַן אנדערן — אונטער דער פּערזענלעכער פאראנטוואָרטלעכקייט פון דער דעלעגאטור פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף און פון יידן־ראָט.

5) כדי איינצושטעלן סאַניטאַרע באדינגונגען אָרגאַניזירט בקרוב דער געגנט־קאָמיטעט פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף אַ „ריינקייט־וואָך" אונטערן לאָזונג „לאָמיר פארניכטן די לייז". צו דעם צוועק וועלן פונאנדערגעשיקט ווערן ספּעציעלע פּלאַקאַטן און אינסטרוקציעס. דער יידישער פארטיילונג־פּונקט וועט פונאַנדערשיקן א געהעריקן סכום זייף־פּולווער און זייף אויף פונאַנדערצוגעבן דער באַפעלקערונג.

6) אין יעדן ישוב מוז די דעלעגאַטור פון דער ייד. געז. הילף אין משך פון דער „ריינקייט־וואָך" דערפירן דעם סאַניטאַרן צושטאַנד צו א געהעריקן מצב.

א) אין די ווינונגען מוז מען וואַשן די דילן, טירן, פענצטער, בעטן און אנדערע שטוביקע מכשירים.

ב) די בעט־וועש און די פּערזענלעכע וועש מוז מען קאָכן.

ג) די שטרוי אין די היי־זעק דאַרף מען אומבייטן אויף פרישע.

ד) אויב עס איז דאָ אַ באָד, אַ מקווה אָדער אַ וואַנע, מוז מען זיי אויסנוצן אזוי, אז אויב מיגלעך זאָל די גאַנצע באַפעלקערונג זיך אויסבאָדן אין משך פון דער ריינקייט־וואָך.

ה) די הויפן, טרעפּ, גאַניקעס או״וו דארפן דערפירט ווערן צו אַ געהעריקער אָרדענונג.

7) דאָס אָרגאַניזירן און אָפּהיטן דאָס אויבן־דערמאָנטע געהערט צו דער דעלעגאַטור פון ייד. געז. זעלבסטהילף.

דאָס ניט־צופּאַסן זיך צו די־דאָזיקע אָנווייזונגען דורך דער אָרטיקער באַפעלקערונג מוז שטרענג באַשטראָפט ווערן.

ד״ר שפּרינגער אברהם (דאָקטער פון וולאָדאַווע): די אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן, באַזונדערס דעם פלעק־טיפוס האָט מען אריינגעבראַכט אין וולאָדאַווע און אומגעגענט פון די ארבעט־לאַגערן אין סאָווין, קריכאָוו, סייטשיצע א״א. דער מאַנגל אין זייף, זייף־פּולווער, סאָדע, ספּירט א״א מיטלען פארשווערט און מאַכט אפילו אוממיגלעך דעם קאַמף קעגן דער קראַנקהייט, און דער דעלעגאַט בעט מען זאָל אים אָנווייזן וועגן און מיטלען פון אַ קאַמף, וואָס זאָל ברענגען רעזולטאַטן, באַזונדערס אין שייכות מיט אויסראָטן די לייז. אין וולאָדאַווע באמת הערשט ניט קיין עפּידעמיע, ווייל, למשל, איצט זיינען פאראַן 9 טיפוס־קראַנקע, אָבער עס זיינען אומבאַדינגט נויטיק דער קאַמף און די מיטלען, כדי ניט צו דערלאָזן אז די קראַנקהייט זאָל זיך פאַרשפּרייטן. דער דעלעגאַט בעט דאָס פּרעזידיום און דעם קאָמיטעט, מען זאָל אויספועלן פאר וולאָדאַווע די אויבן־דערמאָנטע מאַטעריאַלן צום פּערזענלעכן וואַשן און וועש־וואַשן.

ד״ר פּורטוליוש (דאָקטער פון רעיאָוויץ): אין רעיאָוויץ איז דאָ אַ קראַנקן־הויז. די רפואות זיינען זייער טייער, אויב מען קויפט זיי אין אַפּטייק, בעט מען זאָל אויסטיילן די וויכטיקסטע קאָנטינגענט־רפואות פאר דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג.

ד״ר ביעלער מאַקסימיליאַן (דאָקטער פון ציצאָוו): צווישן יידן אין ציצאָוו איז ניטאָ קיין פלעק־טיפוס, עס זיינען געווען בלויז עטלעכע פאַלן פון בויך־טיפוס. אין דער גמינע זיינען פאראן 500 קראנקע אויף פלעק־ און בויך־טיפוס, אָבער צווישן דער יידישער באַפעלקערונג איז לעת־עתה ניטאָ קיין איין פאַל. מיר טוען אלץ, כדי אויסצומיידן די קראַנקהייטן, אָבער מיר בעטן אויסטיילן זייף און סאָדע.

ד״ר אליהו טיש (קראָקע): בתשובה דעם ד״ר שפּרינגער שטעל איך פעסט, אז צוויי אַנדערע דאָקטוירים אויף דער קאָנפערענץ האָבן שוין אָנגעוויזן די וועגן און מיטלען צו פירן אַ קאַמף, וואָס זאָל ברענגען רעזולטאַטן, דאָס גייט שוין אריין. אגב, אין געביט פון די פּראָפעסיאָנעלע קענטענישן פון אַ דאָקטער. אחוץ דעם רעקאָמענדירט ער צו פארבינדן זיך מיט דעם באַשעפּטיקטן אין טשענסטאָכאָווער יידן־ראָט ספּעציאַליסט־עפּידעמאָלאָג — ד״ר וואַלבערג, וועלכער האָט דאָרטן מיט זייער גוטע רעזולטאַטן אריינגעפירט און אָנגעווענדט מעטאָדן און מיטלען, צווישן וועלכע עס זיינען אויך געווען קאָמוניקאַטן און עפנטלעכע אויפרופן. דער רעדנער בעט, אז אלע אָרטיקע דאָקטוירים פון ראַיאָן זאָלן זיך ווענדן צום פּרעזידיום מיט באַשטעלונגען פאר רפואות, וועלכע וועלן ווי ווייט מיגלעך באַפרידיקט ווערן.

דער פאָרזיצער פּרענקעל מאיר (כעלם): אין הסכם מיט די מאַכט־אָרגאַנען אָרגאַניזירט דער היגער קאָמיטעט פון ייד. געז. זעלבסטהילף אין גאנצן כעלעמער ראַיאָן א ריינקייט־וואָך אונטערן לאָזונג פון קאַמף מיט לייז. די אַקציע וועט ווערן דורכגעפירט גלייכצייטיק אומעטום און זי וועט זיך געפינען אונטערן קאָנטראָל פון די מאַכט־אָרגאַנען, פון די דעלעגאַטורן פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף און פון יידן־ראַטן. מען וועט לופטערן, וואַשן, שייערן מענטשן און זאַכן. בקרוב וועט מען צושטעלן זייף און פּולווער צום וואַשן צו איין גאַרניטור פאר יעדן מענטשן, און דער פּרייז וועט זיין 1 זלאָט מיט 12 גראָשן פאר א שטיקל זייף מיט זייף־פּולווער. אחוץ דעם מוז מען אָרגאַניזירן א פּראָפּאַגאַנ־

דע דורך קאָמונ־קאַטן, אַפּישן און אויך מונדלעך ביי יעדער געלעגנהייט. דער קאָמיטעט וועט צונויפשטעלן דעם טעקסט פון פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל, וועלכער וועט אין אַן אנטשפּרעכנדיקן סכום פארטיילט ווערן צווישן אַלע דעלעגאַטורן פון דער יידישער געז. זעלבסטהילף, אָדער צו די יידן־ראַטן אין די ערטער, ווו עס איז ניטאָ קיין אָפּטייל פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף. צוליב שפּעטער צייט רייסט דער פאָרזיצער איבער די זיצונג 18 אזייגער 30 מינוט ביז אויף מאָרגן 9 פרי.

## די ווייטערדיקע פאַרהאַנדלונגען פון דער קאָנפערענץ פון די דעלעגאַטורן פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף, דעם 26־טן יאַנואר 1942, 9 פרי.

ביי געווען: ווי נעכטן, מיטן אויסנאַם פון די אויסערשטאָטישע דאָקטוירים, מיטגלידער פון דעלעגאַטור אין ציצאָוו און אויסערשטאָטישע יידן־ראַטן.

## צום 5־טן פונקט פון סדר־היום האַלט דעם רעפעראַט פרוי אָקס חיה־ראָזע.

איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף דארף זיין די קינדער־פאַרזאָרגונג. דער באגריף קינד האַלט איין אין זיך אלע אונדזערע האָפענונגען, אונדזער צוקונפט, קיום. אויב אין דעם מלחמה־געווירבל און אין די ראַדיקאַל־געענדערטע געזעלשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען, וואָס די דערוואַקסענע באַפעלקערונג פאַרשטייט און פילט, וועט דער יונגער דור זיך ניט איינברעכן און וועט אויסהאַלטן, וועלן מיר אויך עקסיסטירן. ווען פאַר דער מלחמה האָט זיך נויט אַלץ מער פארשפרייט צווישן די יידישע מאַסן, האָבן זיך די אויסנווייניקסטע און אינעווייניקסטע רעזולטאַטן געלאָזט מערקן קודם כל ביים קינד, ווייל אויף אים האָבן די שלעכטע סאַניטאַר־היגיענישע און דערנערונג־באַדינגונגען אין דער ערשטער ריי אויסגעקריצט אַ שטעמפל. דאָס האָט שוין דאַן געצויגן די אויפמערקזאמקייט פון דער געז. „טאָז" — דער געז. צו פאַרהיטן דאָס געזונט פון דער ייד. באפעלקערונג, — און זי האָט אָנערקענט פאר איר הויפּט־אויפגאַבע די קינדער־פאַרזאָרגונג. „טאָז" האָט אָנגעהויבן די אַקציע פאר דערנערונג אין שול־עלטער, האָט אָרגאַניזירט קינדער־קאָלאָניעס און האלב־קאָלאָניעס, פארזאָרגונגס־פונקטן פאר מוטער און עופעלעך. אין משך פון די צוויי יאָר, וואָס די ייד. געז. זעלבסטהילף פירט איר טעטיקייט, האָט זיך די פארזאָרגונג פון די עופעלעך, צווישן אנדערע, אויסגעדריקט אין דער פאָרעם פון מילך, צוקער און באטשקעס, די פארזאָרגונג פון שול־קינדער — אין דערנערונג (ברויט און זופּ). זומער־צייט איז איינגעאָרדענט געוואָרן א האלב־קאָלאָניע פאר 110 קינדער אין שול־עלטער. מען האָט זיי געגעבן עסן צוויי מאָל אַ טאָג, זיי האָבן זיך געפונען אונטער א ספּעציעלער אויפזיכט פון פרי ביז 4 בייטאָג, און דער רעזולטאַט איז געווען, אז זיי האָבן געוואונען אין וואָג דורכשניטלעך צו צוויי קילאָגראַם. דער פּסיכישער צושטאַנד איז געווען זייער א גוטער, ווייל די קינדער זיינען געווען ריין, פריילעך, האָבן געהאַט שמייכלענדיקע, לויטערע פּנימער. דאָס איז געשען אויך א דאנק דעם, וואָס מען האָט זיי ארויסגענומען פון דער אַטמאָספער פון דער שטוביקער געדריקטקייט און דערשלאָגנקייט, פון די פייכטע און ענגע קעלערס און בוידעמער, וווהין די זון קוקט קיינמאָל ניט אריין, און מען האָט זיי אריבערגעטראָגן אויף דער פרייער לופט.

דערפאַר אַפּעלירן מיר וועגן אויסברייטערן די פארזאָרגונג פון קינד, און צום דורכפירן דאָס דארף מען, צווישן אנדערע, אָרגאניזירן פרויען־קאָמיטעטן. מיר מוזן שטרעבן צו דערנערן די מוטערס, איינאָרדענען דערנערונג־פונקטן פאר עופעלעך און קינדער, אויסברייטערן איבער זיי א שטענדיקע סאַניטאַר־היגיענישע פארזאָרגונג. מען דארף איינאָרדענען דערנערונג און היימען, ווו אויסער דערנערונג און מעדיצינישער הילף זאָלן די קינדער זיין באזאָרגט מיט אן אויפזיכט אונטער דער אָנפירונג פון דערציערינס און די קינדער זאָלן געפינען אַ וואַרעמע און ריינע אַטמאָספער. דאָס איינאָרדענען זומער־צייט קינדער־גערטנער, ווו די קינדער זאָלן פאַרברענגען די פרייע צייט אויף דער פרישער לופט אונטער אַ געהעריקער אָנפירונג, וועט זיך ניט אָנשטויסן אויף גרויסע שוועריקייטן. אין יעדער שטאָט, שטעטל אָדער ישוב וועט זיך געפינען איין ווינונג, איין גרויס צימער — א ריין, א זוניק, אין וועלכן עס זאָלן זיך צונויפקלייבן די אָרעמסטע קינדער פון די אונטערשטיצטע. דאָרטן, אונטערן אויפזיכט פון א געהעריקער פערזאָן, וועלן די קינדער באקומען זייער דערנערונג, מען וועט לייגן גרויס אַכט אויפן היגיענישן צושטאַנד פון קינד, מען באָדט זיי, מען שערט זיי אא"וו.

די אָנגעצייכנטע פּראָגראַם פון פארזאָרגן דאָס אָרעמע קינד און מוטער געהערט ניט צום געביט פון חלומות, ווייל מיט א גוטן ווילן קאָן מען דאָס דורכפירן אין לעבן אפילו אין קלענסטן שטעטל.

ה' קראַפט בצלאל (רעיאָוויץ): איז לגמרי מסכים מיט די אויספירן פון פרוי אָקס, אָבער אין רעיאָוויץ זיינען ניט פאראַן די באדינגונגען און מיגלעכקייטן פון איינצואָרדענען די קינדער־פאַרזאָרגונג. עס איז ניט בנמצא אַ לאָקאַל, און עס איז אַ מאַנגל אין האָלץ. עווענטועל וואָלט מען געקאָנט איינאָרדענען די קינדער ביי אַנדערע משפחות, און אַ ספּעציעלן קינדער־פּלאַץ איינאָרדענען אין דער וואַרעמערער צייט.

ה' לערער שלום (שעדלישטשע): פאראייניקט זיך צו דער מיינונג פון פרוי אָקס, אז דאָס קינד דארף האָבן די בכורה איבער עלטערע. אין שעדלישטשע איז דער אַבסאָלוטער מאַנגל אין אַ ווינונג און די אוממיגלעכקייט זיך צו פאַרנעמען מיט די קינדער ווערט נאָך פאַרערגערט דורך מאַנגל אין קאַרטאָפל, ברענהאָלץ, מיטלען צו וואַשן און שייערן. די איינוווינער פון שעדלישטשע, מיט קליינע אויסנאַמען, זיינען אויסערסט־אָרעם, עס זיינען פאַראַן א סך אריבערגעקומענע. ער בעט אָנווייזן די מיגלעכקייט און אופן ווי צו אָרגאַניזירן די קינדער־פארזאָרגונג.

ה' כהן אברהם (וולאָדאווע): וולאָדאווע ציילט 700 קי.דער אין עלטער פון 8 ביז 12 יאָר. די דעלעגאַטור, לויט איי־גענער איניציאַטיוו, פאַרנעמט זיך מיט באַזאָרגן די קינדער, און זי טוט דאָס ניט אויפן חשבון פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף, נאָר מיט די אייגענע פאָנדן פון די מיטגלידער. בכלל דערנערט מען די קינדער אויפן אָרט אונטער אן אויפזיכט, אהיים ווערט קיין עסן ניט ארויסגעגעבן. אָבער דער מאַנגל פון שיך און קליידער ווינטער־צייט מאַכט אוממיגלעך די דערנערונג אויפן אָרט.

ה' בערגער פייוול (וואָיסלאָוויץ): אין וואָיסלאָוויץ זיינען ניטאָ קיין ווינונגען, עס איז אַ מאַנגל אין דערנערונג־קאָנטינגענט, אין קליידער, שיך, געלט. מיר בעטן אויסטיילן דאָס פאר אונדז, באזונדערס איז וויכטיק צוקער.

ה' פוקס אלטער (סאַווין): גיט איבער און לייגט פאָר דאָס זעלבע, וואָס ה' בערגער פייוול, אחוץ דעם בעט ער באַשטימען אַ דאָקטער פאַר סאַווין און אויך הייל־מיטלען.

פ׳ ק אָ ז ש ו ך ש יי נ ד ל (אורוסק): גיט איבער און לייגט פאָר, ווי ה׳ בערגער פייוול, און זי זאָגט, אז אין אורוסק זיינען פאראן 30 קינדער אין עלטער פון 6 ביז 8 יאָר, אין דער גאַנצער גמינע איבער 100 קינדער. די באַדינגונגען פון ארבעט פון דער דעלעגאַטור זיינען זייער שווערע, באזונדערס דערפאַר וואָס עס פעלט לגמרי די אונטערשטיצונג פון דעם יידן־ראַט. טראָץ דעם וועט די דעלעגאַטור איצט צוטרעטן צו אָרגאַניזירן די קינדער־פארזאָרגונג און מיר בעטן דעם קאָמיטעט אונדז העלפן, לעת־עתה אין דער פאָרעם פון עצות, אָנווייזונגען, פּראָפּאָגאַנדע.

פ ר ו י אָ ק ס ח י ה ־ ר אָ ז ע (כעלם): דעם מאַנגל אין אַ ווינונג קאָן מען באַזייטיקן דורך פאַרנעמען מיט צוואַנג אַ ווינונג. מיט דעם מאַנגל אין קליידער און שיך קאָן מען זיך אַן עצה געבן דורך אַ זאַמל־אקציע, און דער פרויען־קאָמיטעט וועט איבערנייען און פארריכטן; צוקער, וואָס איז באשטימט פאר עלטערע, אָפּטרעטן די קינדער, ווייל צוקער ווירקט גוט אויפן קינדערשן אָרגאַניזם; צוקער מיט קאווע און אַ באַטשקע קאָן אין ערגסטן פאַל געניגן פאר איין מאָלצייט.

דער פאָרזיצער פ ר ע נ ק ע ל מ א י ר (כעלם): שטעלט פעסט, אז פרוי אָקס האָט אינגאנצן ריכטיק פאָרגעבראכט דעם ענין פון קינדער־פארזאָרגונג. פון די רעדעס קאָן מען זען, אז עס פעלן ווינונגען און ברען־האָלץ. אין דעם פרט וועט דער קאָמיטעט זיך ווענדן צום ה׳ Treuhaender אז מען זאָל באפרייען פון דירה־געלט די ווינונגען, וואָס זיינען פארנומען פאר די צוועקן פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף, אין דעם אויך פאר קינדער־פאַרזאָרגונג, אויך אויב עס פעלן ווינונגען, געבן זיי אין רשות פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף; דער קאָמיטעט וועט זיך אויך ווענדן צום Fostinspecteur מען זאָל אנערקענען פאר די דעלעגאטורן אַן אנטשפרעכנדיקן סכום קאָנטינגענטן־האָלץ פאר די קיכן און ענלעכע צוועקן. דער קאָמיטעט וועט זיך אויך באַמיען אויסצוטיילן קאָנטינגענטן צוקער, ספעציעל פאר קינדער.

צ ו ם פ ו נ ק ט 6 פ ו ן ס ד ר ־ ה י ו ם

דעם באַריכט האָט אָפּגעגעבן ה׳ ש יי ן י ו ס ף (כעלם) און אין הסכם דערמיט האָט דער פאָרזיצער ה׳ פ ר ע נ ק ע ל מ א י ר אויסגעפירט, אז מען דארף אויסשפרייטן א ספעציעלע מאַטעריעלע און מאָראלישע פארזאָרגונג אויף אלע געביטן, וואָס זיינען פאָרויסגעזען אין דער טעטיקייט פון דער ייד. געז. זילבסטהילף, איבער די איבערגעזידלטע און די אַרבעטער; וואָס איז שייך די איבערגעזידלטע — אויסגלייכן זיי אין יעדן פרט מיט דער אָרטיקער באפעלקערונג, וואָס ווינט דאָ שטענדיק. דעמזעלבן פרינציפּ ווענדט מען פאַרשטענדלעך אָן אויף די אַרבעטער, און דאָס האָט א שייכות ניט נאָר צו די־יעניקע, וואָס ארבעטן אין די אָרטיקע אונטערנעמונגען, נאָר אויך אין די ארבעט־לאַגערן, און וואָס קומען דאָס רוב אָדער כמעט אויסשליסלעך פון ווארשע. צווישן אנדערע באַזאָרגן מיר זיי מיט סאַניטאַרער אויפזיכט און טיילווייז אויך מיט שפּייז און קליידער.

צ ו ם פ ו נ ק ט 7 ר ע פ ע ר י ר ט ד ע ר פ אָ ר ז י צ ע ר פ ר ע נ ק ע ל:

פון די באריכטן פון די רעפערענטן און פון די רעדעס פון די דעלעגאַטן איז קלאָר, אז אלע צווייגן פון די אויפגאַבן און טעטיקייט פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף האָבן זייער מקור אין באַשפייזונג, און די דאָזיקע פּראָבלעם איז די דאָמינירנדיקע. אויף יעדן געביט מוזן מיר פירן א שפּאָרזאמע באלעבאַטישקייט, ווייל די פאָנדן אונדזערע זיינע באשיידענע, און אחוץ דעם איז מיגלעך, אז די באשפייזונג־באדינגונגען וועלן זיך פאַרערגערן. פאר דעם גאַנצן ביז־איצטיקן פעריאָד פון דער מלחמה האָט דער ראַיאָן ניט באקומען קיינע קאָנטינגענטן פאר די, וועמען מען דארף אונטערשטיצן, אָדער די ייד. געז. זעלבסטהילף איז ניט גענומען געוואָרן אין באַטראַכט, אחוץ דעם האָבן אייניקע פונקטן לגמרי גאָרניט באַקומען פאר דער באַפעלקערונג. ווי מען קאָן, למשל, זען פון דעם פאַראַיאָריקן באַריכט, האָט די דעלעגאַטור אין רודאַ־סוויערזש באַקומען 2.10 קילאָ קאָרן־מעל אויף א פערזאָן א וואָך, ווען ווייצן־מעל און אנדערע ארטיקלען איז קיין רייד אפילו ניט געווען.

נאָך שטאַרקע אָנשטרענגונגען און פילצאָליקע שתדלנות דורך דעם סחורות־פארטיילונג־אַמט אין כעלם ביי מאָסגיביקע אינסטאַנצן האָט מען דערבראַכט דערצו, אז מען טיילט אויס וועכנטלעך ניט 2.10 קילאָ, נאָר 550 גראם מעל פאר א פערזאָן. אומאָפּהענגיק דערפון זיינען פאראן ספעציעלע סכומים קאָרן־מעל פאר קיכן, אונטערשטיצטע און שפּיטעלער.

אומאָפּהענגיק פון נאָרמאלן קאָנטינגענט, וואָס ווערט אויסגעטיילט פאר דער באפעלקערונג, פאר די אונטערשטיצטע, שפּיטעלער און קיכן, האָט זיך מיר איינגעגעבן אויסצופועלן פאר אלע פּונקטן פון כעלעמער ראַיאָן, מיטן אויסנאַם פון וולאָדאווע, וואָס האָט שוין באַזונדער באַקומען, 5.000 קילאָגראַם ווייצן־מעל, די דעלעגאַטורן דאַרפן זיך ווענדן דעם ווענדן צום פאַרטיילונג־אַמט.

גלייכצייטיק וויל איך מעלדן, אז נאָך שטאַרקע און פילצאָליקע באַמיאונגען האָט זיך מיר איינגעגעבן צו קריגן 2.500 קילאָ צוקער, באַשטימט אויסשליסלעך פאר די פּונקטן אין ראַיאָן און פאר די אונטערשטיצטע (מיטן אויסנאַם פון וולאָדאווע), ווו מען האָט פאר דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה קיינעם קיין צוקער ניט ארויסגעגעבן (אַפּלאָדיסמענטן).

איך האָב אויך באקומען א ספעציעלן סכום לאָקשן און מאַנעקאַשע פאר די שפּיטעלער.

פון זאַל שטעלט מען פראַגעס, צי מען קאָן קריגן זאַלץ. דער פאָרזיצער: יאָ, אין קלענערע סכומים וועט מען קאָנען באקומען, און די פאָרשטייער פון דער באפעלקערונג קאָנען זיך ווענדן וועגן דעם ארטיקל, און זיי וועלן קריגן לויט קאָנטינגענטן־פּרייזן. נעכטן האָב איך שוין מיטגעטיילט, אז עס האָט זיך מיר איינגעגעבן צו באקומען א געוויסן סכום זייף און זייף־פּולווער, וואָס וועט זיין גענוג אויסצוואַשן איין גאַרניטור פער פערזאָן, און עס וועט קאָסטן 1 זלאָט 12 גראָשן. די דעלעגאַטורן אָדער די יידן־ראַטן דאַרפן די סומע איינצאָלן אין קאַסע פון קאָמיטעט אָדער דירעקט צו דעם פאַרטיילונג־אַמט. וואָס איז שייך צוקער, בעט איך די הערן דעלעגאַטן, צו פאַרטיילן אין דער ערשטער ריי פאַר קינדער, קראַנקע און אונטערשטיצטע. וועגן קאַרטאָפל, קאָן, צום באַדויערן, צוליב די פרעסט קיין רייד ניט זיין, אז מיר זאָלן קאָנען זיי צושטעלן. דהיינו איך האָב אין מיין רשות א דערלויבעניש פאר דער שטאָט כעלם אויף 2.000 מעטער קארטאָפל, אָבער מען קאָן דאָס ניט אויסנוצן צוליב די פרעסט. דערביי וויל איך מודיע זיין, אז פון די 2.000 מעטער, הגם זיי זיינען ספעציעל באשטימט פאר דער שטאָט כעלם, וועט מען אויסטיילן 200 מעטער פאר סאָסנאָוויעץ.

אין דעם פּונקט ווענדט זיך דער פאָרזיצער צום פאָרשטייער פון וולאָדאווע, ה׳ כהן, אז לויטן ביישפּיל פון כעלם זאָל וולאָדאווע אויך אויסטיילן וואָס פאר די ארומיקע דעלעגאטורן, ווייל פון ה׳ כהנס פעסטשטעלונגען איז קלאָר, אז וולאָדאווע באקלאָגט זיך אבסאָלוט ניט אויף א מאנגל פון אויסגעטיילטע שפּייז־פּראָדוקטן און גיט זיך גאַנץ גוט אַן עצה. עס איז בכלל ניט באַוווסט, צי

אונדזער קאַטאַסטראָפאַלע לאַגע זאָל ניט זיין מאָרגן אין דור־בעטשנע, סאָסנאָוויעץ אאַ״וו.

דאָן האָט זיך דער פאָרזיצער געווענדט צו די פאָרשטייער פון די דעלעגאַטורן, צי זיי באַשטעטיקן די ארבעט פון קאָמיטעט אין דער ריכטונג. שטימען: יאָ! יאָ! איצט וואָרט אויף אונדז די אַרבעט פון אויסטיילן א געוויסן סכום וויצן־מעל אויף מצה. בכלל פאַרשטיי איך גוט, אז קיין געלט־הילף וועט ניט קאָנען באַפרידיקן אייערע באַדערפעניש, אויב איר וועט ניט באַקומען די שפייז־פראָדוקטן לויט קאָנטינגענטן־פרייזן. אויב אפילו קראָקע מיט אַמעריקע וואָלטן אייך אויסגעטיילט סובסידיעס אין געלט, וואָלט דאָס ניט געקאָנט שטילן אייערע באַשפייזונג־נויטן. ווי א ביישפיל וועל איך אייך דערציילן: איך האָב געהערט, אז אייניקע דעלעגאַטן האָבן געמאָלדן, אז זיי זיינען ניט ביכולת צו צאָלן 20 זלאָטעס פאר א קילאָ צוקער. אויב איר זאָלט כפלען 2500 קילאָ אויף 25, וועט זיך באַקומען א סומע פון 62.500 זלאָטעס, אין דער צייט ווען אין פאַרטיילונג־אַמט דאַרף דאָס קאָסטן איבער 4.000 זלאָטעס. דאָס איז גלייך צו א סובסידיע פון 58.000 זלאָטעס פאר יאַנואַר. איך טו דאָס און האַנדל אזוי צוליב ליבע צו מענטשן און וועל אויך להבא האַנדלען אין דער זעלבער ריכטונג. איך בעט, אז עס זאָל זיין א צוזאַמענאַרבעט צווישן די יידן־ראַטן און דער יידישער געזעלשאַפטלעכער זעלבסטהילף.

## צום פונקט 8 פון סדר־היום

דער באַריכט־אָפּגעבער ה׳ קאַץ נתן (כעלם): פון די רעדעס פון די דעלעגאַטן האָב איך אַרויסגעטראָגן דעם איינדרוק, אז צווישן די יידן־ראַטן אין אַ פאַרהעלטנישמעסיק גרויסער צאָל פונקטן און די דעלעגאַטורן הערשט אַן אַנטאַגאָניזם, וואָס איז איבעריק צו דערמאָנען, אז דאָס ברענגט שאָדן אין א גרויסער מאָס דער ארבעט פון די פאַרשטייער פון די אינסטיטוציעס, ווי אויך די אינטערעסן פון דער באַפעלקערונג. פאַרקערט, אַ צוזאַמענאַרבעט, אַן אויפריכטיקע, א פריינדלעכע, וועט ביידע צדדים ברענגען גרויסע נוצן. ווי א ביישפיל וועל איך נעמען די שטאָט כעלם, וווּ דער יידן־ראַט מאַכט אלע אָנשטרענגונגען, כדי צו העלפן דער יידישער געזעלשאַפטלעכער זעלבסטהילף. צווישן אנדערע, גיט דער ראַט אַ שטענדיקע חודשדיקע סובסידיע פון עטלעכע טויזנט זלאָטעס. די דעלעגאַטורן דאַרפן פון זייער זייט זיך תמיד אָנשטרענגען צו געפינען הכנסה־קוועלן צוגעפּאַסטע צו די אָרטיקע באַדינגונגען, און צו די קוועלן געהערן רעגולערע סובסידיעס פון די יידן־ראַטן, חודשדיקע אָפּצאָלן, פּריווילעגיע באַשטייערונגען, אונטערנעמונגען, אַקציעס אין יום־טובים־צייט אאַ״וו. דאָס אלץ דאַרף מען איינפירן און אַנטוויקלען.

ה׳ כהן אברהם (וואָלאָדאַווע): ווי דער פאַרטרעטער פון פאָרזיצער פון יידן־ראַט אין וואָלאָדאַווע פאַרזיכער איך, אז דער יידן־ראַט וועט צוזאַמענאַרבעטן מיט דער דעלעגאַטור פון ייד. געז. זעלבסטהילף. ער בעט אים געבן א קאָפּיע פון בריוו פון קרייז־הויפּטמאַן פון 24־טן יאַנואַר, נר. III 42—710, וואָס איז אַדרעסירט געוואָרן צום ה׳ פרענקעל.

ה׳ לערער שלום (שעדלישטשע) און מיגדאל יצחק (דובענקאַ) שטעלן פעסט, אז די יידן־ראַטן אין זייערע פונקטן טוען אלץ, כדי צו שטיצן לויט דער מיגלעכקייט די דעלעגאַטורן, אָבער די באַמיאונגען זיינען לעת־עתה אָן אַ רעזולטאַט, ווייל עס פעלן מיטלען און ווייל די יידישע באַפעלקערונג איז אינגאַנצן פאַראָרעמט געוואָרן. אויב עס זאָל ניט זיין קיין הילף פון דרויסן, וועט זיך די סיטואַציע פאַרערגערן, און עס וועט זיין שווער זיך אַרויסצובאַקומען פון איר.

ה׳ קראַפּט בצלאל (רעיאָוויץ): בעט אויסטיילן פאַר רעיאָוויץ קאַרטאָפל און ברענהאָלץ. ער גיט איבער, אז בקרוב וועט איינגעאָרדנט ווערן א קורס פון לאַנדווירטשאַפטלעכער אויסשולונג, וואָס איז זייער וויכטיק פאר רעיאָוויץ.

דער פאָרזיצער פרענקעל: מען דאַרף אָננעמען פאַר אַן אומבאַדינגטן פּאָסטולאַט, אז א) אלע הכנסות פון די יידן־ראַטן פון די קאָנטינגענטן דאַרפן אין דער פולער מאָס אויסגעצאָלט ווערן צו די דעלעגאַטורן פון דער יידישער געז. זעלבסטהילף; ב) די יידן־ראַטן דאַרפן אויסטיילן שטענדיקע חודשדיקע סובסידיעס, און די גרויס פון די סובסידיעס דאַרף פעסטגעשטעלט ווערן אויפן סמך פון די בודזשעטן פאר די לעצטע 6 חדשים; ג) מען טאָר ניט אויסטיילן די, וואָס מען אונטערשטיצט, אינדיווידועלע הילף אין מזומנים, נאָר בלויז אין טרוקענע פּראָדוקטן, אָדער אין אנדער פאָרעם ווי הילף פאר דירה־געלט, אָדער ברענהאָלץ אאַ״וו. אין אויסנאַמיקע באַדינגונגען קאָן מען אָפּטרעטן פון דעם לעצטן באַדינג (וואַרשיינלעך פאר צוויי פונקטן).

ד״ר אליהו טיש (קראָקע): דער ציל פון דער קאָנפערענץ איז געווען צו געפינען בשותפות אַן אויסוועג פון דער סיטואַציע, איינשטעלן אופנים און מיטלען, וואָס דאַרפן העלפן צו לייזן די אויפגאַבעס פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף. איך וויל אָט איצט אַרומריידן די באַציאונג פון די יידן־ראַטן צו דער ייד. געז. זעלבסטהילף. מיר זעען ניט קיין גרונטיקע סיבה, וואָס זאָל שטערן דער צוזאַמענאַרבעט פון די צוויי אונדז נאָך פאַרבליבענע יידישע אינסטיטוציעס. די יידן־ראַטן זיינען מחויב און מוזן אָנערקענען די וויכטיקע מסירת־נפשדיקע ארבעט פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף, וואָס באַפרייט אין א גרויסער מאָס די ראַטן פון געזעלשאַפטלעכער פאַרזאָרגונג־אַרבעט. א לעבעדיקער ביישפיל פון דער שיינער און נוצלעכער ארבעט פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף זיינען די פאָלק־קיכן, אַמבולאַטאָריעס און שפּיטעלער, דערנערונג־פונקטן און קינדער־פאַרזאָרגונג־פונקטן, די „טראָפּן מילך״ און אַ צאָל פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, וואָס טראָגן אַ וווילטעטיקייט־קאָנסטרוקטיוון כאַראַקטער. איך רוף צו פאַרשטענדיקונג, הילף, צוזאַמענאַרבעט, ווייל ביידע זייט איר אינסטיטוציעס פון דער יידישער באַפעלקערונג און ביידע מוזט איר איינע די אנדערע דערגאַנצן. מיטן צוועק אָפּצוהאַלטן די יידן פון וועג צום אונטערגאַנג איז געוואָרפן געוואָרן אויף דער יידישער גאַס דער לאָזונג „זעלבסטהילף״, און דער דאָזיקער לאָזונג איז געוואָרן דער צוועק פון אונדזער אינסטיטוציע. אַריינדרינגען מיט הילף צווישן די אָרעמסטע מאַסן, צווישן די, וואָס זייער נויט איז די גרעסטע — און די הילף — די אומבאַדינגטסטע. אָט מיט דער לאָזונג קומען מיר צו די יידישע מאַסן און מיר ווילן זיי העלפן.

עס איז אָבער אוממיגלעך צו געפינען איין תרופה פאר אלע צרות, וואָס די דעלעגאַטן האָבן דאָ איבערגעגעבן. יעדערער מוז געפינען וועגן, וואָס דרינגען אַרויס פון די אָרטיקע באַדינגונגען און באַציאונגען. מיר טוען אלץ, וואָס איז אין דער מענטשלעכער מיגלעכקייט, אָבער די מיטלען זיינען קליינטשינקע און שוואַכע.

אין אזא סיטואַציע מוז דער הויפּט־ציל פון אונדזער טעטיקייט זיין — קינדער־פאַרזאָרגונג, ווייל דאָס קינד איז דער יסוד און די צוקונפט פון קיבוץ. ביי אָנווענדן די אַנטשפּרעכנדיקע כוחות קאָן די קינדער־פאַרזאָרגונג געפירט ווערן אויף די ריכטיקע דרכים אפילו ביי די באַשיידנסטע מיטלען און באַדינגונגען.

די ארבעט פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף איז אויך א מלחמה־ארבעט פאר די יידן, איך אַפּעליר צו אלעמען, אז זי זאָל אזוי דורכגעפירט ווערן, אז נאָך דער מלחמה זאָל זיין א כבוד דאָס רעכט צו פאררופן זיך, אז מען האָט זיך באטייליקט אין דער ארבעט.

### צום פונקט 9 פון סדר־היום
### (פרייע פאָרשלאגן)

עס ווערן אריינגעטראָגן פאָלגענדיקע פאָרשלאָגן:

1) פאָרשלאַג פון ה׳ ליאַס חיים (כעלעמער דעלעגאַטור) וועגן איינפירן אַן אייגנאַרטיקע פאַראיינפאַכטע בוכפירונג פאר אלע דעלעגאַטורן פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף, לויט די צוגעגעבענע מוסטערן. ער פארטיידיקט דעם פאָרשלאַג אויפן פאָלגנדיקן אופן: היות ווי יעדן חודש קומט מיר אויס זיך צו באקאָנען מיט די באריכטן פון די באזונדערע דעלעגאַטורן, קאָן איך אָנווייזן אויף פילצאָליקע פעלערן אין זייער פארשרייבן די הכנסות און הוצאות, וואָס מאכט אוממיגלעך פאר זיי צוצוגרייטן ריכטיקע באריכטן. ווייל מיטגלידער פון דעלעגאטור זיינען ניט באקאָנט מיט די עלעמענטאַרע כללים פון בוכפירונג, שטעלן אייניקע דעלעגאַטורן ניט צו קיינע שום באריכטן. די סיסטעם, וואָס איך לייג פאָר, פאָדערט ניט קיין ספּעציעלע פאַך־קענטעניש, און אויך ניט קיין טייערע ביכער. עס גענוגט צו פירן צוויי ביכער: אַ קאַסע־בוך און אַ קאָנטע־בוך, ליניִרט אויף אַ געהעריקן אופן.

דאָס איינפירן אן איינהייטלעכע סיסטעם פון בוכפירונג און דאָס צושטעלן יעדן חודש באַריכטן, וואָס זאָלן ברענגען די בסך־הכלדיקע סומעס פון די באַזונדערע דובריקעס, וואָלטן געגעבן דעם ראַיאָניקן פארזאָרגונג־קאָמיטעט א מיגלעכקייט צונויפצושטעלן חודשדיקע באַריכטן פון גאַנצן ראַיאָן. נאָכן אויספּרובירן די סיסטעם אין משך פון עטלעכע חדשים אויפן געביט פון כעלעמער ראַיאָן, וואָלט מען געקאָנט דורכפירן די פּראָיעקטירטע דורכן פּרעזידיום פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף פאראיינאַרטיקונג פון דער בוכפירונג פון די דעלעגאַטורן אין גאַנצן גענעראַל־גובערנאַטאָרישן געביט.

2) פאָרשלאַג פון ה׳ קראַפט בצלאל (רייוויץ) וועגן אינטערווענירן ביי די מאַכט־אָרגאַנען, אז די לאָקאַלן, וואָס זיינען פארנומען דורך דער יידישער געז. זעלבסטהילף, זאָלן זיין באפרייט פון דירה־געלט.

3) פאָרשלאַגן פון די מיטגלידער פון די דעלעגאטורן: יצחק ציבערמאַן (אורוסק), שלום לערער און לייב קרוק (שעדלישטשע), אַלטער פוקס (סאַווין), וועגן העכערן דאָס געהאַלט פון מאַוריצי דרוקער, דעם סעקרעטאַר פון ראַיאָניקן קאָמיטעט פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף, ביז 500 זלאָטעס א חודש.

ס׳ווערט באשלאָסן איבערצוגעבן אויף צו דערליידיקן אלע פאָרשלאַגן צום כעלעמער ראַיאָניקן פארזאָרגונג־קאָמיטעט פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף.

היות ווי דער סדר־היום איז אויסגעשעפּט געוואָרן, האָט דער פאָרזיצער באדאנקט אלעמען פאר דער צוזאמענארבעט און פארן אנטייל אין די פארהאַנדלונגען און מיטן רוף צו ווייטערדיקער אינטענסיווער ארבעט אויפן פעלד פון געזעלשאפטלעכער פארזאָרגונג האָט ער געשלאָסן די פארהאַנדלונגען פון דער קאָנפערענץ דעם 26־טן יאַנואַר, 1942, 13 אזייגער 30 מינוט.

## אַן אַדמיניסטראַטיווע זיצונג

פון דעם ראַיאָניקן פאַרזאָרגונג־קאָמיטעט פון דער געז. זעלבסטהילף איז פאָרגעקומען אין כעלם דעם 11־טן פעברואר, 1942, 11 פרי.

ביי־געווען די מיטגלידער פון קאָמיטעט פון דער ייד. געז. זילבסטהילף: פרענקעל מאיר — פאָרזיצער; שיין יוסף, אָקס חיה־ראָזע, קאַץ נתן און ד״ר יעלען אברהם — פארטרעטער פון קראנקן ד״ר שמעון גאָרין.

אויף דער זיצונג האָט מען באַהאַנדלט די אויבן דערמאָנטע פרייע פאָרשלאַגן, וואָס זיינען אריינגעטראָגן געוואָרן אויף דעם צוזאמענפאָר, און עס זיינען אָנגענומען געוואָרן די ווייטערדיקע באשלוסן:

### צום ערשטן פאָרשלאג:

באַשלאָסן אָנצונעמען דעם פּראָיעקט פון חודשדיקע קאַסע־באריכטן און בוכפירונג לויט די איינגעשלאָסענע מוסטערן, אָפּדריקן א״ן פונאנדערשיקן צו די באזונדערע דעלעגאַטורן אין כעלעמער ראַיאָן מיט א פאראָרדענונג איינצופירן די באַריכטן און ביכער פון 1־טן אַפּריל, 1942.

### צום צווייטן פונקט:

דער פאָרזיצער מ. פרענקעל איז מודיע: א מעמאָראנדום וועגן דעם ענין האָט מען אָנגעגעבן צום ה׳ Treuhaender אין כעלם אין נאָמען פון אלע דעלעגאַטורן צו באפרייען פון דירה־געלט אלע לאָקאַלן, וואָס ווערן באַנוצט דורך דער ייד. געז. זעלבסטהילף, ווי אויך וועגן צוטיילן נייע לאָקאלן.

### צום דריטן פונקט:

מיט די שטימען פון אלע בייגעוועזענע ווערט באשלאָסן, אז פון דער קאַסע (קאָנטע) פון ראיאָניקן קאָמיטעט פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף זאָל מען אויסצאָלן, רעכענענדיק פון 1־טן פעברואר, 1942, יעדן חודש דעם סעקרעטאר פון קאָמיטעט פון ייד. געז. זעלבסטהילף, ה׳ מאַוריצי דרוקער, 300 זלאָטעס פאר זיין ארבעט פארן ראַיאָן, און דאָס איז אומאָפּהענגיק פון דעם פריער באשטימטן חודשדיקן געהאַלט פון 60 זלאָטעס פאר זיין ארבעט פאר דער שטאָט. אחוץ דעם אויסצאָלן דעם סעקרעטאר דרוקער 300 זלאָטעס ווי אַן איינמאָליקע באלוינונג פאר זיין ארבעט אין יאָר 1941.

| | |
|---|---|
| פאָרזיצער פון קאָמיטעט פון ייד. געז. זעלבסטהילף | סעקרעטאר פון קאָמיטעט פון ייד. געז. זעלבסטהילף |
| (—) מאיר פרענקעל | (—) מאַוריצי דרוקער |

יידישע געז. זעלבסטהילף
יידישער כעלעמער ראַיאָניקער פאַרזאָרגונג־קאָמיטעט
פון דער ייד. געז. זעלבסטהילף.

קאָפּיע שטימט מיטן אָריגינאַל
(—) א בלום...
ווארשע, דעם 1־טן אויגוסט, 1950.

שטעמפּל: יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט
ביים צענטראַלן
קאָמיטעט
פון די יידן אין פוילן

S 20a

חיים סאָבאָל

# אין די טעג פון אומקום

(אייניקע זכרונות)

כ׳בין ניט קיין שרייבער, אָבער איך וועל זיך באמיען — אויף וויפיל מיין זכרון וועט מיר דינען — צו באשרייבן אלץ וואָס כ׳האָב געזען און איבערגעלעבט, פונעם ערשטן טאָג, ווען היטלער־עמלק איז אריינגעטראָטן מיט זיינע בלוטיקע שטיוול אין אונדזער שטאָט, ביז דער באַפרייאונג, ווען די רויטע אַרמיי האָט ארויסגעטריבן די היטלער־מערדער. כ׳האָב זיך די גאַנצע צייט געפונען אין כעלם.

1־טער סעפּטעמבער, 1939. די פינצטערע מלחמה ברעכט אויס, און יעדער ייד דערפילט די אימהדיקע צייט. די געשעענישן קייטלען זיך מיט א גוואלדיקן טעמפּ. שוין אין די ערשטע טעג איז כעלם שטאַרק באָמבאַרדירט געוואָרן, עס זיינען פון די באָמבעס געפאַלן טויט אַ 200 פערזאָן — יידן און ניט־יידן. די באפעלקערונג פארלאָזט די שטאָט און אנטלויפט אין די דערפער, ווו די לאַגע איז אויך ניט קיין זיכערע.

נאָך 2 וואָכן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע אין כעלם, האָבן קורסירט קלאַנגען, אז די סאָוועטן קומען אריין אין שטאָט במקום די דייטשן. די יידישע באפעלקערונג נעמט אויף די ידיעה מיט פרייד. די רויטע ארמיי קומט אריין אין שטאָט, אָבער, לויטן אָפּמאַך מיט דער היטלער־מאַכט, פארלאָזט זי די שטאָט און ציט זיך צוריק אויף דער צווייטער זייט פון טייך „בוג“.

די שטאָט גייט אריבער ווידער אין די דייטשישע הענט. עס רופט ארויס צערודערונג און פחד. די רויטע אַרמיי — פאַר איר אוועקגיין פון כעלם — האָט געוואָרנט און מיטגערופן די יידן מיטגיין מיט זיי. צום גרעסטן באדויער, האָט נאָר א קליינער טייל ערנסט גענומען די ווענדונג פון דער רויטער ארמיי. נאָר די יידישע יוגנט, לינק־געשטימט, האָט דאן פאַרלאָזט די שטאָט. אָבער דער רוב מנין ורוב בנין פון דער יידישער באפעלקערונג איז געבליבן אין כעלם, דענקענדיק, אז קיין שלעכטס וועט זיי ניט פאַסירן און די דייטשן וועלן ניט טאָן קיין נגישות די יידן.

עס איז אָבער געשען דאָס ערגסטע. באלד ווי די היטלער־אָקופּאַנטן האָבן פארנומען אויפסניי די שטאָט, האָבן זיי אָנגעווענדט א שרעקלעכן טעראָר לגבי דער יידישער באפעלקערונג: הריגות, קאָנטריבוציעס און רויבערייען זיינען געווען טאָג און נאַכט. ספּעציעלע ס.ס.־אָפּטיילן זיינען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, געזוכט און גענישטערט, רויבנדיק אלע בעסטע חפצים. ס׳איז נאָמינירט געוואָרן א יידנראַט, מ׳האָט גענומען יידישע „זאקלאדניקעס“.

די מיטגלידער פון יידנראַט האָט מען פארזיכערט, אז א דאנק דעם וואָס זיי וועלן מיטארבעטן מיט דער דייטשישער מאַכט, וועט זיי קיין רעה ניט זיין און זיי וועלן לעבן אין פרידן, אָבער זיי זיינען דורך די ראַפינירטע הענקער אָפּגענארט געוואָרן. מען האָט יידן געכאפּט אויף ארבעט, זיי פארשאפט ענויים און לסוף אומגעבראַכט.

די רויבעריי איז פאָרגעקומען אין א גרויסן פאַרנעם. אלע יידישע איינוווינער פון לובלינער גאַס זיינען ארויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע וווינונגען און מען האָט זיי באזעצט אין די יידישע גאַסן — פּאָסט גאַס און אַנדערע — ווו ס׳איז שפּעטער געווען די כעלעמער געטאָ.

דעם 1־טן דעצעמבער, 1939, האָט די געסטאַפּאָ אין כעלם באפוילן דעם יידנראַט, ער זאָל צונויפרופן אלע יידישע מענער



פון 16—60 יאָר אויפן מארק־פּלאַץ, ווו ס׳האָט זיך אמאָל געפונען דער „רינג“ פון יידישע געוועלבער, צו הערן א רעדע פון געסטאַפּאָ־שעף. כעלעמער יידן האָבן משער געווען, אז עס קאָן טאקע זיין בלויז א רעדע און ניט קיינע עקזעקוציעס און דעריבער זיינען אן ערך 1800 יידישע מענער געקומען אויף דעם אויבן דערמאָנטן פּלאַץ.

קומענדיק אויף דעם „רינג“, האָט א שטאַרקע שמירה פון דער געסטאַפּאָ ארומגערינגלט די יידן. עס איז פאַראָרדענט געוואָרן, אז יעדער איינער זאָל אָפּגעבן די דייטשן אלצדינג וואָס ער האָט ביי זיך. דערנאָך האָט מען באפוילן שטעלן זיך אין רייען און מאַרשירן צו דער הרוביעשאָווער גאַס.

די מארשירנדע יידן האָבן באלד ארויסגעאַנט די טויט־סכנה. זיי האָבן געוויינט און זיך געבעטן ביי די דייטשן, אז מען זאָל זיי באפרייען.

די 1800 כעלעמער יידן זיינען געטריבן געוואָרן קיין הרוביעשאָוו און פון דאָרטן קיין סאָקאָל — צו דער סאָוועטישער גרענעץ, זאָגנדיק, אז יידן האָבן ליב רוסלאנד, דארפן זיי אהינצו גיין. אין דאָזיקן טויטנמאַרש זיינען אויסגעשאָסן געוואָרן פיל יידן. פאר דעם קלענסטן חטא — פאר ניט קאָנען גיך מארשירן, זיינען יידן דערשאָסן געוואָרן. בלויז א קליינע צאָל יידן איז אריבערגעגאַנגען דעם „בוג“ — אויף דער סאָוועטישער זייט, — און א טייל יידן האָבן זיך צוריקגעקערט קיין כעלם.

פון יענעם בלוטיקן טויטנמאַרש ביז די אקציעס אין 1942, האָבן כעלעמער יידן דורכגעמאַכט פינצטערע טעג און נעכט, הונגער און טויט־שרעק, זעענדיק דעם טויט יעדע מינוט און אויף יעטוועדן טראָט. עס זיינען פאָרגעקומען דעפּאָרטאַציעס אין טויטנלאַגער סאָביבאָר. די פאַרצווייפלונג איז געווען אזוי שטאַרק, אז עס זיינען געווען פאלן, ווען יידן האָבן געזאָגט דער געסטאַפּאָ, אז זי זאָל זיי בעסער דערשיסן, איידער זיך אזוי שווער פּייניקן.

אין יאָר 1942, ווען ס׳איז פאָרגעקומען די לעצטע „אקציע“, האָבן די ס.ס.־לייט אויסגעקליבן די בעסטע 50 יידישע בעלי־מלאכות — פון אלע פאַכן. מיך האָט מען אויסגעקליבן פון די קאַמאַשנמאַכער. אונטער א שטאַרקער באוואָפנטער שמירה האָבן מיר געאַרבעט פאַר די ס.ס.־אָפיצירן. די שטאָט איז שוין דאן געווען אן אויסגעליידיקטע פון יידן.

דעריבער האָבן זיי גענומען „ליקווידירן“ אויך אונדזער ארבעט־בריגאדע. פון די 50 יידישע בעלי־מלאכות זיינען מיר געבליבן ניט מער ווי 15. מען האָט אונדז פון בלאָק אריבערגעפירט אין א טורמע.

זעכצן חדשים האָבן מיר, זעענדיק דעם טויט פאר די אויגן, געארבעט אין תפיסה. אין שטאָט כעלם איז שוין ניט געווען בנמצא קיין איין־איינציקער ייד. מיר האָבן שוין אויך בעסער געוואָלט דעם טויט און געווארט אויף אים ווי אויף א נס צו באַפרייען זיך פון די נעגל פון די דייטשישע רוצחים.

דעם 17־טן מיי, 1944, האָבן סאָוועטישע עראָפּלאנען באָמבארדירט כעלם, אויך די באַן־סטאַנציע און די תפיסה, ווו מיר האָבן זיך געפונען. עס זיינען דאן דערהרגעט געוואָרן די תפיסה־וועכטער און אייניקע ארעסטאַנטן. די תפיסה־געביידע איז דע־

מאַלירט געוואָרן. בעת דער דאָזיקער באָמבאַרדירונג זיינען מיר — זאַלבע פופצן — אנטלאָפן. איינער פון אונדז איז דורך דער וואַך דערשאָסן געוואָרן.

אויפן צווייטן טאָג, דעם 18־טן מיי, האָט מען אונדז, די 14 יידן און 70 קריסטן, אוועקגעפירט צו דערשיסן. ס׳איז מיר ניט באַגרייפלעך עד־היום, וואָס מ׳האָט דאַן די 70 אַריער דערשאָסן, און אונדז, 14 יידן, האָט מען צוריקגעשיקט אין תפיסה צו דער אַרבעט.

מיר האָבן געאַרבעט ביזן 21־טן יולי, 1944. דאַן, ווען די רויטע אַרמיי האָט געמאַכט איר גרויסע אָפּענסיווע און איז אַרי־בערגעגאַנגען דעם „בוג״, איז כעלם געווען די ערשטע פוילישע שטאָט, וואָס איז דורך די סאָוועטן איינגענומען געוואָרן, און מיר זיינען אויך באַפרייט געוואָרן.

דאָס האָט פּאַסירט אַזוי געשווינד, אַז די תפיסה־פאַרוואַל־טונג מיט דער געסטאַפּאָ זיינען אין א גרויסער בהלה און אימה אַנטלאָפן אין מיטן נאַכט. פאַרטאָג האָבן מיר באַמערקט, אַז מיר זיינען אָן אַ שמירה. די דייטשן זיינען אָבער געווען אין שטאָט. עס זיינען נאָך פאַרגעקומען קאַמפן און די שיסערייען זיינען נאָך געווען שטאַרקע.

נאָך דאַן האָבן מיר זיך געשראָקן צו פאַרלאָזן די תפיסה, מיר האָבן, דעריבער, באַשלאָסן צו געפינען א באַהעלטעניש אין א בונ־קער פון דער טורמע. מיר זיינען דאָרט געלעגן 3 טעג — אָן עסן און אָן טרינקען. מיר האָבן ניט געוווסט, אַז די רויטע אַרמיי איז שוין געווען 2 טעג אין שטאָט.

אַרויסגייענדיק פון תפיסה, איז איינער פון אונדזערע יידישע בעלי־מלאכות — יחיאל שטשופאַק, אַ היטלמאַכער, באַלד גע־שטאָרבן, די גרויסע טראַגעדיע פון חורבן האָבן מיר אַרויס־געזאָגט, ערשט, נאָך דער באַפרייאונג. איטלעכער פון אונדז האָט דערפילט די גרויסע איינזאַמקייט און די גרויזאַמסטע טראַגעדיע פון יידישן פאָלק.

---

<u>שלמה וואַרזאַגער</u>

# כעלם

ווי איך זאָל מיין קאָפּ ניט לייגן — לויפט מיר נאָך מיין בראָך.
אַ היימשטאָט מיין, מיט גאַסן באַרגיקע, מיט אַרויף־אַראָפּן — ווי ס׳האָט
„זיין״ קללה, ווי א דונער זיך געקייקלט איבער שטאָט.

א פאַראיינזאַמטער ליגט דער ציגלוועג, וואָס פירט צום וואַלד.
מעקלער, מוכר־תבואהניקעס אין מאַלאַנטשענע כאַלאַטלעך —
קוועקזילבער אויף ווינט —
מיט „מה־טובו״ אויף די ליפּן זיינען דאָרט צוגלייך מיט בלוי
אַרויס באַגעגענען די פורלעך פּויערישע — א נישטער טאָן אין
שטרוי...

עס ווייען איצטער בלינד
די שטיינערנע שאָסייען נאָך שטיוואַלעס בעל־עגלהשע ביי זייט
פון וועגענער מיט סקריפּע און געקרעכץ.
א פאַרחלשטער דער מאַרק — לעכצט:
נאָך באַליעס און פעסער, וואָס בענדערהענט אַרויסגעקאָלערט
האָבן אַ יעדן דינסטאָג צום יאַריד.

עס ווייען מיט:
די ליקן קרומע, הייזלעך שטומע, ווי ציין פאַרבליבענע אין א מויל,
א ליידיקן פון זקן.
אַ ברידער מיינע האָרעפּאַשניקעס — ערלעכע קצבים,
יידן פון מזרח־וואַנט — אין זילבערנע עטרות...
אַלע, אַלע, אָט־אַ דאָ אויף אונטערשטאַטיש פעלד...
איבער אייער אָפן קבר ווינט דער הימל נאָך —
ווי איך זאָל מיין קאָפּ ניט לייגן — לויפט מיר נאָך דיין בראָך.

ניט קיין זכר פון בית־מדרש, וואָס אין מיט פון שטאָט.
דער הויף, ס׳געסל מיט שמאָלע טראַטואַרן, וואָס האָבן גאַנג
געלאָסענעם
פון זיידעס, זין באַבערדיקטע מיט אייניקלעך — פאַרנומען.
ניט פאַרבליבן אויך קיין סימן
פון צווייטער שוהל, דער „פּראָסטער״, וואָס אנטקעגן,
ווו חזנישער „כל־נדרי״ פלעגט יאָר איין, יאָר אויס,
ציטערן מאַכן דעם האַלב גויאישן אַרום,
און להבדיל אויך — דעם קלויסטער גרויס,
וואָס גאוהדיק צום הימל רייסט זיין ליסע בלויזן קאָפּ
מיט גלאָקן־קלאַנגען געברום...

ווו דער „אייזערנער רינג״ מיט קרעמערינס הויל יידישע,
מיט הענט צעפּאַדעטע פון ווינט — ברוינע, בלאָ — געדראָלן,
פנימער — ווי בלעך און אייזנוואַרג פאַרזשאַווערטע,
וואָס זיך וואַלגערן אויף פּאַליצעס פון קראָמען.

ווו זייט איר שמידער פון דער „נייער צאַל״,
מגושמדיקע טרעגער פון דער „נייער וועלט״ —
דער ערב־שבת — דאָס פּייערל פון ברענענדיקע ליכט,
מיט ווייס געדעקטע טישן, די מעשלייכטער צעשטעלט.

דער שבת — טענער האָרציקע פון זמירות,
דער מאַמעס „גאָט פון אברהם״, איר בלאַס געזיכט — פאַרהילט
אין טרויער
ביים ערשטן בליאַסק פון שטערנדל אין שויב — דער טונקל
בלויער.

ניטאָ די ברכות אויף דער „פולער וואָך״ —
ווו איך זאָל מיין קאָפּ ניט לייגן — לויפט מיר נאָך דיין בראָך...
— — — — — — — — — — — —
ווען זלמן בעקער האָט מען לעבעדיק צוגעקלאַפּט צום סלופּ,
אין סמאָלע איינגעטונקען אים און אַזוי פאַרברענט,
דורך קלויסטער־פענצטער ישו דער געקרייצטער האָט געקוקט
און געוויינט פאַר בושה, וואָס זיין נאָמען ווערט געשענדט...
— — — — — — — — — — — —
אַן אויסגעמלבושטער איז צו אים געקומען ריינוואַשן זיך מענטש,
און „זיין״ גלח האָט פאַרגעבן, און זיין גלח האָט געבענטשט...
— — — — — — — — — — — —
און די קלויסטער־גלאָקן פונעם הויכן באַרג האָבן דאָס געזען
און געקלינגען אין די זונטאָגס, אין די יום־טובס, ווי גאַרניט
איז געשען...

**מלכּה מילכטייך־לאַרבער**

# די לעצטע אַקציע

I

אין כעלעמער געטאָ איז קיינער ניט פֿאַרבליבן,
די איינוווינער האָט מען פֿאַרטאָג נאָך פֿאַרטריבן,
געטריבן ווי שעפּסן אויף אומבאַוווּסטע וועגן,
נאַקעטע און באָרפֿוסע אונטער א גוס־רעגן.

קאַלאָנעס עס האָבן געצויגן זיך לאַנגע,
קוים, קוים וואָס געשלעפּט זיך און דאָך אַלץ געגאַנגען.
אַדורך איז א טאָג מיט א נאַכט און ס'טאָגט שוין ווידער,
די פֿיס ברעכן זיך און און ס'זאָגן זיך אָפּ די גלידער.

מען גיט זיך ניט אונטער: פֿאַרעקשנט, פֿאַרביסן,
מען שפּאַנט אַלץ פֿאָרויס און מען מאַכט זיך ניט וויסן;
עס גייען זקנים און קינדערלעך און טאַטעס,
באַלאָדן מיט פּעק, א חוץ... פּיין און געלע לאַטעס.

זיי גייען אָן אָפּרו, אָן ברויט און אָן וואַסער,
דער דרויסן א פֿינצטערער, קאַלטער און נאַסער,
דער וויינענדיקער הימל גיסט מיט טייכן טרערן
און שטיל עס קלאָגן יידן: וואָס וועט מיט אונדז ווערן?!

וואָס העלפֿט דאָ אַ וויינען, אַ בעטן, אַ פֿרעגן,
אַז ס'שפּרינגען באַוואָפֿנטע שומרים אַנטקעגן —
ס'פֿאַרלאָזן שוין די כּוחות, דאָך שטאַרקט מען זיך, מ'גייט.
ניט מערקן זאָלן שונאים, וואָס רייטן זייט ביי זייט.

„וווּ פֿירט מען אונדז?" — פֿרעגן צעשראָקענע בליקן,
און מאַמעס די עופֿהלעך שטייף צו זיך דריקן.
עס שטומען די צונגען, נאָר הערצער פּראָטעסטירן:
„וווּ לאָזן מיר זיך ווי שאָף זיך צו דער שחיטה פֿירן".

מיר קאָנען שוין ניט מער, וואָס ס'וויל, זאָל זיין, נאָר באַלד!
ס'בלייבט איינער הינטערשטעליק — א שאָס און ער פֿאַלט,
א צווייטער און א דריטער, דער הונדערטסטער טויט נאָך.
ס'ברענט אויף ליפּן א קללה, א מוֹאַדיקע פֿלוך.

מע זעט ניט, מע פֿילט ניט, מען הערט בלויז דאָס קנאַלן,
און אַלטע און יונגע ווי סנאָפּעס זיי פֿאַלן,
מען טוט א בליק אויף הינטן: — עס כאַפּט אָן א ציטער,
עס זיינען שוין געוואָרן די רייען גאַנץ שיטער...

דאָרט יאָמערט א מוטער: „מיין הער, פֿאַר וועלכע זינד,
טרעט איר אָן מיטלייד מיין אָרעם, פּיצל קינד".
מען שווייגט ניט מער: אָט רייסט זיך דורך א פֿאַרשטיקט געוויין
„ניט אים, ניט אים טויט טויטן, שיסט ליבער מיך אַליין!"

עס קנאַלן פּיסטוילן און ס'שטעפּט מאַשין־געווער —
ניין עס איז קיין רעטונג נישטאָ פֿונדאַנען מער,
עס פֿליען אָן ס.ס.־לייט און צאָרנען אומגעדולדיק,
דאָס זיינען די „פֿאַרפֿלוכטע" אין זייער „פּלאָגע" שולדיק.

און ווידער קלאָגט א קינד: „וואָס שלעפּן זיי נאָך וואָס?
אוי טאַטע, כ'קאָן ניט מער, דאָ בלייב איך אין גראָז — — —"
דער פֿאָטער בעט: „שטאַרק זיך נאָך, ניט בלייב אין וועג,
מיין קינד",
און זעט באַלד ווי זיין איינציקן עס צופֿן שוין הינט...

שוין ווידער איז אַטאָג אַדורך אין גרויליקער פּיין,
וואָס וועט דער מאָרגן ברענגען — וועלן זיי נאָך זיין?
וועלן עלטערן און קינדער ניט ווערן געטויט?
וועלן אומגליקלעכע יידן ווערן נאָך באַפֿרייט?

דאָך פֿלאַטערן די הערצער אין אומקלאָרער שרעק:
„אָ, גאָט, ניט שוין זשע נעמט צום לעבן אַן עק?"
ווילד און שוואַרץ ברומט די נאַכט. גיסט און גיסט און גיסט,
ס'רוישט און זשומט דער ווינט מיט קולות: „אייער סוף
איז וויסט..."

אַזוי האָט אויפֿגעטויכט גראָער באַגינען —
א וואַלד, א שטיק פֿעלד — און מיטן דערינען,
ניין! ס'איז ניט קיין חלום, ס'האָט די לעצטע שעה געשלאָגן,
מען דאַרף קיין צייט פֿאַרלירן, שוין צייט ווידוי זאָגן...

די גרוב איז א גרויסע, א טיפֿע, א פֿרישע,
זי וועט באַלד די מענטשלעכעליידן פֿאַרווישן...
מען הערט א באַפֿעל: „זיך אויסטאָן שנעל, בלייבן ביים ראַנד!"
נאָר פֿלוצלינג הייבט זיך אויף אַן אַלטע, ציטערדיקע האַנט;

און ווענדנדיק זיין פּנים צו די מערדער גראָד,
האָט ער מיט דער ביינערדיקער פֿויסט זיי געדראָט:
„בלוט אומשולדיק פֿאַרגאָסענע וועט קיינמאָל ניט שווייגן,
ס'איז אויס מיט אייער זיג, מער זאָלט איר שוין ניט שטייגן!"

„מיין קללה זאָל אייך טרעפֿן ווי א בייזער שטראַל!" —
האָט מיט לעצטע כּוחות אויסגעשריען דער אַלטער רב,
און זעט מיינע ברידער, איך שפּרינג דער ערשטער אין גרוב,
שרעקט אייך ניט—ווען מ'קאָן ניט לעבן איז דער טויט אויך ליב...

ס'האָבן זיך א שאָט געטאָן פֿיל שאָסן אויפֿאַמאָל
פֿאַרגליווערט איז געבליבן אין איר דער לעצטער „שמע ישראל"...
און שאַ, און שטיל — — מען הערט שוין ניט קיין קרעכץ,
קיין געשריי...
די ערד האָט ווידער זיך פֿאַרפּוצט — באַהאַלטן טיף דעם וויי...

# וואוהין?

II

און אויב ס'וועט מיר אויסקומען זיך דאָרט נאָך אומקערן,
אַז גורל וועט צוריק מיך ברענגען אין מיין לאַנד —
ווער זשע וועט מיין ערשט־פֿאַרשטיקט וויי־געשריי אויסהערן,
ווער אַנטקעגן מיר וועט וואַרעם אויסשטרעקן א האַנט?

ווער וועט קומען מיך אָפּוואַרטן פֿון מיין וויטן וואָגל?
ווער מען פֿאַלן כליפּנדיק אויף האַלדז וועל איך — אָ, וועמען?
גאַסן חרוב־וויסטע פֿון שונאס בלייענעם האָגל,
וואָס כ'האָב געקענט זיי נאָענט — זיי וועלן זיך דאָך שעמען!

קרעכצנדיקע הייזער, פֿאַרניכטע, געשענדטע שטיבער,
ברוק האַרטן, וואָס מיט מענטשן־מאַרך און בלוט איז געמאָלט,

מיר וועלן אנטקעגן קומען קברים בלויז און גריבער,
וואָס וועלן נאָך הייליקער נקמה רופן: צאַלט!

און אויך איך וועל צומאָל קיין קברים אויך ניט געפינען;
אויב וועט קיין סימן בלייבן פון מענטשלעכע ביינער —
איז גרויזאַם מיין צוריקקער, — צי האָט עס שוין א זינען?
אז טרעפן כ׳וועל רואינען און שריפט אויף די שטיינער.

שריפט, וואָס מיט בלוט איז פון הייליקע קדושים פארשריבן,
וואָס וועט אייביק דערמאָנען די רוצחישע טאַטן,
אז אויסגעקוילעט איז, קיינער שוין דאָרט ניט געבליבן;
אז כ׳וועל שוין ניט טרעפן ניט מאַמען און ניט טאַטן.

ניט שוועסטער און ניט ברידער, ניט פריינד און אויך ניט קרוב —
אז וויסט איז די שטאָט מיינע ווי א בית־הקברות,
ווי נאָך א שטורעם אָפּגעמעקט איז זי צעשאָטן, חרוב,
וועט אויפברויזן דער ווייי פון די דערוואַכטע צרות.

און אפשר גאָר אין קרעמאַטאָריעס פון מיידאַנקעס
נישטערן כ׳וועל דארפן, א הייפל אַש פארברענטן,
אויף פעלדער באַמיסטיקטע... צי אין טרעבלינקעס,
צי אין א טויט־לאגער דריטן, אָדער א צענטן.

קיין שטויב וועט ניט בלייבן פון די, וואָס פון מיין פאָלק געפאלן;
ניט זען כ׳וועל קיין אויפשריפט, קיין ברעטל, קיין צייכן —
ווו וועל איך זיך ווענדן ווען מיין צער וועט מיך באפאלן,
א צעקלעמטע, אין טרייסטלאָזן תהום ווו זיך שלייכן?

ס׳וועט שטיקן האַס און פארפאָלגונג פון נאָענטע שונאים,
וואָס האָב און גוטס פון קדושים האָבן צוגענומען,
און מיט פאראכטונג אין פנים דרייסט שפייען יעצט קאָנען
צעגליטן האַס פון „וועג־ווייזער" שארפער נאָך צעשפּינען.

איז אנשטאָט פאר מיין יסורימדיקן וואַנדער־וועג,
פאר יאָרן פיינלעכע פון מיין יוגנט אָפּגענומען,
כ׳וועל אויפסניי מוזן פארלאָזן מיין חרוב־אלטע היים
צו וועלכער געחלומט כ׳האָב, וואָס גיכער, צו קומען.

# באַלאַדע פונעם יונגן גרייז

## III

געוועזן איז ער מיט טויזנטער באַנאַנד,
געוואַרט ביז מ׳וועט אין גאַז קאַמער זיי פירן.
עס האָט געדריקט אים מאַמעס הייסע האַנט;
„זע, באַלד און מ׳וועט דעם שוידער־אַקט דורכפירן".

ער האָט גאָרנישט ניט געזען, ניט געהערט,
געפילט האָט ער אויף זיך נאָר מאַמעס ציטער;
„אָ, גאָט, צי איז אונדז אזא טויט באשערט?"
האָט איר בלאַס פנים זיך געקרימט פארביטערט.

„באווייז א נס די שטראָף צו פארמיידן" —
זינלאָז האָבן אירע ליפּן געפּרעפּלט,
ערגער פון טויט האָבן מאַמעס ליידן
זיין קעל געשטיקט — האָט ער זיין העמד צעקנעפּלט...

נאָר גורל האָט געוואָלט נאָך טאָן א שפּיל,
אָ, גורל שלעכטער, ניט צעשייד זייביידן;
„אך נאַריש ייִנגל, דארפסט נאָך ליידן פיל" —
„זאָל מען מאמע פארן טויט אונדז ניט שיידן".

בליקן פון קנאה האָבן באגלייט אים,
„פארוואָס איז ער פון אלע גליקלעכער מער?"
ס׳האָט זיין „לייטזעליקייט" ניט געפרייט אים,
אים האָט געבריט מאַמעס לעצטע, שטומע טרער...

געוועזן איז ער מיט זיינע ניינצן יאָר
דער שפּרודלדיקער קוואַל פון יונגן לעבן,
דער קאָפּ — א ברוינער וואַלד געקרויזטע האָר
אויגן, אין וועלכע הימלס טרוימען שוועבן.

געקענט האָט ער זיין אומבויגזאַמען גייסט,
און האָט געהאָפט א גרויסער מענטש צו ווערן,
א בן־יחיד — דער מאַמעס גאנצע טרייסט,
געגלייבט — די וועלט וועט פון אים אמאָל הערן.

דער גוף — א קרעפטיקער, פול לעבנס־לוסט,
הענט שטאַרקע, מעכטיקע — צוויי אייכן־צווייגן;
מיט פרייד האָט געאָטעמט די שטאָלצע ברוסט
קיין אומרעכט האָט ער ניט געקאָנט פארשווייגן.

איצט, געהאָרכזאַם, ווי טויזנטער ווי ער,
ר׳האָט גלייכגילטיק געקוקט דער שרעק אין פנים.
פיל שווערער ווי דער טויט געווען איז שווער
צו ווערן דערנידעריקט פון די תלינים...

מען האָט אים געשיקט מיט ייִנגלעך נאָך צוויי
אויפן „אומשלאַג־פּלאַץ" די קליידער סאָרטירן,
„אין פולער אָרדנונג" ברענגען זאָל מען זיי,
דערנאָך אין די וואַגאָנעס טראַנספּאָרטירן...

און דריי חברים האָבן אָפּגעמאַכט:
אז ווען ס׳וועלן פול שוין זיין די וואַגאָנען
וועלן זיי זיך אריינשאַרן ביינאַכט,
דאָרט וועט מען זיך ווו ס׳איז איינגראָבן קאָנען.

דער צוג געשוועבט האָט פייל־פונעם־בויגן;
אין איין וואַגאָן פארשטעקט צאַפּלען דריי הערצער,
ס׳פינקלען אין חושך ברענענדע אויגן, —
דער וועג צו א סטאַנציע ווערט נענטער, קורצער...

אין טעמפּן רויש געגרילצט האָט א זעגל,
ס׳האָט ווינט א בלאָז געטאָן מיט נאַכטיקער לופט:
„וואָס גיכער אנטלויפן פון טויטס נעגל!" —
מיט טויזנטער קולות די שטילע נאַכט רופט.

ער איז דער ערשטער מוטיק געשפּרונגען,
גלייך האָבן קנאַלן אויפגעטרייסלט די נאַכט,
געפאַלן זיינען אויך די צוויי יונגען —
פון וועכטער, וואָס האָבן אויף דעכער באַוואַכט.

דעם צוג פארשלונגען האָט נאכטיקער רום,
ס׳האָט מאָרגן שוין געגרויט אויף רעלסן שטומע —
ער האָט געווישט פון מויל א ווייסן שוים,
ווען ער איז שוין צו זיך געהאַט געקומען...

דערפילט האָט ער זיך ניי־געבאָרן, לייכט,
ער לעבט — די ערד אונטער זיינע פיס איז פריי!
און האָט צו די ביידע יינגלעך צוגעשלייכט,
דערזען ערשט איצט, אז פאַרוווּנדעט זיינען זיי.

„איר קאָנט חברים דאָ ניט בלייבן — ס׳טאָגט!
זעט כ׳בין פריש, געזונט — כ׳וועל אייך מיט זיך נעמען״;
און ווי ער האָט נאָר דאָס ארויסגעזאָגט,
ער פילט: — ווי זאָל ער זיך פאַר זיי ניט שעמען...

פאַרשמאַכטע אויגן האָבן זיך צעפּראַלט,
און ווייטאָגדיקער קרעכץ האָט זיך פאַרהאַלטן:

„אוי!״ — האָבן ביידע גלייך ארויסגעשאָלט —
זיי קוקן און דערקענען ניט דעם „אַלטן״.

זיי זיינען אויפגעשפּרונגען מיטאַמאָל
און ביידע האַלטן אויף אים אין איין קוקן.
ביסט פריש, געזונט, זאָגסטו? אָ, „שמע־ישראל״ !
אז אין איין שעה געוואָרן ביסט א זקן...

ער גלייבט ניט, פליקט פון קאָפּ א בינטל האָר,
גרויסער גאָט! — די ברוינע לאָקן שנייאיק־ווייס! —
און אין זיינע ניינצן בליענדע יאָר
געוואָרן איז דאָס יינגל א מאַן — א גרייז.

---

**חנינא בינשטאָק**

# יידישער העראָיזם

אייניקע כעלעמער יידן זיינען אומגעקומען אינעם קאַמף מיטן היטלער־רוצח אויף פאַרשיידענע פראָנטן און שלאַכטן.

דער ערשטער, וואָס איז געפאַלן אין קאַמף איז יאשע קראַטקע. ער איז אומגעקומען אין א קאַמף מיט די דייטשן נאָענט צו וואַרשע, דעם צווייטן טאָג ראש־השנה, 1944, בעת מיר זיינען אריבער שפּעט ביינאַכט דעם ווייכסל. דאָרטן זיינען מיר ארומגערינגלט געוואָרן פון דייטשישן מיליטער, זייער א קליינער צאָל פון אונדז איז געלונגען זיך צו ראַטעווען.

די צוויי יונגע ברידער באַלאַק און יורעק עברי — זייער מוטער, טאַניע, איז געווען די באַוווּסטע אין כעלם ציין־דאָקטאָרין, טאַניע עברי. דער פאָטער זייערער, י. עברי, איז אומגעקומען אינעם טויטן־מאַרש כעלם—הרוביעשאָוו. ביידע ברידער האָבן די גאַנצע צייט פון מלחמה געקעמפט, זיי זיינען געווען גוט־אויסגעשולטע אָפיצירן, פיל מאָל געוואָרן פאַרוווּנדעט, האָבן אָבער דאָך דערלעבט דעם סוף פון דער מלחמה. זיי זיינען געשיקט געוואָרן צוריק אין פּוילן. דער עלטערער ברודער עברי איז געשיקט געוואָרן אלס אָנפירער פון א גרופּע צו באַקעמפן די רעשטלעך פון איבערגעבליבענע באַנדעס. זיי זיינען באַפאַלן געוואָרן פון באַנדיטן און עס איז געפאַלן דער עלטערער ברודער עברי.

דער יינגערער ברודער עברי האָט נאָך דער טראַגישער געשעעניש, נישט געקאָנט רוען. ער האָט געזוכט צו נעמען נקמה פאַר זיין ברודערס טויט. אויף זיין אייגענעם פאַרלאַנג איז ער געוואָרן איבערגעשיקט אין דער זעלבער שטאָט, ווו זיין ברודער איז אומגעקומען. ער האָט דאָרט געקעמפט א גאַנץ יאָר מיט געפערלעכע באַנדעס — און פונקט צום יאָר פון זיין ברודערס א.מקום, אין טאָג פון די וואַלן צום ערשטן פּוילישן סיים, איז ער דערשאָסן געוואָרן פון א פיינדלעכער קויל. טיף דערשיטערט זיינען מיר געוואָרן, ווען מיר האָבן באַקומען אין לובלין אין יידישן קאָמיטעט די טרויעריקע ידיעה.

א יונגער כעלעמער בחור מ. נ. לעיבער פון דער הרוביעשאָווער גאַס, איז די גאַנצע צייט פון דער מלחמה געווען אויף די קריג־פּאָזיציעס. ער האָט זיך זייער גוט אויסגעצייכנט און איינטייל גענומען אין די שווערסטע און געפערלעכסטע קאַמפן. ער איז געפאַלן ביים אריבערשווימען דעם טייך „אָדער״.

א צווייטער יונגער בחור, לייזער ראָזנבלום, וואָס איז די גאַנצע צייט געווען אין דער רוסישער און דערנאָך אין דער פּוילישער אַרמיי, אין די שלאַכטן נעבן בערלין, איז ראָזנבלום געשיקט געוואָרן מיט א גרופּע אויף א פאַרגעב.

אין א וואַלד זיינען זיי ארומגערינגלט געוואָרן פון דייטשן, און ראָזנבלום איז דאָרטן העלדיש אומגעקומען.

* * *

פיל, פיל פון אונדזערע כעלעמער יידן זיינען אומגעקומען אין די שלאַכטן און קאַמפן מיט דער היטלעריסטישער שלאַנג. עס איז שווער אלעמענס נעמען אויסצורעכענען, באַזונדערס איז דאָס אויך ניט לייכט, ווייל אין פאַרשיידענע סיטואַציעס און ערטער זיינען אונדזערע כעלעמער יידן געפאַלן אין קאַמף מיטן היטלער־שונא.

צום סוף וויל איך דאָ נאָך פאַרצייכענען וועגן א יונגערמאַן, מרדכי ברייער, א מאַליער פון פאַך. ער איז געווען צוזאַמען מיט מיר אין איין אָפּטיילונג. זייענדיק טיף אין דייטשלאַנד ביי די שווערסטע שלאַכטן, אין דער שטאָט קאָלבערג, איז ער צוגעטיילט געוואָרן צו דער אָפּטיילונג פון מינען־וואַרפער. מרדכי ברייער איז נישט אראָפּגעגאַנגען פונעם שלאַכט־פעלד, ביז ער האָט אויסגעשאָסן אלע מינעס. נאָך צוויי וואָכן שווערע קאַמפן איז יענע שטאָט דעראָבערט געוואָרן — און איינער פון די אָפיצירן האָט זיך אויסגעדריקט, אז ברייער האָט א גרויסן צושטייער צוגעטראָגן צום דעראָבערן די שטאָט קאָלבערג — און איז באַערט געוואָרן מיט הויכע מעדאַלן און אָרדענס פאַר זיין העראָאישן קאַמף.

י. פײנשטאָק

# שווידערלעכער סך-הכל

כעלם האָט אין סעפּטעמבער, 1939, פאַרמאָגט העכער 18,000 ייִדן — אַן ערך 60% פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. אין כעלם זיינען דערשינען צוויי צייטונגען. אין שטאָט איז געווען אַ ייִדישע גימנאַזיע, אַ „תרבות"־שול. אַ גאַנצע גאַס האָבן פאַרנומען בתי־מדרשים און שטיבלעך, ווי, למשל, קוזמירער, טריסקער, לובלינער, ראַדזינער און אַנדערע.

דעם 9־טן אָקטאָבער, 1939, זיינען אַריין די דייטשן. די רדיפות האָבן זיך אָנגעהויבן גלייך פון די ערשטע טעג. ייִדן זיינען באַלד געוואָרן הפקר. אַרטיקע פינצטערע עלעמענטן האָבן אויסגענוצט די לאַגע. אַחוץ דעם זיינען יעדן אָוונט אַרומגעפאָרן די געסטאַפּאָ מיט אויטאָס און באַזוכט מער־פאַרמעגלעכע ייִדישע הייזער. אַ סך ייִדן זיינען געשלאָגן געוואָרן. פרויען האָט מען געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט און מאַכן גימנאַסטיק. דאַן פלעגן זיך די דייטשן אויסקלייבן די בעסטע זאַכן פון שטוב און אַוועקפירן. וואָכן־לאַנג האָט אַזוי געדויערט. מען איז שוין געווען געוווינט דערצו.

דער קאַלטער ווינטער האָט זיך לאַנגזאַם טרויעריק געצויגן. אין מאַגיסטראַט זיינען געזעסן אינזשינערן און געמאַכט אַ פּלאַן צו פאַרמאַכן די ייִדן אין געטאָ. אָבער דער יודנראַט, מיטן פּאַריזער פרענקעל בראש, האָט באַוויזן איבערצוקויפן דעם געסטאַפּאָ־שעף האַגער און מען האָט עס דערוויל נישט רעאַליזירט.

ייִדן האָבן זיך פרייער באַוועגט אין שטאָט. מען האָט שוין נישט געשלאָגן, און אויך נישט געכאַפּט אויף אַרבעט. ייִדן האָבן אַ ביסל אָפּגעאָטעמט. מען האָט ווי ניט איז פאַרדינט פּרנסה.

פלוצלינג, ווי מיט אַ האַמער איבערן קאָפּ: אין אויגוסט, 1940, האָט דער יודנראַט מודיע געווען, אַז מען זאָל זיין פאַרזיכטיק, ווייל ס'וועט עפּעס פאַרקומען. מען האָט זיך געמאַכט פאַרשיידענע באַהעלטענישן, נישט געשלאָפן אין דער היים.

אין אַ געוויסער נאַכט האָבן 4000 ס.ס.־מענער אַרויסגעלאָזט זיך צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג, געגאַנגען פון שטוב־צו־שטוב, און אַרויסגענומען סך־הכל 483 מענער, ווייל אַ גרויסער טייל איז געווען באַהאַלטן. צוויי טעג האָט דער יודנראַט שטאַרק אינטערווענירט, אויסגענוצט אַלע פּראָטעקציעס און ס'איז געלונגען אַרויסצונעמען 411 מענטשן. 72 מענער זיינען געוואָרן דעפּאָרטירט קיין בעלזשעץ אין לאַגער.

דער יודנראַט האָט אָרגאַניזירט אַ הילף־קאָמיטעט צו פאַרנעמען זיך מיט די, וועלכע מען האָט אַוועקגענומען אין לאַגער. יעדע וואָך זיינען אַ פּאָר מאַן געפאָרן לעגאַל קיין בעלזשעץ, געפירט עסן פאַר די ייִדן און אויך טייערע חפצים אויף מתנות פאַר די סאַדיסטן פון לאַגער.

יום־כיפור זיינען 71 מענטשן געקומען אַהיים פון בעלזשעץ. איינער איז געשטאָרבן.

דער זומער איז אַוועק. פון די מזרח־פראָנטן האָבן אָנגעהויבן קומען טראַנספּאָרטן מיט פאַרוווּנדעטע און געפרוירענע דייטשע זעלנער. די בעסטיעס האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערנערווירן און מיר האָבן עס גלייך דערפילט. די געסטאַפּאָ האָט געוואָרנט דעם יודנראַט, אַז די ייִדן זאָלן זיך פאַרנעמען מער מיט אַרבעט, ווי מיט פּאָליטיק און סטראַטעגיע. באַלד האָט מען אויפסניי אָנגעהויבן שלאָגן אין די גאַסן, געכאַפּט אויף אַרבעט, און געסטראַשעט מיט אַ געטאָ.

דעצעמבער 1941, האָט מען אין משך פון צוויי טעג באַזייטיקט די ייִדן פון די שענערע גאַסן, אַריינגעוואָרפן אין אַ פּאָר קליינע, בלאָטיקע, שמוציקע געסלעך. מען האָט פאַרווערט ייִדן צו גיין אויף דער הויפּט־גאַס. די לאַגע איז ווידער געוואָרן שלעכט. ס'האָבן זיך אויך פאַרשפּרייט עקשנותדיקע קלאַנגען, אַז אין 1־טן יאַנואַר, 1942, פאַרמאַכט מען די געטאָ. דער יודנראַט, מיט פרענקלען, האָבן ווידער איינגעלייגט וועלטן, געגעבן געלט מיט מתנות און מען האָט קיין אייגנטלעכע געטאָ נישט געמאַכט. מען האָט אָבער אַריינגעשטויסן די ייִדן אין אַ פּאָר קליינע געסלעך. אַ שטוב מיט אַ קיך האָבן באַוווינט 3—4 פאַמיליעס.

פלוצלינג קומט אַ ידיעה, אַז לובלין ווערט „ווישעדלעט". דאָס איז געווען פאַר אונדז דער גרעסטער קלאַפּ. מיר האָבן שוין געוווּסט, אַז איצט וועט קומען אונדזער ריי. דער יודנראַט איז געפאַלן אויף אַן המצאה און געשטעלט צו דיספּאָזיציע 6000 אַרבעטער פאַר דער וואַסער־ווירטשאַפט.

אין אַפּריל 1942, זיינען געשטאַנען 5—6 טויזנט מענטשן, מענער און פרויען ביזן גאַרטל אין וואַסער און געטריקנט די זומפּן און נאַסע לאַנקעס ביי כעלם. שווער און ביטער האָבן כעלעמער ייִדן געהאָרעוועט, אָבער דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן.

---

9. Januar 1942

Unser Zeichen:
Ref. II R./We. C 2

**Der Gouverneur**

An die

Kreishauptmannschaft
und Bevölkerungswesen u. Fürsorge

**Cholm.**

**Betrifft:** 2.000 Juden aus Mielec.

Ich bestätige, das am 6. Jan. 1942 mit Ihnen geführte Telefongespräch in obiger Angelegenheit und übernehmen Sie für Ihren Kreis 1.000 Juden, davon 400 Juden mit Zielstation Wlodawa und 600 Juden mit Zielstation Parczew. Ich bitte Sie, unbedingt dafür zu sorgen, das auf bei den Zielstationen die Juden empfangen und richtig dort hingeleitet werden, wo es von Ihnen bestimmt wird; nicht, dass es so passiert wie in anderen Fällen, dass die Juden ohne Aufsicht an der Zielstation ankommen und sich nun über das Land verstreuen.

Im Auftrage.

(—) podpis nieczytelny.

פאַקסימיליע

אין אויגוסט, 1942, שבת, גאַנץ פרי, איז צו דער געביידע פון יודנראַט צוגעפאָרן אַ לוקסוס־אויטאָ, פון וועלכן עס זיינען אַרויסגעשטיגן פרעמדע פינף געסטאַפּאָ־אָפיצערן, נישט קיין כעלעמער. זיי זיינען אריין צום פאָרזיצער און באַפוילן, אז 2 אַזייגער נ״מ זאָלן זיך אלע יידן שטעלן אויפן פלאַץ מיט 15 ק״ג באַגאַזש, ווייל זיי ווערן איבערגעזידלט קיין „פינסק״. פרענקעל האָט תיכף אינטערווענירט ביי דער לאָקאַלער מאַכט און האָט עפּעס געפּועלט. די לאָקאַלע מאַכט האָט אָנגעגעבן, אַז די אלע יידן, וואָס געפינען זיך נאָך אין כעלם זיינען נוצלעכע ארבעטער. יענע האָבן אָבער ליידיק נישט געוואָלט אַוועקפאָרן: ארויס אין גאַס, געכאַפּט אן ערך 300 מענטשן, 50 געשאָסן אין שטאָט און די רעשט פארנומען מיט זיך.

דעם 23־טן אָקטאָבער, 1942, האָט אַ גרויסע מחנה ס.ס.־לייט און געסטאַפּאָ אַרומגערינגלט דעם יידישן קוואַרטאַל. צוויי טעג האָט געדויערט די אַקציע. 2800 נפשות האָט מען אַוועקגענומען קיין סאביבאָר און אַן ערך 800 נפשות האָט מען געשאָסן אין שטאָט.

מען לאָזט נישט לאַנג רוען, און באַלד דעם 6־טן נאָוועמבער קומט פאָר די לעצטע אַקציע. כעלם ווערט דערקלערט פאַר „יודענריין״. עטלעכע טעג איז אין שטאָט געווען ממש ווי אויף אַ פּאָזיציע. אַ סך יידן זיינען אפילו געווען אין גוטע באַהעלטע־נישן. אָבער די געסטאַפּאָ איז געגאַנגען מיט שפּיר־הינט און אויסגעפונען די באַהעלטענישן, און האָבן די יידן געשאָסן, אָדער פאַרלאָדעוועט קיין סאביבאָר.

פון די העכער 18,000 כעלעמער יידן איז אין נאָוועמבער 1943 געווען קאשארירט אויף די „פלאַצוווקעס״ ס״ה אַן ערך 700 יידן. דאָס זיינען געווען ס׳רוב פאַכמענער, אָבער יעדע פאָר טעג האָט מען געמאַכט רעדוקציעס, אזוי אז ס״ה זיינען געבליבן 70 מאַן.

מאַי, 1943, האָט מען ליקווידירט די אַלע פלאַצוווקעס, נאָר די תפיסה פון געסטאַפּאָ האָט זיך נאָך אויסגעקליבן 15 יידן, פאַכמענער: שניידער, שוסטער, קירזשנער, קאַמאַשן־מאַכער, וועלכע זיינען על־פי נס ניצול געוואָרן. זיי האָט מען שוין, לשם דער באַקוועמלעכקייט פון געסטאַפּאָ, געלאָזן ביז צום סוף.

דעם 21־טן יולי, 1944, האָט אונדזער שטאָט פארנומען די רויטע ארמיי און האָט באַפרייט די 15 יידן פון תפיסה און אן ערך 50 יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילן אין די וועלדער.

ס״ה האָבן זיך פון 18.000 כעלעמער יידן אָפּגעראַטעוועט אין די וועלדער און אין די לאַגערן אַן ערך 100 מענטשן. אַ צאָל יידן, ס׳רוב יוגנט, האָבן זיך געראַטעוועט אין ראַטנפאַרבאַנד.

אָט דאָס איז דער סך־הכל.

---

א. י. קאָרנבליט, ניו־יאָרק

# די נקמה־נעמערין, אסתר טערנער

אסתר טערנער איז איר נאָמען — איך געדענק איר פון פאַר דער מלחמה, א פרום יידיש מיידל געווען, דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון „בית־יעקב״ ביי פרומע יידישע עלטערן, אידל און ציטעריק, — א בת יחידה — און זי, די אידעלע, וועלכע איז תמיד ווי מען זאָגט צוגעבונדן געווען צום מאַמעס פארטעך, האָט גע־האַט אין זיך די יידישע גבורה און שטאָלץ אָפּצושאצן, אויב די השגחה העליונה האָט איר לעבן געשאָנקן און אויסגעהיט אין די אלע דייטשישע פאַרניכטונג־לאגערן, ארויסראַטעווענדיק זיך בעת דעם אויפשטאַנד אין סאביבארער טויטנלאַגער — דארף זי נקמה נעמען אין די מערדער און פייניקער פון אונדזער פאָלק.

זי האָט נאָך אפילו נאָך דער באפרייאונג געדענקט די געשריי־בענע צעטעלעך, וואָס מען האָט געפונען אין די מלבושים פון די פאַרגאַזטע יידן — „געדענקט, ווער עס וועט לעבן בלייבן, זאָל נקמה נעמען פאַר אונדזער פארגאָסענעם אומשולדיקן יידישן בלוט״ — נאָך דער באפרייאונג האָט זי קיין רו ניט געהאַט — דאָס געוויסן פון נקמה האָט איר געפייניקט און דורך א צופאַל האָט זי אין דעם פארשאָלטענעם דייטשלאנד דערקענט איינעם פון די הויפּט־מערדער אין דעם סאביבארער פאַרניכטונג־לאַגער און אים איבערגעגעבן צו דער גערעכטיקייט, וואָס האָט דעם פאר־דינטן אורטייל פון טויט באקומען.

ווי מיר זעען אויף דעם בילד האָט אסתר טערנער — וועלכע הייסט היינט ראב — דעם מערדער נאָך אמאָל דערקענט צווישן פיל אנדערע נאַציס אין דעם בערלינער לאנדסגעריכט.

איך האָב אסתרן און איר מאַן און ניי־געבאָרן קינד מיט א קורצער צייט צוריק באגעגנט אין ניו־יאָרק — ווי זיי בויען צוריק אויף זייער היים אין דער פרייער אמעריקע. זי פילט אז זי האָט א געוויסן טייל פון איר חוב דערפילט דורך נקמה נעמען אין איינעם פון די מערדער פון דעם כעלעמער יידנטום, וועלכע זיינען מערסטנטייל אומגעקומען אין די גאַז־אויוונס פון סאביביאר — אָבער זי שאַצט אָפּ איר חוב פאַר פיל גרעסער: „קיינמאָל וועל איך די דייטשישע מערדערס ניט פארגעסן, יידיש בלוט איז ניט הפקר. אויב די צייט פון נקמה וועט אין אונדזער דור ניט קומען, וועלן מיר די זעלבע געפילן איבערגעבן צו אונדזערע קינדער און קינדס קינדער — צו געדענקען וואָס עמלק האָט אונדז געטאו. לא תשכח!



„דאָס איז דער מערדער, וואָס האָט מיטגעהאָלפן אומברענגען העכער אַ מיליאָן יידישע נפשות אין די גאַז־קאַמערן פון סאָביבאָר״ — ווייזט אָן אין געריכט־זאַל פון בערלין פרוי א. טערנער — אויף עריך באַוער, דעם מערדער, וואָס זיצט דער דריטער.

# יידישע נקמה-נעמער

אין א רעגנדיקן אָוונט איז צו אונדז, אין פּאַרטיזאנער־וואלד, ארייגעפּאָרן אַ פּויעריש פורל, וואָס איז געווען פול מיט היי. אין געאייל האָבן מיר אראָפּגעוואָרפן דאָס היי פון געהיימניספולן וואָגן... פאר אונדזערע אויגן האָבן זיך געזען פארגליווערטע רויטע בלוט־פלעקן. עס זיינען געלעגן אין וואָגן שווארצע פארבלוטיקטע זעק. דאָס זיינען געווען די קערפּערס פון פינף געפאלענע יונגע יידישע פּאַרטיזאנער, וואָס איך גיב איבער זייערע נעמען און פאַמיליעס: מאָניעק שאפּראן (געבאָרן אין אָטוואָצק); יחיאל בראנשטיין (געבאָרן אין פאלעניץ, אויף אָטוואָצקער באן־ליניע); בער גינגאָלד (געבאָרן אין כעלם); אברהם טיקאצינסקי (פון גאַרוואָלין); אריה בלומענשטיין (פון וואַרשע).

זיי זיינען געגאַנגען אויספילן א פּאַרטיזאנישן פארגעב און אויפן וועג זיינען זיי באפאלן געוואָרן דורך דער פּוילישער פאשיסטישער אָרגאניזאציע N.S.Z. (נאציאָנאלע באוואָפנטע כוחות). נאָך א פיר שעהדיקן קאמף מיט די פּוילישע פאשיסטן זיינען די אויבן דערמאָנטע געפאלן טויט.

מאָניעק שאפּראן איז געקומען אין וואלד גלייך נאָך דער אויסזידלונג פון אָטוואָצק, דעם 20־טן אויגוסט, 1942. יחיאל בראנשטיין איז אנטלאָפן פון ווארשעווער געטאָ דעם 18־טן יאנואר, 1943. בער גינגאָלד איז געקומען אין וואלד „רעגוט" גלייך נאָך דער ליקווידאציע פון די יידן אין כעלם. בלומענשטיין און טיקאַצינסקי זיינען געקומען אין וואלד „רעגוט" פון ווארשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, דעם 29־טן אפּריל, 1943.

שוין אין ערשטע טעג פון זייער קומען אין פּאַרטיזאנער־וואלד האָבן זיי זיך אויסגעצייכנט מיט זייער געוואגטקייט צו באַפאַלן די ס.ס־וואַכלייט אין די געטאָס פון וואַנען זיי האָבן ארויסגעפירט יידן אין די וועלדער.

עס איז געווען דער 17־טער אויגוסט, 1943. אין אונדזער אָטריאד איז די שטימונג געווען א דערדריקטע. פארשיידענע ווערסיעס וועגן קאלושינער געטאָ האָבן צו אונדז דערגרייכט.

קאַלושין איז שוין, אין 1942, געוואָרן אויסגעזידלט. אין 1943 האָבן די דייטשן אומעטום אפּישירט, אז זיי שאפן אין קאַלושין א נייע געטאָ. דאָס איז געווען מצד די רוצחים א נייער שווינדל ווי ארייַנצונאַרן די פארשטעקטע יידן אין קאַלושין און דערנאָך וועט מען קאָנען לייכט זיי אויסשעכטן.

א סך יידן האָבן זיך געלאָזט ארייַנגעאַרן און זיינען געקומען אין קאַלושין, שטיצנדיק זיך, אז אויף די באַקאַנטמאַכונגען איז דאָך געווען די אונטערשריפט פון דייטשישן גובערנאַטאָר האַנס פישער.

מיר, פּאַרטיזאַנער, וויסנדיק צו וואָס עס צילן די דייטשן, האָבן פּראָפּאַגאַנדירט, אז יידן זאָלן ניט גיין אין געטאָ צוריק, ווייל די דייטשן ווילן אזוי ארום אויסשעכטן אַלע רעשטלעך לעבנגעבליבענע יידן.. ווי מיר האָבן דעמאָלט אָפּגעשאצט זיינען געווען 20 טויזנט יידן פארשטעקט אין פארשיידענע ערטער. אָבער ס'האָט ווייניק געהאָלפן אונדזער אויפקלערונג.

צו אונדז זיינען פאר דער אויבן דערמאָנטער דאַטע — דעם 17־טן אויגוסט, 1943 — דערגאנגען ידיעות, אז פון דער אומגעגנט פון קאַלושין קומען רק אָן רעגימענטן פון ס.ס., ס.א., פון דער פּוילישער גראנאטאנער פּאָליציי. עס איז צווישן די געטאָ־יידן אויסגעבראָכן א גוואלדיקע פּאַניק.

מחמת מורא טאָמער ברעכט אויס אין קאַלושין א געטאָ־אויפשטאַנד ווי אין ווארשע, האָבן די גענעראלן סטראָפּ און בראנד ארייַנגעשיקט גרויסע מיליטערישע רעגימענטן אין קאלושין. הגם



דער ס.ס.־קאָמענדאנט האָט אויפגעקלערט, אז עס וועט קיין שלעכטס ניט געשען די יידן און די דייטשע רעגימענטן זיינען געקומען כדי ניט דערלאָזן צו אַ פּאָגראָם אויף די יידן מצד די פּאָליאַקן און אוקראַינער, דאָך האָבן די ווערטער ניט באַרואיקט די געמיטער פון די יידן.

מיר האָבן ארויסגעשיקט די אויבן דערמאָנטע פינף חברים, וואָס האָבן געדארפט ארייַנדרינגען אין געטאָ און באווירקן די יידן, זיי זאָלן זען אנטלויפן פון געטאָ און זיך ניט סומך זיין אויף קיינע פאלשע הבטחות פון די דייטשן. זיי זיינען געפאָרן אויף ראָווערן. אויפן וועג, 4 ק"מ פון קאלושין, האָבן זיי זיך אָנבאגעגנט מיט די N.S.Z. וואָס האָבן אויף זיי געעפנט א געדיכטן פייער. עס האָט זיך אָנגעהייבן א פארביטערטע שיסעריי, און צוויי פון פינפטל זיינען באלד געפאלן טויט. די איבעריקע דריי פּאַרטיזאנער זיינען ארייַנגעלאָפן טיפער אין וואלד. די N.S.Z. וואָס זיינען געווען אין אַ גרויסער צאָל, האָבן זיי פּאַרפאָלגט. נישט האָבנדיק מער קיין קוילן האָבן די דריי פּאַרטיזאנער אונטערגעצונדן דעם וואַלד, כדי פארטרייבן די פאַשיסטישע פארפאָלגער. אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפן און זיי זיינען אלע, זאלבעדריט, געפאלן טויט.

דערזען, אז די פינף חברים האָבן זיך ניט צוריקגעקערט פון זייער פאַרגעב, זיינען מיר, דעם 17־טן אויגוסט, 1943, נאָכמיטאָג, זאלבע פופצן, געגאנגען אויפזוכן די פינף חברים. דער וואַלד האָט נאָך געברענט און פּוילישע פייערלעשער זיינען ארייַנגעפאָרן צו פאַרלעשן דאָס פייער. מיר האָבן אויף די וועגן אויך געזען ווי גאנצע אָפּטיילונגען פון ס.ס. זיינען געפאָרן אויף לאסט־אויטאָס און טאַנקען אין דער ריכטונג צו קאלושין און עס זיינען געפלויגן דייטשישע עראָפּלאַנען — „מעסערשמיטס", — וואָס האָבן ארומגעקרייזט איבערן וואַלד, זוכנדיק אונדזערע וואלד־געצעלטן, ד.ה. ווינערטער פון די יידישע באַנדיטן. גלייך נאָך די „מעסערשמיטס" האָבן זיך באוויזן עסקאדרעס פון עראָפּלאנען מ.נ. „הענקעל" און „מעסערשמיט 109".

די עראָפּלאנען האָבן אָנגעהייבן באָמבארדירן דעם וואלד. עס איז געווען די כוונה פון די דייטשן, זיי זאָלן אָנשרעקן די יידישע פּאַרטיזאנער און אויך די יידן אין קאלושינער געטאָ, וואָס וועלן וויסן, אז אויך אין די וועלדער איז ניטאָ פאר זיי קיין רעטונג.

עס האָבן זיך ווידער אָפּגעטיילט פינף חברים, וואָס זיינען אוועק אויפזוכן די ערשטע פינף יידישע פּאַרטיזאנער. איינער פון דעם צווייטן פינפטל, שלמה לעדערמאַן, פון זאַמאָשטש, איז באלד געפאלן טויט פון א קויל פון א פּוילישן פּאָליציאנט. די איבעריקע פיר פון דעם פינפטל האָבן זיך צוריקגעקערט צו אונדז מיט דער ידיעה, אז עס גייען אלץ ס.ס.־ישע אָפּטיילונגען אין דער ריכטונג קיין קאלושין.

מיר זיינען ארויס פון די סטויגן היי, ווו מיר זיינען געווען פארשטעקט, און זיך געלאָזט קיין קאלושין.

אונדזער פּלאַן איז געווען, אז מיר וועלן זיך ארייַנרייסן אין געטאָ מיט א געדיכטער שיסעריי, מאַכנדיק א וועג פאר די יידן, זיי זאָלן קאָנען אנטלויפן.

ס'איז געווען 10 אזייגער אָוונט, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן באַשיסן די דייטשישע וואַך אין פונקטן פון געטאָ. מיר זיינען פאַרטויבט געוואָרן פון א גרויסער דייטשישער שיסעריי.

ערשט 1 אזייגער ביינאַכט איז אונדז געלונגען פארטרייבן די דייטשישע וואַך פון איין געטאָ־פונקט. פון געטאָ האָבן גענומען

לויפן יידן גרויס און קליין.. קינדער פון 5—6 יאָר זיינען געלאָפן מיט א האסטיקייט אזויווי גרויסע. עס געדענקט זיך ווי א קליין קינד האָט מיטגעשלעפּט זיין מוטער, זאָגנדיק: „קום, לאָמיר שנעלער אַנטלויפן”. ביז די דייטשן האָבן באַוויזן באַהערשן דעם דורכברוך־פּונקט, זיינען דערווייל ארויסגעלאָפן 200 יידן.

מיר האָבן זיך גענומען לאנגזאַם צוריקציען פון קאלושין. עס האָבן אונדז פארפאָלגט פּוילישע גראנאטענע פּאָליציאנטן, דייטשישע פעלד־זשאנדארמעריע. ערשט נאָך א שעהדיקן קאמף האָבן מיר באוויזן זיך דערווייטערן פון אונדזערע נאָכיאָגער. עס זיינען געפאלן צווישן אונדז פינף טויטע: מאָניעק ביאליקמאן, פון קיעלץ; זיסע כץ, פון כעלם (זיין פּאַרטיזאנישער פּסעוודאָנים איז געווען: זיגמונד קאָט); מאָטל פּאַסטערניק פון זאַמאָשטש און מלך ראָזענבערג פון כעלם.

באלד ווי מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אין אונדזער פּאַרטיזאַנער־וואַלד „רעגוט”, האָבן מיר זיך דערוווסט, אז אין נאָענטן דאָרף ליגן פינף יידישע געהרגעטע פּאַרטיזאַנער. פּאַרטיזאנער זיינען אין געאייל אַוועקגעגאַנגען אין דאָרף און האָבן דערזען פינף זעק, אין וועלכע עס זיינען געווען די געהרגעטע חברים, וועלכע מען האָט אוועקגעפירט אין וואַלד אויף אַ פּויעריש פורל.

עפענענדיק די שווארצע זעק, האָט זיך פאר אונדז אנטפּלעקט א שוידערדיק בילד: מאָניעק שאַפּראנס קערפּער איז געווען דורכגעלעכערט מיט קוילן, אויסזעענדיק ווי א ריבאייזן; יחיאל בערנשטיין איז געלעגן רואיק ווי אין א שווערן שלאָף און אַן איראָנישער שמייכל איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיין יונג פּנימל. מען האָט געהאַט דעם איינדרוק, אז באלד כאַפּט ער זיך אויף; אריה בלומשטיינס קערפּער איז געווען טיילווייז פארברענט; בער גינגאָלד האָט געהאַלטן זיין האנט ביים הענטל פון רעוואָלווער און ס׳האָט זיך געדאַכט, אז טראָץ דעם וואָס ער איז שוין טויט, וויל ער נאָך דעם קאמף מיט די פאשיסטישע מערדער ניט אויפגעבן; אברהם טיקאצינסקיס רעכטע האַנט און די אויערן זיינען אָפּגעשניטן, ווי אָפּגעהאַקט מיט א האַק און אויך דער געשלעכט־אָרגאַן האָט געפעלט. די ציין זיינען געווען שטייף צונויפגעדריקט, משמעות, אז זיי האָבן אים א לעבעדיקן געכאַפּט און אים אָנגעטאָן אזוינע שרעקלעכע עִנוּיים. זיי האָבן געוואָלט, ווייזט אויס, ביי אים זיך דערוויסן סודות פון די יידישע פּאַרטיזאנער, און ער האָט דערפאַר פאַרשטייפט די ציין, ניט ארויסריידנדיק קיין וואָרט.

מיר האָבן זיי מקבר געווען אין איין קבר. אויפן פרישן קבר האָבן מיר געשטעלט א פּאַרטיזאַנישן דענקמאָל פון האָלץ, אויסקריצנדיק אלע זייערע נעמען מיטן אונטערשריפט: „פאר אייער און אונדזער פרייהייט”. דערביי האָט יעדער געפליסטערט די ווערטער: נקמה! נקמה! נקמה!



ערגעץ אויף א מיליטערישן בית־עולם אין דייטשלאנד, צווישן צלמים, געפינט זיך די מצבה אויפן קבר פון כעלעמער ייד מאיר מעלער, וועלכער איז געפאלן אין קאַמף מיט די היטלער־מערדער.

---

יחיאל יוחנן יארפעסט, אמעריקע

# צום 10־טן יאָרצייט פון דער שחיטה אין כעלם

צו דער שחיטה געפירט
גלייכע און קרומע,
צוזאַמען מיט אלע
מיין מוטער די פרומע.

חנה מייטעס
א יעדער געדענקט;
ווער אין כעלם האָט
חנה׳ן ניט געקענט?

די מערדערס זיי שלאָגן
און לאַכן מיט שפּאָט
און הייסן איר זאָגן:
נישטאָ איז קיין גאָט!

18 טויזנט יידן
אָנגעפאַנגען פון גרעסטן,
פארניכטעט אַלע
ביזן לעצטן.

די בעסערע מענטשהייט
וועט דערלעבן א נחמה
און גאָט אין הימל
וועט נעמען נקמה.

אז די שטראָף וועט קומען
דאָס איז באַשטימט;
נאָר וואַרטן מוז מען
ביז די צייט קומט...

בן-ציון מיצפּליקער, מאָנטרעאָל

# דער נס מיט די לעצטע יידן אין כעלם

18־טער יוני, 1944. א שיינער זומערדיקער טאָג. אפילו אין אונדזער שמאָלן תפיסה־הויף איז דאָס ליכט אריינגעקומען און האָט געוואַרעמט מיט אירע שטראַלן. פּלוצלינג הערן מיר: „אַרויף!“ מיר דערקענען דעם קול פון שעף פון געפענגעניש, פון דעם סאַדיסט און מערדער, אָבערשאַרפירער קעניג, ימח־שמו: „„הויטע טרינקען וויר ברודערשאַפט“, האָט ער געזאָגט אין דייטש. די ווענדונג איז געקומען צו אונדז אומדערוואַרט. מיר זיינען ניט געוווינט געווען צו הערן פון אַזא מענטשנפרעסער אַזעלכע ווערטער.

אין דער זעלבער צייט בין איך אַרומגעגאַנגען איבערן תפיסה־הויף, געזוכט און געקוקט אויף די הויכע גראָע מויערן און געקלערט ווי ראַטעווען מען זיך אַרויס פון דעם גיהנום. פּלוצלינג מען רופט מיך. דער שעף געפינט זיך אין שוסטער־ווערקשטאַט און האַלט אַ פלאַש בראַנפן: „נו, מיצפּליקער!“ ווענדט ער זיך צו מיר ווען איך שטיי נאָך אויף דער שוועל, „ווילסטו נישט מיט דייך שעף ברודערשאַפט טרינקען“.

— „פאַר וואָס דען ניט“, ענטפער איך, „נאָר אַנטשולדיקט, איך טרינק ניט קיין אַלקאָהאָל“. איך האָב געהאַלטן, אַז אין די גורלדיקע טעג איז פּראַקטישער אַז טרינקען זאָל נאָר אונדזער פּייניקער און מיר זאָלן זיין ניכטער. ביי דער געלעגנהייט, בעט איך דעם שעף ער זאָל מיר דערלויבן עפּעס ריידן. „ביטע שעהן“, ענטפערט ער. מיינע חברים קוקן זיך שטום איבער, און ווי איך קאָן אַראָפּלייענען פון זייערע פּנימער, זע איך אַז זיי זיינען נישט צופרידן מיט מיין ווענדונג.. איך נעם זיך אָן מיט קוראַזש און הייב אָן ריידן: „הער שעף! ווי איר ווייסט זיינען מיר די לעצטע יידן אין כעלם און אין אייערע הענט ליגט אונדזער גורל. ווען איר ווילט קאָנען מיר בלייבן לעבן. מיר זיינען די לעצטע פון די לעצטע“. צי ער האָט דאָס פאַרשטאַנען אין דעם זין אַזוי ווי איך וואָלט אים געגעבן א מיגלעכקייט זיך צו רעהאַביליטירן, ווייס איך ניט, נאָר ער האָט אויף מיינע ווערטער געענטפערט (כ׳גיב עס איבער אין יידיש): „יאָ, איר זייט ניט די לעצטע. איך קאָן פיל מער יידן פון כעלם. איינס איז קלאָר, ווען איך בלייב לעבן, דאַן לעבט איר אויך, אָבער ווען איך שטאַרב, דאַן שטאַרבט איר אויך“.

מיט שכורדיקע טריט פאַרלאָזט ער דעם שוסטער־ווערקשטאַט און מיר בלייבן אַליין. א טייל חברים האָבן אויף מיר שטאַרקן פאַרדרוס געהאַט, הלמאי איך האָב מיט דעם שעף אַזוי אָפן גערעדט, א טייל אָבער זיינען דערפון געווען צופרידן. ביז איצט פלעגן אַלע אונדזערע האַנדלונגען דיסקוטירט און באַטראַכט ווערן, און מיין לעצטע האַנדלונג איז געקומען ספּאָנטאַן פון מיר אַליין, דאָס איז געווען די סיבה פון אומצופרידנקייט ביי א טייל חברים.

דער ענטפער פון תפיסה־שעף האָט אונדז געגעבן פיל נאָכצוטראַכטן. פאַרשטייט זיך, אַז טרייסטן האָט אונדז דער ענטפער ניט געקאָנט, אָבער הערן אַזעלכע ווערטער, ווי: „ווען איך שטאַרב, שטאַרבט איר אויך“ פון מויל פון אַזא יידנפרעסער, האָט אונדז געגעבן א ביסל מוט, אַז אויך ער פילט אַז זיין לעבן איז שוין נישט אַזוי זיכער, אַז אויך ער קאָן שטאַרבן.



די געסטאַפּאָ האָט דערווייל אָנגעהויבן מאַכן הכנות צו דער עוואַקואַציע. דאָס הארץ האָט זיך געפרייט, ווי אויך, גלייכצייטיק געטרויערט. געפרייט דערמיט, וואָס מיר, לעצטע יידן פון כעלם, האָבן שוין דערלעבט צו זען די שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון, וואָס וועט באַפרייען די רעשטלעך יידן, וואָס פּלאָגן זיך אין די וועלדער און באהעלטענישן.

פון ווייטנס האָט זיך געהערט א שטילער ברומען פון די קאַנאָנען, וואָס האָבן מיט סיסטעמאַטישער פּינקטלעכקייט אָפּגעדונערט יעדע מינוט. און אַזוי איז צוגעפאַלן די נאַכט.

די נאַכט איז געווען פול מיט קאָשמאַרן פאַר אונדז. די נאַכט האָט מען אונדז פאַרמאַכט אין איין סעפּעראַטער צעלע, ניט ווי ביז איצט, אין אונדזערע באַראַקן. מען האָט ביי אונדז אָפּגענומען אַלע געגנשטאַנדן, וואָס האָבן געהאַט אַ ווערט. מיר האָבן שוין געוווּסט וואָס דאָס באַטייט... אין דער נאַכט האָבן מיר זיך געריכט יעדע ווייַלע דערשאָסן צו ווערן... די שווערע האַרמאַטן־שיסעריי האָט זיך געהערט איצט פיל דייטלעכער.

ווען מען האָט אַרויסגערופן אונדזערע צוויי חברים העלפן איינפּאַקן די זאַכן פון דער געסטאַפּאָ, האָבן מיר געמיינט אַז עס זיינען אונדזערע לעצטע מינוטן, ווייל מיר האָבן געקלערט, ניט אַנדערש, אַז מען רופט אונדז אַרויס אומצוברענגען איינציקווייז. וואָס מיר האָבן אין די מינוטן איבערגעלעבט איז זיך לייכט פאַרצושטעלן, טראָץ דעם וואָס מיר זיינען שטענדיק געווען צו די טראַגישע מינוטן צוגעגרייט.

ווען די צוויי חברים אונדזערע זיינען צוריקגעקומען פון דער אַרבעט, איז שוין געווען גרויסער טאָג. אויך אונדז האָט מען געהייסן אַלץ אין די ווערקשטאַטן איינפּאַקן, גרייטן זיך צו דער עוואַקואַציע נאָך ראַדאָם. אַזוי האָבן אונדז די געסטאַפּאָ־לייט געפּרוווט איבערצייגן.

דאָס דונערן פון די האַרמאַטן, איז אין יענע שעהן געווען אין אונדזערע אויערן ווי די שענסטע ראַפּסאָדיעס, פּונקט ווי די נאַטור האָט געוואָלט פאַר אונדז צוגרייטן א הערלעכן קאָנצערט מיט אונדזערע לאַנגיאָריקע פּייניקער. די קאָמפּאָזיציעס פון בעטהאָווען און באַך זיינען אויסגעפאַלן בלאַס לגבי דער מוזיק, וואָס מיר האָבן אין יענעם טאָג געהערט. ער האָט זיך שטאַרק געוואָלט אַריינקוקן אין זייערע שעלמישע, און צוגלייך, פּחדנישע אויגן.

נאָך דעם פיבערדיקן טאָג איז ווידער געוואָרן נאַכט — די לעצטע נאַכט פון די מערדער און פּייניקער פון אונדזער טייערן יידישן כעלם. ווען דער מערב איבער דעם לובלינער וואַלד איז שוין געלעגן אין פינצטערניש, איז דער מזרח, צו ברעזנא און סאָביבאָר, געווען ווי איינגעטונקען אין פייערדיקן פּאָספאָר. אויף די האַלב־טונקעלע הימלען פון מזרח־כעלם זיינען אָנגעפלויגן די שטאָלענע פייגל פון די סאָוועטן און האָבן אָנגעהויבן באַוואַרפן די עוואַקואיר־פּונקטן פון די דייטשן מיט ברענענדיקע באָמבעס. דער כאַאָס פון די דייטשן איז ניט מיגלעך צו באַשרייבן און ספּעציעל די דענערווירונג ביי אונדזער געסטאַפּאָ, צו וועלכער מיר האָבן זיך מיט אַ האַלב אויג צוגעקוקט, זיי האָבן פּשוט פאַרלאָרן די קעפּ. אונדזערע נערוון זיינען געווען געשפּאַנט. וואָס וועט זיין...

וועלן זיי אין דעם גרויסן כאָאָס וואָס הערשט ביי זיי אָן אונדז פאַרגעסן? די פראַגע האָט אונדז געעגבערט דעם מוח.

ביי איינעם אזא לופט־אָנגריף, שוין אין אָוונט, זיינען מיר אַרונטער אין קעלער. דאָס איז געווען דער באַהייצונג־קעלער פון געפענגעניש, ווו מיר האָבן געהאַט א רעכט אַרונטערצוגיין בשעת די לופט אַלאַרמען. אָפּזייענדיק אין קעלער א שעה צייט, זיינען מיר צוריק אַרויפגעגאַנגען אין דער הויך און מיר האָבן ניט באַמערקט קיינעם פון דער געסטאַפּאָ. מיר האָבן געקלערט אז זיי ליגן ערגעצווו באַהאַלטן. צום סוף האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז אין יענעם אָוונט זיינען זיי זיך צעלאָפן ווי די מייז. מיר האָבן ניט געוווּסט פון דעם.

ערשט פאַרטאָג האָבן מיר דערפילט, אז מיר זיינען געבליבן אָן אונדזערע בעלי־הבתים... דערפאַר האָבן מיר געהאַט אַנדערע געסט — דייטשישע פּראָנט־סאָלדאַטן, מידע און פאַרמאַטערטע, זיי האָבן זיך קוים געשלעפּט אויף די פיס. מיר האָבן זיך פאַר זיי ניט באַוויזן, און גלייך אַרונטער אין קעלער, פון וועלכן זיי האָבן ניט געקאָנט וויסן.

א טייל חברים האָבן ניט געהאַט קיין חשק אין דעם קעלער זיך צו באַהאַלטן, מיינענדיק, אז מען וועט אונדז קומען זוכן. מיר, דער צווייטער טייל, האָט געהאַלטן אז איצט איז די ריכטיקע צייט אויסצונוצן דעם מאָמענט און דווקא זיך באַהאַלטן ביים לייב אין מויל. אונדזער שטעלונג האָט געזיגט.

אין דעם קעלער איז געווען א קאַטאַקאָמבע: די גרויס 4 מעטער אויף 4; די הויך 1.20 מעטער, אזוי אַז מיר האָבן זיך געמוזט איינקוואַרטירן אין אים אין א זיצנדיקן צושטאַנד. ביי דער עפענונג פון קאַטאַקאָמבע איז, ווי דורך עמעצן צוגעגרייט געוואָרן א שאַנק, אַן אַלטע סאָפע, וועלכע האָט פּונקט געפּאַסט צו פאַרשטעלן דעם אַריינגאַנג. מיר זיינען אַלע אַריין אין באַהעלטעניש, זיך געפּרעסט איינער צום צווייטן. די לעצטע, וועלכע זיינען געזעסן נאָענט, צום אַריינגאַנג האָבן די סאָפע צוגערוקט. פאַר א פּרעמד אויג זיינען מיר געווען געזיכערט... איצט האָט זיך אָנגעהויבן די שפּאַנענדיקע דערוואַרטונג: טויט אָדער לעבן?

קיין עסן האָבן מיר אין קעלער ניט אַרונטערגעבראַנגט, קיינער פון אונדז האָט אפילו פון דעם ניט געטראַכט.

אין פאַרלויף פון א פּאָר שעה האָבן זיך געלאָזט הערן שווערע דעטאָנאַציעס. מיר האָבן זיך באַלד אָריענטירט, אז די דייטשן דעמאָלירן פאַר זייער אַוועקגיין וויכטיקע אָביעקטן און בנינים. אויך אונדזער תפיסה האָט זיך גערעכנט פאַר אַזאַ, און זי באַדאַרף, לויט אונדזער מיינונג, צעשטערט ווערן. בכן, וועלן מיר דאָ געפינען אונדזער קבר, אַלץ גלייכער ווי געטויט ווערן פון די בעסטיאַלישע דייטשן...

שטאַרקע דועלן פון אַרטילעריע האָבן איבערגעריסן אונדזער שטימונג. מיר האָבן געקאָנט אונטערשיידן וועלכע שאָסן זיינען די סאָוועטישע און וועלכע די דייטשישע. די דונערן פון מזרח האָבן איבערגעוווויגן מיט זייער הויכן באַריטאָן. די דייטשן האָבן געענטפערט אַלץ זעלטענער... אָט זיינען די שיסערייען פאַרשוויגן געוואָרן. מיר האָבן ניט געוווּסט צי ס'איז בייטאָג אָדער ביינאַכט.

עס איז אַוועק א געוויסע צייט און עס האָט זיך דערהערט א געפּעכט פון ביקסן און אויטאָמאַטן און א גערודער פון שווערע

טאַנקען. מיר האָבן אויסגערעכנט, אז דאָס זיינען טאַנקען, אָבער, וואָס פאַר א טאַנקען, צי נאָך אַלץ דייטשישע, האָבן מיר ניט געקאָנט גענוי פעסטשטעלן. אונדזער קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט איז געווען אָפּגעשניטן.

ווי מיר האָבן אויסגערעכנט, האָט שוין די שטאָט זיך געדאַרפט געפינען אין די סאָוועטישע הענט. מיר האָבן באַשלאָסן פאַר יעדער פּרייז אָנצוקניפּן א קאָנטאַקט מיט דער וועלט און באַשלאָסן אַרויסצושיקן איינעם פון אונדז אלס שליח, פּונקט ווי נוח אין אונדזער חומש האָט זיך באַנוצט מיט אַ שליח — אַ טויב — בכדי זיך דערוויסן צי אויף דער וועלט האָט זיך שוין געענדיקט דער מבול, אזוי האָבן מיר געשיקט א שליח אויף דער ליכטיקער שייך, ער זאָל זיך דערוויסן אויב אונדזער מבול איז פאַרביי.

דער גורל איז געפאַלן אויף דעם נידעריקסטן פון אונדז, א געוועזענער זינגער ביים כעלעמער חזן. ער האָט זיך שטיל אַרויסגעשלייכט און צוריקגעקומען מיט דער ידיעה, אז ער האָט געזען מענטשן אין מיליטערישער קליידונג, אָבער ער קאָן ניט פעסטשטעלן צי דאָס זיינען סאָוועטן אָדער אַנדערע מיליטערישע איינהייטן. ער האָט ניט געזען אויף זייערע היטלען די רויטע שטערנס, אָבער אז דאָס זיינען ניט געווען קיין דייטשן אין דעם איז ער געווען זיכער. מיר האָבן ווידער א לענגערע, אומבאַשטימטע צייט, געוואַרט.

און ווידער האָבן מיר געשיקט אונדזער שליח. ער איז דאָסמאָל שנעל צוריקגעקומען שוין מיט די נייעס, אז ענדלעך זיינען מיר פריי. דער תפיסה־הויף איז פול מיט רוסישע סאָלדאַטן. מיט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען האָבן מיר אָנגעהויבן איינציקווייז זיך אַרויסדראַפּען פון קאַטאַקאָמבע. איך האָב נאָך געוואָרפן דעם לעצטן בליק אויף אונדזער רעטונג־אָאַזיס — אויף אונדזער גאָטספאַרבאָרגענדלעכער קאַטאַקאָמבע, און מיט שטילע בליקן זיך מיט איר ווי געזעגנט. די ליכטיקע שיין האָט אונדז געבלענדט די אויגן. די רוסישע סאָלדאַטן האָבן אונדז ניט געוואָלט גלויבן, אז מיר זיינען יידן. א רוסישער אָפיצער, א ייד, האָט אונדז געהייסן גיין אין שטאָט זיך אויסקלייבן א הויז, ווו מיר זאָלן דערווייל וווינען... נאָך ווי היינט געדענק איך דעם טאָג.

עס איז געווען דער 22־טער יולי, 1944, א שיינער וואַרעמער טאָג. דעם טאָג האָט די זון אזוי העל געלויכטן און אפשר האָט זיך אונדז אזוי געדאַכט. יאָ, אָבער וווהין גייען מיר, ווו איז אונדזער היים, ווו זיינען אונדזערע נאָענטע און ווייטע, ווו איז אונדזער פאָלק, ווו זיינען אונדזערע גוטע כעלעמער יידן? א ליידיקע שטאָט. אַ שטאָט אָן יידן, און מיר, לעצטע מאָהיקאַנער, לעצטע כעלעמער יידן, האָבן איצט דערפילט דעם גאַנצן טראַגיזם, דעם גאַנצן ווייטאָג אין הארצן.

צום סוף וויל איך געבן א רשימה פון די יידן, וואָס האָבן זיך צוזאַמען מיט מיר געראַטעוועט:

שלמה ברוסטמאַן (א שניידער); מאַניס ציטרין (א קאַמאַשנשטעפּער); גיטל ליבהאָבער (אַ שניידערין) מיט א זון און א מיידל; בעריש קעלבערמאַן מיט א פרוי; זילבער איסר (בלעכער); סאָבאָל חיים (קאַמאַשנמאַכער); באַקסנבוים הערש (א שוסטער); בוביס שלמה (א שוסטער); שטשופּאַק; חיים קירזשנער; ניסנבוים; טאַנטשע סטאָליאַר; משה ניימאַן (א שניידער); בן־ציון מיצפּליקער.

אַביש גאָלדמאַן (פּאָרטאָ אַלעגרע — בראַזיל)

# ליידן, אומקום און העלדישקייט פון כעלעמער לאַנדסלייט

אלס איינער פון די פראָנט־קעמפער קעגן דער נאַציבעסטיע וויל איך פארצייכענען אייניקע העלדישקייטן פון אונדזערע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן געקעמפט אין די באַפרייאונגס־ארמייען פון פוילן, ראַטנפאַרבאַנד און אויך אין די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען אין די וועלדער קעגן דעם בלוטיקן, היטלעריסטישן אָקופּאַנט.



אַביש גאָלדמאַן, אלס מיליטערמאַן גע־האַט גרויסע אויסצייכענונגען פאר זיינע העלדן־טאַטן קעגן די דייטשן.

אין יאָר 1939 איז אונדזער שטאָט כעלם געווען אייניקע וואָכן אונטער דער סאָוועטישער מאַכט. ס'איז, דעריבער, שווער איבערצוגעבן דעם שוידערלעכן איינדרוק, וואָס עס האָט געמאַכט די ידיעה, אז די דייטשע באַרבאַרן דארפן איבערנעמען די שטאָט. די סאָוועטישע שטאָטישע מאַכט האָט געמאָלדן, אז די רויטע אַרמיי ציט זיך צוריק ביזן טייך בוג און אונדז געגעבן 2 וואָכן צייט אריבערצוגיין די סאָוועטישע גרענעץ.

שוין אויפן צווייטן טאָג נאָך דער דאָזיקער אומדערוואַרטעטער ידיעה האָבן, מיינסטן, יוגנטלעכע פארלאָזט די שטאָט, מורא האָבנדיק פאר נקמה פון די פוילישע אנטיסעמיטן און נאָך מער פאר די דייטשן.

טייל פון כעלעמער יידן האָבן זיך באַזעצט אין די ארומיקע שטעטלעך: לובאָמל, קאָוועל, לודמיר, לוצק א.א. צו יענער צייט האָב איך זיך געפונען מיט מיין חבר, דוד שלאַכטמאַן, אין לודמיר.

שוין אין זעלביקן יאָר האָבן מיר זיך דערוווּסט שרעקלעכע נייעס פון אונדזער שטאָט. כעלם האָט שוין געהאַט צו פארצייכענען פיל טויטע אונטער דער נאַצי־אָקופּאַציע; דעם צער, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט פון דערווייטנס, איז אומבאַשרייבלעך.

צו אונדז איז דערגאַנגען די שוידערלעכע נייעס וועגן ערשטן מאַסן־מאָרד איבער די כעלעמער יידן: אויפן רינעק־פּלאַץ האָבן די דייטשע באַנדיטן צונויפגעטריבן טויזנטער יידן און מיטן אויסרייד זיי אריבערצופירן איבערן בוג, אויף דער סאָוועטישער זייט, האָט מען די מערהייט פון זיי אויפן וועג דערמאָרדעט. די עטלעכע הונדערט, וואָס זיינען אריבער די סאָוועטישע גרענעץ זיינען דאָרט פארהאלטן געוואָרן, ניט האָבנדיק צו זיי קיין צוטרוי זיינען זיי אָפּגעשיקט געוואָרן אין ארבעט־לאגערן אין רוסלאַנד. אויך די לאַגע פון כעלעמער יידן, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט געהאַט באַזעצט אין סאָוועטישער אוקראַינע איז, צוליב דעם גרויסן אָנלויף פון עמיגראַנטן, ניט קיין פריילעכע. פיל כעלעמער האָבן זיך פרייוויליק רעגיסטרירט אויף ארבעט קיין סאָוועטרוסלאַנד.



מיר איז געלונגען צו קריגן ארבעט אין א רעגירונג־דרוקעריי אין שטאָט לידע, נעבן באַראַנאָוויטש. שפּעטער, אין 1940, ווען צוליבן אומצוטרוי צו די פוילישע בירגער, האָבן זיך אָנגעהייבן די אַרעסטן אויף די פוילישע פּליטים, בין איך אין חודש מאַי ארעסטירט און אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער לידער טורמע, און פון דאָרט — אין אַן אַרבעט־לאַגער אין רוסלאַנד. מיט מיר אין זעלביקן לאַגער, אין אָפּאַלוכע, האָט זיך אויך געפונען אונדזער לאַנדסמאַן, מענדל צימערמאַן, אָבער צום גליק האָט ער דאָרט געהאַט א ספּעציעלע פונקציע און אים איז געווען בעסער פון מיר.

אין יאָר 1941, ווען די דייטשע באַנדיטן זיינען באַפאַלן סאָוועט־רוסלאַנד, ווערן דורך אַן אַמנעסטיע באַפרייט אלע פוילישע בירגער, וואָס האָבן זיך געפונען אין ראַטנפארבאַנד. נאָך דער באַפרייאונג בין איך אָפּגעפאָרן קיין קאַווקאַז און דאָרט זיך געטראָפן מיט א סך כעלעמער לאַנדסלייט אויף פארשיידענע אַרבעט־פּלעצער. אָבער צוליב דער דייטשער אָפּענסיווע אויף קאַווקאַז, ווערן מיר עוואַקואירט אין טיף רוסלאַנד. פארבייפאָרנדיק די שטעט: סאַמערקאַנט, טאַשקענט און אנדערע שטעט, האָב איך אומעטום געטראָפן לאַנדסלייט און ביי אלע איז די בענקשאַפט צו אונדזער ליבער היים־שטאָט געווען שטאַרק.

איך האָב זיך באַזעצט אין דער שטאָט פרונזע (קירגיזיע) און דאָרט האָב איך זיך דערוווּסט וועגן דער שרעקלעכער אויסראָטונג פון פוילישן יידנטום דורך די נאַצישע באַרבאַרן. עס זיינען צו אונדז דערגאַנגען די פינצטערע ידיעות וועגן די פארניכטונג־לאַגערן: אוישוויץ, טרעבלינקע, מאַידאַנעק, סאָביבאָר א.א. די דאָזיקע שרעקלעכע נייעס האָבן אונדז אויפגעשוידערט ביז די טיפעניש פון הארצן. א געוואַלדיקער נקמה־דאָרשט, א ברענענדיקער פארלאַנג אָפּצורעכענען זיך מיט די מערדער פון אונדזערע עלטערן, שוועסטער און ברידער, באַוועגט אונדז אָנצושליסן זיך אין די באַפרייאונג־ארמייען קעגן די נאַצישע באַנדיטן.

אין 1943 גרינדעט זיך אין ראַטנפאַרבאַנד די 1־טע פוילישע דיוויזיע, „קאָסטיושקאַ". איך טרעט דעמאָלט אריין אין דער פוילישער ארמיי און איך ווער גלייך אוועקגעשיקט אין דער 1־טער טאַנק־בריגאַדע. דאָרט, אין דער טאַנק־בריגאַדע, האָב איך זיך געטראָפן מיט נאָך 2 כעלעמער לאַנדסלייט: יאָסעק קראַטקע און בעניעק טשעסנער. מיט זיי האָב איך אָפט געשמועסט וועגן אונדזער היים און מיר זיינען גליקלעך צו קאָנען זיך לאָזן מיט אונדזערע טאַנקען אין שלאַכט קעגן די דייטשע מערדער.

מיט בעניעק טשעסנער טרעף איך זיך אָפט. ער דערציילט מיר, אז זיין פרוי און קינד האָט ער איבערגעלאָזט אין לוצק ביי א פוילישער פאַמיליע און ער האָפט, אז ווען מיר וועלן באַפרייען לוצק, וועט ער אויסזוכן זיין פרוי און קינד. דער חבר טשעסנער איז שוין דעמאָלט געווען אין ראַנג פון אַן אָפיציר און געאַרבעט אלס שטאַב־שרייבער. יאָסעק קראַטקע איז אויך געווען א העכערער אָפיצער און איז דעמאָלט איבערגעשיקט געוואָרן אין אַ צווייטן פּאָלק. אינגיכן בין איך אויך איבערגעשיקט געוואָרן אין א טאַנק־שול און שפּעטער אין אן אָפיצערן־שול, ווו איך בין געווען דער ערשטער פארטרעטער פון דעם אָנפירער פון דער ערשטער טאַנק־באַטעריע.

דער געדאַנק פון נקמה האָט פאַראייניקט די יידישע זעלנער מיט די פוילישע און רוסישע. אין דער ערשטער פוילישער דיוויזיע פילן מיר, יידן, א גוטע באהאנדלונג.

אין 1944 טרעטן מיר אַקטיוו אריין אין די שלאַכטן. א סך לאַנדסלייט געפינען זיך אין דער פוילישער אַרמיי, ווי אויך אין דער רוסישער, אלס פּרייוויליקע.

נאָך שווערע שלאַכטן דערגרייכט אונדזער אָפּטיילונג ביז קיווערץ (נעבן לוצק). דאָרט פאַרהאַלטן זיך אונדזערע טאַנקען אויף א געוויסער צייט. דאָרט האָב איך זיך אויך ווידער צונויפגעטראָפן מיטן לאַנדסמאַן, בעניעק טשעסנער, וועלכער האָט מיר מיט פאַרוויינטע אויגן געוויזן דאָס קידושין־רינגל פון זיין פרוי, וועלכע ער האָט איבערגעלאָזט אין לוצק ביי א פוילישער פאַמיליע, זאָגנדיק: „דאָס איז מיר געבליבן פון מיין פרוי און קינד". זי מיטן קינד מיט איר שוועסטער זיינען אכזריש אומגעבראַכט געוואָרן און געפינען זיך אין א מאַסן־קבר הינטער לוצק. די פּאָליאַקן האָבן אים דערציילט, אז די ערד האָט זיך נאָך געהויבן פון די נאָך לעבעדיק פאַרשאָטענע יידן.

איך שוידער אויף ביים געדאַנק, אז אין מיין היים האָב איך געלאָזן עלטערן, ברידער, שוועסטער. שוין 5 יאָר, ווי כ'האָב זיי פאַרלאָזט. וואָס איז מיט זיי געוואָרן?

און איצט גרייטן מיר זיך צום מאַרש אויף וואַרשע.

מיט א שנעלער אָפּענסיווע מאַרשירן מיר פאָרויס. איך בין שוין אין לובאָמל — מיר דערנענטערן זיך צו כעלם.

שווער צו באשרייבן, וואָס איך האָב דעמאָלט געפילט אין מיין הארצן! די דייטשע באנדיטן באשיסן אונדז פון שווערער אַרטילעריע, אָבער קיינער קאָן אונדז ניט אָפּהאַלטן, מיר מאַרשירן אריין דורך אלע זייטן אין כעלם!

מיר קומען אָן דורך דער קאָליעאָווער גאַס. ס'איז שפּעט ביינאַכט, אָבער די שטאָט איז באלויכטן פון שרפות. די באַן־סטאַנציע איז באָמבארדירט און ברענט. די פאַבריק פון אדאָלף דאָרמאַן ברענט. מיר פאָרן באַלד דורך דאָס יידישע הייליקע אָרט, אָבער ס'איז עס ניט צו דערקענען: ס'איז בלויז אַ פאַרוואקסן פעלד...

מיר פאָרן דורך די אבלאנסקע־גאַס, איך שנייד דורך די נאַרוטאָוויטשער צו דער פּאָטשטאָווער גאס, ווו מיר האָבן געוווינט. איך שטעל זיך אָפּ. מיינע פראָנט־חברים וואַרטן מיט די טאַנקען אויף מיר. מיט א קלאפּעדיק הארץ קלאַפּ איך אָן אין דער טיר, ווו מיר האָבן געוווינט. דאָס הארץ שפּרינגט ארויס פון דער ברוסט פאר אויפרעגונג און האָפענונגלאָזער דערוואַרטונג... די טיר עפנט זיך, אָבער אנשטאָט די אייגענע ליבע פּנימער באווייזן זיך אומבאקאנטע גויאישע פּנימער, וועלכע זיינען איצט די באוווינער פון אונדזער הויז. איך פרעג ביי זיי אויף מיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער און די פרעמדע מאָלן פאר מיר דאָס שרעקלעכע אומקום־בילד פון די כעלעמער יידן: אין די טויזנטער, דערציילן זיי, פלעגן די כעלעמער יידן ארויסגענומען ווערן פון געטאָ און הינטער דער שטאָט, נעבן שעכטהויז, זיינען זיי אויסגעשאָסן געוואָרן און דאָרט געפינען זיך זייערע מאַסן־קברים.

כעלם איז יידן־ריין!...

א דערשלאָגענער, מיט אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, מיט א טיפער, ווייטאָגדיקער ווונד אין הארצן פאַרלאָז איך מיין היים, שווערנדיק צו נעמען נקמה פאר דעם בלוט פון מיינע עלטערן, ברידער, שוועסטער, כעלעמער לאַנדסלייט און פאר דעם יידישן פאָלק!

מיר מאַרשירן אריין קיין לובלין און קיין מאַידאַנעק, אין דער שרעקלעכער אויסראָטונג־פאַבריק, ווו מיליאָנען יידן זיינען שוידערלעך פאַרניכטעט געוואָרן. מיר באפרייען די באַוווּסטע לובלינער טורמע, זאַמעק, ווו מיר טרעפן פיל, נאָר וואָס אויסגעשאָסענע יידן און פּאָליאַקן.

מיט א שנעלן טעמפּ מאַרשירן מיר ביז וואַרשע. בעת שווערע קאַמפן אין פּראַגע פאַלן אונדזערע 2 לאַנדסלייט: שיע קראַטקע און בנימין ניימארק.

אין יאַר 1945, ווען עס הייבט זיך אָן די גרויסע אָפּענסיווע אויף דער נעסט פון די נאַצישע פארברעכער — אויף בערלין, טרעף איך, אין פארשיידענע פראָנט־אָפּשניטן, אויף לאַנדסלייט, וועלכע נעמען נקמה אין די דייטשע באַרבאַרן. א סך פון די דאָזיקע לאַנדסלייט זיינען געווען באשאָנקען מיט מעדאלן און אָרדענס פאַר העלדישקייט.

איך נעם אַנטייל אין פיל שלאַכטן. 2 מאָל בין איך געווען פארוווּנדעט. פאר מיין העלדישקייט ווער איך באשאָנקען מיט פיל אָרדענס און מעדאַלן, צווישן זיי דעם גרעסטן פּוילישן אָרדען: „קרייץ פאַר העלדישקייט".

מיר, כעלעמער פראָנט־קעמפער, ווי די יידישע קעמפער בכלל, זיינען דאָרשטיק נאָך נקמה אין די מערדער. מיר פארגעסן ניט קיין איין רגע אין אונדזערע טראַגיש אומגעבראכטע שוועסטער און ברידער. אין די שלאַכטן נעמען מיר טויזנטער דייטשע קריג־געפאנגענע. צווישן אנדערע, האָב איך ביי איין דייטשן אָפיצער, אַן ס.ס. געפונען אַ צאָל פאָטאָגראפיעס פון אָפּגעחוזקטע יידן, געמאַכט נאָך אין 1940 אין טאַרנאָוו, פּוילן, די פאָטאָגראַפיעס האָט דער מערדער געהאַלטן, ווי אן אָנדענק פון זיינע „העלדישע מעשים..." איך האָב דעם מערדער דערקלערט, אז איך בין א „יודע" און אז איצט וועט ער באצאָלן פאר די אומגעבראכטע יידישע לעבנס.

2 רעוואָלווער־קוילן האָבן אויף אייביק אומשעדלעך געמאַכט דעם דאָזיקן באַנדיט. די צוגענומענע 2 פאָטאָגראַפיעס זיינען ביי מיר. זיי האָבן אויף דער צווייטער זייט אויפשריפטן, געשריבן פון דעם מערדער אליין.

מיר, כעלעמער יידן, האָבן אַן אַקטיווון אַנטייל גענומען אין די רוסישע און פוילישע ארמייען צו דערשטיקן די בעסטיע אין בערלין. מיר האָבן גענומען די נקמה מיט די אייגענע הענט. אונדזערע אויגן האָבן געהאַט דאָס גליק צו זען, ווי די „אומבאזיגבאַרע דייטשע ארמיי" איז אין ריזיקע מאַסן, באָרוועסע, הונגעריקע, און דערשלאָגענע, אָפּגעשיקט געוואָרן אלס קריג־געפאנגענע, קיין סיביר. זיי האָבן באצאָלט פאר זייערע פאַרברעכערישע מעשים, אָבער — מיר זיינען צו שפּעט געקומען אויף צו קאָנען אָפּראַטעווען א גרעסערע צאָל יידן פון פארניכטונג.

באַלד, ווי דער קריג האָט זיך פארענדיקט, נעם איך א דערלויבעניש צו פאָרן קיין כעלם, כ'האָב נאָך אַלץ געהאַט די אילוזיע צו טרעפן וועמען פון מיינע נאָענטע.

אין כעלם האָט שוין דעמאָלט געאַרבעט דער יידישער קאָמיטעט און גאָר א קליינעם טייל געראַטעוועטע לאַנדסלייט האָב איך געטראָפן.

איך באַטראַכט אונדזער שטאָט: זי זעט אויס אָן יידן, ווי א גרויסער בית־עולם. דאָרט, ווו די אלטע שוהל איז געשטאַנען — א פּוסט פּלאַץ. דער בית מדרש — פארקלאפּט מיט ברעטער. דער בית־עולם — געשענדעט. אלץ איז אָפּגעווישט.

איך באַגעגן זיך מיטן לאַנדסמאַן, מאָניס ציטרין, און ער דערציילט מיר, וויאזוי מיין ברודער מאָטל איז ביי זיך אין שטוב דערשאָסן געוואָרן און מיין ברודער ליפּע איז געווען דער לעצטער קרבן. ער דערציילט מיר, ווי אזוי מיין גאַנצע משפחה איז צוזאַמען מיט טויזנטער כעלעמער יידן, געגאַנגען דעם לעצטן טויטן־

מאַרש מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. אָבער דעם בעטלער, דעם קריפּל מיט די אונטער זיך פאַרלייגטע פיס, וואָס פלעגט זיצן אויפן טאַרג, זיך צלמען און בעטן נדבות, אים האָב איך געטראָפן אויפן זעלבן אָרט, ווי גאָרנישט וואָלט געשען.

אין יידישן קאָמיטעט האָב איך אויך באַגעגנט לאַנדסלייט, נאָר וואָס צוריקגעקומענע פון ראַטנפאַרבאַנד. אַלע האָבן זיך גענייטיקט אין הילף. אין קאָמיטעט האָבן געאַרבעט די יידישע פּאַרטיזאַנער: גדליה באַקאַלטשוק און שיע הערץ מיט דער פרוי, אויך די פרוי לעווענשטיין (פאַכטער) און פיל אַנדערע. זיי אַלע האָבן זיך באַמיט אַקעגנקומען די אָנגעקומענע מיט אַלע מיג־לעכקייטן און זיי העלפן לינדערן די נויט.

צווישן אַנדערע האָב איך אויך געטראָפן די לאַנדספרוי, סערל שישלער, מיט איר קינד און איר שוועסטער שרהלע. זיי האָבן מיך געבעטן מיטגיין אין זייער פריערדיקער וווינונג אויף אבלאַנס־קאַ גאַס און זיי העלפן אויסגראָבן גאָלד־זאַכן, וואָס זיי האָבן באַ־האַלטן פאַרן אַנטלויפן. ווי א מיליטערמאַן האָב איך גענומען דערלויבעניש אין דער פּאָליציי. אָבער אונדזער אַרבעט איז גע־ווען אומזיסט. מיר האָבן צעקאָפּעט דעם גאַנצן קעלער און גאָר־נישט געפונען. די פּאָליאַקן זיינען דאָרט פריער געווען...

אויך דאָס קליינע הייפעלע כעלעמער און ניט כעלעמער גע־ראַטעוועטע יידן, זיינען נאָך אַלץ געווען גרויס אין די אויגן פון די פּוילישע אַנטיסעמיטן. עס האָבן געבושעוועט באַוואָפנטע באַנדעס און געהרגעט יידן. די שרעק אין שטאָט איז געווען אומ־באַשרייבלעך, עס ווערט אוממיגלעך צו טרעטן אויף דער דאָזיקער ערד. איך באַזוך צום לעצטן מאָל אונדזער שטוב, אונדזער שטאָט כעלם.

ווי אין א זיסן חלום דערמאָן איך זיך אין מיינע קינדער־יאָרן, אין מיין היים, אין מיינע אומפאַרגעסלעכע טייערע עלטערן, שוועסטער און ברידער, וועלכע זיינען דאָ אַזוי טראַגיש אומגע־קומען. עס קומט אין זכרון דאָס כעלעמער יידישע לעבן: די פּאַרטייען, די יוגנט, די ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס, ווו כ'האָב א סך יאָרן פאַרטראָטן אונדזער שטאָט אין ספּאָרט־פאַרמעסטונגען.

אַלץ איז א חלום! אַש און רויך פון דעם אַלעם.

איך פאַרלאָז אויף שטענדיק די שטאָט כעלם און נעם מיט בלויז א טיפע וווּנד אין האַרץ, וואָס וועט אייביק דאָרט פאַר־בלייבן...

איך האָב שפּעטער חתונה געהאַט און צוזאַמען מיט מיין פרוי געפאָרן קיין בראַזיל צו מיין איינציק־געבליבענעם ברודער, וועל־כער האָט מיר געהאָלפן איינאָרדענען אַן אייגענע דרוקעריי.



משפּחה גאָלדמאַן, אַפּריכטנדיק פּסח דעם סדר אין יאָר 1927. פון דער גאַנ־צער משפּחה האָבן זיך געראַטעוועט אברהם און אַביש גאָלדמאַן, זיי געפינען זיך אין בראַזיל.

שמשון ברייער

# דאָס גרויסע אומגליק

...ווען עס האָט אויסגעבראָכן די פינצטערע מלחמה און די היטלער־חיה האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף פּוילן אין 1939, האָב איך זיך שוין דאַן געפונען דאָס צווייטע יאָר אין פּוילישן מיליטער־דינסט. איך בין אַלט געווען 23 יאָר און גענומען אָנ־טייל אין די קאַמפן מיט די היטלעריסטישע חיילות. די פּוילישע אַרמיי איז דאַן שנעל פונאַנדערגעפאַלן, אַ כאַאָטישע שטימונג האָט געהערשט. אונדזער קאַמף מיט די נאַציס האָט נאָך אָנגע־האַלטן ביז די סאָוועטישע אַרמיי האָט גענומען באַזעצן די אוי־קראַינישע געביטן אין פּוילן.

אין יענער צייט בין איך צוריקגעקומען אין כעלם. אין שטאָט האָבן זיך געפונען די סאָוועטן. נאָך 3 טעג זיין אין כעלם האָב איך געמוזט מיין היים צוריק פאַרלאָזן. דאָס רוסישע מילי־טער האָט אָפּגעטראָטן פון כעלם, לויטן אָפּמאַך מיט דער היט־לער־מאַכט — דער טרויעריקער בוג־טייך איז געוואָרן די דע־מאָלטדיקע גרענעץ. אַ גרויסע צאָל יידן זיינען מיטגעגאַנגען מיט דער סאָוועטישער אַרמיי. איך האָב זיך אויך אָנגעשלאָסן מיט יענע יידן און טאַקע אַ דאַנק דעם לעב איך היינט.

ביזן אויסברוך פון דער מלחמה צווישן דייטשלאַנד־רוסלאַנד אין 1941, האָב איך זיך געפונען אין קיעוו און פלעג באַקומען בריוו פון מיין מוטער. די בריוו זיינען געווען טרויעריקע, דורכ־געווייקט מיט בלוט און טרערן. מיין קלענערע שוועסטער פלעגט מיר שרייבן, אַז זי האָט שוין נישט קיין כוח און קיין מוט צו לעבן ביי די דייטשן: מען פייניקט איר, זי אַרבעט שווער, האַקט שטיי־נער און הונגערט. זי איז דאַן געווען 15 יאָר אַלט, זי האָט פאַר דער מלחמה געענדיקט 7 קלאַסן, געאַרבעט און צוגעהאָלפן די מוטער, און איצט ליידט זי אַזוי פיל. וועגן דער צווייטער שוועס־טער האָט זי גאָרנישט דערמאָנט.

אין 1946, ווען איך בין געקומען פון רוסלאַנד אין כעלם, האָב איך די שטאָט נישט דערקענט. איך האָב געפונען די שטאָט אָן יידן. אין די יידישע געשעפטן זיינען געשטאַנען פּאָליאַקן, אין די יידישע הייזער האָבן זיי געוווינט, א סך יידישע געשעפטן זיינען געווען פאַרהאַקט מיט ברעטער, די גאַסן — ליידיקע, דער מאַרק — אַ פּוסטער, די שוהל־גאַס — פול מיט חורבות, דער בית־המדרש פאַרהאַקט מיט ברעטער, דאָס יידישע כעלם מיט די יידן איז געווען פאַרשוווּנדן. עס האָט געוויינט יעדעס ווינקל, נישט געווען קיין זכר פונעם יידישן כעלם.

איך האָב זיך דערוווּסט, אַז מיינע שוועסטער מיט מיין מוטער האָבן די היטלער־באַנדיטן דערהרגעט, מיינע פעטערס, מומעס, קוזינען, אַלע, אַלע האָבן די נאַצישע מערדער אומגעבראַכט מיטן גאַנצן כעלעמער יידנטום.

איך בין געווען אָנגעשלאָסן אין דער סאָוועטישער אַרמיי העכער אַ יאָר, איך האָב געזוכט נקמה צו נעמען אין די היטלער־באַנדיטן. איך האָב גענומען נקמה, אָבער די נקמה איז נישט געווען גענוג, ווען איך האָב דערזען דעם גרויסן חורבן, דאָס גרויסע אומגליק.

ב. אַלקוויט, ניו־יאָרק

# כעלם אין אויפשטאַנד פון דער געטאָ



ב. אלקוויט

מיט אַלץ, וואָס די יזכור־ביכער, כראָניקעס און מגילות דערציילן פון זייערע שטעט און שטעטלעך, שילדערן זיי די יידישע פוילן אין דער טיף, שילדערן אזוי צו זאָגן דאָס הינטערלאַנד פון דעם גרויסן יידישן אויפשטאַנד; ווי עס איז מיגלעך געווען, פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען די כוחות, וואָס האָט די געפּלאָגטע און געבויגענע אזוי אויפגעהויבן, אז זיי זיינען געוואָרן קעמפער, געוואָרן העלדן — זיי, די העלדן פון אייביקער סבלנות, די טרעגער פון איוב׳ס געדולד — העלדן און קדושים אין קאַמף קעגן דעם שונא אין אַ צייט, ווען ער האָט געשלאָגן אין פּנים אריין די גאַנצע וועלט.

איינע פון די שטעט איז געווען כעלם — אין כעלם איז אפשר געווען דער ערשטער געטאָ־אויפשטאַנד.

כעלם. יאָ, כעלם פון די כעלעמער מעשיות. ווער האָט נישט געהערט פון כעלם? ס׳אַ קליינע שטאָט געווען, אַן אָרעמע און מ׳זאָגט, אַ נאַרישע שטאָט, ווי אין די מעשיות — פון נאַראָנים, מ׳זאָגט אויך חכמים. אָבער ס׳איז נישטאָ אזא חכם, וואָס זיין חכמה איז אזוי באַרימט אין דער וועלט ווי די נאַרישקייט פון כעלם — סיידן טאַקע נאָר די חכמה פון שלמה המלך.

דער רום פון כעלם איז ווי דער רום פון אַ ווונדערלעכער מעשה. פאַראַן מענטשן, וואָס מיינען אפילו, אז כעלם אליין איז אַ מעשה, א משל. אָבער ס׳איז דאָ, ס׳איז געווען אזא שטאָט — און פאַר די כעלעמער איז עס געווען אַ שטאָט נישט אויף קאַטאָוועס. נאָר די אומזיכערע רעאַליטעט, וואָס איר נאָמען האָט געגעבן דער שטאָט, קאָן אמאָל זיין די אורזאַך פון א טעות, אז כעלם איז אויך כעלמנאָ, אָדער פאַרקערט — ווי עס האָבן קענטיק געמיינט די ארויסגעבער פון א יידיש בוך — ס׳איז פאָלג מיך אַ גאַנג פון דאַנען קיין פּויזן, אויף יענער זייט וואַרשע. כעלם איז אויף מזרח פון לובלין, נישט ווייט פון טייך בוג, אויף דרום איז זאַמאָשטש, ווו י. ל. פּרץ איז געבוירן געוואָרן.

כעלם איז געווען אַ זייער אַלטע יידישע שטאָט, אויף אַ באַרג — טאַקע ווי אין די מעשיות, אָבער יידן האָבן געוווינט אין דעם טאָל פון דער גרויסער יידישער אָרעמקייט. געווען דאָרט איין גאַס מיט טרעפּ. ס׳איז געווען די עלטסטע יידישע גאַס אָבער גערופן האָט מען זי די „נייע צאַל״ און די טרעפּ האָבן געפירט ארויף צום מאַרק, צו מסחר, און צו מנחה־מעריב אין דער גרויסער שוהל, אין אור־אַלטן בית־המדרש. די שטאָט האָט אין די דרייסיקער יאָרן געציילט אַ באַפעלקערונג פון אַ 30.000 נפשות, אַן ערך אַ העלפט פון זיי יידן.

דער אָנהייב פון דער געשיכטע פון די יידן אין כעלם איז אין די ווענט פון דער שוהל. דאָ, אין די ווענט, איז באַהאַלטן דער קבר פון חתן־כלה, וואָס זיינען אומגעקומען אונטער דער חופה



אויפן שוהל־הויף בעת כמעלניצקי׳ס קאָזאַקישער שחיטה. פיר הונדערט יידן האָבן די קאַזאַקן אויסגעקוילעט. כעלם איז ערשט מיט די כחות פון נייע דורות יידן קוים געקומען צו זיך. ס׳איז אויסגעוואַקסן די באַרימטע כעלעמער ישיבה. ס׳האָט אויפגעשיינט ר׳ אליהו בעל שם. און אין אונדזער צייט אַ שמואל זיגלבוים (ארטור). זיגלבוים איז געווען דער פאַרוואַלטער פון דער אַרבעטער־היים, וואָס דער „בונד״ האָט געגרינדעט אין כעלם.

ווי אזוי עס האָט זיך דאָ געשאַפן דער אוצר פון פאָלקלאָר, איז שווער צו זאָגן. פאָרשער האָבן געפונען, אז שוין אזוי פרי ווי אין 16־טן יאָרהונדערט האָט מען אין און ארום כעלם דערציילט מעשיות פון אנדערע נאַרישע שטעט — גאָטהעם אין ענגלאַנד, שילדבורג פון דער אַמאָליקער דייטשלאַנד — איבערזעצט אויף יידיש. אָבער די כעלעמער מעשיות זיינען אנדערש, אנדערש מיט זייער מוסר השכל, זייער כלליקער פאַנטאַסטיק — זייערע אסיפות.

וועגן אַלץ רופט מען אן אסיפה. ס׳איז דאָ א רב, ס׳איז דאָ אַ פּרנס־חודש, אָבער כעלם, די יידישע כעלם איז די עלטסטע דעמאָקראַטיע אין אייראָפּע. אפילו ווען איינער זאָל קומען מיט אן איינפאַל, ווי למשל, לאָמיר פאַנגען די לבנה אין אַ פאַס וואַסער אריין, הערט מען אים אויס און דער פּרנס־חודש רופט אן אסיפה.

און אזוי איז געווען אין נאָוועמבער, 1940. ווען די נאַציס האָבן ארויסגעלאָזט אַ באַפעל, אז אלע יידן פון כעלם מוזן אין משך פון דריי טעג פאַרלאָזן די שטאָט און גיין אין דער ריכטונג פון לובלין — וואָס האָבן די כעלעמער יידן געטאָן? זיי האָבן גערופן אַן אסיפה.

די בלוטיקע מגילה פון די געשעענישן נאָך דער אסיפה ווערט איצט צוזאַמענגעשטעלט. די ערשטע ידיעות, די פאַרגעלבטע אויסשניטן, וואָס ליגן פאַר מיר ווי הייליקע שמות, זיינען פאַרשריבן דורך יצחק פייגנבוים, אַ גוט־באַקאַנטער טוער ביי די פּועלי־ציון אין פוילן, ביי זיין אָנקומען קיין אמעריקע, אָנהייב יאַנואַר, 1941.

ער האָט דערציילט:

„דאָס וואָס עס איז פאָרגעקומען אין כעלם האָט צו זיך נישט קיין גלייכן אין דעם גאַנצן מאַרטירערטום פון די יידן אין פוילן, אונטער דעם נאַצי־רעזשים, ווייל אין כעלם איז געווען עפּעס, וואָס איז גאָרנישט געווען צו דערוואַרטן, נעמלעך, אַ באַוואָפנטער ווידערשטאַנד פון יידן קעגן די נאַציס, דאָרטן האָבן די יידן געקעמפט ווי די לייבן — — —

„דאָס איז געווען אין נאָוועמבער, ווען די נאַציס האָבן ארויסגעהאַנגען באַקאַנטמאַכונגען איבער דער גאַנצער שטאָט, אז אלע יידן אין כעלם מוזן אין פאַרלויף פון דריי טעג פארלאָזן די שטאָט און גיין אין דער ריכטונג פון לובלין. כעלם איז נישט ווייט פון לובלין, אָבער אַ גייסט פון צאָרן און ווידערשטאַנד האָט ארומגעכאַפּט די יידן און עס האָבן זיך געהערט שטימען, אז מ׳וועט נישט גיין. דער כעלעמער רב האָט זיך געהאַט געווענדט צו דער נאַצי־קאָמאַנדע, אז מען זאָל אים דערלויבן צו רופן צו זיך עטלעכע באַלעבאַטים אויף צו אָרגאַניזירן דאָס פאַרלאָזן די שטאָט. מען האָט עס אים באַוויליגט.

„צווישן די יידן, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט ביים רב זיינען געווען דריי מיינונגען. איינע — פאָלגן און זיך אונטערגעבן

דעם ביטערן גורל. א צווייטע מיינונג איז געווען, אז ס׳איז בעסער צו שטאַרבן דאָ איידער זיך שלעפּן אויף די וועגן און פאַרפייניקט ווערן פון די נאַציס אין דער פרעמד. און די דריטע מיינונג איז געווען — קאַמף קעגן די נאַציס. יאָ, עס זיינען געווען אזעלכע, וואָס האָבן געזאָגט, אז זיי וועלן זיך נישט לאָזן טרייבן ווי די הינט. איידער זיי וועלן גיין פון דער וועלט, וועלן זיי געבן די נאַציס פּולווער צו שמעקן. זיי וועלן קעמפן און מיטנעמען מיט זיך אויף יענער וועלט אזוי פיל נאַצי־באַנדיטן וויפל זיי וועלן נאָר קאָנען״.

די פאָרשטייער פון דער „דריטער מיינונג״, זאָגט יצחק פייגנבוים, זיינען געווען „צוויי פּראָמינענטע כעלעמער יידן, איינער אַ דאָקטער און דער אַנדערער אן אדוואָקאַט״, קיינער האָט נישט פּרובירט טענה׳ן מיט זיי, קעגן זיי. „מען האָט זיך נישט געענטפערט״. מען האָט נאָך אביסל ארומגערעדט די לאגע, דערציילט וועגן די בעסטיאַליטעטן, וואָס די נאַציס זיינען באַגאַנגען אין שטאָט, די רויבערייען, די רציחות און פארגוואַלדיקונגען.

איצט אָבער, אז די נאַציס האָבן גענומען גיין איבער די הייזער, מיט גוואַלט צו שלעפּן די יידן קיין לובלין, האָבן זיי געמוזט „אָנקלאַפּן״ . . . און געענטפערט האָט מען די מערדער מיט פייער.

דער ווידערשטאַנד איז געפירט געוואָרן מיט ביקסן. די ביקסן און אַ ביסל קוילן האָבן כעלעמער יונגעלייט, געוועזענע סאָלדאַטן און רעזערוויסטן מיטגעבראַכט אהיים פון דער ארמיי, ווען די פּוילישע אַרמיי איז זיך צעפאַלן.

די מאַכט, וואָס די דייטשן האָבן דעמאָלט געהאַט אין כעלם, איז נישט גענוג געווען, ווען די כעלעמער האָבן געעפנט פייער. די נאַציס האָבן ארויסגערופן פארשטאַרקונג בייצוקומען דעם ווידערשטאַנד. און אָט איז אַ באַריכט פון דער „שלעזישער צייטונג״, דאַטירט דעם 12־טן יאנואַר, 1940.

„אין כעלם״, דערציילט די נאַצי־צייטונג, מיט סאַדיסטישער הנאה, „האָבן אונדזערע קעמפער געהאַט מיט די יידן אי אַ שווערע אי אַ לייכטע אויפגאַבע. די לייכטע אויפגאַבע איז געווען, ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין יידישע הייזער, כדי די יידן אוועקצושיקן קיין לובלין האָט מען געפונען, אז זיי זיינען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. די יידן האָבן נישט געוואַרט, אז מיר זאָלן פון זיי פּטור ווערן, נאָר אליין זיך באַזייטיקט. אנדערע האָבן געשטעלט א קאמף קעגן דער רעגירונג און געשאָסן אויף אונדזערע סאָלדאַטן מיט פּוילישע ביקסן. דאָס זיינען געווען רעזערוויסטן, וואָס זיינען ארויסגעפאַלן פון דער פּוילישער אַרמיי און נישט אָפּגעגעבן זייער געווער. די אָרטיקע מאַכט האָט די הייזער באלד גענומען אונטער פייער, זיי צעשמעטערט און די אָנפאַלער פאַרניכטעט״.

אזוי האָט די גרויסע דייטשע מאַכט פון דריטן רייך, אין איר זיגערישן מאַרש איבער אייראָפּע, אויך געבראָכן דעם ווידערשטאַנד פון כעלעמער געטאָ און די כעלעמער יידן. עס שרייבט די „שלעזישע צייטונג״, די יידן האָבן „געקראָגן אַ לעקציע ווי אזוי זיך אויפצופירן אַקעגן דער דייטשער אַרמיי״.

יענע, וואָס זיינען לעבן געבליבן, האָט מען ארויסגעטריבן אויפן וועג קיין לובלין.

אָבער דער פּלאַן פון אַ „רעזערוואַציע״ פאר יידן אין לובלין איז דורכגעפאַלן און טייל כעלעמער האָבן זיך אומגעקערט קיין כעלם. מיט דער צייט האָבן אין כעלם גענומען אָנקומען יידן פון ארומיקע שטעטלעך און שפּעטער — אויך פון אנדערע לענדער. מ׳האָט לכתחילה נישט געוווסט וואָס דאָס מיינט. אַ שטיק צייט איז אַוועק און מ׳האָט גאָרנישט געהערט — ס׳איז געווען גענוג יוואָס צו הערן, האָט מען זיך נישט נאָכגעפרעגט אויף כעלם. אָבער ס׳האָבן גענומען אָנקומען מוראדיקע קלאַנגען און נאָכדעם באַשטעטיקטע באַריכטן, וואָס די וועלט, אויך די ניט־יידישע, פאַרבלוטיקטע וועלט איז פון זיי ממש פאַרציטערט געוואָרן.

כעלם איז פון די דייטשן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טויטצענטער פאר יידן און נישט נאָר פון פּוילן. מען ברענגט אַהער יידן אויך פון דער רוסישער אוקראינע, פון ווייס־רוסלאַנד, פון האָלאַנד, בעלגיע און טשעכאָסלאָוואַקיע און גריכנלאַנד. ס׳איז אַ שעכטהויז און דאָ עקספּערימענטירט מען אויף יידן מיט וויסנשאַפטלעכע טויטן, מען פּרובירט אויס גאַזן, יידישע זקנים, פרויען און קינדער ווערן פאַרגאַזט, כדי צו זען ווי דאָס אַרבעט, צי מ׳וועט עס קאָנען באנוצן אין גאַז־אַטאַקעס און איידער וואָס־ווען — פאַרטיליקן, אויסראָטן די יידן אין פּוילן, די פון אייראָפּע.

דאָס האָט מען דערזען בעתן זוכן און נאָכפאָרשן די כעמישע קריג־מיטלען, וואָס היטלערס כעמיקער האָבן געארבעט אויף זיי פאַר גאַז־אַטאַקעס פאר די אַליאירטע ארמייען, אָדער אויך אויף דער באַפעלקערונג.

אַנטאָני אידען, ענגלאנדס אויסערן־מיניסטער, האָט אין דער פאָרעם פון א דעקלאַראַציע געלייענט פאַרן פּאַרלאַמענט די באַריכטן, וואָס ס׳טוט זיך אין כעלם, און אמעריקעס סעקרעטערי אָוו סטעיט האָט די דעקלאַראַציע אריינגענומען צווישן די דאָקומענטן פון סטעיט־דעפּאַרטמענט, וואָס ער האָט ארויסגעגעבן פאר דער עפנטלעכקייט.

דאָס איז געווען אָנהייב יאָר 1943. ערשט שפּעטער ווען היטלערס מיטפירער זיינען געמשפּט געוואָרן אין נירענבערג ווי קריגס־פארברעכער און פאַרברעכער פון דער מענטשהייט, האָט מען זיך דערוווסט, וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן אין כעלם.

ס׳איז דעמאָלט אָנגעקומען קיין אמעריקע אַ נומער פון דעם דייטשן זשורנאל „די האַנדלונג״, מיט אַ מעמואַר פון א דייטש פּאַול הערצאָג, וועלכער האָט געדינט אין דער דייטשער ארמיי אין כעלם. זיין מעמואַר הייסט : „כעלם — אַ באַרג פון שאַרבנס״. און דער דאָזיקער „באַרג״ איז אויפגענומען געוואָרן אין אַמעריקע ווי דער ערשטער ווידוי און חרטה פון אַ דייטש.

אין זיין ווידוי שילדערט ער די סיסטעמאַטיש איינגעשטעלטע גרויזאַמקייט פון דייטש איבער צעמורשטע און צעטראָטענע מענטשן, ווי זיי פאַלן ביי דער ארבעט. ער באשרייבט דעם לאַגער פון געפאַנגענע, ווי געשלאָגענע און ווילד־געוואָרענע ניט־יידן ווערן אָנגערייצט זיך נוקם צו זיין אין יידן פאר די דערנידעריקונגען, וואָס זיי האָבן אויסצושטיין, פאַר די קלעפּ, וואָס זיי קריגן פון די נאַציס ; ווי די געפאַנגענע ווערן געהאַלטן אין ערדענע בודעס אין דעם לאַגער און ווערן פאַרוואַנדלט אין קאַניבאַלן, מענטשן־פרעסער, בפּועל ממש.

דער דאָזיקער מעמואַר פון פּאַול הערצאָג דארף כאָטש טיילווייז אריין אין דער מגילה פון כעלם, דער כמעט לעגענדאַרישער שטאָט, אויף אַ באַרג, וואָס האָט אַמאָל געשוויבלט מיט מעשיות וועגן נאַראָנים, מעשיות אויף קאַטאָוועס. אָבער דער דייטשער משחית האָט פון דעם מעשה־בארג געמאַכט אַ באַרג פון שאַרבנס און פון טאָל — אַ טאָל פון טויט.

דאָס איז געווען אין 1943. סוף מאי, פון יענעם חורבן־יאָר, האָט אַ באַרימטער כעלעמער ייד — שמואל זיגלבוים, דער יידישער פאָרשטייער ביי דער פּוילישער גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן, פארגליווערט דאָס האַרץ פון דער וועלט מיט זיין זעלבסטמאָרד אין פּראָטעסט קעגן דער גלייכגילטיקייט צו דער פאַרטיליקונג פון די יידן אין פּוילן.

משה גאַנץ, מעלבורן

# כעלם באַלד נאָך דער באַפרייאונג

ס'איז געווען אין חודש יולי, 1944. איך האָב זיך דעמאָלט געפונען אין די רייען פון דער רויטער־ארמיי אין א וואַלד פון קאָוולער געגנט. אין פארנאכט האָט זיך דערהערט א שטאַרקע מענטשן־באַוועגונג. דאָס איז געווען א פּוילישע מיליטערישע אָפּטיילונג, וואָס האָט אַן אָרט פארנומען אינעם זעלבן וואַלד־שטח. נאָר דער וועג־שליאַך האָט זיי אָפּגעטיילט פון אונדזערע רויטארמייער.

דער אָנפירער פון די פּוילישע זעלנער האָט דאַן ראַפּאָרטירט, אז כעלם איז פריי געוואָרן פון די היטלער־הענקער.

נאָך עטלעכע סאַלוט־שאָסן זיינען פּוילישע און רוסישע זעלנער זיך צונויפגעקומען, האָבן געזונגען, געטאַנצט, געשפּילט האַרמאָשקעס און פריילעך זיך געוויילט.

ווי כ'האָב דערהערט, אז כעלם געפינט זיך מער נישט ביי די דייטשישע מערדער, האָב איך גענומען טראכטן פארשיידענע געדאַנקען. דער ווילן איז געווען גרויס צו זיין אין כעלם, זען ווער עס איז לעבן געבליבן. די געדאַנקען זיינען אָבער געשטערט געוואָרן — מען איז געווען אין מיליטער, אויף דער פּאָזיציע, און די מיליטערישע פליכטן זיינען געווען קאַלאָסאַלע.

אין דער זעלביקער נאַכט איז צו אונדז געקומען א רויט־ארמייער מיט 7 געפאַנגענע דייטשן. ביים שוואַכן נאַפט־לעמפּל, האָב איך די דייטשן אָבסערווירט, זיי אויסגעפרעגט פון וואַנען זיי קומען. איינער, אַ לייפּציגער יעקע, האָט מיר געזאָגט, אז מען האָט אים גענומען אין געפאַנגענשאַפט אין כעלם. כ'האָב גלייך געפרעגט ווי לאַנג ער איז געווען אין כעלם און איבער וועלכע גאַסן ער האָט פארקערט. כ'בין פון אים געוואָר געוואָרן, אז דאָס יידישע כעלם איז יידן־ריין.

פאַרטאָג האָבן מיר אָנגעלאָדן די אויטאָמאָבילן מיט אמוניציע און שפּייז און געלאָזט זיך אין וועג אריין. מיר פאָרן פאַרביי ליובאָמל, כ'דערקען דאָס שטעטל. אין 1939, ווען איך בין אוועק פון כעלם, בין איך איינינקע וואָכן דאָרט געווען. איך קוק און וווּנדער זיך: ווו זיינען די יידן? דאָס שטעטל איז איינגעהילט אין א טויטער שטילקייט, די פענצטער פון די הייזער זיינען פאַרקלאַפּט מיט ברעטער, דאָס שטעטל איז געווען אויסגעליידיקט, קיין שטיקל לעבן.

ביים קרייץ־וועג שטייט א רויט־ארמייער, פירט אָן מיטן גרויסן מיליטער־פאַרקער. מיר פאָרן ווייטער, אין דער ריכטונג פון כעלם. אין יאַגאָדשין האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט. איך בין אריין צו א פּויער, גענומען ביי אים — פאר אונדז זעלנער — א ביסל קאַרטאָפל און זויערמילך. אונדזער חברה האָט אָפּגעגעסן, פאררויכערט מאַכאָרקע־טאַבאַק. איך האָב געוואָלט וויסן אויב מיר גייען קיין כעלם, אָבער פרעגן האָבן מיר ניט געטאָרט, ווייל די מארשרוטן האָבן געוווּסט נאָר דער שטאַב. דאָס איז געווען א גרויסער מיליטערישער סוד.

עס האָט אין מיר יעדער גליד געציטערט. מיינע מחשבות זיינען געוואָרן פארנומען מיט מיין היים־שטאָט. איך בין דאַן צוגעגאַנגען צו אונדזער נאַטשאַלניק, א סטאַרשי לייטענאַנט, און אין שרעק אים געפרעגט, אויב מיר גייען ניט קיין כעלם. איך האָב עס אים פּאָרזיכטיק געפרעגט, כדי ער זאָל מיך ניט חושד זיין אין א פארדאכט. כ'האָב אים געזאָגט, אז כ'בין א ייד פון דער שטאָט כעלם, דאָרט געבאָרן און געוווינט ביזן יאָר 1939.



דער נאַטשאַלניק האָט מיר געענטפערט דערפרייענדיק, אז מיר גייען קיין כעלם צוגעבנדיק, אז ער וועט מיר מיטהעלפן אויפזוכן מיין משפחה.

מיר זיינען אריבערגעגאַנגען די פּראָוויזאָרישע בריק איבערן בוג — אונדזערע אויטאָמאָבילן פאָרן שנעל. איך קוק זיך ארום, אין אָנהייב האָט מיר אַלץ אויסגעקוקט פרעמד. איך האָב אָבער באַלד דערקאָנט איטלעך וועג און וועלדל, די שכנישע דערפער פון כעלם.

עס האָט זיך פון וויטן אויסגעטיילט דער געוועזענער „סאָבאָר", די שפּיצן פון קלויסטערס. דאָס הארץ האָט גענומען האָסטיקער קלאַפּן. מיר זיינען אריינגעקומען אין כעלם דורך דער באַן־גאַס. אויפן ווינקל שענקעוויטשא און שקאָלנע האָבן זיך אונדזערע אויטאָמאָבילן אָפּגעשטעלט. כ'בין ארויס פון אויטאָמאָביל, ארומגעקוקט זיך, מיין ערשטער בליק איז געפאַלן אויף דער שקאָלנע גאַס. איך וואַרף א בליק אין גרויסן הויף פון ה' ברוך וויינריב (צאַלעס), — א טויטע שטילקייט. ווו זיינען די פיל יידישע משפחות פון דעם הויף? ווו זיינען די שוחטים, די קצבים, די פעלן־הענדלער און בעלי־מלאכות? איך זוך, נישטער, אפשר וועל איך עמעצן באמערקן, אָבער קיין סימן לעבן.

איך וואַרף מיינע בליקן אויף אַן אנדער זייט, אין דער ריכטונג, ווו עס האָט זיך געפונען די תלמוד־תורה, איך זוך מיט גרוי־



פוסטער פּלאַץ און די חורבה, ווו ס'האָט זיך געפונען דאָס קוזמיר־שט'בל, פונעם קוזמירער רבין זצ"ל.

סער דאָרשטיקייט א יידיש פנים, שטרענג אָן מיינע בליקן, זוך די יידישע קינדערלעך, וואָס האָבן דאָ געטומלט טאָג און נאכט, שטרענג אָן מיינע אויערן, אפשר וועל איך פון די אָפענע פענצטער פון די יידישע היימען, דערהערן א קינדיש שטימעלע, א יידיש קול, אָבער ס'איז טויט־שטיל. אלץ איז אָפּגעשטאָרבן, קיין זכר פון א נפש.

איך גיי ווייטער אריבער די שקאָלנע גאס, נאָענטער צום צענטער שטאָט. איך גיי פארביי דאָס אָרט, ווו עס האָט זיך געפונען זייט יאָרהונדערטער די אַלטע גרויסע שוהל. ס'איז א חרוב פלאַץ מיט גרודעס־שטיינער. איך בלייב שטיין מיט א פארקלעמטן הארץ.

איך בין אוועק צום ווינקל גאס שקאָלנע־לובעלסקאַ, אויך דאָ איז שטיל, נישטאָ קיין לעבעדיקער נפש. פון „רינעק" האָב איך באמערקט, אז אונדזער שטוב איז נישטאָ, און די גאַנצע פשעכאָדנע גאַס, די צווייטע זייט פון בעריש קופּערס בנין שטייען חורבות.

איך דערנעענטער זיך צום אָרט פון אונדזער שטוב. כ'זע א ביסל אָנגעוואָרפענע שטיינער און ברוכוואַרג. איך גיי צו צו מיין נאַטשאַלניק און פיר אים צו צום הויז, ווו איך מיט מיין משפחה האָבן געוווינט ביז 1939.

איך גיי אַריבער די „גליטש־טרעפּ", איך זוך די יידישע ווייבער, די הענדלערקעס, די חדר־יינגלעך, די יידישע וואַסערטרעגער, די בעלי־מלאכות, די שניידערס, די שוסטערס, די סטאַליערס, די בעקערס — ווו זיינען זיי אלע?

איך בין צוגעגאַנגען צו יוסף גאָלדהאַבערס דירה. כ'בין דאָרט אריין, ערשט א פוילישע פאַמיליע וווינט דאָרטן. איך פרעג ביי איר: ווו זיינען אהינגעקומען די כעלעמער יידן? די פוילישע פרוי האָט מיר געענטפערט, אז נאָר איין יאָר, אז זי וווינט דאָ, זי ווייסט גאָרניט...

כ'בין אריינגעקומען אינעם הויז פון דער שוואַרצער בעקערין, דאָרט האָבן אויך קריסטן געוווינט. איך בין געבליבן ווי מיט אונטערגעהאַקטע פיס און א צעווייטאָגטער. ס'האָט מיך געעגבערט אין מוח: ווו דערוויסט מען זיך עפּעס? ווו געפינט מען א יידן?

עס איז פלוצלינג אָנגעקומען פון ערגעץ א פּאָליאַק, איך האָב אים געפרעגט, אויב פון די פיל טויזנטער יידן, וואָס האָבן דאָ געלעבט, איז קיין איינער נישט לעבן געבליבן? דער פּאָליאַק האָט מיר אָנגעוויזן, אז אויף פּאָטשטאָווע גאַס, נומער 39, וווינען א פּאָר יידן. איך בין אהינצו גלייך אוועק. איך האָב אין הויף געטראָפן איסר בלעכערמאַכער, וואָס איז געשטאַנען אין שרעק. איך האָב אים געזאָגט, אז איך בין א כעלעמער ייד, איך זוך מיין משפחה. עס האָבן זיך באַלד באַוויזן נאָך אַ פּאָר יידן, סקעלעטן, צווישן זיי: מאניס ציטרין, יחיאל שטשופּאַק. זיי האָבן אין אָנהייב מיך ניט דערקענט, אָבער באלד זיינען זיי אויף מיר ארויפגעפאלן, געהאלדזט, געקושט און שטאַרק געוויינט מיט הייסע, זודיקע טרערן.

איך האָב זיי געפרעגט, צי איז זיי נישט באוווסט וועגן מיין משפחה. מיט א שטאַרקן געוויין האָבן זיי מיר דערציילט, אז קיינער איז נישט געבליבן, אויך זייערע נאָענטע זיינען אומגעקומען. די היטלער־מערדער האָבן אלע יידן, יונג און אַלט, ברוטאַל פארטיליקט.

כ'האָב דאן ערשט ארויסגעזאַגט און בולט געזען דעם פינצטערן סך־הכל פון העכער 18 טויזנט יידן.

# וואָס איך האָב פאַרלאָרן וועט שוין קיין מאָל זיין

דער נאָמען פון מחבר פון ליד איז ניט באַוווסט.

יאָר א צענדלינג שוין פארביי
עס בלוטיקט אלץ די וווּנד;
איך הער ווי יעצט דעם אויסגעשריי
מיין מוטערס צו איר קינד,
מיט טרערן פול אין האלדז פארשטיקט:
ג יי ג ע ז ו נ ט!

סוכות, דער צווייטער טאָג געווען
די בשורה האָב איך געבראַכט אהיים
אז די רוסן די שטאָט פארלאָזן,
דער דייטש, ער קומט צוגיין.
מיין פאָטער, מרה שחורהדיק,
ביים פענצטער איינגעבויגן
אין דרויסן אויף דער זון ער קוקט,
ווי געוואָלט האָט ער איר פרעגן:
דו לאָזט דיין געליבטן זון
גיין וואָגלען אויף פרעמדע וועגן?
די זון שמייכלען ניט אויפגעהערט,
גלייך זי וואָלט אים זאָגן:
אז לייכטן לייכט זי אומעטום
טאָ וואָס איז דאָ צו קלאָגן.
מיין פאָטער געזאָגט האָט פון שטענדיק אָן:
א קינד טוט ווי ער וויל.
מיט טריבע פארטרערטע אויגן
ט'ער צו מיר געזאָגט ניט דרייסט:
דו ביסט מיין זון שוין אכצן יאָר
טאָ טו ווי דו פאַרשטייסט;
גלות־יאָך שווערע צייטן
ברענגט יעדער פרישער ווינט.
עס קאָן א פאָטער א ראַט
ניט געבן אפילו זיין אייגן קינד.
איז אויב מיין זון
האָסט וואָגלען באַשלאָסן,
איך וועל אין וועג ניט שטיין,
בשלום זאָלסטו אין וועג זיך לאָזן
מיט פרייד קום שנעל אהיים.
א האלבע וועלט אדורכגעשפּרייזט
און ניט געוואָרן מיד
ביי הונגער נויט, ארבעט־שוויס
פון געדאַנק קיין רגע ניט
מיין ליבע היים ארויסגעלאָזט.
שטענדיק פון איר געטראַכט,
און ווען די צייט א גליקלעכע
האָט מיך אהיים געבראַכט
מיין הארץ פון ווייטאָג ווי א שטיין
איז עס געוואָרן שווער,
צעדריקט פון אומגליק וואָס איז געשען,
ניט געקאָנט לאָזן א טרער.
מיין בראָך געטריבן מיך פון אָרט,
ווי א געפלאָגטן הונט,
ווו געטאָגט ניט גענעכטיקט דאָרט,
דער ווייטאָג איז פארשטומט:
אלץ געזוכט, ווען געוווּסט אליין:
וואָס איך האָב פאַרלאָרן וועט שוין קיין מאָל זיין

**יעקב צבי שאַרגעל**, פּתח־תקוה

# ווען כעלם איז געפאַלן

סוף נאָוועמבער, ניינצן הונדערט ניין און דרייסיק.

א קופּער־רויטע זון, וואָס וואַרעמט ווי א שטיף־מאַמע, ווי עס פּלעגן וועגן איר זאָגן די כעלעמער מאַמעס, — קוקט אראָפּ אויף דער שטאָט מיט ווייַנענדיקע שטראַלן.

אויפן געוועזענעם רינג־פּלאַץ, אין מיטן שטאָט, שטייט אַן עדה פאַרכטיק־דערשראָקענע ייִדן — קעלבער צו דער שחיטה! — און ארום זיי: א דייטשע באַנדיטן־באַנדע — ס.־א. ס.־ס. די ייִדן זינגען זמירות, זינגען לידער — אזוי פאָדערן היטלערס וועלף. עס פאַרציט זיך אַ כמאַרע. די רויטקייט פאַרשווינדט. אַ דראָבנער שניי הייבט אָן פאַלן און קריכט אריין אין די אויפגעשטעלטע קראַגנס און אין די לעכער פון די שיך. אַ בייסיקע נאַסע קעלט יאָגט און פרעסט ווי צום חלשן. פון די אויגן און פון די בערד רינען טראָפּנס — טרערן און צעגייענדיקער שניי. דאָס אויסגעפּוצטע מיליטער אין שטאָל־העלמס און פולסטער אמוניציע, ווי צו אַ קריג־פּאַראַד, מיט באַגנעטן און אָנגעשטעלטן מאַשין־געווער, רינגלט ארום דעם געוועזענעם מאַרק־פּלאַץ און וואַרפט אָן אימה און מרה שחורה...

פון אַקעגן, פון פאַרשיידענע זייטן, פון לובלינער, לוואָווער, קאָפּערניק און שולגאַסן, שטעקן ארויס זייערע איינגעהילטע קעפּ אין קאָלדרעס און אין דעקעס, אומגליקלעכע מאַמעס, כלות און טעכטער אין פיינלעכער דערוואַרטונג... עס הערן זיך באַפעלן. מאָטאָציקלען און לאַסט־אויטאָס הייבן אָן פייפן און רוישן, מישן אויס זייער רעש אין די געוואַלדן, געשרייען און ספּאַזמעס, וואָס קומען פון אלע זייטן. פון ייִדישע הייזער ארויס שניידן דעם חלל יללות און אומבאהאָלפענע געוויינען פון קינדערשע קעלעכלעך. מ'שלאָגט. מ'יאָגט. מ'שיסט. מ'פאַלט. טויטע טאַטעס, טויטע זין, טויטע ברידער. די טויט־פּראָצעסיע ווערט געטריבן ווייטער, ווייטער. ביים הרוביעשאָווער וואַלד שיסט מען שיסט מען ווידער... אויס כעלעמער ייִדן. אויס כעלם!

אויס כעלם???

אויס?!

וואָס איז כעלם? —

כעלם איז שוין לאַנג נישט די לעגענדאַרע שטאָט פון תמימים און נאַראָנים, וואָס קעמפט קעגן אירע כלי־קודש און פּני מיט וויצן און מעשהלעך. כעלם, — די שיינע באַרגיקע שטאָט, ארומגענומען מיט געדיכטע וועלדער — איז פולסירנדיק ייִדיש לעבן, לעבעדיקער ייִדישער אויסדרוק פון קאַמף פאַרן זיין: — יוגנט, פאַרטייען, שולן, קורסן, רעפעראַטן, ביבליאָטעקן, טעאַטער. כעלם — איז בעלזער, קוזמירער, טריסקער, טאָמאַשאָווער, קאָצקער, הוסיאַטינער און ראַדזינער חסידים און — לינקע פּועלי־ציון, וואָס פירן אריין דעם גרעסטן פּראָצענט ראַטמענער אין אַנטיסעמיטישן שטאָט־ראַט. כעלם איז שמענדריקעשע אַסימילאַציע קאָנקורירט מיט „תרבות"־שולן און גני ילדים און קעמפערישער־שאַפערישער ייִדישיזם וואָס בויט זיך שוין אַן אייגענעם בנין פאַר דער פאָלק־שול און האָט אָוונט־קורסן, א קינדער־היים, א כאָר. כעלם איז קיבוץ, החלוץ, ציוניזם און — דרייסטער איינשטעלערישער קאָמוניזם. כעלם פאַרמאָגט א „שטערן", „הפּועל", „מכבי" א. א. ספּאָרט־קלובן און א גרויסע תלמוד־תורה מיט א נאָך גרעסערער ישיבה, אַ גרויסע מאָדערנע באָראָכאָוו־ביבליאָטעק מיט טויזנטער ייִדישע און פּוילישע ביכער פאַר דער יוגנט און ארבעטערשאַפט; א גרויסע פּרץ־ביבליאָטעק, וואָס באַדינט מיט ייִדישע, העברעאישע און פּוילישע ביכער; דאָס בירגערטום און— אַ פינצטערע, פאַרוואָרלאָזטע אַנאַלפאַבעטישע הינטערוועלט.

כעלם וואַרפט ארויס א שיינעם ייִדן פון א חסידים־שטיבל ווייל זיין זון האָט אויפגעהערט טראָגן דאָס פלאַכע קיילעכדיקע טוכן־היטעלע — דאָס ייִדישע היטל, און זין פון די זעלבע חסידים ווי די בני־בעקער, גאָלדרייך, קופּער, שארגעל א.א. אָרגאַניזירן די ייִדישע און... פּוילישע ארבעטער!

כעלם פירט אריין דעם ערשטן פּועלי־ציוניסטישן דעפּוטאַט אין פּוילישן סיים — דעם ד"ר יצחק שיפּער.

כעלם גיט ארויס קינסטלער, שוישפּילער, זשורנאַליסטן, דיכטער, פאַרטיי־טוער.

לאָמיר דאָ דערמאָנען בלויז א טייל, וואָס מיר געדענקען: א. גאָלדבערג — רעדאַקטער פון „היינט"; משה לערער — סעקרעטאַר און מיטארבעטער פון ווילנער „ייוואָ"; שניאור וואַסערמאַן — דיכטער אין אַרגענטינע; ישראל לעווענשטיין — דיכטער, איבערזעצער, מיטרעדאַקטער פון די וואַרשעווער „שריפטן"; די באַקאַנטע זינגערין דאָרע דובקאָווסקי; די באַרימטע שוישפּילער פון וואַרשעווער „יונג־טעאַטער" פּייוועלע און פיניעלע זיגלבוים; דער אין אייביקייט אריינגעגאַנגענער ברודער זייערער ארטור, דער באַרימטער ארבעטער־פירער, צענטראַלע פיגור ביים „בונד", מיטגליד אין פּוילישן גלותדיקן נאַציאָנאַל־ראַט אין לאָנדאָן, וואָס באַגייט זילבסטמאָרד אלס פּראָטעסט קעגן דער וועלט, וואָס פאַרשווייגט דאָס פאַרטיליקן די לעצטע ייִדן אין וואַרשעווער געטאָ; די באַרימטע משפּחה הענדעל — דער טאַטע — אַ מאָלער אין פּאַריז, די טעכטער פידלערינס; די קאָנצערטן פון אידא הענדעל גייען דורך מיט גרויסן דערפאָלג אין די אייראָפּעאישע הויפּט־שטעט און באַזונדער אין תל־אביב; דער גאָר באַרימטער מאָלער שיימי מאָנדשיין, מיט וועמען די פּוילישע רעגירונג האָט זיך געגרויסט מיט זיין אינטערנאַציאָנאַלער אויסצייכענונג; די ברידער שמעון און יוסף מילנער, ייִדישע און העברעאישע שרייבער און קולטור־טוער און נאָך און נאָך, וואָס נאָר דער ווייטאָג און צער מאַכט טעמפּ דעם זכרון און דו קאָנסט זיי דאָ נישט אויסרעכענען, ווי עס פּאַסט פאַר זיי.

די העלדישע יאַטן, וואָס האָבן יאָרן געשמאַכט אין אלע פּוילישע תפיסות פאַר זייערע איבערצייגונגען; די נעץ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס שטייען אויף דער וואַך פון די לעבעדיקסטע אינטערעסן פון די ייִדישע און אויך פון פּוילישע ארבעטער; די קעמפער פאַר ייִדישע בירגערלעכע רעכט אין די שטאָט־ראַטן און גמינע, די פאַרשפּרייטער פון געדאַנק פון שיבת ציון און נאָך א גאַנצע ריי פרישע יונגע כוחות, וואָס גיבן צושטייער דער ייִדישער קולטור אויף פאַרשיידענע געביטן — דאָס איז כעלם!

כעלם גיט ארויס אין איין צייט צוויי ייִדישע וואָכנבלעטער: איינס ביי די לינקע פּועלי־ציון א.נ. „פאָלקסבלאַט" און דאָס צווייטע — אַ בירגערלעך־ציוניסטיש א.נ. „כעלעמער שטימע", וואָס דערשיינט ביזן סאַמע חורבן.

כעלם פאַרמאָגט יאָרן־לאַנג א הויך־קוואַליפיצירטע דראַמאַטישע סעקציע אונטער דער אָנפירונג פון באַגאַבטן ארטיסט,

פייוועלע דרעקסלער, וואָס באַדינט מיט פאַרשטעלונגען אויף די ארומיקע שטעטלעך.

און כעלם האָט אַ האַנטווערקער־פאַראיין, און אַ גמילת־חסדים־קאַסע, און אַ לינת־הצדק, און אַ ביקור־חולים, און אַ הכנסת־כלה און נאָך, און נאָך, און נאָך.

און די שטאָט באַרימט זיך מיט איר אַלטער פיל־הונדערט־יאָריקער שוהל, וואָס איז „איבערגעבויט פון אַ קלויסטער", און שטאָלצירט מיט איר בית־עולם, ווו עס ליגט באַגראָבן אונטער א בערגל שטיינער שוין עטלעכע הונדערט יאָר דער באַרימטער בעל־מופת, ר' אליהו בעל־שם זצ"ל.

... און עס וועט זיין, אז אן עת־צרה וועט ח"ו אָנקומען אויף יעקבס הויזגעזינד אין ק"ק כעלם, וועט מען טאָן לויפן אויפן בית־החיים צום הייליקן צדיק, מ'וועט וויינען און תפילה טאָן, מ'וועט צינדן ליכט אויף די הייליקע שטיינער פון זיין צוקאָפּנס און די גזירה וועט מיטן אויבערשטנס הילף בטל ווערן...

איז געקומען דאָס געוועזענע רינג־פּלאַץ און דאָס אַלץ אָפּגע־מעקט!

דאָס געוועזענע רינג־פּלאַץ — וואָס איז דאָס אזוינס?!

דאָס איז די שאַנד פון פאַשיסטישן פוילן. דאָס איז די שוואַרצע, בלוטיקע יוזעף בעק־פּאָליטיק, וואָס האָט געעפנט די טויערן און געפּלאַסטערט די וועגן פון אומאָפּהענגיקן פוילן פאַרן שוואַבישן באַרבאַר, וואָס צעטרעט און צעקוועטשט הונדערט־יעריקע מענטשלעכע מי, הונדערטער טויזנטער לעבנס, און אין דער ערשטער ריי — די צעטומלטע, פאַרלאָרענע, שוצלאָזע יידן.

איך אליין האָט דעם געוועזענעם רינג־פּלאַץ קיינמאָל נישט געזען (מיגלעך, אז ער האָט שוין א נייעם נאָמען), נאָר אָט וואָס עס האָט געשריבן צו מיר אין חודש יולי, אין יאָר טויזנט ניין הונדערט ניין און דרייסיק, דער חבר שמואל שאַרגעל, איינער פון די טעטיקסטע דאָן אין פּאָליטישן און אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין כעלם: —

... „דו האָסט מסתמא געהערט וועגן דעם טרויעריק־באַרימטער „אורבאַניזאַציע" (דאָס פאַרפיינערן און גרויסשטעטיש מאַכן די שטעטלעך פון... יידישן האַנדל!), ווי אויף יעדער צרה ווילט זיך ניט גלייבן, אז זי וועט אַמאָל קומען, אזוי איז געווען מיט דעם. מיר האָבן נישט געוואָלט גלויבן... נאָר אָט איז אָנגעקומען דער יום־טוב שבועות און א גרויסער פאַרפלייצנדיקער רעגן. מאָדנע, — שבועות, פרילינג און אזא ווילדער רעגן! אלע זיצן אין די הייזער ווי אין האַרבסט. און פונקט אין שבועות, און פונקט אין אזא רעגן, האָט אונדזער רעגירונג געפונען פאַר נייטיק אויסצופירן איר „אורבאַניזאַציע" איבער דריי אָרעמסטע יידישע הייזער, אין דער אָרעמסטער יידישסטער געגנט — אין דער נייער צאַל. אַ באַנדע כלאַפּעס זיינען אָנגעקומען מיט רעש און צאָרן, ארויסגעוואָרפן ס'אָרעמע ביסל בעבעכעס פון פיר און צוואַנציק (24!) יידישע משפחות אונטערן גוס־רעגן. מיר, די פועלי־ציון חברים, האָבן תיכף „אינטערווענירט": מיר האָבן אויפגעריסן די חדרים פון דער „תלמוד־תורה" און דאָרט אהין אריינגעפּאַקט, קאָפּ אויף קאָפּ, די פאַראומגליקטע 24 משפחות מיט זייער „האָב און גוטס".

איצט טראָגט זיך אַקעגן אונדז דער כעס און צאָרן פון די פרומע צוליבן גורם זיין ביטול תורה ביי די קינדער...

אָבער דער סוף פסוק:

אין דער עלטסטער יידישער גאַס, אין הארץ פון דער יידישער ענגשאַפט, שטייען כלאַפּעס מיט אייזנס און האַמערס, מיט רידלען און לאָמעס און רייסן שטיקער פון יידישע הייזער אין רעגנדיקן שבועות.

... נאָר דאָס איז נאָך גאָרנישט. געדענקסט דעם „רינעק"? (רינג־פּלאַץ), געדענקסט דעם היסטאָרישן בנין, געבויט אין סטיל פון די מאַגיסטראַטן אין סוף מיטלאַלטער? — אַ גרויסער בנין, לאַנג און פאַררונדיקט, ווי אַן איי; אַ דאַך, ווי אַ היטל מיט אַ דאַשיק. ארום־און־ארום אַכציק (80) יידישע געוועלבן אין קיילעכדיקע נישעס און מיט בלעך־באַדעקטע טירן. אין די וואָכן־טעג רייסט מען דיר אָפּ די פּאָלעס: פּאַניע, וואָלוועלע שיך, ביליגע הויזן, העמדער, קנעפּלעך, הייוון, עפּעלעך, סאָדע־וואַסער. שבת און יום־טוב, אז אַלע געוועלבן זיינען פאַרמאַכט, זעט אויס דער „רינעק", ווי אַ גבור מיט אַ ריזיקן בויך, געבונדן מיט אַן אייזערנעם גאַרטל — די לענדן. געדענקסטו אָט דאָס פרנסה־ווינקל פון יידישן כעלם? היינט איז שוין דערפון נישט געבליבן קיין זכר. די „אורבאַניזאַציע" פון די פוילישע אַנטיסעמיטישע פאָלקאָווניקעס האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם בנין מיט די אַכציק געוועלבן און געלאָזט אַ פרייען פּלאַץ אין מיטן שטאָט...



דאָראַ דובקאָווסקאַ, באַרימטע זינגערין — אומגעקומען.

„איבער דער גאַנצער שטאָט טראָגט זיך א רויכיקער שטויב, ווי נאָך א שרעקלעכער שריפה. א שטאָט יידן גייען ארום ווי אבלים און שעמען זיך פאַר ווייטאָג און צער צו קוקן איינער דעם אַנדערן אין פּנים אריין".

וואָס זשע וועלן איצטער טאָן אזויפיל משפחות? צו וועמען זאָלן זיי זיך ווענדן? וואָר וועט העלפן?! —

יענע 24 משפחות האָבן מיר דערווייל געגעבן א דאַך איבערן קאָפּ, ביז די געזעלשאַפט וועט אָנהייבן עפּעס טאָן פאַר זיי; וואָס וועט מען אָבער טאָן מיט די אַכציק משפחות, וועמען די שוואַרצע „אורבאַניזאַציע" האָט ארויסגעריסן דעם ביסן ברויט פון מויל?"...

יוני, יולי, אויגוסט, סעפּטעמבער, אָקטאָבער, נאָוועמבער. —

„דאַנערשטאָג ביינאַכט. דעם 30־טן נאָוועמבער, יאָר 1939, האָט די נאַצי־מאַכט אין כעלם ארויסגעגעבן א באַפעל, אז אלע מענער אין עלטער פון 15 ביז 60 יאָר זאָלן מאָרגן, פרייטאָג, 8.30 אין דער פרי זיך פאַרזאַמלען אויפן געוועזענעם רינג־פּלאַץ, וואָס געפינט זיך אויף דער הויפּט־גאַס פון שטאָט". — — —

דער אַלטער קראַשניטשינער רב האָט געהייסן צינדן שוואַרצע ליכט: „ס'איז דער סוף, יידן, דער סוף!"

און דער סוף איז באַקאַנט. ווי צו אונדז.

# גבית-עדות

## פון בעלאַ שאַרגעל*)

*) געבוירן אין יאָר 1934, דעם 4 VI, אין פּוילן, אין דער שטאָט כעלם. איצט געפינט זי זיך אין ישראל. די ארבעט איז געשריבן אין בערלין, שלאַכטענזעע, אונראַ לאַגער, 1027, במשך איר לערנען זיך אין דער העברעאישער שול.

די מלחמה האָט מיך געטראָפן אין פינפטן לעבנס־יאָר אין פּוילן, אין דער שטאָט כעלם. 8 טעג נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, דאָס איז געווען א פרייטאָג נאָך מיטאָג, איז געווען דער ערשטער אָנפאַל פון די דייטשישע עראָפּלאַנען. מיר זיינען דערשראָקענע ארויס דורך די פענצטער און באהאלטן זיך אין פעלד ביז די באָמבארדירונג האָט אויפגעהערט. דאן האָבן מיר פארלאָזט כעלם און אָנגעקומען אין א דאָרף. דאָרט זיינען מיר געווען א פּאָר וואָכן און צוריקגעפאָרן אין שטאָט. נאָך דעם ווי ס'איז קלאָר געוואָרן, אז דער דייטש דערנענטערט זיך צו אונדזער שטאָט, זיינען מיר אריבער דעם בוג און אָנגעקומען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, ווו מיר האָבן זיך באזעצט. מיינע עלטערן האָבן באַקומען ארבעט, און מיך האָט מען אריינגעגעבן אין א יידישן קינדער־גארטן. מיר האָבן געוווינט אין דער שטאָט לוצק 7 חדשים, ביז איין מאָל אין אַ זומערדיקן שבת פאַרטאָג האָט מען אָנגעהויבן צו כאַפּן אלע יידיש־פּוילישע בירגער און ארויספירן זיי קיין סיביר. אונדז האָט מען צוזאַמען מיט אלעמען פארנומען און אריינגעפּאַקט אין א לאַסט־אויטאָ. מען האָט אונדז צוגעפירט צו דער באַן־סטאַנציע און אָנגעלאָדעוועט אין וואַגאָנעס. מיר האָבן ניט געוווסט ווו מען פאָרט און דערפאר זיינען אלע מענטשן געווען זייער דערשלאָגן. עס זיינען געווען הייסע זומער־טעג און אין די וואַגאָנעס זיינען געווען א סך מענטשן, עס איז געווען הייס און דושנע, מען האָט ניט געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם. עס האָט געפעלט וואסער. גערזאָגט האָט מען, אז מען פירט אונדז צו די ווייסע בערן.

עס איז מיר פאַרבליבן אין זכרון איין שוידערלעך בילד: אויף איינער פון די סטאַנציעס איז עמעצער אראָפּגעשפּרונגען אָננעמען הייס וואַסער (קיפּיאַטאָק) און אין דער זעלבער צייט האָט מען אָנגעהויבן צו יאָגן אין די וואַגאָנעס און ער איז געפאַלן, און די גאַנצע לייב זיך אָפּגעבריט. ער האָט שרעקלעך געשריען פון ווייטאָג און האָט זיך געוואָרפן אויפן בויך אזויווי אַ שלאַנג. מען האָט אים איבערגעלאָזט אין שפּיטאָל, און אונדזער עשאַלאָן איז געגאַנגען ווייטער.

נאָך א דריי וואָכיקער רייזע זיינען מיר אָנגעקומען קיין סיביר. עס איז געווען פארנאכט. מען האָט אונדז אויסגעלאָדעוועט פון די וואַגאָנען. מיר האָבן זיך ארומגעזעצט נעבן די פּעקלעך. מיטן צופאלן פון דער נאַכט האָבן מיר דערפילט א שטאַרקע קעלט. אין דער שטאָק פינצטערער נאַכט זיינען געפאָרן סאָוועטישע גרויסע מאַשינען מיט האָלץ, פונאנדערגעטיילט צווישן עולם דאָס האָלץ. מען האָט אָנגעצונדן פייערן און מענטשן האָבן זיך געוואַרעמט ארום די פייערן און דערציילט פארשיידענע מעשיות, אַנדערע האָבן אונטערגעברומט טרויעריקע ניגונים, און אזוי איז דורך די ערשטע נאַכט אין סיביר. מיך און מיין שוועסטערל האָבן די עלטערן ארומגעדעקט מיטן בעטצייג, אָבער איינשלאָפן האָבן מיר ניט געקענט. איך בין געלעגן און זיך צוגעהערט צו די פאַרצווייפלטע געשפּרעכן פון די מענטשן, וואָס זיינען געזעסן נעבן אונדז ארום די פייערן. צומאָרגן האָט מען אונדז איבערגעפירט צום ברעג פון א טייך, וואָס הייסט טשולים. דאָרטן זיינען מיר מיט אלע אונדזערע זאכן אריין אין א זייער גרויסן באַראַק און זיך אוועקגעלייגט שלאָפן. מיר זיינען געווען זייער מיד פון וועג און גיך איינגעשלאָפן. עס האָט מיך אויפגעוועקט דאָס פייפן פון א פאַרעכאָד, וואָס האָט זיך דערנענטערט צום ברעג. עס האָט דעמאָלט שטאַרק גערעגנט. איך האָב געזען די נ.ק.וו.ד., וועלכע האָבן אויפגעוועקט א סך מענטשן, געהייסן ארויסטראָגן די פּעקלעך.

אין דער פרי איז אָנגעקומען נאָך א שיף און מיר זיינען ארויסגעפאָרן פון דעם אָרט. מיר זיינען געפאָרן 2 מעת לעת און, ענדלעך, אָנגעקומען אויפן באשטימטן אָרט אין א דאָרף, וואָס ליגט אויסגעשפרייט 2 ק"מ לענגאויס דעם טשולום און הייסט בעריעגאיעווא. דאָרט האָט מען אונדז צוגעטיילט וווינונגען אין גרויסע באַראַקן, פאַרלאָזטע און שטאַרק פאַרשמוצטע. ווען מען האָט זיך געלייגט שלאָפן, האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן וואַנצן פון סופיט, אזויווי א רעגן. מען האָט ניט געקאָנט איינזיין אין די שטובן און מען איז די גאַנצע נאַכט געווען אונטער דעם פרייען הימל, אָבער אויך בייטאָג האָט מען קיין רו ניט געהאַט. די קאָמאַרן האָבן אומרחמנותדיק געביסן ביז בלוט.

ביסלעכווייז האָט מען זיך צוגעוווינט צו דעם אלעמען. מען האָט געארבעט ביי שווארצער ארבעט, ניט גערעכנט זיך מיט די גרעסטע פרעסט, וואָס האָבן דערגרייכט אריבער 60 גראַד און אויך ניט מיט די שרעקלעכע בוריאנעס. און אזוי האָט מען איבערגעלעבט 16 חדשים ביז ס'איז געקומען דער מאָמענט ווען מען האָט אונדז באפרייט און ארויסגעפירט פון די טייגעס.

ענדלעך זיינען מיר אָנגעקומען אין די ווארעמע געגנטן פון מיטל־אזיע — קירגיזיע, אין דער שטאָט אָש. מיר זיינען אָנגעקומען אום ווינטער. עס איז געווען א פראָסט אויף דער גאַס. מען האָט אונדז אוועקגעפירט אין א קאָלכאָז. מיר האָבן געקריגן א ליימענע דירה און זיך איינגעאָרדענט. דער טאַטע האָט געאַרבעט, איך מיט מיין שוועסטערל האָבן זיך געלערנט אין א פּוילישער שול.

אין דעם ערשטן ווינטער איז זייער שלעכט געווען. א סך מענטשן זיינען אויסגעשטאָרבן פון הונגער און קעלט. אזוי האָבן מיר דורכגעמאַכט די שווערע צייט פון דער מלחמה, געלעבט און דערלעבט די מפּלה פון דעם פארשאָלטענעם היטלעריזם.

מיר האָבן זיך דאַן אומגעקערט קיין פּוילן. ווי נאָר מיר זיינען אריבערגעפאָרן די גרענעץ האָבן מיר באלד דערקענט, אז דאָ איז געווען גרויזאַם. מיר האָבן אפילו זיך ניט אָפּגעשטעלט אין אונדזער געבורט־שטאָט, נאָר גלייך געפאָרן קיין שטשעטשין און פון דאָרט אריבערגעפאָרן קיין בערלין, פון וואַנען מיר וועלן פאָרן קיין ארץ ישראל.

י. י. סיגאַל
נפטר געוואָרן אין מאַי, 1954, אין קאַנאַדע.

# כעלם

## I.

אויך כעלעם, דאָס קינדערשע כעלעם,
דאָס פאַרחלומטע כעלעם, פריינט,
האָט דער וויסטער דייטשוק פאַרחורבנט
און צעלאָמעט — א שטיין אויף א שטיין.

ווי וועלן זיך אירע איידעלע פּליטים
וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון דאָרט,
אין דער ניכטערער וועלט דער קאַלטער
געפינען אַ ווינקל, אַן אָרט?

ווי וועלן זיי קאָנען זיך צוגעווינען
צו די ניכטערע לשונות און רייד
מיט זייער אַלט־קינדערשן טרויער,
מיט זייער פּראָסט־הערלעכער פרייד.

ווי וועט זייער פרידלעכע חכמה
זיך מיט אונדזער ערמה פאַרשטיין.
זיי וועלן דאָ אונטערגיין, ברידער,
פון עלנט און פרעמד און קליין.

איז לאָמיר פאַררופן אַן אסיפה
און לאָמיר באַטראַכטן די זאַך,
און זען אונדזער חורבן כעלם
פאַרזאָרגן מיט ווענט און א דאַך.

און זאָלן די אנדערע ישובים
א ביסעלע וואַרטן, איר הערט?
און לאָמיר די כעלעמער ברידער
צוריקשטעלן אויף זייער שפּאַן ערד.

און לאָמיר פון אַש ארויסהייבן
די הילצערנע, נידעריקע שול,
און לאָמיר דעם רב דעם כעלעמער
צוריקגעבן זיין הייליקע שטול.

ס'וועט לאַנג אונדז נישט נעמען דאָס אָפּצוטאָן
מיט עטלעכע פּרוטות און גאָר.
און כעלעם וועט ווידער זיך כעלעמען
און אויפשטעלן ווידער א דור.

און מיר פון דער ווייט וועלן הערן נאָך
די יראה פון כעלעמער רב.
בשורות און גוטס אַן א סוף.
די חכמה פון כעלעמער דיינדל,

די וווּנדער פון כעלעמער סוחרימלאַך,
און שמייכלען און לויבן צו גאָט.
וואָס עס האָט נאָך עד־היום אַ קיום
די יידישע הייליקע שטאָט.



## II.

דער רב פון כעלעם לערנט מידות,
קיין ספר אָבער שרייבט ער ניט.
און אז ער נעמט פאַרטייטשן חסידות
ווערט יעדער ייד א גוטער־ייד.

ווערט יעדער ייד א שטילער עניו,
ער לאָזט דעם קאָפּ אראָפּ צו דר'ערד.
איז ניט גענוג? מיר זיינען שוין אַלע
דאָ יידן מיט פאַרזילבערטע בערד.

דער שוין ביים שלושים, ביי ארבעים,
דאָס איבעריקע קומט שוין נאָך.
אַ לויב דיר, גאָט, פאַר נאָך א שבת,
פאַר נאָך א טאָג, פאַר נאָך א וואָך.

פאַר נאָך א פריען שחרית דאַווענען,
פאַר מנחה־מעריב — דיין געזאַנג
מאַכט אַלע קליינע טעג דערהייבן,
און יעדע גוטע שעה — געשאַנק.

פאַרוואָס אונדז קומט דיינע מתנות?
מסתם ווייל מיר פאַרלאַנגען ניט?
וואָס דאַרף א כעלעמער ייד אַן אוצר?
א כעלעמער ייד פאָרט אויפן יאַריד,

ווייל אַלע אנדערע יידן פאָרן,
וויל ער זיך זען מיט בני ישראל;
א יידן קוקן אין די אויגן,
און הערן נאָך א יידנס קול,

און זיך דערוויסן, אז עס זיינען
פאַראַן נאָך יידן אומעטום,
און היטן אָפּ גאָטס גוטע מצוות,
און זיינען ערלעך, גוט און פרום —

איז שוין גענוג אים און ער פאָרט זיך
אהיים צו זיין געזינד צוריק,
צום דאַך פון שטרוי און צו דעם שטעלכל,
שטייט דאָרט ביים שטעלכל די ציג.

און אויפן דאַך — דער האָן דער ווייסער
ציט אויס דעם האַלדז און טוט א קריי,
אַ קריי וואָס זאָגט אַן קילן וועטער
און אפשר אויך אויף סימן שניי.

כאַפּט ער זיך גלייך אריין אין שטיבל
און וואַשט די הענט און ער פאַרציט
דעם והוא רחום יכפר עון, —
א מעריב־ניגון נאָכן יאַריד...

# גבית-עדות

נאָמען און פאַמיליע: — ר ו ת  ע נ ג ל ע נ ד ע ר

וווינאָרט ביזן קריג: — כ ע ל ם

בילדונג: — שילערין פון 4־טן קלאַס פון דער העברעאישער פאָלקשול אין בערלין, שלאַכטענזע.

איך בין געבוירן אין כעלם, לובלינער וואָיעוואָדשאַפט, אין יאָר 1933. די שטאָט איז ניט געווען קיין גרויסע, אָבער זי איז געווען אַן אינטערעסאַנטע פאַר מיר.

מיר האָבן אין כעלם געוווינט ביזן קריג־אויסברוך. אין 1939 האָט זיך אָנגעהייבן דער קריג מיטן אכזרישן דייטש. כעלם איז געווען די ערשטע שטאָט אין פוילן, וועלכע איז געוואָרן באָמבאַרדירט פון די דייטשן. כ׳בין דעמאָלט אלט געווען 6 יאָר. הגם כ׳קאָן ניט אלץ גענוי געדענקען און אויך שריפטלעך עס איבערגעבן, דאָך וועל איך זיך באמיען איבערגעבן אייניקע זכרונות און א פאַקט, וועלכן כ׳וועל קיינמאָל ניט פארגעסן.

בעת די ערשטע באָמבעס זיינען געפאלן אויף דער שטאָט, איז יעדערער — אין אָט דער סומאַטאָכע — געלאָפן ווו נאָר עס האָט זיך געלאָזט. מיר זיינען ארויסגעלאָפן אין סאָד און געפויזעט אויף דער ערד, כדי זיך ראטעווען פון די באָמבעס. כ׳בין דאן, לויפנדיק, זיך אָפּגעשיידט פון מיין מאמען, ניט וויסנדיק ווו זי געפינט זיך. כ׳בין געלעגן טויט־שטיל, מיט מיינעם א שכן. נאָר די אָ פראגע האָב איך געשעפּטשעט צום אים: „כ׳בעט אייך זאָגט מיר, צי מיר וועלן בלייבן לעבן?...״ עטלעכע מאָל האָב איך די אָ ווערטער, מיט טויט־שרעק, איבערגעחזרט.

אייניקע שעה האָט געדויערט די געפערלעכע באָמבארדירונג. ווען ס׳האָט זיך איינגעשטילט, האָב איך געזען די צעשטערונג פון כעלם און בלוט פון צעשמעטערטע מענטשן.

אויפן צווייטן טאָג זיינען מיר אנטלאָפן אין א דאָרף צו א באַקאַנטן פּאָליאַק, כדי א ביסל בארויקן די נערוון און זיך באפרייען פון דער טויט־שרעק, וואָס האָט געשוועבט פאר אונדז. אין דאָרף איז געווען רואיקער ווי אין שטאָט. מיר האָבן זיך אין דאָרף אויפגעהאלטן א חודש צייט. נאָכדעם האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אין שטאָט, ווו עס האָט געהערשט א גרויסע אומרואיקייט און פּחד. מען האָט רק גערעדט, אז אין א וואָך ארום קומען אריין די דייטשן.

עס איז אָבער דאן אריינגעקומען די רויטע ארמיי, וועלכע האָט אלעמען צוגערעדט, אז מען זאָל פאָרן קיין רוסלאנד, ווו ס׳איז רואיק, שטיל און ס׳איז ניטאָ קיין מלחמה.

מיין מאַמע האָט באַשלאָסן, אָן שום וואַקלונג, אוועקצופאָרן קיין רוסלאנד. זי האָט אויפגעלייגט א פּעקל זאכן און צוזאמען מיט נאָך מענטשן זיינען מיר אויף איבערפולטע לאסט־אויטאָמאָבילן אוועקגעפאָרן פון כעלם און אָנגעקומען אויף מערב־אוקראינע.

אין א חודש ארום האָט זיך אָנגעהייבן א טומלעריי מיט פּאַספּאָרטן. יעדער פּליט האָט געמוזט ארויסנעמען א פּאַספּאָרט, מיט וועלכן ער האָט געהאַט נאָר דאָס רעכט צו וווינען אין א דאָרף. די גרויסע מערהייט אַנטלאָפענע פון פוילן האָבן דעריבער די אָ פּאַספּאָרטן ניט געוואָלט נעמען אויך צוליב דעם, ווייל מען האָט גערעדט, אז מען וועט מיט אזוינע דאָקומענטן דערנאָך פארשיקן אויף סיביר.

דער סוף איז געווען, אז אין איין טאָג האָט די סאָוועטישע מאכט צונויפגענומען אלע פּאספּאָרטלאָזע יידן, און זיי אוועקגעשיקט קיין סיביר אין טראַנספּאָרטן, צו 50 פּערזאָן אין איין וואַגאָן. עס איז געווען שטאַרק דושנע און שווער צו אָטעמען. עס האָט געפעלט אין וואגאָן וואסער צו טרינקען.



אונטער א וואַך זיינען מיר — אין אזוינע באדינגונגען — געפאָרן מער פון א חודש צייט, ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין סיביר. עס איז געווען ווינטער. מיר האָבן געוווינט אין באַראַקן, ווו ס׳איז געווען ענג און שמוציק. אלע זיינען געווען געצוווּנגען צו ארבעטן. אייניקע האָבן געבויט באראקן און אנדערע האָבן געארבעט אין וואלד אויף צו פארדינען א שטיקל ברויט.

דאָרט, אין סיביר, איז אונדז געווען שטאַרק שלעכט, מענטשן זיינען ארומגעגאַנגען געשוואָלענע פון הונגער. נאָך א נס, וואָס מיר זיינען געווען אין סיביר נאָר אייניקע חדשים.

פון סיביר זיינען מיר אוועקגעפאָרן אויף אוראַל. דאָרט איז שוין געווען דאָס לעבן א ביסל לייכטער. די מאמע איז געווען באשעפטיקט ביי אויפבוי־ארבעט און איך בין געגאַנגען זיך לערנען אין א שול.

אין 1941 איז אויסגעבראָכן דער דייטש־סאָוועטישער קריג און מען האָט אלע יידן באַפרייט פון די באַראַקן און לאגערן. נאָך א יאָר וווינען אויף אוראַל, איז אונדז דערלויבט געוואָרן זיך צו באזעצן אומעטום, אין אלע רוסישע שטעט, ווו נאָר יעדער איינער האָט געוואָלט. מיר זיינען דאן אריבערגעפאָרן קיין אזיע.

אין אזיע האָבן מיר זיך באזעצט אין א קאָלווירט. (קאָלכאָז). די מאַמע האָט געשפונען בוימוואָל און איך האָב איר צוגעהאָלפן. עס איז אונדז אָבער געווען שווער פון דער ארבעט זיך דורכצולעבן, און די מאמע איז געווען געצוווּנגען איטלעך מאָל צו פארקויפן עפּעס פון די זאכן, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון פוילן, כדי צו איינקויפן א ביסל גערשטענע מעל.

4 יאָר האָבן מיר געוווינט אין אזיע. אין איין פּרט איז מיר געווען דאָרט גוט, וואָס כ׳האָב געהאט די מיגלעכקייט צו לערנען זיך אין אַ פוילישער שול. מיר האָבן, אָבער, מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן סוף פון דער מלחמה, כדי זיך צוריקקערן קיין פוילן.

אין 1945, ווען די מלחמה האָט זיך פארענדיקט, איז אָנגעקומען די פריילעכע ידיעה, אויף וועלכער מיר האָבן געוואַרט אין משך פון אונדזער לאנגער וואָגלעניש, אז מיר קאָנען זיך רעפּאַטריאירן קיין פוילן. מיר זיינען באלד אוועקגעפאָרן קיין פוילן. אָבער אויך דאָרט האָבן מיר שוין אונדזער היים געפונען צעשטערט און האָבן דערזען מיט די אייגענע אויגן דעם גרויסן חורבן. מיר האָבן זיך דערוווסט אלע פּרטים פון די שרעקלעכע שחיטות אויף די יידן. דעריבער האָבן מיר גלייך זיך גיך דעצידירט צו פארלאָזן פוילן וואָס גיכער.

איצט געפינען מיר זיך אין בערלין און איך לערן זיך אין דער העברעאישער שול, פון וועלכער איך בין שטאַרק צופרידן. מיר וואַרטן איצט אויף דעם טאָג, ווען מיר וועלן אוועקפאָרן פון דאַנען, פון דעם לאַנד פון רוצחים און מערדער.

שלום שטערן, קאַנאַדע

# שטייט אויף, יידעלעך, לעבודת הבורא

אלול, סליחות־טעג.
די יידן פון שטעטל שלאָפן אינעם טאָל פון טויט.
דער מאָרגן גייט אויף, ווי תמיד, קיל און רויט.
די פאַרבלוטיקטע גראָזן וועלקן אין גאָרטן.
דער שמש הענגט אויפן דראָטן־פּלויט.
הונגעריקע, שרייענדיקע וואָראָנעס שיילן זיין הויט.
ווער זשע וועט די טויטע וועקן?
ווער וועט זיי רופן גאָט צו דינען?
דער אַלמעכטיקער קאָן נאָך, חלילה,
אויף דער עדה צערנען און שטראָפן?...
יידן, וואָרום טוט איר דרעמלען, שלאָפן? — — —

דער שמש איז טויט.
איך וועל אייך וועקן,
איידער עס פלאַמען אויף
די ערשטע, רויטע מאָרגן־פלעקן.
ליבע יידן, הערט איר דען נישט,
ווי איך קלאַפּ אין די לאָדן?...
עורו נא, עמדו נא, התעוררו לעבודת הבורא,
שטייט אויף, שטייט אויף יידעלעך לעבודת הבורא.

קיינער וועקט זיך נישט.
די בליצלאָמפּן ברענען אין שטיבלעך,
אין בית־מדרש, אין דער אַלטער שוהל.
גאָט וואַרט אויף זיין רחמים־שטול.
די תפילות הייבן זיך נישט אויף צו שטאַפּלען,
דער וואַלד־סוחר, משה שמואל, שטאַרט מיטן פּנים אַרויף.
זיין צונג — אַן אַראָפּגעדרייטע שרויף.
זיי פאַרגליווערטע הענט — צוויי זשאַווערנדיקע גאָפּלען.
איך האַמער אויף די פאַרהאַקטע לאָדן:
אחת ושתים.
אימהדיקער ווידערקול שרייט
אין שרעקנדיקער הוילקייט.
אין מאַרק וואַלגערן זיך יידן, ווי געקוילעטע שאָף.
איך פאַל אויף משה שמואלס צעבראָכענעם גוף.
מיינע טרערן פייכטן אויף זיינע קאַלטע ברעמען.

וווהין לויפן? פאַר וועמען רחמים בעטן?!
אחת, שתים
שרעקנדיקע קלעפּ אויף טוביע לאָדנס.
גאָט, פונדאַנען איך וויל זיך מער נישט רירן.
פאַרשטייף דעם האַמער אין מיינע וועקנדיקע הענט,
דאָס בלוט אין מיין גוף טוט פאַרפרירן.
איך וויל ליגן נעבן משה שמואלן.
איך וויל רוען אין טויטן טאָל,
צוזאַמען מיטן דאָזיקן הייליקן קהל.

---

# טרערן

אין פוילן דער מדינה,
אין יידישע שטעט און שטעטלעך
האָט גערוט די שכינה.
דער טייך האָט געבליט — א לויטערער שפּיגל.
גרין איז געווען די סטעזשקע, דער אָפענער פליין
און דער שטילער, גראָזיקער היגל.
פאַרבענקט, היימלעך האָבן צום וואַלד
זיך געטוליעט היימשטעטלעך.
אין פרילינג, ווי וואַרעמע פינגער
האָבן געצערטלט די בעז־ריטלעך.
האַרציקע פרייד האָט געזוניקט אויף דער לאָנקע,
ארום פאַסטוך־געצעלט.
פון ריינע, יידישע הערצער, פון לערנערס און געזעלן
ליכט און ליבשאַפט, מוט און גלויבן האָט געקוועלט.

אצינדערט, די זון צווישן רויכן — א גליענדיקע ציגל
די יידן ליגן אויסגעקוילעטע ביי די שוועלן.
אימהדיקע צייכנס: א פאַרבלוטיקט, קינדעריש וויגל,
פאַרזשאַווערטע ריגלען, צעריסענע מזרח־געמעלן.
און די שכינה פלאַטערט מיט צעבראָכענע פליגל,
כליפּעט איבערן הייליקן קרבן
און מיינע טרערן פליסן אויפן גרויסן חורבן.



הסתדרות־צ.ס. אין כעלם

אין צענטער זיצן פון רעכטס צו לינקס: ש. שאַפּראַן, רעטיך, מ. שטיין, י. זילבער־שטיין, חיים פעלדהענדלער, מ. לאַנג, בערל ליבערמאַן, (פּרוי אומבאקאנט), ב. פעלד־הענדלער.

# דער סוף פון אַ יידישער שטאָט

אין הארצן געוואָרן איז ליידיק און פּוסט,
דער פריילעכער נעכטן — א טרויעריק מאָרגן.
א טיפער ריס, ערגעץ א ווייטאָג פארבאָרגן, —
איבערן קאָפּ זיך וויגט א שוואַרצער וואָלקן,

לויפן געדאנקען, לויפן צוריק אויף יאָרן,
צום שטעטל, צום געסל, רייסט זיך זכרון!
געווען א פרילינג, א יוגנט, געווען — און נישטאָ, —
א יידישע שטאָט געגאַנגען איז פאַרלאָרן...

טיף איז דער ריס, עס אייטערט די ווונד,
וואָס איז פון אלעם, פון אייגנס געוואָרן?
וואָס האָט דער שונא, דער אכזר געוואָלט? —
ביילן זיך פויסטן פון צער און צאָרן.

ווו זיינען חברים, יוגנט־פריינד ליבע,
וואָס צוזאמען מען האָט חלומות געשפּינט,

אין חדר געלערנט ביי ר׳ אברהם יצחק מלמד,
געלערנט זיין פרום, נישט טאָן קיין זינד.

אברהם יצחק מלמד, א קרענקלעכער ייד,
מיט זין, די באהעלפער, און פארזעסענע טעכטער.
איך זע פאר די אויגן, געשענדעטע זיי ליגן —
און פון ברוינע חיות — אַ שכורדיק געלעכטער.

און אויסגעבלייכטע יידן, אין מחנות געטריבן,
געטריבן צו תליות, צו אויסגעגראָבענע גריבער;
קליינע קינדער, עופהלעך, אויף טראָטואַרן צעשאָסן —
און אין פלאַמען: שוהלן, יידישע הייזער און שטיבער.

עס האָט דער טייוול געטאָס געשאַפן און ליקווידירט,
מיט זיי: טאַטעס מיט מאַמעס, שוועסטער און ברידער.
אין הארצן געוואָרן איז ליידיק און פּוסט —
פון א יידישער שטאָט — בלויז קברים־גריבער.

ה. שישלער



כעלעמער יידישע פליטים
אין 1948 באַערן כעלעמער
יידישע קדושים אין אַ שול
אין דייטשלאַנד.



כעלעמער יידן אין אַ לאַגער אין עסטרייך אין 1948, בעת אַן אזכרה נאָך די כעלעמער קדושים.




כעלעמער יידן אין בערלין־מאַרענדאָרף, אין 1948, בעת אַן אזכרה, באַערנדיק כעלעמער יידישע קה״ט״ב.




אַ גרופּע כעלעמער יידן מיט זייערע פרויען און קינדער, וואָס געפינען זיך אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, בעת אַן אזכרה־אַקט נאָך די כעלעמער יידישע קדושים.

ה. י. מאַנטי

# די כעלעמער לאַנדסמאַנשאַפט אין דרום-אַפריקע


ה. י. מאַנטי

גאָר פון א קליינער כעלע־מער קאָלאָניע באַשטייט אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט, ווייל פון פוילן האָבן עמיגרירט ווייניק יידן אין דער וויט־ווייטער דרום־אפריקע. די ערשטע עמיגראַנטן פון כעלם קיין דרום־אפריקע זיינען געווען דוד אלטער ע״ה און הערש דרעקסלער, וואָס האָבן פאַרלאָזן ארץ־ישראל און אוועקגעוואַנדערט אין אפריקע. דאָס איז געווען א גרויסער דרייסטער פאַרמעסט מצד זיי. די אָ אימיגראַנטן האָבן אין אָנהייב ניט געקאָנט זיך אַקלימאַטיזירן און גיך זיינען זיי צוריקגעפאָרן, אָבער אין אַ פאָר יאָר ארום האָבן זיי זיך צוריקגעקערט קיין דרום אפריקע און אָנגעהויבן סטאַביליזירן זייער נייע היים.

שווער איז געווען די יידישע אימיגראַנטן אין דרום־אפריקע זיך איינבירגערן, זיך פאַראַנקערן און שלאָגן וואָרצלען אין אַ לאַנד, וווּ די שפּראַך איז זיי געווען פרעמד. אויך די אימיגראַנטן פון פוילן און פון כעלם האָבן אַ סך געדאַרפט זיך אָנשטרענגען ביז זיי האָבן געשאַפן זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. ס׳איז געווען אַ לאַנגער אַנטוויקלונג־פּראָצעס.

די יידישע אימיגראנטן אין דרום־אפריקע, ווי אין אנדערע לענדער, האָבן געשאפן פאראיינען פאר געזעלשאפטלעכער ארבעט, וועלכע איז געווען הויפּטזאַכלעך פאַרבונדן מיט דער אַלטער היים. די נאָסטאַלגיע און דער וואַכעדיקער אינטערעס און צובונד צו דער היים מעבר לים האָט סטימולירט צו שאַפן א גאַנצע ריי לאַנדסמאַנשאַפטן אין דרום־אפריקע, און אויך די כעלעמער לאַנדסמאַנשאַפט.

צוליב דעם וואָס איינגעוואַנדערטע יידן פון פוילן קיין דרום־אפריקע זיינען געווען אין א קליינער צאָל, דעריבער האָט זיך געשאפן דער „קלוב פון פוילישע יידן אין דרום־אפריקע“, וואָס עקסיסטירט נאָך אויך איצט. ער האָט פאראייניקט אלע יידישע אימיגראַנטן פון פוילן. די איניציאַטאָרן צו גרינדן דעם קלוב זיינען געווען: י. גערשט, נ. וויניק, י. פּאָליאַק, וו. פלאַקסמאַן, ברידער געטץ, שוסטער, קייוואן, יאַרזשין, שלמה מעץ. שפּעטער, ווען עס האָבן איינגעוואַנדערט נאָך אייניקע יידן פון כעלם, האָט זיך אָרגאַניזירט דער „כעלמער הילפּס־פאַראיין“, וואָס זיין הויפּט־אַרבעט איז געווען צו שיקן הילף פאר די כעלעמער נצרכים און אינסטיטוציעס.

די סאָציאל־עקאָנאָמישע לאַגע פון די כעלעמער יידן אין דער היים איז געווען דעמאָלט אַ שלעכטע צוליב דעם וווקס פון אנטיסעמיטיזם און דער אָזשעם־פּאָליטיק. מיט גרויסער דאַנקבאַרקייט האָט מען אין כעלם אויפגענומען די ערשטע באַקומענע הילף, און

**די יידישע פּרעסע אין כעלם האָט וואַרעם, פול מיט אנערקענונג, פאַרעפנטלעכט טעטיקייט־באַריכטן פון אונדזער דרום־אַפריקאַנער הילפס־פאַראיין, לויט ווי עס פאָלגט:**

„אין אָנפאַנג 1936, איז געגרינדעט געוואָרן אַ „כעלמער הילפּס־פּאַראיין“.

דער ציל פון דעם דאָזיקן פאראיין איז צו העלפן אין דער אלטער היים די פאַראָרימט־געוואָרענע יידן, לינדערן די כעלעמער יידישע נויט.

די גרינדונגס־פארזאמלונג איז פאָרגעקומען אין דער וווינונג פון הערש האַנדעלסמאַן. א גרויסע צאָל כעלעמער לאנדסלייט זיינען אָנוועזנד געווען אויף דער פאַרזאַמלונג. אויפן אָרט איז גלייך אויסגעקליבן געוואָרן א פאַרוואַלטונג פון פאָלגענדיקע פערזאָנען: מאָטל אַלטער, ה. שישלער, נ. וויניק, הערש האנדעלסמאַן, שמואל בערגער, חוה ביאַלע און רחל אַלטער.

די אויסגעוויילטע פארוואלטונג האָט אויפן אָרט אַפּעלירט צום פאַרזאַמלטן עולם וועגן באשטייערן זיך פארן פאַראיין. כמעט אלע אָנוועזנדע האָבן זיך באַשטייערט. אויפן אָרט איז געשאפן געוואָרן אַ באַדייטנדיקע סומע“.

**אין א צווייטער קאָרעספּאָנדענץ פון ה. שישלער אין „כעלמער שטימע“, דאַטירט פון יולי 1937, איז דאָ אַ באַריכט פון 6 חדשימדיקער טעטיקייט פון דעם געגרינדעטן „כעלמער הילפס־פאראיין“:**

„דער כעלמער הילפּס־פּאַראיין אין יאָהאַנעסבורג ארבעט מיט דער גרעסטער אָנגעשטרענגטקייט און מסירת נפש. יעדע וואָך קומען פאָר באַראַטונגען און עס ווערן געזוכט וועגן ווו נאָר צו שאַפן אַ פאָר פונט. עס איז ממש צו באוונדערן וואָס אין אזא קורצער צייט וואָס די קליינע קערפּערשאפט עקסיסטירט האָט זי שוין באוויזן דורכצופירן אונטערנעמונגען, וואָס זיינען אדורך מיט דערפאָלג.

די גאַנצע אזוי־גערופענע כעלמער קאָלאָניע, וואָס האָט זיך איינקווארטירט אין יאָהאַנעסבורג, באַשטייט פון קוים 2 מנינים כעלמער בני עיר און אפשר קוים א מנין פון זיי ארבעט מיט איבערגעגעבנקייט און איז זיך מקריב אין שאַפן הילף.

די אַרבעט פון „כעלמער הילפס פאראיין“ אין יאָהאַנעסבורג ווערט באוונדערט און הויך אָפּגעשאַצט פון עלטערע לאנגיאָריקע סאָסייטיס אויפן אָרט, וואָס זיינען געווען אין דעם פרט א סך צוריקגעשטאַנען. עס וועט ניט זיין איבערגעטריבן צו זאָגן, אז פון די אַרבעט פון דעם „כעלעמער הילפּס־פּאַראיין“ אין יאָהאַנעסבורג זיינען פיל געזעלשאפטלעכע טוער באגייסטערט און דריקן אויס אנערקענונג.

דעם לעצטן שבת אָוונט האָט דער „כעלמער הילפס פאראיין“ איינגעאָרדענט אן אימפּאָזאַנטן פאַמיליע־אָוונט. די פּראָגראם איז באַשטאַנען פון 1) טעטיקייטס באריכט 2) ליטעראריש־מוזיקאלישער טייל 3) טענץ. דער אָוונט איז איינגעאָרדענט געוואָרן אין הויז פון פריינד יעקב אַלטער, ביי שין סערווירטע טישן. אינטע־

רעסאַנט, אז עס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן אַלע כעלמער בני עיר, די יידישע פרעסע אין יאָהאַנעסבורג און אויך פיל באַקאַנטע און פריינד וואָס קומען אנטקעגן מיט הילף פאר דער לאנדסמאנשאפט. דער אָוונט איז געווען אַ דערפאָלגרייכער".

**אין אַ שפּעטערדיקער קאָרעספּאָנדענץ, געדרוקט אין „כעלמער שטימע", פון אָקטאָבער, 1938, פון בן־אהרן (ה. שישלער) דערוויסן מיר זיך די פאָלגענדיקע פרטים פון דער ערשטער יערלעכער פאַרזאַמלונג פון „כעלמער הילפס־פאַראיין":**

„זונטאָג, דעם 23־טן אָקטאָבער, 1937, איז אין הויז פון הערש שישלער פאָרגעקומען די 1־טע יערלעכע פארזאמלונג פונעם „כעלמער הילפס־פאַראיין" אין יאָהאַנעסבורג. די פארזאמלונג איז גערופן געוואָרן מיטן צוועק אָפּצוגעבן א טעטיקייט־באריכט, ווײַלן אַ נייע פארוואלטונג און צו פארשטאַרקן די ארבעט ביים זאמלען שטיצע לטובת דער כעלמער אָרעמקייט.

אלס פאָרזיצער פון דער פארזאמלונג איז אויסגעוויילט געוואָרן נחום ווינ‏יק און אלס סעקרעטאר ה. י. מאָנטי.

שמואל בערגער גיט איבער דעם טעטיקייט־באריכט אָנווייזנדיק די אַרבעט וואָס דער פאראיין האָט אויפגעטאָן. דעם קאַסע־באַריכט פאר דער גאַנצער צייט פון דער עקסיסטענץ פון דעם הילפס־פאראיין גיט איבער הערש שישלער, אָנווייזנדיק, אז די קליינע גרופּע כעלעמער לאַנדסלייט אין יאָהאַנעסבורג איז געלונגען צו שאַפן פאר דער קורצער צייט די סומע פון העכער 200 פונט, דערפון האָבן גענאָסן כעלמער נצרכים אויף פסח איבער 120 פונט און דאָס איבעריקע איז איבערגעשיקט געוואָרן די כעלעמער אינסטיטוציעס און פריוואַטע מענטשן.

אויפן אָרט איז געוויילט געוואָרן א נייע פאַרוואַלטונג פון די פאָלגענדיקע: מ. אַלטער, י. אַלטער, נ. ווינ‏יק, לייזער שישלער, ה. שישלער, ה. האנדעלסמאן, י. זיגלבוים, שמואל בערגער, פרוי ביאלע און ה. י. מאָנטי.

אלס פאָרזיצער איז ווידער געוויילט געוואָרן מ. אַלטער, אלס קאַסיר י. זיגלבוים און אלס סעקרעטאר ה. י. מאָנטי (מאָנטשארזש).

עס איז אויסגעוויילט געוואָרן א פרויען־קאָמיטעט, אין וועלכן עס זיינען אריין: רייזל שישלער, ריקל אַלטער און רחל אַלטער".

**ווי מיר זעען איז דער „כעלמער הילפס־פאראיין", וואָס איז שפּעטער אָנגערופן געוואָרן „כעלעמער לאנדסמאנשאפט", נאָך גאָר געווען אַ יונגע אינסטיטוציע לגבי די פיליאָריקע סאָסייטיס, וועמענס מיטגלידער האָבן עמיגרירט קיין דרום־אפריקע מיט א סך יאָרן פריער איידער די ערשטע כעלעמער פיאָנערן האָבן באַטראָטן דעם אפריקאַנער באָדן. דאָך קאָנען מיר פעסטשטעלן, אז ס'איז געפירט געוואָרן דורך דער כעלעמער קליינער גרופּע אַ גאַנץ שיינע ארבעט ביזן 2־טן וועלט־קריג, וואָס איז מיט א סך ליבווערטער אָפּגעשאצט געוואָרן דורך אונדזער היימשטאָט.**

**דער פאראיין פלעגט ביז דער מלחמה איינאָרדענען צוויי אַקציעס אַ יאָר: א ווינטער־אַקציע צו באזאָרגן די נויט־באַדערפטיקע מיט האָלץ און קליידונג, און א פסח־אקציע.**

## די כעלעמער קאָלאָניע אין דרום־אפריקע.



ערשטע ריי, זיצנדיק פון לינקס:—לאה שישלער, הערש שישלער, לייזער שישלער, מאָטל אַלטער, הערש האַנדעלסמאַן, ה. י. מאָנטי, יעקב אַלטער, יוסף פאַלמאַן, משה רייכבינד ע"ה און פרוי רייכבינד.
צווייטע ריי פון לינקס:—ישראל זיגלבוים, שבע חיניק, רייזל שישלער, פרוי מאָנטי, ריקל אַלטער, פייחל רייכבינד, רחל אלטער, רבקה פאַלמאַן (אַלטער), ברכה האַנדעלסמאַן און רייזל מאָנטי.
אויבערשטע ריי, פון לינקס:—בונה רייכבינד, בעריש בידערמאַן ע"ה, גרשון מאָנטי, עקיבא חיניק, נחום חיניק, ביילע און ל. חאַקסמאַן און חיה פייערמאַן.

ערב־פסח, 1939, האָט כמעט די גאַנצע כעלעמער קאָלאָניע זיך ענערגיש גענומען צו דורכפירן א גרויסע הילף־אַקציע, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אן אלגעמיינער פארזאמלונג אין הויז פון ה. שישלער.

דאָס איז געווען די לעצטע פסח־אקציע פאר די כעלעמער נצרכים. א דאנק דער ענערגישער טעטיקייט פון פ. זיגלבוים, חיים לוקסנבורג, מאיר צעלניקער, באוווסטער ארטיסט פון לאָנדאָן, וואָס האָט גאַסטראָלירט אין דרום־אַפריקע, איז איינגעאָרדענט געוואָרן א גרויסער פאָלקס־קאָנצערט, וואָס האָט אריינגעבראכט א באדייטנדיקע סומע אויף צו העלפן די אָרעמע יידן אין כעלם. נאָכן קאָנצערט איז פאָרגעקומען אַ באַנקעט אין הויז פון מ. אַלטער. צום באַנקעט זיינען איינגעלאדן געוואָרן די פרעסע, געזעלשאפטלעכע און קולטור־טוער.

עס איז אויסגעבראָכן דער קריג און קיין פארבינדונג מיט דער אַלטער היים איז שוין ניט געווען און קיין נייע עמיגראַנטן זיינען אין דרום־אפריקע ניט אריינגעקומען.

אין מיטן קריג זיינען יידישע עמיגראַנטן פון פוילן בלויז דורכגעפאָרן דרום־אפריקע. אויך זיינען געקומען אין 1945 פוילישע יידן, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון היטלער־שווערד קיין רוסלאַנד און האָבן זיך דערנאָך אָנגעשלאָסן אָן דער אַנדערס־ארמיי, וועלכע איז אַנטשטאַנען אויף דער רוסישער טעריטאָריע, לויטן פויליש־סאָוועטישן אָפּמאַך מיטן גענעראַל שיקאָרסקי. זיי זיינען מיט פוילישע זעלנער (צוזאַמען אין אַ צאָל פון 4000), אין 1945, מגולגל געוואָרן צו די ברעגעס פון דרום־אַפריקע, דורכפאָרנדיק אַ וויטע נסיעה אַזש פון איראַן (פערסיע). די דאָזיקע פוילישע און יידישע זעלנער האָט מען קאַסאַרירט אין די מיליטערישע באַראַקן פון פיטערמאַריצבורג (נאַטאַל).

באלד ווי מיר האָבן זיך דערוווסט וועגן דעם זיינען דעלעגירט געוואָרן פאָרשטייער פון „פוילישן קלוב” צו טרעפן זיך מיט די יידישע זעלנער פון פוילן. אין דער דעלעגאַציע זיינען אויך געווען פאָרשטייער פון „כעלמער הילפס־פאראיין”.

שטאַרק־רירנד איז פאָרגעקומען די ערשטע באגעגעניש מיט די אָ יידישע זעלנער פון פוילן, וואָס זיינען געווען אין אַ צאָל פון 184 פערזאָן. הגם מ׳האָט שוין געוווסט פון דעם גרויסן פאָלקאומגליק, אָבער אין הארצן האָט נאָך געטליעט א קליינע האָפענונג אפשר איז איבערגעבליבן א גרעסערע שארית־הפליטה און אפשר וועט מען באַקומען געוויסע ידיעות פון די לעבן־געבליבענע, זייערע נעמען און פאַמיליעס.

מיט צעבראָכענע און פארוויטאָגטע הערצער האָט די דעלעגאַציע זיך אינפאָרמירט גענויער פון די גרויזאמקייטן און די סאַדיסטישע שחיטות איבער די יידן אין פוילן און אין אייראָפּע.

די דעלעגאַציע האָט דורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון אלע יידישע זעלנער פון וואַנען זיי שטאַמען און ווו עס געפינען זיך זייערע קרובים, זייערע נעמען און פאַמיליעס. די דאָזיקע רשימה איז געוואָרן אָפּגעדרוקט אין דער היגער יידישער פרעסע און אין די אויסלענדישע יידישע צייטונגען. מיט אויפזוכן די קרובים פון די זעלנער האָט זיך באַשעפטיקט אונדזער כעלעמער לאַנדסמאַן עקיבא וויניק.

דער „כעלעמער הילפס־פאראיין” צוזאמען מיטן „קלוב פון פוילישע יידן” האָבן אָרגאַניזירט הילף פאר די יידישע פליטים־קינדער, וואָס זיינען געבראכט געוואָרן פון רוסלאַנד צוזאַמען מיט די הימלאָזע פוילישע קינדער. די קינדער זיינען איינגעאָרדענט געוואָרן אין אוידסהאָרן, קייפּ־פּראָווינץ. צווישן די דאָזיקע געבראַכטע קינדער איז געווען אַ יידישע מיידל פון כעלם, וואָס איז דורכן „קלוב פון פוילישע יידן” אראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין יאָהאַנעסבורג און איז שפּעטער אוועקגעשיקט געוואָרן קיין ישראל, ווו עס האָבן זיך געפונען אירע עלטערן, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון כעלם קיין רוסלאַנד איידער די דייטשן זיינען אָנגעקומען קיין כעלם, און פון רוסלאַנד האָבן זיי עולה געווען קיין ישראל. דער „כעלמער הילפס־פאַראיין” האָט געהאָלפן אַ געראַטעוועטע כעלעמער פאַמיליע פון פוילן צו עמיגרירן קיין אויסטראַליע.

* * *

אונדזער „הילפס־פאראיין” האָט, צו אונדזער טיפן ווייטאָג און צער, שוין ניט געהאַט קיין מיגלעכקייט צו שיקן הילף פאר כעלם, ווו די שטאָט איז געוואָרן יידן־ריין, אָבער ער האָט זיך פארבונדן מיט די עטלעכע הונדערט כעלעמער יידן, וואָס זיינען על פי נס לעבן געבליבן און האָבן זיך צעשפרייט אין פארשיידענע לאַגערן פון דייטשלאַנד, עסטרייך, איטאַליע, און פאר די יעניקע, וואָס האָבן דורך דער העפלה זיך דערשלאָגן צו ארץ־ישראל, האָבן מיר אָרגאניזירט אַ הילף־אַקציע, שיקנדיק זיי פּראָדוקטן, געלט און מלבושים.

אונטער דער אָנפירונג פון פרוי רבקה אַלטער־פּאַלמאַן איז געשאַפן געוואָרן א קאָמיטעט, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט שיקן פּאַקעטן פון שפייז און קליידונג פאַר די לעבן־געבליבענע לאַנדסלייט אין די לאַגערן און אין ישראל. דורך אמעריקאַנער פירמעס האָבן מיר באַזאָרגט פאַקעטן צו די כעלעמער יידן אויך אין רוסלאַנד. שפּעטער־צו האָט דער קאָמיטעט אליין איינגעקויפט פּראָדוקטן, און ס׳האָט געקאָסט א סך ביליגער, און מען האָט געשיקט אַ גרעסערע צאָל פּאַקעטן.

דער „הילפס־פאראיין” פלעגט באקומען הונדערטער בריוו פון די געראַטעוועטע לאַנדסלייט, וואָס האָבן באַדאנקט דעם פאראיין פאר דער געגעבענער הילף און פאר דער ארויסגעוויזענער פאַראינטערעסירטקייט מיט זייער גרויזאַמען גורל. זיי האָבן באַשריבן די אַלע גרוילן פון די נאַצי־שחיטות און זייערע איבערלעבונגען.

דעמאָלט איז געוואָרן רייף דער געדאַנק צו פאראייביקן די יידישע קהילה אין כעלם אין אַ „יזכור־בוך”, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען די אלטע היים מיט אירע אלע אינסטיטוציעס, פאַרטייען, חברות און אָרגאַניזאַציעס, די כעלעמער יידישע פאָלקמאַסן, די פאַרדינסטפולע עסקנים און קולטור־טוער און אויך דעם חורבן פון כעלם.

עס איז געשאַפן געוואָרן אן איניציאַטיוו־קאָמיסיע, וועלכע האָט פארעפנטלעכט אַן אויפרוף צו אלע לאַנדסלייט אין דער וועלט וועגן אריינשיקן מאַטעריאַלן און באַשרייבונגען פאר דעם כעלעמער יזכור־בוך.

אין דעצעמבער, 1950, איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ פּראָספּעקט — אַ סכעמאַטישער פּראָיעקט פאַרן בוך. עס איז אויך אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ צווייטער קול־קורא צו די כעלעמער יידן אין דער גאָרער וועלט:

## חשובע און טייערע כעלעמער לאַנדסלייט!

דער פאַראיין פון די כעלעמער לאַנדסלייט אין יאָהאַנעסבורג, דרום־אפריקע, האָט אויף זיך גענומען די איניציאַטיוו ארויסצוגעבן אַ „יזכור־בוך” געהייליקט אונדזער פאַרטיליקטער יידישער שטאָט כעלם מיט איר אומגעגנט, ווו עס זיינען אזוי אכזריש אומגעקומען

— פון די נאַצישע תלינים — טויזנטער פון אונדזערע אייגענע ברידער, שוועסטער, קרובים א.א.

אונדזער שטאָט כעלם האָט אַ רייכע און זייער אַן אינטערעסאַנטע פאַרגאַנגענהייט. עס האָט דאָרט פולסירט א פולבלוטיק יידיש לעבן, מיט אַ נעץ פון אינסטיטוציעס און מוסדות, פאַרשיידנמיניקע אָרגאַניזאַציעס און באַוועגונגען.

ביז גאָר מערקווערדיקע און אינטערעסאַנטע קולטור־געזעלשאַפטלעכע און רעליגיעזע פערזענלעכקייטן האָבן געלעבט און געשאַפן אין כעלם. עס איז געווען אַן איינגעפונדעוועטער יידישנאַציאָנאַלער לעבנשטייגער מיט א שלל פון עפּיזאָדן און מאָטיוון. לויט פעסטשטעלונגען פון געשיכטלער, האָבן יידן געוווינט אין כעלם נאָך אין 13־טן י״ה.

דער גרויזאַמער אומקום פון קרוב 18 טויזנט יידן אין כעלם גופא און טויזנטער צום טויט־פאַרפייניקטע יידן אין די נאָענטע שטעט און שטעטלעך, און די פיל־דורותדיקע עקסיסטענץ פון דער יידישער באַפעלקערונג אין כעלם און איר אומגעגנט, מאָנען ביי אונדז זייער תיקון, א מצבה און אַ מאָנומענט.

אין משך פון די לעצטע יאָרן, שוין נאָך דער קאַטאַסטראָפע, האָבן לאַנדסלייט פון אומגעבראַכטע יידישע שטעט און שטעטלעך אויפגעשטעלט מאָנומענטן — דורך ארויסגעבן פנקסים און יזכור־ביכער — אין אָנדענק פון זייערע אומפאַרגעסלעכע שטעט. עס האָט זיי געמאַטערט די מחשבה, אז אין לויף פון דער צייט, קאָן דער זכר פון זייערע שטעט אינגאַנצן פאַרגעסן ווערן, און דעריבער האָבן זיי, מיט גרויסער פּיעטעט, ליבשאַפט און אחריות אויפגעשטעלט מצבות אין פאָרעם פון ביכער און מאָנומענטן.

די אָ פאַרזאָרגטקייט און דאגה האָבן אונדז סטימולירט ארויסצוגעבן דאָס כעלעמער „יזכור־בוך״.

לויט דעם בייגעלייגטן פּראָספּעקט, זעט מען די סכעמע פון מאַטעריאלן, וואָס וועלן פאַרעפנטלעכט ווערן אין יזכור־בוך.

מיר זיינען אָבער פאַראינטערעסירט, אז די אָ טעמאַטיק זאָל טיפער און ברייטפאַרנעמיקער באלויכטן ווערן, און דעריבער איז אַ דרינגענדע נייטווענדיקייט, אז כעלעמער לאַנדסלייט זאָלן זאמלען נאָך מער מאַטעריאלן, וואָס האָבן א שייכות צו די אלע אָנגעמערקטע טעמעס אין פּראָספּעקט און אליין אויך שרייבן, ווייל איטלעך פּרט און אפילו די קלענסטע נאָטיץ וועלן באַרייכערן אייער און אונדזער אָנדענק־בוך.

בלי ספק איז עס אַ קאָלאָסאַל־ריזיקע אַרבעט, וואָס פאָדערט גענוג אָנשטרענגען און אינטענסיווע טעטיקייט. מיר דאַרפן זיך ניט אָפּשטעלן פאַר קיינע שוועריקייטן, ווייל דאָס „יזכור־בוך״ איז אונדזער וויכטיקסטע אַרבעט, וואָס איז אונדז געבליבן אויפצוטאָן פאַר דעם הייליקן אָנדענק פון אונדזערע טאַטעס, מאַמעס, ברידער, שוועסטער, קרובים, באַקאַנטע, וואָס זיינען אומגעקומען אזוי אומרחמנותדיק אין אונדזער אומפאַרגעסלעכער שטאָט כעלם. מיר וועלן זען צו פאַרעפנטלעכן וואָס מער געשיכטלעכע דאָקומענטן און גבית עדותן פון דער אומקום־טראַגעדיע אין דער נאַצי־תקופה, פאָטאָגראפישע בילדער און ביאָגראַפיעס פון אונדזערע לאַנדסלייט הן שוכני עפר און הן, יבדלו לחיים, פון כעלעמער יידן אין דער וועלט און אין ישראל.

אונדזער באַגער איז, אז אויך די יידישע שטעט און שטעטלעך ארום כעלם זאָלן האָבן אַ בכבודיקן אָרט אין בוך, עס זאָל אויך באלויכטן ווערן דאָס עקאָנאָמישע, קולטורעל־געזעלשאפטלעכע לעבן פון די אַלע יידישע קהילות, וועלכע האָבן עקסיסטירט דורות לאַנג. זאָלן אויך די שטעטלעך, וואָס זיינען געווען אזוי נאָענט געאָגראַפיש פאַרבונדן מיט כעלם, ווי צ.ב. ליבעוונע, סאַווין, קראַסניסטאַוו, אַפּאָלין, שעלישטש, וולאָדאַווע, הרוביעשאָוו, רייוויץ א.א. געפינען זייער געשיכטלעכן תיקון אין כעלעמער יזכור־בוך.

מיר מוזן אָבער באַטאָנען, אַז דאָס „יזכור־בוך״ פאָדערט אויך פינאַנצן. עס דאַרף קאָסטן א סומע פון העכער צוויי טויזנט פונט.

די צאָל פון כעלעמער לאַנדסלייט אין דרום־אפריקע איז אַ גאָר קליינע (ס״ה אַ פּאָר צענדלינג משפחות). אָן אייער דירעקטן פינאַנציעלן צושטייער, וועט אונדז זיין זייער שווער, אז דאָס בוך זאָל, בקרוב, דערשיינען.

אונדזער ווענדונג צו אייך איז, אז די קאָמיטעטן פון כעלעמער לאַנדסמאַנשאַפטן און לאַנדסלייט־יחידים, זאָלן אויסטיילן ספּעציעלע קאָמיסיעס, וועמענס אויפגאַבע דאַרף זיין: צו זאַמלען דאָקומענטן, אַרטיקלען, זכרונות, בילדער און פאָטאָגראפיעס, ליטעראַרישע שאַפונגען, פאָלקלידער און עטנאָגראפישן מאַטעריאל (וועגן כעלם) און געלט סומעס פאַר דעם כעלעמער „יזכור־בוך״.

אייער אַקטיווע הילף קאָן א סך פאַרשנעלערן און באַרייכערן אונדזער שותפישן מאָנומענטאַלן אָנדענק־ווערק.

די צייט דיסטאַנץ זינט דער גרויסער אומקום־טראַגעדיע פון אונדזערע יידישע קרובים אין אייראָפּע, איז א ס״ה עטלעכע געציילטע יאָרן, און עס איז נאָך נישט שפּעט אָפּצופרישן אין זכרון א סך פּרטים און ענינים, וואָס פאַרבינדן אונדז מיט דער אַלטער היים. אין פאַרלויף פון אַ געוויסער צייט, וועט עס ניט מיגלעך זיין צו רעאַליזירן אָט די הייליקע אויפגאַבע.

דער באַרימטער יידישער היסטאָריקער, פּראָפ. שמעון דובנאָוו, האָט — בעת מען האָט אים געפירט צום נאַצי־עשאַפאָט — אויסגערופן צו די ארומרינגלענדיקע יידן די פאָלגענדיקע ווערטער: „געדענקט און פאַרשרייבט עס לדורות!״

לאָמיר אלע אויספילן די צוואה: אויך געדענקען און פאַרשרייבן די גרויסע מגילה פון ליידן פון אונדזער טייערער היימשטאָט כעלם!

כעלעמער הילף־קאָמיטעט אין יאָהאַנעסבורג: י. אַלטער; מ. אלטער; ב. בידערמאַן; ב. בוידעק; ה. האנדעלסמאן; נ. וויניק; ע. וויניק; י. זיגלבוים; ח. י. מאָנטי; י. פּאַלמאַן; ה. שישלער; ל. שישלער.

פּ. ס.: מיר בעטן אייך צו שאַפן אַבאָנענטן פארן כעלעמער „יזכור־בוך״. דער פּרייז פון בוך — 2 פונט; אָדער 5 דאָלאר. ביטע צונויפנעמען ביאָגראַפיעס פון לאַנדסלייט, נעקראָלאָגן מיט בילדער פון אומגעקומענע, וועלכע וועלן אריינגיין אין בוך, א״נ „ווער איז ווער״ — אַ זייט קאָסט 20 פונט; אַ האַלבע זייט — 10 פונט; אַ פערטל — 6 פונט; אַן אַכטל זייט — 3 פונט.

יאָהאַנעסבורג, דעצעמבער, 1950.

**נאָכן פאַרעפנטלעכן די אויפרופן האָבן הונדערטער כעלעמער לאַנדסלייט פון פאַרשיידענע לענדער, ווי פון פראַנקרייך, אויסטראַליע, קאַנאַדע, אמעריקע, ישראל זיך אָפּגערופן מיט פיל אנערקענונג פאַר דער דאָזיקער בוך־אידיי. אין פראַנקרייך איז, אַ דאַנק דער ספּעציעלער פאַראינטערעסירונג פון אונדזער חשובן בן־עיר, יוסף מילנער, געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט אין באַשטאַנד פון די פאָלגענדיקע כעלעמער בני־עיר: יוסף מילנער, י. טאָרן, ד״ר ארלאַן, מ. שפּייזמאַן, י. מוראָוויעץ, י. סטאַוו, פּרויפּאַראָבעק און א. גלאָבען. דער דאָזיקער קאָמיטעט איז צוגע־**

**טראָטן צו זאמלען געלט און אבאָנענטן פארן יזכור־בוך אפילו ביי לאַנדסלייט, וועלכע וווינען אין האָלאַנד, בעלגיע, א.א., און האָט אַרויסגעגעבן דעם פאָלגענדיקן אויפרוף:**

## צו אַלע כעלעמער לאַנדסלייט און אומגעגענד אין פראַנקרייך, בעלגיע, האָלאַנד, ענגלאַנד און אין אייראָפּע

ביי דעם גרויסן חורבן, וואָס האָט געטראָפן אונדזער פאָלק, איז אויך אומגעקומען אונזער אַלטע היסטאָרישע שטאָט כעלם מיט איר אומגעגנט. צוזייט און צושפּרייט איבער די גאַנצע וועלט האָט זיך כמעט אין אַלע לענדער, ווו עס געפינט זיך אַ יידישער ישוב, געגרינדעט אַ כעלעמער סאָסיעטע. און איינע פון די דאָזיקע סאָסיעטעס, אַזש פון ווייטן יאָהאַנעסבורג (אין זיד־אַפריקע) האָט גענומען אויף זיך די גליקלעכע איניציאַטיוו מיט דער הילף פון אַלע כעלעמער סאָסיעטעס אין דער וועלט אַרויסצוגעבן אַ „יזכור־בוך" וואָס זאָל פאַראייביקן אונזער געבורט־שטאָט!

שוין העכער אַ יאָר ווי אין יאָהאַנעסבורג האָט זיך געגרינדעט אַ קאָמיטעט וועלכער האָט אויף זיך גענומען דעם הייליקן חוב די דאָזיקע אַרבעט דורכצופירן.

זיי איז געלונגען צוזאַמענצוקלייבן און אויפשטעלן אַן אויסערגעוויינלעכן מאַטעריאַל און דאָס בוך און זיין אינהאַלט וועט באַצירן נישט נאָר יעדע שטוב פון אונדזערס אַ לאַנדסמאַן, נאָר אויך באַרייכערן יעדע יידישע ביבליאָטעק און די וויסנשאַפט און וועט זיין אַ גרויסער מאַטעריאַל פאַר די צוקונפטיקע היסטאָריקער.

מיר ווענדן זיך מיט אַן אויפרוף צו אַלע כעלמער אין פראַנקרייך, אין בעלגיע, אין האָלאַנד און אין ענגלאַנד. מיר דאַרפן העלפן אונדזערע לאַנדסלייט אין ווייטן זיד־אפריקע צו רעאַליזירן זייער אונטערנעמונג, וואָס וועט זיין אַ כבוד פאַר אונדזער געוועזענער געבורט־שטאָט און ס'וועט זיין אַ מאָנומענט וואָס וועט פאַרבלייבן דורות לאַנג. מיר ווענדן זיך צו אַלע לאַנדסלייט פון דער אומגעגנט (זאַמאָשטש, טאָמאַשאָוו, לובאַמל, הרוביעשאָוו, אאַ״וו), ווייל אויך די אַלע געוועזענע קהלות וועט אָפּגעגעבן ווערן אַ חשובער פּלאַץ. אַזאַ בוך דאַרף קאָסטן העכער צוויי מיליאָן פראַנק (דאָס איז דער סכום וואָס די לובלינער האָבן געווידמעט זייער „יזכור־בוך" וואָס איז אין דרוק). און אויף אונדזער טייל פאַלט אויס מינימום 500,000 פראַנק, וועלכע מוזן דערגרייכט ווערן. העכער 250 אילוסטראַציעס און בילדער וועלן זיין אין בוך, וואָס וועט אונז דערינערן אונזער אַלטע היים, אַ פּאָר הונדערט אַרטיקלען וועגן דאָס געוועזענע, ווייל, ליידער איז געווען אַמאָל אַ יידישע שטאָט כעלם, וואָס איז אומגעקומען אין חורבן!

די כעלמער סאָסיעטע אין פּאַריז האָט צו דעם צוועק אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלן קאָמיטעט וואָס וועט זיך פאַרנעמען מיט דעם פּראָבלעם כדי צו וועקן אונזערע לאַנדסלייט, אַז מען זאָל אַלץ טון כדי דער „יזכור־בוך" זאָל קענען דערשיינען ווי אַם שנעלסטן.

די קאָמיטעט־מיטגלידער זענען:

י. טאָרן — י. סטאָוו
מ. שפּייזמאַן — מאַדאַם פּאַראַבעק
י. מוראַוויעץ — א. גלאָבען

א) יעדער כעלמער דאַרף זיך אַבאָנירן מינימום אויף צוויי עקזעמפּלאַרן (יעדער עקזעמפּלאַר קאָסט 2000 פראַנק), איינעם פאַר זיך פאַר זיינע קינדער, פאַר זיין היים און אַ צווייטער — צו געבן אַ מתנה זיינעם אַ נאָנטן, כדי אויף אַזאַ וועג צו פאַראייביקן די שטאָט ווו ס'איז געשטאַנען אונזער וויגעלע.

ב) שאַפן אַ פאָנד פאַר דעם „יזכור־בוך".

ג) יעדער לאַנדסמאַן קען געבן נעקראָלאָגן מיט בילדער פון זיינע אומגעקומענע עלטערן און קרובים. יעדער לאַנדסמאַן ווערט געבעטן צו שפּענדן פאַר דעם בוך און זיין נאָמען וועט זיין געדרוקט אין בוך מיט דער סומע.

ד) יעדער וואָס האָט זכרונות פון אונזער שטאָט זאָל זיי אָנשרייבן און איבערשיקן אויף דעם אונטן אָנגעוויזענעם אַדרעס.

### מיר רופן אייך, ליבע לאַנדסלייט, תיכף זיך נעמען צו דער אַרבעט.

און מיר האָפן, אַז קיין שום לאַנדסמאַן וועט נישט בלייבן גלייכגילטיק צו דער דאָזיקער הייליקער אַרבעט וואָס וועט זיין אַן אייביקער מאָנומענט פאַר אַלע אונזערע קדושים, און וועט מיט אַ ברייטער האַנט זיך באַשטייערן פאַר דעם דאָזיקן צוועק.

### אין אַלע אַנגעלעגנהייטן קענט איר שרייבן און צושיקן אייערע מאַנדאַטן אָדער טשעקן לויט דעם אַדרעס.

**A. GLOBEN, 16, Bld, des Filles du Calvaire, PARIS.**
**Tel. Roq. 22-11.**

קאָמיטעט פון דעם „יזכור־בוך" ביי דער
כעלעמער סאָסיעטע אין פּאַריז.

**ענלעכע בוך־קאָמיטעטן זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אויך אין אויסטראַליע, קאַנאַדע, ישראל א.א., וואָס האָבן אַריינגעשיקט מאַטעריאַלן, פאָטאָגראַפיעס, באַשרייבונגען און גביות־עדות פון חורבן, און אויך געלט.**

**די פאַראינטערעסירונג מיטן יזכור־בוך איז געוואָרן אָפּגעמערקט צווישן אַלע לאַנדסלייט אין דער יידישער וועלט. אין אַמעריקע האָט זיך געשאַפן אַ ספּעציעלער „כעלמער יזכור־בוך קאָמיטעט", וואָס האָט אָפּגעדרוקט דעם פאָלגענדיקן רוף:**

## „כעלמער יזכור בוך קאָמיטעט אין ניו־יאָרק
## CHELMER MEMORIAL BOOK COMMITTEE

**אינדאָנסירט פון:**
**כעלמער ברענטש 585 ארבעטער רינג, ערשטער כעלמער ברודערליכער אונטערשטיצונג פאַריין.**

### טייערע לאַנדסלייט פון כעלם און אומגעגנד:

דער כעלמער יזכור־בוך גייט אין גיכן שוין אריין אין דרוק. דאָס דאָזיקע בוך וועט זיין אַ מאָנומענט, אַ קאָלעקטיווע מצבה נאָך אונדזער געבוירנשטאָט כעלם, נאָך די פאַרשניטענע אכצן טויזנט לעבנס פון אונדזערע עלטערן, שוועסטער, ברידער, קרובים און פריינד, וואָס זיינען געפאַלן דורך דער בלוטיקער האַנט פונעם רוצח היטלער, ימח שמו חכרו. אַ חוץ דעם וועט דאָס יזכור־בוך אויך אָפּשפּיגלען די ווייטע ווי די נאָענטע פאַרגאַנגענהייט פון כעלם, ווו ס'איז געשטאַנען אונדזער וויגעלע.

עס זיינען אויפגעזאַמלט געוואָרן וויכטיע און אינטערעסאַנטע היסטאָרישע מאַטעריאַלן, זכרונות, מאָנאָגראַפיעס, געשיכ־

טעס און א סך וויכטיקע בילדער פון אונדזער אור־אלטער יידי־שער שטאָט, ווי אויך דאָס בלוטיקע טרויעריקע קאַפּיטל פון דעם אומקום פון די יידן אין כעלם און אומגעגנט.

מיר גיבן אייך איצט די לעצטע געלעגנהייט זיך איינצושאַפן דאָס דאָזיקע יזכור־בוך, ווייל דרוקן וועט מען אַזויפיל ביכער, וויפיל מ'וועט אין פאָרויס אָבאָנירן אָדער באַשטעלן. מוזט איר דעריבער זען צושיקן אייערע 5 דאָלאַר אָדער מער צו אונדזער טרעזשורער א. ראָזענבוים. איר קאָנט באַשטעלן מער ווי איין בוך — עס וועט ביי יעדן, אפילו נישט קיין כעלמער, זיין א זייער אָנגעלייגטע מתנה; איז דאָך כעלם פון אור־אלטע צייטן אָן דער צייכן פון שאַרפן וויץ און האַרציקער פרייליעכקייט ביי יידן אויף דער גאַנצער וועלט.

כדי אונדזער יזכור־בוך זאָל ארויסקומען אזוי אימפּאַזאַנט, ווי אזא בוך פאַרדינט, פעלט נאָך א היבשע סומע געלט. ס'האָט אריינגעטריבן אין א סך גרעסערע אויסגאַבן, ווי מ'האָט פריער געקאָנט פאָרויסזען. פּאַקטיש וועט א בוך אָנטרעפן נאָענט צו 8 דאָלאַר. אויף דעם חשבון איז א גרעסערע סומע געלט שוין גע־שאַפן געוואָרן פון אָרגאַניזאַציעס און יחידים אין אלע עקן וועלט, איינגעשלאָסן ניו־יאָרק ארום 600 דאָלאַר. אינטערעסאַנט איז דער פאַקט, וואָס דער קליינער ישוב כעלמער אין פּאַריז האָט ביי־געטראָגן כמעט 2 מאָל אזוי פיל ווי ניו־יאָרק אין צאָל אָבאָנענטן און באַשטייערונגען.

איבערהויפּט איז דאָס יזכור־בוך געווידמעט צו פאַראייביקן די נעמען פון אונדזערע קדושים. מיט א מינימום פון 10 דאָלאַר און העכער קאָן יעדער לאַנדסמאַן שטעלן אַ מצבה זיינע נאָענטע.

די שטאָט כעלם איז יידן־ריין, דער בית־עולם איז צעשטערט. די אַש פון אונדזערע כעלמער יידן און אומגעגנט, וועלכע זיינען פאַרברענט געוואָרן אין סאָביבאָר (צווישן כעלם און וולאָדאַווע) אָדער אַנדערע קרעמאַטאָריעס, האָבן בייזע ווינטן צעטראָגן אויף אלע זיבן ימים. בלויז אין אונדזערע הערצער לעבט דער אָנדענק פון די קדושים. לאָמיר אויפשרייבן און אָפּדרוקן די הייליקע נעמען פון אונדזערע נאָענטע און טייערע אין דעם יזכור־בוך, וועלכער וועט זיך געפינען אין אלע ביבליאָטעקן פון דער גאַנצער וועלט, אין אלע הייזער פון אונדזער כעלמער לאַנדסלייט אין אלע לענדער, ווו נאָר זיי געפינען זיך.

לאָמיר פאַראייביקן זייערע נעמען און אזוי ארום נישט דער־לאָזן אז זייער געדעכעניש זאָל אָפּגעמעקט ווערן פון דער וועלט, ווי ס'האָט געוואָלט דער רוצח היטלער, ימח שמו. אויך נעמען פון לאַנדסלייט וועלכע זיינען געשטאָרבן אין אַמעריקע אָדער ערגעץ אַנדערש דאַרפן פאַראייביקט ווערן אין דעם בוך. איילט זיך צו און לאָזט אונדז וויסן איידער ס'וועט זיין צו־שפּעט. מיר ווילן, איר זאָלט וויסן, אז ווען נישט דער גאָר קליינער כעלמער ישוב אין יאָהאַניסבורג, אין דעם ווייטן דרום־אפריקע, וואָלט קיין כעלמער יזכור־בוך גאָר קיינמאָל נישט ארויס. זיי אין דרום־אפריקע האָבן אויף זיך פריוויליק גענומען די קאָלאָסאַלע שווערע אויפגאַבע. און מיר — לאָמיר זיי ווינציקסטנס העלפן צו פאַרענדיקן אָט די הייליקע ארבעט.

מאַכט אויס אַ טשעק אָדער מאַני אָרדער אויפן נאָמען פון **CHELMER MEMORIAL BOOK COMMITTEE** און שיקט אין דעם בייגעלייגטן קאָנווערט, ווי איר קאָנט באַקוועם

## מיטגלידער פון בוך־ און רעדאַקציע־קאָמיטעט



זיצנדיק פון רעכטס : — הערש שישלער, הערש האַנדעלסמאַן (פּאַרזיצער), י. פּאַלמאַן (קאַסיר).
עס שטייען : — עקיבא חיניק, ה. י. מאַנטי (סעקרעטאַר), ישראל זיגלבוים און נחום חיניק.

אַנוייזן די צאָל ביכער, וואָס איר באַשטעלט, ווי אויך די נעמען וואָס איר ווילט האָבן פאַראייביקט אויף דער קאָלעקטיווער מצבה.

מיט דרך ארץ,
**כעלמער יזכור־בוך קאָמיטעט**
**אין ניו־יאָרק**

**ב. בינשטאָק, חזן י. ברייטמאַן, ק. גאָלדמאַן, י. הערצמאַן, ש. חאַסער־מאַן, ש. חינער, שרה חאַדזילאָחסקי, י. יאָרפעסט, י. מיטעלמאַן, א. ראַ־זענבוים, מ. שטיין."**

**A. ROSENBAUM, Treasurer**
**3971 Governeur Avenue**
**Bronx 63, N. Y.**
**Phone: Kingsbridge 6-3478**

**עס איז אויך אויסגענוצט געוואָרן די געלעגנהייט פון ישראל זיגלבוים'ס באַזוך אין די לענדער פון דרום־אַמעריקע. ער האָט פאַראינטערעסירט די דאָרטיקע כעלעמער לאַנדסלייט מיטן בוך און אויך דעם פאַרלאַג פון „דאָס פוילישע יידנטום", ווייל ס'איז ביי אונדז געווען די מחשבה אָפּצושיקן די אַלע מאַטעריאַלן אין אַרגענטינע, אז דער אויבן־דערמאָנטער פאַרלאַג זאָל דרוקן דאָס בוך, אָבער צוליב טעכנישע סיבות האָט דער דאָזיקער געדאַנק ניט געקאָנט רעאַליזירט ווערן.**

**אין 1951 איז עקיבא וויניק געווען אויף אַ באַזוך אין ישראל, וואָס האָט אַ סך צייט אָפּגעגעבן צו זאַמלען מאַטעריאַלן פאַרן „יזכור־בוך". עס איז פאַררופן געוואָרן ספּעציעל וועגן בוך אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון כעלעמער לאַנדסלייט אין ישראל.**

**נ. וויניק, אויף זיין נסיעה קיין ישראל און אייראָפּע, האָט פּאָ־פּולאַריזירט די אידיי פון יזכור־בוך צווישן די לאַנדסלייט און זיך באַמיט צו באַקומען מאַטעריאַלן פאַרן בוך.**

**דער כעלמער „הילפס־פאַראיין" אָדער די „כעלעמער לאַנדס־מאַנשאַפט" אין דרום־אַפריקע האָט מיט אַ יאָר צוריק אויס־געטיילט אַ בוך־ און רעדאַקציע־קאָמיטעט אין פאָלגענדיקן צו־זאַמענשטעל: יוסף מילנער, הערש שישלער, ה. י. מאָנטי, עקיבא וויניק, נחום וויניק, הערש האַנדעלסמאַן, י. פאַלמאַן, ישראל זיגל־בוים.**

**עס איז איינגעלאַדן געוואָרן צו רעדאַקטירן און צוזאַמענ־שטעלן דאָס יזכור־בוך דער פּעדאַגאָג און רעדאַקטער, מ ל ך ב אַ ק אַ ל ט ש ו ק פ ע ל י ן.**

**געוויס איז די אונטערנעמונג צו אַרויסגעבן דאָס יזכור־בוך געווען צו־געוואָגט מצד אַזאַ קליינער גרופּע כעלעמער אין דרום־אַפריקע און עס האָט זיך געפאָדערט אַ סך לייסטונגען און אָנ־שטרענגען. מיר האָבן אַליין ניט פאָרויסגעזען די שוועריקייטן וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיטן אַרויסגעבן אַזאַ מין בוך, און דעריבער האָט עס ניט געקאָנט דערשיינען צו דער אָנגעמערקטער דאַטע. אויך האָבן מיר ניט באַקומען קיין מאַטעריאַלן פון די שטעטלעך, הגם מיר האָבן זיך עטלעכע מאָל געווענדט צו יחידים און דורך דער פּרעסע.**

**אַן אינטערעסאַנטע נאָטיץ א.נ. „דער כעלעמער אינטערנאַ־ציאָנאַל" — אין שייכות מיטן כעלעמער יזכור־בוך — איז פאַר־עפנטלעכט געוואָרן אין פּאַריזער צייטונג „אַרבעטער־וואָרט" פון א. בריקסמאַן:**

„... די יידישע טראַגעדיע האָט באמת קיין גרענעץ ... אין יאָהאַנעסבורג איז מען צוגעטראָטן צו דרוקן אַ „יזכור־בוך" פון כעלם. כדי צו שאַפן אַזאַ „יזכור־בוך" האָט עס נישט געקאָנט מאַכן אַ גרופּע לאַנדסלייט פון יאָהאַנעסבורג אַליין. ס'האָט אי־בערגעשטיגן זייערע מיגלעכקייטן. און אַרום דעם „יזכור־בוך" האָבן זיך גרופּירט כעלעמער פון ניו־יאָרק און טשיקאַגאָ, פון ישראל, פון פראַנקרייך, פון קאַנאַדע, פון אַרגענטינע, פון מעקסי־קע, פון קובא, פון אויסטראַליע. אַן אמתער „קיבוץ גלויות" פון יידן פון אַ יידיש שטעטל אין פוילן, וואָס האָבן זיך צעזייט און צע־שפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. די גרופּירונג האָט אַרויסגע־רופן צווישן די לאַנדסמאַנשאַפטן אַ גרויסע און אינטענסיווע קאָ־רעספּאָנדענץ. מען איז געוואָויר געוואָרן, ווי דער, יענער, אָדער אַן אַנדערער „כעלעמער" לעבט. עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ קאָנטאַקט. עס איז באַשאַפן געוואָרן אַ סאָלידאַריטעט. אַזאַ פאַקט איז נישט צו פאַרגעסן און נאָכמער נישט צו פאַרנאַכלעסיקן. עס קאָן געשאַפן ווערן אַ באַדן פאַר אַ פעדעראַציע פון יידישע לאַנדסמאַנשאַפטן אויף אַ וועלטלעכן מאַסשטאַב. ס'קאָן באַשאַפן ווערן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אַרומנעמען פיל לענדער, אַ „ועד" פון פיל „ארצות", וואָס קאָן האָבן אַן איינפלוס סיי אין קולטורעלן זין און סיי אין מאַטעריעלן זין, קורץ אַ „כעלעמער אינטערנאַציאָ־נאַל".

**אַ קליינע צאָל כעלעמער יידן איז עד היום דאָ אין דרום־אַפרי־קע, אין גאַנצן אַ פּאָר מנינים. די האַרבע אימיגראַציע־געזעצן פון דער דרום־אַפריקאַנער רעגירונג און דער אויסברוך פון 2־טן וועלט קריג האָבן ניט דערמיגלעכט אַראָפּצוברענגען קרובים און פריינד פון כעלם. נאָר אַ פּאָר יחידים איז געלונגען אַריינצוקומען אין לאַנד נאָכן לעצטן קריג. אָבער ניט געקוקט אויף דער קליי־נער כעלעמער קאָלאָניע אין דרום־אַפריקע, איז זי דאָך אַקטיוו אויף אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן.**

**דאָס רוב פון די כעלעמער אימיגראַנטן זיינען געווען אין דער היים גוטע בעלי־מלאכות און האַרעפּאַשניקעס. אין די ערש־טע אַזויגערופענע „גרינע" יאָרן האָט יעדער לאַנדסמאַן געדאַרפט שווער אַרבעטן צו מאַכן אַ לעבן. דערנאָך האָבן אַ סך פון אונדז זיך „אַרויפגעאַרבעט". איייניקע האָבן זיך דערשלאָגן צו סטאַבילע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. פון דעסטוועגן די פּשטות און פאָלקס־טימלעכקייט איז ניט פאַרשוואונדן אפילו ביי די בעסערע עקאָנאָמי־שע באַדינגונגען, אויך די יידישע שפּראַך איז אויפגעהיט געוואָרן אין די הייזער פון כעלעמער יידן. אייניקע פון אונדז פאַרנעמען גאָר אַן אָנגעזעענעם אָרט אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע**



מלך באַקאַלטשוק־פעלין

אינסטיטוציעס. כעלעמער יידן אין דרום־אפריקע רופן זיך אָפּ מיט הילף און מיט מעשים פאר אלע קאַמפּיינס און אונטערנעמונגען.

אין משך די אַלע יאָרן פון דער עקסיסטענץ פון „כעלמער הילפס־פאראיין" אָדער די „כעלעמער לאנדסמאנשאפט" זיינען אויך געשטאַנען אַקטיוו ביי דער ארבעט די פּאַלגענדיקע פּערזאָנען, וואָס זיינען שוין שוכני עפר:

## דוד אלטער ז״ל



דוד אַלטער ע״ה

איז געווען פון די ערשטע כעלעמער פּיאָנערן אין דרום־אפריקע, וואָס אַ דאַנק אים איז אַנטשטאַנען די כעלעמער קאָלאָניע אינעם וויטן דרום־אפריקע. ער איז געקומען אין דרום־אפריקע אין די צוואַנציקער יאָרן מיט א קאָלאָסאַלער אונטערנעמונג־קראפט. ער האָט אין יענע יאָרן אלס „גרינער" געשאַפן אַ פאַבריק פון מעבל, שפּעטער איז ער אריבער אין דער בוי־אינדוסטריע און וועלכער ער האָט פּראָגרעסירט. ער האָט אלעמאָל ארויסגעוויזן אינטערעס פאר זיין היימשטאָט כעלם און זיינע בני־עיר, גענומען אַן אנטייל אין דער ארבעט פון דער „כעלעמער לאַנדסמאַנשאַפט". ער איז פריצייטיק, אין עלטער פון 48 יאָר, געשטאָרבן.

כבוד זיין אָנדענק!

## פאַניע זיגלבוים ז״ל



פאַניע זיגלבוים, ע״ה.

אין די שענסטע יאָרן פון איר לעבן איז זי אוועקגעריסן געוואָרן. זי איז געווען אונדזער אלעמענס באַליבטע און איבערגעגעבענע טוערין פון דער „כעלעמער לאנדסמאנשאַפט".

זי איז געווען איינע פון די אַקטיוווסטע און איבערגעגעבנסטע פרויען פון דער „כעלעמער לאַנדסמאַנשאַפט", וואָס האָט ארויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס פאר דער כעלעמער יידישער אָרעמקייט, אָפּגעבנדיק פיל מי און צייט ביי יעדע דורכגעפירטע הילף־אַקציע פון דער „כעלעמער לאַנדסמאַנשאַפט".

פאַניע זיגלבוים האָט אויך ארויסגעוויזן אַ גרויסע אקטיוויטעט פאַר אונדזערע יידישע געזעלשאַפטן און אינסטיטוציעס אין יאָהאַנעסבורג.

כבוד איר אָנדענק!

## בעריש בידערמאַן ז״ל



לייבוש בידערמאַן ע״ה, פאָטער פון פאַרשטאָרבענעם בעריש בידערמאַן.

איז געווען אַקטיוו צו שאַפן די ערשטע סומע געלט, וואָס איז אוועקגעשיקט געוואָרן אין דער אַלטער היים. ווען ס'איז געגרינדעט געוואָרן דער „כעלמער הילפס־פאַראיין" איז ער געווען איינער פון די אַקטיווסטע גרינדער און טוער.

בעריש בידערמאַן איז אין אונדזער כעלעמער קאָלאָניע געווען זייער באַליבט און שטאַרק געשעצט הן צוליב זיינע שיינע מידות און הן צוליב דעם, וואָס ער האָט דאָ אין דרום־אַפריקע אויפגעהיט זיין כעלעמער לעבנשטייגער. געווען אַ שלימותדיק רעליגיעזער ייד און אָפּגעהיט די יידישע טראַדיציע און רעליגיעזע פירונג אין כעלם. ער האָט מיט זיין האַלטונג אין יידישקייט דערמאָנט יעדן כעלעמער לאַנדסמאַן די פּאַטריאַרכאַלע שיינע תמימותדיקע געשטאַלטן און טיפן פון כעלם.

יהי זכרו ברוך!

* * *

די „כעלעמער לאַנדסמאַנשאַפט איז עד־היום אין קאָנטאַקט מיט די כעלעמער לאַנדסלייט און שיקט זיי הילף, אָבער דאָס יזכור־בוך איז געוויס די קרוין פון אַלע אונדזערע אויפטוען. מיר וואָלטן אָבער אַן דער הילף פון די לאַנדסמאַנשאַפטן אין די תפוצות און אין ישראל ניט געקאָנט רעאַליזירן די דאָזיקע אידיי.

אונדזערע ווענדונגען און בריוו האָבן געהאַט אַ ווארעמען אָפּרוף ביי אלע כעלעמער פון אומעטום, און דאָס האָט אונדז געמוטיקט אין דער ארבעט, וועלכע איז געווען זייער א שווערע, ווען מען נעמט אין אַכט די קליינע צאָל משפחות כעלעמער אין דרום־אפריקע.

בן בינשטאָק, ניו־יאָרק

# כעלם אין אמעריקע

די עמיגראַציע פון כעלעמער יידן קיין אמעריקע דאַרף איינגעטיילט ווערן אין צוויי אויסוואַנדערונג־פּעריאָדן:

1) די ערשטע עמיגראַציע, וואָס איז אָנגעגאַנגען ביז 1905;
2) די צווייטע עמיגראַציע, וואָס איז אָנגעגאַנגען פון 1905 ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה.

די ערשטע עמיגראַציע האָט געבראַכט קיין אמעריקע יידן „ריזיקאַנטן", ד.ה. כעלעמער יידן, וועלכע האָבן ריזיקירט און זיינען „אַוועק קיין אַמעריקע"; יידן, וועלכע האָבן „געמוזט אַנטלויפן" פון כעלם, ווו „די ערד האָט געברענט אונטער זייערע פיס"; יידן, וואָס זיינען געלאָפן זוכן „גליקן אין אַמעריקע"; עס זיינען אנטלאָפן יידן נאָך דער „שבועה", ווייל זיי האָבן ניט געוואָלט גיין „דינען פאָניען".

די צווייטע עמיגראַציע האָט זיך אָנגעהייבן אין די יאָרן 1905—1906, נאָכן דורכפאַל פון ערשטן רעוואָלוציאָנערן אויסברוך אין צאַרישן רוסלאַנד. כעלעמער יידן — צוגלייך מיט יידן פון אלע אנדערע שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד און פּוילן — זיינען געפאָרן אין יענע יאָרן מאַסנוויז, ווייל זיי האָבן מער ניט געקאָנט אָדער ניט געוואָלט לעבן אונטערן שווערן צאַרישן רעזשים. צווישן זיי האָבן זיך געפונען סאָציאַליסטן, רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן געלעבט אין שאָטן פון ארטיקל 102, וואָס האָט געמיינט לאַנגע יאָרן קאַטאָרגע; באַוווסטזיניקע ארבעטער, אינטעליגענטן און משכילים, וואָס האָבן זיך געפילט דערנידעריקט און געפאַלן אונטער די ספּעציעלע אויסנאַם־געזעצן.

ווען דאָס נייע אומאָפּהענגיקע פּוילן איז אויפגעקומען נאָכן ערשטן וועלט־קריג, האָט זיך אָנגעהייבן פאַר יידן א צייט פון נייע רדיפות: שניידן יידישע בערד מיט שווערדן, וואַרפן יידן פון די באַנען, עקסצעסן, פּאָגראָמעלעך און פּאָגראָמען. ס'איז געווען א צייט פון גראבסקי'ס טרויעריק־באַרימטער „עגלה", וואָס האָט געריבט יידיש פארמעגן פאַר שטייערן און די פּוילישע עקאָנאָמיע האָט פּראָקלאַמירט אַ „סוואָי דאָ סוואָיעגאָ" און „זשידזשי דאָ פּאַלעסטיני"־פּאָליטיק. פון איין זייט — די עקאָנאָמישע באַגרענצונגען, דאָס איזדיעקעווען זיך איבער יידן, און פון דער אנדערער זייט — דאָס בענקען פון די כעלעמער לאַנדסלייט אין אמעריקע נאָך זייערע קרובים און פאַמיליעס איז געוואָרן די טרייבקראַפט פון דער לעצטער כעלעמער מאַסן־עמיגראַציע קיין אמעריקע.

אין דער צווייטער עמיגראַציע איז דער עלעמענט כעלעמער לאַנדסלייט געווען אַ ייִנגערער און מאָדערנערער; דאָס זיינען כעלעמער מיט אַ סטאַזש פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, מענטשן מיט אחריות פארן כלל, וואָס האָבן געהאַט אַ געזונטן איינפלוס אויף די היגע לאַנדסלייט און עקסיסטירנדיקע כעלעמער געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין אַמעריקע.

* * *

די נאָדל־בראַנזשע אין אמעריקע, וועלכע איז קאָנצענטרירט אין ניו־יאָרק, האָט איינגעשלונגען די גרויסע מערהייט יידישע עמיגראַנטן פון יענער צייט.

אונדזערע כעלעמער לאַנדסלייט פון דער ערשטער עמיגראַציע האָבן — מיט קליינע אויסנאַמען — מיטגעבראַכט מיט זיך זייער אַן אָרעמען גייסטיקן באַגאַזש.

די ערשטע צען יאָר פון היינטיקן יאָרהונדערט זיינען געווען אין לאַנד — בעיקר אין ניו־יאָרק — יאָרן, ווען „ס'שניידן די ציין": פּיאָנערן־יאָרן, וואָס האָבן אַוועקגעלייגט זייער שטעמפּל אויף די אריבערגעקומענע. אונדזערע כעלעמער האָבן זיך „געקאָכט" אין אַמעריקאַנער שמעלץ־טאָפּ־אָלרייט, אָבער ארויסגעקומען זיינען זיי בלויז אויסערלעך צעקאָכט. אמעריקע, דאָס לאַנד פון אומבאַגרענעצטע מיגלעכקייטן, האָט א טייל פון יענעם עלעמענט עמיגראַנטן געהאָלפן ווערן רייך, אָבער בלויז מאַטעריעל.

די שיינע אמעריקאַנער דעמאָקראַטישע מידות, טראַדיציעס, די אמעריקאַנער הערלעכע געשיכטע, ליטעראַטור, קונסט און וויסנשאַפט — פון די דאָזיקע קוואַלן האָבן אונדזערע כעלעמער (מיט קליינע אויסנאַמען) — זייער ווייניק געטרונקען. שטיקלעך און ברעקלעך אַזוי־גערופענע היגע מנהגים און טיילוויז דעמאָקראַטישע איינפירן האָבן אונדזערע כעלעמער זיך יאָ צוגעאייגנט און דערמיט יוצא געווען. און אַזוי האָט זיך אויסגעפאָרמירט א מין ניט־דערקאָכטער און ניט־דערבאַקטער האַלב־כעלעמער־האַלב־אמעריקאַנער עלעמענט.

די שווערע „גרינע" יאָרן, וואָס די מערהייט עמיגראַנטן מאַכן דורך, האָבן דערנענטערט און פאַראייניקט די כעלעמער לאַנדסלייט. דער עלנט, די איינזאַמקייט און די „בענקעניש אהיים" האָבן צוזאַמענגעבראַכט אונדזערע בני־עיר אונטער איין דאַך, ווו זייערע אלגעמיינע פּראָבלעמען און כלל־נויטן, זייערע טאָגטעגלעכע דאגות און זאָרגן פלעגן דעבאַטירט ווערן אויף א ספּאָנטאַנעם אופן.

אָט די דאָזיקע בשותפותדיקע פּראָבלעמען האָבן דערפירט צו דער גרינדונג פון „ערשטן כעלעמער ברודערלעכן אונטערשטיצונג־פאַראיין" אין יאָר 1906.

די אויפגאַבן און צילן פונעם פאַראיין זיינען פאַרבליבן כמעט עד היום די זעלביקע:

1) שטיצן דעם אָנגעשלאָסענעם „ברודער" אין פאַל פון נויט (איינשליסלעך מתן בסתר);
2) אים העלפן אין פאַל פון קראַנקהייט, חלילה;
3) העלפן אין טויט־פאַל, ווען די סאָסייטי באַזאָרגט מיט לוויה־הוצאות, א קבר און 1 דאָלאַר פאַר יעדן אָנגעשלאָסענעם מיטגליד ווערט אויסגעצאָלט צו דער אלמנה.

די אלע אויסגערעכנטע פאַרזיכערונגען זיינען די מינימאַלסטע, וואָס יידישע סאָסייטיס אין אמעריקע באַזאָרגן פאַר זייערע מיטגלידער.

בלויז דריי פון די גרינדער פון כעלעמער אונטערשטיצונג־פאַראיין לעבן נאָך היינט — ביז 120 יאָר — אין ניו־יאָרק.

ש ל ו ם ל ע ד ע ר ע ר, איינער פון די הויפּט־גרינדער פון דער סאָסייטי, איז געווען איינער פון אונדזערע אינטעליגענטסטע לאַנדסלייט פון דער ערשטער עמיגראַציע. ער האָט געשריבן פילבאַנדיקע אינטערעסאַנטע דערציילונגען און ראָמאַנען. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 92 יאָר, אין 1952.

אין און ארום דער סאָסייטי האָבן אונדזערע כעלעמער לאנדסלייט פון יענער צייט זיך אויסגעלעבט געזעלשאפטלעך אויף זייער היימישן שטייגער. טיר־און־פענצטער זיינען געווען פעסט־צוגעמאַכט פאר אלע אינטערנאציאָנאלע און נאציאָנאלע אמעריקאנער פּראָבלעמען.

די סאָסייטי האָט — חוץ די אויבן־דערמאָנטע התחייבותן — אויך געזאָרגט „צופרידנצושטעלן" די מיטגלידער גייסטיק. צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל פלעגט די סאָסייטי אָרגאַניזירן

אַ פּיקניק אין פּאַרק אויף אַ זומערדיקן זונטאָג, וווּ יעדער איינער האָט מיטגעבראַכט אַ פּעקל עסן. די סאָסייטי האָט געשטעלט א פעסל ביר, און צוזאמען מיט לאנדסלייט פון אנדערע שטעט און שטעטלעך האָבן אונדזערע כעלעמער „געהוליעט" א גאנצן טאָג אין „פּארק".

די סאָסייטי פלעגט פּראַווען א סעודה, א מין מלווה מלכה, וואָס פלעגט געוויינטלעך פאָרקומען יעדן ערשטן און דריטן זונטאָג פון חודש נאָך דער פארזאמלונג. דער עולם פלעגט קומען, ווייל ס'איז געווען א גוט־צוציאונג־מיטל, און מען פלעגט זיך גאַנץ גוט פארוויילן.

די גרעסטע און וויכטיקסטע אונטערנעמונג, וואָס די כעלעמער סאָסייטי פלעגט דורכפירן, איז געווען דער יערלעכער באל, ווינטערצייט. דער דאָזיקער באַל איז אַראַנזשירט געוואָרן אין א גרויסן, שיינעם זאל מיט א שיינעם מוזיק־אָרקעסטער. אונדזערע לאנדסלייט מיט זייערע פרויען האָבן זיך דאָרט געפילט ווי אויף אַן אייגענער חתונה — מעשה הויפּט־מחותנים, און מען האָט פּאַראַדירט ביים וועלן איבערשטייגן איינע די אנדערע; מען האָט זיך געפרייט און פּשוט מחיה געווען, ווען א „גרינע" פּאמיליע האָט זיך באוויזן אין זאַל. אלע זיינען דאן געווען גרייט צו „טון איינִיגעס", געקלאַפּט דעם „גרינעם" איבער דער פּלייצע און גערעדט צו אים אויף „ענגאליש".

דער אַראַנזשיר־קאָמיטעט האָט געטראָגן ברייטע קאָלירטע לענטעס — ווי גענעראלן — און זשעטאָנען מיטן אויפשריפט — „קאָמיטעט", — צוגעשפּיליעט צום לאַץ. זיי פלעגן ארומהאַווען אין זאַל, האלטן אָרדענונג און מאכן הקפות מיט דער אמעריקאַנער און מיט דער סאָסייטי־פאָן.

אָט די דאָזיקע פּראָצעדור — איינע פון א סך, וואָס אונדזערע כעלעמער לאַנדסלייט האָבן ערגעץ אויסגעפונען און איינגעפירט אלס א טייל פון זייער געזעלשאפטלעכן ריטואל — האָט נישט נושא חן געווען אין די אויגן פון די יינגערע כעלעמער עמיגראנטן. דורך די דאָזיקע ריטואלן און מאָדנע אויפפירונגען האָבן אונדזערע אלטע כעלעמער לאנדסלייט פון יענער צייט געוואָלט, אייגנטלעך, אָנדייטן אויפן נייעם שטייגער לעבן פון פרייען לאנד אַמעריקע.

די רעגולערע סאָסייטי־פארזאמלונגען צוויי מאָל א חודש זיינען געפירט געוואָורן לויט פּאָפּולער פּאַרלאַמענטאַרישע כללים.

די טאָג־אָרדענונג — אַ שטרענג־לאָקאַלע — פלעגט זייער היציק דעבאַטירט ווערן. די פראגע, צי דער אָדער יענער ברודער־לאנדסמאן איז בארעכטיקט צו קריגן אויסגעצאָלט זיין קראנקן־פארזיכערונג, פלעגט הייס דעבאטירט ווערן אָפּטמאָל ביז שפּעט אין דער נאַכט. איין ברודער באריכטעט, אז ער האָט דעם קראנקן ניט געטראָפן אין דער היים; א צווייטער דערציילט, אז ער האָט אים גאָר געטראָפן עסן א שיסל „קליסקעלעך מיט בעבעלעך". אַלע אונדזערע ברידער קוקן זיך איבער און מורמלען: אָ!... קליסקעלעך!... בעבעלעך!...

אָט די דאָזיקע דעבאַטעס האָבן ניט אינטערעסירט דעם יינגערן עלעמענט, וועלכער האָט גענומען „לויפן" קיין אמעריקע אָנהייבנדיק 1905. צווישן אָט די דאָזיקע כעלעמער עמיגראנטן האָבן זיך שוין געפונען גאנץ הויך־אינטעליגענטע לאנדסלייט, וועלכע האָבן גאנץ גוט און קלאָר פארשטאנען די נייע וועלט און צייט אין וועלכער זיי האָבן געלעבט. פארשטענדלעך, אז פאר די נייע אריבערגעקומענע איז נישט געווען גענוג די געזעלשאפטלעכקייט פון „ערשטן כעלעמער ברודערלעכן אונטערשטיצונג־פאראיין", און די נייע עמיגראַנטן האָבן אָרגאַניזירט אַ יוגנט־קלוב, וועלכער איז אין יאָר 1916 עטאַבלירט געוואָרן אלס דער פּראָגרעסיווער כעלעמער ברענטש (צווייג) 585 אַרבעטער־רינג.

די פאָלגענדיקע פּרינציפּן־דערקלערונג (איבערגעדרוקט פון א זשורנאל), געשריבן פון דעם שרייבער פון די שורות, ווייזט אָן אויף דעם נייעם, ברייטן געזעלשאפטלעכן פארנעם מיט וועלכן דער יינגערער עלעמענט כעלעמער לאַנדסלייט האָט זיך פארנומען און געלעבט:

## 16 יאָר געזעלשאַפטלעכע אַרבעט פון כעלעמער ברענטש 585 א. ר.

אונדזער ברענטש איז א רינג אין דער גרויסער קייט פון סאָציאל־פּאָליטישע אָרגאַניזאציעס, וואָס דער נאָך „מלחמה־פּעריאָד" האָט אָנגעטראָפן און זייער נייטיק באדארפט.

ארבייטער פּראָבלעמען, סאי נאַציאָנאל אידישע, סאי אינטערנאציאָנאלע, פראגן און געשעענישן, וואָס האָבן א געזעלשאפטלעך־עקאָנאָמישן אָדער קולטורעלן ווערט פארנעמען דעם אויבן אָן בא אונדזערע מיטינגען.

א דאַנק דעם אידעאליזם און אינטעליגענץ פון די אַקטיווע מיטגלידער זיינען אונדזערע מיטינגען אינטערעסאנט, לעבעדיק, און האָבן אַ סאָציאל־פּאָליטישן דערציאונגס־ווערט.

אונדזערע נאציאָנאלע אָריענטאַציעס, אין ליכט פון רעוואָלוציאָנערע ענטוויקלונגען, זיינען קלאָר און קאָנסעקווענט.

מיר שטיצן מאַטעריעל: ארבייטער קאַמפן, קינדערשולן, פארשיידענע „הילף" אונטערנעמונגען דאָ אין לאַנד און אין דער אלטער היים.

אונדזער ברענטש באַקעמפט שטאַרק געזעלשאַפטלעכע אַפּאַטיע, פּוסטקייט און איינטאָניקייט, וואָס באדראָעט לעצטנס די עקזיסטענץ פון א סך ענלעכע אָרגאַניזאַציעס.

דער „כעלמער פרויען קלוב", וואָס אונדזער ברענטש האָט נישט לאַנג צוריק אָרגאַניזירט, שפּרודלט מיט אקטיוויטעט און קאמפּספעהיגקייט; אָט דער זשורנאל און באַל וואָלט נישט געווען מעגלעך אָן דעם כעלמער פרויען קלוב.

מיר באגריסן האַרציק אלע אונדזערע פריינט, סימפּאַטיקער און מיטגלידער. מיר דאנקן פאר אלע קאָמפּלימענטן, וועלכע זיינען געדרוקט אין דעם זשורנאַל.

מיר רופן: שליסט זיך אָן אלס מיטגלידער אין אונדזער ברענטש".

ניט דאָ איז דאָס פּלאַץ צו פאַרצייכענען און אויסרעכענען די נעמען פון אלע יחידים־לאַנדסלייט, וואָס האָבן דורך זייערע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן זיך דערוואָרבן אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דעם אמעריקאנער און יידישן געזעלשאפטלעכן לעבן.

* * *

די כעלעמער לאנדסלייט אין אמעריקע, און איבערהויפּט די כעלעמער קאָלאָניע אין ניו־יאָרק האָבן צו פארצייכענען א הערלעכן קאַפּיטל געשיכטע פון געזעלשאפטלעכע טעטיקייטן, פון מסירת־נפשדיקער הילף־ארבעט פאר די לעצטע 35 יאָר.

מיטגלידער פון כעלעמער א. ר. ברענטש 585, ווו עס האָבן זיך גרופּירט די יינגערע, אינטעליגענטערע עלעמענטן פון כעלעמער לאנדסלייט, האָבן באאיינפלוסט און אָנגעפירט מיט אָט דער געזעלשאפטלעכער טעטיקייט אין משך פון די ברויזנדיקע און בלוטיקע געשעענישן פון די לעצטע 30—35 היסטאָרישע יאָרן.

די מיטינגען פון דעם כעלעמער א. ר. ברענטש 585 ווערן געפירט אויפן העכסטן פּאַרלאַמענטאַרישן אופן. דאָרט, ביי די מיטינגען, וואָס קומען פאָר צוויי מאָל יעדן חודש, פלעגן זיך אָפּשפּיגלען כמעט אלע וויכטיקע אמעריקאנער, יידישע און ארבעטער

פּראָבלעמען — סיי נאַציאָנאלע, סיי אינטערנאציאָנאלע. די דע־באַטעס ביי די דאָזיקע מיטינגען פלעגן אָפט טראָגן א הויך־אַקאַ־דעמישן, באלערנדיקן כאראקטער.

געפינענדיק זיך שטענדיק אין קאָך פון געזעלשאפטלעכע אַקטיוויטעטן, האָבן די מענטשן פּלאַנירט, געוועקט און גערופן די כעלעמער לאנדסלייט נישט צו שטיין פון דער ווייטנס, נאָר צו נעמען אַן אַקטיוון אַנטייל אין די גרויסע היסטאָרישע געשעע־נישן פון אונדזער תקופה.

פארשטייט זיך, אז אזא גרופּע יונגע מענטשן האָט ניט אויסגעמידן די מגפה פון צעטיילונג אויף רעכטע און לינקע.

דער כעלעמער א. ר. ברענטש 585 איז געווען די ערשטע אָרגאַניזאַציע אין אמעריקע צו קויפן אַן ארץ־ישראל־אָבליגאציע, כאָטש בלויז עטלעכע מיטגלידער זיינען געווען ציוניסטיש גע־שטימט, און בלויז איינער — אויף וויפיל איך ווייס — איז געווען א פּועלי־ציוניסט. דאָס איז געווען איטשע פישעלזאָן, א געענ־דיקטער פּראָוויזאָר ביי באגושעווסקין אין אַפּטייק, אין כעלם. ער איז געקומען קיין אמעריקע אין 1913. געווען א מיטגליד פון „יונגע עס. עס.". (סאָציאליסטן טעריטאָריאליסטן). דאָ אין אַמע־ריקע איז ער געוואָרן א פּועלי־ציוניסט. א הויך־אינטעליגענטער ענערגישער מענטש, ערנסט און ערלעך, האָט ער געקעמפט און פארטיידיקט זיין שטאַנדפּונקט און געדאַנק ביים כעלעמער א. ר. ברענטש 585.

אין 1929 האָט ער אָרגאַניזירט א גרופּע מיטגלידער, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט אים פאַרלאָזט אונדזער אַרבעטער־רינג־ברענטש. זיי האָבן געגרינדעט דעם ברענטש 280 יידיש נאציאָ־נאַלן ארבעטער פארבאנד (א פּועלי ציוניסטישער פראטערנאלער אָרדן). אן אומרואיקער געזעלשאפטלעכער מענטש, מיט א חוש פאר יושר און גערעכטיקייט, האָבן די ליידן פון די מאסן אין אמעריקע, אין דעם שווערן עקאָנאָמישן קריזיס אין יענע יאָרן, אים געשטויסן אלץ מער און מער לינקס. ער פארלאָזט דעם פּועלי־ציוניסטישן אָרדן און ווערט א מיטגליד אין יידישן צווייג פון לינקן אַרבעטער־אָרדן. אין יענע יאָרן איז ער אויך געווען אין דער פירערשאַפט פון דער בירא־בידזשאַן באוועגונג אין אַמעריקע. ער איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־קראַנקהייט אין 1948. אויף זיין קבר האָט אים מספּיד געווען א פאָרשטייער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין אמעריקע.

* * *

דער כעלעמער ברענטש 280 פון יי.נ.א.פ. איז געווען א רי־רעווודיקע פּועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, די ערשטע פּאָר יאָרן פון זייער עקסיסטענץ. אין 1930 איז דער נאָמען „כעלעמער" פארביטן געוואָרן אויפן נאָמען „אחדות". איך ווייס ניט גענוי די סיבה דערפון פּונקט ווי איך ווייס נישט פארוואָס אנדערע כע־לעמער לאנדסלייט אין ניו־יאָרק זאָגן, אז זיי קומען פון לובלין, אָדער לובלינער גובערניע . . .

דער כעלעמער א. ר. ברענטש 585 האָט אויך מיטגלידער, וואָס זיינען נישט פון כעלם.

יעדנפאַלס האַלט אָן דער „אחדות"־ברענטש 280 דעם קאָנ־טאַקט מיט די כעלעמער אינסטיטוציעס. אין 1934 האָבן זיי ארויסגעגעבן א זאַמל־בוך „דער כעלמער" מיט אינטערעסאנטע מאַטעריאלן וועגן כעלם. איטשע פישעלזאָן איז געווען רעדאַק־טער פון דעם זשורנאַל. דער נאָמען „כעלמער" וועט, האָף איך, צוריק באנוצט ווערן, ווייל קיין אחדות — אייניקייט — איז דאָרט לאַנג נישטאָ, לויט ווי איך הער.

די כעלעמער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, נואַרק און מאָנ־טרעאַל האָבן ארויסגעוויזן א סך געטריישאַפט און מסירת נפש אין דער רעליעף־פּראָבלעם.

דער כעלעמער רעליעף איז אייגנטלעך געגרינדעט געוואָרן אין ניו־יאָרק אין לויף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אונד־זער חשובער לאנדסמאַן, אברהם ראָזענבוים, איז איינער פון די הויפּט־גרינדער פון כעלעמער רעליעף און פון כעלעמער צווייג 585 ארבעטער־רינג. די פּאָסט און קאָמוניקאַציע איז דאן געווען איבערגעריסן מיט אייראָפּע צוליב דער מלחמה. כעלעמער לאנד־לייט אין ניו־יאָרק זיינען געווען זייער שטאַרק באַזאָרגט וועגן דעם גורל פון די יידן אין כעלם.

כדי צו זיין גרייט מיט שטיצע באלד ווי די מלחמה וועט זיך ענדיקן, איז דאן אָרגאַניזירט געוואָרן דער כעלעמער רעליעף.

דאָס ערשטע רעליעף־געלט האָט געברענגט קיין כעלם ערב סוכות אין דער פרי, אין יאָר 1921, אונדזער חשובער לאנדסמאן, שמואל ווינער. די סומע וואָס איז דאן געשיקט געוואָרן איז גע־ווען באַשטימט בלויז פאר אינסטיטוציעס אין כעלם: תלמוד־תורה, לינת הצדק, מושב־זקנים און פאר דער פרץ־ביבליאָטעק.

דער כעלעמער רעליעף האָט באקומען זיין געהעריקע פיזיאָ־נאָמיע און חשיבות ערשט אין די דרייסיקער יאָרן. דער אנטי־סעמיטיזם אין פּוילן האָט זיך צעפלאַקערט. די ביטערע עקאָנאָ־מישע לאגע פון די יידן אין כעלם האָט געדראָט צו פארניכטן די עקסיסטירנדיקע געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען אזוי ציטערדיק און נייטיק געווען אין שטאָט.

ערנסטע און פאראנטוואָרטלעכע כעלעמער לאנדסלייט אין ניו־יאָרק האָבן אָפּגעשאַצט די לאַגע אין ליכט פון די דעמאָלט־דיקע געשעענישן און באשלאָסן אז:

„גרעסערע שטיצעס, אָפטער און אויף אַ לענגערער צייט איז דרינגענדיק נייטיק כדי די יידן אין כעלם מיט די דאָרטיקע גע־זעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס זאָלן קאָנען אָפּשלאָגן און איבער־לעבן די שווערע עקאָנאָמישע אַטאַקעס פון דער אזוי גערופענער אומאָפּהענגיקער און „פרייער פּוילישער רעגירונג".

דער כעלעמער רעליעף וואָס איז ביז איצט באשטאַנען פון יחידים איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן אונטערן נאָמען „דער פאר־איייניקטער כעלעמער רעליעף", ווו עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אלע עקסיסטירנדיקע כעלעמער אָרגאַניזאציעס פון ניו־יאָרק.

א דאנק דער דערפאַרונג און אינטעליגענץ פון די נייע, יינ־גערע כעלעמער עמיגראנטן איז דער „פאראייניקטער כעלעמער רעליעף" איבערגעבויט געוואָרן אויף נייע יסודות.

דאָס „גיין אויף דער שטאָט" צוזאמענצונעמען נדבות מיט א „רויטער פאַטשיילע", ווו דאָס געזאמלטע געלט איז געהאלטן געוואָרן אויפן באַזיס פון „לי־ולך" חשבונות, איז פארביטן גע־וואָרן מיט א גוט אָרגאַניזירטער „געלט קאמפּאניע" פאר כעלם. ווי אַ קאָנקרעטער ביישפּיל פון טעטיקייט גיב איך דאָ מיין באַ־ריכט וועגן דער רעליעף־טעטיקייט אין 1937—1938:

## „רעליעף פאַרן יאָר 1937—1938

די גאָר נייע, ערנסטע און ביטערע לאגע פון די אָרעמע יידן אין כעלם, האָט מאָביליזירט און פאראייניקט אלע איזמס, אלע אָרגאַניזאַציעס, אלע לאנדסלייט אין ניו־יאָרק, נואַרק, מאָנטרעאל (קאַנאַדע) אין איין „פאראייניקטער רעליעף קאָמיטעט", און דער פּועל־יוצא איז געווען אַ גרויסער מאָראַלישער און מאטעריע־לער דערפאָלג. אמת, מיר האָבן דעמאָלט נישט דערגרייכט אַלע לאַנדסלייט, האָבן אָבער די יאָ־דערגרייכטע געשטיצט מיט אַ ברייטער האַנט, מער ווי איין מאָל, צו 4 אָדער 5 מאָל, דיי־רעקט און שטילערהייט, ביי אזא געלעגנהייט און ווידער ביי אַן אַנדער סאָרט געלעגנהייט; דער דעטאַליזירטער פינאַנציע־

לער באריכט שפיגלט אָפּ אָט די האַרציקע באַציונג צו אונדזערע נויטליידנדע יידן אין כעלם: איבער 218.00 דאָלאַר געשאַפן פון עטלעכע קאַרד־און הויז־פּאַרטיס, וועלכע זיינען געגעבן געוואָרן ביי ה. ראָזענפעלד, ג. רייף, א. בראָן אין ניו־יאָרק און ביי י. שטיין, י. טשעסנער, ב. זעמעלמאַן און ש. בלאַיער אין נואַרק. איינער דעזיינט אַן „אַרם־טשער" צו ראַפלען, דער צווייטער — אַ „בעטספרעד", אַ דריטער — מחיהדיקע קאַשע־קניזשעלאַך.

אָט איז נאָך אינטערעסאַנטע שטריכן פון דעם הייאָריקן קאַמפּיין: פּרוי ב. הערטץ זאַמלט 4500 דאָלאַר פאַר ראַפּלס; חיים זעמעלמאַן — 100 דאָלאַר פאַר אַנאָנסן אין זשורנאַל. 10 אָדער 12 איבערגעגעבענע מיטגלידער פון קאָמיטעט אין ניו־יאָרק און אין נואַרק זאַמלען איבער 800.00 דאָלאַר דורך אָבשטעקן א וויזיט אין הויז פון ארום 200 לאַנדסלייט. נואַרק פלעגט צוטראָגן אומגעפער 30—40 דאָלאַר שטיצע, צו די פריערדיקע קאמפיינס, היי־יאָר — איבער 340.00 דאָלאַר. מאָנטרעאַל האָט קיינמאָל ניט געהאט קיין רעליעף אַקציעס — היינטיקס יאָר האָבן מיר דאָרט געגרינדעט אַ פּערמאַנענטע רעליעף סאָסייטי, וואָס לאַנדסלייט, צאָלן 25 סענט דיוס מאָנאַטלעך, קומען צו מיטינגען, אינטערעסירן זיך מיט כעלם און אָט האָבן מיר — פון מאָנטרעאַל טאַקע — דערהאַלטן די ערשטע 100 דאָלאַר און א באַלאַנס פון 10 דאָלאַר אין א דאָרטיקער באַנק — א צוזאָג אויף ווייטערדיקע שטיצע. די עלטסטע און ביז גאָר סימפּאַטישע כעלמער סאָסייעטי, דער ברענטש 585 ארבעטער רינג, ברענטש 280 אידיש נאַציאָנאַלער אַרב. פאַרבאַנד, טראָגן צו צוזאַמען איבער 350 דאָלאַר. ס'וואָלט געווען זייער אינטערעסאַנט דאָ צו דערמאָנען יעדן אייגעמס קאָאָפּעראַציע און איבערגעגעבנקייט, איז דאָס אָבער טעכניש שווער.

נאָכן ערשטן „פּוינט אָוו אָרדער", נישט היינט געדאַכט, האָבן אונדזערע געזעלשאַפטלעכע מיטינגען אָנגענומען די פּאַרלאַמענטאַרישע פּראָצעדורע. אונדזער פּאָרזיצער ג. רייף האָט זיך זייער שנעל און גוט אָריענטירט אַזוי, אַז מיר קאָנען אים פאָרשלאָגן אלס טשערמאַן אין דער „ליעג אָוו נעישאָנס". ג. רייף איז נישט נאָר „א — און פאָרשטייער פון", ער איז אויך א פאַראַנטוואָרטלעכער ערנסטער טוער פון רעליעף ארבעט. קורץ — מיר האָבן א גאַנץ סימפּאַטישן טשערמאַן. י. טוכמאַן, אונדזער קאַסירער, האָט כשר פאַרדינט אונדזער צוטרוי און אנערקענונג. ב. הערטץ, ה. פלוג, מ. שטיין, י. דרעקסלער, א. קאַרפּ, ח. ראָזענפעלד, וו. דובלמאַן — האָבן געאַרבעט ווי די בינען. דער נואַרקער קאָמיטעט האָט אונדז איבערראַשט מיט דערפאָלגרייכער אַרבעט. מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, איז ווירקלעך א שיינער סורפּריז — לאָמיר זיי אלע אַפּלאָדירן.

מיר בעטן אונדזערע לאַנדסלייט אין כעלם אָנצונעמען אונדזער — כאָטש נישט גרויסע — הילף, ניט ווי צדקה, ניט מיט אראָפּגעלאָזענע אויגן, ווייל מיר דאָ זיינען דאָך די גליקלעכערע, און אלס אַזעלכע דארפן מיר העלפן.

מיר ווינטשן אייך אַ בעסערע און האָפנונגספולע צוקונפט.

מיר באַגריסן דעם נייעם קאָמיטעט אין כעלם, און מיר האָפן, אַז דער אופן פון אויסטיילן די געלטער, וועט אונדז, דאָ אין אמעריקע און אייך אין כעלם צופרידנשטעלן.

זייט געגריסט כעלעמער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, נואַרק, מאָנטרעאָל און כעלם.

ב ן ב י נ ש ט אָ ק

## פינאַנציעלער באריכט פאַרן יאָר 1937—1938

### א יי נ ק ו נ פ ט

| | | | |
|---|---|---|---|
| ערשטער כעלמער אונטערשטיצונג פאראיין — — — — — — — — | 150.00 | | ד. |
| כעלמער ברענטש 585, ארבעטער רינג — — — — — — — | 105.00 | | |
| ברענטש 280 אידיש נאַציאָנאלער ארב. פארבאנד — — — — | 100.00 | | |
|ביישטייערונג פון לאנדסלייט — — — — — — — — — — — | 804.90 | | |

קאַרד און הויז־פּאַרטיס אָרגאַניזירט
פון דער כעלמער פרויען סאָסייטי

| | | | |
|---|---|---|---|
| ביי ח. ראָזענפעלד, ברוקלין — — — — — — — — — | 50.00 | | ד. |
| ביי ג. רייף, ברוקלין — — — — — — — — — — | 53.45 | | |
| ביי א. בראָן, ברוקלין — — — — — — — — — — | 29.00 | | |

אָרגאַניזירט פון נואַרקער קאָמיטעט

| | | | |
|---|---|---|---|
| ביי י. שטיין, נואַרק — — — — — — — — — — — — | 30.00 | | ד. |
| ביי ש. בלאַיער, נואַרק — — — — — — — — — — | 23.00 | | |
| ביי בן זעמעלמאַן, נואַרק — — — — — — — — — | 20.96 | | |
| ביי יעקב טשעסנער, נואַרק — — — — — — — — | 12.00 | 218.41 | |

ראַפּלס:

| | | | |
|---|---|---|---|
| פרוי ב. הערטץ — — — — — — — — — — | 45.00 | | |
| אלע אַנדערע צוזאַמען — — — — — — — — | 73.50 | 118.50 | |

זשורנאַל:

| | | | |
|---|---|---|---|
| קאָמפּלימענטירט חיים זעמעלמאַן — — — — — — | 100.00 | | |
| אלע אנדערע — — — — — — — — — — | 109.25 | 209.25 | |

אונטערנעמונגען אראנזשירט פון

| | | | |
|---|---|---|---|
| דער כעלמער פרויען סאָסייעטי — — — — — — | 105.40 | | |
| נואַרקער קאָמיטעט — — — — — — — — — — | 55.10 | 160.50 | |

צוזאַמען 1,866.56 ד.

### א ו י ס ג אַ ב ן

| | | | |
|---|---|---|---|
| פּראָטעסט מיטינג האָל — — — — — — — — — — | 23.00 | | ד. |
| קאָמיטעט מיטינג האָל — — — — — — — — — — | 20.00 | | |
| פּרינטינג — — — — — — — — — — — — — | 36.21 | | |
| פּאָסטיידזש — — — — — — — — — — — — | 32.10 | | |
| מאָנטרעאָלער סאָסייעטי — — — — — — — — — | 16.00 | | |
| נואַרק — — — — — — — — — — — — — — | 3.36 | 130.67 | |

1.735.89 ד.

### ג ע ל ט ־ צ ו ש ט אַ נ ד

| | | | |
|---|---|---|---|
| אויסגעטיילט פאר די נויטליידנדע אין כעלם — — — — | 1,200.00 | | ד. |
| אין באַנק, ניו־יאָרק — — — — — — — — — — | 382.35 | | |
| אין באַנק, מאָנטרעאָל — — — — — — — — — — | 10.00 | | |
| שולדן פון 27 לאַנדסלייט — — — — — — — — — | 143.75 | 1,736.10 | ד. |

דער ראַפל חעט פאָרקומען ביי א צחייטער געלעגנהייט, חייל נישט אלע סטאָבס און געלטער זיינען דערהאַלטן געחאָרן.

אלע ביישטייערונגען זיינען אָ פ י צ י ע ל קחיטירט אין דעם זשורנאַל.

ב ן ב י נ ש ט אָ ק."

דער נייער אופן פון זאמלען געלט האָט געפאָדערט פּלאַנירונג, פּאָפּולאריזאַציע און אפּעלירנדיקע פּראָפּאָגאנדע־ליטעראַטור.

די ארבעט איז געווען שווער און פאראַנטוואָרטלעך. פּערזענלעכע אינטערעסן האָבן אָפּט שטאַרק געליטן צוליב די אָ געזעלשאַפטלעכע אקטיוויטעטן.

אין אָנהייב איז אָנגעקומען א ביסל שווערלעך דאָס זאמלען די פאָנדן. געוויסע לאַנדסלייט און אפילו גאַנצע אָרגאַניזאַציעס האָבן געוואָלט, אז בלויז רעליגיעזע אינסטיטוציעס זאָלן געשטיצט ווערן. „פרייגעזאָנענע" האָבן געוואָלט אז רעליגיעזע אינסטיטוציעס זאָלן ניט קריגן „קיין איין גראָשן".

עס זיינען געווען צייטן אין די ערשטע יאָרן פון רעליעף, ווען מען האָט געמוזט באַנוצן „סטראַטעגישע" וועגן צוצוקומען צו א טייל לאַנדסלייט ווי אויך אפילו צו אָרגאַניזאַציעס.

אָנפירער פון דער ערשטער כעלעמער סאָסייטע האָבן אין אָנהייב זיך געשטעלט קעגן דער רעליעף־ארבעט. אָבער א דאנק דער אומדערמידלעכער אויפקלערונג־ארבעט, וואָס איז פּלאַנמעסיק דורכגעפירט געוואָרן דורך אָפטע צושריפטן, בריוו, רעדעס ביי פארשיידענע גרעסערע און קלענערע פארזאמלונגען, אָדער פארוויילונג־אָוונטן ספּעציעל אָרגאַניזירט פון „פּאַראייניקטן כעלעמער רעליעף" — א דאנק דעם זיינען ווייכער געוואָרן די הערצער און די געלט־ביַיטלען פון א סך סקעפּטיקער און קעגנער פון רעליעף האָבן זיך געעפנט.

אין לעצטן סך הכל דאַרף דאָ געזאָגט ווערן אז די כעלעמער לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן צו פאַרצייכענען אַ האַרציק און פּרעכטיק קאַפּיטל געשיכטע אויפן געביט פון העלפן אונדזערע אומגליקלעכע אָרעמע ברידער און שוועסטער אין כעלם.

די לאָזונגען פון „צדקה" און „קאָנסטרוקטיווע הילף" זיינען געגאַנגען האַנט־אין־האַנט מיט הילף פאר „פּאָליטישע ארעסטירטע" אין כעלם.

אַלע כעלעמער לאנדסלייט געדענקען דעם פאַל, ווען די פּוילישע רעגירונג האָט ארעסטירט 2 כעלעמער יוגנטלעכע ארבעטער און זיי פארמשפּט צום טויט.

א הילף־רוף האָט דערגרייכט צו אונדז אין ניו־יאָרק, ווו מען האָט פארלאנגט מאָראַלע און מאַטעריעלע שטיצע.

מיר האָבן אויפגענומען דעם רוף און אָרגאַניזירט דעם כעלעמער „פּאַטראָנאַט" — אַן אויסגעשפּראָכן־פּאָליטישע הילף־אָרגאַניזאַציע פון יענער צייט.

די ארבעט איז געווען שווער: ערשטנס, איבער דעם רייך־פּאָליטישן כאראקטער, און צווייטנס — איבער דעם פאַקט וואָס איינער פון די 2 ארעסטירטע איז געווען אַן אוקראַינער (דער ייד האָט געהייסן קופּערשטאָק).

מיר האָבן באַזאָרגט געלט־מיטלען פאר אַן אדוואָקאַט און געשיקט פּעטיציעס צו דער פּוילישער רעגירונג לטובת די ארעסטירטע. דער רעזולטאַט איז געווען, אז מען האָט די צוויי יונגע מענטשן דאַן געראַטעוועט פון דער תליה.

דער „פּאַטראָנאַט" האָט אויך געשטיצט די „באַטווינצעס" אין שפּאַניע. זיי זיינען געווען די ערשטע פּאַרטיזאַנער, וועלכע זיינען געגאַנגען קעמפן קעגן די פאַשיסטן און היטלעריסטן — די בלוטיקסטע שונאים פון יידישן פאָלק.

מיר דאַרפן דאָ דערמאָנען שלמה עלבוים (אַ זון פון שרה־עלקע און ישראל עלבוים — א בעקער־ארבעטער אין כעלם), וועלכער איז אַנטלאָפן פון פּוילן קיין פראַנקרייך אויף זייער א מערקווערדיקן און ריזיקאַלישן אופן:

אין וואַרשע האָט ער זיך באַהאַלטן אונטער א וואַגאָן פונעם שנעלצוג „וואַרשע־פּאַריז" און איז אזוי געפאָרן ביז פּאַריז, ווו מען האָט אים ארויסגענומען א האלב־טויטן און אָפּגעפירט אין שפּיטאָל. די פראַנצייזישע צייטונגען האָבן דאַן געשריבן זייער פּאַטעטישע באריכטן וועגן דאָזיקן פאַל.

שלמה עלבוים איז פון פראַנקרייך אוועק קיין שפּאַניע, זיך אָנגעשלאָסן אין דער „באַטווין"־ראָטע. ער איז עטלעכע מאָל פארוואונדעט געוואָרן און לסוף געפאַלן אין שלאַכט־פעלד, 2 טעג איידער די „באַטווין"־ראָטע איז צוריקגערופן געוואָרן צו פאַרלאָזן שפּאַניע.

* * *

ניט אַלע כעלעמער לאַנדסלייט וואַרעמען זיך ארום די ספּעציפישע כעלעמער געזעלשאַפטן. אַ סך לאַנדסלייט זיינען אליין אַוועק, אָדער זיינען ארויסגעשטויסן געוואָרן פון דער כעלעמער סביבה איבער איין אָדער אַ צווייטן צופאַל. איך וועל דאָ דערמאָנען כאָטש איין נאָמען פון דער קאַטעגאָריע כעלעמער לאַנדסלייט:

דעם „שוואַרצן" סופר׳ס זון. ער וווינט אין אַ פאַרשטאָט פון ניו־יאָרק און איז אַ לערער פון מוזיק. אין 1912, אָדער 1913 האָט ער געענדיקט קאָנסערוואַטאָריע אין וואַרשע. עטלעכע חברים זיינע אין כעלם האָבן איינגעאָרדנט זיין ערשטן עפנטלעכן קאָנצערט אין כעלעמער צירקזאַל „סירענא". א. קיפּניס האָט זיך באַטייליקט אין דער פּראָגראַם. דער ציל פון יענעם קאָנצערט איז דאַן געווען פּשוט ארייַנצולייגן עטלעכע רובל אין קעשענע פון דעם באַגאַבטן שוואַרץ־חנעוודיקן כעלעמער בחור, וואָס איז געווען אָרעם ווי די נאַכט. דאָס יידישע כעלם איז צו דעם קאָנצערט נישט געקומען. די אונטערנעמונג איז געווען אַ גרויסער דורכפאַל. דעם שוואַרצן סופר׳ס זון, וואָס איז איצט באַקאַנט אין דער מוזיקאַלישער וועלט אין אַמעריקע אונטערן נאָמען יוסף וואַרדי, מיידט אויס די כעלעמער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק.



קאַפּיטאַן מילטאָן (מענדל) חינער, זון פון ש. חינער — אין יאָר 1944. זיך באַטייליקט אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. ער האָט ארומגערייזט אין די מלחמה־יאָרן דעם גאַנצן ערד־קיילעך, מיט שיף און עראָפּלאַן, מער ווי איין מאָל, מיט לעבנס־געפאַר. ער שטעלט זיך אָפּ אויף אַלע קאָנטינענטן און איז אויס ווו די וועלט האָט אַן עק. ער פאַרגעסט נישט, אז ער איז אַ זון פון יידישן פאָלק, זוכט ער אויך אין ווייטע מדינות און לענדער ברידער־יידן.

* * *

דעם 22־טן דעצעמבער, 1951, האָט דער כעלעמער ברענטש 585 אַרבעטער רינג געפייערט דעם 35־טן יובילעי מיט א גרויסארטיקן באַנקעט און טאַנץ אין א שיינעם, גרויסן זאַל ארום בראָדוועי אין ניו־יאָרק.

דער כעלעמער א. ר. ברענטש ווייסט ווי אזוי איינצואָרדענען אַ באַנקעט, אָדער א וועלכע עס איז פארוויילונג. א געניט אויג, אָבער, איז שווער צו פארווירן מיט ליכט־עפעקטן. די מידקייט, אַלטקייט האָט פאַקטיש געריסן די אויגן. די איינגעלאַדענע קינדער, די טעכטער און איידעמס, זונען און שנירן, וועלכע האָבן אזוי שיין און לוסטיק פארברענגט, האָבן אָט די מידקייט נאָך שאַרפער אונטערגעשטראָכן און בולטער ארויסגעברענגט. ס׳איז געווען צו באמערקן ווי א גאַנץ שפּאָרע צאָל מיטגלידער האָבן זיך ארומגעדרייט, ווי אויף א פרעמדער חתונה. ס׳האָט אויסגעפעלט די חברשע פרייד און פאַמיליע־שמחה, וואָס איז נאַטירלעך אָנזעענדיק ביי לאַנג־יאָריקע יובילייען. די מיטגלידער זיינען לפי־ערך נישט אַלט. 55 יאָר, גלייב איך, איז דער דורכשניטלעכער עלטער פון די מיטגלידער אין ברענטש 585 א. ר. אין א געזעלשאַפט, ווי דער ארבעטער רינג ברענטש, וואָלט חברשאַפט און אמתע פריינדלעכע באַציונגען אייגנטלעך באַדאַרפט זיין דער אלף־בית, דער יסוד פון די טאָג־טעגלעכע אויפגאַבן און אַקטיוויטעטן פון דער כעלעמער לאַנדסלייט־אָרגאַניזאַציע.

שמואל ווינער

# די ערשטע 25 יאָר פונעם כעלעמער ארבעטער-רינג בראַנטש אין ניו-יאָרק

(דאָס דאָזיקע ארטיקל איז געווען געדרוקט אינעם ספּעציעלן זשורנאַל, וואָס דער כעלעמער ארבעטער־רינג בראַנטש אין ניו־יאָרק האָט ארויסגעגעבן אין מערץ, 1941, צו דער געלעגנהייט פון זיין 25 יעריקן יובילײ).

געבוירן געוואָרן איז אַפּריל, 1916, אין מיטן פון וועלט־מלחמה נומער 1, פייערט איצט אונדזער בראַנטש אין מערץ, 1941, אין סאַמע ברען פון וועלט־מלחמה נומער 2, דעם יום־טוב פון דעם סיום פון א פערטל יאָרהונדערט פּרוכטבאַרער געזעל־שאַפטלעכער אַקטיוויטעט. 25 יאָר וואָס האָבן אין גאַנצן איבער־געביטן דאָס פּנים פון דער וועלט.

און דאָך, דאַרפסט נאָר צומאַכן די אויגן, און צומאָל דאַכט זיך — אָט ערשט נעכטן איז עס געווען. אין זכרון טויכן אויף און שווימען ארויס אזוי בולט בילדער, עפּיזאָדן, געשעענישן פון אַ לאַנג־פאַרגאַנגענער צייט, וואָס וועט שוין מער קיינמאָל נישט צוריקקומען.

* * *

אין איינעם מיט הונדערטער טויזנטער איינוואנדערער, וואָס האָבן געשטראָמט פון ארבע פּינות העולם אין דעם „גאָלדענעם לאַנד", ווערט האַרט פארן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אויך פאַרטראָגן א הייפל יונגעלייט פון אונדזער אלטער היימשטאָט כעלם. זיי מאַכן זייער היים אין דער גרעסטער וועלט־שטאָט, ניו־יאָרק.

שווער זיינען די ערשטע טריט אין דער קאַלטער פרעמד. ~~דאָס~~ גערמאַנגל פאַר אַ שטיקל פּלאַץ אונטער דער זון, פאַר דער מעגלעכקייט צו קאָנען עקסיסטירן קומט אָן מיטן טויט. נישט ריינג קומט אויך אָן דער פּראָצעס פון צופּאַסן זיך און אריינ־פּאַסן. פול מיט שטרויכלונגען איז דער וועג אין דער נייער פרעמדער וועלט. פון דער אלטער היים אויסגעוואָרצלט — אין דער נייער היים נאָך נישט איינגעוואָרצלט. א בענקשאַפט הערט נישט אויף צו נאָגן נאָך די נאָענטע ליבע פּנימער, וואָס מ'האָט געלאָזט אויף יענער זייט ים, נאָכן היימישן הימל, נאָך יענעם גאַנצן לעבנשטייגער אין וועלכן מ'איז געוואַקסן און אויסגע־וואַקסן.

אונטער אָט די אומשטענדן ווערט דעמאָלט ביי די מער רירעוודיקע פ.ן יענעם הייפל צייטיק דער געדאַנק צו פּאַראיי־ניקן זיך, צו פארבינדן זיך אין א לאנדסמאנשאַפטלעכער קעגנ־זייטיקער הילף־אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער מ'זאָל אויך זיך קאָנען געהעריק אויסלעבן געזעלשאַפטלעך און קולטורעל. און היות אַ טייל פון זיי האָט נאָך פון דער אַלטער היים געברענגט מיט זיך רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע טראַדיציעס, איז עס נאַטירלעך געווען אין יענער צייט זיך אָנצושליסן אין דעם פּראָגרעסיוון אר־בעטער־אָרדן — אין דעם ארבעטער־רינג.

און אָט אזוי ווערט מיט 25 יאָר צוריק געבוירן דער „כעלע־מער פּראָגרעסיווער בראַנטש 585 ארבעטער רינג".

עס נעמט נישט לאַנג און דער בראַנטש קומט בשלום איבער די אַלע קינדער־קראַנקהייטן, וואָס יעדער ניי־געבוירענער אָרגאַ־ניזם מוז דורכמאַכן, און שטעלט זיך גיך אויף די אייגענע פיס.

דער בראַנטש וואַקסט כסדר אין אָנזען און אין דער צאָל מיטגלידער. ס'טרעטן ביסלעכווייז אריין אַלע יונגע אינטעלי־גענטע כוחות צווישן די לאַנדסלייט. אויך די נייע אימיגראַציע, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ברענגט אריין פרישע יונגע כוחות אין דער אָרגאַניזאַציע. און באַנאַנד דערמיט וואַקסט אויך זיין געזעלשאַפטלעכע אחריות און אקטיוויטעט. דער בראַנטש לאָזט גאָרנישט אויס. ער רעאַגירט אינטענסיוו און נעמט אַן אָנ־טייל אין די אלע באַוועגונגען וואָס ווידמענען זיך אויף דער אויפ־געברויזטער יידישער גאַס אין ניו־יאָרק — דער גרעסטער יידי־שער צענטער אין דער וועלט. ער פעלט אין ערגעץ נישט אויס — אויף קיין שום צוזאמענקום, קאָנפערענץ, פון וואָסער ריכטונג און שאַטירונג זי זאָל נישט זיין. אומעטום איז ער דאָ, איז פול מיט לעבן און אימפּעט.

די מיטינגען יעדן צווייטן און פערטן פרייטאָג־צו־נאַכטס פון חודש, ווערן אַלץ ראַשיקער און אינטערעסאנטער. דער עולם שאַרפט זיך די צינגער — נאָך מער דעם מוח. מען ווערט פאַ־מעלעך געניטע דעבאַטאַנטן, רעדנער. אלע געזעלשאַפטלעכע



אַ גרופּע מיטגלידער פון „ערשטן כעלמער קראַנקן אונטערשטיצונג פאראיין" אין ניו־יאָרק. ערשטע ריי, זיצן: — י. נאָדעל, ש. קופּער, מ. שטיין, י. קושערמאַן (לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר פון דער כעלעמער סאָסייטי), ע. אייזען, א. סטאהל ע"ה, ה. לאַרבער, ג. רייף (פּרעזידענט פון דער כעלעמער סאָסייטי), מ. לאַנג, ב. שטע־רענבערג, ש. בלייער, י. קליינמאַן. צווייטע ריי, שטייען: — ל. בלייער, פרויען: פעדער, נאָדעל, שטרוי, קושערמאַן, פייערטאָג, קאָהן, לאַרבער, טשעסנער, הערץ, שטיינבערג, ראָטה, בלייער, קליינמאַן. דריטע ריי, שטייען: — פרוי און מ. רובין, ח. בערלאַנד, א. בערלאַנד, צימערמאַן, גוטהאַרץ, ש. מאַנדעלבוים, ב. שומלאַן, י. גאָלדמאַן, י. זאַלץ, י. קאַי.

באוועגונגען און אידעאָלאָגיעס קריגן דאָ זייער בולטסטן אויסדרוק. די וועלט איז צעטרייסלט ביז די פונדאמענטן, יאָרן אָנגעלאָדענע מיט דינאַמיט, ס׳קאָכט און ס׳ברויזט — ווערט דער ברענטש אין יענע שטורעמדיקע צוואַנציקער יאָרן פארוואנדלט אין א קאמף־אַרענע. מען פאַרמעסט זיך איינער מיטן אנדערן אין כוחות. איטלעכער טיף איינגעגלייבט אין זיין אמת — וואַרפט מען זיך אין קאַמף מיט יונגן ענטוזיאַזם. דאָס געראַנגל ווערט אַלץ שאַרפער און ביטערער. א סך מאָל שוין צו פארביטערט.

די לופט ווערט וואָס ווייטער אלץ הייסער. עס ווערט אַלץ שווערער צו הויזן צווישן זיך די פארשיידנערליי קעגנזעצלעכע אידעאָלאָגיעס. אויך וואַקסט די פערזענלעכע פאַרביטערונג צווישן די מיטגלידער אין א היבשער מאָס. און אָט אזוי נאָך ווערט דער ברענטש, אָנהייב דרייסיקער יאָרן, דערפירט צו א קריזיס.

פריער רייסט זיך אָפּ אַ גרופּע ציוניסטיש־געשטימטע מיטגלידער, און ווערן אינסטרומענטאַל אין דער גרינדונג פון א כעלעמער ברענטש פון נאַציאָנאַלן ארבעטער פארבאנד (דעם פּועלי־ציוניסטישן פראַטערנאַלן אָרדן). באַלד דערנאָך טרעט אויך ארויס פון ברענטש אַ גרופּע לינקע מיטגלידער און גייען אַוועק צום אינטערנאַציאָנאלן ארבעטער־אָרדן. צו דעם האָט נאָך צוגעשפּילט די ביטערע האַוער דעפּרעסיע, וואָס האָט אויך דעם ברענטש קיין טובה נישט געטאָן.



גבריאל רייף, געזעלשאַפטלעכער טוער, אומדערמידלעכער עסקן און פּאָרזיצער פון כעלעמער רעליף אין ניו־יאָרק פאר די לעצטע 30 יאָר.

אין אָט דער קריטישער צייט קומען דעם ברענטש צו הילף אונדזערע פרויען.

די קינדער שוין נישט מער קיין פּיצלעך. פאר די מאַמעס בלייבט איצט א ביסל צייט אויך פאר זיך. איז איינע נאָר דער אַנדערער הייבן די פרויען אונדזערע אָן צו ווייזן זיך ביי די מיטינגען פון ברענטש. ס׳נעמט נישט לאנג און זיי לעבן זיך איין אין ברענטש. ברענגען אריין פריש לעבן אין דער אָרגאַניזאַציע.



מאַקס שטיין, אַקטיווער טוער און סעקרעטאַר פון כעלעמער רעליף אין ניו־יאָרק.

צום סוף דארף דאָ, ביי דער געלעגנהייט מיט כבוד דערמאָנט ווערן אונדזער וועטעראַן, וועלכער האָט מיט זיין נישט־נאָכלאָזנדיקער עקשנות אַ היבשן חלק אין דער גרינדונג פונעם בערנטש. דאָס איז נישט קיין אַנדערער, ווי אונדזער חשובער אברהם ראָזנבוים (אין כעלם געווען באקאנט ווי אברהם דעם קראַסניסטאַווער אייזנהענדלערס זון). פאַר אַ משך פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר סעקרעטאַר פונעם ברענטש דינט ער געטריי און טראָגט דעם עול נישט נאָר פון דער אָרגאַניזאַציע ווי אַ גאַנצע, נאָר איז אויך איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן יעדן איינציקן מיטגליד באַזונדער. ער האָט קיינמאָל נישט געזשאַלעוועט קיין מי, צייט און ענערגיע, ווען נאָר עמעץ האָט זיך גענייטיקט אין הילף אין אַן עת־צרה. איז ער טאַקע דערפאַר נישט נאָר באַליבט ביי די ברענטש־מיטגלידער, אָן אויסנאַם — פון רעכטס און לינקל — נאָר ביי דער היגער כעלעמער קאָלאָניע בכלל.

* * *

איז איצט שווער צו גלויבן, אז אוועק איז שוין א פערטל יאָרהונדערט זינט דער ברענטש האָט אָנגעהויבן זיין עקסיסטענץ.

און דאָ האָט די צייט געטאָן זיך אירס. יעדער אויף זיין שטייגער האָט דאָ געלאָזט טיף זיינע וואָרצלען אין דער היגער ערד. אויפגעבויט היימען, געברענגט קינדער, אדורכגעגאנגען מיט זיי דעם גאַנצן שווערן וועג פון געבוירן אָן ביז דערוואָקסנקייט. מיט איין וואָרט — אלע זיינען מיר אזוי ביסלעכווייז אריינגעוואקסן און פארוואקסן אין דעם געוועב פון דעם לעבן דאָ אויף דער היגער ערד.

איז אוודאי איצט א גרויסע שמחה, א יום־טוב ביי די אלע מיטגלידער, וואָס האָבן דורכגעוועטערט מיטן ברענטש און אין דעם ברענטש אלע שטורעמס, און דערלעבט צום פינף און צוואַנציקסטן געבורטסטאָג פון זייער ברענטש 585 ארבעטער רינג.

ניו־יאָרק, פעברואר, 1941.

---

ב. אלקוויט

# אַ כעלעמער מעשה אויף אַן אמעריקאַנער שטייגער

איך קום פון כעלם. זאָל איך אייך דערציילן? דאָס איז נישט קיין מעשה פון אַמאָל. היינט איז עס זיך פאַרלאָפן, אָבער מיט די כעלעמער לאַנדסלייט, וואָס איר געפינט אומעטום, אין דער גאַנצער וועלט — איז עס א נייע כעלעמער מעשה.

כעלם, ווער האָט נישט געהערט פון דער יידישער שטאָט? — ווער איז נישט קיין כעלעמער? כעלם איז געווען אַן עיר ואם בישראל, נישט צוליב איר גרויס — נאָר מיט איר נאָמען איז כעלם גרויס געווען, נאָר צוליב דעם צענטער, וואָס זי איז געווען — אַ צענטער פון נאַראָנים, ווי עס ווערט דערציילט אין די כעלמער מעשיות.

כעלם איז געווען פון די ערשטע יידישע שטעט, וואָס דער דייטש האָט פארטיליקט, אָבער ווי די כעלעמער זיינען אויפגעשטאַנען קעגן דעם משחית, ווי זיי האָבן געקעמפט — אין כעלם איז געווען דער ערשטער געטאָ־אויפשטאַנד, ווי עס האָט דערציילט אַ ייד פון פוילן, אַן אָנגעזעענער טוער ביי די פּועלי־ציון, יצחק פייגנבוים, ביי זיין אָנקומען קיין ניו־יאָרק אין יאנואַר, 1941.

און נאָך דעם אויפשטאַנד, קורץ נאָכדעם איז כעלם געוואָרן א בית־עולם פאר א סך יידן פון אנדערע שטעט, פון אנדערע לענדער. ס׳האָבן גענומען אָנקומען באַשטעטיקטע באַריכטן וועגן דעם קיין וואַשינגטאָן, אָנהייב פעברואר, 1943, אז מאַסן יידן פון פארשיידענע פונקטן אין אייראָפּע ווערן פון די נאַציס געטריבן קיין כעלם און דאָרט — אויסגעמאָרדעט.

אַמעריקעס דעמאָלטיקער „סעקרעטערי אָוו סטייט", קאָרדעל האָל, האָט ארויסגעגעבן די באריכטן אויף אַ פרעסע־קאָנפערענץ און אַנטאָני אידען, ענגלאַנדס אויסערן־מיניסטער, האָט אויפ־געשווידערט דעם פּאַרלאַמענט מיט אַ רעדע וועגן די געשעענישן אין כעלם. אָבער...

דאָס איז געשיכטע. איך וויל דאָך דערציילן א מעשה פון היינט, פון די כעלעמער לאַנדסלייט — אפשר די לעצטע כעלעמער מעשה.

* * *

איין שיינעם טאָג באַגעגענען זיך צוויי כעלעמער לאנדסלייט. איינער אַ שרייבער, דער אַנדערער אַ קאָרעקטאָר, שמועסן מיר. זאָגט ער: נו, וואָס, גאָרנישט? פרעג איך אים: וואָס, וואָס? כמיין, זאָגט ער, כעלם.

ער איז באַזאָרגט. זיין שטיל אומרואיק קול ווערט אַ ביסל אומרואיקער: כ'מיין, זאָגט ער, ביי לייטן לאַנדסלייט טוען עפּעס צו פאַרגעדענקען, פאַראייביקן דעם אָנדענק פון זייערע שטעט, שטעטלעך. מ'טוט, מ'גיט ארויס יזכור־ביכער. נאָר כעלם, איין קליינִיקייט — כעלם! שוין צייט, דאַכט זיך, זיך צו נעמען צו דער ארבעט, זאַמלען די מאַטעריאלן. דאָס קאָן דאָך נישט געטאָן ווערן איבער נאַכט. און אויב נישט איצט, ווען? אויב נישט מיר, די אייגענע, די לאַנדסלייט, ווער?

יאָ, איך האָב מיט אים מסכים געווען, אז ס'איז שוין די העכסטע צייט; אז די מאַטעריאלן וואָס מ'דאַרף זאַמלען, זיינען אַן אוצר, וואָס האָט, דאַכט זיך, צו זיך נישט קיין גלייכן — די דאָקומענטן, היסטאָרישע און קולטור־היסטאָרישע; געשטאַלטן און זכרונות, פון ר' אליהו בעל־שם ביז דעם מאַרטירער שמואל זיגעלבוים, וואָס האָט אין זיין יוגנט געלעבט און געקעמפט אין כעלם. היינט די מעשיות פון אָדער וועגן כעלמער נאַראָנים, דאָס גאַנצע פאָלקלאָר־עשירות און ווי דאָס האָט באַווירקט יידישע שרייבער — כעלם אין דער יידישער ליטעראַטור.

וועגן כעלם האָבן געשריבן אונדזערע קלאַסיקער—מענדעלע מוכר ספרים, י. ל. פרץ, שלום עליכם — און דיכטער פון אונדזער צייט: יעקב גלאַטשטיין, י. י. סיגאַל, אהרן צייטלין און נאָך א סך אַנדערע — ס'פאַרדריסט מיך, וואָס איך קאָן דאָ נישט אָנרופן אַלע ביי די נעמען — און מאָלער זיינען געקומען זען די שטאָט און „זי מאָלן". אפילו מוזיק איז דאָ. און ווען נייטהען אויסבעל האָט ארויסגעגעבן זיין גרויסע זאַמלונג „עי טרעזשורי אָוו דזשו־איש פאָלקלאָר", פאַרנעמט אין איר כעלם א באַזונדערע גרויסע אָפּטיילונג מיט אַן ארייַנפיר וועגן דעם אייגנאַרטיקן הומאָר פון די מעשיות און . . .

וואָס פאר א גרויסע יידישע קולטור־ארבעט, אויפצוזאַמלען די מאַטעריאלן און ארויסגעבן א כעלעמער יזכור־בוך!

אָבער די צייט האָט געטאָן אירס, זי איז געגאַנגען. יאָרן זיינען אוועק, ביז איין פארנאכט, דעם זומער, טרעפט מיך מיין לאַנדסמאַן אין דער סאָבוועי, און דאָ, אין דער היץ, אין דעם געדרענג, אין דער סאַמע „ראַש אַוער", בין איך אים ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן: צי כ'וווין נאָך אויף דעם זעלבן אַדרעס, פרעגט ער. מ'דאַרף מיך, זאָגט ער, אין אַפריקע.

אין אַפריקע?

יאָ, אין יאָהאַנעסבורג, מ'גיט דאָרט אַרויס א כעלמער יזכור־בוך, וויל ער זיי צושיקן מיין אַדרעס, אַז זיי, מיינע לאַנדסלייט פון זיד־אַפריקע, זאָלן זיך מיט מיר דורכשרייבן וועגן דער גרויסער אַרבעט.

נו, מאַלע וואָס א מענטש קאָן דיר זאָגן אין דער היץ, אין דעם געדרענג, אין סאַמע „ראַש אַוער" אין דער סאָבוועי. שאָקל איך צו מיטן קאָפּ: יאָ, יאָ, און כ'בעט אים מיר זאָלן זיך באַגעגענען וועגן דעם ערגעץ, וווּ מירן קאָנען שמועסן. אָבער ער וווינט אין די בראָנקס, איך אין ברוקלין און איידער וואָס־ווען, אָט איז אַ בריוו פון יאָהאַנעסבורג.

דער בריוו איז פון ה. שישלער, אַ שרייבער. ער פאַרלאַנגט מאַטעריאַל און בעט פארבינדונגען, און פינאנציעלע הילף, ווייל דאָס דאַרף אָפּקאָסטן אַ שלל און וויפיל זיינען זיי דאָרט, די כעלע־מער לאַנדסלייט אין דרום־אַפריקע?

א פּאָר צענדלינג משפחות, בסך־הכל.

* * *

אַ פּאָר צענדלינג משפחות.

וויפיל האָבן מיר כעלעמער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק? איך ווייס נישט. אָבער דער אַרבעטער־רינג האָט א כעלעמער ברענטש פון אַרום הונדערט מיטגלידער. דער נאַציאָנאַלער ארבעטער־פאַרבאַנד האָט א צווייג פון א צוויי הונדערט כעלעמער לאַנדסלייט און ס'איז דאָ אזוי א סאָסייעטי, אַן אונטערשטיצונג־פאַראיין און ס'זיינען אוודאי דאָ לאַנדסלייט אין אנדערע שטעט פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן און אין אנדערע לענדער פון דער אַמעריקאַנער העמיספערע.

ס'זיינען אויך דאָ כעלעמער אין ישראל. איך ווייס פון צוויי פּאָעטן אין ישראל, וואָס כעלם איז זייער געבוירן־שטאָט, און אָט־אָט איז נאָך איינער, אַ נייער נאָמען, ש. וואַרזאַגער, וואָס האָט ארויסגעגעבן זיין ערשט בוך נאָך זייענדיק אין דייטשלאַנד.

אָבער ארויסגעבן דאָס יזכור־בוך גיבן ארויס די פּאָר צענד־לינג משפחות אין זיד־אפריקע.

און זיי האָבן איינגעשטעלט פארבינדונגען מיט לאנדסלייט אין אמעריקע, אין ישראל, אין אייראָפּע, מען זאָל זיי שיקן, קיין יאָהאַנעסבורג, די מאַטעריאלן, די דאָקומענטן, בילדער, גבית־עדותן און כראָניקעס, זכרונות, שילדערונגען, לידער און מעשיות — און די נייטיקע קאָסטן — ווען זיי, אין דרום־אַפריקע ארויס־געבן דעם כעלעמער יזכור־בוך.

און מען שיקט.

איז עס ניט א כעלעמער מעשה?

אפשר די לעצטע מעשה פון די נאַראָנים, די כעלעמער יידן, וואָס קאָנען אויף זיך אליין דערציילן מעשיות אויף געלעכטער, אויף שפּאָט און חוזק פון אונדזער חכמה...

מיט אזא מעשה וואָלט מען, דאַכט זיך, געדאַרפט שליסן דעם יזכור־בוך, וואָס וועט ארויס טאַקע אין אפריקע, ווייל אין ניו־יאָרק, זעט איר דאָך, האָט מען עס נישט געטאָן. אפשר ווייל די ניו־יאָרקער לאנדסלייט האָבן זיך שוין אזוי אויסגעשוויטשעט, אז זיי זיינען שוין עפּעס ניט קיין כעלעמער.

און אפשר ווייל ס'איז די גרויסע ניו־יאָרק, ווייל דאָ זיינען מיר אזוי גרויס אין צאָל, אז... מיר דארפן שוין גאָרנישט טאָן. אזוי איז עס דאָך אינעם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן יידישן לעבן.

יאָ, שיקן מיר די מאַטעריאלן און די פינאנציעלע מיטלען צו די פּאָר משפחות אין דרום־אפריקע, וואָס זיינען נאָך גוטע כעלעמער, מיט דער כשרער תמימות, וואָס מ'רופט נאַרישקייט, מיט דער איראָניע און דעם חוזק פון די כעלעמער מעשיות.

און מיר וועלן האָבן דעם מוסר־השכל, אז די צאָל, די גרויס־קייט פון אַ גרופּע שפּילט אַ קנאַפּע ראָלע, ווען מען דאַרף טאָן קולטור־אַרבעט.

קליינע צאָלן קאָנען טאָן גרעסערע אַרבעט ווי גרויסע גרופּעס.

ד״ר ב. אָרלעאַן*)

# די כעלעמער לאַנדסמאַנשאַפט אין פּאַריז

אונדזער לאַנדסמאַן, ערן־פּרעזידענט און גרויסער פריינד, יוסף מילנער, האָט אַמאָל געשריבן אַ געשיכטלעכן איבערבליק וועגן די יידישע קהילות אין פראַנקרייך און האָט זיך אויסגעדריקט, אז די פּילסודסקי־עפּאָכע, ווי באַקאַנט, האָט געבראַכט קיין פראַנקרייך א גרויסע עמיגראַציע — די קרבנות פון די גראַבסקיס און די בעקס. נאָר אין יאָר 1928 זיינען אָנגעקומען קיין פראַנקרייך העכער 9000 יידן. און אין דעם יאָר האָט אונדזערע אַ כעלעמער ייד, א מענטש מיט אן איידעלער נשמה, שולמאַן, געהאַט די מחשבה צו גרינדן א כעלעמער לאַנדסמאַנשאַפט. (אונדזער ליבער שולמאַן איז אין דער אָקופּאַציע געוואָרן דעפּאָרטירט און אומגעקומען אין אוישוויץ). זעלבסטפאַרשטענדלעך, האָט שולמאַן זיך בשעתו תיכף געווענדט צו יוסף מילנער, וועלכער האָט ניט אָפּגעזאָגט, (צווישן אונדז זאָל עס בלייבן, ער זאָגט זיך בכלל ניט אָפּ ווען ס'האַנדלט זיך וועגן א געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און בפרט ווען ס'איז נוגע כעלם). איך דערמאָנער מיך נאָך עד היום די ערשטע פאַרזאמלונג



דר. אָרלעאַן רעדט אויף אַ באַנקעט פון די כעלעמער אין פּאַריז.

אין פּאַריזער געטאָ, אין דעם באַרימטן „פּלעצל״. יוסף מילנער האָט געהאַלטן, לויט זיין שטייגער, א פלאַמענדע רעדע וועגן דער נייטווענדיקייט זיך צו אָרגאַניזירן, ער האָט גערופן די אלטע כעלעמער אין פּאַריז, וועלכע זיינען שוין געווען תושבים און אפילו „נאַטוראַליזירטע פראַנצויזן״, זיי זאָלן ווערן די וועגווייזער, ווייל דער ייד, דער עמיגראַנט, דאַרף אין אזא גרויסער שטאָט, אין א פרעמדער סביבה און ביי א פרעמדער שפּראַך, האָבן אן אָרט ווו ער זאָל זיך טרעפן מיט פריינד פון די קינדער־יאָרן, מיט מענטשן, וועלכע קאָנען אים לערנען אפילו ווי זיך נוהג צו זיין אין א ניי לאַנד, אמאָל „כאַפּן״ א גמילת־חסד אין אן אייגענעם ליי־אנשטאַלט, און טראַכטן אז „בשעת הדחק״ איז ער ניט עלנט, כאָטש ער איז ווייט פון דער אלטער היים. אַרום שולמאַנען האָבן זיך שוין דאַן גרופּירט אייניקע טיכטיקע טוער ווי טאָרן און פיל אַנדערע וועלכע, ליידער, זיינען שוין אויך אומגעקומען און זייערע נעמען זיינען אויסגעקריצט אויף דער מצבה „לעדת ישראל בכעלם״ אויף דעם

*) פּרעזידענט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.



פּאַריזער בית־עולם. ס'איז געווען צווישן זיי דער זון פון אונדזער כעלעמער „זייפענזיצער״ ר' שמחה. ער איז געווען פון די, וועלכע האָבן זיך דעראָבערט אין פּאַריז א זייער פיינע מאַטעריעלע פּאָזיציע, אָבער פריער האָט ער זיך, אין 1914, געשלאָגן אויף אנדערע פּאָזיציעס, אויף דער מארן און אונטער פּאַריז, אלס א פרייוויליקער קעמפער קעגן דעם דייטש, און איז צוריקגעקומען, נאָך דער מלחמה, מיט מעדאַלן פאַר זיין העלדישקייט. ער אויך איז דעפּאָרטירט געוואָרן, מיט זיין גאַנצער משפּחה, און מען האָט זיי שוין מער צוריק ניט געזען...

ס'איז בכלל דאַן געווען אין פראַנקרייך (און אויך אין אנדערע עמיגראַציע־לענדער) א טענדענץ זיך גרופּירן און אָרגאַניזירן דאָס לעבן. האָט עס דען געקאָנט זיין אנדערש?... אָבער די קאָניונקטור איז ניט געווען ווי היינט, ווען די אַלטע היים איז גענצלעך חרוב און די גרענעצן זיינען געשלאָסן און מען בלייבט און מען פאַרבלייבט דאָרט ווו דער גורל האָט שוין פאַרוואָרפן. אין יענע יאָרן האָבן א סך עמיגראַנטן באַקומען מיגלעכקייטן צו פאָרן ווייטער, ד.ה. קיין אמעריקע, קיין ארגענטינע, און יונגעלייט אלס חלוצים קיין ארץ ישראל. אזוי אז דער עמיגראַנטן־עלעמענט איז ניט געווען א סטאַבילער און דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויף דער אנטוויקלונג פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. ליידער דאַרפן מיר צוגעבן, אז דער עמיגראַנט האָט זיך אָפט אזוי ניט געקאָנט צוגעוווינען צו דער נייער סביבה, און ער האָט גענומען דעם וואַנדער־שטאָק אין דער האַנט און איז צוריקגעפאָרן צו זיך אין... כעלם! און וויפיל אזעלכע כעלעמער יידן, וואָס זיינען שוין געווען אין פּאַריז, האָבן פאַרלאָרן דעם מוט, צוריקגעקומען אהיים און פאַרבליבן אין טראַוווניק אָדער מיידאַנעק אָדער אוישוויץ!...

גאַנץ אנדערש איז געווען אין 1944, למחרת פון פראַנקרייכס באַפרייאונג: די יידן האָבן פאַרשטאַנען אז ס'איז מער ניטאָ קיין „צוריק״. און חוץ דעם האָט מען אזוי שטאַרק געליטן אין די יאָרן פון דער אָקופּאַציע, ס'איז ניטאָ אַ משפּחה וווּ ס'זאָל ניט האָבן א קרבן („אין בית שאין שם מת״...) און דערצו האָט מען זיך מער דערנענטערט מיט דעם פראַנצויז, מען האָט, סוף כל סוף, געהאַט דעם זעלבן שונא און דער פראַנצויז האָט אזוי פיל מיטגעהאָלפן זיך צו ראַטעווען, אז מען האָט פאַרשטאַנען אז מען דאַרף דאָ אָרגאַניזירן דאָס לעבן. און דערצו איז אויסגעוואַקסן א נייער דור, א דור פון אונדזערע קינדער, וועלכע זיינען שוין געבאָרן געוואָרן אויף דעם פראַנצויזישן באָדן. און דאָס יידישע לעבן אין פּאַריז האָט אָנגעהייבן באמת צו ברויזן.

איר וועט מיך אנטשולדיקן, ווען איך רייד נאָר פון פּאַריז, ווייל אין פראַנקרייך זאָגט מען אז „א פּאַריזער איז א פראַנצויז און נישט אלע פראַנצויזן זיינען פּאַריזער״. פּאַריז איז אלץ. די עטלעכע צעזייטע און צעשפּרייטע יידישע משפּחות פון כעלם אין נאַנסי, אין רואַן, אין ליאָן (אין אלטן היסטאָרישן פראַנצייזישן שטעטל בעזיע, ווו ס'האָט אמאָל געלעבט ר' אברהם אבן עזרא, איז פאַראַן איין יידישער דאָקטער, און ער איז א כעלעמער: הערשל ערליכ'ס זון!) און אין אנדערע שטעט ווייסן, אז בנוגע צו „כעלם״ דאַרף מען זיך ווענדן צו אונדז, אין פּאַריז. און ניט נאָר פון פראַנצייזישע שטעט, אונדזער כעלעמער לאַנדסמאַנשאַפט איז ביים היינטיקן טאָג די איינציקע אין אייראָפּע. כעלעמער פון בעלגיע, האָלאַנד און ענגלאַנד קומען צו אונדז כדי אויף

א פארזאמלונג אָדער אויף א פארוויילונג זיך דעראינערן אָן א טאַטן, א מאמען און סתם א קרוב.

גלייך נאָך דער באפרייאונג האָט אָנגעהויבן אין פּאַריז ברויזן אן אינטענסיווע יידישע געזעלשאפטלעכע ארבעט — מען איז ארויס מאפלה לאורה. דאָס פראנצייזישע יידנטום איז געוואָרן דער גרעסטער יידישער צענטער פון מערב־אייראָפּע: קנאַפּע דריי הונדערט טויזנט יידן, דער גרעסטער יידישער ישוב. אלע אָרגאַניזאַציעס האָבן געפירט א שטאַרקע און פארצווייגטע טעטיקייט. און דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויף אלע לאנדסמאנשאפטן. זייער ארבעט איז געשטאַנען אין צענטער פון דעם נייעם אויפבוי, ווייל אלע יידן דאָ האָבן געדארפט אָנהייבן פון „בראשית", און ס'איז צוגעקומען א נייער עלעמענט, די „שארית הפליטה"־לאנדסלייט פון די לאַגערן. מיר האָבן געפירט א גרויסע ארבעט. מיר האָבן געשטיצט די, וועלכע זיינען פארוואָגלט געוואָרן, געפונען פאר זיי די מיגלעכקייט צו האָבן ארבעט און די מיניסטעריעלע דערלויבענישן צו ארבעטן, געהאַט א קאסע און ארויסגעגעבן הלוואות. אַ דאַנק דער וויכטיקער געזעלשאַפטלעכער פּאָזיציע פון אונדזער יוסף מילנער האָבן מיר אלץ געטאָן כדי היילן די קראנקע דורך „אָזע", לערנען נייע פּראָפעסיעס ביים „אָרט" און געבן זיי א מיגלעכקייט צו פאָרן קיין אמעריקע, אויסטראַליע, קאַנאַדע, ארגענטינע און ישראל און באקומען דורך דעם „היאס", למשל, די עמיגראציע־מיגלעכקייטן און א דאנק דעם „דזשאָינט" די נייטיקע שטיצע פאר דער רייזע און אויך די עמיגראציע־פארלייכטערונג. מיר ווילן דאָ אָפּגעבן די אלע אָנגערופענע דורך מיר אָרגאַניזאַציעס א הערצלעכן „יישר־כוח". אונדזערע כעלעמער אין די אלע נייע לענדער, וועלכע זיינען דורך אונדז אדורך, קאָנען עס לייכט באשטעטיקן.

און ערשט וויל איך מיך אָפּשטעלן אויף אונדזער קולטורעלער טעטיקייט. אונדזער לאנדסמאנשאַפט האָט א גרויסן נאָמען אין פּאַריז, און אנדערע לאנדסמאנשאפטן זיינען אונדז פשוט מקנא. אונדזערע אונטערנעמונגען האָבן א גרויסן דערפאָלג. מיר האָבן געהאַט א גרויסן באַל (צוזאמען מיט דער לאנדסמאנשאפט פון בריסק). דריי אָדער פיר מאָל אַ יאָר ווערן דורך אונדז אָרגאַניזירט אָוונטן, וועלכע זיינען בארימט און ציען צו זיך א גרויסן עולם. מיר ווילן דאָ דערמאָנען די נעמען פון אונדזערע טיכטיקע פריינד, איבערגעבענע כעלעמער: טאָרן, שפּייזמאן, סטאַוו, פרוי פּאַראָבעק, פרוי שרייער, אהרן גלאבען, מוראוויעץ, ה'און פרוי מיצפּליקער, גאָלדסאָבעל, ה' און פרוי פעלדמאַן, די ביידע ברידער שמאַראַגד און פיל אנדערע. אלע איבערגעגעבן, אלע מיט האַרץ, מיט א גרויס יידיש האַרץ.

איך וויל דאָ ציטירן אייניקע פון אונדזער קולטורעלע אונטערנעמונגען:

1) מיר זיינען געווען די ערשטע און די איינציקע געזעלשאפט פון עמיגרירטע יידן, וועלכע איז אריין... אין דער פּאַריזער סאָרבאָנע! די גאנצע פרעסע האָט וועגן דעם געשריבן, סיי אין פראנקרייך און סיי אין אויסלאַנד. שטעלט אייך פאָר, אז „כעלעמער יידן" האָבן אין דער סאָרבאנע אָרגאַניזירט א היסטאָרישן אָוונט געווידמעט דער געשיכטע פון די יידן אין פּאַריז!... ס'זיינען געקומען כעלעמער יידן, כדי צו לערנען פּאַריזער יידישע געשיכטע. א גרויסער עולם האָט אָנגעפילט דעם אמפיטעאַטער. ערן־פּאָרזיצער איז געווען דער באקאנטער ריכטער לעאָן מייס און דער פּאָרזיצער איז געווען ה' זשאָרזש וואָרמסער, דער פרעזידענט פון דער „פּאַריזער קאנסיסטאָריע" (א געוועזענער מיטארבעטער פון קלעמאנסא ביי דער ערשטער וועלט־מלחמה און קאַבינעט־שעף פון באַרימטן יידן, פראנצייזישן מיניסטער, זשאָרזש מאַנדעל, וועלכער איז אומגעקומען דורך די אָקופּאנטן). די לעקציעס זיינען געווען די פּאָלגענדיקע: יוסף מילנער — וועגן די יידן אין פראַנקרייך זייט די רוימער און ביז צו דער רעוואָלוציע; דער בארימטער פּאָרשער, דער גרויסער געלערנטער, דער „גראַן־ראבען" מאָריס ליבער — פון דער רעוואָלוציע ביז צום דרייפוס־פּראָצעס; און דער גרויסער יידיש־פראנצייזישער שריפטשטעלער פּיער פּאַראַף — פון דרייפוסן ביז צום הייניקן טאָג. ס'איז נישט באמת מיגלעך איבערצוגעבן דעם רושם. מען האָט אומעטום, נאָך פיל שפּעטער, גערעדט וועגן „כעלם" אפילו אין די פראנצייזישע קרייזן.

2) ווען יוסף מילנער איז צוריקגעקומען פון זיין רייזע אין ישראל (אין ערשטן יאָר פון דער יידישער מדינה) האָבן מיר אָרגאַניזירט אונטער דעם פּאָרזיץ פון זעלבן ה' לעאָן מייס און צוזאַמען מיט דעם ישראל־קאָנסול אין פּאַריז, אַברהם גלבוע, אַ רעפעראַט פון אונדזער „ערן־פּרעזידענט" אין אַ גרויסן טעאַטער־זאַל. אונדזער לאַנדסמאַן, יוסף מילנער איז אויך אַ גלענצנדער רעדנער און זיין רעפעראַט וועגן ישראל איז געווען באמת אַן אויסערגעוויינטלעכע ליטעראַרישע אַרבעט.

3) מיר האָבן אין יאָר 1947 געפייערט דעם 60־יאָריקן יובילײ פון יוסף מילנער, וועלכער איז אזוי באַליבט ביי אונדז אלע. אין פּאַריז און אין פראַנקרייך שפּאַצירן ארום באַשטימט עטלעכע טויזנט יידן, וועלכע זיינען יוסף מילנערן דאַנקבאַר זייער עקסיסטענץ, פאַר, בשעת און נאָך דער אָקופּאַציע. יידישע געזעלשאַפטן האָבן געוואָלט פייערן זיין


יוסף מילנער רעדט פאר די כעלעמער לאַנדסלייט בעת דעם שטעלן די מצבה „לכל עדת ישראל בכעלם", אויף דעם פּאַריזער בית־עולם.

יובילײ, נאָר ער האָט זיך אָפּגעזאָגט. ער האָט אָבער ניט געקאָנט אָפּזאָגן אונדז, כעלעמער, און ס׳איז טאַקע געווען אַ פייערלעכע „מסיבה״, וועלכע האָט נאָר געקאָנט פאַרשאַפן כבוד אונדזער שטאָט כעלם.

4) ס׳זיינען פאָרגעקומען אָרגאַניזירטע דורך אונדז ליטעראַרישע „טײ־אָוונטן״ מיט אפרים קאַגאַנאָווסקי און יצחק יאַנאסאָוויטש.

און צום סוף דערלויבט מיר צו פאַרענדיקן מיט אונדזער חורבן. אויך דאָ האָט אונדזער כעלעמער לאַנדסמאַנשאַפט אין פּאַריז ניט פאַרגעסן איר חוב. אויף דעם פּאַריזער בית־עולם שטייט אַ שיינע, גרויסע מצבה, וועלכע דעראינערט דעם אומקום פון אונדזער שטאָט, און פאַר וועלכע ס׳שטעלן זיך אָפּ, כמעט יעדן טאָג, יידן פון אַלערליי שטעט, וועלכע קומען צו אַ לוויה אָדער צו אַ יאָרצייט, וועלכע באַטראַכטן שוויַיגנדיק און מיט יראת הכבוד דעם מאָנומענט, וועלכער דערציילט ווי מאָדערנע הונען, מאָטאָריזירטע אַנטיסעמיטן, האָבן אומגעבראַכט אַ קהילה קדושה, און דאָס איז נאָר אַ קליינער טייל פון אַ גרויסן ים מיט בלוט, אין וועלכן ס׳זיינען אומגעקומען גאַנצע זעקס מיליאָן פון אונדזערע ברידער על קידוש השם!...

## כעלעמער מצבה אויפן פּאַריזער בית־עולם




דער אַלטער יידישער בית־עולם פון אונדזער כעלם עקסיסטירט מער נישט... אויפן פּאַריזער בית־עולם געפינט זיך די מצבה פאַר גאַנץ כעלם, פאַר אירע באַרימטע פּערזענלעכקייטן, פאַר די הונדערטער און טויזנטער אומגעקומענע — אַ מאָנומענט, וואָס די כעלעמער יידן אין פראַנקרייך האָבן דאָרטן געשטעלט.

יוסף עפּלבוים

# געזעלשאַפט פאַר קעגנזייטיקער הילף פון בעלז און אומגעגנט אין אַרגענטינע

אונדזער געזעלשאַפט איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1934. אין יענער צייט איז דער עקאָנאָמישער קריזיס אריינגעדרונגען אין אַלע צווייגן פון דער אינדוסטריע און קאָמערץ און מערער פון אלע האָבן פון דעם געליטן די ערשט־איינגעוואנדערטע. דאָס האָט געשטויסן צו גרינדן דעם לאַנדסלייט־פאראיין, וועלכער האָט אין זיין באלדיקער אַקטיוויטעט אויך געשאַפן די לייַ־קאַסע, וואָס האָט דעם לאַנדסמאַן באַזאָרגט מיט א געוויסער שטיצע, כדי ער זאָל זיך קאָנען איינאָרדענען.

זאָלן דאָ פארצייכנט ווערן די פאָלגענדיקע גרינדער: ביירעך שייער, הערש שייער, מאָטל שטיגליץ און זעליק באָבעס, וועלכע האָבן צונויפגערופן די פארזאמלונג און אויפגעקלערט פאר די אָנוועזנדע די צילן פון דער צוקונפטיקער אינסטיטוציע, וועלכע וועט אויסער עקאָנאָמישער באַזאָרגונג אויך פירן אַ געזעלשאַפטלעכע און קולטור־טעטיקייט.

ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן אויף דער פארזאמלונג די פאַרוואַלטונג אין פאָלגענדיקן צוזאמענשטעל: וועלוול מילשטיין (פאָרזיצער); מאיר הערמאַן (סעקרעטאר); הערש שייער (קאַסיר); שמעון נאַכמאַן; משה נאָבעל; וועלוול מאנדלבוים; לייבוש לאַנג און מאָטל שטיגליץ. לויט אירע מיגלעכקייטן האָט די פאַרוואלטונג אָנגעהויבן אַן אַקטיוויטעט, וואָס האָט זיך גאַנץ בולט אָנגעזען אין דעם אַרגענטינער לאנדסמאַנשאַפטלעכן לעבן.

אויב אין די ערשטע צייטן פון איר גרינדונג האָט די אינסטיטוציע געווידמעט איר גאַנצע טעטיקייט פאר בעלזמער אין אַרגענטינע, האָבן די טרויעריקע רעזולטאַטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געפאָדערט אַ ברייטערע אַקטיוויטעט און אַן אויסשליסלעכע הילף פאר די לעבן־געבליבענע, וואָס זיינען געווען צעזייט און צעשפּרייט אין פארשיידענע לענדער.

מיר האָבן דעמאָלט איינגעזען די נייטיקייט צו אָנשליסן זיך אין דער פעדעראַציע פון די לאַנדסלייט־פאראיינען, אין וועלכער עס זיינען געווען אָנגעשלאָסן די גרעסטע טייל גרופּירונגען און דאָס האָט באַווירקט, אז אונדזער געזעלשאַפט זאָל זיך פאַרשטאַרקן מיט נייע מיטגלידער און אונדזער אינסטיטוציע זאָל זיך פארמעסטן צו רעאַליזירן נייע אויפגאַבן. מיר האָבן זיך אַקטיוו באטייליקט אין דעם קאַמפּיין פאר מדינת ישראל און פאר די יתומים אין פראַנקרייך.

די ערשטע גרוסן, וואָס מיר דערהאלטן פון די געציילטע אונדזערע לאַנדסלייט אין פּוילן, האָבן אונדז דערשלאָגן, נאָר מיר האָבן זיך געטרייסט מיט דער קליינער רשימה פון נעמען פון די לעבנגעבליבענע.




קאָמיטעט־מיטגלידער פון דער אַרגענטינער לאַנדסמאַנשאַפט.

מיר האָבן זיך תיכף געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט אונדזערע לאַנדסלייט, און ווען מיר האָבן דערהאַלטן די פולע ליסטע מיט 700 נעמען לעבנגעבליבענע און אויך דעם באַריכט וועגן דעם צוזאַמענפאָר אין נידערשלעזיע, האָבן מיר דעם מאַטעריאַל פאַרעפנטלעכט אין אַן אויסגאַבע, וואָס איז מיט גרויס אינטערעס און ליבשאַפט אויפגענומען געוואָרן פון אונדזערע מיטגלידער און לאַנדסלייט. (די אַרבעט פון ארויסגעבן איז דורכגעפירט געוואָרן דורך חיים עפּלבוים). גלייכצייטיק האָבן מיר אָנגעהויבן שאַפן די מיגלעכקייטן צו ארויסהעלפן די לאַנדסלייט, וואָס האָבן געוואָלט קומען קיין ארגענטינע, און ווען זיי זיינען דאָ געקומען האָבן מיר זיי געהאָלפן זיך איינאָרדענען: באַזאָרגט מיט דירות און מיט די סאַמע נייטווענדיקסטע הצטרכותן. די רירנדיקסטע באַגעגענישן זיינען געווען די יום־טובים־צוזאַמענקומס, וואָס אונדזער געזעלשאַפט האָט איינגעאָרדענט פאַר די ניי־אָנגעקומענע לאַנדסלייט פון פוילן. לאָמיר דאָ פאַרצייכענען זייערע נעמען: יונה שייער און פרוי, יואל ענגעל און רבקה נאָדעל, הערש פעלדמוס און אנדזשע גאָלדפעדער, מאָטל פעלדמאַן און פרוי, שמחה קופּער און פרוי שטיינער, חיים שטיינער, שמואל באקאלאַזש און פרוי, מאָטל צימערמאַן און פרוי דאַימאָוויטש. די אויבן דערמאָנטע זיינען פון כעלם. עס זיינען צו אונדז געקומען אויך די פאָלגענדיקע לאַנדסלייט פון רייוויץ: שמואל מאיר צעדערבוים, יאַנקל צעדערבוים, אַיטשע צעדערבוים, שעיה פירשט, זישע דומקאָפּ, עלי ווילדער, שמואל שלייען, איטשע פריינד, לאה רוכוואַנג. פון שעלישטש איז געקומען פערל רוטקער, מאָטל שולקלאַפּער, לייבל לערער, קיווע זילבערמאַן.

מיר האַלטן טייער דעם באַשלוס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף דעם צוזאַמענפאָר אין נידערשלעזיע דורך אונדזערע לעבנגעבליבענע לאַנדסלייט אין פוילן, אַז אין די טעג פון שבועות זאָלן אַלע כעלעמער און פון אומגעגנט, ווו זיי זאָלן ניט זיין, דורכפירן טרויער־אַקאַדעמיעס און באערן אונדזערע אומפארגעסלעכע עלטערן, שוועסטער, ברידער און פריינד, וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אויף דעם שרעקלעכסטן אופן דורך די נאַצישע רוצחים.

דער דאָזיקער באַשלוס ווערט מיט הייליקן כבוד און ציטער אָפּגעהיט. צו די טרויער־אַקטן — סיי פון אָפּדעקן דעם אָנדענקטאָוול פון דער כעלעמער עדה, וועלכער געפינט זיך אויפן מאָנומענט צום אָנדענק פון די זעקס מיליאָן קדושים, וואָס דאָס יידישע בוענאָס־איירעס האָט אויסגעשטעלט, און סיי צו די טרויער־אָוונטן, וואָס מיר אָרדענען איין אין גבול פון אונדזער געזעלשאַפט — קומען כמעט אַלע אונדזערע לאַנדסלייט. און ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן די ידיעה, אַז די כעלעמער פון אפריקע נעמען אויף זיך די הייליקע אויפגאַבע צו ארויסגעבן א בוך, וואָס זאָל פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזער חרובער היים־שטאָט, האָבן מיר מיט דער גאַנצער אויפמערקזאַמקייט אָנגעהויבן פּאָפּולער מאַכן די אידיי צווישן אונדזערע מיטגלידער און לאַנדסלייט. אין שייכות מיט דעם זיינען דורכגעפירט געוואָרן א ריי פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע מיר האָבן אויפגעקלערט די וויכטיקייט פון אזא בוך, אזוי, אז ווען י. זיגלבוים איז געקומען מיט דער זעלבער אויפגאַבע, האָט ער שוין געטראָפן די אַרבעט פארן יזכור־בוך אַ פונאַנדערגעוויקלטע, און מיר קאָנען זאָגן, אז אַלע אונדזערע לאַנדסלייט, סיי פון כעלם ווי פון רייוויץ, שעלישטש, דובענקע, וואָיסלאָוויץ, נאַכאַן, סאַווין, האָבן זיך באַטייליקט אין דער וויכטיקער אַרבעט פאַר דעם בוך, וועלכער וועט ניט נאָר אויסדריקן דעם אָנדענק פון די אומגעקומענע פון אונדזער אומפארגעסלעכער שטאָט, נאָר וועט אויך זיין אַ צוגאָב צום באַשולדיקונג־אַקט וואָס דאָס יידישע פאָלק וועט נאָך ברענגען צום אלוועלטלעכן משפט קעגן די נאַציסטישע פאַרברעכער.

ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן באַטייליקן מיר זיך אין אַלע יידישע געזעלשאפטלעכע אַקטיוויטעטן וואָס האָבן אַ שייכות צו מדינת ישראל און צו אונדזער דאָאיק לעבן אין ארגענטינע. גאַנץ באַזונדער אין אונדזער אנטייל אין די קולטור־געזעלשאַפטלעכע ארבעטן וואָס עס פירט דורך דער „איקוף" דאָ, מיר באַמיען זיך ניט נאָר אז אונדזער לאנדסלייט זאָלן קומען צו די פאַראַנשטאַלטונגען, וואָס דער „איקוף" אָרדענט איין, נאָר מיר אָרדענען איין אַזעלכע אָוונטן מיט פאָרשטייער פון קולטור־פאַרבאַנד.

מיר באַמיען זיך אויך אז אונדזערע מיטגלידער זאָלן געניסן פון בעסערן יידישן טעאַטער, צוליב דעם צוועק, דינגען מיר אָפּ פאָרשטעלונגען פון דעם בעסערן יידישן פראָפעסיאָנעלן טעאַטער, ווי אויך פאָרשטעלונגען פון „איפט" (ארגענטינער אידישער פאָלקס־טעאַטער), וועלכע מיר אַלע באַזוכן קאָלעקטיוו. אין דעם אופן באַמיען מיר זיך צו פאָרזעצן דעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן המשך פון אונדזער ליבער און אומפארגעסלעכער היימשטאָט, וועלכע איז געווען אזא פעסטער רינג אין דער גאָלדענער קייט פון דעם שעפערישן יידישן לעבן אין פוילן.

דער צוזאַמענשטעל פון דער איצטיקער פארוואַלטונג איז פאָלגענדער: יוסף שפּערלינג (פאָרזיצער); יוסף עפּלבוים (סעקרעטאַר); משה נאָבעל (קאַסיר); מאַניש צעדערבוים (וויצע־פאָרזיצער); חיים עפּלבוים (אַקטן־סעקרעטאַר); ביירעך שער; שמעון נאַכמאַן; אברהם לינדנבוים; שעיה פירשט; שיע יעדוואַבניק; טוביה באַנקירער; אפרים האָכשטיין; וועלוול מאַנדעלבוים; מעכל גוטמאַן און איטשע צעדערבוים.

רייזל צעבער, מעלבורן

# כעלעמער לאַנדסמאַנשאַפט אין אויסטראַליע

אידער מען שרייבט וועגן די כעלעמער לאַנדסלייט אין אויס־טראַליע, מוז מען באַטאָנען, אַז כעלעמער לאַנדסלייט געפינען זיך אין אַ גרעסערער צאָל אין מעלבורן. וועגן כעלעמער אין אַנ־דערע שטעט פון אויסטראַליע איז נישט באַקאַנט. עס געפינען זיך נאָר דאָרט איינצעלנע משפחות אין פערט און אין סידני, זיי האָבן, צום באַדויערן, נישט קיין שום קאָנטאַקט ניט מיט אונדז כעלעמער אין מעלבורן.

כדי אויפקלערן ווער און ווען ס'זיינען געווען די ערשטע כעלעמער עמיגראַנטן דאָ, מוזן מיר זיך צוריקקערן צו די יאָרן פון 1920. בעת דער דריטער און פערטער עליה קיין ארץ־ישראל זיינען אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל אַ סך בעלי־מלאכות און ציוניסטישע אידעאַליסטן פון כעלם. אָבער ווען עס איז אין די יאָרן 1924—1926 אויסגעבראָכן דער קריזיס, נוצן אונדזערע לאַנדסלייט אויס די געלעגנהייט, וואָס די ענגלישע רעגירונג האָט געגעבן דערלויבענישן איינצוואַנדערן קיין אויסטראַליע. פון די ערשטע, וואָס זיינען געקומען קיין מעלבורן, איז געווען אונדזער טייערער לאַנדסמאַן, ה' יעקב וויינריב, ז"ל. ער האָט אַריבערגע־נומען אַ היבש ביסל לאַנדסלייט ווי: מ. שעכטער (שעכטערזאָן), משה שניידער (משה מייער בערס), וו. גאָטליב, בערלאַנד, כּאַיפּער און נאָך אַנדערע, אַלע פון ארץ ישראל.

ביי ד"ר וויינריב אין שטוב איז געווען דער צענטער פון כע־לעמער, אויף זיין אַדרעס קומען אָן בריוו כמעט צו אַלע כעלע־מער. אין זיין הויז איז געווען אונדזער צוזאַמענטרעף־פּונקט, ווו מען האָט זיך דערפרייט מיט דעראינערונגען פון דער אַלטער היים. ה' וויינריב איז געווען אַ מענטש מיט אַ פענאָמענאַלן זכרון. ער האָט יעדערן ביים נאָמען און אפילו צונאָמען געדענקט.

לאַנדסלייט אין מעלבורן גייען אַדורך אַלע פאַזן פון אַן עמי־גראַנט: שווערע אַרבעט, נע־ונד, אַ קאַמף פאַר אַ בעסערע פּרנ־סה א.א.וו. עס איז כדאי צו דערמאָנען אונדזער לאַנדסמאַן משה שניידער ז"ל, וועלכער האָט זיך באַזעצט אויפן לאַנד און איז געווען דער פּיאָנער פון פאַרמעריי אין שעפּאַרטאָן, אויסטראַליע.

אין לויף פון דער צייט גרינען זיך ביסלעכווייז אויס אונדזע־רע לאַנדסלייט. מען שטייט שוין ביי סטאַביליזירטע פּרנסות. אין דער זעלבער צייט ווערט די עקאָנאָמישע לאַגע אין כעלם ערגער. די משפחות פון דער אַלטער היים באַוואָרפן די לאַנדס־לייט דאָ מיט בריוו וועגן הילף אָדער זיי אַריבערנעמען.

עס דערוועקט זיך טאַקע איניציאַטיוו ביי אונדזערע לאַנדס־לייט און מען מאַכט אַ פּאַר „פּערמיטן", אַ דאַנק דער אינטער־ווענץ פון ה' וויינריב ז"ל. אין 1937—1938 זיינען שוין פאַראַן אַ סך נייע צוגעקומענע כעלעמער אימיגראַנטן, ביי וועמען כעלם איז נאָך פריש אין האַרצן און אין זכרון.

אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון ה. י. צעבער און דער מיט־הילף פון צ. אייזן און וו. גאָטליב גרינדעט זיך דער ערשטער כע־לעמער קאָמיטעט. איר אויפגאַבע איז געווען צו העלפן מאַטע־ריעל דער אַלטער היים. די ערשטע גרינדונג־פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין מעלבורן, אין לאָקאַל פון „גוזערד", אין נאָ־וועמבער, 1938. עס ווערן אויסגעוויילט פאָלגענדיקע פערזאָנען: צ. אייזן, יעקב וויינריב ז"ל, משה וויינריב, וו. גאָטליב, ח. מאַרק־מאַן און י. צעבער. כמעט אַלע לאַנדסלייט זיינען געוואָרן מיט־גלידער, ביז 20 פאַמיליעס.

עס ווערט געשאַפן אַ פאָנד פון 80 פונט, צו יענער צייט איז דאָס געווען אַ היבשע סומע. אָבער דאָס געלט האָט מען ניט געקאָנט איבערשיקן אהיים. עס איז געלונגען נאָך עטלעכע פּער־זאָן, אין 1939, אַריינצוקומען אין אויסטראַליע. דאָס איז געשען נאָענט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־שחיטה.. מיט שווערע הערצער און טרויעריקע געמיטער פאָלגט מען נאָך די ידיעות, וועלכע קומען דורכן „רויטן קרייץ". פון די אַמערי־קאַנער צייטונגען דערוויסן מיר זיך וועגן שרעקלעכן טויט־מאַרש פון די כעלעמער און הרוביעשאָווער יידן. מען ווערט אויך גע־וואָר, אַז אַ סך כעלעמער יידן איז געלונגען צו אַנטלויפן קיין רוס־לאַנד. די אַרבעט פון קאָמיטעט איז אָפּגעשטעלט צוליב דער וועלט־מלחמה.

דערווייל גייט אָן אין אויסטראַליע אַ גרויסער קאַמפּיין פאַר שעפּסן־פעלן פאַר די רוסישע סאָלדאַטן, אָרגאַניזירט דורך דער אויסטראַלישער סאָוועטישער פריינדשאַפט־ליגע. מיט דער אי־ניציאַטיוו פון אייניקע מיטגלידער פון כעלעמער קאָמיטעט, ווערט דאָס געלט אין דער סומע פון 80 פונט אַוועקגעשיקט פאַר דעם צוועק.

אין 1945, ווען די צווייטע וועלט־שחיטה ענדיקט זיך ,און עס איז באַוווּסט געוואָרן דער גרויסער יידישער חורבן, איז אין יעדנס האַרץ דערוועקט זיך אַ געפיל צו העלפן נישט נאָר אייגענע, וועל־כע זיינען ניצול געוואָרן, נאָר אַלע כעלעמער יידן — „שארית הפליטה" אין די לאַגערן. די הילף־קאָמיטעטן אין אויסטראַליע האָבן זיך בשעתּם גענומען טיכטיק צו דער אַרבעט. עס זיינען געשאַפן געוואָרן לאַנדסמאַנשאַפטן פון גרעסערע שטעט, ווי: ביאַליסטאָק, טשענסטאַכאָוו, וואַרשע, ראַדאָם, לוואָוויטש און אַנדערע. דעם 25־טן אויגוסט, 1946 ,איז גערופן געוואָרן אַן אַל־געמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע כעלעמער און הרוביעשאָווער



פאַרוואַלטונג פון כעלעמער־הרוביעשאָווער הילפס־קאָמיטעט אין מעלבורן, אויסטראַליע. עס זיצן פון לינקס צו רעכטס: יצחק צעבער — סעקרעטאַר, וואַזקע גאָטליב — פאָרזיצער, חיים מאַרקמאַן — קאַסיר און יוסף פּאַפּיר. עס שטייען פון לינקס: לייבל ריבאייזן, ח. אָדער און חנינא בינשטאָק.

לאַנדסלייט אין הויז פון ה׳ אדער און פרוי. די אָביידע שטעט זיינען דאָך צוזאמען געגאַנגען אין טויטן־מארש, אויך צוזאמען אומגעקומען אין די אויוונס פון מאַידאַנעק און סאָביבאָר. חוץ דעם האָבן פיל הרוביעשאָווער לאנדסלייט כעלעמער פרויען.

די פארזאמלונג איז געווען זייער אַן ענטוזיאסטישע: עס האָבן גערעדט די פריינד צ. אייזן און י. צעבער. די פארזאמלטע האָבן אָנגעצייכנט דעם טעטיקייט־כאראקטער פון דער געשאפענער כעלעמער לאנדסמאנשאפט — פאראייניקט פון כעלעמער און הרוביעשאָווער לאנדסלייט — מיטן ציל צו העלפן די לאנדסלייט פון די 2 שטעט און אומגעגנט. די הילף איז באשטאַנען פון שיקן שפייז־פאקעטן פאר די כעלעמער פליטים און אויך „פערמיטן" (איינרייזע־פאפירן). עס איז געשאפן געוואָרן א פאָנד פון באַשטייערונגען (224 פונט). אין קאָמיטעט זיינען אויסגעוויילט געוואָרן פאָלגענדיקע פערזאָנען: פרעזעס — צ. אייזן (כעלם), קאַסירער — מענדל קאָרן (הרוביעשאָוו), סעקרעטאר — ח. אדער (הרוביעשאָוו), י. צעבער (כעלם), פרוי בערלאנד (כעלם.

דער קאָמיטעט שטעלט זיך אין פארבינדונג מיט אלע כעלעמער קאָמיטעטן אויף דער גאנצער וועלט. עס רופן זיך אָבער אָפּ נאָר איינצעלנע קאָמיטעטן, פון פוילן, אפריקע, פאריז. דער כעלעמער קאָמיטעט אין ווראָצלאַוו שיקט אונדז אריין ליסטעס פון לעבן־געבליבענע כעלעמער, וועלכע געפינען זיך אין פוילן און אין נידערשלעזיע. עס פליסן אריין בריוו נאָך הילף און „פערמיטן". דער קאָמיטעט באַמיט זיך יעדערן אַקעגנקומען. עס ווערן געמאַכט „פערמיטן" פאר כעלעמער און הרוביעשאָווער. עס גייט אָן אַן אַקטיווע אַרבעט. עס ווערט געשאַפן אַ פרויען־קאָמיטעט. מען נעמט צוזאַמען שפייז און באַקליידונג און אין די אָוונטן פאַרזאַמלט מען זיך אין הויז פון פרוי אייזן צו פאקן די פעקלעך. מיר שיקן פעקלעך צו די כעלעמער קאָמיטעטן אין כעלם, ווראָצלאַוו, שטעטין. מיט דער פארשטענדיקונג פון הילף־פאָנד פאַקן אונדזערע לאנדסלייט קאסטנס מיט קליידונג פאר כעלעמער אין פוילן. די קאסטנס ווערן געשיקט דורך דעם „דזשאָינט". טראָץ דעם געשאַפענעם פאָנד פאָדערט זיך א סך געלט, ווייל עס ווענדן זיך כעלעמער, וועלכע האָבן שוין „פערמיטן", אָבער ניט אויף קיין הוצאות. מיט דער הילף פון אונדזערע לאנדסלייט אין אפריקע קומען אראָפּ 5 פאמיליעס פון פוילן. פאר אנדערע צאָלן מיר אליין.

אין יאָר 1948 האָבן מיר שוין אַ היבש ביסל פריש־געקומענע. דאַן זיינען אַנטשטאַנען נייע פראָבלעמען. ווי אין אַלע לענדער, וואָס נעמען אויף אימיגראַנטן, איז אַ מאַנגל אין דירות, און צו קריגן ווינונגען פאר די אָנגעקומענע איז פארבונדן מיט א סך געלט. צו באַזאָרגן אונדזערע פליטים אין אויסטראַליע מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ, איז געווען פון די גרעסטע פראָבלעמען.

דער קאָמיטעט דיספּאָנירט ניט מיט אזוי פיל געלט, אז מען זאָל קאָנען קויפן אַ הויז פאַר די פריש־געקומענע, ווי עס האָבן געטאָן אנדערע לאנדסמאנשאפטן. דער צופלוס פון אימיגראנטן איז די לעצטע יאָרן געווען אַ גאַנץ היבשע. פון צוואַנציק פאַמיליעס אין 1945 באַטרעפט שוין אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט בלויז כעלעמער ביז פופציק פאַמיליעס. דער איצטיקער קאָמיטעט האָט זיך פאַרבונדן מיט דעם אַלגעמיינעם מעלבורנער הילף־פאָנד און די אימיגראַנטן, וועלכע קומען איצט צופאָרן, קריגן צייטווייליק אַ ווינונג פון הילף־פאָנד, ביז זיי קריגן א דירה. צווישן די ניי־געקומענע איז פאראן א טייל, וואָס נייטיקט זיך אין עלעמענטאַרער מאטעריעלער הילף. אויף אזא ווענדונג פאַרטיילט דער קאָמיטעט א הלואה פון 50—100 פונט אויף אויס־צוצאָלן אין זייער באקוועמע ראַטעס. א גאנצע ריי פערזאָנען האָבן אזעלכע הלוואות באקומען, און דאָס האָט זיי געהאָלפן צו קריגן א ווינונג, אריינשטעלן מעבל אָדער איינאָרדענען אפילו א קליינע האנדל־אונטערנעמונג. חוץ אין מאטעריעלער הינזיכט איז די אויפגאבע פון קאָמיטעט געווען צו שטיצן די כעלעמער אימיגראנטן אויך מאָראליש. צו דעם צוועק ווערן איינגעאָרדנט, פון צייט צו צייט, צוזאמענטרעפן פון אונדזערע לאנדסלייט. אזעלכע צוזאמענטרעפן זיינען פאָרגעקומען אין הויז פון ה׳ און פרוי קאָרן, ה׳ און פרוי מאַרקמאַן, ה׳ און פרוי פאַיפער, ווי אויך עטלעכע אין זאַל פון דער „קדימה". די אלע צוזאמענטרעפן זיינען אדורך מיט א גרויסן דערפאָלג.

דעם 11־טן נאָוועמבער, 1950, האָט דער קאָמיטעט איינגעאָרדנט אין זאַל פון דער „קדימה" אַ יזכור־אָוונט, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט א גרויסע צאָל לאנדסלייט פון כעלם און אומגעגנט. שוין 8 אזייגער ווערט דער זאַל פארפולט. באלדביים ארייגאנג האָט זיך אָפּגעמערקט דער שווארץ־געדעקטער טיש מיט 2 ברענענדיקע ליכט און אקעגן איז געהאַנגען א געמעל פון א מצבה פאר די געפאַלענע קדושים. דאָס האָט געמאכט דעם געהעריקן איינדרוק און האָט ארויסגערופן טרערן אין די אויגן. די מצבה האָט אָנגעשריבן אונדזער לאנדסמאַן שמואל צעבער. דער חזן האָט געמאַכט דעם „אל מלא רחמים", נאָכדעם האָט גערעדט ה׳ גאָטליב.

אונדזערע פריש־געקומענע לאנדסלייט האָבן איבערגעגעבן גרוסן פון דער היים נאָך דער מלחמה. מיט א זייער געלונגענעם רעפעראַט האָט גערעדט ה׳ סאַלער פון הרוביעשאָוו; ה"ה קליין און פעלדמאן האָבן איבערגעגעבן א קורצן איבערבליק, ווי עס האָט אויסגעזען זייער צוריקקער קיין כעלם נאָך דער מלחמה. ה׳ ליכטמאן האָט געלייענט איניקע אויסצוגן פון צייטונגען וועגן זאמאָשטש. נאָכדעם האָט פריינד קליין געגעבן צוויי געלונגענע רעציטאַציעס: אַ באַרג שיך אין מיידאַנעק; שטיי אויף, ירמיהו — פון בונים ווארשאווסקי. צום שלוס האָט געגעבן זייער א געלונגענעם רעפעראט פריינד י. צעבער. מיט געזאנג פון פאַרטיזאנישן ליד „זאָג נישט קיינמאָל אז דו גייסט דעם לעצטן וועג" און „התקוה" האָט זיך דער אָוונט פארענדיקט. טיף גערירט זיינען אונדזערע לאנדסלייט געגאנגען אהיים.

* * *

נאָך דער ווענדונג פון אפריקע וועגן מיטהעלפן ארויסגעבן דעם יזכור־בוך, זיינען איבערגעשיקט געוואָרן בילדער, ווי אויך איניקע ארטיקלען פון אונדזערע לאנדסלייט. דער קאָמיטעט האָט איינגעאָרדענט א פארזאמלונג אין זאל פון „קדימה", ווו פריינד צעבער האָט איבערגעלייענט דעם אויפרוף ווי אויך דעם אינהאלט פון די פראָספעקטן. עס איז באשטימט געוואָרן דער חודש מאי פאר א יזכור־בוך־אקציע. די קאָמיטעט־מיטגלידער האָבן באזוכט יעדן לאנדסמאַן און אים מעורר געווען, ער זאָל געבן א נעקראָלאָג און אבאָנירן א בוך. אלע לאנדסלייט, מיט אַ קליינער אויסנאַם, האָבן איינגעצאָלט פאר ביכער און ס׳איז אויך געשאפן געוואָרן א געוויסע צאָל נעקראָלאָגן.

ביים איצטיקן מאָמענט פירן אָן מיט דער ארבעט די פאָלגענדיקע פערזאָנען: וו. גאָטליב, י. צעבער — סעקרעטאר, פרוי בערלאַנד, יוסף פאַיפער, ח. מאַרקמאַן, ח. פאַיפער, ח. אָדער, ח. בינשטאָק, ארויסווייזנדיק א גרויסע אחריות און פארשטענדעניש פאַר דער וויכטיקער אַרבעט פון אונדזער לאנדסמאַנשאַפט.

איטשע אַכטמאַן

# כעלעמער יידן אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע



כעלעמער לאַנדסלייט אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע.

מיט 28 יאָר צוריק, ווען איך האָב באַטרעטן דעם קאַנאַדער ערד און אָנגעקומען אין מאָנטרעאל, איז דאָ בלויז געווען ביי אַ 4—5 כעלעמער משפחות. פאַרשטייט זיך, אז קיין געזעלשאַפטלעך לעבן איז ניט געווען. מען פלעגט זיך בלויז זען פון צייט־צו־צייט.

אין 1930, ווען אין פוילן איז די עקאָנאָמישע לאגע געוואָרן פון שלעכט צו ערגער, האָבן יידן אָנגעהייבן לויפן ווו נאָר מ׳האָט געקענט. אין אמעריקע איז אוממעגלעך געווען אריינצוקומען, אָבער די וועלכע האָבן דאָרטן געהאַט קרובים אדער רייכע משפּחות האָבן זיך געלאָזט קאָסטן און מען האָט זיי אריבערגעבראכט קיין קאַנאַדע, ווו ס׳איז נאָך דאן געווען לייכטער אריינצוקומען. זיינען פון 1930—32 אריינגעקומען ביי 10 משפחות פון כעלם.

קיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז נאָך אלץ ניט געווען ווייל ערשטנס ביז די משפחות האָבן זיך איינגעאָרדענט, און צווייטנס, ווייל עס איז פשוט ניט געווען קיין באַדערפעניש דערצו.

אזוי האָט זיך געצויגן ביז דאָס גרויסע אומגליק האָט זיך אָנגעהייבן, אין 1939, און דאָס האָט אונדז דערנענטערט, אָבער טאָן עפּעס האָבן נישט געקענט. דערווייל איז דורך יאַפּאַן אָנגעקומען אַ גרופּע „ליובאַוויטשער״ תלמידים, אַנטלאָפענע פון פוילן, און צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען אונדזערס אַ בן־עיר, קראַמער, מעכעלע קראַמערס אַ זון, וואָס האָט געזען דעם אָנהייב פון אונטערגאנג פון אונדזער שטאָט כעלם. ער האָט זיך צוזאַמען מיט אונדז אריינגעוואָרפן אין דער ארבעט. מיר האָבן אָנגעהייבן צוגרייטן פּלענער וואָס צו טאָן פאר אונדזער שטאָט כעלם.



פאַרוואַלטונג פון דער כעלעמער ׳לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל׳: ערשטע ריי זיצנדיק (פון רעכטס צו לינקס): — א. קאַרפּ, ב. נאַטורמאַן, ש. דימענט, רבי קראַמער, א. אַכטמאַן, פרוי פּראָקטער, ה. פּראָקטער, א. הערץ, פרוי הערץ און דענקאָפּ.
צווייטע ריי שטייענדיק: — וו. קופּערשטאָק, פרוי קופּערשטאָק, פרוי דימענט, ז. פרישמאַן, פרוי אַכטמאַן, פרוי עדלשטיין, י. עדלשטיין און פּערלמוטער.

אין 1945 האָט יעדער פון אונדזע אָנגעהייבן קריגן בריוו, ידיעות פון אייגענע אָדער פון פריינד און אפילו פון ווייטע באַקענטע, און מיר האַבן זיך דעמאָלט גענומען אַקטיוו צו דער אַרבעט. מען האָט געשיקט הונדערטער פעקלעך צו אונדזערע לאַנדסלייט פון די „קעמפס". ווען קאַנאַדע איז געוואָרן כמעט דאָס ערשטע לאַנד ארייַנצולאָזן עמיגראַנטן פון די קעמפס, האָבן מיר דורך פארשיידענע וועגן אומדערמידלעך געאַרבעט אַראָפּצוברענגען יעדערן ווער ס'האָט נאָר געוואָלט קומען.

ביי היינטיקן טאָג געפינען זיך אין מאָנטרעאַל אליין ביי אַ 120 משפּחות, מיט קינדער און אייניקלעך. אלע, זאָלן זיין געזונט, האָבן זיך פיין איינגעאָרדענט, טייל ביי אַרבעט, טייל פאַר זיך אליין אין „ביזנעס". אייניקע האָבן שוין אפילו אייגענע הייזער. קיינער פון אונדזערע לאַנדסלייט באַקלאָגט זיך, חלילה, ניט וואָס דער גורל האָט זיי געבראַכט קיין קאַנאַדע. מיר טרעפן זיך עטלעכע מאָל אַ יאָר און מיר פאַרברענגען צוזאַמען אין אַ פריינדלעכער אַטמאָספער.

אָט אזוי גייט אָן דאָס כעלעמער לעבן אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע. אז איינער מאַכט אַ שמחה זיינען כמעט אלע דאָ. לאָמיר האָפן אז אונדזערע לאַנדסלייט דאָ וועלן נאָך לאַנג לאַנג אָנהאַלטן די טראַדיציע פון פריינדשאַפט און מיט דעם כאָטש געדענקען זייַנדער געוועזענע שטאָט כעלם.



## כעלעמער יידן אין קובאַ.

דאָס בילד איז גענומען געוואָרן אין 1925, בעת כעלעמער יידן האָבן זיך דאָרטן באַזעצט „צייטווייליק" מיט דער האָפענונג אויסצועמיגרירן אין די פאראייניקטע־שטאַטן. אין יענער צייט האָבן זיי זיך געהאַלטן געאייניקט און געגרינדעט „אַ כעלעמער יידישן עמיגראַנטן־פאַראיין", אין האַוואַנאַ, קובא.

אויפן בילד געפינען זיך א טייל כעלעמער, וואָס היינט־צו־טאָג וווינען זיי מער נישט אין קובאַ, צווישן זיי: רפאל זילבער (ישראל); יחיאל וואַסערמאַן (ניו־יאָרק א.א.



אַ חתונה־פייערונג ביי כעלעמער יידן אין תל־אביב אין יאָר 1940.

מאַרקוס יאַקובאָוויטש

# כעלעמער יידן אין בראַזיל



כעלעמער לאַנדסלייט אין פּאָרטאָ־אַלעגראָ, בראַזיל, בעת אן אויפנאַמע פארן גאַסט פון ארגענטינע, דעם בן־עיר, שניאור וואַסערמאַן, באַקאַנטער יידישער דיכטער.

די עקסיסטענץ פון דער כעלעמער יידישער קאָלאָניע אין בראַזיל האָט מען צו פֿאַרדאַנקען די ערשטע צוויי כעלעמער יידן — יעקב הויזמאַן ע״ה און נטע לאַקס, וועלכע האָבן געהאַט דעם כוח און די ווירקונג אויף זייערע לאַנדסלייט, זיי ארויסצורייסן פון זייער אַלט־איינגעזעסענער היים, אין כעלם, און שאַפן זייער נייע היים ביי די ברעגן פון אַטלאַנטיק — אין דער פריינדשאפטלעכער און דעמאָקראַטישער בראַזיל.

די כעלעמער גרופּע אין פּאָרטאָ־אַלעגרע איז אויך געווען דער אַוואַנגאַרד פאַר פיל כעלעמער יידן, וועלכע זיינען איצט צעשפרייט איבער אומענדלעכע שטחים פון בראַזיל. אלע זיינען זיי גוט איינגעאָרדענט און אלע כעלעמער קאָנען שטאָלצירן מיט זייער אָנגעהעריקייט צו פארשיידענע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס איבערן לאַנד. אומעטום זיינען די כעלעמער די קולטורעלסטע און אמנאָענטסטן שטייענדע צו די קולטור־אַנשטאַלטן אין יעדער שטאָט. דער נאָמען כעלעמער — איז שוין מער נישט קיין סינאָנים פון וויצן און חוזק, פארקערט: עס איז גענוג צו זאָגן דאָס וואָרט: כעלעמער, און מען ווייסט שוין, אז מען האָט פאר זיך אן עכט יידישן געזעלשאפטלעכן טוער, לויט די מידות און די פירונגען פון דער אלטער היים.

מיט צופרידנהייט ווילט זיך צוגעבן, דאָס איך בין שטאָלץ, וואָס מיין היים איז געווען די ערשטע היים פאר די ערשטע כעלעמער. מיין שטוב איז געווען א סך יאָרן דאָס ערשטע פלאַץ וווהין דער כעלעמער ייד איז געקומען גלייך פון דער שיף. מיינע קאָרעספּאָנדענציעס אין „מאָמענט" און מיין פריוואטע ווירקונג אויף די ערשטע כעלעמער יידן אין בראַזיל האָבן פיל מיטגעהאָלפן צו דער עמיגראציע פון כעלעמער יידן אין די זיד־אמעריקאנער לענדער — און דערהויפט — קיין בראַזיל, און אזוי ארום איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן א גרויסע צאָל יידן, וועלכע וואָלטן זיכער געווען קרבנות פון היטלעריסטישן „מולד" און זיי וואָלטן געווען פאר דעם רשע היטלער — נאָך מאַטעריאל פאר זיינע טרעבלינקעס, אָשוויענטשימס און פארניכטנדע גאַז־אויוונס.

* * *

מיט אָט די שורות וויל איך באַערן די אומגעקומענע כעלעמער יידן, וועלכע האָבן זיך געריסן צו אַנטלויפן פון זייער טויזנט־יאָריקער היים און וועלכע דער אומגליקלעכער צופאַל האָט געוואָלט, אז זיי זאָלן פאַלן אויף זייערע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע פּאָסטנס, איבערלאָזנדיק נאָך זיך נאָר דאָס פליענדע אַש, וועלכע פליט זיכער ארום איבער דער וועלט און הילט איין אַלעמען און לאָזן נאָך זיך די הייליקסטע זכרונות פון דער אַמאָליקער גוט באַקאַנטער אין דער וועלט שטאָט — כעלם.

זאָל געהייליקט זיין זייער אָנדענק צוזאַמען מיט אלע הרוגי־היטלער.

# כעלעמער רעליעף אין מעקסיקע



לאה ראַזנקנאָפּף

אויך אין מעקסיקע עקסיסטירט אַ קאָמיטעט פון כעלעמער לאַנדסלייט, וואָס זייער ציל איז צו העלפן דאָס ביסל לעבנגעבליבענע יידן פון כעלם, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די היטלעריסטישע משחיתים.

אין קאָמיטעט זיינען — אליעזר גוס, יוסף גראָמאַן, איטשע קראָמאַן, יהושע דיכטער, חיים גאָלדפעדער און געצל סטאל. אלע קאָמיטעט־מיטגלידער זיינען אַקטיוו אין דער דאַזיקער הילפס־אַרבעט.

די ערשטע סומע וואָס איז געזאַמלט געוואָרן באַלד נאָכן שאַפן דעם קאָמיטעט איז געווען 45.000 פּעזעס. אַ סומע פון 926 דאָלאַר איז אַריבערגעשיקט געוואָרן צום ניו־יאָרקער רעליעף־קאָמיטעט, וואָס פירט אַ גרויסע טעטיקייט.

חוץ דעם האָט דער דאָזיקער קאָמיטעט פון כעלעמער לאַנדסלייט אין מעקסיקע געשיקט שפּייז־פּאַקעטן און קליידונג פאַר די לעבנגעבליבענע כעלעמער יידן.

ל. ר.

# מיר פלאַנצן ביימער אין „יער הקדושים"

מיר זיינען ארויסגעפאָרן פון תל־אביב, פון דער קרן־קימת צענטראַלע, כדי זיך באַטייליקן אין פלאַנצן אַ וואַלד א. נ. פון די קדושים, אומגעבראכטע דורך היטלערס רוצחים. דער אויטאָבוס מיט די כעלעמער לאַנדסלייט איז געפאָרן צוזאַמען, אין איין ריי, מיט נאָך אויטאָבוסן, אין וועלכע עס זיינען געפאָרן יידן פון אַנדערע שטעט. די שרידים פון יעדער שטאָט זיינען געפאָרן מיט אַ באַזונדערן אויטאָבוס.

גיך און שנעל איז געפלויגן, געאיילט זיך דער אויטאָבוס. אָט איז מען אויפן וועג, וואָס פירט צו ירושלים. מען האָט שוין דערפילט דעם גלעטנדיק־הייסלעך ווינטל, וואָס האָט געפאָכעט.

אָט מאַכט דער אויטאָבוס אַן אָפּנויג און מיר געפינען זיך אויף אַ זייטיקן באַרג־שטעג, נאָר וואָס געפלאַסטערטן. לאַנגזאַם באַוועגט זיך אונדזער אויטאָ פאָרויס. שוטרים שטייען און גיבן אַכטונג, אז מען זאָל אזוי ניט שנעל פאָרן, ווייל שמאָל איז דער וועג.

מיר קומען צום אָרט פון יער הקדושים. אַלע ווייסע שטיינער ליגן דאָ ארייַנגעטיפּט אין די ווילדע גראָזן. מיר גייען ארויף אויפן שטח פון הייליקן וואַלד. דער פאָרשטייער פון קרן קימת רעדט רירנדע רייד, מיט וועלכע ער באַערט די קדושים, וואָס פאַר זיי פלאַנצט מען ביימער. דער חזן זאָגט תהילים און מען זאָגט קדיש. פון יעדערנס האַרץ פליסט ארויס ווי אַ לאַווינע אַ שטורץ פון טרערן. אייניקע כליפּען זיך פונאַנדער גאָר הויך. זיי דערמאָנען זיך אָן די אומגעקומענע. אייניקע באַהערשן זיך פון ספּאַזמאַטישע געוויינען, אָבער עס קייקלען זיך טרערן פון די אויגן אָן אַן אָפּשטעל. יעדערער איז דאָך אריינגעטיפּט אין דערמאָנונגען, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט די פריצייטיקע פאַרשניטענע פאַמיליע־מיטגלידער. יעדער צעהאַקט דאָס צעמענטענע טעפּעלע, אין וועלכן עס געפינט זיך דאָס יונגע ביימעלע, וואָס סימבאָליזירט אַ באַזונדערע נשמהלע. עס ווערט אַראָפּגעלאָזט אין א צוגעגרייטער אויסגראָבונג דאָס ביימעלע־נשמהלע, און עס ווערט פאַרשאָטן מיט פייכטער טרערן־ערד.

מיר געזעגענען זיך מיט די ביימעלעך־נשמהלעך ווי מיט לעבעדיקע ביימעלעך־שטאַמען, און טיף פאַרזונקען אין אונדזערע שוואַרצע מחשבות גייען מיר מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ צו די אויטאָס, וועלכע וועלן אונדז ווידער פירן איבער די בערג פון ירושלים צוריק צו תל־אביב.

מ. ט.



אַ גרופּע כעלעמער אַקטיווע ציוניסטישע טוער, מיט משה לאַנג.



דראַמאַטישער קרייז ביים „ליגת־הצדק" אין יאָר 1934. אין צענטער יאָסעלע ראָזענבלאַט.



אַ גרופּע שילער און לערער פון דער יידישער גימנאַזיע, מיטן דירעקטאָר ליפּמאַן און לערערין צוקער.



אברהם ראַזנבוים, דער „טאַטע" פון כעלעמער ארבעטער רינג ברענטש אין ניו־יאָרק.



אַ באַנקעט געווידמעט דאָס פאַרענדיקן דעם שול־יאָר 1938/39 פון דער העברעאישער „תרבות"־שול אין כעלם. אויפן בילד: לערער און עסקנים פון דער שול, אין צענטער ה' יוסף ראָלניק, איצט אין ישראל אַן אַקטיווער טוער אין „אגוד יוצאי־כעלם".



מאָטל אַלטער, גרינדער און פלייסיקער עסקן פון כעלעמער לאנדסמאנשאַפט אין יאָהאַנעסבורג.



לייזער שישלער, אקטיווער געזעלשאַפט־לעכער טוער פון דער כעלעמער לאַנדס־מאַנשאַפט אין יאָהאַנעסבורג.



כעלעמער יידן — פליט'ים אין דייטשלאַנד — בעת א צוזאַמענקום.



יעקב אַלטער, א געטרייער טוער פון דער כעלעמער לאנדסמאַנשאַפט אין יאָהאַנעסבורג.



בערל נאַטורמאַן, אן אקטיווער עסקן פון דער כעלעמער לאנדסמאנשאַפט אין קאַנאַדע.



אַ צוזאַמענקום פון כעלעמער לאַנדסלייט אין ישראל.



ש. אייזן און פרוי אין באַגלייט־נג פון א קראנקן־שוועסטער פארלאָזט דעם שפיטאָל אין מינכען, דייטשלאנד דורכ־מאַכנדיק א שווערע קראנקהייט. געפי־נען זיך היינט אין ישראל.

